לייב ראָכמאַן

# מיט בלינדע טריט איבער דער ערד

פֿאַר פֿריינד א. דויטש צו
זיין יובֿל — מיט ברכות פֿון
ירושלים פֿון זיין טאַטנס ערגעץ
און פֿון מיר —
אלול, תשכ״ח
לייב ראָכמאַן

פֿאַרלאַג „המנורה", תל־אביב
תשכ״ח — 1968

LEIB ROCHMAN

# MIT BLINDE TRIT IBER DER ERD

לייב ראָכמאַן / מיט בלינדע טריט איבער דער ערד

פאַרלאַג „המנורה״, רח׳ זנגביל 24, תל־אביב, ישראל

„Hamenora" Publishing House

24, Zangwill Str. Tel-Aviv, Israel



נדפס בישראל תשכ״ח

Printed in Israel 1968

דאָס בוך איז דערשינען מיט דער מיטהילף פון עליזאַבעט און
ווילי שאַר־פאָנד ביים יידישן שרייבער־פאַראיין אין ישראל

דפוס „ארזי״ בע״מ, ת״א, רח׳ אילת השחר 4, טל. 34294

דיר, אסתרל, וואָס יעדע שורה אין
דעם בוך איז דורך — דיין געמיט.

# אין שטאָט

ש. האָט זיך אומגעקערט אין שטאָט אַריין אַ וואָך נאָך דער מלחמה. נאָך דעם איילִיקן געלויף אין די מלחמה־יאָרן האָט אויסגעזען די צייט איז דאָ שטיין געבליבן. די געטאָגאַסן זענען געלעגן פאַרברענט ; ציגל, קוימענס, פאַרסמאַליעטע העלצער האָבן זיך געוואַלגערט איבער אומענדלעכע פלעצער — אַמאָליקע הייף און געסלעך. ס׳האָט זיך געדאַכט, די הייזער מיט די פלעטער אַרום האָבן אין אויפרייס זיך פאַרנומען מיט איין מאָל אַרויפצופליען, מיט די מענטשן אין זיך. זיי זענען אָבער פון שווערקייט צוריק־געפאַלן. צעצונדענע האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט, שווערקניענדיק. זיי זענען געבליבן, מיט די פאַרברענטע פליגל, געבערגלט־אויסגעשפּרייט איבער דער ערד. איצט זענען זיי געלעגן פאַרטוליעט אַראָפּ, ווי עס וואָלטן אויפן מאַרק דאָ געבליבן פאַרגליווערט אין קופּקעס די צונויפגעזאַמלטע. זיי ליגן נאָך אַזוי, משפּחותווייז, באַהאַלטן מיט די פּנימער און אויגן, אונטער גרוי־ברוינע פלאַכטעס. די שטייענדיקע איבער זיי וואַכן זענען אַוועק. אַלץ ביזן ווייטן האָריזאָנט איז געווען אַראָפּגעזעצט אין אַש. אויך די הויכע געטאָ־מויער פון אַרום — אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד.

ש. האָט אַריבערגעשפּרייזט. ער איז געגאַנגען צו די גאַסן אויסערן געטאָ. זייערע געמויערטע הייזער זענען געשטאַנען ווייט איבערן האָריזאָנט. הינטער אים זענען געבליבן די געטאָ־בערגלעך. אַלץ אַרום איז געווען אָפן. קיינער האָט נישט געלויערט. ער איז אַרויף אויפן שאָסיי. ווייט אַנטקעגן האָבן זיך אַרויסגעהויבן די העכערע שטאָקן. זיי האָבן אַהער אַריבערגעקוקט אויף די שפּיץ פינגער. ער איז געגאַנגען אָפּגעדעקט, אין מיטן, אַנטקעגן. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז דורך דעם וועג זענען געטריבן געוואָרן די סטאַדעס יידן. דער הימל איז נידעריק געהאַנגען איבער אַראָפּגעבויגענע קעפּ אין געיעג אויף פאָרויס. אַ ים מיט פיס האָט דאָ מיד געטאָפּטשעט אין פאַרטויבנדיקע געשרייען. ער איז געווען צווישן. זיינע קני האָבן זיך געבויגן צווישן פרעמדע פאָלעס. זיי האָבן זיי האַרט באַרירט. ער איז לויז אַרויס אין דער זייט. זיינע טריט האָבן דין אָפּגעקלאַפּט אין דער שטילקייט. זיי האָבן זיך געטראָגן אין דעם אָפּהילך פון די פאַרשוווּנדענע פיס.

ער איז געווען אין דער ערשטער פּוילישער גאַס. זי האָט זיך אַנטקעגנגעעפנט אַ ברייטע. פאַרן פאַרמאַכן זיי אין געטאָ האָבן דאָ געלעבט הונדערטער יידישע משפּחות. אויך זיין היים איז דאָ געווען. שטייט זי נאָך ? צווישן קאַשטאַן־ביימער האָבן קינדער פאַרטאָן זיך געשפּילט אין דער זון. ס׳איז געווען נאָך אַ רעגן. אַ פרישער דור נישט־יידישע קינדערלעך איז דאָ אַרויסגעוואַקסן. ש. האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט זיך געדרייט צווישן זיי, ווי אַ מאָל. ער האָט געקוקט איבער זייערע קעפּלעך. ער האָט צוריקגעהאַלטן די קיצלדיק־וואַרעמע דלאָניע. ער האָט געוווּסט, יענע זענען

דאָ נישטאָ. צוזאַמען מיט זייערע עלטערן האָט מען זיי אַרויסגעקליבן פון צווישן זייערע שכנים. אַ האַנט פון מענטשן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, מיט אַ פינגער זיי אויסגעטיילט. ווי האָט מען זיי דערקענט?

ש. האָט געגומען שטעלן טריט. אַנדערע מענטשן־שטראָמען האָבן דאָ פאַרפילט די שטובן. פרישע קולות. ער האָט דערשמעקט שאַרפע נייע ריחות. זיי האָבן, איינגעד־נעסטיקטע, זיך געקנוילט אַרום די הייזער.

ער האָט דערזען, די הייזער זענען געבליבן הויך. ער האָט צו זיי געמוזט אַרויפרייסן דעם קאָפּ. אָן די אַרומיקע גאַסן האָבן זיי העכער זיך אַרויפגעצויגן. פון די אייבערשטע פענצטער האָט קיינער נישט אַרויסגעקוקט. זיי זענען געווען פאַרמאַכט.

ער איז אַריין אין דער האַנדלסגאַס. פאַר אָפענע טירן, איבער די הויכע געוועלבער־שוועלן, זענען געשטאַנען פוילישע קרעמער. ער האָט געזען, אַ מאָל באַקאַנטע פּנימער. זיי זענען געווען געעלטערט. ער איז געגאַנגען אויפן טראָטואַר. ער האָט אַרויפגעצויגן דאָס פּנים. זייערע אויגן זענען ערגעץ געווען אָנגעשטעלט. זיי האָבן ווייט אַריבערגעקוקט. די האַנט האָט זיך אים געהויבן צום היטל. ער איז געהאַט פאַרביי. פאַר וואָס גייען אַזוי וויינ׳ק מענטשן אויף די גאַסן? ווו זענען אַלע? פאַר וואָס איז אַזוי שטיל? און אפשר איז די שטאָט נאָך באַהאַלטן הינטער די פאַרהאַנגען, זינט דעמאָלט, ווען מען האָט די יידן דורכגעטריבן אין די גאַסן? עמעצער ווייזט אים נאָך? ס׳איז אים דורך אַ זיסער שוידער. אָט כאַפּט אים ווער אַרום פון הינטן. וואַרעמע הענט פאַרלייגן זיך אים פאַרן פּנים. באַלד וועלן אויגן טיף אין אים אַריינקוקן!

די אַרומיקע שווייגעניש האָט אים געריצט אין אויער. אָט שטעכט עס שוידערנדיק דורך אַן אָטעמדיק קול. וואָס וואָלט געווען ווען ער שרייט אַזוי אויף אין חלל אַריין? אַן עכאָ וואָלט זיך צעטראָגן אין דער שטילקייט. ער אַליין וועט זיך איינשרומפּן אין אַ ווינקל.

ער האָט אָפּגעלייגט אויף פאַר נאַכט דאָס גיין צו דער לאַנגער קורטשעווער גאַס, וואָס פירט פון וואָקזאַל אין שטאָט אַריין. דאָרט שטייט דאָס איינשטאָקיקע הויז פון זיין מוטערס דירה מיטן געשעפט. זענען איצט די טירן אויפגעפּראַלט, אָן רעמען? ווער באַוווינט זיך אין זיי? מאָדנע, ווי זעט אויס די גאַס אָן יידן? איז נאָך פאַרבליבן אין דער לופט עפּעס, אין דעם זיך אָנצוטשעפּען? פאַר וואָס איז ער אַזוי פאַרפלאָנטערט אין זיך? ער קאָן נישט אַרויס.

ער איז געשטאַנען פאַר אַ פאַרקאַן אָנגעלענט. קיינער איז נישט פאַרביי. וואָס טוען דאָרט איצט די קריסטלעכע שכנים? איז זיי נישט אומעטיק? דרייען זיי זיך נישט אין די גאַסן, ווי געשלאָגענע מיט בלינדקייט, וואָס ווייסן נישט, וואָס עס איז געשען? ער וועט פּלוצעם זיך באַווייזן אין דער מיטן. ווי וועט זיין דער ערשטער אָנטרעף?

ש. האָט נישט געוווּסט, וועלן זיי פאַר אים עפענען אַ שפּאַלט, אים צוריק אַריינלאָזן אינעווייניק? ער וועט ווידער זיין אין דער מיט. ער האָט מיט פאַרמאַכטע אויגן געוואָלט זיך דורכרייסן דורך די יאָרן, ווי דורך אַ מינוט; אַדורכלעכערן מיט זיך די פרעמד־געוואָרענע לופט; אַריין צוריק אין דעם ווירוואַר — מיט רחמנות צו אַלע.

פאַר וואָס בלייבט ער פאַר אַ טויבער וואַנט? זי לאָזט זיך אים טעמפּ אַראָפּ פאַר די אויגן.

ער האָט געשפּרייזט אויף צוריק, פאַרביי די טויערן פון די הייף. וועט זיך נישט אַרויסרוקן אַ היימיש געשטאַלט פון אַ מאָל, פאַרבלאָנדזשעט פון הינטער די יאָרן אַפער? פאַר וואָס קאָן עס נישט זיין?

און אפשר וועט ווער אַרויס פון אַ טיר, פאַרסאָפּעט אים אָניאָגן און אויספרעגן וועגן זיינעם אַ יידישן שכן מיט די קינדער, וואָס רויבט פון אים אָוועק די רו?

וואָס שווייגט אַלץ? די ערד האָט איינגעזאַפּט אַלע טריט.

פון דער ווייטנס אין אַ הויף האָט אָפּגעקלאַפּט אַ גיין. דינע פּרויענשיך אויף שטיינער. פון אַ טירל אין אַ טויער האָט זיך אַרויסגערוקט אַ פולגעוויקלטער פרויענבויך. דינע פיס האָבן אַריבערגעשפּרייזט דאָס צולעך־ברעט. אַ העל־פאַרשמייכלט פּנים. ס'האָט אַראָפּגעקוקט צו אַ בלאָנד מיידעלע, וואָס האָט נאָכגעשטעלט טריטעלעך. ש. האָט דערזען, זיי דרייען זיך אויס אין זיין זייט. זיי גייען אים אַנטקעגן. ער האָט געפילט, זיי דערנענטערן זיך. זיי האָבן אים נאָך נישט באַמערקט. די טריט האָבן זיך אים פאַרהאַלטן. די פרוי האָט אויפגעהויבן דעם בליק. זי האָט אים דערזען. אַ רגע האָט זי זיך נישט צוגעגלייבט. ווען זי האָט געוווּסט אויף זיכער — איז שוין געווען צו שפּעט. ער איז אויף איר אָנגעגאַנגען. זיי האָבן זיך געמיטן. זי איז געווען אַריבער.

ער איז געשטאַנען זייטיק. ער האָט געזען פון הינטן דעם איינגעשרומפּענעם רוקן. זי האָט געדריקט דאָס הענטל פונעם מיידעלע, און מיטן בויך פאָרויס, זיך גיך דערווייטערט. זי האָט געשטעלט שנעלע טריט. דאָס קינד האָט זיך נאָכגעשלעפּט.

באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, דאָס אַנטרינט זי, מיט דעם וולד אין זיך, פאַר זיין בליק. זי איז טויט־דערשראָקן. זי האָט באַגעגנט אַ ייד! זי האָט דאָס געוווּסט אויף זיכער. מיט די לעצטע כוחות וויל זי זיך ראַטעווען.

ער איז געשטאַנען ביי דער וואַנט אַראָפּגעפאַלן, קליין.

באַלד האָט ער דערפילט, אַן איינפירערניש שפּרייט זיך אים אין די געדערעם. איז ער אפשר אַן אומריינער גייסט, וואָס האָט דאָ אויפגעטויכט?! אפשר טאָר זיין בליק נישט רוען אויף לעבעדיקע קינדער? ער האָט פאַרנומען אין זיך די אומווערדיקייט פון זיין לייב. זי האָט זיך אים געגליטשט פון אויבן אַראָפּ, ביז איבער די הענט אַריבער.

ער האָט געזען, פון דער ווייטנס, אין עק גאַס, איז די פרוי שטיין געבליבן. זי האָט זיך אומגעקוקט, זי האָט אָפּגעאָטעמט. און אפשר צלמט זי דאָרט איבער — זיך מיטן קינד און דאָס באַשעפעניש אין זיך?

ש. האָט דערשפּירט, ער שרעקט די שטאָט. עס וועט באַלד ווערן אַ מהומה. מען וועט אָנלויפן אויף אים מיט דרענגער, און אפשר צעשאַלן זיך די סירענעס? די איינוווינער וועלן פון אַלע זייטן אַנטלויפן פאַר זיין באַריר. ער וועט בלייבן איינער אַליין אין שטאָט; דרייען זיך, ווי אַ געשלאָגן הינטל, אַ פאַרבלאָנדזשעטס, אין די אויסגעליידיקטע גאַסן.

ער האָט מיט דער האַנטפלאַך זיך אַ וויש געטאָן איבערן פּנים. עס האָט אים וואַרעם געסוועדזשעט. ער האָט עס געהאַלטן אָפן אַנטקעגן דער זון. עס האָט גלאַנציק געבליט אין דער בלענדונג.

פּלוצעם איז אים אויף ס'ניי קלאָר געוואָרן, אַז די פרוי טראָגט. און — ער האָט אין גאַנצן געהאַט פאַרגעסן, אַז מען געבערט נאָך קינדער. ווען איז דאָס געווען?

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז לאַנג, מיט יאָרן צוריק, מענטשן האָבן דעמאָלט זיך געגליטשט, ווי פיש, אין די בעטן, זיך געפּאָרט. מען האָט זיך געמערט. אַ טויטשטראָם האָט אַלץ אָפּגעסמט. זיי זענען פאַרשוווּמען. אַנדערע האָבן זיך געפּאָרט אין די פאַרבליבענע בעטן. איצט געבערט מען די קינדער.

ער איז געגאַנגען אויף דער גאַס מיט געליימטע פיס, אַ צעזונגענער; אַ דאַרער שיכור — אַן עקר.

פון דער ליידיקייט האָט זיך אים נידעריק אַנטקעגנגערוקט אַ סילועט, מיט אַ שמייכל זיך אין פּנים אַריין. ער איז אים אַנגעקומען אָפּן, ווי אַ קיילעכדיקע לבנה, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. עס האָט אים אַ צופּ געטאָן: ער האָט געוווּסט, דאָס פּנים האָט ער שוין ווען געזען.

אין בויך האָט ער דערשפּירט דעם גליוער. זיין וואַכזאַמקייט האָט זיך נאָך נישט געכאַפּט, צי פון דעם אָנטרעף האָט זיך אים צעעפנט די ערד אונטער די פיס. אַלץ איז אויס. אָדער צעגייט זיך אים דער פריר אינערלעך אין אַ וואַרעמער כוואַליע; יענער שטרעקט צו אים היימיש אַ האַנט. אַ פאַרטוליעט־זיסער דרימל האָט זיך אים געשפּרייט איבער די חושים, זיי איינגעשלעפערט. דער אַליאַרם־זעצער, וואָס וואַרנט תּמיד, האָט אין אים טויב אָפּגעקלאַפּט אין וואַרעם־ווייכע ווענטלעך.

ס'האָט פּלוצעם אין אים אויפגעוואַכט די סכנה פון דער פאַרלוירענער שפּירעוו־דיקייט. ער איז אָפּן, אָן אַן אינערלעך ווידערקול.

אַרום די שלייפן האָט אים געהאַקט אַ געל־זויערלעכער ריח. אין דעם דינעם נעפּל אַנטקעגן איז געווען בולט אַ בלייך פּנים. יענער האָט געהאַט געעפנט אַ שפּעלטל. אַ שמאָלער בליק האָט זיך אין אים איינגעשניטן.

פון ביידע זייטן האָבן צו זיך געצויגן הענט. זיי האָבן זיך פאַרפּרעסט. ער האָט דערפילט, אַ שווייסיק־קאַלטע האַנט אין זיין דלאָניע.

גיך האָט זיך אָפּגעטאָן דער נעפּל. ס'איז איבער אים געשטאַנען דער בלאָנדער פריזירער פון זיין גאַס. די העלע אויגן האָבן זיך פּאַמעלעך געעפנט. ס'איז מער נישט געווען אין זיי די פלאַכע דורכזיכטיקייט פון אַ מאָל.

באַלד האָט ער געוווּסט, יענער איז קראַנק. זיין געלבלעכע הויט איז פייכטלעך־קלעפּיק.

— אַהאַ!

עס איז געבליבן פאַרגליווערט די געעלטערטקייט פון זיין קורץ־געשוירענעם קאָפּ. זי האָט זיך גענומען אויסטיילן פּרעמד, ווי אויפגעלאָפּן. יענעמס האַנט האָט געשטעקט אין זיינער, לויז־ווייך.

אַ רגע האָט אַ וואַרעמער שטראָם אין אים אויפגעפּלייצט. אַלץ אין אים האָט זיך געגעבן אַ ריס צום פריזירער.

עפּעס פון יענעמס אויגן איז געלאָפן איבער אים. עס האָט זיך גערוקט פון אויבן אַראָפּ. ש. האָט דערפילט אַ מוטנעם רודער אין זייער טיף. זיין קאָפּ איז אים געווען נידעריק אַריינגעלאָזט אין פולן קאַרק.

באַלד האָט ער באַנומען, עפּעס אַ דערפאַרונג גליטשט זיך יענעם דורך דאָרט אַרונטער. אַזוי איז ער דאָ געשטאַנען אויף דער גאַס, ווען מען האָט פאַרבייגעפירט אונדזערע דורות. זיין גליווער ווייסט, וואָס מען קאָן צו אונדז טאָן.

ער איז אַזוי דאָ געשטאַנען און איבערגעלעבט אַ פאָלק.

מיט אַ מאָל האָט ער דערפילט, הינטער יענעמס נידעריקן שטערן פלאָנטערט זיך עפּעס. איך פעל אים אין געגאַנג. ווו בין איך געווען?

ווען ער האָט זיך געכאַפּט, איז יענער געהאַט אַוועק. ער איז געבליבן מיט דער פייכטער האַנט אַראָפּגעלאָזט. זי האָט זיך אים נאָכגעשלעפּט צום וואַשן.

ש. האָט געטראַכט אויסצוזוכן עמעצן פון דער פּוילישער אינטעליגענץ. פאַר זייערע אויגן איז דאָך דאָס אַלץ אַריבער, עס מוז זיך דאָך געפינען ווער, וואָס דער גאַנצער ענין איז אים נישט קלאָר. אפשר זוכט יענער אַ לעצטן ייד, צו פרעגן, וואָס אייגנטלעך איז געשען? ער וועט פאַר יענעם זיך באַווייזן, זיי וועלן בלייבן שטיין איינער קעגן אַנדערן.

און אפשר איז איינער דאָ, פון נישט באַנעמען, אַראָפּ פון זינען. ער לויפט איבער דער שטאָט און שרעקט, אַז די טויטע יידן וועלן זיך אומקערן. באַלד וועט ער אַנלויפן. אין זיין משוגעת וועט ער פאַר אים קניען. ער וועט ווייזן מיט די פינגער: „אָט איז ער דאָ!".

און אפשר זאָל ער אויסשרייען איבער דער שטילער שטאָט, אַז גאָרנישט איז שוין אומצוקערן, אַלץ איז מער נישט כדאי!

פון דער ווייטנס, אין דער שטילקייט, האָט אַ האָן אויסגעצויגן געקרייט.

ש. האָט נישט געוווּסט, ווי אַלט ער איז, דער האָן; זייט ווען שטייט ער דאָ.

איז אַלץ פאַרגליווערט? וועמען וועקט ער דאָ?

ווען ער איז צוריקגעקומען צו די פאַרפלאַטשיקטע גאַסן, האָבן די הימלען דאָ ווידער געהאַט זיך אויפגעהויבן הויך. עס זענען נישט געווען די הייזער איבער וועלכע זיי זענען נידעריק געלעגן; שווער אַראָפּגעדריקט דאָס געטאָ אין די מויערן אַריין. אַלץ איז געווען אָפן, אָן ווענט. אַ ווינטל האָט פריי דורכגעקעמט דעם שטח, געלופטערט אָפּגעריסענע בלעטער פון ספרים. זייערע שפּיצן זענען געווען פאַרשטעקט אין דער ערד. ער האָט זיך געזעצט אויף אַ בערגל, אויסגעשטרעקט צו זיי אַ האַנט. ער האָט זיך איינגעהאָרכט אין גערויש. ער האָט דערזען, זיינע פינגער זענען לאַנגע. דאָס אָפענע ליכט האָט אים געבלענדט די אויגן. ער האָט זיי געשלאָסן. ער האָט געפילט, זיי דרינגען אין אים קליינע אַריין. ער איז געלעגן אין דער וואַרעמקייט מיטן פנים אַרויף. אַ ווײַלע האָט ער פאַרנומען, נידעריק צווישן די חורבות, קאָלערט זיך אַ געלעכטער. ס'איז אַהער געקומען פון דער ווייטנס. באַלד איז עס פאַרשוווּמען.

ש. האָט געוואָלט טרעפן, ווו, אויף וועמענס הויף, ער ליגט; אין וואָס פאַר אַ שטוב פון געטאָ. ער האָט זיך געריבן די איינגעשרומפּענע אייגעלעך. אַ דרימל האָט זיי זיס געקלעפּט; ער האָט געענדערט אין די אברים. ער האָט דערשפּירט, אַ הונגער ברומט אין אים. עס האַלט אים וואַכעדיק. ער האָט פון דער קעשענע אַרויסגעצויגן אַ מייערל.

ער האָט עס געשטופּט אין מויל אַריין. ער האָט עס געגריזשעט מיט די ציין. עס האָט אים פון אינעווייניק אָפּגעהאַקט אין די אויערן.

באַלד איז ער געבליבן פאַרשטילט. זיצט ער אפשר אויף אַ מאַסן־קבר? אפשר ליגט אונטער אים, נישט טיף, צעפוילט אַ האַנט פון זיינס אַ חבר? זי איז אָפּגעטיילט פון גוף, וואָס צעפאַלט זיך. אפשר אַ שכנס אַ טעכטערל, איינע אַליין?

ס'האָט זיך דורכגעטראָגן אַ געשאַרך.

און אפשר ליגט נאָך דאָ ערגעץ, אין דער טיף, באַהאַלטן אַ לעבעדיקער? אָט הייבט עס זיך אונטער. יענער שטעקט זיך אַרויס. ער פאַלט אויף אים אַרויף. ווער איז דאָס? זיי וועלן בלייבן צוויי. אפשר זיין יינגסטע שוועסטער מיט צעפּלאָשעטע האָר? אין די אַ הייף האָט מען זי דערשאָסן. ער האָט באַנומען, זי איז ברוגז אויף אים. ער וועט קיין מאָל מער נישט הערן איר קול. ער האָט נישט געדענקט, ווען ער האָט גערעדט צו איר. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז אייגנטלעך האָט ער זי נישט געקענט. ער האָט קיין צייט נישט געהאַט. מיט דער פאַרשלאָסנקייט איז זי אַוועק. זיי אַלע האָבן אים אויסגעמיטן. זיי האָבן פון תמיד געוווּסט, ער געהערט נישט צו זיי. איצט איז שוין שפּעט. אַלץ איז פאַרגאַנגען.

און אפשר האָט זי ביים דערשיסן, זיך געמאַכט טויט? רירט זיך נישט אַ בערגל? אפשר לעבט דאָ דערנעבן אַן איינגעשרומפּן זקנהלע? זי איז אַלץ איבערגעשלאָפן אין אַ קעלער. זי איז באַוואַקסן מיט מאָך. באַלד וועט זי אויף אים אָנגיין, אָנגעלענט אויף אַ שטעקל. אפשר האָבן די גויים פון אַרום זי דערשלאָגן מיט דרענגער. איצט ליגט זי דאָ, צווישן די חורבות, קורץ־אויסגעצויגן, אַ טויטס??!

ער האָט זיך איינגעהאָרכט. פון אונטער פאַרקוילטע ברעטער פון אַן אומגעוואָר־פענער שאַנק איז אַ טראָגנדיק מייזל פאַרבייגעלאָפן שווער, אויף קורצע פיסלעך. ס'האָט געקוקט אויף אים זייטיק, מיט איין אייגל. ס'איז מער נישט געווען.

און מיט אַ מאָל האָט אים אַ שלאָג־געטאָן אין דער נאָז די צוגעזענגטקייט פון די רויכן, וואָס זענען ערשט נישט לאַנג דאָ פאַרדושעט געוואָרן. ער האָט געוווּסט, די שטילקייט איז נאָך אַ פרישע. ער האָט בולט דערהערט די היימישע קולות אין דעם אָפּהילך פון אימפּעטיקן פיסגעלויף. אונטער אַ מבול אויפרייסנדיקע פייער־פונקען, וואָס פאַרפלייצן דעם אַרום, אין דער פאַרטויבנדיקער געקנאַלעריי — לויפן טויט־דערשראָקענע יידן, און ער צווישן זיי. יעדער אויפהילך זעצט אַראָפּ נידעריק מיידלעך און באָבעס. פאַר שווינדלענדיקע אויגן פון מאַמעס האָבן אויפגעבליאַסקעט, ווי אין רעגן־שפּריצן — זילבער־פייערלעך. זיי האָבן צו זיי געקניט — מיט די פּנימער צו דער ערד.

דער געקנאַל קאָלערט זיך נאָך אַראָפּ, אַריין אין דער ערד. אין די טיפענישן דאָ גייט ער אויף. אונטער אים — טיף פאַרדעמפטע רוישן, רופן. ער האָט זיך אָנגעהאַלטן מיט די הענט אין דער ערד. זי איז געווען צוזאַמענגעשלאָסן.

דער קאָפּ איז אים געהאנגען צווישן די הענט. די האָר זענען אים מאַט, פאַרשטויבט. ער איז נאָך באַוואַקסן פונעם געלויף. ער האָט געוווּסט, אויך איצט איז ער די געיאָגטע, דערשראָקענע, חיה פון געטאָ. אַלע טירן אַרום זענען פאַרקלאַפּט. זיי וועלן אַזוי בלייבן. די שטאָט האָט אים איין מאָל אויסגעשפּיגן פון זיך. זי וויל אים מער נישט. זי האָט דאָ אויסגעריכערט זיין נעסט.

אין איין רגע האָט ער דערפילט, זיי לויפן צו אים, פון הינטער די בערגלעך; זיי שלייכן זיך באָרוועסע, מיט שטילע פיס, מיט מעסערס אין די הענט. זיי סאָפּען איבער זיין פּלייצע. אָט שניידן שאַרפן זיך איין.

ס'איז אים באַפאַלן אַ ווילן, שוין צו אַנטלויפן, זיך ראַטעווען פון דאַנען.

ער האָט אָפּגעגרוילט. ער האָט געוווסט, אַז ס'איז קיינער נישטאָ. ס'איז ליידיק אַרום.

און אפשר איז בכלל קיינער נישטאָ? ער דאָ איז דער לעצטער. איינער אַליין איז ער פאַרבליבן. די ערד האָט אַלע איינגעשלונגען!

און מיט אַ מאָל האָט ער דערפילט, ער זיצט גאָר אַזוי אויף אויסגעגראָבענע חורבות פון אַן אונטערגעגאַנגענער אורשטאָט. אַ מאָל האָט דאָ געראַיעט מיט לעבן. ער איז אַ לעצטער אורמענטש, וואָס איז פאַרבליבן. לאַנגע יאָרן איז ער געווען פאַרזונקען אין אַן אורצייט, וואָס איז פּלוצעם אַרויס אויף דער אויבערפלאַך פון נייע דורות. שרעקט ער דעריבער אַזוי די איינוווינער דאָ? באַלד וועט זיך דערנענטערן אַן אַרכעאָלאָגישע עקספּעדיציע מיט רידל און האַמער; מען וועט אים פאַנגען אין נעצן, פירן איבער שטעט?!

ער איז געלעגן אויסגעצויגן, מיט פאַרמאַכטע אויגן אַרויף.

עס איז מיט אים געזונקען אַראָפּ, צוריק אין די פאַרהוילענישן. ס'האָט גענידערט טיף, טיף אין עבר.

און פאַמעלעך האָט אים אויפגעטויכט אין זכרון די פאַרגעסענע ווייטע אָנונג, אַז די וועלט האָט עטלעכע מאָל שוין אַזוי עקזיסטירט און איז אונטערגעגאַנגען. יעדעס מאָל האָבן די מענטשן זיך אַליין אויסגעקוילעט, אויפגעריסן דעם חלל.

עס הילכן נאָך אָפּ די קולות.

איז דאָס אפשר דער סדר העולם? איבער זיין מאַמען און שוועסטער האָט עס געמוזט אַדורך, ווי אַ כוואַליע.

און אפשר איז דאָס אַלץ נאָר אַ פאַרבלענדעניש? ער איז גאָר אַן אַרויסגעשוווּמענער פון אַ נעפּל. פון קיינעם נישט געבוירן. פון שטענדיק אַן אַליין. ער איז דאָ אַראָפּגעפאַלן — אַ קינד פון אַן אויסגעלאָשענער פּלאַנעטע?

ער מוז שנעל אַנטרינען.

ער האָט זיך געקוקט אויף די פיססטאָפּעס. ער האָט זיי דערזען. זענען זיי אים נישט פאַרבליבן פון טיפן אַמאָל? זייערע פּלאַטשיקע פינגער מיט פאַרצויגענע נעגל, ווי ברעג־מושלעס, זענען זיך צו ראַטעווען, צו קריכן אויף ביימער.

און מיט אַ מאָל האָט ער דערשפּירט, אַז ס'איז אומזיסט. ער איז דאָ פאַרשפּאַרט, מחוץ למחנה. עמעצער האָט אים פאַרשווירן; מיט אַ שטעקן געצייכנט אין דער ערד אַרום אים אַן אָפּצוימונג — ער איז אַרומגערינגלט. פון דאַנען וועט ער מער זיך נישט אַרויסרייסן.

איז נאָך נישט נאָך דעם חורבן?

די זון איז שוין געשטאַנען אין מיטן הימל, ווען ער האָט זיך דערמאָנט אין דער לעצטער עדה אין שטאָט — די טויטע יידן אויפן בית־עלמין — די איינזאַמסטע צווישן אַלע טויטע. דאָ איז אויך דער קבר פון זיין טאַטן. די שטאָט האָט דורך דורות

מתים געשלאָגן טיפע וואָרצלען אין דער ערד. פאַר וואָס האָט זי נישט דערפילט, זי איז לויז פאַרזעצט?

זיי אַלע דאָ זענען אַוועק אין רויקע צייטן, ווען ס'איז נאָך געווען טרויעריק צו שטאַרבן, באַנג צו שיידן זיך. אין לאַנגע לבנה־נעכט האָט די שטאָט געהיט זייערע קברים. זייערע פאַרטרעטן איבער די בעטן האָבן אין אָפּשיין אַריינגעשמייכלט אין חלום. האָט ווער אין שלאָף אויסגעשטרעקט אַ האַנט — האָט ער מיט איר געגלעט אַ נאָענט בערגל אויפן בית־עולם. האָט מען פון דאַנען עמעצן אַריבערגעטראָגן אַהין, און מען האָט אים, אַ פריש־אויסגעוואַשענעם, אין בלאַנקענדיקער תכריכים־קלאָרקייט — פאַררוקט אונטערן פלאַך — האָט ער די ערשטע נאַכט מורא געהאַט צו בלייבן אין קבר אַליין. טאָג נאָך טאָג האָבן זיי, פאַרדעקטע איבער די פּנימער, אויסגעצויגענע, ווי זילבערנע פיש, געהערט אין די טיפקייטן אַ טויבן עכאָ פון אויבן, אַ הילפלאָז־אָפּגעהאַקטן געקלאַג פון איינצלנע לוויות צווישן מצבות. הינטער די דינע שיידווענטלעך איז צוגעקומען אַ נייער שכן. שעהען האָט מען געוואַרט צו וויסן „ווער", און האָט מען אין מיטן דער נאַכט לייכט אָנגעפּויקט ביי יענעם — איז ס'חיות ביי אים אַרויס. אַ געדעמפּט קול פון ווייס־געהילטע געזעמלעך אַרויס — האָט הויל זיך אויסגעפּרעגט בייעס פון שטאָט.

נאַכט נאָך נאַכט האָבן זיי ווירבלדיק געקרייזט אַרום זיך; אַ שטומער געיאָמער — יאָגנדיק פאָספאָר־ליכט — האָט רונד זיך געטראָגן איבער די קברים. די פון יענער זייט פלויט, מיט אָטעם אין זיך, האָבן קיין מאָל נישט געוואַגט דורכצופלאָנטערן אין די נעכט די פינצטערניש; אָנצושטויסן זיך אין די מויערן. אַ צו מאָל־פאַרבלאָנ־דזשעטער — איז געבליבן אַריינגעדרייט אין געווירבל. פאַר טאָג, מיטן אויפבלויען, האָט מען אים געפונען אין דער זייט, אַליין, ווי אַן אַראָפּגעפאַלענעם פויגל. זיי זענען צוריק אריין, זיך באַהאַלטן, אונטער דעם טוי. איבער די פאַרמאַכטע קברים איז געבליבן אַ שטילקייט, וואָס האָט זיך געשפּרייט דורך די נידעריקע גראָזן.

דורך לאַנגע טעג זענען די בערגלעך געלעגן אַזוי — פאַרחתמעט מיט פרידלעכער מילדקייט, און זיי אינעווייניק — די שווער־אַראָפּהענגענדיקע קעפּ — אַראָפּגעפאַלן אויף אַהינטער — מיט דער רו פון האָבן שוין אַריבער.

די לעבעדיקע האָבן זיך פאַרשווירן, זיי צו לאָזן אין דרימל, נישט שטערן די פינצטערניש פאַר זייערע אויגן, ביז מען וועט נישט קומען רופן זיי, וועקן פון לאַנגן חלום.

אַזוי דור נאָר דור. צוזאַמען האָבן זיי געוואַרט, געהאָפט אויף יענעם גרויסן טאָג, וואָס וועט קיין מאָל נישט איבערגעריסן ווערן דורך נאַכט; אויפן אייביקן לעבן, וואָס וועט מער נישט איבערגעהאַקט ווערן דורך טויט.

מיט צוויי יאָר צוריק איז דאָס געשען: אויבן האָט מיט אַ מאָל קנאַלנדיק זיך איינגעלייגט דער הימל און אַלץ פאַרדעקט. פון פחד האָבן זיי אַראָפּגעשווערט אין די דנאָען פון די קברים. עס האָבן זיך פאַרטויבנדיק דורכגעריסן יללות. זיי האָבן זיך איינגעהאָרכט: שווערע טריט. פאַרטיעס נאָך פאַרטיעס. דינע, אין זיך, געווייגען. געשרייען. לאָפּעטעס האָבן שאַרף זיך איינגעגראָבן. געשניטן טיף די קברים־ווענטלעך. עס האָבן זיך דורכגעריסן שפּאַלטן ליכט; אָטעם־פאַרקירצנדיקע לופט־שאַרפן. זיי

זענען אייליק געזונקען אונטער זיך; אין בהלה זיך דערגראָבן טיף אַראָפּ, צום סוף. אָן אָטעם האָבן זיי געוואָרט. אָט ברעכט זיך אונטער די ערד אין תהום אַריין. אויבן האָט זיך גערוקט די שאַרפע צעגראָבעניש. די וואָס האָבן אין געאייל נישט באַוויזן אַראָפּ — זענען געבליבן, ווי אײנבאַלזאַמירטע, אַרויסגעוויקלט אין געבלענד. זיי זענען געוואָרן פאַרלוירן אין פאַלעניש.

לאַנגע טעג נאָך דעם האָט זיך געהערט פון אויבן אַ טויב שיטן. פאַרדעמפטע ערד־איינפאַלן איבער פאַרשטיקטע מיילער. אַזוי וואָכן — ביז ס'האָט זיך אָנגעטראָגן דער צעצויגענער רויש פון שטילקייט.

צוויי יאָר הענגט זי שוין אַזוי, די מוח־לעכערנדיקע שטילקייט, פון אויבן. עס בויערט זי נישט דורך קיין פּישטשענדיק געוויין, אַלץ איז פאַרגליווערט. בלויז צו מאָל, אין די צונויפגעמישטע טעג — אַ קלאַפּעריי ווי פון טעמפּע אייזנס אין די מצבות. אויבן, אין דער הענגענדיקער אָן־צייט, קעפּט מען פאַרשטיינטע העלדזער, וואָס פילן מער נישט די שניטן. אָפּט הילכט אָפּ אַ קלאַפּן־געטופּעריי. בעלי־חיים נעצן רוישנדיק, אַריין, איבער די קעפּ. אַן איבערגעקערטע וועלט: אין די נעכט האַלטן זיי דאָ איין די אָטעמס. סילועטן פאַרען זיך, אין דער הייך, קריכן טיף אין די פאַרלאָזטע קברים. דערנאָך שיט זיך איבער זיי פון אויבן שווער די שוואַרצע ערד.

ס'איז אויס צייט, זינט דעמאָלט, ווען קיינער קומט מער נישט אויף קבר־אבות, רייסט נישט קיין קברים, באַגלייט נישט קיין לוויה. ווו איז די שטאָט? איז זי אויסגעשטאָרבן אין די גאַסן? אָדער הוליעט זי אַזוי פאַרשייט ביזן וויסן טאָג אַריין? און אפשר שטאַרבט מען מער נישט? ס'איז דער סוף פון די טעג. אַלץ איז פאַרוויקלט אין דעם לאַנגן לעבן. איבערגעשניטן איז דער בונד צווישן דאָרט און דאָ? ווער'מען נעמט מען, פרעגן? באַלד אַן אייביקייט שוין בלאָנדזשען זיי אונטן; פאַרלוירן, ווי פאַרלאָזטע קינדער אין טונקעלע זאַמדיקע וועלדער. נישטאָ אויך מער קיין האָפענונג. דאָ, ווו אַלץ איז אָפּגעדעקט, אויסגעמישט, וועט מען מער קיין מאָל נישט קומען רופן, אַריינהויכן אָטעם!

ש. איז געשטאַנען אויפן אָפענעם פעלד. די מויער אַרום — צעבומען; די מצבות — צעשלעפּט. אַ סך קברים — פאַרלוירן. אַ הימל, ווי אַ מעטאַלענער צודעק, האָט געשווערט פון אויבן.

ער האָט געזוכט עפּעס, וואָס בינדט אים מיט זיי. עס איז אים באַפאַלן אַ ווילן, אַוועקצושטעלן זיך דאָ ווי אַ שליח, אַריינזאָגן די בשורה וועגן גזר וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט. ער איז מכריז ומודיע: אַלע זענען זיי יתומים. אין די נעכט זענען זיי מחוייב צו זאָגן קדיש אין דער פוסטער שול. אויס המשך! כרת איז געקומען!

אין די טיפענישן האָט זיך גערודערט. באַלד וועט עפּעס אויפטויכן. אַ וואַלד מיט קעפּ שטעקט זיך אַרויס פון די בערגלעך, הערט מיט שטוינונג זיך איין. אפשר וועט ווער אַרויסוואַקסן, אָנגיין פון אַ סטעזשקע אַרויס?

ס'איז געווען ער אַליין. ער איז געגאַנגען, ווי עמעצן אַנטקעגן, אויף אַ פון לאַנג נישט באַטראָטן וועגל, צווישן אָפּגעריבענע בערגלעך. זיי זענען געלעגן ווי גרויסע איינגעפאַלענע באַקן. וויפל דורות תלמידי־חכמים, שטאָלצע קעפּ, ליגן דאָ אינעווייניק? וויפל אָנגעזאַמלטער וויסן צעפאַלט זיך אין די שאַרבנס! זיי אַלע אינעווייניק ווערן איצט ערד, שטויב.

ער האָט ערשט באַנומען, נישט דורך חכמה, נאָר דורך צעפּאַלנקייט באַהעפט מען זיך מיט דער אַרומיקער אייביקייט, ווערט מען אַ טייל פון איר.

אַ מאָדנער געדאַנק איז אים פּלוצעם אַדורך: זאָל ער פון דאַנען שטיל מיטנעמען זייער לעצט ביסל קלוגשאַפט, וואָס וואַלגערט זיך צעשאָטן? אים וועט עס ווי אַ וואַרעם מלבוש נאָך נוצן אין די ווייטע וועגן!

ער איז שטיינגעבליבן פאַרגליווערט צוקאָפּנס אַ קבר. דער שמייכל אויפן פּנים איז אים פּאַמעלעך פאַרמומיעט געוואָרן.

ש. האָט באַוועגט דעם קאָפּ. אַ פויגל מיט אויסגעשפּרייטע פליגל איז אַנטלאָפן פון אַ שטיין דערנעבן. ער האָט צו אים געקראַקעט. ש. האָט מורא געהאַט, ער זאָל נישט טרעטן אויף קברים. ער האָט איבער זיי געשפּרייזט, ווי איבער אַראָפּגעפּלאַטשיקטע קערפּערס. קי האָבן מיט פייכטע מיילער אַראָפּגעלעקט די מאָגערע האַרלעך. דאָ און דאָרט האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט, ווי גרויסע ציין פון אַן אָפענעם שאַרבן, שיטערע שורות מצבות. ער איז אַריין צווישן צוויי שפּיציקע שורות. ער איז געווען פאַרקלאַמערט אין פּיסק פון אַ ריזיקער טויטער חיה; זי האָט אים געהויבן, געטראָגן צווישן די שאַרפע ציין.

איינער פון זיי האָט אַרויסגעשטעקט טונקל־גרוי, צוקאָפּנס זיין פאָטערס קבר. ער האָט דערזען פּרום־צעטריפטע היימישע אותיות אויפן שטיין:

פ. נ.

ר׳ שמעון ב״ר מנחם.

— טאַטע, די מאַמע איז מער נישטאָ. אויך נישט דיינע טעכטער דינה, אסתר, און דיין קליינע מרימל. אויך זייער אַש איז מער נישטאָ. די וועלט האָט מער זיי נישט געוואָלט האָבן. זי האָט אָפּגעמעקט דאָס פאָלק ישראל פון איבערן פּנים פון דער ערד. עס פאַרנעמט מער נישט קיין אָרט אין חלל. בלויז איך, דיין פינף־יעריק בן־זקונימל, איך בין געבליבן פון דיין שטאַם. איך, וואָס פאַר דיין שטאַרבן האָסטו מיר איינגעפלאַנצט אין קעפּל די לעצטע וואַרעמקייט פון דיינע הענט; דיינע פינגער האָבן אַריינגעטריפט אין מיר די דורותדיקע ירושה „זאָלסט זיין אַ ייד״ — איך שטיי דאָ אַ פאַרלוירענער מיט מיין איבעריקן אויפגעוואַקסענעם גוף. איך האָב אים נישט ווו אַהינצוטאָן.

אַ רגע האָט אים געגלוסט פאַלן איבערן פאָטערס קבר, אַרומנעמען דאָס בערגל; דורכזאַפּן זיך דורך דער ערד, אַרונטער.

— טאַטע, אַחוץ דיין געביין האָב איך גאָרנישט!

ס׳האָט אים געדאַכט, ער פאַרנעמט אַ טויב־געברומעניש, וואָס שפּרייט זיך אין דער טיף.

באַלד האָבן קעפּ אויף ווי ווייט זיך אַרויסגעשטעקט פון איבער די קברים. פון אַלע זייטן האָט מען זיך איינגעקוקט, פאַרחידושט.

עס האָט זיך דורכגעטראָגן אַ געמורמל:

— אָוואַ, ביי ר׳ שמעונען רייסט מען קברים!

אויפגעריסענע אויגן האָבן געקוקט צו אים דרייסט, מיט דערשטוינטע בליקן פון קינדער.

ער האָט דערפילט ווי דער טאַטע פאַרשטעקט אים דערשראָקן דעם קאָפּ, אין זיך אַריין, צו פאַרשטעלן פון די פרעמדע אויגן. ער פאַרדעקט אים, ווי אַ כהן, מיט

די הענט איבער די האָר, פאַר אַן עין־הרע. זיין גוף איז געבליבן אָפּן געשפּאַנט, אָפּגעדעקט אין דער לענג.

אַרום האָבן נייגעריקע קעפּ זיך געצויגן העכער, העכער אַרויף, צו קוקן בעסער. עס איז געווען שטיל.

באַלד האָט ער פאַרנומען אַ וואַרעם־באַרדיקן געשעפּטש, ווי אַ לעק אין אויער אַריין.

— בלייבסט דאָ מיט מיר?!

אַרום האָט מען פאַרוווּנדערט, זיך איינגעהאָרכט.

ער האָט געוווּסט, אַז ניין. נאָך היינט וועט ער אַוועק פון דאַנען. ער האָט מורא געהאַט צו טראַכטן הויך. אַלץ אין אים האָט געקלאַפּט, אַז שוין אויף שטענדיק. ער איז דאָ געקומען בלויז, דאָס אַרומצונעמען צום לעצטן מאָל מיטן אויג, עס אַריינזאַפּן אין זיך; וויסן זיכער אין די ווייטע יאָרן, אַז ס'איז נישטאָ קיין צוריק. הינטער אים איז נאָר פּוסטקייט.

ער האָט זיך אָפּגעריסן, אַרויסגערוקט דעם קאָפּ ווי פון אַרומקלאַמערנדיקע אָרעמס. ער איז געשטאַנען איבער זיי.

עס האָט זיך דערהערט אַ געשעפּטשעריי:

— ער גייט אַוועק!

אויגן האָבן מיט שטומען מיטגעפיל געקוקט צום טאַטן.

ער האָט געוווּסט, אַז אויך זיי ווילן דאָס נישט. ווען זיי קאָנען — ציען זיי אים, יעדער צו זיך. אָן טאַטן איז ער הפקר. זיי וועלן אים פאַרוואַרפן שטריקלעך אַרום די פיס. פון איצט אָן איז ער זייערער, ער געהערט צו אַלע.

ער האָט געזוכט זיך צו פאַרענטפערן:

— איך האָב זיך געראַטעוועט — — —

אַרום האָט זיך געקאַלערט אָן אָפּקלאַנג. ער איז זיך צעגאַנגען אין ווידערקולות.

„ער האָט זיך געראַטעוועט" — — —

ער האָט זיך איינגעהערט צום עכאָ, וואָס שאַרט זיך ווייט צווישן די גראָזן.

ער האָט גערעדט בלויז צום טאַטן:

— איך מוז דיר געבן המשך!

דער טאַטע האָט אויף אים געקוקט:

— צוליב וואָס?

— צוליב וואָס? צוליב דיר און דיין שטאַם. עס זאָל נישט פאַרשניטן ווערן זיין אייביקייט!

אַ רגע איז אים אַדורך, צום ערשטן מאָל אַ געדאַנק: „און אפשר איז זיין אָרט טאַקע דאָ? ער דאַרף בלייבן איבער זיי. כסדר זאָלן זיי הערן זיינע טריט אויבן".

ער איז געשטאַנען ווי אין דער לופט. די ערד אַרום איז געלעגן אָנגעבלאָזן. אָט זינקט ער מיט די פיס אין איר אַריין. ער האָט געזען, די זון לאָזט זיך אַראָפּ הינטער די זייטיק־פאַרבליבענעביימער מיט די דאַרע צווייגן. נישט ווייט האָבן זיך געבערגלט פאַרטריקנטע הויפנס מיט אַרויסשטאַרטשנדיקע ביינער. ער האָט געוווּסט, דאָס זענען די פרישע מאַסן־קברים. אָן עלנט האָט זיך געשפּרייט איבערן בית־עלמין. אין די שאָטנס, זענען די בערגלעך אַרום געבליבן ליגן איינגעשרומפּענע, פאַרטוליעטע.

ער האָט דערפילט זייער נאָענטקייט:

„ער איז דאָך אַ טייל פון זייער לייב".

— טאַטע, איך וועל צוריקקומען. איך האָב צו ערשט אויף זיך אַן אַנדער שליחות: צעטראָגן ווייט, צווישן מענטשן, וואָס רוישן אין שטעט, דעם סוד פון שטעט, וואָס שטאַרבן.

מיט אַ מאָל האָט ער געהערט אַן אויפרודער. דער טאַטע איז ווידער אויפגעשווומען אַ ליגנדיקער.

ער האָט אים פאַרטרויט איינגערוימט:

— נעם מיך אַרויס פון דאַנען. טראָג מיינע ביינער מיט זיך, ווו דו וועסט וואַנדערן, ווי אַנטרונענע פון אַ פּאָגראָם טראָגן אויף דער פּלייצע אַן אַלטן פאָטער.

ער האָט איבער זיך דערפילט אַ געפרוירן אָטעמען.

ש.ינען איז באַפאַלן אַ מורא. ער האָט זיך דערמאָנט, וואָס מען זאָגט צו מתים, וואָס פלאָנטערן זיך צווישן לעבעדיקע:

— גיי אין דיין רו אַריין!

דאָ האָט דער טאַטע זיך אויפגעוואָרפן פון אָרט:

— ביזט אַ לועג לרש. מיר זענען אויסגעמישט ביז די אָפּגרונטן. געדענק, אויב דו לאָזט אונדז הפקר וועט אפילו נישט בלייבן אונדזער געביין.

— טאַטע, איך מוז צו ערשט אויף זיך דערפילן אַ וואַרעמען אָטעם פון אַ מענטש. אַנדערש קאָן איך נישט לעבן.

— נאַרסט זיך און מיך. דו ווילסט אַנטלויפן. צו ווען וועסטו צוריקקומען? מיר וועלן אַפילו שרייען נישט קאָנען. אונדזערע מיילער וועט מען דאָ אויף אייביק פאַרפלאַסטערן מיט שאָסייען.

ש.ינען האָט אַ דריי געטאָן אין די געדערעם.

— טאַטע, זיי מיר מוחל. ס'איז מיר שרעקלעך דאָס אַרויסזאָגן: דו און איר אַלע זענט נישט מער יחסן, ווי די מאַמע און אַלע יידן. איר זענט אַ טייל פון אונדזער אַש צעשפּרייט איבער אַלע ווינטן.

דעם טאַטנס שטים איז געוואָרן אַראָפּגעפאַלענער. ער האָט געזאָגט באַזאַכט:

— היט־זשע פאַר דיר, מיין קינד, אַן אַנהאַלט אויף דער ערד — מיין קבר.

— איך קאָן נישט מער בלייבן צוגעבונדן צו עפּעס. דער אַנהאַלט האָט אונדז פאַרפירט!

ש.ינען זענען געוואָרן איבעריק די ווערטער:

— טאַטע, אויך נאַרמאַל, דורך דורות, האָבן קינדער פאַרלאָזט זייערע עלטערנס היימען; האָבן זיך אָפּגעריסן פון בית־עלמינס, אַוועק מעבר לים. פאַרגעסן זייער שטאָם. די צייט האָט חרוב געמאַכט זייערע קברים. דער חורבן פון בית־עלמינס, איז אונדזער גורל איבער דער ערד.

דער טאַטע האָט איצט געענטפערט מיט זיין אַמאָליקער אייביקער חכמה:

— זון מיינער, ווען זיי פאַרלאָזן נאַרמאַל — בלייבן אָבער הינטער זיי גאַנצע קהילות — שומרים פון די מויערן.

ש.ינען איז באַנג געוואָרן. צווישן אים מיט זיי קאָן מער נישט זיין קיין וויכוח. זיי וועלן אים שוין קיין מאָל נישט פאַרשטיין. זיי זענען נישט געפרווווט געוואָרן אַזוי.

ער האָט זיך צוגערוקט צו די פרישע מאַסן־גריבער, איינגעשניטן אין אַלטע קברים, אויסגעמישט אין זיי. יענע, פריערדיקע, זענען געלעגן אויפגעגראָבן, טיף צעעפנט.

געטויטע קינדער זענען אַריין נאַקעטע אַן תכריכים, אין אָרעמס פון לאַנג־געשטאָרבענע טאַטעס און זיידעס.

איצט זענען זיי אַלע אינעווייניק, פאַרשיט. די ערד האָט איבער זיי זיך פאַרגלעט.

ער איז אויבן געשטאַנען מיט די שיך. שוין צוויי יאָר אַדורך. דאָ איז אַרייגעשאָסן אַ דריטל פון דער שטאָט. ווו ער שטייט איצט, זענען זיי אַלע געשטאַנען נאַקעטע, אײַנגעשאַפּט, מיט די פּנימער צום גרוב אַראָפּ. זיי האָבן דאָ פאַרנומען אַן אָרט. ער האָט, אין זיינע מלבושים, זיך געוואָלט רייבן צווישן זיי. דאָ זענען יונגע מאַמעס געשטאַנען, מיט די קערפּערס און הענט געבויגן פאָרויס, איבער די אויסגעטויטע קינדערלעך צווישן זייערע פיס; דאָרע באָבעס האָבן פאַרשטעלט פאַר דער זון די קנייטשן פון זייערע לייבער; די קורזיכטיקע זיידעס, אָן די ברילן — מיט אָפענע אויגן. ש. האָט געבענטשט נאָך זיינע חברים. זייער בליק האָט אַרומגעהילט, פאַר־שטעלט, דאָס פאַרשעמטע לייב פון זייערע שוועסטערן.

אָט ערשט, אין דער אָ רגע, איז עס געווען.

ער האָט געוואָלט זיי דערכאַפּן. ער האָט זיין גוף באַוועגט אין חלל, זיך אויסצומישן צווישן זיי, אָנרירן.

ער איז געשוווּמען מיט די אַקסלען, האָט געשניטן מיט זיי זייטיק. אין קיין שום געדיכטער אומזעבאַרקייט האָט ער זיך נישט אָנגעשטויסן. ער האָט געשטרעקט דעם גוף. אויבן איז געווען אַ לערקייט. די לופט האָט פאַר אים זיך געבויגן.

ער האָט געוווּסט, אַז נידעריקער איז פול מיט זיי. זיי זענען געדיכט אויסגעזעצט אין לאַנגע שורות, ביים גרובראַנד; אָנגעשפּאַנט אויף די געבויגענע פיס, ווי אויף לופט־בענקעלעך. יעדער וואַרט אויף לעצטן שפּיציקן באַריר, וואָס מוז אין אים אַדורך, און — ער בידערט.

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט. די פיס זענען אים געווען געבויגן. ער האָט אויף זיי זיך געוואַקלט. ער האָט געוואָלט געבן אַ שטרעק די האַנט, זיך אָנכאַפּן.

אין איין רגע האָט ער דערשפּירט דעם קאַלטן דינעם שטאָל־קיצל אין נאַקן. ער האָט באַוועגט מיטן קאָפּ. ער האָט זיך אַ וויג געגעבן.

ש. האָט געוווּסט, אַז ער שטייט אויף די געבויגענע קני. אונטער אים איז אָנגעיוירענע פאַרהאַרטעוועטע ערד, ווי אַ פאַרשטייפטע הייטל, פאַרוואַקסן מיט קורצע דיקע גרעזלעך.

אָט ברעכט זיך עס דין אונטער אים.

ער האָט געוואָלט זיך אָנכאַפּן, האַלטן זיך, אויסגעשפּרייט, מיט די הענט אין די גרעזלעך. מיט פאַרמאַכטע אויגן זינקען אַראָפּ מיט די דינע גרודעס.

ער האָט געוווּסט, אַז זיי ווילן אים נישט. זיי קערן זיך אָפּ. זיי האָבן פאַרביסן זיך פאַרשיט, ציען די אויגן אַראָפּ פון אים.

ש. האָט אַוועקגעקערט זיין גוף. ער איז אַן אָפּטריניקער, אויסער זיי.

ער האָט געדענקט, אַז דאָ האָט ער קיינעם נישט, זיינע נאָענטע זענען נישטאָ. זיי האָט מען יענעם פאַרטאָג אַוועקגעפירט אין די וואַגאָנעס, צוזאַמען מיט צוויי־דריטל שטאָט. ווו זענען זיי אַלע? ווו איז איצט די מאַמע? ווו זענען די שוועסטער? זיי האָבן געבעטן, ער זאָל זיך ראַטעווען. ווו געפינט זיך אין דער רגע זייערס אַ רעשטל, אַ שטויבל? ווו קאָן מען זיך יאָגן נאָך דעם? ווו ליגט עס? אַ חלל הענגט פאַר דיר. ביסט אַליין, אַ מילב אין מדבר!

— טאַטע, איבער זייערע אויגן וועט מען נישט פּלאַסטערן קיין שאָסייען.
דער טאַטע האָט פאַרשוויגן.

ש. האָט דערשפּירט די שטומע וואַנט, וואָס שטייט דאָ — צווישן זיי, די וואָס האָבן אויסגעהויכט זייער לעצטן אָטעם אין די וואַרעמע בעטן, און יענע אַלע, די פאַרשוואומענע אין שוימיקע מאַסן־גריבער, וואָס די נשמות זענען זיי אַרויס דורך די מיילער, ווי ביי פיש, וואָס שטיקן זיך פון צו פיל אָטעם. תמימותדיקער, מילדער טויט און מיתה־משונה וועלן זיך קיין מאָל נישט באַגעגענען. אַ ים פון נסיונות צעשפּאַרט זיך צווישן זיי.

— טאַטע, איך געהער מער צו יענע דאָרט, ווי צו דיר, דאָ.

ער האָט פאַרנומען אין זיך רייד:

— מיין קינד, אויפן אייגענעם בעט, אין שטילע צייטן, איז געווען ווייטיקלעכער צו שטאַרבן. האָסט טיפער דערפילט אין זיך דעם טויטשניט. האָסט געמיינט, אַז אַל דאָס געבליבענע האָט האַפט.

אין ש.ינען איז אויפגעגאַנגען פאַרדרוס:

— איך פיל קנאה פון אייך צו זיי. צוליב זיי פאַרגעסט מען אין אייך.

דער טאַטע האָט אַרויסגערעדט פאַרטראַכט:

— אַ רגע נאָך דעם זענען מיר אַלע גלייך. פאַר דעם דויער זענען מיר אַלע אָפּגעווישט. נאָר לעבעדיקע קלאַמערן זיך אין שטאַם און המשך. פאַר אונדז איז שטאַם — שטויב. מיר קערן צו אים מער זיך נישט צוריק. צום שטאַם האָבן מיר גע־הערט אַן אויגנבליק. שטויב זענען מיר תמיד. מיר ווילן נישט המשך. ער איז אונדז פרעמד. בלייב דאָ — אויב נישט צוליב מיר, איז צוליב יענע, צו וועמען דו געהערסט.

— דווקא זיי ווילן מיך נישט. זיי בייסן זיך מיט די ציין אין זיך אַריין. מיין גורל איז ווי זיי — פאַרלוירן־גיין אין דער וועלט.

אין טאַטן איז אויפגעגאַנגען כעס פון אַ זקן.

— פּילסטו נישט, אַז דווקא זיי וועלן דיר קיין מאָל נישט פאַרגעבן. פאַר זיי ביסטו אייביק נע־ונד.

ש. האָט דערשפּירט אַ ברי אונטערן האַרץ. ער האָט געוווסט, ס׳איז אמת. ס׳איז אויס וויכוח.

מיט אַ מאָל האָט ער דערפילט, ער איז פאַרוויקלט אין אַ וואַלד פון הענט. זיי וואַקסן אַרויס פון אַלע בערגלעך, זיי שפּאַרן זיך אַרום אים. ער האָט באַנומען, זיי וועלן זיך נישט לאָזן אָוועקשאַרן. זיי וועלן אויף אים נישט מוותר זיין, ער איז פאַרפלאָנטערט.

— אָבער איך טראָג דאָך אין מיין אינגעווייד לעבן אויף פאַר אייך! — האָט ער געוואָלט זאָגן.

דער טאַטע איז מער נישט געווען.

ער האָט שטיל געהויבן די פיס, ווי אַ קברים־שענדער, וואָס זוכט אַן אַרויס. ער האָט געהיפּערט מיט די פיס איבער אומגעוואָרפן־ליגנדיקע מצבות. זיי האָבן אונטער אים זיך נישט געעפנט. ער איז געגאַנגען גלייך, מיט פאַמעלעכע טריט.

ווען ער איז שוין געווען ווייט, אויסערן בית־עולם, האָט ער זיך אומגעקוקט. ער האָט געשפּרייזט, ווי מען וואָלט הינטער אים פאַרקלאַפּט די טיר. ער איז אַן אַרויסגע־וואָרפענער. דאָרט, הינטער אים, הייבן זיך בערגלעך, שטעלן זיך משופּעדיק. מען קוקט

אים נאָך אין רוקן. זיינע פּיס האָבן געטראָטן שווער. ער האָט דערפילט, אַ שנור שלעפּט אים לויז זיך נאָך. זי וויקלט זיך אַרום זיינע טריט. ער האָט געשפּירט, זי גרייכט אים אַרויס פון זיין נאַפּל, פּלאָנטערט זיך אונטן, און איז דאָרט ווייט הינטער אים, פאַרוואָרצלט.

ער האָט מיט אַ מאָל באַנומען, אַז איבער אַלע ווייטקייטן, וועט זי אים האַלטן. ער וועט איבער איר זיך שטרויכלען און אַריבערשפּרייזן. ער וועט פון איר נישט אַנטרינען. דורך די אונטערשטע שיכטן וועט זי אים צוריקשלעפּן אַהער.

ער איז געגאַנגען. די שנור האָט נאָך אים זיך געשלעפּט אָן קלאַנג. גלייכגילטיק, ווי אַ גראָבער לאַנגער שטריק — נאָך אַ צוגעבונדענעם, קייענדיקן, בעל־חי, וואָס דערווייטערט זיך אויף גראָזן.

פאַרנאַכט־צו איז ער אַוועק אויף דער קורטשעווער גאַס. נאָך דעם ווי די געטאָ־גאַסן אין פּראָגט זענען געוואָרן אַראָפּגעזעצט — איז די גאַס דאָ געבליבן שטיין אָפּגעדעקט, ווי מען וואָלט איר אַראָפּגעריסן פּאַרנט, פון אויבן ביז אונטן אַראָפּ — אירע שטיין־פאַרשלייעכצער. די הייזער — נאַקעט, אָפן, אַרויסגעשטעלט אין דרויסן, ווי אויף אַ הינטערשטאָטיש פעלד. ער האָט דערפילט, דאָ, נאָענט, זיין מאַמעס הויז. נאָך אַ פּאָר טריט וועט עס בלייבן שטיין פאַר אים. ער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ און זיך געלאָזט הינטערוויילעכץ אַריין אין דער זייטיקער דורכגאַנגס־סטעזשקע, עס אַרומצורינגלען. ער האָט זיך פאַרנומען לענגאויס דעם פּלויט פונעם הויף. ער האָט דערפילט, ער קרייזט אַרום דעם געדיכטן גאָרטן, ער דערווייטערט זיך פון דעם הויז אין פּראָגט. פון הינטן שטעקט זיך אים נאָך אַ לאַנגע האַנט. אָט כאַפּט זי אים אָן אין רוקן. פאַר וואָס אַנטלויפט ער?

ער איז געווען ווייט, פריי. ער איז געגאַנגען פאַמעלעכער. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ לעכל אינעם פּלויט. ער האָט, צוגעקלעפּט מיט איין אויג, דורך דעם אַריינגעקוקט אין גאָרטן. אַלץ איז פאַר אים געלעגן צעעפנט, ווי אַ וווּנדער, און מיט אַ מאָל איז ער געבליבן צוגעשמידט. ער האָט דערזען זיין פאַרגאַנגענהייט. ער האָט אין איר אַריינגעבליקט, ווי אין אַ טיפן חלום. אין איין רגע האָט ער געוווּסט, אַז פון אומעטום, פון אַלע זיינע איינזאַמסטע שעהען אַרויס, דורך אַלע געלויפן, האָט עס אים געצויגן אַהער, צו דעם אָרט. פון דאַנען אַרויס איז ער געוואָרן פאַרבונדן מיט דער וועלט; דאָ האָט ער געעפנט די אויגן, און — פון דעם אָרט וועט ער זיך מער נישט באַפרייען; און ווו זיינע אויגן וועלן אַ מאָל זיך נישט שליסן — וועט דער הויף דאָס לעצטע זיך לעשן אין זיי. ער האָט געוואָלט אין גאַנצן זיך דורכרייסן אַהער, מער זיך נישט שיידן. גאָרנישט זאָל אים פון דאַנען שוין אָפּציען. ער האָט געוווּסט, ס'איז ממשות, ער איז ווידער דאָ.

ווי אין אַ פאַרגרעסער־גלאָז זענען פאַר זיין אויג געשטאַנען אויפגעליכטיקט די בעזביימער. ער קאָן פריי קוקן, אויסשטרעקן צו זיי די האַנט — דורכן חלום אַדורך. צווישן אָט דיביימער האָט ער זיך באַוועגט מיט די אַנדערע יידישע קינדער. אפשר לויפן זיי באַלד אַפּער. ער האָט שאַרף דערהערט דעם אַמאָליקן פייגל־געצווישטשער אויבן אין די צווייגן. ער האָט אַריינגעלאַכט. ער האָט געוווּסט, גאָרנישט איז געווען אין צווישן. ער האָט געוואָלט, די רגע זאָל אייביק אַזוי זיך ציען.

באַלד איז ער געגאַנגען ווייטער. ער האָט געשטעלט ברייטע טריט. ער האָט אַרומגערינגלט דעם גאָרטן. ער איז אָנגעקומען צו דער הינטערשטער הויף־זייט. דאָס ליכט איז אים נאָך געווען צעעפנט אין אויג. ער האָט זיך געדרייט אַרום דער אָפּצוימונג. ער איז געווען פאַרן הינטערשטן טייל פון גאָרטן. ער האָט דערזען פאַר זיך אינעווייניק דאָס גרין־געפאַרבטע הילצערנע הויז פון די קריסטלעכע שכנים, די נאָטקעוויטשעס. עס איז אים פאַר בידעריק אויסגעוואַקסן מיט די ברייטע ווערענדעס. ווי נאָך פון דעמאָלט זענען דאָ געווען צוגעלענט געל די לאָדנס. די צייט הויערט דאָ איינגעגליווערט. ער האָט געשטרעקט די פיס. ער האָט זיך גערוקט, ווי אין דין־גלאָזיקע ווענט. ער האָט געפילט, די מענטשן לויערן נאָך דאָ איינבאַלזאַמירטע אין די שטובן. די אַלטע גרויע ווירטין, די נאָטקעוויטשן, מיט אירע זין און טעכטער, זיצן אינעווייניק שווייגנדיקע. געדענקען זיי נאָך, אַז אַ מאָל, אין די פסחא־טעג, האָבן די יידן געקרייציקט זייער גאָט? היינט זענען זיי אַליין אַלע געקרייציקטע. קניען זיי אינעווייניק פאַר זיי? מאַכן זיי זיי טויטערהייט פאַר געטער?

עס איז אים אין דורך אַ מורא: באַלד וועט אויף די גאַסן אַרום זיך צעעפענען אַ פּראָצעסיע. מען וועט זיי טראָגן פאַר זיך, די פאַרפייניקטע יידן, בראש מיט דעם געקרייציקטן. האָט אויך ער געהאַט זייער טויטשרעק אין די אויגן? דער המון וועט טרעטן פרום, מיט די היטלען אין די אַראָפּגעלאָזטע הענט. ער וועט קניען פאַר זיינע געטער, וואָס ער האָט פאַר זיך פריש געטויט. ער וועט זינגען פאַרכטיקע לידער, און נאָך דעם — אין הייליקן עקסטאַז, לויפן מאָרדן. וועמען? קיינער איז נישט געבליבן! נאָר ער אַליין וועט דאַרפן אַנטרינען, זיך באַהאַלטן. בלויז יענע, די טויטע יידן, וועט ער פון זייער געטלעכקייט דאַרפן אַרויסראַטעווען; לאָזן זיי אין זייער שטילער רו.

ש. האָט געדענקט, נאָך אַלס קינד האָט ער תמיד פאַר די חגאות זיך אויסבאַהאַלטן פאַרן בייזן בליק פון די שכנים. אַ גאַנץ יאָר האָבן זיי זיך אַרומגעדרייט פאַרביסענע, באַליידיקט אויף די יידישע קינדער פון הויף. פאַר די חגאות האָבן זיי זיי געיאָגט פון גאָרטן. פסחא האָבן די עלטערן אים געהאַלטן פאַרמאַכט אין שטוב. ער האָט דעמאָלט נישט געקאָנט דעראַנען זיין שולד, נאָר ס׳האָט אים געשראָקן די פאַרבאָרגענע מעשה מיטן קרייץ, אין וועלכער אויך ער זאָל זיין פאַרמישט. אין די פסחא־טעג איז די שכנימס בלוט אונטער דער הויט געווען טונקל־פאַרסמט, ווי מען וואָלט אין קירכע זיי אָנגעטרונקען מיט טראָפּנס פון אַ מיסטעריעזן בעכער. וועמען זאָל דעמאָלט איינפאַלן, אַז פון דעם גליווער וועט אויפשוימען אַ רויטער ים, וואָס וועט אַלץ אַראָפּפלייצן?

עס האָט אים געגלוסט, איצט זיך אַוועקשטעלן ביים פלויט און, ווי דעמאָלט, דאָס פאַרטריבענע קינד פון גאָרטן — אומבאַהאָלפן אין אים אַריינקלאָגן.

ער האָט מער נישט געפילט קיין פאַרדרוס אויף דער אַלטער נאָטקעוויטשן. אַלץ איז אויס. עס איז נאָך אַלעם.

ער האָט זיך דורכגעשלייכט דורכן גלאָזיקן טירל און געהאַט דעם הויכן פלויט הינטער זיך. ער איז געווען אינעם גאָרטן. דאָס גראָז האָט ווייך אים זיך אונטערגעגעבן, זיך געבויגן אונטער די פיס, צוזאַמען מיט די קני אויבן. אַ ווײַלע האָט עס אים פריש

אַ פינקל־געטאָן פון אונטן אַרויף מיט דער אַמאָליקער טיף־גרינער גראָז־פייכקייט פון פאַרנעפּלטע טעג.

ער איז געשטאַנען מיט די פיס אַריינגעשטעקט אין דער גרין־בלישטשנדיקער פרישקייט. וואָס פאַר אַ טאָג איז היינט? אַ וואָכנטאָג?

ער האָט געדענקט, אַז שפּעטער, ווען ער איז גרויס געוואָרן, פלעגט ער שבת אין אַזאַ פאַרנאַכט־שעה, זיך וואַלגערן דאָ, אין טונקעלן גראָז, מיט דער נאַטקעוויטשנס טעכטערל, מאַשאַ. שטילערהייט, מיט אַ פינגער, האָט זי אים אַריינגערופן. זי האָט מיט אים זיך געאַמפּערט. ער געדענקט, ווי ער פלעגט דערנאָך ליגן אויסגעצויגן אין גראָז, מיטן קאָפּ אַרויף, און זי, נעבן אים — איבערגעדרייט אין דער לענג — מיטן פּנים אַראָפּ. ווי דעמאָלט, האָט ער איצט געהערט, אירע געשפּאַנטע פיס הייבן זיך אַרויף און אַראָפּ, קאָפּן אין דער ערד. אין איין רגע פלעגט איר פּנים פון אויבן הענגען אַראָפּ איבער זיין פּנים. זיינע אויגן האָבן זיך געשלאָסן. ער פלעגט נאָר פאַרנעמען, ווי אירע מעשענע צעפּ באַוועגן זיך איבער זיינע אויגן און דעם שטערן; די מיילעכלעך פון אירע האָר בייסן אים, ווי קריכנדיקע באַשעפענישלעך איבערן האַלדז און אויערן. עס האָט אים שווידערנדיק געקיצלט ביז אַראָפּ אין די שפּיצן פינגער פון די פיס.

ש. האָט אַ רגע דערפילט, ווי עס לויפט אים איצט דורך יענע זיסע אָנמאַכט, ווען זייערע קערפּערס האָבן דערנאָך אויפגערוישטע זיך פאַרפלאָנטערט. די גופים האָבן זיך געווישט, ווי רייבנדיקע־זיך הייסע שוועבל־פּלאַטן; האָבן אַרויסגעבראַכט פונקען. זיי זענען אים איצט געלאָפן פאַרן מוח. לאַנג האָבן זיי זיך געאַמפּערט אין גראָז, ביז ער פלעגט מיט אַ מאָל בלייבן ליגן אָפּגעדעקט דאָס פּנים. אונטער זיך, איך פלייצע, האָט ער דערשפּירט, עקבערן אים צוויי וואָקסנדיק־קרעפּטיקע שפּיצלעך. זי האָט מיט זיי אים געכאַפּט אויף זיך, ווי אויף וואַרעמע האָקעס. אַ ווייל איז ער, אַ ליגנדיקער — איבער זיי געהאָנגען מיטן פּנים אַרויף צום פאַרנאַכט־הימל. באַלד האָט עס אים איבערגעדרייט אַראָפּ, פאַרקראַמפּט אין אַ בלינדער זינקעניש. דערנאָך, געדענקט ער בלויז, האָבן אויבן איבער זיי געדיכט געניִדערט אָוונט־שאָטנס. זיי האָבן אים אַראָפּגעשווערט, אַ געליימטן, אין אַ שטילער זיסקייט אַריין.

פּלוצעם האָט ער זיך צעשמייכלט. אָט דאָס האָט ער דאָך איבערגעלעבט נאָך אַ מאָל ערשט נישט לאַנג, דאָרט אין דעם טאָל.

געווען איז דאָס אין דעם אָפּגעצוימטן באַראַק, אין איינער פון די לאַנגע גסיסה־נעכט. ער איז געלעגן אויף דער נאַרע, צווישן הונדערטער שאָטנס. אין דער שטילקייט האָט מען פון דרויסן פאַרנומען באַרוועסע טריט. איינצלנע אָפּגעהאַקטע געשרייען האָבן זיך געטראָגן פון דער ווייט. אַרום אים האָבן אין שלאָף זיך געוואָרגן רעשטלעך לעבנס. עמעצער האָט געכאָרכלט. ער אַליין האָט האַלב געדרימלט. פּלוצעם איז אויף דער נאַרע פאַר אים אָנגעשווומען אָט דער גאָרטן — אין סוף־זומערדיקן שבת־פאַר־נאַכט. ווי צוויי הינטלעך, וואָס באַשמעקן זיך, זענען זייביידע, ער און מאַשאַ, געשטאַנען אַנטקעגן זיך. מיט אַ מאָל האָט זי אַראָפּגעצויגן פון זיך דאָס העמדל. מיט אונטער־געבראָכענע פיס איז זי געזונקען אין גראָז. זי האָט אויף עס געמאַכט קאָזשעלקעס; זיך פאַרבויגן אין אַ קייעלעכדיקער קנויל — די פיס פאַרצויגן איבערן קערפּער, פאָרנט — ביז איבערן קאָפּ אַריבער. באַלד איז זי געבליבן אויסגעצויגן אויפן רוקן, מיטן פּנים

אַרויף. אין דער באַראַק־פינצטערניש האָט, נאָך יאָרן, אויף ס'ניי אויפגעבליאַסקעט פאַר אים מיט ערשטמאָליקייט איר ברוין־גלאַטיקע קערפּער־נאַקעטקייט. אַרומגעזיימט פון דער זיידענער לייב־ברוינקייט, האָבן זיך ציטעריק אַרויסגעהויבן ווייס די קיילעכדיקע בריסטלעך. אין יענער נאַכטיקער טויט־זינקעניש, אויף דעם האַרטן ברעט־געלעגער, האָבן אירע שפּיציק־ברוינע יאָנדרעס אים וואַרעם דורכגעשטאָכן ביז ווייטיק. זיין אויסגעלאָשן לייב האָט טרוקן געפּלעמלט מיט יינגלשן פיבער. אַ רגע האָט אים אַ שלאָג־געטאָן אין די נאָזלעכער איר ברוינער ריח. ס'איז אים דורך אַ געדאַנק, אַז זי געפינט זיך דאָ ערגעץ נישט ווייט אינעם טאָל. דורך אַ טעות איז זי אַהער געבראַכט געוואָרן. זי איז טיף פאַרבעט אויף די אַרומיקע נאַכטיקע פעלדער — צווישן די טויזנטער גוססדיקע. אַ ווײַלע זענען אירע צעפּשפּיצן ווידער קיצלדיק אים געקראָכן איבערן דאַרן קערפּער, אַז ער האָט געמוזט זיך קראַצן מיט די פינגער. ער האָט דערנאָך דרימלענדיק אָפּגעשווידערט, ווי אַ מאָל, אַלס קראַנק יינגל, אין דער היים, ווען די מאַמע פלעגט אים אַרויסוועקן פון חלום און פרעגן צי ער פיבערט נישט. און וואָלטן אין יענער לאַנגער טאָל־נאַכט שטאַרקע הענט אים גענומען אונטער די אָרעמס און געפירט אין דער פינצטערניש צום שטיקן — וואָלט ער אין לעצטן צאַפּל אַרויסגעשווידערט איר וואַרעמקייט.

איצט שטייט ער ווידער דאָ — אַן אַרויסגעוויקלטער פון די לאַנגע נעכט. ווי אַזוי האָט אים דער וועג ווידער געפירט אַהער? ער איז אַ צוריקגעקומענער. נאָך אַ רגע — וועט ער אַן אויפגעוועקטער אָנקלאַפּן אין איר פירהויז, אָנבעמען איר קלאַמקע. וועט זי אים דערקענען פון אַ מאָל?

ער האָט פּלוצעם דערזען, ער שטייט דאָ איינער אַליין. ער קומט צו איר טיר. ער וואַרט; אפשר וועט זי רחמנות האָבן און ווידער אים שענקען וואַרעמקייט. און ער וועט, ווי אַ בעטלער, דאָס נעמען פון איר. אפשר זאָל ער אַוועק, שוין אַנטרינען פון דאַנען?!

און אפשר, ווען ער וועט אָנקלאַפּן אין טיר — וועט אים עפענען — נישט מאַשאַ, נאָר איר עלטערע שוועסטער, נעלי, וועלכע האָט פאַר דער מלחמה געלערנט אין וואַרשע; זי וועט שטיין בלייבן אַנטקעגן אים מיט איר דין פּנים; מיט די אָפּגעצויגענע האָר און איר שמאָלן קערפּער. ליגט נאָך איר פרויענשאָפּט אויף איר, ווי אַן עול — פון אים זיך נישט צו באַפרייען? נעלי פלעגט גיין פלינק, ייִנגליש, מיט לייכט־פאַרטראַכטע טריט — געשטעלט פון זיך אַרויס. מענער האָבן זיך פאַרהאַלטן. יאָר נאָך יאָר פלעגט זי אהיימקומען אויף די זומער־פעריען און ער האָט געזען, ווי זי טראָגט נאָך אַלץ ווייטער אויף זיך אונטערטעניק־שטיל איר ווייבלעכע לאַסט; זי גיט איר זיך אונטער, ווי אַ געשלאָגן הינטל.

וועט ער באַלד ווידער זי אָנטרעפן, מיט אירע קליינע אָפּשטייענדיקע בריסטן; מיט די אַראָפּגעלאָזטע וויעס איבער אירע פאַרמאַכטע, אין זיך אַריין, אויגן? זי גייט, נעלי, אַ דין־בייגעוודיקע, איבער דער וועלט, מיט איר געשלעכט אין זיך, ווי אַ ייִד מיט זיין ייִדישקייט — נישט אָפּצושיידן! ווען וועט זי דאָס אַלץ שוין קאָנען אַראָפּוואַרפן פון זיך? בלייבן פאַרבונדן מיט דעם אַרום — נישט דורכן גוף, נאָר דורך זיך אַליין.

אין אַ רגע אַרום איז ער געשטאַנען אין האַלב־טונקעלן פעדערהויז — אַרומגענומען

פון גרוי־וואַרעמע קנוילן. פליסנדיק־דורכזיכטיקע פּאַרע־וואָלקנס האָבן אים פון אויבן פאַרהילט.

ער האָט דערשפּירט אין די נאָזלעכער דעם שאַרפן פרעמד־היימישן ריח פון נישט־יידישע קיכן, וואָס האָט אים אַ מאָל, אין זיין קינדהייט, אַזוי געשראָקן. ער איז אים איצט דין פאַרגאַנגען אונטערן האַרץ, מיט דער פרישער זויערלעכקייט פון זייער קרויט. דער ריח האָט אים איבלענדיק־וואַרעם געשלאָגן צו די שלייפן. ער האָט געפילט, ער פליסט אין אים אַריין פול — נישט אָפּצואָטעמען; ער צעלייגט זיך זיס, וויקלט זיך, ווי אַ נעפל פאַר זיינע חושים.

ער איז געשטאַנען מיט דעם אייבערשטן האַלבן גוף אין די וואַרעמע קנוילן. בלויז אונטן, האָט ער געשפּירט, לופּטיקט אים דורך אַ קילע דורכזיכטיקייט די פיס. זי קילט אים אַרויף דעם קערפּער.

באַלד האָט ער דערשפּירט אַ בענקשאַפט נאָך די ריחות. זיי גרייכן אים זיס־ווייטיקדיק אין די געדערעם, טריפן נאָגנדיק אין אים אַריין. זיי ציען אים צו זיך.

ער האָט געטראָטן פאָרויס אין דער האַלבער טונקלעניש; ער איז אַרויס פון דער פּאַרע. ער האָט זיך פאַרנומען אויף רעכטס, צו דער קיך־טיר. אַ רגע האָט ער געוואַרט. אין דער שטילקייט האָט ער דערהערט זיינע פינגער אָפּפּויקן דריי דינע קלעפּ אין טיר. ס'איז געבליבן שטיל. ער האָט געשפּירט אַ רויש ביי זיך אין בויך. פון קיך אינעווייניק האָט זיך דערטראָגן אַ ווייכער פאַל פון אויבן אַראָפּ, ווי אַ בעל־חי וואָלט מיט די פיס שווער אַראָפּגעשפּרונגען אויף דעם דיל. ער האָט געוואַרט אַ ווײַלע — זיינע געבויגענע פינגער האָבן אָנגעקלאַפּט נאָך אַ מאָל — איצט אַ ביסל העכער. ער האָט זיך איינגעהערט. דער עכאָ האָט ווידער אָפּגעפּויקט דין אין אים אַליין. אַרום איז ווייטער געבליבן שטיל. ער האָט איצט געשפּירט די קילע קלאַמקע אין האַנט. פּאַמעלעך האָט ער זי גענומען אַראָפּבייגן.

די טיר האָט שווער זיך נאָכגעגעבן. פון דער שמאָלער עפענונג אַרויס האָט אַ ליכט־פּאַס זייטיק זיך דורכגעשניטן אים אין פּנים. אונטן, האָט ער געשפּירט, ציט זיך דורך אַ קאַץ. זי שטייט. נאָר איר לאַנגער עק איז געבליבן אין קיך, געשפּאַנט אַרויף צו. באַלד האָט זי זיך געריבן ביי זיינע פיס, הויך איבער די שיך אַרויף. זי האָט געגעבן אַן אויסגעצויגענעם מיאַוטש. ער האָט ברייטער געעפנט די טיר. זי האָט ווייך געסקריפּעט. ער האָט פאַרביסן די ליפּן, זי איינגעהאַלטן. אַ ווינטל האָט דורך דער צעעפנטקייט אים געפאָכעט אין פּנים. ער האָט אונטערגעשטעקט די באַקן, דעם שטערן. ער האָט אַריינגעקוקט.

אין קיך אינעווייניק איז געווען שטיל. די קילע ריינקייט איז דאָ געבליבן פאַרמומיעט פון אַ מאָל. אויף די פאַכלעך אַנטקעגן שטייען, ווי נישט גערירט, די דיך־פאַרצעלייענע קריגעלעך — מיט רויטע און בלויע בלימלעך אויף זייערע בייכלעך. נאָך יאָרן זענען זיי נאָך לייכט, נישט אַריינגעשוואַרט אין די ווייס־הילצערנע ברעטלעך אונטער זיך. ער האָט דערפילט אין דער ליידיקייט, אַ מענטשלעכן אָטעם, וואָס איז אָקאָרשט פאַרלאָזט געוואָרן; פון דעם חלל איז פאַרשוווּנדן אַ פרויען־האַנט, וואָס האָט אַ רגע פריער דאָ זיך באַוועגט.

ער איז מיט די פיס אַריבער די שוועל און איז געבליבן אין דער ליידיקייט.

פון בוידעם־שטיבל איבער דער קיך האָט זיך דערהערט אַ געשאָרך. באַלד האָבן דינע טר׳יט געגומען אָפּקלאַפּן. זיי האָבן דריבנע זיך געשטעלט פון די אייבערשטע שטיגן אַראָפּ. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. אויפן העכסטן שטיגל האָט ער דערזען, צוויי גרינע שיך מיט לייכטע שפּיצן אויף פאָרויס. זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט בידעריקער. עס זענען זיי נאָכגעקומען אַרויסגעוואַקסענע פון אויבן נאַקעט־רויטלעכע פיס, מיט קני — פאַרבאָרגן אין די פאַלדן פון אַ ברייטלעך־ברוינעם ראָק. און באַלד האָבן אים אַ שוועב געטאָן פאַר די אויגן, העכער, איבער דער טאַליע — אַ פּאָר פּולע בריסטן, איינגעצויגן אין גרינער וואָל. דער קערפּער האָט אַ ווײַלע זיך פאַרהאַלטן, איז געבליבן אָן אַ קאָפּ. אין איין אויגנבליק האָט ער איבער דער פאַרענדיקטער געשטאַלט — מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, דערזען דעם קאָפּ פון מאַשאַן. זי איז אַראָפּ און איז געבליבן שטיין אויף דער אונטערשטער שטיג. ער האָט געזען פאַר זיך אירע גרין־ברוינלעכע אויגן. זיי האָבן צו אים געקוקט. אַ רגע האָט אַלץ אין אים זיך אַ ריס געטאָן צו איר. דער גוף האָט אים זיך אַ בייג געטאָן אויף פאָרויס. אויך זי האָט אַ ווײַלע געהאַט צעגומען די אָרעמס. איר מויל איז געווען צעעפנט. באַלד האָט איר פאַרוווּנדערונג זיך אָפּגעהאַקט. זי איז געבליבן ווי פאַרשטיינט אין דער מיט.

זיינע אָרעמס זענען אים לויז נאָכגעהאָנגען. ער האָט נישט געהאַט ווו זיי צו האַלטן. ער איז געשטאַנען, ווי אין חלל.

— דו לעבסט?! — האָט זי אין אַ ווײַלע אַרום מיט שטוינונג אַרויסגעזאָגט. ער האָט בולט דערהערט דעם קלאַנג פון זיין נאָמען. זי האָט אים גערופן. ער איז געשטאַנען, ווי אַ ייִנגל. ער האָט געשפּרייזט איר אַנטקעגן. ער האָט צו איר אויסגעשטרעקט די האַנט. באַלד האָט ער נאָך איר געשטעלט טריט אונטן, אין די ווייטערע צימערן אַריין.

— מאַשאַ — האָט ער זי געוואָלט רופן.

זי האָט זיך פאַרהאַלטן. זי איז געווען אויסגעדרייט מיטן פּנים צו אים. זי האָט אים אָנגעקוקט.

זיי זענען געשטאַנען ווייט איינער פון אַנדערן — אַנטקעגן זיך אין דעם אַלטן סאַלאָן. ער נאָך ביי דער טיר. זי — ביים פענצטער אַנטקעגן. ער האָט געוווּסט, אירע לאַנגע האָר, געוויקלט אין צעפּ, הענגען מער נישט אַראָפּ. איר פּנים איז ברייט און פאַרהאַרטעוועט. אַ ווײַלע איז ווידער געווען פאַר אים דער פריערדיקער נעפּל פון פעדערהויז. ער האָט אים דורך דורכגעקוקט צו איר. ער איז געבליבן אויפן אָרט. זי איז אין אים געשווומען אַראָפּ. איר פּנים האָט אונטערן נעפּל געענדערט. עס איז איצט געלעגן דין־דורכזיכטיק ,ווי אַ גרינע לבנה, אונטער אַ פלאַך וואַסערל; אירע לאַנגע איינגעפאַלענע באַקן האָבן אינעווייניק געפאַליעט. אַ ווינטל האָט געבלעזלט די כוואַליעלעך איבער זיי. די צעפּ אַרום זענען אין וואַסער געשווומען אַהין און צוריק. זיי זענען געווען אָפּגעהאַקט פון איר.

אין איין ווײַלע האָט ער באַגומען, אַז יענע מאַשאַ איז דאָ מער נישטאָ. זי איז ערגעץ פאַרשווומען מיט דער צייט. אויך אָן דעם חורבן איז זי פאַרשוווּנדן. ער איז איצט געשטאַנען הינטער יענער זייט צייט, וואָס האָט פאַר אים זיך אָנגעבלאָזן, ווי אַ ריזיקער קיילעכדיקער פאַס. דאָס דורכזיכטיקע פאַס האָט אין צימער זיך געלייגט אים צופוסנס; איז פאַר אים געוואַקסן אַרויף ביז אונטער דער גאָמבע; ס׳האָט זיך

געשפּרייט פול איבערן צימער־חלל. ער האָט געוווּסט, ער וועט מער איבער דעם נישט אַריבער. פון דער אַנדערער זייט פּאַס — שווימט דאָס אָפּבילד פון יענער מאַשאַ — אין גאַנצן פאַרשטעלט פון דער דורכזיכטיקייט. מען זעט פון פריער אַרויס בלויז איר געעלטערטן קאָפּ.

די נייע מאַשאַ דערגייט נישט צו אים. זי געדענקט אים בלויז פון אַ חלום. זי איז לאַנג פון אים אַרויס. ער איז אין אים געבליבן. ער איז אַריינגעשטעקט מיט די פיס אין אים.

ער האָט געהערט, ווי זי רעדט פון יענער זייט צו אים אַריבער. זי האָט אים געבעטן, זיך זעצן. ער האָט, נאָכגיביק, ווי אַ מאָל דאָס יינגל אין גאָרטן, געפאָלגט. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין דעם אַלטן ווייכן פאָטעל ביי דער טיר. ער האָט דערשפּירט, ער זיצט דאָ. ער האָט געדענקט, אַ מאָל האָט מען די יידישע שכנים קיין מאָל נישט געבעטן זיצן ביי זיי אין די פאָטעלן. איצט איז ער ווילבלאָז. ער וועט אַלץ פאָלגן, וואָס זי הייסט.

מאַשאַ איז געזעסן אַנטקעגן אויף דער פּלושן־בלויער קאַנאַפּע, ביי דער זייטיקער וואַנט, רעכטס פון אים. ער האָט געפילט נאָענט נעבן זיך איר לינקן פּראָפיל — מיט אַ גרויס אָפּגעדעקט אויער; די האָר געקעמט אַרויף איבערן קאָפּ — זעענען מאָט. זי האָט געקוקט זייטיק, פאַר זיך.

ער האָט דערזען אַנטקעגן איר בליק — אין ווינקל לינקס פון זיך — דאָס הייליקע בילד מיט דעם געקרייציקטן. עס האָט אים אַ רגע אַ צופּ געטאָן. אָט די באַהאַלטענע ווינקלען אין די גוייִשע שטובן האָבן שטענדיק געשראָקן די יידן. פון דאַנען האָט עס געלויערט אויף זיי. נאָך אַלס קינד האָט ער געפילט די דראָונג פון די אַלקערס. יידישע קינדער, צוזאַמען מיט די עלטערן, האָבן זיך פאַרמאַכט אין די שטובן, ווען מען האָט פון דאַנען די בילדער אַרויסגעפירט אין דרויסן.

איצט איז שוין נאָך אַלעמען. ער זיצט דאָ אַנטקעגן.

ער האָט געקוקט גלייך אין די אויגן פון דעם געקרייציקטן. ער האָט דערקענט זיין פרומען בליק פון אַ מאַרטירער, נאָכן אָפּוואַשן זיך די הענט.

ער האָט געדענקט דעם פּאָגראָם דאָ אין שטאָט, בעת דער פּראָצעסיע, ווען די המונים האָבן אים געטראָגן — הויך — אַן אייגעראַמטן אין רעמען. דאָס איז געווען נאָך אַ מאָל, פרי אין זיין קינדהייט. די יידן אין שטאָט זענען דעמאָלט אַלע געלעגן באַהאַלטן אויף די בוידעמער. דערשראָקענע, דורך די שפּאַרעס, האָבן זיי געזען די המונים, וואָס לויפן מיט אים פאָרויס. זיינע הענט, געשפּרייט איבער זייערע קעפּ, האָבן זיך געשאָקלט. ער איז מיט זיי געטראָטן איבער די טויטע גופים פון זיינע ברידער. דאָס האָט ער זיי געבענטשט. ס'איז געווען זיין נקמה אין די יידן, וואָס זיי האָבן אַ מאָל אים נישט אָנערקענט אַלס גאָט.

איצט דרימלט ער דאָ וואַרעם־אָנגעזעטיקט.

עס איז אים דורך אַ געדאַנק: אין די אַלע יאָרן פון מאָרד, האָט ער, פאַרמאַכט אין קירכעס, זיינע גלייביקע גערופן בעטן צו זיך. זיי האָבן צו אים געקניט, און ער האָט זיי פאַרגעבן. זיינע אויערן האָט ער געלאָזט פאַרטויבן מיט דעם זעצן פון פרומע גלאָקן.

ער האָט ווידער אַ קוק געטאָן צו מאַשאַן. זי איז געזעסן אַן איינגעשטילטע, פאַרגליווערט דעם אַראָפּגעלאָזטן בליק.

ער האָט דערשפּירט, מאַשאַ פילט זיך דאָ נישט אַליין. זי איז אַרומגענומען פון וואַרעמען בליק פון דעם בילד. זיין שווץ טריפט צו איר פון דעם געלן בערדל אַראָפּ. ער איז פון זייביידע אויסגעשלאָסן.

און אפשר, איז אים דורך אַ געדאַנק, בענקט ער איצט נאָך זיינע טויטע ברידער. ס'איז אים אומעטיק דאָ אין די פרעמדע שטיבער. ער איז געפאַנגען אין זייערע טונקעלע ווינקלען, ווי אַ קאַנאַריק אין שטייגן. ער בענקט, אַרויס פון דאַנען.

און מיט אַ מאָל איז אים קלאָר געוואָרן, אַז דאָס האַלטן זיי אים געפאַנגען ביי זיך אין די שטובן, דעם לעצטן ייד, נישט כדי ער זאָל זיי שיצן, נאָר כדי אייביק זאָל זיין פּנים פאַר זיי וויזן די גסיסה — פון זיין, דורך זיי פאַרפּייניקט, פאָלק; זי צו האָבן פאַר זיך, ווען זיי שלאָפן, געשטילטע, אין די בעטן, צופוסנס זייערע ווייבער.

ער האָט איצט געהאַלטן דעם קאָפּ קעגן דעם בילד. ער האָט זיך געטראָפן מיט אים אויג אויף אויג. יענער האָט אים דערקענט, ער האָט אים אָפּגעפונען. עס האָט אים געדאַכט, נישט צו מאַשאַן איז געווענדט זיין בליק, נאָר דאָס קוקט ער צו אים, זיין ברודער. ער בעט פון אים הילף — פון ראָם אַרויס, ער זאָל אים אַרויסראַטעווען פון דאַנען, נעמען מיט זיך, אַנטלויפן.

ש. האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם אָפּגעפרעמדט־בעטנדיקן בליק פון דער וואַנט אַראָפּ. נישט קיין האַס האָט ער איצט געפילט צו אים, נאָר אַ רחמנות. פאַר אַ פאַררעטער האָבן זיי אים געמאַכט; אַריינגעשטעלט אים אין וואַרעמע שטובן, ווען זיין פאָלק אין דרויסן איז געשטאָרבן.

באַלד האָט ער פאַרשטאַנען, אַז די יידן זענען געווען גערעכט. משיח איז נאָך נישט געקומען. אייביקע פרידלעכקייט אויף דער ערד — אָט דאָס איז דער פּרוון־צייכן פון דער גאולה. זיי אַליין מיט זייערע רציחות לייקענען אָפּ, אַז ער איז דער דערלייזער. ניין, נישט קיין משיח איז ער, נאָר איינער פון זיינע ברידער, אומגעקומען צוזאַמען מיט זיי, וואָס זיין צער איז געווען אַ טראָפּן אין ים קעגן זייער דורות־לאַנגן אומגעשטילטן צער.

ש. האָט איצט געקוקט אין דער זייט, צו מאַשאַן, און באַנומען דעם אונטערשייד פון אונדז און זיי. מיר האָבן נאָך מיט דער מאַמעס מילך איינגעזאַפּט אין זיך די וויזיע פון באחרית הימים, ווען אַ שעפּסל מיט אַ וואָלף וועלן פּיטערן זיך צוזאַמען; מיר פילן דאָס לעבן אין מענטשס גוף, ווי אַ הונגעריקער — דעם ריח פון זעטיקייט. זיי אָבער האָבן די אייביקייטס־וויזיע אַנגענומען — שוין אַלס דערוואַקסענע, זאַטע. די הייליקייט פון לעבן איז ביי זיי בלויז אַ לערע. מיר און זיי וועלן קיין מאָל זיך שוין נישט פאַרשטיין.

— מאַשאַ — האָט ער אומדערוואַרט אַרויסגעזאָגט, ווי ער וואָלט איר הויך געוואָלט איבערגעבן זיין געדאַנק. נישט ער, נאָר אַ דרויסנדיקער, האָט דאָ צו איר געהאַט אַריינגערופן.

ער האָט אַ ווײַלע זי אַרויסגעצויגן פון איר פאַרטראַכטקייט. אירע אויגן זענען ווידער געווען אָנגעשטעלט אויף אים. זי האָט נאָך אַלץ נישט באַגריפן, צי ס'איז אמת,

אַז ער איז דאָ. באַלד איז זי ווידער געבליבן זיצן, איינגעצויגן אין איר גוף אַריין. אַזוי שווייגנדיקע, האָט ער דערקענט, פלעגן דאָ אַ מאָל בלייבן זיצן אירע עלטערע שוועסטער און ברידער, ווען אַ יידישער שכן פון הויף איז אומגעריכט צו זיי אַריינגעקומען.

ער האָט געהערט ווי זי פרעגט:

— ווו ביסטו געווען די גאַנצע צייט?

— אין טאָל — האָט ער געענטפערט.

— לעבט נאָך עמעצער פון דיינע?

— ניין — האָט זיך אים אַרויסגעזאָגט.

ער האָט דערשפּירט דעם ווייטיק פון דעם זאָג, טיף, דורך די פיס, ביז אַראָפּ אין די שפּיצן פינגער.

ער האָט נישט געפונען מער קיין ווערטער.

באַלד האָט אים פאַרדראָסן אויף זיך אַליין, וואָס ער ענטפערט אַזוי אָפן; ער דעקט זיך אָפּ, ווי ער וואָלט געבעטן ביי איר רחמנות. ער האָט געוווּסט, זיי האָבן דאָס נישט פאַר אים. זיי זענען אומרויִק פאַר יעדן, וואָס קאָן צוריקקומען.

עס האָט אים זיך געריסן אַ ווילן צו זאָגן, אַז כמעט אַלע זענען זיי דאָ; זיי גרייטן זיך אין גיכן אומצוקערן, צוריק אַהער אין זייערע היימען.

— כ׳ווייס נישט — האָט ער געזאָגט.

מאַשאַ האָט דאָס שוין נישט געהערט. זי האָט אויף אים איצט געקוקט פאַרטרווילעך. ער האָט אַ רגע זיך פאַרלוירן פון איר גלייכן בליק.

— אויך אונדזער מוטער לעבט מער נישט — האָט זי אַרויסגעזאָגט.

— וואָס איז געשען?! — האָט אים זיך אַרויסגעריסן. ער האָט נאָך נישט באַגריפן אירע ווערטער. ער האָט בלויז געפילט, ווי נאָך אַ חלל צעעפנט זיך אין אים.

מיט אַ מאָל האָט ער זיך געכאַפּט, אַז די נאָטקעוויטשן איז נאָרמאַל געשטאָרבן אויף איר בעט; זי איז שוין געווען אַ זקנה. יאָרן זענען אַדורך. אין צווישן זענען מענטשן געשטאָרבן אויך אויף זייערע געלעגערס. קיינער האָט זיי דאָס לעבן נישט צוגענומען.

ער האָט זיך דערשראָקן. הייסט עס, אַז מיטן אַרויס פון די טאָלן האָט מען זיך נאָך נישט געראַטעוועט. די געפאַר הענגט אויך איצט! ער האָט דאָס געהאַט פאַרגעסן.

ער האָט דערפילט, די אומגערעכטיקייט, דעם טעות, דערפון: שטאַרבן סתם, ווען מען לאָזט דיך לעבן, ווען קיינער יאָגט זיך נישט נאָך דיר!

עס איז אים פּלוצעם איינגעפאַלן, אַז אַ סך פון די אומגעבראַכטע יידן וואָלטן נאָרמאַל דורך דער צייט שוין אויך געהאַט געשטאָרבן — אַ סך פון די זקנים — און אפשר אויך זיין מאַמע. דאָ, אין שטאָט, זענען אין די יאָרן אויסגעשטאָרבן פיל עלטערע מענטשן — נישט־יידן, און אפשר אויך יונגע. קיינער האָט זיי אין זיבען נישט געהאַט. נאָך זייערע לעבנס זיך נישט געיאָגט.

ער האָט געשפּירט די אויסטערלישקייט פון דעם. ווי טרויעריק איז צו שטאַרבן אויף אַן אייגן בעט — ווען מען ברענגט דיך נישט אום; ווען מען קאָן לעבן.

ער האָט איצט געפילט די לייכטקייט פון טויט מיט אַ סיבה — קעגן טויט אָן אַ סיבה, וואָס האָט נישט קיין שום טרייסט.

אונדזער טויט האָט געהאַט אַ סיבה: מענטשלעכע הענט האָבן אונדז געשטיקט.

מען האָט פון די דערשטיקטע יידן אויסגעכאַפּט פון פאַרויס זייער שפּעטערדיקן טויט — אָן אַ סיבה.

ער האָט איצט קלאָר באַנומען, אַז די אויסגעשטיקטע יידן, וואָלטן — גערעכטעוועטע — שפּעטער אויך געשטאָרבן, נאָר זיי וואָלטן געהאַט לוויות.

ער אָבער וואָלט זיי סיי ווי נישט געהאַט אויף שטענדיק.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מאַשאַס עלנט. אויך דאָ איז אין צווישן עפּעס געשען, ס׳איז אַ ליידיקייט. ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיין פריערדיקן כעס; ער איז אין אים צעשוווּמען.

ער האָט געקוקט אויף איר. ער האָט פון דער זייט געזען איר קאָפּ, דעם גוף. זי איז געזעסן, נישט גערירט זיך, ווי אַ מומיע.

ער האָט פּלוצעם געוווּסט, אַז אויך איר גורל איז שוין געחתמעט; זי וועט וועגן זיך איינשטילן. ער האָט דערזען, די מאַשין, וואָס שאַרט אַראָפּ פון אויבערפלאַך דור נאָך דור — האָט שוין אָוועקגעפירט איר מאַמען; איצט וואַרט זי אויף איר. זי וועט געדולדיק וואַרטן. זי, מאַשאַ, זיצט דאָ פאַר אים און זי ווייסט נאָך גאָרנישט. דערווייל באַוועגט זי מיט איר ווילן — אַלע אירע אברים. אויך זי וואַרט. זי וועט נישט אַנטלויפן. די צייט וועט פליסן. זי וועט אַריבער.

— מאַשאַ — האָט ער ווידער געהערט, ווי ער האָט זי אַ פרעג געטאָן — וואָס אייגנטלעך געשעט דאָ?

ער האָט געוווּסט, אַז זי באַנעמט נישט, וואָס ער רעדט. זי קוקט אים פאַרוווּנדערט אָן. זי זוכט מיט די אויערן אויפצוכאַפּן די ווערטער אין דעם עכאָ, וואָס איז נאָך זיי פאַרבליבן.

אין דער דויערנדיקער שטילקייט האָט דער שטח צווישן זיי זיך געשפּרייט, זיך פאַנאַנדערגערוקט, וואָס אַ מאָל מער. זי איז איצט געזעסן ווייט פון אים. אין דעם מרחק האָט ער זי געזען, ווי אירס אַ געעלטערטע שוועסטער, אַ פרעמדע, אָן ענלעכע צו איר; ער טרעפט זי צום ערשטן מאָל.

מיט אַ מאָל האָט ער פאַרשטאַנען, אַז יענע, די אַמאָליקע, יונגע מאַשאַ, איז ערגעץ פאַרטרונקען טיף אין די אינעווייניקסטע שיכטן פון אָט דער דאָ פאַר אים. זי שווימט אין איר אַרום, ווי אַ קליינער פאַרטויבטער פיש, אַ יונגער — אָן איינגעשלונגענער אין אַ גרויסן, אָן אויפגעבלאָזענעם.

די אָט דאָ זיצט אַנטקעגן — אַ צעטומלטע, אַ מעוברתדיקע — מיט אַ ליידיקייט אין זיך.

יענע, די אינעווייניקסטע, קוקט אַרויס צו אים מיט פאַרנעפּלטע, פאַרשוווּמענע אויגן. זי אַנט אים נישט.

— איך גלייב נישט, אַז איך זיץ איצט טאַקע דאָ נעבן דיר — האָט ער געפּרוווט אריינרעדן צו יענער — דער אַמאָליקער, זי צו וועקן. ס׳איז אים דורך אַ געדאַנק, אַז ס׳וועט זיך בלויז אין אים אַליין. מען דאַרף זי דאָ געבן נאָר איין פריילעכן אויפשאָקל, און באַלד וועט ווידער אויפשווימען יענע. אויף איר פנים דאָ וועלן אויפטייען, אַרויס — יענערס יונג־איינגעגליווערטע סימנים. אָט באַווייזן זיי זיך.

— ווי לאַנג לעבט נישט די מאַמע? — האָט ער ווייטער געפרעגט.

— שוין באַלד אַ יאָר.

— און איך האָב געמיינט, אַז אַלץ וואָס מען ברענגט נישט אום — בלייבט שוין אויף שטענדיק — האָט ער געזאָגט.

ער האָט זיך פֿאַרשעמט פֿאַר זיינע ליידיקע רייד, וואָס זענען געבליבן אָפּגעהאַקט פֿון אים — אָן אַן עכאָ אויף צוריק. ער האָט געפּילט, ער בלאָזט נאָך מער אויף די פּרעמדקייט צווישן זיי. זי זינקט אַראָפּ שווער מיט איר שלאָפנדיקן קערפּער אונטער זיך. עס גייט אין אים מער נישט אַריין. אַלץ איז אָפּגעהאַקט.

שפּעטער זענען דאָ געזעסן מאַשאַס עלטערע ברידער און שוועגערינס. ער האָט נישט געזען זייער אַריינקומען. ווי פֿון דרימל, האָט ער געדענקט, זיי האָבן פֿרייער איינציקווייז, איינער נאָכן אַנדערן — זיך אָנגערוקט אַהער, ווי אויף שטולן מיט רעדלעך אונטער זיך. זיי האָבן אַרומגערינגלט זיין שטול, זיך אויסגעזעצט אין אַ האַלבקרייז אַרום אים.

זיי זענען אַלע געזעסן — ער האָט נישט געוווּסט, ווי לאַנג שוין. זיי האָבן געהאַלטן די הענט פֿאַר זיך. די קעפּ אַראָפּגעלאָזט; די אויגן אָנגעשטעלט אויף דעם דיל.

ער האָט געזען, זיי זענען אַלע פֿאַרענדערט. זיי זענען איינגעגליווערט געוואָרן אין די מיטליאָרן אַריין. זייערע קעפּ זענען אונטערגעבעט פֿון דיק־אויפגעלאָפענע העלדזער. די גרינע אויגן געלאַשענע, אָן גלאַנץ — ווי אויסגעריבן; אונטערגעלענט פֿון פרישלעך־וואַסערדיקע בערגלעך.

אויך מאַשאַ איז פֿאַרשווונדן. זי איז איצט געזעסן, פֿאַרוועבט צווישן זיי; איר פּנים — אַריינגעשטעלט צווישן זייערע. זי האָט איצט געהאַט לאַנגע באַקן. אַ רגע האָט איר מאַמע, די אַלטע נאַטקעוויטשן, דורך איר אַרויסגעקוקט. זי האָט באַלד זיך צוריק־געצויגן, זיך אַראָפּגעלאָזט. זי איז געלעגן אַ באַהאַלטענע אין זיי אַלע, אונטער זייער פֿאַרשוויגנקייט. איר קאָפּ — הינטער זיי. עס האָט אים געדאַכט, אַ רגע — וועט דער דיל, מיט זיי אַלע אויף די שטולן, זיך נעמען צוריקרוקן, זיך דערווייטערן. די קעפּ וועלן דעמאָלט זיך שאָקלען ביי זיי איבער די העלדזער — ביז זיי וועלן אַרויס.

ער האָט זיי געוואָלט דאָ איינהאַלטן. ער האָט געזוכט אין זייערע פּנימער אַ שפּור פֿון זייער אַמאָליקער נאָענטקייט. אָן אויגנבליק איז אים קלאָר געוואָרן, אַז זיי האָבן אָנגעטאָן אויף זיך סטאַטועס פֿון פּרעמד לייב. זיי זענען אַרומגעוואַקסן. זיי זיצן אין די סטאַטועס, און קוקן פֿון זיי אַרויס. עס זענען דאָ אויף זיי פּרעמדע האָר און הענט. אַ רגע האָט עמעצער פֿון זיי אַרויסגעשטעקט די ליפּן, אָן אויער. ער האָט אין דעם געוואָלט זיך אָנכאַפּן מיטן בליק, זיך צוקריגן, און פֿון דעם אָרט אָן, אַראָפּשיילן פֿון זיי אַלץ, אַלץ — דאָס פּרעמדע. באַלד אָבער האָבן זיך צוריק פֿאַרמאַכט די שפּאַלטן צו אים. פּרעמדע גופים־שטיקער, ווי לאַטעס, האָבן פֿון אויבן ביז אַראָפּ, אַרומגעוויקלט זייערע אַמאָליק־יונגע קערפּערס. ער האָט געזוכט מיט דער פּלייצע הינטער זיך — אויף אַ פֿאַנצער — אין אים אַריינצושפּרינגען, און אַרויסקוקן צו זיי. נישט בלייבן נאַקעט, אָפֿן — זיי אַנטקעגן.

ער האָט געוואָלט רעדן, זיך דורכצורייסן מיט רייד צו זיי. ער האָט דערשפּירט אין זיך אַ דורשט נאָך אַ וואָרט, אין זיך אַריין. ער איז פֿאַרטריקנט. אַ רגע האָט אים

געדאַכט, אַז פון זייערע מײלער הענגען נאָך ווערטער, ווי ביי שטומע, נאָר זיי קאָנען נישט אַראָפּ. ער דאַרף זיי אַ טרייסל טאָן, ווי ביימער, זיי זאָלן אַראָפּפאַלן.

ער האָט נאָך נישט געוווסט, וואָס פאַר אַ ווערטער — צי פון מיטגעפיל צו אים, אָדער גאָר פון שאָדנפרייד. ער האָט מורא געהאַט צו הערן. ער האָט זיך איינגעקוקט אין זייערע פּנימער, נישט נאָכצולאָזן, ביז עס וועט אויפּציטערן אַ שפּאַלט. באַלד וועט ער דין זיך צעעפענען.

ער האָט געוואַרט, אָט ברעכט זיך דורך די פאַרווונדערונג פון זיי; זיי וועלן עפענען די אויגן און דערשטוינטע אים דערזען, ער זיצט צווישן זיי. זיי וועלן פּלוצעם אויסשטרעקן לאַנגע הענט, אים באַגריסן.

באַלד האָט ער באַנומען, אַז דאָס זענען אויף זיי נישט קיין פּאַנצערס; פאַרקערט, זיי זענען אויסגעריבן, מאַט. עס איז פון זיי אַראָפּ די לייב־פרישקייט פון אַ מאָל. די פּנימער זענען אויסגעגלייכט, פון אינעווייניק אויפגעבלאָזן. עס זענען אויפגעפּרעסט ביי זיי די קנייטשן. עס זיצן פאַר אים קלאָרע פאַרשוינען. פּלוצעם האָט ער דערזען, אויך די אַמאָליקע שאַרפע גלאַנציקייט פון שנאה צו אים — פעלט אויף זיי. זי איז פון זייער איצטיק־אויפגעלאָפענער פרישקייט אַראָפּגעפאַלן, ווי אַן אַלט פאַרוויאַנעט הייטל. זיי זיצן מיט ליידיק־גלאַטע שטערנס אויף פאָרויס. בלויז אונטער די שטערנס, אין מוח — טליעט זיך ביי יעדן, ווי אין אַ לאַנגן פאַרנומענעם דרימל, אַ בלאָס פלעמל. די שלעפערקייט זינקט פון איינעמס אין דעם אַנדערנס ביינער. ער האָט דערפילט, נאָך אַ ביסל, ווערט אויך ער אַליין פאַרצויגן מיט דעם דרימל, ווי מיט אַ שלייער אַרום קאָפּ. דער שלאָף דרינגט אין אים אַריין.

ער האָט געוווסט, ער דאַרף זיך ווערן קעגן דעם, מיט כוח אָפן־האַלטן די אויגן. ער האָט אין דער שטילקייט געוואַרט, עפּעס זאָל אויבן זיך אַ ריר טאָן, אַראָפּפאַלן, און — אויפפלאַצן די פאַרגליווערונג.

אונטן האָט זיך געזעגט אַ שנאָרכן. עס האָט כאָרכלדיק זיך געצויגן אַרויף, אַראָפּ. אין דער וואַרעמקייט צופוסנס דעם האַלבקרייז האָט ער דערזען ליגן אויסגעצויגן זייער אַלטן וואָלף־הונט, נעראָן. אויך אים האָט ער נישט באַמערקט אַריינקומען. נעראָן האָט איצט האַלב געדרימלט, ווי ער וואָלט טריי געהיטן די שטילקייט. ער וואַכט דרימלענדיק. די אויגן זענען ביי אים פאַרמאַכט, איין אויער הענגט אים נאָך, לאַנג, צום דיל, און — דאָס אַנדערע — אַרויף איינגעהערט. ער ליגט שווער־אויסגעשפּרייט ביי די פיס פון עלטסטן ברודער, יוזעף.

ש. האָט נישט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פונעם הונט. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז די אַלע יאָרן האָט ער קיין מאָל נישט דערמאָנט זיך אין נעראָנען. ווי איז דאָס געשען? נעראָן איז געווען דער געטרייסטער חבר פון אים און פון די אַנדערע יידישע קינדער אין הויף. ער פלעגט לויפן מיט זיי אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן ווייט אויף די פעלדער הינטער דער שטאָט; זייער טרויער האָט זיך געשפּיגלט אין זיינע אויגן אין די שעהען פון שקיעה. אין די פרילינגדיקע פאַרטאָגן, ווען די וועלדער אַרום האָבן פריש־טונקלען־דיק געגרינט — האָט דער הונט געוואַרט פאַר זייערע שוועלן. „נעראָן!" — האָט ער פאַרווונדערט געוואָלט רופן. די האַנט האָט אים זיך אַ באַוועג געטאָן. ער האָט אָבער נישט געקאָנט אַרויסציען די אברים פון זייער וואַרעמקייט.

אויך אַרום האָט זיך געצויגן דאָס אָטעמען; האָט זיי געשלעפּט אַראָפּ — אין דעם וואַרעמען שלאָף.

ערשט איצט האָט ער באַמערקט, אַז צווישן זיי אַלע זיצט אויך מאַשאַס עלטערע שוועסטער, נעלי. זי האָט וויניק זיך געענדערט. ער האָט געזען, זי דרימלט נישט. זי איז איינגעהאָרכט. זי זיצט דאָ, ווי נאָך פון אַ מאָל — אַ יונגע, מיט איר מיידלשקייט. ער האָט באַנומען, איר מין ליגט נאָך אַלץ אויף איר, ווי אַ לאַסט, וואָס זי קאָן זיך פון אים נישט אָפּרייסן, כאָטש זי איז שוין לאַנג אַריבער די הויכע שוליאָרן. עס איז אים דורך אַ געדאַנק, אַז זי וועט אים שוין אַזוי מוזן טראָגן איבער דעם לעבן, ביז זי וועט אַלט ווערן.

פון איר — איז דער בליק אים אַריבער צוריק צו מאַשאַן. ער האָט צו איר געדרייט דעם קאָפּ. זי האָט אַלץ נישט געקוקט צו אים.

ער האָט געפילט, ער ציט זיך אַרויס פון זיין דרימל. ער איז וואַך און זיי אַלע זענען וואַך, נאָר דאָס האַלט ער זיי בלויז מיט זיין זיצן. זיי זענען געבונדן. עס איז נישטאָ דאָס וואָרט, וואָס זאָל דאָס ערשטע אַרויס און זיי אויסלייזן. ער האָט עס געזוכט אין זיך, צו וואַרפן עס פאַר זיי. זיי אויפצובינדן.

מאַשאַ האָט זיך אַ באַוועג געטאָן. איר האַנט איז געווען אויסגעשטרעקט צו נעראָנען. אַ געבויגענע — האָבן אירע פינגער געגרייכט ביז דעם הונט. ער האָט שמאָל געעפנט די אויגן. דאָס אָנגעשטעלטע אויער האָט אים זיך אַראָפּגעלאָזט. נעראָן האָט אַ לאַנגער — אויף די האַלב־אַראָפּגעלאָזטע פיס, אונטערטעניק זיך איבערגערוקט צו איר. ער איז פאַר איר געבליבן ליגן מיט דער רינענדיקער סלינע — אַרויס פון די מויל־ווינקלען.

„ווו איז ער געווען די גאַנצע צייט? האָט כאָטש ער געבענקט נאָך די קינדער?!" — איז אים דורך אַ געדאַנק.

ס'האָט אים אויסגעזען, אַז אויך נעראָן האָט דאָס אַלץ פאַרגעסן.

מאַשאַ איז נאָך געזעסן געבויגן איבערן הונט. איר האַנט האָט פּאַמעלעך אים געגלעט דעם קאָפּ, די אויגן, דאָס טריפנדיקע מויל. זיין לאַנגער גוף האָט זיך געקורטשעט, זיך אונטערגעגעבן איר גלעטן.

מאַשאַס אַראָפּגעבויגענע פּלייצע איז פאַר זיינע אויגן געלעגן נאַקעט, אַ צעעפנטע. אין דעם טיפן אויסשניט פון דער וואָלענער גרינקייט, האָט זי זיך געזען אַ ווייסלעכע. איר לייב האָט אויף און אָפּ געאָטעמט. אַ ווייַלע האָט אים געדאַכט, איר לייב איז אַן אונטערטעניק חיהלע, מיט אַ באַזונדער לעבן.

אויך ער האָט געוואָלט אויסציען די האַנט צו נעראָנען.

ער האָט זיך געגרייט זיי צו פרעגן אויף דער לײדיקער צייט פון צווישן; אויף דער שטילקייט, די ערשטע שעהען אין שטאָט נאָכן אַוועקנעמען די יידן. קומען זיי אין די נעכט נישט צוריק, קלאַפּן אין די שויבן? נאָך פראַגעס, האָט ער געפילט, טויכן אין אים אויף. ער האָט געוואָלט זיי פרעגן, צי ביי נאַכט הערט מען נישט קולות פון יידישן בית־עלמין. ער האָט אַ רגע געשלאָסן די אויגן, געדענקט דעם טאַטנס נידעריק־פאַרוואָקסן קבר.

פּלוצעם האָט דער הונט, מיטביידע אַראָפּגעלאָזטע אויערן, זיך געגעבן אַ רוק

איבער פון אונטער מאַשאָן צו אים. ער האָט דערשפּירט אַ לאַנגן לעק, אַ פּייכטן, איבער דער דלאָניע.

זיין האַנט האָט איצט געגלעט נעראָנען. ער איז איבער אים געזעסן אַן איבער־געבויגענער און האָט — געצערטלט זיין אַלט־אויסגעריבענע פעל. ער האָט געשפּירט די ציטעריקע גרימפּעניש, וואָס לויפט דורך דעם הונטס ריפּן. אין נעראָנס בויך האָט שטיל געראוישט.

ש. האָט זיך געכאַפּט: ער האָט דעראַנט, דער אַלטער הונט; אַ דערמאָנעניש איז אין אים אויפגעגאַנגען. ער האָט אים דערקענט דורך די יאָרן אַדורך. ער רייבט זיין קאָפּ, זיין לאַנגן גוף, אין אים — אין זיין האַנט, אין זיינע פיס. נעראָן האָט אַ ביל געגעבן. ער האָט זיך אויפגעשטעלט. ש. האָט געדריקט דעם הונט צו זיך.

אין איין אויגנבליק האָט אַ געדאַנק אים דורכגעעקבערט. ער האָט דאָס געוווּסט שוין אויף זיכער: דאָס קאָכט זיין בויך מיט זאַטער איבערגעשטאַנענקייט. מיט אָט דער טריפנדיקער צונג האָט נעראָן די אַלע יאָרן געלעקט וואַרעם בלוט אויף די שטיינער. ער איז דעמאָלט געלאָפן אַ באַנומענער איבער די גאַסן און געזופט, דער הונט; דער טעם אין מויל האָט זיך אים פאַרדאָרבן; ער איז קראַנק. ער דרימלט נאָך אַלץ מיט יענער זיס־איבלדיקער איבערגעזעטיקטקייט.

ער האָט זיך אַ וויש געטאָן די נאָך פייכטע דלאָניע. זי איז אים קלעפּיק־פאַרגלי־ווערט אַראָפּגעהאָנגען.

ער האָט זיך געכאַפּט, אַז אַזוי מוזן איצט זיך שאַרן אַלע הינט און קעץ — די בעלי־חי פון דער שטאָט: איבערגעזעטיקטע, מיט זיסן איבל אין די געדערעם, מיט אַ מידער שלעפעריקייט אין זיך. עס איז פון זיי אָפּגעטאָן געוואָרן דער פלינקער לויף, די אויסגעהונגערטקייט. פוילע דרימלען זיי איצט אין די זייטן פון די גאַסן. עס איז מער נישטאָ ביי זיי די שטיפערישע פרייד.

און אפשר, האָט עס אין אים פלוצעם אומהיימלעך געגעבן אַן אויפציטער — האָט נעראָן אין מיר גאָר דערשפּירט יענץ זיס בלוט — דאָס האָט אים אַ טראָג געגעבן. איצט שטייט ער איבער מיר אַ דערוואַכטער; ער היט, איך זאָל אים נישט אַנטרינען.

ער האָט אָפּגעשווידערט, ווי פון דרימל אַרויס.

באַלד האָט ער פאַרשטאַנען, אַז אויך זיי אַלע דאָ אַרום דרימלען פון זיסער איבערגעזעטיקטקייט. באַנומענע זענען זיי דעמאָלט געלאָפן איבער די ליידיקע יידישע הויפן; האָבן מיט די הענט געפלינדערט אין דעם רויב. יאָרן נאָך דעם זענען זיי געזעסן און האָבן זיך באַלעקט מיט די צונגען. איצט זענען זיי געבליבן מידע, געעלטערטע, מיט איבל און פוילקייט אין די ביינער.

דער הונט האָט זיך צוריק געהאַט אויסגעצויגן ביי מאַשאַס פיס. ער האָט אונטן צווישן זיי איינגעבוירעט דעם קאָפּ. זי האָט ווידער זיך אַראָפּגעבויגן איבער אים. איר אַראָפּגעלאָזט פּנים האָט געקוקט אין זיינע פאַרלאָפענע אויגן.

פון איבער דער נאַקעטער פּלייצע, האָט ער געזען, הייבט זיך, אָפּגעדעקט, איר קאַרק. די אַ מאָל לאַנגע האָר זענען פאַרקעמט אַרויפצו, איבערן קאָפּ אַריבער. ביים איבערבייג גלאַנצן זיי נאָך אַלץ, ווי אָנגעשאַרפטער מעש. אָט דאָ אין מיטן אָפּגעדעקטן

קאַרק פלעגט ער אַ מאָל, אַרויפהייבנדיק די צעפּ — זי קושן מיטן מויל אין גריבעלע. איצט איז דאָס גריבעלע אויסגעפּילט.

באַלד האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זיין קינדהייט איז אויסגעריסן פון דאַנען — נישט אַריינצולאָזן צוריק קיין וואָרצלען. זיי וועלן דאָ קיין מאָל מער זיך נישט אָננעמען. זיי אַלע דאָ זענען לאַנג איבער אים פאַרביי. ער האָט איצט פאַר זיי בלויז אויפגעטויכט, ווי אַ גייסט. ער האָט זיי אַרויסגעצויגן פון דעם לאַנגן דרימל. איצט קאָנען זיי נישט אָפּגעבנעצן.

ער האָט מיט אַ מאָל דערפילט אין זיך אַ שטאַרקע בענקשאַפט נאָך זייער פאַרשטאָרבענער מוטער, דער אַלטער נאָסקעוויטשן; נאָך איר פרום־קריסטלעכער שנאה צו זיין ייִדישער מאַמען. ער האָט געוווסט, אַז דורך איר שפּיזיקער שנאה — וואָלט ער דערשפּירט שאַרף דעם שטאָך אין זיין לייב. ער האָט זי אַ ווײַלע געזען דאָ, פאַר זיך, ווי זי זיצט פאַר אים גאָטספאַרכטיק פאַרלייגט די הענט, און זאָגט, אַז דאָס האָט אויף די ייִדן זיך אויסגעגאָסן גאָטס צאָרן, זיין שטראָף. ווי טיף וואָלט אין אים זיך איינגעשטאָכן דער ווייטיק פון אירע ווערטער! איצט איז אויך זי נישטאָ. זי איז אַוועק און האָט מיטגענומען מיט זיך דאָס לעצטע איבערבלייבעניש נאָך זיין מאַמען — די שנאה צו איר.

ער האָט אַליין זיך דערשראָקן פאַר דעם געדאַנק; ער האָט געוווסט, דאָס איז פאַרשוועכונג: הייסט דאָס, אַז די קורצע צייט האָט שוין פאַרווישט די גרענעץ צווישן דעם יאָגער און דעם געיאָגטן? ביידע הילט זיי שוין אַרום די שלווה.

ער האָט געוואָלט אויפשפּרינגען — אַ געביסענער פון אינעווייניק, לויפן אויף פעלדער אונטערן פרייען הימל; שרייען אין חלל אַריין.

ער האָט געוווסט, ס'איז אמת! אָט דאָס האָט זיך אויסגעלאָזט פון דער נקמה, צו וועלכער זיי אין זייערע לעצטע אומבאַהאָלפענע רגעס, האָבן געלעכצט. אויך דאָס בלייבט נישט. עס איז אויס.

ער איז פאַרזונקען אין זיך. ביין, די צייט פאַרווישט נישט דעם אונטערשייד. זי האַלט אים נאָך אויף. ס'איז אים געוואָרן קלאָר: נישט ביידע גלייך זענען זיי דורך איר פאַרצערט געוואָרן. בעת זיין מאַמעס רעשטלעך וואַלגערן זיך ערגעץ אויף פעלדער — ליגן דער אַלטערס ביינער דאָ רויִק איינגעבעט אין דער ערד — אין דעם געמיטלעכן גאָרטן־קבר פון דעם קריסטלעכן צמענטאַר. זי איז איינגעזאַמלט, ווו עס רוען דורות אירע עלטערן.

זיין מאַמע געפינט נישט איר רו.

ער האָט זיך געטרייסט, אַז די צייט וועט אויך זייערע, ווי אונדזערע, בית־עלמינס — אָפּווישן.

אַ גיפטיקע מחשבה איז אים דורך: אין טויזנטער יאָרן אַרום, אַ מאָל, וועלן זיי ביידע, דער היינטיקער קרבן און זיין רוצח — זיך טרעפן. פאַרוואָרפענע איבער צייטן און דורות אַריבער — וועלן זיי זיך פאַלן איינער דעם אַנדערן אין די אָרעמס; זיי וועלן דערנאָך צוזאַמען עלנטע גיין איבער דער פרעמדער ערד, און באַדויערן זייערע פאַרגאַנגענע טעג, וואָס קערן מער זיך נישט אום.

ש. האָט געפילט, ס׳בלייבט גאָרנישט, בלויז דער צער — זיך צו טראָגן מיט אים.

ווען ער האָט זיך אַרומגעקוקט, זענען אַלע אַרום אים נאָך געזעסן מיט די קעפּ אַראָפּ; געוואַרט אין דער שטילקייט. אַ ווײַלע האָט אים געדאַכט, ער זיצט צווישן זיי אין אַ פֿאָדער־צימער. באַלד דאַרף פֿון אינעווייניק זיך עפֿענען די טיר, און זייער גורל וועט באַשטימט ווערן. דערווײַל האַלט די וואַרעמקייט דאָ זיי אַרומגענומען, מילד צונויפֿגעטוליעט די ביינער. זיי קאָנען זיך נישט רירן פֿון די ערטער, זענען צוגעשמידט. איינצלנע פֿון זיי האָבן איצט געשנאָרכט אין זיך. נאָר מאַשאַ און בעלי וואַכן נאָך. אויך דאָס הייליקע פּנים אין דער ראַם איז זעטיק פֿאַרשלעפּערט אין דעם וואַרעמען ווינקל. ער האָט געפֿילט, אַז וועט ער אַליין זיך צעגעגענעצן, און באַלד נאָך אים — וועלן זיי אַלע דערוואַכטע פֿול זיך אויסגעגענעצן.

עס האָט אים איצט אַרומגענומען אַ רחמנות אויף די מענטשן דאָ. וואָס וויל ער פֿון זיי? וואָס האַלט ער זיי נעבן זיך געפֿאַנגען? פֿאַר וואָס גיט ער זיי נישט דעם סימן, אַז זיי זענען פֿריי, זיי קאָנען אויפֿשטיין. ער דאַרף נאָר דער ערשטער זיך אָפּרײַסן פֿון אונטער זיך, און זיי — נאָך אים. בלינדע וועלן זיי טאַפּן די ווענט אַרום, זוכן אַן אַרויס, און אים — דאָ איבערלאָזן.

און אפֿשר וואַרטן זיי אויף אַ באַפֿעל פֿון אים, אויף אַ שפּרונג. אָן דעם קאָנען זיי נישט. זיי האָבן מער נישט קיין מאַכט אין זיך.

ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ביז איצט, אַ לעבן־לאַנג, האָט זיי געטריבן דער שנאה־אימפּעט. ער האָט זיי אָנגעשטייפּט די לײַבער. זיי זענען מיט אים געלאָפֿן. מיטן פֿאַרשווינדן פֿון די יידן — איז ער פֿון זיי אַרויס, און זיי זענען געבליבן ליידיק.

עס איז אים אײַנגעפֿאַלן, אַז דאָס איז געווען די נקמה פֿון די טויטע יידן: זיי האָבן מיטגענומען מיט זיך די מאַכט, וואָס האָט זיי דאָ געטריבן. דאָ איז געבליבן די לערקייט. זיי האָבן נישט, וואָס עס זאָל זיי צוזאַמענהאַלטן. אויף צו מאָרגנס האָבן זיי זיך אויפֿגעכאַפּט, אויסגעניכטערטע, און זיך געטראָפֿן פֿרעמד איינער דעם אַנדערן. ס׳איז זיי אומהיימלעך מיט די אייגענע פּנימער.

ש. האָט געוווּסט, עס וועט קומען אַ טאָג און עס וועט ווידער זיך דערוועקן אין זיי דער כוח. ער וועט אין זיי אויסוואַקסן צוזאַמען מיט אַ נייער, גרויסער שנאה, וואָס וועט אויפֿפֿירן, ביז זי וועט זיי אָנפֿילן. אויב נישט צו פֿרעמדע, וואָס זענען מער נישטאָ — וועט עס זײַן צו אייגענע — פֿון איינעם צום אַנדערן. עס וועט לאַנג נישט דויערן און דאָס וועט קומען. אַנדערש — וועלן זיי דאָ אויסגיין אין זייער וואַרעמער פֿאַרמומיעטקייט.

מיט אַ מאָל האָט ער דערפֿילט, אַז אויך ער אַליין ווערט דאָ פֿאַרכישופֿט, געבונדן אין זיך. אַן אומגעזעענע לערקייט דרינגט אין אים אַריין, צעלייגט זיך אים אין גוף, און שטופּט פֿון אים אַרויס די מאַכט. ער ווערט וואָס אַ מאָל אָפּהענטיקער. ער קאָן זיך נישט אַרויסהייבן פֿון דער שטול. ער איז פֿון אַלע זייטן ווי צוגעוויקלט צו איר. באַלד האָט ער באַנומען דעם פּשוטן ריח פֿון וואַרעם ברויט, וואָס שפּאַרט אים אין די נאָזלעכער אַריין. דער היימישער ריח פּליסט און וועקט אין אים דעם הונגער פֿון אַ גאַנצן טאָג. ער האָט נאָך היינט, חוץ דעם מייערל, גאָרנישט גענומען אין זיך אַריין.

דער ריח שפּרייט זיך אין אים, ער קיצלט אים דעם גומען און ברענגט אים אויף סלינע אונטער דער צונג. דאָס מויל וואַסערט אים.

ער האָט דערשפּירט: דאָס איז דער ריח פון דעם פּריש־אויפגעריסענעם ברויט, וואָס ליגט צופוסנס אויפן דיל, פאַר נעראָבען. עמעצער האָט עס דאָ אַוועקגעלייגט; עס שלאָגט פון אים אַ פּאַרע. דער הונט ליגט פאַר דעם. פון זיין פּיסק הענגט אַרויס אַ ווייסע איבערגעזעטיקטע צונג. ער מאַכט כסדר אויף און שליסט די פאַרטריפטע אויגן. ער קוקט גלייכגילטיק צו דעם שטיק ברויט פאַר זיך; ער רירט זיך צו דעם נישט צו.

דער ריח האָט איצט צו אים אַרויפגעזעצט, ווי אַ וואַרעמער וואָלקן. ער האָט אים אַרומגעהילט די שלייפן; איז אים אַריינגעדרונגען ביז דער נשמה; עס בייגט אים צום דיל.

ער האָט מיט אַ מאָל באַנומען די דויערהאַפטיקייט פון ברויט; די ברכה פון זעט, פון רו, און ער איז אַזוי אַרויסגעוואָרפן פון דעם אַלעם.

אַ ווײַלע האָט ער, ווי אַ מאָל אַלס קינד, געוואָלט אַראָפּבייגן זיך צו דעם דיל — אויפהייבן דאָס ברויט; צוריקלייגן עס אויפן טיש. ער געדענקט, אַזוי האָבן געטאָן יענע אַלע, די יידן וואָס האָבן אַ מאָל דאָ געלעבט אַרום. זיי האָבן פאַרהייליקט דאָס שפּייז, וואָס זעטיקט דעם מענטש. זיי האָבן אויף זייער ברויט שווער זיך געמיט אַ גאַנץ לעבן. זיי פלעגן וואַשן די הענט און בענטשן איבער גאָטס גאָב — מיט מעסער און זאַלץ.

באַלד אָבער איז אים געוועזן קלאָר, אַז יענע אַלע, די פאַרהייליקער פון פּשוטן ברויט, זענען מער נישטאָ. דאָס ברויט איז פאַרבליבן אַליין — אָן זיי.

ער האָט זיך געכאַפּט, אַז עס איז קיין מאָל נישט געוועזן זייערס. עס האָט זיי אָפּגענאַרט. עס איז געוועזן שטענדיק פאַר די, וואָס זיצן דאָ.

עס איז געוועזן אָנגעברייט — נישט פאַר יענע, וואָס האָבן ציטעריק געוואַשן די הענט איבער דעם, נאָר פאַר די, וואָס בייסן הונגעריק אין דעם זיך אַריין מיט די ציין.

ווי אַ פרוי וואַרט דאָס ברויט אויף די, וואָס קייען עס גיריק.

ער האָט מיט אַ מאָל געוווּסט, בײדע וואַרטן זיי שוין אויף זיין אַוועקגיין פון דאַנען — זיי דאָ, מיט זייערע מיילער, און דאָס ברויט, וואָס וויל מען זאָל עס נעמען. אַזוי שנעל, ווי ער וועט פאַרשווינדן, פאַרמאַכן נאָך זיך די טיר — וועלן זיי דאָ זיך אויפרייסן פון די ערטער און עס וועלן זיך אָנהייבן די אָרגיעס: זיי וועלן רייסן פון דעם ברויט שטיקער, וואַרפן זיי אין די צעעפנטע מיילער. דאָס ברויט וועט זיי זיך אונטערגעבן מיט לוסט — פאַרשלונגען צו ווערן. ער, דער הונגעריקער, וועט בלייבן פון דרויסן — אָן איבעריקער, מיט דער סלינע אין מויל.

ש. האָט דערפילט, דאָס בלוט רוישט אין אים, עס פליסט אים מיט ווייטיק — אין די הענט, אין קאָפּ, אַראָפּ אין די פיס. עס פילט אים אָן דעם גוף. ער וויל אויפשפּרינגען, טרעטן, זיך אַרויסברעכן פון זיך; שטיקן אונטער די פיס דאָס ברויט צו דער ערד; שענדן עס, אַרויסקוועטשן פון דעם דאָס חיות. ער וויל טאַנצן, רייסן;

אַרויס אין דרויסן. ער וואַרפט, צינדט, ברעכט. אַרום ברענט. שריפות, פלאַמען. ער לויפט אין דער' מיט. עס הערן זיך קראַכן, אויפרייסן. עס קנאַקט, שפריצט מיט פונקען. די בראַנדן ווישן אים רויט דאָס פנים — פאַר די אויגן. עס רוישט, פאַרטויבט. ער פליט, טרעט אויבן מיט די פיס אין די רויכן אַריין.

עמעצער כאַפּט אים הינטערווײַלעכץ און שטופּט אים אונטער — צו שפּרינגען, וואַרפן זיך אַראָפּ, שווינדלענדיק — מיטן קאָפּ טיף, טיף — אין דעם פלאַקער אַריין.

עס האָט שוין געדעמערט אין דרויסן, ווען ער האָט זיך געפונען אין פּראָנט — פּנים אל פּנים מיט דער מאַמעס הויז. ער איז געשטאַנען אויף דער גאַס — אויף דעם צווייטן טראָטואַר, אַנטקעגן געשעפט מיט דער דירה. דאָס הילצערנע צוויי־שטאָקיקע הויז, מיט דער אַלטער גרין־ברוינער פאַרב, איז געבליבן נישט געענדערט. די טירן — אַרומגענומען פון דריי זייטן — מיט גרויסע שילדן. זיי זענען געווען אויפגעפּראַלט פון זייער טונקעלער ליידיקייט אַרויס. ער האָט זיך איינגעקוקט פון אַנטקעגן. מען האָט אין זיי גאָרנישט געזען. די צעעפנטע פאַרהוילעניש האָט זיך געוויקלט אין זיך. ער האָט געוווסט, אויב ער וועט אַריין — וועט ער מער נישט אַרויס. מען ווייסט, ער איז געקומען; ער איז אין דרויסן. פון דאַנען וועט ער מער נישט אַנטלויפן. ער וועט מוזן אַריין.

ער האָט זיך אָפּגעגעבן רעכענונג, אַז אין דער טיר וועט זיך מער נישט באַווייזן די מאַמע; עס וועט זי נישט אַרויסשטעלן פון אינעווייניק. אין אָט דער פאַרנאַכט־שעה פלעגט זי תמיד אויפשווימען, אַרויסשטעקן פון דער טונקל דעם קאָפּ און אים אַלס קינד רופן אַהיים. אויך אין די אַנדערע טונקעלע טירן אַרום האָבן אין דער שעה זיך באַוויזן די מאַמעס, און גערופן די קינדער. דער רוף האָט אין זיי אַריינגעשאַלט דעם אָטעם פון פאַרגייענדיקן טאָג. שווייגנדיקע האָבן זיי זיך געלאָזט פירן פאַר די הענטלעך אין די שטובן אַריין.

ווען ער איז שוין געווען גרעסער, זענען פאַר דער שוועל דאָ געשטאַנען זיינע שוועסטערן, דינה און אסתר. זיי האָבן אין בין־השמשות דערפילט זייערע קערפּערס, און נישט געוווסט, וואָס צו טאָן מיט זיי. זיי האָבן אין זיך פאַרנומען דעם שטילן רוף און זענען געווען גרייט, און — ווען עס איז נישט געקומען — האָט דער יאוש אין זיי אויפגעבערומט. די קליינע מרימל האָט דעמאָלט הינטן, אויפן הויף, זיך געשפּילט מיט די מיידעלעך אין יאָגן־זיך. זיי האָבן נאָך געצויגן דעם טאָג, ביז די גאַס האָט ביסלעכווייז זיך געגומען לעשן.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט. ווו ביסטו מאַמע מיט דיינע טעכטער? ווו זענט איר איצט אַלע מאַמעס דאָ מיט אייערע קינדערלעך?

ער האָט געזען, ווי ער לויפט פון דאַנען, געטריבן מיט דער מאַמען און די שוועסטער אין געטאָ אַריין. ס'איז אויך געווען אין אַזאַ פאַרנאַכט — מיט פינף יאָר צוריק. די מאַמע שלעפּט מרימלען פאַר אַ האַנט. ער האָט זיי אונטערגעאיילט. ס'איז געווען שפּעט. מען האָט געשאָסן. צעצונדענע סאַדזע־פונקען זענען געלאָפן פאַר די אויגן. צי האָט געברענט אַרום? האָבן דעמאָלט גלאָקן געקלונגען?

נאָך דעם זענען זיי געווען איינגעשלאָסן אין אַרומגעמויערטן געטאָ — אַלע יידן — פון דער גאַס און פון די גאַסן אַרום. עס האָט אינעווייניק געראַיעט מיט פאַרדושעטע, אַראָפּגעזעצטע קולות; אין וואַיענדיקן ווינט איז שטום אויסגעגאַנגען דער עכאָ. קליינע קינדער שטייען הינטער די הויכע מויערן.

דריי יאָר צייט האָט דאָס געדויערט, ביז עס האָבן זיך געעפנט די טויערן. מען האָט זיי געטריבן אין פייער ביז זייערע שאָטנס האָבן זיך געצונדן און אַראָפּגעלאָזט זיך אין אַש.

צוויי יאָר זענען שוין פון דעמאָלט פאַרביי. די שטילקייט רוישט איצט בידעריק אויף די פעלדער; זי וויקלט זיך אונטער די פיס דאָ אין די פאַרנאַכטיקע גאַסן. דער אַרום קניט צו איר. ער איז אין איר פאַרוועבט.

אין געשעפט אַנטקעגן האָט אַ ווייס ליכט שאָטנדיק זיך צעבליצט, ווי אין אַ באַלויכטענער הייל. עס איז אומבאַוועגלעך געבליבן אַנגעהאַנגען אויף די ווענט. ער האָט געזען אין דער ברייטער טירן־ראַם דעם דורכגעשוועבטן שאָטן פון אַ ווייבלעך־געשטאַלט.

ער האָט געוווּסט, דאָס ציט זיך און פילט אויס דעם חלל — דער שאָטן פון דער בלאָנדער פרוי פון נאָוויקן. ער האָט דאָס זיך צעלייגט אויפן אָרט פון די פריערדיקע באַעקנטע פרויען־שאָטנס דאָ. יענע זענען פאַרשוווּנדן. ער, דער איינציקער מאַן אין שטוב, איז געווען אָנמעכטיק זיי צו שיצן. זיי זענען געבליבן הילפלאָז. מיט פינף יאָר צוריק, נאָך זייער אַנטלויפן פון דער היים, האָט נאָוויק די ליידיקייט דאָ אָנגעפילט מיט זיין קריסטלעכער פאַמיליע. ער האָט זי, זיין יונגע פרוי, אַריינגעשטעלט אין דעם געשעפט. פון דעמאָלט אָן איז זי דאָ.

ער האָט געדענקט, ער אַליין, ש. איז נאָך אַ קינד. דער הויכער דיקער קריסטלעכער פּאַיאַנס־סוחר נאָוויק גייט יעדן פאַרנאַכט פאַרביי — מיט פעסטע שטיוול־טריט אויפן טראָטואַר. ער קוקט זייטיק אויף די צוויי שויפענצטער פוןביידע זייטן טירן — אָנגעשטעלטע מיט טונקעלע פלעשער וויין. ער, זיין מאַמע, מיט די שוועסטער, וואָס שטייען אויף די שטיגן, ווערן איינגעשרומפּענער. נאָוויק, נישט אויסדרייענדיק זיך, וואַרפט צו: „היט עס, דאָס געשעפט, פאַר מיר!". זיין מאַמע ,די אלמנה, ענטפערט נישט, נאָר ערשט ווען ער שפּאַנט אַוועק — שעפּטשעט זי אים נאָך שטיל אַ קללה: „אַז נישט דערלעבן וועסטו דאָס!".

ש. האָט זיך דערמאָנט, אַז שפּעטער אין געטאָ, ווען זיי זענען געלעגן אין טונקעלן צימערל — די מאַמע מיט זיקנה אין די זיך־לעשנדיקע אויגן — האָט זי מער נישט דערמאָנט דאָס געוועלב מיט דער דירה. בלויז איין מאָל, אין אַ רויט־צעצונדענעם פאַרנאַכט, וואָס איז געהאַנגען איבער די מויערן, האָט זי זיך אַרויסגעכאַפּט: „ער האָט זיך דערוואָרט, דאָרט ,נאָוויק; ער האָט מיך געירשנט ביים לעבן".

ער האָט נאָך דעם געשפּירט אַ ווייטיק, וואָס שטעכט אים דורך שפּיציק, ווי אַ נאָדל; די האָר־וואָרצלען האָבן אים געבריט דעם קאָפּ. עס האָט זיך אין אים איבערגעגאָסן דער מאַמעס פאַרשעמונג. פון געטאָ אַרויס האָט עס אים געיאָגט, נעמען איר נקמה. ער איז אָבער געבליבן פאַר די הויכע מויערן. זיי האָבן צווישן זיי פאַנאַנדערגעשיידט.

איצט שטייט ער דאָ אויסגעליידיקט, אָן ווילן. אַלץ איז פאַרגאַנגען, אויסגעלאָשן.

אַרום איז די גאַס איצט געווען באַלויכטן. פרישע מענטשן, אומבאַקאַנטע, האָבן זי אָנגעפילט, זענען געגאַנגען שטיל, פּאָרויס, אין געדיכטעניש. עמעצער פירט זיי מיט פּאַסיקלעך פאַרלייגט אויף זייערע העלדזער; יעדער טריט ווייטער — איז אויף נישט אומצוקערן זיך. פאַר וואָס פילן זיי דאָס נישט? עס האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ ווילן אויסצורופן, זיי צו וואָרענען. זיי שטאַרבן, אַזוי נישט דערשפּירנדיק.

ער האָט זיך געדרייט צווישן זיי; זיי געקוקט אין די פּנימער. ער האָט נישט דערקענט זיין גאַס.

אַ רגע איז ער געשוואומען מיט זיי אַלע אויף אַ באַלויכטענעם דעק פון אַ שיף אין מיטן ים, אָפּגעריסן פון דער ערד. די שיף באַוועגט זיך אונטער זיי; זי שווימט ווייט אין דער אומענדלעכקייט. ער האָט זיך געהוידעט מיט זיי, זיך געוואַקלט. ער האָט דערזען דאָס פּנים פון די עלטערע מענטשן אין דער געדיכטעניש. זיי גייען, זיי שווימען, מיט אומרו. זיי פילן, מען האָט זיי דאָ איינגעזאַמלט. זיי קאָנען מער נישט אַראָפּ. זיי הוידען זיך; נאָר די יונגע לאַכן, שפּילן זיך, ווי קינדער; לויפן פאָרויס אויפן דעק; שפּירן נישט, אַז עס וואַקלט זיך אונטער די פיס.

די שיף איז אונטער אים פאַרשוווּנדן. ער איז געבליבן שטיין ווידער אויף זיין גאַס. אונטער אים שפּרייט זיך דער באָדן.

זי איז ענג, די גאַס, איבערפולט. הויך, איבער די נידעריקע דעכער און די קעפּ — גייט ווידער אויף היימיש־מילד די לבנה. זי איז אַנדערש ווי אַ מאָל.

זי הענגט גאָר הויך. אויך דער הימל איז העכער. מען זעט נישט אויבן די שטערן. אַ ליידיקייט. אַלץ איז הויך, ווייט. מענטשן גייען אונטן, נידעריק — אין געדעמפּטן ליכט. עס טריפט אַריין פון גאָר הויך צווישן זיי. זיי טוישן זיך און גייען, גייען. אויך ער גייט איצט אַהין און צוריק אין דער טיף. ער שטעלט גרויסע טריט אין דער נידעריקער טריפנדיקייט.

פּלוצעם איז אים קלאָר געוואָרן, אַז דאָ, אויף דעם אָרט — זענען אַזוי געגאַנגען פאַר אים, אין נידעריקן לבנה־ליכט — דורות אַלטע פעלקער. דאָס איז געווען אין דער אור־פאַרגאַנגענהייט. זיי האָבן זיך געמערט אויף דעם אָרט, ווי אין אַ טאָל. די וואָרעמע ערד האָט זיך אָפּגערוקט פון אונטער זייערע פיס, האָט זיי אַראָפּגעוואָרפן פון זיך. מיר זענען געקומען אויף זייער אָרט. ווי איז דאָס געווען, אַז מיר האָבן דאָ קיין מאָל נישט געשפּירט זייערע טריט? ווו איז אַהינגעקומען זייער עכאָ? האָט ער געפּלאַצט אין דער לופט, ווי אַ באַלאָן? אָדער האָבן די ווינטן אים אויסגעלופטערט?

ש.ינען האָט אַרומגעכאַפּט אַ פּחד: ער האָט געוווּסט, אויך דער ווידער־קול פון זיין קינדהייט איז מער נישטאָ אין דעם טאָל. ער איז צעגאַנגען. אַלץ איז פּוסט. פון זיינע אַלע איז דאָ קיין שפּור נישטאָ.

ניין, ס'קאָן דאָך נישט זיין! זיי מוזן מיט זיך אָנפילן דאָס ליכט אויבן, און אויך אין דער נידער זענען זיי דורכזיכטיק, פול; זיי און אויך די אוראַלטע איינוווינער פון דאַנען. זייערע געאָמפּערנישן הענגען נאָך אין דער נאַכט. מיר שטופּן זיך צווישן זיי, מישן זיך אויס; מיר באַפרוכפּערן זיי מיט אונדזער באַריר.

ש. האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך איינגעהערט. ער פאַרנעמט דאָ איצט זייער פלאַטערן; ווי זיי נידערן און הייבן זיך איבער אונדזערע קעפּ, און רינגלען אונדז אַרום.

באַלד האָט ער געוווסט, דאָ אונטן וועט ער שוין שטענדיק זיין פרעמד. קיינער וועט אים מער נישט זוכן.

עס האָט אים געגלוסט אָפּצורייסן זיך אין גאַנצן פון דאַנען, געבן זיך אַ הייב, אַריינשניידן זיך אין חלל, מיטשוועבן אויבן מיט זיי; דרייען זיך צוזאַמען אונטער דער בלויער הויכער אויסגעשטערנטקייט.

ער האָט אָבער געפילט די שווערקייט פון זיין גוף. זיי אַלע זענען געווען באַפרייט פון דער לאַסט. ער האָט זיך געקוקט אויף די פיס. זיי זענען אים פאַרשטעקט אין די צווייגנדיקע ביימער־שאָטנס, אינעם לבנה־ליכט אויף דעם טראָטואַר. ער קאָן זיי נישט אַרויספּלאָנטערן. עס ציט אים אַראָפּ.

ער האָט איצט געוואָלט, דאָ, אונטן, מיט דער ערד — זאָל ער אויף שטענדיק שוין בלייבן. אויב פאַרטאָן — זאָל ער פאַרטאָן ווערן אין איר. זי זאָל זיך דעקן, שפּרייטן, און זיך שליסן איבער אים.

ער איז געווען אינעם געשעפט. עס האָט אים נישט אַרומגענומען דער אַמאָליקער ריח פון שטאַרקן ווייַן; נישט טונקל־גרינע און ווייסע געטראַנקען האָבן אים געבליאַסקעט אַנטקעגן; אין אויער האָט אים נישט אָפּגעהילכט דער קלאַנג פון פלאַש, וואָס שלאָגט זיך אָן אין פלאַש. עס האָבן אויף אים זיך געשיט אומצאָליקע פאָרצעליין און קרישטאָל פונקען. ער איז געשטאַנען אין דער מיט פון געשעפט מיטן הוט אין דער אַראָפּגעלאָזטער האַנט. עס האָט אים געדאַכט, אונטן שלעפּן זיך אים שווער נאָך קייטן. זיי קלינגען אָפּ אויפן דיל. ער קאָן נישט פון זיי אַרויסשלעפּן די פיס.

ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. אַ בליצלאָמפּ פון אַנטקעגן האָט די קאָלירִיק־צעשפּאָלטענע פייערלעך אים געשפּריצט גלייך אין פנים — פון אַלע אַרומיקע ווענט אַראָפּ. דאָס פּלוצעמדיקע ווייסע ליכט האָט אים שפּיזיק געשטראַלט, געבלענדט, אין די אויגן, באַגאָסן אים מיט צעהעלטע כוואַליעס. ער האָט געוווסט, מען זעט אים. ווו איז דאָס מילדע עלעקטרישע ליכט פון אַ מאָל?

ווען די אויגן האָבן זיך צוגעווינט — איז אין דער געדעמפּטער שיין אַנטקעגן אים, פון יענער זייט בופעט, געשטאַנען פּרוי נאָוויק. ער האָט באַמערקט איר צוואָקסענע העלע בלאָנדקייט. די פיס זענען אים געווען לויז, אויפגעבונדן, צו לייכט. ער האָט נישט געוווסט, צי זי האָט זיך געענדערט. ער האָט זי געזען, אָן איבעראַשטע פון זיין אומגעריכט באַווייזן זיך. זי קוקט אויף אים אַ פאַרבליפטע — צוגעשמידט צום אָרט. ער האָט זי געוואָלט באַגריסן. אין האַלדז איז אים געווען פאַרקלעפּט. ער האָט מורא געהאַט, ס׳זאָל פון אים נישט אַרויס אַ הייזעריק קולעכל, אַ דינס. ער האָט אָנגענומען אַ שטרענגע מינע, געקוקט שאַרף. ער האָט געזען, ווי זיין ריזיקער שאָטן אויף די ווענט, רירט זיך אָן אין איר גרויסן שאָטן. זיי זענען ביידע צוזאַמענגעוואַקסן איבערן סופיט. ער האָט געשפּירט, ער זעט איצט אויס, ווי אַ גרויס פאַרביסן יינגל, וואָס איז געקומען טאָן אכזריות. זי איז דערשראָקן. זי נעמט פון אים נישט אַראָפּ דעם בליק. אירע אויגן עקבערן זיך איין אין אים. זי האָפט מסתמא בלויז אויף זיין דין בלאַס פנים מיט די מילדע שטריכן — צו דערוועקן אין אים זיין גענאַד. ער האָט דערשפּירט

אין זיינע פיס, ווי אירע קני ברעכן זיך אונטער איר. דאָס איז די געאַנטע מינוט, פאַר װעלכער זי האָט יאָרן זיך געשראָקן. זי איז מיט אַ מאָל געקומען אויף איר.

ש. האָט געוואָלט זי באַרויקן, איינגעמען זי. ער האָט דערשפּירט איר פאַרלוירנקייט, וואָס לאָזט פאַרצווייפלט זיך אַראָפּ, זעצט זיך אין איר. ער האָט געהאַט אַרויסגעזאָגט „גוטן־אָוונט״, און געהערט דעם עכאָ פון אַ פרעמדע, פאַרטרוקנט קול, ווי פון אַ יונגן סריס. דער אָפּהילך האָט אים נאָכגעגרילצט אין די אויערן; ער איז געהאַנגען צווישן זיי.

אירע טריט האָבן צו אים זיך דערנענטערט. ס׳איז אויף אים אָנגעגאַנגען איר שלאַנק־געבויטע געשטאַלט. אַ ווײַלע איז זי געווען העכער פון אים, רונדיקער — נישט צום דערגרייכן.

זי איז פאַר אים געשטאַנען נאָענט. ער האָט געזען, זי איז אויסגעוואַקסן. זי ווייסט דאָס נישט. זי בליט־אויף פון אינעווייניק — פאַר זיך אַליין — אין איר פאַרטועונקייט. ער מוז צו איר אַרויפרעדן. זי האָט אַ פאַרטראַכטע, פון דער נאָענט — אויף אים געקוקט — גלייך אין זיינע אויגן.

— פאַני — האָט ער געהערט, ווי ער נעמט אָן אַ מילד קול. עס הייבט זיך העכער. ער האָט צו איר גערעדט, ווי זיך צו פאַרענטפערן.

— פאַני, איך בין געקומען נאָר סתם אַזוי, אַ קוק געבן. איך גיי באַלד אַוועק — האָט ער אַרויסגערעדט.

ער האָט זיך געוווּנדערט אויף די ווערטער. ער האָט געוווּסט, ס׳גלוסט אים נישט באַלד צו גיין. ער קאָן נישט אַוועק. ער מוז דאָ אַ ביסל בלייבן, איינזאַפּן אין זיך די שפּורן פון זיין קינדהייט, וואָס זענען דאָ פאַרבליבן; ער מוז כאָטש אַ רגע דאָס דערשפּירן. ער האָט זיך אָפּגעגעבן חשבון, אַז דעמאָלט, זייענדיק דאָ, אין דעם — האָט ער דאָס נישט באַנומען. ער האָט קיין מאָל נישט געפּרוּווט זיך און זיינע נאָענטסטע צו באַגרייפן. זייענדיק אינעווייניק — איז ער געווען, ווי אין דרויסן פון דעם אַלעם. וועד זענען זיי געווען, זיינע נאָענטסטע? דאָס ערשטע מאָל איז אים דורך דער געדאַנק. וואָס האָבן זיי געטראָגן אין זיך? ער האָט דאָס אייגנטלעך קיין מאָל נישט געוווּסט.

איצט שטייט ער, ווי אַ פרעמדער, ביי דער היימישער שוועל, און בעט ביי איר דאָ, זי זאָל אים עפענען כאָטש אַ שפּאַרע צו זיך, לאָזן אים אין זיך אַליין אַריינבליקן, זיך דערזען, ווי צום ערשטן מאָל. אָט דאָס איז זיין שפּיגל. ניין, ער איצט אין דרויסן איז בלויז דער שאָטן. אינעווייניק אין שפּיגל איז געבליבן פאַרטרונקען די געשטאַלט.

זי האָט אין אים, ווי זיך איינגעהערט. זיינע פריערדיקע רייד זענען געבליבן פון דער זייט. זי האָט געהאַט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, זי זאָל אין זיי זיך נישט אָנשטויסן, ווען זיי זענען איבער איר דורך. אַ רגע האָט ער געפילט אויף זיך איר בליק. ער האָט אים דורכגענומען פריי, פאַרנעפּלט, ווי זי אַליין זאָל נישט זיין דערביי. דער בליק, אַ העל־בלויער, האָט זיך אין אים געזעצט. זי האָט אים אַריינגעלאָזט אין אים, אינעווייניק, ווי אַ האַטשיק אין אַ פיש אַריין — נישט אָפּצולאָזן. ער האָט אים געשפּירט אין זיך.

אָט אַזוי פלעגט ער אַליין, אין זיין געיאָגטקייט איבער די וועגן — הילפלאָז אַריינלאָזן זיין בליק אין די דורכדרינגנדיקע אויגן פון פרעמד־אָנגעטראָפענע. אין די

רגעס האָט זיין גורל זיך געוויגט אויף דער וואָגשאָל. ער האָט מורא געהאַט יענעם נאָכצולאָזן. אָט אַזוי — האָט ער געוווסט — וואָלט ער זיכער אויך זי צוגעבונדן צו זיין בליק — ווען ער טרעפט זי דעמאָלט אָן אויג אויף אויג. ער וואָלט זי געהאַלטן געבויגן אַראָפּ — ביז ער וואָלט אַנטרונען.

ער האָט איצט געוואָלט אָפּרייסן די אויגן פון איר בליק, זיך באַפרייען פון אים. ער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ. ער האָט געוווסט, אויך זי איז מיד, אומבאַהאָלפן. זי ווייסט נישט, וואָס צו טאָן. ער איז געשטאַנען, געוואַרט.

באַלד האָט זי זיך אָפּגעריסן, אָפּגעקערט פון אים דעם קאָפּ. ער האָט געזען, זי דערנענטערט זיך צו דער טיר הינטער זיך, וואָס פירט אין די אינעווייניקסטע צימערן אַריין. זי האָט זיך פּאַר איר אַוועקגעשטעלט, מיטן פּנים צו אים. אָט אַזוי פלעגט דאָ שטיין זיין מאַמע, אַנהייב מלחמה. ווען אַ פרעמדער פון דרויסן איז אויסגעוואַקסן אין דער אָפענער טיר פונעם געוועלב. די נשמה פלעגט אין איר אַ פּאָכע טאָן ווי אין אַ קראַנקן פויגל. זי האָט דעמאָלט זיך געשטעלט ביי דער טיר, ווי מיט צעשפּרייטע פליגל — גרייט צו שיצן אירע קינדער הינטער זיך אין די צימערן.

ער האָט געדענקט, אויך זי האָט אַ קינד, אַ טעכטערל. זי מוז שוין זיין גרויס, אויפגעוואַקסן. זי וויל זי שיצן פּאַר אים.

— האָב נישט קיין מורא, פּאַני — האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט און אַרויסגעזאָגט — איך בעט דיך, לאָז מיר בלויז איין בליק געבן דאָ. איך מוז. נאָך דעם וועל איך אַוועק.

ער האָט געוואָלט, עס זאָל שוין זיין נאָך אַלעם. ער זאָל דאָס האָבן אַריבער, דורכגעשוווּמען, ווי אַ טייך. באַלד נאָך דעם וועט ער, אָן איינגעשרומפּענער, גיך זיך לאָזן פון דאַנען אַוועק. ער וועט שפּעטער דעם שווים דאָ היטן אין זיך, זיך טראָגן מיט אים ווייט, ווייט, איבער פרעמדע שטעט.

ער מוז איצט זיין וואַך. אַלץ דערזען, דערשפּירן אין זיך, מיט דעם זיך אָנשעפּן פול.

עס איז שוין געווען טיפער אין אָוונט. פון די אַרומיקע הייזער האָט זיך דערטראָגן דאָס היימישע שלאָגן פון אַלטע זייגערס. ער האָט זיי איצט געהערט, ווי פון ווייטן אַמאָל אַרויס. זיי האָבן געקלונגען — איינס, צוויי, דריי. עס איז די באַשטימטע שעה! שטענדיק האָט ער אויף איר געוואַרט. אַ זייגער האָט אויסגעשלאָגן — פיר, פינף! און — בים־באַם — זעקס! זיבן! אין דער שעה, פּינקטלעך זיבן, האָבן אַלע קרעמערס פאַרמאַכט די געשעפטן. זיי געשלאָסן מיט די אויסגעוואַרעמטע לאַנגע מעטאַל־שליסלען אין די הענט. „זיבן" — האָבן פון דער ווייט איצט זיך צעקלונגען אויף ווענט — פרישע, פאַרשפּעטיקטע זייגערס — גלין־גלאָן! ער האָט געהערט זייערע לאַנגע וואַגעס און מעשענע קייטן. ער האָט זיי אַלע געדענקט — יעדן מיט זיין געקלאַנג; געהערט יעדנס שטוב. זיי האָבן איצט אַריינגעקלונגען — יעדער באַזונדער טיף אין אים און געוועקט ווידערקלאַנגען. זיי זענען מיט שטילן רויש אין אים זיך צעגאַנגען. ער האָט געהערט די דערמאָנונג. אויך זי האָט איצט געשלאָסן דאָס געשעפט. ער האָט געקוקט אויף אירע געפלעגטע הענט. זי האָט מיט זיי צוגעלענט אינעווייניק אַריין —ביידע טירן

פון דרויסן; זיי געצויגן צו זיך, פאַרקייטלט די גרויסע ווייסלעכע קייטן. זי האָט פאַרריגלט, פאַרלייגט די שווערע אייזערנע פרענטן. ער איז הינטער איר געגאַנגען. זי האָט אים געפירט צו דער הינטערשטער טיר. זי פאָרויס — מיט דעם בליצלאָמפּ אין האַנט. זי האָט איינגעצויגן דאָס פייער אויף קלענער, עס אַראָפּגעדרייט. ער איז געגאַנגען נאָך איר. ער האָט איצט נאָכגעשטעלט נאָך איר זיינע פיס איבערן שמאָלן שוועלעכל אַריבער — פון געוועלב אין שטוב אַריין. אונטער זיין ברייטן טריט, האָט ער געשפּירט, לויפט ער זיך אַליין נאָך — אַ קליין יינגעלע. ער האָט זיך דערקענט. ער האָפּסלט היימיש — אַריבערן נידעריק־שמאָלן שוועלעכל. ער לויפט איצט זיך אַליין צווישן די פיס. ער, דער גרויסער, איז דאָ אַ פרעמדער. ער איז געגאַנגען ווייטער נאָך איר. אין איין האַנט האָט זי געטראָגן פאַר זיך דעם לאָמפּ, באַלויכטן די פינצטערניש; מיט דער אַנדערער, האָט ער געשפּירט, שלעפּט זי אים נאָך זיך. ער האָט מורא געהאַט צו גיין. ער האָט געוואָלט, ס'זאָל זיך אָפּהאַלטן. זי האָט אים געפירט פאַר אַ לאַנגן שאָטן־שטריק, פאַרלייגט אַרום זיין האַלדז, לויז, ווי זייד. ער איז איר נאָכגעגאַנגען אונטערטעניק; האָט זיך געלאָזט פירן. ער האָט געוואָלט בלייבן פון הינטן. זי האָט איצט באַלויכטן דאָס שמאָל־לאַנגע עסצימער הינטערן געשעפט. ער האָט דערזען אין דעם ליכט־חלל — דעם קיילעכדיקן גאָלד־קאָלירן זייגער — אַנטקעגן אויף דער וואַנט. זי האָט געשטעלט צו אים אירע טריט. זי האָט געהאַלטן הויך איבער זיך דעם לאָמפּ. זי האָט אים אַראָפּגעלאָזט נידעריק, אים אַוועקגעשטעלט אויף אַ שווערן אונטערלעון. ער האָט געוווּסט, ס'איז אויפן דעמבענעם טיש. ער האָט געוואָרט, ס'זאָל זיך אים אַוועקשאַרן די בלענדעניש פון פאַר די אויגן. די געדיכטע שאָטנס האָבן זיי ביידע צוזאַמענגעוויקלט. זי האָט פון זיי אַרויס — גע־שטעקט דעם קאָפּ און זיך אַרומגעקוקט. ס'האָבן פאַר אים זיך געגומען אויסטיילן די שטולן אַרום טיש. אין דער זייט, ביי דער לאַנגער וואַנט, האָט ער דערזען די ברייטע קאַנאַפּע, דאָס באַגלאָזטע שענקל זילבערוואַרג. עס איז געשטאַנען נישט גערירט, ווי אַריינגעשווערט אונטער זיך — מיט האַלץ־פּיסלעך — נאָך פון אַ מאָל.

ער האָט געהערט איר קול, זי רעדט צו אים.

„איך האָב שטענדיק געגלייבט, אַז ס'וועט ווער פון אייך צוריקקומען" — האָט זי געזאָגט.

ער האָט געקוקט אין איר ראָז־באַלויכטן פּנים, צו הערן. ער האָט געוווּסט, ער איז איצט באַטויבט. ווערטער האַלטן זיך נישט צווישן זיי. זיי גרייכן נישט צו אים.

ער האָט באַמערקט, זייטיק, אין דעם שענקל הינטער די שויבן — פון ביידע זייטן — דער מאַמעס צוויי זילבערנע בענטשלייכטערס, דאָס חנוכה־לעמפּל פון דער היים, די קידוש־בעכערס פון שבת. ער האָט זיך געשעמט ווייטער צו קוקן. ער האָט געפילט, איר בליק גייט נאָך זיינע אויגן. זי רעדט איצט, ווי — אים אָפּצוציען. ער דאַרף אַ כאַפּ טאָן, שנעל, זי זאָל נישט זען, כאָטש איין בעכער, אים אַריינלאָזן אין הויזן־טאַש; ער זאָל אים פילן איבערן פוס. אַ רגע איז אים דורך אַ גלוסטונג, דאָ צו בלייבן, כאָטש אַ פּאָר מינוט אַליין — אויג אויף אויג מיט דעם צימער — אָן איר. אַלץ דאָ וואַרט אויף אים. זיי דאַרפן דערפילן זיין האַנט, די זאַכן; ער זאָל זיי רירן. ער האָט געוווּסט, זי וועט אים נישט לאָזן דאָ זיין אַליין. ער קאָן גאָרנישט אָנרירן מיט די הענט, זי איז דאָ צווישן אים און די זאַכן. די אָרעמס הענגען אים נאָך, ווי אַ פרעמדנס.

ער האָט פּאַמעלעך זיך אַרומגעקוקט. פּאַרהילט אין די שאָטנס פון די אַנטקעגנדיקע ווענט — זענען אויסגעשטעלט די קליידערשענק מיט די עטאַזשערקעס. זיי זענען געשטאַנען איינגעשרומפּן — נישט צו געבן זיך אַ באַוועג.

זי האָט גענומען דאָס לעמפּל, עס אויפגעהויבן הויך און אים געפירט ווייטער. זי איז אַריין ברייט מיט דעם העלן פלעמל אין דער טיר, לינקס. ער איז אַ ווײַלע געבליבן הינטער איר אַליין אין דער פינצטער. זי האָט מיט דער לאָמפּ פּאַר זיך אויסגעשניטן אַ ווייטערדיק שטיק געדיכטע שוואַרצקייט. די חשכות האָט זיך צעטיילט. זיי זענען געגאַנגען אין צווישן. זיי זענען געווען אין מיטלסטן קאָרידאָרל. עס איז געווען ליידיק. אויף דער וואַנט הויך, אונטער די שאָטנס פון באַלקן — איז באַלויכטן געוואָרן דער פּאַרטריקנטער רעגן־פלעק — פון אַ מאָל. זיי האָבן די צימערן נישט געמאָלן, זיי איינגעהאַלטן אין דויער. ער האָט געדענקט, אַז זיי טרעטן איבער דער שווערער טיר פון ווינקעלער. ער האָט געפילט די לויזקייט פון אונטן. דער דיל הענגט אונטער אים. דער קעלער איז ליידיק. אין דער קילער שטיין־געמויערטקייט אונטן — האָבן זיי געהאַלטן די ווײַנפלאַשן — אויסגעצויגן, שיכט איבער שיכט, אַרום די ווענט. די ערד איז טיף געווען אַנגעשטעקט מיט טונקעלע פלעשער. דער ווײַן איז געווען געדיכט, עלטער פון אים. דער טאַטע האָט אים געהיטן, צו טרינקען אויף די טעכטערס חתונות. ער האָט זיך פאַרהאַלטן איבער דער הוילקייט פון קעלער. ער האָט לייכט געשטופּט מיט די פיס די שווערע טיר אַראָפּ. פון אונטן איז נישט דורך קיין עכאָ. די פיס זענען אים געבליבן געליימט.

ער האָט געוווסט, אַז אין אַ ווײַטן קעלער־ווינקל, אַרומגענומען פון שפּינגעוועבס, ליגט אונטן, פאַרמאַכט מיט אַ צודעק, דער גרויסער האָלצקאַסטן מיטן פּסחדיקן געפעס — מעשענע פאַנען, טעפּ, זילבער־באַשטעק, פאָרצעליי־כלים, קאַרפינקעס און קרישטאָל־כוסות; אויך די קאָלירט־געשליפענע כוסהלעך פאַר די קינדער. יעדעס יאָר, אין דער נאַכט אויף ערב־פּסח, איז די מאַמע, דורך די שטיגלעך פון לייטער, אַראָפּ אין קעלער. זי האָט זיך געגרייט אַרויפצודערלאַנגען די יום־טובדיקע כלים; באַלד וועט זי אויבן זיי אויספּאַקן. זיי וועלן צעפינקלטע זיך באַווייזן אויף די טישן אוןֿ פאָלקעס — די טעפּ מיט די אָנגעזאַפּטע ריחות פון וואַרעמע פיש און פליישן אין דער סדר־נאַכט. אויך ווײַנען פאַר די קאַרפינקעס וועט זי אַרויסציִען. אין דער נאַכט איז געווען פאַרטאָפּלט דאָס ליכט אין די אויפגערוימטע שטובן. נישט מער ווי פינף יאָר זענען פאַרביי. פינף יום־טובים האָט מען זיי דאָרט נישט אויפגערירט. זיי זענען געבליבן, איינגעשרומפּענע אין דעם פינצטערן קעלער־ווינקל, וואָס אַ מאָל מער פאַרוועבט. פאַרנעמען זיי איצט זיין שאָרך, אויבן, איבער דער טיר, שטעלן זיי אָן דעם געהער?

פּסח — יום־טוב! וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט פון די האָפענונגען, דערוועקט אין די הערצער פון יידישע קינדער אויף פרייהייט?

באַלד האָט ער זיך דערמאָנט, ווי די מאַמע פלעגט אין דער דאָזיקער נאַכט אויף ערב־פּסח, נאָך חצות, אַ געבויגענע, מיט אַ ליכט אין האַנט, זוכן אין קעלער. מען האָט געהערט דעם געשאָרך און דעם געקלאַנג פון פלעשער, וואָס האָבן אונטער אירע הענט זיך אָנגעקלאַפּט. מען האָט פאַרנומען די טריט פון יעדן ווייכן שאָטן אין

דרויסן. אין דער שעה האָבן אויף די אַנדערע יידישע שכנים געזוכט שטיל ביי זיך אין די קעלערס און קאַמערן, און זיך איינגעהערט אין געשאַרך פון די הייף.

ש. האָט געדענקט דעם עלילת דם, וואָס האָט דורך דורות פאַרשטערט דעם יום־טוב. פרעמדע האָבן אין אָט דער נאַכט זיך געשלייכט אין דער פינצטער און אונטערגעוואָרפן אין יידישע קעלערס טויטע קריסטלעכע קינדער. אויף צומאָרגנס, אין דער נאַכט פון פסח, האָבן המונים זיך אַריינגעריסן אין די שטובן.

ש. האָט געדענקט די לאַנגע פסח־נעכט, ווען יידן זענען געזעסן אַרום די יום־טובדיקע טישן, ביי פאַרהאַקטע הינטער זיך טיר און טויער, און — זיך איינגעהערט אין די טריט אין דרויסן. זיי זענען געבליבן אויפגעשטעלט אַרום די טישן און מיט שרעק האָבן זיי אויסגעזונגען די אַלטע געזאַנגען:

— „שפוך חמתך אל הגויים" — אָ, גיס אויס דיין צאָרן אויף די פעלקער — „כי אכל את יעקב", ווייל זיי האָבן פאַרלענדט יעקבן.

אָ, דער צאָרן איז אויף זיי נישט אויסגעגאָסן געוואָרן; זייער צאָרן האָט אונדז ביזן לעצטן פאַרלענדט!

אפשר זאָל ער זי איצט בעטן, זי זאָל, מיטן לאָמפּ אין האַנט, נאָך איין מאָל אים אַראָפּפירן אונטן, אין קעלער.

באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אַז די קעלערס אין דער טיף זענען מער נישט זיינע. ווען ס'איז געקומען די שעה — האָבן זיי אונדז נישט געשיצט. זיי האָבן נישט געשפּרייט זיך איבער אונדז; אונדז נישט פאַרדעקט מיט זיך, נאָר — אונדז פון זיך אַרויסגעגעבן, אַרויסדערלאַנגט אויבן אַרויף. פון פיל יידן — זענען די קעלערס געבליבן זייערע קברים. איצט דרימלען זיי אונטן אין דער שטיל, ווי געזעטיקטע ערד־חיות, מיט געשלאָסענע מיילער.

ער האָט זיך געגעבן אַ דריי אויס און זי געבעטן גיין ווייטער.

זי האָט אויפגעמאַכט די ווייסע טיר. די העלע ליכטקייט פון דעם בליצלאָמפּ האָט פאַרגאָסן פאַר זיך אַ קליין צאַנקענדיק ליכט אין אַ ווינקל פון צימער. זיי זענען איצט געווען אין זיין יינגסטער שוועסטער, מרימלס, קינדערשטוב. דער קאָפּ האָט זיך אים אַ הייב געטאָן. זי האָט אים, מרימל, זיך אַ באַוועג געגעבן פאַר די אויגן. זי זיצט פאַרן שרייב טישל, אויף איר אָרט — מיטן פנים צו דער וואַנט. פאַר איר — דאָס מעשענע לייכטערל מיט אַ ברענענדיק ליכטל. ס'איז פריע אָוונט־שעה. זי מאַכט אירע שוללעקציעס. די געדערעם האָבן אים זיך אַ ריס געטאָן. ער האָט אַ רגע געוווסט, ער האָט זיך דערגרונטעוועט. ער וועט ווייטער זיין אין דער מיטן. ער איז געבליבן צובאַהאַפּטן צום דיל. די אויגן אויפגעריסן — פאַרשטעקט אין דעם באַלויכטענעם ווינקל.

אינעם ליכט האָט זיך אויסגעטיילט אַ געוווקסיק, גראַציעז מיידעלע, מיט אַ לאַנג־פאַרוואָרפענעם צאָפּ אויף הינטער זיך — אַ בלאָנד־דיקן. זי איז געבליבן אין דעם רונדיקן ליכטקרייז פון זיינע אויגן.

— מיין טעכטערל, מאַרישאַ — האָט פרוי נאָוויק געזאָגט.

דאָס מיידעלע האָט זיך אויפגעשטעלט, זיך אויסגעדרייט צו אים. זי האָט געשטעלט אַ טריט פאָרויס, און אים אויסגעשטרעקט אַ הענטל. ער האָט עס געהאַלטן. ער האָט געשפּירט אין זיין דלאָניע — לאַנגע, קינדיש־וואַרעמע פינגער. מאַרישעס העל־בלויע

אויגן האָבן אים אַרומגענומען. צו ערשט — מיט קינדיש אָפענעם נייגער, און באַלד האָט אַ צעטומלעניש אין זיי זיך אויפגעמישט. ער האָט געפילט, די מוטער שטייט אונטער זיין פּלייצע, זי קוקט איבער אים אַריבער — צו איר. איר אומרו לאָזט זי פון דאָרט אַריינדרינגען גלייך אין איר בליק.

פרוי נאָוויק האָט געהאַט געשטעלט אַ טריט אַריבער אים. זי האָט זיך אויסגעגלייכט מיטן טעכטערל; מיטן לאָמפּ אין האַנט איז זי געשטאַנען ביי איר.

ער האָט זיי דערזען — צוויי שוועסטער — אַן עלטערע מיט אַ ייִנגערער. אַ פּלוצעמדיקע געפּאַר האָט זיי ביידע צונויפגענומען. ער האָט געפילט, די ווענט אַרום אים און זיי — זענען געשלאָסן.

ער האָט דערקענט מאַרישען. זי איז דעמאָלט נאָך געווען אַ קינד. דורך דער צייט זענען קינדער געוואַקסן. אַזוי מסתמא — אין אַלע שטובן אַרום. די מיידעלעך זענען געוואָרן פרויען. איר בליק איז פול מיט לויטערקייט. אַ ליכט שטראַלט אַרויס פריש פון איר פּאַרטראַכטקייט.

ער דאָ שטייט צו נאָענט איבער איר — מיט זיין מאַסיווקייט. די מוטער פילט דאָס אויך.

— דו דערקענסט מיך, מאַרישאַ? — האָט ער געפרעגט.

ער האָט באַנומען, אַז די קינדער אין די שולקלאַסן האָבן זיך אַרויפגערוקט העכער — פון איין קלאַס אין דער אַנדערער. דורך די זומערס האָבן זיי וואַרעם־גרויס אויפגעציוירט אין דער זון. די זאַפטן פילן זיי אָן; רויש איצט מילד אין זייערע לייבער. עס בליט אין זיי. אַנדערע, גאַנצע שיכטן קינדער, האָבן אָפּגעוויאַנעט, האָבן אַראָפּגעגליטשט אונטן — זענען פאַרשוואונדן. מרימל — צווישן זיי. די דאָ, די געבליבענע, האָבן זיך געהויבן, זיך געשפּרייט — איבער יענע. זיי איבערגעדעקט.

מאַרישאַ האָט פאַר זיך געקוקט, שעמעוודיק — נישט צו אים. די מוטער האָט מיט איין האַנט זי געהאַלטן אַרומגענומען.

אויך ער האָט אַוועקגעדרייט דעם בליק. ער האָט געזוכט. אויף דער הינטערשטער וואַנט, איבער מרימלס בעט, זענען געלעגן צעוואָרפן, ווי אויסגעוואַקסענע — קורצע, לופּטיקע קינדער־קליידלעך.

ער האָט אין זיי זיך איינגעקוקט.

פרוי נאָוויק האָט מיטן לאָמפּ אין האַנט גענומען גיין פאָרויס. זי האָט אים ווידער געהאַלטן הויך, איבער זיך. זי — די ערשטע. ער האָט געשטעלט טריט הינטער איר. מאַרישע, אַן אויסגעגלייכטע, איז נאָכגעגאַנגען הינטער אים.

זיי זענען אַלע דריי, איינער הינטערן אַנדערן, איצט דורך די שוועל פון זיין מאַמעס שלאָפצימער. ער האָט געוואָלט דעם טריט אַריבערשטעלן פאַר פרוי נאָוויק, גיין פאָרויס, לאָזן זיי ביידע הינטער זיך. זי האָט אויסגעפילט מיט זיך די ברייט פון דער טיר. ער האָט פון הינטער איר פּלייצע אָפּערגעשטעקט דעם קאָפּ. אַנטקעגן האָבן זיך אויסגעטיילט די צוויי מאַהאָגענע בעטן — איינס נעבן אַנדערן; ביידע — מיט די קאָפּשטיק אַנגעלענט אין דער וואַנט; מיט זייער לענג אַרויסגערוקט אין אָפענעם מיטן צימער. ווי אַ מאָל, האָט מען געקענט פון דריי זייטן אַרומקרייזן די בעטן.

זיי זענען אַלע געשטאַנען צופוסנס די בעטן. זיי זענען שוין געווען צעוואָרפן,

אויפגעבעט. דאָס ווייסע בעטגעוואַנט — הויך אויפגעבערגלט. זי האָט באַלויכטן די גלאַטע ליידיקע קישנס, צוקאָפּנס.

ער האָט זיך געשטעלט צופוסנס דעם בעט, רעכטס. ער האָט דאָס בעט געדענקט זינט עס איז פאַרבליבן ליידיק נאָך זיין פאַרשטאָרבענעם פאָטער. דער טאַטע איז אין דעם געשטאָרבן. יאָרן שפּעטער איז עס געשטאַנען איבערגעדעקט. מען האָט עס נישט אויפגעבעט. שפּעטער איז דאָ געשלאָפן זיין עלטערע שוועסטער, דינה. די מאַמע האָט פון אַנדערן בעט אַרויס — זי געהיטן נעבן זיך. איצט, האָט ער געוווּסט, מוז דאָ שלאָפן ער, נאָוויק.

ער האָט זיך איבערגערוקט צום אַנדערן בעט, לינקס. דאָ איז געשלאָפן אַלע יאָרן די מאַמע. אין דעם בעטגעוואַנט איז ער געוואָרן אויסגעוואַרעמט. דאָ איז ער געבוירן. אויך זיין מרימל. צו ערשט, פאַר אים — דינה און אסתר. זיין שטאַם האָט דאָ, פון דאַנען אַרויס, זיך אויסגעבריט. ווי האָט עס זיך אָנגעהויבן מיט אים? ער האָט גיך געוואָלט אַוועק פון דעם געדאַנק, צוריק זיך אַרויסציִען פון די עלטערנס שלאָפצימער. ער האָט אָנגעהויבן בלויז — מיט זיין געבוירן, ווען זיינע אויגן האָבן צום ערשטן מאָל זיך געעפנט; דאָ האָבן זיי דערזען די שיין; דורך די דאָזיקע פענצטער — ווען די לאָדנס זענען געווען צעעפנט; פון דאַנען אַרויס, פון דעם בעט, האָט ער געשטעלט זיינע ערשטע טריט; פון דאַנען אָן, האָט ער געוווּסט, יאָגט מען זיך נאָך אים.

איצט שלאָפט דאָ זיכער פרוי נאָוויק. איר קערפּער וואַרעמט אויס דאָס בעטגעוואַנט. נאָוויק קומט דאָ צו איר.

דער געדאַנק האָט אים אונטערגעבראָכן די קני. עס האָט אים געדאַכט, ער שטייט דאָ איבער די צוויי נידעריקע בעטן, ווי אויף קבר־אבות. ער שטייט איבער אָפענע אויסגעליידיקטע קברים אין דער נידער, וואָס פרעמדע, לעבעדיקע, האָבן אין זיי זיך איינגענעסטיקט, ווילן פון זיי נישט אַרויס.

ער האָט אָנגענומען מיט ביידע הענט שטייף דאָס צופוסנס־ווענטל — פון דער מאַמעס בעט. עס האָט אים געגלוסט זיך אַראָפּלאָזן אויף די קני, צודריקן דעם שטערן צו דעם מאַט־גלאַנציקן געהילץ, און לאָזן אויסרינען פון קאָפּ אַלץ — אַלע צוויטנס, וואָס זענען אין אים צעשניטן, און צעפליסן זיך.

זיי ביידע זענען געשטאַנען. זיי האָבן שטיל געוואַרט הינטער אים. דער קאָפּ איז אים געווען אויפגעהויבן; די אויגן — אָנגעהאָנגען איבער די ווענט. ער האָט געוווּסט, ער שטייט איבערן קוואַל, אָבער דער עיקר פעלט דאָ. ער איז ליידיק, ווי בייכער הוילע ביי גרויסע געווינערינס.

ס׳האָט אים געשטערט די ליכטקייט פון דעם בליצלאָמפּ. ווען ער קאָן דאָ בלייבן שטיין, איינגעפּרעסט אין דער פינצטערניש, איינער אַליין.

ער האָט זיך אויסגעדרייט. זיי האָבן געוואַרט. מאַרישע האָט זיך אוועקגערוקט. זי האָט זיך געזעצט אויפן קאַנט פון דער גרין־פּלושענער קאַנאַפּע, אויף דער הינטערשטער וואַנט.

ער האָט געקוקט צו מאַרישען. זי האָט, אַ פאַרטראַכטע, זיך אַראָפּגעלאָזט מיטן רוקן אויף הינטער זיך — אַריין אין דער קאַנאַפּע; מיטן קאָפּ — אין דעם נידעריקן

ווייכן פליוש — אַראָפּגעהאָנגען. באַלד האָט זי אירע פיס פאַרוואָרפן איבער זיך אין דער לופט. זי האָט זיי זיך אַריבערגעבויגן ביז איבערן קאָפּ. ער האָט דערזען, אַ גרויס קינד, פאַרשפילט, וואָס בלינדע ווייטע געסלעך ליוערן ערגעץ שוין אויף דעם. אויף דער קאַנאַפּע איז אַ מאָל געלעגן זיין מיטעלע שוועסטער, אסתר. זי איז דאָ געשלאָפן, צופוסנס דער מאַמעס בעט. שטענדיק אין שלאָף האָבן אירע הענט געהאַלטן אַרומגעאָרעמט דאָס קישן איבער איר קאָפּ.

— מאַרישאַ — האָט ער זי אַ רוף געטאָן צו זיך. עס האָט אים געגלוסט, זי אַ גלעט טאָן איבערן קעפּל.

באַלד האָט ער צוריק זיך אויסגעדרייט פון איר. ער איז איצט געשטאַנען ווייטער, אין דער זייט פון דער מאַמעס בעט, לינקס. ער האָט אַרויפגעטראָטן מיט די שיך אויפן גרויען שטיק פעל איבערן דיל. דאָ האָט די מאַמע ווינטער אַריינגעלאָזט די באָרוועסע פיס. ער איז צוריק אַראָפּ — מיט די שיך אויף די ברוין־פּאָמאַדירטע ברעטער אין דער זייט. ער האָט געקוקט אויפן אויסגעריבענעם שטיק פעל. פּיססטאָפּעס זענען נאָך דאָ איינגעקוועטשט. עס האָט אים געגלוסט, אויסטון די שיך און באָרוועס אַרויף, דערפילן די ווייכע קיצלדיקע וואַרעמקייט.

באַלד האָט אים געגלוסט, אין גאַנצן זיך אויסטאָן; נאַקעט, ביז איבערן קאָפּ — אַריינזינקען אין אַ לאַנגן שלאָף אונטער דעם בעטגעוואַנט. צוריקקערן, זיך באַהאַלטן דאָ — פון וואַנען ער איז געקומען; מער פון דאַנען נישט אַרויס.

אפשר זאָל ער בעטן, זי זאָל אים לאָזן דאָ אין בעט שלאָפן כאָטש איין נאַכט?

ער האָט געדענקט, ווי די לעצטע יאָרן פלעגט די מאַמע, אַן אלמנה, אין די נעכט, זיך באַהאַלטן אין דעם בעטגעוואַנט; זי האָט זיך פאַרשטעקט אונטער דעם; איז געקראָכן וואָס טיפער אַריין. פון שלאָף פלעגט איר עלנט פון איר אַרויסקרעכצן, און זיך שפּרייטן איבער דער פינצטערניש פון דער שטוב.

די קינדער זענען שוין געוואָרן גרויס. זי האָט אַלע מאָל מער זיך אומגעקערט אין דער בעט־פאַרמאַכטקייט.

ער האָט זיך אָפּגעריסן פון דעם אָרט. ער האָט אַרומגעקרייזט לייכט, ווי אין די זאָקן, די בעטן. ער איז געווען פון דער אַנדערער זייט, רעכטס. ער האָט דורך די יאָרן פאַרגעסן דאָס שענקל מיט די באַגלאָזטע טירן, אויף דער וואַנט — לענגאויס דעם טאַטנס בעט. אונטער די גרינע פאַרהאַנגלעך, אינעווייניק, זענען געווען איינגעשטעלט דעם טאַטנס אַלטע ספרים. עס איז אים מיט אַ מאָל קלאָר געוואָרן, אַז זינט דעם טאַטנס טויט איז דאָס שענקל געווען, ווי פאַרחתמעט. קיינער האָט עס נישט געעפנט. אַלס קינד האָט ער מורא געהאַט אַרויסצורוקן די שווערע גרויסע ספרים, מיט די טונקל־לעדערנע רוקנס. שפּעטער, ווען ער איז גרויס געוואָרן — האָט ער זיי פאַרגעסן. מיט וואָס איז ער געווען פאַרנומען? עס איז אים דורך אַ געדאַנק, ער האָט פאַרזוימט. אין די ספרים מוז זיין פאַרשריבן דער סוד פון זיין שטאַם.

עס האָט אים באַהערשט אַ ווילן, צו צעעפענעןביידע טירלעך פון דעם ספרים־שענקל, פאַרזינקען דעם קאָפּ אינעווייניק אַריין, אָנלענען אים אין די אַלטע קילע לעדער־רוקנס; פאַרנעמען דעם רויש פון די אותיות.

און אפשר זאָל ער איין ספרל פון דאַנען נעמען מיט זיך. דאָס וועט זיין זיין ירושה פון טאַטן, ווייטער זי איבערצוגעבן.

עס האָט אים געגלוסט אויפצושרייען: ניין! גלייך מוז ער אַוועק פון דאַנען אַ ליידיקער. ער האָט געוווּסט, אַז צוזאַמען מיט יענע — איז אַלץ דאָ געוואָרן אויס, איז בלויז אַן אויסדאַכטעניש. ער דאַרף זיך אַרויסרייסן, און אַנטלויפן — פאַרוואָגלט — אָן אַן אָנהאַלט פאַר זיך.

ער האָט דערפילט, דער בליצלאָמפּ שלאָגט אים הייס צום קאָפּ; אַ קנויל וויקלט זיך אים, ווי אַ מעטאַלענע רייף, אַרום די לענדן — שפּאַנט אים דעם גוף אַרויפצו.

ער האָט געעפנט די אויגן. ער האָט געזען, אויך זי קאָן שוין מער נישט. זי האָט אַוועקגעשטעלט דעם לאָמפּ אויפן פענצטער־ראַם און געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט די הענט. אויך מאַרישע שטייט נעבן איר, און וואַרט.

באַלד האָט ער געהערט, ווי זי רעדט. ער שטייט איינגעהערט, און זי רעדט צו אים. אירע ווערטער גייען אַדורך — דורכן ווייסן ליכט. זיי גרייכן ציטעריקע צו אים. ער האָט זיי בולט געהערט.

זי האָט דערציילט, אַז איר מאַן לעבט שוין אויך נישט. זי איז געבליבן אַליין מיט מאַרישען. סוף מלחמה איז דאָס געווען. אין מיטן דער נאַכט. זיי האָבן אים אַרויסגערופן. אָט דאָ אין דעם לאָדן האָבן זיי אָנגעפויקט. זיי האָבן גערופן זיין נאָמען. זי האָט די ערשטע זיך אויפגעכאַפּט. ער איז געשלאָפן אין דעם בעט, רעכטס. זי האָט אים געוועקט. זיי האָבן ביידע זיך איינגעהערט. די פיס האָבן נאַקעט אים געציטערט. ער האָט נישט געוואָלט אַרויס. זיי האָבן ווידער אָנגעקלאַפּט. די שויבן האָבן לייכט גערוישט. שפּעטער האָט ער די פיס אַריינגעלאָזט אין די הויזן. ער האָט געעפנט די הינטערשטע טיר. זיי האָבן אים אַרויסגענומען. זי איז געבליבן אַליין מיט מאַרישען. מאַרישע איז געשלאָפן. די נאַכט האָט זיך פאַר איר לאַנג געצויגן. פאַר טאָג האָבן מענטשן געקלאַפּט אין טיר. מען האָט אים געפונען אויסגעשפּרייט אין ראָג. ווען זי איז אַרויס אין גאַס — האָט זי אים געטראָפן אַ שווער־אויסגעצויגענעם איבער די שטיינער.

ער האָט איצט דורכן פלעמל געזען איבער די שויבן — די צוגעמאַכטע לאָדנס — נאָך פון אַ מאָל גרין געקעסטלט; די פאַרב אָפּגעטריקנט, ווי פון רעגנס, דאַר אָפּגעשטאַנען פונעם האָלץ. ער האָט געשפּירט, אירע רייד שניידן זיך אים איין שאַרף אין לייב — אַרום, אין דער ברייט פון די ריפּן. דאָס פלייש עפנט זיך אים רוי.

ער האָט געזען, מאַרישע שטייט אומבאַוועגלעך — איינגעהאָרכט אין דער מאַמעס רייד. דאָס אויפגעשניטענע לייב האָט אים לייכט געקיצלט — מיט יעדן וואָרט ווייטער. ער האָט געלעכצט, נאָך שאַרפער שפּירן דעם שניט, ער זאָל דינער ווייטיקן.

ער האָט נישט געוווּסט, צי דאָס איז געווען אַ שטראָף, אַ נקמה, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זיי. ער האָט בלויז דערפילט די ליידיקע הוילקייט, וואָס הויערט דאָ אין דער שטוב. איין הוילקייט האָט אַרויסגעשטופּט די אַנדערע. ער איז נישט דער באַפעלער איבער זיי. אַלץ פליסט אַליין מיט דעם טיק־טאַק פון די זייגערס אויף די ווענט. די צייט טריפט דאָ.

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער אַלטער ווייכער שטול ביים פענצטער, און אַ ווײַלע האָט אים געגלוסט, אויסצופילן די הוילקייט מיט זיך. ער האָט געקוקט צו איר, ווי זי רעדט אַריין אין דער ליידיקייט.

ער האָט געוווּסט, אַז נאָוויק איז שוין אָפּגעהאַקט פון איר; די שטראַלן פון אים אַרויס צו איר, און פון איר צו אים — זענען איבערגעשניטן, זענען אַראָפּגעפאַלן אין דער מיטן. אייגנטלעך, האָבן אירע שטראַלן קיין מאָל נישט געגרייכט בלויז צו אים. פון יעדן פון אונדז שטראָמען תמיד שטראַלן, וואָס שלאָגן אומעטום, אין יעדן, זיך אָן. אַלע זאַפּן זיי אין זיך אַריין. מיר געהערן אַלע צו אַלץ, וואָס רינגלט אונדז אַרום.

ער האָט איצט פון זיין אָרט, דורכגעלאָזט דעם בליק, פון אויבן ביז אַראָפּ — איבער איר בלאָנדער אור־רויקייט. ער האָט זי געזען, אַ שטייענדיקע, אַן אַרויפגעשפּראָצטע אין דער הייך, ווי אַ בוים. זי איז נישט, ווי די זי פון די בעלי־חיים, וואָס איז אַראָפּגעלאָזט מיטן גוף אין דער נידער — יעדער קאָן צו איר גרייכן; איר אייבערשטע העלפט איז פון אַ מענטש, וואָס רייסט זיך ווי דער שפּראָץ, אין די הייכקייטן. מען קאָן צו אים נישט צוקומען.

און מיט אַ מאָל האָט ער דערשפּירט, אונטן, אין איר קערפּער, טוט זיך עפּעס — אָן איר ווּיסן. דאָ זענען מיר פאַרבונדן. עס זאַמלט זיך אין איר אַן איידעלע אויפגעשפּראָצטקייט, וואָס ריזלט. ער האָט זיך דערמאָנט, דיקע ביימער־פּאָרן אין די וועלדער, וואָס זענען אונטן צוזאַמענגעוואַקסן ביי די שטאַמען. ער האָט פלוצעם באַנומען, פאַר וואָס מען קאָן מיט איר, ווי ביי איר מין, זיך פּאָרן — נישט אויבן פון גוף, נאָר אין דער בלאָנדער נידער, ווו עס שפּאַרן וואָרצל־קוואַלן, שלאָגן זיך צוזאַמען; דאָרט אין שורש זיך באַהעפטן; פאַראייניקן זיך אין די אור־פאַרבאָרגענישן.

ער איז געבליבן צוריקגעזעצט אויף דער שטול — קליין, ווייט פון איר אור־פרעמדקייט.

אויך זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַנטקעגן אים אויף דער קאַנאַפּע. ער האָט געזען, ס׳האָט אין איר אויפגערייזלט די פאַרטייעטקייט. זי איז געזעסן, און די רייד זענען געפלאָסן פון איר — מילדע, פאַמעלעך. זיי זענען אינעווייניק אויפגעגאַנגען און זענען איצט אַרויס פון איר מויל ווייכע, וואַרעמע — אָן ווייטיק, ווי אָפּגעשניטענע פון נערוו.

זי האָט דערציילט, אַז די שכנים האָבן פון איר זיך אָפּגעקערט, ווען זי איז געבליבן אַליין; די נאָענטע האָבן זי פאַרלאָזט.

ס׳איז איר שווער, האָט זי געזאָגט, צו זיין אין דער דירה. זי קאָן נישט בלייבן דאָ. אַלץ אַרום דערמאָנט אַזוי אין אים.

ער האָט נישט געוווּסט, צי ער הערט דאָס פון איר, אָדער רעדט דאָס אַ קול אין אים. די רייד טויכן דאָרט אויף פון דנאָ. זי רעדט דאָס פון אים אַרויס. זי זיצט אין אים. ער האָט געפילט, דער קערפּער נידערט אים אַלץ שווערער אין דער שטול־ווייכקייט. ס׳האָט אים געגלוסט, זיך אַראָפּצולאָזן אויפן דיל, זיך אויסציען און לאָזן זיך דורכהילן פון אַ קילקייט.

— זי קאָן נישט שלאָפן אין דער דירה — האָט זי ווייטער אַרויסגערעדט — כ׳איז דאָ אומהיימלעך.

די קני זענען אים געווען שווער, ווי פרעמדע קני וואָלטן אין זיי געזעסן.

באַלד איז זי געווען אויסער אים; ווייט פון דאַנען, ווי אין אַ שפּיגל. איר קול איז צו אים דערגאַנגען, ווי פון אַן אָפּן אָפּגעשפּיגלט צימער אַרויס, וואָס די שויב, דער שפּיגל, איז אויסגעהאַקט. ווידער האָט אַ ליידיקייט אין אים ברייט זיך געשפּרייט, אים אַראָפּגעזויגט.

ער האָט געזען, ווי זי שטעלט זיך דאָרט אויף; זי באַוועגט זיך. זי נעמט פון פענצטער נאָענט צו אים דעם בליצלאָמפּ.

— קומט אַריין צום טיש; איך וועל גרייטן אָוונטעסן.

ער האָט זיך געטראָפן, ווי ער גייט; זי פירט אים, אַ שווייגנדיקע, צוריק, ווי דורך שמאָלע ווענט. זיי זענען געגאַנגען. צו ערשט זי — מיטן לאָמפּ איבער זיך, נאָך איר — מאַרישע מיט פּאַמעלעכע לייכטע טריט, און הינטער זיי — ער, אַן אויפגעריסענער פון דער שטול. זיי זענען אַרויס פון שלאָפצימער, אַריבער די קינדערשטוב, דאָס מיטלסטע קאָרידאָרל. זיי זענען געגאַנגען, ווי אַ פּראָצעסיע צווישן לאַבירינטן. די פינצטערניש איז הינטער זיי געבליבן פאַרמאַכט.

דער בליצלאָמפּ האָט ווידער געלויכטן איבער דעם טונקל־דעמבענעם טיש אין מיטן עסצימער. זיי זענען אַלע געשטאַנען אין דער זייט. דער קײַלעכדיקער זייגער אויבן האָט ווידער זיך צעקלונגען. דער ווייזער האָט געוויזן 8. וויפל מאָל האָבן פינגער, אין דער אָוונט־שעה, דאָ געוויזן אויף דעם ציפערבלאַט — 8! זי האָט מיטן פינגער אים געוויזן זיך זעצן אויף דער שטול, רעכטס. ער איז געזעסן אויף דינהס פּלאַץ. אויפן טיש איז געווען פאַרלייגט אַ ווייס טישטעך. עס האָט פון דעם זיך אָפּגעשלאָגן דער פלאַם פון לאָמפּ ביז אויף די ווענט. דער קליינער מאַרישען האָט זי געוויזן די שטול פון יענער זייט טיש. זי האָט זיך געזעצט אַנטקעגן אים — נישט אויף מרימלס אָרט, נאָר אויפן שטענדיקן פּלאַץ פון דער גרעסערער אסתר. איר שמאָלער גוף האָט די שטול נישט אויסגעפילט. זיינע און מרימלס שטולן האָבן געפעלט ביים טיש. דעם טאַטנס שטול, אויבנאָן — די לעצטע יאָרן לער — איז ווידער ליידיק, צובאַהאָפטן צום דיל. קיינער האָט אין איר זיך נישט אַריינגעלאָזט. ער האָט באַנומען, אַז די לעצטע יאָרן איז דאָ געזעסן נאָוויק. דעם טאַטנס שיכט איז אַראָפּגעפּרעסט.

פון דער מאַמעס שטול אַרויס, אַנטקעגן אויבנאָן — האָט פרוי נאָוויק צעשטעלט טעלערס. אירע הענט האָבן זיך ווייס געצויגן איבערן טיש. ער האָט דערשפּירט פאַר זיך שוואַרץ, אויפגעשניטן, ברויט מיט פּוטער און זויערמילך אין אַ גלאָז. אַנטקעגן זיך האָט ער געהאַט מאַרישעס קעפּל — יונג און שטאָלץ. פון איר פּנים האָט געווייעט אַ קינדישע טרויערקייט. אירע קליינע, בלוילעכע אויגן — נייגעריק. עס האָבן געפעלט מרימלס גרויסע ברוינע אויגן. ער האָט זיי נישט געקאָנט כאַפּן פאַר זיך. זענען זיי געווען שטילע? אָדער האָט ער דעמאָלט נאָך נישט אַרויסגעפילט די פאַרגענגלעכקייט פון אַלץ אַרום אים. אין געטאָ איז מרימל געוואָרן עלטער.

ער האָט געפילט דינהס אָרט אונטער זיך. זי האָט אויסגעזען, ווי איינע פון זיי דאָ; בלאָנד און שלאַנק — מיט גרינע אויגן. זי האָט געקאָנט זיך אויסמישן צווישן זיי און בלייבן. מען וואָלט זי נישט דערקענט.

ער האָט געוווּסט, אַז טויזנטער יידישע טעכטער האָבן געקאָנט פּאַרזוּנקען צווישן זיי. זיי האָבן געהאַט צעשפּילטע לייבער. עס האָט זיך אָבער געזעצט אין זיי דער דורותדיקער טרויער. זיי האָבן געגנידערט מיט זייער שטאַם. אַנדערע האָבן מיר פאַרלוירן. זיי זענען צעשפּרייט; זיי באַהאַלטן איצט זיך אויס אין פרעמדע בעטן. זיי האָבן נישט געוואָלט שטאַרבן.

ער האָט זיך איינגעהערט אין דעם געקלאַנג פון לעפל־גאָפּל ביים טיש. יעדער פּאַרטאָן אין זיין טעלער. זיי זיצן מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגנדעקלעך. מען הערט דאָס פּאַמעלעכע קנאַקן פון קינביינער. אויך ער קייט גלוסטיק. ער שלינגט מיט אַפּעטיט. ער איז הונגעריק. ער פאַרדייעט גוט די מאכלים. ער האָט געוואָלט איינהאַלטן דאָס קייען אין זיין מויל; נישט אַזוי גיך פאַרדייען. אָדער גאָר — שנעל אַראָפּשלינגען. עס האָט אים געדאַכט, ער נאַרט אָפּ דעם ביסן אין האַלדז. ער כאַפּט זיך נישט, אַז אַ ייד שלינגט אים. באַלד קאָן ער אים צוריקגיין פון מויל. ער האָט געפילט אַן איבל. די זויערע פּאַרע פון חזיר־קאָטלעטן האָט זיך געהויבן אונטערן סופיט.

פרוי נאָוויק האָט איצט גערעדט צו אים פון איר שטול אין דער זייט טיש. זי האָט אים אויסגעפרעגט, צי ער ווייסט וווהין מען האָט אַוועקגענומען זיינע באָענטע; צי זיין מאַמע איז נישט אָפּגעשטאַנען אין וועג? ווי אַלט מרימל איז געווען; צי דינה און אסתר האָבן זיך גענומען מענער אין פאַרמאַכטן געטאָ. די ענטפערס אין אים זענען געווען ווייט. ער האָט נישט געקאָנט דערגיין צו זיי.

זי האָט דערציילט, אַז לאַנגע חדשים האָט מען דאָ געפילט ריחות פון גופים. אויך די פרעסט, ווינטער, האָבן זיי נישט איינגעפרירט. גרופּעס נידעריקע מייז זענען געלאָפן איבער די לאַנגע ליידיקע גאַסן. ביי נאַכט האָבן קינדער מורא געהאַט צו בלייבן אַליין אין די הייזער. מען האָט געזאָגט, די טויטע יידן קומען אין זייערע היימען, דאַוונען. מענטשן זענען פרום געוואָרן — מיט תפילות זיי צו פאַרטרייבן.

ש. האָט געשלונגען גרויסע בלעכערנע לעפל זויערמילך. זי האָט אים געלאָשן דעם ברען אין די אינעווייניקסטע ווענטלעך פון גוף. אַ מאָל, אין די פאַרנאַכטן פון די הייסע זומער־שבתים, האָבן טויזנטער יידן דאָ זי געלאָזט, נאָכן מיטאָגשלאָף, אין די פאַרטריקנטע העלדזער. די מאַמעס האָבן די געזעצטע גלעזער אַרויפגענומען פון די קעלערס. מיט זייער קאַלטקייט האָבן גאַנצע משפחות זיך געקוויקט די גופים. איצט פליסט זי אַראָפּ אין פרעמדע בייכער. פאַר וואָס קומט פון דער גאַנצער זויערמילך גראַד דאָס גלאָז אין אים אַריין? זאָל ער עס אויסטיילן; איבער דעם בענטשן? און דאָס ברויט, די פּוטער — ווייסן זיי, אַז ער עסט זיי? באַקומען זיי זייער תיקון ביי אים אין מויל? וואָס איז געוואָרן פון יענע אַלע מאכלים, וואָס יידן האָבן דורך דורות געגעסן? זיי זענען געווען אַרויסגעוואָרפן. קינדער האָבן פון זיי געבליט אַן לעבן אין זיך; אַן דויערנדיקע זאַפטן. זיי זענען — נישט געוואַקסן, נאָר געוואָרן אויפגעבלאָזן. גרויסע גופים מיט לויזן אָטעם אין זיך — אָן נשמות. ניין, בלויז אָטעם — אָן גופים.

און די טאַטעס, די דורות מענער, וואָס האָבן זיך מתייחד־געווען מיט זייערע זיווגים? ווו זענען די שטראָמען, וואָס זיי האָבן אין די נעכט אַריינגעלאָזט אין די גופים פון זייערע אונטערטעניקע ווייבער? אין ערגעץ האָבן די שטראָמען נישט

געגרייכט. טויטע קינדער זענען פון זיי אַרויס, געשטאָרבענע אויף צוריק. אויסגעבריטע קינדער אָן מאַמעס זענען געקומען.

ער האָט געפילט, אַז דער באַשייד איז אייגנטלעך נישט בלויז פאַר אים, פאַר זיין אונטערגעהאַקטן שטאַם; ער איז פאַר אַלע דורות פון די מינים איבער דער ערד. ער טריפט אין יעדער רגע פון זייער זיין דאָ. אים, ש.ינען, ווי זיין שטאַם, האָט מען אויסדערוויילט, עס זאָל איבער אים אַדורך. ער ליגט אויסגעצויגן אויף דער ערד, און דער דויער — פליסט פּאַמעלעך איבער אים. איינער אַליין וועט ער שפּעטער אויסוואַקסן אין ווייטע טעג אַריין. ער וועט אַרומדרייען זיך אַ קלוגער, אַ בעסער פאַרשטייער, אַ פאַרשטומטער נביא פון זיין דור. ווו וועט ער דערמיט זיך אַרומטראָגן? וועמען וועט ער עפּעס זאָגן? און ווער וועט מיט אים זיך רימען? זיך גרויסן מיט זיין חכמה? — נישט מער די מאַמע, און קיינער נישט פון די אַלע, צווישן וועלכע ער איז אויסגעוואַקסן. פרעמדע וועלן אים הערן. און וועמען וועט ער אַליין עפּעס פרעגן, כדי צו וויסן? נישטאָ מער קיינער. די רייד וועלן אין אים זיך אַראָפּגליטשן, ווי בליי ביז צום דנאָ. זיי וועלן אינעווייניק אויף אייביק ליגן און אים בריען.

ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער זיצט דאָ מיט זיי און עסט געמיטלעך, איז אַריינגעצויגן אין זאַטער פאַרדרימלטקייט. מען הערט אין צימער נאָר די ליפּן־פּאַטשעריי. זיי קוקן אויף אים איצט מיט מער צוטרוי. באַלד וועלן זיי אים אַריבערציען צו זיך; ער וועט האָבן אַריבער, זיין איינער פון זיי. פרוי נאָוויק רעדט. זי גיסט טראָפּנס ווערטער איבער אים. זיי טריפן אין אים אַריין. די אברים ווערן אים פול אָנגעגאָסן. מאַרישע גיסט איצט דינע שטראָמען קאַווע אין די פאַרצעלייי־טעפּלעך. ער טרינקט. זי איז שטאַרק די קאַווע. אפשר האָבן זיי אין איר אַריינגעטאָן אַן אַלטן געטראַנק. די פיס זענען אים שווער. אפשר גיסן זיי דעם געדיכטן ווייַן פון קעלער. גומי־רערן פון אונטן זיצן אין אים. דער וויין פליסט דורך זיי. זיי וועלן אים איינשלעפן. וואָס וועלן זיי מיט אים מאַכן? ער האָט געוואָלט געבן זיך אַ שטעל־אויף, אַרויס אויף דער לופט.

באַלד האָט אים דורכגעבליצט אַ מחשבה: וואָס טוט ער דאָ ביים טיש? די פרויען זענען עס די, וועלכע האָבן געירשנט זיין לעבן, ווי קאָן ער דאָס פאַרגעסן? ווי אַ מאָנער האָט ער דאָ געדאַרפט זיך באַווייזן; שטיין פאַר זיי; מאָנען — נישט זיך, נאָר יענע אַלע, וואָס האָבן ערשט נישט לאַנג דאָ געאָטעמט. זייער ריח באַהאַלט זיך נאָך אין אַלע שפּאַרעס; ער שטראָמט אַרויס, נעמט אים אַרום דעם האַלדז. ער האָט געפילט, ער דאַרף אויסשפּרייטן זיך אויף דער ערד און איינציען טיף דעם ריח, אויסוועפּן פון גוף אַרויס די פרעמדע היץ, וואָס פילט אים אָן.

— ווי לאַנג זענט איר שוין נישט געווען דאָ, אין שטוב? — האָט פרוי נאָוויק געפרעגט.

— פינף יאָר — האָט ער געענטפערט פריי, אין דער לופט אַריין.

ער האָט דערשפּירט אַ זויערע סלינע אין מויל. זי האָט אים זיך געוויקלט אונטער דער צונג. ער האָט געשלונגען פאַרע. זי האָט זיך געהויבן פון טיש גלייך פאַר זיין פּנים. ער האָט געהאַט פאַר זיך דעם געפּרעגלטן חזיר־קאָטלעט. זייערע גאָפּלען זענען געווען פאַרשטעקט אין דעם חזיר־פלייש. די מעסערס האָבן געשניטן. זיי האָבן

געשלונגען פּאַמעלעך הייסע שטיקלעך. זיי האָבן זיי זיך געגליטשט אַראָפּ אין האַלדז. ער האָט געקוקט.

ער איז איצט געזעסן הויך. די הענט זענען אים געלעגן שווער אַראָפּ אויפן טישטעך. ער האָט זיי געהויבן אין דער לופט. ער האָט געפּילט. ער האָט שיר אויסגעדרייט פאַר זיך דאָס האַלבע טעפּל קאַווע. דער טיש איז געזונקען, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צווישן זיי נידעריק. ער האָט אין דער ליידיקייט פון דער מיט — געקוקט דרייסט אין פּנים פון פּרוי נאָוויק און פון מאַרישע. זיי זענען געווען אַזוי נאָענט צו אים. ער האָט געוווסט, ער זעט אַנטקעגן זיי אויס אומנאַטירלעך גרויס.

ער האָט געהאַט אַוועקגערוקט פון פאַר זיך דעם טעלער מיטן חזיר־פלייש. איצט מוז ער זיין אַ ייִד. זיי אַליין זענען נישטאָ. דעם גאַנצן עול פון זייער לעבן האָבן זיי געלאָזט אויף אים. פון אים דאַרף דאָס אויף ס'ביי זיך אָנהייבן.

ער איז געזעסן אַ געבויגענער, מיטן עול אויף די פּלייצעס. ער האָט געשפּירט, ער וואַקסט אין אים און פּילט אים אויס דעם אינגעווייד. ער וועט מער נישט קאָנען גיין לייכט, אַן אויסגעגלייכטער. עס ציט אים איין.

עס האָט אים געגלוסט, אָפּצורייניקן זיך און דעם אַרום פאַר זיך. ער האָט געווישט מיט דער האַנט דאָס טישטעך. עס האָט אים געדאַכט, באַלד וועט ער זיך איבערזעצן אין טאַטנס ליידיקער שטול אַריין, אָפּווישן פון איר, אונטער זיך, נאָוויקס שוווער־אַראָפּגעדריקטע שׂיכט. דאָס קישעלע זאָל, ווי אַ מאָל, ווידער אויפגיין פון אונטער דער איינגעפּרעסטקייט. ער האָט דערשפּירט, ער מוז עס טאָן. זיי וואַרטן אויף אים, אַלע שטולן. ער מוז אַזוי זיך איבעררוקן פון איינער אין דער אַנדערער אַריין.

דער גוף האָט אים שווער געצויגן אַראָפּ.

דער זייגער האָט זיך שאַרף צעקלונגען. דער ווייזער אויפן ציפערבלאַט האָט געוויזן 9. עס איז נאָך נישט שפּעט. ווי לאַנג זיצט ער דאָ? פון וואַנען איז ער געקומען?

ער האָט געזען, ווי די וואַגע שאָקלט זיך ברייט, מיט צאָרן — פאָרויס און אויף צוריק. זי וואָרטשעט אַראָפּ פון דער וואַנט, גלייך צו אים, ווי אַ הינטל, וואָס נעמט זיך אָן צו בילן, און באַלד — אַרויס „בים־באָם!". אין איין אויגנבליק האָט ער געוווסט, דער זייגער וואָרנט אים, ער דראָט. ער איז מער נישט זיינער. ער פּילט זיך דאָ היימיש אין דעם געמיטלעכן הויז. אויף דער טיש, די שטולן — אַלץ. זיי האָבן פון לאַנג שוין אַנטווײנט זיך פון יענע טעג. ער ברענגט זיי ווידער פּחדים.

דער קלאַנג פון זייגער נידערט אין אים. און אפשר אַליאַרמירט ער דאָס אַרויס אין דער פינצטערער נאַכט, ווי אַ וואָרענונגס־גלאָק: „ער איז געקומען! דאָ איז ער דאָ!".

אין דרויסן וואַרטן געשטאַלטן. מען הערט זייערע קולות, פון ווינט אַרויס, פון הינטער די ווענט. זיי שפּאַרן זיך אַהער; ווילן אים. באַלד וועלן די היימישע טירן זיך צעעפענען, אים אַרויסגעבן.

אַלע קעלערס האָבן פאַרראַטן.

אַלע טירן — זיך געשלאָסן.

אַלע מענטשן — אויסגעדרייט.

אַלע זייגערס — געדראָט.

עס האָט אים געגלוסט, צו זינגען פאַר זיך אַ ליד, זיך איינצוּווּיגן דאָ ביים טיש.

ער האָט געוווּסט, ער האָט מורא אַרויס אין דער נאַכט. ער וויל נישט, מען זאָל דאָס דערקענען אויף אים. עס קאָן אים פאַרשלינגען.

פון דער פינצטערניש אין דרויסן האָבן איצט בולט זיך געטראָגן מוזיק־טענער, האָבן געצויגן צו זיך. לוסטיקע טאַנץ־מוזיק. פאָרלעך באַוועגן זיך צום טאַקט. די טענער רופן. די יידישע פאָרלעך זענען מער נישטאָ. בלויז זייערע פיס טאַנצן נאָך, באַוועגן זיך. די מוזיק איז אָפּגעטאָן, איז פון זיי אַוועק. זיי טאַנצן אין דער לערקייט. זיי וואַרטן אויף אים. ער דאַרף אַרויס, אַריינגעצויגן ווערן אין דעם געווירבל.

ס׳איז שוין געווען נאָכן נאַכטמאָל. ער האָט איצט געזוכט ווערטער צו רעדן צו זיי. אויף אַ סך פראַגעס פון פרוי נאָוויק האָט ער געדאַרפט ענטפערן.

פלוצעם האָט ער געגעבן אַ זאָג — שנעל, נאָך איידער ס׳איז אים קלאָר געווען דער מיין:

— כ׳וויל נישט אַרויס; כ׳וויל דאָ איבערשלאָפן, נאָר די איינע נאַכט.

אין די שטובן אַ געדיכטע פינצטערניש. זי הייבט זיך פון אונטן אַרויף; ער ליגט אין איר נידעריק, טיף. ער ווייסט נישט, ווי שפעט ס׳איז; צי איז ער געשלאָפן. ער האָט געטאַפּט מיט די הענט דאָס נידעריקע אייזערנע בעט אונטער זיך; געשטעקט דעם גוף אין דער פריש־שטייפער קיל פון בעטגעוואַנט. ער איז זייער לאַנג; דער קערפּער אין דער מיט איז אים פרעמד, ווי נישט זיינער; די פיס זענען ווייט פון אים. ער האָט זיך געצויגן אַראָפּ, צום באַריר פון יענע יאָרן, געשטופּט די פיס אין דער טיף, ביזן סוף. דורך די שטאַכעטלעך פון אייזערנעם ווענטל האָט ער באַקעטע זיי אַרויס־געשטעקט פון יענער זייט. די סטאָפּעס זענען אים אָפּן, הייס. זיי קלאַמערן זיך צו אַ קילער זאַך. די קילקייט לויפט אים אַרויף אין קערפּער. ער האָט געדענקט, ער ליגט אין עסצימער; די פיספינגער רירן אָן דעם קיל־גליטשיקן פורניר פון דער קליידערשאַנק — אין איר זייט. זי האָט פאַרנט ברייטע טירן; אין דער נידער, אונטער זיי — טונקל־שווערע שופלאָדן.

די אויגן זענען אים אָפּן. ער האָט געוואָלט זיך דערמאָנען, אין וועלכער זייט ס׳איז דאָס פענצטער; צי ליגט ער מיטן פּנים צום חלל פון צימער, אָדער צו דער וואַנט? די לאָדנס זענען פאַרמאַכט, די טירן פאַרריגלט, אַלץ אַרום — פעסט געשלאָסן.

אין דרויסן גייט מען היינט אַ גאַנצע נאַכט. איינצלנע טריט אויפן הויף. זיי דערנענטערן זיך. און אפשר איז עס אויף דער גאַס. הינט בילן פון דער נאָענט. מען הערט זייערע ווייכע פיס לויפן. זיי דערווייטערן זיך.

די טירן פון דאַנען צום קאָרידאָרל, און פון דאָרט, דורך דער קינדערשטוב, אין שלאָפצימער אַריין, זענען אָפּן. די פינצטערניש, ווי איין געדיכטער וואָלקן — שפרייט זיך איבער אַלע צימערן. זי קומט ווי פון אונטן, פון דעם קעלער, אַרויף. דער דיל אין

דער מיט איז נישטאָ. איין שטיק איינגעגליווערטע תהום־שוואַרצקייט. ער וועט זי מיט זיך שניידן, שפּיציק זי דורכשטעכן. ער האָט אין איר געשטרעקט די האַנט; זי געשניטן זייטיק מיטן שאַרף פון גוף. די האַנט האָט זיך פאַרהאַלטן אין דער וואַנט. וואָס איז דער קאָפּ אים אַזוי גרויס, אַזוי הויל פון אינעווייניק?

ער האָט זיך איבערגעדרייט אויף דער אַנדערער זייט. שאַרכט ער נישט מיטן בעטגעוואַנט? זאָל ער אַראָפּלאָזן די פיס? ער וועט זיך אויפשטעלן, טאַפּן פאַרויס מיטן גוף אין דער פינצטער, שפּרייזן שטיל איבער די צימערן. שלאָפן זיי דאָרט אינעווייניק; אָדער וואַכן זיי, האַלטן איין דעם אָטעם?

ער האָט געפילט, דאָס קישן אונטערן קאָפּ דרייט אים זיך פּאַמעלעך — אין אַ ראָד. דער קאָפּ אין דעם איז שווער פאַרזעצט, אין אַ קיילעכדיק גריבל.

וואָס פאַר אַ נאַכט איז היינט? וואָס טוט זיך אין איר? איז אַ יום־טוב אין שטאָט? מענטשן שלאָפן נישט.

ער האָט זיך איינגעהערט. אין דער נאָענט האָט אַ קינד געוויינט צווישן ווענט. עס האָט דין געצויגן. עס וויינט אַזוי לאַנג. איז עס מיט דער מאַמען? פאַר וואָס הערט עס נישט אויף; זי נעמט עס נישט איין? און אפשר איז דאָס אַ געיאָמער פון קעץ? אין די נעכט וויינען זיי אויס זייער טאָג־שטומקייט.

פון דעם וויטן שלאָפצימער האָט אַ שנאָרכן שטיל זיך איינגעשרויפט אין דער פינצטערניש. אונטערן דינעם שנאָרך האָט זיך געוויקלט אַ ברייט וואַרעם אָטעמען. עס האָט דערגרייכט אַ געשורש פון פרישן בעטגעוואַנט.

אַ רגע האָט ער, דורך די יאָרן אַדורך, קלאָר געהערט פון דאָרט דער מאַמעס שנאָרכן, איר קרעכצן, די לעצטע יאָרן, אין די נעכט, פון שלאָף אַרויס. אויך דעמאָלט איז ער געשלאָפן אויף דעם אָרט, אין עסצימער. ער האָט געוווסט, דאָס שנאָרכן איצט איבער די צימערן איז מער נישט אירס.

דאָס קינד איבער די ווענט האָט אַלץ געוויינט. פאַר וואָס הערט עס נישט אויף?! די טרערן פילן אים אָן די קאָפּ־הוילקייט.

און אפשר וויינט עס אויס די טרערן פון יענע קינדערלעך, געפירטע אויף וועגן. פרעמדע האָבן זיי אַרומגערינגלט. די עלטערן זענען מער נישט געווען דערביי. מען האָט זיי אָפּגעריסן. זיי האָבן נישט געהאַט צו וועמען צו רופן. מען האָט זיי געזאַמלט אין לאַנגע קאָרידאָרן. אַרום, אויף מרחקים, האָבן דראָטן אַלץ אַרומגענומען. די שטוב איז געבליבן וויט. זיי האָבן פון די צימערן אַרויס געהערט געוויינען פון אַנדערע קינדער, און זיי זענען נאָך מער איינגעשוויגן געוואָרן; נאָר ערשט, ווען מען האָט זיי איינצלווייז, פאַר די הענטלעך, אַריינגעפירט אינעווייניק צווישן שווייגנדיקע גרויסע מענטשן, אין ווייסע פאַרטעכער, און געלאָזט זיי צווישן זיי — איז אין זיי אויפגעגאַנגען אַ געוויין. עס האָט זיך געשניטן אין ליידיקן חלל. זיי האָבן געפילט די טויטנאָדלען, וואָס יענע שטעקן אין זייערע קערפּערלעך אַריין. זיי האָבן אויפגעיאָמערט, נאָר זייער געוויין איז פאַרשטומט געוואָרן.

דאָס קינד דאָ וויינט שוין נישט. עס איז שטיל. די מאַמע האָט עס איינגעשטילט אין אירע אָרעמס. אָט אין דער רגע צעגייט זיך עס די מוטערלעכע וואַרעמקייט אין אַלע אברימלעך. עס דערשפּירט די זיכערקייט. באַלד וועט עס זיס איינשלאָפן.

זייער געוויין וועט בלייבן בלויז אין אים — אַן איינגעפּענטעטע קנויל. ווו ער וועט גיין — וועט ער זי טראָגן אין זיך. זי וועט ליגן אין אים, אין אַ לאַגל, ביז עס וועט אויפּפּלאַצן, און די טרערן וועלן אים פֿאַרפֿלייצן.

ש. האָט זיך דערפֿילט קליין, אַ קינד, וואָס ליגט אין זיין בעטעלע — די לעצטע נאַכט. ווו וועט ער גיין? ווער וועט אים איינגעמען? צו אַלע מאַמעס איז ער שוין מער נישט קיין קינד.

אומעטום — אַ פֿרעמדער גליד.

ער האָט געוווּסט, ער איז נאָך יאָ אַ קינד, אַ קליין קינד, וואָס מען האָט פֿון אים אַוועקגעריסן די מאַמען. ער דאַרף זי צוריק, איינטוליען אין איר דעם קאָפּ. ער קאָן אָן איר נישט זיין. צו וועמען וועט ער צוריקקערן פֿון אַלע וועגן?

ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ווען זי האָט אים געדאַרפֿט, אין אירע לעצטע שעהען — איז ער נישט געווען. זי איז געבליבן אַליין. מען האָט די אַלטע לייט, ווי פֿאַרבלאָנדזשעטע קינדער, געפֿירט — ווייט, ווייט.

ש. האָט ווידער זיך איינגעהערט אין דעם שטילן אָטעמען פֿון שלאָפֿצימער. דער מאַמעס שנאָרכן פֿעלט דאָרט.

עס האָט פּאָר אים אויפֿגעוואַכט יענע נאַכט דאָ, ווען פֿון שלאָף אַרויס האָט אים געוועקט אַ פּלוצעמדיקע שטומקייט; דער מאַמעס אָטעמען האָט זיך נישט געהערט. געשווינד איז ער אַראָפּ פֿון בעט, האָט געמאַכט ליכטיק. ער איז אַריין און האָט זי געטראָפֿן ליגן מיט אַן אָפֿן מויל, ווי ביי אַ טויטן פֿיש. זי האָט נישט געאָטעמט. ער האָט זיך אַריבערגעבויגן, צוגעלענט נאָענט דאָס אויער. זי איז געווען פֿאַרמאַכט, אין זיך אַריין; ווייט פֿון אים, אַוועקגעצויגן. אַלץ ווערט אָפּגעהאַקט. ער האָט דעמאָלט צום ערשטן מאָל דערפֿילט, זיין גאַנצער גוף איז פֿול מיט טרערן, צו וויינען איבער איר, הויך אויפֿן קול. ער האָט לייכט זי געוועקט, זי געצויגן אויף צוריק. רגעס האָט דאָס געדויערט. אין גאַנצן איז ער אין זיי געווען צוזאַמענגעלייגט. ער האָט מיט דער האַנט גערירט איר אָרעם. זי האָט פּלוצעם אָפּגעציטערט, און געעפֿנט גרויס די אויגן. זי האָט געקוקט צו אים. „רשע!" — האָט זי אים גערופֿן. ער האָט זי אַרויסגעריסן פֿון שלאָף. זי האָט, נאָך לאַנגע שעהען שלאָפֿלאָזיקייט, געהאַט איינגעדרימלט — מיטן צער פֿון איר אלמנהשן לעבן אַ גאַנצן טאָג. אַלע אירע יסורים האָט זי איצט איבער אים געשיט. ער איז צוריק אַריין דאָ, אין בעט. אירע קרעכצן האָבן שפּעטער נישט אויפֿגעהערט צו טריפֿן אים אין דרימל.

פֿון דעם שלאָפֿצימער פֿאַרנעמט מען מער נישט דאָס דינע שנאָרכן. עס איז שטיל. זיי דאָרט האַלטן איצט איין דעם אָטעם. די שטילע מינוט פֿאַרקראַמפּט אַלץ, ווי אַ פֿויסט. זי לאָזט גאָרנישט פֿון זיך אַרויס.

איצט ווייסט ער, אין יענער נאַכט האָט ער צום ערשטן מאָל דערפֿילט זיין פֿאַרלירן זי. זי האָט דעמאָלט אויף שטענדיק אויסגעשלאָסן אים פֿון זיך, פֿון איר פֿאַרטיליקטן נאָכשטאָם.

ווידער האָט ער פֿאַרנומען דעם שאָרך פֿון פֿריש־שטייפֿן בעטגעוואַנט. עס רייצט אים די נערוון־פֿעדעם. שלאָפֿן זיי דאָרט אַלץ נישט?

ער האָט זיך אויסגעדרייט אויף דער אַנדערער זייט; איינגעצויגן די פיס אונטער זיך. ער וועט זיך פֿאַרדעקן מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ. דאָס געשאָרך פּאַלט ווי הוילע שטיינער אין קישן.

דאָס דינע רוישן דרינגט אים אַדורך צו די אויערן. דאָס איז דער שטילער געשורש פֿון שטייף־קלאָרע ציכלעך; דער רויש פֿון פֿרישן בעט־איבערציעכץ. ווידער וועקט זיך אין אים דער זכרון. זיי, די קינדער, זענען אין דעם געקראָכן אין די יום־טוב־בעכט. ער און מרימל פֿלעגן נאָכן עסן אַרומפּאַטשן און שווימען אין דער בעטגעוואַנט־קילקייט. פֿאַר וואָס שלאָפֿן זיי דאָרט נישט? האָבן זיי מורא איינצודרימלען? שרעקן זיי זיך פֿאַר אים? אפֿשר הערן זיי אים דאָ זיך דרייען אויפֿן געלעגער?

ער האָט זיך פֿאַרטוליעט, איינגעהאַלטן דעם אָטעם. ער וועט ציילן ביז הונדערט — איינצודרימלען. פֿאַר וואָס שלאָפֿט ער נישט? דער קאָפּ איז אים אַזוי מיד. ער דאַרף אים ערגעץ אַריינשטעקן, האַלטן אים אין אַ וואַנט. אַלץ אַרום אים זאָל טויב זיך שליסן.

פּלוצעם האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער איז שוין אָפּגעווינט פֿון ליגן אין אַזאַ געלעגער. ווי לאַנג איז ער שוין נישט געשלאָפֿן אין אַ בעט?! ביז איצט האָט ער גענעכטיקט אויף די וועגן — נאָך יאָרן איבער די האַרטע נאַרעס אין טאָל. עס איז אים דאָ צו ווייך.

ער האָט געדענקט, דאָס איז געווען מיט עטלעכע יאָר צוריק, חדשים נאָכן אויסלײדיקן דאָס געטאָ, די מאַמע, דינה, אסתר און מרימל — אויך זיין ברודער מאיר אין פּאַריז — אַלע זענען מער נישט געווען. ער אַליין איז געהאַלטן געוואָרן אין לאַגער צווישן די לעצטע הונדערט יונגע מענער. ס׳איז געווען ווינטער, אַ פֿראָסט. אין דרויסן האָט אַ ווינט געריסן די וועגן, די פֿעלדער; געפֿרוירן די שפּיצן פּיספּינגער, די בייכער אונטער די העמדער. די האָר אין די נאָזלעכער זענען ווייס פֿאַרשטייפֿט געוואָרן, ווי דינע שניי־דרעטלעך. מען האָט זיי דעמאָלט געפֿירט איבער די וועגן. אין די הענט — לאַנגע געפֿרוירן־בריִענדיקע אייזנס — צו האַקן מיט די שפּיצן דאָס אייז פֿון די איינגעשטייפֿטע שאָסייען; און רידלס — אויף אַראָפּצושאַרן די געדיכט־בלויע שניי־געוואַנטן פֿון די סטעזשקעס. דער פֿראָסט האָט געבריט די אויערן, איז פֿאַרגאַנגען הינטער די נעגל, אונטערן האַרץ. ער איז וואַרעם אויפֿגעגאַנגען אין בויך און אינעווייניק צעלאָזט אַלע פֿליסיקייטן. זיי האָבן הינטן זיך געגאָסן, שיטער־גליטשיק אין די הויזן, וואָס זענען באַלד פֿאַרשטייפֿט געוואָרן, ווי קאַלטע בלעכן. אין די אָוונטן האָט מען זיי צוריק געטריבן אין די באַראַקן. די פֿריטשעס מיט די קאַלטע ברעטער האָבן זיך געהויבן ביזן באַלקן — איינע איבער דער אַנדערער. זיי זענען איבער זיי געקראָכן און האָבן זיך אויסגעשפּרייט מיט די געפֿענטעטע קליידער אויף זיך. ביי נאַכט האָט פֿון די וואַרעמע אָטעמס געלאָזט דער פֿראָסט און עס האָבן פֿון זיי גענומען טריפֿן טראָפּנס. מען איז געלעגן אין ווייך־קלעפּיקע קאַלוזשעס, און פֿאַר טאָג, ווען דער פֿראָסט האָט ווידער זיך געשטאַרקט, זענען פֿון די הילצערנע נאַרע־ראַנדן אַרויסגע־האַנגען געלבלעכע אייז־צאַפּנס, ווי אָפּגעשטאָרבענע פֿינגער פֿון פֿאַרפֿרוירענע. וואָכן האָט דאָס זיך געצויגן.

און דעמאָלט איז עס איין מאָל געשען: אין אַ פֿאַרמיטאָג־שעה, ווען זיי זענען ווידער געשטאַנען אויף די אָפֿענע וועגן מיט די אייזן־שטאַנגען צווישן די פֿינגער,

און געזעצט אַרויף־אַראָפּ אין די אייזיקע שאָסיי־פּעלן — האָט ער פּלוצעם דערפילט, ווי אַ פיבער נעמט אים זיך שפּרייטן אין גוף; די היץ קריכט אַרויס און וויקלט אַרום אים הייסע נעפּלען. עס האָט אים זיס געשווינדערט אין די קני׳ען. זיי האָבן אים געבראַכן, ווי ער וואָלט ווידער זיין אַ קינד. מיטן נעפּל אַרום קאָפּ איז ער געגאַנגען, ווייט, ווייט. מען האָט פון הינטן — אין דעם נעפּל נישט נאָכגעשאָסן. פון פאָרנט האָט מען אים נישט פאַרהאַלטן. ער האָט געשטעלט שיכורע טריט, ביז ער איז שטיין געבליבן פאַר אַ הינטערשטאָטיש הייזל. מיט די פאַרבויגן־פאַרירנדיקע פינגער האָט ער אָנגעקלאַפּט אין אַ שווער־אָנגעדראָלענער טיר. אַ הויכע, דאַרע זקנה, מיט דינע שיטערע האָר, העל־גרינע אויגן און צוויי לאַנגע ציין פאָרנט אין מויל, האָט געעפנט. ער איז געשטאַנען איבער דער שוועל פון אַ קליין צימערל מיט ליידיקע נאָסלעך־הילצערנע ווענט. אין קאָפּ האָט אים הייס זיך געפּלאָנטערט, אַז מיטן קומען איבער איר שוועל, ברענגט ער איר דעם טויט. זי איז פאַר אים געשטאַנען, אָנגעלענט אויף אַ שטעקן. „ווער ביסטו?" האָט זי געפרעגט. „אַן אַנטרונענער ייד" — האָט ער געזאָגט. „ווי קומט אַ ייד צו אַן אַלטער נקבה?" — האָט זי געפרעגט, און האָט אים דורכגעלאָזט.

אין דרויסן האָבן דער ווינט און דער שניי געריסן די ווענט פון דעם הייזל, האָבן ווייס פאַרשיט די פענצטער. זי האָט אונטערגעצונדן האָלץ אין אייזערנעם אייוועלע מיט די בלעכענע רערן אויבן־אַרויף; אַ פייער האָט אין דעם געענומען קנאַקן, און ווען די וואַרעמקייט האָט אויפגערוישט צווישן די ווענט — האָט זי אים אַוועקגעזעצט. זי האָט פון אים אַראָפּגעצויגן די פאַרבלעכטע קליידער. אַ נאַקעטן האָט זי אים אַריינגע־שטופּט אין איר אַלט אייזערן בעטל ביי דער וואַנט. זי האָט זיך אַראָפּגעבויגן און אויף אים אָנגעוואָרפן אַלטע קישנס און איבערבעטן — ביז אַריבערן קאָפּ. ער האָט אונטער זיי געציטערט פון קעלט און פיבער. אַ צאָן אין אַ צאָן האָט אים געקלאַפּט. ער האָט בלויז געהערט, ווי זי פאַרמאַכט די טיר פון יענער זייט, הענגט איבער איר אַן אַ שלעסל און גייט אַוועק. אַ פאַרטוליעטער אונטערן טונקעלן בעטגעוואַנט האָט ער דעמאָלט צום ערשטן מאָל באַנומען, וואָס עס הייסט ליגן אין אַ בעט. ער האָט געשווינדערט פון היץ און איז געווען זיכער, ער וועט דאָס שוין קיין מאָל מער נישט האָבן.

איצט איז ער געשפּרייט דאָ, אין אַ ריין, וואַרעם בעט, וואָס איז אַ מאָל געווען זיינס. מער וועט ער אין דעם שוין נישט ליגן. אין דעם בעט פלעגט ער אַ מאָל אַזוי געשמאַק שלאָפן. אַלע קינדישע חלומות האָט ער אין דעם קישן אויסגעחלומט.

ווען ער קאָן כאָטש נאָך איין מאָל דאָ זיס שלאָפן, איינשלאָפן טיף!

ניין, ער וועט הייגטיקע נאַכט נישט שלאָפן. אויף דער וואַך וועט ער איבערחלומען אַלע זיינע זכרונות. אין דער פינצטער גייען זיי אים פאַרביי, ווי אויף אַ פילמטאַשמע.

ער האָט ווידער געהאַלטן אָפן די אויגן אין דער חשכות אַריין. ער האָט זיי געשלאָסן. די אויגנלעדלעך זענען אים צו. ער האָט נאָך געצויגן די פּיס אַריבער די בעט־שטאַכעטלעך פון דער אַנדערער זייט. די שאַנק־פורניר אין דרויסן האָט אים אַ קיל־געטאָן די סטאָפּעס.

ער האָט זיך איינגעהערט און געוווּסט, אַז דאָס דערגייט צו אים — נישט דער רויש פון קלאָרן בעטגעוואַנט אין ווייטן שלאָפצימער, נאָר דאָס איז דער געשורש פון דעם שטייפן געצייג אין זיין אייגן בעט דאָ. דאָס שאָרכט אים אונטער די אויערן.

ער האָט זיך אָנגעגומען מיט דער האַנט דעם דופק, און געהערט ווי ער קלאַפּט דין שנעל, ווי זיך צו באַהאַלטן אין אים אַליין.

אַ רגע האָט אים געדאַכט, ער פאַרנעמט דעם אָטעם פון אַ לעבעדיק וועזן, וואָס אָטעמט מיט אים, דאָ דערנעבן. עס פאַרהאַלט מיט אים דעם אָטעם און לאָזט אים נאָך. עס איז שטיל, ווען ער איז איינגעהאָרכט. ווי אַ פּאַרטייעטע גרויסע חיה איז עס באַהאַלטן אונטן. ער האָט אָנגעשפּיצט דעם געהער. ער האָט געפילט, עס איז איינגעשרומפּן. ער האָט געוואָלט שטעקן אַראָפּ צו דעם די האַנט, אָנרירן פּלוצעם דעם גוף. די דלאָניע האָט עס נישט דערגרייכט. זי איז געבליבן אין דער לופט.

ער האָט מורא געהאַט, עס זאָל אים נישט אָנרירן דעם נאַקעטן פוס, פון דרויסן. ער האָט אים פּאַמעלעך אַריינגעצויגן אונטערן בעטגעוואַנט.

און מיט אַ מאָל האָט ער באַנומען, דאָס שטראָמט צו אים אַרויס דער אָטעם פון דער מאַמעס ווייסער לייוונט, וואָס ליגט פאַרשטעקט אין דעם שווערן שופלאָד פון דער שאַנק, אונטן. זי לאָזט אים דאָס די גאַנצע צייט נישט איינשלאָפן. זי שורשעט צו אים דורך דעם שטייפן בעטצייג פון אַרום, שטרעקט צו אים איר געשאָרך. ער האָט געזען אירע ווייסע שטראַלן פון אונטן אַרויף. דער פחד איז נאָך אין אים פון אַ מאָל, פון זיין קינדהייט.

געשען איז עס דעמאָלט, ווען ער און מרימל זענען נאָך געווען קליין. אין אַ פאַרנאַכט, בעת די מאַמע איז אין שטוב נישט געווען — זענען זיי ביידע צו צום שופלאָד. זיי האָבן אים אויפגערוקט, אַרייגעשטעקט די הענטלעך, און זייערע פינגער האָבן זיך געגליטשט איבער אַ גלאַטיקער קילקייט. באַלד זענען זייערע אייגעלעך געווען פאַרשטעקט אין דער טיפער לייוונט־פרישקייט. זי האָט צו זיי אַרויפשעמערירט ווייס־בלוילעך. זיי האָבן נישט געוווסט, וואָס דאָס איז — נאָר זיי האָבן שטום באַנומען דעם סוד פון דער מאַמעס אלמנהשאַפט, וואָס זי היט אים דאָ אַזוי.

יאָרן נאָך דעם האָבן זיי ביי נאַכט מורא געהאַט צו בלייבן אַליין אין דעם צימער, און ערשט ווען ער איז גרויס געוואָרן — האָט ער געוווסט דעם באַדייט. ווען ער איז צום ערשטן מאָל דאָ געשלאָפן — האָט אים געדאַכט, ער ליגט נעבן דער מאַמעס קבר. זי גייט אין דער פינצטער אויף פון דעם שופלאָד — אַ געוויקלטע אין די ווייסע לייוונטן.

איצט האָט ער געוווסט, אַז ווען מען האָט זיין מאַמע געטריבן פון געטאָ — האָט זי די תכריכים נישט געהאַט אויף זיך. איר לייב אונטער די קליידער איז געווען באַקעט. זי האָט נישט באַוויזן זיי צו נעמען. אירע ביינער, פון דער דינער דורכזיכטיקער הויט אַרויס — זענען ערגעץ געבליבן ליגן צעשאָטן.

אַ רגע האָט ער זיך געכאַפּט, ניין, דאָס איז נישט דער געשורש פון קלאָרן בעטגעוואַנט, וואָס רעגט אים אַזוי. דאָס פאַרנעמט ער דעם געפּלאַטער פון ווייסע ליילעכער אויף שטריק — אין דעם נאַכטיקן דרויסן. דער דראָבנער גוף פון דער מאַמען פּעלט אין זיי. דער ווינט קלאַפּט אין דער הענגענדיקער וועש. דאָס טאַנצן אין דרויסן, נישט די פיס פון די יידישע פאַרלעך, וואָס די מוזיק איז פון זיי אָפּגעטאָן, נאָר די יידן פון דעם הויף; זיי דרייען זיך אין דעם געווירבל; זיי קומען אַהער צוריק אין די נעכט, זוכן זייערע אברים, פאַרלוירענע אין די וועגן. זייערע שטומע

קולות בלאָזן דין אין דרויסן. באַלד וועלן זיי זיך דערנענטערן, אַריינקוקן צו אים דורך דער שויב. אפשר זאָל ער אַרויס, זיך אַריינדרייען צווישן זיי.

די הענט זענען אים געהאָנגען אין די זייטן פון בעט. זיי וויגן זיך פריי אין דער לופט. עס פעלן קייטעלעך אויף זייערע געלענקען. ער וועט איצט אַראָפּ שטיל, אויף די שפּיצן פינגער; ער וועט צו, אויפרוקן דעם שופלאָד; ווידער אַריינשטעקן די הענט. ער האָט געוווּסט, ער וועט דאָרט טרעפן אַ ליידיקייט.

ער האָט מיט די פינגער געמישט די פינצטערניש, זי געפּלאָנטערט, לויז געמאַכט. ער האָט זי געוואָלט אָוועקשאַרן, דורך איר דורכקוקן.

ער האָט איצט געוווּסט אויף זיכער, זיי דאָרט שלאָפן נישט. זיי זענען איינגע־האָרכט. די מוטער האַלט פאַרוויקלט אין זיך דאָס טעכטערל. זיי ליגן ביידע אין איין בעט אַרומגענומענע — איינע אין דער אַנדערערס אָרעמס. זיי זענען וואַך. דער אָטעם אין זיי — איינגעשראָקן.

ער האָט געוואָלט אַראָפּ, אומקערן זיי די רו, וואָס ער האָט פון זיי, היינט אַ גאַנצן אָוונט אַרויסגעזויגן. מיט די אָרעמס זי צו זיי אַריינבלאָזן. ער אַליין וועט בלייבן פון הינטן, איינגעקילט אין דער פינצטערניש.

ס׳איז אים איצט קלאָר געווען, אַז זי האַלט דאָרט, ביי זיך אין בעט, דאָס טעכ־טערל — ביי דער וואַנט. זי שיצט זי הינטער זיך. אַליין ליגט זי פאָרנט מיטן פּנים צו דעם חלל פון צימער. זי איז זיכער, ס׳האָט אויף איר זיך אַראָפּגעלאָזט די יידישע נקמה. זי האָט זי דערגרייכט. אָט שטרעקן זיך זיינע לאַנגע הענט, פון דער פינצ־טערניש אַרויס צו איר; פינגער וועלן ווערגנדיק זיך איינקלאַמערן אין איר האַלדז. זי האַלט דאָרט אירע אָרעמס פאָרויס, אין דער לופט — גרייט אים אָפּצושטויסן, זיך צו ווערן קעגן שטיקנדיקן טויט, וואָס נעמט זי אַרום. זי זוכט איר קול פון זיך אַרויס; עס זינקט אין איר אַראָפּ, צו דעם דנאָ. זי וועט עס נישט קאָנען אויפברענגען, אויפ־שרייען.

ער האָט געוואָלט אַראָפּ, שוין; שטיל, פּאַמעלעך, צו צו איר. זי באַרויִקן, זי זאָל זיך נישט שרעקן. עס דראָט איר נישט קיין סכנה. ער איז געקומען נישט ווי אַ נקמה־נעמער. זאָל זי זיך איינשטילן. ער וועט זי בעטן. ער גייט שוין אָוועק. ער וועט זיך אָנטאָן און אַרויס.

ער האָט אָבער געוווּסט, איר שרעק גרענעצט זי אָפּ. ער קאָן צו איר נישט אַריבער. ער וועט נישט דורך. זיינע באָרוועסע טריט וועלן אויפוואַרפן איר גוף. איר לייב וועט אַנטקעגן אים אויפיאָמערן. דער געיאָמער וועט אים אָפּוואַרפן אויף צוריק, ער וועט צו איר נישט גרייכן.

פּלוצעם איז ער געווען זיכער, אַז איר טעכטערל איז נישטאָ ביי איר זייט. זי וויל זי נישט האָבן ביי זיך. זי ליגט אַליין אויף. זי שלאָפט נישט. איר קערפּער וואַרט אויף אים, צעעפנט, גרייט.

ער האָט דערפילט, די כוואַליע היץ, וואָס שטראָמט פון איר געלעגער. זי האָט, ווי אַ נעפּל, אויף אים זיך אָנגערוקט — אין איין רגע.

עס האָט אים אַ צי געגעבן, שנעל אַראָפּ, באָרוועס — מיטן קורצן העמד איבער די קני. זיינע באַזלעכער האָבן אויפגעשנאַפּט.

ער איז געזעסן אין בעט. ער האָט געהערט זיין אייגן שווער אָטעמען. ער האָט עס נישט געקאָנט איינשטילן. ער האָט פאַרנומען איר הייסן אָטעם, וואָס שניידט זיך אַריין אין זיין אָטעמען ווי אַ זעג. איר גוף פריַיכט דאָרט פון דער משא, וואָס שפּאַרט אין איר — מער נישט צום פאַרטראָגן. ער מוז קומען, שוין — זי באַפרייען.

אַ רגע האָט ער באַנומען, אַז צווישן אים און איר טיילט גאָרנישט פאַנאַנדער — נישט דער חלל, נישט איר נאַכטהעמד, וואָס עס בלאָזט אונטער דעם אַ הייס ווינטל; אפילו נישט דער אָטעם מער.

ווען ער האָט אַראָפּגעלאָזט די פיס פון בעט — האָט ער פלוצעם געוווּסט, אַז דאָס איז נישט די מוטער. דאָס ליגט גאָר דאָרט אויף, די קליינע מאַרישע. איר גופל בריט עס אַזוי פריש, הייס ביז אַהער. זי קאָן נישט איינשלאָפן. צום ערשטן מאָל דרינגט אין איר אַריין דאָס ברוסטיקע אָטעמען פון אַ פרעמדן מאַן דאָ אין שטוב. זי שווימט מיט פאַרמאַכטע אויגן, אַן אויסגעצויגענע אין בעט.

אַ פרישע כוואַליע האָט אים פאַרגאָסן די שלייפן. ער איז געבליבן צוגעבריט צום אָרט. עס האַלט אים. נייַן, ער מוז וואַרטן ביז די מוטער וועט פאַרנומען ווערן אין שלאָף; ווען איר שנאָרכן וועט זי אָפּשיידן. ער וועט דאַן אַראָפּ, אָנבעמען די קליינע פאַרן הענטל, שטיל, און זי פירן דאָ אַהער, מיטן קורצן העמדל איבער די בריַענ־דיקע קני.

ס'איז אים באַפאַלן אַ ציטער פאַר דער מוטערס וואַרטן דאָרט אויף אים, פאַר אירע איבערגערייפטע באַגערן, וואָס וועלן גאָר אים באַהערשן. זי וועט מיט זיי אים פענטן. איר גרויסער גוף וועט זיך שליסן אַריבער אים, ווי איבער אַ קינד.

ער האָט דערשפירט, די קליינע נעמט אים ציטערדיק אויף אין זיך. זי פאָלגט אים, שטום.

און אפשר, נאָך האַלטן זיך דאָ; בלייבן ליגן, און לאָזן זיי ביידע דערווייל פאַר־צויגן ווערן אין שלאָף. ערשט נאָך דעם וועט ער אַראָפּלאָזן די פיס. ער וועט ביי דער קליינער, איר וואַרעמען שלאָף באַטאַפּן מיט די הענט. זי וועט מיט די איינגעדרימלטע חושים אים זיך אונטערגעבן. ער וועט קומען אין איר חלום, זי באַוועלטיקן. זי וועט אין גאַנצן זיין זיינע.

ער האט באַנומען, אַז אַלע פרויען וואָלטן אַזוי געדאַרפט זיין — איינגעשלאָפענע, מיט פאַרצויגענע אויגן. מיר וואָלטן צו זיי געקומען, זיך צו שטילן. אונדזערע מחשבות וואָלטן דעמאָלט געווען פריי, צו פאַראייניקן זיך מיט דעם אַרום.

נישט דורך דער פרוי — וואָלטן מיר דערגרייכט צו דער וועלט.

עס איז אים איצט באַפאַלן דער ווילן נאָר צו מאַרישען. עס איז אים געוואָרן קלאָר, אַז פון היינט אָן מוז אַלץ פאַר אים זיך אָנהייבן פון דאָס ניי — מיט ערשטמאָליקייט — מיט פרישער אַנטפּלעקונג.

און אפשר גאָר מוזן מיר זיך אומקערן צום אָנהייב — צו דער ערשטער רויקייט. מיר מוזן ווידער זי זיך פאַרשאַפן, אונדזער זי, מיט כוח. מיר וועלן זי אַרויסשנאַפּן מיט אונדזערע באַזלעכער און אויף איר לויערן. נאָך דעם וועט זי זיך אָפּשאָקלען און לויפן ווייטער. און אַזוי וועט עס זיין מיט אונדזער שפּייז. מיר וועלן רייסן שטיקער פון אונדזער ברויט און פלייש, און זיך אָנטרינקען מיטן קוועליקן וואַסער.

אויף אַלע פיר וועלן מיר לויפן איבער אונדזער ערד.

מיט אַ מאָל האָט עס אים אָפּגעגאָסן מיט אַ קאַלט וואַסער, ווי פון אַ ברונעם.

אַ קאַלטער שווייס האָט אים זיך געווינטלט איבער דער הויט. ער האָט דערשפּירט, אַז דאָס אַלץ האָט פאַר אים זיך שוין געענדיקט. ס'איז אויס אויף שטענדיק. ער איז מער נישט פון די אָנהייבער. די זאַכן האָבן אים אַרויסגעוואָרפן פון זיך. לייב, ברויט און וואַסער וועלן אים קיין מאָל מער זיך נישט אונטערגעבן. זיי האָבן זיך געשלאָסן פאַר אים.

ער האָט געדענקט, ווי ער און זיינע חברים האָבן דערפון נישט געוווּסט. זיי האָבן געלאָזט זיך פאַנגען פון ניגון, פאַרב, שפּיל. פאַרכלינינעטע האָבן זיי צו דעם געדינט. איצט האָט דאָס פון זיי זיך אָפּגעשאָקלט, געלאָזט זיי אין דרויסן. דאָס איז נישט פאַר זיי, די שוואַכע.

עס האָט אים געגלוסט, אויפצוגיין אין אַ תפילה פון די טיפעניש. נאָר דאָס איז אים געבליבן. דאָס איז דער לעצטער שמאָלער וועג פאַר אים.

ער האָט אָבער געפילט, אויך דאָס איז פאַרמאַכט. אויך גאָט וויל מער נישט זיין תפילה. ער האָט זי אַליין פארשווּעכט. ער זינקט אין אָפּגרונט. גאָרנישט קאָן אים מער אָפּהאַלטן.

ער האָט געוווּסט, אַז ער שטייט פאַר אַ סכנה. נאָך אַ רגע וועט ער זיין אַ פאַר־פאַלענער. דער לעצטער פאָדעם, אויף וועלכן ער הענגט, וועט זיך אָפּרייסן און ער וועט נידערן.

ער האָט געוואָלט, אַ פארשטומטער, אויף די קני — רופן הילף.

פון דער גאַס האָבן ווידער זיך דערטראָגן טריט, לייכטע טריט. זיי זענען אָנגע־גאַנגען דורך יענער זייט וואַנט. מען האָט זיי געהערט אויפן טראָטואַר. זיי גייען אָן, ווי גלייך אויף זיין בעט. הינט רייסן זיך אויף קייטן. מען הערט דעם געקלאַנג פון די רינגלעך, וואָס שיטן זיך. די טריט ציִען זיך צוריק. זיי דערווייטערן זיך. בלויז זייער עכאָ איז געבליבן אונטערן סופיט.

לויפט אפשר עמעצער, אין דער נאַכט, אַלאַרמירן אַ דאָקטער? אַ קראַנקער גייט איצט אויס אין אַ פאַרמאַכטער שטוב.

די זכרונות האבן אין אים פריש אויפגעפלייצט. ער האט געשלאָסן די אויגן; פון זיי ווידער זיך געלאָזט פארוויגן.

די מאַמע וועקט אים פון שלאָף אַרויס. זי שטייט דאָ איבער אים. זי רופט אים, שנעל זיך אָנטאָן, לויפן נאָך אַ דאָקטער, ס'איז איר שלעכט, שוואַרצע ר'עדער דרייען זיך פאַר אירע אויגן. אָט פאַלט זי. ער קאָן בשום אופן זיך נישט אַרויסרייסן פון שלאָף. ער איז געשמידט אינעווייניק אין וואַרעמע קייטעלעך. ער ווייסט אָבער, ער טאָר קיין רגע נישט פאַרלירן. אַ דינע קעלט בייסט אים שטעכיק זיך איין אין דעם אָפּ־געדעקטן גוף. די וואַרעמקייט פאַרעט פון אים אַרויס.

ער איז דעמאָלט געלאָפן איבערן טראָטואַר מיט דעם שלאָף אין די פּיסלעך, אין גוף. דער אָפּהילך פון זיינע אייגענע טריט אין דער נאַכט, האָט אים יעדעס מאָל אויפ־געשראָקן. ער איז געלאָפן איבער זיין קורצן שאָטן, איבער אים געשפּרייזט — פון זיך אַליין געיאָגט.

דערנאָך איז דער דאָקטער פּאַמעלעך געגאַנגען נעבן אים — דאָס לעדערנע רענצל אין האַנט. אַרום זיי — לײדיק־באַלױכטענע גאַסן. די געװעלבער־טירן — געשלאָסן; זײער פּראָנט אױסגעדרײט אין די הײזער אַרײַן. זײערע פּלײצעס — צו די גאַסן. מיט אײַזערנע פּרענטן — אױף זײערע רוקנס. די שװערע טריט פֿון דעם דיקן דאָקטער האָבן פאַרשלונגען זײַנע דינע טריטלעך. זײַן ברײטער שאָטן האָט זײ װײך פּאַרװיקלט.

ער גײט אַזױ געלאַסן. ער אײַלט זיך נישט.

װען זײ זענען אָנגעקומען אין שטוב — האָט דער דאָקטער מיט װײסע פינגער געזוכט די שמאָלע העלדזלעך פון קאַנפער־פלעשעלעך. דאָס זעגעלע איז געװען אַ שמאָלס. ער האָט צוגעשטעקט אַ דינע נאָדל צו דער מאַמעס לױזער האַנט. ער האָט דעמאָלט שנעל אַװעקגעכאַפּט דעם קאָפּ — אָבער ס׳איז שױן געהאַט אַריבער. ער האָט געצױגן צוריק די נאָדל.

שפּעטער איז ער װידער געלאָפן איבער די גאַסן, מיטן רעצעפּט אין האַנט. לאַנג, לאַנג האָט ער געקלאַפּט אין אַפּטײקערס הילצערנעם לאָדן. װען ער איז דערנאָך צוריק־געקומען — האָט די מאַמע געהאַט אײַנגעדרימלט. אירע שלײפן האָבן קאַלט געגלאַנצט אין בלאַסן עלעקטרישן ליכט, און אין שטוב איז געשטאַנען פּאַרגליװערט אַ קאַרבאָל־ריח.

ער האָט געפילט, אױף זײַנע שלײפן גלאַנצן איצט דאָ. שטאַרקע הענט װאָלטן געדאַרפט זײ אײַנקלאַמערן, אײַנציִען אַרום זײ פעסט אַ נאַס טיכל. דער גאַנצער גוף איז אים צעגומען, לױז. די מאַמע איז מער נישטאָ, נאָר אירע שלײפן שװעבן אַלץ פאַר אים, גלאַנציק־װאַרעמע.

דער זײגער איבער דער װאַנט האָט װידער זיך צעקלונגען. ער האָט נישט געצײלט װיפל. ער האָט בלױז זיך מיטגעװיגט מיט זײַן ריטעם. ס׳איז אין מיטן דער נאַכט. דער ריטעם קלאַפּט אים זיך אײַן אין קאָפּ. ער קלאַפּט, קלאַפּט. איז דאָס קלאַפּן, אין די אַלע יאָרן, קײן מאָל נישט געװען איבערגעריסן? זײַנע מעטאַל־געדערעם רײַבן זיך נישט אױס? פריער אין בעט האָט ער נישט פאַרנומען זײַן גײן. װיל ער אים אײַנשלעפן, דער זײגער, אָדער האַלט ער דאָס אים כסדר װאַך? אפשר זאָל ער אַראָפּ, אים אָפּשטעלן, טױטן אים אױף שטענדיק.

ס׳האָט אים געדאַכט, דער זײגער פּאַרװיגט אים אין זײַן קינדהײט אַרײַן. ער װעקט אין אים די פאַרגעסענע קינדישע לידער. װי אַ מאָל, זינגט אים אײַן די מאַמע, און דער זײגער װיגט צו. דער מאַמעס קול איז נישטאָ. בלױז דער זײגער פאַרװיגט אים און ער זינגט מיט צום טאַקט:

„אײלולו, מײַן ייִנגעלע —
„אײלולו, מײַן קינד!
„אײלולו — מאַמעשי,
„אײלולו, מײַן מרימל. —

ער האָט מיטגעצײלט אױף די פינגער מיט דער זײגער־מעלאָדיע — צום ריטעם פון יעדן קלאַפּ פון געװערק:

— די מאַמע — 1! מרימל — 2! — אסתר — 3! — דינה — 4! איך — 5! נײַן, איך לעב. — דינה — 4! װאַרט אַ רגע!

ער וועט דערווייל נאָכלאָזן דעם לויף פון זייגער, און שפּעטער וועט ער ווידער זיך מיטכאַפּן מיט זיין ריטעם.

ער וועט זיי ציילן אויף די פינגער אַלע זיינע נאָענטסטע, וואָס זענען מער נישטאָ — אויך די פּעטערס, מומעס און שוועסטער־קינדער. אַלע וועט ער זיי איצט דערמאָנען. ער וועט דאָ אין שטוב זאָגן נאָך זיי „יזכור". ער וועט פּרעפּלען מיט די ליפּן זייערע און זייערע מוטערס נעמען. ער וועט געדענקען נאָר די נאָענטסטע.

— וויפל פון זיי האָט ער פאַרלוירן?

ער וועט אָנהייבן נאָך אַ מאָל מיט דינהן: דינה — 4! מיין ברודער מאיר, מאיר — מיט די מעש־רויטלעכע האָר — איז פינף. פאַר וואָס געדענקט ער אַזוי ווייניק מאירן? ווייטער?

ווי האָט זי אייגנטלעך אויסגעזען אסתר? ער מוז פאַר זיך ברענגען יעדנס פּנים, זיי אַן אויגנבליק שטעלן פאַר זיך. זיי וועלן פאַר אים פאַרביי אין אַ ריי.

אסתר!

פאַר וואָס צעשווימט איר פּנים? ער קאָן עס נישט צוזאַמענעמען.

אָט איז דינהס בלאָנדער קאָפּ. ער שווימט אויף אַ ווייל, און צעגייט ווידער אין נעפּל. מרימלס קאָפּ שטראָמט אַרויס פון דער נידער, און צעפליסט אין לאַנגע צויטן.

ער האָט זי. זי איז דאָ אַ ווײַלע אַ גאַנצע און צעגייט.

— צו וואָס איז זי אייגנטלעך געבוירן?

ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיי זענען אַלע ווייטער פאַראַן, נאָר זיי פאַרנעמען מער נישט קיין אָרט אין רוים. זיי זענען צעפלאָסן. מען קאָן אין זיי דורכגיין.

ווי קאָן מען אין זיי אַריין?

זיי זענען די לערקייט.

זיי זענען געבוירן, כדי צו ווערן חלל.

— וואָרט — און דער מאַמעס געשטאַלט? זי גליטשט זיך פון אים אַוועק. ער וועט זי נישט לאָזן זיך אויסרייכערן. ער וועט זי איינהאַלטן מיטן בליק. ער וועט זי איינפרירן אַ ווײַלע, ווי אַן אייז־סטאַטוע. פאַר וואָס צעשווימט זי אַזוי אין כוואַליעס, ווי אונטער אַ וואַסערל? אירע שטריכן לייזן זיך אויף. זיי טוישן זיך. זיי מישן זיך אַלע צוזאַמען; יאָגן זיך, ווי קליינע שטראָמלעך איינס אין אַנדערן אַריין. אָט זענען זיי אַלע ווידער אין צימער. זיי דרייען אַוועק פון אים די פּנימער, ווילן צו אים נישט קוקן. אויך נישט די מאַמע. זי בלאָנדזשעט דאָ אַרום אין חלל. זי זוכט זיי, אירע קינדער. זי זוכט מאירן, וואָס איז אַוועק קיין פּאַריז. פון דאָרט האָט מען איינעם אַליין אים געבראַכט אין טאָל. זי זוכט מאירן און די אַנדערע קינדער. נאָר אים אַליין — נישט.

ש. האָט זיך אונטערגעהויבן. ער האָט זיך איבערגעדרייט אויף דער אַנדערער זייט. ער וועט גיין ווייטער. וויפל פּעטערס האָט ער געהאַט? ער וועט זיי ציילן: דער מאַמעס עלטסטער ברודער, ר׳ וועלוול, מיט דער ברייטער פּלייצע און ברוין־גרוילעכער באָרד; איר מיטעלער ברודער, מיט דעם שוואַרצן זיידענעם בערדל אויף די בלייכע באַקן, ר׳ משה ברוך. ער האָט געטראָגן ברילן אין דינע שוואַרצע ביין־ראַמלעך, קיילעכדיקע; איר יינגסטער ברודער מיט די בלויע אויגן און בלאָנד־רויטלעכן בערדל, ר׳ יאַנקל. — דריי. דריי ברידער האָט זי געהאַט, די מאַמע.

דריי ברידער און דריי שוועגערינס: וועלוולס ווייב — טאָבע, מיט דעם העלן

פליישיקן פנים און גרויע אויגן. זי איז נאָך געווען אַ יונגע. מיט איר האָט ער געהאַט נאָר צוויי קינדער — רבקה און משהלע. רבקה איז שוין געווען אַ כלה־מיידל — איבער די זיבעצן יאָר — אַ ברייט־צעוואָקסענע, מיט פולע באַקן און גרויסע בריסטן, אַ דיקע, אַ הויכע; משהלע — אַ בלאָנדער, מיט אַ קליין נעזל און העלע אויגן. ער איז שוין געווען בר־מצווה, אָבער דראָבנער פון אַנדערע יינגלעך. בלויז אַ שטערן האָט ער געהאַט אַ גרויסן. ער האָט גערעדט שנעל, גיך, ווי די געדאַנקען וואָלטן אים געלאָפן פאָרויס; די רייד קאָנען זיי נישט דעריאָגן. דער פעטער וועלוול האָט נאָך געהאַט צוויי קינדער פון ערשטן ווייב — אויסגעגעבענע — אַ זון מאָטל, מיט אַ שיקלדיק פאַרוווּנדערט אויג, און אַ טאָכטער הענדעלע — מיט אַ יינגלשער דינער געשטאַלט. מאָטל האָט געהאַט פינף קינדער — אַלע בלאָסע, שווייגערס, נאָר אויפגעשפּיצטע אויערן האָבן זיי געהאַט — צו הערן. וואָס האָבן זיי געהערט אין זייערע לעצטע מינוטן?

ווי האָט זי אויסגעזען, מאָטלס פרוי? אויך איר געשטאַלט צעשווימט פאַר די אויגן. נאָר הענדעלעס מאַן מאַרשירט מיר פאַרביי. אַ גאַנצע וואָך איז ער אַ מעטאַל־אַרבעטער, נאָר היינט איז ביי אים שבת, יום־טוב. ער האָט זיך אויסגעפוצט מיט זיין בלויען אַנצוג, געשטרייפטן קראַוואַט און העלן ווייכן קאַפּעליוש. ער האָט שמאָלע באַקן פאַרהאַר־טעוועטע פון שווייסעווען, און לאַנגע שווערע הענט. ער און הענדעלע גייען נאָך אַרומגענומען. זיי זענען אַ פאַרליבט פּאָרל.

וויפל זענען זיי געווען פון מיין פעטער וועלוולס הויזגעזינט — זין, טעכטער, שנירן, איידעמס און אייניקלעך? — אַ רגע — צוזאַמען, צוזאַמען — דרייצן! דרייצן זענען זיי געווען.

און דער פעטער ר׳ משה ברוך — זיין פרוי פייגעלע, וואָס איר דאַמעשקייט איז אויך אין געטאָ פון איר נישט אַראָפּ; זייער זון הערשל, מיט דער בלאָנדער באָרד, וואָס האָט געמאָלן פנימער פון מענטשן. ער האָט זייער געשטאַלט פון זיי אַרויסגעפאַנגען און זי אריבערגעפירט אויפן לייוונט; זענען די מענטשן שפּעטער אַרומגעגאַנגען אָן גע־שטאַלטן? און האָט ער זייערע געשטאַלטן געבראַכט צו קבר־ישראל — איידער מען האָט אים אַליין געפאַנגען?

הערשל האָט געהאַט ברוינע אויגן און קורצע, געקרייזלטע האָר אויפן קאָפּ. ער איז געווען אַ פרומער. שטראַלן האָבן פון הימל אַראָפּ זיך געצויגן ביז אים. זיי האָבן אים באַוועגט; געקערט זיין גאַנג איבער די טראָטואַרן. זענען די שטראַלן צום סוף געוואָרן אָפּגעהאַקט? ער האָט פאַרלוירן די ריכטונג? פעטער ר׳ משה ברוך, האָסט נאָך אַ קליין טעכטערל, טעלצע — צען יאָר איז זי אַלט געווען. אַ שוואַרצער קאָפּ. אַ ראָז פנים, מיט גרויסע שמייכלענדיקע אויגן. אויך הערשל האָט שוין געהאַט אַ פאַמיליע: אַ נידעריקע פרוי מיט אַ קליין בלאָנד טעכטערל.

צוזאַמען — צוזאַמען זענט איר געווען, מיין פעטער משהס משפחה — זעקס. זעקס זענט איר געגאַנגען.

און איצט — מיין יינגסטער פעטער, ר׳ יאַנקל, דיין משפחה איז געווען קליין. בלויז דיין ווייב, מיין מומע שרהלע, מיטן אַ ביסל קרומען מויל. זי האָט עס געהאַלטן אין דער זייט, ווי זי וואָלט זיך שעמען צו רעדן יענעם אַנטקעגן פנים; און ערשט דיין טאָכטער גענענדל —

דאָ האָט ער, ש. געפּילט, ווי ער רייסט זיך אויף פון אָרט: גענענדל! גענענדל! מיין קוזינקע, מיט דער הויט, ווי פון סאַמעטענעם בעזש; מיט דיין פאַרטראַכטן עלאָס־טישן גאַנג, מיטן שימער פון דיינע פריש־געלאָקטע האָר איבער די אַקסלען. איך האָב צו דיר קיין מאָל נישט געקאָנט צוקומען, נישט דערגרייכן דעם פאַרטראַכטן שמייכל אונטער דיינע לאַנגע אויגן־לעפּלעך. מיט דיין שטאָלצן טריט האָסטו תמיד זיך דער־ווייטערט. איך וועל דיר מער קיין מאָל נישט נאָכקומען.

ער האָט ווידער זיך אויסגעצויגן. דער יזכור — דער יזכור — ער גייט, ער מוז גיין ווייטער.

און איר, מיין מאַמעס צווייִ שוועסטער — פייגעלע און זלאַטקע. פייגעלע די עלטסטע, די אַלמנה, וואָס פלעגט זינגען מיט אַ טרויעריק קול בענקשאַפט־לידער נאָך איר יוגנט. זי האָט געוווינט אין אַן ענגער דירה — מיט שפּיגל־שענק, און שווערע בעטן; טישן מיט שטולן — צוזאַמען מיט אירע קינדער דוד און מאָטל, און צירעלע. דוד און מאָטל — ביידע האָבן זיי תמיד זיך געאַמפּערט וועגן וועלט־אידעאַלן פאַרן יידישן פאָלק. דוד, דער עלעגאַנטער, מיט די געפּרעסטע העמדער, מאַנזשעטן און גאָלדענע ספּינקעס; ער האָט געהאָפט אויף נאַציאָנאַלער אויסלייזונג. און דו, מאָטל, דער קאָמוניסט, מיט דינע נאָקנביינער, און שאַרפן קנאָפּביין אין האַלדז, ער האָט זיך באַוויזן ווען דו האָסט געטענהט. האָסט געגלייבט, אַז די אויסלייזונג מוז קומען צו ערשט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט און ממילא וועלן מיר זיין פריי. איר האָט ביידע געשמייכלט אין זיך, אַזוי פאַרביסן, ביז אייער שוועסטער צירעלע, מיטן לאַנגן זיידענעם צאָפּ, פאַר־וואָרפן איבער דער פּלייצע, האָט געגרייט צום טיש און אייך גערופן צום מאָלצייט — קאַרטאָפל מיט רויטן באָרשט, איבערן ווייסן טישטעך. און דו, צירעלע, מיטן גראַציעזן באַוועג פון דיינע אברים האָסטו אויסגעזען, ווי די רו אַליין, וואָס דרייט זיך אַרום אין שטוב. איך הער נאָך דיין פּלוצעמדיק לאַכן, וואָס קאָלערט זיך איינגעהאַלטן איבער די צימערן, דאָס לאַכן, וואָס נאָר דו ווייסט, וואָס עס האָט עס אויפגערודערט אין דיר.

איך האָב שיער פאַרגעסן: איר, דוד און צירעלע, האָט דאָך שוין חתונה־געהאַט. איר האָט פאַרלאָזט דער מומע פייגעלעס דירה. דוד, האָסט שוין געהאַט דריי קינדער, ענלעכע צו דיר. דיין פרוי איז געווען אַ הויכע, פון אַן אַנדער שטאָם. צירעלע, דיין מאַן האָב איך נישט געקענט. דו האָסט חתונה־געהאַט קיין לובלין, און דאָרט האָסטו געבוירן אַ קינד, אַ פרוכט אויך פון אונדזער שטאָם.

ער האָט אויסגערעכנט אויף די פינגער — אויך דער מאַן און די קינדער פון דער מומע זלאַטקע. שנעל, שנעל, ער זאָל קיינעם נישט פאַרגעסן. ער ווערט שוין מיד. ער קאָן נאָך איינדרימלען. ער טאָר זיי נישט פאַרגעסן. ווי קאָן ער נישט געדענקען דעם פעטער אברהם מיט די לאַנגע שוואַרצע באָרד און פאות, און שטריימל אויפן קאָפּ, ווי אַ רב! שטענדיק איז ביי אים געווען יום־טוב. ער האָט געטראָגן די זיידענע בעקעשע, מיטן גאַרטל אַרומגענומען די לענדן. פון ביידע זייטן האָבן אים נאָכגעהאנגען פרענדזן, און דער קאָפּ — תמיד פאַררוקט אין דער ספרים־שאַנק, צווישן די מומעס, שוועגערינס, טעכטער — האָט ער זיך גערוקט זייטיק, ביי די ווענט — אויסצומיידן זייערע גופים. אויך זיין ווייב זלאַטקע, מיין מאַמעס יינגסטע שוועסטער, האָט געפּילט די זינדיקייט און ליידיקייט פון איר פרויען־גוף — לגבי זיין תורה־שווערקייט. אין זיין מחיצה איז

זי נישט־געוואָרן. ער איז געווען אַרומגערינגלט פון זיינע צוויי קליינע יינגעלעך, מיט די לאַנגע בלאָנדע פאות — משהלע און חיימל. ער האָט אין זיי תמיד אַריינגערעדט, תורה, ווי אַ סוד אין אויער. די עלטסטע טאָכטער, נחמהטשע, איז קיין מאָל נישט געווען אין דער היים. זי איז געווען אַ לערערין. איר לענגלעך מאַנדל־פּנים איז געווען אָפּגעדעקט, אָפן. אירע שאַטינע האָר פאַרלייגט אין אַ קויש הינטן אויפן קאָפּ. די גרויע אויגן האָבן וואַרעם געקוקט מיט אַן איינגעהאַלטענעם בליק. די קליידער אויף איר — אָפּגעצויגן, שמאָל — נישט בולט צו מאַכן דעם שלאַנקן קערפּער. ווייטער — נאָך צוויי טעכטערלעך — די פערצן־יעריקע מרים־רחל, ענלעך צום טאַטן; שוואַרץ און בייגעוודיק ווי ער, און די עלף־יעריקע רבקהלע, שטיל און דורכזיכטיק, ווי די מומע זלאַטקע.

זיי זענען געווען: פון מיין היים — 5; פון פעטער וועלוולס — 13; פון פעטער משהס — 6; פון פעטער יאַנקלס — 3; פייגעלעס הויזגעזינט — 10; און זלאַטקעס — 7.

צוזאַמען — צוזאַמען — פון מיין מאַמעס צד — מיינע נאָענטסטע — 44.

ניין, ער האט דאָך פאַרגעסן! ער האָט פאַרגעסן, זיין קוזין, דעם יתום — יהושען. זיין מאַמעס פאַרשטאָרבענער שוועסטערס זון, וואָס די משפּחה האט אים געכאָוועט. „ה׳ ריכטער" פלעגן די קינדער אים רופן, צוליב זיין עלעגאַנטן אויסזען און זיין טבע שטענדיק צו פאַרמיטלען צווישן זיי. יהושע איז אייגנטלעך דאס גאַנצע לעבן געווען, ווי איך איצט — אַליין, נאַקעט, אָן נאָענטע, וואס וויקלען אים ארום.

יהושע — נאָך איינער — איז צוזאמען 45.

ניין. מער קיינעם האָב איך נישט פאַרגעסן.

ווי אַזוי זענען זיי געגאַנגען? ווי זענען זיי זיך צעפאַלן? אָפּגעריסן, פאַרלוירן, ווייט — יעדערער באַזונדער — איבער אַן אַנדערן שמאָלן וועג.

זיי זענען אַלע אַרויס פון מיין זיידן, ר׳ יצחק, און פון מיין באָבען, מרים־רחל. דער נידעריקער זיידע מיינער, מיט דער ווייסער באָרד — איז געווען ווי יעקב אבינו. זיי אַלע זענען געווען זיינע שבטים. ער האָט זיי פון זיך אַרויסגעלאָזט. זיי זענען געווען אַ מחנה קעפּ — מיט האָר — שוואַרצע, בלאָנדע, שאַטינע, ברונעטע, רויטע און אויך שוין גרויע. אַזוי זענען זיי געגאַנגען, האָבן געצויגן מיט זייערע קעפּ, ביז מען האָט זיי צעיאָגט.

זיידע, מען האט דעם אַרויסלאָז פון דיינע לענדן צוריק איינגעזאַמלט אין דיר.

ש. האָט געדענקט פון זיין טאַטנס צד — זיין שוועגערין רחלע — מיט די ברייטאַנטענע שפּילקעס אין די האָר, מיט דעם ברייטן סאַמעטענעם ראָק און לאַנגע שוואַרצע הענטשקעס אויף די הענט. שטענדיק, ווי זי וואָלט געפאָרן אין אַ קאַטש מיט פערד; איר זיסל — ווי אַן אָריענטאַלישע טאָכטער מיט וואַרעמע אויגן. אַ הויכע, אַ געשטאַלטיקע. מנחם האָט נעבן איר זיך געדרייט, נישט ווי אַ מאַן, נאָר ווי אַ געליבטער מיט אַ הוט אין האַנט, וואָס באַגלייט זי, ווען זי גייט איבער די גאַסן. קיין קינדער האָבן זיי נישט געהאַט.

מיט אַ מאָל האָבן זיי זיך אַלע פאַרדרייט פאַר אים, ווי אין אַ ריזיקן לופטראָד; זיך אויסגעמישט אַרויף — אַראָפּ; געשווומען אין אַ קעסל; די גופים פאַרוויקלט. ער האָט געזען, עס הייבן זיך און נידערן — קעפּ, פּנימער, אַקסלען, פלייצעס; הענט און פיס

שטרעקן זיך. פנימער — מיט און אָן בערד; אויפגעריסענע און געשלאָסענע אויגן. זיי ציִען, ווילן נישט פאַרשווינדן פאַר אים; זינקען און קומען צוריק — די פעטערס, מומעס און די קוזינקעס. ער האָט קיין מאָל נישט געוווּסט, אַז זיי זענען אַלע געווען אַזוי שיין. זאָל ער זיי נאָך ציִען פון זיין זכרון?

אין אים אינעווייניק, איז איצט טונקל. אַלץ איז געבליבן שטיין, איז אויסגעלאָשן. עס רירט זיך נישט. אין מוח איז אים איין שטיק חשכות. גאָרנישט בליצט דורך.

מיט אַ מאָל האָט זיך די פינצטערניש געשפּאָלטן. ער האָט געזען, אַ פלעמל פון אַ ליכטל שניידט זי דורך. די מאַמע טראָגט עס. זי זוכט. ס'איז די נאַכט פון בדיקת־חמץ. זי נישטערט אין די שפּאַרעס. פון די שאָטנס שטעקט זיך אַרויף אַ קאָפּ מיט האָר. ס'איז דינהס קאָפּ. די האָר דורכגענעצט טונקל פון בלוט. ער האָט זיך דערמאָנט, דאָס ליידיק־הילצערנע וואַסער־פעסל האָט זיך אַראָפּגעקאַלערט איבער איר קאָפּ. ער לויפט שנעל נאָך אַ דאָקטער. די גאַסן זענען באַלויכטן פון די צעעפנטע יידישע טירן אַרויס. באַלד וועט אויך אַהער זיך אַריינעפענען אַ טיר, די שטוב וועט באַלויכטן ווערן.

פלוצעם האָט ער זיך געכאַפּט, דינה קאָן דאָ אַריינקומען מיט אַ קינד. זי האָט דאָך חתונה־געהאַט אין געטאָ. זי האָט געטראָגן; געהאַט אַ נפשל אין זיך. עס איז קיין מאָל פון איר נישט אַרויס. עס איז אין איר פאַרשטיקט געוואָרן. דינה האָט פאַר אים איינגע־אָטעמט דעם גאַז. זי איז געווען דעם נפשלס גאַזקאַמער צווישן אַלע, אין דער גאַזקאַמער.

וויפל איז שוין צוזאַמען? 45—46. ניין — 47.

און רחלע, זיסל, מנחם — זענען — 48, 49 — 50.

— פופציק.

ער דאַרף געדענקען די ציפער; זי טראָגן אין זיך.

ער וועט איצט מירמלען מיט די לעפצן, אַרויסזאָגן זייערע נעמען — יעדנס באַ־זונדער. חוץ דינהס נפשל. עס איז אין איר געבליבן אָן אַ נאָמען.

ער האָט איינגענורעט דעם קאָפּ אין קישן; געפילט, ער טוט אים ווי. ער כאַפּט צו גיך; ער לאָזט אַלע אַדורך, ווי אויף אַ פילם־לענטע. יעדער וויל זיך פאַרהאַלטן אַ ביסל. ער זאָל אין אים זיך פאַרטראַכטן; דערגרונטעווען זיך צו יענעמס עיקר. ווער זענען זיי געווען — נישט ווי אַ צוג, וואָס ציט דורך, נאָר יעדער, ווי אַ יחיד, וואָס מער איז אַזעלכער נישטאָ. אָט צו דעם, אין יעדן באַזונדער, דאַרף ער זיך צובאַקומען.

און ווו זענען די אַנדערע קרובים — די ווייטערע — די עלטער־פעטערס, מומעס, ווייטערע קוזינען — פון זיין טאַטן און מאַמען. אַלע, אַלע מוז ער היינט זיך דער־מאָנען, אַרויסברענגען זיי דאָ — קיינער פון זיי טאָר נישט פעלן.

און מיט אַ מאָל האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער איז מזכיר בלויז זיינע נאָענטע, די אייגענע — זיינע קרובים. און ווו זענען די שכנים פון הויף דאָ, די מענטשן פון דער גאַס — זיי אַלע האָט ער פאַרגעסן. אַרום פון אַלע זייטן האָט דאָך געלעבט אַ שטאָט מיט יידן; טויזנטער פנימער האָט ער דאָ געקענט! ווי האָט ער זיי געקאָנט דורכלאָזן? וואָס איז אַזוי שטיל? באַהאַלטן זיי זיך פאַר אים? זיי פאַרבאַרגן זייערע פנימער, ווילן נישט קומען צו אים? איז די שטאָט ליידיק, אָן זיי? איז ער דאָ איינער אַליין? אָדער ווייסן זיי נאָך נישט, אַז ער איז דאָ; אַז ער איז געקומען? באַלד וועלן זיי אַרומרינגלען

דאָס הויז, די גאַס. זיי וועלן זיך שטופּן, וועלן אויפגיין אויף אים, זיי וועלן זיך אַריינ־רייסן דורך די טירן, דורך די פענצטער, וועלן צו אים גענענען.

ש. האָט געפילט, ער קאָן מער נישט. ער האָט געוואָלט אַריבערציִען די קאָלדרע איבערן קאָפּ, אַרונטעררוקן זיך טיף אונטערן בעטגעוואַנט. גאָרנישט זען, נישט הערן, ער וועט פאַרשווינדן. ער האָט געוווּסט, אָט פּויקן זיי אָן מיט די פינגער אין די שויבן; זיי וועלן קלאַפּן שטיל. צעשוווּמענע פּנימער וועלן אין זיי שטיין; זיי וועלן קוקן צו אים, וועלן אים זוכן מיט די אויגן. זייערע באָרוועסע פיס רוישן שוין אין דרויסן. זיי שאַרכן ווייך. טויזנטער טריט הערן זיך. זיי רוקן זיך אָן.

ער האָט אָבער באַשלאָסן, אָפן צו קוקן צום פענצטער, האַלטן אויפגעריסן די אויגן, נישט אָוועקנעמען זיי. שטעלן זיך קעגן זיי, פּנים אל פּנים.

ער האָט מיט די לעצטע כוחות געקוקט אין דער שויב. זיי זענען נישט געווען דרייסט זיך צו דערנענטערן. זיי וואַרטן, פּאַקן זיך פון דער ווייטנס. דריקן זיך געדיכט, קיינער הייבט זיך נישט אַרויס. זיי טוען אים אָן כבוד, ווי ער וואָלט געווען זייער רבי; זיי מאַכן אַרום אים אַ ראָד, אַ ליידיקן, אַ לויזן. ס'איז פּוסט, לער אַרום אים. ער האָט נישט צו וועמען — זיך צו דערנענטערן.

ער האָט געוואָלט זיי געבן אַ ווונק, זיי זאָלן צוקומען. ער מוז זיי האָבן, ער וויל זיי דערקענען. ער וויל מיט זיי זיין די היינטיקע נאַכט. מער וועט ער דאָ נישט בלייבן.

און מיט אַ מאָל איז דאָס געשען: זיי האָבן פון אַלע זייטן זיך געגעבן אַ הייב צו אים. זיי האָבן דורכגעריסן דאָס ראָד. זיי האָבן זיך גערוקט צו די פענצטער, צו די טירן, די ווענט. זיי האָבן אָנגעפילט דעם הויף, די גאַס. פון אַלע זייטן האָבן זיי גע־שטראָמט, פון דער גאַנצער שטאָט. ס'איז אַרויס דאָס קול, ער איז דאָ, ער איז אַ גאַסט. זיי האָבן זיך גערוקט שורותווייז אין געשלאָסענע רייען, פּאַרקניפּט איינער אין אַנדערן. זיי האָבן געשטעלט פאַרויס זייערע טריט. זיי האָבן אַרומגערינגלט דאָס הויז. ער האָט געהערט זייערע אָטעמס, זייער רוקן זיך.

באַלד האָט ער זיי געזען, זיך הייבן הינטער דער שויב. זיי שטעלן זיך קאָפּ איבער קאָפּ. ער האָט זיי נאָך נישט דערקענט. ער איז געווען אין זיי איינגעקוקט. זיי דריקן זיך צום פענצטער. ער האָט געוווּסט, זיי זענען געקומען צו אים, ער זאָל זיי דערמאָנען. אָט דאָס ווילן זיי אַלע פון אים, נישט לאָזן זיי פאַרגעסן. זיי וועלן פריִער נישט אָוועק, ביז זייערע געשטאַלטן וועלן בלייבן אין אים. ער איז געווען גרייט זיי אַלע אויפצונעמען, קיינעם נישט צו פאַרפעלן. ער האָט געוואָלט בלייבן ליגן, זיי זאָלן אַלע דורכגיין אין אים — איינער נאָכן אַנדערן. ער וועט שליסן די אויגן און פילן אין זיך זייערע פיס. זיי וועלן אַריינזינקען אין אים.

ער האָט געהערט דעם רעש אין דרויסן. די שטאָט איז געקומען אים מקבל־פּנים זיין. פרייען זיי זיך אַלע, אַז ער לעבט; וואָס איינער פון זיי איז געבליבן? אָדער ווילן זיי אים צוריק אַריינשלעפּן אין זיך? און אפשר ווילן זיי אַלע אין אים אַריין, זיך באַהאַלטן, לאָזן אין אים זאָמען? ער וועט זיי נישט קאָנען האַלטן אין זיך. עס וועט אים צענעמען. ער וועט זיך ברעכן אונטער זיך.

ס'איז אים דורך אַ געדאַנק, זיי ווילן אין אים אַריין, זיצן אין אים — און שפּעטער אים אומברענגען — אים מיט זיך אין איינעם.

און אפשר זאָל ער זיך באַהאַלטן פאַר זיי, ביז פאַרטאָג, ווען ער וועט אַוועק? ער וועט זיי שפּעטער דאָ אַלע לאָזן אָן אַ באַהעפטונג. זיי וועלן שוועבן אין דער לערקייט. זיך וועט ער אַרויסראַטעווען פון דאַנען, אַ ליידיקן.

ער האָט געוווּסט, די שטאָט ברעכט זיך איצט אונטער זיך. די גאַסן אַרום זענען פול. ער האָט געפילט; עס טראָגט זיך אָן — זיי מוזן צוקומען צו אים. עס שאַרעווען די וואַסערן אונטער דער שטאָט.

ער האָט געוווּסט, ער טאָר נישט אַרויס, ער וועט פאַרטראָגן ווערן. ער וועט דורך זיי דורכזיכטיק ווערן.

באַלד זענען זיי געווען בולט אין דער שויב. זיי האָבן זיך גענומען אויסטיילן. ער האָט זיך נישט גערירט: ער האָט דאָס ערשטע דערזען, חנהלען, זיין שכנטע, דאָס טעכטערל פון דעם טאָקער אין הינטערשטן הויז אויפן הויף. איר פּנים האָט אַריינגעבלייכט. זי האָט געקוקט, נישט מיט פאַרוווּנדערונג צו אים, און נישט מיט פאַרדרוס. נאָר אָפן, פריי, ווי ער וואָלט דערביי נישט געווען — מיט אַבסערוואַציע. די אויגן — האַלב פאַרמרוזשעט. אַליין איז זי צוריקגעהאַלטן. ער האָט זי אין גאַנצן געהאַט פאַרגעסן. זי איז שוין אַלט געווען זיבעצן יאָר. פאַר וואָס פלעגט ער קיין מאָל מיט איר נישט רעדן? ער איז איצט געווען זיכער, אַז זי האָט שטענדיק געוואַרט אויף אים, ער זאָל צו איר זיך דערנענטערן. יעדן טאָג האָט ער זי אָנגעטראָפן אויפן הויף און איז פאַרביי־געגאַנגען. פאַר וואָס האָט ער דעמאָלט זיך נישט געכאַפּט, אַז זי וואַרט אויף אים?! ווי געפאַלן ביי זיך האָט זי געמוזט זיין, ער זעט זי נישט! זי איז געווען שלאַנק, אַ פלוצעם־אויפגעשפּראָצטע. די אויגן־לעפלעך זענען ביי איר תמיד געווען אַראָפּגעלאָזט. זיי זענען געווען זיידיק, טונקעלער, ווי די העלע הויט פון פּנים אַרום. זי האָט געקוקט נאָר דורך שמאָלע שפּעלטעלעך. צו וואָס איז געווען איר שיינקייט? קיינער האָט זי קיין מאָל נישט באַוווּנדערט.

חנהלעס קאָפּ האָט אין שויב אַ שוועב געטאָן, ווי אַ פויגל, וואָס וויל אַוועקפלאַטערן. ער איז אין איר אַריינגעדרונגען מיט די אויגן. זי געהאַלטן צוגעקלאַמערט, זי זאָל זיך נישט רירן. ער וועט זי איצט נישט אָפּלאָזן. חנהלע, וויפל שוועסטערלעך און ברידערלעך האָסטו געהאַט אין שטוב? ער האָט געציילט. ער האָט געדענקט, אַז נאָך זעקס — פיר יינגלעך און צוויי מיידלעך.

ער האָט פלוצעם געלאָזט שטיין חנהלען. ער האָט זיך אַ דערמאָן געגעבן, אַז ביים טאָקער אין הויז, אויפן גאָרן, אויבן, האָט געוווינט זיין חבר לייבקע, מיט די רויטע בעקעלעך. ער איז מיט אים צוזאַמען געגאַנגען אין חדר. פון דעמאָלט אָן האָט ער אים נישט געזען. ווו איז ער געהאַט פאַרשווונדן מיט זיין משפּחה? דער זכרון האָט פאַר אים פלוצלינג אַרויסגערוקט לייבקעס פאָטער, דעם הויכן שמואל. אַזוי האָט מען אים גערופן. ער האָט אים דערזען, ווי ער וואָלט געשטאַנען פאַר אים. מען האָט ביי אים געקענט ציילן יעדע האָר פון דער שוואַרצער שיטערער באָרד.

ווי האָט ער קיין מאָל נישט געטראַכט וועגן דעם, אַז זיי זענען נישטאָ? לייבקע האָט געהאַט נאָך דריי ברידערלעך קלענערע, און אַ גרעסער שוועסטערל. זי האָט געטראָגן אַ געלן באַנד אין די האָר. ווי האָט אויסגעזען לייבקעס מאַמע? ער קאָן זיך נישט דערמאָנען.

ער האָט געדענקט, אַז חנהלעס מאַמע, די טאָקערקע, איז געשטאָרבן אין געטאָ. ער האָט זי אַ רגע איצט דערזען אין שויב. זי פאַרשטעלט חנהלען און קוקט צו אים. ער האָט ערשט באַמערקט, אַז זי איז ענלעך צו חנהלען. אַזוי האָט זי אויסגעקוקט נאָך פאַר דער מלחמה. אין געטאָ איז זי געווען קראַנק. איר געשטאַלט איז פון איר אַראָפּ, און איז אַרויף אויף חנהלען. פאַר וואָס האָט זי געמוזט שטאַרבן אַ פאַרענדערטע, נישט מיט איר געשטאַלט? אפשר כדי עס זאל נישט זיין קיין שאָד, זי צו לייגן מיט איר פרישקייט אין דער ערד.

ש. האָט געדענקט, ער איז געווען אויף איר לוויה. זי איז געווען אַ שטילע. אַלע האָבן איינגעהאַלטן אין זיך די טרערן, האָבן פאַרביסענע געשוויגן. נאָר בלויז, ווען דער חזן האָט ביים אָפענעם קבר, געמאַכט דעם „אל מלא רחמים״ — איז אַ שלוכץ אויפגעגאַנגען. ער האָט דעמאָלט דערפילט, אַז זיי באַווייגען, נישט זי, איר אָפּגעשניטן לעבן, נאָר זיך אַליין. דאָס גייט אין יעדן שוין אויף דער געקלאָג נאָך זיין אייגן פאַר־שווינדן. זיי באַווייגען זיך דאָ אויפן קול. אויך איר הויכער מאַן, דער טאָקער, האָט זיך אַהיימגעקערט צוריק פון בית־עלמין, מיט די קינדער, ווי אַליין שוין אַ פאַרמישפּטער.

ש. האָט זיך אויפגעזעצט. ער האָט נישט געוווּסט, צי זיי זענען נאָך דאָ, די גע־שטאַלטן, אין פענצטער, צי נישט. ער וועט די נאַכט שוין נישט שלאָפן. ער וועט ציילן ווייטער — ביז ס׳וועט אויפבליען אין דרויסן. ער וועט זיי אויסרעכענען אַלע. די יידן פון דער גאַנצער שטאָט — וויפל ער וועט נאָר געדענקען. ער וועט גיין פון הויז צו הויז; פון הויף צו הויף; פון גאַס אין גאַס. ער וועט זיי ציילן משפחותווייז. אַלע זעקס טויזנט יידן פון שטאָט מוז ער אויסרעכענען. קיינעם נישט דורכלאָזן. ער וועט גיין פון שטאָק אויף שטאָק.

און אפשר זאָל ער צו ערשט אויסרעכענען אַלע מיידלעך פון שטאָט? זיי זענען אַוועק אַזוי יונג, מיט אַ סוד אין זיך. זיי האָבן אים מיטגענומען מיט זיך. ער וועט זיי מזכיר זיין. פון וועלכן עלטער אָן? פון פערצן, פופצן? — ניין פון דרייצן; פון דרייצן יאָר אָן. פון דרייצן ביז פינף און צוואַנציק, ניין — ביז דרייסיק יאָר.

ער וועט אָנהייבן פון עק פון זיין גאַס. דאָרט האָט געוווינט דער מלמד, זיין מלמד פון חדר; איטשע מלמד, מיט זיין הויך ווייב, כינקע. ווי האָט זי געהייסן, זייער טאָכטער, דאָס בלייכע נידעריקע מיידל מיט די שוואַרצע לאָקן? זי איז געווען איבער די צוואַנציק. דער מלמד מיטן ווייב האָבן זי שוין געהאַלטן פאַר אַ פאַרזעסענער. זי איז געווען אַ שעמעוודיקע. זי האָט מיט קיינעם נישט גערעדט. וואָס פאַר אַ אויגן האָט זי געהאַט? גרינע? ניין, גרין־ברוינלעכע. זי איז אייגנטלעך געווען נישט קיין מיאוסע. נאָר מען האָט זי נישט באַמערקט. האָט זי ווען באַזעסן אַ מאַן? האָט עמעצער ווען באַרירט איר קערפּער?

ער האָט געוווּסט, דער מלמד וואָלט, אַן אָפּגעבריטער, אויפגעשפּרונגען פון אַזאַ פּרעגעכץ. ער איז געווען אַ קפּדן. ער האָט זיך געקריגט מיט אַלע שכנים. אויך מיט די פון לאַנג־געשטאָרבענע פלעגט ער נאָך פירן מחלוקת. ער האָט גערעדט מיט כעס וועגן עוולות, וואָס זיי האָבן אים געטאָן מיט יאָרן צוריק. ער האָט זיי נישט מוחל געווען. איצט דאַרף מען אים אַליין אַלץ מוחל זיין.

ער האָט געוואָלט גיין ווייטער. ווער נאָך האָט געוווינט ביים מלמד אין הייזל? ביי וועמען אין שטוב זענען געווען טעכטער?

אַ פּאַרדרוס איז אין אים אויפגעגאַנגען. ווי אַזוי האָט ער אָנגעהויבן מיטן מלמדס טאָכטער? ווי האָט ער פאַרגעסן גאָלדען, זיין חברטע פון געטאָ? ער פאַרגעסט זי שטענדיק. ער קאָן אויך איר געשטאַלט נישט אויפשטעלן פאַר זיך. זי צעשווימט אים פאַר די אויגן. זי ווערט רויך. זי איז אַ באַליידיקטע. ער מוז זי היינט דערזען אין שויב מיט איר שפּרודלדיקן גוף, וואָס האַלט זיך נישט אין די קליידער; ער גייט איבער. ווי האָט די ערד געקאָנט אַריינגעמען אין זיך איר נאַקעטן קערפּער מיט אירע קערנדיקע בריסטן? זי האָט זיכער אויפגעצאַפּלט פון זיסן גרויל. ווי איז נישט געווען קיין ערד־ציטערניש?

גאָלדע האָט געהאַט אַ יונגע קוזינקע, מירעלע, אַ מיידל פון זעכצן יאָר. פאַרן סוף געטאָ האָט זי ערשט אויפגעבליט, ווי מיט איין מאָל; זי איז געוואָרן צו אַ פרוי.

ער האָט געציילט אויף די פינגער: חנהלע, דעם טאָקערס — איינס! דעם מלמדס טאָכטער — צוויי! גאָלדע — דריי! איר קוזינקע — פיר! ווייטער? —

מיט אַ מאָל האָבן זיי גענומען לויפן פון אַלע הייף, פון די גאַסן און הייזער, די מיידלעך פון דער שטאָט. זיי האָבן זיך געשטופּט, געדרענגט — אַלע מיט אַ מאָל. ער האָט זיי דערזען אַלע צוזאַמען — איינע איבער דער אַנדערער. זיי זענען געווען אין פענצטער, אַריבערגעשטעקט קעפּ, הענט, פיס. ער האָט זיי נישט געקאָנט ציילן. אויף די גאַסן, די הייף — האָבן זיך פאַר אים אָנגערוקט, זיך געטוישט שנעל, ווי אויף אַ טאַשמע. אַלץ האָט פאַר אים טיף זיך צעעפנט. טייל זענען פאַרביי זייטיק, אין פּראָפיל; האָבן צו אים נישט געבליקט. האָבן זיך פאַרנייגט אין די ראָגעס פון די גאַסן און זענען פאַרשווונדן. טייל זענען פלינק געלאָפן מיט די פיס איבער טרעפּ. זייערע קעפּ האָבן זיך באַוויזן אין די פענצטער פון די דירות; זיי זענען דורכגעלאָפן דעם הויף. ער האָט איצט אַריינגעבליקט אין זייערע שטובן. זיי זענען געזעסן אויף קאַנאַפּעס, זיך געקעמטביים שפּיגל. די שטאָט איז געווען ליידיק. קיין לעבעדיקן נפש האָט מען נישט געזען, נאָר זיי זענען דאָ; מען זעט זיי דאָ און דאָרט. זיי האָבן באַהערשט די גאַסן, די הייף.

ער האָט דערזען אַזוי פיל באַקאַנטע, נאָענטע, היימישע מיידלעך. ער האָט גע־וואָלט אַ רגע זיי — איינהאַלטן, זיך איינקוקן אין זיי. אַנדערע זענען אַרויף; האָבן זיך געשטעלט פאַרויס. עס האָבן אויפגעטויכט בלאָנדע, שוואַרצע, שאַטינע, רויט־האָריקע; קעפּ מיט לאַנגע האָר, צעלאָזט איבער אַקסלען; מיט צעפּ איבער דער פּלייצע; קורץ־געשוירענע, פאַלקעס קוישן און וואַלקעס פאַרלייגט אויף הינטן; טשופּרינקעס איבערן שטערן. ער האָט געזען קליינע, נידעריקע, דיקלעכע, הויכע, געשטאַלטיקע, גראַציעזע מיט קורצע פיס, מיט לאַנגע. א סך האט ער נישט געקענט.

ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און זיי גענומען ציילן שנעל, שנעל. צען, צוואַנציק, דרייסיק, פינף און דרייסיק. ער האָט געהיפּערט איבער שטובן, איבער גאַסן. ער האָט זיך צעמישט מיט די פינגער. וויפל האָט ער שוין? דאַכט זיך, 42, 45, 50! פריער האָט ער שוין געהאַט 52. עס איז צו שנעל. ניין אַזוי קאָן ער נישט.

ער האָט באַשלאָסן זיך אויסצודרייען מיטן קאָפּ צו דער וואַנט און נאָך אַ מאָל אָנ־הייבן. ער וועט ציילן פּאַמעלעך, ווידער מיט אַ סדר. ער מוז מאַכן אָרדענונג. ניין. ער וועט זיי ציילן, נישט לויט די הייף, די גאַסן. עס איז צו פיל; נאָר אפשר לויט די קאָלירן־גרופּעס: העלע, בלאָנדע; שוואַרצע און באַזונדער — רויט־האָריקע. זיי זענען ווייניק.

ער וועט זיי איינטיילן אין דריי. ער וועט אָנהייבן מיט די בלאָנדע. ניין, מיט שוואַרצע. זיי זענען געווען מער. ער האָט אַ שמייכל געטאָן: און אפשר גאָר צייִלן לויט דער פאַרב פון זייערע אויגן? דאָ וועלן זיין מער גרופעס — שוואַרצע, ברוינע, גרינע, בלויע — געמישטע. וואָס פאַר אַ קאָליר אויגן האָט געהאַט גאָלדע — גרינע? ניין. זי שליסט זיי, די אויגן. זי האָט געהאַט אַ מין זילבער־קאָליר.

די בלאָנדע וועט ער אָנהייבן מיט זיין גליד געשוועסטערקינד, מלכהלע. אין געטאָ האָט זי זיך געהאַט אָפּגעשוירן די צעפּ.

מיט אַ מאָל האָט ער באַשלאָסן, ער וועט די מיידלעך גאָר טיילן לויט זייער שטאַנד. צו ערשט סטודענטקעס, באַלעבאַטישע טעכטער, גימנאַזיע־שילערינס; נאָך דעם — אַרבעטער־מיידלעך — שניידערינס, נייערינס, מאָדיסטינס, פּאַרקויפערינס; שטוב־מיידלעך; און אויך דינסטן, וועשינס — מיידלעך פון דער אָרעמקייט. עס האָט אים געדאַכט, אַלע פאַרלאָזן זיי אים איצט. זיי דערווייטערן זיך, מיט די פלייצעס אויסגע־דרייט פון אים. זיי זענען ווייס, ווייט. ער קאָן זיי נישט גרייכן.

ער האָט זיי איצט געציילט פּאַמעלעך — ווידער לויט דער גאַס. נאָך אַ מאָל — פון דעם מלמדס הויף אַרויס. ער איז געגאַנגען פון שטוב צו שטוב. ער האָט פון זיי אַרויסגעכאַפּט די טעכטערלעך. ער האָט זיי אָנגעצויגן אויף די פינגער, ווי שנירלעך. ער האָט זיי אַרויסגעפּאַנגען פון די אַלקערלעך, פון די בוידעם־שטיבלעך. פון די קעלערס. טייל האָבן אַליין זיך אים איבערגעגעבן. זיי זענען אַרויס פון די ווינקלען, פון די פעדערהייזער, און זענען אים געקומען אַנטקעגן. אַנדערע האָבן געוואַרט זייטיק, ביז ער וועט זיי באַמערקן.

ער האָט גאָרנישט געוווּסט, אַז ער איז אַ מאָל אַזוי געווען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט מיידלעך, נאָר אויסצושטרעקן די האַנט און זיי דערלאַנגען! כמעט מיט די אַלע האט ער קיין מאָל נישט גערעדט. פאַר וואָס האָט ער זיי געלאָזט אַליין? איצט איז שוין שפּעט. זיי וועלן אים דאָס קיין מאָל נישט מוחל זיין.

ער האָט מיט אַ מאָל זיך דערשפּירט נידעריקער פון זיי. זיי זענען אַלע אים איבערגעשטיגן. זיי זענען איצט ווייט פון אים.

ער האָט זיך אויסגעדרייט, געעפנט די אויגן צו דער שויב. ס'איז אין איר נאָך אַלץ געשטאַנען איין געשטאַלט — חנהלע, דעם טאָקערס. זי האָט געוואַרט די גאַנצע צייט. זי האָט איצט געשמייכלט צו אים, פאַרעקשנט. זייערע ביידנס אויגן האָבן זיך דערנענטערט, זענען אויפגעריסענע אויף זיך אָנגעגאַנגען, האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן אין פייערדיקע רעדער.

באַלד האָט ער זיך פאַרשעמט: פאַר וואָס זוכט ער צו דערמאָנען צו ערשט די מיידלעך? און ווו זענען זייערע מוטערס, די באָבעס, די זקנות? די מאַמעס זענען מידע — פון אויפכאָוועון אַזוי פיל קינדער, און די זקנות — האָבן נישט קיין כוח, זיך צו שטופּן אין פענצטער. מען האָט זיי, אין די קברים אַריין, באַלד נאָכגעשיקט זייערע טעכטער מיט די קינדער, נישט צו בלייבן אָפּגעריסן פון די דורות נאָך זיך. מען האָט זיי געלייגט אין זייערע שויסן אַריין. זיי קאָנען נישט דורכדרינגען אַרויף. זיי זענען אַראָפּגעשטופּט ביזן דנאָ.

ווִיפל זקנות האָבן דאָ געלעבט אין שטאָט? וויפל מאַמעס, וויפל באָבעס?

ווּ זענען די ווייבער, זיין מאַמעס חברטעס? פייגע, די גאָלדרייכן; הענדל; לאה־רחל? די אלמנות, וואָס האָבן ווינטער געוויקלט אין שווערע מאַנטלען זייערע גע־פרווירענע בלאַסע גופים?

און ווּ זענען די קליינע מיידלעך — יינגער פון דרייצן יאָר, און די יינגלעך — אַלע קינדער פון שטאָט? זיי, וואָס זענען געשווומען אין אַ באַזונדערער וועלט פון חלום? די גרויסע האָבן אין איר מער נישט געקאָנט אַריין. שפּילן זיי זיך נאָך, גע־בונדענע אין זייער שפּיל, און קאָנען אַלץ נישט אַרויס?!

ער האָט אָנגעשטעלט שאַרף דאָס אויער, צו פאַרנעמען: וויינען זיי נישט ווידער אין דרויסן, אין דער נאַכט? ס'איז פינצטער. זיי זענען געבליבן אַליין, האָבן נישט ווּ צוריק אַריין. און אפשר מיאַוטשען דאָס יונגע קעצלעך? זיי האָבן אויסגעכאַפּט זייערע קולעכלעך און אפשר איז דאָס — דאָס געוויין אַליין. עס איז געבליבן אָן זיי. די נאַכט איז פול מיט דעם.

באַלד האָט ער פאַרנומען, ס'איז ווידער דאָס קינד אין דער שטוב, נישט ווייט. עס האָט ווידער זיך צעכליפּעט. וואָס וויינט עס? אפשר קאָן עס נישט איינרוען אויף זייער אָרט. זיי קומען זוכן זייערע געלעגערס אין די בעטלעך. זיי זענען פאַרנומען. זיי שטויסן דאָס נייע, פרעמדע, קינד; זיי קנייפּן עס מיט די פינגערלעך.

נאָר ער אַליין האָט דאָ געפונען זיין אָרט.

ער האָט נישט געוווּסט, צי ליגט ער איצט מיטן בעט אַרויפדערלאַנגט אין דער לופט, הויך איבער דעם דיל? אָדער זינקט דאָס בעט מיט אים אַראָפּ; עס נידערט אין דער חשכות. אפשר ליגט ער גאָר דאָ טיף אין אַ קבר־הייל, אין תהום? ער שווימט מיטן בעט צווישן זייערע קברים. זיי שווערן אים אַראָפּ.

ער האָט געוואָלט, זיך אָנכאַפּן אין די אַרומיקע שטאַנגען, זיך האַלטן צוזאַמען מיט זיי אויבן. ער טאָר זיי נישט לאָזן פאַרשווינדן. ער דאַרף מיט זיי אין זיך — שוועבן איבער דעם פלאַץ. זיי זענען לופט אין אים. ער מוז זיך האַלטן אָנטקעגן פענצטער. זיי דאָ ווילן אים נישט פאַרלירן.

ער האָט דערזען, אַז ער לאָזט זיך אַראָפּפירן פון וועג. דער געדאַנק צעפּליסט אים. ער קומט אַלץ נישט, זיי אויסצוציילן. ער קאָן נישט גרייכן אין אַלע הייף און געסלעך. די מחשבות זענען פון אים אָפּגעהאַקט. זיי פלאָנטערן זיך, ווי אָפּגעשניטענע צויטנס.

און מיט אַ מאָל האָט ער דערפילט, זיי קומען אָן, זיי קומען אַלע צו אים. זיי שטראָמען אויף. זיי שטופּן זיך נישט אין דער שויב, נאָר דעפילירן פאַרביי. זיי קוקן נישט צו אים; זייערע אויגן זענען געווענדט אויף פאָרויס, פאַר זיך. ווי זעלנער מאַרשירן זיי — זייטיק מיטן פּראָפיל. זיי רוקן זיך — שורה נאָך שורה — אין זייער אַלטער קליידונג פון אַ מאָל. ער האָט זיי דערקענט כמעט אַלע. זיי גייען משפחותווייז — געלאָסן, פּאַמעלעך. אויך זייערע אויגן האָבן נישט אין זיך קיין שרעק.

זיי מאַרשירן אַלע מיט שטילע טריט, ווי אין די זאָקן — די גאַנצע עדה — אנשים, נשים וטף — אַלע איין גאַנג, נאָר ער איז אויסגעשלאָסן פון אים. ער איז

פון דער זייט שויב. ער האָט זיך אויפגעזעצט. ער האָט געוואָלט זיך צורוקן צום פענצטער; פאַרלייגן די האַנט איבער די אויגן, ווי אַ דעכל — ביי דעם גלאָז, און אַרויסקוקן פון דער נאָענט. זיי האָבן אָבער נישט געוואַרט. זיי האָבן נישט אויפגעהערט פאַרביי צו דעפּילירן. ער האָט נישט געוווּסט, צי זעען זיי אים; צי ווייסן זיי, אַז ער איז דאָ; זענען זיי געקומען צו אים; אדער איז דאָס נאָך זייער גאַנג פון דעמאָלט, ווען מען האָט זיי אַרויסגענומען אַלע פון די שטובן און געפּירט אין רייען צו דער באַן. זיי הערן זינט דעמאָלט נישט אויף צו מאַרשירן. זיי וועלן אייביק שוין אַזוי מאַרשירן.

ער האָט איצט זיך איינגעשרומפּן, זיי זאָלן אים נישט זען. ער האָט געוואָלט זיך שטעלן הינטער אַ שוואַרצער קורטינע. בלויז מיט לעכלעך אין איר פאַר זיינע אויגן. ער האָט אויפגעריסן די אַפּלען, זיי זאָלן אַלע אין אים אַריין. ער האָט געוווּסט, ס'איז דאָס לעצטע מאָל, ווי ער זעט זיי צוזאַמען. ער האָט מורא געהאַט, אָט שטרעקט זיך פון צווישן זיי אויס אַ האַנט, נעמט אים אַן פאַרן אָרעם און ציט אים אַריין אין דער ריי. ער וועט מער נישט אַרויס. אַ רגע האָט אים אַ ציי געטאָן, אַליין אַריינצושפּרינגען צווישן זיי; ער האָט נישט געוווּסט ווו. ער וועט וואַרטן ביז זיינע נאָענטע וועלן זיך אונטעררוקן. דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט. ביז איצט האָט ער זיי נאָך נישט געזען. דאָ ווו מען שפּרינגט אַריין, מוז מען שוין בלייבן.

ער האָט מיטן פינגער געוואָלט ציילן די שורות, נאָר ער האָט קיין מאַכט נישט געהאַט אים צו באַוועגן. ער האָט געשפּירט, ער זיצט ווי איינבאַלזאַמירט. דער ווילן איז אים איינגעגליווערט אין דער פינצטערניש. פון מאָל צו מאָל האָט ער געוואָלט אַ רוף טאָן צו וועמען, אַ נאָענטן, נאָר אויך דאָס קול איז אין אים געווען אַראָפּגעלאָזט. יענער וואָלט אים נישט געהערט. מרחקים זענען צווישן זיי.

באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אַז דאָס גייען זיי לויט שיכטן, לויט זייערע צעכן. צו ערשט די תלמידי חכמים, די בכבודיקע יידן, מיט זייערע פאַמיליעס; די ראשי־הקהל, דאַזאָרעס, פרנסים. אין דער מיט — דער רב, מיט דער סאַמעטן־שוואַרצער באָרד און פאות, מיטן זיידענעם כאַלאַט און דעם שטריימל אויפן קאָפּ (ער האָט אים די גאַנצע צייט געהאַט פאַרגעסן!). זיי רינגלען אים אַלע אַרום, צו שיצן אים מיט זייערע גופים. אַרום אים — אַ וואַלד מיט בערד — לאַנגע, מיטעלע און קורצע — ווייסע, רויטע, שוואַרצע און בלאָנדע בערדלעך. די זקנים — זיכער, אָנגעלענט אויף די שטעקנס.

באַלד האָט ער דערזען, די בעל־מלאכות, די האַנטווערקער: הויכע, דאַרע שוסטערס, קאַמאַשנשטעפּערס; קרעפּקע, קורץ־גופיקע שניידערס; די קנעפּלמאַכערס מיט די גראַנאַטענע בלוזעס; די שערערס אין ווייסע פאַרטעכער; נאָך זיי — די זייגער־מאַכערס — מיט לאַנגע דין־ווייסע הענט; די קלעזמערס — מיט קיילעכיקע בייכער — אָן די כלים ביי זיך. די סטעלמאַכס — מוסקולירטע אָרעמס, די סטאָלערס, שלאָסערס, בלעכערס, מויערערס; שינדל־לייגערס; די קורצפּיסיקע שטיינהאַקערס; די אויסגע־איידלטע בלייכע וויינמאַכערס.

עס האָבן גענומען פאַרביימאַרשירן די סוחרים — הענדלערס פון תבואה, פון מעל — מיט פאַרווייסטע כאַלאַטן; די שפּייז־קרעמערס, פאַרקויפערס פון שניט, גאַרן, צעלניק, שוסטער־צודאַטן; די גבירים פון שטאָט, מיט די געהאַקטע קאַפּאָטעס און געציכטיקטע

פנימער; די אָרעמעלייט, נדבה־קלייבערס; די קאַליקעס — לאָמע, בלינדע, הויקערס; אויך די שטאָט־משוגעים צווישן זיי.

עס האָט גענומען גיין די יוגנט, וואָס האָט אָפּגעריסן זיך פון די טאַטעס. אָט אַ גרופּע קרעפּטיק־מוסקולירטע בחורים, מיט צעפלאָשעטע טשופּרינעס איבער די קעפּ. מיט זעליגן, דעם סאָציאַליסט, אויבן אָן. זיי איילן מיט אַרויפגעריסענע קעפּ, ווי אויף אַן אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע. און אָט אַ צווייטע גרופּע — חלוצים, אין שפּיץ מיט חיימען, דעם לערער. אַ בלאָנד בערדל קרייזט נאָך אַרום זיין ראָז פּנים; און אויך דער העלער גוף איז, ווי תמיד, ביי אים צעוואַרעמט פון עקסטאַז, ווי אָט וואָלט ער אַרויס פון אַ הייסער באָד: אַ פּאַרע שלאָגט פון זיין הויט. זיי גייען אַלע ווי פאַר־דרימלט — מיטן חלום פון שיבת־ציון אין זיך. זיי טאַפּן אין דער לופט, ווי לונאַטיקער (אָט אַזוי, מיט דעם חלום, האָבן זיי געענידערט אין דער ערד!).

און נאָך, פרישע גרופּעס: ישיבה־בחורים פון די קלויזן, פון די בתי־מדרשים און שטיבלעך. מיט און אָן ברילן, מיט זאַראָסטלעך אויף די באַקן און גאָמבעס; חדר־ייִנגלעך מיט בלאַסע פּנימלעך און לאַמטערנעס אין די הענט — פון גיין אין ווינטערדיקע נעכט פון חדר. אויך זעלנער, אין די מונדירן, צוריקגעקומענע פון זייערע פּאָלקן.

און מיט אַ מאָל האָט זיך אָנגערוקט אַ חתונה. ער האָט געוווּסט, ס'איז די לעצטע יידישע חתונה אין געטאָ. חתן־כלה און אַלע געסט אַרום. ער האָט דערקענט, זיינע חברים זענען דאָ. זיי גייען פריילעכע און זינגען. זיין חבר, דער בלינדער כילעק, פירט צו דער חופּה זיין חברטע, געניע.

ער האָט געוואָלט דער מאַרש זאָל זיך איינהאַלטן; די חתונה זאָל אַ ביסל בלייבן שטיין פאַר זיינע אויגן. ער האָט געדענקט, ווי כילעק איז פון אַ שיסעריי בלינד־געוואָרן אין געטאָ. ער איז געווען אַ סטודענט פון יידישער געשיכטע. ער האָט מער נישט געקענט קוקן אין די ביכער. ער פלעגט איצט שטיין מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי אַ געהאָנגענער, וועמענס פּנים ס'שמייכלט. זיין חברטע, געניע, פלעגט שפּעטער, ווען זי איז געזעסן נעבן אים אויף דער קאַנאַפּע, אים אונטערשטעקן אירע שפּראָצנדיקע אברים; זיי געשטופּט אונטער זיינע זוכנדיקע הענט. זיינע פינגער, טאַפּנדיקע, האָבן אויסגעפונען די וואַרעמסטע פאַרבאָרגענישן פון איר לייב. אירע צעעפנטע בריסטן פלעגן אַליין אים אַרויסשפּרינגען אַנטקעגן.

און שפּעטער איז דאָס געשען. ס'איז געווען אין יענעם לעצטן פּרייטיק. געניע איז געווען גרייט, צו לאָזן זיך פירן פון כילעקן צו דער חופּה. זי איז שוין געזעסן אויף איר כלה־טראָן אין דעם חתונה־זאָל פון דעם פאַרמויערטן געטאָ. אירע וואַרעמע בריסטן — לויז געוויקלט אונטער די בלוילעכע וועלאָן־שלייערן. אַרום איר הויך־געבעטער שטול — די געטאָ־טעכטער — מיט לאַנגע ווייסע קליידער; מיט בלאַסע באַקן און שמאַלע פינגער. זייערע פּנימער פאַרהילט אין סוד.

אין אַ שעה אַרום האָבן זיך געהערט די געקנאַלן. די מויערן אַרום זענען געוואָרן אויפגעריסן. עס האָט געקראַכט. פון די שטובן און גאַסן האָט מען געטריבן. געניע, אַ געהילטע אין וואַל, האָט אַן אַרומגערינגלטע פון אירע חברטעס און געסט — געענידערט. כילעק האָט זי נאָכגעאיילט.

זאָל ער זי אָפּשטעלן, די חתונה, און אין איר אַריינקוקן? און אפשר דויערט זי נאָך, די חופּה? נאָר טייל געסט זענען זיך צעלאָפן אונטערן פייער־רעגן. די אַלע אַנדערע טאַנצן נאָך איצט אין דרויסן, אין דער נאַכט. און אפשר וואַרט מען מיט דער חופּה אויף אים? זיי האָבן געהערט, ער איז אין שטאָט — ווילן זיי טרינקען מיט אים „לחיים".

און אפשר זאָל ער אַרויסשרייען צו זיי אַלע, אַז זיי זאָלן גיין אין זייער רו אַריין! זיי זענען אויסגעשלאָסן פון די לעבעדיקע!

אַ רגע האָט ער געוואָלט אויסהאַקן די שויב, אַרויסלויפן צו זיי. די הענט זענען אים אָבער אַלץ נאָך געהאַנגען לויזע, אַראָפּ, ווי צוויי אָפּגעטויטע אברים. ער האָט אויך מורא געהאַט, פון דעם קלאַפּ וועלן זיי פאַרשווינדן; ער וועט זיי מער נישט זען. גרויסע משפחות, גאַנצע, נאָך נישט דערמאָנטע — וועלן בלייבן אָפּגעהאַקט פון אים. קיינער וועט זיי מער נישט געדענקען.

ער האָט געוווּסט, די שטילע פאַרגעסענע משפחות, די פאַרווישטע פּנימער, שטופּן זיך איצט אין דרויסן צו זיין פענצטער. זיי דריקן זיך צו די שויבן. זיי ווילן זיי דורכ־דרינגען. אין געדיכטע, געשלאָסענע רייען וועלן זיי דורכציען דורך די ווענט. זיי וועלן אינעווייניק שווייגנדיקע בלייבן שטיין פאַר אים, וואַרטן. זיי וועלן נישט אָפּטרעטן, ביז ער וועט זיי ביזן לעצטן איינזאַפּן אין זיך. אויב נישט — זענען זיי פאַרמשפּט צו נידערן אין דעם ריזיקן אָן־דנאָעדיקן קעסל, אין אים אויף אייביק פאַרפאַלן צו ווערן.

ער האָט איצט זיך דערפילט מאַכטלאָז; נידעריק אַראָפּ אונטער דעם עול. דווקא אויף אים איז געפאַלן דער גזר צו בלייבן; טראָגן אין זיך זיי אַלע אויף ווייטער! פאַר וואָס האָט מען אים אויסגעקליבן?! ער האָט נישט קיין כוח דערצו. עס איז פאַר אים פאַרהווילן.

ער האָט זיך געכאַפּט, אַז דאָס איז אויף אים געפאַלן אַ האַרבע שטראָף — נישט צו פאַרטראָגן, פאַר וואָס איז ער פאַרטריבן געוואָרן פון צווישן זיי אַלע? ער האָט בייצייטנס געדאַרפט אַנטלויפן.

אַן אויסטערלישער געדאַנק, איז אים דורך: וואָס וואָלט געווען, ווען די שטאָט ווייסט די אַלע יאָרן, פון זיין קינדהייט אָן, אַז פון זיי אַלע וועט ער איינער אַליין בלייבן? וואָלטן זיי אים געזאָלבט? וואָלט מען אים אָפּגעשיידט צו גאָט? מען וואָלט אים געהייליקט, צו אים געדינט?

ווען מען דערוויסט זיך דאָס אין געטאָ — וואָס פאַר אַ יאוש און אויסזיכטלאָזיקייט וואָלט אַלעמען באַפאַלן! מען וואָלט אים שטיל פיינט געהאַט. אפשר וואָלט מען אים באַלאַגערט; זיינע חברים וואָלטן אין דער נאַכט אים דערמאָרדעט? און מעגלעך — בעת אַ שקיעה אין געטאָ וואָלטן אַ זקן, און אַ מיידל געקומען צו אים, בעטן, ער זאָל זייערע גופים באַהאַלטן אין זיך; ער זאָל זייער זכר נישט אָפּטאָן פון זיך אויף שטענדיק. זיי וואָלטן געקומען צו אים, ווי צו אַ צדיק.

ווער זענען זיי, דער זקן און דאָס מיידל? שטיין זיי דאָ איצט אין פענצטער?

ווען די טאָל־טרייבער ווייסן, אַז ער וועט בלייבן — וואָלטן זיי אים דעם ערשטן אויסגעקליבן; ווי אַ הייליקן אים דערהרגעט!

אַ ווײַלע האָט אים געדאַכט, אַז דאָס זינקט ער מיט זײַ אַלע אויסגעמישט אין דעם קעסל אָן אַ דנאָ. ער איז גאָר נישט פֿאַרבליבן. דאָס האָט אים זיך נאָר אויסגעדאַכט אין פֿיבער. ער איז גאָר דער ערשטער אומגעקומען. ער מוז זיך טאַפּן דעם קאָפּ. אָט, אָט, פֿאַרשווימט ער ווײַט צוזאַמען מיט זײַ. ער שוועבט, ער דרייט זיך אין חלל צווישן אַלע. זײַ פֿליען געדיכט, ווי מלאכימלעך, פֿליטערלעך; זײַ רירן זיך נישט אָן. עס איז ענג. מען פּאַקט זיך. מ׳קאָן נישט אָטעמען.

ער האָט אָן אויגנבליק געוואָלט אַראָפּלאָזן די פּיס פֿון בעט, קריכן אויפֿן קילן דיל; צולייגן צו אים די הייסע באַק. אפֿשר צו צום פֿענצטער, אָנצינדן אַ ליכט, אַרויסלייכטן מיט דעם אין דרויסן.

מיט אַ מאָל האָט ער דערפֿילט, ס׳איז אים שלעכט, ענג. אַלץ דריקט זיך אים אַרום. קאַלטע שווייס־טראָפּנס שלאָגן אים אַרויס. ער האָט נישט קיין אָטעם. אַ שוואַרצע כמאַרע וויקלט זיך נאָענט פֿאַר זײַנע אויגן, פֿאַר די שלייפֿן; זי פֿאַרפּלייצט אים דעם מוח. ער מוז שוין זיך אַרויסרייסן, גיך אַרויס אין דרויסן אויף דער לופֿט.

ער איז געזעסן, די פּיס אַראָפּגעלאָזט. ס׳איז אים נישט גוט. ער האָט וואַקלענדיק זיך אויפֿגעשטעלט. אַ ווײַלע האָט ער געוואָלט לויפֿן; אָן אדורכגענעצטער, שנעל ווי אַ דערשלאָגענער האָן, ראַטעווען זיך — איידער ער פֿאַלט. ער האָט אויסגעצויגן די פּיס, זײַ אָנגעשפּאַנט. ער האָט לויז געשטעלט טריט אין דער פֿינצטערניש; צו דער טיר פֿון קאָרידאָר, אין דרויסן אַרויס. ער זאָל נאָר באַווײַזן! אַ קילקייט האָט אים געטריקנט דעם שטערן. ער האָט געהאַלטן שאַרף דעם געדאַנק; געדענקט, וווּ ס׳איז די טיר, מיט די אינעווייניקסטע ריגלען פֿון אויבן און אונטן. ער האָט, ווי אַ בלינדער, געשטרעקט די הענט פֿאָרויס. ער זאָל זיך נישט אָנשטויסן אין עפּעס.

ער איז געווען בײַ דער טיר. ער האָט אָנגעטאַפּט די ריגלען; ער האָט געפֿילט צווישן די פֿינגער די ווייכקייט פֿון זייער מעטאַל. זײַ האָבן היימיש אים זיך איבער־געגעבן; אײַנגעפּאַסט אין דער דלאָניע, ווי אַ מאָל. ער האָט געוואָלט אַ רגע זײַ האַלטן, דערשפּירן שטאַרקער זייער קילקייט.

נאָענט האָט זיך געהערט אַ געשורש. אַרום די שלייפֿן האָט זיך אים אַ פֿאַרוויקל געגעבן אַ לייכטער וואַרעמער ריח. ער האָט שוין געוווּסט, ס׳איז פֿון פֿרויענלײַב; אַ שמעקנדיקע שווייסיקייט האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין נאָז. ער האָט געפֿילט, דער פֿרויען־קערפּער גייט אָן; ער האָט פֿון ערגעץ זיך אַראָפּגעלאָזט. אָט איז ער דאָ בײַ אים.

אַ רגע האָט אים אַ מיש געטאָן אין מוח; די טונקלקייט האָט אים אַ באַוועג געטאָן. ער איז געווען אויסגעדרייט מיטן פּנים אויף פֿאָרויס, אין צימער אַרײַן.

ער האָט ניכטער געוווּסט, אַז דאָס איז זי, די פֿרוי נאָוויק. דאָס זײַדענע העמד האָט אויף איר כוואַליענדיק געראַשט. אָן אויגנבליק האָט עס איבער אים זיך לייכט אַ וויש געטאָן, קיצלדיק באַרירט זײַן האַנט. באַלד האָט ער דערפֿילט, אַ בריסטן־כוואַליע זעצט אים אָטעמדיק אין די חושים.

אין איין רגע האָט זי געגעבן אַ ברום אַרויס. ער האָט מיט די נאָזלעכער אויפֿ־גענומען איר פֿאַרצווייפֿלטע גרייטקייט זיך צו פֿאַרטיידיקן; צו שיצן זיך מיט איר־

קינד אין דער נאַכט־פּינצטערניש; און — אַ געבראָכענעם ווילן צו פֿאַלן אונטער־געהאַקט, ווי אַ בוים. אירע פֿינגער האָבן קראַמפּהאַפט געזוכט זיינע הענט, זיי אָפּ־צושטויסן אין דעם לופֿט־געראַנגל.

זיי זענען געשטאַנען איינער קעגן אַנדערן. אירע הענט פֿאַרקלאַמערט אין זיינע. זי האָט געפּרייכט. ס'האָט אין איר קלאָר דורכגעבליצט דער געדאַנק, אַז דאָס ווערט זי זיך קעגן דער יידישער נקמה, וואָס לאָזט דאָ איבער איר זיך אַראָפּ; זי איז זיכער, ער קומט זי ווערגן. זי וויל זיינע הענט דערווייטערן פֿון איר האַלדז.

ער האָט געוואָלט, רעדן צו איר, זי באַרויִקן; איינשטילן זי מיט אַ וואָרט. דער האַלדז איז אים געווען פֿאַרטריקנט; דאָס קול אינעווייניק — אַראָפּגעלאָזט. ער האָט געוווסט, אַז זי וויל רופֿן, שרייען, נאָר די האַלדז־בענדער זענען אויך ביי איר פֿאַרשטומט.

ער האָט געהערט די אָנמאַכט, וואָס לאָזט איר זיך אַראָפּ אין די פֿיס און ליימט זי. זי איז אויך אין אים אַריין. ער האָט זיך געוואָלט אַרויסצײַען פֿון דער פֿאַרנעפּלטקייט. אירע ביינער האָבן געטרעשטשעט, זיך געבראָכן אויף הינטן. ער קאָן זי נישט האַלטן.

ער האָט געוווסט, דאָס שטייט זי נאָך אויף די פֿיס, צוליבן באַוווסטזיין פֿון דער סכנה, וואָס לויערט אויף איר. זי שפּירט, אָט נידערט זי אין אַ פֿינצטערניש. עס שטופּט זי אַראָפּ. באַלד גייט זי אויס. זי וועט פֿאַלן שווער; זינקען אונטן אַראָפּ, ווי אין אַן אָפּגרונט. מיט די לעצטע כוחות ראַנגלט זי זיך קעגן דעם.

— אָ, יעזוס! — האָט זי אויסגעשריגן.

אין איין רגע האָט איר פּנים אַ פֿאַל געגעבן אויף פֿאַרנט, אין אים. אירע מויל און באַקן זענען געוואָרן איינגעגניורעט אין זיין האַלדז. זיינע אויערן האָבן פֿאַרנומען אַ זיס זיפֿצן. באַלד האָט ער דערפֿילט, די משׂא פֿאַלט פֿון אים אָפּ, שלעפּט אים. איר קאָפּ איז פֿאַרוואָרפֿן אויף הינטער זיך. אירע פֿיס האָבן קניִענדיקע זיך געבראָכן אַראָפּ.

ווען ער איז איבער איר געווען, האָט אים געדאַכט, צו פֿאַרנעמען אירס אַ פֿאַר־צווייפֿלט געבעט צו אים, צו זיינע פֿינגער, אַז זי טרויט אים זיך אָן. זי האָט דערפֿילט, ווי עס דרינגט אין איר אַריין. עס צעשפּאַרט זי. אירע שפּיצן פֿינגער זענען געווען אָפּגעטויט. די האָר־וואָרצלען אין קאָפּ האָבן געפּרירט. ער האָט געשפּירט, ווי אירע לאַנגע פֿיס אונטער אים קאָפּען אין דער לופֿט. אירע הענט האָבן אויבן זיך געררוקט איבער זיין לייב — איבער זיינע רוקן און אָרעמס. זי בעט פֿאַר איר לעבן.

ווען די פֿאַרנעפּלטקייט איז נאָך דעם פֿון איר אָפּגעצויגן — זענען אירע הענט געבליבן ליגן צוריקגעפֿאַלענע. ס'איז איר פּלוצעם קלאָר געוואָרן, אַז זי איז געווען באַוועלטיקט פֿון דעם נישט־ערדישן יידישן כוח. ער האָט זי ערשטמאָליק באַ־הערשט. אַ דינע שרעק האָט זי דורכגעעקבערט, דורכגעשטאָכן אינעווייניק — דעם איצט לויזן גוף. דאָס איז, נישט ער נאָך געווען איבער איר, נאָר טונקעלע הימלען האָבן זיך געהאַט אַראָפּגעלאָזט, זי שווער באַדעקט. די שטערן אויבן זענען געבליבן ווייט. אויך איר פֿאַרשטאַרבענער מאַן איז אויבן איצט ערגעץ ווייט און קליין. דאָ האָט אויף איר געלאַסטעט, אַ מידער — דער שווערער, פֿרעמדער, כוח. איר הויכער, דיקער מאַן איז אויבן געוואָרן קלענער, קלענער — אַ פּינטעלע. זי האָט פֿון אונטן גע־

וואָלט צו אים רופן. זי האָט רחמנות געהאַט אויף אים, עס האָט איר געדאַכט, ער האָט קיין מאָל צו איר נישט געקאָנט זיך אַזוי דורכרייסן. ער איז שטענדיק געבליבן פאַרשעמט און אומשולדיק.

אַ שרעקלעכער געדאַנק האָט איר מיט אַ מאָל אַ ביס געטאָן דעם גאַנצן גוף. דאָס איז זי, די יידישע נקמה אין אים — איצט אַריין אין איר; זי האָט אים מוראדיק דאָ דערגרייכט; זי האָט אים פאַרשעמט. זי האָט געוואָלט אויפשרייען „ניין!". אירע לויזע הענט האָבן אויבן, איבער זיך, איצט געזוכט זיין קאָפּ, אים צו גלעטן: „אָרעמער, מיינער!". אַ פרעמדער, ווייך־באַהאָרטער קאָפּ האָט שטיל געהויערט איבער איר. ער האָט טיף, רויק, געאָטעמט. אירע פינגער האָבן זיך גערוקט אין דער זיידענער האָריקייט, וואָס האָט שטעכיק געקיצלט איר לייב.

ער איז געווען אַרויסגעשטעלט אין דרויסן, דורך דער הינטערשטער טיר. די הויף־פינצטערניש האָט אים אַריינגענומען. אויבן, אויפן פאַרטאָגיקן געדיכט־שוואַרצן הימל, זענען קיין שטערן נישט געווען. אַלץ איז אָפּגעשטעלט. די ערד האָט זיך אויס־געצויגן, זיך געקורטשעט אונטער דער חשכות. מען האָט זי געמוזט אויסטאַפּן מיט די פיס. ער איז אויף איר געגאַנגען מיט די שפּיץ־פינגער. דאָס וואַרעם־צעיוירענע לייב האָט נאָך געפאַרעט. פּראָסטיקע נאַדעלעך האָבן אין עס זיך איינגעשטאָכן. ער איז געווען לײדיק, פּרוכטלאָז. ער האָט געפילט, די נאַכט שלאָגט אים ניכטער אין קאָפּ, ווי מיט קאַלטע וואַסער־שטראָמען. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער קילער ערד. ער איז געזעסן. ער האָט מורא געהאַט זיך אויסצוציען.

ער האָט זיך געכאַפּט, אַז אַלץ איז אַזוי ווייט פון אים. ווען איז ער אַהער געקומען? ער האָט צו דעם אַלעם אויפן הויף קיין שייכות נישט. ער טאָר עס נישט אָנרירן.

ער האָט מורא געהאַט זיך צו דערמאָנען, פון וואַנען דאָ ער שטאַמט. ער האָט געוווּסט, ס'איז פון אים אַרויס דער עיקר. אַלץ איז אָפּגעהאַקט.

ער האָט געוואָלט רופן און נישט געהאַט צו וועמען. קיינער איז נישט געווען אַרום — שוין פון לאַנג נישט. זיי אַלע, די מענטשן, וואָס האָבן דאָ געלעבט, זענען אַוועק ווייט פון אים.

אַ ווײַלע האָט ער זיך געכאַפּט, אַז שוין לאַנג האָבן זיי אים געלאָזט אַ פרעמדן הינטער זיך. זיי האָבן פון זיין געבורט אָן געוווּסט, אַז ער געהערט נישט צו זיי; ער טיילט זיך אָפּ, נישט פון זייערע לענדן קומט ער אַרויס.

ער האָט געוואָלט אַרויסקרעכצן „מאַמע", נאָר ער האָט מורא געהאַט; ער האָט נישט געטאָרט. זי איז ווייט פון אים.

ער האָט געוווּסט, ער האָט פאַרשוועכט איר געלעגער.

ער האָט מורא געהאַט צו טראַכטן.

אויף מרימלען האָט ער מער נישט געהאַט. זי רוט ערגעץ ווייט, פרעמד. זי איז דאָ קיין מאָל נישט געווען. ער האָט פּאַמעלעך, פאַרזיכטיק, געפּרווּט זיך דערמאָנען,

ווי ער האָט אויף דעם אָרט, דאָ, מיט איר זיך געשפּילט, אין די פּאַרנאַכטן, אין יאָגעלעך. זי האָט איצט נישט געלאָזט זיך אַװעקשטעלן. זי איז צעשוואומען. אויך ער אַליין דאָ איז מער נישט יענער, איר ברודערל. יענער איז אומגעקומען רײַן, איז אַוועק מיט זיי צוזאַמען.

ער האָט געשפּירט די פרעמדקייט פון זיין לייב. עס איז אויף אייביק אומריין. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט, געהאַלטן די פינגער אויסגעצויגן, געשטרעקט אין דער לופט — עס נישט אָנצורירן.

ס'איז אים געווען קלאָר, ער זיצט אין דרויסן, אַרויסגעוואָרפן. ער וועט אַוועק, זיך לאָזן וואַנדערן, זיין נע־ונד; זיי אַלע מער נישט דערמאָנען. זיי ווילן דאָס נישט.

אייביק מוז ער אַזוי בלייבן. ער טאָר מער זיך נישט טובלען, רייניקן. ווי אַ טמא, שטומע חיה, וועט ער, אויף אַלע פיר, שווער טרעטן איבער דער ערד — ווייט אין די יאָרן אַריין.

ער האָט אויפגעריסן די אויגן אין דער אויפגייענדיקער גרויקייט. שטיקער כמאַרעס האָבן זיך צעריסן, זיך געדריוולט. אונטער די שאָטנס האָט דער הויף דאָ איצט זיך געשפּרייט — אַ פּוסטער, אַ ליידיקער, אָן שטריק. קיין שום ווייסע וועש האָט נישט געפלאַטערט.

פון דער ווייטנס האָט אַ באַן זיך צעפּייפט אין פּאַרטאַג אַריין. אין דער שטילקייט האָט איבער דער שטאָט זיך אָנגעטראָגן דער געטראַסק פון שטאָלענע רעדער אויף רעלסן. אים איז קאַלט. עס קלאַפּט אים אַ צאָן אין אַ צאָן. אין אַזאַ פּאַרטאָג, מיט צוויי יאָר צוריק, האָט מען זיי אַלע אַרויסגעפירט פון די שטיבער. צוויי טויזנט רוען זיי דאָ אַרום אין דער ערד; פיר טויזנט פון זיי האָט מען אַרויסגעפירט, ווי בהמות. אין פאַרקראַטעוועטע וואַגאָנעס; מען האָט זיי געפירט אין גאַזקאַמער אַריין; מענטשן־הענט האָבן אין דעם קילן פּאַרטאָג געפירט דעם לאָקאָמאָטיוו. דער מאַשיניסט האָט פויל געגענעצט, ער, ש. איז דעמאָלט געלעגן באַהאַלטן אויף אַ פעלד, צווישן קאַרטאָפל־בייטן, אונטער די בלעטער, און געציטערט פון קדחת. עס האָט אים געוואָרפן; ער האָט געהערט דאָס פייפן פון לאָקאָמאָטיוו, זיין איינשניידן זיך פאַרויס אין דער פאַרטאָגיקער גרויקייט אַריין, דאָס קלאַפּן פון די אָפּפאַרנדיקע רעדער. מען האָט זיי אַלע אַוועק־געפירט. אים האָט מען איבערגעלאָזט.

ער האָט דעמאָלט געמיינט, אַז דאָס איז נאָר אַזאַ קאָשמאַר; אַ חלום, וועלכן ער וועט באַלד מיטן טאָג אַוועקשאַרן פון פאַר די אויגן; ער איז געבליבן — אויף באַלד ווידער זיך צו באַהעפטן מיט זיי; איצט — נישט צוויי יאָר טיילן אים פון יענעם פאַרטאָג. נאָר וועלטן פאַרלאָשענע. ער איז אַן אַראָפּגעפאַלענער קאַלטער שטערן — מער קיין מאָל צוריק זיך נישט צו באַהעפטן.

פלוצעם האָט ער זיך אַרומגעקוקט, אַז עס טאָגט, אַ בלויקייט גייט אויף. באַלד וועט זי אים העל אָפּדעקן. מען וועט אַרויס פון די טירן, און אים טרעפן דאָ, אין דעם הויף־ווינקל, הינטערן פענצטער פון שטוב, הינטערן קליינעם פענצטערל פון קעלער. ער האָט זיך דערפילט, ער זיצט אַ פאַרבלאָנדזשעטער הונט, מיטן ווידל אונטער זיך. ער באַלעקט דאָס אייגענע פעלעכל. מען וועט אים טרעפן און פאַרטרייבן פון דאַנען, יאָגן מיט שטיינער און שטעקנס. ווער איז זיין טאַטע?

ער האָט מיט אַ מאָל זיך געכאַפּט, אַז אייגנטלעך ווייסט ער נישט ווער ער איז; ווער ס׳איז געווען זיין עלטער־זיידע, פון וועמען ער שטאַמט. ער האָט דאָס קיין מאָל נישט געוווסט. ווי האָט ער וועגן דעם פריער נישט געטראַכט? און וואָס ווייסט ער דען וועגן זיין זיידן? כמעט גאָרנישט. ער האָט די מאַמען קיין מאָל נישט געפרעגט וועגן אים; ער האָט נישט באוויזן. אַצינד איז שוין צו שפּעט; ער האָט פאַרזוימט. די פריערדיקע דורות שטעקן שוין אַלע ווייט, אין דער פאַרהוילעניש, מער נישט צום דערטאַפּן. איצט ווערט טאָג. די טונקלקייט לייזט זיך אויף. אויך די מאַמע האָט, נישט צום באַמערקן, זיך אַהין אַוועקגעשאַרט, מיט דער נאַכט. זי איז אַריבער. אַ ווילע האָט ער געוואָלט געבן זיך אַ הייב, לויפן, נאָכשרייען. נאָר אַלץ איז שוין געווען איבערן האָריזאָנט. פון יענער זייט — שטראַלט.

באַלד האָט ער באַנומען, אַז דורך אַלע דורות איז דאָס אַזוי. ברידער פון איין טראַכט — אויך ווען מ׳ברענגט זיי נישט אום — צעפּאָרן זיי זיך אין די מרחקים; באַנען פירן זיי אין די נעכט; שניידן זיי אויף אייביק אָפּ איינעם פון אַנדערן — פון זיך און פון זייער נעכטן. די פאָטערס זענען נאָר די זריעה־פאַרוואַרפערס. זיי אַליין בלייבן פון אונטן. איבער זייער צעפּאַלנקייט גייט אויף אַ נייער טאָג. די באַן פייפט. זי דערנענטערט זיך. זי שניידט זיך אין אים אַריין.

# לאָדזש

איך בין אין לאָדזש. שוין טעג ווי איך ווער געטראָגן מיט די שטראָמען מענטשן אין שטאָט. זיי ציִען אין לאַנגע כוואַליעס — אַרויף און אַראָפּ די גאַסן. די הויכע שטאָקיקע געזימס־הייזער פון ביידע זייטן זענען נישט דראָענדיק. זיי שליסן זיך נישט צוזאַמען אַרום אונדז. אויך דער הימל אויבן איז ברייט צעעפנט. איבער די דעכער שטייען נישט קיין וואַכן. קיינער היט נישט איבער אונדזערע קעפּ. מיר שטראָמען אונטן פֿאַרויס. מיר האָבן אַהער זיך אַריינגעלאָזט פון ווייטע אונטערוועגן. מיר זענען אַרויס אויף דער אויבערפלאַך און מיר איילן פֿאָרויס איבער די לאַנגע גאַסן, ווי מוראַשקעס. מיר קוקן זיך נישט אום; מיר קענען נישט איינער דעם אַנדערן. פון אַנטקעגן טראָגט זיך אָן אַ פרישער שווייגנדיקער גערויש. עס גיסן זיך אין אונדז אַריין ניי — שמאָלע, לאַנגע מענטשן־כוואַליעס.

שוין טעג, ווי איך לאָז זיך טראָגן אין דעם שטומען געגאַנג. מען שטעלט אונדז נישט אָפּ. איך פאַרנעם בלויז טריט. מען גייט, מען גייט.

איך בין פאַרצויגן אין אַ דרימל. די פיס פלאָנטערן זיך אין אים; קאָנען נישט אַרויסוויקלען זיך. באַלד וועל איך זיך איבערוועקן, פּרוּוון זיי אַרויסציִען. פון וואַנען נעמען מיר זיך אַהער?

מיר ציִען איבער די לאַנגע גאַסן. מען גייט אָן אויף זיך. מיר מישן זיך איינער אין אַנדערן; פאַרשוווּמען אין פרעמדע גופים, טיילן זיך פון זיי אויס. ווייטע קולות, וואָס טראָגן זיך נידעריק איבער דער ערד, בלאָזן־אויף; יאָמערן אַריין; מיר גייען אין זיי, ווי אין אַ ווינט.

די וועלט איז אויפגעבראָכן. מיר שטעלן אין איר פיס — אַריין און אַרויס, אַרויס און אַריין.

אין די לאַנגע שורות, וואָס וויקלען זיך אַרום, מיניען פאַר אונדז פאַרביי אויפ־געריסענע אויגן, לענגלעכע פנימער, נאַקעטע קעפּ. אַ ים שאַרבן־כוואַליעכלעך, ווי גלאַנציקע שופּן אונטער דער זון. עס ציִען זיך אַרויף, הויך אין דער לופטן, אַריבער־צוקוקן צו אונדז — אַנהאָריקע, שמאָלע יינגל־גופים; איבערגעוואָקסענע מיידלעך. און ווער זענען די מיט די געלע הויט־פנימער — זכרים, נקבות? איז אונטער דער דורכזיכטיקער הויט ערגעץ דאָ זייער מין? צי איז זייער צייט שטיין געבליבן אַ מאָל, ביים אָנהייב? וועלן זיי אפשר שוין קיין מאָל מער זיך נישט עלטערן? זיי קוקן אַריין, מיט פאַרלייגטע האַנטדעכלעך פאַר די אויגן, איינער אין אַנדערן, זוכן די ווייטקייט אין זיך.

אפשר אַנטרינען איידער עס וועלן אָפּגערייניקט ווערן די גאַסן? איידער עס רוקט

זיך אָן? עס קאָן דאָך נישט זיין אַזוי אָפּן — הפקר, אָן עמעצן, וואָס באַפעלט דיר! וואָס באַהאַלט זי דאָ אין זיך, די ליידיקייט?

מען גייט אַלע, מען שפרייזט אונטן. אויבן זענען די באַלקאָנען אָנגעפּילט מיט די אַרטיקע איינוווינער, מענער, פרויען. זיי האָבן זיך פאַרהויבן אַרויף, אויף די העכערע שטאָקן. נישט געוווּסט, אַז אַזוי פיל זענען מיר געבליבן, האָבן זיך אָנגערוקט פון אונטער דער ערד. זיי קוקן צו אונדז אַראָפּ. מיר האָבן פאַרגאָסן זייערע גאַסן. מיר זענען דער ים און זיי אין דער הייך, אין די הייזער, שווימען איבער אונדז, ווי אויף שיפן.

צי האבן מיר ערגעץ זיך געמערט, אין די לעכער? צי האָט דער וואָס האָט אונדז געשלונגען — צום סוף זיך איבערגעזעטיקט מיט אונדז? מער האָט ער נישט געקאָנט. די שטראָמען קאָנען באַלד נאָך פאַרפילן די אַרויפגענג; שטייגן, הייבן זיך אין דער הייך. די הייזער־טויערן אונטן זענען אָפן.

אַ פרעמדע האַנט האָט מיט יאָרן פריער אונדז אַרויסגעקליבן פון אונדזערע היימען, צוזאַמענגעבראַכט פון אַלע ווייטקייטן; אָפּגעזונדערט אונדז צווישן הויכע ווענט — אין די טאָלן. זי האָט אונדז געשטעלט אין די נעכט — לאַנגע רייען פאַר הויכע קוימענס. פרעמדע פייערצונגען האבן אונדז באַלעקט. מיליאָנען מיט אונדזערע קינדער אין זיך זענען מיר אויפגעגאַנגען אין די רויכן. און מיט אַ מאָל, איידער עס האָט זיך אָנגערוקט אונדזער ריי, האָט די האַנט זיך אַראָפּגעלאָזט. זי איז פאַרשוווּנדן. די בלויע פייער־צונגען האָבן זיך געלאָשן פאַר אונדזערע פּיס.

מיר האָבן נישט געוווּסט, וואָס ווייטער צו טאָן. אַ פרעמדער גאָט האָט דאָ פאַרלאָזט זיינע טעמפּלען. די טויערן זענען געבליבן אָפן.

מיר זענען צעשיט איבער די וועגן.
קיינער פירט אונדז מער נישט.

— איז מעגלעך, אַז עמעצער וואַרט אויף מיר? — פרעגט הויל, איינגעטריקנט, אַ דינע מיידלשטים — וווהין זאָל איך שטעלן מיינע טריט?

— רעכטס — ענטפערט אַ קול פון אַ זקן הינטער איר.

— רעכטס?

— לינקס!

— לינקס?

— רעכטס!

מיר גייען, מאַרשירן, שטעלן טריט — לינקס, רעכטס, לינקס — אין זיגזאַגן. ווו שטייען מיר? אפשר פאָרויס? אפשר צוריק? ביין, פאָרויס — צוריק; פאָרויס.

אַ שמועה האָט געזאָגט, דורך לאָדזש גייט דער וועג צוריק אין די אַלטע שטעט. דאָ טרעפט מען זיך; פון דאַנען פירן צעשפּאַרטע טויערן אויף אַלע פיר זייטן. עס איז אַן אָפענע שטאָט.

מיר שיטן זיך איבער אירע ברייטע גאַסן אַרויף און אַראָפּ. שוואַרצע אויגן בליצן זיך פאַרביי. אָרעמס שטויסן זיך אָן. גופים רייבן זיך.

— צו מערב?

— צו מזרח!

און ווען אַלץ האָט אַוועקגעשטראָמט צו די אויפגעריסענע מזרח־טויערן, וואָס פירן אַרויס — האָט אַ פרישע כוואַליע פון דאָרט אויפגעטויכט. זי איז אָנגעקומען מיט זוכנדיקע פנימער.

אַ קול האָט געררופן:

„מיר קומען אָקאָרשט פון דאָרט. ס'איז ליידיק. מיר איילן אויף מערב. אַהין האָבן זיך געלאָזט די רעשטלעך פון די שטעט".

דער שטראָם האָט זיך געצייגט אויף הינטער זיך, צום מערב־טויער.

און דאָ זענען אַנטקעגנגעקומען די פאַרלויפערס פון יענער זייט:

— אין מערב האָבן די רעשטלעך קיינעם נישט געטראָפן. זיי האָבן שוין פון לאַנג זיך צוריקגעקערט. זיי בלאָנדזשען. זיי גייען־אויס נאָך אייך. זוכט זיי צווישן זיך.

און מיט אַ מאָל איז אָנגעקומען אַ שטאָפּעט פון געבוירן־לאַנד אין צפון:

„ס'איז אויפגעשטאַנען שוין אַ נייער דור, וואָס קען אייך נישט. ער האָט באַזעצט אייערע היימען. מיר שטערן אים, מען מוז אַוועק".

— מיר זענען דאָך נאָך אָבער יונג. קיין רגע איז דאָך נאָך נישט פאַרגאַנגען?

„מען איז שוין סיי ווי איבער אונדז אַריבער — האָט געענטפערט דער שטאָפּעט פון דרום — זיי רעכענען אונדז מער נישט אַריין צווישן זיך. ס'איז אַ טעות, מיינען זיי, אונדזער דרייען זיך. מיר זענען גופים אָן אָטעם — זאָגן זיי — מיר דאַרפן צוריקגיין אין אונדזער רו אַריין, דאָרט אין טאָל. מיר געהערן צו יענע. זעט, מיר זענען לופט".

שוין טעג, ווי מיר מאַרשירן אַרויף און אַראָפּ — לענגאויס די גאַסן פון דער שטאָט. די היגע איינוווינער אויבן האָבן זיך צוריקגעצויגן פון די באַלקאָנען. זיי הענגען ליידיקע אויף דער גאַס אַרויס. מיר קוקן אַרויף. יענע האָבן זיך פאַרמאַכט אינעווייניק, אין די שטובן, הינטער שווערע טירן, האָבן פאַרלייגט איבער זיי פרעגנטן. די ערשטע פון אונדז האָבן געשטראָמט צו די אַריינגענג, צו די שטיגן; האָבן גענומען זיך הייבן אַרויף צו, אין די הייזער; האָבן פאַרכאַפּט די אָפּגעליידיקטע, בידעריקערע שטאָקן; זיך פאַרשפרייט איבער זיי. מיר זענען נאָך. מיר ליגן אין די נעכט איבער די נאַקעטע דילן, אין אָפענע דירות אָן טירן, און שלאָפן טיף. מיר זינקען אַראָפּ אין די ברעטער. מיר ליגן — אין דער ברייט, אין שורות — איינער נעבן אַנדערן; אין רעדלעך — ראָד אַרום ראָד — פאַרוויקלט קאָפּ אין פיס, פיס — אַרום קאָפּ. ווען מען קומען, אונדז וועקן, זוכן? וועט מען אונדז געפינען? אפשר וועלן מיר פלוצעם דערטאַפּן עמעצן, וואָס זוכט אונדז אין דער פינצטער? ווער ליגט דאָ דערנעבן, געוויקלט אין די קנוילן?

ווען די טעג זענען געלאָפן — איז אַן אומרו באַפאַלן אונדזער מחנה. אין די נעכט איז מען נישט געשלאָפן. אין שלאָף זינקען מיר אַראָפּ צו יענע, די פאַרבליבענע אין די טאָלן. טייל פאַרבלייבן דאָרט, קומען מער נישט אַרויף. מיר דרימלען מיט אָפענע אויגן אין דער פינצטער; האַלטן זיך אויבן ווי אין נעצן. מיר טאָרן פון זיי נישט אַרויספאַלן.

שוין נעכט, ווי מיר הערן זיך איין. מיר זענען געשפרייט מיט אָנהאַלטנדיקע זיך

הענט — אײנעמס אין אַנדערנס; מיר זענען די געשפּינטע נעץ. טאָמער שווערט עמעצער אַראָפּ אין שלאָף — ווערט ער געהאַלטן פון אַלע. איבער אונדז, אין די העכערע שטאָקן, ליגט די צווייטע שיכט — פון די היגע אײנוווינער. זי וואַכט. זײ ווייסן, נאָך אַ ביסל קומט אויף אונדז דער שלאָף; ער וועט אונדז אײַננעמען, און מיר וועלן דעמאָלט אַלע נידערן. אונטן וועלן מיר בלײַבן אויסגעשפּרייטע, ווי פּאַרסמטע פייגל, וואָס האָבן באַוויזן צו דערפליען און זענען געפאַלן שוין אויף דער ערד.

בשורות האָבן געשוועבט וועגן אַ ברודער, אַ געשוועסטער־קינד, נאַכטוואַנדלער, וואָס דרייען זיך צווישן די דרימלענדיקע, און זוכן. אויך די בשורות האָבן געהאַלפן אונדז ראַנגלען זיך קעגן שלאָף. זײ האָבן אונדז אויפגעוואָרפן פון די גלעגערס. מיר ליגן און רייסן שפּעלטעלעך פון אונדזערע אויגן־לעדלעך, וואָס קלעפּן זיך. מיר זעען זײ, די פאַרביישוועבנדיקע שאָטנס; אפשר טרעטן נאָענטע איבער אונדז אַריבער? אונדזערע גופים הייבן זיך זײ אַנטקעגן, צו לאָזן זיך דערקענען.

אין די ווייטערדיקע נעכט זענען מיר געבליבן געליימט. אונטער די פאַר־וויקלטע בגדים האָבן זיך גענומען אויסשיילן מיגים. עס האָבן זיך אויסגעבריט אַ ייִנגל, אַ מיידל. אַ וואָרעם ווינטל האָט דורכגעבלאָזן אין אונדזערע גופים. אין די ליגנדיקע שעהען איז מען געווען אײַנגעהאָרכט אײנער אין אַנדערן. אַ גרויל פון צערטל איז דורך איבער דער הויט; פינגער האָבן געצויגן. איבער דער ברייט פון דעם דיל האָבן לייכט זיך באַוועגט זוכנדיקע הענט. בגדים זענען געקראָכן; פאַרבאָרגענע אברים האָבן זיך אַנטקעגנגעעפנט.

אין דער פרי האָט מען גערעדנקט, ביי נאַכט האָט עמעץ מיך אויסגעטיילט. פאַר־רויטלטע איז מען געזעסן, געוואַרט. יענע זענען מער נישט געווען.

„ווו גײ איך?"

„וווהין גייט מען?"

„אפשר בלייבן דאָ? אין די נעכט וועט מען אונדז ווידער געפינען".

מען איז אויף די גאַסן געגאַנגען אַהין — צוריק. גוף אַנטקעגן גוף. מען האָט זיך אַנגעשטויסן, שטיין געבליבן. פנימער האָבן זיך באַשמעקט. די גופים האָבן זיך אַנגענומען מיט ריחות. מען איז געגאַנגען ווייטער — אין דער לענג, אין דער הייך, ווי אויף לייטערס.

מיר האָבן באַשלאָסן, צו שיקן אַ דעלעגאַציע צו די אײנוווינער פון אויבן, זײ זאָלן אַראָפּ, זיך אויסמישן אין אונדז; פּראָקלאַמירן די שטאָט אַלס זאַמלאָרט פאַר אַלע, די פאַרשפּעטיקטע, וואָס זוימען אויף די וועגן; דאָ וועט מען זיך אויפזוכן אײנער דעם אַנדערן.

און אפשר אויפשטעלן דאָ אַ רעפּובליק פון די פאַרבליבענע פון די טאָלן? פאַר־טרייבן די פון אויבן; באַפעסטיקן די שטאָט; שליסן אירע טויערן. דאָ וועלן מיר ארויסהענגען ווייסע פענער.

דערווייל האָבן זיך געמערט די צוגעקומענע. אויך געפאַנגענע פון די אונטערערד־אַרמייען. אַ סך — פּולע, מיט לייב אויף זיך. אויפן וועג האָבן זײ אָפּגעגעסן די פעלדער. זייערע גופים האָבן געבליט. מען איז צוגעגאַנגען און באַטאַפּט זייערע לייבער.

זיי זענען געווען געשפּאַנט. מען האָט נישט געוווסט צי זענען זיי פון אונדז אָדער פרעמדער גוף. טייל זענען אָט ערשט אויפגעשטיגן פון די טאָלן. זיי זענען געגאַנגען וואַקלענדיקע אויף די וועגן; מורא געהאַט צו שטעלן טריט אויף דער ערד, ווייטער; און אפשר זיך צוריקציִען, בלייבן זיצן אויף די אַש בערג אין די טאָלן? אין דרויסן איז די ערד ווייך. זיי האָבן זיך געשראָקן אַריינצושטעלן די שיך אין איר פרישקייט, נישט אַריינצוזינקען. זיי האָבן געהויבן דינע פיס.

פון די כסדרדיקע קומערס איז מער נישט געווען קיין אָרט אויף די נידעריקערע שטאָקן. זיי זענען געוואָרן איבערגעפילט. מען האָט איצט זיך געשפרייט אויף די הייף, אָן טויערן, און געוואַרט.

פון די גאַסן האָבן זיך געהערט קולות. טריט האָבן אָנגעקלאַפּט. אין דער ווייט האָט מען געזונגען.

עמעצער האָט דערציילט, אַז אויף די העכסטע שטאָקן אויבן, גרייט מען זיך. זיי ווילן, מיר זאָלן אַראָפּ אונטן, פאַרלאָזן די הייף, די גאַסן, און אומקערן זיך דאָרט, פון וואַנען מיר זענען אַרויס. דאָ ווילן זיי אונדז נישט.

— ס'איז דאָך נישטאָ ווער עס זאָל אונדז פירן צוריק אין די טאָלן?

— אויף די האַנט איז אָפּגעטאָן. נישטאָ ווער ס'זאָל דאָרט אונדז היטן.

— אפשר באַזעצן זיך אויף די בערג ביינער פון די נאָענטע, וואָס זענען דאָרט פאַרבליבן? זיצן און וואַרטן, ביז זיי וועלן אונדז איינזאַמלען אין זיך.

מען איז אַרויס אין די גאַסן, צו הערן.

אין געדרענגעניש האָט זיך באַוויזן אַ פרוי, אַ פולע, מיט אַ מאַסאַזשירט־געמאָלן פנים — ראָז, רויט; געשוירענע ברעמען, קורצע שטעכיקע הערלעך. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון די אויבערשטע שטאָקן, איז דורך צווישן אונדז. פון די געזעמלעך האָט מען זי נאָכגעקוקט. פינגער האָבן נאָך איר געטייטלט:

— זי איז איינבאַלזאַמירט; אַ מומיע, פון קאַסטן.

מיידלעך האָבן געלאַכט:

— כי, כי, כי, — זעט, אַ מאַסקע!

זי איז אויף אירע הויכע אָפּצאַסן גיך צוריק אַרויף אין דער הייך צו די איריקע פון די אויבערשטע שיכטן. אירע טריט האָבן דין אָפּגעקלאַפּט איבער שטיגן. אַרום איז געווען שטיל.

ביים פאַרבייגיין האָט זי געזען, אַז מיר רוקן זיך העכער אַרויף; ווי מוראַשקעס בויען מיר אונדזערע נעסטן. מיר הייבן זיך אַרויף אין לאַנגע שורות, האָבן שוין פאַרנומען נאָך אַן אָפּגעליידיקטן שטאָק. מיר ציִען פון טיר צו טיר, פון דירה אין דירה.

די טירן זענען ביי אונדז געווען אויפגעפראַלטע, אַרויסצוקוקן. די ניי־געקומענע זענען געטראָטן איבער אונדזערע גופים, ליגנדיקע אויף די דילן; האָבן געשפרייזט איבער זיי.

אַנדערע פון אונדז זענען געזעסן אויף די דילן און געקוקט אַרויף, צו די פאַרביי־ציענדיקע — אויף זייערע פיס און פנימער. יענע האָבן געהיפערט, פרעמד זיך איינגע־שניטן מיט די אויגן אין די גופים און ווייטער געשטעלט טריט. דאָ און דאָרט האָבן

בליקן פון אויבן און אונטן אַ ווײַלע שטום זיך באַהאַפטן, און באַלד לויז נאָכגע־לאָזט, זיך צוריקגעצויגן יעדער אין זיך. די אַליינקייט אונטן איז שטאַרקער אַראָפּ־געדרונגען אין גוף, האָט זיך אַראָפּגעקאָלערט אינעווייניק צום דנאָ, געבליבן ליגן דאָרט, ווי אַ קאַלטער שטיין; נישט געלאָזט זיך אויפהייבן.

אין די פאַרנאַכטן זענען זיי איצט געלעגן אין די צימערן, ווי אין אָפענע שטייגן. זייערע וואָרעם־אויפגעגאַנגענע שאָטנס האָבן זיך געפּאָרט אויף די דילן, ווי אָפּגע־ריסענע, באַזונדערע באַשעפענישן; האָבן אַליין זיך באַוועגט, זיך געריבן אָן ביינער — אויף די ווענט. זיי האָבן געצונדן די גופים אין די זייטן. מען האָט זיך דערשנאַפּט מיט די געעפנטע נאָזלעכער. מען איז געקראָכן פון איין צימער אין אַנדערן. פון דער ווייטנס האָט מען דערקענט צעשויבערטע קעפּ פון זכרים, פון זי׳ס. פינגער האָבן זיך געשטרעקט פון די געקנוילן, זיך איבערגערופן.

דורך די טעג האָבן איצט וואָרעם געדרימלט פאַרוויקלטע קופּעס.

ש. האָט געזען, זיי ווילן אויפּוירן אין די גלידער, אונטערן צודעק הייבן זיי אָן צו פאַרלירן דעם וועג. זי לעשט זיך אין זיי, די טרייבקראַפט. זיי געדענקען נישט, ווי זיי האָבן זיך אַהערגענומען; אַנען בלויז, אין דער אייגענער לייב־וואַרעמקייט, אַז אין ערגעץ וואַרט מען נישט אויף זיי.

זייערע גופים זענען צעטיילט, איבערגעשניטן אין דער מיט.

וועט ער זיך נאָך צוזאַמענוואַקסן, פאַראייניקן אין זיי, דער ריס?

קאָן אין זיי ווידער אויפגיין, זיי אָנפילן, דער אומרו?

צו קאָנען לעבן — מוזן זיי צו ערשט זיך באַהעפטן אין זיך אַליין.

אַנדערע האָבן זיך געזאָרגט, אַז אין שלאָף נידערן זיי אין זיך אַריין. אינעווייניק קאָנען זיי פאַלן, ווערן פאַרלוירן.

די גאַסן זענען וואָס אַ מאָל מערער געוואָרן מיט גייענדיקע אין זיך אַליין. זיי האָבן אין זיך געשפּרייזט אַהין און צוריק, געזוכט אַ וועג פון זיך אַרויס, האָבן אָבער נישט געקאָנט. עס איז אין זיי געווען פול. עס זענען דאָרט געזעסן זייערע נאָענטע געשטאַלטן. זיי האָבן נישט געקאָנט זיי לאָזן אַליין, פאַרמאַכט אין זיך. יענע האָבן זיי געשלעפּט אויף צוריק, נישט געלאָזט זיי זיך אָפּרייסן. ביי אַנדערע האָבן זיי אַרויס־געפלאָטערט איבער די שטערנס, זיך אָנגעהאַלטן אין די האָר, נישט אַראָפּצוזינקען אין דער הוילקייט.

יונגע בתולות, מיידלעך פון זעכצן יאָר, אַליין פאַרבליבענע, האָבן פאַרבאָרגן געשוואָנגערט. זיי האָבן געטראָגן די עלטערן אין זיך. זיי האָבן זיי פאַרקלעפּט אינעווייניק — זיי נישט צו פאַרלירן, מיטנעמען זיי מיט זיך אומעטום. זיי האָבן זיך געדרייט ווי מיטן סוד פון מוטערשאַפט אין די ערשטע חדשים.

ווען פינגער פון די געקנוילן אַרויס האָבן זיי גערופן, זיך אַראָפּצולאָזן אין די ווינקלען פון די דילן — זענען זיי מיטן לעצטן צאַפּל אַנטרונען — מיט די משפּחות אין זיך — אין די גאַסן אַרויס, נישט אַראָפּצושווערן אונטן; צו בלייבן אויבן, ריין, מיטן געוועב, וואָס זיי האָבן אין זיך געשפּירט. אין די שפּעטע אָוונטן האָבן זיי זיך געטראָגן אַליין דורך דער שטאָט — מיט די אויסגעלאָשענע לעבנס אין בויך. זיי זענען מיט זיי

אַנטלאָפן, געטריבן פון דער מורא, אַז צוליב פאַרשוועכונג זאָלן זיי זיי נישט אַרויס־מפלען פון זיך, די עלטערן. זיי זענען פאַרמשפּט, אַזוי צו לויפן מיט זיי אַ גאַנץ לעבן און אויף דער עלטער — זיך לייגן מיט זיי; זיי ברענגען אין זיך צו קבר־ישראל — ערגעץ אין ווייטע שטילע ווינקלען.

אַזוי האָט אויך דאָ זיך געדרייט צווישן זיי רחלע — בלאָנד און דורכזיכטיק, אַז מען האָט דורכגעזען די דינקייט פון דער קינדישער נשמה, וואָס קלאַפּט אין איר. יעדער פּרעמדער קאָן אויסשטרעקן די האַנט און זי אַרויסנעמען. אין טאָל האָט רחלע זיך דורכגעגליטשט צווישן אַלע הענט, וואָס האָבן צו איר זיך געשטרעקט, זי איז דורך — די דינסטע שפּאַלטן. אין איר דורכזיכטיקייט איז זי אויפגעגאַנגען, ווי אַ לייכטער נעפּל פון די גריבער; פון פייערצונגען האָט זי זיך אויסגעטיילט.

מען האָט זי דאָ געדענקט פון יענער נאַכט, ווען אַלע נאָוואָמינצקער יידן זענען גע־זעסן אויף דער באַנראַמפּע — אויפן וועג צום טאָל. זי איז געלעגן באַהאַלטן צווישן דער מאַמען און אירע צוויי קליינע שוועסטערלעך. די רעפלעקטאָרן פון דער אַרומיקער פינצטערניש אַרויס, האָבן זיי באַלויכטן. פון דאָרט האָבן זיך געשטרעקט צו זיי מיילער פון מאַשין־געווער. פאַר טאָג איז רחלע איינגעשלאָפן מיטן קאָפּ אויף דער מאַמעס שויס. עס האָט זי געשווידערט. זי האָט געהערט, באַן־וואַגאָנעס רוקן זיך אָן. מענטשן ווערן געשטופּט אין טירן. מען טרייבט. מען לויפט. קינדער וויינען. אויך זי איז גע־לאָפן. מען האָט געשאָסן איבער קעפּ. קוילן האָבן געפייפט פאַר אויערן. זי איז געווען אַליין — אין אַ הויף, אַ שייער. זי האָט ווייטער געדרימלט. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט ביי נאַכט. מען האָט זי נאָך דעם אַ פאַרשלאָפענע געפירט אין טאָל.

פערצן יאָר איז זי דעמאָלט אַלט געווען.

היינט איז זי שוין איבער זעכצן.

מען האָט דאָ זי אַרומגערינגלט, געקוקט. געוואָלט אָנטאַפּן מיט די פינגער איר נשמה — צי איז זי ממשות. די פּחדנים האָבן כסדר זיך געדרייט אין איר נאָענט. אפשר מיט איר וועט מען אויך ווייטער זיך דורכרייסן. מען האָט חושד געווען, אַז זי וועט איבערקליגלען אויף דעם געוויינטלעכן טויט, אים אויסמיידן. „עמעצער וועט דאָך פאַרט זיך דורכקריגן ביזן סוף פון די טעג!”. איר וועט דאָס זיך איינגעבן. שאַטנס האָבן נאָך איר זיך געשלייכט, נישט אַראָפּגעלאָזט זי פון אויג.

טייל פון זיי האָבן מיר געדענקט נאָך פון יענע טעג. אַזוי איז דאָ געווען דאָס דערוואַקסענע יינגל, מיכל סאַפּירס. ער איז געהאַט אַרויס פון דעם פּולן גרוב דער־שאָסענע. ער איז דאָרט געלעגן אונטער אַלע אויפן דנאָ, אין דער זומפּיקער רויטקייט. זי האָט אים אָנגעפילט דאָס מויל, דעם האַלדז. ער האָט זיך געשטויסן אַרויף. ציין האָבן אים זיך איינגעביסן אין אָרעם. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז אַ קויל איז דאָ אין אים. ער איז, ווי אַ רויטער פיש, געשוווּמען אין געמויזעכץ. ער שטייט נישט אָפּ. אַרום אים האָבן זיך געעפנט און געשלאָסן רויטע מיילער. עס האָט אים פאַרגאָסן די אויגן. ווען די פאַרלאָפענע הייטלעך האָבן פון זיי אַרויסגעטריפט — איז ער געווען אויבן. די פיס האָבן אים נאָך געטאַפּטשעט אין דער זומפּיקייט. די זון האָט אים אָנטקעגנ־געשיינט. מיט אַ פאַרמרוזשעטן בליק איז ער געבליבן ביז היינט. נאָר קיין שאָטן איז ער נישט געוואָרן. ער איז ממשות, אַ סימן — דער אָרעם ברענט אים נאָך פון

דעם ביס און די קויל האַלט זיך נאָך אין אים. נעבן רחלען, האָט ער געפילט, ווערט ער דורכזיכטיקער.

זי איז אויך פון אים פאַרשווונדן.

עס זענען אַהער שוין אויך געהאַט געקומען עטלעכע זקנים מיט רויטלעכע אויגן. זיי האָבן געקוקט מיט קינדישער ווייכקייט. ביי יעדן וואָרט האָט די פייכטקייט אין זייערע בליקן געגליווערט, זיך געטריקנט. זיי האָבן זיך געדרייט, ווי רעשטלעך פון ווייטע דורות, וואָס האָבן אַהער פאַרבלאָנדזשעט.

צווישן זיי איז געווען דער הויכער, דאַרער זקן, מיטן נאַקעטן קאָפּ. ער איז געבליבן אָן ווייב און אָן קינדער אונטער זיך. זיי האָבן פון אים זיך אַראָפּגעשיילט. אויך די הויט איז פון אים אַראָפּ. דער קערפּער איז ביי אים געווען רויטלעך־רוי. בלויז די אויגן האָבן ביי אים געהאַט שאָטנס. ווען ער האָט זיי געשלאָסן, די אויגן, האָט ער אויסגעזען, ווי אַ נאַקעטער בוים, אָן קאָרע. מען האָט אים אָנגעהויבן רופן „דער אָרומגעפּליקטער".

צו מאָל האָבן זיי אויסגעזען, די זקנים, ווי איינגעפּרווירענע. אין דער אייז־פאַר־גליווערונג איז פון זיי אַראָפּ די הויט. מען דאַרף אויף זיי אַרויפהויכן, כדי זיי אומ־צוקערן אָטעם.

מען האָט געוואַרט, עס זאָל זיך איינשטילן אַרום, עס זאָל אויפטייען. ווי געלאָזטע טייכן וועלן זיי דעמאָלט פליסן שוימיק איבער די שטעט.

מיך האָט געגלוסט, זיך צו וואַרפן אין זיי און מיטפליסן; שווימען אויף די וועגן צום טאָל, דאָרט פון וואַנען קיינער איז נישט צוריקגעקומען. אַלע זענען זיי דאָרט פאַר־זונקען, ווי אין אַ קעסלגרוב.

איך האָב געדענקט, ווי מען האָט זיי אַוועקגענומען. איך מוז איצט זוכן זייערע שפּורן, מיטשווימען. אַלע אייזיקע ווענט אַהין זענען פּלוצעם איינגעפאַלן. איך מוז זיך לאָזן אין זייערע לעצטע פוסטריט איבערן שניי. צוויי יאָר טיילט אונדז פון זיי. איצט מוז איך אַהין אַוועק. דאָס איז מיין איינציקער וועג. ער וואַרט לײדיק. אין די נעכט האָב איך דאָ מער נישט געפונען זיך קיין אָרט.

די נעכט זענען געוואָרן וואָס אַ מאָל אומרויִקערע. די בלאָנדזשענדיקע איבער אונדז גופים, די גייענדיקע, זוכנדיקע, האָבן אונדז אויסגעזען מיט זייערע פּנימער אין דער הייך — ווייט, ווי קאַלטע שטערן. מיר האָבן צו זיי געשטרעקט די הענט, זיי אַראָפּגעצויגן. זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט מיט געבויגענע פיס. מיר האָבן זיי איינגעוויקלט אין אונדזערע שאָטנס, זיי געוואָרעמט, אַרומגעטוליעט מיט דערוואַרטונג. זיי האָבן געלייגט די קעפּ מיט אויערן. זיי זענען אַריין אין אונדזער דרימל. די שוואַכע זענען געשפּרונגען אין זיך אַריין, זענען פאַרזונקען. מען האָט שפּעטער נישט געוווסט, אַז זיי פעלן.

מיר האָבן דערשפּירט די סכנה פאַר זיך. מיר קאָנען אַלץ נישט האַלטן זיך אויבן. מיר גייען אויף נעצן. אונדזערע דינע פיס זינקען אין זיי. כדי צו קאָנען שטיין — מוז מען ווערן ברייטער, לאָזן פון זיך וואָרצלען. מיר מוזן זיך אַרומנעמען צוויי און ווערן צו איינס. זי איז געוואָרן אַריינגעוואַקסן אין זיין איבערגעבויגנקייט איבער איר. אַזוי

זעגען זיי געשטאַנען באַהאַפּטענע אין די ווינקלען, ביז זיי האָבן דערשפּירט, עס ריזלט צווישן זיי. די קני אונטער זיי האָבן אַלץ זיך געבראָכן.

שפּעטער האָבן זיי אין די נעכט זיך געבערגלט אין דער לענג — שורותווייז, ווי געטאָפּלטע קברים. זיי האָבן זיך אַריינגעאָטעמט איינער אין אַנדערן. מיט פאַרמאַכטע אויגן האָט זי אים זיך פאַרטרויט, ער זאָל זי פאַר דער האַנט מיט זיך פירן ווייטער.

ער האָט געוואָלט מיט איר אַנטרינען פון די נעצן אַרויס, לויפן מיט איר ביז אין ווייטע ווינקלען אַריין.

מען האָט דערנאָך זיי געזען אין צווייען אויף וועגן. זיי זענען געגאַנגען לויזע, ווי אַנטלאָפענע אַרעסטאַנטן, אָפּגעקייטלט איינער פון אַנדערן; אָן רינגען, וואָס נעמען אַרום — צו קאָנען בעת אַ סכנה אַנטרינען יעדער באַזונדער, ווי אַן איינד אין פעלד.

עס איז צווישן אונדז דאָ אויך געווען אַ פּאָר, וואָס איז יאָ געווען אַרומגערייפט צוזאַמען. זיי זענען געוואָרן צוזאַמענגעשמידט נאָך פריער אין דער אַמאָליקער היים. זיי זענען געבליבן ווי אַ צוזאַמענגעוואַקסענער צווילינג — אָן פלינקייט אין די פיס, צו אַנטלויפן יעדער באַזונדער. זייערע קערפּערס זענען געווען געצויגן איינער פון אַנדערן.

דאָס זענען געווען לייבל, דער הויכער לערער פון געטאָ, מיטן לענגלעך בלאַסן אֶליוון־פּנים און צעפּלאַשעט טונקעלע האָר, און אסתרקע, זיין קליינע כלה, מיט די פאַרטיפט־בלוילעכע אויגן, ברייטן שטערן און שוואַרצע לאָקן. זייערע עלטערן האָבן זיי נאָך געפירט צו דער חופּה, און דער רב האָט אונטער איר מיט זיינע ווייסע הענט זיי איבערן קאָפּ געבענטשט.

געווען זענען זיי דאָ דאָס לעצטע פּאָר, וואָס די שטאָט האָט, איידער זי איז פאַרשוואונדן — זיי פאַרבונדן כדת משה וישראל. פון אַלע — זענען זייביידע אַליין פאַרבליבן. זייער בונד איז נישט אויפגעלייזט געוואָרן.

פּאָר וואָס לייבל איז מיט זיין אסתרקען פאַרבליבן — דאָס האָט קיינער נישט געוווּסט. געשפּירט האָט ער אויף זיך די ברכות פון געטאָ, וואָס גייען אים נאָך, ליגן אויף זיינע אַקסלען. אויף אייביק זענען זיי געהייליקט פּאָר אַ פּאָר. איבער די קעפּ שווערן זיי נאָך אַראָפּ די הענט פון זייערע עלטערן. פּאַר וואָס איז דאָס באַשערט נאָר זיי? אַלע קוקן אויף אים און איר מיט געלאַשענע אויגן, און זיי האָבן נישט ווו זיך צו באַהאַלטן. זיי האָבן מורא געהאַט, די ברכה זאָל נישט רוען אין זיי ווי אַ קללה. נאָך ציטעריקער האָבן זיי זיך פאַרבאָרגן אין זייער פאַרבונדנקייט.

דער הויכער לייבל איז איצט דאָ געלעגן אַ געקורטשעטער אין בעט — די פלייצע געוויקלט האַלב־קיילעכדיק. די פיס געצויגן צום קאָפּ. מען האָט דעם פּאָר צוגעטיילט אַ דירה אויפן שטאָק, ווי זיי אָפּצוזונדערן. מען האָט נאָך נישט געוווּסט, צי אויף אָפּצושיידן פון אַלע, אָדער אויף צו קאָנען קומען אַ רגע אַהער — יעדער אַ בליק צו טאָן אין זיין אייגענעם נעכטן אַריין.

פּאַר וואָס האָט דער רב לייבלען אונטער דער חופּה געבענטשט? ער איז געווען דער לערער פון קינדער אין געטאָ, דער לעצטער לערער זייערער. ער האָט געוווּסט, זיי וועלן דאָס געלערנטע קיין מאָל נישט דאַרפן וויסן; זיי וועלן אייביק בלייבן קינדער,

שוין נישט גרויס ווערן. ער האָט מיט זיי געזונגען און געטאַנצט אין פאַרמאַכטן געטאָ. און אויך די עלטערע, די אַלטע, האָבן זיך פאַרזאַמלט אַרום, אים צו הערן. אַלע מיט די זקנים האָבן זיי געוואָלט צוריק קינדער ווערן. דער רב האָט געזאָגט, אַלע זענען מיר יתומים. מיר האָבן נישט ווער עס זאָל אונדז פאַר די הענט פירן.

פאַר וואָס האָט דער רב געזאָגט זענען מיר יתומים?

ער האָט געזאָגט, דער רב, אַז מען קאָן מער נישט רופן צו גאָט. דער אין הימל האָט אַוועקגעקערט זיין פנים פון אונדז, פאַרשטעלט עס מיט אַ פליגל. דער פאָטער האָט אונדז פאַרלאָזט. אַ בלייענער הימל הענגט איבער אונדז. עס רעגנט נישט אין געטאָ.

דאָס געזאַנג פון די קינדער האָט פאַרטריבט דעם הונגער אין זייערע קליינע אינגעווייד. לייבל איז אין די נעכט אַרויס פון געטאָ און זיי געבראַכט שטיקלעך ברויט. ביי נאַכט האָבן טאַטעס אומרויִק זיך געוועקט אין די געטאָ־געלעגערס און געבעטן, די פינצטערניש זאָל אים היטן. קראַנקע האָבן אין די פאַרנאַכטן אים דערוואַרט פאַר זייערע טירן. בעטלער האָבן אים אויסגעקוקט מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט.

ווען לייבל האָט שבת פאַר מיטאָג מיט זיין אסתרקען שפּאַצירט איבער די געסלעך פון אַרומגעמויערטן געטאָ, האָבן דאַרע זקנות זיי זיך נאָכגעשאַרט. בעת זייער חתונה, ווען מען האָט זיי צוריקגעפירט פון דער חופה, לענג־אויס דעם ברעג פון לײדיקן געטאָ־טייך, האָבן די אָרעמעלייט פוןביידע זייטן זיי געמאַכט אַ שפּאַלער, זיי נאָכ־געשיט ברכות אין פּלייצע. די קינדער, באַהאַלטענע הינטער די הייזער, האָבן זיי נאָכגעקוקט. זיי זענען ביידע געגאַנגען אין דער מיט, געלאָזט די ברכות ווייטיקדיק פאַלן אויף זיך.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט דאָס געטאָ מיטן רב, די מחותנים, און אַלע געסט געענידערט אונטער דער ערד. זי האָט איבער זיי זיך אויסגעגלייכט. אויבן איז געבליבן ליידיק. בלויז זיי ביידע, דער חתן מיט דער כלה, האָבן דאָ זיך געפונען אַליין. זיי האָבן מורא געהאַט שטיין, מען זאָל זיי נישט זען אין די אָפּנקייטן. זיי זענען געקראָכן איבער דער ערד. ער האָט זי אַרומגעהילט מיט זיין גוף; זיך געוויקלט אַרום איר פון די זייטן. זי האָט געבענקט נאָך אירע, די אייגענע, פון אַ מינוט פריער, געוואָלט צו זיי. זיי האָבן געזוכט אונטער זיך אַ שפּאַלט — דאָרט אַראָפּ. יענע זענען אויך אונטן שוין נישט געווען — זענען זיי פאַרבליבן אַליין צווישן די ערדוועגנט. דאָ האָבן זיי געפייערט זייער האָניק־חודש. זיי האָבן געוווסט, אַז צו דערגרייכן יענע — שטערט זיי בלויז דער אָטעם פון זיך. ער רינגלט זיי אַרום, גרענעצט זיי אָפּ. צוויי יאָר זענען זיי דאָ געזעסן און אַלץ נישט אַרויסגעלאָזט פון זיך דעם גאַנצן אָטעם. אסתרקע האָט געקוקט אויף לייבלען און פאַרנומען, ווי די ערד וויינט אַריין אין זיין גוף. זי שווילט אים אָן. ווען זיי זענען נאָך אַלעם — ווידער אַרויף אויבן — האָט די פייכקייט אים אַראָפּגעשווערט צו דער ערד, אים געצויגן צוריק אין איר. ער איז געקראָכן אויף אַלע פיר. און כדי ער זאָל נישט אַראָפּזינקען — האָט זי אים געפירט פאַר אַ פּאַסיקל. אַזוי זענען זיי דורך די שאָסייען און די שטעט פון פוילן — אויפן וועג פאַרויס, ביז אַהער קיין לאָדזש.

מען האָט געוווּסט, וועט מען איינעם פון זיי כאַפּן — וועט אויך דער צווייטער זיין געפאַנגען. ער וועט נאָכגעצויגן ווערן.

איצט האָט זיך דאָ פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז זייער שטיבל פון געטאָ האָבן זיי געטראָגן מיט זיך אַהער קיין לאָדזש, אָדער דאָס שטיבל איז זיי נאָכגעקומען. נישט מען האָט זיי אָפּגעזונדערט, נאָר אַלע זאַמלען זיך אַרום זיי. ס'איז נאָך נישט געווען קלאָר, צי גאָט האָט שוין צוריקגעקערט זיין פּנים, און ער זעט אונדז. בלויז פּרייטיק פאַר נאַכט, ווען אסתרקע האָט געצונדן ליכט, אויפצונעמען דעם שבת, וואָס קומט אָן; זי האָט מיט אַ זיידן טיכל פאַרשטעלט אירע האָר, און פאַרלייגט די הענט פאַר די אויגן, צו בענטשן איבער די לייכטערס — האָט די אַרומיקע געדאַכט, אַז גאָט קוקט דאָ אַריין; ער זוכט זיי ווידער. עס זענען אויפגעשוואומען פאַרשוווּנדענע יידישע שטובן, ווו די מאַמעס האָבן אין דער שעה געבעטן פאַר דעם הויזגעזינד. איצט זענען נאָר זי און לייבל געבליבן די יידישע משפּחה. די ווענט פון דעם שטיבל אַרום זענען געווען באַקלעפּט מיט די יינגלעך און מיידלעך פון די אַרומיקע שטאָקן און גאַסן. זיי זענען ווי' שאָטנס געווען אָנגעהאַנגען ביז אונטערן סופיט. און ווען פון אסתרקעס ליפּן האָט זיך שעפּטשענדיק געהערט די תפילה פון יידישע מאַמעס פאַר זייערע קינדער — זענען פון די אויגן פון די דאַרע מענער אַרום געריננען גרויסע טרערן. קיינער האָט זיי נישט געווישט. בלויז לייבלס אויגן זענען געבליבן טרוקן. ער איז געלעגן אין בעט ביי דער זייט פון טיש — מיט דעם לאַנגן בלייכן פּנים און איינגעפאַלענע באַקן. קיינער פון די אַרומיקע האָט נישט געגלייבט, אַז דאָס וויל דער חוט־השדרה אים מער נישט האַלטן אויפגעשטעלט הויך. אין זיין קריכן אויף אַלע פיר האָבן זיי געזען זיין ווילן, מער נישט אויפצוהייבן זיך; שטענדיק שוין בלייבן נאָענט צו דער ערד. געווען אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז אַלע דאָ דאַרפן, ווי בעלי־חיים, אויף תמיד שוין בלייבן אַזוי אַראָפּגעלאָזט, און קריכנדיק איבער דער ערד — זיין איינגעהערט אין אירע טיפענישן — אויפצוכאַפּן מיט די אויערן דעם געשאַרך אין איר.

שפּעטער האט מען לייבלען פון לאָדזש אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל פון לובלין. ער איז געזעסן אויפן דיל, מיטן פּנים צווישן די קני, געוויקלט אין זיך, ווי אַ קראַנקע שלאַנג. אַ באַרעמהאַרציקע שוועסטער, מיט אַ זילבער־צלם אויף דער ברוסט, האָט פון אים אַראָפּגעשיילט די קליידער. אַ געבויגענע איז זי איבער אים געשטאַנען, גע־שלעפּט אים די אַרבל אַראָפּ פון די אויסגעצויגענע הענט; דאָס העמד — פון איבערן קאָפּ. צוויי סאַניטאַרן אין ווייסע פאַרטעכער האָבן אים אונטערגעהויבן, איבער אים אַרויפגעלאָזט לויז אַ לאַנג ווייס העמד, און געלייגט אים, אַ געקורטשעטן, ווי אַ קנויל, אין אַ ווייס לייליק בעט. ווען ער איז געבליבן אַליין אין צימער, האָט ער אויף די זוימען פון העמד דערזען דינע רויטע שריפטגעוועבן. דער פאָדעם האָט לאַנג, ווי מיט בלוט־שלענגעלעך, געצייכנט איבער אים אַ נייעם סימן. זיין נאָמען איז ווידער אויס־געשטראָכן. ער האָט דערשפּירט, ער איז געבליבן אַליין אין דעם העמד. אסתרקע ציט צו אים איצט אַהער — ערגעץ אויף לאַנגע וועגן. די באַרעמהאַרציקע שוועסטער האָט אים אָפּגעזונדערט פון איר. פון דעם לויזן העמד וועט ער זיך שוין נישט אַרויס־וויקלען. פון דאַנען פירט דער וועג אין אַנדערע זייטן. די סאַניטאַרן וועלן, פרעמדע, אים אַהינטראָגן אויף די הענט, ווי אַ טויט קינד. ווען זי וועט קומען — וועט זי דאָס בעט שוין טרעפן לייליק. ער האָט מיט דער האַנט זיך אַ וויש געטאָן איבער די

צעפלאָשעטע האָר. זיי זענען געלעגן פרעמד, אויסגעלאָשענע, איבערן ווייסן קישן.

אסתרקע האָט טאָקע געצויגן צו אים אַהער. אויף די וועגן האָט זי זיך אָנגעטראָפן אויף די אַנטרונענע פּאָרלעך פון לאָדזש. זיי האָבן געשטעלט גרויסע טריט, ווי די נעצן וואָלטן נאָך זיך געשפּרייט אונטער זייערע פיס. זיי זענען געגאַנגען אין צווייען, נאָר מיט איין שאָטן. טייל פון זיי האָבן געגרייכט אין די ווייטע שטעט, פון וואַנען די האַנט האָט אַ מאָל זיי אַרויסגעקליבן. אין די אָוונטן איז זייער שאָטן פּלוצעם אַריינגעדרונגען אין זייערע אַלטע באַלויכטענע היימען, וואָס זענען שוין געווען באַזעצט. ער האָט דאָרט זיך געלייגט, אַ מידער, ווי אַ הונט, אויף די דילן. די נייע איינוווינער האָבן זיך דערשראָקן.

אסתרקע האָט זיי געזען, ווען זי האָט דורכגעצויגן די שטעט. זי האָט געהערט, ס'איז געפאַלן אַן אימה אויף די תּושבים. ס'איז אַרויס דאָס קול, זיי זענען ווידער דאָ.

אין די שטעט האָט מען געזאָגט, די פּאָרלעך זענען בלויז די פּאַרגייערס. נאָך זיי וועלן אַלע צוריקקומען — נאָך מער ווי מען האָט זיי אַוועקגעפירט. טויטערהייט האָבן זיי זיך געמערט. דערווייל וואַרטן זיי אַלע אויף די אַרומיקע פעלדער. זיי באַוועגן זיך פיל. זיי זענען געקומען נאָר גופים, אָן נשמות. די גופים וועלן פאַרנעמען זייערע היימען, אָנפילן די הייזער. זיי וועלן אין זיי וואַרטן אויף זייערע נשמות. מיר וועלן פון זיי פאַרשטופּט ווערן.

אין די נעכט האָט מען אין די שטעט נישט געקאָנט שלאָפן. מען האָט זיך געלאָזט אויף די שפּורן פון דעם לאַנגן שאָטן פונעם געקומענעם פּאָרל. ער איז ריזיק אויס־געוואָקסן, האָט אויף אַלץ זיך געלייגט. ער איז אַריינגעדרונגען דורך אַלע פענצטער — אויך אין די אייבערשטע שטאָקן. ווען מען האָט אויסגעשטרעקט צו אים די האַנט, איז ער פאַרשוווּנדן. ערשט שפּעט אין דער נאַכט האָט מען אים געפונען רוען, איינגע־טוליעט, פאַרוויקלט — אונטער שטיגן אין אַ פּעדערהויז. אין דער פינצטער קאָן ער נישט אַנטלויפן. ער איז אַ טייל פון איר, באַהאַפטן צו דער ערד. אויף די שפּיץ־פינגער האָט מען צו אים זיך דערנענטערט, אויף אים שטיל אַרויפגעטראָטן מיט די שטיוול, ער זאָל זיך נישט וועקן. ווען מען האָט די פינגער אים איבערן האַלדז פאַרלייגט, איז געוואָרגן — איז ער מיט איין מאָל פון אומעטום פאַרשוווּנדן. ער איז מער נישט געווען. בלויז צוויי אָפּגעטיילטע גופים האָט ער נאָך זיך געלאָזט. זיי זענען געווען איינגעקורטשעט, ווי אין דער לעצטער רגע וואָלטן זיי געוואָלט זיך איינשרומפּן, זיך באַהאַלטן אין זיך אַריין.

צו מאָל איז ער, דער שאָטן, באַצייטנס אַנטרונען, געלאָזט זיי בײדע אָפּן אַליין.

צווישן די פויערים אין די דערפער האָט מען געשמועסט, אַז ווען מען וויקלט אָפּ פון זיי דעם שאָטן — פאַרשווינדט דער בייזער גייסט אין אים. ער שפּרינגט אַוועק. מיט העק און צלמים זענען זיי אַרויס אים אַנטקעגן. ווען זיי האָבן אויפגעהאַקט די גופים — איז ער נישט־געוואָרן.

אסתרקע איז איצט איבער די שאָסייען געפאָרן ווייטער — אין אַ לאַסטאויטאָ. זי איז געזעסן פאַררוקט אין אַ ווינקל, צווישן די שורות בענק — פאַרוועבט צווישן שווייגנדיקע, פרעמדע פאָרערס. אַ ווייס פויעריש טיכל אויפן קאָפּ האָט אַראָפּגעפלאַכט אירע ווידער־אויפגעגאַנגענע האָר. ווען פאָר נאַכט איז דער שאָסיי אַריין אין דער

טונקלקייט פון וועלדער — האָבן די אויטאָרעדער שנעלער זיך גענומען יאָגן. די פּאָרערס אַרום איר זענען נאָך מער פאַרשטילט געוואָרן. זי האָט געאַנט, עס טראָגט זי קיין לובלין. דאָרט אין שפּיטאָל דערוואַרט זי, אין זיין בעט, לייבל. זיינע הענט וועלן זיך אַרויסוויקלען פון אונטער דער ווייסער דעקע און וועלן זי אַרומאַרעמען. זי וועט ווידער איינגעשלאָסן ווערן אין אים. עס איז געוואָרן נאָך טונקעלער און קילער.

פון צווישן די געדיכטעביימער האָבן זיך אַרויסגערוקט עטלעכע געשטאַלטן. די גומירעדער פון אויטאָ זענען לויזער געוואָרן. באַלד זענען זיי האַסטיק געבליבן צובאַ־האָפטן צום אַספאַלט. די געשטאַלטן האָבן זיך אָנגערוקט. זיי האָבן געהאַט קעפּ אויף זיך. זייערע האַרטע שטיוולזוילן האָבן זיך איינגעשניטן אין דער אייבערשטער גומינער ראָד־נאָכגיביקייט. זייערע לענדן — אָנגעגורט מיט רעוואָלווערן. אין דעם פּאַרנאַכט־ליכט פון דרויסן, צווישן די בענק אויבן — זענען געבליבן איינגעראַמט זייערע קעפּ. די שטילקייט — אָפּגעהאַקט. אין געדעמפּטן ליכט האָבן שטאָלענע אויגן שאַרף זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט די שוואַרצאַפּלען פון די איינגעגליווערטע זיצערס. די שטאָל־אויגן האָבן זיך גערוקט פון פּנים צו פּנים — אומעטום זיך פאַרהאַלטן אַ ווײַלע.

זי האָט געפילט בריענדיקע ווערעמלעך קריכן איר איבערן לייב. אַ פינצטערניש הייבט אָן אין איר זיך צו שפּרייטן. אויך די זיצנדיקע גופים פון די אַנדערע אין די שורות האָבן געוווּסט, אַז דאָס וועט אַ פינגער באַלד אָנווייזן אויף איר, זי אויסטיילן. דאָס לשון האָט, ווי בליי, שווער זיך אַראָפּגעלאָזט אין זיי. ס'איז זיי געפלאָסן אינע־ווייניק דורך די אברים אַראָפּ, און געבליבן פאַרגליווערט. זיי האָבן נישט געקאָנט אויסדרייען די קעפּ איבער די פאַרשטאַרטע העלדזער. אַלע האָבן געוווּסט, די שטאָלענע אויגן זענען איצט באַהאָפטן אין אירע, ווי בלאַנקער מאַגנעט. אויך זי האָט זיי נישט געקאָנט אָפּרייסן. זי האָט אַ ווײַלע פאַרגעסן. עס האָט איר געדאַכט זיי ווערן אָפּענער, ווייכער. זיי זענען איצט געהאנגען אַנטקעגן איר, רויע, ווי פון געשטאָרבענע עופות. זי האָט געפילט, ווי זי באַרט זיי אָפּ; זי וויל זיין ווי איינע פון אַלע דאָ: אַ גליטשיקע פייכטקייט רינט איר אַראָפּ איבערן נאַקעטן רוקן. ער איז געוואָרן קליין, דער שטאָל אין די אויגן אַנטקעגן. אַ פאַרטויבטע האָט זי געוווּסט, אַז אין לובלין, אין שפּיטאָל, וועט לייבל אין זיין בעט אומזיסט וואַרטן אויף איר. ווען זי האָט זיך געכאַפּט — איז דער אויטאָ פּאַמעלעך שוין געפאָרן ווייטער. ער האָט זיך גערוקט אויפן שאָסיי, נידעריק, ווי אָן רעדער. זיי זענען נישט געווען. אַלע אַרום האָבן נאָך געהאַלטן די קעפּ אַראָפּ־געהאנגען. איר האָט זיך געגלוסט צו קראַצן איבערן פייכטן רוקן. די רעדער אונטן האָבן ווידער זיך געדרייט. באַלד האָבן פּנימער צו איר זיך גענייגט. מען האָט צוריק־געכאַפּט די זייטיקע בליקן. זי האָט נישט געוווּסט, צי מען פירט זי. די הענט זענען ביי איר געהאנגען, איינגעפּרעסטע, אַראָפּ.

ערשט הינטער לובלין האָט זי זיך געטראָפן שטיין איינע אַליין אויפן שאָסיי. דער אויטאָ איז געהאַט אַוועק. זי האָט נישט געוווּסט, צי זי האָט געבעטן אַראָפּ. די פיס זענען איר געווען שווער אָנגעפילט. אַנטקעגן האָט די שטאָט זיך געצונדן אין טונקל־זילבעריקן אוונטליכט. זי איז אין איר פּאַמעלעך אַריין דורך דער מערב־זייט.

זי האָט געוואָלט גיכער פאַרשווינדן אין דעם גאַסן־געשטראָם, זיך לאָזן איינ־שלינגען פון אים, ווערן קלענער; מען זאָל זי נישט אַרויסזען; עס זאָל זי אַרויסשטעלן

ערשטביים שפּיטאָל. דאָרט וועט זי איילן שנעל אין לייבלס ווייסן צימערל; זיך ווייזן, אַז זי איז דאָ.

זי האָט זיך געשלייכט איבער די געסלעך, און מיט אַ מאָל דערשפּירט, אַז די שטאָט ווייסט שוין, אַז זי איז אין איר. מענטשן אין געדראַנג רירן זי נישט אָן; מען טיילט זי אויס אין אַ ראָד. מען גיט זי זיך איבער פון איין ראָד אין אַנדערן. זיי בליקן אין די זייטן. אַרום איר איז שטיל. דער רעש איז פול אין די ווייטקייטן. די שטילקייט טראָגט זיך מיט איר. דאָרט ווו זי פּאַרלאָזט — פּלייצט ווידער אַריין דער גערויש.

לייבלען האָט זי געטראָפן פאַר דעם שפּיטאָל־טויער — אָן אַראָפּגעלאָזטן אויף אַלע פיר. ער האָט זי אויסגעקוקט. דאָס לאַנגע געצייכנטע העמד אויפן גוף, איז געווען באַהאַלטן. ער האָט אויף דעם אַרויפגעצויגן הויזן, ביזן האַלדז. ער האָט צו איר אויס־געשטרעקט אַ פאָדערשטע האַנט, ווי אַ לאַפּע; זי איר דערלאַנגט, זי זאָל אים פירן פון דאַנען, שנעל צוריק קיין לאָדזש. שוין! ער וויל מער נישט אַריין אינעווייניק. ער פילט דאָ, אין די נעכט, ווי די שטילקייט אַרום אים ציט זיך איין, ווערט ענגער, ווי אַ שלייף אַרום האַלדז. מען טאָר אין איר נישט בלייבן — אפילו נישט איין שעה.

זי איז מיט אים געגאַנגען אויף צוריק. זיי זענען אַרויס אויף די הינטערשטאָטישע פעלדער. ער האָט שוין געוווּסט, די בשורות פון די וועגן, וועגן בלייענע קוילן, וואָס לויפן אין פּלייצעס. ער האָט זיך געטאַפּט פון הינטן. ער האָט נישט געפילט דעם רוקנביין — בלויז ווייך לייב, ווו פרעמדע קוילן קאָנען לייכט אַריין. ער האָט געצויגן אסתרקען, אויך זיך אַראָפּצולאָזן נעבן אים, עס זאָל בלויז אַריבערפליפן איבער זיי.

טעג זענען זיי געגאַנגען. זי אָן אויסגעגלייכטע, אַרויף. נעבן אים איז זי איצט געווען אַ הויכע, מיט אַ לאַנגן אויסגעצויגענעם שאָטן; זיין שאָטן — ווי אַ שווער אָנגעדראָלן פּעקל, וואָס קאָלערט איר זיך נאָך. צו מאָל — האָט ער זי אַראָפּגעצויגן צו זיך, זי נישט געלאָזט זיך אויפהייבן. ביי די דערפער זענען קינדער צו זיי אַרויס. זיי האָבן געפרעגט, צי לייבל קאָן טאַנצן אָדער זינגען. זיי האָבן געוואָרפן שטיינער. די פאַסטעכער האָבן זיי נאָכגעשמיסן ביי די זייטן מיט לאַנגע פייפנדיקע בייטשן. אסתרקע האָט אים איצט באַהאַלטן דורך די טעג. נאָר ביי נאַכט האָט זי אים געפירט, אין דער פינצטער. פון דער ווייטנס האבן ליכטער פון שטעט צו זיי אַהערגעקוקט, ווי קילע אויגן. פון אַלע מרחקים זענען זיי איצט געווען אויסגעטיילט, אַליין. איבער זיי זענען געהאנגען ווייטע הימלען.

שפּעטער האָט זיי אויפגענומען אַ לאַסטאויטאָ, וואָס איז געפאָרן קיין לאָדזש. ער איז געווען פול מיט שטייענדיקע זעלנער, פרייגעלאָזטע. לייבל איז געזעסן אין אַ ווינקל מיטן קאָפּ ביי זייערע קני. אַ רגע האָט אים געגלוסט אַ ביל טאָן.

הינטער לאָדזש האָט דער אויטאָ זייטיק אָפּגעגייגט פון שטאָט. פיר זעלנער האָבן אים אַראָפּגעטראָגן. ווי אַ פּעקל האָבן זיי אים געלייגט אין דער זייט פון שאָסיי. אסתרקע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט נעבן אים. זיי זענען געזעסן. זי האָט נאָך אים געזאָגט תפילת הדרך. זיי האָבן געזען, ווי דער אויטאָ דערווייטערט זיך און לאָזט פון הינטן צו זיי אַרויס רויך.

באַלד זענען זיי אַריבער דאָס טויער קיין לאָדזש. עס איז שווער געהאנגען

שטיינערדיק איבער זיין קאָפּ. ער האָט געוווּסט, פֿון דעם טויער וועט ער שוין מער נישט אַרויסגיין. אַן איבערגעדעקטן, מיט אַ שוואַרצן טוך איבערן פּנים, וועט מען אים אַרויסטראָגן. אויף אַלע פֿיר האָט ער געוואָלט צוריק אַרויסשפּרינגען פֿון טויער. אויך שפּעטער, אין שטוב, ווען דאָס בעט איז פֿאַר אים געשטאַנען גרייט, אויפֿגעבעט — איז ער מיט די פֿאָדערשטע הענט פֿאָרויס — אַרויפֿגעשפּרונגען איבער דעם. באַלד האָט אסתרקע אים אַראָפּגעצויגן פֿון איבערן קאָפּ דאָס לאַנגע, געשטרייפּטע העמד.

ער האָט זיך אַריינגערוקט, וואָס טיפֿער אין בעטגעוואַנט. ער האָט געבענקט, מער פֿון דאַנען נישט אַרויס. ער האָט אָפּגעאָטעמט. דאָ וועט ער בלייבן — וואָס עס זאָל נאָר נישט געשען.

אין גיכן האָבן צו זיי אַהער געגרייכט די ידיעות פֿון שפּיטאָל.

לובלין האָט געהאַט געהערט, אַז זיי זענען דאָ אין איר. זעקס זענען זיי געווען. מען האָט געזאָגט, אַז אויך די גופֿים זייערע זענען נישט געבליבן, בלויז די שאָטנס. זיי האָט מען נישט געקאָנט פֿאַרגאַזן און אויך די קוילן זענען אין זיי נישט אַריין — זעט מען זיי זיך שלייכן אַליין איבער די טראָטואַרן און ווענט. מענטשן טרעטן אויף זיי און זיי רוקן פֿון אונטער זייערע טריט זיך ווייטער. מען קאָן זיי נישט אָנכאַפּן. לויט די שאָטנס דערקענט מען זייערע אַמאָליקע געשטאַלטן, און זייער געשלעכט. מען האָט געפּרוּווט זיי אַרומרינגלען, האָבן זיי זיך אַפּגערגעליטשט פֿון אונטער די לעבעדיקע שאָטנס פֿון די אַרומרינגלער. שפּעטער האָט מען געהערט, אַז זיי האָבן זיך דערשלעפּט אין די שפּיטאָלן, ווו זיי ליגן איצט אויף בעטלעך — אין די לאַנגע זאַלן, אויסגעמישט צווישן אַנדערע. זיי זענען געקומען שטאַרבן אויף ווייסע בעטן, אָוועק נאָך די פֿאַר־שוווּנדענע גופֿים. אויך דאָס ליכט קאָן זיי נישט אַראָפּמעקן. די שכנים האָבן פּלוצעם דערזען, אַז ווען עס וויקלען זיך אַראָפּ די שאָטנס — שיילן זיך אַרויס גופֿים, ווי פֿון פֿריש־געבוירענע קינדער. העל־ראָזע מיט אַ דורכזיכטיקער הויט.

געווען איז דאָס נאָך לייבלס פֿאַרשווינדן. ביי האַלבער נאַכט, ווען די פֿאַרטונקלטע זאַלן האָבן רויִק געאָטעמט, האָבן די שמאָלע טעפּעכער איינגעזאַפּט טריט. בלאָנ־דזשענדיקע ליכטסנאָפּעס האָבן באַלויכטן שטיקער סופֿיט, אָפּגעדעקט ווענט, געזוכט איבער די בעטן: זיך פֿאַרהאַלטן ווי פֿלעקן איבער ווייסע קאָלדרעס, ליילעכער. אין די קישנס זענען געווען איינגעגריבלט בלייכע קעפּ, דערוווייטערטע אין שלאָף. דאָס שמאָלע רונדע ליכט האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף זייערע שלייפֿן. מען האָט זיי אויסגע־טיילט לויט דעם מאָטן גלאַנץ זייערן צווישן די שורות אַנדערע בעטן. אויך אין חלום זענען זיי נישט קיין היגע. באַלד האָבן מעטאַל־שפּיצלעך דין זיך איינגעשניטן אין זייער חלום אַריין. אין שלאָף האָבן זיי דערשפּירט, אַז עס האָט זיי געגרייכט. מען האָט זיי דאָ געפּאַקט, מיט איין שאָס — אַלע צוזאַמען: זיי מיט זייערע פֿאַרשוווּנדענע קרובֿים אין זיך. די מעטאַל־שפּיצלעך האָבן אין זיי אָפּגעהאַקט אויף שטענדיק אויך זייערע קינדער. זיי וועלן פֿון זיי מער נישט אַרויס.

די ליכטפֿלעקן זענען געפֿאַלן אויך אויף לייבלס בעט, איבערן קישן, דער ווייסער קאָלדרע. אַלץ איז דאָ געווען קיל. ער איז נישט געווען.

די ידיעות קיין לאָדזש האָט געבראַכט איינער פֿון די זעקס — דער צוועלפֿ־יעריקער. ער איז נאָך דריי טעג שלייכן זיך אין די פֿאַרטאָגן, אַ געלאַסענער, איבער

די וועגן — אָנגעקומען אַהער. צוליב זיין איינגעשרומפּנקייט אין בעט — האָבן די קוילן אים געמיטן; זיי זענען אַריין דאָרט, ווו זיין גופל האָט זיך אויסגעלאָזט, איז שוין נישט געווען. ער האָט געוווסט, ווען ער קאָן אין גאַנצן זיך אויסלאָזן — וואָלט ער אויף שטענדיק פאַרבליבן. אַזוי — האָט ער נישט געדענקט, צי ער געפינט זיך טאַקע דאָ אָדער ליגט ער איצט טויט דאָרט. מען האָט אים אויפגעוויזן, אַז ער איז דאָ. אַ סימן — פון אומעטום בלייבט תמיד איינער. קיין אַנדערער איז דאָך דאָ נישטאָ. ער האָט מער נישט געקאָנט שטיין, בלייבן צובאַהאַלטן צו איין אָרט. ער איז געלאָפן און אַלע נאָך אים. ער איז דורך — שטאָקן, דירות, לאַבירינטן, ביז ער איז אַריין אין אַ לעצט אַלקערל — אָן פענצטער. פון אַלע פיר זייטן זענען די ווענט דאָ אָבער געווען גלאַט ביז אויבן אַרויף — אָן אַ פאַלד. דער קאָפּ איז אים אויך געווען ווייך־אָנגעדראָלן — נישט צו קאָנען מיט אים אויפהאַקן אַ לאָך — מאַכן זיך אַ באַהעלטעניש.

ער האָט דערציילט, אַז אויף די שאָסייען שטעלט מען אָפּ וועגענער, אויטאָס, און מען קלויבט פון זיי אַרויס די לעצטע. מען נעמט זיי אַראָפּ. מען פירט זיי צו די זייטן־סטעזשקעס. פון דער ווייטנס זעט מען, ווי זיי שטייען, און ווי זיי זעצן זיך אַראָפּ אונטער זיך. מער זעט מען זיי נישט.

איך האָב זיך געדרייט אין די גאַסן, געטענהט אין זיי אַריין, אַז עס איז מער נישטאָ קיין געזעץ, אונדז אָפּצווישן פון איבער דער ערד. יענע, די הייצערס פון די אויוונס, זענען אַוועק. זיי ליגן איצט אַליין באַהאַלטן ערגעץ צווישן וואַנטפאַלדן — גלאַטיק־פאַרקלעפּטע פון דרויסן. זוכנדיק אַ באַהעלטעניש קאָנען מיר אויף זיי זיך אָנטרעפן. אויך די טאָלן זענען געבליבן אָן וואַכן ביי זייערע טויערן. שוין וואָכן זענען מיר אָפּגעדעקט, און מיר זענען דאָ. ביסלעכווייז וועלן זיי זיך צוגעווינען, אַז מיר זענען געקומען כדי צו בלייבן. אפשר וועלן זיי שפּעטער נאָך פאַלן אונדז צו די פיס, און בעטן, מיר זאָלן זיי פירן.

אומעטום האָבן אויערן פון די געזעמלעך אַרויס — אין מיר זיך איינגעהאָרכט. בלויז דער צוועלפיעריקער האָט געשוויגן. ער האָט געוווסט, אַז נישט בלויז אויף מיזרח — נאָר אויך אויף מערב לויערן די שאָסייען. זיי וויקלען זיך אַרום אונדז, ווי שלאַנגען; לאָזן אונדז מער נישט אַרויס. ער האָט געקוקט פאַר זיך, ווי זיין בליק וואָלט, דורך די פיר גלאַטע ווענט, געגרייכט אין די ווייטקייטן.

די שטאָט האָט איצט געוואַרט מיט אָפענע אויערן. וואָכן שוין איז מען נישט געגאַנגען מיט די קעפּ געהויבן אַרויף. מען האָט געשפּירט אויף זיך פון די העכערע שטאָקן — די אַראָפּשווערנדיקע בליקן. זיי האָבן זיך געלייגט איבער אונדז. פון די העכסטע פענצטער האָבן זיך געוויזן קעפּ, שמאָלע גופים האָבן זיך אַרויסגעשטעקט; לאַנג זיך געבויגן ביז אונטן אַראָפּ, אָנגערירט מיט זייערע שטערנס די טראָטואַרן; גיך זיך צוריקגעצויגן, און געלאָזט נאָך זיך אויבן ליידיקע רעדלעך אין דער לופט.

טייל האָבן געהאַלטן, אַז מען מוז עפּעס טאָן, זיך אַרויסצוּווּעקן פון דער נעץ, וואָס האָט אונדזערע גאַסן אַרומגענומען: דורכרייסן זי מיט אונדזערע שטערנס אַרויף; פאַרנעמען נאָך העכערע שטאָקן; שטייגן ביז אונטער יענע; אויספילן דעם ליידיקן חלל צווישן אונדז און זיי; זיך דערנעענטערן מיט די קעפּ ביז אונטער זייערע פיס אויף דעם באַלקן; שטופּן אים אַרויף.

אַנדערע ווידער האָבן געמיינט, אַז דאָס גרייטן גאָר יענע פון אויבן זיך אַראָפּ־צולאָזן נידעריקער נאָך עטלעכע שטאָק און גרייכן מיט די פיס ביז די דילן איבער אונדזערע קעפּ — אונדז צו דריקן אַראָפּ. עס וועט נישט זיין קיין אַנדער עצה, האָבן זיי געגלייבט, ווי זיך אַנצוהענגען אין זייערע פיס און זיי אַראָפּציען צו אונדז, אונטן.

עס איז געוועזן קלאָר, אַז ער דערנענטערט זיך, דער פּאַרמעסט; ער איז אומ־פאַרמיידלעך. די שטאָט שטייט פאַר אים. מענטשן האָבן נישט געוווסט, וואָס צו טאָן. אַ סך האָבן פון פאַרויס געוואָלט אַנטלויפן. זיי זענען פון איין טויער אַרויס, און פון אַנדערן — אַריין. מען האָט געוואָלט שליסן די טויערן, אָוועקשטעלן וואַכן פאַר זיי.

מיך האָט געעקבערט די מורא, אַז איך וועל מער נישט דורכרייסן די וועגן צום טאָל, נישט צוקומען צו די, וואָס זענען דאָרט פאַרפאַלן געוואָרן. אויף שטענדיק וועל איך בלייבן פון זיי אָפּגעהאַקט.

דערווייל, איז פון דער ווייט געקומען אַנצולויפן אַ פּאָרל — אַ בחור מיט אַ מיידל. זיי זענען דורך דעם מערב־טויער, אייליק דורך די גאַסן, די הייף; האָבן זיך פאַר־נומען אויף שטיגן. אין אַ ווינקל פון לעצטן אַלקערל, ווו ס'איז געזעסן דער צוועלפ־יעריקער, האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן דיל, די גופים איינגעצויגן; די פיס פאַר־שטעקט אונטער זיך. אַלע זענען זיי נאָך; האָבן זיך געשטעלט אַרום זיי. מען האָט נישט געקאָנט זיך דערוויסן, פון וואַנען זיי קומען, און ווער עס האָט זיי געיאָגט. מען האָט דערקענט, אַז איבער דער איינגעשטילטער טאָלשרעק אין זייערע אויגן — האָט זיך אַרויפגעצויגן אַ פרישער פחד; ביי אין זיי זיך באַזעצט. אַריינגעטריפט אין זייערע לאַנגע גאָמבעס. די גאָמבעס זענען זיי נאָכגעהאָנגען, ווי אָנגעבלאָזן.

זיי זענען געזעסן. מען האָט געקוקט אויף דעם גרויען קאָליר פון זייער אליווער הויט, ווי זיי וואָלטן מיט די גאָמבעס געקראָכן איבער דער ערד.

דער קליינער, דער צוועלפיעריקער, האָט אַרויסגעשמעקט, אַז פון בערגן־בעלזענער טאָל איז דער ריח פון דעם פּאָספּאַרשטויב אונטער זייערע אויגן. דאָרט, זענען געקומען ידיעות, לייגט זיך אַ האַנט אונטער די פיס פון די פאַרבליבענע, וואָס איילן צו די צעעפנטע טויערן. זיי פאַלן איבער איר, מיט די נעז צו דער ערד. זיי שטיקן זיך פון צופּיל לופט, וואָס זיי אָטעמען מיט איין מאָל אַריין. שוין דרייסיק טויזנט ליגן דאָרט אויפן פעלד, מיט אַן אומזעעוודיקן שניט אין זייערע העלדזער. זיי פאַלן לויפנדיק. זיי ליגן געשפרייט, ווי אין אַ תפילה. פון זייערע מיילער ווישט ווער אַראָפּ דעם סוד. ער פאַרחתמעט אים אין זיי. קיינער איז דערביי נישטאָ. בלויז געציילטע לויפן פון דאָרט מיט דעם שניט אין די אויגן. ער לאָזט זיך נישט פאַרווישן, דער צייכן. זיי קאָנען אים נישט פאַרשטעלן.

דאָס פּאָרל איז איצט געלעגן אויפן דיל אין ווינקל און געציטערט, צי מען יאָגט זיך נישט נאָך זיי אַהער. זיי האָבן נישט געוואָלט מודה זיין, אַז זיי קומען פון דאָרט. מען האָט פון זיי בלויז אַרויסגעקריגן, אַז זיי האָבן זיך באַגעגנט אין וועג. זיי האָבן זיך דערקענט לויט דעם שניט; האָבן מורא געהאַט איינער פאַר דעם אַנדערנס באַגעגנטקייט; זיי האָבן זיך געמיטן, ווידער זענען זיי אויף זיך אָנגעגאַנגען אויף אַ זייט פון אַ שאָסיי, זענען פאַרשוווּנדן, ביז ערגעץ האָט אַן ערד־אויפרויש זיי פאַריאָגט אין איין לאָך. פון דאָרט טרעטן זיי צוזאַמען.

שווייגנדיק האָט מען פון זיי זיך דערווייטערט, זיך נישט אָנצושטעקן — אויך דער צוועלפיעריקער. זיי זענען געבליבן אַליין אין אַלקערל, ווי אין אַן אויפגעבראָכענער שטייג — נישט אַרויסצופליען; זענען געלעגן, ווי קראַנקע טויבן, פאַרסמטע.

מען האָט מורא געהאַט, זיי וועלן מיטן סם אין זיך אַנטלויפן אויך פון דאַנען, זיך אויסמישן ערגעץ צווישן פרעמדע. זיי אַליין האָבן געהאַלטן די אויגן געשלאָסן, מען זאָל נישט אַרויסזען דעם שניט; די קעפּ נידעריק, ווי די האַנט פון אויבן לאָזט זיך אָט, אָט איבער זיי אַראָפּ.

טייל האָבן געמיינט, אַז אַלע דאָ זענען מיר שוין אָנגעשטעקטע. מיר טראָגן דאָס אין זיך. מיר לויפן מיט דעם. נאָך אין טאָל זענען מיר געוואָרן אָנגעשטעקט. גאָט האָט דאָרט אויך אַ ווײַלע פאַר אונדז געלאָזט אַראָפּפאַלן דעם שלייער פון זיין פנים; מיר האָבן דערזען. די, וואָס זענען דערביי געווען — וועט דאָס קיין מאָל נישט פאַרגעבן ווערן — ביז מיר וועלן אַלע נישט איינגעזאַמלט ווערן — מיר און אונדזערע קינדער.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער טאַנץ פון די אָנגעשטעקטע. ער האָט זיך געשפּרייט פון הויף אין הויף; אַרומגעכאַפּט גאַסן, פלעצער. הענט פאַרפלאָכטן אין הענט, איבער אַקסלען; ראָד אַרום ראָד. די פיס אַרויף; אייבערשטע האַלבע קערפּערס — אַראָפּ. אַ מאַסע — מיט בלייכע פינגער און ווייסע שטערנס. דער טאַנץ האָט יעדע שעה אַריינגעצויגן פרישע; זיי פאַרכאַפּט פון דער זייט. צו ערשט שטיל, אַ וויגן זיך אויף די שפּיצן פינגער, אַ בייגן זיך, נאָר אַ טרעטן פון פיס. אין אָפּשיין פון רויט־צעצונדענעם הימל האָט מען געניִדערט פון די טירן און שטיגן; זיך אַראָפּגעלאָזט פון די פענצטער און שטאָקן. מען האָט געשטראָמט פון די הייף. אַלע זענען אַריין אין טאַנץ, געוואָרן פאַרשלונגען אין אים. ווי אין טונקעלע פלאַמען.

אין דער פינצטער זענען זיי געוואָרן אַ נעפּל, אַ געדיכטער; אַן אָנגעבלאָזענער וואָלקן. ער האָט זיך געהויבן פון דער ערד, זיך געריסן פון איר, און איז שווער צוריק־געפאַלן. ער איז געבליבן צובאַהאַפטן. מען האָט אונטער אים נישט געקאָנט אַדורך. באַלד זענען פון דעם וואָלקן אַרויס אויפגעגאַנגען געזאַנגען; קולות האָבן זיך געבומען הייבן צווישן די מויערן:

— הו, הו! — — —

די פון אויבן, פון די העכערע שטאָקן, האָבן געהערט אַ ברומען, ווי פון ווייטע וועלדער, ווי פון אַ שטורעם, וואָס טראָגט זיך אָן. זיי האָבן פאַרשטאָפּט די אויערן, די פענצטער. זיי האָבן פאַרנומען, אַז דאָס איז דאָ, אונטער זיי. זיי האָבן ענג זיך פאַרשפּאַרט אין די שטובן; געשטרעקט די פיס העכער. דאָס געזאַנג איז זיי אָבער נאָך, האָט זיי געהויבן מיט די דילן, די ווענט. זיי זענען אַרויף אויף די באַלקנס, די דעכער. די טופּעריי האָט זיך צו זיי דורכגעריסן, איז געווען אויבן.

— הו, הו!

אונטן האָט איצט זיך געהויבן איין גוף מיט טויזנטער פיס. ער האָט געוואַרט אויף דעם, וואָס דאַרף קומען אים נעמען; אים פאַנאַנדערשיידן; אָפּטיילן יעדן ווי אַ שטיק פון דעם ראָד, אים אָפּרייסן. זיי האָבן געהויבן די פיס; די פנימער אַראָפּ; געווען זיכער, אַז די האַנט וועט באַלד זיך אַראָפּלאָזן, זיי אַרויסכאַפּן פון טאַנץ — איינעם נאָכן

אַנדערן — אַזוי ביזן לעצטן. ערשט שפּעטער, לאַנג, לאַנג נאָך זיי — וועט עס זיך איינשטילן.

עס האָבן זיך געצויגן נעכט — איינע נאָך דער אַנדערער. דער טאַנץ איז אָנגעגאַנגען, איז געוואָרן אימפּעטיקער. ער האָט זיך אַריבערגעגאָסן די ברעגעס, ווי אַ געלאָזטער הייסער טייך. קיינער איז נישט געקומען. זיי האָבן זיך געדרייט אַרום זיך. אויך די געזאַנגען זענען, ווי פון זיך אַליין, זיי צוריקגעפאַלן אויף די קעפּ; זענען פּאַרטויבנדיק אַריין זיי אין די אויערן. די האַנט האָט זיך נישט אַראָפּגעלאָזט.

עס קאָן דאָך נישט זיין, אַז מען האָט אין זיי פאַרגעסן!

זיי זענען געווען אַן אָפּגעריסענער באַרג, וואָס קיין לאַווע האָט פון אים נישט אַרויפגעשאָסן. ער איז צוריקגעפאַלן אויף אונטער זיך.

עס זענען אַדורך טעג. דער טאַנץ איז איינגעפאַלן; ער האָט זיך געלאָשן, ווי אַ ליידיקע שריפה. ביסלעכוויין האָבן זיינע פלאַמצונגען זיך געלייגט, געבויגן זיך צו דער ערד. אויך די געזאַנגען זענען אויסגעגאַנגען.

זיי זענען אַזוי געזעסן לאַנגע אָוונטן מיט די פּיס אונטער זיך — ביז אין די פּאַרטאָגס אַריין. ס'האָט זיך גאַרנישט געהערט. מען האָט אין זיי פאַרגעסן.

זיי האָבן אָנגעהויבן צוריק אַריינציען אין די שטובן אַריין; ווי בעלי־חיים זענען זיי געקראָכן אויף די שטאָקן.

אין די נעכט פון אומזיסטן וואַרטן, האָט מען איצט פאַרנומען פון זייערע שטיבער אַרויס זיך טראָגן פאַרדומפּטע קולות ווי ברעקלעך פון אָפּגעהאַקטן געזאַנג; קולות פון כיכיקען, מיאַוקען, קרעכצן, פון אויפיאָמערן און פון טרייסטן. אויף די דילן האָבן דאָ לאַנגע גופים זיך געצויגן איבער קעפּ, זיי שטיל געוויגט אין אָרעמס און איינגענומען. שטייענדיקע גופים האָבן אַן מיילער אַריינגעקלאָגט אין גופים און זענען געפאַלן אונטער זיך. אויף די דילן האָבן אויסגעצויגענע, רונדיקע פּיס אַריינגעקאָפּעט אין דער פינצטערניש, ווי צו דערגרייכן צוריק אין חלל — דאָס פאַרלוירענע; ווידער אַריינצושפּרייזן אין דעם.

אין די דאָזיקע נעכט האָבן פון די גרויסע פינצטערע הייזער געגרייכט קולות און געווײנען, ווי פון — חורבות, וואָס טויזנטער קעץ האָבן זיי פאַרכאַפּט; פון חרובע שטעט וואָס קעץ זענען אין זיי פאַרבליבן; זיי לויפן אין זיי אין די נעכט און וויינען אויס זייערע בענקשאַפטן — אַרויף צו דער לבנה.

די פון אויבן, פון די העכערע שטאָקן, האָבן שוין געוואָלט פאַרלאָזן די דירות, אַרויס פון שטאָט. זיי האָבן מער דאָ נישט געקאָנט זיין. עס האָט זיי דורכגעלעכערט די אויערן־הייטלעך, געהויבן די שיידלען פון די מוחות. זיי האָבן מורא געהאַט, זיי וועלן אַראָפּ פון זינען; אין די נעכט וועלן זיי אַרויס און הוליען מיט די פּיס איבער די ליידיקע גאַסן; זיי וועלן זיך וואַרפן אין טיפע ברונעמער.

אויך איך האָב נישט געקאָנט צוטאָן קיין אויג. כ'האָב געוואָלט לויפן איבער די שטאָקן — פון דירה אין דירה, זיי וועקן און רייסן פון דער לבנה־פאַרשפּינונג.

ס'איז מיך באַפאַלן דער אומרו פון קאָפּערניק.

געווען איז דאָס דעמאָלט ביים אָנהייב. נאָך אַ ראַיען אין איר פון טויזנט יאָר איז מיין שטאָט מיט אַ מאָל פאַרשטילט געוואָרן. נאָך נעכטן האָבן קינדער דאָ געזאָגט

„מאַמע" און זענען זיכערע איינגעשלאָפן. אונדזערע שוועסטערלעך האָבן אין טרוים געהערט, ווי עס רוימט זיי ווער איין „מיינע". אין די נעכט האָט די לבנה דאָ געטיילט איר זילבערדיק ליכט איבער אַלע דעכער. אָן אָטעמען פון שלאָף האָט זיך געהויבן פון די שטיבער, שטיל פאַרוועבט אין דרויסן די הייף, די געסלעך, אַלץ — ביז די אַרומיקע פעלדער. די נעכט האָבן זי פאַרשפּינט, מיין שטאָט, מיט אונדז אַלע אין איר.

פּלוצעם האָט אַ נעפּל דאָ זיך געלייגט איבער דער ערד; אַלץ אַראָפּגעדריקט און איינגעלאָשן. פון אונטערן נעפּל האָט מען מיין עדה געפירט איבער די וועגן צום טאָל. אַלץ דאָ איז געבליבן דורכגעאַקערט ביז די טיפענישן. די לבנה שײַנט איצט אַריין, אין די נעכט, אין די ליידיקע ערד־שפּאַלטן.

און אין איינער אַזאַ נאַכט, זענען מיר פּלוצעם געלעגן, די רעשטלעך פאַרבליבענע — אין דעם אָפּגעצוימטן קאָפּערניק־לאַגער, אויפן ראַנד פון דער אויסגעליידיקטער שטאָט. מיר זענען געלעגן וואַכע, איבער האָלץ־נאַרעס מיט שטרוי־זעק — בעטל איבער בעטל; לאַנגע שורות — איינע ביי דער אַנדערער; שטאָקן — זאַל איבער זאַל. קאָרידאָרן אין דער מיט. דער רויט־ציגלדיקער בנין, מיט זיין שמאָלער טיר אונטן — שליסט אונדז איין.

מיר ליגן אויף; די לבנה שײַנט צו אונדז אַריין דורך די ברייטע פענצטער, אָן לאָדנס. זי באַלייכט די בעטלעך, אונדזערע בלייכע גופים. מיר קוקן פון די בעטן מיט אויפגעריסענע אויגן צו אונדזער שטאָט, וואָס האָט פּלוצעם אויסגעהויכט איר אָטעם; קיינער איז אין איר נישטאָ; צו די דעכער און קוימענס פון די הוילע הייזער. אַ גע־ליימטקייט בינדט אונדז די גופים; זי האַלט אונדז דאָ. אפשר שאָקלען מיר פון איר זיך אָפּ? מען רייסט זיך אַרויס. אונדזערע נאָענטע זענען נאָך ערגעץ דאָ. מיר וועלן זיי גרייכן!

מיר שליסן די אויגן. מיר פילן נאָך זייער וואַרעמען הויך נעבן אונדז. מיר ווילן אויסשטרעקן אָן אָרעם, מיט די פינגער זיי אָנרירן. מיר שטרעקן די הענט, נאָר ס'איז פּוסט אַרום אונדז. זיי זענען נישטאָ. מיר פאָכען אין לבנה־ליכט מיט די הענט, ווי אָן דלאָניעס.

מיר ווילן אויפרייסן אונדזערע רוקנס: וואָס איז דאָ?! איין רגע איז דאָך נאָר פאַרביי. בלויז איין מעת־לעת אויף צוריק! מיר הערן נאָך זייערע פוסטריט. אָט לויפן מיר. אונדזערע פיס וועלן גרייכן דעם מעת־לעת. מיט אונדזערע גופים וועלן מיר זיך שפּרייטן איבער דער צייט, ליגן אויף איר, זי איינהאַלטן! מיר וועלן זיי אַלע האָבן צוריק. שטענדיק שוין וועלן מיר בלייבן געשפּרייטע איבער זיי. נאָר איין שפּרונג פון דער געבונדנקייט אַרויס!

מיר רייסן די אויגן אין דעם נאַכטיקן ליכט אַריין. ס'איז הויל אַרום. מיר שלאָפן נישט. ס'האָט אונדז נישט גענומען קיין דרימל. מיר זענען וואַך. אַלע אונדזערע חושים זענען קלאָר, אָנגעשפּיצט. די וואַכיקייט ליגט אונדז אין די אָדערן, פליסט אַרום אין גוף, ווי אַ סם. נאָר אים פילט מען.

נעבן דיר נישט ווייט אין דער שורה — אַ שכן. ווער איז ער? אפשר אַ שכנטע? ווילסט זיך קערן צו אים, פרעגן. פאַרוואַרפן צו אים אַ פאָדעם. אויך יענער ליגט, אַ בלייכער, גלייך, מיטן פּנים אַרויף און צעעפנטע אויגן, אַריינגעשווערט אויף אונטער

זיך אין געלעגער. קיינער קרעכצט נישט אַרויס, נישט איבערצורייסן די שטילקייט. קינדער וויינען נישט. האַלב־נאַקעטע, אַליין־געבליבענע, טאַטעס, דרייען זיך מיטן גוף אויף אונטער זיך, נישט אַראָפּצולאָזן די פּיס.

זיי ליגן, די טאַטעס, ווי שווערע, אומגעוואָרפענע שטאַמען. בלויז איינצלנע פון זיי שנאָרכן איצט טיף — אַ הויל שנאָרכן — אָן שלאָף. עס ליגן אין די בעטלעך, אונטערטעניק, יונגע מיידעלעך, אָפּגעריסענע מיט אַ מאָל פון די היימען. זיי ליגן, ווי אין איינזאַמע רעטונגס־שיפלעך ווייט אויפן ים. זיי האָבן מורא זיך צו רירן. אין אַנדערע בעטלעך — פאַרשוויגענע ברידערלעך, אָן שוועסטער. עס ליגן יונגע מאַמעס — אָן די קינדער אַרום זיי. זייערע שויסן — ליידיק־צעעפנט. זיי ווילן שאַרף אויפשרייען, אַז עס זאָל לעכערן דעם חלל, און — זיי בלייבן ליגן.

און צווישן זיי אַלע — די געשטאַלט פון מיין שכן, פון שכנותדיקן הויף — אהרן, דער מילנער. זעקס צוואַקסענע, גרויסע, זין זענען זיי געווען אין זייער הויז. זיי האָבן זיך גענומען זעקס טעכטער פון אונדזער שטאָט. זיי האָבן אויך געהאַט דריי צעווירענע שוועסטער, הויכע, מיט דריי שוואָגערס. זייער הויף איז מיט שטאָקיקע הייזער געווען אַרומגערינגלט פון אַלע פיר זייטן, ווי ווענט פון אַ קאַסטן. דאָס הינטערשטע הויז איז געווען די מיל מיט אירע פליגל; זיי האָבן קיין מאָל נישט אויפגעהערט זיך צו דרייען. נאָר פרייטיק פאַר נאַכט האָבן זיי, ווי אַליין, זיך אָפּגע־שטעלט צו דער רו פון שבת. אַזוי האָט זי זיך געפירט — פון דורות זיידעס און באָבעס, פון וועמען זי איז איבערגעגאַנגען בירושה צו אהרנס עלטערן. זיי, זיין טאַטע און מאַמע, האָבן פאַרנומען די אויבנאָן־דירה נעבן דער מיל, און אַרום זיי, די בנינים, האָבן אָנגעפילט די זעקס ברידער, מיט די דריי שוועסטער; אויך פעטערס און מומעס מיט זייערע משפחות, קינדער און אייניקלעך. די בנינים האָבן אין זיך געהאַט שלאָף־צימער איבער שלאָפצימער. מיט ברייטע הימלבעטן. עס האָבן אין זיי יעדעס יאָר זיך אויסגעבריט, אין ווייסע בעטגעוואַנטן, שוועלבעלעך מיט ראָזע הויטן אויף זיך. דער הויף איז שפּעטער פול געווען מיט קינדער — אין קורצע הייזעלעך און רעקלעך — אַלע, ווי פון איין גרויסן שבט.

דורך דורות האָבן די פליגל פון דער מיל אַזוי געדרישט אַרום אונדז. זייער גערויש האָט אַ מאָל נאָך איינגעדרימלט אונדזערע עלטערן, ווען זיי זענען געווען קינדער, און נאָך דעם — אונדז אַליין. אין די שפּעטע אָוונטן האָט זי אונדז פאַרדרייט טיף, טיף — זיס, אין שלאָף אַריין. באַלד אין דער פרי האָט זי אונדז געוועקט און ווידער אַרויפגעדרייט צו דעם טאָג. ווען מיר האָבן געעפנט די אויגן, האָבן מיר דורך די פענצטער דאָס ערשטע דערזען אירע פליגל.

אהרן ליגט איצט דאָ, אין קאָפּערניק, אַנטקעגן מיר. איך זע — איינע אַליין, זיין לאַנגע, דיקע געשטאַלט. איך בין צוזאַמען מיט אים איינגעהערט אין גערויש פון די מילפליגל, וואָס האָבן נישט אויפגעהערט זיך צו דרייען אין דער ליידיקער שטאָט. זיי דרייען זיך אַליין, ווי — נאָך פון פריערדיקן אימפּעט. עס האָט אים עטלעכע מאָל שוין אויפגעזעצט אויפן בעטל. איך זע זיין אייבערשטן לאַנגן האַלבן גוף אין ווייסן. פון נעכטן אָן איז ער אַליין. אויך זיין סטעללאַ מיט די דריי קינדער זענען נישטאָ.

ס'קאָן דאָך נישט זיין. ס'איז אַ פאַרבלענדעניש!

איך וויל אויסשטרעקן אַ האַנט, רופן; ווייזן אים, אַז איך בין דאָ.

אַנטקעגן אים, אין אַ שורה, ליגט, אין דער האַלבער לבנה־ליכטיקייט — סימע, זיין סטעללאַס חברטע, פון דער גאַס, אַראָפּ. ניין, ס׳איז דאָך נישט מעגלעך: אויב סימע איז דאָ, מען קאָן זי אַנרירן — מוז עס זיך דאָך צ׳ען אויך ווייטער; מוז דאָך אויך סטעללאַ זיין. איין גוף איז דאָ און איינער איז לער?! ער מוז זי פרעגן.

דער רויטער ציגל־בנין פון קאָפּערניק האָט אונדז איינגעשלונגען. ער איז אַרומ־גענומען פון שטעכל־דראָטן. די דראָטן דערנענטערן זיך. זיי רירן אָן זיין לייב. אין די הויף־ווינקלען פון דרויסן שטייען די וואַכן. מיר הערן, ווי דער בנין אָטעמט מיט אונדז. ער טראָגט אונדז.

צו וואָס האָט מען אונדז דאָ געלאָזט? וואָס וועט מען נאָך טאָן מיט אונדז? וווהין טראָגט אונדז דער בנין? קיינער ווייסט דאָס נישט. פאַר וואָס זענען מיר געבליבן? פאַר וואָס איז דאָס פון אַלע גראָד געפאַלן אויף אונדז? פאַר וואָס ליגן מיר?! אפשר לויפן — פרווון לויפן איבער פענצטער, דראָטן, פעלדער?!

ווו זענען זיי, אַלע אונדזערע, איצט? אָטעמען זיי נאָך ערגעץ? מען פרוווט אַריינצ׳ען טיפער די דרויסנדיקע לופט, מיט זייער אָטעם — אים דערגרייכן.

די לבנה קוקט אַריין און מיר ליגן דאָ אַלע אָנגעברייט אויף די בעטן, ווי אויף אַ טאַץ.

מיר ליגן אין קאָפּערניק גרייט, אויף מאָרגן, ווי ווייסע עופות אין אַ שטייג.

ס׳איז פאַר טאָג. אַ קעלט נעמט דורך די לייבער. מיר דריקן זיך יעדער אין בעטל, צום טרוקענעם שטרוי אונטער זיך. ניין, מיר ליגן נישט. טייל זיצן איצט. מען זיצט, ווי עופות אויף אַ גזשענדע.

מיר זענען שוין דאָ אַ נאַכט, אַ טאָג, באַלד נאָך אַ נאַכט. נעכטן פאַר טאָג האָט אַ האַנט זיך אַריינגעשטעקט, אַראָפּגענומען עטלעכע פון די בעטלעך. די טיר איבער אונדז האָט ווידער זיך פאַרקלאַפּט. יענע זענען שטיל פאַרשוווּנדן פון דער אַנדערער זייט פּלויט. איצט זיצן דאָ אַנדערע. זיי האָבן זיך איבערגערוקט אויף זייער אָרט.

אויך איך ליג אויף מיין בעטל — אויף וועמענס אָן אָפּגעליידיקט אָרט.

איך ליג און פיל אַרום זיך דעם אָטעם פון די אַרומיקע. ער גיסט זיך נישט צוזאַמען. יעדער אָטעמט פאַר זיך, ווי אַ באַזונדער אינדזעלע. זיי אָטעמען שטיל. זיי שטראָמען אים נישט אַריין, דעם אָטעם, איינער אין אַנדערן. עס איז זיי קאַלט. זיי שלאָפן נישט. איך פיל, עס יויערט אין זיי אַ גרייטקייט. אין דער אַליינקייט וואַרעמען זיי זי אויס.

איך האָב זי דערפילט אין זיך, די קעלט, פאַר וועלכער זיי גראָבן זיך איין, אונדזערע שוועסטערלעך, אין דער צעוואַרעמטקייט פון די אייגענע גופים. זיי האָבן נישט ווו זיך אַהינצוטאָן מיט זיי. זיי פאַרלירן זיך אין דער אייגענער תהומיקייט.

מיר, זייערע פרעמדע ברידער און טאַטעס אַרום זיי, ליגן — אַליין עקר׳ס, מיט איבעריקע שווערע גופים.

מיט אַ מאָל האָב איך באַנומען, וואָס עס שטייט זיי נאָך פאַר אין די ווייטערע טעג. איך האָב געוואָלט פאַלן פאַר מיינע שוועסטערלעך אַרום מיר, פאַר זיי און פאַר דעם, וואָס לויערט אויף זיי בלינד; קנ׳ען פאַר זייערע בעטן. איך האָב געבענטשט אונדזערע שוועסטער פון די פריערדיקע דורות אין זייערע גאַנצע מאַמע־בעטן; און

געבענטשט זאָלט איר זיין, אויך איר, אונדזערע אומגעפּרוּווטע שוועסטער, וואָס וועלן קומען אין די טעג נאָך אונדז. אייך אַלע לאָזן מיר אונדזער לעצטע תּפילה. פֿאַר אייך אָבער, אונדזערע שוועסטערלעך דאָ — פֿאַל איך אין די געפּרוּווטקייטן, וואָס שטייען אייך פֿאָר. איך בין מיט אייך אין זיי. איר ווייסט נאָך גאָרנישט, נאָר אייערע צעשראָקענע גופֿימלעך אַנען זי פֿאָר, די אונטערטעניקייט צו אייערע פֿרעמדע פֿאַרשוועכער.

און אין איינער אַ נאַכט האָבן די געלעגערס זיך געבראָכן אונטער זיך. מען האָט מער נישט געקאָנט וואַרטן. אַ פֿרעמדע וואַרעמקייט, ווי קאַלט פֿייער, האָט אויפגערודערט די גופֿים. זי האָט פֿאַרשייט זיך געצונדן אונטער פֿאַרהאָנגענע אויגן. די דילן האָבן זיך געוויגט אונטער זיך. נישט פֿרעמדע זענען אויף זיי געקומען, נאָר היימישע. זיי האָבן פּלוצעם דערפֿילט אויף זיך לייב, אָפּגעהאַקטע אָטעמס. ווייסע שפּראָציקע גופֿימלעך האָבן אַנטקעגנגעצאַפּלט מענלעכע לייבער וואָס פֿאַרוויקלען זיי ווי עלטערע ברידער; האָבן דערשפּירט די טאַטישע שוץ, וואָס שפּרייט זיך, קלעמט זיי האַריק אַרום. זיי האָבן מיט די געשלאָסענע אויגן זיי זיך אַנטקעגנגעטראָגן, געלאָזט זיך אויפֿבינדן אין דער אייגענער תּהומיקייט. בעתן זינקען צוזאַמען — זענען זיי געוואָרן פֿאַרבליפּט פֿון דעם אייגענעם אויפֿשפּראָץ, וואָס האָט אין זיי ערשטמאָליק אויפגעקוועלט; פֿון דער קנאָספּישער צעעפֿנטקייט פֿון זייערע יונגע בריסטלעך. קוועלעכלעך זענען אין זיי זיך צעפֿלאָסן. די מענער האָבן געשפּרייט די אָרעמס; געלאָזט שטראָמען פֿון זיך זייער שוץ. זיי האָבן אין פֿרעמדע לייבקוואַלן געזוכט צו דערגרונטעווען זייערע קינדער פֿון פֿאַרן געבוירן, גרייכן צו זייער אָנהייב. ייִנגלעך האָבן געוואָלט אַנטלויפֿן צוריק אין זייערע מאַמעס, זיך באַהאַלטן אין ליידיקע אָפֿענע שויסן. צוריקקערן צום פֿאַר אַלעם. די פֿאַריתומטע מוטערס האָבן זיי איינגעזאַמלט אין זיך.

אויך אהרן האָט אין סימען איצט געגרייכט זיין סטעללאַס שורש. צום ערשטן מאָל איז זי איצט געלעגן פֿאַר אים אַן אַנטפּלעקטע — ווייך, בלאָנד, טיף און פֿול. ער וועט זיך צו איר דערנורטעווען — צו איר אָנהייב. ער האָט זי איצט געהיטן. פֿעסט־פֿאַרקלאַמערט — מער זי נישט צו פֿאַרלירן. סימע, אַן אויפֿגעלייזטע, האָט אין אויער אים וואַרעם געשעפּטשעט וועגן אירע, סטעללאַס, מיידלשע אונטערטעניקייטן. ער האָט דאָס קיין מאָל פֿריער נישט געהערט. ער האָט זיין ווייב איצט אַנטפּלעקט אין איר ערשטמאָליקייט.

מיר, די שוואַכע, זענען געבליבן אַליין אין דער מיט — אין אונדזערע בעטלעך, ווי אַראָפּגעפּלאַטשיקטע אינדזעלעך. דער פֿאַרפֿלייצנדיקער שטראָם איז אָפּגעפֿלאָסן און פֿאַרשלעפּט פֿון אונדז אויך אונדזערע שאָטנס. זיי זענען אַראָפּגעשווומען מיט די אַנדערע פֿון די ווענט, זענען אַוועק. פֿון צייט צו צייט האָבן פֿרעמדע, פֿאַרקראַמפּטע שאָטנס זיך אַרויסגעהויבן איבער אונדז, אונדז געדעקט. מיר האָבן אין דער פֿינצטער גענידערט אונטער זיך — פֿאַרלוירענע.

שפּעטער האָבן טעג און וואָכן זיך געוויקלט אַרום אונדז, ווי שלאַנגען. אין דרויסן, אין די לאַנגע נעכט, האָט דער ווינט געהוליעט אַרום, און דאָ אינעווייניק האָט דער טויט זיך געפּאָרט מיט אָטעם. אין דער האַלבער באַלויכטנקייט האָט ער אים, מיט ביינערדיקע פֿינגער, געשטופּט אונטער זיך, אַראָפּ; דאָרט פֿון וואַנען מען שטייגט מער נישט אַרויף. בלויז ווייס־רונדיקע פּיס האָבן פֿון דער טיף אַרויסגעקאָפּעט.

זיי האָבן זיך אויסגעמישט אין קראַמף, געהעשעט, געלאַכט, זיך געבעטן. די נאַכט האָט זיי זיס־נאַגנדיק איינגענומען. זיי האָבן אין איר געגנידערט אין ווייטיקדיק־אויפגייענדיקע רופעניש. זי האָט זיי איינגעשטילט, געמאַכט לייגן אויף הינטער זיך זייערע קעפּ. זיי האָבן געוווסט, מיט דער פאַרבינדונג פון זייערע גופים — זענען זיי נאָך באַהאַפטן מיטן לעבן. אָן דעם — איז מען אָפּגעהאַקט. זיי האָבן זיך געריסן צו פאַרטיפן דעם בונד, האָבן מורא געהאַט אויפצוהערן; טאַטעס האָבן ווידער באַשאַפן אין דער ליידיקייט אַריין. זיי האָבן הפקרדיק געפּרוכפּערט אין דער זי. עס וועט סיי ווי נישט אויפגיין. עס וועט פריער טריקענען אין איר ערדישער איינגלאַשנקייט.

ביי טאָג האָט מען מער זיך נישט געשראָקן פאַרן פאַרלענד. מען איז געווען אין יענער זייט פון אים. מען האָט אים אַריבערגעגרייכט. מען האָט פון דאָרט פריי אַהער געקוקט. צווישן אונדז און די פאַרלענדער זענען געלעגן די נעכט, ווי באַריערעס. מיר זענען געשטאַנען איבער זיי, אַרומגענומען מיט אונדזערע באַשערטע; גרייט צוזאַמען מיט זיי צו נידערן, אַראָפּ, אַראָפּ.

אויך אין די טעג זענען מיר איצט געווען מיט זיי צו איינס. מיר האָבן געלייטערטע זיך געקוקט אין די פּנימער. מיר זענען געווען פריי.

שפּעטער האָבן מיר אין דער הייך זיך געהאַלטן צוזאַמען — נישט אַראָפּצופאַלן. יענע, אונדזערע פריערדיקע שיכטן, האָבן פון אונדז זיך געהאַט אָוועקגערוקט אין דער זייט, ווייט, אין הינטערגרונט. פאַרהילט אין לאַנגע נעכט זענען זיי דאָרט געזונקען אַראָפּ. זייערע שטריכן האָבן שנעל זיך פאַרווישט פון פאַר אונדזערע אויגן.

איך בין דורך די נעכט געלעגן אין דעם געקנויל און געהערט דער געפּלאַטער פון די אַלטע משפּחה־העמדער. מען האָט זיי פון אונדז אַראָפּגעצויגן. זיי זענען געלעגן ערגעץ ווייט אין דרויסן. דער ווינט האָט געבלאָזן אין זייער ליידיקייט. דאָס זענען געווען די צוואַנגס־העמדער, וואָס האָבן דורותדיק אונדז געפּענטעט. איצט איז געווען לויזער, אַלץ איז אויפגעבונדן; מיר זענען פון זיי אַרויסגעפאַלן. מיר האָבן צענומען די אָרעמס. דער געררויש פון די העמדער האָט מיר אין בעטל געשמיסן — איבערן פּנים, איבערן גוף.

געוווסט האָב איך, אַז דאָס אַלץ געשעעט, ווייל די צייט האָט אויפגעהערט צו פליסן. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, און רינגלט אונדז איצט אַרום, ווי אַ מויער. אַלץ שטייט. מיר זענען פאַרמאַכט צווישן אירע פיר ווענט. מען קאָן איבער זיי נישט אַריבערקוקן — אויף פאַרויס.

צו מאָל האָט מיר געדאַכט, מיר זענען איצט אין מדבר — אָן אַן אָפּענעם וועג, נאָר ס׳איז נישטאָ קיין משה. גאָט האָט אים פריער געטויט. מיר פאַרשפּילן זיך אין טאַנצן אַרום אַן עגל, וואָס איז אויך נישטאָ. אונדזערע וועגן פירן נאָר צום טאָל. די צייט שטייט אַרום אונדז.

דורך די טעג האָט מען איצט געקאָכט טעפּ מיט פלייש. מיר האָבן זיך געשטופּט אַרום זיי און געריסן שטיקער. מיט לאַנגע האָלץ־גאָפּלען — אַרויסגעכאַפּט פון טאָפּ, געשלעפּט פון די שיסלען. יעדער איז געלאָפן אין ווינקל מיט זיין שטיק. עס געקייט צווישן די ציינער, געשיצט עס מיט די הענט. מיטן פעטן חלק האָבן מיר געאיילט צו

אונדזערע זי׳ס. מיר האָבן אַרום זיי געוואַכט מיט די גופים — ביז זיי האָבן עס אַראָפּ־געשלונגען. אַנדערע האָבן פון דער ווייטנס זיי גערופן, געלאָקט מיט בלישטשענדיק־קאָלירטע גלעזלעך. מיט די שטראַלן זיי אָפּצוציִען פון אונדז. מיר האָבן זיי פאַרשטעלט מיט אונדזערע צעשפרייטע גופים.

מיר האָבן זיך געהאַלטן ביי די הענט — צו בלייבן פון אויבן, נישט צו זינקען אַראָפּ צו די פאַרשוווּנדענע. די וואָס כאַפּן מיט אונדז זיך נישט מיט — זענען פאַר־משפט; זיי מוזן גיכער — פאַרלוירן ווערן. מיר האָבן זיך אָפּגעטיילט פון זיי — זיי זאָלן זיך נישט אָנכאַפּן אין אונדזערע פיס, אונדז נישט מיטשלעפּן מיט זיך אין זייער פאַלן.

ש. האָט געמיינט, דאָס איז ער דער עדות פונעם אָנהייב, פון דעם אַרויסלאָז פון דער ערשטער נייער משפחה אויף דער ערד. פון איר וועט עס ווידער זיך אָנהייבן. „אָט איז די געשיכטע פון דעם מענטש”. ער שטייט ביים אורגעבורט פון די מינים.

געוועזן איז דאָס אָבער דער סוף פון די טעג, די וואַקכאַנאַליע. מען האָט געגעסן, געטרונקען, ווייל מאָרגן איז מען געשטאָרבן.

זיי זענען אויפגעגאַנגען אין די פייערן, וואָס מען האָט אונטער זיי געצונדן. זיי האָבן זיך געהויבן, מיטן רויטן בנין, אין זיינע פלאַמען. זיי האָבן זיי געטראָגן, די זי׳ס, אויף זיך, ווי פאָנען, אין די רויכן, נישט צום שיידן זיך. מיט די פנימער זענען זיי געשטיגן אין דעם ווייסן פייער. זיי זענען פאַרצערט געוואָרן מיט אַלע משפחות פון די מענטשן־קינדער אויף זיך. דאָס לעצטע ביסל נאָענטקייט איז מיט זיי אויף — אין דער לופט.

איך האָב, בעתן פאַרברענען דעם קאָפּערניק, דערזען אויף דעם אייבערשטן שטאָק די יונגע מאַמע אין אַ לאַנג, ווייס העמד. זי האָט מיט איר קינד זיך אַרויסגעשיילט פון אַ הויך באַהעלטעניש, וואָס די בלויע צונגען האָבן אָפּגעלעקט זיינע ווענט. זיי האָבן זיך געוויקלט אַרום איר; געצונדן אירע האָר; זי געטראָגן אויף די רויטע אָרעמס, מיט איר קינד־פאַרנומען אין זיך. אָן אויגנבליק האָט זי געמיינט, זי וועט מיט אים פריי אויפגיין, אַרויף. זי האָט מיט אים גענידערט אַראָפּ, אין די פאַרהוילעגישן.

דערנאָך האָט אַלץ געקראַכט, זיך איינגעלייגט, אַראָפּגעזעצט, איז געוואָרן ליידיק. געבליבן איז בלויז די דויערנדיקע שטילקייט — אָן אַן עכאָ. קיינער ביז היינט פאַר־האַלט זיך מער נישט אויף דעם אָרט.

לאָדזש איז איצט געווען דער קאָפּערניק פון אויף צו מאָרגנס; אָן אָפּענער קאָפּערניק אָן ווענט פון דער צייט אַרום זיך. זי שטייט שוין מער נישט, די צייט, אַרום אונדז; זי רינגלט אונדז נישט אַרום. זי פליסט ווייטער. אָפּענע שאָסייען ציִען זיך פון דאַנען ביז אין אַלע עקן. וועך־זשע האָט די מענטשן דאָ פאַרבלענדט, געשלאָגן מיט געליימטקייט; געבונדן זיי פון אינעווייניק, אַז זיי זאָלן זיך דרייען אַרום און אַרום דעם איינעם אָרט?!

פאַר וואָס פאַלן זיי אין זיך אַריין; יעדער, ווי אין קעסלגרוב?

ש. האָט געוווּסט, דאָס זענען זיי פאַרקניפּט צו זייער אייגענעם נעכטן; זיי דרייען זיך אַרום אים, ווי בלינדע. זיי וואַרטן, אפשר וועט עמעצער פון אים אַרויסקומען אַהער, דאָ זיי זוכן. אַ נאָענטער קאָן אויפטויכן בלויז איין אויגנבליק נאָך דעם, ווי זיי וועלן פאַרשווינדן פון דאַנען. אַ רגע וועלן זיי זיך מיידן און אייביק דערנאָך וועלן זיי זיך דרייען איבער דער ערד, זיך יאָגן נאָך זיך, און מער קיין מאָל זיך שוין נישט טרעפן.

איצט דאָ האָבן זיי אַליין אָפּגעשטעלט די צייט; זיי האַלטן זי איין — יענע זאָלן זיי דערגרייכן. עס טאָר נאָך נישט ווערן מאָרגן.

דאָס ציִען זיי אויס די נעכט; האַלטן אויף יעדע רגע, נאָר נישט פאַרשלאָפן! אייביק מוזן זיי זיך ציִען, די נעכט דאָ. מיר טאָרן פון זיי נישט אַרויספאַלן.

אויף דאָ שטייען די טעג און נעכט אַרום זיי, ווי הויכע מויערן.

קולות האָבן זיך געהויבן, ווי פון אַ באַלאַגערטער שטאָט. זיי האָבן זיך אַליין באַלאַגערט, יעדער איינער — און פון אינעווייניק געשריגן נאָך הילף, זיך צו ראַטעווען. דאָס זענען געווען קולות פון אייגענער פּיין, וואָס וויל פון דיר אַרויסשפּרינגען, ווי אַ מויז.

און אין די נעכט, ווען זיי זענען געלעגן איבער די דילן, האָבן זיי געשפּירט אונטער זיך, געשפּריים, דאָס געוויין פון די מיליאָנען; פון זייערע פאַרטיליקטע משפּחות, וואָס רייסן זיך ווידער אַרויס; ווידער ווילן זיי זיך מערן און אָנפילן די ערד. זיי זענען געלעגן אויסגעצויגן איבער דעם געוויין, ווי איבער געדיכטע רויכן, וואָס וויקלען זיך.

די דילן זענען געשוווּמען, האָבן זיך באַוועגט מיט זיי איבער זיך.

און אין דער שרעק פאַר זיך, האָט מען זיך געשטרעקט צו אַנדערע גופים; מיט זיי זיך געאַמפּערט. נאָר דורך זיי וועט מען זיך פאַרבינדן מיט דעם אַרום; דורך דער אייגענער שטומקייט — מאַכן זיי אויפשרייען.

די, וואָס האָבן פאַרנומען די געוויינען אונטער זיך — האָבן דערשפּירט אַן אינעווייניקסטן אויפצאַפּל. ווי זייערס אויף פעלדער זענען זיי געקראָכן, זייערע זאָמען צו באַהאַלטן. זיי האָבן זי דערפילט, ווי אַן איינציק־אָנפאַרטרויטע ירושה פון זייערע פאַרשווּנדענע אָבות — אויף המשך. דאָ ליגט דער סוד פון זיַין. זיי זענען מיט איר אַרויס פון די טאָלן. אפשר וועט דער פאַרזיי זיך אָננעמען און אויפגיין, ווען זיי אַליין וועלן שוין מער נישט זיין. זייער אויסדערווײלטער האָבן זיי אין אויער געשעפּטשעט: „איך בין לוי בן שמעון, לבית שאַפּיראָ; געדענק, דאָ ליגן מיינע אבות; זאָלסט זיי אויף ווייטער אַרויסלאָזן!"

אַנדערע אויף די דילן האָבן זיי באַלד טויטע אַרויסגעלאָזט פון זיך. זיי האָבן זיי באַגראָבן אין די זי"ס — אין טיפע, שמאָלע קברימלעך. זיי פון אונטן האָבן זיי טויטע איינגעזאַמלט אין זיך. זיי האָבן זיי שפּעטער אינעווייניק געקילט, ווי געגליי־ווערטער סם.

און אין די נעכט האָט זיי מיט אַ מאָל אַ נעם געטאָן די פאַרצווייפלונג: אויב נישט קיין קינדער לאָמיר געבוירן; פאַרזעענישן קאָנען אַרויס פון אונדז; פאַרזעענישן קראַנק פון אונדזער בענקעניש — טאָ לאָמיר זיך אָנשטעקן אַלע אין איינעם. אפשר

געבוירן צוזאַמען — ווען נישט קיין אויסלייזער, אַ באַפרייער — איז אַ וואַמפּיר; אַ מאָנסטער, אַ ריזיקן, וואָס וועט זיך אַרויסלאָזן פון אונדז איבער דער ערד און זייען איבער איר אונדזער חורבן.

ש. האָט געזען, ווי עס כאַפּט זיי אַרום די הכנעה צו די כוואַליעס, וואָס פאַרגיסן זיי. זיי גיבן זיי זיך אונטער. זיי האָבן דערפילט אין זיך די נישטיקייט פון מענטש, זיין אייגענע פאַרגענגלעכקייט — אויף נישט צו קאָנען ווידערשפּעניקן. זיי ווייסן זיין אומבאַהאָלפנקייט.

נישט רעזיגנירט זענען זיי, נאָר געפּרווּוטע, וואָס באַגרייפן די זינלאָזיקייט פון אַלעם אַרום. זיי האָבן אַרויסגעוואָרפן פון זיך דאָס לעצטע ברעקל אויפגעבלאָזענעם שטאָלץ. זיי האָבן זיך דערהויבן צו דער אונטערטעניקייט פון זייער איך אינעם באַשאַף.

נאָר בעלי־גאווה ברעכן זיך נישט איין. זיי פאַראַדירן אַרום מיט זייער האָפענונג, ווי מיט שליפעס.

ער האָט ווידער נישט געקאָנט צוטאָן קיין אויג. דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז אויך דאָס מאָל קאָן עס נישט זיין קיין נייער אָנהייב. ער האָט דערפילט דעם פּרעמדן, צעשטערערישן כוח, מיט אַ ריזיקן גוף, וואָס האָט דאָ צווישן זיי זיך אַריינגעכאַפּט. דאָס איז אַ צעשניטענער, אויף טויזנטער שטיקלעך, שלאַנג. ער באַשלאָפּט זיי, מיט זיינע חלקים, אין אַלע ווינקלען. דאָס פאַרט ער זיך אַליין. ער באַהעפט זיי; ער באַפּרוכפּערט זיי מיט זיין גיפט, וואָס רייסט אויף; וואָס מאַכט אויפפּלאַצן.

און ווען ער איז, אין איינער אַ נאַכט, געגאַנגען איבער די צימערן — האָט זיין גוף געוואָלט אויפברומען. דאָס איז געווען אין אַ שטורעמדיקער נאַכט פון רעגן, דונערן און בליצן. אין דער שאַרפער אויפלייכטונג דורך די פענצטער — איז ער געטראָטן איבער בייכער, קעפּ; איבער רונדיקע פיס, געשפּאַנטע אין דער לופטן אַריין. מען קאָן זיי נישט אָפּרייסן איינעם פון אַנדערן. יעדע ווײַלע האָבן די בליצן אָפּגעוויקלט אין דער פינצטער נאַקעטע לייב־טיילן, אָפּגעדעקטע אברים. ער האָט אויפגעריסן דאָס מויל, אַרויסצולאָזן זיין געבריל. נישט קיין קולות זענען פון אים אַרויס, נאָר פאַרקלעמטע ברומענישן:

— האָ, האָ! — האָ, האָ! — ער איז געווען שטום. עס האָט אים, ווי אַ בייכער־גרימפּעניש, אָפּגערוישט אין די אויערן, דער פאַרלוירענער עכאָ:

„האָ, האָ! האָ, האָ!‟

ס'איז געבליבן אין אים, דאָס קול, צוריקגעפאַלן, נישט אָפּצוטיילן פון זיך אַרויס.

אויך די צייט לאָזט זיך נישט אָפּטיילן פון פריער, פון איר שטייעניש. דאָס איז איין געקנויל. מיר קאָנען פון אים נישט אַרויס. בלויז אונדזערע אַרומרינגלער זענען פון איר אַרויסגעפאַלן. זייער האַנט איז נישטאָ.

זי רינגלט אונדז אַרום, די צייט, ווי ווענט פון וואָלקנס, אַרויף ביז די הימלען. מיר טאַפּן, קליינע, אין די געדיכטע נעפּלען אַרום אונדז. זיי פרעסן אונדז ענגער צוזאַמען. מיר טאַפּן אין זיי איינער צום אַנדערן.

זי גייט נאָך נישט ווייטער, פאָרויס, די צייט, נאָר זי רירט זיך, ווי אַן ערד־ציטערניש, מיט אונדז אַלע אין זיך; זי רוקט זיך, ווי אָן פיס. מיר וואַקלען זיך אין איר, און פאַלן.

און ווען ער האָט איין מאָל געטראָפן אין דעם געקנויל זיך אַריינגעוואָרפן אויף דאָס אָנגעשטעקטע, אַנטלאָפענע פון טאָל, פּאָרל — האָט ער באַנומען, אַז זיי אַלע קאָנען דאָ נישט אויפהערן. אָן דער פאַרפלעכטונג — זענען זיי אויף אייביק אָפּגעהאַקט. ער האָט זיי ווידער געוועקט, גערופן. אויף אַ ווײַלע האָבן זיי אויפגעהויבן די קעפּ, זיי אויסגעדרייט. זיי האָבן געעפנט פאַרחלשטע אויגן; צו אים געקוקט, ווי באַרוישטע. באַלד האָבן זיי מיט די ליגנדיקע גופים אים אָפּגעשטופּט; געשטויסן זײַנע פיס, ער זאָל גיין ווייטער, זיי נישט אָפּציִען. ער האָט געזען, ווי זיי האַלטן זיך אָן אײנער אין אַנדערן, ווי פאַלנדיקע — אין שווינדל, נישט אָפּגעריסן צו ווערן; זיי נידערן אָבער, קייקלען זיך צוזאַמען מיט דעם אָנהאַלט אַראָפּ. אַ סך זענען פאַרשוווּנדן. ער האָט זיי געזוכט און מער נישט געפונען.

אויך לייבל אין זײַן בעט האָט אין די נעכט געזען אין די אַנטקעגנדיקע פענצטער די שאָטנס אויף די ווענט; די גופים, וואָס הייבן זיך און זעצן זיך; די קעפּ אויף די באַלקנס. עס האָט אים געדאַכט, אויך ער איז אַ שאָטן, וואָס וויל זיך אויפהייבן אויף די ווענט, ציִען זיך צום סופיט, און קאָן נישט. ער פאַלט צוריק. זײַן קערפּער גליט אין פיבער. ער קאָן בלויז קריכן אַראָפּ צום דיל. אין די נעכט האָבן די איינוווינער פון דער דירה אונטער אים געהערט, ווי ער קריכט איבער זיי אויבן. ער קילט זײַן צעהיצטן גוף אין דער קאַלטקייט פון די ברעטער. ער האָט אים געזען, דעם פרעמדן, וואָס האָט זיך באַזעצט אין אַלע איינוווינער פון אַרום, און נייגט זיי אַראָפּ. אויך אין אים זיצט ער אינעווייניק, אָבער אויב זייערע גופים האָט ער געמאַכט פלינק, צוזאַמענ־צובאַהעפטן זיי אַלע צו איין גרויס מאַסן־לייב — וויל ער גאָר זײַן קערפּער צעטיילן אויף פיל קליינע באַזונדערע חלקים; צערײַסן אים פון אינעווייניק. דערווײַל זיצט ער אין אים, דער פרעמדער, אין אַ ווינקעלע. ער שפּרייט זיך טויב אין דער הייך און ברייט. צו מאָל האָט ער אין די נעכט זיך איינגעהערט אין יענעמס באַוועגן זיך אין אים. יענער איז געבליבן שטיל, האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם, געוואַרט. איין מאָל ווען ער האָט איינגעדרימלט, האָט ער אין שלאָף דערשפּירט, ווי יענער שטרעקט אין אים אַרויף די הענט, צו זײַן האַלדז צו. אָט האָט ער שוין נישט דעם אָטעם. ווען ער האָט האַסטיק זיך איבערגעוועקט — האָט ער אין האַלדז נאָך געפילט שטעקן יענעמס פינגער. יענער האָט שטיל זיך איינגעצויגן. צו מאָל האָט לייבלען געדאַכט, יענער איז פון אים אַ ווײַלע אַרויס, ער האָט איינגעדרימלט אין דער זייט. ער וועט איצט כאַפּן אסתרקען, און פלינק מיט איר אַוועק. ער האָט אין איילעניש געפּרוּווט זיך אויפזעצן אין בעט. ער האָט אָבער דערשפּירט, ווי יענער ציט אים צוריק דעם רוקן. ער ליגט אין אים שווער, ווי אַ מת. ער האָט באַנומען, אַז זיי זענען צוגעבונדן אײנער צום צווייטן, ווי צוויי געפאַנגענע. צו מאָל איז יענער געשלאָפן אין אים, ווי אין אַ נאָרע.

לייבל איז געלעגן אַליין אין בעט און געהערט, ווי אין די שכנותדיקע שטובן, אויף אַלע שטאָקן — באַוועגט זיך, עס הייבט זיך אויך דער סופיט איבער אים. די שאָטנס פון אַנטקעגן ציִען זיך לאַנגע אויך אין זײַן פענצטער אַריין. צו מאָל האָבן זיי געגרייכט זייערע קעפּ ביז זײַן בעט. זיי האָבן זיי געלייגט, ביז איין קאָפּ איז פאַרטאָן געוואָרן אין אַנדערן. אסתרקע איז נישט געווען. זי איז איצט געלאָפן רופן

הילף. שוין לאַנג, ווי יענער האָט זיך געלייגט צווישן איר און לייבלען. אין די נעכט פילט זי, ווי ער אָטעמט אין איר אַריין, בעת לייבל בלייבט ליגן ווייט און פרעמד. זי איז איצט צוריקגעגאַנגען איינע אַליין אויף די ליידיקע גאַסן — אַ קליינע, אַ נידעריקע צווישן די הויכע הייזער פון ביידע זייטן. פון אַלע פענצטער האָבן די לאַנגע שאָטנס זיך געשטרעקט און זיך געלייגט פאַר אירע פיס. זי איז געגאַנגען אין מיטן, איז איבער זיי אַריבערגעטראָטן. זי האָט געפילט, לייבל גליטשט פון איר זיך אַרויס. ווען זי האָט אויפגעמאַכט די טיר אין שטוב, איז לייבל געווען אַליין — מיט יענעם. ער איז געשלאָפן. זי האָט געהערט אַ הויך קלאַפּן פון זיין האַרץ. דאָס אָטעמען זייי ביידע צוזאַמען. זיי פירן דעם גראַנגל — יעדנס אָטעם וויל זיך הייבן און דעקן יענעמס. זי האָט אויפגעדרייט דאָס ליכט אין שטוב. גאָרנישט איז מער געווען; ס'איז ליידיק. זי איז געגאַנגען אין חלל; געגאַנגען, געגאַנגען און נישט אַראָפּגעפאַלן.

אויף צו מאָרגנס האָט ש. געוואָלט רופן אסיפות אויפן מאַרק; אַליאַרמירן, וואָרענען. ער איז אָבער געקומען אַליין. אַלע אַנדערע זענען נישט געווען. ער האָט נישט געדענקט, צי ער האָט זיי גערופן, צי ער האָט זיי געזען. אפשר זענען די נעכט נישט געווען. ער איז אַרויס אויף די אַנדערע גאַסן. ער האָט זיך געוווּנדערט, וואָס איצט, אין מיטן טאָג, דרייען זיך פיל מיט לאַמטערנס אין די הענט; זיי הייבן זייערע פיס, ווי זיי ווילן אַרויס; זיי שטעלן טריט און בלייבן אויפן אָרט. באַלד האָט ער געזען גרופּעס, וואָס גייען אויף הינטער זיך — זיי זענען איינגעשפּאַנט און מען ציט זיי אויף צוריק. זיי שטעלן זייערע טריט אויף פאָרויס, און בלייבן פון הינטן. אויך זייערע לאַמטערנס לייכטן אויף צוריק. ער האָט געוווּסט, זיי זענען איינגעשפּאַנט אין לאַנגע לייצעס, וואָס גרייכן ביז זייער אַמאָל; דאָרט זענען זיי געבונדן און קאָנען נישט זיך אָפּרייסן. אויפן וועג צו זייער אַמאָל, הינטער זיי — שפּרייטן זיך אָבער גריבער, אָפּגרונטן. מען קאָן נישט צוריק, און — נישט פאַלן אין זיי. טייל זענען, רוקנדיק זיך אויף צוריק — אַראָפּ. אַנדערע האָבן די לייצעס געוואָלט צי׳ען מיט זיך אויף פאָרויס, נישט אָפּלאָזן זיי. זיי האָבן זיי געקלאַמערט אין די הענט. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן פאַרלוירן די שנורן; זיי אַרויסגעלאָזט. זיי האָבן נישט געקאָנט זיך באַוועגן — נישט פאָרויס און נישט אויף הינטער זיך. זיי האָבן דאָס זיך געשפּרייט אין די נעכט איבער די דילן, און אויך אין די טעג האָבן זיי געהויערט אונטער זיך.

ש. האָט איצט געזוכט פּריוויליקע, וואָס זאָלן גיין איבער די הייזער, פון שטאָק צו שטאָק, צו די ליגנדיקע, און זיי צוריק דערלאַנגען אין די הענט — די אָפּגעהאַקטע שנורן. געווען טייל, וואָס האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין דעם. דאָס איז געשען אין אויפ־לייכטנדיקע מינוטן פון פאַר נאַכט. פלוצעם איז אויף זייערע שטערנס אויפגעגאַנגען גענאָד. זיי האָבן ווידער דערשפּירט די שנור אין האַנט. זיי זענען אויפגעשטאַנען, געצויגן פון איר.

מען האָט איצט געזען אויף די גאַסן, נישט בלויז יתומות, וואָס טראָגן אין זיך גאַנץ זייערע היימען מיט די עלטערן אין זיי; אומעטום קומען זיי און היטן זיך, ווי שוואַנגערע פרויען — גאָרנישט זאָל זיי אָנרירן — נאָר אויף פאַראַלמנטע מענער און אָפּגעזונדערטע פאָטערס, וואָס עס האָבן ווידער זיך באַזעצט אין זיי זייערע אַוועקגע־

גאַנגענע ווייבער און קינדער; זיי זיצן אין זיי אַרום טישן און שלאָפן אין זיי אין בעטן.

איין מאָל, פאַר נאַכט, ווען ש. איז אַרויס אין גאַס, האָט ער דערזען די כוואַליע אויף וועלכער זיי ווערן אַלע געטראָגן. ער האָט געוווּסט, דאָס הייבט זיי דער סוד, וואָס זיי טראָגן זיך מיט אים אַרום און זיי האָבן מורא אים נישט צו פאַרלירן. זיי שפּרייזן מיט אים, ווי אין חלל.

די גאַסן זענען איצט פול געווען מיט די אַרויפגעהויבענע מענטשן, וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן פון אונטן און געשוועבט. זייערע פּנימער האָבן געגרייכט אויבן ביז צו די פענצטער פון די העכסטע שטאָקן. די פון אינעווייניק האָבן פלוצעם דערזען, זיי קוקן אַריין אין זייערע דירות. זיי האָבן זיך דערשראָקן. זיי האָבן גיך אַראָפּגעלאָזט פאַר זיי די שווערע פאָרהאַנגען.

ווידער האָט מען דערשפּירט דאָס הענגען פון די אויבן — איבער אונדזערע קעפּ. זיי זענען אין דער הייך, פאַרשפּרייט איבער דער שטאָט, ווי אַ צודעק, וואָס קאָן יעדע רגע זיך אַראָפּלאָזן.

מען האָט געוואָלט צו זיי אַרויף איבער די שטיגן. מען איז אַריין אין די פּעדער־הייזער. עס איז אָבער דאָ געווען אַ פּוסטע הויכע ליידיקייט. זיי האָבן געהאַט אַרויס־געריסן די אַרויפגאַנג־שטיגן.

אין דרויסן, פאַר די הייזער, האָבן איצט זיך געקליבן געזעמלעך, מיט די פּנימער פאַרריסן אַרויף: עס איז געווען טונקל. מען האָט נישט געוווּסט, צי עס איז איצט פאַר טאָג: די זון איז נאָך פאַרשטעלט; עס דאַרף באַלד אויפגיין אַ מאָרגנליכט; אָדער גאָר — פאַר נאַכט; באַלד וועט זי אַרויסקומען, די לבנה; זי וועט אונדז פאַרפּלייצן. טייל האָבן געוואָרנט, אַז מען טאָר נישט קוקן אַרויף מיט אָפענע אויגן, ווייל מען קאָן געשלאָגן ווערן מיט בלינדקייט. יענע פון אויבן קאָנען אונדז נאָך גיסן אין די אויגן צעבערס לבנהדיק ליכט.

מיר האָבן געטראַכט אין דעם נאַכט־ליכט צו פאַרוואַרפן אַרויף שטריק, און איבער זיי זיך דראַפּען, ביז צו זייערע פענצטער. עמעצער האָט געפּרוווט. די שטריק האָבן זיך געבלאָזן אין ווינטל, ווי לייטערס צו דער לבנה. געשטאַלטן האָבן איבער זיי זיך געהויבן. אַרויסגעשטרעקטע הענט פון פענצטער האָבן מיט שערן איבערגעשניטן די לייטערס. זיי זענען אַראָפּגעפאַלן, די שטריק מיט די קלעטערער.

און ווען ס'האָט זיך מער קיין אויסוועג נישט געזען — האָט מען באַשלאָסן דורכצורייסן די לויערנדיקייט אויף די וועגן; שיקן שליחים, און אפשר זענען אין ווייטע זומפּן נאָך פאַרשטעקט פאַרשפּעטיקטע פון די טאָלן; אויך זיי רייסן זיך צו אונדז און קאָנען נישט דורך.

מיר האָבן זיי צעשיקט, די שטאַפּעטן, אין דער נאַכט אַריין. בסוד זענען זיי אַרויס. אויך ביי אונדז האָבן נאָר ווייניקע דערפון געוווּסט. דורך דער שטאָט איז אַדורך אַ ברומעניש, אַז עס רוקט זיך אָן.

אויך ש. איז געווען צווישן זיי. ער איז געגאַנגען אין די פּוסטריט פון זיין פאַר־לוירענער עדה — אין די פאַרווישטע שפּורן צו די טאָלן.

ווען ער איז אָנגעקומען קיין בערגן־בעלזן איז געווען פאַר האַלבן טאָג. ווייט אַרום זענען געלעגן פעלדער. ס'איז שווער געווען זיך דורכצוקריגן דורך זייער ליידיקייט.

ער איז שטיין געבליבן פֿאַר דיקע מויערן. זיי האָבן אויף קילאָמעטערס אַרום, פּירעקיק, הויך — אָפּגעטיילט דעם טאָל. שעהען האָט ער זיי אַרומגערינגלט. צו זיין אויער האָט זיך דורכגעטראָגן די פרידלעכקייט פון אַ פאַרלאָזטן בית־עולם. אַ קול פון גרילן האָט דורכגעעקבערט די שטילקייט. הויכע גראָזן זענען אין דרויסן געוואַקסן אַרום אַלטעביימער. ער האָט געפילט זייערע שטאַמען. ער האָט געוואָלט הינטער זיי זיך לייגן. לאַדזש איז געווען ווייט, ערגעץ הינטער מויערן.

דער הויכער אַריינגאַנג האָט זיך פאַר אים אַנגערוקט אָפן, ליידיק. די זיך־פֿאַר־מאַכנדיקע פליגל־טויערן — פון ביידע זייטן — אָפּגעריסן, אַוועקגעשליידערט אין דער זייט. ער האָט אַריינגעקוקט אין דער טונקעלער צעעפנטקייט פון דעם טאָל. אַ קילקייט האָט זיך געטראָגן טיף, פון צווישן ביימער. איז נישט ווער נאָך דאָרט פאַרטייעט? ער איז אַריין לייכט, אויף די שפּיץ־פינגער.

ווען ער איז אַריבער דורך דער צעעפנטקייט — אין דער ביימער־טונקלקייט אַריין — האָט אים געדאַכט, הינטער אים האָט ווער אַראָפּגעלאָזט פון אויבן ביז צו דער ערד אַ קלאַפּע. ס'איז געשלאָסן. נישטאָ מער קיין אַרויס. ער האָט מורא געהאַט זיך אויסצודרייען. פון האַריזאָנט אַנטקעגן האָט אים אַריבערגעשלאָגן אין די אויגן אַ פאַר־נאַכטיק פאַספאַר־ליכט; רופנדיקע שטראַלן ווי אָרעמס. זיי האָבן אַ ווײַלע לייכט אים אַ נעם געטאָן צו זיך. ער האָט געקלאַמערט די פיס צו דער ווייכער ערד. זי האָט נישט צוגעצויגן. ער האָט געהאַלטן די שיך אין דער האַנט און איז אין די זאָקן געגאַנגען פאָרויס — אַנטקעגן.

ער האָט געוווּסט, דאָ אונטער אים, האָבן זיי געשטעלט זייערע לעצטע טריט. די ערד איז נאָך וואַרעם פון זייערע באָרוועסע פיס. זיינע סטאָפּעס פּרעסן זיך אַריין.

באַלד איז אים געווען קלאָר, אַז עס נעמט אים אַריין; ווייט אין טאָל. עס וואַרט אויף אים.

אין דער זייט האָבן אים זיך נאָכגערוקט צוויי פאַרלייגטע באַנרעלסן. איצט פאָרט קיינער נישט אויף זיי; זיי לויפן אים נאָך, ווי אויסגעהונגערט. ווען ער איז געשטאַנען, זענען זיי פאַר אים געבליבן ליגן אין זייער מאַטער וואַרטעניש.

אויף די דאָזיקע אייזן־רעלסן האָט מען זיי געבערענגט אַהער. דאָ אויף זייער גלאַנ־ציקער שאַרף, פלעגט די באַן מיט זיי אַריין — אַ פייפנדיקע, מיט יללות. דאָ האָט זי זיך פאַרהאַלטן. שוין ביים טויער האָט די שרעק פון זיי זיך אָפּגעטיילט. זי איז בלינד געבליבן פון דרויסן. אינעווייניק זענען זיי אַרויס פון די באַנען מיט געליימטע פיס. אין ווינט האָט מען זיי געיאָגט אויסגעגלייכטע — שוין אָן אָטעם. זיי זענען געלאָפן הויכע — בלויז מיטן אימפּעט, ביז זיי האָבן זיך געבויגן. געפאַלן זענען זיי — שוין אויסגעלאָשענע.

ער איז איצט געגאַנגען פאָרויס, אַראָפּגעזעצט אויף קורצע פיס. די טריט האָבן זיך אים געשטעלט בלויז פון די קניען אַרויס. פון אָט דער טונקלקייט האָבן זיי דעמאָלט זיך אַרויסגעוויקלט. ערגעץ ווייט, ווייט, זענען זיי דערנאָך פאַרהילט געוואָרן; אַריבער די מחיצה. פון דאָרט האָט נאָר געפירט איין שמאָלער טיפער וועג, וואָס קיינער קאָן אים מער נישט גרייכן. ער איז הינטער זיי פאַרווישט געוואָרן.

ער האָט געפילט, עס שטופּט אים אויף פאָרויס.

ווען ער איז געווען אַרויס פון צווישן די פאַרנאַכט־ביימער — האָט זיך פאַר אים ברייט צעעפנט די בלענדיקע ליכטיקייט. ער איז מיט אַ מאָל געהאַט אַריבער. עס איז פאַר אים געלעגן אָפן, כוואַליענדיק, דאָס אַרומגעמויערטע אָן־אָטעמדיקע פעלד. די אויגן זענען אים געבליבן אויפגעריסן, אַנגעפילט מיט לופט. עס האָט אים פאַר זיי געבליאַסקעט אַ זילבער־ליכטיקייט. ער האָט זיך פאַרהאַלטן מיט די שיך אין האַנט. אַ ווײַלע האָט דאָס פעלד זיך פאַר אים ווייט באַוועגט אויף קילאָמעטערס מיט ליכטער־בערגלעך. מיט אַ מאָל איז עס אים שטיין געבליבן נאָענט מיט אָנגעהויפטע, רירנדיקע־זיך, זילבער־גופים, וואָס קניען. ווען ער איז געווען ביים ראַנד, זענען זייערע קני געווען פאַרשטאַרט. זיי האָבן באַקעטע געהאַלטן די קעפּ אַראָפּ, צו אים געבויגן ביז דער ערד. אין בויך האָט זיך אים עפּעס אַ באַוועג געטאָן האַסטיק, צו זעצן זיך אַראָפּ. זיי זענען איצט געווען געשפּרייט אויף ווי ווייט זיינע אויגן האָבן געגרייכט, פאַרקראַמפּטע איינער אין אַנדערן; שיכט איבער שיכט, פלוצעם־פאַרגליווערטע אין מיטן אַ פאַרמעסט, פאַר טאָג, איידער די זון איז אויפגעגאַנגען.

זיי זענען פאַר אים געלעגן געבויגענע, שעמעוודיקע, ווי זיי וואָלטן נישט באַוויזן אין מיטן שפּיל זיך צוריקציִען — ער האָט זיי געגרייכט.

ער האָט אַ ווײַלע באַנומען, אַז דאָס האָבן זיי אים צו זיך אַהער געצויגן — אויף פאַרויס. דאָס זענען זיי אַזוי נאָענט. ער האָט זיי אָנגעיאָגט אין זיין געלויף. זיי זענען געלעגן פאַר אים אָפן. ער האָט זיי שטיל איינגעהאַלטן הארט פאַר זיך.

ער איז געשטאַנען איבער זיי. זיין אויג האָט זיי אַרומגענומען ביז ווייט אויפן פעלד. אויך די אין די אונטערשטע שיכטן זענען פאַר אים געבליבן אין זייער וואַרטן. בלויז אַ פאַרגליווערטע דלאָניע, אָן אויג־שפּעלטל — האָט זיך געזוכט אַ שפּאַרע אַרויף — צווישן אָרעמס און קני; אָן אָפּגעדעקט אויער האָט זיך איינגעהערט. די אויבערשטע שיכט מיט געשלאָסענע הענט און אַראָפּהענגענדיקע קעפּ, האָט זיי געשטופּט אַראָפּ, אויף צוריק אין דער נידער, ווי אַ קייט, וואָס לאָזט נישט דורך.

אַ רגע איז גאָרנישט געווען צווישן זיי און אים, אויסער זיין ביסל אַרויסגעלאָזטער אָטעם. זיי האָבן זיך אים געגעבן אַ כוואַליע־אַרויף. אַ רוק־אָן. באַלד האָבן זיי גענומען אָפּפליסן, ווי אַ ים אויף צוריק, אויסגעדרייטע, מיט זייערע אָפּגעדעקטע באַהאַרטע אברים. ער האָט זיי גיך איינגעהאַלטן מיטן בליק. זיי זענען געבליבן אויפן אָרט. זיי האָבן איצט פאַר אים זיך געוויזן; געלאָזט זיך אַרומנעמען — אין זייער אויסגעשפּרייט־קייט. ער האָט מיט די הענט געהויבן הויך פאַר זיך אַ ריזיק ליילעך — עס צו שפּרייטן איבער זיי. עס איז זיך צעגאַנגען אין זילבער־טראָפּנס. זיי האָבן געטריפט אין דער זון איבער דער צעשוווּמענער פאַרנעפּלטקייט.

ווען אַלץ האָט זיך אַראָפּגעזעצט — האָט ער געזען, אַז ער קען נישט קיינעם פון זיי. עס האָבן זיך איצט אויסגעטיילט פאַר אים קלאָר — פּנימער, בייכער. ער האָט געוווּסט, אַז מען האָט זיי פון ווייט אויפגעבראַכט אַהער — פון אַ גאַנצער ערד מיט שטיבער. דורך דורות האָט מען זיי געכאָוועט צו אָט דער מינוט.

„ווער זענט איר אַלע דאָ?"

ער האָט געוואָלט דער עכאָ פון זיין קול זאָל אָפּהילכן איבערן ברייטן טאָל, זאָל זיך דעקן אַראָפּ.

ער האָט מורא געהאַט; דאָס אויג זאָל זיך אים נישט אָנטרעפן אויף אַ נאָענטער געשטאַלט. ער האָט געהויבן דאָס פּנים אַרויף. עס האָט אים באַנג געטאָן פאַר יעדן פון זיי.

באַלד האָט אים דער בליק זיך אַראָפּגעלאָזט איבער דעם קאָפּ פון אַ זקן, מיט אַן אויפגעריסן מויל און אַן אויפגעשניטן אויג־שפּעלטל, אַ גרויע וואָנצע. ווער ביסטו, מיין אַלטער? פון וואַנען האָט מען דיך אויפגעבראַכט? פון וועמען האָט מען דיך געשיידט אין דיין לעצטער רגע? וואָס פאַר אַ לויז קבר נעבן דיינע עלטערן האָסטו זיך געהאַט צוגעגרייט? ווו וואַרט עס ליידיק? איך וויל אויפנעמען דאָס ווייטערדיקע פליסן פון דיין פאַרגעסן לעבן.

— און דו, מיין אָפּגעדעקטע, אומבאַקאַנטע שוועסטער, דאָ, פאַרוויקלט אין דיינע שוואַרצע האָר, וואָס פאַרטראָגסט נישט מיין בליק: וויפל דערוואַרטונגען האָט מען פון דיר אָפּגעהאַקט? צו וועמען האָסטו געהערט? ווו זענען געבליבן הינטער דיר דיינע נישט־אויסגעפּילטע מינוטן? ווען איך קאָן דיך צודעקן, שפּרייטן מיין לעבן איבער דיר!

ער האָט געפילט, ער קאָן נישט אָוועקדרייען דעם קאָפּ. זיי האַלטן אים: הענגען זיך אין אים אָן; זייער בייַנערדיק ליכט רייסט זיך אונטער זיינע אויגן. זיי האָבן געוואַרט אויף אים, אויף זיין קומען, אויף דער רגע. אַלע געהערן זיי איצט צו אים, זענען זיינע. אַלע, אַלע ווילן זיי, ער זאָל זיי זען, אָנשטעלן זיינע אויגן אויף זיי.

— און דו, מיין אָרעם יינגעלע, מיטן אַברל פאַרשוווּנדן אין אויפגעלאָפּענעם בייכל, צווישן דיינע דאַרע פּיסלעך — פון וועלכע מאַמע־אָרעמס ביסטו אַרויסגעפאַלן? ווער האָט איינגעשטילט דאָ דיין געוויין? ווו איז זי, דיין ליידיקע וויג?

זיינע אויגן האָבן איצט געקוקט זיך צווישן די שיכטן; האָבן זיך פאַרהאַלטן אויף די באַזונדערע גופים; זיי אויסגעטיילט. אַלע זענען זיי דאָ באַהאַפטן צוזאַמען, נאָר יעדער פון זיי איז פאַרטאָן אין זיך; איז נאָך פאַרבונדן מיט דעם נאַפּל, פון וועלכן מען האָט אים דאָרט, ווייט, אָפּגעשיידט. ער האָט יעדן געוואָלט גרייכן ביז זיינע ערשטע רגעס — פאַרן קומען אַהער.

עס איז אים אַדורך אַ געדאַנק, אַז אויך זיין עדה, פון זיין שטאָט, דאַרף דאָ זיין געשפּרייט אין די שיכטן — ערגעץ פאַרבאָרגן צווישן די אַנדערע. ער האָט נישט געוווּסט, צי זיין אויג דאַרף זיי אָפּדעקן — טרעפן זיך מיט זיי פּנים אל פּנים. אַז ער וועט דאָ אַריין — וועט ער שוין מער נישט אַרויס! ער האָט מורא געהאַט פאַר דער שענדונג. זיין אָטעם וועט איינגעבלויט ווערן צווישן זיי.

ער האָט געקוקט פאַר זיך, דורך זייערע גופים אַדורך. אויך דאָס שטיקל בליי פּעלט אין זיי. זיי האָבן דאָ פאַרלייגט די קעפּ; זענען אויסגעצאַנגען, ווי קראַנקע הינער.

באַלד האָט ער געוווּסט, אַז זיין עדה געפינט זיך נישט צווישן זיי. זיי זענען צווישן די מיליאָנען, וואָס די ערד האָט שוין פריער פאַרדעקט איבער אַלע ברייטקייטן פון די טאָלן. צו זיי וועט ער נישט צוקומען. זייערע גופים זענען מער נישטאָ. זיי זענען פאַרצערט געוואָרן אין בלויע פלאַמען. מעגלעך, ער טרעט איצט מיט די פּיס אין זייער אַש. ער האָט אַראָפּגעצויגן פון זיך די זאָקן. ער האָט געשפּירט, דאָס אַש פּילט אָן דעם גאַנצן פלאַך אַרום און אַרום — אונטער אים. עס איז נאָך וואַרעם פון אינעווייניק.

די דאָ פון אויבן, זיי אַלע אין די שיכטן, זענען די לעצטע. נאָך נעכטן האָבן זייערע אויערן פאַרנומען די בשורה, אַז די טויערן זענען אָפן, זיי זענען פריי. זיי האָבן געוואָלט אַנטרינען, נאָר זייערע פיס האָבן זיי מער נישט געטראָגן. ווי צום בוקן זיך זענען זיי געפאַלן מיט צעעפנטע אויערן; מיט די פנימער צו די טויערן. דאָ האָט עס זיי געבויגן — שוין נאָך אַלעמען. בעת עס האָט זיי געגרייכט — האָבן זיי צעעפנט פאַרוווּנדערטע אויגן, ווי קינדער; זיי האָבן נאָך געזען, ווי די האַנט שוועבט מילד פאַר זיי דורך.

ער האָט מיט אַ מאָל אַ בליק געטאָן איבער דער ברייט פונעם טאָל, איבער די געשלאָסענע שיכטן — איבער די אַלע אומבאַקאַנטע פנימער, און ער האָט געוווּסט, דאָס איז עס דאָך, זיין פאָלק, אַרויסגעקליבן פון זיינע וואַרעמע היימען — אין אַלע ווייטקייטן. זיי זענען דאָ פאַרזאַמלט אויפן פעלד אַלע — מיט זייערע זקנים, ווייבער און טעכטער, מיט זייערע טאַטעס, יינגלעך און מיידלעך. אַלץ איז ווי געווען, נאָר ער האָט נישט קיין אָטעם, צוריק אַריינצובלאָזן אין זיי.

ער איז דאָ געשטאַנען איבער זיי, אָפּגעהאַקט, מיט די פיס פאַרשטעקט אין דעם אַש. דער קאָפּ גרייכט אים נישט אין ערגעץ. ער זינקט נישט אויך אַראָפּ. ווו זענען די נשמות פון די פאַרברענטע אונטער אים? זיי הייבן זיך איבערן טאָל, פלאַטערן; ווילן נישט אָפּטרעטן; האָבן מער נישט ווו אַריין.

און אפשר זענען זיי יאָ פאַראַן, די מענטשן? זיי זענען געבליבן. זיי זענען אַנטרונען; אין דער לעצטער רגע זענען זיי אין געאיילעניש אַוועק. זיי האָבן אַלץ דאָ איבערגעלאָזט. אויך זייערע גופים. זיי האָבן נישט באַוויזן זיי מיטצונעמען. זיי באַהאַלטן זיך ערגעץ ווייט אַליין — ביז עס וועט פאַריבער. ווען מען איז געקומען זיי נעמען — האָט מען זייערע גופים געטראָפן ליידיקע, אָן זיי. איצט בלאָנדזשען זיי ערגעץ, פאַרלוירענע. זיי זוכן די גופים; האָבן נישט מיט וואָס צו גיין. ער האָט דערזען פאַר זיך דאָס פעלד דאָ מיט גוף־פּאַנצערס, אָפּגענוצטע, אויף צו מאָרגנס נאָך דער שלאַכט. די גבורים זענען פון זיי אַרויס. זיי זוכן זיך וועגן אַהיים. אפשר דאַרף ער גאָר צוריק אַוועק אין דרויסן אַרויס, אין יענער זייט?

שוין צוויי טעג, ווי ער דרייט זיך איבער דעם אָפּגעשלאָסענעם טאָל, צווישן די וואָס זענען שוין געהאַט געבליבן און עס האָט זיי געגרייכט פאַרן טויער. דרייסיק טויזנט ליגן זיי דאָ, אויף דעם ריזיקן פעלד, פאַרקנוילט אין דעם לעצטן, פאַרטאָגיקן געראַנגל. ער האָט נישט געוווּסט, וועער איז די האַנט, וואָס האָט אָפּגעצויגן די העמדער פון זייערע לייבער, און צי וועט מען זייער געביין דאָ לאָזן אָפן — פאַרן עוף פון הימל, וואָס וועט איבער זיי אַראָפּנידערן; אָדער וועט מען זיי דאָ פאַרדעקן די אויגן, ווי קינדער; פאַרווישן די שפורן, און אַוועק. זייער פנים זאָל פאַרגעסן ווערן, און אַ פרידן זאָל קומען אויף דער ערד.

ער אַליין וועט זיך דרייען, אין דעם פרידן; ער וועט זיין זייער יורש.

ער האָט פלוצעם זיך דערזען מאָרגן. ווי וועט ער קאָנען זיך אָנטרינקען מיט דער לופט פון חלל, ווען עס וועט אין איר אַריינאָטעמען אויך דער אומבערענגער פון זייער

לעבן? זייערע אָטעמס וועלן זיך מישן. איינער וועט איינאָטעמען די לופט, וואָס דער צווייטער וועט אויסאָטעמען.

און אפשר וועלן זיי, דער רוצח און זיין אַנטרונענער קרבן, אויף לאַנגע צייטן ביידע מוזן פאַרשווינדן. זיי וועלן זיך מיידן, ביז דער רוצח וועט אויף זיך אַרויפציִען דאָס פּנים פון זיין קרבן. זיי וועלן קוקן אויף זיך און זיך נישט דערקענען. די וועלט וועט זיי ביידע אַזוי טראָגן אין איר בויך.

אָבער דערווייל — ליגט איר דאָ און קיינער קומט נישט אייך מאָנען.

אויפן דריטן טאָג, פאַר נאַכט, ווען ער איז אַהער אַרויסגעקומען, האָט נאָך פון דער ווייטנס זיך דערטראָגן צו זיינע אויערן אַ שאַרפער רויש; אַ פייפן פון מאַשינען האָט דורכגעבויערט, זיך איינגעשניטן אין דער לופט. ער איז אַריבער דאָס טויער און אַרויס פון צווישן די ביימער — אויפן אָפענעם פעלד. עס האָבן אים זיך אַנטקעגנ־געוויזן הויכע ראָבאָט־געשטאַלטן, וואָס האָבן זיך גערוקט איבערן טאָל — אויף אייזערנע רעדער. זיי זענען אויף אים אָנגעגאַנגען, נאָר זיי האָבן אים געמיטן. פון אויבן — גאַז־מאַסקעס; אין מיטן — טראַקטאָרן; און אונטן — גייענדיקע שאַרפן, ווי אייזערנע פאַרטעכער, אַראָפּגעלאָזט ביז דער ערד. זיי האָבן אים אַרומגערינגלט, ווי אים נישט געזען. זייערע פיס האָבן, זיך רוקנדיק, שטום געקרעכצט, מיטן שאַרפן אויפיאָמער פון אייזן.

אין אַלע זייטן פון דעם ריזיקן פעלד זענען טיף־אויסגעגראָבענע, אָן־וואָסערדיקע טייך־בעקנס — שוין געווען אָנגעפילט אין זייערע דנאָען מיטן זילבער־געפלייץ פון גופים; די געשטאַלטן אויף די טראַקטאָר־מאַשינען האָבן פאַמעלעך אין שורות, איינער נעבן אַנדערן — זיך גערוקט פאָרויס צו די ראַנדן. שווייגנדיק, האָבן זיי פון ברייטן פעלד, מיט די שאַרפן אונטן, געשטופּט די אָנגעהויפטע, זייי־צר־פוסנס, שיכטן. ש. האָט געזען, ווי קערפּערס ציטערן לייכט אויף, ווי וואַרעמע נאָך, ביים באַריר פון קאַלטן שטאָל, און באַלד גיבן זיי זיך אונטער — זיי שיטן זיך אַראָפּ אין די טיפע ראָוועס. פאַלנדיקע, פאַראַלטע, האַלב־זיצנדיקע און אויסגעצויגענע — פליִען זיי שנעל אין די טיפענישן.

ער האָט געקוקט, די שיכטן טיילן זיך שטיקערווייז אויס פון פעלד; רוקן זיך אָן און נידערן אַראָפּ; זיי זינקען אין די גריבער. עס זענען געלאָפן פאָרויס, ווי אויף די בייכער — בריסטיקע מאַמעס, אַוועק פון זייערע קינדער; דאַרע זקנים מיט נאָכ־הענגענדיקע אָרעמס — אָן זייערע אונטערלעגנערס; פאַרבלאָנדזשעטע, ווי בלינדע, קינדער; אַלטיטשקע באָבעס — אָן זייערע דערוואַקסענע אייניקלעך, וואָס פירן זיי. די מאַשינען רייסן אַזוי שטיקער נאָך שטיקער פון די שיכטן, און זיי לויפן, ווי אָנצור־קומען אונטן די ערשטע.

ש. האָט געזען, ווי זיי זינקען אין די גריבער; זיי יאָגן זיך, שפּרינגען איינער נאָך דעם אַנדערן; קלאַפּן זיך אָן אין קערפּערס און פאַלן צווישן פרעמדע. זיי נידערן, פאַרטאָן אין זיך, קוקן זיך נישט אום; זוכן זיך שטום אין געווירבל, און דערקענען זיך נישט. יעדער פאַרשווינדט אין אַ ווינקעלע. עס הילכט אָפּ דער געפּאַל. טייל, טויבע,

דערהערן אים נישט. זיי איילן זיך פֿאַרביי. אָפּגעזונדערטע — לאָזן זיך אין דער זייט, ביי די ווענט. אַנדערע וואַרפֿן זיך, ווי שווימערס, מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס, אויף פֿאָרויס; אַנפּיסיקע קאַליקעס זעצן זיך, ווי אויף פּאַדיומס.

ער האָט געזען די יונגע יינגלעך און מיידלעך, וואָס קייקלען זיך אַראָפּ, ווי פּייגל, געטויטע אין מיטן שלאָף; די דערוואַקסענע, וואָס שטראָמען, ווי געכאַפּטע קינדער, געפֿירטע פֿאַר די הענט.

ער האָט מיט אַ מאָל דערפֿילט, אונטן, אונטער זיי, איז געשפּרייט אַ גרויסער אָרעם, וואָס נעמט זיי אין זיך אַריין; דאָס איז דער אָרעם פֿון דער מאַמע ערד; זי זאַמלט זיי איין, וויקלט זייערע נאַקעטע קערפּערס אין זיך, און לייגט זייערע קעפּ — צו זייער לעצטער רו.

ש. האָט נישט געוווסט, וועמענס שליחים זענען זיי, די מעכאַנישע געשטאַלטן אויף די טראַקטאָרס, וואָס פֿירן דורך די גרויסע לוויה. ווער האָט זיי געשיקט אַהער? צי זענען זיי די טוערס פֿונעם ווילן פֿון די איינזאַמלערס, וואָס נעמען זיי אַריין אין דער שויס דאָ? אָדער פֿון די, וועלכע גיבן זיי אַרויס, ווילן זיי אָפּווישן פֿון זיך?

און מיט אַ מאָל איז אים געוווען קלאָר, אַז נישט די מענטשהייט האָט זיך דאָ פֿאַרזאַמלט אַרום דעם פֿעלד; זי האָט פּלוצעם דערזען איר אייגן פּנים, און קאָן נישט מער; זי וועט אַלץ אָפּשטעלן, און טעג און נעכט אונטערן לבנה־ליכט — וועט זי בלייבן אויסגעזעצט אַרום דעם טאָל, זוכן אַ וועג, ווי צו גיין ווייטער. ניין, נישט קיין טרויער־לוויה פֿירט זי, די מענטשהייט, דאָ דורך, ווי נאָך אַ טייל פֿון איר אייגענעם גוף; נישט פֿעלקער און לענדער, קינד און קייט, וועלן מיט געבויגענע קעפּ זי באַגלייטן, די לוויה. זי וועט זיי אויך נישט ברענגען צו קבורה דאָ, ווי מדינות — זייערע געפֿאַלענע זין — מיט מאַרשן און מוזיק־פּאַראַדן, צו זייער לעצטער רו.

ניין, אַ פֿאַרשווערונג ווערט דאָ דורכגעפֿירט, אַ בונד פֿון אָפּרוימען; פֿון פֿאַר־ווישן די שטילקייט פֿון דאַנען. שנעל, שנעל ווערט אַלץ פֿאַרבאָרגן אונטער דער ערד — עס זאָל מער נישט אויפֿשרייען דאָ — דאָס פֿאַרדעקטע בלוט.

אַ מורא איז אים באַפֿאַלן, ווער ווייסט, צי דאָס איז נישט דער בונד פֿון דער מענטשהייט, כדי זי זאָל קאָנען לעבן. ביז דאָס וועט נישט פֿאַרווישט ווערן — וועט זי נישט קאָנען אָנגיין ווייטער. זי מוז דאָס אָפּרוימען; און נישט בלויז זיי, נאָר אַלע, די געבליבענע פֿון דאַנען, די אָנגעשטעקטע. זי וועט זיי גרייכן ביזן לעצטן. אַנדערש, אַזוי לאַנג, ווי זיי וועלן זיין אויפֿן אייבערפֿלאַך — וועט זי נישט קאָנען עקזיסטירן. נאָר איבער אַלע זייערע פֿאַרדעקטע קברים וועט זי קאָנען לעבן.

די טראַקטאָרן אין גלייכע שורות האָבן אַלץ זיך גערוקט אַהין און צוריק איבער די קנאַקנדיקע גופֿים. זייערע שאַרפֿן אונטן האָבן אין יאָמער־געפּייף פֿון גליטשיקן אייזן, געשטופּט הויפֿנס נאָך הויפֿנס. די געשטאַלטן אין די מאַסקעס איבער זיי זענען וואָס אַ מאָל געוואָרן שטייפֿער, אומבאַוועגלעכער. אין די ראָוועס האָט זיך גענומען הייבן. די פֿעלדער זענען אָבער נישט געוואָרן שיטערער. אַ מאַגנעטיש ליכט איז איצט בליאַסקנדיק אויפֿגעגאַנגען פֿון די גופֿים און האָט זיך געשפּרייט, הויך איבערן טאָל.

ש. איז געשטאַנען אַ פּאַרבלענדטער, געוויקלט אין דער שיין. עס האָט אים באַנג געטאָן אויף דער שיידונג, וואָס לאָזט איבער זיי זיך אַראָפּ, טיילט זיי פאַנאַנדער. ער האָט געזען די פּנימער אין די ראַוועס אינעווייניק, אין די נידעריקערע שיכטן, וואָס אָט זענען זיי נאָך אָפן, און אָט, אין איין רגע, ווערן זיי פאַרדעקט. זיי פאַרשווינדן, שוין צום לעצטן מאָל, פון פאַר דער שיין; זיי ווערן פאַרכאַפּט אונטער די פריש־אַרויפגעשליידערטע אויף זיי פליצעס, קעפּ און הינטנס. פרישע גופים לייגן זיך איבער זיי שווער, דריקן זיי אַראָפּ. זיי וועלן פון אונטער זיי שוין קיין מאָל נישט אָפּער.

זיין בליק האָט אויפגעכאַפּט אונטן אַ פּנים — פאַרצעלייניק־בלוי, יונג און דורכ־זיכטיק. עס האָט אים צוגעצויגן אַן אויגנבליק, ווי אויף אייביק זיך צו קלאַמערן אין אים. דאָס לעבן איז פון דאַנען אַרויס לייכט און מילד. ער האָט עס געוואָלט דורכדרינגען, אין דעם זיך באַהעפטן, ווי פון שטענדיק אַן וואָלט עס געווען זיינס. ער האָט אויפ־געריסן די אויגן, אָבער — אָט איז עס שוין פאַרביי; ער איז געבליבן פון דעם אָפּגע־האַקט: אַ נייע כוואַליע גופים פון אויבן האָט עס שוין פאַרדעקט. עס טיילט זיך פאַר אים אויס אַ פריש פּנים — אַ מאַמע, ווי זיין מאַמע. וועמענס מאַמע? אירע פאַרגלייזטע אויגן ציִען אין דעם אויגנבליק צו זיין בליק; זיי האַלטן אים, ווי שטראַלן; לאָזן אים נישט אָפּרייסן. זיי רופן, ער זאָל זיי אַרומנעמען, אויסטיילן פון אַנדערע. ער דערפילט, אַז אַן דעם פּנים איז ער קיין מאָל נישט געווען; ער וועט מער פון דעם נישט קאָנען זיך שיידן. אויף אייביק איז זי אַריין אין אים. אָבער, אָט אַ פרישער אַראָפּשיט, און זי איז שוין פאַרשוווּמען אויף תמיד. אַן אויסגעשריי האָט פון אים איר זיך נאָכגעריסן, און איז אים געבליבן אָפּגעהאַקט. ער האָט זי פאַרלוירן.

באַלד איז אויך ער אַליין געווען פאַרוועבט אין זייער יאָגעניש פון רגעס. אָט שפּרייט אַ יונגער בחור, מיט אַ צעפלאַשעטער טשופרינע, זיין האַנט איבער דער דאַרער ברוסט פון אַ זקנה; אַ בלאָנד יינגעלע, פון דער זייט, קוקט אונטער מיטן שפּעלטל פון איין אויג; און אָט — אַ ווילע — אַ נייער שטראָם, און עס ווייזט זיך אַ רויט־האָריק יונג מיידל מיט שפּרענקעלעך אויף דער הויט. זי האָט זיך אַראָפּגע־גליטשט, ווי אַ פיש, מיט דעם קאָפּ אונטן, און די פיס אַרויף; די האָר צעלאָזט אויף פאַרויס. זיין בליק האָט זיך איר נאָכגעצויגן. אָט האָט זי זיך געגעבן פלינק אַ דריי איבער, ביים געפאַל. זי איז געבליבן ליגן — מיטן פּנים אַרויף, מיט צעשפּרייטע אָרעמס — אויפצונעמען, ווי זי וואָלט געוואָרט, גרייט. באַלד האָבן אַנדערע נאָך איר זיך נאָכגעטראָגן. אַ שוואַרצער ריז, מיט אַרומנעמענדיקע אָרעמס, איז אויף איר אָנגעפאַלן, מיטן פּנים אַראָפּ, און — פאַרפילט איר האַלבקייט — זי דעקנדיק מיט זיין צווייטער העלפט. זיי זענען געבליבן צוזאַמענגעשלאָסן אין איין גאַנצקייט.

באַלד האָט ער באַנומען, אַז זיי זענען נישט אין זייער אייגענעם רשות. עמעצער באַפעלט זיי. דאָס פירט ער אַן מיט זייער געשוועב. די אַלע געשלאָסענע פּנימער דאָ פאַלגן אים הכנעהדיק. דאָס שפּיל גייט אַן. ער סדרט זיי. עס האָט אַ זין. דאָס שפּרינגען זיי, ווי נאַכטוואַנדלער, לויט זיין ווילן. איינער נאָכן אַנדערן. זיי בייגן זיך, ציִען זיך און וויקלען זיך, די קערפּערס. זיי זענען פאַרוועבט אין אַ קרייז — זיי יאָגן זיך, דערנענטערן און דערווייטערן זיך צוריק, און זינקען יעדער אויף זיין אָרט. זיין פינגער דיריגירט דעם טאַנץ. אַלע פירן זיי אויס זיין באַפעל. פון אונטער אַ פרעמדן אָרעם האָט איצט אַפערגעשמייכלט אַן אויג; פון דער זייט האָט אַ שטייפער

ברוסט־וואָרצל זיך געשטופּט אַנטקעגן אַן אויער; אַ בחור האָט זיין אבער געלייגט פלאַטשיק, ווי אַ ווייזפינגער, אויף אַ האָריקן פוס; אַ זקן האָט אונטן באַהאַלטן זיין פּנים.

אַ טראַקטאָר האָט זיך דערנענטערט און אַ צווייטער זקן, מיט צוויי דאַרע פיס, האָט זיך גענומען יאָגן, פון אויבן אַראָפּ — נאָך צוויי יונגע מיידלעך, וואָס זענען געשווומען פאַר אים. ער האָט זיך פאַרטשעפּעט מיט די פיס ביים ראַנד אין דער הייך. דער גוף, מיטן קאָפּ און אָרעמס אויף פאָרויס — זענען אים אַראָפּגעהאַנגען, געשפּרייט גלייך צו זיי, אין דער טיף. דאָס מויל איז אים געבליבן אויפגעריסן — אין נאָכגעשריי. עס האָט זיך געהערט אַ פרישער טויב־שווערער אַראָפּפאַל, און ווידער האָבן זיך געפּלאָנטערט הענט, פיס, קעפּ און בייכער.

ש. האָט געוווסט, ער איז דאָ דער לעצטער באַגלייטער זייערער; דער איינציקער עדות פון זייער עלנט אויף דעם אַרום־אָפּגעמויערטן פעלד. אַ ווײַלע האָט ער מורא געקריגן, באַלד וועלן זיי אים איינזאַמלען אין זיך — דעם עדות פון זייער פאַרשעמונג. זיי וועלן אים מער נישט אַרויסלאָזן; ער איז איינער פון זיי. אַ רגע, רוקן זיך אָן די טראַקטאָרן אויף אים. ער וועט נישט באַווייזן פון זיך אַראָפּלאָזן די קליידער. זיי וועלן אים פאַרוויקלען מיט די אַנדערע נאַקעטע גופים. זיין אָטעם וועט פאַרשטאָפּט ווערן. באַלד וועט ער מיט אַלע זיך אַראָפּקאָלערן, מיט זיי זינקען אין דער טיפעניש. נאָך דעם וועט זי, די ערד, פון אויבן, אין דיקע שיכטן זיך שיטן איבער אים. אַ שוואַרצע, אַ פעטע, וועט זי אים שטייף איינוויקלען דאָס פּנים, נאָזלעכער, דעם האַלדז; זיך לייגן, אין הויכע וואַלן, איבער זיין בויך, ברוסט, און פיס — דעקן מיט זיך אים און זיי אַלע אונטן.

אַן אויגנבליק האָבן זיי זיך געגעבן אַ רוק אָן, די אָנגעזאַמלטע גופים. ער האָט דערפילט, זיי שטייגן, הייבן זיך אין הויפנס, און דריקן זיך אַרום אים. ער פאַרזינקט אין זיי, טיפער, טיפער — שוין ביזן האַלדז. ביינערדיקע פיס שטרעקן זיך און וויקלען זיך אַרום אים.

ער איז געשטאַנען איבער זיי, אויבן, איבער דעם ערד־אָנשיט, ביים ראַנד פון די ראָוועס. ער האָט געקוקט אַרום זיך, ווי ווייט איבערן טאָל. עס האָט אים געגלוסט, אין דער שטילקייט אויפצוזינגען אַ תפילה, וואָס זאָל צודעקן דאָס פעלד.

„את נשמת, די נשמות — פון" — — —

וועד זענט איר דאָ, איר אַלע מיינע ברידער, טאַטעס און שוועסטער; איר מיינע מאַמעס, זיידעס און קינדער?! וועד זענט איר געוועזן ביי אייער לעבן און ווער זענט איר אַצינד? וואָס שווייגן אַזוי פאַרביסן אייערע פאַרשפּיצטע גאָמבעס? קאָן נאָך ווער אַריינבלאָזן אַן אָטעם פון לעבן אין די אַלע פעלדער מיט אייער אַש?

ער האָט געוואָלט אויפזינגען, הויך און אַליין, אַן אַלט ליטורגיש געזאַנג — עס זאָל פליִיצן און זיך שפּרייטן איבער אַלע טאָלן.

ער האָט געוווסט, דאָס זינגט אין אים, נישט בלויז זייער פאַרלוירנקייט, נאָר זיין אייגענער עלנט — מער נישט צו אַנטרינען פון אים.

ער האָט געדענקט, ער וועט באַלד אַוועק פון דאַנען — אין ווייטע יאָרן אַריין.

ווי וועט ער נאָך קאָנען קומען אין שטובן, היימען; זען וואַקסן קינדער; באַשלאָפן ווייבער אין בעטן. אַלץ, אַלץ — האָט אויף אייביק פאַר אים זיך אויסגעלאָזט.

און ווי וועט ער אַליין נאָך קאָנען קומען צו אַ פרוי, ווען זי וועט דאָס אַלץ נישט וויסן?! אָפּנאַרן זי, שענדן זי מיט זיינע פינגער! ווי וועט זיין גוף נאָך באַהעפטן זיך, ווידער שאַפן לעבן, און ווי וועט זיין האַנט זיך נאָך לייגן איבערן קאָפּ פון אַ קינד.

ווי וועט ער נאָך קאָנען שטיין פאַר ריכטער און חכמים און פאַרנעמען קלוגע רייד; זיך לאָזן אַרומהילן פון געזעץ; ווי וועט ער קאָנען זיין נעבן אַנדערע, און ווי — אַנדערע נעבן אים.

ער האָט געוווּסט, ס׳איז אויס אויף אייביק. דאָס לעבן וועט אים מער נישט אַריינגעמען.

נישט אים, און נישט די אַלע, וועלכע זאַמלען זיך פון די וועגן.

ער איז ווידער אין לאָדזש. אויף די גאַסן איז ענגער. זיי שלעפּן נאָך אַלץ זיך אַהער פון די טאָלן, די רעשטלעך — אָן לייב אויף זייערע ביינער; בלויז מיט אָטעם אונטער דער הויט. זיי שאָקלען זיך אָפּ, ווי בעלי־חיים, אַרויסגעקראָכענע פון שטראָמען — אויפן אַנדערן ברעג. זיי גייען אַרום, ווי אין שפּיגלען. אינעווייניק, אַרום זיי, איז טאָל.

ער איז איצט געקומען אויף זייערע אסיפות. עס האָבן דאָ זיך באַוויזן נייע פּירער, אַרויסגעשפּראָצטע, ווי איבער נאַכט. נישט זין, אַראָפּגעפאַלענע פון איבער נעפּלען, זענען דאָס געווען, נאָר אויפגעגאַנגענע פון אונטערערדישע פייערן, פאַרדושעטע. עס טליִען אין זיי נאָך די קוילן פון ברען־אויוון. זיי האָבן זיך באַוויזן אויף די וועגן. מען האָט זיי דערקענט לויט די פלעמלעך, וואָס האָבן דורך זייערע אויגן אַרויסגעלויכטן, ווי פון פענצטערלעך. צו מאָל האָבן זיי, ווי רויך, זיך געוויקלט פון זייער מויל. טייל פון זיי — שטאַמלער — פון אויפּבריי אונטער דער צונג.

זייערע תלמידים זענען געלאָפן איבער די צימערן. מען האָט דערציילט, זיי שיטן אַש איבער די דילן. עס איז נאָך געווען גליִענדיק. מען האָט אין דעם נישט געקאָנט שטעלן די פיס. זיי אַליין זענען געווען אָפּגעזענגטע. זיי האָבן געטענהט, אַז די פאַרוויקלטע אין לאַנגן דרימל וועלן מער נישט אַרויס. עס וועט זיי גרייכן. מיט די פינגער האָבן זיי געפּויקט אין שויבן; גערופן אַרויס אין די גאַסן; גיין, נישט אָפּשטעלן זיך; וואַך זיין אין די לאַנגע נעכט.

אין די פאַרטאָגן האָבן זיי געקלאַפּט אין די טירן, נישט געלאָזט צוטאָן קיין אויג. זיי האָבן געטריבן אויף אסיפות אין פרעמדע זאַלן. נישט אום צו פאַרגעסן — האָבן זיי געוואָרנט — האָט מען אונדז געלאָזט, נאָר צו זיין עדות פון דעם, וואָס איז געווען; אונדזער תורה האָבן מיר גענומען — נישט אויף קיין באַרג, נאָר אין טאָל — כדי מיר זאָלן פון איר נישט אַרויס.

אומעטום, ווו זיי זענען געקומען, האָבן זיי געבראַכט מיט זיך דעם שאָטן פון די טאָלן; האָבן מיט אים פאַרוויקלט די טעג. פון טייל ערטער האָט מען זיי פאַרטריבן.

מענטשן זענען אַנטלאָפֿן פֿון די בעטן, ווען מען האָט געהערט זיי זיך דערנענטערן. זיי זענען אַריין אין אונדזער שלאָף, האָבן אונדז געיאָגט; אָנגעכאַפּט פֿאַר די העלדזער. שווערע האָבן מיר זיך אַראָפּגעקאָלערט צוזאַמען מיט זיי. זיי האָבן אין דעם שלאָף געוועקט אונדזערע פֿאַרשווונדענע נאָענטע. מיר האָבן זיי דערזען, זיך רייסן צו אונדז מיט אויסגעשטרעקטע הענט. אַלע מאַמעס פֿירן קינדער־וועגעלעך — עגלות. מען האָט זיך אויפֿגעכאַפּט באַגאָסענע מיט שווייס. די קולות האָבן נאָך געהילכט אין אונדזערע אויערן.

אין די נעכט, ווען אַלץ איז שווער געשלאָפֿן איבער דער שטאָט, האָבן איינצלנע שאָטנס דורכגעשלייכט די הייף. מען איז געגאַנגען איבער שטיגן, דורכגעאיילט פֿאַרביי פֿענצטער. די שטאָט איז אָנגעשטעקט געוואָרן מיט טריט. זיי האָבן אַריינגעווייעט דורך לאָדנס. שומרים אויף דעכער האָבן אין דער פֿינצטערניש זיך איינגעהערט, געקוקט צו די ווייטקייטן.

אינעווייניק, אויף די אסיפֿות, ביים ווייסן שיין פֿון די פֿלעמלעך, האָבן זיך געהערט דעות, אַז מען דאַרף אויסטאָן דאָ די פּנימער, לאָזן זיי אין די קעלערן, און אין די נעכט זיך איינבויערן אין דער ערד, גראָבן ווייטע טונעלן אונטער די פֿונדאַמענטן אויף וועלכע די שטאָט איז גרונטגעפֿעסטיקט, און שפּעטער אַרויס, אַלע, אין געבויגענע שמאָלע שורות, דורך די אונטערוועגן; מיר וועלן זיך לאָזן איבער די פֿעלדער צוריק אין די אַלטע שטעט, אַריינמישן זיך דאָרט צווישן זיי, מען זאָל אונדז מער נישט אַרויסזען. און אפֿשר גאָר אויסדעמפֿן, ווערן ווינט. זיי וועלן נאָך אונדז זיך יאָגן און קיין מאָל מער נישט געפֿינען.

געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז אויב פֿאַרשווינדן פֿון דאַנען — איז נישט ווי מייז אונטער דער ערד; פֿאַרקערט, מען דאַרף אויפֿהייבן זיך, ווי פֿייגל, הויך אונטער די הימלען, און אויבן, ווו קיינער קאָן נישט גרייכן, אַוועקפֿלאַטערן אַלע ווייט, איבער ימים; בלייבן דאָרט זיצן שטיל, מיט איינגעצויגענע פֿליגל; נישט זינגען. קיינער זאָל מער אונדז נישט הערן.

אַנדערע האָבן זיך דערשראָקן פֿאַר פֿאַרשווינדן, ווי קראַנקע פֿייגל. זיי האָבן דערפֿילט אין זיך די פֿאַרשעמונג. אויב אַריין אין בויך פֿון דער וועלט, האָבן זיי געזאָגט, איז נישט כדי דאָרט צו זיצן שטיל, נאָר אויסצופּיקן אירע געדערעם, און אפֿשר אַרויסשרייען פֿון דער פֿינצטערניש; אויפֿרייסן זי פֿון אינעווייניק; צעטרייסלען אירע זיילן, אָדער גאָר אונטערצינדן זיך אַליין אין איר; ווי דינאַמיט צעשפּרינגען צוזאַמען.

מען האָט אויף ס'ניי דערשפּירט אין זיך דעם שניט. ער האָט געברענט אינע־ווייניק, נישט צום פֿאַרהיילן. מען וועט ווייט מיט אים נישט דערלויפֿן. די יונגע האָבן געפּרוּווט אים אויסשניידן פֿון זיך, אויסברענען. עס האָט זיי געיאָגט מיט אים אין זיך.

די עדה האָט איצט געוואָלט לויפֿן אין די ווייטקייטן ביז צום פֿאַלן; זיך פֿאַר־שפּרייטן איבער די לענדער, אויסזוכן די, וואָס האָבן זיי געצייכנט; אַרויסציִען זיי אין די נעכט פֿון די בעטן; פֿאַרלעשן זיי ביז דעם לעצטן און נישט אומקערן זיך מער. מען האָט געשמועסט, טייל זענען שוין אַוועק אין די וועגן.

די עלטערע האָבן געוווּסט, אַז מען טאָר נישט אויסטאָן די אייגענע פּנימער — אַפֿילו אויף אַן אויגנבליק נישט. זיי פּאַסן זיך מער נישט אַרויף. מען בלייבט אַן זיי.

זיי האָבן געטענהט, אַז מען דאַרף פון זיי בלויז אָפּווישן דעם שטויב און טראָגן זיי ווייטער אויף זיך, ווי מאַסקעס, ביז זיי וועלן זיך איינוואַקסן. מען מוז — האָבן זיי געזאָגט — אַריבערהיפּערן איבער די טאָלן, שפּרייזן צוריק צום אַמאָל, און אויך אויספּילן די שניטן — אויף נישט צום דערקענען. נאָך מער, דורך אַריין אין די חורבות — האָבן זיי געלערנט — פֿאַרבינדן מיר זיך ווידער מיט די פֿאַרשניטענע אין די טאָלן. זיי האָבן גערופן, פֿאַרמאַכן די אויגן און גיין, מיט כוח, שלאָגן אונטער זיך אויף ס׳נייַ וואָרצלען.

די שאַטנס פון די וועקערס האָבן די גאַנצע צייט אומרויִק זיך באַוועגט איבער די ווענט. זיי האָבן נאָך דעם גערעדט שטיל. זיי האָבן געוואָרנט די אסיפה, אַז די געזאָלבטע פון די טאָלן קאָנען מער נישט צוריקקערן. זיי טאָרן נישט אַנטלויפן פון זייער שליחות. דערצו זענען זיי דאָרט געצייכנט געוואָרן. זיי מוזן קומען אין ווייטע שטעט, אויפצווינגען זייער געפּרוווטקייט אויף זיי, אויסשרייען זי אין די גאַסן.

זיי האָבן געגלייבט, אַז די בשורה פון די טאָלן וועט צעטרייסלען די יסודות פון די ווייטע לענדער: זייערע שטולן וועלן אויפציטערן. זיי וועלן רופן אַ טרויער איבער זיך. געבויגענע וועלן זיי זיצן איבער דער ערד און דערפילן די סכנה פאַר זייער אייגענעם קיום — ווי דער מין פון מענטש.

זיי האָבן גערופן צו פּראָקלאַמירן זיך אַלס אַ רעפּובליק, צעשפּרייט איבער דער ערד; אַ רעפּובליק פון פּריסטער, פֿאַרמשפּטע, מיט דער לערע, אַרויסגעטראָגן פון די טאָלן. די בירגער פון איר וועלן זיך דערקענען לויט דעם „הבל״־צייכן אויף זייערע שטערנס. זיי וועלן אייביק זיין באַלויכטן מיטן גענאָד פון זייער פֿאַרמשפּטקייט.

מיט אַ מאָל האָט זיך געהערט אַן אָפּגעהאַקט געלעכטער פון דער טיר. עמעצער, וואָס האָט נאָר וואָס געגרייכט פון דאָרטן, האָט איבערגעגעבן, אַז די ווייטע טאָרן גאָר דערפון זיך נישט דערוויסן. מיר מוזן אים, דעם סוד פון די טאָלן, היטן. אַנדערש — וועלן יענע לערנען אַ פֿאַרקערטע לערע; און נישט כדי אָפּצוזונדערן די באַדראָער, צו ווייכן פון זיי און איינצופירן גאָטס געזעצן ווידער איבער דער ערד — וועלן זיי זיך פֿאַרזאַמלען. ניין, זיי וועלן גאָר דערשמעקן דעם ריח פון אונדזער בלוט, אַז עס איז קיל. זיי וועלן לערנען פון יענע דעם סוד פון אונדזער לויזקייט אין ווינט; אַז מיר זענען אָפּגעריסן פון דער ערד.

פון יאוש האָבן טייל געמיינט, אַז עס איז געקומען דער סוף פון די טעג. זיי האָבן געוואָלט זיך נעמען בויען אַ טורעם אַרויף צו די וואָלקנס; זיך פֿאַרבאַריקאַדירן אין אים; איבערוואַרטן מער ווי אַ דור, ביז אַרום וועלן זיך אויסלאָזן די אַלע, וואָס האָבן אונדז געזען, אין אונדזער פֿאַרלענדונג.

אַנדערע האָבן געגלייבט, אַז פון דעם טורעם אַרויס וועט שפּעטער אויף ס׳נייַ אויפגיין איין שפּראַך פאַר די מענטשן. דאָ וועט זי געפֿאַרעמט ווערן. פון דאַנען וועט מען צעשיקן שליחים צו די קראַנקע פעלקער — נישט צו משפּטן זיי, נאָר כדי מיט רחמנות זיי צו היילן, ווי פֿאַרזינדיקטע, גרויסע יינגלעך.

די ערשט־געקומענע פון ווייט האָבן ווידער געלאַכט: די קרבנות זאָלן מיט זייער רחמנות אָנשטעקן די רוצחים?! ניין, אייביק וועלן מיט רחמנות זיך אַרומדרייען נאָר די שעפּסן! די וועלף וועלן ווייטער שמעקן נאָך פֿאַרציקונג.

די אסיפה האָט נישט געקאָנט זיך צוזאַמענרעדן. זי האָט פאַרלוירן איר — איין לשון פאַר אַלע.

אין די לאַנגע נעכט האָבן די געבליבענע מורא געהאַט איינצושלאָפן, אָפּגע־זונדערט אין די שטובן, הינטער אַרומגעמענדיקע ווענט. אין דער פאַרמאַכטקייט האָט זיי אויסגעפעלט אָטעם. זיי זענען אַרויס אין די אָפענע הייף, הינטער די אסיפות. מען האָט געוואַרט אויף איין וואָרט — עס זאָל קומען, צו לאָזן זיך דורך דעם פּירן. אויף די דעכער האָבן די שומרים פאַרנומען דעם רויש פון דער נאַכט, וואָס טראָגט זיך אָן. מען האָט אַראָפּגעפוילן צו דער אסיפה, שטיל איבערצוואַרטן, ביז עס וועט דורכ־ציִען. עס איז געווען שטיל.

און ווען עס זענען מער שוין נישט געווען קיין ווערטער — זענען די ווענט אינעווייניק, אויף דער אסיפה, פּלוצעם אַרומגענומען געוואָרן פון אַ רעיון, וואָס מען האָט זיך געכאַפּט, אַז ער איז גאָרנישט ניי; ער איז נאָך געבוירן געוואָרן פאַר די טאָלן; אין די גריבער האָט מען געשווירן איבער אים. ער האָט איצט דאָ, ווי פון זיך אַליין, זיך געשפּרייט אַרויף צום באַלקן. קיינער האָט אים נישט אַרויסגערעדט, נאָר יעדער האָט אים באַנומען אין זיך. ער האָט זיך געשטעלט פאַר די אויגן, ווי אַ צוואה, געקריצט אין דער לופט; איז געבליבן אָפּגעדעקט.

באַלד האָט ער זיך געהויבן, און איז געבליבן הענגען איבער די קעפּ, ווי אַ באַרג. ער האָט צוגעדעקט די אסיפה. מען האָט געוווּסט, אַז מען מוז אים אָנעמען. אַנדערש — וועט מען מער פון אונטער אים נישט אַרויס. מען האָט געוווּסט, דאָס איז ער, דער אייגענער באַרג. מען האָט אים דערקענט. אונטער אים איז מען ווידער מיט זיך. מען קאָן אונטער אים גיין; פריי אויפמאַרשירן.

באַלד איז ער אויפגעגאַנגען, האָט זיך געשפּרייט, דער רעיון. מען האָט געוווּסט, דאָס וועט זיין אַ מאַרש אין די ווייטקייטן, איבער בערגער און טאָלן, איבער זומערס און ווינטערס, אַ מאַרש צו זיך אַליין — צו דער אייגענער רעפּובליק. זי ליגט איבער מדבריות און ימים. מען האָט אים איצט דערזען, דעם מאַרש; דערשפּירט זיין ריטמישן גאַנג. ער איז דאָ פאַרביי איבער די לאַנגע טישן. דאָס איז געווען אַ גאַנג פון קינד און קייט, פון מאַן און ווייב, וואָס ציט זיך — אָן אויפהער. איינגעקוקטע האָט מען פאַרנומען זיין עכאָ, זיין אָפּקלאַנג. ער האָט זיך געזעצט אין די אייגענע פּיס.

די ליכט זענען געהאַט אויסגעגאַנגען און די שטילקייט האָט אָנגעהאַלטן. איינער פון די אויפגעקומענע פירער איז אויסגעוואַקסן. מען האָט אים נישט געזען, נאָר דער גלאַנץ פון זיינע אויגן האָט אין דער פינצטער זיך איינגעשניטן ווי טליִענדיקע פונקען. ער האָט גערעדט שטיל, געלאַסן, ווי געציילט יעדעס וואָרט; די רייד האָבן אין רויק אים זיך געוויקלט פון מויל אַרויס. „אַ רעפּובליק פון געקומענע פון טאָלן — האָט ער געזאָגט — ווו איז פאַראַן נאָך אַזאַ איינע!? מיר וועלן אין איר געשיצט זיין: פון אויסנווייניק — פון דער זון און דורשט; פון אַן ערד, וואָס וועט ברענען די טריט; און פון אינעווייניק — פון דער דורכגעברענטקייט, וואָס מיר טראָגן מיט זיך. אויף אירע יסודות וועלן מיר זי בויען, אונדזער רעפּובליק. דער „הבל"־צייכן וועט פלאַטערן איבער אונדזער שטערן, ווי איבער פענער. ער וועט אָפּשרעקן פרעמדע פון דער־נענטערן זיך".

ער איז שטיל געוואָרן. זיינע אויגן האָבן אין דער פינצטער זיך באַוועגט איבער די פּנימער אַרום, זיי באַלויכטן. באַלד האָבן זיי זיך איינגעלאָשן. מען האָט געקאָנט טאַפּן די חשכות. די שווייגעניש האָט איינגעליוועט. טייל האָבן געוואָלט אויפשרייען פון זיך אַרויס, שרייען באַנומען אין חלל אַריין. זיי האָבן נישט געקאָנט. זיי האָבן געפילט, די שטולן פון אונטן, מיט זיי אַליין, זינקען אַראָפּ. זיי האָבן מורא געהאַט, זי זאָל נישט לאָזן, די שטילקייט, צערינען. זיי האָבן זי געוואָלט איינהאַלטן. מיט אַ מאָל האָט מען געהערט אַ שטימע, ווי אַ ווינט. זי איז געקומען פון הינטן, ווי פון די לעצטע בענק; זי איז פאַרביי די שורות; האָט זיך געטאָפּלט; נישט ווי איין שטימע וואָלט דאָס געווען, נאָר אַ סך, אַ סך, אויסגעמישטע — דיקערע, באַגלייט פון דינערע קולות. אַלע צוזאַמען האָבן זיי געפרעגט:

— און וואָס וועט זיין מיט אונדז? איר וועט אונדז נישט מיטנעמען? ווו לאָזט איר אונדז דאָ אַליין, אָנעם אָפּהילך פון אייערע פיס איבער אונדז?

מען האָט געהערט יעדעס וואָרט באַזונדער — אויך נאָך דעם ווי דאָס קול איז געוואָרן אָפּגעהאַקט. מען איז נישט געווען זיכער, צי עס איז געקומען פון דרויסן, אָדער האָט מען עס פאַרנומען אין זיך. מען האָט נישט געוווּסט, צי אויך צו די אַנדערע אַרום איז דאָס דערגאַנגען.

ווי נישט איבערצורייסן דעם אָטעם, האָט דער פירער ווידער זיך אויפגעשטעלט — שנעל ווי צו אַריבער איבער דעם. ער איז אָנגעגאַנגען מיט זיין געדאַנק:

— אַ בלייענער צודעק וועט הענגען איבער איר, אונדזער רעפּובליק. אונדזערע קינדער אין איר וועלן מיר געבוירן נפילים; ריזן וועלן זיי וואַקסן. קיין פייער וועט זיי נישט בריִען, און קיין בליי וועט זייער לייב נישט דורכלעכערן. נישט מענטשן־טעכטער פאַר ווייבער וועלן זיי נעמען, נאָר טאָל־טעכטער, אויסגעבריטע פון די פייערדיקע שויסן. מיר וועלן זיי געבוירן מיט נעגל, ציין און מיט שטעכיקע האָר; זקנים — מיט אונדזערע געפּרוווטקייטן אין זיך. זיי וועלן היטן אונדזערע גרענעצן ביז אין די וויטקייטן, ווען מען וועט אין אונדז פאַרגעסן.

די אסיפה איז ווידער געזעסן פאַרוויקלט אין דעם חלום. ער האָט זיי אַרומגעהילט, פאַרמאַכט זייערע אויגן. זיי האָבן אין אים געשמייכלט. זיי האָבן זיך דערפילט דאָרט ווייט, אין דעם לאַנד פון דער רעפּובליק. עס איז זיי שווער געווען אויפצושטיין פון די ערטער. עס האָט אין זיי בלויז געטליִעט דער באַדויערן פאַר די, וואָס מוזן דאָ בלייבן, מען וועט זיי לאָזן הינטער זיך.

— פאַר וואָס — האָבן זיי געפרעגט — זאָלן מיר נישט אָפּרייניקן די שטחים דאָ פון אונדזערע מתים. מיר וועלן זיי אַרויספּלאָסטערן פון די וועגן און פעלדער, פון די בערג און טאָלן, און זיי טראָגן מיט אונדז, ביז אַהין. דאָרט וועלן מיר זיי לייגן אונטער אונדז. זיי וועלן אונדז שיצן פון אונטן — פאַר די טיפענישן, און אויך אַרום — די וועגן. קיינער וועט איבער זיי צו אונדז נישט קאָנען גרייכן.

באַלד האָבן זיי דערשפּירט, אַז מיטן אַרויסוואָרצלען זייערע מתים — בלייבן דאָ יענע, די פירער פון די טאָלן — מיט אַ ריינער ערד אונטער זיך, אַן ערד מיט אַ לייב־טקייט פון די ערשטע טעג, פון בראשית. זיי וועלן דאָ אומשולדיק, ווי קינדער, קאָנען

שטעקן אין איר זייערע באַרוועסע טריט. פאַר זיי וועט אַלץ דאָ זיך אָנהייבן פון דאָס ניי.

דער פירער האָט געזען, די פרייד טוט זיך אָפּ פון דער אסיפה. אַ טרויער נעמט זיי אַרום. זייערע שטולן שווערן אַראָפּ צום דיל.

— מען קאָן זיי, אונדזערע מתים, פון דאַנען נישט אַרויסנעמען, האָט ער געזאָגט, ווייל — מיטנעמענדיק זייער אַש און שטויב, וואָלטן מיר די גאַנצע ערד פון דאַנען אוועקגענומען. זיי דאָ וואָלטן געבליבן אין דער לופט — מיט זייערע הייזער און טריט. זיי וואָלטן פאַרזונקען. מיר קאָנען נישט בלייבן אַליין. אַ וועלט בלויז פון קרבנות — קאָן קיין קיום נישט האָבן.

ער האָט זיי איינגענומען מיט ווערטער. זיי זענען איצט געזעסן פאַרכאַפּט; איינ־געהערטע, ווי קליינע קינדער.

— אַליין, אָן אונדזערע מתים, וועלן מיר אויפשטייגן. מיר וועלן מאַרשירן איבער לאַנגע וועגן, געפלאָסטערטע מיט זייערע ביינער. זיי וועלן מיר לאָזן הינטער זיך.

— און וואָס וועט זיין מיט זיי אַלע, וואָס זיצן אין אונדזערע הייזער — האָט עמעצער געפרעגט — ווי קאָנען מיר זיי לאָזן אַליין?

מען האָט זיי איצט דערזען, יענע, וואָס לויערן אויף די וועגן, ווי זיי בלייבן דאָ איבער מיט אַראָפּגעלאָזטע לאַנגע הענט. מיר זענען פאַרשוווּנדן פון אונטער זייערע אויגן. זיי דרייען זיך מיט זייערע העק — פאַרטריקנט די שאַרפן. זיי פאָכען מיט די מעסערס אין דער ליידיקייט. זיי זוכן און געפינען אונדז נישט. זיי קאָנען אָן אונדז נישט לעבן.

— וואָס וועט זיין מיט זיי? — האָט ער ווייטער געפרעגט.

עס האָט זיך דערוועקט אַ מורא, אַז פון בענקשאַפט און אומעט קאָנען זיי נאָך אַראָפּ פון זינען. זיי וועלן זיך יאָגן נאָך אונדז; און אפשר וועלן זיי דערנאָך גאָר זיך וואַרפן איינער אויפן אַנדערן; זיי וועלן אַזוי לאַנג זיך שטיקן, ביז עס וועט פון זיי אַליין אַרויס אַ דור אייגענע טאָל־נידערער.

— מיר וועלן זיי, אונדזערע מתים, אַליין דאָ נישט לאָזן! — האָט ווידער זיך געהערט אַ שטימע.

— אָן זיי זענען מיר נאַקעט, ווי ביים געבוירן! — האָט עמעצער צוגעגעבן.

— מיר מוזן זיי נעמען מיט זיך, מיט זיי זיך אַרומהילן! — האָט אַ קול אַריבער־גערופן.

— זייערע לויערער וועלן נאָך קומען צו קבורה אין זיי! — האָט אַ פרישער געזאָגט.

דאָס פלעמל אין דעם פירערס אויגן האָט אַ בליץ געטאָן. ער האָט ווידער גענומען דאָס וואָרט. דאָס מאָל — שוין וואָרענענדיק:

— און די פון אייך, וואָס ווילן נישט גיין; וואָס ווילן דאָ זיך אָוועקשטעלן, גראָבן די שיכטן — אייך וויל איך זאָגן: אַלע זאַמדן דאָ זענען זייער שטויב; אַלע שטיינדלעך — זייערע ביינער. אייביקייטן וועט איר דאַרפן גראָבן די בערג — שיכט אונטער שיכט — ביז איר וועט אַליין זיך צעפאַלן; אייערע ביינער וועלן צושיטן זיך צו זייערע. פרעמדע וועלן איבער אייך טרעטן — — —

— פרעמדע וועלן איבער זיי טרעטן! — האָט די עדה זיך צעקלאָגט — מיר ווילן נישט גיין. איבער זיי ווילן מיר בלייבן. מיר ווילן נישט.

— איר מוזט! — האָט ער שטיל געזאָגט.

און כדי אויף ס'ניי זיי איינצונעמען ווי קינדער, האָט ער צוגעגעבן:

— די גאַנצע ערד, אומעטום איז פון מתים־שטויב — מענטשן זאָלן קאָנען גיין איבער איר; און אום זיכערער, העכער, צו גיין — שפּרייטן זיי אונטער זיך אַלע מאָל נייע שיכטן. אויך אונדזער רעפּובליק איז געבויט אויף די שטויב־שיכטן פון אונדזערע אבות.

ער האָט אַליין זיך צעלאַכט מיט אַ הויך געלעכטער, וואָס האָט לאַנג זיך געקאָלערט ביז אַרויס אין דרויסן. עס האָט אויסגעזען, אין אים אַליין לעשט אַלץ זיך איין.

מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ שטימע. עמעצער האָט אַ פרעג געטאָן:

— פירן דאָך אַלע וועגן, אויך דורך דער רעפּובליק, צוריק צום טאָל!

יעדער האָט דערשפּירט די פראַגע אין זיך. זי האָט אין דער שטילקייט אים זיך אַראָפּגעגליטשט ביזן דנאָ. קיינער האָט אויף איר נישט געענטפערט.

עס איז שוין געווען טאָג אין דרויסן. מען האָט זיך דערמאָנט אין די שטאָפּעטן, וואָס האָבן זיך געהאַט אַרויסגעלאָזט צוזאַמען מיט ש. מען האָט געוואָלט הערן פון זיי. מען האָט זיך געכאַפּט, אַ לאַנגע צייט איז שוין פאַרגאַנגען. קיינער פון זיי האָט זיך נישט צוריקגעקערט. זיי זענען נישטאָ. די שטאָט האָט זיך אויפגעהויבן פון די געלעגערס, אַ מידע. מען האָט געוואָלט שיקן שליחים, זיי זוכן. אָן אויג, נידעריק איבער דער ערד, האָט זיי נאָכגעקוקט. עס איז געווען אַ פול אויג — בלויז ווייסל מיט שוואַרץ־אַפּל, אָן ווי־עס אַרום זיך. זיי האָבן געוואָלט אַריין, זיך באַהאַלטן צווישן מענטשן, מער נישט אַרויס פון די אסיפות. אָבער אויך אין די געדיכטע זאַלן, צווישן די המונים, האָט דאָס ליידיקע אויג זיי אויסגעטיילט, געקוקט צו זיי.

די אויפגעכאַפּטע פון שלאָף האָבן אָנגעפילט די גאַסן, האָבן זיך געזוכט איינער דעם אַנדערן. די בשורה וועגן דער רעפּובליק האָט פאַר טאָג זיי אַרויסגעטריבן פון די שטובן. זייערע טריט זענען געוואָרן געשפּאַנטער, ביז אַרויף די קני. זיי האָבן מאַרשירט, ווי אונטערן טאַקט פון אַ ניגון אין די פיס. מען האָט זי געזוכט אין די הייף, די אסיפה. מיטן אויפבלויען פון טאָג, איז זי אָבער מער נישט געווען. מען האָט נישט געפונען אירע שפּורן. טייל האָבן געמיינט, אַז דאָס זענען געווען נאַכט־זעונגען, וואָס דער פחד מאַכט זיי בולט, זיי צערינען מיטן טאָגליכט. זיי האָבן איצט זיך געשעמט דערפון צו רעדן. אַנדערע האָבן דערשפּירט אין זיך דעם נייעם כוח, וואָס וועט זיי וואַרפן איבער ימים. מען האָט אַרויסגעלאָזט אַ קול, אַז אַ סך פון די פאַרלוירענע משפחות אין די טאָלן, דרייען זיך צווישן אונדז. עמעצער האָט זיי געזען. מען איז געלאָפן צו די ווענט, צו די מויערן פון דער שטאָט. מען איז פאַר זיי שטיין געבליבן. מען האָט געוווסט, אויך זיי, די מיליאָנען פאַרבליבענע אויף די פעלדער, געפינען זיך נישט זייער רו. זיי שוועבן אין חלל. אין שלאָף האָט מען געשפּירט זייער באַריר. געפּענטעטע האָבן מיר צוזאַמען מיט זיי זיך געקאָלערט אַראָפּ, אַראָפּ. מיר האָבן זיי געהאַט געשווירן, נישט צו פאַרגעסן. אין די טעג האָבן מיר קיין צייט נישט געהאַט. מיר זענען געווען פאַרנומען.

אין די שטובן, אויף דילן, צווישן געוויקלטע פעקלעך, זענען געזעסן די פון אונדז, וואָס האָבן זיך געלאָזט אין די וועגן אַריין, געפּרוּווט זיך דורכרייסן. זיי האָבן כמעט אַלע צוריקגעקערט. זייער געוויין האָט — מינוטן זיך געצויגן אַרויס, אין חלל אַריין — צו יענע, זייערע אָפּגעהאַקטע נאָענטע; און מינוטן — קורץ אין זיך אַריין, ווי זיי וואָלטן באַקלאָגט שוין זיך אַליין, זייער אייגן פאַרשווינדן.

קיינער האָט נישט געהערט.

זיי האָבן געוווּסט, יעדער פון זיי איז געבוירן אויף אַ פעלדז. זייערע נאָענטסטע וועלן ווייטער אויך צום חלום זיי נישט קומען.

אין יענע שעהען איז לייבל, אַ נאַקעטער, געשטאַנען אויף אַלע פיר, אויפן דיל אין זיין צימער. דער קערפּער — דאַר, בלייך, בלויז אַן אַן עק פון הינטן אַרויס. ער איז געווען, ווי אָפּגעהאַקט. פּראָפעסאָר ראַפּיפּאָרט מיט זיינע צוויי אַסיסטענטן, אין ווייסע פאַרטעכער, האָבן זיך געדרייט אַרום און אַרום דעם ליידיקן טיש, אין מיטן צימער, און געמאָסטן די לענג פון זיינע גלאַטע ברעטער. דער דאָקטער האָט אים באַפוילן אַרויפקריכן, זיך לייגן מיטן קאָפּ אַרויף, זיך אויסציִען לאַנג אויפן טיש — מיט די פיס ביזן צווייטן עק. איצט, טיף איינאָטעמענ, נישט אַרויסלאָזן די לופט; האַלטן דעם גוף פלאַטשיק, איינגעצויגן, ווי אַ ברעט. לייבל איז געלעגן, מיט די אויגן צום סופיט, דער קערפּער מיטן בויך — געשפּאַנט אין זיך. אויף דעם קאָפּ — נידעריק אַראָפּגעלאָזט. ער האָט געפילט, ווי להכעיס, ווייל דאָס נאַקעטע אבר איצט זיך נישט איינלייגן. ער קאָן עס נישט פאַרשטעלן מיט די אַראָפּגעלאָזטע הענט. פון אַלע אברים איז דאָס תמיד פאַרבאָרגן — אָן ליכט. דאָס איז איצט ביי אים דער איינציק־שפּירעוודיקער טייל פון גוף. די צוויי אַסיסטענטן הינטער פּראָפעסאָר ראַפּיפּאָרט האָבן נישט באַוועגט זייערע פּנימער. אויף דעם פּראָפעסאָרס פּנים איז געווען, ווי פון ראָזער גומי. איין דאָקטער האָט איצט געמישט אין אַ גרויסער שיסל אַ ווייסע בלעזלדיקע פליסיקייט. עס האָט פון איר געזעצט אַ הייסע פּאַרע. לייבל האָט אַלץ נישט געקאָנט אַראָפּנידערן די בולטקייט פון אבר. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז דאָס וועקן זיך אין אים די ווייטערדיקע דורות. זיי זענען וואַך אין די מינוטן, נישט איינגעלאָשן צו ווערן אין איינעם מיט אים. מען האָט אים באַפוילן, זיך אויסדרייען, ליגן מיטן פּנים און בויך אַראָפּ; די גאָמבע אָנשפּאַרן האַרט איבערן ראַנד פון טיש, צודריקן זי פעסט. דער פּראָפעסאָר אין ווייסן איז געשטאַנען איבער אים צוקאָפּנס; האָט מיטביידע הענט אים אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ. צופוסנס, ביים צווייטן טישראַנד, האָבן די צוויי אַסיסטענטן געצויגן צו זיך זיינע פיס — די געשפּאַנטע פינגער — אַראָפּ, איבערן עק. אויף פאָרנט האָט די גאָמבע אים איצט זיך אַראָפּגעלאָזט, ווי אַ קלאַמער, איבערן טישראַנד. פון ביידע זייטן ברייט פונעם טיש זענען זיינע הענט געהאנגען, ווי אַראָפּפאַלנדיקע פליגל. ער האָט איצט דערשפּירט, ווי דאָס האַרץ קלאַפּט אים אָפּ נאָענט אין דער האַרטקייט פון די טיש־ברעטער, אונטער זיך. בלויז די אויערן זענען אים איצט אָפּגעשטאַנען פון ביידע זייטן, איינגעהערטע אין יעדן שאָרך. באַלד האָט מען געשפּרייט איבער אים אין דער לענג אַ ווייסע וואָל־נעץ. פון ביידע זייטן האָט מען זי אָפּגעצויגן. זי האָט מיט אַ ווייכן באַריר, אים איבערגעדעקט דעם קאָפּ, די פּלייצע, ביז די פיס. איבער איר האָט מען אַרויפגעטאָן, פון קאַרק ביז איבערן רוקן, אַ לאַנגן שמאָלן שטאַנג, ווי אַן אייזערנער

ביין. אַ ווײַלע איז די קילקייט פֿון אײַזן אים דורך מיט אַ דינעם שווידער לענגאויס דעם גוף. באַלד האָט ער דערשפּירט די היץ פֿון דער פֿליסיקייט אין דער שיסל, וואָס גיסט זיך איבער דער קילקייט, און לעשט זי. זי שפּרייט זיך איבער דער פּלייצע; גליטשט זיך, הילט אים אַרום די זײַטן. די דרײַ דאָקטוירים האָבן דעם ווײַסן גיפּס געגאָסן איבער דעם רוקן, קאַרק, איבערן קאָפּ, און ווידער נידעריקער אַראָפּצו פֿון גוף; איבער דער ברייט און לענג פֿונעם וואָל. צו ערשט האָט די געדיכטע פֿליסיקייט אים גרינג אַרומגענומען. זי האָט פֿאַרדעקט זײַן נאַקעטקייט אויבן, ווי אַ וואַרעם דרײַפֿערטלדיק העמד. בלויז נידעריקער האָט מען אַרויסגעזען די געבערגלטקייט, ווי בײַ אַ קינד. באַלד אָבער האָט זיך דאָס גיסן געלייגט איבער אים שווערער. דער אײַזערנער שטאַנג איז אונטער דעם געשפּאַנט געוואָרן, ווי אַ נײַער רוקנביין, וואָס לאָזט זיך אים אַרײַן אין גוף; האָט אים אײַנגעצוויגן די זײַטן, מיט דעם אַרומנעמענדיקן גיפּס. לייבל האָט איצט געשפּירט, אַז אויך דער קאָפּ איז אים פֿאַרנומען און אַראָפּגעזעצט. ער קאָן אים נישט אויפֿהייבן. אַ בלייען היטל פּרעסט אים אויף אונטן, האַרט צו די ברעטער — די קינבאַקן מיט דער גאָמבע. ער קאָן מער נישט עפֿענען דאָס מויל; די ציין זענען אים פֿאַרקלאַפּט. בלויז די נאָזלעכער אָטעמען טיף אין דעם טישברעג. זײַנע אויגן האָבן געזען, אונטן, אויפֿן דיל, שוועבן כּסדר פֿאַרבײַ הויזן מיט די פֿיס פֿון די דאָקטוירים, ווי זיי וואָלטן געטאַנצט אַרום טיש. ער איז געלעגן פֿאַרשוויגן און אײַנ־געזאַפּט די אונטערטעניקייט. די שווער־איבערגעדעקטע אָרעמס זענען אים מאַכטלאָז אַראָפּגעהאָנגען. עס האָט אים געדאַכט, עס קיצלט אים די הויט, אונטער דער נעץ; ער דאַרף אַ ווײַלע זיך אַ קראַץ־געבן די רעכטע ריפּ. באַלד איז דאָס געוואָרן אַ זיסע סוועגדזשעניש, וואָס האָט גענומען זיך שפּרייטן איבער דער פּלייצע, אין די זײַטן. זי האָט דין־וואָרעם זיך אײַנגעשטאָכן און געלאָפֿן פֿון אָרט צו אָרט. די הענט זענען אים אָבער געהאַנגען געליימט. אין אַ רגע האָט די גיפּסענע קלעפּיקייט געלייגט זיך איבער אים פֿון אויבן ווי אַ באַרג, וואָס דריקט אים צום טיש. ער האָט באַנומען, אַז ער קאָן נישט אָטעמען. דאָס האַרץ איז אים אַראָפּגעפּרעסט ביז האַרט צו די ברעטער; עס רירט זיי אָן, און קאָן זיך נישט באַוועגן — אויף אַהין און צוריק. ער האָט געוואָלט געבן אַ סימן, אָבער די אָרעמס זענען אים געזעסן, ווי אײַנגעמויערט. ער האָט גע־שמייכלט אין זיך, אין בויך אַרײַן. ער האָט געוווּסט, ער מוז רופֿן; אַ צי געבן דעם אָטעם. אינעווייניק איז אָבער אַלץ אײַנגעקלעפּט. בלויז אַ הייסער שווייס בלעזלט זיך און טריפֿט צווישן דער הויט און דעם אײַזערנעם שטאַנג. ער נעצט אים דורך און פֿליסט קיצלדיק אין ריטשקעלעך אַראָפּ, אין די זײַטן. ער האָט פֿאַרנומען, ווי אויבן, איבער אים, לייגן זיך טויבע, פֿרישע שיכטן. ער איז טיף. ער קאָן צו זיי אַרויף מער נישט גרייכן. אַ פֿאַרקערט, איבערגעדרייט, קבֿר האָט זיך געלייגט איבער אים. עס האָט אים געגלוסט, וויינען, אַ געוויין, וואָס קיינער וועט מער נישט דערהערן. ער האָט געקוועטשט די אויגן. אויף די טרער־קאַנאַלן זענען געוואָרן פֿאַרפּרעסט דורך אַ פֿרעמדן כּוח. בלויז פֿון די נאָסע האָר אַרויס זענען טראָפּנס אים גערונען איבערן שטערן, ברעמען, און געשטאָכן אים אין די אויגן־ווינקלען, האָבן זיי נעפּלדיק פֿאַרגאָסן.

ער האָט געוווּסט, ער מוז איצט, דאָס לעצטע מאָל, זיך אָנבעמען מיט זײַן אייגענעם כּוח, אַ נעם טאָן זיך מיטן טיש אין דער לופֿטן, אַלץ מיט זיך הייבן. דער שווייס איז אים קאַלט געפֿלאָסן אין די אויערן. ער האָט געוואָלט אויפֿצאַפּלען. ער האָט דער־שפּירט, נאָך איין רגע, און — אַ פֿינצטערניש שפּרייט זיך אין אים.

שפעטער האָבן די דאָקטוירים, מיט אַריינגערופענע געשטאַלטן פון די אַרומיקע צימערן, זיך אויסגעשטעלט אַרום טיש פון אַלע פיר זייטן. פּראָפעסאָר ראַפּיפּאָרט האָט געגעבן אַ סימן, און — זיי האָבן געהויבן איבער אים, אין דער לופט, דעם ווייסן גיפּס־באַרג. ער איז געבליבן אָפּגעדעקט.

איבער אים, פון אויבן, האָט זיך געשפּרייט זיין גיפּסענע געשטאַלט, ווי אַן אָפּגאָט. זי האָט זיך אָפּגעטיילט פון אים, הויל. ער האָט געשפּירט איר נאָענטקייט. זי איז איבער אים געהאָנגען נאָך אַ וואַרעמע, אַ שווערע. ער האָט זיך נישט געקאָנט אָפּשיידן פון איר. ער איז איצט געבליבן לויז, אַן מאַכט אין זיך.

ער איז ווייטער געלעגן אַ נאַקעטער איבערן טיש, מיטן פּנים אַראָפּ צו די ברעטער. ער האָט דין געאָטעמט. אין מויל איז די צונג אים געבליבן איינגעקלעפּט. בלויז דאָס האַרץ, האָט ער פאַרנומען, רירט זיך לייכט. עס ציט זיך צוריק, און ווייסט נאָך נישט ווי צו קלאַפּן. אַ שוואַכער שטראָם האָט אים פאַמעלעך געקרייזט אין די אָדערן. אַ ווינטל האָט פלאַטערנדיק געטריקנט דעם קילן שווייס פון קערפּער. אויך דער קאָפּ איז אים געווען גרינגער. ווען ער האָט אים אונטערגעהויבן — האָט ער געזען אַסתּרקעס געשטאַלט פאַר זיך.

נאָך דעם האָבן די דאָקטוירים אויף אים אַרויפגעצויגן זיין לאַנג ווייס העמד. זיי האָבן אים אַריבערגעטראָגן אין בעט. ער איז געהאַט אַרויס ווי פון אַ ווייסן קבר, וואָס מען האָט אָנגעמאָסטן איבער אים. די דעק, אין געשטאַלט פון אַ מענטש, איז איצט געלעגן נאָענט, אויפן דיל. ניין, דאָס איז געווען דער מת אַליין — אַ ווייסער, אַ גיפּסענער. ער האָט דערקענט זיך, נאָר אַ האַלבן — בלויז אַ רוקן מיט אַ פלייצע, אַ קאַרק מיט אַ קאָפּ־שיידל — אָן אַ פאָרנט און אָן אַ פּנים. ער האָט געוווסט, ער וועט מער נישט קריכן אויף אַלע פיר, מיטן פּנים אַראָפּ; ער וועט ליגן מיטן רוקן, איינגעראַמט אין דער פאָרעם זיינער, מיטן פּנים אַרויף. דאָס איז זיין גולם. ניין, נישט קיין גולם איז דאָס, אָפּגעטיילט פון אים, נאָר אַן אָרון פאַר די געבליבענע, וועלכע האָבן נישט געקאָנט גיין אין זייער רו אַריין.

און אפשר איז דאָס אַ סטאַטוע; ער וועט אין איר אַריין. ער ווערט פון היינט אָן פאַרוואַנדלט אין אַ סטאַטוע, אַ מאָנומענט נאָך זיך אַליין.

מיטאָגצייט האָבן טייל פון די היגע איינוווינערס, פון די הויכע שטאָקן, זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריק. זיי זענען פאַרביי די אָפענע טירן — אַראָפּ שטאָק אונטער שטאָק. זיי האָבן געזען אומעטום, יענע, אָן די שאָטנס, מערן זיך, פילן אָן די דירות. דערשראָקענע זענען זיי אַרויס ווייטער אין די געדיכטע גאַסן. אַלע הייזער אַרום האָבן אָנגענומען דאָס ווייכע פּנים פון אַ מאָל, פון פאַר די טאָלן, איידער מען האָט פון זיי אַרויסגעקליבן די איצט צוריקגעקומענע. זיי האָבן געטאַפּט מיט די בליקן. די גאַסן האָבן זיי ווייך פאַרפלאָנטערט אין זיך, אַראָפּגעצויגן אונטן זייערע טריט. זיי זענען מער און מער אַריין אין די מענטשן־שטראָמען, האָבן נישט געפונען דעם צוריק. זיי האָבן קיינעם נישט דערקענט. אויך נישט פון פריער. קיינער האָט אויף זיי די בליקן נישט אָנגעשטעלט.

ערשט עטלעכע טעג, ווי די פרעמדע פאַרלייגערס פון די טאָלן זענען אָפּגעפלאָסן

פון שטאָט אויף הינטער זיך, ווי אַ ים; און אָט האָט אַ פרישער ים פון דאָרט אַרויס אַלץ פאַרגאָסן. זיי זענען פאַרבליבן אין דער מיט. די גאַסן ווערן אונטערגעשווענקט. זיי וואַקלען זיך. די שטאָט שווימט, ווי אַ שיף, און בלייבט אויף איין אָרט.

זיי זענען אַריין אין זייטיקע הייף, האָבן זיך פאַרקליבן אין קעלערן — זיך אַנצולענען אין די פונדאַמענטן. זיי זענען געבליבן איינגעהערט. עס האָט זיי געגלוסט דאָ בלייבן; איבערוואַרטן ביז זיי וועלן געפינען צוריק דעם וועג אַרויף, צו די הויכע שטאָקן.

זיי האָבן צוגעלייגט די אויערן צו דער ערד. זיי האָבן פאַרנומען דעם שטראָמען־גערויש פון דער שטאָט, אויבן. דער שטראָם איז איצט איבער זיי. זיי זענען געגאַנגען אונטער אים. אפשר וואַרטן ביז ער וועט אַריבער?

און אפשר אַרומנעמען זיי, די פונדאַמענטן פון דער שטאָט; זיי איינלייגן איבער זיך, מיט זיי אַלע פון אויבן?

שפּעטער האָבן זיי אַריבערגעשטעקט די קעפּ איבערן שטראָם. זיי האָבן דער־קענט, די היגע איינוווינער — אָט זענען דאָך דאָס אויבן זייערע שכנים פון אַמאָל, פון די שטעט, וועלכע די אַריינדרינגערס האָבן אַרויסגעקליבן פון צווישן זיי, און זיי געמאַכט נידערן אין די טאָלן; איצט קערן זיי זיך אום. זיי שטרעקן צוריק צו זיי די הענט, אָבער זיי קאָנען נישט גרייכן. אויך זיי אַליין, אַנטקעגן, זענען ווי אָן הענט.

די היגע איינוווינער האָבן צוריקגעצויגן די קעפּ אין די קעלערן. זיי האָבן זיך געלאָזט גיין אונטער דער שטאָט. זיי האָבן געבענקט נאָך זייערע נאָענטע אויף די העכסטע שטאָקן. די שטאָט ליגט איצט אין דער מיט — צווישן זיי, אונטן, און — זייערע פאַרבליבענע משפּחות, אויבן.

אין זייער פאַרצווייפלונג האָבן זיי געמיינט, אייביק וועלן זיי בלייבן פון זיי אָפּגעשניטן. קיין מאָל וועלן זיי שוין נישט אַרויף. דער שטראָם וועט תמיד דאָ זיי דעקן.

ס'איז זיי איינגעפאַלן, שיקן אַ דעלעגאַציע אויבן אַרויף, צו די טאָל־נידערער איבער זיך; צו דעם קרבן, וואָס איז אַראָפּ פון מזבח — צו לינדערן זיין גרימצאָרן. און אפשר אויפברענגען אַ קרבן צו דעם קרבן, ער זאָל אים באַוויליקן, און זיי פאַרגעבן.

די היגע איינוווינער האָבן זיך געלאָזט זוכן אין די אָפּגרונטן פון דער שטאָט. זייערע נאָזלעכער האָבן געטאַפּט אין דער פינצטער. מיט טאַשן־לעמפּלעך האָבן זיי געשיקט שטראַלן צו די ווייטע ווענט. עס זענען דורכגעלאָפן שפּינען, שוואַרצע ווערעם. מיט טויטשרעק זענען זיי אַריין אין טיפערע שיכטן. זיי זענען שטיל דאָרט געבליבן זיצן; איבערצווואַרטן. דאָס ליכט פון די לעמפּלעך איז איבער זיי געהאַט אַריבער.

מיט אַ מאָל האָט דער ליכטקרייז זיך פאַרהאַלטן. ער האָט אַרומגענומען שפּינגעוועב־פאַרהאַנגען, געשפּרייט, ווי גרויע נעצן אין די ווינקלען. אין דעם ליכט האָבן פון אינעווייניק זיך דורכגעזען קורץ־געשוירענע קעפּ, מיט רויט־אויסגעפּילטע קערק. זיי האָבן זיך נישט באַוועגט. עס האָבן זיך אויסגעטיילט געשטאַלטן, פאַרטייעטע אין ווינקלען. זיי האָבן, ווי אָקסן, גרייטע אין קעלערן, געלאָזט דאָס ליכט בלאָנדזשען איבער זיך. עס האָט זיך געגליטשט איבער זייערע ברייטע, ווי אונטערגעשטעקטע, אַקסלען.

בלויז זייערע אויגן, קליין, ווי ביי מייזלעך, האָבן געפינטלט אין דער אָנגעשטעלטער שיין.

די היגע איינוווינער האָבן זיי דערקענט. דאָס זענען די לעצטע פון די אַריינ־דרינגער, די טרייבער אין די טאָלן, וועלכע האָבן נישט באַוויזן אָפּצופליסן, ווען זייער שטראָם איז אַוועק. זיי זענען אַראָפּ אין די גרונטן, צוזאַמען מיט זייערע ווייבער און קינדער. זיי וואַרטן, גלייך ווי זיי דאָ, ביז דער נייער שטראָם, אויבן, וועט אַדורך. אַ ווײַלע איז געווען שטיל. זיי האָבן צוזאַמען זיך איינגעהערט אין דעם מעכטיק־פליסיקן גערויש אין דער הייך; אין די קולות פון פיל וואַסערן. זיי האָבן פאַרקלאַפּט ביי זיי די אָטעמס.

באַלד האָבן די פון די הויכע שטאָקן דערשפּירט אין זיך די פרייד פון אַרויפ־דערלאַנגען זיי דאָ, פון די קעלערן אונטן — אַרויף צו יענע, וואָס זוכן זיי; אויפ־ברענגען זיי, ווי אַ קרבן צו זיי, אויפן פאַרלאָזטן מזבח, פון וועלכן זיי זענען אַראָפּ. אפשר וועט זייער כעס אויבן זיך איינשטילן.

זיי האָבן געזען די פרייד פון קרבן, ווען ער איז מקריב זיין אויפברענגער; זיין שאַלונג וועט אָנפילן די פאַרמאַכטע שטאָט. זיי וועלן אים דערלאַנגען.

ווען זיי האָבן יענע אַרויסגעוויקלט פון דער פאַרשפּינונג, אויבן אַרויף — האָט די שיַין פון דרויסן זיך געלייגט איבער זייערע קעפּ. אַ רויט בלאַנק ליכט האָט שפּיציק זיי אָנטקעגנגעבליצט פון דער אָפענער צעהעלונג. זיי האָבן דערשפּירט זייערע גופים — ווי פון בלויז פלייש, אָן רוקנביינער. די שווערע קערפּערס האָבן זיי זיך געצויגן אַראָפּ, צום זעצן. זיי זענען שטיין געבליבן. זיי האָבן געוואַרט, מען זאָל זיי באַפעלן. אַרום זיי — זייערע פרויען און קינדער. אַלע אָפּן.

די פון די הויכע שטאָקן זענען מער נישט געווען הינטער זיי. זיי זענען געהאַט אַרויף צוריק צו זיך אויבן, צו זייערע משפחות אין די שטובן. זיי — האָבן זיי געלאָזט אַליין, אַרויסגעשטעלט.

— מערדער! רוצחים! — האָבן זייערע אויערן פאַרנומען געשרייען פון ווייט, אין ווינט.

אין שטאָט איז אַרויס דאָס קול, אַז מען האָט זיי אָפּגעדעקט. כוואַליעס האָבן זיך געיאָגט, זיך געהויבן צו זיי, ווי וואַסער־ווענט. הענט האָבן זיך געריסן אַהער; גאַסן מיט הייזער האָבן זיך אָנגערוקט.

זיי זענען געשטאַנען, ווי די ערד וואָלט זיי אַרויסגעגעבן פון זיך. זיי האָבן בלויז געפילט די העלדזער, אַז זיי זענען זיי טרוקן, און קולות, וואָס רייסן זיך, ווי הייסע ווינטן, זיי אין פנים אַריין. אַ שטייפקייט איז זיי געזונקען דורך די לענדן — אַראָפּ אין די פיס.

פון אַלע גאַסן איז מען איצט געלאָפן; אַרויסגעשטעלט פון ווינט פיס צו זיי. לאַנגע שאָטנס האָבן אַהערגעאײַלט — איינער געהויבן הינטערן אַנדערן. אין זייערע אויערן האָט געפייפט מיטן געליאַרם פון שריפות; זייערע העלדזער און מיילער — פאַרקלעפּט פון אינעווייניק.

אַ רגע איז די ערד אונטער זייערע פיס געלאָפן אויף צוריק. די פרעמדע קני

האָבן נאָענט פון נעפּל צו זיי זיך אַרויסגעשטעלט. מען האָט געשריגן אין ווינט, וואָס האָט זיך אָנגערוקט.

די גאַסן זענען געווען אַ ים מיט מענטשן־כוואַליעס, וואָס טראָגן זיך, שטייגן, גיסן זיך איבער. ים־גלאָקן האָבן אַרויפגעקלונגען פון דער טיפעניש; יאָגנדיק פאַררווישט די אויערן. דער ים־ווינט האָט זיי געטראָגן, די מענטשן־מאַסן.

זיי זענען געלאָפן פון די הייזער, די הייף. זיי האָבן געוווּסט, דאָס פאַרהוילענע איז דאָ. מען האָט זיי נאָך נישט געזען. מען האָט אָבער געשפּירט, זיי זענען דאָ. דער ווינט טראָגט צו זיי. באַלד וועלן זיי בלייבן אַנטפּלעקט פאַר אונדז — פּנים אל פּנים.

וואָס נענטער — איז מען געלאָפן פאַמעלעכער. בליי האָט געטריפט אין די פיס אַריין. די ערד איז געלאָפן פאַרויס פאַר דיר, און דיך געלאָזט פון הינטן, צוריק מיט די לאַנגע טריט.

ווען מען האָט זיי דערזען פון דער ווייטנס — איז דער ווינט געהאַט אָפּגעפאַלן. עס האָט זיך איינגעשטילט דאָס געפּייף אין די אויערן. די טריט זענען געוואָרן קלענער. זיי זענען געשטאַנען אַנטקעגן, אָפן, מיט פּנימער בולט אין זייער צעשפּראָצטקייט. אָט קומט מען אָן אויף זיי; זיי זענען אין אונדזער מאַכט.

דער געלויף איז געווען געהאַמעוועט; די פיס מיט די קני האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט האַרט פאַר זיי. די ערשטע ריי פאַרהאַלטענע, האָט דורכגעלאָזט פאַר זיך — די צווייטע, ערשט איצט אָנגעלאָפענע, ריי. זיי האָבן ביידע איבערגעשטעלט די פיס, און דורכ־געלאָזט פון הינטער זיך — די דריטע, אויף פאָרויס.

באַלד האָבן די רייען, איינע הינטער דער אַנדערער, זיך פאַרהאַלטן, ווי מויערן, צונויפגעדריקט אַרום; אָן אַ באַוועג זיך צו טאָן.

די פון דער אַרויסגערוקטער ריי האָבן זיך געטראָפן קעגן זיי — נישט צוריק־צוציִען זיך. זיי זענען געשטאַנען אַנטקעגן — אויג אויף אויג.

זיי האָבן געקוקט, עס פעלן ביי יענע די היטלען איבער די קעפּ. זיי זענען אָן זיי — נידעריק.

— רוצחים! — האָט מען פון אונטן אַריבערגעשריגן איבער די קעפּ.

— לאָזט מיך צו! — האָט אַ הייזעריק קול זיך אַריבערגעריסן.

מען האָט געוווּסט, מען דאַרף עפּעס טאָן — שוין איצט, אין דער רגע — איידער זי וועט פאַריבער.

צווישן די צונויפגעדרענגטע ווענט האָט אַ ווייבל אַרויסגעיאָמערט: „אָ, מיינע קינדער!״

זיי זענען געשטאַנען אין דער מיט — אַרומגענומען ווי פון רעדער. רייפן האָבן זיך געהאַט פון זיי אַראָפּגעקאָלערט. זיי זענען געלעגן ביי זייערע פיס. מען האָט געזען זייערע קורצע שטערנס.

— וואָס שוויגט איר? וואָס שרייט איר נישט ווי אַ מאָל?! — האָט עמעץ אויפ־געקוויטשעט, זיי אין פּנים אַריין.

זיי זענען געשטאַנען, ווי ערשט־אויפגעוועקטע, פון אַ שטאָך אין זייערע קערפּערס. זיי האָבן געוואָלט גיך פאַלגן, שרייען, נאָר דער אימפּעט איז פון זיי אַרויס, ווי פונעם אויפשטאָך. די קלאַנגען זענען אין זיי געבליבן פאַרשטומט.

די מאַסע האָט געוואַרט, זיי זאָלן באַפעלן, זידלען; אויפהייבן אַ האַנט, זיך שיצן. די פון די הינטערשטע רייען, האָבן אַריבערגעקוקט צו זיי איבער די קעפּ, זיי זאָלן דאָרט אויסוואַקסן שווער — אין זייער אַמאָליקער הויכער קרעפטיקייט.

מיט אַ מאָל האָט ווער, נאָענט, אין זיך אָנגעזאַמלט מוט. ער האָט אים דערפילט אין זיך, ווי ער וואָלט אין זיך איינגעזאַפּט דעם אַרויסגעבלאָזענעם פון זיי. ער האָט זיי געשטעקט אַ פינגער פאַר דער נאָז.

— מערדער פון קינדער! — האָט ער געשריגן גלייך אין זייערע אויערן. דאָס ווידערקול איז צו אים צוריקגעקומען.

אַ רגע האָט זיך געדאַכט, זייערע קליינע שטערנס נעמען זיך אָן מיט עקשנות; זייערע גופים שטייפן זיך אָן מיט אַן איינגעשפּאַרטקייט פון אָקסן, וואָס באַוועגן זיך נישט.

אַ כעס איז געווען גרייט זיך צו זאַמלען אין די פיס, אויפצוהייבן זיך. באַלד וועלן די פויסטן זיך אָנביילן.

מען האָט אָבער געזען, זייערע גופים זענען ווייך, נאָכגיביק, גרייט צו פאָלגן. די געוואָרפענע ווערטער גליטשן פון זיי זיך אַראָפּ.

— פאַלן! — האָט עמעצער זיי באַפוילן.

אין איין אויגנבליק איז אַ רירעוודיקייט אין זיי אַריין, האָט זיי אָנגעפילט. זיי האָבן אַלע זיך אַראָפּגעלאָזט מיט די שטערנס צו דער ערד.

— אויפשטיין! — האָט מען איבער זיי געשריגן.

זיי זענען פלינק אויפגעשפּרונגען; אונטערטעניק געוואַרט אויף ווייטערדיקע באַפעלן. עס האָט געדאַכט, ביינער נעמען אין זיי וואַקסן. זייערע פּנימער מיט די באַקן — אויף פאָרויס אַרויסגעשטעלט.

אין דער שטילקייט האָט אָפּגעקלונגען אַ פּאַטש אויף אַן אַרויסגעשטרעקט פּנים.

דער פּאַטשער האָט אַראָפּגעלאָזט אַ ברי׳ענדיקע האַנט. „שרייט!" — האָט ער געהויבן זיין קול — „ווייזט ווער איר זענט!"

ס׳איז געבליבן שטיל.

אַ רגע האָט געדאַכט, ס׳איז אַ טעות. דאָס זענען נישט די ריכטיקע. יענע זענען נישטאָ, זענען אַוועק. די דאָ זענען פרעמדע. נישט געווען וואָס ווייטער צו טאָן. די הענט זענען נאָכגעהאַנגען.

פּלוצעם האָט מען דערזען, די פרויען און קינדער אַרום זיי. זיי שטייען דאָ די גאַנצע צייט — מיט בלאַנדע, נישט־צעקעמטע האָר. די מענער זענען אַריינגעשטעלט אין זייערע פאַמיליעס, ווי סטאַטועס אין אַ ווייכער פליוש־וואַנט. די פרויען און טעכ־טערלעך — אין קאָליריקע קליידער. אַלע צוזאַמען הענגען זיי, ווי אַ סטאַטוע־וואַנט אין האַריזאָנט, אָן אַ הינטערשפּאַר. די קאָלירן פון די קליידער לייכטן, ווי מילדע פלעקן אין דעם חלל. גרין, בלוי און ראָז פלאַטערט מיט געגאָד אַרום די קורץ־געשוירענע מענערקעפּ.

איך האָב פּלוצעם באַנומען, אַז זיי זענען ערגעץ פאַרוואָרצלט; זיי וואַקסן פון היימען מיט בעטן; זענען אַרויס פון מאַמע־שויסן. אויך פון זיי זענען שוין אַרויס פרישע קינדער, וואָס שטייען דאָ, אין ליכט, מיטן ערשטן דעראַנטן פּחד.

נאָענט פון מיר האָב איך דערזען אַ בלאָנדע פרוי אין אַ גרין קלייד — מיט

פּאַרטריקנטע ליפּן. נעבן איר — צוויי קליינע מיידעלעך, מיט בלאָנדע צעפּעלעך, מיט העל־פּאַרוווּנדערטע אויגן

אַ רגע האָב איך דערשפּירט אַ שמייכל שפּרייט זיך אין מיר. די האַנט איז מיר זיס אַנגעפּילט אין בענקשאַפט צו די קעפּעלעך. שוין לאַנג האָט זי נישט איינגעזאַפּט די קלאַפּנדיקע וואַרעמקייט פון אונטער קינדישער הויט. זי גלוסט צו גלעטן זייערע פּנימלעך. אויך די אויגן פון די אַנדערע אַרום זענען איצט געווען איינגעקוקט מיט חידוש אין די קינדישע ווייכע הענטלעך.

באַלד האָב איך דערשפּירט, אַ טיפער שניט בריט מיך אויף. ער ווייטיקט אין אונדז אַלע מיט קינדערלאָזיקייט. מיר זענען, ווי עקר'ס. אונדזערע קינדער האָבן געגידערט אין די תהומען. מיר זענען שוין לאַנג אָן זיי. זייער איינגעשטילטקייט האָט מיך מעכטיק אונטערגעהויבן. די הענט האָבן מיר זיך אויפגעשפּאַנט. זיי האָבן געוואָלט אַ כאַפּ־טאָן זיי, די צוויי קליינע ראָזע קערפּערלעך, אַ הייב טאָן זיי אין דער הייך, און זיי נאָכ־וואַרפן אין דעם תהום; זיי זאָלן אין אים נידערן; מיינע אויערן זאָלן פאַרנעמען דעם עכאָ פון דעם פאַל — ער זאָל פאַרסמען מיינע אַלע אינגעווייידן.

אין דער שטילקייט האָב איך פאַרנומען אין די אויערן אַ דינעם געשאָרש פון וואַסער. די פרוי אין גרינעם קלייד האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַרויף. איר האַנט האָט ציטערדיק געגאָסן פון אַ פלאַש וואַסער, זיך אין גאָרגל אַריין — שלונג נאָך שלונג. די האַנט, וואָס האָט איר דערלאַנגט די פלאַש — האָט זיך צוריקגעצויגן. די האַלדז־אָדערן האָבן איר זיך פול באַוועגט. מען האָט געהערט דעם געפּליעסק.

אַלץ האָט געוואָרט.

מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ געלעכטער. עס האָט געגידערט פון אויבן, פון איבער די הייזער — אַראָפּ איבער די קעפּ. מיר האָבן אויפגעהויבן די פּנימער.

מען האָט דערזען — די פון די העכסטע שטאָקן, אַריבערגעבויגענע איבער די פענצטער. זייער געלעכטער האָט זיך געקאָלערט, איז איבער אונדז געפאַלן, ווי אַ גע־בראָכענער דונער.

מיר האָבן נאָך געוואָלט זיך געבן אַ לאָז; לויפן אויף זיי דאָ, אַנטקעגן אונדז. אונדזערע פיס האָבן זיך געהויבן, איבערצוקומען אָט די מינוט. מיר האָבן געוווּסט, אין דעם איז אַלץ געווענדט. אונדזערע פיס זענען אָבער געבליבן געהויבענע.

מיר האָבן געוווּסט, די מינוט איז פאַרזוימט; יענע אויבן האָבן אונדז אין איר געכאַפּט. זיי זענען געווען עדות פון אונדזער סוד. זיי וועלן אונדז דאָס קיין מאָל נישט פאַרגעבן. מיר האָבן איצט אויך צו זיי מוותר געווען. מיר וועלן דאָ נישט קאָנען בלייבן.

אונדזערע פּנימער זענען נאָך געווען געגייגט אַרויף. דאָס געלעכטער אויבן איז געווען איינגעשטילט. בלויז זייערע קעפּ זענען איבער אונדז נאָך געהאַנגען אין דער הייך, פון די דעכער אַראָפּ. אַ פאַרשעמונג האָט, ווי אַ לייכטער נעפּל, פון אונדז זיך געהויבן; זי האָט זיך געשפּרייט איבער די אויגן, ווי אַ פאַרהויכטע שויב איבער אונדז.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער בונט פון די יונגע. זיי האָבן געריסן פון זיך אַרויס די פעדעם פון וועלכע זיי זענען געוועבט. זיי האָבן געפּילט, זיי רייסן פון זיך זייערע אָדערן. זייערע פעדעם רירן־אויף, ווי סטרונעס. דער אָפּקלאַנג ברומט אין זייער

ליידיקייט. זיי האָבן מיט אַ מאָל באַנומען, אַז זיי זענען פאַרפּלאָנטערט אין זייערע אינגעווײדן; זיי קאָנען זיך נישט אויפבינדן. דאָס זענען די פעדעם פון זייער מאַמעס מילך.

זיי האָבן געדענקט זייער קינדהייט, ווען עס האָט אין זיי אויפגעזוּנגען דער חלום וועגן סוף פון די טעג; זיי זענען געוואַקסן מיט דער וויזיע וועגן שעפּעלע, וואָס וועט הויערן מיטן וואָלף; צוזאַמען וועלן זיי זיך פּיטערן אויף די פרידלעכע פעלדער. דאָס געזאַנג איז אַרום זיי אויפגעגאַנגען פון דער ערד; דער הימל האָט זוניק איבער דעם זיך געשפּרייט. זיי זענען געבליבן אָפּגעדעקט אין דער מיט; ווי לאָשיקלעך זענען זיי געשפּרונגען איבער די פרייע לאַנקעס.

זיי און זייערע דורות פאַר זיי האָבן געמיינט, אַז ער איז דאָ, יענער טאָג; ער איז געקומען. ער איז אָבער געווען נאָר אין זיי. די טאַטעס האָבן אים אין זיי אַריינגעחלומט; פאַרוויגט מיט אים וואָרעם זייערע גלידער; און ווען ער האָט לסוף זיך אַראָפּגעלאָזט, דער טאָג — איז ער געווען אַן אַנדער טאָג — דער טאָג פונעם וואָלף, וואָס האָט געפייערט זיין מאָלצייט איבער זיי. זיי זענען פאַר אים געבליבן אָפענע — דער חלום, אַרויסגערונען פון זייערע אויגן.

איצט האָבן זיי באַנומען דעם טעות; זיי זענען געשטאַנען פאַר אים. עס איז געווען אויף צו מאָרגנס — גאָרנישט קאָן מען שוין אומקערן — און דער חלום ליגט נאָך אַלץ זיי אין די ביינער; ער דרימלט זיס אין זיי. זיי האָבן געוואָלט פון אים אָוועק; בינדן אים מיט די אַרויסגעריסענע אָדערן, און אַנטרינען; ער זאָל זיי מער נישט גרייכן. זיי האָבן אָבער געוווּסט, ער וועט בלייבן אַליין, דער חלום; יאָרן וועט ער בלאָנדזשען, זיך שפּרייטן, און לסוף זיי געפינען. אין די ווייטע טעג וועט ער ווידער אויפגיין אין זייער שלאָף, מיט דעם ניגון פון זייער קינדהייט.

פון פאַרצווייפלונג האָבן זיי אים געשטופּט אַראָפּ, צו טרעטן איבער אים מיט די פיס; דריקן אים פּלאַטשיק ביז דאָס חיות וועט פון אים אַרויס.

הפקרדיק זענען זיי איצט געשפּרונגען אין די גאַסן איבער אים. זיי האָבן זיך געטראָגן איבער די געסלעך און הייף. אָן אים זענען זיי אָבער הויל. עס הייבט זיי לויז אין דער לופט.

זיי האָבן אים געוואָלט פאַרסמען אין זיך, דערווערגן; פילן זיין טויטע שווערקייט. אייביק זאָל ער אין זיי הויערן, ווי אַ פגר.

זיי האָבן פאַרמאַכט די אויגן; ווידער זיך געלאָזט לויפן. זיי זענען אַריין אין די גאַסן, אין קעלערס. אפשר זענען דאָרט פאַרפּלאָנטערט אין די שפּינגעוועבן נאָך געשטאַלטן פון זייערע באַצווינגער. די קעלערס זענען אָבער געבליבן לערע און פייכטע. קומסט זיך אַליין אַנטקעגן פון זייערע ווינקלען.

מען האָט געהערט, אַז אויף איינער אַ גאַס פּירט מען אַזאַ באַצווינגער. ער איז געקומען אויסגעמישט צווישן אָקאָרשט־אויפגעגאַנגענע פון אַ טאָל. דאָס פּנים — פאַרצויגן, ווי מיט אַ וועלאָן — מיט אַש־גרויקייט. די פון טאָל האָבן אין אים דערקענט דעם הענקער פון זייער תליה. פון פּנים האָט מען אים אַראָפּגעריסן די בלייכקייט. אויך די מלבושים האָבן פון אים זיך אַראָפּגעגליטשט. ער איז געבליבן אָפּגעדעקט אין זיין פאַרשטאָפּונג.

די הענט פֿאַרלייגט אויף הינטן — האָט מען אים געפּירט. זיינע ברייטע פּלייצעס האָבן זיך אַריבערגעהויבן צווישן די פּיל אָרעמס.

מען איז אָנגעלאָפֿן אויף אים מיט דער אייגענער הוילקייט — אָן קלאַנגען. אין איין רגע וועט מען איצט איבער זיין גוף אַריבער. מען וועט אים לאָזן הינטער זיך.

מען האָט אים געשטעלט הויך אויף אַ טיש אין מיטן מאַרק. זיי האָבן זיך דערמאָנט, זיינע צעשפּרייטע פּיס, אין די שטיוול, אויפֿן טישל, בעת אויבן האָבן זיינע פעסטע הענט פֿאַרלייגט דעם שטריק איבער העלדזער. די שטיוול זענען מער נישט אויף אים. אָן זיי — איז אַראָפּגעזעצט זיין הייך. די דיקע באָרוועסע פּיס אונטן ציטערן אים ווייך. אין זיין נאַקעטקייט האָט ער אויך נישט געהאַט ווו צו באַהאַלטן די לאַנגע הענט, מיטן פּנים. ווי אַ קראַנקע רויז האָט עס געגלאַנצט צווישן די אַרומיקע בלייכע פּנימער. אַ מאָל, אין טאָל, איז עס ביי נאַכט, אין שלאָף, איבער זיי געהאַנגען, ווי אַ לבנה.

ער האָט געוווסט, זיי קוקן אויף אים, פֿאַרכאַפּטע, ווי קינדער. זיי האָבן נאָך מורא, זיך צוצורירן צו אים; ער איז זייער אַנטבלויזטער פּאַרטיקער גאָט.

קולות האָבן זיך געהערט פון איבער אים:

— אַ משפּט, אַ משפּט! גערעכטיקייט זאָל געטאָן ווערן!

זיי האָבן געשפּירט, לאַנג, לאַנג דאַרף ער דויערן, דער משפּט; קיין מאָל נישט אויפהערן. זיי האָבן זיך געשראָקן פאַר זיין סוף.

אַנדערע אַרום האָבן זיך אַ וויג געטאָן, ווי אַ כוואַליע. זיי האָבן זי געוואָלט שוין, די נקמה; ווי הונגעריקע — גלייך מיט דער לופט זי שלינגען.

אין דער מאַסן־צעוויגטקייט האָט זיך געהערט אַ שטימע:

— אונדזער משפּט — ער איז עס די נקמה איבער זיי.

ער האָט פון אויבן געזען, זיי אַלע אונטער אים זענען נידעריק — אַ ים מיט קעפּ. ער קאָן לויפֿן איבער זיי, ווי איבער כוואַליעס — אַ באָרוועסער. עמעצער האָט אָנגערוקט אויף אַ וואָגן מיט רעדער — אַ תלייה. זי קומט צו אים. זי איז הויך, נאָענט. זיי שטייט שוין איבער אים, ווי אַ שומר. ער האָט זיי דערקענט, אַלע אַרום, לויטן שניט אין זייערע אויגן. ער איז איבער זיי. די קני בייגן זיך אים. באַלד וועט ער זינקען צו זיי; זיך אַראָפּלאָזן טיף אונטן; פֿאַרשווינדן. זיי, בלייכע, וועלן בלייבן אין דער הייך, איבער אים.

מען האָט געוואָרט אויף דעם, וואָס זאָל אים פֿאַרלייגן די פּעטליע אַרום פולן נאַקן. פון דער ווייטנס האָט מען גערופן אויף די פּלעצער, אין די הייף. אַ סך זענען געלאָפֿן. מען האָט געזוכט, געהאָנגענע פון די טאָלן, וואָס זייערע שטריק האָבן זיך איבער־געריסן אין דער מיט; אַראָפּגעפּאַלענע פון די תליות. איינער פון זיי זאָל אַרויפקומען.

זיי זענען געלאָפֿן, ווי געטריבענע, געשפּרייזט איבער דער לופט; טייל נאָך — מיט די רויטע צייכנס, פּריש אַרום זייערע העלדזער. אַנדערע — מיט געבליבענע רעשט־לעך צעפּליקטע שטריק אויף די נאַקנס. זיי זענען געלאָפֿן, ווי אָפּגעריסענע הינט, גע־יאָגטע. פֿאַרסאַפּעטע האָבן זיי געגרייכט פֿאַר דער תלייה, זיי האָבן געוואַרט. אָט וועט אַ שטאַרקע האַנט זיי אָנעמען פֿאַר די נאָכהענגענדיקע צויטן און ווידער זיי אַרויפפירן אויבן.

מען האָט געוואָרפן גורל צווישן זיי. מען האָט נישט געקאָנט זיך צוריקציִען. זיי האָבן נישט געדענקט צו וואָס עס איז דער גורל. ווי אַ מאָל, איז ער ווידער געשטאַנען אויבן און געוואָרט אויף זיי. יעדער האָט געהאָפט, דאָס מאָל וועט זיין נאָמען נישט אַרויס.

באַלד איז איינער פון זיי געשטאַנען איבערן טישל, אַנטקעגן אים, און געוואָרט. ער האָט נישט געדענקט, ווי ער איז אַרויף. ער האָט אַ ווײַלע זיך געטראָפן מיט יענעמס אויג אויף אויג. די קני האָבן זיך ביי אים אַ וואַקל געטאָן. ער האָט געשפּירט, נאָך אַ רגע, רוקט זיך דאָס טישל אים אַליין אָפּער פון אונטער די פיס. ער בלייבט אין דער לופט. ער האָט דערזען יענעמס נאַקעטקייט. זיינע באָרװעסע פיס שטייען שוין, ווי אין חלל. ער האָט מורא געהאַט, ער זאָל נישט באַרירן זיין לייב. ער האָט געוווּסט, באַלד דאַרף ער די הענט שטרעקן אַרויף. זיי זענען אים שווער. אַלע קוקן אַרויף צו אים דאָ. ער זאָל זיך נאָר נישט אַראָפּוואַקלען.

ער האָט נישט געדענקט, פאַר וואָס ער איז געלאָפן אַהער; ווער עס האָט אים געשטופּט. אַרום אים איז געשלאָסן פון אַלע זייטן.

די מאַסע אַרום האָט געקוקט אַרויף. זיי שטייען אויבן קעגן זיך מיט אַנגעשטעלטע בליקן — דער תלין מיט זיין תליין. מען האָט געוווּסט, עפּעס פעלט, מען האָט נישט געדענקט — וואָס.

מען האָט געזען, אויף יענעמס נאַקעטן קאַרק איז פאַרלייגט די פּעטליע. דער שטריק הענגט אים אַראָפּ איבערן לייב. אין דעם אויגנבליק איז ער נאָך דאָ. דאָס חיות ריזלט אין אים שאַרף. איין רגע — וועט אַלץ האָבן אַריבער.

מען האָט אים דערזען, אָן אָנגעגרייטן. מען האָט געוואָלט הערן זיין קול. מען האָט געוווּסט, אויף דער מינוט וואָרט ער. ער וויל בעטן מחילה; אונטערשטעקן דעם קאָפּ מיט הכנעה; זאָגן, נעמט מיך פאַר אַ קרבן. אָן דעם — קאָן ער נישט שטאַרבן.

דער אַנטקעגן אים האָט געפילט, באַלד וועט ער ווערן שווערער; יענעמס חיות וועט אַריין אין אים. עס וועט אין אים בלייבן. פון דאַנען וועט ער אַראָפּ אָן אַנדערער, אויף תמיד אַ פרעמדער. עס איז אים דורך אַ געדאַנק, ער האָט נאָך צייט צוריק אַראָפּ; בעטן זיי, אָדער אפשר שנעל געבן אַ שטעק אַרויף די הענט — איבערקומען.

ער האָט זיך אַ וויג־געגעבן אויף פאָרויס.

פון דער בינע אונטן האָט מען אַ ווונק געגעבן: וואַרטן.

עס האָט אים געדאַכט, דאָס אַלץ דאָ איז נישט וואָרהאַפטיק. באַלד וועט מען אים הייסן אַראָפּגיין. ער וועט עפענען די אויגן, ס'וועט גאָרנישט האָבן געווען.

די מאַסע אַרום איז געשטאַנען, די הענט פאַרלייגט פאַר די אויגן. די אויערן — אָפן.

ער האָט געוואָלט אָוועקכאַפּן דעם קאָפּ.

מיט אַ מאָל האָט זיך געהערט, דער פאַרמשפּטער רעדט. זיין קול הייבט זיך איבער אַלע. מענטשן האָבן די הענט שטייפער געדריקט צו די פּנימער; פאַרמאַכט ענגער די אויגן־שפּעלטלעך. בלויז דער אַנטקעגן אים — האָט ברייטער צעעפנט דעם בליק — געקוקט גלייך צו אים.

אַ ווײַלע האָט מען נישט געוווּסט, צי דאָס פאַרנעמט מען טאַקע זיין קול; צי קומט דאָס גאָר ערגעץ פון ווייט. מען האָט געהערט רייד.

דער אַנטקעגן האָט געזען, זיינע אויגן זענען אָפֿן. ער רעדט געלאַסן — יעדעס וואָרט — שאַרף, ווי איינגעחזרט. עס קומט, נישט פֿון זיין גוף, נאָר פֿון זיין מויל.

— חשוב פּובליקום — האָבן זיינע ווערטער זיך געטראָגן איבער די קעפּ, וואָרט נאָך וואָרט — אָט דאָס איז, ליידער, דער שיקזאַל פֿון מענטש; דער סוף פֿון יעדן; אויך איר וועט מיר נאָכקומען. אויף ווידערזען, מיינע הערן. אין גיכן וועלן מיר זיך טרעפֿן.

איידער מען האָט זיך געכאַפּט, איז ער געווען שטיל. מען האָט זיי געקאָנט דערטאַפּן, די ווערטער; זיי זענען נאָך געהאָנגען — יעדעס באַזונדער. מען האָט זיי געקאָנט ציילן.

אַ ווײַלע — און דער עולם האָט זיך אַ וויג־געגעבן; אַ ברומעניש איז אַרויס פֿון אַלע. די פּיס האָבן זיך אַ שפּאַר געטאָן אונטער זיך.

— צי די פּעטליע! — האָט ווער פֿון דער בינע שנעל אויסגעשריגן.

דער אויבן האָט אַ שטרעק געטאָן אַ האַנט. ער האָט באַנומען, ער קאָן נאָך פּאַר־שפּעטיקן. ער האָט דערהערט אַ סך קולות. ער האָט געצויגן, טיף טיף. די אויגן זענען אים געווען אָפֿן. ער האָט געזוכט אין זיך אַ געדאַנק, אין אים זיך צו קלאַמערן. די פּיס זענען אים לייכט. „פֿאַר אייך!״ — האָט ער געוואָלט רופֿן. ער האָט פֿעסטער אַראָפּגעדריקט די שיך, אונטער זיך. ער האָט דערפֿילט, זיינע הענט האָבן איצט אַ פֿעסטן, מעכאַנישן כוח. זיי טוען אַליין. ער האָט זיי אונטערגעשטופּט. דער שטריק האָט זיי מיט זיך געצויגן.

די מאַסע אַרום האָט געהאַט פֿאַרהאַקט די אויגן — יעדער צו בלייבן אַליין מיט זיך אין דער רגע. מען האָט געזוכט אין זיך דעם נאָענטסטן, וואָס מען האָט אים געהאַט צוגעשווירן, נישט צו פֿאַרגעסן; אים אַרויסברענגען, ער זאָל זיין דערביי. קיינעם פֿון זיי איצט נישט פֿאַרגעסן. טייל האָבן, זיך להכעיס, אויפֿגעריסן די אויגן, געקוקט — אַלץ אַריינצוכאַפּן. זיי האָבן אַרויסגערופֿן די לעצטע פֿאַרנעפּלטע מינוטן פֿון יענע אַלע — צו קוקן מיט זייער בליק. זיי האָבן געזען די פּעטליע, ווי זי פֿאַרציט זיך.

ווען ער, אויבן, האָט אַ ווײַלע געוואָלט אָוועקנעמען די אויגן, האָט ער דער־שפּירט נעבן זיך דעם האַסטיקן צאַפּל. דאָס טישל אונטער אים האָט אַ ציטער געטאָן. יענער האָט זיך שוין געהוידלט; שנעל זיך געדרייט — אין דער לופֿט, ווי זיך צו באַגריסן מיטן פּנים — אין אַלע זייטן. ער האָט אָפּגעלאָזט דעם שטריק, און דער־שפּירט, עפּעס אין זיין אייגענעם רוקן האָט זיך אַ ריס געטאָן. באַלד האָט יענער, אַ שוין געזעגנטער, אַליין זיך פֿאַרוויגט ריטמיש, ווי אין אייביקן שלאָף אַריין.

ביים עולם זענען די אויגן נאָך געבליבן אַראָפּ; מען האָט זיי מורא געהאַט אויפֿצוהייבן. מען האָט זיך געכאַפּט, וואָס עס איז געשען. אין דער לופֿט זענען נאָך געהאָנגען זיינע ווערטער. פֿאַרן נידערן — האָט ער זיך אַרויפֿגעכאַפּט איבער אַלע. ער איז געבליבן פֿון אויבן. מען קאָן אים נישט נאָך. אויך מיטן טויט איז ער היימישער. ווען מען האָט פֿאַמעלעך אויפֿגעהויבן די קעפּ — האָט ער אויבן, אַ באַקעטער, זיך געשאָקלט אין ווינט, מיט אַ רויקן שמייכל. אַלע זענען געווען אונטן. זיין צוואה האָט

געטריפט אין די געדערעם, ווי טראַפּנס סם. אַזוי האָט ער אָױסגעשיקט אַלע געהאַנגענע. קײנער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

אױף צו מאָרגנס האָט מען געפונען אין די גאַסן עטלעכע פון זײנע חברים, כּוֹן טאַל, וואָס האָבן מיט די מײלער געבלאָזן גאַז אין די נאָזלעכער פון די מענטשן. זײ האָבן דאָ זיך אױסבאַהאַלטן אין דיקע ווענט; אינעווײניק זיך אײנגעמױערט און פאַרקלעפּט גלאַטיק פון דרױסן. מען האָט נישט געוווּסט, צי די ווענט מיט זײ אין זיך אױפגעשוואָלן, זענען געפּלאַצט. מען האָט זײ איצט געפירט אין גאַסן־ווינקלען און דאָרט מיט די הענט, פון זײ, ווי פון גומי־באַלאָנען, אַרױסגעקוועטשט דעם אָטעם. זײ זענען געבליבן ליגן אױסגעצויגן, פלאַטשיק. מער האָט מען זײ גאָרנישט געקאָנט טאָן. די נקמה האָט זיך אױסגעלאָזט. מען האָט נאָך געפּרוּווט אַרײנשרײען אין זײ. אָבער זײ זענען מער נישט געווען דערבײ. זײ זענען געלעגן, ווי אין די וואָלקנס.

מען איז גיך אַוועק צוריק צו זיך אין די אָפענע צימערן איבער די שטאָקן, און פאַרשוויגן זיך אױסגעצויגן אין די ווינקלען. מען איז געלעגן אין נאָרעס, פאַרוויקלטע.

אױך איך בין טעג שוין דאָ געלעגן אין אַ ווינקל. כ׳האָב מײן לעבן געטראָגן, ווי אַ ביין צווישן די צײן; נישט געקאָנט עס אַראָפּשלינגען; געוווּסט, איצט, אַז אין טאַל, בעת איך האָב זיך געריסן אַרױס — איז עס געווען נאָר צוליב פּחד; כ׳האָב אונטערגעמונטערט זיך, אַז דאָס וויל איך אױסלײזן דעם טויט פון אַלע געבליבענע אונטער מיר אין די גריבער; צוליב זײ מוז איך בלײבן; דורך די נעכט האָב איך זײ דאָס צוגעשווירן. איך האָב אַריבערגעשפּרײזט איבער די גריבער. איצט בין איך געבליבן מיט מײן לעבן אומזיסט.

און אפשר דאַרפן זײ, די פאַרגאַנגענע, מער נישט קײן אױסלײזונג? זײ זענען ווײט פון דעם. אױך מיר, די געבליבענע, געהערן צו זײ — דעריבער האָבן מיר נישט אין זיך די נקמה?

עס האָט מיך ווידער אַראָפּגעטריבן אין גאַס. פרישע מענטשן־כוואַליעס זענען געהאַט אָנגעלאָפן פון די צימערן אַרױס. זײ האָבן געשלעפּט אױף די ברוקשטײנער די צעקוועטשטע גופים; געצויגן זײ פאַר די פיס, לענגאױס די גאַסן. די שווערע גופים האָבן מיט די פלײצעס אױסגעווישט דעם פײכטן שטויב אונטער זיך; געלאָזט שמאָלע, רײנע, וועגלעך. מען האָט זײ געהױבן, געוואָרפן אין דער לופט, געזונגען אַרום זײ; ווידער זײ געשלעפּט מיט די לעצטע כּוחות, און געשריגן:

— הוראַ!

— הוראַ!

דאָס זענען געווען קולות פון געצנדינער, וואָס ווילן אין זײער אָפּגאָט דערשפּירן לעבן; מען טאַנצט און מען זינגט אַרום אים. די גופים זענען אָבער, אין זײער פאַרהאַרטעוועטקײט, שוין געווען אַ טײל פון די שטײנער אונטער זיך. מיט בײדע פיס אַרױף — זענען זײ געווען פאַרשטעקט ערגעץ ווײט. מען האָט פון דאָרט זײ נישט געקאָנט צוריקציִען.

מיר אַלע זענען געבליבן דאָ. מיר האָבן זיי נאָכגעשריגן אין זייער פאַרשטומטקייט אַריין; זיך געריסן צו זיי.

— הוראַ, הוראַ! — האָט מען ווידער גערופן, און מורא געהאַט אויפצוהערן.

מיר האָבן געוווּסט: אין דער רגע, וואָס מיר לאָזן נאָך — זענען מיר אַליין אַלע אויך מער נישטאָ.

מען האָט ווייטער געשריגן; געטאַנצט. די אַראָפּגעפאַלענע געלעכטערס פון אויבן האָבן זיך געקאַלערט און אָפּגעהילכט אויף ווי ווייט. ביסלעכווייז האָבן זיי זיך איינגעלאָשן.

שפּעטער האָט מען אַנדערע געכאַפּט. מען האָט שוין נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט זיי. טייל האָבן געראָטן, זיי אַריינמויערן אין געזימסן פון נייע הייזער. ווי מלאָכים זאָלן זיי אַראָפּהענגען איבער די גאַסן; אין די נעכט שרעקן פאַרבייאייַלנדיקע יונגע מיידלעך. אַנדערע האָבן געוואָלט, אַריינזעצן זיי לעבעדיק אין שטייגן און פירן איבער די מערק; מענטשן וועלן זיך שטופּן איבער די קעפּ, צו זען זייערע פּנימער.

אין נאָך איינעם, אַן אַרויסגעצויגענעם פון אַ גרוב, האָט מען דערקענט דעם צינדער פון די קרעמאַטאָריעס. מען האָט באַשלאָסן אים אַריינצוזעצן אין דער אַלטער ליידיקער תפיסה; האַלטן אים גרייט, ביז מען וועט וויסן, וואָס צו טאָן צו אים. מען האָט געשטעלט וואַכן אַרום די מויערן, פענצטערלעך און טויערן. ווידער איז מען געלאָפן פון די צימערן, פון די שטאָקן אַראָפּ; פון אַלע גאַסן האָט מען זיך געזאַמלט פון דער ווייטנס און געקוקט צו די פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך, צו זען זיין פּנים, ווען ער קוקט אַרויס. די פענצטער זענען אָבער געווען ליידיק — אויך אָן שויבן. ער האָט נישט אַרויסגעקוקט. מען האָט געזאָגט, ער ליגט גאָר, אין מיטן די פאַרמאַכטע מויערן, נידעריק, אויף אַ שטיינערנעם דיל — און שלאָפט טיף.

אַנדערע האָבן דערציילט, אַז ער ציטערט פון דער קעלט, וואָס דרינגט אין אים אַריין פון שטיינערנעם דיל. לאַנגע יאָרן איז ער געווען געוווינט צו דער היץ פון די אויוונס.

די יונגע האָבן געוואָלט אונטערצינדן די מויערן אַרום; די דורכגעגליטע ווענט זאָלן אים וואַרעמען; אָדער — אין די נעכט זיך אַריינקריגן צו אים, אים וועקן, און מאָנען פון אים דאָס לייב פון זייערע נאָענטע, וואָס ער האָט געלאָזט אין רויך. די שומרים אינעווייניק האָבן געפּרוווט אים רייסן פון זיין שלאָף. זיי האָבן אים געשטויסן, געזעצט, געשטאָכן. ער האָט אַ ווײַלע געעפנט די אויגן, זיי אָנגעקוקט פאַרדרימלט, און באַלד איז ער ווידער פאַרזונקען אין שלאָף.

אין די ווייטערדיקע טעג האָט מען פון די קעלערס אַרויסגעפירט אויף דער שיין — נאָך אַ באַהאַלטן פּאָרל — אַן ער מיט אַ זי. זייערע שמאָל־לאַנגע גופים האָבן געציטערט, ווי הורכע זאַנגען. ער האָט באַלד זיך מודה געווען, אַז ער איז פון די יעגערס אויף די גאַסן. צווישן די געדיכטע המונים האָט ער אַרויסגעפאַנגען מיטן בליק אַנטרונענע פון די טאָלן; מיט דער נאָז האָט ער זיי אַרויסגעשמעקט. זיינע אויערן האָבן, אויפֿ־געשטעלטערהייט, פון ווי ווייט פאַרנומען דעם אומרעגולערן קלאַפּ פון זייער האַרץ; ער איז געגאַנגען, איינגעהערט, לויט דעם רויש. ווען ער האָט זיי אויסגעטיילט — האָט

ער זיך געשטעלט אַנטקעגן; פֿאַרשטעלט מיט זיך זייער וועג. זיי האָבן אים דערזען פֿאַר זיך — מיט זיין האַנט אַריינגעלאָזט אין אַ הויזנטאַש. זיי האָבן געוווסט, אַלץ לעשט זיך. זיין האַנט אין טאַש האַלט אין זיך זייער נשמה. ווען מען קאָן בלויז צוימען אין זיך דאָס קליינע אָרט, איינגליווערן עס! פּאַמעלעך האָט ער די האַנט אַרויסגערוקט פֿון טאַש; מיטן קליינעם רעוואָלווערל הינטן, האָט ער זיי באַפֿוילן, גיין פֿאָרויס. זייערע אַקסלען האָבן אַראָפּגעשוועט, ווי שוין אין דער ערד.

אַ מיידל האָט געדענקט, ווי ער האָט זיי צוריקגעבראַכט אין טאָל. דאָ האָט ער צו זיי גערעדט פֿון אַ באַרג אַש אַראָפּ. זיין שטימע האָט זיי פֿאַרוויקלט אַרום. זיין האַנט אין חלל האָט פֿאַר זיי געצייכנט דאָס לעצטע געזעץ. ער האָט זי געשטרעקט אַנטקעגן די רויך־זיילן פֿון די קוימענס. „ס'איז אומזיסט אייער מי — האָט ער געזאָגט — פֿון דאַנען אַנטלויפֿט מען נישט. אונדזער האַנט גרייכט אומעטום; די וועלט גיט אייך אונדז אַרויס אַהער".

ער איז געווען דער שליח פֿון בלינדע כוחות; זיינע רייד האָבן געליימט די פֿיס. איצט איז ער דאָ אָפּגעוויקלט פֿון זיין מאַכט; ער שטייט אויף ציטעריקע קני.

מען האָט זי געוואָלט פֿרעגן, זיין פֿרוי, נעבן אים, מיט די דין־אויפֿגעפּלאַטשטע נאָזלעכער, וועגן יענע נעכט, ווען ער האָט אַריינגעאָטעמט אין איר די איינגעלאָשענע לעצטע אָטעמס פֿון טאָל; זיי זענען, שוין געקילטע, געווען אין אים.

די יונגע האָבן זיך דערמאָנט די אָרגיעס צו וועלכע ער האָט זיי געצוווּנגען אַרום אַש־באַרג. נאַקעטע, האָט ער זיי באַפֿוילן, לויפֿן אַרום און אַרום; זינגען און טאַנצן; קריכן אויף אַלע פֿיר; רייטן איבער די רוקנס פֿון די זקנים און מיידלעך — אַזוי ביז איבער דער לעצטער סטעזשקע.

מען האָט זיי איצט געהייסן, דאָס פּאָר, גיך זיך לאָזן אַראָפּ צו דער ערד, קריכן און וואָיען, ווי הונגעריקע חיות. זיי האָבן שנעל זיך אויסגעצויגן, און ווי דרעסירטע בעלי־חיים — אַלץ געטאָן פֿאָרויס, אַליין. ער איז געריטן איבער איר קאָרק, און באַלד זי — אויף אים; זיי זענען געשפּרונגען און געלאָפֿן. נאָר קולות זענען פֿון זיי אַרויס — האַווקענדיקע, ווי פֿון קראַנקע הינט. באַלד האָבן זיי אַרויפֿגעשמייכלט צו זייערע באַפֿעלערס, געוואַרט אויף ווייטערדיקע סימנים, וואָס צו טאָן.

אַן אַלטער רב, מיט אַן אויסגעפּליקטער באָרד, האָט דאָס געהערט ביי זיך אין צימער און האָט זיך צעוויינט. „איך שרעק זיך, האָט ער געזאָגט, פֿאַר אונדז, די צוריקגעקומענע. צי האָט דער קרבן דאַרט זיך נישט אונטערגעגעבן דעם רוצח?! אָדער צי האָט דער רוצח, מיטן אָנרירן דעם קרבן — אין אים זיך נישט אַריינגעזאַפּט, איז געוואָרן אַ טייל פֿון אים?! אונדזער גלוסט קאָן איצט זיין, אויפֿצושפּראָצן אויף זיך יענעמס הויט, ווערן ער. ווי קאָן מען אויסמישן די צוויי?! דער קרבן דאַרף בלייבן אָפּגעטיילט פֿון זיין רוצח! אייביק וועלן זיין — זיי, די רוצחים, און מיר, זייערע קרבנות. מיר טראָגן אין זיך די גרייטקייט, ביז זיי דערשמעקן אונדז. אין דעם איז אונדזער מער. אָט אויף דער פֿאַרשוועכונג פֿון קרבן, וויינט אין מיר מיין האַרץ".

דער רב, וואָס אַלע האָבן אים נאָך געדענקט מיט זיין לאַנגער שוואַרץ־סאַמעטענער באָרד, איז דאָ געווען דער ערשטער, וועמען מען האָט געהערט וויינען הויך אויפֿן קול.

אָן דער באָרד, ווו צו פֿאַרשטעקן זײַנע פֿינגער, זענען אים געווען איבעריק די הענט. איינער אַליין איז ער פֿאַרבליבן פֿון זײַן עדה. ער האָט נישט געדענקט, ווי אַזוי. ער האָט געזוכט צען זקנים, מיט זיי צו זיצן שבעה; אין אַלע גאַסן זענען זיי אָבער נישט געווען. ער האָט זיך פֿאַרמאַכט אין זײַן צימערל און געוואַרט ביז אַ באָרד, גאָטס צייכן פֿון לייטזעליקייט, וועט אים ווידער אַרויסוואַקסן, צו פֿאַרדעקן די נאַקעטקייט פֿון פּנים. אין די נעכט האָט זײַן געוויין זיך געטראָגן פֿון פֿאַרמאַכטן צימערל אַרויס.

דאָס געוויין פֿון אַלטן רבֿ האָט אין די נעכט זיך געטראָגן, דורך די הייף און געסלעך, צו לייבלען אין צימערל אַרײַן. לייבל איז איצט געלעגן אין זײַן גיפּסן־בעטל — מיט דעם גוף און קאָפּ אַרײַנגעלאָזט אין זײַן אייגענער ווײַסער פֿאָרעם; ער איז אין איר אַרײַן, ווי אין זײַן סטאַטוע, און אַזוי אין איר — איז ער געבליבן געשפּרייט איבער דער לענג פֿון גרויסן בעט. פּראָפֿעסאָר ראַפּיפּאָרט מיט זײַנע צוויי אַסיסטענטן האָבן אין די נעכט געדרימלט אַרום אים. זיי האָבן געהיטן ער זאָל פֿון זײַן פֿאָרעם נישט אַרויס, ביז דער רוקנביין וועט אין אים ווידער זיך צוזאַמענוואַקסן.

לייבל האָט נישט געקאָנט אײַנשלאָפֿן — אין דער אַרומנעמענדיקער האַרטקייט. דער גיפּס האָט אים אַרומגעוויקלט, ווי מיט אַ שטיינערנער הויט. דער קאָפּ האָט אים זיך געצויגן אײַנצודרימלען זייטיק, מיט דער באַק אויפֿן קישן. צוויי גיפּסענע לאַפּעס האָבן אים אָבער געהאַלטן אײַנגעקלאַמערט דאָס פּנים פֿון ביידע זײַטן — ער האָט עס נישט געקאָנט אויסדרייען — אויף לינקס און אויף רעכטס. דער גוף האָט זיך געוואָלט הייבן אַרויף. די האַרטקייט אונטן האָט אים אַראָפּגעצויגן. ער איז געבליבן פֿאַרזעצט, ווי אַ ליגנדיקער פֿליער אין אַן אַראָפּשווערנדיקן פּאַנצער — ער קאָן נישט הייבן זיך אין די הייכקייטן.

דער פּראָפֿעסאָר מיט זײַנע געהילפֿן האָבן דורך לייבלס גוף געהיילט אַלע קראַנק־קייטן. זינט זיי האָבן זיך אומגעקערט פֿון טאָל, האָבן זיי מער קיין קראַנקע נישט געהאַט. די פֿון לובלינער שפּיטאָל האָבן געהאַט צוריקגעשיקט זייערע גופֿים צו זייערע נשמות. די אַלע קראַנקע פֿון אַמאָל זענען מער נישט געווען. אויך נישט דער פּערסאָנאַל — די דאָקטוירים, סטודענטן און שוועסטער — פֿון פּראָפֿ. ראַפּיפּאָרטס שפּיטאָל. דער פּראָפֿעסאָר איז געווען אַליין מיט זײַנע צוויי געהילפֿן. זיי זענען דאָ געבליבן זיצן אַרום לייבלען. אין די נעכט האָבן זיי אַרײַנגעלאָזט לאַנגע נאָדלען אין זײַן גוף.

לייבל האָט פֿאַרנומען, ווי דער פֿרעמדער, וואָס זיצט אין אים, שרײַט אויף פֿון ווייטיק; דער שפּיץ האָט אים דערגרייכט; עס וואַרפֿט אים אויף. די דאָקטוירים האָבן געשטעקט נײַע נאָדלען. יענער אינעווייניק האָט איצט זיך אײַנגעשרומפּן, פֿאַרנומען זיך אין אַ זייט. לייבל האָט געשפּירט, די נאָדלען שפּריצן איצט אין אַ חלל; די קאַלטע פֿליסיקייט נעצט אים דורך די אינערלעכע ווענטלעך. צו מאָל איז יענער אין אים געווען אָפּגעריסן, ווי אַ באַזונדער האַרט קערפּערל, וואָס לויפֿט הויל אַרום און קלאַפּט אָפּ אין די ווענטלעך; צו מאָל — איז ער זיך צעוואַקסן און האָט אים פֿול אָנגעפּילט. ווען ער איז געווען בייז, האָט ער פֿון אינעווייניק צוריק געשטעקט נאָדלען. לייבל איז געלעגן צווישן ביידע. פֿון דער היציקער אויסגעטריקנטקייט האָט ער מער נישט

געהאַט קיין זאַפטן אים צו נערן. יענער איז אים האָט געפאַסט. פּראָפּ. ראַפּיפּאָרט האָט מורא געהאַט, ער זאָל נישט אויסציִען דורך לייבלען די פיס.

לייבל האָט געבעטן, דאָס גאַנצע לייב זאָל אים פאַרוואַקסן ווערן מיט דער גיפּסענער הויט; די נאָדלען זאָלן נישט קאָנען אַדורך; עס האָט אים אָבער אונטער איר געביסן די פּלייצע. ער האָט מיט די פינגער נישט געקאָנט צוקומען און זיך רייבן.

טייל מאָל האָט אים געדאַכט, אַז דאָס זיצט אין אים גאָר ווער פון זיינע אייגענע, די פאַרשווונדענע; יענער באַהאַלט אין אים זיך אויס, כדי נישט צו שיידן זיך. ער האָט דעמאָלט די שטעך אינעווייניק אויפגענומען מילד, ווי אַ טראַגנדיקע פרוי — דאָס ציִען פון איר וולד. ער האָט געוואָלט איינשלאָפן מיט יענעם אין זיך.

דער אַלטער רב איז געקומען לייבלען טרייסטן; אים לערנען, די יסורים מקבל־באהבה צו זיין: „זיי רייניקן בלויז די ריינע". „נישט יעדער איז צו דעם זוכה". ביים רב האָט אָנגעהויבן צו שפּראָצן אַ ווייסע באָרד. לייבל האָט געספּקט צי די געכאַפּטע שומרים פון די טאָלן מעג מען אומברענגען. דערמיט לייזט מען זיי אויס. מען דאַרף זיי לייגן אין גיפּס־בעטלעך — האָט ער געמיינט.

דער אַלטער רב האָט אָבער געוואָרנט: יסורים פאַר אַ רוצח? — חס וחלילה! וואָס פאַר אַ פאַרשוועכונג!

לייבל האָט איצט באַנומען, אַז דורך יסורים איז מען נאָענט צו יענע אַלע, די פאַרהוילענע. דאָס איז דאָס לעצטע, וואָס בינדט נאָך מיט זיי. דורך כוח אין די ביינער ווערט מען נאָענט, נישט צו זיי, נאָר צו זייערע באַצווינגער.

דאָס געוויין פון רב האָט די שטאָט אַרויסגעפּירט פון איר רו. ווייטע אויפיאָמערן האָבן זיך אָנגעטראָגן. עס זענען אַהערגעקומען פאַרלאָזטע קעץ און בעלי־חי פון טויזנטער אָפּגעמעקטע שטעט. זיי האָבן אין די נעכט אויסגעצויגן אַריינגעקלאָגט אין חלל. עס האָט פון זיי אַרויסגעווייִנט די בענקשאַפט נאָך אַ וועלט מיט פאַרלוירענע קינדער. זיי האָבן זיי געדענקט.

די געוויינען זענען אַריין אין שלאָף פון די אַליין־פאַרבליבענע מאַמעס. ווי עקרות, מיט צעעפנטע טראַכטן, זענען זיי געלאָפן צו די פענצטער. זייערע הוילע לייבער האָבן אין זיך פאַרנומען אַ לעצט געוויין, וואָס וואַנדערט איבער פעלדער און רופט זיי; עס רייסט זיך צו זיי אַהער. זיי האָבן פון די שטאָקן, אויפגעשריגן אין דער נאַכט אַריין. אין די ווייסע העמדער זענען זיי געלאָפן איבער די דעכער, געצויגן פון די קולות. די צעלעכערטע פינצטערניש האָט זיי אַהערגערוישט אין די אויערן.

די היסטעריע פון די מאַמעס האָט געלעכערט דעם מוח ביי דעם הויכן, דאַרן זקן מיטן נאַקעטן קאָפּ; דעם אַרומגעשיילטן טאַטן, וואָס איז פאַרבליבן אָן ווייב און אָן קינדער. מיט אַ לאַנגן בעזעם אין האַנט האָט ער, אין די לבנה־נעכט, זיך געיאָגט נאָך זיי, אַ פאַרשוויגענער, איבער די דעכער. זיי און טויזנטער קעץ זענען אַנטלאָפן פאַר אים — פון די הייף און געסלעך, מיט פאַרמאַכטע אויגן. ער האָט מיט דעם לאַנגן בעזעם געפאָכעט אין דער ליידיקער לופט אַריין.

דאָס געוויין אויף די פעלדער האָט זיך געהאַט איינגעשטילט.

אין די פאַרטאָגן האָט די שטאָט זיך אַרויסגעלאָזט זוכן קינדער.

מען האָט געהערט אַ קול, אַז איינצלנע פון זיי דרייען זיך דאָ ערגעץ; זיי זענען פאַרבליבן, נאָר זיי באַהאַלטן זיך אין לעכער; האָבן מורא פאַר דערוואַקסענע מענטשן. בלויז אין די טונקעלע פאַרנאַכטן לאָזן זיי זיך אַרויס. ווען עס טרעפט זיך אַן אויף זיי אַ פרעמד אויג — פאַרשווינדן זיי, ווי שטילע מייזלעך, צוריק אין די באַהעלטענישן.

מען האָט געזאָגט, אַז די קעץ ווייסן, ווו זיי זענען. אין די נעכט קומען זיי צו זיי אין די באַהעלטענישן; לאָזן פון זיי זיך גלעטן. זיי שלאָפן זיי צופוסנס.

אַ האָפענונג האָט זיך געזאַמלט אין די פאַרבליבענע מאַמעס, אין די פאָטערס. מען האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק די שמועות, נאָר אין די נעכט האָט מען מער נישט געקאָנט איינדרימלען אויף די געלעגערס. מען האָט געלויערט אויף די קעץ; זיך צו שלייכן נאָך זיי.

אין יענע נעכט האָט מען אויף דעם אַרומגעשיילטן זקן געהערט קרעכצן פון שלאָף אַרויס. זיינע אויערן זענען געווען אויפגעשפּאַנט.

און צו מאָל, ווען אַלע פלעגן מידע איינדרימלען אין די צעעפנטע צימערן איבער די שטאָקן; עס איז געווען ווייט נאָך האַלבער נאַכט; די לבנה האָט אַריינגעלויכטן דורך די פענצטער און אָפענע טירן — האָבן זיי פלוצעם זיך באַוויזן. זיי האָבן זיך געשלייכט אין די קאָרידאָרן. יעדער האָט אין דרימל געשמייכלט. מען האָט דערקענט, דאָס זענען די אייגענע קינדער, נאָר זיי שפּילן זיך אַזוי אין באַהעלטעניש, כדי איבערצושרעקן. מען האָט מיט אַ מאָל געוווּסט, אַז מען האָט זיי קיין מאָל נישט פאַרלוירן; אויך די טאָלן זענען נישט געווען. דאָס שלאָפט מען צוזאַמען מיט זיי אין די אַלטע היימען. מען האָט געשפּירט זייער וואַרעמקייט ביים אייגענעם גוף. דאָס מאָל איז עס אויף אַן אמת.

שפּעטער איז מען לאַנג געלעגן אויף די געלעגערס, שטיל, מיט פאַרמאַכטע אויגן; איינגעהאַלטן אונטער זיי דאָס לבנה־ליכט. און די שאָרכנדיקע טריט. ביסלעכווייז האָט מען געצויגן די הענט, זיי געשטרעקט אין חלל.

עס האָט איצט זיך אָנגעהויבן די באַלאַגערונג אויף די פאַרבליבענע קינדער. מען האָט צעשטעלט וואַכן אין די טונקעלע פעדערהייזער, הינטער שטיגן, פאַר די קעלערס. מען האָט צוגעלייגט אויערן צו דיקע ווענט, צו דילן. דאָ און דאָרט האָט מען פון אונטן געהערט אַ געשורש, אַ פּישטשען, ווי פון משפּחות מייז. גיך האָט עס זיך איינגעשטילט.

אין די דאָזיקע נעכט איז געפאַלן אויף זיי אַ פּחד, אויף די איינצלנע מאַמעס אין שטאָט, וואָס זענען פאַרבליבן מיט זייערס אַ קינד. זיי האָבן זיי איבערגעהאַלטן איבער אַלע טאָלן און איצט האָבן זיי זיך געשראָקן, זיי נישט צו פאַרלירן. זיי האָבן נישט געוווּסט, ווו מיט זיי זיך אויסצובאַהאַלטן. אַ נעץ מיט אויגן האָט זיך געשפּינט אַרום זייערע קינדער. ווו זיי זענען געגאַנגען, האָט די נעץ זיך געשפּרייט; זיך געפלאָנטערט פאַר זייערע פיסלעך. זיי האָבן געוואָלט, זיי צוריק אַריינגעמען אין זיך, פאַרוויקלען, איבערוואַרטן. זיי האָבן זיך געטראָגן מיט זיי אין ווינקלען, אויף ביידעמער. ווייבער זענען זיי נאָכגעגאַנגען; זיך פאַרהאַלטן ווייט פון זיי; צו מאָל. געפּרוּווט זיך דער־

נענטערן; געוואָלט זיי אָנרירן, די קליינע; אַ גלעט טאָן די גופלעך, און באַלד האָבן זיי צוריקגעכאַפּט די אויסגעשטעקטע האַנט.

זיי האָבן געפילט, די אַליין־געבליבענע מאַמעס, די קינדער האָבן פאַר זיי מורא, ווילן פאַר זיי אַנטלויפן.

עס האָט דאָ זיך געדרייט מיט איר קינד דאָס ווייבל פון טאָל. דאָס איז געווען אין יענער נאַכט פון רויכן און פלאַמען, ווען מען האָט זי אַהין אַראָפּגעבראַכט; די לעצטע קולות זענען אַרום איר אויסגעגאַנגען; אַלע איריקע זענען פון איר אָפּגעפאַלן. אויך זי האָט עס געשטופּט, געוואָרגט אַראָפּ; אין אירע אויערן האָבן געהילכט געלעכ־טערס. זי האָט דעמאָלט דערשפּירט נאָענט איבער זיך פּנימער; אין ליכט פון די צאַנקענדיקע פייערן האָט זי זיי געזען. הענט האָבן זי געקלאַמערט, געשטיקט, געדריקט אַראָפּ, ווי אין תהום, און דעמאָלט איז עס אין איר אַריינגעדרונגען. זי האָט געוווּסט, עס איז די אומרייניקייט; עס איז דער שטן, וואָס שפּרייט זיך איבער איר; זי איז אין דער פאַרדושעטקייט צו אים באַהאַפטן. ווען ער האָט זיך אָפּגעטיילט איז זי געבליבן מיט דעם מיגל אין זיך. זי איז מיט דעם אַרומגעגאַנגען. זי האָט עס געטראָגן. זי האָט עס געוואָלט אַרויסדרענגען, פאַרלירן. זי האָט געוווּסט, דעם שטנס זאָמען זענען אין איר; זי וועט פון דעם שוין קיין מאָל נישט אַנטלויפן; זי איז אויף אייביק פאַרלוירן פאַר איר שטאָם, פאַרשטויסן פון אים. אַ קליינער מאָנסטער וועט פון איר אַרויס זיך באַווייזן.

ווען ער איז אָבער פון איר אַרויס, דאָס יינגעלע, האָט זי דערזען דאָס פּנימל פון אירע זיידעס, זייער המשך. אַלע שרעקן פון קרבן זענען אין אים אַריין.

איצט, דאָ, אין לאָדזש, האָט זי אים געהיטן פאַר זיך, מיט זיין טרויעריק קעפּל. זי האָט אים געוואָלט באַשירעמען פאַר די פרעמדע בליקן. יעדע פון די מוטערס מיט די ליידיקע טראַכטן האָט אין אים דערקענט אירע דורות, וואָס גייען ווידער אויף. זיי האָבן אויף אים געלויערט מיט זייערע ווייכע בליקן. זיי האָבן דערשפּירט אין זיך די פולקייט פון זייערע אייגענע לייבער, וואָס עס איז נישטאָ מיט איר ווו זיך אַהינ־צוטאָן; זי יוירט איבער. אין די נעכט האָבן די נישט־אויפגעגאַנגענע אין זיי קינדער, אינעווייניק זיי געגלעט, געקיצלט; זיי האָבן זיך געריסן אַרויס. זיי זענען אַראָפּ פון די בעטן, געשטרעקט זייערע גופים; געזוכט מענער, זיי אַנטקעגנצוטראָגן די אייגענע לערקייט, אָנצופילן זי. און ווען דאָס איז נישט געקומען — זענען זיי געלאָפן אין די גאַסן, איינצוהאַלטן זי אין זיך, די וואַרעמע מאָנונג.

אין די שעהען פלעגט זי, די מוטער פון טאָל, כאַפּן איר יינגעלע, און מיט אים פאַרשווונדן אין ווייטע הייף, איבער שמאָלע, הויכע שטיגן. אַ פאַרסאַפּעטע פלעגט זי איבערוואַרטן. די שטאָט האָט זיך פאַרמאַכט אַרום איר, ווי אַ שטייג. מען האָט נישט געוווּסט, ווו זי איז. די מאַמעס האָבן זיך געדרייט איבער די פולע גאַסן. אָן אים איז די שטאָט ליידיק, זיי האָבן נישט פאַר זיך קיין אָרט.

מען האָט ווידער געזוכט יענע אין די פעדערהייזער, אין די באַהעלטענישן, די וואָס אָטעמען דאָ אין די פאַרנאַכטן אין דער פרייער לופט, און לאָזן נישט נאָך זיך קיין שפּורן.

דאָס ערשטע האָט מען געטראָפן צוויי. דאָס איז געווען אין אַ שפּעטער

אונט־שעה. זיי זענען אַרויס — אַ יינגל מיט אַ מיידעלע — פון אונטער שטיגן, און האָבן זיך דערווייטערט. דער אַרומגעפליקטער טאַטע האָט גיך פאַרשטאָפט דעם אַריינגאַנג אויף צוריק. זייער נעסט אינעווייניק איז געבליבן הויל, ווי אַ ליידיק איי. ווען געשטאַלטן האָבן זיך אַנגעשפּאַרט אויף זיי און זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן — זענען זיי געבליבן פאַר אַ גלאַטיקער וואַנט. זי האָט זיי נישט אַריינגענומען אין זיך. מען איז געלאָפן פון די הייף, פון די הייזער. זיי זענען געשטאַנען מיט די רוקנס, אַנגעלענט אין דער וואַנט. דער האַלב־קרייז אַרום זיי איז געוואָרן געדיכטער און געדיכטער. צו ערשט האָבן זיי, מיט די הענטלעך, געפּרוווט זיך אויסברייטערן אַ שפּאַלט צווישן די גופים, צווישן די הויכע פיס. זיי האָבן יעדע געקאָפּעט מיט אַלטע, שווערע שיך; געזעצט מיט פויסטלעך אין בייכער איבער זיך. גיך אָבער איז אַלץ געווען געשלאָסן מיט אומצאָליקע ווענט. זיי זענען איצט געשטאַנען שטיל. בלויז זייערע אויגלעך זענען געלאָפן אַרום, מיט אַ בליק פון קליינע זקנים.

מען האָט גערעדט צו זיי, געפרעגט זייערע נעמען. מען האָט נישט געוווסט, צי זיי האָבן נישט קיין לשון, און אפשר נישט קיין נעמען; קיין מאָל האָט מען זיי נישט גערופן. אפשר זענען זיי געבוירן אין באַהעלטעניש, איידער מען האָט זייערע מאַמעס פון דאַנען אַוועקגעכאַפּט. זיי האָבן געזייגט פון שטיינער, פון מייז. מען האָט נישט געוווסט, צי זיי זענען פון איין טראַכט. פּלוצעם האָט אַ ווייבל אַרויסגעשריגן, אַז דאָס מיידעלע איז ענלעך. זי האָט זיך געריסן צו איר; זי גערופן מירעלע. עמעצער האָט אַרויסגעלאַכט, זי געשטויסן אויף צוריק; געזאָגט, אַז זי האָט קיין מאָל קיין קינד נישט געהאַט.

דער אַרומגעפליקטער טאַטע האָט געוואָלט זיי אַוועקנעמען, שטעלן אַרום זיי אַ שמירה; די גאַנצע שטאָט זאָל זיי היטן, זיי געהערן צו אַלע. „מיר וועלן דאָס לעבן פאַר זיי שטרעקן!". אַן אַנדער האָט געזאָגט, ניין! מען דאַרף זיך טיילן: יעדער וועט זיי האַלטן עטלעכע טעג.

די קינדער האָבן זיך צוזאַמענגערוקט. דאָס מיידעלע האָט זיך אַנגעהאַלטן אין יינגעלע, געזוכט שיצונג אין אים. הענט האָבן זיי געגלעט. זיי האָבן איצט אַלץ געלאָזט מיט זיך טאָן. מען האָט זיי אָנגענומען פאַר די הענטלעך און געפירט.

אויף צו מאָרגנס האָט מען אין שטאָטגאָרטן געטראָפן נאָך אַ מיידעלע. זי האָט זיך געשפּילט מיט אַ קעצל. זיי זענען געשפּרונגען איינע אויף דער אַנדערער. איר קעפּל איז געווען קורץ־געשוירן, ווי ביי אַ יינגל. יעדן איז זי אַנטקעגנגעלאָפן. זי האָט זיך געלאָזט נעמען אויף די הענט; האָט אונטערגעשטעקט דאָס גופל צום צערטלען. זי האָט גערעדט צעמישטע רייד. מען האָט באַנומען פון אירע ווערטער, אַז פרעמדע האָבן זי געהאַלטן ביי זיך אין שאַנק. פון פריער האָט זי גאָרנישט געוווסט. זיי האָבן אויפגעמאַכט די טירן און געזאָגט, מען קאָן שוין אַרויס. זיי האָבן זי געפירט דאָ אין גאָרטן אַריין, און איבערגעלאָזט. שוין לאַנג איז דאָס געווען.

מען האָט געזען, אַ קינד, אַ פאַרגעסנס, איז אין איר גופל געלעגן איינגעצויגן, ווי אַ געשלאָגן חיהלע. עס האָט אַרויסגעקוקט פון די שוואַרצע אייגעלעך. דאָס ווייבל האָט זיך דערמאָנט, זי האָט אויף דעם קינד שוין ערגעץ געקוקט; זי ווייסט נישט, וווּ. דערווייל וויל זי עס נעמען צו זיך און היטן. דאָס קינד האָט צו איר געשטרעקט

די הענטלעך. אַן אַנדערע, אַן עלטערע, האָט געזאָגט: „דו וועסט נאָך האָבן גענוג אייגענע; מיר וועט זי אויפוואַרעמען מיין גוף". עמעצער האָט ווידער זיך צעלאַכט. מענער, געבויגענע, זענען אַנגעגאַנגען אין אַ האַלבראָד, גלייך אויף איר, מיט צענומענע הענט, און זי גערופן מיט די ליפּן, זי זאָל אַריין אין זיי. איר פּנימל האָט אין זיי אַריינגעטריפט. אַ ברייטפּלייציקער האָט זי געכאַפּט אין דער הויך. דער וואָס האָט געלאַכט האָט אַ פרעג געטאָן: „און אפשר איז דאָס גופל גאָר נישט פון די זאָמען פון קרבן?" אַן אַנדערער האָט צוגעגעבן: אפשר האָט דער רוצח זי אויסגעבריט אין דער טראַכט פון זיין הור? זיי האָבן זי פאַרלאָזט ביים אַנטרינען?" „ביין!" — האָט עמעצער אויפגעשריגן. „ביין!" — האָבן אַלע נאָכגעזאָגט. עס איז געווען שטיל. מען האָט געוואַרט, די מחשבה זאָל זיך אויסלופטערן, ווי אַ ווינטל. בליקן זענען געווען אָנגעהאַנגען אין איר פּנימל. אַ רגע האָט זי דערפילט, די הענט פון ברייטפּלייציקן אַרום איר זענען לויזער געוואָרן. אין דער שטילקייט האָט מען פּלוצעם באַנומען, אַז מען וועט דאָס שוין קיין מאָל נישט וויסן; אויך נישט זי — ווען זי וועט עלטער ווערן. די וואַרעמקייט האָט מיט אַ מאָל אַ שטראָם געגעבן צו איר פון אַלע זייטן. דער ברייטפּלייציקער האָט ענגער זי איינגעקלאַמערט און איז מיט איר שנעל אַוועק.

אויף אַ דריט אָרט איז אַ מיידעלע, מיט די לעצטע אַנגסטן, אַנטלאָפן פון אַ קרענצל אַרויס. אַלע האָבן נאָך איר זיך געיאָגט, אָבער זי איז פאַרשוווּנדן. מען האָט געהערט, אַז די קליינע ליידיקן איצט אָפּ זייערע באַהעלטענישן, און פאַרלאָזן די שטאָט. זיי ציִען צו די אָפענע פעלדער, פון פּחד פון די גרויסע דאָ. דאָרט ווערט זיי נישט זיין אַרומגערינגלט. מען האָט זיי אָפּגעוואַרט אין די פאַרטאָגן ביי די טויערן. טייל האָבן געזאָגט, אַז זיי זענען נישטאָ; זיי זענען נישט פאַראַן. ס'איז בלויז געווען אַ קול. מען יאָגט זיך נאָך לופט.

מען האָט זיי מער נישט געזען. נאָר ביי נאַכט זענען זיי איצט שטאַרקער געווען אָנגעהאַנגען אין דרויסן, איבער די שוואַרצע שויבן פון אַלע שטאָקן. זיי האָבן זיך געפּאַקט קעפּל איבער קעפּל, און אַריינגעקוקט. זייערע ווייסע פּנימלעך און דינע גופים האָבן פּאָספאָרדיק דורכגעשניטן די פינצטערניש. מיר האָבן מער נישט גערעדט פון זיי, און נישט געקוקט גלייך צו די פענצטער, ווי מיר וואָלטן זיי נישט געזען. מיר האָבן אָבער געוווּסט, ווי פייגל וועלן זיי אונדז נאָכשוועבן אומעטום; זיי וועלן תמיד בלייבן אין אונדזער נאָענט.

געווען נעכט, ווען, ווי אָפּגעשמועסטערהייט, זענען מיר אַלע אַראָפּ פון די געלעגערס; מיר זענען אַרויס פון די צימערן און זיך געלאָזט איבער די לאַנגע גאַסן. מיר זענען מיט זיך אַריין אין דער געדיכטער פינצטערניש פון די לעצטע נאַכט־שעהען. מיר האָבן געטראָגן מיט זיך אונדזער געפּעק. מיר האָבן אַלע געשוויגן, נאָר אונדזערע טריט האָבן אָפּגעקלאַפּט איבער די טראָטואַרן, וואָס האָבן זיך געוויקלט אונטער אונדז. מען האָט דערפילט אַן ענגשאַפט אַרום. מען האָט זיך גערוקט אין די פוסטריט פון די אַנדערע, פאָרויס. שפּעטער האָט מען זיך פאַרנומען אויף צוריק, מיט ד'עם געפּעק אָנגעהאָנגען איבער די אַקסלען. ווען אויף מזרח איז אויפגעגאַנגען דער מאָרגנשטערן, האָט מען גיך זיך אַריינגעגנבעט אין די שטובן און מיט די קליידער זיך געלייגט אויף די בעטן. די גאַסן זענען געווען ליידיק.

*

אין איינער אַזאַ נאַכט האָט לייבל פּלוצעם זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף. ער האָט פאַרנומען דאָס געדיכטע טריט־אָפּקלאַפּן אין די גאַסן, דעם אומאויפהערלעך שטראָמיקן פּיס־ריטעם. די דריי דאָקטוירים זענען נישט געווען. אויך זיי זענען אַראָפּ מיט די פּעקלעך אונטן אין דעם שטראָם אַריין. אַ געוויין פון אַנדערן צימערל, האָט אים אויפ־געזעצט פון דער גיפּסענער פאָרעם אַרויס. ער האָט דערקענט אסתרקעס קול. אַ קילקייט הילט אַרום זיין אָפּגעדעקטע פּלייצע. אַרום די ווענט לייכט דאָס בלייכע נאַכטליכט פון דרויסן. זי מיינט, ער שלאָפט. זי וויינט איצט אויס איר אַליינקייט. ער רוקט פון איר זיך אַוועק.

אָט איצט זיצט ער נאָך זיך אַנטקעגן — אויף דער וואַנט, אין שפּיגל; ער זיצט מיטן פּנים צו זיך. ער קוקט זיך אָן. ער איז נאָך עמעצער. ער האָט נישט געוווּסט, צי איז ער פון זיך אַרויס און זיצט אַנטקעגן. ווען ער וועט דאָ נישט זיין — וועט אויך דער אין שפּיגל פאַרשווינדן; אויך דאָרט וועט בלייבן ליידיק, הויל, אָן אים. מיט אַ מאָל האָט ער געהערט אין אויער די ווערטער „דו גייסט שטאַרבן”. עס האָט ווער אים דאָס אַריינגעשעפּטשעט. ער האָט געגלייבט. ער האָט שאַרפער זיך איינגעקוקט אַנטקעגן. דערוויל זיצט ער דאָ אין וויסן העמד; אַ יונג בלייך פּנים — אַ לאַנגס. בלויז די באַקנביינער אויבן זענען רויטלעך צעוואַרעמט. איבער זיי — אַ פּאָר צעפּיבערטע, ברוינע אויגן. גיך וועלן זיי זיך לעשן. ער וועט בלייבן ליגן, אַן אַוועקגעשליידערטער. אסתרקע וועט שטיין איבער אים. ער האָט געשפּירט, ער לאָזט זיך אויס. אָט די אברים וועלן אים שווער אַראָפּפאַלן. איצט באַוועגן זיך נאָך זיינע הענט, די פינגער. ער האָט זיי זיך געשטעקט פאַר די אויגן. ער קאָן זיי ציִען. זיי פאָלגן איצט זיין ווילן. באַלד וועט אַלץ אָבער זיך אויסלעשן. ער וועט בלייבן ליגן אַ מומיע. מען וועט זי פאַרוויקלען און פאַרשיטן אין דער ערד.

ער האָט צעעפנט די אויגן אויף אָט דעם מענטש אַנטקעגן, מיט די ווילדע, הויך־צעשויבערטע האָר — אים וועט מען דאָס אין גיכן אַראָפּלאָזן אין דער ערד. דאָס איז ער אַליין. אין איינער אַ נאַכט וועט ער בלייבן ליגן אָפּגעזונדערט — געדיכט־פאַרוויקלט אין דער טיפעניש.

ער האָט דערפילט די בהלה, וואָס באַפאַלט זיין גוף.

עס האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ ווילן, גיך זיך אָפּצורייסן פון בעט, נעמען אסתרקען, לויפן אַראָפּ אונטן אין געגאַנג אַריין, שטעלן די פיס מיט אַלע. באַלד וועט דער גוף זיך אַ הייב טאָן. ער האָט זיך אַ נעם געגעבן. ער איז אָבער געבליבן מיט אַ שווער־קייט, ווי דורך לייצעס, צוריקגעצויגן אויף הינטער זיך, צום גיפּסנבעטל — נישט אָפּצוטיילן.

ער האָט ווידער געקוקט אויף די גרימאַסעס פון זיין פּנים. אָט דעם מענטש האָט מען דורך יאָרן געזוכט! די וועלט האָט זיך געיאָגט נאָך אים! פון לאַנג האָט אָט דאָס לייב שוין געדאַרפט פוילן ערגעץ, ווערן ערד. ער האָט עס געטאַפּט מיט די פינגער. ער האָט געוואָלט דערשפּירן, ווו, אויף וועלכן אָרט דאָ האָט געדאַרפט זיין דער שניט; דער לאָך פון דער קויל. איצט איז אַלץ פאַרגלאַטיקט, גאַנץ, און ער מוז פאָרט שטאַרבן. ער האָט פאַרנומען דאָס ווידערקול, וואָס קלאַפּט אין אים ריטמיש די גאַנצע צייט: „שטאַרבן”, „שטאַרבן”! נישט ווי אַ געשאָכטן עוף, מיט אַ שניט אין זיך, וועט ער פאַלן,

נאָר ווי אַן אויסגעגאַנגענס שטיל, מיט אַ פֿאַרוואָרפֿן קעפּל; דער גוף וועט ווי אַ פּגר בלייבן בלוי־פֿאַרחתמעט.

אַ רגע איז אים דורך אַ געדאַנק: און אפֿשר איז בעסער אַזוי, דאָ אויף זיין בעט? ווער ווייסט, וויפֿל ערטער אין זיין האַלדז, אין גוף — עס זענען נאָך אָנגעבריט פֿאַר דעם שניט — אויב ער וועט בלייבן?! זיין האַנט האָט פֿאַמעלעך, קוים אָנצורירן, אים זיך געגליטשט איבערן האַרץ. אפֿשר דאָ? ערגעץ וואָרט שוין די קויל, די שפּיז, דאָ זיך איינצובעסטיקן. אַזוי אָבער וועט ער דאָס אַלץ אויסמיידן.

ער איז ווידער געלעגן פֿאַרשטילט. עס האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ רחמנות אויף זיך. ווי אַלץ איז אַן אַן אויסוועג; נישט צו אַנטלויפֿן פֿון דעם. צי ווייסן זיינע פֿאַרשוווּנדענע עלטערן, ווי ער אָטעמט איצט שווער?! ווי ער מאַטערט זיך?! ער האָט געוואָלט וויינען אומבאַהאָלפֿן שטיל, פֿאַר זיך אַליין. ער האָט פֿאַרנומען, ווי אַ זיסע טרייסט, דעם לעצטן געקלאַג פֿון זיין גוף.

פּלוצעם האָט אויפֿגעהערט שאָרכן. אסתרקע ווייגט שוין נישט דאָרט. זי ליגט וואַך. זי פֿאַרנעמט זיין רירן זיך אויפֿן בעטל.

עס האָט אים אַ הייב געטאָן פֿון אָרט. אַ בלינדער געשריי איז אין אים אויף און איז גלייך אָפּגעהאַקט געוואָרן.

אין גוף זענען אים גיך געפֿלאָסן צעמישטע זכרונות; זיי זענען זיך צעגאַנגען ווי שיטערע הייסע ווערעמלעך. די גאַנצע צייט האָט ער זי געפֿירט ביז אַהער. איצט בלייבט זי, ווי אַ קינד אַליין אין דעם פֿרעמדן אַרום.

ער האָט דערהערט אַן אָטעמען אין דער לופֿט. דאָס איז זיין אייגענער אָטעם; ער זעגט שאַרף זיך איין אין אַרום.

אַ רגע איז אים דורך אַ געדאַנק, עס ווענדט זיך בלויז אין אים, נישט צו לאָזן אָפּהאַקן אָט דעם אָטעם.

ער האָט געוווּסט, אין דעם אויגנבליק איז ער נאָך דער באַפֿעלער איבער אים. ער הערשט נאָך איבער זיין גוף. פֿאַר וואָס קאָן ער די רגע נישט אויפֿהאַלטן? ער וועט אים אַריבעראָטעמען, דעם סוף!

באַלד האָט ער געהערט זיך אַליין, נישט דרייסט, באַפֿעלן: אויפֿהייבן די האַנט!". ער האָט געקוקט אַנטקעגן, די האַנט הייבט זיך העכער, העכער. ער האָט געזען אין שפּיגל, די פֿינגער באַוועגן זיך. ער האָט זיי געציילט. ער האָט געוווּסט, זיי טוען זיין ווילן. ער האָט זיך געהערט ווייטער באַפֿעלן: — „נייגן דעם קאָפּ — רעכטס, לינקס!". דער קאָפּ האָט געפֿאָלגט. „ווידער, לינקס, רעכטס!". ער האָט זיך גענייגט. „שאָקל זיך!" — האָט ער אַ געשריי געטאָן. דאָס מאָל העכער, אויפֿן קול. ער האָט געזען אין שפּיגל, ווי יענער דאָרט בוקט זיך אויף פֿאָרויס, צו אים. זיי נייגן ביידע אַראָפּ די קעפּ — איינער צום אַנדערן. ער האָט אַזוי איינגעהאַלטן אַ ווײַלע דעם גוף — געבויגן.

פּלוצעם איז אַ לייכטע פֿרייד אין אים זיך צעגאַנגען. עס איז אים געוווען קלאָר, ער וועט זי נישט צולאָזן, יענע רגע, ווען דאָס אַלץ קאָן זיך אָפּשטעלן. ער וועט זי איבערקומען. ער האָט געוווּסט, ער האָט איצט וועגן דעם באַשלאָסן! ער וועט כּסדר איבער זיך באַפֿעלן; קיין מאָל נישט אויפֿהערן.

ער האָט געוואָלט רופֿן אסתרקען, אָנזאָגן איר אָט די בשורה: ער שטאַרבט נישט.

בשום אופן נישט. ער האָט זיך איינגעהערט אין איר צימער; אין דער נאַכט, אין דעם געשטראָם פון די טריט אין דרויסן. זיי דערנענטערן זיך; זיי פליסן, ווי רווישיקע כוואַליעס פאַרביי איבער אים, איבער זיין געבויגנקייט מיטן קאָפּ אַראָפּ, ביז צו זיינע קני.

אין די ווייטערדיקע נעכט האָט שטיל זיך געטאָן אין די הייזער. מען איז נישט געשלאָפן. אַרום אַ געדעמפּט ליכט האָבן געשטאַלטן געפלאַטערט. דאָ און דאָרט, אין שמאָלע זייטיקע געסלעך, זענען איינצלנע מיידלעך, ווי יונגע קעצלעך, גיך אַריבער דעם שאָסיי; זענען פאַרשווונדן מיט זייערע שאָטנס נאָך זיך. די אין די נידעריקערע שטאָקן, פון די הייזער, האָבן פון איבער זיך געהערט ווייך־פאַרטויבטע טריט. די בעלקעס אויבן האָבן לייכט געסקריפּעט אונטער פיס. מען האָט איבער זיי שטיל זיך געדרייט אַהין און צוריק. בלויז פון דער ווייטנס אין דרויסן האָט וואַסער זיך געגאָסן פון רינעס — דין, איינשטראָמיק. עמעצער האָט דאָרט אויסגעצויגן געפּייפט; ס'איז שטיל געוואָרן. ווען מען האָט זיך געגרייט איינצושלאָפן, האָט ווידער זיך דורכגעשניטן אַ רוף. לייבל האָט אין דרימל אויפגעצאַפּלט. ער האָט זיך אויפגעזעצט און באַלד צוריק זיך אַראָפּגעלאָזט הינטער זיך. ווידער האָבן פון דרויסן זיך דערטראָגן שווערע טריט איבערן ברוק. אין אַ פענצטער האָט אויפגעלויכטן דאָס ליכט. מען האָט עס אַרויפגעדרייט און אויסגעלאָשן. אין די אַנטקעגנדיקע שטובן איז פון דעם אויפשיין כסדר געוואָרן ליכטיק און באַלד — פינצטער. ווידער איז אין פענצטער געוואָרן מילך־ליכטיק. אַ לאַנגער שאָטן האָט אינעווייניק זיך געהויבן איבערן באַלקן, און איז טיף אַראָפּגעזונקען.

מען האָט געוווּסט, ער פירט דאָרט אויבן, אין דעם בוידעמשטיבל, דעם אומאויפהערלעכן נאַכט־געראַנגל מיט זיין אייגן חיות אין זיך. זיי גייען אין אַ שטומען געאַמפּער — איינער מיטן אַנדערן — ווער וועמען — עס וועט בייקומען. שוין וואָכן גייט אָן דער פאַרמעסט — צווישן אים, דעם הויכן, דאָרן יונגענמאַן, און — זיין לעבן אין אים, וואָס לאָזט זיך נישט בייגן. זיין שאָטן וואַרפט זיך איצט פאַרביסן איבער אים. זיי זענען פאַרקנוילט אין איין קופּע, אין אַ שטיקעניש פון דאַרע הענט. אין איין מינוט וועט זיין נאָך אַלעם: איינער דעם אַנדערן וועט לאָזן ליגן אויסגעלאָשן און וועט שטיין בלייבן איבער אים. אַרום, אין דער נאַכט, הערט מען דעם פאַרמעסט.

יאָרן איז ער געלאָפן מיט זיין חיות אין זיך, ווי מיט אַ קינד, עס צו ראַטעווען. ער האָט זיך געראַנגלט פאַר יעדן טראָפּן אָטעם אין זיך. איצט איז עס אין אים אויפגעבלאָזן, גרעסער ווי ער אַליין. ער קאָן עס נישט איינהאַלטן אין זיך. ער ווייסט נישט, וואָס מיט דעם צו טאָן. ער איז געלעגן אויפן אייזערנעם בעטל, פון די זייטן אַראָפּגעלאָזט די הענט; דאָס חיות זאָל טראָפּנווייז פון אים אָפּטריפן דורך די פינגערשפּיצן. זיי האָבן אים ווי געטאָן. דאָס לעבן איז מער נישטאָ אין זיין גוף, נאָר אַרום אים. עס לייגט זיך איבער אים, און פון אַלע זייטן פאַרוויקלט עס שווער זיין גוף. ער איז פאַרמאַכט אין דעם, ווי אין אַ קאַסטן, און קאָן נישט אַרויס. מיט אַ מאָל איז ער אויפגעשפּרונגען. ער איז אַרויף אויף אַ בענקל און זיך פאַרלייגט דאָס שנירל אַרום האַלדז. ער האָט מיט די פינגער עס פאַרצויגן אויבן איבערן קאָפּ אַרום אַ האַק. באַלד וועט עס אים

איינוויגן; אַרויסקוועטשן פון אים דאָס לעצטע ביסל אָטעם. עס וועט אַריין אין דעם אומענדלעכן אָטעם פון אָרום. ער אַליין וועט בלייבן פון דער זייט, אויסער דעם. ווען ער האָט מיט די שיך געוואָלט אָפּקאָפּן דאָס בענקל פון אונטער זיך — האָט עמעץ פּלוצעם אָנגעכאַפּט פאַר אַ פוס זיין שאָטן:

— וועסט עס נישט טאָן!

— ווער ביסטו?

— מיין לעבן איז דאָ אין דיינס. דו ביסט נישט אויף דעם דער באַפעלער.

ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ:

— אָבער ווער ביסטו?

— כ'בין דיין זיידע פון אַלע דורות, דיין טאַטע.

— טאַטע, דאָס ביסטו? — איז ער געבליבן דערשטוינט.

עס האָט זיך געהערט אַ שטימע:

— איך בין דיין קינד. האַק מיך נישט אָפּ!

אַ ווײַלע איז ער געבליבן אומבאַוועגלעך. ער האָט זיך איינגעהערט, אַ הענטעלע אין אים שניידט איבער אויף דער וואַנט דעם שאָטן פון שנירל.

ער איז איצט געלעגן מאַכטלאָז אויפן בעטל און געדרימלט. ביי דער טיר האָט עמעצער געגראַבלט, ווי מיט נעגל. עס האָט זיך אָפּגעשפּאַרט שמאָל די עפענונג. עס איז אַריין אין צימער דער שאָטן פון דעם לאַנגן קעצל, וואָס האָט זיך געשפּילט מיטן פאַרלאָזטן מיידעלע אין שטאָטגאָרטן. דאָס קעצל איז געבליבן שטיין איבערן צימער.

ער האָט עס דערקענט פון זיין היים, אַ מאָל אין דער קינדהייט. וואָס טוט עס דאָ, איבער אַזוי פיל יאָרן אַריבער? עס איז אַהערגעקומען, דאָס קעצל, געפירט, ווי אויף אַ שטריקל, דורך פעלדער און שטעט. עס האָט אים געבראַכט צו טראָגן אַהער זיין אַנהייב, די היים. אַלץ שליסט איצט רונדיק זיך צוזאַמען. זיין גאַנץ לעבן פּאַקט זיך צונויף אין אַ פּאַפּיר. עס ליגט ווי אַ פּעקל, פאַר זיינע פיס. ער קאָן עס אַוועקקאָפּען, לאָזן עס אַראָפּקייקלען. ער האָט געדענקט אַ מאָל ווען זיין פאָטער איז געלעגן קראַנק, אויפן טויטנבעט, האָט דאָס קעצל, צוזאַמען מיט די קינדער, שטיל זיך געטוליעט אין די ווינקלען פון שטוב. די מינוטן זענען געווען ליידיקע. די גאַנצע ליידיקייט, וואָס איז שפּעטער געקומען, איז אין זיי געווען איינגעפּאַסט. ער האָט פּלוצעם זיך געכאַפּט, אַז אין אמתן האָט מען אים, ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד, שוין צוגעוווינט צום בלייבן אַליין, אָן זיי אַלע. מען האָט אים שוין דעמאָלט אַנטוויינט פון זיי. נישט איינמאָל האָט מען אין זיין קינדישן חלום אים געוויזן די מאַמע — אַ שטאַרבנדיקע. אין יענע נעכט האָט ער, ווי אַ פישל, אַריין אין אַ ליידיקייט, געצאַפּלט אין דעם חלום. אין דער פרי איז אין אים געבליבן דיין פאַרבאָרגן די אַנונג. ער האָט בלינד זי געטריבן פון זיך. די מאַמע האָט נישט געוווּסט, וואָס ער קוקט אַזוי אויף איר מיט אויגן פון אַ זקן, און איין מאָל פאַר נאַכט, ווען ער איז געפאָרן אויף לאַנגע באַנען, האָבן די רעדער אים באַשטעטיקט, אַז ער פאָרט, פאָרט אַוועק — אַלץ בלייבט הינטער אים. ער האָט מיט אַ מאָל באַנומען, מען פירט אים שוין ביים הענטל אין דער וועלט אַריין.

ש. האָט געוווּסט, אַז דעמאָלט האָבן די פּחדים אים געפירט אויף פאָרויס, אין דער צוקונפט — איצט שלעפּן זיי אים צוריק, אויף הינטער זיך; זיי לאָזן אים נישט אַוועק

פון דער ליידיקייט איבער וועלכע ער איז אַריבער. ער קאָן זיך נישט דערווייטערן. עס ציט אים צוריק.

מיט אַ מאָל איז ער מיט זיין שאָטן צוזאַמען אויפגעשפרונגען פון בעטל: און אפשר זענען דאָס נישט די פחדים פון אַמאָל, וואָס שלעפּן אים אויף צוריק. דאָס איז די אַנונג אויף דעם וואָס דאַרף נאָך קומען. די צוקונפט לויערט אויף אים פון אַנטקעגן. ער ווערט ווידער געפירט צו איר אויף פאָרויס. דאָס מאָל נישט פאַרן הענטל, נאָר מיטן שטריק פאַרלייגט אַרום האַלדז.

ער האָט ווידער אַראָפּגעדרייט און אַרויפגעדרייט דאָס ליכט. דאָס פענצטער האָט געוואָרפן אין דרויסן אַרויס — שטראַלן־סנאָפּעס. זיי זענען געפאַלן איבער די אַנטקעגנ־דיקע פינצטערע ווענט, אין טונקעלע פענצטערס; באַלויכטן אינעווייניק צימערן, שטיקער סופיט. דאָס ליכט איז אַראָפּ נידעריקער איבער שלאָפנדיקע גופים, קעפּ; האָט זיי אָפּגעדעקט. אויגן האָבן זיך צעעפנט, זענען געבליבן אויפגעמאַכט. מען האָט מורא געהאָט ווידער איינצושלאָפן אין די שטיבער, ענג אַרומגענומען פון די ווענט, וואָס רוקן זיך צוזאַמען.

אויך איך האָב אין דער נאַכט נישט געקאָנט איינשלאָפן. איך בין אַראָפּ אונטן, אין די גאַסן אַריין. דאָ האָט מען גאָרנישט פאַרנומען — אויך נישט קיין ווידערקול. דער חלל איז לער. איך דריי זיך איינער אַליין. די טויערן פון די הייף זענען אָפן. קיינער קומט פון זיי נישט אַרויס. פון יעדן טויער ציט אַ שנאָרכן מיך אַריין. די הייף זענען פול מיט שלאָפנדיקע, געשפּרייטע, איינער נעבן אַנדערן, איינגעטוליעט אין די ווייכע שטיינער אונטער זיך; זיי זענען אַליין פאַרפלאַסטערט אין דער ערד. אין לבנה־שיין בערגלען זיך אונטן די קערפּערס; הענט און קעפּ פאַרקנוילט.

איך בין איבער זיי געגאַנגען. איך פיל, ווי מיין געשטאַלט רוקט זיך טונקל איבער זיי. דאָס שנאָרכן הייבט זיך, וויקלט מיך. איך הער, ווי טייל קרעכצן פון שלאָף; לאָזן אַרויס דעם שנאָרך און ציִען אים צוריק איין. איבער די הויכע דעכער אַרום הענגט העל דער נאַכט־הימל. צווישן די גופים שטעל איך מיינע טריט. אַרום שווימען אין שלאָף די ליגנדיקע אויף איין אָרט — מיט די הענט אויף פאָרויס. איך שוועב איבער זיי ווי אַ חלום. איך שפּרייט אַ חלום איבער זיי. דער חלום דעקט זיי אַלע איבער, דריקט זיי פעסט אַראָפּ. זיי וועקן זיך, ווילן זיך אָפּרייסן, לויפן פריי אין אים. ער האַלט זיי צוריק. איך זע, די יונגע מיידלעך שמייכלען אין אים אַריין. זייערע באַקן רויטלען זיך; זיי אָטעמען וואַרעם. זיי פאַרשווימען איצט ווייט אין זייער קינדהייט. זייערע בריסטלעך הייבן זיך. אין חלום וועקט זיך צוריק אין זיי זייער געשלעכט. זיי זענען אין אים מער נישט אַליין.

באַלד האָבן זיי געשטרעקט די הענט פון חלום אַרויס. זייערע גופים טוליען זיך צו זייערע נאָענטע, ווילן זיי אַרומאָרעמען. די אויף די שטיינער נעבן זיי האָבן אין שלאָף דערפילט די ענגשאַפט אַרום זיך. שווערע הענט ליגן אויף זייערע הערצער. אין דרימל האָבן זיי זיך אויסגעטאַפּט מיט די גופים אַ לויזער אָרט. זיי קערן זיך אָפּ. אין דער מיט בלייבן ליגן איבעריק די אויסגעצויגענע הענט.

ש. איז געגאַנגען איבער זיי. ער האָט מיט די הענט ווייטער געשפּרייט איבער זיי דעם חלום. ער האָט זיי אונטער אים געוואָלט פאַרוועבן. ער האָט געזען, די יונגע

מיידלעך ליגן אַליין. זיי דערפילן אין שלאָף די פלוצעמדיקע קילקייט אַרום זיך. זיי בלייבן אָפגעזונדערט. קיינער גענענט נישט צו זיי.

ער האָט אין זיך דערשפּירט די פאַרשעמונג פון זייערע גופים. זיי רופן צו אונדז און מיר זענען נישטאָ. אויך ווען מען האָט זיי געפירט צו די טאָלן, זענען מיר נישט געווען. זיי האָבן אונדז געזוכט און אונדזער הילף איז נישט געקומען. אונדזערע קערפערס זענען פאַרמומיעטע דעמאָלט שוין געלעגן איבער שייטערס, האָבן געקנאַקט אין די בלויע פייערצונגען. אַלע זענען מיר אויפגעגאַנגען אין די העלע רויכן.

אונדזערע שוועסטער האָט מען, אַליין פאַרבליבענע, געפירט איבער וויסטע פעלדער. פרעמדע הענט האָבן פון זיי געריסן די קליידער, זיי אַרויסגעוויקלט פון די שלייערן. אונדזערע שוועסטער זענען געבליבן אַרויסגעשיילט אין זייער נאַקעטקייט. שפעטער האָט מען זייערע ווייסע קערפערס געוואָרפן אין די פלאַקערן, איבער אונדז.

איצט ליגן דאָ פאַר אונדז די לעצטע פון זיי. זיי שווימען אין דעם בלויען חלום, ווי אין רויכן. זיי זענען אַליין.

ער האָט געוווּסט, ש. מיר וועלן מער נישט קאָנען באַוועלטיקן זיי דאָ, זיין זייערע מענער; לאַכן צו זיי פאַרשייט, זיי אַריינצוּציִען אין שפיל פון אונדזערע גופים. נאָר שיצן וועלן מיר זיי; שיצן ביזן לעצטן פון אונדז.

מיט אַ מאָל איז אים געווען קלאָר, זיי וועלן מוזן וואַרטן, אונדזערע שוועסטערלעך, ביז פרעמדע וועלן קומען, מיט שטאַרקע הענט זיי נעמען; זיי אויסלייזן פון זייער אַליינקייט.

איך בין אַרויס פון דעם הויף אין אַן אַנדערן. אומעטום איז געווען פול מיט אויסגעשפרייטע גופים. זיי האָבן זיך געבערגלט אַרום ברונעמער, אין ווינקלען, אונטער שטיגן. אַלע — פלאַך באַהאָפטן צו דער ערד, נאָר דער אָטעם ציט זיך פון זיי אַרויף, ווי אַ רויך, ער הייבט זיך אין חלל, פאַרוועבט זיי דאָרט. זיי ליגן אונטן און זענען מיט אים באַהאָפטן אויבן. איך ווייס, בלויז זייערע טויטע איבער די פעלדער, אַן אָטעם, זענען אָפגעהאַקט. זייער אָטעם דאָ הייבט זיך ווי אַ לייטער.

איך בין געשטיגן אויף זייער יעדן אָטעמצוג, ווי אויף אַ טרעפל אַרויף. איך קריך אויף זייער לייטער אין דער נאַכט און קאָן מער נישט אַראָפ. איך האָב מורא, זיי וועלן זיך איבערוועקן, צוריקציִען די אָטעמס אין זיך, און איך וועל פאַלן.

דאָ און דאָרט זענען די לייטערס ווידער געווען איינגעלייגט אין זיי. דאָס האָבן די אויפגעוועקטע שנעל אים אַריינגעצויגן.

איך האָב זיי געטראָפן, די דערוואַכטע, ווי זיי זיצן איבער זייערס אַן אָפגעפונענעם קרוב און היטן זיין שלאָף. מיט די אויערן זענען זיי איינגעהאָרכט אין דעם אַרום. מיינע טריט האָבן זיי אויפגעשראָקן. ווען איך בין פאַרביי, האָב איך אין פלייצע געפילט דעם בליק פון זייערע אויגן.

איינער פון זיי האָט מיר נאָכגעפייפט אַ לידל. איך האָב זיך אויסגעדרייט און זיך געזעצט אויף דער ערד נעבן אים. ער האָט געהאַלטן די הענט פאַרלייגט אַרום די קני. מיר האָבן צוזאַמען געוואַכט איבער זיין אָפגעפונענער שכנטע, אַ קינד פון זיין אַמאָליקן הויף, וואָס איז אין צווישן, אין טאָל, אויפגעגאַנגען צו אַ פרוי. זי איז געלעגן איינגעשרומפן די פיס און דעם קאָפ. ער האָט געהיט דאָס רויִקע אָטעמען אין איר דרימל.

איך האָב זיך אויפגעשטעלט און נישט געוווּסט, וווּ ווייטער צו גיין. די אָטעמס זענען הינטער מיר נידעריק געלאָפן און געוויקלט מיינע פיס. איך האָב מיט די פיס זיי געשלעפּט ווייטער. די פיס זענען מיר געוואָרן דין. זיי האָבן געשראָקן די ליגנדיקע. הענט האָבן זיך געשטרעקט נידעריק, לאַנג — זיי צו פאַנגען.

איך בין מיט זיי אַריין אין אַ טאָל־פלאַכעניש, אָנגעפילט מיט ניגון. ער איז געפלאָסן אַהער פון ווייטע הייף און איבערגעפילט דעם טאָל. אַן איינצל געלעכטער האָט זיך געבלעזלט אינעם ניגון ווי אין אַ וואַסער, אַרויף און אַראָפּ, און איז צוזאַמען מיט אים זיך צעשווומען. דער ניגון האָט זיך געהויבן ביז איבער מיר. איך בין אין אים געזונקען, ביז איבערן האַלדז.

באַלד האָט ער געגליווערט אונטער מיר, דער טאָל. אין לבנה־ליכט בין איך איבער אים געגאַנגען, ווי איבער אַ גליטשיקן טייך. בלויז וואַרעמע טראָפּנס געלעכטער האָבן מיר נאָך געטריפט אין די אויערן. זיי זענען אין מיר זיך צעפלאָסן.

פּלוצעם האָב איך דערזען, אַז דאָס איז דער שלאָפנדיקער נאַכטטאָל. אונטערן איינגעגליווערטן ניגון זענען געשפּרייט איבער דער ערד, אין שורות, הונדערטער גופים. זיי ליגן, ווי מתים, וואָס פאַרדעקן מיט די גופים זייערע ליידיקע קברים אונטער זיך. בלויז דער ניגון דעקט זיי אויבן איבער. פון אונטער אים, אין דער טיפערער שיכט, הערט זיך זייער אָמפּערן אין דרימל, זייער פייפנדיקער אָטעם, זייער שנאָרכן אין שלאָף, שרייען און וויינען; אַ רופעניש פון נעמען. אַלץ איז פאַרדעקט פונעם ניגון, וואָס פליסט פון די ווייטן. די קולות פון די שלאָפנדיקע אונטן גייען אויף און פאַלן צוריק.

איך בין געשלעפּט געוואָרן צום אָנהייב פונעם ניגון. איך בין נאָך אים געגאַנגען. ער האָט מיך געוויקלט און געלאָקט צו זיך, צו זיין אָנהייב אין די הייף. דאָ איז געלעגן אַ יינגל, אויסגעצויגן איבער דער ערד, מיט די הענט אונטערגעלענט אונטערן קאָפּ; די אויגן אויפגעריסן אַרויף צום נאַכטהימל. פון זיין מויל איז דאָס געפלאָסן דער ניגון; ער האָט זיך געשפּרייט איבערן שלאָפנדיקן פעלד. אַלע אַרום האָט ער איבערגעדעקט און פאַרוויגט, ווי קינדער. זיי זענען אונטער אים איינגעדרימלט, ווי אונטער אַ ריזן ליילעך.

מיינע פיס זענען געבליבן פאַרשטעקט אין דעם ליילעך. די נאַכט אַרום איז געוואָרן ווייס. איך האָב זיך געוויקלט אין דעם ליילעך נעבן יינגל. איך האָב זיך דערפילט ווי אַ קינד: אַ שלאָף פאַלט אויף מיר.

איבערן יינגל איז געזעסן געבויגן זיין זעכצניעריק שוועסטערל; די האָר אירע פאַרוואָרפן אויף פאָרויס, איבערן פּנים אַריבער. זי זיצט. זיין געזאַנג פליסט איר דורך.

איך האָב מער נישט געקענט איינשלאָפן. מיט פאַרמאַכטע אויגן האָב איך געוואָלט אַריינשווימען צווישן זיי ביידע, אין דעם שטראָם לבנה־ליכט.

דאָס שוועסטערל איז געזעסן איבער אים. שוין זיבן טעג, ווי זי האָט אים אָפּגעפונען, און שוין דריי טעג, ווי זי זיצט איבער אים.

מיט זיבן טעג צוריק האָט זי אים געטראָפן אויף די וועגן פון טאָל אַרויס. זי איז צו אים צוגעפאַלן. נאָר מיט איין יאָר איז ער עלטער פון איר. זי האָט געוואָלט, ער זאָל זי דערקענען, נעמען אונטער זיין שוץ, זי פירן.

ער האָט געקוקט צו איר פון די ווייטקייטן אַרויס. דאָס בין איך, האָט זי אים גערופן. ער האָט געגלאָצט אויף פאָרויס מיט די אויגן; געשטעלט לויז די טריט, ווי אויף איין אָרט.

ביז אַהער האָט זי אים געפירט.

שוין דריי טעג, ווי זי וועקט אים. זי איז איבער אים געבייגט. צו מאָל דערנענטערט זיך זיין פּנים; זייערע בליקן באַהעפטן זיך אַ ווײַלע. באַלד זינקט ער אַראָפּ אונטער זיך, טיף, ווי אין אַ טאָל. איר קאָפּ הענגט הויך איבער אים.

פון דער טיפקייט גייט־אויף זיין געזאַנג:

— לאַ, לאַ־לאַ! און האַ, האַ, האַ!

עס איז שטיל. זיין געזאַנג מאַכט נאָך מער איינשרומפּן אַלע אַרום אויף די שלאָפנ־דיקע פעלדער. די אָטעמס ווערן אָפּגעהאַקט.

אויך די אין דער אונטערשטער שיכט האַלטן איין דאָס שנאָרכן; דאָס רופן פון שלאָף די נעמען; דאָס פאַרשטומטע שרייען און וויינען. אַלץ איז איינגעהאָרכט; דאָס אויסגעצויגענע געזאַנג הייבט זיך אין דער נאַכט איבער זיי:

— טראַלאַ, לאַ! און — האַ — האַ — האַ!

דאָס שוועסטערל פילט, ווי זיין געזאַנג פרירט זי איין.

און באַלד פאַרנעמט זי זיין אָפּגעהאַקט געלעכטער, וואָס גייט פון אים אויף:

— כאַ, כאַ, כאַ! און האַ, האַ־האַ!

דאָס געלעכטער פליסט אין דער אָפענער נאַכט אַריין. עס קאָלערט זיך, ווי אַ לערער פאַס איבער דער ערד. אַרום הייבן זיך קעפּ און פאַלן באַלד ווידער אַראָפּ. זיי בלייבן ליגן אָפן. קיינער פאַרשטאָפּט זיך נישט די אויערן.

— האַ, האַ, האַ!

— האַ, האַ!

איצט זינגט ער שוין ווידער. זי דערקענט דעם וויטן קינדער־ניגון פון זיין שולע, אַ מאָל. עס וויגט זי איין. זי ווייסט, ער איז שוין ווייט, טיף, ערגעץ צוריק אין דער היים. זי קאָן אים נישט נאָך. דאָס געלעכטער ליגט צווישן זיי.

— האַ, האַ!

אויך זי ציט עס אין אַ שלאָף אַריין. עס פילן בלויז אָן איר גוף זײַנע אויפגעריסענע אויגן.

ש. איז איצט געגאַנגען ווייטער איבער דער ליידיקייט. ער איז אַוועק — אַנגעפילט די אויערן, דעם גוף, מיטן געזאַנג פונעם פאַרטריבענעם קינד. ער איז געוועזן אָפּגעדעקט אונטערן לבנה־ליכט. די ניגונים האָבן פון אים אַרויס זיך איבערגעגאָסן; זענען אים איבערגעגאַנגען די אברים. זיי האָבן אים געטריפט פון די נאָזלעכער, פון מויל, איבערן שטערן, דעם קאַרק. ער האָט שטיל, אָן אַ קול, זיי מיטגעזונגען אין זיך:

— טראַלאַלאַ!

— האַ, האַ!

ער איז געגאַנגען ווייטער אויפן פעלד. דאָ האָט ער אָנגעטראָפן אויפן מיידל אָן די האָר. אין דער פינצטערניש פון די נעכט האָט זי זיך אַרומגעדרייט אַ באַקעטע. שוין עטלעכע וואָכן קען ער זי. זי האָט געשעפּטשעט, אַז מענטשן טאָרן מער נישט טראָגן אויף זיך קיין מלבושים; נאַקעט, ווי חיות, דאַרפן זיי אַרומגיין; אויך נישט בויען מער קיין הייזער. זיי דאַרפן וווינען אין די וועלדער. פאַר נאַקעטע וועט נישט זיין וואָס

זיך צו שרעקן. ער האָט זי געהאַט געזען ביי טאָג צוזאַמען מיט איר באַגלייטער — אויך אַ נאַקעטן זכר, וואָס איז איבערן גאַנצן לייב — געווען באַוואַקסן בלויז מיט שוואַרצע האָר. דער גוף, די הענט, פּיס, אַקסלען — זענען אים געווען אַרומגענומען ווי מיט אַ גלאַנציקער געקרייזלט־האָריקער נעץ. זי האָט געשריגן, אַז ער האָט אין האַלבער נאַכט זי אַנגעשטעקט מיט פליסנדיק פייער. איצט פילט זי אין זיך טליִענדיק אַש; פונקען בריִען איר אין די אינגעווײדן.

דער באַגלייטער אירער איז מער נישט געווען. זי איז געזעסן אַליין — נאַקעט, אַן אָנהאָריקע, צווישן די שלאָפנדיקע. די הענט פאַרלייגט אַרום אירע קני. זי האָט געזאָגט, אַז עס איז איר קאַלט; די פונקען לעשן זיך, גייען אויס. באַלד איז זי געבליבן פאַרשוויגן, איינגעשרומפּענער, ווי אַ געשלאָגן הינטל, אַ קראַנקס.

פלוצעם האָט ער זיך דערמאָנט אין דער קליינער רחלע, וואָס איז פון אַלע טאָלן אַרויס גאַנץ, און געשטאַלטן שלייכן זיך נאָך איר טאָג און נאַכט. זיי גלייבן אַלץ, אַז נעבן איר וועט מען זיך דורכקריכן ווייטער. שוין וואָכן גייט זי אים נאָך; זי טוליעט איר שאָטן צו אים. פון די אַלע, וואָס גייען זי נאָך, אַנטרינט זי אין זיין נאָענט, ווי זי וואָלט ביי אים געזוכט שוץ. ווו איז זי איצט? שלאָפט זי אין דער מינוט, אָדער איז זי וואַך אין אַ ווינקל, צווישן די, וואָס לאָזן פון איר קיין אויג נישט אַראָפּ? אַ מורא איז אים באַפאַלן: אפשר האָט איצט ווער דערגרייכט צו איר אין איר שלאָף; יענער וואַרעמט איר פאַרלאָזנקייט.

ער האָט פלוצעם דערשפּירט, ווי נאָענט זי איז אים. אירע קינדישע פּחדים האָט זי געלייגט אויף זיין באַראָט, ער זאָל טראָגן די אחריות פאַר איר. עס האָט אים אַ שטויס געטון אויף פאַרויס, צו די הייף, זי זוכן.

ער איז ווידער געווען פאַרפלאָנטערט נידעריק ביי דער ערד. ער האָט דערקענט די אויגן פון דעם יינגעלע — איינער פון די צוויי קינדער, וואָס דאָס באַהעלטעניש אין פּעדערהויז האָט פאַר זיי זיך געשלאָסן. פון דעמאָלט אָן זענען זיי אין דרויסן, אַנטבלויזט. אויך דער קליינער גייט לעצטנס אים נאָך; רינגלט אים אַרום נידעריק מיט זיינע בליקן. ער האָט איצט געוווּסט, מער וועט ער פון אים זיך נישט אָפּרייסן. אויף פאַר אים איז ער ערוב שוין אויף תמיד.

און מיט אַ מאָל איז אים קלאָר געוואָרן, אַז זיי אַלע דאָ זענען אַ טייל פון אים. ער טראָגט יעדן פון זיי אין זיך, ווי אין אַ נעסט; זיי טוליען זיך איִעווייניק ווי שוואַלבן. ער שפּירט זייערע טריטעלעך. זייער גאַנג אין אים איז דער ריטעם פון זיין וועג.

ער האָט באַנומען, ער וועט שוין נישט קענען בלייבן אָן זיי. עס וועט אין אים זיין ליידיק. קיינער וועט אים מער נישט זיין אַזוי נאָענט.

באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אַז אויך זיי זענען אין משך די וואָכן דאָ אַלע צוזאַמענ־געוואַקסן צו איין ריזן גוף — נישט אָפּצוטיילן. זיי זענען אַ צוזאַמענבאַהאָפטענער גוף מיט איין אָטעם. דעריבער קאָנען זיי נישט רוקן זיך פאַרויס. דער גוף באַוועגט זיך אויף איין אָרט. ווי וועלן זיי מיט דער צייט זיך שיידן.

איך בין שנעל אַוועק פון דעם פּלאַץ. עס האָט מיך נאָכגעעקבערט אין פּלייצע דאָס

הייזעריקע געזאַנג פון דעם ייִנגל; עס האָט הינטער מיר זיך געריסן. איך האָב געוווּסט, מײַנע פיס וועלן זיך שטרויכלען אויף דער ערד, איבער די בליקן פון דעם קינד. רחלעס שלאָף איז פאַרשלונגען אין דער פינצטערניש. איך בין געגאַנגען ווײַטער. איך בין געשטאַנען מיטן פנים צו דער אָפענער נאַכט; האָב אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפּ אין איר ווייכקייט. איך האָב געוווּסט, זי ציט זיך ביזן סוף פון די ווײַטקייטן. זי נעמט מיך אַרײַן אין זיך. פון אויבן האָבן מיר אַראָפּגעטריפט אײנצלנע וואַרעמע טראָפּנס אין די האָר. איך האָב אויפגעהויבן די אויגן, זיי אונטערגעשטעלט. איך וועל גיין נאָך טיפער אין דער נאַכט אַרײַן.

פינף און צוואָנציק יאָר בין איך אַלט.

געשטערקטע אָרעמס פון די טיפענישן האָבן מיך גערופן צו זיך. איך האָב פאַרנומען ווײַטע קולות. זיי הייבן זיך פון דער ערד און פאַלן צוריק. בלויז הענט שטרעקן זיך נאָך דאָרט פון פאַרשיטקייטן. ווידער אַן עכאָ פון קולות. ער גרייכט אָפּגעהאַקט צו מײַנע שפּיצן אויערן און ווערט אײַנגעשטילט.

עס האָט מיך געגלוסט שטעלן די טריט, בלינד, צו די רופנדיקע אָרעמס; פאַלן אויף די קני, אַרײַנטוליען דאָס פנים אין דער שוואַרצער פולכנער ערד. אָדער צולייגן דאָס אויער און פאַרנעמען די ברומעניש אין אירע טיפענישן.

איך בין געווען אויסער דער שטאָט; בין געלעגן צוגעדריקט מײַן נאַקעט האַרץ צו דער ערד, צום גערויש פון אירע אָדערן. איך האָב איר קלאַפּעניש געשפּירט אין זיך.

זי ליגט אונטער מיר אַזוי נאָענט, די ערד, אַן אַלטע, אַן אייביקע. איך בין געשפּרייט איבער איר. איך געהער צו איר. אַלע דורות פון פאַר און אַרום מיר, זענען שוין אין איר. מיר קריכן מיט די פיס איבער איר גוף, דורך יאָרטויזנטער, ווי ווערעמלעך. זי טוישט אונדז אויבן און זאַמלט אונדז אײַן אין זיך.

אין איר לײַב שטייען איצט אַרײַנגעשטעקט, ווי פּיס, די פונדאַמענטן פון הויך געמויערטן לאַדזש. די שטאָט הויערט אויף איר רוקן, ווי אַן אײַנגעדרימלטע שטייענדיקע חיה. ביים ערשטן אויפציטער, וועט אַלץ זיך אַראָפּטרייסלען, זיך אײַנברעכן, זיך צעפאַלן, און זינקען אַראָפּ. די נאַכט וועט פאַרדעקן דעם לעצטן ברום.

ש. האָט באַנומען, זי האָט, די ערד, זיי אַלע אײַנגעזאַמלט דאָרט, אין לאָדזש, כדי מיט איין מאָל זיי צו געבן אייביקע רו אין איר שויס. עס וואַרט אויף זיי אין איר, די רו. זיי שפּירן שוין די אייביקייט אין זייערע מידע ביינער. זייערע גופים זענען פול מיט איר; זיי שווערן אַראָפּ; ווי אַלטע שטאַמען ווערן זיי פאַרוואַקסן אין דער ערד.

פון אויבן וועט דאָס חורבע לאָדזש זיי צודעקן; אײַנוויגן דעם פאַרשטילטן סוד אין זייערע שלייפן.

איך בין געלעגן אויסגעצויגן, פאַרוויקלט אין טויזיקע נאַכטגראָזן; איך האָב געהערט אין מײַן גוף די גערוישן. זיי האָבן אונטן — פאַרטויבט זיך געקאָלערט ביז די גרונטגעפעסטיקטע טיפענישן.

אַ רגע האָט עפּעס אויבן זיך אַ טרייסל געטאָן. ס׳האָט זיך אײַנגעשטילט. מען פאַרנעמט מער נישט קיין שאָרך. אפשר איז אַלץ אַרום מיר שוין אָפּגעשטאָרבן? ס׳איז לער איבער דעם אייבערפלאַך, ווײַט ביז אַלע עקן? איך בין געבליבן אײנער אַליין?

אַ שטערן האָט אויבן איבער מיר זיך פֿאַרבייגעקייקלט אין אַ בליציקן געבייג. איך האָב געשפּירט, איך בין אַ קינד. עס הייבט מיך לייכט. איך פֿלי נאָך אים אין דער טונקעלער לופֿט, הויך; שטרעק מיט דער האַנט אַ נעץ; איך וויל אים אין איר אַריינ־פֿאַנגען. איך ווער געטראָגן העכער, וויג זיך אין חלל. דער שטערן איז שוין אַראָפּגעפֿאַלן, ווייט. איך פֿאַרנעם דעם עכאָ פֿון זיין פֿאַל צווישן בערג. אפֿשר האָט אין דער רגע זיך געלאָשן ערגעץ אַ שטאָט?!

איינער אַליין בין איך געבליבן איבער דער ערד. מיין גוף זאַפּט ווידער איין אירע טרייסלענישן.

מיט אַ מאָל איז מיר קלאָר געוואָרן, זי שפּאַלט זיך אונטער מיר, די מידע ערד, אָט אין דער רגע, ביז אירע יסודות. עס איז געקומען איר צייט. עס ברעכן זיך, פֿאַלן אונטן, אירע שיכטן; עס בייגן זיך טיף אירע פֿונדאַמענטן, לייגן זיך איין. עס קומט דער אויפֿרייס, דער צעפֿאַל. אַלץ אַרום קראַכט. מיר קייקלען זיך מיט אירע וואַלן, אין די תהומען. נישטאָ אין וואָס זיך אָנצוהאַלטן. מיר נידערן — צווישן שטיקער בערג, זון — מיט די פּנימער אַראָפּ.

אַלץ האָט זיך פֿאַרלאָשן, איז אויס. ווידער איז חושך על פּני התהום.

איך הייב אויף דעם קאָפּ. אין דער שטאָק־פֿינצטערניש פֿון אַרום — אויבן, איבער דער לערקייט, פֿאַרנעם איך אַ פֿלאַטערן. איך ווייס, גאָטס גייסט שוועבט איינער אַליין איבערן אָפּגרונט.

אַן אויסגעצויגענער האָב איך זיך געקלאַמערט אין דער מאַסיווקייט אונטער מיר; געשפּרייט איבער איר מיינע הענט; מיט די פֿינגער זיך אָנצוהאַלטן. איך בין דאָ אַליין, אַן אַ באַוועגן. איך זוך, איך וויל האָבן מיין לעצט קינד, מיין יינגעלע, ביי זיך; וויקלען אים אַרום מיר. אויך ער איז נישטאָ. מיר נידערן יעדער ווייט, באַזונדער. מיר גייען פֿאַרלוירן אין אָפּגרונט. אין מיינע אויערן האָבן זיך איינגעשטילט די מיליאָנען ווייטע ווידער־קולות, די פֿאַרדושעטע געשרייען. זיי זענען געזונקען אַראָפּ.

איך בין אַ ווייטלע פֿאַרטשפּעט איבערן תהום; איך פֿלאַטער אין דער לופֿט. איך וויל אַרויסלאָזן נאָך איין אויסגעשריי.

אַ געדאַנק איז מיר דורך: און אפֿשר צעפֿאַלט זיך, נישט דער גאַנצער ערדקיילעך, נאָר בלויז דער טייל מיט אונדז דאָ? אַנדערע טיילן האַלטן זיך און וועלן ווייטער שוועבן אין חלל; נאָר מיר ברעכן זיך אָפּ. די ערד ווייטער מיט די מענטשן אויף זיך בלייבט אויף שטענדיק שוין אָן אונדז. מיר באַווייזן נישט עפּעס צו זאָגן יענע, איין וואָרט. איך האָב פּלוצעם פֿאַרנומען אין זיך דעם ווייטיק מיינעם פֿון זייער בלייבן. באַלד איז מיר געוואָרן לייכטער: ניין, אַלץ פֿאַלט אין די תהומען. גאָרנישט בלייבט. בלויז איך הענג נאָך, דער לעצטער, פֿאַרטשפּעט. אַלץ איז שוין געזונקען. עס איז שטיל. איך הענג, האָב מורא אויפֿצורירן די שטילקייט מיט מיין אָטעם; מיט מיין פֿאַלן.

באַלד האָב איך געענדערט. איך בין אונטן געבליבן אַן אָטעמדיק שטויבל.

און מיט אַ מאָל האָב איך, קליין — פֿון דער טיף אַרויס — געוואָלט קניען אַרויף צום חלל.

קניען פֿאַר גאָטס גייסט, וואָס שוועבט פֿון אויבן, פֿאַר גאָטס שטול.

אַלץ איז איינגעשטילט, גאָרנישט אָטעמט שוין אין חלל. קיין מאָל מער וועט עפּעס זיך באַוועגן; אייביק אַזוי וועט זי דויערן, די גליווערונג.

ס'איז — „ואחרי ככלות הכל" —

און — אין דעם אומענדלעך לערן רוים, ווען אַלץ איז שוין פאַרלענדט, פאַר־גאַנגען — הענגט זי, די מעכטיקע שטול, איבער אַלץ; ער זיצט, גאָט, אַליין אויף דער שטול, און —

„לבדו ימלוך נורא" —

ער קיניגט אַליין, דער אַלמעכטיקער.

ער זיצט טרויעריק און פאַרשוויגן, אין דער הייך, דער גרויסער גאָט, אַן עלנטער.

ווי מוראדיק!

איך האָב געוואָלט וויינען, שלוכצן אומבאַהאָלפן אין זיך אויף זיין אייביקן בלייבן אַליין אין זיין אַלמעכטיקייט.

אין דרויסן איז אויף אייביק די פאַרנאַכט־שעה פון פאַרגאַנג; תמיד וועט זי שוין אַזוי בלייבן אין די טיפענישן אונטער אים, די גליווערנדיקע פאַרנעפּלונג. גאָרנישט אין גאָרנישט וועט מער זיך אָנשטויסן, און די שטול וועט הענגען, אומבאַוועגלעך, פאַרהילט אין דער הויכער דורכזיכטיקייט.

איך האָב געקניט, מיטן קאָפּ געבויגן אַראָפּ, געפּרעפּלט:

— והוא היה, והוא הוה, והוא יהיה —

„און ער וועט זיין" —

איך האָב מורא באַקומען. עס איז אין מיר אויפגעגאַנגען אַ פּחד פאַר דעם אייביקן בלייבן.

שפּעטער האָט עמעצער, ווי אַ קינד ביים הענטל, מיך געפירט אויף צוריק. איך האָב וואָס גיכער געוואָלט זיין אין לאָדזש, אַריין אין שטאָט, איידער עס טאָגט אויף; קעניען דאָ אַ געבויגענער פאַר די מענטשן, פאַר זייער פאַרגענגלעכקייט; זיין נעבן זיי, צוזאַמען מיט זיי זיך באַהאַלטן פאַר דער געטלעכקייט אין אונדז. איך האָב מורא געהאַט צו גיין איבער דער ערד, שטעלן אויף איר טריט. אָט צעעפנט זי זיך און פאַר־שלינגט אונדז אין איר דויער.

פון דער ווייטנס האָב איך געקוקט אויפן זון־אויפגאַנג אין לאָדזש; אויף אירע בלאַסע פאַרטאָג־ליכטער. אין גרויען אויפטאָגן איז די שטאָט איצט געלעגן אין דרויסן, אַן איבערגעלאָזטע הפקר, קיינער היט זי נישט. בלויז די תהומען אַרום איר זענען אָפן. קיינער קען נישט אַרויס.

אינעווייניק, צווישן די דיקע מויערן, האָבן מענטשן, ווי קליינע באַשעפענישן, שוין געראַיעט, געזוכט זיך צו באַפעסטיקן. מען האָט פון דער ווייטנס געזען, ווי עס הייבט זיך דער טורעם אַרויף. זיי זענען אויף ס'ניי צוגעטראָטן אים בויען. דער טורעם האָט אויסגעזען, ווי ער הענגט אין חלל, אָפּגעריסן פון דער ערד, אונטן. זיי ווילן זיך אָפּטיילן פון דעם פלאַך. אפשר שוין בלייבן שטעקן אין דער הייך, מיט די פיס אין דער לופטן. גיין איבער וואָלקנס און אפשר ווילן זיי פאַרוואַרפן איבער די הייכקייטן אַ בריק אין די ווייטקייטן אַריין — אַ בריק צו היפערן איבער די אָפּגרונטן.

ש. האָט זיי געטראָפן צעטומלטע ביי דער אַרבעט. זיי האָבן זיך געשראָקן, מען זאָל צווישן זיי נישט אויסמישן זייער שפּראַך; דער טורעם וועט אין אַן ערד־ציטערניש איבער זיי פאַלן, זיי צודעקן. ער וועט בלייבן אַ דענקמאָל אין די ווייטע צייטן אַריין. טייל האָבן געוואָלט זיך אונטערגראָבן אין לאַנגע קאַנאַלן אונטער די תהומען, אַרויס ווייט, פון דער אַנדערער זייט. זיי האָבן מורא געהאַט, די ערד זאָל אונטן זיך נישט פאַרמאַכן אַרום זיי. זיי איינמומיען. עס איז אים באַפאַלן, ש.ינען, אַ ציטער פאַר זיך. מיט אַ מאָל האָט ער דערשפּירט אויף זיכער, ער בלייבט איינער אַליין. ער טראָגט זיי אַלע אין זיינע אינגעווייַדן, ער מוז אַוועקפירן מיט זיך אין די ווייטקייטן אַריין די לערע פון זייערע טעג, איבערפלאַנצן זייערע אַלע פּנימער אין דער צוקונפט; זיי נאָך אַ מאָל פאַרזעצן. ער מוז שוין אַוועק. ער קען נאָך פאַרשפּעטיקן. ער האָט געוואָלט זיך פאַרבאַרגן ערגעץ אין אַ בלינדן פעלדז, ווי אין אַ תיבה. איבערשלאָפן דאָרט לאַנג; שפּעטער נאָך אַלעם זיך אויפכאַפּן און פון זיך זיי אַלע אַרויסלאָזן — אַריין אין די ווייטע דורות.

ער האָט אָבער געוווסט, ער בלייבט, נישט ווייל ער איז געווען בעסער פון זיי אַלע, נאָר ווייל דאָס האָט אויף אים זיך אַראָפּגעלאָזט ווי אַ שטראָף.

ער איז אַרויף אין זיין בוידעמשטיבל, מיטן פענצטער צום טורעם אַרויס. ער האָט פאַרהאָנגען דאָס פענצטער.

דער הויכער, דאַרער יונגערמאַן האָט אין זיין צימערל, דורך די נעכט, אַלץ געפירט דעם געראַנגל מיט זיין חיות אין זיך. ער האָט געוואָלט אַנטרינען פאַר דער שטראָף; זיך באַהאַלטן פאַר די דורות. פאַר די פון פאַר אים, און פאַר די וואָס זענען אין אים, און ווילן אַרויס. אויף להכעיס פאַרלאָזן זיי אים נישט. זיי שטייען אַרום אים מיט לאַנגע שערן און שניידן די שטריק פון אַרום זיין האַלדז. נישט איין מאָל האָט אַ כעסנדיקער זיידע אים אַראָפּגעלאָזט פּעטש אין פּנים. די פינגער זענען אים פייערדיק געבליבן הענגען פאַר די אויגן.

ער איז ווידער געלעגן איבערן אייזערנעם בעטל, און נישט אויפגעהערט צו טענהן צו זיי: וואָס איז ער דען שולדיק, אַז זייער אַלעמענס דויער האָט זיך אָנגעזאַמלט אין זיין איינציקן גוף?! ער איז געוואָרן אַ שמאָלע רער דורך וועלכער זיי אַלע ווילן זיך דורכפּאַקן. ער האָט זיי אויך געזען, די ווייטערע דורות. עס איז אים נמאס געווען די שטראָף, צו דרייען זיך שפּעטער צווישן זיי, איבער דער ערד אַ זקן, מיט דער געזעצטער חכמה פון די איצטיקע פאַרגאַנגענע טעג.

ער האָט נאָך דעם געזוכט אונטער די גאַסן שמאָלע קאַנאַלן, בעטאָנענע; קאַנאַלן אונטער קאַנאַלן; אַראָפּצולאָזן זיך דאָרט, ווו עס דערגרייכט נישט קיין עכאָ פון אויבן; פאַרבלייבן אונטן אַ פאַרגעסענער צווישן די קילע צעמענט־ווענט. נישט קאָנען מער אַרויף. בלויז זיין ברום וועט אין דער טיף זיך קאָלערן. ער האָט אונטן געוואָלט פאַר־בלייבן אַליין, נאָר מיט זיין אייגענעם טויט אין זיך.

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער טראָגט אים, זיין ירושה־טויט, פון קינדווייז אָן; ער נעסטעט אין אים, באַהאַלטן; אַן איינגעלייגטער, מיט איינגעצויגענע פיס. נישט איין מאָל שוין האָט ער געמיינט, אַז ער איז זיין שונא; אַ פרעמדער, וואָס וואַרט אים שלעכטס צו טאָן. ער האָט זיך געשראָקן פאַר דער מינוט וואָס מוז קומען, ווען ער וועט אים

באַפֿאַלן פֿון אינעווייניק. יאָרן איז ער געווען גרייט זיך צו ווערן קעגן דער מינוס. דורך די נעכט האָט ער געפֿירט דעם גראַנגל מיט אים, אים איבערצוקליגלען; בינדן אים, פֿון פֿאָרויס אים דערשטיקן און אַרויסוואַרפֿן פֿון זיך.

היינט ווייסט ער, ער איז אַ קרבן גלייך מיט אים. ער ליגט אין אים אַן איינ־געשרומפּענער פֿון שרעק פֿאַר דעם ריזיקן, דרויסנדיקן טויט, וואָס לויערט צו גלייך אויף זיי ביידע. יענער לאָזט אַריין אַ פֿינצטערניש אין זיינע קרבנות און מיט זיינע לאַפּעס דערוועגט ער פֿון דרויסן, זיי אין איינעם מיט דעם קליינעם, היימישן טויט אין זיי. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער, זייער אייגענער, וואַרעמער, אינעווייניקסטער טויט, ליגט אין אַלע ריזן־גריבער, אַ דערוואָרגענער אין זיי. אויך איצט, שפּירט ער, ווי ער ציטערט אין אים, פֿאַרבאָרגן, ווי אַ קראַנק הינטל.

ער האָט מער נישט געוואָלט וואַרטן ביז דער דרויסנדיקער וועט, ווי אַ מאָנסטער, זיי ביידע באַפֿאַלן, לייגן זיי מיטן קאָפּ אויפֿן עשאַפּאָט, דעם מזבח פֿאַר די גויישע געטער. ניין, ער וועט דעם איבערגעשראָקענעם טויט אין זיך פֿירן, ווי אַ קינד, אין די קאַנאַלן אַראָפּ. דאָרט וועט ער אים איינשלעפֿן ביז זיי וועלן ביידע פֿון זיך אַרויסלאָזן דעם אָטעם, און ווען יענער וועט קומען, ער וועט זיי דערגרייכן — וועט ער בלייבן שטיין איבער זיי, ווי אַ נאַר. זיי וועלן ביידע ליגן מיט דער צונג אַרויס־געשטעקט צו אים.

אַ לויזע שטימע האָט אין אים גענומען רעדן, פֿרעמד, ווי אַ דיבוק:

— און פֿון וואַנען ווייסטו דאָס, אַז מיר זענען צוויי, אַ מילדער און אַ מאָנסטער? אפֿשר זענען מיר איינער, נאָר מיט צוויי פּנימער, אַן אינעווייניקסטס און אַ דרויסנדיקס?! נישט דו פֿירסט מיך איצט, ווי אַ קינד ביים הענטל אַראָפּ, נאָר איך דיך — צו מיין איינציקן ציל. דו בלייבסט אין דער מיט, צווישן מיינע ביידע פּנימער. שפּעטער, ווען וועסט זיך כאַפּן — וועט שוין זיין צו שפּעט: נישט דו מיר, נאָר איך דיר וועל אַרויסשטעקן אַ צונג.

ער האָט דערפֿילט, ווי ער שטייט אַ נאַר, מיטן שטריק אין דער האַנט.

אַ רגע האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו אים איבער זיך. ער האָט געוואָלט צו אים טענהן, שוין ווייכער: גוט, איך גיב דיר זיך אונטער, אָבער נישט ווי קיין אונ־טערטעניקער; מיין נישט, פֿירסט מיך ווי אַ קינד ביים הענטל. איך וועל גיין פֿריי, קוקן דיר אָפֿן אין פּנים. איך ווייס, איך גיי, ווייל איך מוז! אָבער פֿאַרוויג מיך נישט מיט קיין קוש אין קאָפּ. מיר קענען זיך. כאָטש די פּריווילעגיע קומט דאָך מיר.

די שכנים האָבן אים איצט געהיטן. מען האָט צוגעלייגט דאָס אויער צו זיין טיר. מען איז אים נאָכגעגאַנגען אויף יעדן שריט. ווען מען האָט אים נישט געטראָפֿן — האָט געשראָקן די ליידיקייט פֿון זיין שטיבל. מען האָט אים געזוכט אויף ביידעמער, אין קעלערס. מען האָט אים צוריקגעפֿירט, ווי אַ שיכור, מיט וואַקלענדיקע טריט.

עס האָט זיך אונטערגערוקט דער טאָג פֿון פֿאַרמעסט. די אונטערשטע שטאָקן האָבן געהאַט זיך אַרויפֿגעצויגן, געהויבן זיך ביז אונטער די סאַמע דילן פֿון די אייבערשטע איינוווינער. די פֿון אויבן זענען מיט זייערע פֿיס איצט שוין געשטאַנען

האַרט איבער די קעפּ פון די אונטן. נישטאָ קיין לערער צווישן־חלל. די אייבערשטע האָבן מער נישט געהאַט ווו זיך צו פאַרנעמען העכער. אין די נעכט האָבן זיי געהערט, ווי יענע, אונטן, הייבן זיך פון די דילן אַרויף, קלאַפּן מיט די קעפּ אין סופיט. זיי האָבן מורא געהאַט, זיי זאָלן זיי נישט שטופּן, צוזאַמען מיט די דילן, אין דער לופטן. זיי האָבן מיט זייערע פיס פעסט צוריקגעטראָטן, זיך אויסגעצויגן, געדריקט אַראָפּ מיט דער שווערקייט פון די קערפּערס. ביידע צדדים האָבן געוווּסט, אַז דער צוזאַמענשטויס האָט זיך אָנגעהויבן; מען האָט אים נישט פאַרמיטן. אויף די אייבערשטע איז געפאַלן אַ פּחד. די אונטערשטע זענען איצט מערער. זיי גנבענען זיך אַריין אין שטאָט פון אונטער די מויערן. זיי האָבן מורא געהאַט, יענע זאָלן זיך נישט צוריקציִען פון די שטובן, אַרויס אין די הייף; פון אַלע זייטן אַרומרינגלען די הייזער און מיט די הענט, ווי ריזן־שטייגן, זיי הייבן אין דער לופט; זיי אַוועקטראָגן ווייט. זיי אינעווייניק, אין די געטראָגענע הייזער, וועט זיך פאַרמישן אין די קעפּ. זיי האָבן דערפילט דעם שווינדל פאַר די אויגן. זיי פאַלן מיט די קעפּ צו די דילן. אין יאוש האָבן זיי געוואָלט שפּרינגען פון די פענצטער. זיי האָבן געוואַרט אויף הילף פון דער ווייטנס; זייערע אייגענע וועלן אָנקומען; אַרומרינגלען די שטאָט און איינלייגן אירע מויערן מיט דעם טורעם, וואָס הייבט זיך. ס'איז אָבער געווען אויס מלחמה. די צעלאָזטע אַרמייען זענען אַוועק אין די היימען. די זעלנער זענען איצט געשלאָפן אין די בעטן — מידע, דיקע, אָנגעפילט מיט פוילקייט. זיי זענען פלוצעם געוואָרן אַלט. די פון אויבן האָבן געפילט, די וועלט אַרום איז הפקר. זייער אַלאַרם דערגייט נישט אין ערגעץ.

אין איינעם אַזאַ טאָג, באַלד אין דער פרי, איז ער אָנגעקומען, דער פאַרמעסט, ער איז געווען. ווער פון אונטן, איז, קלאַפּנדיק טאָג נאָך טאָג מיטן שטערן אויבן, אין סופיט — פלוצעם אַריין מיטן קאָפּ אין אַ ליידיקייט. ער האָט דורכגעלעכערט דעם סופיט. דער קיילעכדיקער לאָך פון אייבערשטן דיל איז געבליבן הענגען אַראָפּ — אָפן, צעליכטיקט. אויבן איז ווער אָנגעגאַנגען מיט זייערע טריט און איז אַריין גלייך אין דער צעעפנטקייט. אַ ווײַלע איז ער געהאָנגען מיט דער לאָך־צעשטראַלטקייט אַרום קאָפּ. באַלד האָט מען אים ביי די פיס אַראָפּגעשלעפּט אונטן. ווען מען האָט אים אַן אויסגעצויגענעם אויף אַ בעטל געגומען פאַרשן — האָט ער פון שרעק, אַ ווײַלע, באַקומען אַ פּנים, ווי ביי די אַלע אַרומיקע דאָ. מען האָט געמיינט, ער האָט עס פאַר־טוישט מיט עמעצנס פון אונטן. ער איז געלעגן דערשטוינט, קינדיש־נאָכגיביק — אָן סימנים פון לויערן. מען האָט געפּרווווט אויפהייבן די הענט, אים שמייסן, נאָר די שמיץ זענען ביי אַלע צוריקגעפאַלן אויפן אייגענעם לייב; ס'האָט זיי אַליין ווי געטאָן. די פריש־אָנגעלאָפענע האָבן נישט געגלייבט, ער געהער צו די פון אויבן. זיי האָבן אויף אים געקוקט איבערראַשטע. ער קען זיין איינער פון אונדז דאָ. זיי האָבן מורא געקראָגן, זיי אַליין קאָנען זיין פון די אויבן. זיי האָבן געקוקט, דאָ אויף זיך, דאָ אויף אים. מען האָט געוואָלט אים בעטן, ער זאָל אַרויסשטעקן פון אינעווייניק אַן אַנדער פּנים, דאָס אמתדיקע, נאָר ער האָט עס מער נישט געהאַט. דאָס איצטיקע איז ביי אים געווען פריש, ווי געוואַשן באַלד אין דער פרי. בלויז די קאַרבן פון געפּרווווטקייט האָבן אויף דעם געפעלט. ערשט ווען מען האָט אים שבעל צוריקגעשטופּט אַרויף — האָט ער זיי באַקומען, די קאַרבן. ער האָט זיי מער נישט געקאָנט אַראָפּ־ווישן. ער האָט געוווּסט, ער איז מיט זיי שוין אויף שטענדיק געחתמעט געוואָרן.

אויבן האָבן אַלע, די זייניקע, זיך דערשראָקן פאַר אים. ער האָט צווישן זיי איצט זיך געדרייט אַ פרעמדער, מיט אויפגעריסענע ליידיקע אויגן, ווי אַ בלינדע מוטער וואָלט אים געבוירן. ער האָט געבענקט צוריק אַראָפּ, כאָטש בלויז אויף איין רגע, נאָר דאָס לאָך אין דער מיטן איז שוין געווען צוריק פאַרמאַכט. מען האָט איבער דעם געהאַט אָוועקגעשטעלט שומרים פון אויבן און פון אונטן. מען האָט אים נישט צוגעלאָזט. פון ביידע זייטן האָט מען זיך איינגעהערט מיט צוגעלייגטע אויערן — איינס איבערן אַנדערן.

נאָך לאַנגע טעג האָבן די פון אויבן געהערט, אַז די פון אונטן זענען שוין ווידער אין זיך פאַרטאָן. זיי פאָרן זיך, די ער׳ס מיט די זי׳ס, ווי בלינדע מיט פאַרמאַכטע אויגן. זיי ווילן זיך מערן. ס׳איז זיי אויבן ווידער באַפאַלן דער פחד. מען האָט געשמועסט, אַז דורך פאָרן זיך — בינדן זיי זיך צוזאַמען צו איינס; זיי הייבן פון דאָס ניי אָן. דאָס איז דער שטומער בונד צווישן זיי. אין די נעכט יאָמערן זיי אים אַריין אײנער אין אַנדערן. זיי שאַפן אַ ניי פאָלק, געבוירן פון ליבשאַפט.

זייערע אייגענע וויניקע זקנים אונטן זענען אַריין אין יאוש: ווי אַזוי וועלן זיי מיט דעם גיין אין דער וועלט?! זיי וועלן פריש אויפשטעלן אַ דור מיט אײדעלע העלדזער און געשלאָסענע אַפּלען. בעסער, האָבן זיי געזאָגט, אין די נעכט פאָרן זיך מיט שנאה, מיט ווייטיק, מיט אין שרעק צעעפנטע אויגן; באַצווינגען זיי, די ווייבער; עס זאָלן אַרויס האַריק־ברוסטיקע מענטשעלעך, מיט נקמה־לוסט. האָבן זיי דען שוין פאַרגעסן זייערע בלוט־טראָפּנס, וואָס האָבן געטריפט איבער אַלע שאָסייען?! זיי וויקלען זיך אונדז, די רויטפלעקיקע שאָסייען, אַרום די אויגן — אויך אין די פינצ־טערע נעכט.

אַן אויסנאַם איז געווען דער רב מיט דער אויסגעפליקטער באָרד. ער איז איצט שוין אַרויסגעקומען פון שטוב. ווידער האָט מען אים געזען צווישן מענטשן. די באָרד, גאָטס צייכן פון לייטזעליקייט, איז אים געהאַט צוריק אָנגעוואַקסן און האָט אים פאַרשטעלט די נאַקעטקייט פון פּנים. זי איז אים, ווי איבער נאַכט, אַרויס, אַ לאַנגע. זי איז איצט אָבער שוין מער נישט געווען קיין שוואַרץ־סאַמעטענע, נאָר מילך־ווייס. זי האָט אים מילד אַרומגענומען דאָס פּנים מיט די גלאַנציק, פייכט־שוואַרצע אויגן. די הענט זענען אים מער נישט נאָכגעהאַנגען איבעריק. די פינגער, געבייגטע אַרויף, זענען געווען פאַרשטעקט אין די מילך־ווייסע האָר, געכוואַליעטע אַראָפּ.

דער רב האָט גערופן צו מערן זיך, באַשאַפן אין ריינקייט נייע גופים — ווויב־הייזער פאַר די מיליאָנען נשמות, וואָס בלאָנקען אַרום אין חלל און האָבן נישט ווו אַריין. דאָס זענען די נשמות פון די נייע דורות, וואָס דאַרפן געבוירן ווערן און האָבן מער נישט קיין טאַטעס און קיין מאַמעס. מיר דאַרפן ווערן זייערע עלטערן; צו געבן זיי אַ נאָמען אין ישראל.

עס איז ווידער אויפגעגאַנגען דער טאַנץ אין די גאַסן. טויזנטער פיס האָבן געהאָפּקעט, זיך געהויבן אין דער לופטן. זיי האָבן מורא געהאַט צוריק זיך אַראָפּצולאָזן, כדי נישט צעטרעטן קיינעם אונטער די פיס. זיי זענען געבליבן טאַנצנדיק אויבן, מיט די פיס אין חלל. זיי האָבן געטאַנצט איבערן ליכט, אונטן, און שפּעטער, ווען ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט — איבער דער פינצטערניש. אויך ש. איז אַריינגעצויגן

געוואָרן אין די געזעמלעך. עס האָט זיך געהערט אַ פּאַרטיזאַנער געזאַנג פון דער מאַסע, און אויך זיינע ליפּן האָבן געפּרעפּלט:

„ואחרי ככלות הכל —
לבדו ימלוך נורא" — — —

דאָס ראָד איז געוואַקסן; קעפּ אויף אַקסלען. פון די שטאָקן איז מען אַראָפּ, כדי שוין צו בלייבן אונטן, אַריינגעדרייט אין די רעדלעך; מער נישט אַרויף. מען האָט שוין אויסגעטיילט בולט זכרים. בלויז זיי האָבן געטאַנצט. אַרום זענען געשטאַנען די נקבות. פיל פון זיי זענען געווען באַפּרוכפּערט. זייערע הענט — אַרום די בייכער. זיי האָבן געציטערט איבערן וולד אין זיך. זיי האָבן אים אין זיך איינגעשלאָסן; אַרומגענומען אים מיט דער שוץ פון זייער געפּרווטקייט, נעכטן — ווי מיט אַ וואַנט. זיי האָבן מורא געהאַט, זיי אַרויסלאָזן פון זיך, זיי צו געבערן.

זיי האָבן געוווּסט, דאָס וועט זיין דער דור — גלייך פון די זיידעס אַרויס; דער דור אין דער מיטן, פון די טאַטעס — פּעלט.

די גאַר פון אויבן האָבן געהערט דאָס טופּען פון די פּיס אונטן. עס האָט דורכ־געלעכערט זייערע אויערן־הייטלעך. זיי האָבן זיי מער נישט געקאָנט פאַרשטעלן, זיי זענען געבליבן אָפן. דאָס געזאַנג איז איצט געפלאָסן אין זיי, גלייך אין די אינגעווייידן אַריין. זיי זענען געוואָרן אָנגעפילט מיט די פרעמדע קלאַנגען, ווי מיט צעגאָסענער זרע פון די יידן.

זיי האָבן מורא געהאַט דער טאַנץ, אָפּגעריסן פון דער ערד, וועט זיך הייבן וואָס אַ מאָל העכער, ביז צו זיי אַרויף. ער וועט אַריין אין זייערע פענצטער. זיי האָבן געפילט, די הייזער און די ערד פון אונטן וואַקלען זיך.

זיי האָבן דערשראָקענע אַראָפּגעקוקט פון דער הייך צו די טאַנצנדיקע אונטן. דאָס ראָד איז געווען געשפּרייט אַרום זיי, ווי אַ ים. ער הייבט זיך כסדר. ער וועט זיי פאַרכאַפּן הויך. דער ים וועט אָפּפליסן און זיי וועלן פאַרבלייבן אויבן אין חלל. אייביק קאָנען זיי דערנאָך אַזוי זיך דרייען צווישן הימל און ערד. די פון אונטן שטרעבן שוין אַרויף צו זיי, נאָר זיי האָבן נישט קיין פליגל. זיי פאַלן צוריק אַראָפּ.

זייער געזאַנג הערט נישט אויף זיך צו הייבן:

„והוא היה, והוא הווה, והוא יהיה" — — —

דערווייל איז אונטן אָנגעקומען די בשורה פון תפיסה, דער פאַרמאַכטער רוצח האָט זיך געהאָנגען אין זיין צעלע. דער טאַנץ איז גיך זיך צעפאַלן; דאָס געזאַנג איז אויפן אָרט פאַרשניטן געוואָרן. אַלע זענען געלאָפן צו דער תפיסה, מיט די פיס ווי אויף דער ערד. מען האָט אין אים זיך דערמאָנט. מען האָט געשמועסט, אַז פון די קולות דאָ איז ער אַראָפּ פון זינען. דורך די דיקע מויערן האָט דאָס געזאַנג צו אים זיך דורכגעריסן; ער האָט מער נישט געקאָנט פאַרנעמען דעם געטאַנץ אין די גאַסן. די פיס האָבן איבער אים געקלאַפּט ווי האַמערס. ער איז צווישן די פיר ווענט דער־שראָקן געלאָפן, אַהין און צוריק, ווי אַ מויז אין אַ פאַרמאַכטער שטייג. איצט הענגט ער אַראָפּ פון אַ האָק אין מיטן סופיט, און שאָקלט זיך לייכט ביי יעדן ווינטל פון דער אויפגעפּראַלטער טיר.

פון אַלע זייטן איז מען געלאָפן אַהער. די גאַסן זענען געוואָרן אָנגעפּאַקט מיט מענטשן. מען האָט געזאָגט, אַז מען האָט אַראָפּגענומען די וואַכן פון אַרום; די טויערן פון דער אַלטער תפיסה זענען אָפן. מען האָט אַרומגערינגלט די תפיסה; זיך געדרענגט אַרום די מויערן, זיי געטאַפּט צו געפינען דאָס טויער.

די וואָס זענען די ערשטע אַריין אין דער אָפענער צעלע, האָבן געוואָלט זיך צוריקציִען. זיינע פיס אין דער לופט זענען אויף זיי אָנגעגאַנגען. ער האָט זיך אָנגע־רוקט און געשטעקט אַ לאַנגע צונג גלייך אין פנים.

דער הויכער, דאַרער יונגערמאַן פון בוידעמשטיבל, — איז איצט אַנטלאָפן פון שטאָט. ער האָט געוווּסט, ס׳איז אויס! קיין מאָל וועט ער דאָס שוין נישט טאָן. יענער האָט פאַרשווּעכט זיין לעצטן אויסוועג.

ווי אַ משוגענער איז ער איצט געלאָפן אין ווינט, געפּרוּווט אין אים זיך אַריינ־וואַרפן. מען האָט נאָך אים זיך געיאָגט און אים מער נישט געקאָנט כאַפּן. מען האָט ליידיק זיך צוריקגעקערט. ער האָט זיין לעבן געטראָגן פאַרשעמט איבער די הענט, ווי אַן אַלט קינד, און מער נישט געוווּסט, וואָס מיט דעם צו טאָן. ער האָט געוואָלט פון זיך אַליין זיך אויפלייזן, ווערן אויס, ווי שניי אונטער אַ רעגן. איינס איז מען געווען זיכער, אויף קיין בוים אין פעלד וועט מען אים מער נישט געפינען הענגען.

שפּעטער איז ער אַנטלאָפן פון אַלע וואַסער־ראַנדן. ווען ער איז איבער זיי געשטאַנען, געבויגן — האָט זיין בליק, אין זייער שפּיגל, אַנטקעגנגעשיינט דאָס פנים פון געהאָנגענעם אין תפיסה. יענער, מיט פאַרמאַכטע אויגן, האָט ציניש אַריינגעשמייכלט אין זיך. דאָס וואַסער האָט לייכט איבער אים זיך געבלעזלט. ער איז גיך אַוועק, ווי אַ געיאָגטער, ווייטער איבער די פעלדער.

ער איז מיט אַ מאָל שטיין געבליבן אין מיטן. עס איז אים קלאָר געוואָרן, צו ערשט האָט יענער אים צוגענומען דעם כוח צו לעבן; איצט, אויף שטענדיק — דעם וועג פון דעם אַרויס.

ער האָט געוווּסט, ער איז איצט פאַרמשפּט צו דרייען זיך לאַנג מיט זייביידע, און דעם גוף איבער זיך. ער קאָן אים נישט אויסטאָן פון זיך אַראָפּ.

ער האָט געוואָלט אים איבערלאָזן ערגעץ אין אַ ווינקל, ווו עס שפּיגלט זיך גאָרנישט אָפּ; ווו יענער איז נישטאָ. ס׳איז אים אָבער געווען אַ רחמנות צו לאָזן אים אַליין, אַן אַוועקגעלייגטן אין דער זייט — נאָך דעם אַלעם וואָס איז איבער אים אַדורך.

ניין, ער מוז אים היטן, פירן אים, דעם גוף, ביי דער האַנט, ווי אַ בלינדן, לאַנג — ביז ווייט איבער די יאָרן אַריבער.

אין שטאָט האָט מען דערווייל שנעל געמוזט אַראָפּנעמען פון האָק אין תפיסה דעם געהאָנגענעם, אים באַזייטיקן פון דער צעלע אַרויס. זיין וואַקלען זיך מיטן געזעס אין דער לופט — איז געווען אַ בזיון פאַר די אַלע, וואָס האָבן דאָס מער נישט געקאָנט טאָן. ער האָט זיי אויסגעכאַפּט זייער איידעלן פאַרבאָרגענעם סוד. אומפאַרשעמט, האָט ער אים פאַר אַלע אויפגעדעקט.

זיי האָבן זיך געדרייט, ווי מיט אַ קראַנקייט, פון וועלכער מען קאָן מער נישט שטאַרבן, און נישט לעבן — שוין קיין מאָל נישט.

זיי זענען געגאַנגען אָפּגעזונדערטע, פאַרמשפּטע אויף לאַנגע איבעריקע טעג און יאָרן. די אַנדערע האָבן זיי אויסגעמיטן, צוליב דער מורא, פון זיי זיך אָנצושטעקן.

די פון די העכסטע שטאָקן האָבן איצט זיך געררייצט מיט זיי; אַראָפּגעלאָזט פון די הויכע פענצטער אונטן לאַנגע שטריק; געוויזן זיי די עקן; געמאַכט צייכנס מיט די פינגער אַרום די העלדזער. די עקן פון די שטריק זענען אונטן געבליבן הענגען לויז, נישט־פאַרענדיקטע. זיי האָבן זיך געשאָקלט אין ווינט לייכט, אונטערגעהאַקטע, ווי נאָכן אַראָפּנעמען פון זיי שווערע קערפּערס. די פון אויבן האָבן אַראָפּגעלאַכט. זייער געלעכטער האָט מיט קלאַנג ווידער זיך געקאָלערט איבער די קעפּ, ווי אַ געבראָכן דונערן.

די יונגע אונטן האָבן איבער די שטריק געוואָלט זיך אַרויפדראַפּען ביז אויבן אַרויף, אַריין מיט די קעפּ אין די הויכע פענצטער, אַנגיין אויף יענע ווי מיט הערנער. דאָס זענען אָבער מער נישט געווען קיין שטריק. דאָס זענען געווען רעגן־שנירלעך; זיי זענען דין געפאַלן פון די וואָלקנס. די איינצלנע קינדער זענען איצט איבער זיי פלינק געקראָכן אַרויף און אַראָפּ. זיי האָבן געוואַרט אויפן טיפן אָונט, כדי אַרויף אויפן מילכוועג אויסשיטן אין שפּיל אַלע שטערנדלעך. זיי ווילן די דערוואַקסענע נישט אַרויפלאָזן; אייביק ווילן זיי בלייבן אונטן. פאַר נאַכט צו האָט זיך אָפּגעשטעלט דער רעגן. די קינדער זענען אונטן געבליבן מיט פאַרריסענע קעפּלעך.

די קינדער האָבן אין זייער שפּיל געוואָלט אויפשטעלן אַן אייגענע אַרמיי, איינעמען די וועלט, נאָר עס זענען מער נישט געווען קיין קינדער. מיר האָבן געוואָלט אַ קלאַפּ טאָן אין בעלעמער און אויסרופן, אַז עס איז אויס שפּיל; אַלע זאָלן שווייגן אַן אויגנבליק, זיך אָנקוקן און כאַפּן זיך, אַז דאָס אַלץ פריער איז געווען נישט מער ווי אַ קאָשמאַר, איין גרויסער טעות, וואָס מען קאָן אים מער נישט צוריקקערן; מיר האָבן אָבער געהאַלטן ביים סוף פון אונדזערע טעג. אויך אונדזערע קינדער דאָ זענען געווען אַלט. ביי יענע אויף די העכסטע שטאָקן און אויך ביי די אַרומיקע אין די ווייטקייטן — איז נאָך געווען אין סאַמע אָנהייב טאָג; אַלץ האָט ביי זיי געבלענדט מיט פאַרבן.

טייל האָבן געמיינט, אַז מיר זענען דער דור הפלגה. מען רעדט צו זיך און מיר פאַרשטייען נישט איינער דעם אַנדערן. גאָט האָט צעמישט אונדזער לשון. ער האָט אויסגעליידיקט אונדזערע ווערטער. זיי זענען אינעווייניק, אין אונדזערע העלדזער, געשטאָרבן. זיי פאַלן פון אונדז אַרויס טויטע.

די יונגע האָבן געוואָלט גיין ווייט, גלייך אין דעם מאָרגן אַריין. זיי האָבן מיט די הענט פאַרלייגט דעכלעך פאַר די אויגן, כדי אים צו זען פון דער ווייטנס. ער איז אָבער דאָרט נישט געווען. איבער זייערע קעפּ האָט ער זיך אַריבערגעקייקלט צום נעכטן. פאַרויס איז בלויז געווען אַ ראַנד פון הימלען, וואָס לאָזן זיך אַראָפּ. עס האָט עמעצער אָנגעצונדן אַ שוועבעלע, צו באַלייכטן דעם אַרום. עס האָט אָבער גלייך זיך געלאָשן; עס איז נישט געווען קיין לופט.

מען האָט זיך געכאַפּט, אַז דאָס שטראָמט אַראָפּ פון אויבן אַ קעלט; זי פרירט איין די לופט, מאַכט אומבאַוועגלעך די גאַסן; די טעג און נעכט זענען אין זיי פאַר־שטייפט. מיר שטייען איינגעפרוירענע — יעדער אויף זיין אָרט, ווי ווינטערדיקעביימער

אין בלוילעכן פראָסט. קיינער פון אונדז רירט זיך נישט. די מוסקולן און פיס — זענען ביי אונדז פאַרהאַרטעוועט. בלויז פון אונדזערע נאָזלעכער זעצט אַ ווייסער אָטעם, און אונדזערע באַקן שמייכלען.

יענע פון די העכסטע שטאָקן האָבן אַראָפּגעקוקט און מיט שרעק געזען אונדזער שמייכל. אויך זיי זענען פאַרבליבן אויבן אין די פענצטער איינגעגליווערטע.

מיר פון אונטן האָבן זיי מער נישט געזען. מיר האָבן בלויז געפילט די אייגענע גופים. ווי אונטערן אייז פליסן אין זיי וואַרעמע שטראָמעלעך; זיי פילן אָן אונדזערע פיס; זיי דאַרפן זיך אָפּרייסן און גיין.

די פון אויבן האָבן נישט געקאָנט אָוועקנעמען זייער בליק. זיי האָבן געזען, ווי די שטאָט איז מיט אונדז פול. מיר שטייען, ווי אין אַ ווינטער־וואַלד, אין די גאַסן. די אַנדערע פון אונדז פאַרנעמען נאָך די הייף, די הייזער, די אונטערשטע שטאָקן. גאָרנישט באַוועגט זיך. מיר זענען אַ שבט — נישט אַרויס פון קיין מאַמעס בויך, נאָר אויס־געפּיקט אין די טאָל־אינקובאַטאָרס. אין אונדזערע אָדערן פליסט קאַלט בלוט.

און איין מאָל, אין מיטן דער נאַכט איז דאָס געשען: די פון אויבן האָבן פּלוצעם דערהערט, ווי עס רירט זיך; עס פאַרנעמען זיך כוואַליעס, ווי אַ טייך וואָלט געלאָזט. מיר ציִען מחנות פון די הייזער, פון די שטאָקן; מיר לאָזן זיך שטיל אַראָפּ פון די שטיגן, פון די אַרויסגענג, פון די הייף. אַלץ הינטער אונדז ווערט אָפּגעליידיקט. מיר פילן אָן די גאַסן, די פּלעצער, און שטראָמען, שטראָמען.

די פון אויבן האָבן שנעל זיך פאַרמאַכט אין די שטובן; שטיל געשלאָסן די טירן, די לאָדנס; זיך געשטעלט הינטער זיי מיט די אויערן ביי די שפּאַרעס און אַזוי־וואַרטנדיק, האָבן זיי איינגעדרימלט, אונטערן ריטמישן קלאַנג פון אונדזערע טריט.

די שטאָט אונטן האָט דערוויַיל געאיילט; אַ שטילע בהלה האָט זי געטריבן. דאָס מאָל זענען מיר געגאַנגען פאַרנווייז און גרופּעס; מיר האָבן זיך געפירט ביי די הענט, זיך נישט צו פאַרלירן. מיר זענען געגאַנגען אויף די שפּיצפינגער; דעם ווינט האָבן מיר איינגעשטילט אַרום זיך; פאַרשטומט די סירענעס, זיי זאָלן נישט פייפן. דורך אַלע שאָסייען און טראָטואַרן האָבן מיר זיך געלאָזט צו די טויערן. מיר האָבן נישט געוווּסט, ווער עס האָט געגעבן דעם צייכן. אונדזערע פירערס, די נייַ־אויפגעקומענע, האָט מען נישט געזען. בלויז אַן אומרו, ווי אַ כוואַליע, האָט זיך דורכגעטראָגן, איז דורך די שטובן און האָט אַלץ אַ הייב געטאָן. מען האָט באַנומען אַז עס איז שפּעט. ס׳איז די לעצטע רגע! מען זאָל נאָר באַווייזן!

שפּעטער, נאָך אין דער פינצטער, האָבן מיר געצויגן דורך אַלע פעלדער און וועגן, דורך סטעזשקעס און דורכגענג. מיר האָבן זיך צעשיט איך בינטלעך — צו צוויי און דריי — צו מיזרח און מערב, צו צפון און דרום, כדי עס זאָל בלייבן פון אונדז אַן איבערבלייבעניש. טייל פון אונדז האָבן אין געיעג פאַרלוירן די פנימער און זיי מער נישט געפונען. זיי זענען אַראָפּגעפאַלן, אַנדערע האָבן איבער זיי אַריבער־געטראָטן. פון הינטער אונדז האָט מען געאיילט. אַנדערע האָבן אַליין אַראָפּגעוואָרפן זייערע פנימער, עס זאָל זיי זיין לייכטער. דען מען האָט געיאָגט, וואָס שנעלער אַוועק, איידער עס גייט אויף דער מאָרגנשטערן.

מיר האָבן נאָך נישט געוווּסט, וואָס עס וועט זיין מיט די סימנים אויף אונדזערע

שטערנס; מיט דעם שניט אין די אויגן. וועט מען זיי נישט דערקענען? אפשר וועלן זיי פאַרוואַקסן, די צייכנס, ווערן אויסגעפּילט. טייל האָבן געטראַכט אויסצושניידן די שפּורן; דערווייל פאַרבאָרגן דעם צייכן, ביז ער וועט אָפּגעווישט ווערן. אַנדערע האָבן געוואָלט פאַרשווינדן אויך פון די אַלע דאָ; מיט זיי מער זיך נישט באַגעגענען; זיי וועלן זיך פאַרלייקענען אויך פאַר די וואָס וועלן שפּעטער אויפגיין פון זייערע זאָמען. נאָר זייערע עלטערן, האָבן זיי געוווּסט, וועלן זיי נאָכיאָגן.

צווישן די, וואָס זענען די לעצטע דורך דעם טויער, אַרויס פון לאָדזש — איז געווען לייבל. פּראָפעסאָר ר. מיט די צוויי אַסיסטענטן און אסתרקע, האָבן אים, אַ ליגנדיקן, געטראָגן, פון אַלע פיר זייטן, מיטן פּנים אַרויף — אין דעם גיפּסענעם בעטל. ער האָט אויבן געזען דעם מאָרגנשטערן, וואָס טיילט זיך שוין אַרויס צווישן די נאַכט־געוואַנטן. דער געדיכטער הימל האָט נידעריק זיך אַראָפּגעלאָזט איבער דער ציִענדיקער מחנה. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ווען אסתרקע האָט אים אונטער דעם טויער, אַריינגעפירט דאָס לעצטע מאָל קיין לאָדזש, האָט ער געמיינט, אַז מער וועט ער פון דאַנען נישט אַרויס מיט אָפענע אויגן. איצט שפּרייט זיך אויבן פאַר אים דער מרחב. ער האָט געשפּירט, דער פרעמדער זיצט אין אים, לאָזט זיך מיט אים טראָגן אַריין און אַרויס.

די פיר אַרום אים האָבן מיט זייערע פיס געאײַלט אין דער פינצטער — שנעל נאָך די אַנדערע, צעשיט אין די ווײַטקייטן.

פאַר טאָג, האָט די פון די העכסטע שטאָקן, שטייענדיק הינטער די שפּאַרעס, אויפגעוועקט פון דרימל אַ שטילקייט. זיי האָבן געעפנט די פענצטער און פאַרוווּנדערטע אַראָפּגעקוקט. די שטאָט איז געווען ליידיק.

# לאָזאַן

יענעם פרייטיק פאַר נאַכט, ווען איך האָב זיך געפונען אין די שטובן פון מיין לאַנדסמאַן ד. אין לאָזאַן, האָט אין מיר אויפגעטויכט דער אומעט פון אַמאָל, פון מיין ווייטער קינדהייט. שוין יאָרן, פון פאַרן טאָל, ווי איך האָב נישט געשפּירט די בענקשאַפט. איך בין געווען געטריבן פון מורא. איצט האָט זי ווידער אויפגעוואַכט, זיס זיך געשפּרייט אין מיר.

שוין עטלעכע שעה ווי איך בין אין דאָזיקן הויז. מען האָט מיך אָוועקגעזעצט ביים טיש, רעכטס פון באַלעבאָס, און מיט נייגער געקוקט אויף מיר, דעם געקומענעם פון דאָרט. מיין לאַנדסמאַן, דער הויכער, שמאָלעכער זקן, מיטן גרוי־צוגעשווירענעם בערדל, האָט פון זיין שטול אויבן אָן, מיך אויסגעפרעגט וועגן אונדזער היים אין פוילן:

—אַהאַ, זאָגט איר, אַז זיי האָבן זיי פאַרשניטן, אַלע יידן פון אונדזער שטאָט — עס האָט דאָך געמוזט זיין אַ סיבה דערצו? — — —

איבער אונדז האָט דער אַראָפּהענגענדיקער אומרו פון אַ לאַנגן זייגער געקלאַפּט הין און צוריק. אַלע ביים טיש האָבן געשוויגן, איינגעזאַפּט אין זיך דעם ווייטן ריח פון מיר. אויך איך בין וואָס אַ מאָל געוואָרן פאַרשטילטער. כ׳האָב זיך געכאַפּט, אַ ים שפּרייט זיך צווישן מיר, דעם געקומענעם פון דאָרט, און אים, דעם אַלטן ייד, וואָס האָט שוין פון לאַנג פאַרלאָזט אונדזער היים.

מיין לאַנדסמאַן האָט דאָ, אין דער רויִקער שווייצער־שטאָט, אין די פאַרגאַנגענע יאָרן, זיך אַרויפגעאַרבעט צו אַ גרויסן פאַבריקאַנט; ער האָט אַרום זיך אויפגעבויט אַ משפחה, וואָס האָט מער נישט געקענט זיין אָפּשטאַם. תמיד האָט ער געהאַפט, זיי אַהינצופירן, צונויפבינדן די וואָרצלען. דערווייל איז אַלץ אָפּגעהאַקט. ער האָט געפּרוווט צוריק דערכאַפּן דעם פאָדעם. ער האָט אָבער, ווי אין אַ שלעכטן חלום, אַהין נישט געקאָנט גרייכן. ער איז אַלט. ער האָט מיט אַ מאָל דערשפּירט אַ לערקייט הינטער זיך.

— איך פאַרשטיי נישט — האָט ער שטיל אַרויסגעזאָגט.

קיינער האָט נישט געענטפערט. ס׳איז מיר דורך אַ געדאַנק, אַז אייגנטלעך פאַרשטיי איך אויך נישט. ביז היינט האָב איך וועגן דעם נישט געטראַכט. מיר זענען ביידע געבליבן זיצן. מיין לאַנדסמאַן האָט אויף מיר געקוקט מיט חרטה.

און אפשר האָט דער אומעט אין מיר היינט געהאַט אַן אַנדער סיבה: איך האָב אים טראַפּנווייז איינגעזאַפּט צוזאַמען מיט די דינע שטראַלן יידיש ליכט, וואָס האָבן דאָ געשטראַמט צווישן די ווענט. אין מיטן דער שווייצער שטאָט איז דאָס הויז דאָ געווען, ווי בייצייטנס אַנטרונען אַהער, גלייך פון יידישן וואַרשע. אויפן ווייסן טישטוך האָבן אין דעם פרייטיק פאַר נאַכט אַנטקעגן מיר געבלינצלט אַ מנורה מיט זילבער־

רערלעך און צוויי פֿאַר אַנטיקלייכטער מיט נאָך נישט געצונדענע ליכט. די ווייסע רויע קנייטלעך — אויסגעשטרעקט נאָך די פֿלעמלעך. דער טיש — גרייט; אין אויבנאָן — צוויי לאַנגע, געפֿלאָכטענע חלות, איבערגעדעקט מיט אַ געפּרענדזלט־זיידן טישטעכל. לינקס — דאָס זילבערנע זאַלץ־מעסטל, און רעכטס — אַ „המוציא"־מעסער, אויסגעקריצט אין אים „שבת־קודש". אין פּערלמוטערנעם הענטל האָבן פֿון דרויסן איצט זיך געשפּיגלט די זוניקע וואָלקנדלעך פֿון פֿרייטיק־פֿאַר־נאַכט־הימל. איך האָב אַ קוק געטאָן, מיין לאַנדסמאַן איז געזעסן ווי אַן אַלטער קאַפּיטאַן פֿאַר אַ טישל אין זיין אונטערגייענדיקער שיף. מיר שווימען. אַרום איז ליידיק. אין חלל האָט צו אונדז געשלאָגן אַ שטאַרקער ריח פֿון אויפֿגעשאָסענע פֿלעשער ווײַן. פֿון קאַמאַד, ביי דער וואַנט, האָבן געפֿינקלט מיט דאַרשט די אָפֿענע מיילער פֿון זילבער־בעכערס אַרום געשליפֿענע קאַראַפֿקעס. זייערע פּיאַלעטע שטראַלן האָבן מיך געצויגן. איך האָב זיך געפֿילט, ווי אַ זעלנער נאָך לאַנגע יאָרן פֿרעמדער געפֿאַנגענשאַפֿט. אין די מרחקים קומט אים אַנטקעגן דאָס אָפּבילד פֿון זיין היים.

נאָך פֿריער, ווען כ'האָב אַריבערגעטראָטן די שוועל פֿון הויז דאָ, האָב איך נישט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פֿון דעם שאַרפֿן קוק, וואָס האָבן צו מיר געוואָרפֿן פֿון די איינגעראַמטע בילדער אין האָל — דער רמב"ם און ווילנער גאון. איך האָב אונטער זיי נישט געקאָנט פֿאַרביי. כ'האָב דערקענט די וועגווייזער פֿון מיין אונטערגעגאַנגענער וועלט. כ'בין שנעל אַריבער אונטער זייער בליק. איך האָב נישט געוווּסט, בעטן זיי מיך איצט מילד, כ'זאָל זיי נישט לאָזן, מיטנעמען מיט זיך? אָדער — רופֿן זיי מיך שטרענג? באַפֿעלן מיר, ווייטער טראָגן זייער שליחות? כ'בין געבליבן צוגעגליווערט צום אָרט.

איך האָב ווידער דערפֿילט זיך געפֿאַנגען. דאָס מאָל אין אַ ווייכער געפֿאַנגענשאַפֿט; פֿאַרשפּונען צווישן אַלטע געוואַנטן און שטיקער פֿליוש.

עס האָט מיך געגלוסט אויסטאָן די שווערע שיך פֿון האַרטע וועגן, און אין די זאָקן גיין דאָ ווייך, שטעקן די פֿיס אין די אויסגעשפּרייטע טעפּעכער. פֿאַר די אויגן האָבן מיר איצט געשוועבט יידישע היימען, שוין לאַנג פֿאַרנעפּלטע — מיט ספֿרים־שענקלעך, חנוכה־לאָמפּן, און בשמים־ביקסלעך. באַלד האָבן זיי מיר זיך געשווינדלט אין די רויכן, וואָס האָבן זיי פֿאַרצערט, ווי אַ קרבן. אַ זיס־צוגעברענטער ריח פֿון פֿאַרסמאַליעטע שיימעס האָט מיר גענומען אַרויסשלאָגן פֿון די נאָזלעכער, מיר געקלאַפּט אין די שלייפֿן.

איך האָב זיך אויפֿגעשטעלט, בין צו צום געגלאָזטן ספֿרים־שענקל. די ספֿרים זענען צו מיר געווען אויסגעדרייט מיט די ברוינע, גאָלד־געליישטע רוקנס. זייער פֿאַרלאָזנקייט האָט מיך געהויבן. מיין לאַנדסמאַן איז שוין אַלט. וואָס וועט זיין מיט זיי?

עס איז אַריין אין צימער די באַלעבאָסטע פֿון הויז. אַרום די לענדן, אויפֿן בלויען פֿליוש פֿון איר קלייד — דאָס שבתדיק־ווייסע פֿאַרטעך. זי איז צו און געצונדן ליכט. מיט די הענט פֿאַרלייגט פֿאַר די אויגן האָט זי איבער זיי געבענטשט. די פֿלעמל־שאָטנס האָבן געציטערט צווישן אירע פֿינגער. זיי זענען געווען דורכגעלויכטן. זי האָט געשעפּטשעט שטיל די תּפֿילה פֿאַרן פֿרידן פֿון איר היים. איך האָב געוווּסט, מיין מאַמעס תּפֿילה איז נישט אָנגענומען געוואָרן.

איך האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, אים אונטערצושטעקן.

באַלד האָט זי אויפגעמאַכט די אויגן. זי האָט געזאָגט, היינט אָונט, נאָך דער שבת־סעודה, וועלן מיר אַלע גיין צו איר יינגסטער שוועסטער, אַנעט. זי האָט איר צוגעזאָגט קומען מיט דעם גאַסט.

ווען מיין לאַנדסמאַן איז אַוועק צו קבלת־שבת אין סינאַגאָגע, בין איך צו צום פענצטער. פון צווישן די גאַרדינען האָב איך אַרויסגעקוקט אויף דעם לאָזאַנער פאַר־נאַכט. צעפלאַקערטע שטיקער זונליכט האָבן איצט צופוסנס די בערג ברויזיק זיך געלאָשן אין די וואַסערן פון דער לעמאַן־אָזיערע; זענען אין זיי פאַרזונקען, ווי צעצונדענע שיפן. אונטן זענען מעוועס געפלויגן נידעריק, מיט די פיסלעךביים גרויען וואַסער. דער פאַרגאַנג האָט זיך געזעצט איבער דער שטאָט, זיך פאַרטייעט אין פענצטער פון די הייזער, און אַרויסגעשפּיגלט פון די אויגן פון מענטשן. אַלע זענען געווען זקנים, מיט אַן אומעט פון קינדער, ווען עס פאַלט צו די נאַכט. נישט געווען ווו ווייטער צו גיין. דער המון האָט געניגדערט אַראָפּ, איז געוואָרן פאַרשוווּמען אין דער מאַטקייט. די וועלט האָט זיך געלאָשן. אַ ווײַלע איז פאַרהאַלטן געוואָרן דער אָטעם. אויבן, איבער די דעכער, האָט אַ לענגלעכער ליכטשאַרף שמאָל זיך געשפּאָלטן; ווי אַ בליץ מיט אַ זילבערלעכער פעדער אַלץ אָפּגעווישט. ס׳איז ווידער געווען ליכטיק. ס׳האָט באַלויכטן די מענטשן, ראָז געמאַכט זייערע שטערנס. אַרום איז אַלץ געבליבן פריש, ווי בעת אַ רעגנבויגן. און — פלוצעם, נאָך לאַנגע יאָרן, האָב איך קלאָר דערזען, אַז די וועלט איז נישט אונטערגעגאַנגען. זי איז פול מיט ווערן. אַ באַנייטקייט טראָגט זיך מילד פון דעם אָוונט, וואָס הייבט אָן בלווילעך אויפצוגיין. די טראָטואַרן — פול מיט שפּאַצירער — יונגוואַרג. ווייט זענען פאַרלוירן געוואָרן אויסגעשרייען, רופן; טראַמווייען זענען רוישיק אָנגעלאָפן מיט אומרויִקן געקלאַנג. אַ רגע בין איך שטיין געבליבן פאַרגאַפט. גאַרנישט איז איבערגעריסן. אַלץ איז נאַטירלעכער המשך. איך האָב אים בולט דערקענט, דעם זונפאַרגאַנג פון דעמאָלט, ווען די וועלט איז נאָך געווען יונג. ער האָט זיך באַוויזן אומפאַרענדערט.

אַן אויגנבליק האָב איך געוווּסט, אַלע, יענע מענטשן פון אַמאָל, וועל איך מער נישט זען. פון די דאָ קען איך קיינעם נישט. איך זע זיי איצט צום ערשטן מאָל.

ס׳האָט מיר געדאַכט, כ׳קען זיי יאָ. זיי זענען מיר נאָענט. פון ווען? אפשר האָב איך זיי פאַרגעאַנט. אפשר זענען זיי פריִער געווען צוזאַמען מיט מיר? איצט זענען זיי ווידער דאָ — נייע. זיי דערקענען זיך נישט; באַלד איז מיר געווען קלאָר, דאָס זענען איצט־אויפגעגאַנגענע. אַ פרישער דור, וואָס האָט נישט געקענט זיינע עלטערן. בלויז איך געדענק זיי. כ׳האָב זיך געכאַפּט, אַז די וועלט איז פול, ראַיעט איצט, בלויז מיט פרישע. זיי זענען צעשפּרייט אויף ווי ווייט. איך האָב באַנומען, בלויז איינצלנע פון זיי וועל איך באַגעגענען. אַלע אַנדערע אָבער, וועל איך קיין מאָל נישט זען. מיר וועלן זיך נישט גרייכן, און אַוודאי נישט די אומצאָליקע דורות פון פאַר אונדז, און פון נאָך אונדז. איך בין אַריין אין דער מיט, פאַרבלאָנדזשעט צווישן די דורות.

איך האָב מיך איצט געזען לויפן צווישן די מענטשן איבער דער ערד. איך האָב נישט קיין צייט צו קוקן אַרום זיך. מען לאָזט אונדז איבער איר אַרויף. מיר לויפן

פֿאַרצווייפֿלט. איך זוך אַרום מיר היימישע פּנימער; לויף בלינד נאָך די אַנדערע פּאָר מיר. הינטער מיר ווייט פּייפֿט אַ בייטש אין דער לופֿט. זי יאָגט מיך אונטער. די פּאָר מיר האָבן שוין דערגרייכט דעם ראַנד. איך זינק נאָך זיי. אַנדערע טאַפּן בלינד, לויפֿן נאָך מיר. מיר טאַנצן אַלע שטום אין אַ ראָד, וואָס רוקט זיך מיט אונדז פֿאָרויס. איך בין פֿאַרוועבט. איך פּרוּוו זיך אָנכאַפּן אויבן אין שטריקלעך איבער די קעפּ, זיך אָפּצוהאַלטן אַ ווײַלע. איך מאַך סימנים. אָבער מיר זענען שוין אָנגעקומען. אַנדערע טאַנצנדיקע רעדער רוקן זיך הינטער מיר. הינטער זיי פּייפֿט ווײַטער די בייטש. די ערד פֿאַרשווינדט פֿון אונטער מײַנע פֿיס.

און מיט אַ מאָל האָט דאָ אויף דער גאַס, אַנטקעגן מיר, צווישן די אײַלנדיקע אויף פֿאָרויס, זיך אַרויסגעטײַעט אַ מיידעלע פֿון אַ יאָר פֿופֿצן. אַ רגע האָט זי זיך פֿאַרהאַלטן, געקוקט אַרום זיך. אירע אויגן מיט שרעק פֿון אַ פֿאַרוואונדערט הירשל, וואָס דערשפּירט אין די געבליטן די געפֿאַרן, וואָס לויערן אַרום. מײַנע אויגן פֿון פֿענצטער האָבן זי אַרומגענומען. איר הויך אַרויפֿגעשפּראָצט קערפּערל — פֿול, ווי ערשט, איבערן ווינטער, אויסגעצייטיקט אין אַ וואַרעמער היים. זי שטייט פֿאַרלוירן, שטעלט אַ טראָט פֿאָרויס און ציט זיך צוריק. עס באַוועגט זיך איר בלאָנד קעפּל מיט גלאַט־פֿאַרקעמטע האָר. איך האָב געזען איר פּנים מיטן קורצן נעזל, אַ פֿאַרריסנס. אַ ווײַלע האָט זי זיך אַ וואַקל געטאָן, ווי איבערן קערפּערל וואָלט איר דורך אַ פֿײַנלעך־זיסער באַריר.

פּלוצעם האָט אין מיר אויפֿגערוישט די דערמאָנונג פֿון מײַנע ערשטע יוגנט־חברטעס. זיי זענען מער נישטאָ. איך האָב דערשפּירט אין מײַנע אברים דעם ערשטן ליבע־באַריר, וואָס וועקט זיך אין זיי. ס׳איז געווען נעכטן. זיי זענען נאָך אַלע שילערינס. זעכצן — זיבעצן יאָר. אַ פֿרישקייט הויכט פֿייכט אַרויף צו זייערע פֿולע פֿאַרבאָרגענע פֿיס. כ׳האָב איצט געבענקט צו זייער וואַרעמער הויט; צו זייערע בלייכע ליפּלעך. כ׳האָב מיט אַ מאָל דערפֿילט, איך קאָן נישט לעבן אָן זיי.

איך האָב געוווסט קלאָר, קיין איינע פֿון זיי געפֿינט זיך מער נישט אין דעם בלווילעכן חלל, מען קאָן מער צו זיי זיך נישט שטרעקן. אָן זיי איז אויף אייביק ליידיק אַרום מיר.

דאָס בלאָנדע מיידעלע איז געהאַט אַוועק. ס׳האָט זי פֿאַרכאַפּט דער גאַסן־געשטראָם. זי איז מיט אים אָפּגעפֿלאָסן. איך האָב זי געזוכט, אונטן, אויף ווי ווייט. מען האָט דאָרט געזען בולט שנאַפּנדיקע נאַזלעכער פֿון יונגע זכרים מיט ראָזע באַקן פֿון קעלט אין די פֿאַרשנייטע אַלפּישע סקי־בערג. עס האָבן שפּאַצירט מיידלעך מיט בלאָנדע האָר־טורעמס איבער פֿייגלשע קעפּ; מיט פֿולע מילך־פּנימער און אָפּגעדעקטע קליינע אויערן. אין זייערע בלויע אויגן האָט זיך געשפּיגלט מיט שטוינונג דער צופֿאַלנדיקער אָוונט. זייערע געשפּאַנטע גופֿים ווערן איצט פֿאַרשטילט אין דערוואַרטונג. איך האָב זיי געציילט — פֿיל, פֿיל — איינע נעבן דער אַנדערער. איך האָב געוווסט, דאָ נישט ווײַט, זענען זייערע משפּחה־נעסטן; אויסער בלאָנדע פֿרויען אין דער נאַכט־פֿאַר־באַרגעניש, זענען זיי, יעדע איינע — אַ שוועסטער און אַ טאָכטער פֿון עמעצן דאָ. אויך פֿון די גאַסן זענען זיי צובאַהאַפּטן צו וואַרעמע געלעגער־היימען. זיי אַלע זענען אַ גאַנץ פֿאָלק — פֿאַרצווייגט אין זיך, פֿאַרשפּינט אין דעם לאַנד.

פּלוצעם איז עס מיר געוואָרן נישט צום באַגרייפֿן: ווי לעבן זיי — מענטשן, שטעט, וואָס האָבן קיינעם נישט פֿאַרלוירן?!

אַ רגע האָט מיר געדאַכט, אויך איך האָב פאַרזוימט, בין פאַרשלאָפן לאַנגע צייטן. זיי דאָ ווייסן נאָך גאָרנישט. מען האָט זיי געגאָסן פון פּלאַסטיק, אויסגעשטאָפּט מיט לייב און געלאָזט לויפן. אינעווייניק האָט זיי נאָך גאָרנישט דורכגעשטאָכן. זיי ווייסן נישט וואָס עס דראָט זיי. זיי גייען אָפן, אָפּגעדעקט. זיי זענען אָן דעם חוש אַרויס־צושפּירן אַ סכנה. עס האָט מיך אַרומגענומען אַ פאַרלאַנג, שוין צו וואָרענען אָט די בלאָנדע טעכטער מיט די, וואָס ציִען צו זיי; אַ געשריי טאָן פון הויכן פענצטער אַראָפּ צו דער גאַס; זיי זאָלן זיך איינהערן.

אַ ציטער איז מיר דורך דורכן נאַקן, ווי עס וואָלט אים ווער לייכט באַרירט.

מיט אַ מאָל האָב איך זיך דערמאָנט אין דעם וויזיט ביי דער שוועסטער פון פרוי ד. — אַנעט. איך האָב היינט בלויז איין מאָל זי געזען פון דער ווייטנס. זי איז איצט שטיין געבליבן פאַר מיר. זי איז איינע פון זיי דאָ. אַ יונגע, אַ פרישע, מיט רויִקע אויגן. זי האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף מיר. זי וואַרט. איך האָב דערפילט, איך מוז איצט זיין מיט איר אַליין, שפּירן איר נאָענטקייט, פאַרלוירן גיין מיט איר דאָ, אין דעם אָוונט פון דער פרעמדער שטאָט; פאַרשווינדן און דערנאָך — אויף ס'ניי נעמען אויפגיין מיט ווילדן געצאַפּל.

דער אָוונט אונטן האָט דערווייל וואָס אַ מאָל מער געצויגן אין זיך. עס האָט מיך אונטערגעהויבן; געגלוסט אַריינוואַרפן זיך ביז איבערן קאָפּ, פאַרזינקען אין אים.

איך האָב זיך אָנגעהאַלטן מיט מיין גוף אין פענצטער.

גיך האָב איך זיך דערמאָנט אין דעם הויז, וווּ איך געפין זיך; אין מיין לאַנדסמאַן, וואָס קומט באַלד צוריק פון תפילה. דער שבת פון הינטער מיר, פון דער שטוב האָט מיך דורכגעלויכטן. מיט אַ ציידן טיכל האָט ער פון מיר גענומען אויסווישן די מחשבות. איך האָב אָפּגעשוידערט פון זיי.

טיף אין אָוונט, נאָך דער שבתדיקער סעודה, זענען מיר אַוועק צו דער שוועסטער אין צווייטן עק שטאָט. עס האָבן מיך געפירט מיין לאַנדסמאַן מיט זיין פרוי און דריי דערוואַקסענע קינדער — אַ יינגל און צוויי מיידלעך. מיר זענען פאַרביי די דענק־מעלער פון לאָזאַן — גאַסן־סטאַטועס פון יונגפרויען און פון נאַקעטע לייבן, זיך רייסנדיקע אין שטומען געבריל. אַ זילבערדיק נעאָן־ליכט האָט מיר געבלענדט די אויגן. עס האָבן אויבן דורכגעשניטן די לופט — בליצן פון טראַמוויי־דראָטן. אַלץ אַרום איז ריטמיש געפלאָסן ווי אונטער אַ זילבער־וואַל. די מענטשן אויף די טראָטואַרן — ווי עמעצער וואָלט זיי אַלע איצט אַרויסגעלאָזט שטראָמען. עלעגאַנטע מוטערס געאָרעמט פון יונגע טעכטער; בכבודיקע הערן מיט שטייף־געפּרעסטע מאַנקעטן און בינאָקלען איבער די נעז. אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן מיט אַ טעקע אין האַנט האָט נעבן מיר דורכגעשטעלט זיינע טריט. נאָך אים — אייליק, אין מיטן טראָטואַר — אַ יונגערמאַן, אַ סטודענט — כסדר מיט אַ פוס פאָרויס, געשטעקט פאַר זיך אין גאַס אַריין — ווייטער, ווייטער. פון אַנטקעגן האָט זיך אָנגערוקט איבערן שאָסיי אַן אויסגעגלייכטער זקן, ווי אַ סטאַטוע, אָפּגעריסן פון אָרט. עס איז אָנגעגאַנגען אַ פרוי מיט אַ נידעריק הינטל, געפירט פאַר אַ פּאַסיקל —ביידע מיט די זעלבע פנימלעך. דער ריטמיש־איינטאָניקער טראָט אויפן ברוק, מיטן אָפּקלאַנג פון עכטע מטבעות, האָט עדות געזאָגט, אַז אַזוי

איז מען דאָ געגאַנגען מיט אַ דור און דורות צוריק. אויך די אויגן פון די קינדערלעך זענען פול געווען מיט רויִקייט אין די בלוילעכע ווייסלען. זיי האָבן אַרויפגעקוקט צו די עלטערן אומשולדיק — אָן פאַרגעפּיל פון ווערן אָפּגעריסן, פון בלייבן אַ מאָל אַליין.

מיין אַלטער לאַנדסמאַן האָט גערעדט צו מיר; דערציילט וועגן דער איינגעזעסנקייט פון שווייצער פאָלק, וועגן זיינע לעגענדאַרע העלדן, מיט יאָרהונדערטער צוריק, וועגן ווילהעלם טעל.

ער האָט געצויגן זיינע רייד. מיט אַ מאָל האָט ער געזאָגט: מעגלעך אין פיל יאָרן אַרום וועלן די אייניקלעך פון אונדזערע טאָל־טרייבער גוטמוטיק פאַרגעבן זייערע זיידעס. די רויטלעכע ימים וועלן האָבן אָפּגעפלאָסן. פעלקער וועלן וועגן זיי זיך נאָכדערציילן לעגענדעס; דיכטער וועלן באַזינגען זייער אכזריות איבער אונדז.

ער האָט געוואָרט, איך זאָל ענטפערן.

הינטער אונדז איז אָנגעגאַנגען אַ גרופּע יונגוואַרג, מיט פעסטע רעקרוטן־טריט. זיי האָבן אויסגעצויגן געזונגען „יאָדל־לידער". ווען זיי האָבן אונדז אַריבערגעאײלט — זענען זייערע שאָטנס געבליבן אויפן טראָטואַר, האָבן געוויקלט אַ נעץ אַרום אונדזערע פיס. איך בין אַ ווײַלע שטיין געבליבן, און מיט אַ מאָל איז מיר שווער געוואָרן אויפ־צוהייבן די פיס. איך האָב דערזען, אַלע אַרומיקע האָבן שאָטנס. אויך מיינע פריינד. פעסטע שאָטנס באַוועגן זיך אונטערן ליכט, בולט; פאַרפלאָנטערן מיך. באַלד האָב איך דערפילט אַ לויזקייט אונטער זיך. איך האָב נישט קיין שאָטן. ער איז אונטער־געהאַקט. פלוצעם איז מיר קלאָר געוואָרן, איך האָב אים ווו פאַרלוירן. איינער אַליין, אָן אים, האָב איך זיך געראַטעוועט אַהער, אין דער פרעמדער שטאָט. איך האָב מורא געהאַט אַראָפּצוקוקן אויף דער ערד, אַרום זיך. אַ מינוט האָב איך פלינק געוואָלט אַנטלויפן פון דער ליידיקייט אַרויס, אַוועק ווייטער, און נישט געקאָנט. איך האָב זיך אָנגעהאַלטן אין מיינע פריינד, אַריבערגעשטעלט די פיס. מיר זענען געגאַנגען, זיך אויסגעמישט אין דעם געדראַנג אין אַלע, זיך באַרירט אין זייערע אָרעמס. אויף דער גאַס האָט געפייפט; אויטאָס האָבן זיך געגליטשט איבערן אַספאַלט, געוואָרפן סנאָפּעס ליכט אויפן שאָסיי. באַלויכטענע ביז דער העלפט זענען מיר אַריבער אויף דער אַנדערער זייט. בלויע און רויטע רעקלאַמעס האָבן געמיניעט פון די לאַנגע שורות פּילשטאָקיקע הייזער. זיי האָבן פון ביידע זייטן פאַרשטעלט די נאַכט, זי איינגעהאַלטן הינטער זיך. פון די באַלויכטענע געזימסן האָבן וואַכנדיקע מלאכים זיך דערלאַנגט די פליגל, צוריקגערוקט הינטער זיך די פינצטערניש. ס'איז מיר דורך אַ מורא, די הייזער זאָלן נאָר אין איין רגע נישט אַ לאָז טאָן זיך אַראָפּ; זעצן זיך נידעריק. מיר וועלן אַלע בלייבן אָפּגעדעקט אין מיטן אָפענעם שאָסיי.

אָן אויטאָ איז אָנגעפאָרן אַנטקעגן — זיינע רעדער פאַר מיינע פיס.

אָן אויגנבליק האָבן די קני מיר זיך אַ בייג געטאָן, ווי צו קניִען פאַר אים, זיך אונטערגעבן. ער האָט האַסטיק זיך פאַרהאַלטן. די באַוועגונג איז געווען אָפּגעהאַקט. פון אַלע זייטן האָט מען געקוקט צו זיינע רעדער. אונטער זיי איז ליידיק. איך האָב זיך אָפּגעריסן פון מיין אָרט. מיר זענען אַריבער. דער אויטאָ איז אַוועק. די מאָסע האָט זיך צעשאָטן ווייטער, האָט אָפּגעאָטעמט. בלויז מיינע באַגלייטער נעבן מיר זענען

נישט געקומען צו זיך. זיי האָבן מער נישט געקאָנט דערכאַפּן דעם פּאָדעם פון פריער. פון מיינע מלבושים האָט זיי אַ שלאָג געטאָן אין די נאָזלעכער דער פרישער ריח, וועלכן איך האָב מיט זיך געבראַכט.

פאַר מיר זענען אויפגעשוווּמען ענלעכע בילדער פון מיין אַמאָליקער היימשטאָט מיט אירע טראַמווייען: עלעגאַנטע הויכע הערן אין געפּאַסטע מונדירן, אין די הענט — קליינע גלאַנציקע רעוואָלווערן, ווי קינדישע שפּילצייג — רייסן איבער די באַוועגונג. ס׳איז שטיל. מען הערט בלויז אַן איינצלנעם שאָס — עמעצער האָט דין אָפּגעהוסט, און די גאַס פּלייצט ווייטער, ווי איצט דאָ, טיף אין צעצונדענעם אָוונט אַריין. מען האָט דערנאָך בלויז געקוקט זיך אין די פּנימער, צי ערגעץ, אונטער אַראָפּגעלאָזטע וויִעס, לעשן זיך נישט צעגלאַנצטע אויגן. באַלד איז מען געגאַנגען ווייטער — מיט די בליקן אין דער הייך, פאַר זיך, נישט צו קוקן אַראָפּ, אונטן. עס איז מיר פּלוצעם אַדורך אַ ציטער: אָט באַווייזן זיך דאָ יענע הערן, פון אַלע זייטן רינגלען מיך אַרום בליקן; עס שיילט זיך אָוועק דער זילבער־וואָל. מען דערקענט מיך. איך שטיי אין דער נאַכט אייגער אַליין, אין מיטן — נאַקעט, אָן אַ שאָטן — מיט ווילדע האָר; אַ פינגער טייטלט הינטער מיר שפּיציק אין דער פּלייצע; ווייזט, איך זאָל גיין פאָרויס. הינטער מיר אַ דין שטאָלן רערל.

באַלד האָב איך דאָס בילד אָפּגעשאָקלט פון זיך. איך האָב געזען אויפן ליידיקן אַספאַלט, אין מיטן שאָסיי, האָט דער אויטאָ גאָר געלאָזט נאָך זיך, אויסגעצויגן מיט די פיסלעך, אַ ווייס קעצעלע. אַ פריש־רויטער פלעק נעבן וואַרעמען קערפּערל. דאָס נאַכטליכט איז געשפּיגלט אין דעם. ניין, נישט קיין קעצעלע — נאָר אַ ברוין הינטל מיט אַן אָפן פּיסקל איז דאָס. דאָס קערפּערל גיט זיך איצט אַ לעצטן וואָרף!

די גאַס איז ווידער געוועזן פאַרגליווערט. דאַמען און קינדער שטופּן זיך איבער קעפּ. דער אויטאָ איז אַנטלאָפן, ווייט. די קרענצלעך קענען זיך נישט צעגיין, שפּעטער, אין דער נאַכט, וועלן די קינדער נישט איינשלאָפן.

פּלוצעם האָב איך באַנומען, זי קאָן דאָך נישט אָנהאַלטן דאָ אייביק, די דאָזיקע שטילקייט. עפּעס קומט באַלד אָן. אפשר שנעל אַנטרינען. באַלד וועט דאָ צעפייפן זיך אויף געליאַרם. מען וועט זיך צעלויפן אין אַלע זייטן — יעדער באַזונדער.

איך האָב זיך פאַרהאַלטן. איך האָב אָפּגעאָטעמט. איך האָב געוווּסט אויף זיכער, אַז איך גיי דאָ צווישן פריינד, וואָס האַלטן מיך טייער. דאָס איז גאָר אַ צעשפּילטער אָוונט אין אַן אָפענער שטאָט. גאָרנישט לאָזט זיך אַראָפּ. קיין שום פינגער ווייזט נישט אויף מיר. באַלד וועלן מיר דאָרט זיין, ביי מיין לאַנדסמאַנס יונגער שוועגערין, אַנעט. זי דערוואַרט מיך. איך וועל בלייבן מיט איר אַליין.

דער אַריינגאַנג אין דער שוועסטערס הויז איז געווען פון אַ זייטיק געסל. מיר קומען צו צו דעם טויער אונטן, בלייבן שטיין פאַר די געשלאָסענע טירן. אַ האַנט דריקט אויפן עלעקטרישן קנעפּל. זיי צערוקן זיך פאַר אונדז. טעפּעכער זאָפן איין אונדזערע טריט. מיר שטייגן אין זיי איבער ברייטע מאַרמאָרנע טרעפּ. מיר שטייען איבער אַ גלאַטן פּאָדיום פאַר דער טיר פון אַ ווינדע — אַ שמאָלע, אַ הויכע. אַ לאַנגער

מאַטער שפּיגל הענגט פאַר אונדז. מיר זען זיך ביז די פּיס אַראָפּ. אַ בלוי אויג בליקט פון דער זייט אין דער טונקלקייט אַריין. עמעצנס אַ האַנט פאַרווישט עס אַ רגע. אַ פינגער שטעקט זיך אין דעם אַריין. מיר וואַרטן. טונקעלע שטריק קאַלערן זיך אַן הינטערן גלאָז. די ווינדע לאָזט זיך אַראָפּ. זי שטייט גרייט. די גלעזערנע טיר איז נישטאָ. מיר גייען אַריין. די מאַטע טיר פאַררוקט זיך הינטער אונדז. מיר זענען אינעווייניק אין דער שמאָלער ווינדע. זי רייסט זיך אָפּ. מיר שטייען שוויַיגנדיקע, צוזאַמענגעפּרעסט; די הענט אַראָפּ. מיר הייבן זיך לייכט. פון יענער זייט איבערן גלאָז לויפן ליידיקע שטיגן אַראָפּ, מיניען אונדז פאַרביי. מיר זענען אָפּגעריסן. מיר וואַרטן. מיר שטייען אומבאַוועגלעכע מיט אַראָפּהענגענדיקע קעפּ. די רגעס נידערן אונדז וואַרעם אין גוף, אין די פּיס. עס האָט זיך פאַרהאַלטן. די ווינדע הענגט הויך אין דער לערקייט. מיר שטייען אין דער לופט איבערן דינעם דיל. די טיר פאַרשווינדט. מיר גייען אַרויס. מיר בלייבן איבערן האַרטן דיל, אויבן. מיר שטייען שוין פאַר די טירן פון דער דירה. די געמעלן פון די ווענט אין טונקל־באַלויכטענעם פּירהויז נעמען אונדז אַרום, לאָזן אונדז וואַרטן. איך בלייב אין ווינקל. הינטער מיינע פריינד.

פרוי ד. האָט אויסגעשטרעקט לאַנג די האַנט צו דער וואַנט. זי האָט געדריקט מיטן פינגער אין גלעקל. עס האָט אויפגעברומט אינעווייניק. עס איז געווען שטיל. קיינער האָט נישט געעפנט.

פאַר אונדזערע קעפּ זענען געהאנגען פאַרגליווערטע לאַנגע בלויע שנירלעך. זיי לאָזן זיך אַראָפּ לויז פון אויבן, פון די העכערע שטאָקן. זיי גרייכן אונדז פאַרביי, ביז אונטן צום אַריינגאַנג.

מיר האָבן געוווסט, פאַר טאָג, ביים בלאַסן ליכטשיין, וועלן איילנדיקע וועלאָסיפּעד־יינגלעך אָנטשעפּען אין זייערע עקן, אונטן, געוויקלטע צייטונגען מיט די לעצטע נייעס. וואָס זענען נאָך איצט נישט געשען. די שטריקלעך וועלן אָנגעשפּאַנט ווערן פון דעם געוויכט, זיי וועלן אַראָפּשווערן. די איצט־פאַרזונקענע אין טיפן שלאָף איינוווינער פון די העכערע שטאָקן וועלן דעמאָלט אַרויס פון די וואַרעמע בעטן. פאַרגעגעצטע וועלן זיי מיט די הענט ציִען אַרויף צו זיך, ווי פון טיפע ברונעמער, די מאָרגן־בלעטער.

איצט שלאָפן זיי נאָך אויבן. מיר הערן אין דער וואַרטנדיקער שטילקייט דעם גלייכמעסיקן ריטעם פון זייער שנאָרכן.

מיט אַ מאָל איז מיר קלאָר געוואָרן, אָט אין דער איצטיקער נאַכט־שעה, ווען זיי דאָ שלאָפן טיף, ראַנגלען זיך נאָך מיטן אָטעם, אין די ווייטע בלאַס־באַלויכטענע שפּיטאָל־צימערלעך, די, וואָס זייערע נעמען וועלן פאַר טאָג זיין שוואַרץ־איינגעראַמט אין די געוויקלטע צייטונגען. נעבן אונדז, אין פּירהויז, לויערן שוין גרייט די שנירלעך, פאַרטייעט ווי שלענגלעך, מיט אויסגעשטרעקטע מיילעכלעך צום אַראָפּ. מיר וועלן דאָ שוין נישט זיין, ווען איינגעקורטשעטע, פול אין זיך, וועלן זיי זיך צוריקציִען, פאַרשווינדן אַרויף, מיט די איינגעשלונגענע נעמען. זיי וועלן זיי אַריינדערלאַנגען אין יענעס וואַרעמע הענט.

איך האָב געוואָלט זי איינהאַלטן אין זיך, די איצטיקע שעה.
פון יענער זייט טיר, אין די שטובן, האָבן זיך אָנגעטראָגן שאָרכנדיקע טריט.
— מיין שוועגערין — האָט שטיל אַרויסגעזאָגט הער ד.

מען האָט פֿאַרנומען אַ זשום פֿון פֿרויען־קליידער. באַלד זענען די טירן געווען אָפֿן. אין דער צעלויכטנקייט איז געשטאַנען אַנעט. זי האָט אַ ווײַלע געזוכט, אונדז אויסגעטײַלט אין דער טונקלקייט.

זי האָט אונדז אַרײַנגעבעטן אינעווייניק, אין אַ העל־באַלויכטענעם זאַל. זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ צו אירע קרובים, גערעדט צו זיי. זי איז געגאַנגען צווישן אונדז. איך האָב געזען בלויז אירע אַקסלען; די טונקל־בלאָנדע האָר — איבער איר ווײַכן קאַרק. אויך די קרובים זענען געווען צו מיר אויסגעדרייט. איך האָב געהערט, זי רופֿט אונדז נאָך זיך, עס האָט מיר געדאַכט, איך בין צו הויך. איך גיי אין דער מיט.

אויף דער שוועל איז אונדז אַנטקעגנגעקומען אַ הויכער מאַן, פֿון אַ יאָר פֿערציק, מיט אַן אָפֿן פּנים. ער איז געווען געקליידט אין לאַנג־געשטרייפֿטע הויזן און האָט געטראָגן אַ פּירקאַנטיק זײַדן קאַפּעלע אויפֿן קאָפּ. ער האָט מיך גלײַך אָפּגעפֿונען. ער האָט איבער אַלע אַדורך מיר דערלאַנגט די האַנט. באַלד האָט ער מיר געהאָלפֿן אויסטאָן דעם מאַנטל.

— מײַן שוואָגער — האָט געזאָגט ה׳ ד.

אַנעט האָט אויף אַ ווײַלע זיך אויסגעדרייט, אַ קוק געגעבן צו מיר. איר מאַן האָט געפֿרעפֿלט:

— האַ, וואָס פֿאַר אַ גאַסט; וואָס פֿאַר אַ גאַסט!
זי האָט מיר אויסגעשטרעקט די האַנט, אַ לויזע, אַ לערע.
איך האָב זיך דערפֿילט קראַנק; עס איז מיר דורך אַ געדאַנק:
„איך וועל דאָ בלײַבן נאָר געציילטע מינוטן".

דער באַלעבאָס פֿון הויז האָט אונטערן אָרעם מיך געפֿירט דורך די צימערן אין אַ גרעסערן זאַל. מיר זענען אַרײַן צווישן ווענט מיט פֿאָרנירט מעבל, העלס. אַ יונג מילכליכט האָט אונדז אַרומגעהילט. פֿון די בילדער אויבן האָבן זיך געשטרעקט אַראָפּ ווײַכע שטראַלן. זיי האָבן זיך געשפּרייט אין דער נידער און זיך פֿאַראייניקט מיט די פּאַסן פֿון די בעזש־טעפּעכער אונטער אונדזערע פֿיס. מיר זענען איבער זיי געגאַנגען, געשטעלט די טריט איבער די שטראַלן אַריבער.

אַנעטס מאַן האָט מיך געפֿירט ווײַטער, צום ווינקל פֿון זאַל. דאָ, פֿאַר אַ נידעריק, קײַלעכדיק, טישל, איז געשטאַנען אַ יונג ווײַבעלע. ער האָט מיך פֿאַר איר פֿאָרגעשטעלט. זי איז אַ גאַסט פֿון האָלאַנד, האָט ער געזאָגט. זי האָט געטראָגן אַ קלייד מיט שוואַרץ־סאַמעטענע זוימען. אויך אירע האָר און אויגן זענען געווען שוואַרץ־גלאַנציקע. זי האָט צו מיר אויסגעשטרעקט אַ ווײַסע האַנט מיט לענגלעכע פֿינגער, און זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער קאַנאַפּע בײַ דער וואַנט. ער האָט מיר געוויזן זיצן אַנטקעגן איר אין אַ פֿאָטעל. ער איז אַ ווײַלע אַרויס, אונדז געלאָזט אַליין. באַלד האָט ער נאָך זיך געפֿירט די אַנדערע געסט. ער האָט זיי אויסגעזעצט אַרום טישל. אויך ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער קאַנאַפּע. עס איז געבליבן ליידיק נאָר אַנעטס אָרט. איך האָב געהערט, איר מאַן רעדט צו מיר. ער איז אַ בעלגישער ייד, האָט ער דערציילט. אין די מלחמה־יאָרן איז ער פֿון דאָרט אַנטלאָפֿן. מען האָט נאָך אים זיך געיאָגט; ווי נאָך אַ חיהלע — האָט ער געזאָגט. פֿון בײַדע זײַטן גרענעץ האָבן זעלנער געמאַכט אַ יאָגד אויף אים. ער איז געלאָפֿן צווישן די קוילן ביז מען האָט אים געפֿאַנגען און אַוועקגעפֿירט אין טאָל.

אַנעט איז אַריין. „מיט דריי יאָר צוריק האָבן מיר חתונה־געהאַט" — האָט ער געוויזן אויף איר און זיך. ער האָט געוואָרט אויף אַן ענטפער, צו הערן מיין קול. איך בין געזעסן. כ'האָב מיינע ווערטער נישט געקאָנט אַרויסברענגען. איך האָב געהערט, ווי ער רעדט איצט וועגן מיר — זאַכן, וואָס ער האָט געהערט. ער האָט געוואָרפן ווערטער, אויפצורודערן זייער עכאָ אין מיר. באַלד האָט ער מיך אַרומגערינגלט מיט דער האַנט אין אַ האַלבקרייז. „מיר דריי" — האָט ער געצויגן די האַנט, איבער אונדזביידע און אויך איבערן ווייבעלע אויף דער קאַנאַפּע נעבן אים. ער האָט אונדז אָפּגעטיילט. איך האָב געהערט, אויך זי איז פון דער מלחמה געראַטעוועט געוואָרן. מען האָט פון איר אַוועקגענומען דעם מאַן מיט די קינדער. זי איז געלאָפן אַליין, דורך וועלדער, ביז זי איז דורך די בערג אַריבער די גרענעץ אין דער שווייץ. אירע אויגן זענען געווען גרויסע, זיי האָבן שימערירט מיט אומרו. זי איז געזעסן איבער דער קאַנאַפּע, אַ פּוס פּאַרלייגט אויף אַ פּוס. דאָס שוואַרץ־סאַמעטן קעלנערל פון איר קלייד האָט ווייס־אויפגעטורעמט די גלאַטקייט פון איר האַלדז. אויף איר ברוסט האָט געציטערט אַ דימענט־שפּילקע. אַזוי, האָב איך געוווסט, האָבן אַ מאָל אויסגעזען די יידישע טעכטער פון אַמסטערדאַם.

אַנעטס מאַן האָט איצט געלויבט דאָס פאָלק אין האָלאַנד, וואָס האָט אין זיך באַהאַלטן די דאָרטיקע יידן, זיי פון זיך נישט אַרויסגעטיילט. די דייטשן האָבן געמוזט זיי אַרויסשלעפּן מיט כוח. ער האָט דערציילט וועגן יידישע פליטים פון בעלגיע, פון פראַנקרייך, אַנטרונענע אין דער שווייץ. אויך דאָ האָט מען זיי אָפּגעטיילט צווישן שטעכל־ווענט; געהאַלטן זיי גרייט. מיר האָבן זיך איינגעהערט. ער האָט אָנגעבאָטן, מיר זאָלן אַלע איצט מאַכן אַ „לחיים". באַלד האָט ער צו מיר אויסגעשטרעקט די האַנט מיט אַ גלעזל. אויף זיין פינגער איז געזעסן אַ גאָלדענער רינג, אויסגעקריצט אין אים „עם ישראל חי", אין אַ „מגן דוד". אַנעט איז געהאַט אַרויס. זי האָט איצט זיך צוריקגעקערט מיט אַ זילבערנער טאַץ כיבוד: משקה אין געשליפענע קאַרפינקעס, און טאָרט.

— דער רינג איז אַ מתנה פון מיין פרוי, צום יאָרטאָג פון מיין באַפרייונג — האָט ער געזאָגט. ער האָט איצט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף הינטער זיך. ער האָט געשטרעקט אויף פאָרויס די לאַנגע מוסקולן פון זיין האַלדז. ער האָט אין זיי דורכגעגאָרגלט משקה, גלייך פון גלעזל.

מען האָט געקלונגען אין דער דרויסנדיקער טיר. אַנעט איז אַרויס עפענען. מיינע אויערן זענען געווען אָנגעשפּיצט. איך האָב געהערט די טיר פאַרמאַכט זיך. אַנעט האָט זיך אומגעקערט. אַ שכנטע. זי איז אַוועק.

אַנעט האָט אי'צט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער קאַנאַפּע. איר מאַן האָט ווידער גערעדט. ס'האָט ווידער אויפגעקלונגען אין האָל. ס'איז געווען דער טעלעפאָן. צי זוכט מען נישט מיך אין דער פרעמדער שטאָט?! זי איז נאָך אַ מאָל אַרויס. מיין אויער האָט זיך איינגעהערט אין אירע ענטפערס אין טרייבל אַריין. זי איז צוריקגעגאַנגען צווישן אונדז. איר גוף האָט מיך אָנגערירט. איר פּנים איז געווען מאַט, ווי אונטער גרויע ליכט; די בלאָנדע האָר — מיט אַ זילבער־בלוילעכן שימער. אונטער דעם גלאַטן וואָלקלייד האָבן אירע בריסטן מילד געאָטעמט. איך האָב געפילט זייער ווייסן, וואַרעמען

ריח. זי האָט זיך געזעצט. זי האָט פּאַר מיר געהאַט — אי פולע אויסגעפּיעשטשעטע צייטיקייט, אי — מאַמעשע צערטלעכקייט, אַריינצוטאָן אין איר דעם קאָפּ.

די פריערדיקע אויפקלונגען אין האַל האָבן זיך שוין געהאַט איינגעשטילט. אַלע האָבן גערעדט. בלויז זי האָט געשוויגן. איר קערפּער האָט הויך געאָטעמט. איך האָב אין מיר געפילט דעם עכאָ פון יעדן איר אויפאָטעם און אָפּאָטעם. אַ רגע איז מיר דורך אַ געדאַנק: זי שוואַנגערט! אַ וולד איז דאָ אין איר. איר מאַן האָט אין איר פאַרוואָרפן וואָרצלען. עס האָט מיר באַנג געטאָן פאַר דעם טעות, וואָס איז דאָ אין איר. דאָס פרעמדע נפשל שטערט צווישן אונדז. איך האָב אים פיינט געהאַט. באַלד האָב איך זיך פאַרשעמט. איך האָב געוווּסט, איך בין דער פרעמדער.

איך בין געוואָרן אומרויִק, עס קאָן קומען נאָך אַן אויפקלונג אין טיר — ווו וועט זי זיך באַהאַלטן מיטן וולד אין זיך?! די ווענט פון דער דירה זענען פאַרמאַכט, נישטאָ קיין פאַרבאָרגענישן, אויך נישט אין סופיט, אין דיל. מיין בליק האָט גע־בלאָנדזשעט אונטער די בילדער, די טעפּעכער.

באַלד האָב איך געוווּסט אויף זיכער, זי שוואַנגערט נישט. קיין שום פרעמד נפשל שטערט נישט צווישן אונדז. זי איז פול מיט דער אייגענער וואַרעמקייט.

עס איז מיך באַפאַלן אַ ווילן, זי נישט צו זען ביזן אַוועקגיין, בלייבן אויף תמיד אַליין; אַרויסגיין אין דרויסן און לייגן דעם קאָפּ אויף אַ שטיין, מיט דער באַק אויף דער קאַלטער גלאַטיקייט זיינער.

איך האָב אָפּגעקערט דעם בליק און דערזען דאָס האַלענדישע ווייבעלע. זי איז נאָך געזעסן, פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס. זי האָט געשאָקלט מיט דעם אָנגעהאָנגענעם שטעקשוך. אונדזערע בליקן האָבן אַ ווײלע זיך אָנגעטראָפן. איך האָב דערפילט אין זיך אַ וואַרעם־סאַמעטענעם באַריר. באַלד האָט זי פאַרהאָנגען די אויגן מיט אירע לאַנגע וויעס. זי האָט זיך פאַרנומען צום זינגען. עס איז געוואָרן שטיל. די שטימע איז איר אַרויס פון האַלדז ביינדלדיק, מיט אַ מאַטן אָפּקלאַנג — טיף פון איר לייב אַרויס.

זי האָט אויפגעהערט. איך האָב געזען, אַנעטס מאַן רעדט צו מיר איבער זיין פרויס קאָפּ אַריבער. ער שטרעקט צו מיר זיין הויכן שטערן. צווישן די אויפגעריסענע אויגן האָט אים זיך געקנייטשט אַ גרויסע „ש." ער האָט זי פאַרשטעלט מיט אַ האַנט־דעכל איבער די ברעמען. דאָס זיידענע קאַפּעלע איז אַ ווײלע אים אַראָפּגעפאַלן פון די הויכע געקרייזלטע האָר. איך האָב געהערט, ווי ער פלעסקעט נאָך ווייַן אין די אויסגעליידיקטע גלעזלעך. באַלד איז געוואָרן שטיל. ער האָט אויפגעזונגען אַ ליד וועגן אַ פליט, וואָס יאָגט זיך נאָך זיינס אַ לעצטן משפּחה־גליד. זיין קול האָט זיך געשיפּט, ווי איבער אַ וואַסער. די אויגן זענען אים געווען פאַרצויגן מיט אַ ווייסלעכן אָפּגלאַנץ. ער האָט איבערגעריסן דאָס ליד.

— מיר, די געראַטעוועטע, — האָט ער צו מיר ווידער גערעדט — האָבן געדאַרפט לעבן ערגעץ אָפּגעזונדערט. אַפילו ווייבער נעמען נאָר טעכטער פון די טאָלן.

זיין שוואָגער, מיין אַלטער לאַנדסמאַן, האָט עפּעס געוואָלט זאָגן. ער האָט אויס־געמיטן זיין פּנים.

— פאַר וואָס — האָט ער אַרויסגערעדט — זאָלט איר אַלע נישט רופן אַ וועלט־אסיפה און מודיע זיין, אַז דער היינטיקער דור איז אַ יתום; ער דאַרף זאָגן „קדיש", טראָגן אַש איבערן קאָפּ?!

דאָס מויל איז אים געבליבן אָפן. אינעווייניק האָט מען געזען אַ רויטלעכע צונג, ווי אַ פרעמדע, אַן אַריינגעזעצטע.

אַנעטס מאַן האָט געענטפערט מיר, נישט אים.

— מיר זענען נאָך נישט אַדורך — האָט ער געזאָגט — מיר האָבן איצט נאָר אַ פויזע, צו כאַפּן דעם אָטעם. זיי וועלן לסוף אונדז אַלע אָניאָגן.

דאָס האָלענדישע ווייבעלע האָט זיך איינגעהערט.

— די פויזעצייט — האָט זי מיט אַ מאָל זיך אָנגערופן — שלעפּערט אונדז איין. מיר שפּירן נישט, מען לאָקערט אויף אונדז. דער לאָקערער איז אין איר פּאַרטייעט.

שפּעטער האָט מען געהערט, עס גיסט זיך אין די העלדזער די טיי, וואָס אַנעט האָט אַריינדערלאַנגט. זי אַליין איז אַרויס.

נישט פילנדיק האָב איך זיך איבערגעזעצט אויף איר ליידיקן אָרט. מיר דריי — איר מאַן, דאָס האָלענדישע ווייבעלע און איך — זענען איצט געזעסן אויף דער קאַנאַפּע, אויסגעטיילט פון אַלע. מיר האָבן נאָך געזופּט די טיי. עס האָט מיר געדאַכט, אַלע זעען, דאָס אָרט וואַרעמט מיך אונטער.

אַנעט איז צוריקגעקומען. זי האָט זיך געזעצט אַנטקעגן, אויף מיין שטול — אין דעם האָלבראָד אַרום אונדז דריי. זי איז געזעסן צווישן איר שוועסטערס משפחה.

דער שמועס האָט ביסלעכווייז זיך פאַרבונדן, האָט אַלעמען לייכט אַרומגעקייטלט. מיין לאַנדסמאַן האָט ווידער געפרעגט און איך האָב געענטפערט. די וואַרעמקייט פון דער קאַנאַפּע האָט, ווי אַ פּאַרע, לייכט מיר אַרויפגעשטראָמט אין קערפּער. איך האָב אויף זיך געפילט בליקן פון אַרום. מיינע ווערטער האָבן געבלאַנדזשעט.

ביי אַנעטס מאַן און דעם האָלענדישן ווייבעלע זענען די אויערן אַ ווײַלע געבליבן אויפגעשפּאַנט, ווי צו הערן פון ווייט, איבער די ווענט.

מיין לאַנדסמאַן מיט זיין משפחה זענען וואָס אַ מאָל געוואָרן אַראָפּגעזעצטער. דער אויפגעשפּיצטער געהער פון די צוויי האָט זיי אָנגעשטעקט מיט אומרויִקייט.

עס האָט מיך איצט געגלוסט רעדן צו זיי, נאָר קיינער זאָל נישט זיין דערביי. זיי זענען געוואָרן פאַרשטומט. מיין לאַנדסמאַן האָט אָנגעהאַנגען זיין בליק אויף זיין ווייב. זי, די זקנה, האָט נאָך פון פריער געקוקט אויף אים. זייערע אויגן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן. די אַלטע האָט אַ גאַנצן אָוונט היינט זיך איינגעהערט אין אונדזער שמועס. אַלע זענען איר געוואָרן ווייט — אויך אירע קינדער. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף איר מאַן און עס האָט איר באַנג געטאָן. זי האָט מיט אַ מאָל באַנומען, אַז עס לאָזט זיך אויס צווישן זיי, עס ווערט איבערגעריסן. דער צוזאַמענקנויל פון יאָרן הינטער זיי פּלאָנטערט זיך אויס, דערנענטערט זיך צום סוף. אין גיכן שוין וועלן זיי אויף שטענדיק זיך שיידן. ס'לויפט אַוועק. זי איז געבליבן זיצן פּאַרטאָן אין זיך. איר מאַן האָט אַ צעמישטער געקוקט. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס עס איז געשען; וואָס קומט היינטיקן אָוונט דאָ פאָר.

מען האָט צוגעגעבן לעקעך און נאָך טיי. דער שמועס האָט ווייטער זיך געוויקלט. אַנעטס מאַן האָט געגעסן שנעל, געשלונגען שטיקער. בלויז זי אַליין האָט די אַלע שעהען גאַרנישט פאַרזוכט פון איר כיבוד. איך האָב שוין געהאַט אויסגעליידיקט מיין גלאָז און זיך געקליבן אויפצושטיין. ס׳איז מיך אויף ס׳ניי באַפאַלן דער ווילן, אָפּצורייסן זיך פון אָרט, שוין אַוועקגיין. איך האָב נישט געקאָנט זיך פאַרגעבן, וואָס איך קריך נאָך אַלץ צווישן מענטשן. כאָטש תמיד האָב איך דערנאָך חרטה.

אין דער רגע האָב איך נישט ווילנדיק געעפנט די אויגן אַנטקעגן, און מיט אַ מאָל האָט די גאַנצע שטוב מיר שווינדלענדיק זיך אַ וואַקל געטאָן, ווי זי וואָלט פריער זיך געוויגט קרום, נאָר ערשט איצט איז זי שטיין געבליבן אויסגעגלייכט אין ליכט. איך האָב דערזען פאַר זיך אַנעטן. זי האָט, ווי אונטער אַ פאַרגרעסער־גלאָז, פאַר מיר זיך אָנגערוקט ראַשיק־נאָענט. איך האָב געוווּסט קלאָר, אַז היינט אַ גאַנצן אָוונט יווירט אין איר אַ פאַרשעמונג. אין דער איינער ר׳גע האָב איך באַנומען, אַז דאָ, אויף דער קאַנאַפּע וויקלט זיך כסדר אַ שטומע פרייד פון וועלכער זי איז אויסגעטיילט. אַ בענקשאַפט שטראָמט צווישן אַנעטס מאַן מיט די אויפגעריסענע אויגן, וועלכע קלעפּן זיך אים שוין האַלב, און — דעם גאַסט, דעם ווייבעלע פון האַלאַנד, וואָס האַלט איצט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ. בלויז אירע אַרויפגעהויבענע נאָז־פליגעלעך פלאַטערן דין. קיינער האָט די גאַנצע צייט נישט באַנומען די שטילע מאַכטלאָזע בלאַנדזשעניש פון זייערע הענט אויף דער קאַנאַפּע. בלויז אַנעטס אָפּגעפרעמדטער בליק האָט אין איין רגע זיי פאַר מיר בולט געמאַכט אין זייער זוכן־זיך — גרויסע מענלעכע הענט, ליידיקע, מיט לאַנגע פינגער, וואָס קריכן, און — קלענערע, ווייסע, ציטעריקע, וואָס ציִען פאַרחלשטע, פון זיי פאַרצוקט צו ווערן.

איך האָב אויף ס׳ניי אַנגעקוקט דאָס פּאָרל און דערזען דאָס פרייטיק־צו־נאַכטס־שפּיל, וואָס קוועלט בגילופנדיק אין זיי, אונטערן געוויש פון די רייד דאָ. זייערע גופים אָטעמען אויף און אָפּ. די שיכרות טיילט זיי אויס, גרענעצט זייביידע אָפּ דורך די מילכשטראַלן — פון אונדז אַלע, די איבעריקע. מיר בלייבן פון דרויסן.

איך האָב איצט אָפּן אַ קוק געטאָן צו אַנעטן און דערפילט, ווי זי אין איר שטול זינקט אונטער זיך אין דעם געוויש. גאַרנישט איז דאָ אונטן. זי נידערט.

איך האָב מער נישט געקאָנט אָפּרייסן זיך פון מיין אָרט. כ׳בין געבליבן צוגענאָגלט. איך האָב איצט געזוכט בלויז איין בלאָנדזשענדיקן בליק אַנעטס, אים אָנצוכאַפּן, האַלטן אים אַ ווײַלע; אַרויסשאַקלען פון איר אַלץ, די גאַנצע פאַרשעמונג פון היינטיקן אָוונט; איך האָב געוואָלט, ווי קניִען פאַר איר.

אַ רגע האָט זי זיך פאַרהאַלטן פאַר מיר. אירע בלאָנדע האָר זענען איצט, פון ביידע זייטן, גלאַטע, איר אַרומגעפאַלן אַרום פּנים; עס זילבער־בלוילעך אַרומגעראַמט. זי האָט דורכגעקוקט צו אונדז ווייט, פון דער ראָם אַרויס. עס איז מיר דורך אַ געדאַנק, אויך איך וועל פון דאַנען באַלד גיין.

אַנעטס מאַן האָט נאָך אַלץ גערעדט צו מיר. ער האָט אַרויסגעלאָזט רייד און איז געבליבן ווייט הינטער זיי. זיינע ווערטער, אָפּגעריסענע פון אים, האָבן זיך געוויקלט אַליין הפקר אין חלל. ער האָט איצט צוגעגרייט פראַגע נאָך פראַגע, זיי מיר געוואָרפן אַנטקעגן, איך זאָל זיך אַמפּערן מיט זיי. ער אַליין איז געבליבן צוריק־

געצויגן. איך האָב געוווסט, ער הערט נישט, ווען זיי דערגייען צו מיר. אויך מיינע ענטפערס גרייכן אים נישט, זיי טרעפן אין דער לופט זיך אָן אויף זיינע הענגענדיקע רייד. זיי קומען אויבן זיך אַנטקעגן און לאָזן זיך נישט דורך. זיי ראַנגלען זיך, אונדזערע פראַגן און ענטפערס. מיר ביידע זענען דערביי נישטאָ. ער האָט איצט צוגעגרייט נייע רייד, זיי אַרויסצולאָזן, ווען אויבן וועט זיך איינשטילן.

מיט אַ מאָל האָב איך אויפגעכאַפּט אַנעטס אַ בליק. איך האָב דערשפּירט, אַז מיינע רייד שטאַרקן זיך אויבן איבער זיינע. זיי פלאַטערן איבער זיי, דעקן זיי צו.

אַן אויגנבליק, און איך האָב נישט געקאָנט באַהערשן דעם פלייץ ווערטער, וואָס האָט זיך געריסן פון מיר. איך האָב איצט גערעדט צו זיי אַלע. מיינע ווערטער האָבן געשטראָמט ווייט פון אונטער מיין זכרון אַרויס. איך האָב געהערט, ווי איך דערצייל זאַכן, וואָס כ׳האָב שוין לאַנג געהאַט פאַרגעסן, איך גיב אָפּ ווייטע גרוסן. איך האָב זיך געוווּנדערט, וואָס איך דערמאָן זיך אין זיי פלוצעם. שפּעטער, ווען איך האָב זיך געכאַפּט, איז אַרום געווען שטיל. אַלע האָבן זיך איינגעהערט. אויך אַנעט איז געזעסן פאַרכאַפּט. איך האָב געוואָרפן מיינע רייד אין איר, ווי שטיינער אין אַ ברונעם, אויפצורודערן אַן עכאָ. כ׳האָב דערפילט אַ ווידערקול. איך האָב די ווערטער, פון אויבן געלאָזט אַראָפּ טיף, ווי אַ לאַנגן שטריק — אַ טרינקענדיקער זאָל אין אים זיך אָנכאַפּן. אַ רגע האָב איך דערפילט איר משׂא, וואָס הענגט אין זיי זיך אָן. עס האָט מיך געצויגן אַראָפּ, אין דעם טיפן ברונעם אַריין.

לאַנג האָב איך נאָך געמוזט אַזוי רעדן באַרוישט. ווען איך האָב שפּעטער זיך אַרומגעקוקט, איז אַלץ דאָ געהאַט צערונען. די מילכשטראַלן האָבן זיך אויסגעשפּרייט פון איבער די צווייַ און אונדז אַלע איצט אַרומגענומען. אויך זיי ביידע זענען געזעסן פאַרכאַפּט. זייערע פינגער איבער דער קאַנאַפּע זענען געבליבן, ווי פאַרלאָשענע ליכט. מיין לאַנדסמאַן מיט זיין פרוי און קינדער האָבן אַלץ נישט געוווסט, וואָס עס איז געשען היינטיקן אָוונט.

אַנעט האָט אויף מיר געקוקט, ווי ערשט איצט וואָלט זי מיך דערזען. און ווען אונדזערע בליקן האָבן ווידער זיך געטראָפן, האָט מיר געדאַכט, אַז נאָר זי פאַרנעמט דאָס שטילע געבעט פון מיינע רייד. אירע אויגן זענען געווען פאַרחידושט, ווי מיט אַ מאָל וואָלט זי באַגריפן אויך מיין בענקשאַפט היינט אַ גאַנצן אָוונט אין דער פרעמדער שטאָט.

אַ רגע האָב איך באַנומען, אַז די דלאָניע פון איר האַנט פילט זיך אָן מיט אָנמאַכט. זעט אויס, ס׳איז טאַקע אַזוי געווען, ווייל ווען זי האָט שפּעטער ביי דער שוועל זי מיר דערלאַנגט צום אָוועקגיין — האָט יעדער פון אונדז דערשפּירט, ווי דער צווייטער שטעקט אים לייכט אַריבער אַ רופנדיקע האַנט. די אויגן־לעדלעך האָבן מיר זיך געשלאָסן. איר דלאָניע איז מיט שטומען געבעט געלעגן אין מיינער. איך האָב זיך איינגעהערט אין געשורש פון מיינע פינגער, וואָס האָבן איצט געהויבן זיך איבער איר האַנט אַרויף. זיי האָבן איבער איר געהיפּערט, ווי די האַנט פון אַ בלינדן, וואָס באַוועגט זיך ציטעריק צום ערשטן מאָל איבערן גוף פון אַ פרוי. דאָס ערשטע מאָל נאָך יאָרן האָב איך באַנומען אַזאַ רויש. איך האָב געפילט, די לויזקייט פון אירע קני. מיינע זענען מיר געווען שווער אָנגעגאָסן, ווי די פיס פון אַ וואַנדערער, וואָס דערשפּירט אונטער זיך ערד־ווייכקייט, אין איר אַריינצוזינקען אויף איבער נאַכט.

# אַמסטערדאַם

יענע נאַכט, ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אויפן געלעגער אין מיין האָטעל־צימערל, האָב איך געפילט, פון דרימל אַרויס טראָגט מיך דער וואַסערדויש, אַ ליגנדיקן, איבער דעם געפלייץ פון די פאַרביילויפנדיקע טייך־קאַנאַלן. אין דער נאַכט־שטילקייט פון דער שטאָט, זענען די געצוימטע פלייצנדיקע שטורעם־וואַסערן מיר אַריינגעפלאָסן אין די אָדערן; אַן אויסגעצויגענעם אין בעט פירן די שטראָמען מיך איבער די קאַנאַל־כראַכטן, לענג־אויס די גאַסן. איך שווים מיטן בעט פון גאַס אין גאַס. דער רויש פירט מיך ווייטער. איך האָב געוווּסט, צום ערשטן מאָל בין איך דאָ. איך ווער געטראָגן איבער לענדער. ס'איז ווייט פון מיין היים. דאָס אַלץ דאָ איז מיר אַזוי נאָענט. די אַלטקייט פון די געשניצטע שוואַרצע מעבלען, אין דעם צימערל, איז אַ ירושה פון מיינע ווייטע באָבעס. זיי זענען געבליבן דאָ, די מעבלען, פאַרגליווערט. זיי געדענקען פרידלעכע זעטיקייט פון שוימיקער מילכפּאַרע, ביי פרישטיקס.

דער מיטן נאַכט רויש פון די פליסנדיקע טייכן אין דער שטאָט־שטילקייט ציט מיך אַראָפּ פון בעט, צום פענצטער. איך ליג אָבער אַ געבונדענער מיט די פאַסן טייך־שטראָמען, ווי מיט שטריק. די שטראָמען לויפן מיר קלאַפּנדיק דורך אין גוף. איך בין צוגעפּאַסקעט צום שווימענדיקן בעט; קאָן זיך נישט רירן.

איך האָב ווידער געוואָלט דערמאָנען זיך אין דעם אָוונט ביי אַנעטן. אויך די מינוט מיט איר איז שוין אַוועק; איך ווער געטראָגן ווייטער. זאָל איך אפשר זיך אומקערן. זי איז נישט פאַרשוווּנדן. זי איז אַ טייל פון דער געוואָלענער מילכפּאַרע אין דעם צימער. באַלד וועט זי פון איר זיך אַרויסוויקלען.

זי איז פון פאַר די טאָלן.

אויף איר זענען זיי נאָך נישט אַריבער.

און אפשר וועקט זי אין מיר מיינס אַ חברטע, אַ געטויטע. יענע שטרעקט צו מיר דורך איר אַ האַנט.

— ווער?

וואָס וואָלט געווען, ווען זיי טויכן אַרויס אַלע מיינע פאַרשווונדענע חברטעס פון דער פינצטער און שטעלן זיך אויס אַרום מיין בעט.

איך וועל זיי ציילן, רופן ביי די נעמען.

זיי וואָלטן מיך אַרומגעוויקלט מיט די געפּרווירענע אָרעמס.

אין דער פרי וועט מען מיך דאָ געפינען אַן איינגעגליווערטן אין זייערע גופים.

און אפשר לעבט שוין אויך אַנעט נישט. היינטיקע נאַכט איז זי געשטאָרבן.

און מיט אַ מאָל האָב איך דערשפּירט, ס'איז נישטאָ קיין לופט אין צימער. דער חלל אַרום מיר איז געדיכט, הייס פאַרגליווערט, ס'איז ענג אַרום.

איך האָב געפּרוּווט אַריינציִען דעם געזעצטן אָטעם. זינט מען האָט זיי פאַרגאַזט אין בלינדע קאַמערן, קאָן איך מער נישט זיין אין פאַרמאַכטע צימערן. איך שטעק כסדר דעם קאָפּ איבער די אָפענע פענצטער פון דער וועלט אַרויס.

איך האָב געוואָלט אַראָפּ פון בעט, צעעפענען די פענצטער, אַריינלאָזן לופט. איך בין געבונדן, פאַרמאַכט מיט דער לעצטער עדה. איך שטיי, די הענט אַראָפּ, אַריינגעשטרעקט צווישן נאַקעטע גופים. מיר רופן „שמע ישראל!", נאָר דער דאַך דעקט אונדזערע תפילות. זיי ברעכן זיך אונטער אים און פאַלן צוריק. מען ציט פון דאַנען אַרויס די לופט־שטראַלן. דער חלל דרענגט זיך צונויף.

איך האָב זיך אויפגעריסן פון געלעגער, בין געזעסן אין בעט, די הענט אַראָפּגעהאנגען. און וואָס וועט זיין דעמאָלט, ווען די לופט וועט טאַקע אַרויס פון דער וועלט. דעם אָטעם וועלן מיר אַרויסברעכן פון די אָפענע מיילער. מיר וועלן פאַרבלייבן מיט אַרויסגעזעצטע צינגער.

איך בין אַראָפּ פון בעט, צו צום פענצטער. עס צעעפנט. איך האָב זיך געכאַפּט, איך בין אין אַמסטערדאַם. בין אַהער געקומען נעכטן פאַר נאַכט. דאָ ליגט זי, מיין געשיכטע. איך, אַ קינד פון דורות יידן, וואָס אָטעמען שוין דאָ מער נישט אין דער נאַכט; איך בין געקומען אויף קבר־אָבות.

איך האָב געוווסט, דאָס זענען די זעלביקע וואַסערן אין די כראַכטן, וואָס האָבן פאַרנומען זייער טראָט. אָט אין דער שעה פלעגן זיי זיך וועקן צו די פרימאָרגן־תפילות. אין די אַרומיקע פינצטערע הייזער פלעגן איצט זיך צינדן ליכטלעך, און דערנאָך האָבן זייערע פאַרטאָג־טריט אָפּגעקלאַפּט איבער די טראָטואַרן.

איצט שלאָפט די שטאָט רויק. נישטאָ מער די יודן־סטראַט פון מנשה בן־ישראל. די פּאָרטוגעזישע שול איז פוסט. אויפן שטיינברוק פון די גאַסן קלאַפּט אין די פאַרטאָגן מער נישט אָפּ דער שטעקן פון אַלטן רב ר׳ שאול מורטיירא, וואָס האָט אין זיין קנאה פאַר גאָטס הערשאַפט אויסגעמעקט אויף אייביק דעם נאָמען ברוך ד׳עספינאָזאַ פון כלל ישראל.

עס האָט מיך געגלוסט נאָכשרייען אין דער נאַכט אַריין, נאָך די לעצט־איינגעשטילטע טריט אין דער ווייטקייט:

— אָ, איר פאַרביסענע רבנים פון אַמסטערדאַמער בית־דין, איר זענט געווען גערעכט, נישט ער, דאָס אָפּטריניקע יינגל, ברוך בן מיכאל. איר האָט זי בעסער געקענט, די גאַס אַרום אייך, ווי ער. ער האָט זי צו פיל געטרויט. איינער אַליין, אָן אייך, האָט ער געוואָלט זיך ראַטעווען אין איר אַריין.

איך האָב זיך אַרויסגעבויגן פון פענצטער. איצט איז דאָ שטיל. די איינוווינער פון אַמסטערדאַם שלאָפן זייער פאַרטאָג־שלאָף אין די הייזער. איך שטיי דאָ איינער אַליין, וויל זוכן די יידן אין זייערע רויִקע חלומות.

איך האָב טיפער אַרויסגעשטעקט מיין קאָפּ אין דער נאַכט אַריין. איך האָב געוווסט אויף זיכער, איך בין אין דער שטאָט פון מיין יידישן יחוס. איך בין איינגעוווּבט דאָ אין דער לופט, איינגעפעלדזיקט אין איר. אַהער האָט געגרייכט מיין פאַרטריבן פאָלק פון ירושלים. איצט הענגען אונדזערע געשטאַלטן אין רעמבראַנד־מוזיי; אונדזערע פנימער זענען איינגעמויערט אין די קירכעס.

איך האָב זיך אָנגעהאַלטן מיט די הענט ביים ראַנד פון פענצטער, געוואָלט לאַנג, לאַנג זיך אויסציִען; פון אינעווייניק, פון צימער אַרויס; שטרעקן דעם גוף איבער דעם שאָסיי, צווישן די ביימער; בייגן אַראָפּ דעם קאָפּ; נעצן אים, קילן דעם שטערן אין די שאַרווענדיקע וואַסערן; בלייבן אַזוי אין דער נאַכט געצייילטע ווייַלעס דער לעצטער לאַנגער שאָטן פון אַ יונגן ייד, געבויגן פון אַ פענצטער אַרויס איבער אַמסטערדאַם. און אפשר זאָל ער, מיין שאָטן, זיך ציִען איבער די אַלע הויכע שטאָקן פון דער אַלטער שטאָט מיט די שמאָלע הויכע הייזער; קרייזן איבער זיי, פלאַטערן דין אין ווינט פאַרביי די פענצטער, בייגן זיך אין זיי, און ערשט פאַר טאָג זיך צוריקציִען איבער די דעכער, דאָ אין פענצטער אַריין?!

איך האָב אים געוואָלט שטופּן, דעם שאָטן, נאָר ער הענגט מיר נאָך, ווי אַ קראַנקער פליגל. איך האָב נישט קיין מאַכט אין אים.

איך בין צוריק אויפן בעט; האַלט דעם קאָפּ אויפן קישן. די ווענט פון אַלטן אַמסטערדאַמער האָטעלעכל נעמען מיך אַרום. איך שליס די אויגן. איך בין ווידער אַ קינד אין מיין היים אין ווייטן פוילן. ביים רויש פון די דאָרטיקע טייכן שלעפערט מען מיך איין מיט די מעשיות פון דיין מלכותדיקן עבר, יידיש אַמסטערדאַם. מיר, קינדער, האָבן געלערנט פון די אַלטע ספרים געדרוקט אין דיינע דרוקערייען; געדאַוונט פון די מחזורים אין דיין נוסח; אין אונדזערע ביינער האָט געברענט דאָס פייער פון דיין הייליקער מחלוקת קעגן שבתי צבי.

איך הער ווידער דאָס שאַרעווען פון די כראָכטן צווישן די ביימער. זיי רוישן אין מיר אַריין די לעצטע טריט פון די יידן, אַנומלט. מען פירט זיי פון צווישן די הייזער, די מילן, פון דער מינצערייי, פון דער שטאָטוואָג. דאָס האָלענדישע ווייבעלע אין סאַמעט גייט צווישן זיי. ווו דאָ, ביי וועלכן כראַכט, האָט זי געוווינט? פון וואַנען האָט מען זי אַרויסגעפירט?

אַ רגע האָב איך דערפילט אַ ווייטיק אין גוף. ער האָט אין מיר זיך איינגעשרויפט ביז די געדערעם; מיך געעקבערט אין די אָרעמס און פיסביינער. ער האָט מיך איינגעדרייט, ווי אַ שרויף, טיף אין בעטגעוואַנט אַריין:

אויך איך בין אַן אָפּטריניקער, ווי אַ מאָל דער אַמסטערדאַמער פאַרלייקנטער זון, ברוך, אַנטלויף איך איצט איבער די וועגן פון דער וועלט.

— בין איך אַ פאַרשטויסענער?

אים האָבן פאַרשטויסן די לעבעדיקע ציִער פון די דורות; מיך — די טויטע, די אַרויסגעפאַלענע.

באַלד האָב איך געהערט הינטערן פענצטער אָנגיין די שטעקענעס אויפן ברוק. זיי האָבן מיך דערפילט, זיי גייען אָן, די אַמסטערדאַמער שטרענגע רבנים. זיי שטייען אונטן. זיי זעצן פאַרביסן מיט די שטעקענעס אין די שטיינער. זיי זענען געקומען מאָנען מיין דין.

איך האָב זיך פאַרדעקט ביז איבערן פנים.

איך האָב אַרויסגערעדט, נישט צו זיי, נאָר צו מיינע נאָענטע, וואָס גייען מיר נאָך:

— טאַטעס און זיידעס, אים, ברוכן, האָט איר געקאָנט משפּטן. ער איז געווען

געבונדן מיט די זעלבע קייטן, ווי איר. ער האָט זיי געפּרוווט צערייסן. ער האָט אייך פאַרלאָזט אין דער מיט; איז אַריבער פון יענער זייט. איך בין נישט אַנטרונען. איך בין געבליבן דער לעצטער ייד אויפן טויטנפעלד.

זיי האָבן אַוועקגענייגט די אויערן.

— משפּט מיך נישט! — האָב איך געוואָלט אויפקלאָגן — איר זענט נישט געווען ביים סוף, איר זענט נישט געבליבן די לעצטע, אַליין.

זיי האָבן געשוויגן.

איך האָב געבעטן:

— איך קאָן שוין מער נישט.

מיט אַ מאָל האָב איך געהערט אַ קול. עס האָט געברומט פון מיינע אינגעווייִדן:

— דו — נישט; דו ביסט נישט ראוי. אָבער דיינע קינדער — זיי וועלן ווידער ראוי זיין.

איינגעהאָרכט אין מיר האָב איך פאַרנומען דעם געקלאָג אינעווייניק. איך האָב אים דערקענט. ער שווימט אַרום אין מיר:

— האַק אונדז נישט אָפּ, קינד אונדזערס, מאַך אונדז נישט פאַר עקרות!

דאָס זענען געווען די מאַמעס און באָבעס. איך האָב אין מיר נאָך געהערט זייער געיאָמער.

די זיידעס האָבן אין מיר גערעדט:

— אונדזער וועג איז גיין ווייטער; גיין דורך דיר, אַזוי ביזן סוף. דו קאָנסט נישט פאַרהאַלטן אונדזער גאַנג!

אַ כאָר צוזאַמען האָט אינעווייניק געברומט:

— נישט דיך ווילן מיר, נאָר זיך אַליין — פון דיר, פון דיינע לענדן אַרויס. מיר וועקן זיך אין דיר.

איך האָב געוואָלט איינטוליען דעם קאָפּ אין זייער ברוסט. פאַרוויקלען זיך אין זיי.

די אַמסטערדאַמער רבנים אונטן זענען געשטאַנען פאַרשטומט, איינגעהערט ווי פּוסקים ביי אַ דין־תורה.

— זיי ליגן אַלע אין זיינע הענט — האָבן זיי געבורטשעט זיך אין די בערד אַריין.

איך האָב גערוקט די הענט איבער מיינע לענדן. זיי זענען מיר געווען איבעריק, צעווייטיקט.

איך האָב געפילט די פרעמדע שווערקייט אין מיר. ווי וולדות, האָבן זיי זיך אָפּגעזעצט אין מיר. איך קאָן נישט רירן מיטן גוף.

אַ רגע האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט. איך האָב דערווידערט אין זיי אַריינגערעדט. איך האָב געטענהט צו די דיינים:

— מורי ורבותי, פּסקנט איר — — —

דער משפּט איז פאָרגעקומען אין דער פּוסטער פּאָרטוגעזישער שול. דער גרויסער זאַל איז געווען איבערפולט. אויף דער בימה, מיט די פּלייצעס צום אָרון־הקודש, זענען זיי געזעסן, געוויקלט אין טליתים — די רבנים פון אַמסטערדאַמער בית־דין. זייערע פּנימער פון איבער דער בימה האָבן אַרומגענומען די עדה אין זאַל. פון טיפער זיקנה זענען זייערע ווייסע און גרויע בערד געוואָרן שוואַרץ און בלאָנד, טייל — רויט־

גלאַנציק, באָרדאָ. די האָר, אונטער די קאַפּלען — גרין און בלוי; די געקנייטשטע פּנימער — איינגעגאַנגען, קליין, ביז דער ראָזער מילך און בלוט פרישקייט פון קינדער. טייל האָבן געמיינט, אַז אַזוי, איינגייענדיק, האָבן זיי זיך איבערגעוואַנדלט אין זייערע אור אייניקלעך; דאָס זיצן זיי דאָ אַזוי אויבן אָן שוין אין זייער צענטן דור. די יונגע דיינים האָבן אויף זיך אָנגעהאַנגען, ווי מאַנטלען, די אַלטע גופים פון זייערע זיידעס.

— שאַ, שטיל זאָל זיין! — האָט דער עלטסטער דיין, ר׳ יוזפל, געזאָגט אין דער ליידיקער שול אַריין, וואָס איז געווען פול געפּאַקט, קעפּ איבער קעפּ, ביז איבער די פּרויען־גאַלעריעס. דאָרט, אויבן, האָט זיך נאָך געהערט דער פּישטשענדיקער געוואַי פון הינטער מחיצות. ער האָט זיך נישט איינגעשטילט. ער האָט ווינטיק זיך דורכגעטראָגן, ווי הינטער ליילעכער.

— שאַ, שטיל! — רופט דאָס בית־דין! — האָט ווידער זיך געהערט ר׳ יוזפלס שטים, און אָן איינגעהאַלטענע שוויגעניש האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער דער עדה. ביי טייל האָבן פון שרעק געציטערט לייב און נאַקן. ס׳האָבן ביי זיי געקלאַפּט איינס אין אַנדערן די אָפּגעדעקטע ציין־שטשאַנטקעס. מען האָט געוווסט, ס׳איז דער יום־הדין. דאָ וועט נישט זיין קיין רחמים, נאָר דער דין וועט, ווי אַ באַרג, זיך אַראָפּלאָזן. ער וועט פאַרדעקן אַלץ וואָס האָט נישט קיין רו.

אין דער שול־ליידיקייט האָט ווידער זיך געהערט אַ שלוכצן. די עדה האָט יאָמערנדיק אַ ברום געטאָן פון אַלע ווענט אַרום. ר׳ יוזפלס האַנט האָט געגעבן דריי דינע קלעפּ אין דעם אַלטן גרויסן פּנקס פאַר זיך. די אויגן פון די דיינים האָבן געקוקט גלייך פאַר זיך, אין ליידיקן זאַל. זייערע אָפענע אויגן האָבן שטרענג אַרומגענומען די געפּאַקטע עדה אויף טיש און אויף בענק. די עדה איז ווידער פאַרשטומט געוואָרן. מען האָט געוווסט, עס הייבט זיך אָן. די דריי דינע קלעפּ אין בית־דין־טיש האָבן זיך נאָך געקייקלט. מען האָט געהערט זייער עכאָ אין דעם פול געפּאַקטן הויף, מיטן הויכן אייזערנעם גדר אַרום; אויף די גאַסן און מערק. די אויטאָבוסן און וועגענער האָבן זיך פאַרהאַלטן. מענטשן זענען געבליבן שטיין, צוגענאָגלט צו די ערטער. די רווישיקע וואַסערן אין די כראַכטן האָבן זיך איינגעשרומפּן, זענען שטיל אַנטרונען אין זייערע בעקנס אונטערן שפּיגל. מען האָט געוווסט, ס׳איז געקומען דער טאָג. אַלץ וועט שטיין ביז איבערן משפּט. ער וועט אפשר קיין מאָל נישט אויפהערן. די גרינע בלעטלעך אויף דיביימער, ווי די האָר־גראָזן פון די דייני־מס בעריד, וועלן קיין ריר זיך נישט געבן.

אַלע אכסניות פון שטאָט זענען געווען איבערפילט; זיי זענען אַהער געקומען, די אַרויסגערופענע עדות, פון ווייטע וועגן, זיי האָבן זיך צעלייגט אויף בעטן; זיך צעשפּרייט איבער די גאַסן און פעלצער; געהאַלטן אין איין אויסמישן זיך צווישן די איינוווינער. זיי האָבן נישט אויפגעהערט אָנצוקומען פון די טעג און פאַרנאַכטן אַרויס. אַלע האָבן זיי געוואַרט אויפן משפּט.

קיינער האָט נאָך נישט געוווסט, וועמענס ער וועט זיין. אפשר אויך זיינער. דאָ וועט ער גערופן ווערן; ער וועט מוזן אויסלייגן זיינע טענות. מען ווייסט נישט קעגן וועמען. קיין שולדיקער איז נישטאָ. סיידן אַלע וועלן אַרויס זכאי.

דאָס ווידערקול פון די דריי דינע קלעפּ האָט זיך דורכגעטראָגן דורך די אכסניות. עס הייבט זיך שוין אָן. קיינער ווייסט אָבער נישט ווען מען וועט אים רופן. ער מוז

זיין גרייט. מענטשן האָבן פאַרמאַכט די לאָדנס איבער די פענצטער, אַראָפּגעלאָזט די וויטרינעס.

אין די נעכט האָבן אין די שטובן זיך אָפּגעשפּילט מעשים. אין דרימל האָבן די וואַרטנדיקע נישט געדענקט ווו זיי זענען. פון שלאָף האָבן זיי גערופן ווייטע נעמען. די אַרומיקע האָבן נישט געוווּסט וועמען זיי מיינען.

דען עס זענען שוין אַדורך צען יאָר זינט די וועלט האָט אין זייערע אויגן זיך איבערגעקערט; אָדער דאָס האָבן גאָר זייערע אויגן זיך איבערגעדרייט. עס זעען זיך אין זיי — דער הימל אונטן, די ערד — אויבן. אַלץ אין דער מיט האָט זיך אויסגעמישט. מענטשן און בעלי־חיים גייען מיט די קעפּ און רוקנס אַראָפּ, צום הימל, און מיט די פיס — אַרויף, צו דער ערד; זיי גרייכן נישט צו איר. פייגל פליִען מיט די בייכלעך אַרויף. הייזער און אַלץ אין זיי הענגען איבערגעדרייט אין דער לופט. די וועלט האָט זיך אַריינגעלייגט אין אַ פאַרקערטן שפּיגל. טייל געבליבענע פון טאָל זענען פון אים אַרויס אַנטלאָפן ווייט. זיי האָבן זיך צעשפּרייט איבער פרעמדע שטעט, און געמיינט, אַז דער שפּיגל הינטער זיי איז צעבראָכן; זיי שטייען ווידער גלייך — מיט די פיס אַראָפּ און די קעפּ אַרויף; מען גייט אויף פרישן יונגן באָדן.

און אַזוי איז עס געשען, אַז אַליין פאַרבליבענע עלטערע מענער, אַרויסגעשיילטע פון זייערע משפחות, האָבן אין די ווייטקייטן ווידער אויף זיך אַרויפגעצויגן משפחות, ווי נייע קליידער. זיי האָבן זיך גענומען ווייבער — מענטשן־טעכטער פון צווישן די איינוווינער פון דער ערד; זיי האָבן זיך אויסגעבויט נייע היימען, האָבן אין זיי געבוירן פרישע קינדער. אויך אַנהאַריקע מאַמעס, געבליבענע ווי נאַקעטע ביימער, אַרויסגעשאָקלט פון זיי די פרוכט — האָבן איצט, כדי נישט אָפּצודאַרן, זיך גענומען נייע באַפרוכפּערערס; זיי זענען ווידער באַוואַקסן געוואָרן מיט האָר, און האָבן אָנגעהויבן אַרויסגעבן פרישע בליִענדיקע קינדערלעך. אין די טעג פלעגט זיי אָפּט דאַכטן, אַז דאָס, דאָס הייַנטיקע — איז זייער נישט־איבערגעריסענער קיום; יענץ, דאָס פריערדיקע, איז נאָר אַ ווייטע שפּיגל־אויסדאַכטעניש. נאָר צו מאָל אין די נעכט, ווען זיי האָבן שאַרף אויפגעוואַכט — האָבן יענע, די פריערדיקע, מיט אַ מאָל אַרויסגעשטעקט די קעפּ. זיי זענען ווידער דאָ. זיי האָבן גאַרנישט געזאָגט, נאָר זיי האָבן איבער אַלץ זיך צעלייגט; זיי זענען געקומען, כדי אויף שטענדיק צו בלייבן. די וואַכע מאַמעס האָבן אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש. עס האָט זיי אויפגעריסן פון די געלעגערס. ווידער זענען זיי אין דער אַלטער היים. זיי האָבן זיך דערוואַרט. זיי האָבן געוווּסט, דאָס איז אמת. זיי האָבן די מינוטן געוואָלט איינהאַלטן דאָ שוין אויף תמיד. זיי האָבן מורא געהאַט, צי דאָס איז ווידער נישט — בלויז אַן אויסדאַכטעניש. נאָר ווען זיי פלעגן ביסלעכווייז צוריק זיך אויסציִען אין דער לענג, האָבן זייערע פינגער גאָר דערטאַפּט אין דער פינצטער די פרישע קעפּלעך פון זייערע איצטיקע קינדער; זיי האָבן זיי געוואָלט האָבן ביי זיך נאָענט, זיי צו שיצן.

אַזוי פלעגט איצט, וואַרטנדיק אויפן משפט, ר׳ אהרן, דער אַנטרונענער פון לאָדזש, וואָס האָט דאָ אין אַמסטערדאַם, פאַרלייגט זיין נייע היים — אין די נעכט האַלטן ביי זיך אין ברייטן בעט אַרומגענומען זיין ניי ווייב מיט די צוויי קינדערלעך. אין שלאָף האָט ער איבער זיי געשפּרייט זיינע אָרעמס. זינט דער משפט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט,

האָט ער, אין האַלב־דרימל, פאַרגעסן ווו ער איז. צו מאָל איז ער מיט די אָפענע אויגן געלעגן אויסגעדרייט צו דער ליידיקער שטוב און געוואַרט. ער האָט געוואָלט זיך דער־מאָנען, מיט וועמען ער איז דאָ, אין דער פינצטער; איבער וועמען ער ציטערט נעבן זיך; וועלכע יאָרן זענען עס היינט. ער האָט זיך געכאַפּט, ער דערוואַרט איצט יענע, די פריִערדיקע. זיי זענען אַרויסגערופן צום דין; דאָ ביי אים וועלן זיי ווינען ביז דער משפט וועט זיך פאַרענדיקן. ווען ער איז אַנטדרימלט געוואָרן, איז ער פּלוצעם ווידער געווען אַליין אין בעט. קיינער ליגט נישט נעבן אים. ער האָט נישט געוווּסט, צי דאָס איז ער צוריק אַריינגעפאַלן אין דעם נישט ווייטן עבר, אָדער קלאַפּט אין אים שוין די אָנונג פון ווידער בלייבן אַליין אין די ווייטערע טעג. גיך האָט ער געטאַפּט מיט די הענט, ביז די פינגער האָבן אַרומגענומען די קליינע פּנימלעך נעבן זיך. ער האָט איבער זיי געווישט און זיי גערופן מיט פאַרגעסענע נעמען. און אפשר איז די מינוט פון זיין טאַפּן מיט די הענט, אויך בלויז אַן אויסדאַכטעניש! קאַלטע אַנגסטן האָבן אים אַרויסגעשלאָגן איבערן גוף.

ווען ער האָט גיך זיך אויפגעזעצט אין בעט, האָט ער דאָ שוין געטראָפן זיצן, נישט אויסגעטוטענע, אויף די בעטראַנדן — אויך יענע. ער האָט זיי געזען בולט אין זייערע אַמאָליקע קליידער: זיין פריִערדיק ווייב, רבקה, זייער צעניעריק טעכטערל, לאהלע, און זייער קליין יינגעלע, שמואליק. זיי זיצן שווייגנדיקע, נישט צו שטערן, מיט די אויגן צום דיל. זייערע קליינע פּעקלעך — אין דער זייט. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן. אַ ווײַלע האָט ער אַ צי געטאָן די קאָלדרע איבער די, וואָס ליגן נעבן אים, מען זאָל נישט אַרויסזען זייערע קעפּ. ער האָט נישט געדענקט, וואָס צו זאָגן; קיין פאַר־ענטפערונג וועט נישט העלפן. בלויז לאהלע האָט אַ בליק געטאָן צו אים. זעט אויס, נאָר זי האָט אים דערקענט. ער האָט אַ קוק געגעבן צו רבקהן. ער האָט דערפילט, ער איז פון לאַנג שוין גרוי, זיין פּנים איז פול מיט קנייטשן, ער זעט שוין אויס, ווי אירס אַ זיידע.

ער האָט איצט דרייסט אויפגעריסן די אויגן און געקוקט אויף איר. מאָדנע, ווי זי, רבקה, האָט זיך נישט געענדערט — זיין ניי יונג ווייב דאָ, נעבן אים, האָט זי שוין ווייט אַריבערגעעלטערט. רבקה זיצט דאָ און זעט ווי זיי ביידע עלטערן זיך צוזאַמען. ער האָט איצט זיך געשעמט פאַר איר יונגשאַפט. פאַר טאָג שוין, האָט ער זיך צוגערוקט צו זיין איצטיק ווייב, נעבן איר צו דערפילן איר ממשותדיקייט, אַז זי איז וואָר. ווען ער איז מיט איר געווען, האָט ער פּלוצעם זיך געכאַפּט, אַז רבקה איז נאָך דאָ. זי זיצט און קוקט צו זיי. ער איז געבליבן אומבאַוועגלעך. אויך זיין ווייב, אונטער אים. ער האָט מיט אַ מאָל געדענקט, אַז זינט זיי ביידע דאָ זענען עלטער געוואָרן, זענען זיי טרויעריק בעת זייער באַהעפטונג. זיי שווייגן און באַוועגן זיך שווער. רבקה האָט אַלץ געקוקט. אין דער שטילקייט פון צימער וועט זי אָפּדעקן זייער נאַקעטקייט. פאַרשעמטע, האָבן זיי זיך צעשיידט.

די דריי דינע קלעפּ אין שול האָבן זיי ווי צוגענאָגלט צום געלעגער.

דאָ, אין אַמסטערדאַם, האָט איצט אויך זיך אַרומגעדרייט אַ מנודה, דער אַמאָליקער רב פון שטאָט, ר׳ יום־טובל — קליין ווי אַ גרוגרת דר׳ צדוק, מיט אַ גרוי בערדעלע; ווען ער האָט עס געבויגן אַרויף — האָט עס אים געגרייכט ביז פאַרן מויל. מיט צווײ

דורות צוריק, ווען ער פלעגט, ר׳ יום־טובל, דאָ פאַרבייגיין די גאַס, פלעגט מען פון אַלע טירן און פענצטער אַרויסשטעקן די קעפּ, אים נאָכקוקן מיט אַ ברכה אויף די ליפּן. דאָס צדיקל, האָט מען אים גערופן. אָרעמע מאַמעס האָבן אים געבענטשט פאַר דער זעטיקייט פון זייערע קינדער; שלאָפע — פאַר די לעפל רפואות. קינדער, וואָס זענען געווען פאַרביי, האָט ער אַרויסגעריסן פון מלאך המות׳ס נעגל; קאַליקעס האָט ער אויסגעהיילט פון זייערע מומים. צוויי דורות פון זיין עדה האָט ער געפירט מיט מידת הרחמים. איצט, ווען ער האָט זיך געדרייט אין גאַס, האָט מען פון אים, ווי פון אַ פאַרשטויסענעם, זיך דערווייטערט; מען האָט פון אים אַוועקגעבייגט די בליקן. ער האָט נישט געוווסט, פאַר וואָס מען רופט אים צו דער דין־תורה. ער מוז וואַרטן. ס׳איז נאָך נישט געקומען זיין ריי. פּלוצעם האָט פון אַ פענצטער פון אַ העכסטן שטאָק — אַ פאַרקראַמפּטע פויסט צו אים זיך אַרויסגעביילט.

— רשע, האָסט געראַטעוועט מיין קליין אייניקל — האָט אַ זקנה צו אים אַראָפּ־געשריגן — איבער דיר איז ער אויף דער עלטער נישט געקומען צו קבר־ישראל!

— ער האָט אונדז געראַטעוועט, דער רשע! — האָבן קינדישע שטימעס געשריגן פון אַלע דעכער — ער האָט אונדז נישט געלאָזט שטאַרבן אויף אונדזערע בעטן.

ר׳ יום־טובל האָט געוואָלט אויפהייבן זיינע צוויי קליינע אייגעלעך. „יידן!״ — האָט ער געוואָלט זאָגן.

נאָר קללות, ווי ריזן־שטיינער, האָבן פון אַלע דעכער אים זיך געשיט איבערן קאָפּ.

— ווען איך שטאַרב קליין — האָט געשריגן אַ קול פון אַ פענצטער אַרויס — וואָלט איך נישט געהאַט קיין קינדער און קיין אייניקלעך — איך האָב אויף דער עלטער נישט געקענט צוקוקן דעם צער פון זייערע מיתות־משונות.

— רשע! — האָבן זיך געביילט פויסטן — אויף שטיקער אים צעררייסן! קורע כדג זיין!

די שטאָט האָט געפייערט: „פאַרשטיינען דאַרף מען אים! פאַרטרייבן פון ביידע וועלטן!״.

„דאָס צדיקל אין פעלץ״ — האָט ווער, אַ לץ, פון אים געשפּעט.

קינדערלעך האָבן געוויינט; שלאָפע — זיך געריסן די שלאַבעריקע האָר פון קאָפּ.

— אויסגעריבען האָט ער געדאַרפט ווערן פון זיין מאַמעס בויך, איידער ער איז אויף דער וועלט אַרויס! — האָבן די פּראָסטע לייט אים נאָכגעשריגן.

— בינדן אים אין קייטן! — האָבן זיך געהערט שטימען — לייגן אים אין חרם! אַ רוצח איז ער! שלעפּן אים דעם ערשטן צום משפּט!

ר׳ יום־טובל האָט אַליין דערהערט: „רוצח״ האָבן זיי אים גערופן. ער האָט געוואָלט צוריק אַנטלויפן, זיך באַהאַלטן אין קבר, נאָר ער האָט זיך געשעמט: די תכריכים איבער אים זענען געהאַט זיך צעפאַלן אין שטיקער; נישט געווען ווער ס׳זאָל זיי אים פאַרריכטן. עס האָט פאַר אים אויך זיך פאַרמאַכט זיין קבר. אַלע קברים אַרום האָבן זיך געשלאָסן. נאָר אין כף הקלע קאָן ער נידערן. ער האָט פאַר אים זיך געשפּרייט.

ווען ער האָט געוואָלט פאַרשווינדן, איז אים געקומען אַנטקעגן, מיט צעשפּרייטע אָרעמס, דער הויכער, דיקער ריז, חיל פאָביטניק. ער האָט אים געלאַכט אין פּנים און

נישט געלאָזט אַדורך. ווי אויף אַ הענדל, וואָס מען לאָזט עס נישט אַנטלויפן, איז ער אויף אים אָנגעגאַנגען — צענומען ברייט די הענט און פיס. ר׳ יום־טובל האָט גלייך דערקענט, דאָס איז דער פּאַרטריבענער פון דער עדה אין דער צייט פון זיין רבנות. ר׳ יום־טובל אַליין האָט דעמאָלט אים געלייגט אין חרם, אים אויסגעשלאָסן פון כלל, דעם עוכר ישראל; דעם מערדער. ער האָט, חיל, דערוואָרגן מיט אַ האַנטוך אַ יידיש קינד, אַ יתומה — ראַשל — האָט זי געהייסן — ראַשל, דאָס דינסטמיידל. צו ערשט האָט ער זי געמאַכט טראָגן מיט אַ ממזר, און כדי זי זאָל דעם וולד נישט ברענגען אויף דער שיין — האָט ער שטילערהייט, אויף אַ בוידעם, וואָס הענגט נאָך דאָ היינט ערגעץ אין דער לופט — זי דערשטיקט. אַלע יידישע קהילות איבער דער ערד האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן. „זינט יידן זענען פאַרטריבן איז נאָך נישט געהערט געוואָרן אַזאַ זאַך!״

„פאַרגיסן בלוט? צונעמען פון אַ מענטש די נשמה שוין אויף תמיד!״ „אויף אייביק שוין וועט זי בלייבן טויט, ראַשל״.

צו ערשט האָט מען געטראַכט, אפשר איז אין זיין בלוט פאַראַן אַ פרעמדער, נישט־יידישער, טראָפּן זאָמען! אויך ר׳ יום־טובל, וואָס זיין מחילה האָט אים קיין מאָל נישט פאַרלאָזט, האָט צום ערשטן מאָל אויפגעצערנט. זיין קליינער דאַרער גוף, האָט געפלאַקערט, ווי אַ שפּענדל. „מען מוז דעם נאָמען חיל אויסמעקן פון צווישן יידן! מער אים נישט דערמאָנען! „ימח שמו וזכרו!״. ר׳ יום־טובל איז אַרויף אויפן הויכן לייטער אין זיין ספרים־אַלקערל מיט די שענק ביזן סופיט. פון גאָר אויבן האָט ער פלינק אַראָפּגענומען אַ גרויס שווער ספר אין אַ לעדערנעם איינבאַנד; זיינע קליינע פינגערלעך האָבן געשיקט געמישט די געלע בלעטער. ער האָט אויפגעוויזן: „נישט בלויז האָט ער דערוואָרגן זי מיטן וולד, נאָר ער האָט אַרויסגעקלעמט דעם אָטעם פון די העלדזער פון אַלע זייערע צאצאים ביז אייביק״. די שטאָט האָט דעמאָלט אים, חילן, פאַריאָגט. נע ונד איבער דער ערד זאָל ער זיין. זיין געשיכטע איז פאַרשריבן לדראון־עולם אין דעם פּינקס פון ק״ק אַמשטרדם. ביזן היינטיקן טאָג ליגט ער דאָ, מיט זיינע אַלט־געלע בלעטער, אינעם קעלער פון דער פּאָרטוגעזישער שול.

איצט האָט ער, חיל, זיך געדרייט איבער די גאַסן מיט זיין גרויסן, אויפגעשוואָלענעם פרעכנע־גוף. ער האָט געזוכט היימישע פּנימער. ער וויל צוריק אַריין אין דער עדה. ער האָט געטענהט, אַז ער איז שוין גענוג אָפּגעקומען מיט דער מיתה משונה פון זיינע קינדער און אייניקלעך. זיי האָבן אַליין דערשפּירט דעם בלאַנקן שניט פון מעסער אין זייערע העלדזער. ער איז נישט געווען קיין רוצח! דאָס האָט ר׳ יום־טובל, דאָס צדיקל, אים אומזיסט אומנישט געלייגט אין חרם! פאַרקערט, אַ רעטער, אַ מושיע, איז ער געווען. ער האָט איינגעשפּאַרט דעם וולד אין ראַשלס בויך און זייערע צאצאים — אַלערליי בושות און טויטן, וואָס זענען זיי געווען באַשערט.

חיל האָט איצט זיך געיאָגט נאָך ר׳ יום־טובלן מיט אַן אויפגעהויבענעם שטעקן. אָט לאָזט ער אים זיך אַראָפּ איבערן קאָפּ.

מען האָט געהערט זיי מאַכן אים, חילן, אַ וואָרע ביים דורכגיין, ראַשלס נישט־געבוירענע אייניקלעך. זיי אַפּלאָדירן אים. אויך ראַשל אַליין שרייט איצט, אַז ער איז געווען אַ צדיק, חיל; ער האָט אַלץ פאַרגעזען. נישט מער ווי טויטע האָט ער אומגע־ברענגט. דאַקעגן ער, ר׳ יום־טובל, האָט זי אים געוויזן מיט ביינערדיקע פינגער גלייך אין די אויגן, איז געווען בלינד, בלינד דורך זיין גאַנץ לעבן.

זיי זענען אַלע געקומען מיט זייערע טענות פאַרן געריכט. דאָ האָבן זיי זיך געפּאַקט. אין דער ענגשאַפט פון די אַרומיקע גאַסן איז די מאַסע, ווי אַן איינגעהאַלטענער שטראָם, געשטופט געוואָרן אויף און אָפּ. מען איז דורך — דורך גופים. שולדיקע האָבן זיך פאַרשטעלט די פּנימער, זיי אין געדרענג אַריינגעלאָזט צווישן פרעמדע אַקסלען. אַנדערע האָבן אַרויסגעשטעקט די קעפּ איבער דעם מענטשן־געפּלייץ און זיי צוריק אַריינגעצויגן. גראָבע לייט האָבן געשאָלטן מיט טויטע קללות. קינדער זענען שיר נישט צעדריקט געוואָרן. נישט געווען ווער ס'זאָל זיי הייבן הויך אין דער לופט. מען האָט אויך געהערט געלעכטערס, ווי לצים, וואָס מען זעט זיי נישט, וואָלטן אונטן געשטעקט הענט צו יונגע מיידלעך; זיי אַנגערירט אויף פאַרבאָרגענע ערטער.

ס'איז דאָ, אין דער געדיכטעניש, שיר דערשטיקט געוואָרן די אַלטע סימעלע. ס'איז איר אַראָפּגעפאַלן דאָס קופּקעלע פון קאָפּ. אין די לעצטע יאָרן, בעת מען האָט אַנדערע געפירט אין טאָל, איז זי געלעגן אויפן בית־עולם, אַ לעבעדיקע באַהאַלטן אין אַן אָפענעם קבר, גרייט, מיט די תכריכים אויף איר קליין גופעלע. זי האָט אַליין זיך געגרעבערנגט צו קבר־ישראל. אין דעם קבר איז זי אַזוי געבליבן, אַ פאַרגעסענע, אין לאַנגן דרימל. זי האָט נישט געדענקט, צי זי איז געשטאָרבן, אָדער האָט מען זי דערשאָסן אין שלאָף. זי האָט געזוכט דעם צייכן אין אירע שלייפן און איבערן גופעלע. זי האָט דאָ געהאָפּסלט, אַ פריידיקע, וואָס זי האָט אָפּגעפונען קיין עין־הרע אַזאַ גרויסע עדה יידן. זי האָט געבעטן גוטהאַרציקע מענטשן זאָלן זי דורכלאָזן.

אַנטקעגן איר האָט מיט פאַמעלעכע, נישט־זיכערע טריט זיך באַוועגט און געטאַפּט מיט די בלויזע הענט, דער בלינדער אלעזר, וואָס די דייטשן האָבן ביים אַריינוואַרפן אים אין דער באַן, אָוועקגעשליידערט זיין שטעקן. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט, צי עס האָט ווער אַ מאָל אים נישט געפונען אויף די וועגן. ער האָט נישט געוווסט, צי ס'איז נאָך טאָג אָדער שוין נאַכט, ווייל אָן דעם שטעקן זעט ער נישט.

אַ פאַרשעמטע איז אַהער געקומען מיט ווייכע טריט איינע אַליין אסתר לערנער, די לעצטע כלה פון געטאָ, מיט די שוואַרצע האָר און בלויע אויגן. פון אונטער דער חופה האָט מען זי אַוועקגענומען מיטן ווייסן וועלאָן אויפן קאָפּ. זי האָט אים נאָך געהאַט אויף זיך אָנגעהאָנגען איבער די דינע אַקסלען, ווי אַ דורכזיכטיקע פעלערינע. זי האָט נישט דרייסט געקוקט פרעמדע אין די פּנימער. אפשר וועט זי אים טרעפן, איר פאַר־לוירענעם חתן.

— שאַ, שטיל! — האָבן זיך געהערט דעם ראש־בית־דין, ר' יוזפלס, דריי דינע קלעפּ. אַלע זענען געבליבן שטיין. די שטאָט איז פאַרשטילט געוואָרן, ווי אַ בית־עולם. דריי טעג האָט אָנגעהאַלטן די שטילקייט. בלויז די וואַסערן אין די כראַכטן האָט מען געהערט פליוסקען שטיל. מען האָט געוווסט, דער משפט הייבט זיך אָן. עס הענגט שוין דער רעגנבויגן אויבן איבער די גרענעצן. ער וועט אַזוי בלייבן אַרויסגעהאַנגען ביז איבערן משפט.

אויך זיי, די אַלטע אַמסטערדאַמער נישט־יידישע תושבים, זענען אַהער אַרויס־גערופן געוואָרן. זיי זענען אַרומגעגאַנגען פאַרשטילט, ווי בלויז אין זאָקן, און האָבן זיך געפילט פרעמדע. קיינער קען זיי מער נישט. זיי האָבן געקוקט אויף זייערע יורשים, די היינטיקע איינוווינער פון שטאָט, און נישט דערקענט אין זיי זייערע

אייניקלעך. זיי האָבן נישט געקענט זייער לבוש; אויך דאָס לשון אין זייער מויל איז געווען פאַרענדערט; די קלאַנגען — פרעמדע. זיי זענען אַריינגעפאַלן צווישן מענטשן מיט אַנדערע תנועות; פרעמדע זקנים און קינדער; אַ פרעמדער רויש טראָגט זיך; פרעמדע ריחות. זיי קאָנען דאָ נישט כאַפּן דעם אָטעם. אויך די שטאָט, די גאַסן, זענען פאַרענדערט. טייל האָבן אַפילו נישט געפונען זייערע פריערדיקע הייזער. די שטאָט איז אַלט.

אַמסטערדאַם האָט זיי איצט אויסגעזען, ווי אַ בינע אין אַ גרויסן טעאַטער, די שפּיל־טרופּעס טוישן זיך אַרויף און אַראָפּ — אַלע מאָל אַ נייער דור. אויך די דעקאָראַציעס טוישן זיך. יעדער דור לויפט דורך די שטאָט און שרייט: „מיר, אַמסטערדאַמער!“. זיי האָבן מער נישט געוווּסט, ווער עס זענען אמתדיקע אַמסטערדאַמער, און וואָס פאַר אַ פאַרבינדונג זיי האָבן צווישן זיך.

אויך דאָס האָבן זיי געוואָלט הערן פון בית־דין.

אין דער שטילקייט האָבן ווייט אויפגעשאַלט שופרות. דער משפט הייבט זיך אָן. מען הערט שוין דורך די ווענט, ווי עס מישן זיך אינעווייניק די בלעטלעך פון ספר הזכרונות.

ר׳ יוזפל האָט באַפוילן דעם בית־דין־שמש ביי דער טיר אַלע אַריינלאָזן, איינצלווייז. צו ערשט אָבער די לעצטע. וואָס יינגער — אַלץ פריער, ווייל זיי זענען אומגעדולדיקער, די יונגע. נאָר אַלע מוזן זיי דאָ קומען אָן די קייטעלעך איבער די הענט. דער שמש האָט זיי אויך געהייסן אויסטאָן די תכריכים, לאָזן זיי הינטער דער טיר, כדי נישט צו פאַרשעמען די וואָס האָבן נישט; יענע וואָס זענען נישט געבראַכט געוואָרן צו קבר־ישראל.

פון אַלע זייטן האָט מען איצט געקוקט צו די טירן. זיי זענען געווען ווייט פון בית־דין, אַנטקעגן דער בימה, אין דער מערב־וואַנט. מען האָט געוואַרט אויף די ערשטע אַריינקומענדיקע.

דער שמש האָט אויסגערופן און באַלד איז געוואָרן אַ וואַרע אין דער מיטן, צווישן ביידע געפּאַקטע זייטן. מען האָט געהערט, זיי זענען אַדורך, ווי אַ שטילער ווינט; צווישן די בענק האָבן זיי זיך גערוקט — העכער, העכער, אַרויף צום דיל — ביז פאַרן בית־דין־טיש.

ר׳ יוזפל האָט געוויזן, ווו צו שטעלן זיך.

— רבי, איך בין געקומען מאָנען גערעכטיקייט! — האָט פון דער זייט,ביים טיש, זיך געהערט אַ דיניטשקע שטימע. זי האָט יעדן לייכט זיך איינגעשטאָכן, ווי אַ נאָדל אין גוף.

— ווער ביסטו?

— איך בין פון די, וואָס אין איין טאָג האָט אַ שער זיי אָפּגעשניטן. אָן אָן אָנהאַלט — זענען מיר אַראָפּגעפאַלן אין די תהומען.

מען האָט געהערט אַ שאַרעווען, ווי פון ווינט, אין אַלע זייטן — אין זאַל און אויף דער גאַלעריע.

— וואָס ווילסטו, מיין טאָכטער?

— איך בין געקומען אָנקלאָגן. — האָט דאָס קול זיך געהויבן איבערן זאַל, איז

אַריין, ווי דורך לעכער, אין די הוילע ווענט. — יאָרן זענען מיר געווען אָפּגעהאַקט פון די פאַרבליבענע. מיר האָבן געמיינט, די וועלט איז זיי דאָ אונטערגעגאַנגען, זיי גייען אויס פון בענקשאַפט נאָך אונדז; זיי קענען, אונדזערע נאָענטע, מער נישט שטילן זייער צער. דאָס איז געווען אונדזער טרייסט. מיר האָבן געמיינט, מיר וועלן קיין מאָל נישט פאַרגעסן ווערן. ערשט — מיר זענען געקומען צום משפט, און — מיר זען: מיר זענען אויסגעמעקט פון זייער זכרון. מען איז איבער אונדז אַריבער. זיי זענען פאַרטאָן ביים בויען זייערע נייע היימען. זיי האָבן זיך דערשראָקן, צי מיר זענען נישט געקומען אויף צו בלייבן. איצט זענען מיר פאַרשטויסן פוןביידע וועלטן.

איך בין געזעסן פון הינטן, אויף די לעצטע בענק, אין דעם פול־געפּאַקטן זאַל. איך האָב מער נישט געקאָנט איינזיצן אויף מיין אָרט.

— רבי! — האָב איך דערפילט, ווי עס גיט מיך אַ הייב — רבי, מיר זענען דורך דער צייט געוואָרן מיד און אַלט. מיר האָבן מער נישט קיין כוח.

מיין קול איז געבליבן הענגען אין זאַל, אָפּגעהאַקט; אַ געענדערטס, ווי פון אונטער חורבות אַפּער. איך האָב עס נישט דערקענט.

— בענקט איר גאָרנישט נאָך זיי?

— מיר — האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און ווייטער געזאָגט — מיר האָבן מורא מיט זיי זיך צו טרעפן. זיי וועלן אונדז נישט דערקענען. מיר זענען אַוועק ווייט, ווייט. זיי זענען געבליבן אויפן אָרט.

— ביי אונדז איז דער ווייטיק נאָך פריש, און איר פילט אים מער נישט! — האָבן זיך אַריינגעריסן אומגעזעענע שטימען פון די ווינקלען הויך. עס איז געוואָרן אַ טומל.

ר׳ יוזפל האָט געקלאַפּט אין טיש:

— שטיל זאָל זיין! דאָס בית־דין וויל הערן.

— מיטן פאַרלייקענען אונדז העלפט איר אַליין דעם אויסראָטער, אָפּצומעקן אונדזערע נעמען! — האָט מען פון דער ווייטנס מיר געשריגן אין פנים אַריין.

— רבי — האָב איך גערעדט מיט אַ פאַרטרוקנט קול — מיר האָבן כסדר געבענקט נאָך זיי. מיר זענען נאָך זיי אויסגעגאַנגען. אונדזערע טעג האָבן זיי אויסגעפילט. נישט האָבנדיק — האָבן מיר זיי געהאַט. איצט אָבער — האָבן מיר מורא; מיר שרעקן זיך, אַז ווען זיי וועלן צוריקקומען — וועלן מיר אויף תמיד זיי פאַרלירן. דער שניט, האָב איך צוגעגעבן, קאָן מער זיך נישט צונויפקומען. אַן אויסגעוואַקסענער יתום קאָן מער נישט צוריקקריגן זיין טאַטן. ער איז געוואָרן פיל עלטער פון אים.

פון אַלע זייטן האָט מען געקוקט צו מיר.

— קאָנסטו דאָס באַווייזן? — האָט גערעדט דאָס בית־דין.

— אַדרבה, באַפעלט זיי אַ ווייַלע אָנפילן די סקעלעטן — וועט איר זען די פרישקייט פון זייערע פנימער; זיי האָבן גאָרנישט זיך געענדערט. זיי זענען געבליבן יונג, מיט האָפענונג. קוקט אָבער אונדז אָן, זעט אונדזער אויסגעלאָשנקייט! זיי גלייבן נאָך אין לעבן; מיר — נישט. רבי, נישט איין מאָל זענען מיר זיי מקנא!

עס האָט זיך געהערט אַ געוויין אויף די בענק. דאָס האָבן געוויינט די לעבעדיקע אין זאַל.

— רבי, זיי האָבן נאָך דעם חורבן. אונדז איז אויך ער נישט געבליבן.

באַלד האָב איך זיך געכאַפּט:

— אָ, רבי, ניין, פאַרקערט: זיי זענען שוין אַרויס פון חורבן; זיי זענען איבער אים. מיר זענען פון אים נישט אַרויס. מיר זענען אין אים. מיר האָבן מורא, אַז דער עיקר האָט אונדז נאָך נישט געגרייכט.

איך בין געווען אַרומגערינגלט. פון אַלע זייטן האָט מען זיך געפּאַקט אַרום מיר.

— דורך אייער פאַרגעסן אונדז — האָט דאָס קול פון שטענדער צו מיר אַראָפּ־געשריגן — האָבן מיר איצט זיך דערוווּסט, אַז מיר זענען אומגעקומען.

פון דער גאַלעריע אויבן האָט פּלוצעם זיך געהערט אַ געשריי:

— דווקא ער — ער וויל אונדז נישט פאַרגעסן. ער קאָן נישט גיין ווייטער. ער וויל נישט מער קיין המשך. ער ווערט זיך קעגן אים. זיך צוזאַמען מיט אונדז גיט ער כרת.

אין דער רגע איז אויבן אויסגעבראָכן אַ געוויין. אויך אונטן אין זאַל, האָט מען געיאָמערט. די לעבעדיקע זענען פאַרשטומט געוואָרן.

— ער איז אַ שלעכטער, אַ פאַרפרעמדט־געוואָרענער — האָבן געשלוכצט די באָבעס — ער שליסט אין זיך אונדזערע טראָכטן!

— לייבעלע! — האָבן זיי געוויינט.

זיי האָבן געטייטלט אויף מיר מיט די פינגער. איך האָב דערקענט אין זיי מיינע ברייטע וואַרעמע הענט. דורך דורות אַדורך האָב איך זיי פון זיי געירשענט.

די זיידעס, פאַרשעמטע, האָבן געשוויגן אין די בערד אַריין. זיי זענען געשטאַנען אויסגעגלייכטע, ברייטע — נידעריקערע ווי געווען.

— מיר האָבן אים אויסגעבעטן — האָבן זיי געזאָגט — אַ וועלט מיט משפּחות און דורות האָבן נישט זוכה געווען, זענען געוואָרן אָפּגעשניטן — אָן אַ זכר. מיר האָבן זיך געמיט פאַר אים. נישט אַרויספאַלן פון דעם ראָד, עס זאָל גיין ווייטער אָן אונדז.

עס האָט זיך אַרויסגערוקט אַ קליין זיידעלע, אַ יונג בחורל, מיט אַ בלאָנד בערדל. ער איז, האָט ער געזאָגט, פאַר פינף דורות געשטאָרבן נאָך אין עלטער פאַר שמונה־עשרה. ער האָט געלאָזט אַ ווייב מיט אַ פּיצל קינד, מיין עלטער־באָבע. זי איז נעבן אים, איר פּאָטער, דעם יינגל, דאָ איצט געשטאַנען, אַ הויכע זקנה און געציטערט פון כבוד, ווען ער האָט גערעדט.

— אויב ער האָקט אונדז, חלילה, אָפּ — האָט ער געזאָגט — צעלאָזט ער אונדז, נישט בלויז אויף ווייטער, נאָר ביז אויף הונדערטער דורות צוריק. אַלץ אויף צוריק איז אויס, ווי מיר וואָלטן, חלילה, קיין מאָל קיין קיום נישט געהאָט.

ווען ער האָט געענדיקט, האָט ער געמאַכט נערוועזע העוויות, ווי איך אַלס יינגל, בעת מען האָט געקוקט אויף מיר. ער האָט זיך געשעמט פאַר מיר, דעם דערוואַקסענעם מענטש.

דאָס בית־דין האָט מיר באַפוילן אַרויסצוגיין פון די שורות, צו גענענען פאַרן טיש.

— אַנגעקלאָגטער! — האָט ר׳ יוזפל שטרענג אַ זאָג געטאָן — דו הערסט אין וואָס מען איז דיך מאשים?!

פון אַלע זייטן האָט מען זיך געשטויסן אויף מיר, מיך צו באַטאַפּן. אָרעמס האָבן זיך געשטרעקט צו מיר. איך האָב געפילט היימישע קאַלטע אָטעמס אויפן קאַרק.

— אָוועקנעמען די הענט! — האָט ר׳ יוזפלס דינע שטימע אַ בלינצל געטאָן.

איך האָב אַ בליק געגעבן אין זאַל. איך האָב געזען, אַלע לעבעדיקע זענען אַרומ־

גערינגלט. מען וואַכט איבער זיי. אויך אין דרויסן וואַרט מען זיי אָפּ, זיי זאָלן נישט אַנטרינען.

אַ ווײַלע האָבן פינגער־שפּיצן פון אַן אומזעבאַרער האַנט מיך אָנגעכאַפּט פאַרן האַרץ, מיך געהאַלטן איינגעקלעמט.

— וואָס טענהסטו? — האָט דאָס בית־דין געפרעגט.

— שופטים פון ישראל! — האָב איך געזאָגט — איך קאָן מער נישט. איך קאָן נישט גיין ווייטער. איך בין אַרויסגעפאַלן פון שפּאַן. איך געהער איצט מער נישט — נישט צו זיי און נישט צו זיי — איך האָב געוויזן אויףביידע צדדים.

— מיינסטו, אַז ס'איז דאָ אַ ברירה, מען קאָן אַרויס פון ראָד?!

— רבי — האָב איך ווידער געזאָגט — איך ווייס, מען מוז. ס'איז נישטאָ קיין ברירה. אויך איך גיי. איך וויל אָבער נישט, מען זאָל מיך פירן, ווי אַ געבונדענעם. איך וויל גיין אַליין. רבי, כאָטש די דאָזיקע פּריווילעגיע בעט איך. איך וועל גיין אַליין ביזן סוף.

— מיינסטו, אַז גרעסערע חכמים פון דיר זענען נאָך נישט געווען?!

— רבי, פאַר אונדזערע אויגן איז דאָס אַלץ געשען. איך קאָן נישט פאַרגעסן.

די דיינים זענען געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. זיי האָבן זיך איינגעהערט אין מיינע רייד.

— מיר ווילן דאָך אָבער אים העלפן, אויסהיילן אים פון זיין זכרון — האָט זיך אַריינגעריסן אַ היימיש קול. איך האָב דערקענט דאָס קול פון מיין קלוגן פעטער, איטשע, מיט דער רויטער באָרד, דעם קעסט־איידעם פון מיין זיידן. איך האָב זיך געוווּנדערט, די גאַנצע צייט האָב איך אין אים פאַרגעסן.

— וואָס איז דער זכרון? — האָט ר' יוזפל געוואָלט וויסן.

— און וואָס איז דאָס פאַרגעסן? — האָט אַן אַנדערער דיין געפרעגט.

— ביידע זענען זיי פאַרטלען, פון דעם וועלכער פירט אונדז צו אונדזער ציל. מיר פאַרשטייען די געגנט. מען קאָן פון זיי זיך נישט אַרויסדרייען. מיר וויסן, אויך אונדזער ווערן זיך קעגן זיי, אונדזער ווילן צום לעבן, איז נישט אַן אָפּווער קעגן זיי, נאָר אַ טייל פון די פאַרטלען. מען שטופּט אונדז צו דעם ווילן. אָן דעם — איז אויס שפּיל; האָט מען נישט וואָס צו מאַכן מיט אונדז.

— וואָס איז די עצה? — האָבן די דיינים געפרעגט.

— איך ווייס נישט — האָב איך געזאָגט — עמעצער אַנדערש מאַכט פון פאַרויס דעם חשבון פאַר אונדז. איך וויל בלויז, ווי לאַנג ס'איז מעגלעך — זאָל מען מיך לאָזן צו רו.

— אָ, דאָס איז זייער אַ סך! דאָס העכסטע, וואָס מען קאָן ווענלן!

— איך ווייס.

— ווילסטו דאָס פון רוב יאוש?

— ניין, יאוש איז פאַראַן — ווען ס'איז נאָך דאָ אַ ברעקל בטחון. איך האָב דאָס נישט.

דאָס בית־דין האָט מיר באַפוילן צוריק זיך אַוועקזעצן אויף מיין אָרט — צווישן די לעצטע שורות.

אויפן שטענדער אַנטקעגן דעם מיטן פון דער בינע, מיטן פּנים צום ראש בית־דין,

איז אויף מיין אָרט שוין געשטאַנען אַ הויכער שמאָלער מאַן מיט אַ גלאַנציקן, אַנהאָריקן קאָפּ. פון הינטן אין זאַל האָט קיינער נישט געזען זיין פּאַרנט; מען האָט נישט געוווּסט, ווי אַלט ער איז. ווען איך בין דורך אַ פינגער צוריקגעוויזן געוואָרן צו מיין פּלאַץ, האָט מען אים אַריינגערופן. ער איז שנעל דורך צווישן די צוויי רייען שורות. דער מזכיר האָט געשטוינט, גאָרנישט איז פאַרשריבן אין פּינקס. די בלעטער זענען ליידיק, ווען ער קומט נישט אַליין — וואָלט מען גאָר אים נישט געדענקט. גיך וועט זיין פאַל סיי ווי זיין פאַרגעסן. מען האָט נישט געוווּסט, צי פאַר אים אַליין האָט דער משפּט אַ חשיבות.

באַלד האָט מען אין זאַל אים דערקענט לויטן צוק פון די אַקסלען. מען האָט די אַלע יאָרן געוווּסט, אַז ער, ג., איז צווישן די אַנטרונענע. אין די ערשטע טעג שוין איז ער אַוועק אין מרחקים, איבער בערג, אין פרעמדע מדינות. שמועות זענען געקומען, ער האָט אַהין געגרייכט. זינט דעמאָלט האָט מען אים נישט געזען. אין פאַרמאַכטן געטאָ, ביי אונדז, זענען פאַרבליבן בלויז נעלי, זיין פרוי, מיט די צוויי טעכטערלעך.

אַ מאָל פלעגט ער איבער די שטאָט־אַלייען זי פירן געאָרעמט — געלאַסן, שווייגנדיק, טריט ביי טריט. זי מיט אַ שטאָלטנעם גאַנג; די ווײַס אַראָפּגעלאָזט איבער די גרינע אויגן. איר אַליוון פּנים — געשלאָסן. מיט אירע שוואַרץ־געטורעמטע האָר — איז זי געווען העכער פון אַלע פרויען אַרום, און איבער איר האָט זיך געהויבן זיין אַדלער־קאָפּ, מיט גרוי דורכגעפאַסמעט די שוואַרצע האָר. אונטער זיין הויכן שטערן — זיין טונקל־לענגלעך פּנים — איבערגעשניטן פון אַ גאָלדענעם בינאָקל. הינטער זיי האָבן געשפּאַנט, תמיד אין איין שורה — זייערעביידע טעכטערלעך. די עלטערע, פּופּצניעריקע, פרידאַ — מיט אַן אַרויפגעשפּראָצט פול קערפּערל, און מיט אַ פאַרריסן נעזל פון אַ שילערין; און — די קליינע, זיבניעריקע, נינאַ — מיט פולע ראָזע נאַקעט־אָפּגעדעקטע הענטלעך און פיסלעך. דאָס פרישע אָפּשטייענדיקע קליי־דעלע — צעעפנט אַרום איר — העל, ווי אַ קינדישער זומער־שירעם. ביידע טעכ־טערלעך — מיט פאַרביקע בענדער געוויקלט אין די דיק־פאַרפלאָכטענע צעפּ — האָבן זיך געפירט פאַר די הענטלעך. זיי זענען הינטער די עלטערן כסדר געגאַנגען אויף פאָרויס. קיין מאָל האָבן זייערע קעפּלעך זיך נישט געניגט — נישט רעכטס, נישט לינקס.

די שטאָט האָט אים נאָכגעקוקט ביים פירן זיין משפּחה. מיט איין האַנט — די פרוי אונטערן אָרעם; און מיט דער צווייטער — האָט ער געשאַפן אַרום אַלע דריי — אַ בויגן, אָפּצוטיילן זיי אין דעם האַלבקרייז. זיין רעכטער פוס — תמיד געשפּאַנט אויף פאָרויס.

אָפּגעטיילט פון דער שטאָט איז אויך געשטאַנען זיין גרין־הילצערן הויז, אַרומ־גענומען פון ווערענדעס מיט רויטע, גרינע און בלויע שייבלעך. עס איז אין זיין גאָרטן ווי אַרויסגעוואַקסן צווישן די ביימער. הינטערן הויז האָט אַ הויכער פּאַרקאַן אויף ווי ווייט אַרומגערינגלט זיין גרויסן האַלץ־סקלאַד. עס האָבן אויף דעם פּלאַץ זיך געטורעמט פול, ווי הויכע הייזער, גאַנצע שטאָקן צעזעגטע ברעטער; נעבן זיי, אויסגעצויגן אין זייער גאַנצער לענג — ריזיקע ביימער, אָפּגעשניטענע פון די שטאַמען אין ווייטע וועלדער. אויף די וועגן און שטעגן צווישן געהילץ האָבן שטענדיק

דאָ זיך געדרייט שווייגנדיקע, מיט צאַלעוואַקעס אין די הענט, בוימייסטערס. זיי האָבן געמאָסטן די לאַנגעביימער פאַרן אויפשניידן זייער אינעווייניק. אַ זיס־ביטערלעכער ריח פון פרישן געהילץ האָט זיך געלייגט איבערן גומען.

פון ג.׳ס האָלץ־סקלאַד האָט איין וועג געפירט אַרויס צום ברייטן טייך מיטן געדיכט־שאָרוועדיקן וואַסער, און פון דער אַנדערער זייט, האָט אַ ברייט־צעעפנטער טויער געפירט אַריין אין דער לאַנגער סטעזשקע צווישן די געדיכטע ביימער פונעם וואַלד. אויבן, איבער דער סטעזשקע, האָבן די צווייגן זיך צוזאַמענגעפלאָכטן, ווי גרינע פינגער. אַרום האָט געשמעקט מיט פרישן זשיוויצע־ריח און זעגעכץ. יעדן פאַר־נאַכט, איידער די זון האָט אין וואַלד זיך געזעגנט, זענען די סטעזשקע דורכגעפאָרן אין אַן אָפענער בריטשקע, געשפּאַנט אין צוויי פערד — ג. מיט זיין משפחה. דורך די געשלאָסענע צווייגן האָט די אונטערגייענדיקע זון צו זיי דורכגעפינטלט, העלע לעכלעך האָבן פאַר די אויגן זיי געמיניעט.

דער קוטשער פלעגט יעדן טאָג, אין די מיטאָג־שעהען, אויך פירן ג. דורך דעם וועג צו זיין זיצאָרט אין דעם ראָטהויז. פון דעם בנין אין מיטן גרין־אַרומגעזיימטן מאַרק, האָט ער אָנגעפירט מיט די ענינים פון דער שטאָט. אויך די שטול אין שטאָטהויז האָט ג. געירשנט פון זיין פאָטער און זיידעס, פון דער איינגעוואָרצלטער דאָ זינט דורות, משפחה פרנסים און וואַלד־יידן, וואָס זייערע געדיכטע וועלדער האָבן זיך געצויגן ווייט איבער פוילן.

די זקנים ביי אונדז האָבן נאָך געדענקט, ווי זיין זיידע, מיטן ווייס־שפּיציקן בערדל און שוואַרצן מעלאָניק איבערן קאָפּ, פלעגט, אין די סוף־זומערס, אומקערן זיך אַהיים אָט אין דער בריטשקע מיט אַלטע ווייסע פערד.

אויך אָנהייב מלחמה, ווען ג. האָט פון דאַנען אַליין געמוזט אַנטרינען אין די מרחקים, זענען זיין הויז, און אינעווייניק נעלי מיט די צוויי טעכטערלעך, געבליבן אָפּגעטיילט. דאָס הויז מיט זיי איז געווען איינגעשלאָסן אין געטאָ. דער אַרומגערינגלטער האָלץ־סקלאַד — פאַרמאַכט. קיינער איז מער דאָרט נישט אַריין. אויך נעלין מיט די קינדער האָט מען ווייניק געזען אַרויסקומען.

די שטאָט האָט געוווּסט, זיי זיצן אין די צימערן און וואַרטן. נאָך דער ענדע, וועט ער אַהער זיך אומקערן — איבער די יאָרן אַריבער. דערווייל איז ער אָפּגעטיילט, ווייט. אַלע זענען געווען איינגעהאָרכט אין זייער וואַרטנדיקער אָפּגעזונדערטקייט.

אויף די שטעגלעך און וועגלעך פון ג.׳ס פאַרמאַכטן האָלץ־סקלאַד האָט איצט זיך געדרייט בלויז איינער — דער הויכער, ברייט־פּלייציקער, טרייער משרת זיינער, בענדיט. פריער האָט ער, בענדיט, דאָ געפירט די געשעפטן. ער האָט זיך געדרייט מיט די פּויערים, וואָס זענען מיט דאַרע פערדלעך און לאַנגע,ליידיקע וועגענער, אַהערגעקומען קויפן געהילץ. זיין גרויסן בויך און דיקן קאָפּ האָט מען אַרויסגעזען צווישן די קליינע געבויגענע פּויערים, מיט די לאַנגע וואָנצעס; זיין ריזיק פּנים איז איבער זיי געהאָנגען, ווי אַ פלאַטשיקער ראָזער טעלער מיט אַריינגעזעצטע אויגן. די פּויערים האָבן געקוקט אויף אים, און דערשראָקן פאַרנומען די הייזעריקע רייד, וואָס האָבן אין דער לופט זיך אָפּגעטיילט פון זיין ברייט מויל.ביים דורכקומען האָט מען זיך טעמפּ געפּאַטשט אין די שווערע הענט. פאַרנאַכט־צו זענען די שמאָלע וועגענער

אַרויסגעפּאַרן דורך די אָפענע טויערן, אָנגעפּילט מיט ליגנדיקע, אָפּגעצויגענע פון דער הויט, ווייסעביימער און ברעטער.

אויך אין געטאָ איז ער פון דאָנען ניט אָפּגעטראָטן, בענדיט. זיין הייזעריק קול האָט מען מער נישט געהערט. עס איז געהאַט פון אים אַרויס. בלויז אין די הונגעריקע טעג האָט ער מיט זיין גרויסן גוף זיך אַרויסבאַקומען פון אונטער די געטאָ־מויערן, און איז פאַרשוווּנדן. ער האָט זיך אומגעקערט מיט זעק שפּייז אויף דער פּלייצע. פאַר די חובות פון זיין באַלעבאָס, האָט ער דאָס אָפּגענומען ביי די פויערים אין די וייטסטע דערפער. ער האָט עס אַהערגעבראַכט און אַוועקגעלייגט אויף דער שוועל פאַר נעלין מיט די קינדער. ווי אַ מאָל, האָט ער זיך אַהערגעפעדערט יעדן טאָג, מיטן אויפשיינען פון דער זון און איז אַראָפּ פון פּלאַץ ערשט מיט איר פאַרגאַנג.

אַלע האָבן געוווּסט, ער, בענדיט, דער טרייער מענטש פון ג., פאַרלאָזט נישט, אין די שווערע טעג, די משפחה פון זיין האַר. ווען ער וועט צוריקקומען, וועט ער זי אים אומקערן גאַנץ, ווי אַ פאַרטרויטן פּקדון. אויך אין די נעכט, ווען אַרום האָט געברענט; עס האָבן געפלאַקערט די מלחמה־שׂרפות; בעת די פלאַמען האָבן נאָענט זיך געשפּרייט און פאַרדעקט אויבן דעם הימל — איז בענדיט, איינער אַליין, מיט אַ באַלויכטן פּנים, געבליבן פאַרן טויער פון הויז.

טעג און נעכט זענען אַדורך. די געטאָ־מענטשן האָבן שוין אין זיך געטראָגן, יעדער זיין אָנגעגרייטע מינוט; נישט געוווּסט, ווי זי צו פאַרמיידן. נעלי מיט אירע קינדער זענען אַלץ נישט אַרויס פון זייערע שטובן; זיי זענען געבליבן, נישט געזעענע, פאַרמאַכט אין הויז.

ערשט נאָך אַ צייט, האָט מען אין געטאָ זיך געכאַפּט, אַז עפּעס זעט מען שוין לאַנג נישט בענדיטן. ער דרייט זיך מער נישט אין דרויסן אויפן פּלאַץ. אין די שטובן איז ווייטער שטיל. אויך אין די לאַנגע ווינטער־אָוונטן זעט מען פון דאָרט נישט אַרויס קיין שיין; עס דערגייט נישט קיין שאָרך, ווי אַלץ וואָלט אינעווייניק געשלאָפן. בלויז שפּעט, נאָך האַלבער נאַכט, ווען דאָס געטאָ איז פון לאַנג שוין פאַרטאָן געוואָרן אין שרעק־חלומות; פון די שטובן האָט מען געהערט קינדער וויינען — ערשט דעמאָלט האָט אין דער נאַכט־שטילקייט אַריין — פאַמעלעך, סקריפּנדיק, זיך געעפנט די טיר פון דעם אָפּגעזונדערטן הויז אין גאָרטן און בענדיטס ברייטער שאָטן האָט פון דאָרט שטיל זיך אַרויסגעשלייכט. בענדיט האָט אין דרויסן זיך איינגעהערט אַ ווײַלע אין דער נאַכט־פינצטערניש. קיין שום פרעמד אַ׳יג איז אַרום נישט צעעפנט. ער האָט צוזאַמענגענומען זיין שאָטן צווישן די פיס און זייטיק, הינטער די ווענט פון די הייף, האָט ער מיט אים שטיל אַהיימגעאיילט. קיינער זאָל אים נישט באַגעגענען.

דאָס אויג פון געטאָ האָט אים יאָ אַרויסגעשעפּט פון דער נאַכט, ווען ער איז אַרויס פון די פאַרמאַכטע שטובן. אַ דאגה האָט געקנייטשט די ברעמען פון געטאָ. דאָ, האָט מען געפילט, שוועבט נאָך די געשטאַלט פון באַלעבאָס; זיין שאָטן איז אומעטום געשפּרייט. מען האָט נישט באַנומען, וואָס וועט זיין ווען ער וועט נאָך אַלעם אַהער צוריקקערן.

שפּעט אין די נעכט זענען מענטשן געוואָרן אומרויִק אין די שטובן. עס האָט אומעטום געגרייכט דורך די ווענט די פאַרשווערונג פון אָט דער רגע. עס האָט

זיך אויסגעדאַכט, דאָס איז בלויז איינער פון די שרעק־געשפּענסטער, וואָס פּאַרוויקלען די נעכט אין געטאָ.

דערנאָך זענען געקומען די לעצטע וואָכן, ווען די שטאָט האָט זיך דערנענטערט צו איר אומפאַרמיידלעכער מינוט. אין די גופים האָט מען פּלוצעם דערשפּירט דעם אויפליאַרעם פון אייגענער צעפאַלונג, פון אויפהערן זיין. דעמאָלט האָט די ווונד פון דעם הויז רויט זיך צעעפנט איבערן געטאָ. ג.׳ס דורותדיקע היים איז געווען אָפן פון אַלע זייטן. בענדיט האָט מער זיך נישט געשלייכט אין די נעכט דורך דער טיר־שטילקייט. אין די טעג איז ער אַריין דורך די פּאַראַדנע טרעפּ. אין די פרימאָרגנס האָט מען אים געטראָפן אין די גרויע גאַטקעס זיצן דאָ אויבנאָן ביים טיש. זיין הייזעריק קול האָט איצט הויך זיך געטראָגן פון אינעווייניק, פון די פענצטער אַרויס.

מענטשן האָבן זיך פאַרשטאָפּט די אויערן, נישט צו הערן. דאָס איז געווען דער סימן פון זייער אייגענעם צעפאַל.

נאָר בלויז צו מאָל, אין גענאַד־מינוטן פאַרן לעשן זיך — איז אויפגעגאַנגען אַ בטחון: זי איז נישט הפקר, די וועלט; נאָכן סוף פון די דאָזיקע טעג, ווען ער וועט זיך צוריקקערן פון די ווייטקייטן — וועלן אַלע אים אַנטקעגנגיין צו די טויערן פון דער שטאָט. גאָרנישט וועט בלייבן פאַרבאָרגן. די שטאָט וועט זיך שטעלן הינטער אים.

און דעמאָלט איז דאָס געשען: געווען איז דאָס אין דעם פרייטיק־פאַרטאָג. מען האָט נעלין, און פוןביידע זייטן אירע צוויי קינדער — געשלעפּט צווישן אַלע יידן. מען האָט זיי געפירט צום ברעג, וואָס אַלע קנ:ען פאַר אים מיט די פּנימער צו דער ערד. אין דער געטריבנקייט האָט די עדה זי נישט געזען. זי איז געווען פאַרשפּינט אינעם געלויף. נאָר אין דער איינער רגע, ווען אַ ליכט צעשפּאַרט זיך פאַר די אויגן, האָט מען פּלוצעם געוווסט, אַז נעלי דאַרף קיינעם קיין חשבון פאַר איר לעבן נישט אָפּגעבן. זי איז קיינעם גאָרנישט חייב. זי פירט דאָ איינע אַליין אירע קינדער צו דער שטומער פינצטערניש. באַלד וועט זי מיט זיי זיך אַראָפּלאָזן אויף שטענדיק. קיינער מער וועט שוין נישט פאַרנעמען דעם סוד פון אירע לאַנגע געטאָ־נעכט, פון די יאָרן פון איר פאַרלאָזנקייט, פון אירע קינדערס אויסזיכטלאָזן וואַרטן.

ווער וועט קאָנען קומען, מאָנען ביי איר זיין דין?!

און ווען ער וועט צוריקקומען, ג. ווער וועט אים דערציילן, וואָס דאָ איז געווען? איינער אַליין וועט ער שטיין איבער זיין אָפּגעמעקטער היים. אַלע דאָ וועלן שוין זיין ווייט פון אים איבערן ברעג אַריבער. בלויז הויכע, שיטערע גראָזן וועלן וואַקסן איבער די ליידיקע בערגלעך. זיי וועלן פּאַמעלעך פרום זיך שאָקלען אין ווינטל, ווי אויף אַ פאַרלאָזטן בית־עלמין.

איצט זענען זיי אַלע אַהערגעקומען צום משפּט. שוין טעג דרייען זיי זיך דאָ אין דער פרעמדער שטאָט. ג. האָט מיט זיך געבראַכט זיין ניי ווייב מיט זיינע צוויי נייע טעכטערלעך.

איך האָב זיי אים איצט געזען פירן אין אַמסטערדאַם: זיין בלאָנדע פרוי — מיט איין האַנט אונטער איר אָרעם, און מיט דער צווייטער — האָט ער שטעלנדיק אַ טריט פאָרויס, געשאַפן אַרום איר אַ בויגן — אָפּצוטיילן זי אינעם האַלבקרייז.

עטלעכע טריט הינטער זיי האָבן געשפּאַנט — אין איין שורה, האַלטנדיק זיך ביי די הענטלעך — די צוויי טעכטערלעך.

די עלטערע — אַ שילערין פון פופצן יאָר, אַ בלאָנדע, ווי די מוטער, מיט לאַנגע דיקע צעפּ; אַן אַרויפשפּראָצנדיק פול קערפּערל, און אַ פּאַררייסן נעזל; און די קליינע נעבן איר — אויך מיט בלאָנדע צעפּ — אַ זיבניעריקע פריילין מיט פולע, ראָזע, נאַקעטע הענטלעך און פיסלעך, וועלכע סטאַרטשען אַרויס פון איר פריש־געפּרעסטן, אָפּשטייענדיקן העל־געשטרייפטן קליידעלע; דאָס קליידעלע צעעפנט זיך אַרום איר בייכל ווי אַ קינדישער זומער־שירעם. „פּאַפּאַ" — האָט מען געהערט, ווי זי רופט אים — „פּאַפּאַ". עס האָט געקלונגען עכט אין די אויערן. אַלע שטייען און האַרכן זיך איין.

בלויז די מוטער, ווען זי רעדט, דערקענט מען, אַז זי איז אַ געבוירענע אין וויטן צפון; דאָרט ערגעץ אין אַ פּויערים־שטוב. זי איז אַ טאָכטער פון דעם דאָרף, אין וועלכן ער האָט געגרייכט, ג. באַלד דעם ערשטן ווינטער פון זיין אַנטרונען פון אונדזער שטאָט.

געווען איז דאָס אין יענעם געדיכט־שנייִיקן ווינטער. ער האָט אַ געיאָגטער געאיילט אויף פּאָרויס. הינטער אים, האָט ער געוווּסט, קראַכט זי, זיין וועלט. ער האָט פון איר אַרויסגעשטעלט ווייט זיינע טריט. דער שניי האָט זיי הינטער אים פאַרשיט, געדיכט — הויך אַרויף. די שנייוועגט האָבן הינטער אים זיך געהויבן. ער האָט געאיילט ווייטער איבער די פעלדער. יעדער טריט פּאָרויס — טיילט אים אָפּ פון זיין איינגעפּאַלענער היים פון הינטן. וואָס ווייטער — איז ער קלענער, אַ פּינטעלע אין דער אומענדלעכער ווייסקייט. אַלץ הינטער אים איז געבליבן אַ ווייטער פריִער־דיקער גלגול; פון לאַנג שוין איז ער איבער אים פאַרוואָרפן געוואָרן. קיין צוריק איז נישטאָ.

ווען ער איז נאָך חדשים אַרויס פון די טויזנט קילאָמעטערדיקע שנייען און זאַווערוכעס, האָט פאַר אים פּלוצעם זיך צעעפנט דער פרילינג מיט שטילע ליכטיקע פעלדער. ער האָט געשטעלט טריט אין אַן אַנדער צייט. ער האָט נישט געוווּסט, צי אַן אַמאָליקע, אַ שוין געוועזענע, אָדער דאָס איז ער אין דער צוקונפט, איבער הונדערטער יאָרן אַריבער. ער איז געגאַנגען אין אַ דאָרף איבער פרישער ערד. דאָ האָט מען געקענט נאָר פון דאָס ניי געבוירן וווערן. ער איז מיט אַ מאָל געווען אַ קינד, אַרויסגעוואַקסן אין דעם נייעם גלגול. אַן אַלט קינד, אָן עלטערן, מיט אַ קללה פון נישט־פאַרגעסן. ערגעץ אין אים איז געבליבן טליִען דאָס לעבן פון אַ מאָל. עס האָט אין אים געבלינצלט אין דער טונקל.

ער איז דאָ פאַרזונקען אין די זומפּן פון די ווייטע צייטן; אַריין אין זיי ביז איבערן קאָפּ.

באַלד נאָך דער מלחמה, ווען די פעלדער זענען געבליבן ליגן אויסגעגלייכט, מיט איינגעלייגטע פּראָנטן איבער זיי, אָן גרענעצן — די וועלט האָט זיך צעעפנט — האָבן פון איבער די ווייטקייטן געגומען גרייכן אַהער צו אונדז די ערשטע שליחים, צוריקגעקומענע פון דאָרט. די שנייוועגט אין דער מיט זענען געהאַט איינגעפאַלן. זיי זענען זיי אַריבער. זיי האָבן אַהער געצויגן צו אונדז איבער אַלע וועגן, איבער די געלאָזטע ברייטע טייכן, איבער די מדבריות. זיי זענען איצט דאָ געגאַנגען איבער די

לײדיקע שטעט, ווו זיי זענען אַ מאָל, אין אַן אורצייט, געבוירן געוואָרן. זיי האָבן איבער די גאַסן און הייף געזוכט זייערע אייגענע וואָרצלען, וואָס זיי האָבן, ביים אַנטלויפֿן, דאָ געהאַט געלאָזט צווישן זייערע נאָענטע. זיי האָבן געוואָלט צוריק זיך צובינדן צו זיי. זיי זענען מער נישט געווען. זיי זענען געבליבן לויז. די ערד האָט זייערע טריט נישט צוגעצויגן צו זיך. זיי האָבן זיי געשטעלט אין דער לופֿט, נישט געגרייכט אַראָפּ.

ווי אין אַ חלום פֿון זייער קינדהייט האָבן זיי זיך דערמאָנט יענע ערשטע טעג פֿון דער פּלוצעמדיקער איבערקערעניש, ווען זיי זענען איילנדיקע אַנטרונען פֿון דאַנען צווישן די צעשראָקענע מענטשן־שטראָמען. קליינע מענטשעלעך צעזייט איבער ווייטע פֿעלדער. די שנייווינטן האָבן זיי פֿאַרטראָגן איבער די טעג. אין דער מיטן, צווישן זיי דאָרט, אין די ווייטקייטן, און אונדז, די פֿאַרבליבענע דאָ — האָבן זיך געהאַט אַראָפּ־געלאָזט איינפֿאַלנדיקע הימלען. זיי האָבן געקראַכט און געלאַשן אונטער זיך ברענענדיקע שטעט. דער ערדקיילעך איז געבליבן געטיילט אין צוויי. זיי זענען געווען אָפּגעשניטן. גאָרנישט פֿון אונדז האָט מער געגרייכט אין זייערע ווייטע דערפֿער אַריין, פֿון יענער זייט הימל־ראַנדן: נישט דער טעמפּ־פֿאַרטויבנדיקער פֿאַל פֿון פֿאַרשניטענע וועלדער ביי אונדז; נישט דער קרעכץ פֿון ביימער, וואָס קנאַקן ביים ברעכן זיך; נישט דער צונויפֿמיש פֿון ערדשיכטן מיט מענטשן־לייבער. ווי ג. זענען זיי דעמאָלט אַלע געווען פֿאַרשטעקט ביז איבערן האַלדז אין די ווייטע זומפּיקייטן.

אין זייער ענגשאַפֿט האָבן זיי געשוויגן. זיי האָבן דאָרט נישט געהאַט פֿאַר וועמען צו דערציילן — נישט וועגן זייער ווייטער קינדהייט אַ מאָל, נישט וועגן זייער יאָגעניש איבער פֿרעמדע וועגן אַהער; נישט וועגן דעם הונגעריקן וואָלף, וואָס האָט זיך באַזעצט און וואַיעט אין זייערע געדערעם; און נישט וועגן זייערע מידע, טאַפּטשענדיקע פֿיס; נישט וועגן זייער שאַנדע אין פֿרעמדע שטעט און דערפֿער; און נישט וועגן זייערע אבֿרים, וואָס ברעכן זיך צו רו. זיי האָבן דאָס אַלץ פֿאַרביסן איבערגעטראָגן אין זיך, מיט דער האָפֿענונג אויף יענעם טאָג, וואָס וועט קומען, ער מוז קומען; עס וועט אָפּגעטאָן ווערן דער בלינדער פֿאַרהאַנג פֿון פֿאַרן פּנים פֿון דער וועלט; זיי וועלן צוריקקערן אין זייערע היימען ביי אונדז דאָ.

זיי זענען פֿול געווען מיט דער האָפֿענונג, אַז דאָ וועלן זיי אַלץ טרעפֿן, ווי דעמאָלט אין דער רגע, ווען זיי האָבן אונדז פֿאַרלאָזט; דאָ וואַרטן אויסגעבענקט נאָך זיי — זייערע שטובן, די מעבלען מיט די בעטן; זייערע מאַמעס און טאַטעס; די פֿרויען און קינדער. זיי וועלן צוריק אַריין אין די שויסן פֿון זייערע היימען און משפּחות, און — אין איינעם אַ ווינטער־אָוונט וועט דאָס זיין: די קאַכל־אויוונס וועלן דעמאָלט זיין וואַרעם צעהייצט; זיי אַליין וועלן זיצן אַרומגערינגלט פֿון די פֿאַמיליעס און שכנים; אַלע וועלן זיין איינגעהאַרכט, און דעמאָלט וועלן זיי מיט אַ מאָל דערשפּירן, ווי דער פֿראָסט אין זייערע ביינער לאָזט; דאָס קול טייעט אויף; אַלץ נעמט ווידער פֿליסן. זיי וועלן דעמאָלט דערציילן — פֿון זייערע וואַנדלונגען אין דער נאַכט; פֿון זייער פֿאַר־לוירן גיין אין די וועגן; פֿון זייער יאוש אין דער פֿאַרמאַכטקייט אַרום און אַרום; פֿון זייער אָפּגעשניטנקייט, ווי אַ באַזונדער אבר; זיי האָבן געמיינט, קיין מאָל ווידער וועלן זיי זיך שוין נישט באַהעפֿטן צו זייער גאַנצן וואַרעמען גוף.

זיי וועלן דאָ זיצן אין די געזעמלעך, ביים ליכט פֿון צעבליצטע לאָמפּן און פֿאַרע

פון שוימענדיקער מילך, און דערציילן דאָס אַלץ. קיינער וועט נישט גלייבן. בלויז זייערע נאָענטע וועלן ענגער איינציִען אַרום זיי די אָרעמס. זיי וועלן קיין מאָל מער פון זיי זיך נישט שיידן.

איצט זענען זיי געקומען צוריק. דער הימל האָט ווידער זיך אויפגעהויבן פון איבער דער ערד. חדשים זענען זיי אונטער אים געגאַנגען מיט די קעפּ געבויגן נידעריק. דורך נעכט און ענדלאָזע טעג האָבן זיי געשטעלט טריט איבער די אָפּגעדעקטע פעלדער; זיי האָבן געשפּרייזט דורך וועלדער, טונקעלע, מיט צעעפּנטע לויערונגען, און פאַרבאָרגן־גרינע זומפּן. אַלץ האָט צו זיי צעלוּיִכטן געשפּיזט; געשפּרייט זיי תהומען פאַר די פיס. ווען זיי זענען אָבער אַריבער די לעצטע אָפּגעמעקטע גרענעץ־ליניע — זיי זענען ענדלעך געשטאַנען דאָ — זענען זייערע אויערן מיט אַ מאָל געוואָרן פאַרטויבט פון דער שטילקייט, וואָס האָט אַלץ אַרומגענומען. איינגעגליווערט האָט זי זיך געשפּרייט איבער די הונדערטער אָפּגעדעקטע שטעט און דערפער. אויסגעליידיקטע זענען געלעגן זייערע גאַסן און היימען — אויך אַן דעם עכאָ פון זייערע נאָענטעס געברום; אַן דער זיך קרייזלענדיקער פאַרע פון זייער אַמאָליקער וואַרעמקייט אין דער לופט.

נאָך טעג דרייען זיך אין דער טויבער ליידיקייט, האָבן זיי מיט אַ מאָל דערשפּירט, זיי האָבן פאַרלוירן דאָס קול אין זיך. אויך אין זיי איז אַלץ אויף אייביק שוין פאַרשטומט. זייער אייגענער נעכטן איז געוואָרן איינגעשרומפּן — קלענער און קלענער — בלויז צו אַ לעפל גאַל, וואָס מען שלינגט אַראָפּ. ער האָט זיך אַראָפּגע־גליטשט אין זייער דנאָ און זיך פאַרהאַרטעוועט דאָרט אין אַ שטיין. קיין מאָל מער וועלן זיי אים שוין נישט קאָנען אַרויסצִיִען פון זיך. דאָ האָט די ערד געעפנט איר מויל און פאַרשלונגען אויך זייער עבר דאָרט אין די וויטקייטן — אויף קיין מאָל שוין נישט דערמאָנט צו ווערן.

אָט די שליחים האָבן עס געבראַכט די ערשטע ידיעות פון ג. ער ווינט ג. — האָבן זיי איבערגעגעבן — שוין לאַנג אין וויטן צפון־אָרט, אין זיין קליין איינשטיבלדיק הייזל אויף דער דאָרפישער באַן־סטאַציע. נישט ג. הייסט ער מער, נאָר נ. רופט מען אים — נ. דער באַן־נאַטשאַלניק. אָט אין דעם שטיבל זיצט ער, איבער די זומערס און ווינטערס, פאַרשפּילט מיט זיין ניי בלאָנד ווייב און זייערע צוויי טעכטערלעך. זעלטן זעט מען אים אין דרויסן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט זי צו פאַרלאָזן, די אינעווייניקסטע וואַרעמקייט. נאָר איין מאָל אין טאָג, פאַר נאַכט איז דאָס, ווען די זון רוקט זיך אַריבער וויט אויף מערב, דעמאָלט ציט ער אַן, נ. אויפן קאָפּ זיין רויט פירשפּיציק היטל מיטן גלאַנציקן דאַשעק; אין האַנט נעמט ער זיין רויט פענדל; עס עפנט זיך די טיר פון זיין הייזל, און ער לאָזט זיך אַרויס פאַר דער שוועל. ער בלייבט דאָ פאַר די רעלסן און וואַרט אָפּ די באַן, וואָס ציט אַן איין מאָל אין טאָג פון די מרחקים. זי קומט פון מערב, פון אונדזער זייט. אַ קוויטשנדיקע, סאָפּנדיקע, מיט אַן אויסגעצויגענעם פייף, לויפט זי אַן פון האָריזאָנט. ער פאָכעט איר אַנטקעגן מיטן רויטן פענדל אין דער לופט; זי פאַרהאַלט זיך אויף אַ ווײַלע. זי בלייבט שטיין און גיסט אויס אירע יללות פאַר זיינע פיס. באַלד פאָכעט ער ווידער מיטן פענדל גלייך איר אין פנים, און זי פויזעט אַוועק. אַ לאַנגע, אַ נידעריקע, ווידער אין די ווייטע שטרעקעס אַריין, אין מיזרח — ווייט פון אים, דאָרט, ווו די נאַכט איז שוין צוגעפאַלן. ער שטייט נאָך לאַנג,

איינער אַליין, מיטן אַראָפּגעלאָזטן פּענדל אין האַנט; ער קוקט נאָך, ווי זי פֿאַרשווינדט, און ערשט ווען זיינע אויערן פֿאַרנעמען פֿון דער ווייטנס אירע לעצטע קוויטשנדיקע בהלה־קולות אין לויפֿן, ווען זי צעשרייט זיך אין די טונקעלע ווייטקייטן אַריין — דרייט ער זיך אויס; ער ווערט ווידער פֿאַרשלונגען אין דער טיר פֿון דעם הייזל אויף איבער נאַכט און איבער טאָג. שוין יאָרן אַזוי — האָבן זיי דערציילט — נאָך פֿון מיטן דער מלחמה — זעט מען אים דאָ בלויז אין די בין־השמשות שעהען, ווי ער שטייט, אַ שווייגנדיקער, אין דעם פֿאַרגייענדיקן טאָג. ער הייבט די האַנט און לאָזט זי אַראָפּ; ער גיט סימנים ווייט אין דעם האָריזאָנט אַריין.

עס איז אַוועק נאָך אַ צייט, די אַנטרונענע פֿון אונדז האָבן לאַנג שוין זיך אומ־געקערט אַלע פֿון די ברעגעס פֿון מיזרח; טייל — מיט זייערע נייע משפּחות, דער־וואַרבענע אין די וועגן. מען האָט געוווּסט, מער קיינעם קאָן מען שוין נישט דער־וואַרטן; די ווייטקייטן האָבן פֿון זיך אַרויסגעגעבן שוין די לעצטע. אים, ג.לען, האָט מען נישט געזען. אַ שמועה האָט געגרייכט, ער האָט נישט בדעה צוריקצוקערן. דאָרט, אין זיין ווייטער היים, וועט ער שוין פֿאַרבלייבן, ביז אין זיינע נייע ווייטערע דורות אַריין.

איצט האָט מען אים געזען דאָ, ווי ער האָט זיך צוגעשטעלט צום משפּט. ער איז געקומען אַליין, בלויז מיט זיינע דריי בלאָנדע ווייבער פֿון צפֿון. זיי האָבן נישט געוווּסט, צו וואָס מען האָט זיי אַהער געבראַכט. אַלץ דאָ איז פֿאַר זיי ערשטמאָליק. זיי האָבן זיך געדרייט אויף די היגע גאַסן צווישן פֿרעמדע. דער קליינער ר׳ יום־טובֿל מיטן רויטן קינדישן פּנימל און גרויען בערדל, האָט זיי אויסגעזען, ווי אַ גוטמוטיק צפֿון־פֿויגל, וואָס איז אַהער געקומען, ווי זיי. זיי האָבן נישט באַנומען, פֿאַר וואָס ער ווערט אַזוי גערודפֿט אויף די גאַסן.

ג. האָט פֿאַר זיי געדונגען אַ צימער אין דעם קליינעם האָטעלעכל. זיי זאָלן דאָרטן צוזאַמען וואַרטן. אין דער נאַכט־שטילקייט האָבן זיי זיך איינגעהערט, ווי די כראַכטן רוישן אין דרויסן. זיי האָבן מורא געהאַט צוצוגיין צום פֿענצטער אַרויסקוקן. איך האָב ביי מיר אין צימערל, איבער דער וואַנט, געהערט זייער געשאָרך; ווי זיי דרייען זיך אויף די געלעגערס און קאָנען נישט איינדרימלען.

אויך איך אויף מיין בעט, האָב נישט געקאָנט שלאָפֿן. איך האָב כסדר געטראַכט וועגן זיין נעלי.

עס האָט מיר געדאַכט, דאָ ביי מיר אין צימער, ליגט זי אין דער זייט, אַ וואַכע, און הערט זיך דאָרט איין.

וואָס וואָלט געווען, ווען באַלד דעם ערשטן ווינטער, ביי אונדז אין געטאָ, וואָלט מען איר געזאָגט, אַז ג. פֿאַרלייגט שוין, ווי אַ גרויסער פֿויגל, זיין פֿרישע נעסט דאָרט אין די וואַרעמע ווייטע לענדער?! וואָס וואָלט געווען מיט איר וואַרטן! וואָס וואָלט די שטאָט געטאָן אין די נעכט פֿון בענדיטס שטילן שלייכן זיך אין דעם פֿאַרמאַכטן הויז?! און ווי אַזוי וואָלט זי געפֿירט אין לעצטן וועג איינע אַליין, פֿון ביידע זייטן, אירע צוויי קינדער?!

עס האָט מיך איצט געגלוסט צו נעמען איר נקמה; אָנקלאַפּן אין דער נאַכט מיט די פֿינגער איבער דער וואַנט; אַרויסרופֿן אים און זאָגן וועגן בענדיטס זאָרג,

יענע אַלע יאָרן, פֿאַר זיין הויזגעזינד; ער איז נישט אָפּגעטראָטן, בענדיט, און אפשר גאָר אַריינלאָזן אין אים די שפּיזן פֿון בענדיטס אַריינדרינגען אין נעליס איידל געלעגער?! ער זאָל דאָ אויפֿוויייטיקן און מער זיך נישט שטילן. און אפשר, האָט אין מיר פּלוצעם אַליין אויפֿגעוויייטיקט — וועל איך דערמיט גאָר אים געבן אַ טענה אין מויל. ער וועט מיט איר קומען פֿאַרן בית־דין?!

ער, ג. איז איצט דאָ גאַנצע טעג געלעגן אין זיין בעט אין האָטעלעכל, פֿאַרזונקען אין אַ טיפֿן שלאָף. אין די שטילע קאָרידאָרלעך, הינטער דער טיר פֿון זיין צימערל, האָט מען געהערט דעם געזעג פֿון זיין שנאָרכן אַרויף און אַראָפּ. ער איז פֿאַרטאָן אין אַ לעטאַרגיע. מען האָט אים געהערט ווי זיך אויסטענהן אין שלאָף, זיך רייסן, לויפֿן, שרייען, זיך באַהאַלטן. ער האָט זיך געקריגט און געצאַרנט. ער איז פּלוצעם געוואָרן גוט, צערטלענדיק. זיין ווייב מיט די קינדער זענען אַרום אים געזעסן און האָבן געציטערט. זיי האָבן געפּרוּווט אים אַרויסציִען פֿון דער שלאָף־טיפֿעניש. זיי האָבן אים געוועקט, געריסן, געשאָקלט, און ער האָט זיך נישט אויפֿגעכאַפּט. ווי אַ מענטש, וואָס האָט דורכגעלעבט פֿיל גלגולים, האָט ער איצט אויסגעחלומט אַלע זיינע לעבנס — אין די פֿאַרגאַנגענע דורות און אויך דעם פֿון די קומענדיקע טעג. ער האָט אין שלאָף בלויז נישט געוווּסט, וועלכעס עס איז שוין געוועזן, און וועלכעס עס דאַרף ערשט איצט קומען אויף אים. נאָר איין מאָל, אין מיטן דער נאַכט, האָט עס אים געחלומט, אַז אויך זי, זיין איצטיק עלטסט בלאָנד טעכטערל, איז מער נישטאָ. ער האָט צו ערשט שטום געוויינט פֿון שלאָף. אַ באַשלאָגענער מיט אַנגסטן האָט ער פּלוצעם זיך אויפֿגעוועקט; אַרום איז געווען פֿינצטער. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז זי איז דאָ. זי ליגט דערנעבן אין צווייטן בעט. זיין גאַנץ משפּחהלע, איז דאָ אין צימער. באַלד האָט אים אָבער אַרומגעכאַפּט אַ מורא, אויך זי, זיין טעכטערל, און זיי אַלע, נישט צו פֿאַרלירן. די טרערן צו באַוויינען זיי זענען שוין דאָ אין אים. ער האָט אויסגעשפּרייט זיינע לאַנגע הענט איבער זיי.

מיט איר, מיט דעם עלטערן טעכטערל, דער שילערין מיט די בלאָנדע, דיקע צעפּ, האָב איך זיך געטראָפֿן אויג אויף אויג אין קאָרידאָר. מיר זענען שטיין געבליבן איינער קעגן אַנדערן. זי האָט מיך אָנגעקוקט, ווי פֿאַרחידושט. ס'האָט מיר געדאַכט, זי דערקענט מיך אַ ווײַלע מיט פֿרידאַס אויגן. זי קאָן זיך נישט דערמאָנען. אָט דערפֿריידט זי זיך מיט מיר. זי צווייפֿלט אָבער צי דאָס בין איך. עס האָט פֿון איר מיר אָנטקעגנ־געשטראָמט דער פֿרישער ריח פֿון פֿרידאַס צערטלעך לייב. אַן אויגנבליק האָב איך געוווּסט, אַז אויב איך וועל זי היימיש אַ רוף טאָן ביים נאָמען, וועט פֿרידאַ אַרויס פֿון איר און אָפּן זיך אָנטפּלעקן פֿאַר מיר. אין דער ווײַלע איז מיר געוועזן קלאָר, אַז איך האָב פֿרידאַן ליב געהאַט. אויך זי — מיך. מיר האָבןביידע דעמאָלט דאָס נישט געוווּסט. איך האָב זיך געשעמט, וואָס בלויז איך האָב אין צווישן זיך געעלטערט. באַלד איז אין מיר אויף דער ווייטיק. ס'איז מיר דורך אַ געדאַנק, איך וועל אין איר איצט נעמען פֿרידאַס נקמה. איך וועל זי דאָ אויפֿן אָרט, אויפֿן דיל פֿון קאָרידאָר, שענדן, זי דערנידעריקן. איך האָב אָבער געוווּסט, איך וועל דערגרייכן פֿרידאַן אין איר, זי פֿאַרשעמען. איך וועל מער נישט קאָנען קוקן איר אין פּנים. אונדזערע בליקן זענען נאָך געבליבן אַ רגע באַהאַפֿטן צו זיך, ביז די טיר פֿון צימערל האָט זיך אָפּגעשפּאַרט; פֿון אינעווייניק האָט זיך אַרויסגעטראָגן דאָס גלוסטיקע קינדישע געלעכטער פֿון איר

זיבניעריק שוועסטערל. מיט וואַקלענדיקע טריט האָבן מירביידע זיך אויסגעמיטן, זענען זיך אַריבער, אַוועק אין באַזונדערע זייטן.

איך בין אַריין און זיך פאַרמאַכט אין מיין צימער; האָב זיך געלייגט אויפן בעט. איך האָב איצט זיך געוווּנדערט, וואָס זי איז אַלץ געבליבן אַזוי קינדיש־תמימותדיק, ווי גאָרנישט וואָלט איבער איר אַריבער. פרידאָס נסיונות האָבן אין איר נישט געלאָזט קיין שפור. לאַנג, לאַנג בין איך אַזוי געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן, האָב נישט געדענקט, ווו איך בין. ערשט נאָך דעם, ווען איך האָב געהערט, ווי ג. פירט פאַרביי פאַר מיין טיר, פאַמעלעך, געאָרעמט, זיין בלאָנד ווייב — בין איך שנעל אַראָפּ. איך האָב אַרויסגעקוקט דורכן שליסל־לאָך אין קאָרידאָר. איך האָב פלוצעם דערזען, ער פירט זי, די פאַררעטערין. זאָל נאָר ווידער ווערן דער געליאַרעם, ער זאָל געצוווּנגען זיין צו אַנטלויפן — וועט זי הינטער זיינע פּלייצעס ווידער אויפנעמען בענדיטן. זי ווייסט נאָך איצט נישט, אַז זי איז שוין גרייט דערצו. איך האָב זיך צוגעקוקט צו איר פּנים. ווי שנעל פרויען קאָנען פאַרגעסן זייערע דערפאַרונגען; ווי גאָרנישט וואָלט געשען. ער, דער מאַן און פאָטער, נעבן זיי, אַנט גאָרנישט פון דעם אַלעם.

באַלד וועט דער בית־דין־שמש עפענען די טיר. ער וועט אים אַריינלאָזן צום משפט.

דאָס געריכט האָט אים באַפוילן זיך צו אידענטיפיצירן. ער איז געשטאַנען, האָט געקוקט אַרום זיך מיט פאַרזשמורעטע אויגן. ס'האָט אים געדאַכט, ער חלומט נאָך; דאָס אַלץ האָט ער ווען שוין איבערגעלעבט. ער האָט נישט געדענקט ווען. ער האָט געזוכט זיך צו דערמאָנען — ווער — ווער ער איז היינט. ווי דאָס אַלץ איז אַ ווײַלע אין אים אַראָפּגעשווומען! ער האָט געטאַפּט אין זיך נאָך זיין נאָמען. דאָס בית־דין האָט געוואַרט. אין זאַל איז געווען שטיל. ער איז אַלץ געשטאַנען אויפן שטענדער, אין דער מיט, מיטן פּנים אַנטקעגן ר' יוזפלען, אַ הויכער, אַ שמאָלער; מיטן נאַקעט־גלאַנציקן קאָפּ און דער פּלייצע — צום קהל, הינטן אין זאַל. דער רוקן — געבויגן אויף פאָרויס, ווי ער וואָלט זיך געבוקט פאַרן בית־דין.

— מה שמך? האָט ר' יוזפל נאָך אַ מאָל געפרעגט.

— ב. — האָט ער מיט אַ מאָל אַרויסגעזאָגט, ווי דאָס בית־דין וואָלט אים געהאָלפן זיך דערמאָנען.

פלוצעם האָט ער דערזען, רעכטס פון זיך, אין דער זייט פון דער בינע, ביי דער וואַנט, מיטן פּנים זייטיק צו אים, שטייען זיי אויך אויף אַ שטענדער, אַרויסגעהילט פון אַ נעפּל. ער האָט נישט געוווּסט, צי מען האָט זיי אַהער אַרויסגערופן, צי זיי זענען אַליין געקומען. זיי האָבן געשוויגן.

בלויז זייערע פאַרוואָלקנטע אויגן זענען אויפגעריסן, אָנגעשטעלט גלייך אויף אים. זיי האָבן מיט זיי קיין באַוועגונג נישט געטאָן. נעלי האָט פאַר זיך, פאָרויס, געהאַלטן אַרומגענומען ביידע קינדער. זיי האָבן גאָרנישט געמאַנט; זיי האָבן אים נישט גערופן. אפשר דערקענען זיי אים נישט.

ער איז אויך געבליבן שטיל. ער האָט מורא געהאַט, זיי זאָלן נישט דערהערן זיין קול. זיינע אויגן זענען ווייטער געבליבן גענייגט אויף פאָרויס, צום בית־דין־טיש.

— ג. — האָט ער אַ רגע צוריק זיך געכאַפּט. ער האָט אויסגעבעסערט נאָך אַ מאָל, העכער:

— ג. —

ער האָט געוווּסט, איצט האָבן זיי אים געהערט. זיי האָבן דערקענט דעם ציטער אין זיין שטים. זייערע אויגן באַוועגן זיך ווייטער נישט, נאָר זיי דרינגען נאָך טיפער אַריין אין זייערע לעכער.

ער האָט געוואָלט זיך אויסדרייען אין דער זייט, רעדן צו זיי, זיך פאַרענטפערן. ער האָט געפילט די קני ברעכן זיך אים, בייגן זיך. ער וועט פאַלן זיי אין די אָרעמס.

ער האָט אָבער דערזען, אַז אויך זיי, די היינטיקע, פון האָטעלעכל, זענען דאָ. מען האָט זיי געבראַכט. לינקס פון אים, אויף דער צווייטער זייט פון דער בינע, ביי דער וואַנט, האָט עמעצער זיי אַוועקגעשטעלט דערשראָקענע אויף אַ צווייטן שטענדער — אויך מיטן פנים זייטיק געווענדט צו אים. אויך זיי שווייגן איצט, ווי אויך זיי וואָלטן אים שוין אויפגעגעבן. זיי ווייסן איצט אַלץ. אויך זיי טוען מיט די אויגן בישט קיין באַוועג. זיי מאָנען גאָרנישט, זיי רעדן נישט צו אים. אַ ליבשאַפט האָט אים אַרומגעכאַפּט צו זיי.

— ג. — האָט ער אַ ווײַלע ווידער געפּרוּווט זאָגן.

דאָס בית־דין האָט געוואַרט, ער זאָל באַשליסן.

ער האָט געזען, ער שטייט אַ יונגער זקן, צווישן זיי — פון ביידע זייטן. זיי קוקן אַלע צו אים; ער זאָל אַליין אַנטשיידן.

דאָס האַרץ האָט אַ מינוט אים אויפגעציטערט, זיי זאָלן נאָר ביידע נישט אויפ־הייבן די אויגן, אַריבערבליקן איבער אים, זיך דערזען איינע די אַנדערע.

דער זאָל האָט געוואַרט.

— רבי! — האָט ער געוואָלט בעטן רחמים. עס האָט אים געדאַכט, די ערד רוקט זיך אים אַפּער פון אונטער די פיס. ער בלייבט מיטן שטענדער דאָ הענגען איבערן זאָל.

מען האָט אַרויסגערופן עדות.

— שלמהלע שודעק.

אויך ביי אים איז אַזוי געווען.

עס האָט זיך אַ טויש געטאָן. אויפן מיטלסטן שטענדער איז אַרויף, מיט טונקעלע ברילן פאַר די אויגן, שלמהלע. דאָס בית־דין האָט אים געהייסן, אונטן ביי די פיס, צודעקן די לייוונט. מען זאָל זי נישט אַרויסזען. „איך האָב נישט — האָט ער זיך פאַרענטפערט — איך האָב נישט געהאַט". בלויז דאָס פנים מיט די ברילן האָט ער זיך אויסגעגלייכט אויפן קאָפּ־שיידל.

— פון די קדושים? — האָט אַ פרעג געטאָן ר׳ יוזפל.

שלמהלע האָט זיך געריוויטלט.

— דערצייל! — האָט מען באַפוילן.

— אויך איך האָב געדאַרפט אויסקלייבן צווישן זיי ביידע; צווישן איר — האָט ער געוויזן אויף זיין יונג ווייבל — זי האָט שוין פאַרנומען דעם שטענדער לינקס פון אים — און צווישן איר — האָט ער אַ ווייז געטאָן אויף זיין אַלטער מוטער אויפן שטענדער ביי דער וואַנט, אין דער רעכטער זייט.

„דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען די גאַנצע שטאָט יידן איז שוין געווען אין דער פאַרמאַכטער באַן. מען האָט זיי נאָר וואָס געהאַט אַריינגעטריבן אין די וואַגאָנעס אָן פענצטער, און פאַררוקט פאַר זיי די שווערע טירן. די באַן איז געשטאַנען, אַ פאַר־חתמעטע, פון דרויסן. זי האָט זיך געצייגט אָפּצופאָרן. אויסער אונדז, אַ מנין, האָט

קיין איין ייד דעמאָלט מער זיך שוין נישט געפונען אין שטאָט. אונדז, די צען, האָט מען געלאָזט אָפּגעזונדערט הינטער אַ גדר. מיר האָבן געדאַרפט מאַכן די לוויה, ברענגען צו קבורה אונדזערע צוויי טויזנט מתים, אויסגעשפּרייטע איבער די פעלדער און הייף. באַהאַלטן זיי אונטער דער ערד און זי אויסגלייכן פון אויבן. מיר זענען געשטאַנען הינטערן גדר און געהערט, ווי אויף דער ראַמפּע רופט זי נאָך, די באַן; זי סאַפּעט. זי איז געווען ווי אַ לאַנגע שלאַנג, וואָס קאָן זיך נישט רירן, נאָכן איינשלינגען פול איר פּאַרצוק; זי קאָן אים נישט פאַרדייען. אינעווייניק, אין איר — האָבן מיר געוווּסט — זענען מיט אָטעם אונדזערע נאָענטסטע, די לעצטע, וואָס מיר האָבן אויף דער ערד. זי האָט זיי איינגעשלונגען גאַנצע. באַלד וועט זי זיך אַ צי טאָן, די באַן, מיט זיי זיך לאָזן אין וועג, צו איר טויטנאָרע, און מיר וועלן דאָ בלייבן אַליין. לאַנג וועט מען אונדז דאָ האַלטן, דעם לעצטן מנין, כדי צו געבן די שטאָט אַ תיקון. אויך זיי ביידע דאָ, מיין מאַמע און מיין ווייב, זענען אין דער פאַרמאַכטער באַן. איך שפּיר נאָך דעם געקלאַפּ פון זייערע שלייפן־אָדערן — דאָרט. מיט אַ מאָל בין איך אים געפאַלן צו די פיס, דעם עלטסטן פון די באַפעלער, וואָס זענען געשטאַנען איבער אונדז. איך האָב געבעטן, ער זאָל זיי מיר שענקען, איך בין אַ טייל פון זייער לייב. אָט רירט די באַן, זי פירט זיי אָפּ. היינט ווייס איך: דאָס האָבן, נישט זיינע רחמים זיך אָפּגערופן אויף מיר; דאָס איז געווען אַ שפּאַס פון דעם טויט אַליין. ער האָט מיך גענומען צו דער ראַמפּע. פאַר אונדז האָט זי זיך אַנטפּלעקט, די לאַנגע שטייענדיקע באַן, מיט דער שטאָט יידן אין זיך. עס איז אין איר געווען שטיל. פון איר פאַרמאַכטקייט האָט מען קיינעם נישט אַרויסגעהערט. בלויז ווען מען לייגט אַרויף אַ האַנט, וואָלטן די פינגער געפילט קלאַפּן איר דופק. אויך אין דרויסן אַרום האָבן זיך געטראָגן בלויז די לעצטע באַפעלן פון די באַוואָפנטע שומרים. צו זיי האָט ער זיך געווענדט, דער עלטסטער פון די באַפעלער, צו דעם הויפּט פון זיי: „איך וויל — האָט ער געזאָגט — פאַר דעם געבליבענעם ייד מיינעם — זיין געווינערין; די מאַמע, וואָס האָט אים געבוירן, און זי, זיין ווייב, דעם צווייטן טייל פון זיין גוף". אַנדערש קאָן אויך ער, זיין געבליבענער האַלבער גוף, מיר אָפּשטאַרבן. עס וועט זיי דאָ נישט פאַרבלייבן קיין מנין אין שטאָט.

איך האָב געוואַרט. איך האָב געוווּסט, איך אַליין ליג איצט אין דער רגע און וויג זיך אויף דער וואָגשאָל. זיי, אינעווייניק, אין די וואַגאָנעס, האָבן מיך געהערט.

ער האָט זיך אויסגעדרייט, דער הויפּט. ער האָט גענומען שטעלן טריט צו דער באַן. מיר — נאָך אים. פאַר איינעם פון די וואַגאָנעס האָט ער זיך פאַרהאַלטן. ער האָט גענומען רייסן די שטאַבעס פון דרויסן. אין דער שטילקייט האָט מען געהערט דעם אָפּקלאַפּ פון דעם שטאָל אין דעם ראַמפּע־שטיין אונטן. עס זענען געווען פונאַנדער־גערוקט ברייט די טירן.

איך האָב זיי אַלע דערזען פנים אל פנים. זיי זענען געלעגן איינגעקוועטשט גוף אין גוף — די טאַטעס מיט זייערע זין, מאַמעס מיט די קינדער, זקנים מיט די באָבעס. זייערע גופים — שוין ווי אָפּגעשטאַנען. בלויז זייערע אויגן האָבן געקוקט צו מיר — אויגן, וואָס די רו פון אייביקן דורער איז שוין דאָ אין זיי. איך האָב אַראָפּגעלאָזט דעם בליק. איך האָב נישט געוווּסט, צי מען איז מיך מקנא. איך בין געשטאַנען אָן עלנטער, אַ פאַרשעמטער. אַ ווײַלע האָב איך געבענקט צו זיין אינעווייניק צווישן אַלע. איך האָב איבער מיר געהערט רופן מיט באַפעל די נעמען פון מיין מוטער און פרוי.

ווען איך האָב אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זענען זיי געשטאַנען אויבן — פוןביידע זייטן, אין די ברייט־צעעפנטע וואַגאָן־טירן. איך האָב זיי דערזען, מיין מאַמע און מיין ווייב, וואָס מיט איין חודש פריער האָט מען זי מיר באַשערט פאַר מיין זיווג.

— נעם זיי! — האָט ער פּלוצלינג געזאָגט צו מיר, דער הויפּט. איך האָב געוואָלט אויפשפּרייטן די אָרעמס, זיי זאָלן אין זיי אַריין. קלייב אויס — האָט ער ווייטער געזאָגט — וועלכע דו ווילסט, איינע פון זיי.

די אָרעמס זענען מיר אַנטפאַלן. איך האָב געוואָלט אַרויסלאָזן אַ געשריי, נאָר אויך דער געשריי איז אַראָפּ; איז אין מיר געבליבן ליגן מיט אויסגעשפּרייטע פליגל. איך האָב געפילט אויף זיך די בליקן פון מיין מאַמען און פון מיין יונג ווייב. מיינע פיס האָבן זיך געבראָכן אונטער זיי.

— שנעל, אַנטשייד! — האָט באַפוילן דער הויפּט — אַז נישט, פאַרשפּילסטו זיי, ביידע!"

שלמהלעס קול איז אָפּגעהאַקט געוואָרן.

— ווע מען האָסטו אויסגעקליבן? — האָט שטיל אַ פרעג געטאָן וועער פון בית־דין.

דער גאַנצער זאַל האָט געוואַנדט די בליקן צו שלמהלען. ער האָט נאָך נישט אויפגעהויבן די ווײַס הינטער די ברילן.

דאָס בית־דין האָט געקוקט צום שטענדער לינקס, צום ווייב.

— ווי הייסטו, יידישע טאָכטער?

— צירל.

— ווי אַלט ביסטו, צירל?

— צוואַנציק.

— און ווי אַלט וואָלטסטו געווען היינט?

— איך ווייס נישט וויפל ס'איז אַריבער; איך קען נישט די צייט — האָט זי געענטפערט.

— דו ווייסט נישט?

— 32 — האָט עמעצער פון די לעבעדיקע אַ געשריי געטאָן פון קהל — פון דעמאָלט זענען אַריבער שוין 12 יאָר.

— וואָס איז געווען דער סוף? — וויל איך וויסן.

— נישט דעמאָלט איז געווען דער סוף. דער סוף איז געווען שפּעטער.

— און דעמאָלט?

— זי איז נישט שולדיק. איך האָב זי געהייסן גיין, זי זאָל בלייבן. זי איז ייִנגער — האָט איצט זיך געהערט די שטים פון שטענדער, אין דער רעכטער זייט.

— דו ביסט איר פאַרטיידיקער?! — האָט געפרעגט דער אָנקלאָגער מיט געבייזער צו דער מאַמען.

— עס איז געווען אַזוי — האָט שלמהלע ממשיך געווען:

„דו ביסט ייִנגער — האָט די מאַמע אַ זאָג געטאָן צו צירלען, זעענדיק אַז איך שטיי, ריר זיך נישט פון אָרט — גיי דו, גייט איר, ביידע קינדער. אפשר וועט איר נאָך אויפשטעלן דורות ביי יידן". צירל איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. די מאַמע האָט דעמאָלט זי אַ שטופּ געטאָן. צירל איז אַראָפּגעפאַלן פון וואַגאָן. געדענקט, אויב איר וועט דערלעבן, רופט נאָך מיר מיין נאָמען — האָט די מאַמע אונדז נאָכגעשריגן.

— נו, האָט איר דעם נאָמען נאָך איר געריפן ביי אייך ?

— ניין, מיר האָבן מער נישט אויפגעבויט קיין הויז ביי יידן. אין געציילטע טעג אַרום האָט מען אונדז ביידע זי נאָכגעשיקט. מיר זענען זי נאָך. מיר האָבן זיך פאַראייניקט אין נישט־ווערן.

— זענט איר צוזאַמען ?

— קיינער איז נישט צוזאַמען. מיר קענען זיך מער נישט.

— און וואָס איז דעמאָלט געוואָרן מיט דער באַן ? — האָט דאָס בית־דין געוואָלט וויסן.

— באַלד נאָך דעם איז זי נאָך נישט אַוועק. איר מויל איז געבליבן אָפן. זי האָט געוואָרט, מען זאָל אין איר אָנפילן דעם ליידיקן חלל נאָך צירלען.

— האָט מען אים אָנגעפילט ?

— איך בין געווען דערביי — איז אָנגעגאַנגען אויף פאָרויס אַ קול פון דער וואָרע אַרויס, פון דער טיר. עס האָט זיך געריקט שווער, ווי אַן אָנפיסיקע משא — פון טיף הינטן אין זאָל ביז צו דער בינע. עס איז אַריף אויפן שטענדער, האָט פאַרנומען דער מאַמעס אָרט.

— ביסטו די מאַמע ?

— ניין, איך בין נטע פּאַיעוואַי.

— אויך ביי אים איז געווען אַזוי — האָט גערעדט עמעצער, וואָס האָט אויסגעפילט צירלס אָרט אויפן שטענדער אַנטקעגן.

— ווער ביסטו ?

— איך בין איינער פון די צוויי ברידער, דעם צווילינג. איך בין געווען דער צענטער פון געבליבענעם מנין אין שטאָט. מיין ברודער איז שוין געווען אָפּגעריסן פון מיר. ער איז דעמאָלט געלעגן, אַ געבונדענער שעפּס, אין וואַגאָן.

— דערצייל, שלמהלע, וואָס עס איז ווייטער געווען !

— עס איז געווען, ווען איך בין צוריקגעקומען מיט צירלען אין מנין — זענען נאָך אונדז נאָכגעקומען דער הויפּט מיט זיינע שומרים. זיי ווילן אַן אויסלייזער אויף צירלס אָרט.

— האָסטו זי צוריק געגעבן, צירלען ?

— ניין, עס איז אויף מיר געלעגן דער מאַמעס שבועה.

— און דו אַליין ?

— איך האָב געהערט צו איר, צו צירלען.

— וואָס האָט ער געטאָן, דער הויפּט ?

— ער האָט געזאָגט, ער אַליין וועט אויסקלייבן.

— וועמען האָט ער אויסגעקליבן ?

— אים, דעם האַלבן צווילינג. ער איז צווישן אונדז געשטאַנען אין דער שורה.

— נו, איז ער געגאַנגען אויף צירלס אָרט ?

— ניין, ער האָט נישט געלאָזט.

— ווער ?

— ער, דאָ, רעכטס — נטע פּאַיעוואַי.

— שלמהלע — האָט דאָס בית־דין געזאָגט — טו אויס די שוואַרצע ברילן, קוק אים אָן, זאָל ער דיך זען, און דערצייל ווייטער.

„נטע איז געווען דער געגריוועטער שוסטער ביי אונדז אין שטאָט. זיין ברייטער הויכער גוף איז תמיד פול געווען מיט פרייד. אויך ווען גרויע פּאַסן האָר האָבן שוין דורכגעוועבט די געדיכטע גלאַנציקייט פון זיין שוואַרץ בערדל. אויך זיין קרעפּטיק פּנים איז געבליבן רויט גלאַנציק. ער, נטע, האָט תמיד זיך באַגנוגנט מיט דעם, וואָס ער האָט".

— וואָס האָט ער געהאַט?

— נטע האָט געהאַט צען פינגער און צען קינדער — אַ פינגער און אַ קינד, אַ פינגער און אַ קינד. ווען מען האָט ביי אים צוגענומען דעם לעצטן פון די צען קינדער — איז ער געבליבן אַליין מיט אונדז, אין מנין.

— איז ער געווען טרויעריק, נטע?

— ער האָט זיך ווייטער אַרומגעדרייט, ווי אַ קינד, פול מיט פרייד, נאָר ער האָט מער נישט געהאַט ווו אַהינצוטאָן זיין גרויסן שווערן גוף. די צען פינגער זענען אים נאָכגעהאנגען איבעריקע.

— נטע, דו האָסט נישט געלאָזט. פאַר וואָס?

— ער איז געבליבן אַ האַלבער צווילינג; יענער, די צווייטע העלפט זיינע, איז שוין געלעגן, אַ געבונדענער שעפּס — גרייט אויפן מזבח. איינער פון זיי האָט געמוזט בלייבן.

— ווי אַזוי, שלמהלע, האָט ער נישט געלאָזט?

— עס איז געווען אַזוי: ער האָט געזען, ווי דער הויפּט האָט דעם האַלבן צווילינג אויסגעטיילט פון אונדזער שורה; מען האָט אים אָפּגעזונדערט אין אַ זייט, אַוועקצופירן — איז אויך ער, נטע, אַרויס פון דער שורה. ער האָט זיך געשטעלט פאַרן עלטסטן און זיך פאַרנייגט.

— אדוני, מיין האַר — האָט ער געזאָגט — האַר לעבן, זע, איך בין שוין אַלט. איך קאָן מער נישט נוצן־ברענגען; מיינע אברים ווערן לויז, איינגעפאַלן. ער, אין דער זייט, איז יונג. זע, זיין לייב, די פרישע, ראָזע אברים, ווי ביי זיין געבונדענעם ברודער, דעם שעפּס, אויף די ברעטער פון דער באַן; זיי וועלן דאָ ביי אים ווערן טאָפּלט קרעפּטיק; אָננעמען אויך יענעמס כוח. לאָז אים איבער!

— און וואָס איז געוואָרן דער סוף?

— דער סוף? נטע האָט אים באַפוילן. נעם — האָט ער געוויזן — נעם מיך! דו מוזט נעמען!

און דער הויפּט האָט אים גענומען, נטען.

— נטע, פאַר וואָס ביסטו געגאַנגען?

— איך בין געגאַנגען, ווייל אין דער באַן, איז געלעגן געבונדן אויך ער, דער יינגסטער פון מיינע זין. איך האָב געוואָלט זיין מיט אים ביי דער עקידה. אויפגעברענגט ווערן צוזאַמען מיט אים.

— נטע, דאָס בית־דין פרעגט דיך. עס שטייט געשריבן אין דער תורה „אותו ואת בנו לא תשחטו ביום אחד — אים מיט זיין זון זאָלט איר נישט מקריב זיין אין איין טאָג". ווי האָסטו געלאָזט דיך מיט דיין קינד פירן אין איין שעה?!

— רבי, נישט מיך פרעגט; פרעגט דעם, וואָס האָט דאָס געשריבן; אַזוי, צוזאַמען, דעם טאַטן מיטן זון, האָט מען געפירט אונדז אַלע, דעם גאַנצן כלל ישראל.

— רופט דעם, וואָס האָט אויסגעקריצט אין אונדזער געגליווערט בלוט דעם

געבאָט „לא תרצח!״ זאָלסט נישט הרגענען! מיר האָבן אים געגלייבט — האָט זיך געהערט אַ שטימע.

— זאָל דאָס בית־דין אויפשטיין פון די ערטער.

— לאָמיר רייסן קריעה! — האָט דאָס בית־דין באַפוילן —

— משפּט אים נישט! — איז דורך אַ קול — ער איז איצט געבליבן אַליין, ער איז אַ יתום.

— אַ יתום נאָך זיין פאָלק.

— רייסט זיך קריעה!

— „קדיש״ זאָל ער זאָגן, קדיש נאָך זיין עדה!

— שאַ, שאַ! אַש דאַרף מען זיך שיטן איבער די קעפּ.

— שטיל זאָל זיין! ווער לעסטערט?!

„לבדו ימלוך נורא!״ — האָבן זיך געהערט געזאַנגען פון דרויסן, פון איבער די ווענט. אַמסטערדאַם איז געווען פול; פול מיט מאַרשירער איבער די גאַסן. קעפּ איבער קעפּ. דער געברום אָן קולות האָט אָנגעפילט די שטאָט.

— שטיל זאָל זיין! דער משפּט גייט ווייטער!

— האַלבער צווילינג, זאָג, ביסטו געבליבן?

— ניין, נישט איך. מיין ברודער איז געבליבן. מיר האָבן זיך געטוישט. ער, מיין אויפגעבונדענער ברודער, איז שפּעטער געשפּרונגען פון דער באַן. מיך האָט מען אין צען טעג אַרום, געפירט צוזאַמען מיט זיי — מיט שלמהלען, צירלען און דעם גאַנצן מנין. דאָס איז געשען ווען די שטאָט איז שוין געווען ליידיק; מיר האָבן פריער קובר געווען אַלע אונדזערע טויטע יידן; געבראַכט זיי צו קבר־ישראל.

— און אייך אַליין?

— אונדז האָט מען נישט געברענגט צו קבר־ישראל; מיט אונדז איז פול די לופט.

— און ער, דיין ברודער?

— ער איז ביז היינט צווישן די לעבעדיקע.

— האָט איר זיך אָפּגעזוכט?

— אונדזער אייניקייט איז נאָך אַלץ צעטיילט.

— ווו איז ער, דער לעבעדיקער ברודער?

— ער איז דאָ, אין זאַל.

— שלמהלע, לאָז אים אַרויף אויפן שטענדער, אויף דיין אָרט; האָסטו אים אַרויפגעלאָזט?

— ניין, נישט מיין אָרט פילט ער אויס. ער פאַרנעמט דאָס לויזע אָרט פון זיין אומגעזעענעם ברודער, דעם פון מנין. אויף זיין שטענדער איז ער אַרויף; ער שטייט אין אים.

— לעבעדיקער, שפּירסטו, אַז פילסט אויס דיין ברודערס אָרט אויפן שטענדער? אָדער איז ער נאָך אַרום דיר?

— ניין, נישט אַרום מיר איז ער, נאָר אין מיר. איך פיל אים. ער ציט מיך פון אינעווייניק און לאָזט מיך נישט וואַקסן. אָפּט הער איך, ער שפּרינגט אין מיר און רעדט מיר אַנטקעגן. ער שטערט מיר גיין, זיך באַוועגן. ביי נאַכט אין בעט ליגט ער אויך אין מיר. ער סודעט מיר פון אינעווייניק אין די אויערן אַריין. ער רופט מיך און לאָזט

מיך נישט איינשלאָפֿן. ער דאַרף מיך, זיין צווייטע העלפֿט. אָן איר קאָן ער נישט זיין צו איינס. אויך איך — נישט. ער ציט אין איין זייט, צו זיך; איך — צו מיר, אין דער אַנדערער זייט. מיר קאָנען נישט — נישט זיך אָפּטיילן און נישט זיך באַהעפֿטן.

זענט איר אַ צונויפֿגעוואַקסענער צווילינג?

— מיר זענען אַזוי געוואָרן.

— איין גוף?

— מיט צוויי ווילנס.

— און ווען איר וואָלט געבליבן, ביידע?

— וואָלטן מיר זיך דערוויטערט. יעדער וואָלט אים געכאַפּט, זיין גוף, מיט אים אַנטלאָפֿן אין אַ צווייטער זייט. מיר וואָלטן מער זיך נישט געקענט.

— און איצט?

— איצט דרינגט ער דורך מיר אַריין אין מיין פֿרוי. ער פֿליסט אין מיינע קינדער. ער קנייפּט מיך אינעווייניק. ער לאַכט ווען מיר טוט וויי. מיין געלעכטער ציט ער איין. עס ברענגט אים צו טרערן. ווען ער וויל שווייגן — שטיקט ער מיך אינעווייניק. ער שלעפּט מיך פֿאַר דער צונג. נישט איין מאָל גיי איך מיט זיינע פֿיס. ער שטופּט מיך אין דער זייט. ער וויל מיך אַריינשטויסן אין אַ ווינקל. דאָרט וויל ער מיט מיר אויף שטענדיק צוריק זיך באַהעפֿטן. איך זאָל ווערן ער.

— ווי אַלט ביסטו היינט?

— 28 — 28 יאָר.

— און ער?

— ער וויל נישט זיך עלטערן. ער וויל בלייבן, ווי דעמאָלט, תמיד זעכצן! ער לאָזט אויך מיך זיך נישט עלטערן.

— עלטערסטו זיך טאַקע נישט?

— מיין גוף עלטערט זיך יאָ, ער פֿאַרטראָגט אים צוליב דעם נישט. ער לאָזט מיך נישט צו צו קיין שפּיגל. קוק איך אין שפּיגל — שטעלט ער אינעווייניק מיר זיך אַנטקעגן. ערשט דעמאָלט ווען מיין גוף וועט זיך צעפֿאַלן, וועט ער פֿון אים אַנטרינען, זיך ראַטעווען.

— געהערט ער צו דיר?

— איך געהער צו אים.

עס האָט זיך דערהערט אַ גרויס געלעכטער. עס איז אויסגעבראָכן אין זאַל און אויף דער גאַלעריע; די לעבעדיקע אויף זייערע ערטער זענען פֿאַרציטערט געוואָרן:

— אַלע צוזאַמען געהערן זיי צו מיר.

— ווער רעדט דאָרט?

— איך, דער עבר.

— שוין פֿון איצט זענען זיי דיינע?

— נאָך פֿון נעכטן.

— איז דאָס דער פּסק־דין, נאָך פֿאַרן הערן די טענות?

— שטענדיק ווערט ער אַזוי אַרויסגעגעבן.

— איז ער גילטיק, דער אורטייל, אויך פֿאַר ג. מיט זיין משפּחה, וואָס וואַרטן אין האָטעלעכל?

— אַלע ווייסן דאָס, נאָר זיי אַליין נאָך נישט.

— ווילט איר פֿאַרענדיקן דעם משפּט? —

— ער איז נאָך פֿריִער געוועזן פֿאַרענדיקט.

— און איר, בית־דין?

— אויך מיר זענען, נישט דיינים, נאָר געמשפּטע.

— טראָגט איר אויך קייטעלעך אויף די הענט?

— מיר האָבן נישט קיין הענט.

— ווייזט אייערע סימנים!

— דאָס בית־דין זיצט אָן אויפֿהער אויף דער טריבונע; אייביק מיט זיינע סקעלעטן, בלויז די פּנימער אויף אים טוישן זיך.

— און דאָס פּובליקום אין זאַל?

— אויך דאָס פּובליקום טוישט זיך כּסדר.

— משפּט איר אַ רבים?

— ניין, דעם יחיד.

— אין די טעג פֿון קאַטאַקליזם?

— ער הערט קיין מאָל נישט אויף. די רויִקע טעג שפּיגלען מיר אין די קאַטאַקליזם־טעג, ווען אַלץ קערט זיך איבער; דעם יחיד — אין דעם רבים. דער שפּיגל איז נישט אין פֿאָרנט, נאָר אין דער צווייטער, אין דער שוואַרצער, זייט.

— ווו הענגט ער, דער שפּיגל?

— דאָ ליגט ער אונטן, אין זאַל, אויפֿן דיל. אַלע גייען איבער אים אַריבער — באַהאָפּטן פּיס צו פּיס.

— זעען זיי זיך אונטן?

— ניין, זיי גייען איבער אים גלייך, מיטן פּנים אויף פֿאָרויס.

— קאָן מען איבער אים ווייטער אַריינלאָזן די גערופֿענע? — האָט געפֿרעגט דער בית־דין־שמש.

— אויב זיי ווילן.

— עס קומען בלויז די אומשולדיקע און די עדות. בלויז איבער זיי הענגט ער, דער משפּט, ווייטער. די שולדיקע אָבער ווילן נישט קומען. זייער אָרט פֿאַרן טריבונאַל איז ליידיק.

— זייער אָרט ווערט תּמיד בלייבן וואַרטן. זיי וועלן פֿון דעם נישט אַנטלויפֿן; נישט זיי און נישט זייערע קינדער. זיי ווייסן, אַז שליחים זענען אַרויס, יאָגן זיך נאָך זיי.

— די מענטשהייט באַהאַלט זיי אָבער, אירע שולדיקע, אין זיך.

— ווייל זי וויל לעבן, האָט זי מורא צו זוכן; צו קוקן אין זיך אַריין.

— וועט זי זיי פֿאַרדייען?

— זיי פֿוילן אין איר.

— קאָן זי אַזוי לעבן?

— זי טראָגט זיי פֿון אייביק, ווי אַ שטראָף אין זיך.

— ביז ווען?

— ביז דעם גרויסן איינבראָך אונטער אירע פֿיס.

— וועלן דאָך אויך די גערעכטע זינקען?

— דאָס איז זייער באַשערטקייט. די קרבנות וועלן שטענדיק ווידער זיין די ערשטע. זי לאָזט, די נקמה, שטענדיק דאָס ערשטע זיך אַראָפּ אויף זיי.

— דאַרפֿן זיי דאָך נישט בעטן אויף נקמה!

— זוכן נקמה — דאָס איז דער סימן — פֿון לעבן געבליבענעם. נישט־לעבן־געבליבענע און צדיקים בעטן טאַקע נישט אויף דעם. די צדיקים — זיי גייען ווייטער מיט גרייטקייט אין זיך, ווייל זיי זענען נישט — געבליבענע.

— ווילן זיי נישט אַנטלויפֿן?

— נישט איין מאָל יאָ, אָבער זיי האָבן נישט וווהין.

— צווישן די אומגערעכטע?

— די אַפּקומעניש איז פֿאַר זיי אוממעגלעך צו נעמען אויף זיך. פֿיל לייכטער שוין — איז ווייטער גיין אַנטקעגן דער עקידה.

— ווען האָבן זיי דאָס געלערנט?

— דאָס גאַנצע לעבן זענען זיי גרייט דערצו. פֿון געבורט לויפֿן זיי דאָס אַנטקעגן.

— איז דאָס אין זיי זייער האָפֿענונג געוואָרן?

— דערפֿאַר האָבן זיי מורא.

— גלייבן זיי אין דער שאַרף, וואָס לאָזט איבער זיי זיך אַראָפּ?

— זיי גלייבן בלויז אין דעם זינען פֿון איר — אָן דעם זינען קאָן עס נישט זיין.

— וואַרטן זיי דאָס גאַנצע לעבן אויפֿן אייגענעם טויט?

— זיי יאָגן זיך נאָך אים, ווי נאָכן אייגענעם עק.

— שרעקט ער זיי נישט?

— יאָ, אָבער זיי מאַכן ביי צייטנס מיט אים שלום.

— ווו איז ער, דער זינען?

— זיי ווייסן, אַז אין דער יצירה האָט אַלץ אַ זינען.

— איז דען פֿאַרלענד אויך יצירה?

— יאָ, ער איז דער לעצטער זינען — צו ווייטערער באַנייונג. אָן דעם פֿאַרלענד פֿון די זקנים, פֿון זייער חכמה, וואָלט די יצירה אַליין געמוזט פֿאַרלענדט ווערן. זייער דורעהאַפּטיקע חכמה וואָלט זיי געמאַכט אָפּהענטיק; זי וואָלט געשטערט די אויפֿגייענדיקע, די יונגע, וואָס לאָזן תמיד אויף ס'ניי זיך אַרויס, זי איינגעמען, באַפּרוכפּערן די וועלט. די אַלטע מידע ווייסערס טאָרן דערביי נישט זיין. ערשט דעמאָלט ווען קיינער פֿון זיי וועט מער נישט זיין, וועט זי, די וועלט, ווידער, ווי אין אָנהייב, זיין יונג.

— איז דאָס זאַמלען וויסן אַ וועג צו אונדזער איבעריק ווערן?

— דאָס איז דער זין!

— קאָנען זיי זי נישט פֿאַרלירן, די חכמה?

— די דאָזיקע אָפּקומעניש איז פֿאַר זיי אוממעגלעך צו נעמען אויף זיך. פֿיל גרינגער איז שלום מאַכן מיט דעם זינען.

— מיט דעם טויט?

— מיט דעם טויט, וואָס איז רו פֿאַר דער איבערגעזעטיקטער חכמה.

— איז דאָך דאָס דער זינען פֿאַר דער יצירה — אָבער נישט פֿאַר אונדז. מיר ווערן דאָך בלויז אירע קרבנות. אויף איר וועג ווערן מיר דורך איר אַליין צעריבן?!

— מיר זענען אַ טייל פֿון איר — געקומען און אַוועק פֿאַר איר ציל.

— אָבער וואָס זענען מיר שולדיק?

— מיר זענען אָן אַן עצה.

— מוזן מיר דערמיט שלום מאַכן?
— די קלוגע קומען באַלד פון אָנהייב צו הכנעה.
— און די נאַראָנים?
— זיי פּרוּוון שטויסן, ווי אַן אָקס אויף דעם רינג, מיט די הערנער.
— זענען דאָס די אומגערעכטע?
— ניין, די גערעכטע.
— און ווי לאַנג שטויסן זיי?
— ביז זיי בלייבן שטיין אויף דער אַרענע מיט אַראָפּגעלאָזטע הערנער. זיי ווערן דעמאָלט קלוג. זיי פּרוּוון מער נישט זיך רירן. זיי ווייסן שוין, ס'האָט נישט קיין זין גיין קעגן זינען.
— און די אומגערעכטע?
— זיי זענען די מייז, אונטן, וואָס לעכערן דורך די שיף.
— זענען זיי די שליחים פון דעם זינען, אים צוצואיילן?
— אָ, ניין, זיי שטערן זיין סדר, זיי מישן אַלץ אויס.
— איז דאָס נישט אַ טייל פון דעם סדר?
— אפשר.
— פון דעם זינען?
— אפשר.
— ווען ברענגען זיי אום?
— די אַממיינסט ווייסער, די אַממיינסט גערעכטע.
— זענען זיי נישט מיד צו וויסן, אייביק צו זיין גערעכט?
— יאָ, זיי זענען מיד פוןביידע. זיי ווילן פון ביידע זיך באַהאַלטן. זיי ווילן אַרויס פון זיך אַליין — פאַרוואָגלען ערגעץ אין די ווייטקייטן, וווּ מען וועט זיי נישט דערקענען. זיי האָבן געפּרוּווט, נאָר — תמיד ציט זיי צוריק. זיי האָבן זי ליב, זייער באַשערטקייט. אין איר איז זייער היים.
— איז דאָך פאַר די גערעכטע בעסער נישט געבוירן צו ווערן?
— נישט יעדער איז זוכה דערצו.
די דאָזיקע ווערטער זענען פאַרשלונגען געוואָרן אין מויל פון בית־דין צוליב דער מהומה, וואָס איז אַנטשטאַנען אין דרויסן. אַ שווערע זאַך איז געוואָרפן געוואָרן.
ר' יוזפל האָט איבערגעריסן די רייד. „שאַ! — האָט ער געקלאַפּט איבערן טיש — ווער איז דאָרט?!"
— דאָס האָט חיל פּאַביטניק, דער רוצח, נאָכגעוואָרפן אַ שטיין ר' יום־טובלען. ער וויל אים אַהער שלעפּן, צום בית־דין. ער וויל זיך טוישן מיט אים מיט די צונעמענישן. „אַ צדיקל — זאָגט ער — בין איך, און אָט דער — טייטלט ער — איז אַ רשע, אַ קליין רשעלע! משפּטן דאַרף מען אים!" ער פאַרלאַנגט, חיל, אים אַליין זאָל מען דאָ ריינוואַשן.
— נו, איז ער, חלילה, גערעכט?!
— מען דאַרף אַריינלאָזן די וויטערדיקע עדות! — האָט גערופן דאָס בית־דין.
די מהומה האָט ווייטער זיך געשטאַרקט. זי איז איצט געווען אינעווייניק אין זאַל, נישט אָפּצושטעלן. דאָס איז אָבער געווען אַן אייגנגעשטילטע מהומה, ווי אין אַ לערקייט, אַ מהומה אָן אַ קול.

— שאַ! — האָט ר׳ יוזפל מיט זיין דין קול איצט גערופן אין דער שטילקייט פון זאַל — ווער שטערט? נישט קיין גערודער איז דאָס, נאָר אַלע זענען נאָך טיפער פאַרשוויגן, פאַרכאַפּט מיט אויסגעדרייטע העלדזער, צו איין זייט. די בליקן זענען פלוצעם ערגעץ געווענדט. ר׳ יוזפל האָט געזען די פרעמדע שטילקייט, וואָס איז דאָ אַריין; אַלע קעפּ זענען צו איר געבייגט; ס׳איז אַ חלל אין דעם משפּט.

דער ראש־בית־דין האָט געזוכט מיט זיינע אויגן. אין געריכט האָט איצט זיך געפונען אַ יונג מיידל מיט אַ דיקן בלאָנדן צאָפּ, פאַרלייגט אויף פאַרנט איבער די בריסט; בלויע שמאָלע הויזן האָבן אַרומגענומען איר אונטערשטן האַלבן גוף און די לאַנגע פיס ביז אַראָפּ. פון אַלע זייטן קוקט מען צו איר. דאָס בית־דין איז געבליבן ווי אַליין פאַרן טיש אין זאַל.

— שאַ! — האָט ר׳ יוזפל שטיל גערופן צו דער פאַרטייעטער שטילקייט, און האָט צוריקגעצויגן די בליקן צו זיך. ער האָט נישט געוווּסט, צי איז זי אַליין אַן עדות, אָדער גאָר אַ קרובה פון די צדדים דאָ. אַ רגע האָט ער זיך פאַרגעסן, דער אַלטער דיין, און געוואָלט וואָרענען איר אויסגעקיילעכדיקטן גוף, ער זאָל נישט שטערן; און אפשר האָט זי אים בלויז געבראַכט מיט זיך צום משפּט.

— די ווייטערדיקע עדות! — האָט שטרענג איבערגעחזרט דאָס בית־דין.

— ווער?

— איך — האָב איך געזאָגט פון מיין פּלאַץ — איך וויל נאָך אַרויף אויפן שטענדער.

— האָסטו פרישע טענות?

— יאָ.

איך בין אַרויס פון די שורות. איך האָב זיך דערנענטערט. איך בין געבליבן שטיין.

— „נישט יעדער איז דערצו זוכה״ — האָט איר געזאָגט?

— יאָ.

— מיינע וועלן דערצו יאָ זוכה זיין! — האָט זיך פון מיר אַרויסגעריסן. עס קומט מיר, צו געבן זיי דעם זכות. די טאַטעס און זיידעס שטערן מיר.

— שאַ! זיי נישט קיין מחרף און מגדף! דו לעסטערסט די צדיקים, וואָס דאַרפן אַרויסקומען פון דיר! פּירט אים אַראָפּ, פאַרטרייבט אים פון דאַנען! — איז געוואָרן אַ געשריי. פון דער גאַלעריע האָט מען געביילט צו מיר די פויסטן. אַ פאַרטויבנדיקער רעש האָט זיך געטראָגן פון אויבן, פון אַרום מיר. איך האָב נישט געקוקט אַרויף. איך האָב נאָך געוואָלט עפּעס זאָגן. מיינע ווערטער האָט מען אין טומל נישט געהערט.

— שאַ, שאַ! — האָט מען געקלאַפּט אין בעלעמער.

אין רעש האָט מיך דער שמש שטרענג אָנגענומען פאַרן אָרעם. ער האָט מיך אַראָפּגעפירט פון שטענדער צו מיין אָרט.

— להכעיס אים וועלן חתונות ווייטער זיין ביי יידן! — האָט מען מיר נאָכגעשריגן אין פּלייצע.

— „בנין עדי עד — צו אַלע אייביקייטן!״ — האָט אַ הייזעריקע שטים זיך איינגעשטילט — אַן אים וועט זי, די וועלט, אויך ווייטער גיין!

ר׳ יוזפל האָט געוואָלט וויסן, ווער עס האָט דאָס געזאָגט.

קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן.

מיינע זיידעס האָבן פאַרציטערטע געשוויגן.

— „כי לא לתוהו בראה — לשבת יצרה" — האָט עמעצנס אַ דיקע שטים פון אויבן, פון דער גאַלעריע, זיך אַראָפּגעקאָלערט אין זאַל אַריין.

— דאָס בית־דין וויל הערן דייטלעכער! — האָט מען צוריק אַרויפגערופן.

— די זכרים און נקבות וועלן קיין מאָל נישט אָפּזאָגן זיך פון אויסצופירן זייער שליחות! — איז די דיקע שטים ווידער דערגאַנגען.

— און ווען, חלילה, זיי קוילענען זיך אויס אַלע אויף דער ערד? — האָט מען אַרויפגעפרעגט.

— צוויי וועלן תמיד בלייבן! — איז געקומען דער ענטפער.

און אין דער איינגעהאַלטענער לופט האָבן אַראָפּגענידערט, אויסגעהאַמערטע, ווי פון שטיין, ווערטער:

— אויך ווען איינער פון זיי וועט עס זיין ער, דער לעצטער קרבן, און איינער פון זיי — ער, זיין לעצטער רוצח — וועלן זיי נישט אויפהערן. דער קרבן וועט זי אים דערלאַנגען, זיין לעצטע טאָכטער, דעם רוצח, און ווידער וועט עס זיך אָנהייבן.

אַלץ איז פאַרגליווערט געוואָרן.

— ווייל דער קרבן האָט רחמנות אויף אים, דעם רוצח, וואָס איז רוצח. ער וויל נישט זיין אויף זיין אָרט.

עס האָט אָנגעהאַלטן די שטילקייט.

— זעקס מיליאָן קרבנות האָבן רחמנות אויף זעקס מיליאָן רוצחים?

ס'איז געבליבן פאַרגליווערט דאָס שווייגן.

— זאָל זי אויפהערן, די שטילקייט; זי איז מער נישט צום פאַרטראָגן! — האָט דער ראש־בית־דין איבערגעריסן.

אין דער ווייטערדיקער פאַרשוויגנקייט האָט פון הינטער די טירן זיך געהערט אַ מהומה. זי האָט זיך אָנגערוקט. טויבע אָפּהילכן האָבן זיך דערנענטערט. דאָס איז נאָך אַלץ געווען דער טומל, וואָס חיל האָט אָנגעמאַכט. ער איז געווען הינטער דער טיר. ער האָט זיך געריסן אין זאַל אַריין. ס'איז זיין ריי — האָט ער געשריגן.

דאָס פּירהויז איז געווען איבערגעפולט. שוין וואָכן וואַרטן זיי. „דאָ גייט מען נישט אויף ס'כוח!" — האָט מען אים אָפּגעשטופּט.

— יעדנס ריי וועט קומען! — האָט אין דעם טומל געקלאַפּט דער שמש, וואָס איז שנעל אַרויס — האָט געדולד! ער האָט געוואָלט טיילן פּעטש אויף רעכטס און אויף לינקס, נאָר די האַנט האָט זיך אים שווער באַוועגט, ווי אין וואַסער. די טויטע האָבן געלאַכט. דאָס שטופּן זיי זיך, די לעבעדיקע, האָבן זיי געזאָגט — זיי האָבן נישט קיין צייט. זיי ווייסן נישט, אַז אָן שטופּן זיך, וועלן זיי אויך פאַרנעמען די ריי. יעדער קומט אין איר אָן.

עמעצער האָט געחלשט. וואַסער, וואַסער! — האָט מען גערופן איבער די קעפּ. נאָר ס'איז דווקא געווען אַ טויטער. ער איז שוין נישט געווען צו קיין גערודער — האָט ער זיך פאַרענטפערט נאָך דעם, ווי ער איז געקומען צו זיך.

מאַמעס, וואָס האָבן ערגעץ איבערגעלאָזט די קינדער, האָבן זיך געריסן. זיי האָבן נישט קיין צייט לאַנג דאָ צו זוימען. מען זאָל זיי צולאָזן, ווילן זיי.

— לאָזט זיי אַריין, די שוואַכע! — האָט אַהער געגרייכט דאָס קול פון ר' יוזפלען.

אין דער ריי, וואָס האָט זיך געשפּאָלטן, האָט מען דורכגעלאָזט לייצען. אין דער שטילקייט איז זי דורך אַ שעמעוודיקע. זי האָט נישט געוווּסט, ווו זיך צו שטעלן. זי

האָט געזוכט אַ ווינקל, מען זאָל זי נישט אַרויסזען; בלויז איר קול זאָל זיך הערן. קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס איז איר טועכץ ביים משפט. מען האָט נאָך אויך נישט קובע געווען אויף וועלכן שטענדער זי דאַרף אַרויף.

— דאָס געריכט וויל הערן איידער עס באַשליסט — — —

—לייצעס יאָרן וועלן דערציילן.

— וויפל האָט זי געהאַט?

— 27!

— ווו זענען זיי?

— זי האָט זיי געלאָזט הינטער זיך, ווי זייפן־בלאָזן.

— דאָס בית־דין הערט!

— לייצע איז געווען די יתומה פון שטעטל. אַ שניידער־מיידל אויפן בוידעם־שטיבל. נישט קיין עלטערן, נישט קיין שוועסטער און ברידער. אַליין צווישן די פיר קאַלכווענט. זי האָט זיי אַרומגענומען מיט אויסגעשוירענע בילדער און שטיקלעך פליוש; דער הילצערנער דיל — געשמירט מיט פאָמאַדע, ווי אַ רויטער שפיגל. לייצע איז איבער אים געגאַנגען אין אירע פאַנטאָפל. כמעט קיין מאָל איז זי נישט אַרויס פון איר אַלטער טיר. דורך די טעג האָט זי אויף דער מאַשין געשטעפט ווייך די טיפע שטאָפן פאַר פרויען־קליידער. נאָר אין די פאַרנאַכטן פלעגט זי, לייצע, זיצן אויבן, ביי איר פענצטער, און קוקן אַראָפּ אין די גאַסן, וואָס ווערן ענגער צוזאַמענגעטוליעט אין דער טונקלקייט. זי האָט געמוזט האָבן אַ טיפע וואַרעמע שטימע, לייצע; אין די אָוונטן האָבן די יונגן פון ווי ווייט זי געהערט אין זיך. אויך אַ וואַרעמען קערפּער, אַ פולן, האָט זי, לייצע, געהאַט: זיינע זאַפטן האָבן אין איר געצוירט פאַר יעדן פון זיי באַזונדער. אין די נעכט האָט איר מיידליש בעט אויסגעוואָרעמט איר אַליינקייט, נאָר איצט אין די פאַרנאַכטן זענען אירע דערוואַרטענישן געווען אָפן פאַר אַלע זיי. די שוואַרצאַפּלען פון איר בליק, פון אויבן אַראָפּ, האָבן אַרום אויסגעבעט די טראָטואַרן. זיי האָבן אונטן פאַרביישפּאַצירט און שטיל געשטעלט אין זיי די טריט פון זייערע פיס.

נאָר אין איינעם אַ טאָג איז דאָס געשען: וועלוול, דער איידעלער שוסטער־בחור, האָט אָפּגעצוימט אַרום און אַרום — לייצעס בליק, אים אָפּגעטיילט פאַר זיך. ער איז מיינער. ער האָט זי גענומען און אַראָפּגעפירט אין גאָס. ער איז געגאַנגען פון איר רעכטער זייט — אַ הויכער, אַ ברייטער. זיין פנים פאָרויס, צעעפנט אַנטקעגן אַלע. ער האָט זי געפירט, לייצען, פאַרן אָרעם. פון היינט אָן איז זי אין זיין רשות. זיינע צעעפנטע אויגן אויף פאָרויס — האָבן איצט אויפגעפאַנגען אַרום אַלע פרעמדע בליקן, זיי אָפּצולייטן פון איר גוף אַוועק. ער האָט זיי געלאָזט פאַלן אין דער זייט. אויך לייצע האָט געשפּרייזט נעבן אים און געשפּירט אין זיך די זיכערקייט פון זיין שוץ, וואָס רינגלט זי אַרום. די אַנטקעגנדיקע אויגן־בליצן, וואָס וועלוול האָט נישט דערכאַפּט, האָט זי פון איר קערפּער געלאָזט אַראָפּגליטשן, ווי פרעמדע בריזקע הענט. די אייליקע, וועלכע זי האָט שנעל אַראָפּגעשלונגען, האָט זי פאַרבאָרגן מיט די וויעס. זיי האָבן אינעווייניק איר געבריט מיט זינד. זי האָט געוווסט, פון היינט אָן מעג בלויז זיין בליק אַרומהילן איר לייב, ווי אייגענע פרישע וועש; אין איר זיך אַריינלאָזן מיט אייגענער מאַנענשאַפט.

וואָכן האָט ער זי געפירט אין די גאַסן, וועלוול. ער האָט די ווייבלעכקייט, וואָס

האָט געשטראָמט פון איר גוף אַרויס — פון אַרום און אַרום איינגעצויגן אין זיך אַריין; זי זאָל נישט בלייבן אַרום איר. בלויז דער גוף איז זי. אַרום איז לער. אַלע גייען פאַרביי אין דער לערקייט.

ס'איז געקומען די נאַכט נאָך דער חופּה און שפּעטער נאָך איר — די אַנדערע נעכט פון מאַן און ווייב. אויך וועלוול איז איצט זעלטן אַרויס פון בוידעם־שטיבל. ער האָט פאַרהאַנגען די פענצטער, אָפּגעשלאָסן די טירן. די ווענט לאָזן אַהער מער נישט דורך פרעמדע גלוסטעניש. זיי שטויסן פון דרויסן זיך אָן און פאַלן אָפּ; גרייכן נישט אינעווייניק. וועלוול האָט אירע יורנדיקע זאַפטן איינגעזאַפּט נאָר אין זיך. וועלוול און לייצע, האָט אויך די שטאָט איצט געוווּסט, זענען אַ זיווג, געהייליקט פאַר זיך; ס'איז צוגעקומען נאָך אַ הויז אין ישראל: וועלוול און לייצע, ווי יעקב און רחל, זיי זענען אַ רינג אין דער קייט פון דורות — אַזוי אַרויף ביז אדם און חוה, און — פון זיי ווייטער, ביז העט אַראָפּ, צום סוף פון די צייטן; באַשערט פאַר זיך פון ששת ימי בראשית, צווישן די מיליאָנען זיווגים אַרום זיך, וואָס גרונטיקן זי, די וועלט. פערציק טעג פאַר זייער געבוירן איז אויף זיי אויסגערופן געוואָרן בת פלוני לפלוני — לייצע צו וועלוולען, און אַזוי איז דאָס ביז איצט פאַרשריבן און געחתמעט אין פּנקס פון ק"ק נאָוואָ־מינצק.

עס זענען אַדורך עטלעכע יאָר. וועלוולס קנין האָט אַלץ נאָך שולט־געווען אויף לייצען. נאָר אין די פאַרנאַכטן איז זי איצט ווידער געזעסן ביים פענצטער, אַרויס־געקוקט אין דער גאַס אַריין. איבער איר איז געשטאַנען וועלוול. אירע אויגן זענען איצט וואָס אַ מאָל געוואָרן צעעפנטער, געצויגן צום חלל פון יענער זייט פענצטער־ראַם. איר שטילער בליק האָט ווי אַ מאָל ווידער געצויגן צו זיך פון אונטן די דורכאיילנדיקע בליקן; אַרויסגעפאַנגען זיי פון דעם געשטראָם אַהין און צוריק אין דער נידער. אין דער האַלבער פאַרנאַכט־טונקלקייט האָבן שטראַלן פון אויגן איצט זיך געקרייציקט, ווי בליצן אַרויף און אַראָפּ; זענען געלאָפן, זיך אָנגעטראָפן, און אַ רגע ליכטיק זיך צונויפגעגאָסן. וועלוולען האָבן זיי געמיטן, ווי שפּריצן פון קאַלט פייער. ער האָט געקוקט אין דעם געדרענג, אונטן. די גאַס איז פאַר אים געווען קיל און לער, נאָר דאָ אַרום, דאָס שטיבל, איז פול און זעטיק. ערשט גאָר שפּעט האָבן זיי ביידע זיך אויסגעדרייט אין דער צימער־טונקלניש הינטער זיך. זי איז פאַר לייצען געווען אי פּוסט, אי ענג, און ביי נאַכט, ווען וועלוול איז נעבן איר געלעגן, האָט ער מיט אַ מאָל דערפילט, אַז איר לייב אָטעמט מיט אַ פרעמדער, קראַנקער וואַרעמקייט.

וואָכן זענען אַדורך און זיי זענען ביסלעכווייז אָפּגעפאַלן פון איר, די ווייטע דרויסנדיקע פרעמדע בליקן. זיי זענען אַלע איצט געווען איין פרעמד אויג, וואָס האָט היימיש זיך צעעפנט אין איר. זי האָט געשפּירט, זי טראָגט אין זיך טיף די ברוינע אויגן פון לוין, דעם שכנס זון. פון הויז אונטן זענען זיי אין איר געקומען, דורך דעם דיל אַדורך. ער איז אונטן געזעסן אין זיין שטוב, און זי מיט איר דיל זענען אויבן געשוווּמען אין זיין אַרויפפליסנדיקן בליק. ער האָט איר שוין געגרייכט ביז אַרום דעם רוקן.

און עס איז געווען נאָך דעם, מיט אַ מאָל, אין די לאַנגע אָוונטן, ווען ער איז, וועלוול, נישט געווען אין שטיבל, פלעגט ער קומען, לוי. זי האָט אים געעפנט שמאָל די אַלטע טיר, זי זאָל נישט סקריפּען. אויף די שפּיץ־פינגער איז ער לייכט אַריבער

די שוועל. זיי זענען שפּעטער שעהען געווען צוזאַמען הינטער די געפּאַרבטע פאַרהאַנגלעך.

געווען איז דאָס שוין אין געטאָ, אין די לעצטע טעג פון דער עדה אין שטאָט. אַלץ איז שוין געחתמעט; מען איז געזעסן אין די הייזער און געוואַרט אויפן אַראָפּלאָזן זיך פון פּסק־דין. די קהילה קדושה גייט צו איר אייביקן סוף, נאָר זייביידע זענען געווען אָפּגעזונדערט. לייצע האָט אין זיך געפילט דעם אָנהייב, וואָס גייט צו איר אויף פון דער אונטערשטער וואַרעמקייט פון איר שטוב. אירע הענט האָבן צו אים זיך געצויגן. ער איז אַריין אין אירע ביינער. זי איז מיט לוין געווען פאַרצויגן נידעריק, אין אַ פאַרביקן געוועב.

די שכנים האָבן דאָס געפילט דורך די געטאָווענט אַדורך, צוזאַמען מיט דעם פאַרלעגנד אין זיך. ער האָט אין זיי אָפּגעפּויקט מיט דינע קלעפּ פון אַלע נאַכט־פענצטער. דאָס געטאָ האָט געשוויגן. אַלע האָבן דאָס געוווּסט, אויסער וועלוול. ביי נאַכט האָט ער זי געהאַלטן ביי זיך, לייצען. ער האָט זיין שוין געשפּרייט איבער איר שלאָף. ער האָט מיטן קאָפּ אין קישן געגראָבן פלענער, ווי מיט איר צו אַנטלויפן, אַוועקטראָגן זי ווייט איבער די מויערן — איין רגע בלויז איבער דעם פאַרלענד אַריבער. לייצע איז דעמאָלט געשווומען אין אירע בלויע וועלטן, וואָס נאָר אין שלאָף האָבן זיי פאַר איר זיך צעעפנט. עס האָט זי געפירט לוי, וואָס איז נעבן איר געשווומען. ער האָט זי געהאַלטן פאַר דער האַנט. זי האָט זי געוואָלט אַוועקנעמען, די האַנט, ווייל וועלוול זיצט איבער איר און קוקט אַריין אין די קעמערלעך פון איר חלום. זי איז איצט געלאָפן, געלאָפן. זיי ביידע — נאָך איר, ביז —

עס איז געווען יענער פרייטיק פונעם געלויף צווישן שטומע פאַרטויבנדיקע קולות. אָט אין דעם געלויף האָט די קויל אים דערגרייכט, וועלוולען. ער איז געבליבן אַן אויסגעצויגענער און נישט געקאָנט ווייטער. אין זיין גדאַנק האָט אַלץ זיך געלאָשן. ער האָט זי נאָך געזוכט, לייצען. ער האָט געוואָלט עפענען די אויגן, נאָר אַ רויטלעכע פינצטערניש האָט זיי פאַרפלייצט. זי האָט אים שטיל איבערגעדעקט מיט אַ טיף־געכוואַליעטער שוואַרצער דעקע.

און בעת זי איז געפירט געוואָרן מיט דער בלינדער באַן אין דעם ווייטן וועג צום טאָל; די רעדער האָבן אונטער איר געקלאַפּט — איז דעמאָלט שוין אויך לוי געלעגן אויסגעשפּרייט אויף אַ פעלד, מיטן פּנים אַרויף, צו דער הימל־צעליכטיקטקייט. ביידע זייטן אַרום איר אין דער באַן זענען געווען ליידיק; און ווען זי האָט נאָך דעם אַ נאַקעט־צוזאַמענגעפּרעסטע צווישן פרעמדע, זיך געדושעט אין דער קאַמער; דער גאַז האָט פון אויבן געטריפט איבער אירע האָר — האָט זי דערשפּירט, אין איר לעצטער קוועלעניש, אַז זי בענקט נאָך איין רגע פון לויס נאָענטקייט דאָ, און נאָך זיין, וועלוולס, אייביקער פאַרגעבונג. זי האָט נישט געוווּסט, צי ער האָט פאַרן שליסן די אויגן געאַנט; צי ער האָט איר מוחל געווען.

— לייצע, גלוסטיק־טייערע שוועסטער מיינע: דעמאָלט, ווען דיין אָטעם איז ווי אַ בלײַענדיקער מאַנדל, ווייטיקלעך, פון דיר אַרויס, האָט ש. שוין געוווּסט, אַז קיינער האָט גאַרנישט דיר מוחל צו זיין; ביסט קיינעם גאָרנישט חייב; ביסט מיט דיינע וועלוולען נישט געווען געבונדן. ס'איז אויס זיווג אויף פריער; אויס זיווג אויך פון

דיינע פאַרשטאָרבענע, יינגל־מיידלשע — טאַטע־מאַמע; פון דיינע עלטערן און אור־עלטערן. אויפגעלייזט אויף צוריק זענען אַלע פאַרפעלקער פון דיין שטאַם פאַר דיר. אַן אויסטראַכטעניש, אַ שפּאַס, איז דאָס געווען דורך דורות. האָסט געמעגט, לייצע. נישט משפחה־בענדער, אַ קשר בר־קיימא, האָט דיך געבונדן, נאָר אַ חלום־שפּיל האָט דיך לויז געוויקלט. איצט, מיטן טאָג — איז אַלץ אָפּגעדעקט, אויסגעוויקלט — אויס.

— ווער באַשולדיקט זי איצט, לייצען, וויל דאָס בית־דין וויסן.

— נישט זי באַשולדיקט מען, נאָר אים, ש. ינען. — איז מודיע דער אָנקלאָגער — אים. זינט ער איז צוריקגעקומען; ער האָט זיך אומגעקערט פון דאָרטן — דרייט ער דאָ זיך איבער דער וועלט אַ שווייגנדיקער. ער דרייט זיך און שטערט איר קיום.

— ער איינער אַליין?

— יאָ, ער דרייט זיך איבער שטעט און לענדער. מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, און מיט זיין פאַרביסן שווייגן שטערט ער; מאַכט ער זי טרויעריק, די וועלט. ווו ער קומט אויף נייע שמחות, אויף חתונות פון אויפגעוואַקסענע קינדער — אַלע זענען זיך משמח — מען האָט ווידער זוכה געווען. פיס טאַנצן און מען זינגט און מען ווינטשט זיך איבערן זיווג, וואָס ווערט אונטער דער חופה פריש פאַרקניפּט; פאַרקניפּט שוין אויף אייביק — בלייבט ער זיצן און שווייגט.

— און ער שטערט?

— יאָ, ער זיצט איינגעקשנט און שווייגט. ער מאַכט זיי טרויעריק, די חתונות. עס זינגט אין אים אַ הפקר־געזאַנג. מען קוקט אין זיינע אויגן און מען זעט: יעדע כלה איז הפקר פאַר אַלע. אַלץ, חלילה, איז אויפגעבונדן; וואָס ווייטער — ווערט ער אומעטיקער. חתונות מאַכן אים און אויך אונדז טרויעריק.

— דער נעכסטער! — האָט גערופן דער שמש ביי דער טיר.

מען האָט אים פּלוצעם אַריינגעפירט, ש. ינען. ער האָט פאַרנומען דעם שטענדער. ער איז געשטאַנען אַ געלאַסענער. דאָס פּנים איינגעפאַלן. זעט אויס, קיינער האָט אים מער נישט דערקענט. ער האָט נישט געקוקט אַרום זיך.

דער באַשולדיקער האָט פאַרגעלייענט דעם אָנקלאָג־אַקט:

„ער דרייט זיך אַרום איבער דער וועלט אַ שווייגנדיקער. עס דאַכט זיך, ער טרויערט. אָבער, אַז ער טרעפט אַן אויפן וועג אַ פרייד — מיידט ער זי נישט אויס; עס זעט אויס, עלנט זוכט ער צו זיין, אָבער ווען ער קאָן זיך צוזאַמענפאַרן מיטן צווייטן טייל תכלית פון באַשאַף, צו איינס — האַלט אים גאַרנישט דערפון אָפּ. אין די טעג פון נסיון, האָט ער דעמאָלט צוגעשווירן זיינע נאָענטסטע, וואָס האָבן פון אים זיך אָפּגעטיילט, אַז אויב בלייבן — וועט ער יעדע רגע היטן זייער זכר; זיי געדענקען. ער וועט פירן אַ ריין לעבן. איצט פאַרראַט ער זי, זיין פאַרגאַנגענהייט, ווי, חלילה, לית דין ולית דיין".

ער איז געוואָרן שטיל און געוואַרט. אַלע האָבן געוואַרט. די לעבעדיקע האָבן אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זיי האָבן געפילט, עס קומט זייער אַלעמענס ריי.

— נו? — האָט ר' יוזפל געפרעגט.

ש. האָט געשוויגן.

— יונגערמאַן, — האָט דער אַלטער ראש־בית־דין אַ זאָג געטאָן. — ממה נפשך: האַלטסטו, אַז יש דין ויש דיין — מוזסטו דאָך אונדז העלפן געפינען דעם זינען אין

דעם דין; האַלטסטו, חלילה, אַז נישט — איז דאָך נאָך שווערער — מוז דאָך דער אומזין אויך האָבן אַ זין.

— ער וויל גאָר נישט זיין געדעכט מיט זיך — האָט עמעצער געזאָגט פון דער זייט. — זעט אויס, פאַרקערט, ער האָט מורא דערפאַר — צו זיין מיט זיך גאַנץ.

ר׳ יוזפל האָט אים אַנגעקוקט, ש.יניזן:

— איז ער אַ להכעיסניק?

— ניין, ער איז נישט ביי זיך אַזוי חשוב — האָט יענער מסביר געווען — אַז ער זאָל וועלן זיין גאַנץ מיט זיך. אַ וועלט איז פאַרגאַנגען און ער זאָל איבער איר זיך אַרומדרייען און קאָנען זיך קלאַפּן אין בויך „איך בין מיט מיר גאַנץ״ — דאָס וואָלט געווען גאווה פון אַ נאַר. שלימות איז פאַר די, וואָס שעצן זיך איבער.

— איז ער אַן עניו?

— ניין, אויך דאָס נישט. אויך דאָס וואָלט געווען גאווה. זעט אויס, ער גייט איבער דער וועלט אַן אונטערטעניקער. מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ גיט ער זיך אונטער דאָס גוטע און דאָס שלעכטע — אָבי נישט שטעלן אַ ווידערשטאַנד, עס לוינט נישט. עס האָט אויך נישט קיין טעם.

— ווייסט ער, אַז דאָס זענען עבירות?

— ניין. ער ווייסט נישט. צו מאָל צעמישט עס זיך אים. זיי ווערן גאָר ביי אים מצוות.

— הייסט דאָס הכנעה? — האָט ווער געפרעגט פון בית־דין.

— ניין, די קלוגע, שטאַרקע, פון דעם צווייטן מין, וועט ער זיך נישט אונטערגעבן. פון זיי וועט ער זיכער נישט לאָזן זיך בייגן. קיין שוואַכע שטעלט ער אָבער נישט קיין ווידערשטאַנד. צוזאַמען מיט זיי וויל ער זיך פאַרלירן.

עמעצער האָט זיך צעלאַכט:

— דאָס הייסט, אַז דאָך לאָזט ער זיך פירן פון דעם, וואָס פירט אונדז אַלע!

— אָ, יאָ. אים אַרט עס נישט! ער קוקט אָבער בשעת מעשה אים אויף די הענט.

— איז ער דערפון טרויעריק?

— אָ, ניין. דאָס מאַכט אים — נישט טרויעריק און נישט פריילעך. ער טוט בלויז, וואָס ער מוז; דאָס וואָס ער איז מחוייב.

— פאַר וואָס הייבט ער נישט אויף די אויגן?

— ער מיינט, זיינע אויגן זענען באַשאַפן צו זיין פאַרמאַכט, קוקן אין זיך אַריין; צו זען די וועלט דורך זיך אַדורך. על פי טעות, מיינט ער, האָט מען זיי ביי אים אויפגעעשניטן. ער לאָזט זי, די וועלט, שווימען אין זיך. ער וועקט זי, זי זאָל זיך נישט אויסלעשן.

— פאַר וואָס דערקענט אים דאָ קיינער נישט?

— ער געדענקט אַליין זיך אויך נישט פון פריער.

— איז ער נישט דער זעלביקער?

— קיינער פון אונדז איז נישט ווי פריער.

— אַן אַנדערער?

— אויך אַן אַנדערער נישט.

— איז ער אַ גלגול?

— יעדער ווערט אין זיין איינמאָליק לעבן — מגולגל אין זיך אַליין — מאָל נאָך

מאָל. שטעל אים אַנטקעגן זיך אַליין, דעם נעכטיקן, דעם פון היינט — וועט ער אים נישט פאַרטראָגן. די האַנט וועט ער אים נישט קאָנען געבן. קיין איין טאָג וועט ער מיט אים נישט פאַרבלייבן. עס וועט אים שווער זיין מיט אים.

— וועלכן מיט וועמען?

— דעם נעכטיקן מיט דעם היינטיקן, און נאָך מער: דעם היינטיקן מיט דעם פון פריִער. זיי וועלן זיך צעשיידן שוין אויף שטענדיק.

— וויפל תקופות האָט ער שוין געהאַט אין זיין איצטיק לעבן?

— ער געדענקט נישט. ווי אַ חלום פון אַ פרעמדן בלייבן די תקופות אין אים. ער האָט צו זיי איצט נישט קיין אָנגעהערעניש.

— פון וואַנען אָבער די שטילקייט אין אים?

— ווייל אָפּגעזעצט האָבן זיי זיך אין אים, די תקופות, טיף, שיכט אויף שיכט. זיי שווערן אים אַראָפּ ביז דער ערד. איר שטילקייט וואַקסט אַריין אין אים. מיט זיין שטילקייט רירט ער אָן די שטילקייט פון אירע זאַמדלעך, שטיינדלעך, פון אירע גראָזן. ער בענקט צו זיי. ער איז באַהאָפטן מיט זייער דויער.

— וועט ער אַזוי ווייט קאָנען גיין?

— נאָך אַ מאָל אין אַזאַ תקופה אַריין — שוין נישט. ער האָט מער שוין נישט קיין כוח.

— הענגט איבער אים נאָך אָט די געפאַר?

— מעגלעך. דערפאַר איז ביי אים אַראָפּגעלאָזט דער קאָפּ.

— פאַרנעם דיין אָרט רעכטס, אויף דער באַנק! — האָט אין דער איינגעשטילטקייט געוויזן די לאַנגע האַנט פון דיין. זי האָט זיך געצויגן פון דער בימה איבער די בענק, ביז דער געעפנטער טיר. דאָרט איז אין איר שוין געשטאַנען אַ געשטאַלט; אַ גוף, דורכגעלויכטן אין דער צעעפנטקייט. די דערגרייכטע פינגער פון דיין האָבן, ווי דורך אַ רענטגען, שאָטנדיק געגראָבלט אין דער גוף־דורכזיכטיקייט.

ער איז אַריין, חיל, אָבער קיינער האָט אים איצט דאָ נישט דערקענט — נישט ער, חיל, דער אַלטער פּאַביטניק, דער געלייגטער דורך ר׳ יום־טובלען אין חרם; דער דערוווערגער פון ראַשלען מיט איר וולד, נאָר חיל, דער יונגער, דער הפקר־יונג פון מיין שטאָט. אַ הויכער, ברייטפּלייציקער. ער האָט זיי, יענע יונגע יאָרן, אַליין שוין געהאַט פאַרגעסן. ער האָט קוים זיך דערקענט אין דעם דיל־שפּיגל אונטער זיך. אין דעם טיפן שפּיגל איז ער געגאַנגען מיט דעם קאָפּ אַראָפּ, און די פיס אַרויף, צובאַהאַפטן זיי צו די פיס איבערן דיל. יעדעס מאָל, ווען ער האָט זיי דאָ אָפּגעריסן, ביים שפּרייזן, פון שפּיגל האָט זיך אים געדאַכט יענער דאָרט אינעווייניק זינקט ערגעץ אַראָפּ מיטן קאָפּ אין אַ תהום. ער האָט דעם דיל שנעל דורכגעשפּרייזט, מיט לאַנגע טריט.

— חיל, געדענקסט? — האָט מען געפרעגט פון איבערן טיש.

— וואָס?

— קוק אָן זי, אַנטקעגן זיך אויף דעם שטענדער, לינקס — דערקענסטו זי? זי איז דעמאָלט געווען נאָך אַ ציטעריק טעכטערל, אַ קינד פון אַן אויסגעוואַרעמטער היים. ווען דו האָסט זי מאַנס־געווען — האָסטו אויף שטענדיק זי פאַרשעמט פאַר דער

שטאָט. אַ גאַנץ לעבן איז זי דערנאָך געבליבן שוין פאַרמאַכט אין איר חדר. זי איז מער נישט אַרויס.

— דעק אָפּ דיין פּנים; זאָל ער דיך זען — האָט דאָס בית־דין איר באַפוילן.

— זי האָט נישט ביי זיך דאָס פּנים; זי שעמט זיך פאַר אים — האָט דער שמש געזאָגט — זי רויטלט זיך.

— זאָג, יידישע טאָכטער, געדענקסטו נאָך, וואָס ער האָט צו דיר געטאָן?

— פאַר וואָס שווייגט זי?

— וויל זי אים שיצן?

— ביז היינט פילט זי נאָך אין זיך זיין קומען אין איר, ווי ער וואָלט אין איר איבערגעלאָזט זיינעם אַן אבר. זי קאָן זיך פון אים נישט באַפרייען. אַלץ איז זיך צעפאַלן און נאָר דאָס איז פאַרבליבן.

— אַזאַ ווילדער אויפשפּראָץ איז ער געווען, חיל?

— ער האָט נישט געהאַט אָפּגעריסן זיך פון באַשאַף.

— זאָל ער אַליין רעדן.

— רבי, ער, ווי איר זעט אים, מיט זיין ריזיקן גוף, איז אַ שטומע צונג; ער שטאַמלט ביים זוכן ווערטער.

— האַ, חיל?

חיל האָט אַ ציטער געטאָן ביים דערהערן רופן זיין נאָמען. ער האָט געהאַלטן פאָרויס, אַראָפּגעלאָזט, די גרויסע הענט. ער האָט ווייטער געשוויגן. ער האָט אונטן זיך פאַרשטעלט פאַרן בית־דין די שעמעוודיקייטן. ער האָט זיך דערמאָנט, דאָס גאַנצע לעבן זענען זיי פאַרשטעלט מיט די בגדים; קיין מאָל כמעט נישט אָפּגעדעקט אין דער ליכטיקער שיין. אין פינצטערניש תמיד איז זייער גורל. איצט, האָט אים געדאַכט, זענען זיי אָפן; ער האָט געוווסט, צוליב זיי שטייט ער דאָ פאַרן בית־דין.

— זאָל ווער פאַר אים טענהן.

— רבותי, ער, אין זיין פּשטות, האָט נישט געוווסט פון קיין פאַלשקייטן. ער האָט געמיינט, אַז זיי, אַלע מענטשן־טעכטער, זענען צו דעם באַשאַפן געוואָרן. ער איז געווען אַ קינד, וואָס טוט, וואָס מען באַפעלט אים. ער האָט פון ווי ווייט אַרויסגעשמעקט זייער רוף. אויך זיי זענען נאָך אים געגאַנגען. ווען ער האָט זיי געפירט צו זייער באַשערטקייט, האָבן זיי געקוקט אויף אים לייטזעליק, מיט רויטלעכע אויגן פון קראַנקע, געשלאָגענע הינטלעך.

— איז דאָס אַלץ?

— אָ, ניין! דער, וואָס באַוועגט לעבן, כדי שפּעטער עס צו צעשיטן, ווי זאָמען, און ווידער עס אויפצובורענגען — דער האָט אויך אים באַוועגט. ער האָט געמיינט, חיל, אַז נישט ער מינערט, נאָר, פאַרקערט, ער גיט־צו לעבן. ער טוט זיין שליחות, ווי יעדעס באַשעפעניש; ווייל דערצו ביסטו באַשאַפן. נישט ווי אונדזער ערשטער געמשפּטער דאָ — האָט דער טוען פּלוצעם אַ ווייז געטאָן מיט דעם פינגער צו מיר. אַלע בליקן זענען איצט געווען געווענדט אין מיין זייט. — נישט ווי ער, האָט ער ווייטער געזאָגט, איז ער געווען אַ מבין אויף דעם געשפּיל. ער האָט נישט געוווסט; ער האָט זיך נישט געכאַפּט, אַז ער איז בלויז אַ ווערקצייג; ער קאָן דערפון אַנטלויפן. ער האָט נישט געהאַט די פּריווילעגיע צו גיין און קוקן יענעם אויף די הענט. ער איז,

ווי יעדער אויף זיין שטייגער, געפירט געוואָרן. רבי, נישט קיין רשע איז ער געווען, חילל, נאָר אַ תם.

— מער ווי יעדער אַנדערער?

— גדולי ישראל, זי איז, די תורה, געגעבן געוואָרן פאַר מענטשן. וואָס מער תמים — אַלץ מער מענטש! וואָס שטאַרקערע תמימות — אַלץ אַ רעכטפאַרטיקערער דור קאָן פון איר אויפגיין. אים, חילן, דאַרף מען מער; אים באַוועגט מען; ווי אַ געבונדענעם פירט מען אים צו פרוכפערן און מערן זיך. זיין עכטע פשטות איז נישט לויז געוואָרן דורך וואַקלעניש. זיין לייב איז נישט געוואָרן שיטער פון ספק. רבותי, נישט פון זיי — האָט דער סניגור ווידער געגעבן מיט די פינגער אַ ווייז איבערן זאַל — נישט פון זיי, די צווייפלערס, קאָן אַרויסקומען אַ גאַנצע טוונג. זיי, זיי זענען בלויז האַלבע זכרים.

צווישן די זיצנדיקע אויף די בענק אַרום מיר איז געוואָרן אַ שטילע אויפרודערונג. זיי, די קלוגע, וואָס זענען אַהער געקומען אָבסערווירן דעם משפט, אים באַנעמען — האָבן אַריינגעלאָזט זייערע פנימער אין די הענט. זיי האָבן פלוצעם דערשפּירט, אויך זיי ווערן געמשפט, זי איז אָפן, זייער פאַרבאָרגענע שוואַכקייט. זי הענגט דאָ איצט אָפּגעדעקט פאַר אַלעמענס אויגן.

דער סניגור האָט צו זיי אַ קוק־געגעבן.

— רבותי — האָט ער צו זיי זיך געווענדט — הייבט אויף די פנימער. איר, וואָס פאַרנעמט זיך מיט ליב־האָבן, מיט שפּיל־שושקערייען, מיט צערטלעכישן; איר ווייסט דאָך, אַז איר שטאַרקט זי, די שוואַכקייט אייערע, מיט שאַרפזין; אָט דאָס אַלץ איז אָבער אַן ענין בלויז פאַר בת יחידהס. אמתע זי׳ס פאַרטראָגן דאָס נישט. זיי פילן אַן אָפּשטויס צו דעם.

— ווי רופט מען זיי, די זיצנדיקע דאָ? — האָט דאָס בית־דין געוואָלט וויסן.

— קינסטלער, שייגייסטער.

— מיט וואָס פאַרנעמען זיי זיך?

— מיט חלומען אין דער וואָר.

— איז דאָס אונדזער גורל? — האָט זיך געהערט אַ געוויין פון הערצער. עס איז אויפגעגאַנגען אויף די בענק. די אַרום מיר האָבן מיט די עלנבויגנס זיך פאַרשטעלט די ברוסט־קאַסטנס.

— איר באַשערט אים זיך אַליין, אייער גורל. איר אַנטלויפט תמיד אין מיטן — פון שפּיל אַרויס; איר שטעלט זיך אין דער זייט און האָט הנאה, ווי איצט דאָ, פון אָבסערווירן. דערמיט טיילט איר אַליין זיך אויס. צוויי ראָלן אויף דער בינע — זיין אַליין דער שוישפּילער און אַליין דער אָבסערווירער — דאָס קאָן מען נישט. דער, וואָס דערגייט צום סוד, צום עיקר פון דעם שפּיל — בלייבט אַליין אויסערן שפּיל. פון דערזען, דערשפּירן דעם ציטער — צעפּליסט זיך אים די שענסטע, די נאַטיר־לעכסטע מתנה — די קראַפט. איר ווערט ווייך, מיט חסד און רחמנות צום אַרום.

דער ריכטער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר, אַנטקעגן חילן:

— טאָר מען אויף איר קיין רחמנות נישט האָבן?

— זי וויל שוץ, זיכערקייט, נישט רחמנות. יענער, וואָס איז אויף איר זיך מרחם — פון אים גליטשט זי זיך אַרויס.

— איז שוין פאַר אונדז קיין עצה נישטאָ? — זענען אויפגעגאַנגען קולות פון אַ געוויין אַרויס.

— אַנטלויפט ביי ציטנס פון דעם. זייט, ווי ער, זכרים צו זיי, נישט קיין ברידער.

— און ווער וועט זי נעמען, די וועלט אַרום אונדז, מיט חסד? ווער וועט אין איר זיך איינקוקן און אויף איר זיך מרחם־זיין? — אָן דעם קאָן זי קיין קיום נישט האָבן. זעט, וואָס פון איר איז אַרויסגעקומען! — איז איינער פון זיי אויסגעבראָכן.

— לאָזט דאָס פאַר זיי, די טעכטער אייערע, וואָס זענען אַליין געגנאַד; לאָזט זיי, די אויפנעמערינס, אָנפירן מיטן שפיל. זיי וועלן זי, די וועלט, באַזינגען, פאַרשענערן און באַנעמען. נישט איר, די זכרים; נישט דערצו זענט איר באַשאַפן. איר דאַרפט, נישט דורך דערשפירן זי, נאָר מיט זיך אַליין, מיט אייערע גופים, אַריינאַקערן זיך אין איר קיום.

— אָבער דער וואָס איז זיך נישט מרחם אַפילו אויף אַ קאַץ; ער שטערט איר שלווה, ווען זי וואַרעמט זיך אונטער דער זון — דער איז דאָך מסוגל מיט אַ לייכטער האַנט אויך אַוועקצונעמען לעבן; נישט צו געבן עס!

—ביידע, אַוועקנעמען און געבן, ליגן אין איין האַנט.

— וואָס?! — האָבן אַ ציטער געטאָן די שטולן נעבן מיר. דער זאַל איז פול געוואָרן מיט אויסגעשטרעקטע אויערן.

— גיי, זע, די פרימיטיווע פעלקער, אין די מרחקים, וואָס לעבן, ווי קין; זע, ווי גרויס זיי זענען אויסגעוואַקסן.

— נו?

— קוק אַריין אין זיך, גאָטס פאָלק, וואָס האָסט אין דיין האַרץ צעבראָכן די שווערד פון „ועל חרבך תחיה" — קוק און צייל דיינע אויסגעליידיקטע געצעלטן.

— טאָ וואָס איז דער תכלית?

— כ'ווייס נישט.

עס האָבן ווידער אויפגעציטערט די שטולן אַרום. עס האָט זיך געהערט אַ שלוכצערײַ. דאָס האָבן איצט געוויינט צוזאַמען די לעבעדיקע און די טויטע.

— ניין, מיר ווילן נישט די ברירה. מיר ווילן בעסער ווידער אַליין געפירט ווערן צום פאַרלענד, ווי פירן אַנדערע.

אויך דאָס בית־דין איז אַ ווײַלע געבליבן זיצן שטיל. „וואָס איז דער אויסוועג?" — האָט עס געפרעגט מיט אַראָפּגעהאָנגענע קעפּ — אין חלל אַריין.

— נישט מיט חסד זאָלן זיי זי נעמען, די וועלט, נאָר ווי ער, חיל, מיט כוח. נישט טאַטעס דאַרפן זיי, זייערע טעכטער, נאָר מענער־באַצווינגער, וואָס זאָלן זיי באַפעלן.

מיט אַ מאָל האָט זיך געהערט אַן אויסגעשריי פון די אָבסערוואַטאָרן־בענק. עס איז געגאַנגען גלייך צום בית־דין־טיש:

— ניין, מיר ווילן שוין בעסער טראָגן אונדזער גורל, ווי זיינעם, חילס. מיר ווילן זי נישט איינגעמען, די וועלט, מיט רויקייט; שפרייטן זיך איבער איר מיט תמימות.

פון אַלע פאָדערשטע בענק האָט מען צו זיי אויסגעדרייט די פנימער:

— וואָס, איר האָט געטוישט אייער ווילן?

— ניין, מיר פאַרשטייען איצט בלויז בעסער זיך אַליין. אין אונדזער ליבשאַפט איז דאָ מער כוח, ווי אין כוח אַליין. מיט זיין כוח בלייבט מען, ווי אַ בוים, תמיד צובאַ־האָפטן צו איין ארט, גאַרנישט זען אַרום זיך; מיט אונדזער ליבשאַפט נעמען מיר

אַרום אַלע ווייטקייטן. אונדזער שאַפערישע פרייד שיסט־אויף אין אונדז, ווי אין יונגע צווייגן, מיט אויפשפּראַץ, וואָס ציט־צו אַלץ, וואָס וואַרט זיך איבערצוגעבן; דער־שטוינטע מענטשן־טעכטער קוקן אונדז דעמאָלט נאָך מיט אויפגעפּאַכעטע נאָזלעכער, מיט אַ גרייטקייט אין זיך — אויפצונעמען. אין אונדזערע באַרירונגס־רגעס מיט זיי — דערגרונטעווען מיר אייביקייטן. אונדזער צערטלעכקייט צאַפּלט אויף אין זייערע לייבער — די קערפּערס פון זייערע אַלע מאַמעס און טעכטער — זיי גיבן זיך אונטער — אונדזערע הענט. דורך דעם באַריר מיט זיי ביז חוהן — דערפילן מיר זיך אַליין ביז אונדזערע טאַטעס — אַרויף צו אדם הראשון. דורך זיי באַהעפטן מיר זיך מיט דער וועלט. מיר ווערן דעמאָלט, נישט ווי ער, חיל, קלענער און פאַרלאָשן, ווי אַן אויסגעברענטער שפּאַן, וואָס האָט אָפּגעטאָן זיינס, נאָר ווי אַ מיטשותף אין באַשאַף. די אונטערגעטעניקטע ביי אים דערפילן נאָך דעם — אַז זייער באַשיצער־כוח איז צעגאַנגען, געוואָרן צו גאָרנישט, זיי בלייבן הפקר, אָפּגעדעקט; ביי אונדז — אַז זיי שווימען אַריין מיט זייערע קערפּערס אין די ספערעס; זיי בלייבן אויפגעטרייסלט שוין אויף שטענדיק. חיל שלאָפט שפּעטער איין, ווי די נאַטור; ער האָט געלאָזט אין זיי פרישע רוי־פאַרדרימלטע כוחות צום וועקן זיך; מיר — ווערן וואַך; מיר האָבן געלאָזט פרישע אויסגוסן פון אונדזער ליבשאַפט איבער איר. זי פּלייצט אין אַלע פאַרבאָרגענע קאַנאַלעכלעך אַריין. אין אונדזער אייגענער צעריסנקייט דערנאָך — זענען מיר צו אַלעם פאַרקניפּט; דורך איר — באַהאַפטן צו אַלע אירע שוועסטער, די טעכטער פון חוה. מיר פילן אין זיך דעם האַרץ־געקלאַפּ פון יעדער פון זיי. דורך אונדזער רחמנות גרייכן מיר צו זיי אומעטום. מיר דערגרונטעווען זייער שיינקייט. ווען זיי פאַרלאָזן אונדז — וואַרטן מיר געדולדיק אויף זיי. מיר ווייסן, זיי וועלן לסוף אַלע צו אונדז צוריקקומען. אָן אונדזער רחמנות — קאָנען זיי מער נישט. ווען די שיינקייט ווייסט נישט, אַז זי איז שיין — וועקן מיר זי. דורך דעם אָפּקלאַנג פון אונדזער פאַרוווּנדערונג, טיף אין איר — וואַכט זי אויף. אָן רחמים אין זיך צו אַלץ — איז מען אַליין, אָפּגעשניטן, פאַרלוירן. מיט חסד וועט זי גרונטגעפעסטיקט ווערן, די וועלט. מיר לויפן זי פאַרויס, כדי זי זאָל קאָנען אַדורך. מיר זענען דאָס לויטערע, דורכזיכטיקע, נאָכן אָפּשטיין זיך אונטן פון דעם געדיכטן. נישט דורך זיין כוח וועט זי אויסגעלייזט ווערן, די וועלט, נאָר דורך אונדזער שיינקייט און שפּיל.

— גלייבט איר אין דעם?

— אפילו ווען דאָס וועט קיין מאָל נישט קומען — איז דאָס תמיד דער לעצטער אמת — אַריבער אַלע אמתן.

דאָ האָט דאָס בית־דין זיך צעבייזערט: מיר הערן ווייבע רייד, ווי, להבדיל, פון ווייבער! אמתע תלמידי חכמים זענען האַרט ווי ביס. תורה איז אַ מענערלעכע זאַך. גענוג דאָס מבזה זיין זיך!

מען האָט געהערט, עס נעמט איצט די אייבערהאַנט דער דין, און נישט דער רחמים.

— וואָס איז אייער פּעולה? — האָט דאָס בית־דין באַלד ווייכער געפרעגט.

— מיר ווייסן נישט — האָבן זיי אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן. זיי זענען איצט געשטאַנען, ווי אַ באַנדע קינדער, וואָס עמעצער, אַ באַפעלער, האָט דורך זיי פריער דורכגערעדט, און איצט זענען זיי געבליבן אויסגעליידיקט, איבערגעשראָקענע.

— איז צווישן אייך נישטאָ איינער, אַ פאַרזאָגער?

— יאָ, קיין מאָל ווייסן זיי נישט אַליין זייער באַשטימונג. זיי טראָגן זי אָבער,

ווי אַ שליח — אַ פֿאַרמאַכטן בריוו אין זיך. זיי טאָרן אים נישט עפֿענען. זיי גייען מיט דער שליחות איבער דער וועלט. מען האָט פֿאַר זיי געעפֿנט אומעטום שפּאַרעס, אַריינצוקוקן. אַלץ גיט זיי זיך אונטער; לאָזט זיי אין זיך אַריין. זיי קוקן — דורך וועגס, מענטשן און ווייטקייטן.

— וואָס איז זי, זייער שליחות?

— זיי זענען די עדות פֿון דער געטלעכקייט איבער דער ערד. ווען זי האָט געשאַפֿן די וועלט — האָט זי באַצירט זי מיט טייכן, וועלדער, מיט בערג און פֿאַרבן; צו באַשיינען אָבער דעם מענטש געשאַפֿן אין זיין געשטאַלט — האָט ער אים געגעבן דעם „קינסטלער". ער האָט אין אים אַריינגעבלאָזן פֿון זיך דעם פֿונק — צו באַשיינען דאָס טעגלעכע לעבן פֿון מענטש, אַריינצולייכטן אין דעם, עס צינדן. מיט דעם פֿונק אין זיך דרייען זיי זיך צווישן אונדז.

— איז דאָס אַ ברכה?

— טוען זיי שלימותדיק זייער שליחות — איז דאָס נישט קיין קללה; באַקומען זיי זייער אייגענעם תיקון. ווען נישט — ווערן זיי אינעווייניק פּאַמעלעך אַליין פֿאַר־ברענט פֿון דעם פֿונק. קיין ברכה איז דאָס קיין מאָל נישט.

— זענען זיי אָנגערירטע פֿון גאָט?

— יאָ, דעריבער זענען זיי געיאָגטע. עס יאָגט זיי אינעווייניק. זיי לויפֿן און עס רופֿט זיי. קיין אָרט וועלן זיי זיך שוין קיין מאָל נישט געפֿינען.

— זענען זיי דערפֿון גליקלעך?

— ווען זיי זענען דאָס — ווערן זיי אויס.

— זענען זיי אומשטערבלעך?

— בלויז ווען זיי לעבן.

— ווי לאַנג?

— ווי אַ פֿלאַטערל, איבערן טאָג. זיי זענען בלויז די פֿאַרוואָרפֿער פֿון זריעה. אַליין זענען זיי נישט חשוב! זיי זענען צום פֿאַרגיין.

— זענען זיי מאמינים?

— זיי ווייסן, אַז גאָרנישט האָט האַפֿט. אין איין טאָג וועט אַלץ אונטער זיי קראַכן — דעריבער גייט אויס זייער האַרץ פֿון רחמנות; רחמנות אויף דעם באַשאַף איז זייער טרייב־קראַפֿט אין דעם קורצן דויער.

— ווי קאָנען זיי ווייטער לויבן, ווען מאָרגן וועט סיי ווי אַלץ אונטער זיי זיך ברעכן?

— זיי מוזן.

— און ווען זענען זיי גרויסע — וואָס איז זייער סימן?

— ווען זיי האָבן אי — אַ גרויס האַרץ, וואָס צעשפּאַרט זיי דעם גוף; רייסט זיך איבער זיינע ברעגעס אַרויס; אי — אַ בויערנדיקע מחשבה, וואָס לעכערט דורך פֿון אינעווייניק אַרויס זייער קאָפּ — אָט דאָס איז דער סימן.

— און בלויז מיט אַ גרויס האַרץ?

— קאָן מען קיין גרויסער צווישן זיי נישט זיין, איז מען בלויז איינער פֿון זיי.

— טאָ, ווי האָט איר פֿריִער געוואָלט לאָזן דאָס פֿאַר די מענטשלעכע טעכטער; צו קיין גרויסקייט וועלן זיי קיין מאָל נישט קומען?!

— ווען מיר קומען אויף זיי — פּרווון מיר צעלאָזן אין זיי דעם געטלעכן פֿונק.

— נו?

— זיי ווערן פון דעם בלויז פּאַרסמט — שוין אויפן גאַנצן לעבן.

— און ווו ווערן זיי נישט פּאַרסמט?

— ביי אים, ביי חילן.

— פאַר וואָס רעדן זיי נישט אַליין? זאָלן זיי רעדן.

— רבי, ווען מיר דרייען זיך אַליין, נישט־געזעטיקט — זענען מיר אינעווייניק קראַנק; מיר טראָגן אין זיך טויטע קינדער. זיי קאָנען פון אונדז נישט אַרויס. מיר זענען פון זיי פּאַרסמט. זיי, די מיטן געטלעכן געגאַד, ווען זיי זענען אַליין, זיי דערגרייכן נישט צו אונדז, לאָדענען זיי אַלץ פון זיך אַרויס מיט ווערטער, מיט רייד. זיי צינדן זיך אָן מיט ווערטער; זעטיקן זיך פון זיי און ליידיקן זיך אויס. צו מאָל דאַרפן זיי מער נישט אונדז; און ווען זיי קומען צו אונדז שפּעטער — זענען זיי שוין אַליין איבערגעברענטע, טויטע. זיי טוען נאָך צו סם צו אונדזער סם. מיר לויפן נאָך דעם אינעווייניק פּאַרגיפטיקט. מיר דראַפּען און רייסן אַרום זיך. זיי, די זכרים, ווען זיי זענען איבערפולט, עס שטייגט אין זיי — קאָנען זיי אַליין זיך באַפרייען פון דער לאַסט, זיך רייניקן. מיר — מיר זענען תּלוי אין זיי, די דרויסנדיקע. מיר קאָנען, קראַנקע, מער נישט וואַרטן. יעדע שעה יורשט דער גיפט מער אין אונדז, ביז ער קומט, חיל, און לייזט אונדז אויס.

— איז ער, חיל, שוין די העכסטע מדרגה — פון מאַן, אייער באַהערשער?

— ניין, רבי, אין חלום זעען מיר אים שוין, יענעם, וואָס וועט אַ מאָל קומען; ער וועט זיך באַווייזן איבער די שטאָטגאַסן, דער מאַן, וואָס וועט זיין אונדזער האַר. ער וועט אונדז צו זיך אַרויסציִען פון די טירן פון אַלע הייזער. מיר וועלן לויפן נאָך אים, קניִען, זיך וואַרפן נאַקעטע פאַר זיינע פיס. ער וועט אונדז אַלע אַנרירן; אונדז טרעטן, קומען אויף אונדז. מיר וועלן אויפשרייען, ביז ער וועט אונדז צעדריקן אויף אייביק; אונדז אויסלייזן פון די אייגענע גופים אַרויס.

— ווען ער קומען?

— ער מוז קומען. עס וואַרט אויף אים יעדע פון אונדז. דורות אונדזערע שוועסטער זענען געשטאָרבן מיט דער בענקשאַפט נאָך אים.

— און וואָס וועט דעמאָלט זיין מיט חילן?

— חיל וועט דעמאָלט זיין אַ קליין זינדיק יינגל. ווי מוטערס וועלן מיר פון רחמנות אים איינזאַמלען אין זיך.

— חיל, אַנדערע רעדן פאַר דיר די גאַנצע צייט. וואָס שווייגסטו אַלץ? — האָט דאָס בית־דין אַ רוף געטאָן — שטאַמלט נאָך דיין צונג?

— רבי — האָט זיך אָנגערופן דער פון בית־דין, וואָס האָט געטענהט זיינע טענות; דאָס איז געווען אַ דיין, אַ תּלמיד־חכם, אַ פאַרטראַכטער אין די ספרים פאַר זיך — רבי, חיל ווייסט נישט, נאָר ס'איז געווען אַזוי: די קלוגע, די וואָס האָבן פריער דאָ געערדט ווי קינדער, זיי פלעגן ווערן געפלעפט פון שיינקייט; זיי פלעגן, שטיינ־בלייבנדיק פאַר איר — פון התפּעלות פאַרלירן דאָס לשון, געליימט ווערן. נישט איין מאָל פלעגן זיי פון ערפורכט זיך אָפּקערן פון איר; פאַרבייגיין. די שיינקייט איז געבליבן אַליין, אַ פאַרלאָזטע; געפאַלן ביי זיך ביז יאוש. דעמאָלט איז געשען דער נס: ס'איז געקומען ער, חיל. ער האָט זי אָנגעטראָפן. ער האָט נישט געוווּסט, אַז זי איז שיין. ער האָט מיט פּשטות זי גענומען. ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און

זי האָט אים זיך איבערגעענטפערט. פון זיי פּאַרלאָזט — איז זי גלייך צו אים אַריינגעפאַלן.

— האָט זי פון אים געלאָזט זיך בייגן צו דער ערד?

— רבי, זיין פרייד איז געווען אַראָפּצונידערן — בלויז שטאָלצע, שטייענדיקע; נישט יענע, וואָס זענען סיי ווי שוין געבויגן.

מען האָט אים אָנגעקוקט, דעם פון בית־דין, וואָס האָט כסדר געטענהט חילס טענות, מיט חכמה, מיט רחמים און דין. ער איז איצט געשטאַנען אין אַ שוואַרצער טאָגע; אויפגעשטעלט; מיטן פּנים אויסגעדרייט צו ר' יוזפלען. מען האָט געזען אַ געפּרוווטן שליח־ציבור, אַ פּוסק, וואָס נאָר דער אמת איז דאָס ליכט פאַר זיינע אויגן; אַ דיין אין די מיטעלע יאָרן, שוין אַ געבויגענער אויף פאָרויס. עס זענען געווען מאָדנע זיינע רייד; ער ווייסט אַלץ פון אייגענער געפּרוווטקייט; פון האַלדזן זיך אַ לעבנלאַנג דורך די גבכט אין בעט. אַ דור קינדער איז אַרויסגעקומען פון זיין דייך.

אַ פינגער האָט געטייטלט אויף זיין גוף; געוויזן, ער זאָל זיך אָוועקזעצן.

— דאָס בית־דין וויל וויסן, וואָס זאָגן זיי, די אָנגעקלאָגטע אַליין, צו זייער פאַרטיידיקונג? — האָט דאָס קול זיך אָפּגעקערט פון דעם דיין.

— אמת — האָט אַ שטימע זיך גענומען דורכטראָגן דורך די בענק — ער, חיל, פלעגט צו זיי אַלע צוגיין אָן מחיצה. ער האָט דערפילט דעם עיקר, זייער לעצטע באַשערטקייט. מיר אָבער — מיר האָבן זיך געשפּירט פאַרלוירן; פאַרבלאָנדזשעט — צווישן שיינקייט און צווישן רייץ. מיר האָבן זיי אָפּגעטיילט. מיר האָבן געמיינט, אַז נאָר רייץ מוז באַלד געזעטיקט ווערן; זי רופט צו זיך הונגעריק מיטן בליק. די געוועגסט און טוסט איר ווילן. שיינקייט אָבער מוזסטו פלעגן. טאָרסט זי נישט אָנרירן. עס איז געווען זי אַרומצוזינגלען, פון איר אָפּשיין באַלויכטן צו ווערן.

— און וואָס איז דער סוף?

— דער סוף איז — האָט ווידער זיך אויפגעשטעלט דער פון בית־דין אין דער זייט פון חילן — אַז ביי רייץ געוועגסטו לייכט צו איר גוף, און פאַנגסט באַלד אויך איר תוכן, די ליבשאַפט. זי ווערט דיר אונטערטעניק; ביי שיינקייט אָבער, ווען דו דרייסט זיך לאַנג אַרום איר — פאַרלירסטו, נישט בלויז דעם גוף, נאָר לסוף אויך דעם תוכן אירן, די ליבשאַפט. זיי, די מיטשותפים צום באַשאַף, האָבן דאָס געדאַרפט וויסן. שיינקייט איז, ווי יצירה: ביסטו נישט אויף איר שולט אין גאַנצן באַלד — פאַרלירסטו זי שוין אויף תמיד.

— און וואָס זאָגט איר דערצו, איר אָנטקעגן?

— נישט איין מאָל זענען די הענט אונדז אַראָפּגעפאַלן. ווען מיר זענען אַרויס אין די גאַסן און דערזען, ווי זיי זענען אַלע מאָל אויף ס'ביי — פול מיט פרישע שיכטן שיינקייט; זייי פאַרדעקן יונג, גלוסטיק, די אייבערפלאַך — האָבן מיר זיך דערשפּירט אומבאַהאָלפן. מיר האָבן געוווסט, נאָר איינצלנע פון זיי וועלן מיר אַרומנעמען; די איבעריקע זענען אָנגעגרייט פאַר אַנדערע; מיר האָבן זיך געכאַפּט, אַז אויך נאָך אונדז וועלן זיי זי אָנפילן, די ערד, אַזוי דור נאָך דור. די וועלט וועט תמיד זיין אַ פרישע, מיט זוניק גרינער בליונג, און זיי — אין דער מיט; מיר אַליין וועלן דעמאָלט מער נישט זיין. ווען מיר האָבן דאָס באַנומען — האָט אַ יאוש אונדז אַרומגעכאַפּט. מיר האָבן דעמאָלט פּאַריאושטע זיך אונטערגעגעבן אונדזער גורל. מיר האָבן מער גאָרנישט געוואָלט.

— און ער, חיל?

— ער איז קיין מאָל נישט געוואָרן אַפּהעטיק. ער איז געווען אַ מסתפּק במועט. ער האָט זיך באַגנוגנט מיט דער באַשערטער זעטיקייט פון יעדן טאָג. די אַנדערע, ווייטערע, האָט ער נישט אַרויסגעפילט. אַ זאַטער — האָבן זיינע נאָזלעכער מער צו זיי נישט געשמעקט. עס איז אים אויך נישט געווען קיין נפקא־מינה פון שיינקייט ביז רייץ; זיי דאָ אַנטקעגן, אַז זיי פּלעגן זי אַנטרעפן — האָבן זיי געשנאַפּט, צי זי האָט תמימות; צי ווערט זי נאָך ערגעץ אין זיך אויפגעטרייסלט. נאָר פון איר האָבן זיי זיך געלאָזט פאַנגען. פון די אַנדערע, פון די קלוגע, די דערפאַרענע, וואָס ווערן קיין מאָל מער נישט אויפגערודערט — האָבן זיי געוויכט; ביי יענע האָבן זיי זיך געפילט קליינע, אַנטבלויזטע. אין זייער מחיצה האָבן ביי זיי געציטערט די הענט און פיס — אויס מאַן און באַהערשער.

דאָ האָט חיל זיך צעלאַכט. ער האָט נישט געקאָנט איינהאַלטן דאָס געלעכטער פון זיך אַרויס.

— חיל, די מתים לאַכן פון די לעבעדיקע?

— אָ, רבי, ניין! — האָט חיל פּלוצעם באַקומען לשון — זיי לעבן אויך נישט. זיי זענען פּונקט ווי איך. מען האָט אונדז געפירט צוזאַמען — זיי און מיך. אויך אין די גריבער האָט מען אונדז אויסגעמישט — די נאַראָנים און די דערפאַרענע; די שולדיקע און באַשולדיקער, און אויך אייך, בית־דין; אויך איר מיט אייער אייביקער חכמה, איר זענט דאָרט צווישן אונדז. נאָר דאָ האַלטן אַלע זיך גרויס.

— חיל, ביסטו דען אויך געווען אין געטאָ?

— יאָ, אין זיין לעצטן גלגול. ער איז מיט זיין פעסטן גוף דאָרט געווען פאַרשלאָסן הינטער די ווענט. אויך דאָרט האָט ער אָבער זיך נישט געקליגלט. ער האָט געטאָן זיינס. זיי, דאָ אויף די בענק אַנטקעגן, זיי זענען דאָרט די ערשטע געוואָרן פאַריאושט, אָן ווילן. זיי האָבן אָפּגעהאַקט. ער— נישט. ער האָט ווייטער באַפּרוכפּערט די טעכטער. קינדערלעך זענען פון אים געבוירן געוואָרן. ער האָט ביז דער לעצטער מינוט מיט זיי אָנגעפילט דאָס געטאָ.

— ווער שטייט דאָ אויפן שטענדער אַנטקעגן חילן?

— רבי, ס'איז מער נישט זי, דאָס קינד, וואָס חיל האָט זי מאַנס געווען; ס'איז ר' יום־טובל.

— דאָס בית־דין הערט: וואָס טענהט דער באַשולדיקטער?

ר' יום־טובל (מיט אַ הייזעריק שטימעלע):

— אויך אין לעצטן דור האָבן די בני־ישראל גאָרנישט פאַרגעזען: זיי האָבן זיך געמערט אין די געטאָס, ווי אַ מאָל אין מצרים. זיי האָבן געמיינט, זיי וועלן פון זיי אַרויסגיין.

אַנקלאָגער:

— אַ שיין גלייכעניש! איר, דער צדיק, ר' יום־טובל, האָט יאָ געדאַרפט פאַרזען. ער, חיל, איז עפּעס אַנדערש. אָן אים, חילן, וואָלטן פיל פון די טעכטערלעך, וואָס ערשט אין געטאָ זענען זייערע גופים אויפגעגאַנגען — קיין מאָל נישט דערפילט אויף זיך דעם באַריר פון אַ זכרישער האַנט. פאַרשעמטע וואָלטן זיי אַוועק פון דער וועלט.

— און וואָס איז מיט זיי, מיט די אַנדערע — אַלע די וואָס האָבן געגידערט מיט תמימות אין די גריבער — ווו איז זי, די פאַרשעמונג פון זייערע לייבער?

— זי שוועבט אַרום. קיין מאָל מער וועט זי פאַר זיך שוין נישט געפינען קיין תיקון.

— מען דאַרף זי אַהער, פאַר אונדז, רופן.

אין זאַל איז געוואָרן אַ גערודער. מען האָט געוווּסט, עס הייבט זיך אָן. נישט סתם אין סברות האָט דאָס בית־דין ביז איצט עוסק געווען; אַלץ האָט אַ תכלית. ער קומט איצט אַרויס אָפן. באַלד וועט מען אים וויסן. מען האָט זיך איבערגערוקט אויף די ערטער. עמעצער האָט שנעל אָפּגעהוסט, אַראָפּגעשלונגען דעם אָטעם. מען האָט געהערט טירן סקריפּען. אַ קינד איז איבערגעלאָפן פון באַנק צו באַנק. דאָס בית־דין האָט שטיל זיך באַראָטן.

מען האָט געוווּסט, עס ווערט איצט אַראָפּגעבראָכן אַן עדות לטובת חילן; די סניגוריה האָט אים אויסגעזוכט. דאָס קאָן ענדערן דעם גאַנצן לויף פונעם משפּט. מען האָט נישט פאַרגעשטעלט זיך, ווי דער עדות זעט אויס. מען וועט שוין דאָס אויך נישט וויסן. אַן אַנטוישונג האָט אַרומגעכאַפּט די מחנה. דאָס בית־דין איז אַנטקעגנ־געקומען די בקשה פון איר צד, מען זאָל זי, דעם עדות, אויסהערן ביי פאַרמאַכטע טירן.

אין זאַל איז קיינער מער נישט געווען, ווען זי איז אַרויף אויף דעם שטענדער. זי האָט אים אַליין פאַרנומען אין דער ברייט און הויך. אויך דער גאַנצער חלל אין שפּיגל אונטן איז מיט איר געווען אויסגעשטאָפּט, פול. אַ צעצויגענער שלייער האָט די גאַנצע צייט פאַרשטעלט איר פּנים. מען האָט געזען, עס זענען איר שווער אויפן גרויסן געוויקלטן גוף אויך די בליקן פון די שופטים אויף דער בינע. זי קאָן זיי נישט פאַרטראָגן. די דיינים האָבן אָפּגעקערט די אויגן אין דער זייט.

— דיין נאָמען?

— מיר שטעלן זיך אַנטקעגן די פראַגע! — האָט דער פאַרטיידיקער אין דער ליידיקייט פון זאַל געלאָזט הערן זיין וואָרט. זי האָט זיך אַ וואַקל געטאָן אויפן שטענדער.

— עלטער?

— נישט אַלט. קיין גרויע האָר אויפן קאָפּ האָט זי נישט.

— פאַרהייראַט?

— אַזוי ווי זי איז געקומען אויף דער וועלט, אַזוי האָט זי זי פאַרלאָזט.

— ווער וועט רעדן פאַר איר?

— אירע פאַרשעמטע יאָרן אַליין וועלן פאַר איר רעדן.

— ווילן זיי דאָ אַריין?

— זיי דראָפּען זיך אין דרויסן אויף די ווענט.

נישט קיין קול האָט מען געהערט, נאָר אַ געוויין, דורך די ווענט אַדורך.

„ווען זי איז אויף דער וועלט געקומען — האָט איר פולקייט באַלד אָנגעפילט דער מאַמעס אַ האַלב בעט; ווען זי איז גרעסער געוואָרן — האָט זי די נאָענטע אַראָפּגע־שווערט די הענט; ווען מען האָט געקושט די צאַרטע פּנימלעך פון אירע שוועס־טערלעך — האָט זי געהאַט צו גרויסע באַקן; אַז זי איז עלטער געוואָרן — איז איר גוף געווען איבערגעוואַקסן; ווען זי פלעגט ביי נאַכט אַהיימקערן — האָט זי אין הויף געטראָפן אירע קלענערע שוועסטער, אַרומגעוויקלט מיט לאַנגע מענלעכע שאָטנס. אויפן געלעגער אַליין האָט זי ביז שפּעט נאָך פאַרנומען זייערע שושקערייען הינטער די ווענט; ווען ס'איז געוואָרן טאָג — האָט זי נאָך געדרייט זיך מיטן גרויסן גוף, אים געדריקט צו דער צוואַרעמטקייט אונטער זיך. אין די טעג — האָט זי נישט געוווּסט,

ווי מיט אים זיך אַהינצוטאָן. קיין שום בליק האָט צו זיין נאַקעטקייט זיך נישט דורכ־געגליטשט; קיין מאָל האָט קיין שאַרפער קוק אין אירע אויגן, ביז טיף אינעווייניק זי נישט געמאַכט אויפשוידערן. יאָר נאָך יאָר האָט זי אים געטראָגן, איר גוף, ווי אַ גרויסע משׂא.

און נישט איין מאָל, ביים וואַשן זיך, ווען אירע שוועסטער פלעגן פאַר איר זיך אויסטאָן, און זי האָט געקוקט אויף זייערע לייבער, האָט זי נאָך געפילט אַרום און אַרום אויף זיי, די שפּורן פון געשטילטע מענלעכע באַגערן, איינגעלאָשענע נעכטן ביי נאַכט. אויף איר אייגענער נאַקעטקייט האָט זי לאַנג געשפירט זייערע אָפּגעטועגע, רחמנותדיקע בליקן.

אין די שפּעטערע יאָרן, אין די נעכט, ווען די בעטן פון אירע שוועסטער אַרום זענען שוין געווען ליידיק; זיי אַליין זענען ערגעץ ווייט שוין געלעגן געקילטע ביי זייערע מענער, האָט זי אַליין אַליין זיך געקאָלערט מיט איר אַנגעיוירענעם קערפּער — מער נישט צום פאַרטראָגן. קיינער האָט נאָך נישט געהאַט אָפּגעדעקט איר שעמעוו־דיקייט. זי האָט געמוזט האַמעווען אין זיך שטיל די רופן, וואָס האָבן געוואָלט אַרויס. בענקענדיקע קעץ אויף די דעכער האָבן זיי אַנטפּלעקט פאַר אַלע. זייערע געמיאַוטשען אין די נעכט זענען אין איר שטום אַריין, האָבן געמאַכט אויפוואַרפן אירע אברים.

ערשט אויף איר שטילער לוויה, ווען מען האָט, אַ שווערע, אַן אויסגעשפּרייטע אין דער לענג, מיטן פּנים אַרויף, זי געטראָגן אויף דער מיטה, איבערגעדעקט מיט אַ טוך — האָט יעדן מלווהס בליק אַ ווײַלע אויף איר גערוט. מען האָט געוווּסט, אין דער לענג פון דעם אָפּענעם גוף האָט קיין מאָל קיין זכר זיך נישט געצויגן, אים נישט געדעקט; קיין האַריקע האַנט האָט קיין מאָל קיין וויש נישט געטאָן איבער דער פולער ווייכקייט. די אַנגעדראָלענע נישט־גערירטקייט האָט איצט שטיל געשריגן צו גאָט" —

— געוואַלד! מער נישט! — האָט אַ געשריי געטאָן דאָס בית־דין.

— געוואַלד — האָט נאָך דעם מילד איבערגעחזרט ר׳ יוזפל — עס איז צו שווער, איר אין די אויגן, נאָך אַ מאָל דאָס אַלץ צו לאָזן הערן. ער האָט אַ באַוועג זיך געטאָן מיטן פּנים צו דער אַנדערער זייט שטענדער. נאָר זיין העלפער פון רעכטס, דער הויכער שטרענגער דיין, האָט פּלוצעם זיך געגעבן אַ דריי אויס צו דער אַנטקעגנדיקער זייט.

— און פאַר איר — האָט ער אַלץ זיך נישט געכאַפּט — האָט צווישן די אַלע צדיקים קיין אויסלייזער זיך נישט געפונען? קיין איינער איז נישט געווען, וואָס זאָל אָפּטאָן די געבונדנקייט פון איר גוף?

די ווערטער זענען שטרענג געזאָגט געוואָרן. זיי זענען לאַנג געבליבן הענגען אין חלל. קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן.

— דאָס געריכט איז פול מיט משוא פּנים; עס איז שוין קובע, פאַרן פאַרענדיקן דעם משפּט! — האָב איך פּלוצלינג זיך אויפגעריסן פון אָרט — נאָך נישט אַלע עדות זענען אויסגעהערט געוואָרן!

איך האָב געוואָלט ווייטער שרייען קעגן דער עוולה. נאָר דאָ האָט ר׳ יוזפלס האַנט אַ גרויסע, אַ צעוואַקסענע, זיך געלאָזט איבערן גאַנצן זאַל. מען האָט געזען די פינף פינגער ליגן איבער אַלע בענק אַראָפּ, אַראָפּ, ביז יענער זייט טיר. ער האָט מיט איר אַ קלאַפּ געטאָן אין חלל.

— קיין שום בית־דין איז נישט אָן פּניות מער ווי איין רגע; ביים אָנהייבן דעם משפּט. באַלד ווערט עס צוגעצויגן צו איין צד. דער חילוק פון פרייע און משוחד'דיקע ריכטער — איז בלויז אין דעם איינעם אויגנבליק. ער איז געשטאַנען, ווי אַ היינטצייטיקער ריכטער אין אַ טאָגע. ער האָט שטרענג באַפוילן איבערצורייסן די זיצונג.

אין די פּויזעס צווישן זיצונג און זיצונג האָבן מיר שפּאַצירט אויף די גאַסן, בריקן און אין די מוזעומס פון אַמסטערדאַם. פון רעמבראַנדס גרויסע לייוונטן האָבן צו אונדז אַראָפּגעשטומט די פּנימער פון יידישע חתן־כלה; די בערד פון יידישע קעניגן און נביאים; די שטערנס פון אַלטע יידישע רבנים. די בילדער זענען צוליבן משפּט געווען אויסגעשטעלט אין שטאָט. אַ ריי יאָרן פריער האָט מען זיי געוויזן בלויז פּאַר פרעמדע. איצט האָבן זיי ווידער אויף זיך געפּילט די נאָענטע בליקן פון אייגענע. די קינאָס און טעאַטערס האָבן געשפּילט, ווי געווייִנטלעך. אויף די עקראַנען האָט מען געוויזן מענטשן יונגע, שיינע, פון אַ נייעם טאָג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן. אַלע זענען געווען גרייט דערצו. עס האָבן בלויז געשטערט די שאָטנס פון די געקומענע צום געריכט, וועלכע מען האָט געזען זיך פאַרבייווישן אויף די טראָטואַרן. מען האָט געפּילט, זיי זענען אויך דאָ אין די קינאָס. זיי שוועבן פאַרביי די עקראַנען און לעשן זיך איין. אַליין האָבן זיי זיך נישט געדרייט אין די גאַסן. זיי זענען געבליבן פאַרמאַכט אין די צימערלעך. מען האָט פון זיי אויך נישט גערעדט, נאָר אומעטום האָט מען געפּילט, זיי זענען דאָ. די פון זיי, וואָס האָבן אַ ווילדע אַרויסגעשטעקט די פּנימער אין דרויסן, האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף פייַנטלעכע בליקן. עס איז געווען קענטיק, די שטאָט האָט דאָס געענוג. זי וויל שוין איבערקומען דאָס מישן אין אַלטע זכרונות. זי וויל גיין פאָרויס. ערגעץ ווו האָט אַן אומבאַקאַנטע האַנט אַפילו אָנגעשריבן אויף אַ וואַנט: „אַ טויט די מתים!". ערגעץ אַנדערש, אין באַרן, ביי די בופעטן, האָט מען אָפן גערעדט, אַז דאָס האָבן זיי זיך אַליין אומגעבראַכט, די מתים, כדי אויסצוטראַכטן אַ בלבול אויף דער מענטשהייט. די, וואָס האָבן דאָס געזאָגט, האָבן נישט געפּילט, ווי אין די פאַרנאַכטן גייען זיי אַליין איבער די טונקל־ווערנדיקע גאַסן פון אַמסטערדאַם, לענג־אויס די וואַסערן, צוזאַמענגעדריקט יונג און אַלט, ווי אונטערטעניקע שאָף — אַנטקעגן דעם ווייטן, וואָס לאָקערט אויף זיי. אפשר דערפאַר האָט זיי געשראָקן דער משפּט. זיי האָבן געוואָלט אַזוי גיין און גיין, מען זאָל זיי אין אים נישט דערמאַנען. אויך די, וואָס האָבן נאָך נישט געהאַט אויף זיך דעם עול, האָבן אים שוין געפּילט אויף זיך, ווי אַ לאַסט, וואָס מוז זיי דריקן. די פּלייצעס זענען שוין אונטער אים אונטערגעשטעלט; ווו דו ווערסט זיך נישט רוקן פאָרויס — וועט ער אויף דיר פאַלן. דאָס האָט טייל געבראַכט שוין אונטערצוגעבן זיך אַנמעכטיק. זיי האָבן דערשפּירט אַ פוילקייט אין די ביינער; זיי האָבן דאָס גאַרנישט טאָן גענומען באַטראַכטן, ווי די שענסטע מידה פון זייער קיום — אַנטקעגנצושטעלן זיך דעם מוז. אַנדערע האָבן נישט אויפגעהערט זוכן דעם שולדיקן — אַרום זיך. אַלע צוזאַמען האָבן זיי געהאָפּט, אַז דער קאָשמאַר איז שוין אַריבער. ער געהערט צום ווייטן נעכטן. ער האָט געמיינט בלויז יענע מיט זייערע קינדער — די קליינע זקנים.

זיי אַליין, די יונגע, האָבן איצט מאַרשירט מיט ריטמישע טריט פאָרויס — אין די גאַסן פון די שטעט. פּייקלען האָבן רוישנדיק צוגעפּויקט: „מען גייט, מען גייט.

מיר קומען אָן!". דער מאַרש האָט זיך פאַרשפּרייט, אַלע אַרומגעכאַפּט. פּיס, פּיס, פּאַרויס. מען איז געגאַנגען מיט פרישע פּענער אין דער הויך. עס איז געווען אַ שם, אַז די יונגע בלייבן. אויך די פאַרבליבענע זקנים, מאַמעס און זיידעס, זענען אַריין. זיי האָבן געגלייבט, אַז אין דעם מאַרש, צווישן די יונגע, וועלן אויך זיי זיך מיטכאַפּן, וועלן אַדורך.

עלטערן האָבן מער נישט געוואָלט שיידן זיך פון קינדער; זיי האָבן אין זיי זיך באַהאַפטן; האָבן געשמייכלט צו זיי מיט חניפה; זיך געקלאַמערט, נישט געלאָזט זיך אָפּרייסן. זיי האָבן געוווסט, יעדער, וואָס ווערט מיד — מוז בלייבן פון הינטן; לייגן ווי אַן אַלטע חיה דעם קאָפּ. די יונגע האָבן געאיילט, געוואָלט פון זיי אַנטלויפן; מורא געהאַט, נישט ווערן געצויגן אויף צוריק.

די מאַרשן האָבן אָנגעפילט די לענדער. אויך דאָ, אין אַמסטערדאַם, האָט מען זיי געזען: יונגע, מיט אַ מאָל אויפגעוואַקסענע מיידלעך; פיל, פיל, ווי פרויען־אַרמייען; מיט בלוזקעס און ראָקן פאַרדעקט די וואָרעם־אויסגערייפטע אברים. אויך לאַנגע רייען פלוצעם־אַרויסגעשפּראָצטע יונגען, מיט הויכע, באַהאָרטע פּיס און שמאָלע לענדן.

זיי האָבן זיי געטראָגן, די יונגע זי׳ס און ער׳ס, זייערע אויפגעגאַנגענע אברים — פאָרויס, פאַר זיך — גרייט צו גיין מיט זיי ווייטער אין די דורות אַריין. פון זיי וועט עס זיך אָנהייבן.

ס׳איז אָבער געווען קלאָר, אַז אַזוי לאַנג ווי ער וועט זיין, דער משפט; זיינע עדות וועלן זיך נאָך דרייען צווישן אונדז — וועט די זון נישט קאָנען קלאָר לייכטן. פון זייערע פּנימער וועט זי צוריקשיינען מיט זייער שאָטן; זי וועט מיט אים צייכענען די פּנימער אומעטום. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז זיי און זייערע קינדער וועלן זיך אָנשטעקן מיט די פלעקן. די שפּורן קאָנען אויך אין זיי טיף אַריינדרינגען; שאָטענען זיך אין מקור פון זייער בלוט, וואָס וועט טונקל זיך זעצן. די ריינע מיט די העלע בלוטן, זענען געבליבן פאַרצווייפלט.

טייל האָבן געהאַלטן, אַז די מיט די שאָטנס אויף די פּנימער זענען אַ שבט. געצייכנט, כדי פון אים זיך אָפּצושיידן; נישט קומען אין באַרירונג מיט אים, ביז ער און זיין דור וועלן זיך אויסלאָזן.

און דעמאָלט איז עס געשען, אַז מען האָט אים, דעם משפט, געוואָלט פאַרשטאָפּן; פאַרקלאַפּן מיט ברעטער זיינע טירן. פון דער ווייטנס זענען אַהער שוין געפאַלן שטיינער. עס זענען אַהער אויך אָנגעקומען ידיעות, אַז אויף די וועגן שטערט מען מענטשן צוצוקומען צום בית־דין. ביי טייל שאָסיי־קרייצונגען האָט אַ פרעמדע האַנט אַראָפּגענומען די וועגווייזערס; זיי איבערגעשטעלט מיט די פינגער אין דער פאַר־קערטער זייט; אויף אַנדערע ערטער זענען זיי אין גאַנצן פאַרשוווּנדן. אויף אַ פאַר־מאַכטער גרענעץ צווישן מדינות, האָט עמעצער, אין אַ פאַרנאַכט, געפרווּוט אַראָפּרייסן דעם רעגנבויגן, וואָס איז אויבן אַרויסגעהאנגען געוואָרן. אָנגעקומענע עדות האָבן זיך באַקלאָגט, אַז פאַרן אַרויסגיין האָט מען אָנגעוואָרפן אויף זיי אַ מורא. קולות אין די נעכט האָבן אין זיי אַריינגערעדט, געדראָט צו פאַרכאַפּן זייערע קינדערלעך, ווען זיי וועלן נישט זיין דערביי. די ידיעות זענען דערגאַנגען צום בית־דין. מען האָט נישט געוווסט, צי מען זאָל דערווייל ווידער עפענען די טירן. דער הויכער שטרענגער

דיין האָט געדראָט, צו פֿאַרמאַכן אין גאַנצן דעם משפּט. איינצלנע משוגעים זענען אַרומגעלאָפֿן איבער די שטעט און באַוויזן, אַז אָן אים — וועט זיין נאָך ערגער. מען וועט אין ערגעץ נישט אָנקומען. עס איז בעסער, עס זאָל יאָ זיין אַ משפּט. זיי האָבן געטענהט, אַז די וועלט וועט נישט אויסגעלייזט ווערן, ביז עס וועט נישט פֿאַרשווינדן דער לעצטער ניכטערער מענטש. אַלע וועלן זיך דרייען משוגע. העצערס האָבן פֿאַרשפּרייט גרויליקע ידיעות, אַז די גאַנצע מעשה מיטן משפּט איז אויסגעטראַכט. קיינער איז ביז איצט פֿון אים נאָך נישט צוריקגעקומען. ער קומט גאָרנישט פֿאָר, און אויב יאָ — ווערן אַלע אינעווייניק, אין אים, איינגעטאָן. אַנדערע האָבן געוווּסט צו דערציילן, אַז דאָס בית־דין זיצט נישט אין רויטן בנין פֿון דער פּאָרטוגעזישער שול, נאָר גאָר ערגעץ ווייט — אין דעם ציגל־רויטן בנין פֿון קאָפּערניק־לאַגער אין נאָוואָ־מינצק, דאָרט ווו מען האָט פֿאַרברענט די לעצטע עדה. דאָס האָט געזייט בהלה, ווייל יענער בנין איז אין די פֿייערן שוין לאַנג געהאַט איינגעפֿאַלן.

אויב קיינער האָט נישט געקאָנט באַווייזן, אַז דער משפּט קומט יאָ פֿאָר — האָט זיך אָבער געפֿילט די לינקע האַנט, וואָס האָט אויף אים זיך פֿאַרמאָסטן. זי האָט אַהער קיין אַמסטערדאַם נאָך נישט געגרייכט. זי האָט שוין אָבער פֿריי געהערשט אין די ווייטע מקומות, ווו די שליחים פֿון בית־דין זענען נישט דערגאַנגען. זי האָט דאָרט אָנגעוואָרפֿן אַ פּחד אויף די לעצטע עדות.

עס איז געווען אַ מורא, אַז דער משפּט וועט מער נישט באַנייט ווערן. די עדות, וואָס האָבן געוואַרט אין שטאָט, זענען נישט געווען זיכער, אַז מען וועט זיי צולאָזן. מעגלעך, זייער ענין וועט מער נישט געבראַכט ווערן פֿאַרן בית־דין. עס וועט בלייבן תּיקו. זיי וועלן אַ גאַנץ לעבן זיך דרייען אין ספֿק.

אין שטאָט זענען איצט פֿאָרגעקומען אסיפֿות פֿון די נישט־צוגעלאָזטע. מען האָט זי נישט געפֿילט, די רעכטע האַנט, וואָס פֿירט דעם משפּט. זי איז אַוועקגענומען געוואָרן. מענטשן זענען אַריינגעפֿאַלן אין עצבֿות. זיי האָבן געטראַכט אויך אַרויסצולאָזן זיך פֿון אַלע פֿאַרמאַכטע צימערלעך, גיין אין דעמאָנסטראַציעס, פֿאָדערן די באַנייונג פֿון משפּט; מאַרשירן צוזאַמען לאַנג, אָן אויפֿהער, שווייגנדיקע, איבער די פּלעצער און גאַסן, אָנפֿילן די שטאָט; נישט מורא האָבן. מען האָט אַרויסגעקוקט דורך די שפּאַרעס פֿון די לאָדנס, צו זען די דרויסנדיקע היגע איינוווינער. פֿון הינטער אַלע פֿאַרמאַכטע לאָדנס האָט אַן אויג געקוקט אין גאַס אַריין. די שטאָט האָט צו ערשט דערפֿון נישט געוווּסט, זי איז באַלאַגערט פֿון אינעווייניק. די שויבן פֿאַר די אויגן פֿון די אַרויס־קוקנדיקע האָבן אָבער גענומען פֿאַרצויגן ווערן מיט בלוי. דאָס האָבן די אַמסטער־דאַמער תּושבֿים געשפּרייט בלוי איבער די פֿענצטער פֿון די געקומענע.

די אסיפֿות זענען נישט געווען קיין שטילע. מענטשן האָבן זיך געקאַכט; מיט געפֿילדער אַרויסגעבראַכט זייערע טענות. זיי האָבן געהאַלטן, אַז אויך אויפֿן משפּט איז דאָ משׂוא פּנים; די שטילע לייט לאָזט מען וואַרטן, כאָטש זיי האָבן נאָך צו גיין ווייט. מאַמעס האָבן געשריגן, אַז זיי האָבן ערגעץ איבערגעלאָזט די קינדער אַליין; זיי איילן זיך. מען האָט געפֿאָדערט שיקן אַ דעלעגאַציע צום בית־דין.

דאָ אין זאַל, אויף דער אסיפֿה, זענען זיי געזעסן אַרום און אַרום לאַנגן טיש, די אַלע, וואָס פֿריער אין געריכט זענען זיי געווען צעוואָרפֿן צווישן די וואַרטנדיקע אויף

די בענק; אָדער גאָר — פאַרבליבן אין דרויסן. אויך הינטער זייערע פּלייצעס, פון אַלע פיר זייטן, האָבן זיך געשטופּט די באַוואָלהטע. מען האָט געצערנט אויף די דיינים. קיינער קאָן זיי גאָר נישט, האָט מען געזאָגט; מען ווייסט נישט פון וואַנען זיי האָבן זיך גענומען. מען האָט זיי אויך חושד געווען, די דיינים, אַז זיי זענען געשלאָגן מיט אַ קורצן זכרון. דאָס געדענקען פון פריער איז ביי זיי אָפּגעהאַקט. דעריבער הענגען ביי זיי די קעפּ אַראָפּ. און טאָמער גאָר זענען אויף זייערע גופים אַרויפגעזעצט פרעמדע קעפּ. עס איז עמעצער אַרויס מיט אַ רעיון, מען זאָל טוישן דאָס בית־דין, און אפשר זאָלן די זיצנדיקע דאָ אַליין זיך מכריז־זיין אַלס בית־דין און אָנגיין מיטן משפּט.

די אסיפה האָט געזאָלט באַשליסן, אַז ס'איז איצט אַ באַגעגעניש פון צייטן; אַלע תקופות טרעפן זיך צוזאַמען. פון אַלע זייטן פירן וועגן פון זיי אַהער צום הויף פון געריכט. מען דאַרף אַרויסהענגען שילדן מיט ווייזערס, ווי אויף אַ זייגער: ס'איז איצט די צוועלפטע שעה פון אַלע פאַרגאַנגענע און קומענדיקע צייטן. דאָ אַהער אַרויס האָבן זיי זיך געעפנט; דאָ האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. דער זייגער איז פאַרהאַלטן, און מעגלעך שוין אויף שטענדיק.

און אפשר אַרויסהענגען אומעטום שילדן מיט פינגער, זיי זאָלן אָנווייזן פאַר די ווייטע צייטן די וועגן וואָס פירן אַהער. דאָ וועט מען אַלע תקופות צוזאַמענבנעמען, ווי אויף אַ מאַפּע און אין זיי אַריינקוקן מיט אַ פאַרגרעסער־גלאָז.

די אסיפה האָט דאָס געוואָלט פאַרשטיין; ווו נעמט מען אַזאַ גרויס אויג, וואָס זאָל הענגען איבער דער מאַפּע.

עס האָט איינער פון די ניי־באַשטימטע דיינים דאָ געבעטן אַ וואָרט. ער איז געזעסן צווישן אַלע ביים טיש. זיין גוף האָט מען נישט אַרויסגעזען; בלויז זיין קאָפּ האָט זיך געהויבן איבערן ראַנד, גאָר הויך און גרויס, און קיילעכדיק. ביז ער האָט גענומען רעדן, און זיינע לעפצן האָבן זיך באַוועגט, האָט מען חושד געווען, אַז ער איז אַ ריזיקער סקולפּטור־קאָפּ, וואָס הענגט נאָענט איבערן טיש. איצט, בעת ער האָט גערעדט, האָט אויך בלויז דאָס מויל זיך געעפנט און געשלאָסן. אין גאַנצן איז ער געבליבן, ווי איינגעשטייפּט. ער האָט נישט געהאַט קיין באָרד און פּאות. מען האָט נישט געוווּסט, צי ער איז אַ פאַרצייטישער באַרימטער רב, אַ סריס, וואָס זיין זכות זאָל אונדז ביישטיין; אָדער גאָר, אַ געגאָלטער ביים לעבן, וואָס נאָך דער פּטירה, וואַקסט מער נישט ביי אים; ער וויקלט איצט זיין פּנים מיט דער חרפּה פון דער נאַקעטקייט. ער האָט אויך נישט קיין קאַפּל איבערן קאָפּ, אפשר ווייל ער איז שוין פּטור פון מצוות.

אַלע אויערן האָבן נאָענט זיך איינגעהאָרכט אין זיינע רייד, וואָס זענען אים אַרויס אָן אַ הויך פון מויל. מען האָט נישט געדענקט, מען זאָל אים האָבן באַשטימט אַלס דיין, סיידן ער האָט אַליין זיך באַשטימט, און ער זיצט שוין דאָ גאָר לאַנג.

מען האָט געהערט, ער לייגט פאָר, אַז דאָ אויפן טיש זאָל מען מאַכן אַ טעאַטער; אַלע געמאָלטקייטן פון דער צוזאַמענגעטראָפענער צייט זאָל מען דאָ שפּילן, ווי אַ משל פאַר דער אסיפה, זי זאָל בעסער באַנעמען.

מען האָט באַפוילן דעם שמש אַריינלאָזן די אַרטיסטן.

פון אַ זייטיק טירל זענען זיי אַריין. מען האָט צו ערשט נישט געוווּסט, ווער זיי זענען. אַ ווײַלע האָט מען פאַרגעסן, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ שפּיל. די זיצערס

אַרום און אַרום טיש, מיט די פּנימער האַרט אַרום די ראַנדן, האָבן געזען ווי די פּיס פון די אַרויפגעקומענע באַוועגן זיך אויבן פּאַר זייערע אויגן; זיי טרעטן איבער די געשפּרייטע טישטעכער; זייערע קעפּ אין דער הייך גרייכן ביזן באַלקן.

אויך די, וואָס האָבן זיך געפּאַקט פון אַלע פיר זייטן אַרום די זיצנדיקע, האָבן אַ ווײַלע נישט געדענקט, אַז דאָס איז בלויז אַ שוישפּיל. ביי אַ שטילקייט אין די אויערן האָבן זיי פאַרנומען, וואָס די אויגן ווייזן זיי. יעדער איז איצט מער נישט, ווי אַן אויג; אַ גרויס, טריפנדיק אויג, וואָס הענגט איבערן טיש, און אַרום אים — אויג איבער אויג פון אַלע זייטן.

איבערן טיש זענען זיך אַנטקעגן געגאַנגען פון ביידע עקן צוויי געשטאַלטן — אַ זקן, און אַ בחור. דער זקן — שווער; געוויגן, געמאָסטן יעדער טריט; דער בחור — פלינק, ווי ער וואָלט מיט די פּיס געשוועבט.

רעזשיסער: זיי זענען צווישן זיך ברוגז. ניין, זיי זעען זיך נישט איינער דעם אַנדערן.

(די געשטאַלטן גייען זיך פאַרביי, מאָל נאָך מאָל, און באַגעגענען זיך נישט).

רעזשיסער: איך באַפעל אייך אויפצוהייבן די קעפּ!

(זיי שטייען איינער קעגן אַנדערן און הייבן ביידע די קעפּ צום באַלקן).

רעזשיסער: ניין, קוקט צום פּובליקום, דאָ אַרום און אַרום.

(זיי גלייכן ביידע אויס די פּנימער אַנטקעגן פּובליקום).

(רעזשיסער, ווענדט זיך צום פּובליקום):

— נו, וואָס זעט איר?

(דאָס פּובליקום קוקט אַ ווײַלע, ווי פאַרבליפט; מען זעט, עס האָט פאַרלוירן דאָס לשון; זיי גלייבן זיך אַליין דאָס נישט צו).

רעזשיסער: נו, וואָס שווייגט איר? רעדט!

(אַלע צוזאַמען ווילן עפענען די מיילער).

רעזשיסער, צו זיי אויבן: קוקט זיך אָן! איר ביידע קענט זיך?

(ביידע שאָקלען מיט די פּנימער אין דער ברייט — אויף ניין).

רעזשיסער, ווידער צום פּובליקום: וואָס רעדט איר נישט? איר שווייגט! איר זעט אַלע, זיי זענען ענלעך, ווי צוויי טראָפּן מילך איינער צום אַנדערן — אָט דער זקן, און אָט דער יינגלינג. אמת??!

(דאָס פּובליקום שאָקלט מיט די גאָמבעס אַרויף און אַראָפּ — אויף יאָ).

רעזשיסער: איר מיינט דאָך אַוודאי אַלע, אַז דאָס איז דער זעלביקער מענטש; דאָ שטייט ער פאַר אייך אַ יונגיטשקער מיט רויטע בעקלעך און רויטלעכע האָר, און דאָ שטייט ער שוין אין זיין עלטער — אַ ברייטער, אַ הויכער, מיט אַ גרוי־רויטלעכער באָרד און נאַקעטן קאָפּ, אָן האָר.

(דער עולם שאָקלט מיט די קעפּ אויף יאָ).

רעזשיסער: מילא, דער יונגער איז געוועזן פריער; דעריבער דערקענט ער נישט דעם אַלטן. אָבער דער אַלטער — פאַר וואָס געדענקט ער נישט דעם יונגן?

(דער עולם הייבט מיט די אַקסלען).

רעזשיסער: און אפשר גאָר איז דאָס נישט איין און דער זעלביקער מענטש, נאָר דאָס זענען אַן עלטער־עלטער־זיידע, מיט זיין אוראוראייניקל? זיי האָבן געלעבט נישט אין איין תקופה, נאָר צעשיידט צווישן זיך, דורך דורות אין דער מיטן. דעריבער

קענען זיי זיך נישט?! דער יונגער האָט געירשנט פון אים, (ער ווייזט מיטן פינגער אויפן אַלטן) זיין געשטאַלט.

(דער עולם הייבט די אַקסלען).

רעזשיסער: איר פאַרשטייט?

(דער עולם שאָקלט מיט די גאָמבעס אַראָפּ און אַרויף — אויף יאָ).

רעזשיסער:

— איר זעט, דער זקן איז אַ בעל־יסורים. ער האָט שטאַרקע ווייטיקן אין גוף. דעריבער זענען אַזוי שווער זיינע טריט; ער באַוועגט זיי קוים. ער איז מקבל זיינע יסורים באהבה. ער פילט זיך בעסער מיט זיי, ווי אָן זיי.

— איר פרעגט, פאַר וואָס ער האָט אַזוי ליב זיינע יסורים?

— ער האָט זיי ליב, זיינע יסורים, ווייל מיט זיי פילט ער זיך מער באַהאַפטן צו דער ערד, צום באָדן. דער גוף מיט ווייטיק איז אים וואָגיקער; ער איז נישט תלוש אין חלל. כדי אַ מענטש זאָל זיך פילן, מוז ער האָבן יסורים אין גוף. אַנדערש — שוועבט ער. ווען יונגע וואָלטן אויך געהאַט יסורים, וואָלט די וועלט אפשר געווען האַפטיקער. אָט דער אַלטער וויל נישט זיין אָן יסורים.

(דער עולם שווייגט).

רעזשיסער: און אפשר איז פאַראַן נאָך אַן אַנדער מעגלעכקייט: דאָס איז יאָ דער איין און דער זעלביקער מענטש, אָבער נישט אין זיין יונגקייט און עלטער, נאָר גאָר אין צוויי תקופות. ער האָט געלעבט צוויי לעבנס, אין ווייטע באַזונדערע דורות. איין מאָל איז ער געשטאָרבן אין זיינע טעג, און איז ווידער געבוירן געוואָרן נאָך הונדערטער יאָרן, אַריינצוקוקן אין אַ נייער צייט. דעריבער אפשר געדענקט ער זיך נישט.

(דער עולם רייסט אויף די אויגן. אויך די צוויי אויבן קוקן איצט נייגעריק זיך אָן, איינער דעם אַנדערן).

אַ דיין ביי דעם שפּיציקן ווינקל פון טיש, דין ווי אַ שטעקן, מיט אַ לאַנגער געל־שטרוייקער באָרד, ווי ביי אַ בעזעם; אויך מיט געלע אויגן און אויערן — שטייט אויף.

דיין, דרייט מיט די פינגער: און וואָס איז דאָ דער מוסר־השׂכל?

רעזשיסער: געדענקט, רבותי, דאָס איז בלויז אַ שפּיל. מיר מוזן נישט פאַרשטיין זיין באַטייט. אַנישט — וועט איר פאַרמישן די יוצרות.

(ער כאַפּט זיך באַלד):

— און אפשר האָט דאָס יאָ אַ באַטייט. מיר וועלן פּרוּוון טוישן, נישט בלויז די אַקטיאָרן אויבן, נאָר אויך דאָס פּובליקום אונטן. געווען איז דאָס אַזוי:

אַ מאָל, מיט פיר דורות צוריק, האָט אין נאָווא־מינצק געלעבט ר' שמעון ראַכמאַנס זיידע; ער האָט אויך געהייסן ר' שמעון.

(ביים עלטערן אַקטיאָר אויפן טיש ענדערט זיך פּאַמעלעך דאָס פּנים אויף מילד. די קאָליר פון דער באָרד ווערט צעהעלטער, ווייסער; זי ווערט לענגער. די אויגן ווערן אים — פון גרוי־וואַסערדיק — בלווילעך ליכטיקער. ער טראָגט אַ גרויס סאַמעטן קאַפּל אויפן קאָפּ, און אַ זיידן־געבלימלטן שלאַפראָק).

רעזשיסער: אַ גאָטהעלף, ר' שמעון!

(דאָס פּובליקום אַרום האָט אויך זיך געענדערט. דאָס זענען די חסידים פון גערער שטיבל אין ביינצנטן יאָרהונדערט, אין נאָווא־מינצק. אויך די ווענט זענען

אַנדערש. דער יונגער אַקטיאָר בלאַסט־איין אין דער העלקייט. מען זעט אים נישט. בלויז דער רעזשיסער איז דער זעלביקער. די בילדער טוישן זיך, מיטן אויגנבליק — איינס נאָכן אַנדערן. ר׳ שמעון שטייט איצט ביים עמוד, מיטן פּנים צו מזרח. הינטער אים — זיי אַלע: שוואַרצע און בלאַנדע, ווייסע און רויטבערדיקע חסידים. זיי זענען געוויקלט אין די טליתים).

ר׳ שמעון זאָגט און זיי אַלע נאָך אים:

„שומר ישראל, שמור שארית ישראל, ואל יאבד ישראל״ —

רעזשיסער: די תפילות האָבן זיי געזאָגט אין וואָרמס, אין מיינץ, אין ליוואָרנאָ, איזמיר; ווילנע און נהרדעא. זיי בעטן נישט מער, נאָר די רעשטלעך פון זיי זאָלן שוין בלייבן.

זיי לייענען ביים באַלעמער פון ספר בראשית:

„בצלם אלוהים ברא את האדם״ —

רעזשיסער: קיין מאָל וועלן זיי פון דעם זיך נישט אָפּזאָגן. אויך אין קינ׳ען וועלן זיי זוכן דעם צלם אלוהים. אפשר וועלן זיי אַ מאָל דאָס אויפדעקן אין אים, און אויך אים אויסלייזן.

(זיי זיצן ביי טישן, ביי אָפענע גמרות און שווייגן).

רעזשיסער: אָט מיט די ספרים איבער זייערע פּלייצעס זענען זיי געגאַנגען איבער דער וועלט. פון אַלע פייערן האָבן זיי געראַטעוועט בלויז דאָס ספר און מיט דעם זיך געטראָגן ווייטער. אַלע אַרכיוון זענען פול מיט זייערע ספרים. אָן דעם ספר וואָלטן זיי פאַרשווונדן.

(אַ שווייגן).

רעזשיסער: אויך די ספרים זייערע האָט מען געברענט, אָבער אַלע פייערן זענען צו קליין געווען זיי צו פאַרשלינגען.

(דער עולם מיט ר׳ שמעונען בלאַסט־איין, פאַרשווינדט אין ליכט).

רעזשיסער: ר׳ שמעון און אויך זיין אייניקל, דער צווייטער ר׳ שמעון, זענען שוין לאַנג נפטר געוואָרן אין ק״ק נאָוואָ־מינצק, נאָר ר׳ שמעונס אַן אוראייניקל (אַ געשטאַלט פון אַ יונגן ר׳ שמעון מיט אַ בלאַנדער באָרד טונקלט־אויף אויפן טיש) איז אין אַנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אַוועק אין ווייטן אַמעריקע, אויך ער איז שוין דאָרט געשטאָרבן. געבליבן איז זיינס אַן אייניקל, סעמיאָן. ער טראָגט מער נישט די קליידונג פון זיינע עלטערן; ער רעדט נישט זייער לשון; זייער וועג איז נישט זיינער. בלויז זייער צורה איז זיין צורה. (עס טויכט פאַמעלעך אַרויס דער יונגער) און מיט זייער נאָענטקייט צום באַשאַף לויפט ער איבער דער וועלט.

ווידער אַ בליצבילד: אַרום טיש אַ דעמאָנסטראַציע; יונגעלייט, סטודענטן, מיט בערדלעך פון ציגנבעק, אָן היטלען אויף די קורצהאָריקע קעפּ, לויפן מיט דער אַמע־ריקאַנער פאָן אין דער האַנט. ר׳ שמעונס אוראייניקל סעמיאָן, צווישן זיי. ער ווערט געטראָגן אויף אַקסלען. ער ביילט אַ בלייכע פויסט און שרייט:

„גלייכהייט פאַר אַלע, פאַר קליין און גרויס, פאַר יונג און אַלט, פאַר ווייס און שוואַרץ! מיר וועלן אונדזערע לעבנס אַוועקגעבן פאַר גלייכהייט!״.

אַלע נאָך אים שרייען:

„גלייכהייט!״

רעזשיסער: ער האָט פון זיינע זיידעס נישט געהערט; ער ווייסט נישט וועגן זיי. מיט אים, מיינט ער, הייבט עס זיך אָן.

ר׳ שמעון שטייט איצט אויפן טיש פאַרן בית־דין:

— איך רוף אים צום משפט. איך וויל אויסלייגן מיינע טענות: פאַר וואָס קומט דאָס מיר, מיט אים, מיין אייניקל, זאָל אָפּגעהאַקט ווערן מיין שטאַם?! טויזנטער יאָרן האָבן זיי, מיינע זיידעס, דורך פייער און פאַרלענד, זיך געטראָגן דורך די פעלקער, און נישט איבערגעריסן אונדזער קייט. ווי קאָן ער, וואָס זיין האַרץ איז פול מיט רחמנות צו אַלע, דאָס נעמען אויף זיך: גראָד מיט אים זאָל דאָס זיך פאַרענדיקן?! קוקט און זעט: ער איז דאָך מיין קינד! בלוט פון מיין בלוט; לייב פון מיין לייב!

(ער ווייזט אויף אים מיטן פינגער. אַרום טיש זיצן שוין ווידער די דיינים און די אַלע פון פריִער פאַרזאַמלטע דאָ).

גלייך האָט זיך אויפגעריסן פון אָרט דער דינער, ווי אַ שטעקן, דיין, מיט דער לאַנגער, געל־שטרוייִקער באָרד, ווי אַ בעזעם; דער פון שפּיציקן ווינקל טיש.

— ר׳ שמעון — האָט ער שאַרף געפּרעגט, אַ בליץ־טוענדיק מיט זיינע געלע אויגן — דאַרט צום בית־דין האָט איר געשלעפּט אייער לייבעלען, געשטעלט אים צום דין, געריסן פון אים המשך; איר האַלט אייער האַנט אַרום זיינע לענדן, אַרויס־צוקוועטשן פון אים דורות. דאָס הייסט דאָך, אַז איר האָט אויפגעגעבן שוין אים, דעם, וואָס שטייט דאָ פאַר אייך, ווייל „כי בלייבל יקרא לך זרע!״. ווי שיקט זיך דאָס, וואָס איר האָט ווידער געווענדט דאָס פּנים דאָ, צו אים? גיט איר, חלילה, איצט אויף אייער בן־זקונים, דעם עקשן?!

ביי ר׳ שמעונען האָט זיך פאַרווייסט דאָס פּנים, ווי די תכריכים אויף אים; ער האָט זיך פאַרלוירן ווי אַ ייִנגל. באַלד האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט.

— שמעו נא, הערט מיך אויס — האָט ער געזאָגט — רבותי, דיינים מומחים, מיין ליידיקער קבר איז אַן עדות, אַז איך געפין מיר מער קיין רו נישט. איך קאָן נישט מוותר זיין אויף קיין איינעם פון מיינע יוצאי־חלצי. אין זייערביידנס בויך איז מיין קבר. נאָר קוים, וועט ער, סעמיאָן, זיך אָפּשניידן פון מיין נאָפּל — אַנטלויף איך פון אים אַרויס; ער בלייבט אינעווייניק ליידיק. איך שרומפּ זיך איין אין לייבלען אַליין. נאָר ווי באַלד אויך ער וועט בלייבן פאַרעקשנט, און נישט איבערגעבן זיך אויף ווייטער — ווו וועל איך בלייבן, ווען זיין גוף וועט זיך צעפאַלן?! סיידן ווידער מגולגל ווערן אין אַ פרעמדן חומר.

— הייסט דאָס, אַז יעדער מענטשן־גוף איז בלויז אַ קבר?

די זיצנדיקע אַרום טיש האָבן מיט אַ מאָל דערפילט, אַז זייערע גופים זענען ווי ליידיקע, אָנגעבלאָזענע פעסער. קיינער רוט מער נישט אין זיי. ביים דינעם דיין איז געבליבן אָנגעשפּאַנט דאָס געלע אויער.

רעזשיסער צום פּובליקום: און פון וואַנען ווייסט איר, אַז ער איז ר׳ שמעונס אַן אייניקל? אפשר איז דאָס גאָר ער, ר׳ שמעון אַליין? ער האָט ביי זיין לעבן אין ק״ק נאָוואָ־מינצק אין עפּעס פּוגם געווען — האָט מען אים געגעבן אַן עונש נאָך אַ מאָל געבוירן צו ווערן אין ווייטע מקומות, צווישן פרעמדע, כדי מתקן־צו־זיין זיין פּגם.

דאָס לויפן מיט דער פרעמדער פּאָן אין האַנט איז בלויז אַזאַ אָפּקומעניש פֿאַר אים. וואָס עס איז דער פּגם? (דער עולם הייבט מיט די אַקסלען) — ווער קאָן דאָס וויסן?

— ר׳ שמעון — האָט דער רעזשיסער פּלוצעם אַ באַפֿעל געגעבן — הייבט אויף, ווייזט פֿאַרן בית־דין אייערע הענט, אַלע אייערע אברים.

— זעט — האָט ער אַ זאָג געטאָן צום בית־דין — ר׳ שמעון און אַלע פֿון זיין שטאַם, לויבן יעדן טאָג, וואָס דער פּגם זייערער איז געווען, נאָר צווישן זיי מיט זייער גאָט, און נישט צווישן זיי און מענטש. ווען זיי זענען אויף דער וועלט געקומען, מיט זייערע גופים, האָבן זיי זיך דערשראָקן. זייער גוף קאָן, געגנוי ווי אַ קרבן, אויך זיין אַן אומברענגער. ביידע, קין און הבל, האָבן זיי די זעלביקע קערפּערס. און ווען זיי גייען אַוועק פֿון דעם עולם, מיט ריינע הענט — שפּיגלען זיי זיך אין זייער אייגענער ווייסקייט. אויף זייער קערפּער איז דאָ דער געטלעכער צייכן פֿון בונד קעגן בלוט. אין דער ברירה צווישן פֿאַרצוקן אָדער ווערן אַליין פֿאַרצוקט — קלייבן זיי שטענדיק אויס דאָס לעצטע. ניין, נישט כדי מתקן צו זיין אָט דעם פּגם פֿון שפיכת דמים — האָט ר׳ שמעון געמוזט נאָך אַ מאָל געבוירן ווערן.

(דער רעזשיסער דרייט זיך אויס):

— ר׳ שמעון, קוקט זיך אַן גלייך אין די אויגן! דאָס זענט איר אַליין. ווי קאָנט איר רופֿן זיך אַליין צום משפּט? איר האָט נישט אויף זיך קיין רחמנות!

(ר׳ שמעון דערקענט זיך פּלוצעם אין זיין ווייטן גלגול. ער וויל זיך פֿאַלן אין די אָרעמס, נאָר דער רעזשיסער גיט אַ שטעל זיך אין דער מיטן).

רעזשיסער: רבותי ס׳איז נאָך נישט אויס; נעמט זיך נישט איבער. דאָס אַלץ איז בלויז געווען אַ משל. דער משל גייט ווייטער. מיר בעטן האָבן געדולד.

— מיר זעצן פֿאָר דאָס שפּיל.

(ר׳ שמעון פֿאַרשווינדט ווידער. אויך די דיינים און דער עולם אַרום טיש בלאָסן־איין. אויפֿן טיש טויכט־אויף אַ קורץ־געקליידעטער ייד אין די מיטליאָרן; אַ בלאָנד בערדל, אַ געשווירנס. מיט אַ קראַוואַט ביז איבערן האַרץ. אין דער רעכטער האַנט — אַ לעדערנע טעקע. ער קוקט זיך אַרום איבערן ליידיקן זאַל).

רעזשיסער: שלום, ווער זענט איר? (ער דערלאַנגט אים די האַנט).

ייד: איך בין שמעון ראַכמאַן, אַן אוראוראייניקל פֿון ר׳ שמעון ראַכמאַן, פֿון נאָוואַ־מינצק, דעם אייניקל פֿון ערשטן ר׳ שמעון ראַכמאַן. און איר, ווער זענט איר?

רעזשיסער: איך — איך בין דער, וואָס זוך דעם זינען אין אייער קיום.

שמעון: האַ? (ער האַלט נאָך געשטרעקט צו אים זיין האַנט).

רעזשיסער: איך זע דאָך, אַז איר עקזיסטירט; אַ סימן, אַז פֿון דער קייט פֿון אייער שטאַם איז נישט אַרויסגעפֿאַלן די איינע רינג אין דער מיט, ווייל וואָלט יענע רינג אַרויסגעפֿאַלן, וואָלט דאָך די קייט לאַנג נאָך פֿאַר אייך געווען אָפּגעהאַקט.

שמעון: ס׳איז מקובל אין אונדזער משפּחה, יעדער פֿון אונדז דאַרף היטן בלויז איין רינג אין דער קייט; די רינג — נאָך אים. אַנדערש — צעשיטן זיך די רינגען פֿון דער קייט. יעדע רינג איז געשטעמפּלט מיט אַ נאָמען.

רעזשיסער: מיר וועלן אַ ווײַלע לאָזן אים אַליין גיין זיין ווייטערדיקן וועג.

(שמעון פֿאַרוויקלט זיך, קיילעכדיק, און קאָלערט זיך זיגזאַגיש אין זיין וועג).

רעזשיסער: ער איז די איין און זעכציקסטע רינג אין דער קייט, זינט טיטוס האָט

זיינע אורעלטערן געפירט, געפאַנגען פון ירושלים קיין רוים. אפשר איז ער נאָך געשטעמפּלט מיט דעם נאָמען פון שמעון בר־גיורא.

(שמעון קאָלערט זיך ווייטער. מיט זיין בערדל קערט ער די וועגן פון דער וועלט).

מיט אַ מאָל פאַלן שטיינער צו אים. מען זעט נישט ווער עס וואַרפט זיי. אַלע מאָל ווערן די שטיינער גרעסער. אין האָריזאָנט זעען זיך אַרויס געשטאַלטן מיט לאַנגע בייטשן אין די הענט; זיי רוקן זיך אָן, לויפן, דערנענטערן זיך, לאַכן, און קנאַלן מיט די בייטשן אין דעם זיך קאָלערנדיקן ראָד. זיי זענען אַרום טיש. מען הערט דעם פייף פון די בייטשן. אַלע זענען זיי מיט טיראָלער גרינע קאַפּעליושן אויף די בלאָנדע קעפּ און מיט פעדערס אין די זייטן פון די קאַפּעליושן. צווישן זיי, איינער, אַ יונגיטשקער בחור, מיטן ראָזן פּנים פון סעמיאָן. צוזאַמען מיט אַלע קנאַלט ער מיט דער פייפנדיקער בייטש אין דעם ראָד, וואָס הערט נישט אויף זיך צו קאָלערן, און שרייט מיט זיי:

— אַ טויט די יידן, די מערדער פון גאָט!

רעזשיסער: מיר וועלן איצט אים אַרויפלאָזן אויפן טיש, צוזאַמען מיט שמעונען.

(שמעון גלייכט זיך אויס. די צוויי געשטאַלטן גייען זיך אַנטקעגן פוןביידע עקן איבערן טיש — מאָל נאָך מאָל, און באַגעגענען זיך נישט. דאָס פּובליקום טוישט זיך. ווידער זיצן אַרום טיש די דיינים און דער עולם — אַרום זיי).

רעזשיסער: איך באַפעל אייך, שטיין בלייבן, איינער קעגן אַנדערן און אויפהייבן די קעפּ!

(זיי שטייען ביידע און הייבן די קעפּ צום באַלקן).

רעזשיסער: ניין, קוקט צום פּובליקום, דאָ אַרום און אַרום.

(זיי גלייכן ביידע אויס די פּנימער אַנטקעגן פּובליקום).

רעזשיסער, ווענדט זיך צום פּובליקום:

— נו, וואָס זעט איר?

(דאָס פּובליקום קוקט אַ ווײַלע, ווי פאַרבליפט; מען זעט, עס האָט פאַרלוירן דאָס לשון; זיי גלייבן זיך דאָס אַליין נישט צו).

רעזשיסער: נו, וואָס שווייגט איר? רעדט!

(אַלע צוזאַמען ווילן עפענען די מיילער).

רעזשיסער, צו זיי אויבן: קוקט זיך אָן! איר ביידע קענט זיך?

(ביידע שאָקלען מיט די פּנימער אין דער ברייט — אויף ניין).

רעזשיסער, ווידער צום פּובליקום: וואָס רעדט איר נישט? איר שווייגט! איר זעט אַלע, זיי זענען ענלעך, ווי צוויי טראָפּן מילך איינער צום אַנדערן — אָט דער פון דער רינג, און אָט דער יינגלינג, אמת?

(דאָס פּובליקום שאָקלט מיט די גאָמבעס אַרויף און אַראָפּ — אויף יאָ).

רעזשיסער: איר מיינט דאָך אַוודאי, אַז זיי ביידע שפּירן זייער ענלעכקייט, אַז זיי זענען פון זעלביקן לייב.

(דער עולם שאָקלט מיט די קעפּ אויף יאָ).

רעזשיסער: זיי וועלן אויך ווייטער נישט גלייבן, אַז ביידע זענען זיי די אָפּשטאַמיקע פון ר' שמעונען פון נאָוואָ־מינצק. דאָס הייסט, ביידע וויסן זיי, אַז ער, שמעון, איז ר' שמעונס אַן אוראוראייניקל, אָבער ביידע גלייבן זיי נישט, אַז אויך ער, פריץ, איז איינער פון זיי; ער איז אַן אוראוראייניקל פון סעמיאָן.

(סעמיאָן שטייט איצט אויפן טיש פאַרן בית־דין):

— איך וויל אויסלייגן מיינע טענות: פאַר וואָס קומט דאָס מיר, אַז ער, מיין אורזאורזאייניקל, זאָל מיט לאַנגע בייטשן שמייסן פלייש פון מיין פלייש און לייב פון מיין לייב?! איך, וואָס האָב געדופן צו גלייכהייט פאַר אַלע, פאַר קליין און גרויס, פאַר יונג און אַלט, פאַר ווייס און שוואַרץ; מיין לעבן האָב איך פאַר דעם אָפּגעגעבן — פאַר וואָס קומט דאָס מיר?! קוקט און זעט, ער איז דאָך בלוט פון מיין בלוט און געשטאַלט פון מיין געשטאַלט!

(ער ווייזט אויף אים מיטן פינגער).

רעזשיסער: נעמט זיך נישט איבער. איר פאַרגעסט, אַז דאָס איז בלויז אַ משל. די וועלט איז פול מיט זיי, מיט די אויסגעמישטע אייניקלעך פון סעמיאָן, וואָס יאָגן נאָך זייער אָפּבילד. צווישן אַלע יעגערס זענען זיי דאָ; צווישן אַלע אַרמייען. אין אַלע טאָלן זענען זיי אויך צווישן די הערשער. סעמיאָן איז בלויז דער איבערגאַנג צווישן ר' שמעונען און צווישן זיי. ער האָט נישט געוווּסט, אַז עס וועט אַזוי דערגיין; אַז מיט פאַרלאָזן דעם צד פון קרבן — פירט אים דער וועג, צו ווערן זיין רוצח; אַז זיין ירושה־בלוט פון הבל וועט בטל ווערן בששים אין דעם ירושה־בלוט פון קין.

(שטוינונג אין זאַל).

רעזשיסער: אָט פון דעם קליינעם שטראָם פון יעקב, גיסן זיי דור נאָך דור זיך אַריין אין אַלע טייכן פון די פעלקער. זיי פאַרשווינדן אין זיי. זעט, רוים, שפּאַניע, גערמאַניע; זעט סלאַוויע און אַראַביע. דאָס שוואַכע שטראָמל מערט זיך נישט אין זיין אייגענער קאָרעטע, נאָר פליסט און מערט — די רייכע פלוסן.

(ר' שמעון קומט־אויף).

ר' שמעון צוזאַמען מיט סעמיאָן:

— קשה מלנשוא. אָט דאָס איז צו שווער צום איבערטראָגן.

(זיי פאַלן ביידע הינטער זיך).

רעזשיסער: מיינע הערן, דאָס שפּיל איז אויס. אַז איר ווילט, האָבן מיר בלויז געהאָט די מאַפּע פאַר זיך; די צייטן האָבן אין איר זיך איינגעשרומפּן. מיר האָבן מיטן אויג אַריינגעקוקט אין איר מיט אַ פאַרגרעסער־גלאָז. און אפשר טאָר מען נישט אַריינקוקן?!

מיט אַ מאָל קומט אַרויס דער סניגור, ער שפּרייזט אַרויף אויפן טיש; זיינע פיס וואַקסן אַריין אין דער האַרטקייט אונטער זיך. ער צענעמט די הענט:

— רבותי, שפּרייט אויס דאָס פאַרגרעסער־גלאָז; קוקט ווייטער. קוקט אין געצעלט פון אברהם און שרה — וועמען וועט איר זען? — ישמעאל און יצחק; קוקט אין געצעלט פון יצחק און רבקה, און — אויך דאָ וועט איר זיי זען, ביידע — יעקב און עשיו. ר' שמעון נעמט פאַר ליב אייער גורל, ווי דאָס האָבן אים גענומען פאַר ליב אייערע זיידעס, די רבנים פון שפּאַניע און גערמאַניע, פון סלאַוויע און אַראַביע. זייט געטרייסט, „כי בלייבל יקרא לך זרע!“.

אין אַ וויטערדיק אָרט פון אַמסטערדאַם, אין דער שטאָטוואָג, וואָס איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין דעם יידן־מוזעאום, איז פאַרגעקומען נאָך אַן אַסיפה. דאָ אינעם זאַל, אויפן העכסטן שטאָק, צווישן די אויסגעשטעלטע עקספּאָנאַטן זענען געווען אויסגעזעצט אַרום טישן די אַנדערע נישט־צוגעלאָזטע צום משפט. אויף די ווענט

אַרום זענען געהאַנגען אַלטע יידישע קונסט־מנורות, מעשענע חנוכה־לאָמפּן מיטן אויסגעלופּטערטן ריח פון חלב; אין די אויסשטעל־קעסטלעך אונטער גלאָז האָט מען געזען באַגילדעטע כתובות, אויף וועלכע עס זענען געהאַט געלעגן הענט פון די עדות, וואָס האָבן זיי געחתמעט; ליידיקע ברילן אָן אויגן אונטער זיי; בשׂמים־ביקסלעך, מיטן נעגעלע־ריח, פון וועלכן נעז האָבן טיף געשמעקט. זיי האָבן דאָ אויסגעזען, אין מוזעום, די אַמאָליקע שטובזאַכן, ווי באַלזאַמירטע קערפּערס פון פאַרלאָזטע באַ־שעפענישן. די גערופענע צו דער אסיפה האָבן מיט די נעז געפּרוווט נאָך אַ מאָל צו זיי זיך דערשמעקן, דערגרונטעווען זיך צו זייער באַהאַלטן חיות; דערוואָרעמען זיי מיטן הויך. ווען מען האָט אונטערגעהויבן די הענגענדיקע פּרוכתן, האָט מען געזען, זיי פאַרדעקן בלויז די נאַקעטע ווענט פון אַרום; זייער סאַמעט איז קיל און רייצט שטיביק די פינגער.

עס זענען דאָ געווען אויסגעזעצט אַרום די טישן יונגע מענטשן, דאַרע, דורכזיכטיקע, פאַרשוויגענע אין זיך; אַ סך — נידעריקע, מיט דין־געשוירענע יינגלשע קעפּ. זייערע ליפּן — שמאָלע, ווי ערשט איצט אויפגעשניטן; מיט גאָמבעס — בלייכע, קורצע. מען האָט געזאָגט, אַז זייערע הערצער זיצן אין זיי ווי אייער. עס פּיקט זיך עפּעס אינעווייניק. געווען זענען דאָס די געהיימע פירער פון דער יידישער אַרמיי, אויפגעשטעלט נאָכן פאַרלאָזן לאָדזש. דורך אונטערערד־וועגן ווילן זיי דערגרייכן אין דער צוגעזאָגטער רעפּובליק. ווי קרעטן אָן אויגן וועלן זיי זיך איינגראָבן אין די אונטערשטע שיכטן און קריכן פאָרויס. איבער זיי וועט זי זיך בערגלען, ווי כוואַליעס, די ערד אויבן. עס וועלן אויף איר איינפאַלן די בנינים פון די טאַל־שומרים. עס איז נישט געווען קיין האָפענונג, אַז דאָס בית־דין, אַזוי לאַנג ווי עס וועט זיצן, וועט זיי, די מורדים, צולאָזן אין דער פאַרטוגעזישער שול. ר׳ יוזפל האָט אַלץ געוואָרנט קעגן שפיכת־דמים. אין זייערע הערצער קאָן זיך אויסשטיין אַ בלוטסטראָפּן, וואָס וועט איבערגיין אין זייערע קינדער. מען האָט געשמועסט, אַז זיי גרייטן זיך צו פאַרטיידיקן דעם משפּט, אויב אַ פרעמדע האַנט וועט איבער אים זיך הייבן. דאָס בית־דין האָט געוואָלט דערקלערן די גאַנצע וועלט אַלס געריכט, ווו מען טאָר נישט פאַרגיסן בלוט. זייער קאָמאַנדיר דאָ, מיט אַ לאָק, אַראָפּגעלאָזט זייטיק איבערן שטערן, ווי אַן עקבערנדיקער ווייזפינגער, האָט געפאָדערט, זיי זאָלן זיך פּראָקלאַמירן אַלס ווערביר־ביוראָ פאַר דער נייער אַרמיי פון יידן. אַלע, אויך זקנים און קינדער, וועלן אין איר געציילט ווערן. זיי וועלן מורד זיין אין בית־דין.

די אסיפה האָט געוואָלט צוזאַמענשטעלן אַ קול־קורא צו אחינו בית ישׂראל אין אַלע קהילות, רופן זיי צו מרדות; קומען, זיך לאָזן ציילן; דערווייל נישט אויפשטעלן קיין משפּחות, כדי עס זאָל נישט זיין, אויב זיי וועלן פאַלן, ווער עס זאָל זיי באַוויינען. די קהילות קדושות זענען אָבער אַלע לאַנג שוין געווען אויסגעליידיקט; ס׳איז נישט געווען דאָס בית־ישׂראל. בלויז די איבערבלייבענישן פון זיי זענען, ווי אָנגעשטאָפּטע פעלן פון דערשאָסענע חיות און עופות, געווען איינגעגליווערט אין די מוזעומס איבער די לענדער. ווען זיי דאָ זענען שטיל געוואָרן ביי די טישן, האָט זיך געדאַכט, אויך זיי זענען איינגעטוליעטע מומיעס אין דעם זאַל. די פעלקער האָבן זיי איינבאַלזאַמירט, אייביק זיי צו היטן. דאָ וועט קיינער זיי מער נישט רירן. זיי דאַרפן בלויז אַזוי בלייבן אומבאַוועגלעך מיט די גופים.

אַ רגע האָבן זיי זיך דערפילט גוט, איינגעשטילטע צווישן זייערע דורותדיקע חפצים. זייערע אָדערן רוישן מער נישט. זיי זענען איינגעהאַרכט אין זיך. מעגלעך, אַלע אַנדערע, אַרויסגעלאָזטע פון טאָל, רוען שוין אויך, ווי זיי דאָ, אין ווייטע שטאָטישע מוזעומס. מען האָט זיי דאָרט איינגעדרימלט. עס איז שטיל אין זייערע גופים. זיי וועלן אַזוי בלייבן איבער די נעכט איינגעשלאָסן אין די זאַלן, נאָר בלויז אין די טעג וועלן באַזוכער מיט ווייכע טריט זיך דרייען צווישן זיי און קוקן. מען וועט נישט טאָרן טאַפּן זיי מיט די פינגער. זיי זענען איינגעמומיעט, די בני ישראל, ווי דער כנעני און דער יבוסי.

די עקספּאָנאַטן האָבן גענומען בייגן די קעפּ אויף ביידע זייטן. צו ערשט — גאָר פּאַמעלעך, נישט אויפצורודערן די שטילקייט. זיי האָבן זיך דערזען, זייטיק, יעדער — די אַנדערע, אַז זיי אָטעמען. קיין פרעמדע באַזוכער זענען נישטאָ. די טירן זענען אָפן. די מומיעס קאָנען אַנטלויפן, ווי אויף הילצערנע פיס.

באַלד האָט איבערגעריסן די רו אין זיי זייער קאָמאַנדיר, דער מיטן לאָק אַרויפגעלאָזט איבערן שטערן, ווי אַ ווייזפינגער. ער האָט געגעבן אַ שטעל זיך אויף. זיין בליק איז געפאַלן אויף די אַרומיקע ווענט. דער פינגער איז אַ ווײַלע געבליבן אין אים פאַרשטעקט. ביי זיין יינגערן ברודער האָט מען אין טאָל אַרויסגעצאַפּט פון קערפּער דאָס בלוט. ער איז שפּעטער געבליבן ליגן פלאַך, ווי אַ בלייך אויסגעצויגן פישל. ער האָט פאַר אים אויפגעהעלט אין זיין דינקייט. אַן אויגנבליק האָט ער אין זיך דערפילט זיין איבערגעבליבנקייט. אפשר האָבן זיי אים אויפגעקלאַפּט דאָ ווייס, הינטער אַ פּרוכת. ער האָט אָפּגעגרוילט פון דער איינגליוורונג. מען האָט געזען זיין מיטלוווקסיקע געשטאַלט מיט ברייטע אַקסלען. זיין באַקן הינטן איז אַנגעלאָדן. אַלע אַרום האָבן זיי דערשפּירט, זי ריזלט־אויף, די פאַרשטייפטקייט, אין זייערע אינגעווייידן. זיי האָבן מורא געהאַט, דער מוזעום־בנין זאָל פון זייערע פלייצעס נישט אַראָפּפאַלן, ווי אַן ארון פון איבער אויפגעוועקטע מתים.

— רבותי! — האָט אין דער שטילקייט פּלוצעם זיך געהערט דער עכאָ פון קאָמאַנדירס וואָרט.

מער האָט ער נישט געזאָגט. דער רוף האָט אין זיי זיך געלאָזט הערן, ווי אַ באַפעל. צוזאַמען מיט זיי האָט ער איצט זיך איינגעהערט: זיין קול בלייבט הענגען איבער די קעפּ, ווי דאָס איינבאַלזאַמירטע קול פון יידן. די יידן דאָס זענען זיי.

זיי האָבן געוווּסט, זיי זענען ווייניק, די אַרויסגעלאָזטע פון די טאָלן. זינט זיי זענען אַנטלאָפן פון לאַדוש, האָט די ערד ווידער זיך אויסגעשפּרייט אונטער זיי. זיי זענען ווייט איינער פון אַנדערן. קיינער האָט זיי ביז איצט נישט געציילט. סיידן, די זיצנדיקע דאָ וועלן אַליין זיין די קאָמאַנדירן און אַליין די אַרמיי.

זיי האָבן געדענקט די טויזנטער יונגע ברידער זייערע, די לעצט־פאַרבליבענע פון משפחות, וואָס זענען געוועזן ווייט פון די טאָלן, אין יענער זייט פון די ימים. זיי האָבן איצט דאָ געקאָנט זיין, נאָר דער צער אין זיי האָט זיי געיאָגט צו נקמה אין דעם שונא. אויף אַלע פראָנטן האָבן זיי זיך געוואָרפן. אין זייער אַרמיי האָט קיינער זיי נישט געקענט. אויך אין זייערע אייגענע רייען האָבן זיי מאַרשירט פרעמדע. אַזוי זענען זיי געפאַלן אין שלאַכט. קיינער ווייסט נישט, אַז זיי זענען אַ מאָל געווען.

זיי האָבן איצט דאָ זיך איינגעהערט אין דער שטילקייט פון זייער פאַלן; זי איז שוין אַ טייל פון דער אייביקער פאַרשוויגנקייט. זיי, די לעצטע, האָבן זיך געבראָכן אונטער זיך, ווי ביימער אין אַ וואַלד, איינער נאָכן אַנדערן, אין דעם רויש פון אַ ווינט אָן קולות. זיי דאָ זענען איצט אַלע געשטאַנען אויף זייערע ערטער, מיט די בליקן פאַר זיך, וואָס ווערן אָפּגעהאַקט מיט אַלץ אין זיי, דורך די אַרומיקע ווענט.

אַ רגע האָט אין זיי זיך איינגעשפּיזיקט אַ בלאַנקע שאַרף אין די אינגעווייד: צי האָבן זיי, די לעצט־פאַרבליבענע זין, אַ מאָל נישט געדאַרפט היטן זייערע לעבנס, ווי דעם איינציקן זכר פון זייערע היימען?! צי האָבן זיי געמעגט זיי וואַרפן אין קאַמף?! בלויז זייער בלייבן וואָלט געווען זייער נקמה. אַזוי האָבן זיי אָבער זייערע רעשטלעך אַליין געבראַכט צום מזבח פון פרעמדן טאַל־גאָט. זיי האָבן געהאָלפן אָפּווישן זייערע משפחות.

זיי האָבן געשפּירט, ווי עס בייגן זיך זייערע קני אונטער זיי.

אַזוי, מיט קורצע קני, שטייען זיי דאָ, די קאָמאַנדירן, אָן די לעצטע זעלנער.

זיי האָבן איצט געוואָלט ענדערן דעם קול־קורא צו די אויסגעליידיקטע קהילות: יעדער מוז מקדש־זיין אַ יידישע טאָכטער, איידער ער לאָזט זיך ציילן, כדי די איינגעבלייבטע נעמען פון זייערע משפחות, זאָלן צוריק אויפגיין אויפן כתב; זאָלן ווידער גערופן ווערן אין ישראל; אין דער אַרמיי וועלן איינגעזאַמלט ווערן בלויז די, וואָס לאָזן אין שטוב פאַרפלאַנצט זייער זריעה.

זיי זענען איצט געזעסן אַרום די טישן, געבויגן איבער די פאַרמעטן פאַר זיך. זייערע פּנימער — גלאַטע, ווי פון ייִנגלעך, אָן קנייטשן; דער סוד פון דורות — אַרויסגעפאַלן פון זיי. זיי האָבן אויך געוווּסט, אין דרויסן היט קיינער נישט דעם בנין. דער פּלאַץ איז אָפן. די אַמאָליקע יידן־גאַסן זענען אָפּגערוימט פון דער ערד. די נאַכט איז צוגעפאַלן. דער מוזעום שטייט אַליין, צעעפנט אין דער אַרומיקייט. די שטאָט אַמסטערדאַם מיט אירע הייזער איז דערווייטערט.

אַ רגע איז זיי באַפאַלן אַ פּחד: אויף ווי ווייט אין דרויסן זעט זיך דאָס ליכט פון זייערע זאַלן אויפן העכסטן שטאָק. דער גאַנצער בנין אויבן איז פול מיט צעלויכטענע פענצטער — איינס נעבן אַנדערן. פון דער ווייטנס, זעט מען זייערע לויזע מאַנטלען שאָקלען זיך, ווי געהאנגענע אויף די פענצטער דאָ. אויף די שויבן וואַכן זיי, זייערע מאַנטלען, קוקן אין דער נאַכט אַריין. זי דערנענטערט זיך אַהער, די נאַכט; זי בליקט דאָ שיטער אַריין. איינגעהערט אין דער טונקלניש, האָבן זיי געשוויגן; זיי האָבן מיט די אויערן פאַרנומען דאָס רוישן פון די וואַסערן אין די כראַכטן.

אַ ווײַלע האָבן זיי געוואָלט אויסלעשן דאָס ליכט אין מוזעום, שפּרייטן זיך איבער דער ערד; ליגן, לאָזן די טויטע אַרמייען דורכמאַרשירן איבער זיך.

זיי האָבן געוואַרט, אין די נעכט וועלן איבער זייערע רוקנס דורכמאַרשירן די אַלטע קהילות, פאַרבליבענע אין די טאָלן. אין לבנה־ליכט וועלן זיי ווייס זיך הייבן פון די אַשבערג, און לאָזן זיך איבער זיי. זיי וועלן אַהערציִען פון אַלע ווייטקייטן, זיי וועלן זיך באַוועגן, קעפּ־כוואַליעס, העל, ווי איבערן ים ביי נאַכט; אין סוף פון די טעג וועלן די כוואַליעס איינפאַלן, ווערן צו זאַמד, און זיי אַליין, געשפּרייטע, וועלן אונטן בלייבן פאַרשאָטן. די נאַכט וועט אייביק זיין איבער זיי.

זיי האָבן געוואָלט אויפשטיין, אָפּשיטן פון זיך דאָס זאַמד, אַרויסוויקלען זיך פון אונטער דער נאַכט.

דאָס פינצטערניש נעמט זיי אַרום פעסטער; די ערד־כוואַליעס דריקן זיי צו. דער בנין דאָ איז אַן איינגעגליווערטע שיף; פאַרקאַוועט, ווי אין דער שוואַרצקייט פון ים. זי האַלט זיי פעסט אין זיך, די שוואַרצקייט, נישט צום באַוועגן. פון זייערע פענצטער לייכט מער נישט אַרויס דאָס ליכט. אַלץ איז פאַרהילט, אַרומגעדעקט, פאַרשטעקט אין שוואַרצן אייז. זיי זענען אַריינגעפרוירן אין די טיפענישן.

זיי האָבן זיך איינגעהערט איבער זיך. די טויטע קהילות פון די טאָלן טרעפן מער נישט אַהער צו זיי. זיי זענען אָפּגעשניטן.

פון דער ווייט האָבן זיי פאַרנומען גערוישן, פאַרשטומטע קולות פון דער ערד. זיי האָבן געדענקט, ס'איז איצט טיפע נאַכט. די יסודות פון דעם בנין טרייסלען אויף. די ערד ציטערט אין אירע גרונטן. זיי האָבן געוווסט, ס'איז ערגעץ אויף ווייטע פעלדער. זיי האָבן פאַרנומען טריט, ווי פון מאַרשירנדיקע אַרמייען. זיי קומען מיטן קול פון פיל וואַסערן.

זיי האָבן זיך דערמאָנט אין זייערע ברידער, די געפאַלענע יידישע זעלנער, וואָס דורך דורות זענען מיט זייער געביין פול געוועזן די פרעמדע שלאַכטפעלדער. זייער טראָט איז פאַרהילכט געוואָרן אין דעם גאַנג פון מיליאָנען־פיסיקע אַרמייען. די שלאַכטן האָבן לאַנג זיך שוין פאַרענדיקט. נאָר זיי בלאָנדזשען נאָך אַלץ; זייערע נשמות האָבן נישט וווּ זיך אומצוקערן. אין די נעכט רייסן זייערע סקעלעטן זיך אויף פון די צעשפרייטע גריבער. זיי בלאָנקען בלינדע איבער די איינגעשטילטע פעלדער. זייערע דינע ברומענישן שניידן זיך אייז, טראָגן זיך אין נאַכטיקן ווינט. זיי האָבן נישט קיין תיקון.

זיי זענען געזעסן אויף זייערע ערטער און געהערט, ווי זיי שטייען איצט דאָרט אויף אין דער נאַכט; זיי שאָקלען פון זיך אַראָפּ די פרעמדע ערד. זיי הייבן זיך, שוועבן איבערן חלל.

די אסיפה האָט געוווסט, באַלד וועלן זייערע ווייסע געשטאַלטן דאָרט אויפהעלן אין דער פינצטערניש.

זיי וועלן זיך צוזאַמענעמען, די יידישע זעלנער פון אַלע געפאַלענע חיילות; זיי וועלן זיך אויסשטעלן אין קאָמפּאַניעס און אָנפילן די פעלדער. מיט ווייכע טריט וועלן זיי מאַרשירן. באַלד וועט זיך הייבן, אויפגיין אין חלל, זייער פאַרשטומט געזאַנג. עס וועט אַהערקומען, שווימענדיק איבער די כוואַליעס; עס וועט איבער זיי קלאַפּן מיט אומצאָליקע פליגל. אין דער נאַכט הערט זיך שוין דער פאַרטויבנדיקער אויפקלאַנג פון זייערע כלי־זין. זיי קומען, זיי גייען צו זייער לעצטער שלאַכט. זי וועט זיין זייערע.

די אסיפה האָט געפילט, עס לאָזט באַלד די אייז־גליווערניש אַרום איר. זי ווערט צערונען. עס איז שפּעט. עס פאַרגייט שוין די נאַכט. די פינצטערניש ווערט לויזער אַרום די פענצטער. זי ווערט אָפּגענומען. זי האָט געוואָלט, די אסיפה, זיך דערקלערן אַלס דער קערן פון דער נייער יידישער אַרמיי; פּראָקלאַמירן איר אַנטשטייונג דאָ, אין מוזעום, אין אָט דער שעה, איידער עס בלויט אויף דער טאָג.

זיי האָבן געוווסט, די פאַרזאַמלטע: זי וועט, די אַרמיי, קיין מאָל זיי נישט פאַרלאָזן.

זי וועט גיין ביי זייער זייט אין אַלע פֿאַרהוילענע שלאַכטן. זי וועט פֿאַרדעקן מיט זיך דעם שונא, אַנלויפֿן אויף אים, ווי דער ווינט; ווי דאָס זאַמד — אין זיינע אויגן.

זיי האָבן געוווּסט, זי וועט גיין מיט זיי, די דאָזיקע אַרמיי, ביז איבער דער לעצטער שלאַכט, ביז זיי וועלן זי דעראָבערן, זייער רעפּובליק. ערשט נאָך דעם וועט זי דאָרט ווידער ווערן ערד. פֿון יענער ערד זייערער זענען זיי געקומען און אין יענער ערד, זייער אייגענער, וועלן זיי צוריקקערן צו זייער לעצטער רו. דאָרט וועלן זיי זיך אונטערלייגן, ווי זאַמד אונטער די טריט פֿון די דעראָבערער; לאָזן איבער זיך אַריבער־גיין אַלע צוריקקערער.

זיי האָבן איצט אַראָפּגענומען פֿון איבער די פֿענצטער די הענגענדיקע מאַנטלען. דער טאָג האָט טאַקע שוין אויפֿגעלויכטן אין דרויסן. זונשטראַלן מיט פֿליִענדיקע שטויבעלעך זענען אַריין; האָבן אָנגעפֿילט דעם מוזעום; זיי האָבן ליכטיק זיך געלייגט איבער די אַרומיקע עקספּאָנאַטן, און פֿאַרוויטלט די בעקלעך פֿון די איינגעטריטע מומיעס. די לאָמפּן אַרום האָבן אויפֿגעגלאַנצט. עס האָבן איצט זיך געזען אַלטע זילבער־קמיעות מיט סופֿרים־כּתב. זיי האָבן זיי געוואָלט אַרויסציִען פֿון דעם מוזעום. זיי וועלן זיי אָנטאָן זיך אויף די העלדזער, צו טראָגן זיי אין די דערוואַרטע שלאַכטן, וואָס וועלן קומען. זייער עכאָ הערט זיך שוין איצט אין דעם חלל פֿון אויפֿגייענדיקן מאָרגן איבער דער שטאָט.

מען האָט דערציילט וועגן נאָך אסיפֿות פֿון די געקומענע, וואָס האָבן זיך צונויפֿגענומען אין בנין פֿון דער מינצעריי, אין הויכן בוידעם־באַהעלטעניש פֿון דערמאָרדעטן יידישן מיידעלע, אַננאַ פֿראַנק. מענטשן זענען געגאַנגען פֿון איין אסיפֿה צו דער אַנדערער, אומעטום געזוכט זיך זייער אָרט. די קאָרידאָרן און פֿעדערהייזער זענען געווען באַהאַנגען מיט שפּיגלען פֿון אויבן ביז אַראָפּ. זיי האָבן אַרומגענומען אַלע פֿיר ווענט. די אַרויסקומענדיקע פֿון די אסיפֿות האָבן זיך אין זיי דערזען. ווו זיי זענען געגאַנגען, האָבן זיי, אַנטקעגן און אין דער זייט — זיך אָנגעטראָפֿן אויף זיך אַליין; זיי האָבן זיך צוגעוואָרפֿן בליקן. אינעווייניק, אין די שפּיגלען, זענען זיי איצט יעדער געווען גרעסער, אויפֿגעהויבענער. פֿרייער, אין די זאַלן, האָבן זיי זיך געשפּירט איינגעשרומפּן, צוליב די פֿרעמדע בליקן אויף זיך. דאָ זענען זיי געגאַנגען אַהין און צוריק — יעדער פֿאַר זיך, פֿריי, אָפּגעזונדערט — איינער אַליין צו זיין וועג.

אויך צו די אסיפֿות האָבן געגרייכט די שליחים. זיי זענען געקומען פֿון דרויסן. זיי האָבן אויפֿגעריסן די טירן און זענען אַריין אין די זאַלן. זיי האָבן געוואָרנט, אַז די אסיפֿות זאָלן גלייך זיך שליסן; אַלע זאָלן זיך צעגיין, ווייל אומגעצוימטע לופֿט־שטראָמען פֿאַרפֿלייצן די גאַסן פֿון שטאָט און פֿילן אָן די גופֿים ביי די מענטשן. ס'איז נישט מעגלעך זיי איינצואָטעמען; די לופֿט רייסט אויף די לונגען. אַלע שלינגען זי מיט די אָפֿענע מיילער, ווי זיך־טרינקענדיקע — דאָס וואַסער אין ים.

אין דרויסן איז געווען אַ געאיילעניש. די המונים האָבן זיך געשאָטן, איבערגעוואָרפֿן פֿון אַלע זייטן; האָבן נישט געוווּסט — ווו, אין וועלכער זייט, צו גיין — אַהין צי צוריק. אין דעם רעש האָבן די היגע איינוווינער באַשולדיקט די געקומענע, פֿרעמדע, אַז זיי האָבן דאָס אַזוי צעעפֿנט די פֿענצטער פֿון דער וועלט אַרויס, ווייל זינט זיי זענען

געווען אין גאַז־קאַמער, קענען זיי מער נישט בלייבן הינטער פאַרמאַכטע ווענט; זיי האָבן דאָס מיט אַ מאָל אַוועקגענומען די דאַמבעס. איצט האָט די גאַנצע לופט אַריינ־געכוואַליעט. מיר זענען אין איר, ווי אין אַ הוילן נעפּל.

מען האָט געזען, אַלע אין איינעם, די היגע און די פרעמדע, לויפן זיי מיט די פּנימער אויף פאַרויס, ווי זיי זענען באַשאַפן; אַזוי אויך — מיט די נאַזלעכער. זיי טאָרן נישט קוקן הינטער זיך, ווייל אין טאָג, ווען זיי זעען הינטער זיך — שטראָמט אין זיי אַריין צו פיל הוילע לופט. זיי שטאַרבן. מיטן קוקן אויף הינטער זיך — פאַרהאַלטן זיי אויך דעם גאַנג פון אַנדערע. מען האָט געזען, אַז פון די געבראַכטע פאַרן משפט — גייען נאָר די קינסטלער מיט די גופים פאַרויס און מיט די קעפ אויסגעדרייט אויף הינטן, איבער די אַקסלען אַריבער. זיי קאָנען נישט אָפּרייסן זייערע טריט. זיי קוקן אויף צוריק. דאָס איז זייער שטראָף. מען האָט זיי געוואָרנט, אַז לוט׳ס ווייב איז געשטאָרבן, ווייל אַנטלויפנדיק האָט זי געקוקט אויף הינטער זיך. מיר אַלע מוזן מיר, ווי לוט מיט די טעכטער, נאָר לויפן, איילן, אויף פאַרויס.

צווישן די לויפנדיקע האָט מען אויך געזען פיל הינט און בעלי־חיים, וואָס שטראָמען מיט זיי. מען האָט חושד געווען, אַז אויך זיי זענען עדות, אַרויסגערופענע צום משפט; און אפשר — גלגולים פון פאַרגאַנגענע דורות מענטשן, וואָס קומען איצט אָפּ זייער קיום.

מען האָט געהערט אַ קול אין שטאָט, דאָס בית־דין באַפעלט צו פאַרמאַכן אַלע פענצטער און טירן. זיי צו פאַרקלעפּן און מער נישט אַרויסקוקן. מען מוז צוריקציִען די אויגן פון די שפּאַרעס און לעכלעך, ווייל די לופט פון דרויסן בלאָזט אַריין אויך אין די שוואַרצאַפּלען. אַלע שויבן פון שטאָט זענען בלוי — אַזוי שוין אויף שטענדיק.

און בלייבנדיק אַזוי פאַרשפּאַרט הינטער טירן און פענצטער, האָבן זיי, כדי נישט צו שטאַרבן פון בענקשאַפט — ווידער געפּראַוועט אַ חתונה. מען האָט פון ערגעץ, נישט ווייט, פלוצעם געהערט זינגען בחורים אַרום אַ חתן און מיידלעך טאַנצן אַרום אַ כלה. אין דער איינגעשטילטקייט פון דער שטאָט, נאָכן אָפּפליסן פון די אַנטלויפנדיקע מענטשן־כוואַליעס — האָט זיך געטראָגן דאָס סאַמעטן־וואַרעמע קול פון דעם אַלטן רב, וואָס האָט מקדש־געווען דאָס פּאָרל. די אין די פאַרמאַכטע שטובן האָבן, ביי זיך הינטער די ווענט, געהערט ווי ער זאָגט די ברכות.

אַלץ אין שטאָט, אויך די לופט־כוואַליעס, זענען געווען ווי איינגעגליווערט. גאָרנישט האָט זיך באַוועגט. מען האָט געמיינט, ס׳איז שוין אויף לאַנג נאָכן משפט; דאָס איז בלויז איינע פון די אסיפות. דאָס איז אַן אסיפה, צו שפּרייטן אַ חופה איבער די איבערגעבליבענע. עס שטעלן זיך אונטער איר די שאָטנס פון די יינגלעך און מיידלעך, אַנטרונענע פון לאָדזש; די מיידלעך, וואָס האָבן ביז איצט געשוואַנגערט אין זיך מיט די עלטערן. זיי ווילן איצט זיי אַרויסלאָזן אין ריינקייט פון זיך; צו רופן אַ נאָמען נאָך זיי אין ישראל.

אויך די חתונה־אסיפה איז געווען שטיל. זי איז פאַרגעקומען אין שאַוּבורג־טעאַטער, פון וואַנען מען האָט אַרויסגעפירט די לעצטע פופציק טויזנט יידן צו די טאָלן. עס האָבן דאָ זיך פאַרזאַמלט בלויז צען, אַ מנין. יעדער אַן אַליין־פאַרבליבענער נאָך אַ שבט, אַ שטאָט. קיינער חוץ אים האָט זיין פאַרשווונדענע עדה מער נישט געדענקט. הויכע,

שמאָלע, ווי צען ביימער פון צען אויסגעהאַקטע וועלדער. אין יעדן טריפט אינעווייניק זיין אַליינקייט. אויך דער חתן און די כלה — קינדער נאָך. די כלה — מיט אַ לאַנג ווייס אַטלאַסן קלייד — איינע אין מיטן זאַל. זיי זענען געגאַנגען צו דער חופה — פון ביידע זייטן — נישט אונטערגעלענט פון קיינעם. זיי האָבן געפילט, זייערע עלטערן האַלטן זיי אונטער די אָרעמס, פירן זיי. הינטער זיי שפּאַנען נאָך אַלע זייערע נאָענטסטע — די שוועסטער, ברידער און פעטערס; די גאַנצע שטאָט זייערע. אַלע זענען דאָ מחותנים. זיי האָבן שטיל געשטעלט טריט אין דעם ליידיקן גרויסן זאַל — צו דער חופה־צו. די צען פון ביידע זייטן האָבן פאַר זיי געמאַכט אַ וואַרע. דאָ, אונטער דער סאַמעטענער געשפּרייטקייט — האָט אויף זיי געוואַרט דער אַלטער רב פון לאָדזש. עס איז ביי אים געהאַט אַנגעוואַקסן אַ מילדע באָרד, אַ ווייסע, ווי ער וואָלט זי געטונקען אין געדיכטער מילך. באַלד האָט דאָס ייִנגל מיט זיינע לאַנגע בלייכע הענט אַרויפגעזעצט אויף איר דינעם אויסגעשטרעקטן פינגער אַ רינגל. ער האָט צו איר געזאָגט: הרי את — איך בין דיך מקדש צו מיר, כדת משה — לויט אונדזער דת, דעם פון משה און די ישראל.

די צען אַרומיקע האָבן געוואַרט. זיי האָבן געוווּסט, זיי זענען עדות. עס וועלן ווידער זיין משפּחות ביי ייִדן. דאָ שטייט פאַר זיי די ערשטע נייע משפּחה. מיט איר הייבט עס זיך אָן. באַלד האָט מען געהערט דאָס קול פון אַלטן רב. עס ברעכט זיך, ווי ציטעריק גלאָז:

„ברוך אתה, געלויבט ביסטו, גאָט, וואָס האָסט פאַרבאָטן די עריות, און האָסט אונדז מתיר געווען די געהייליקטע פאַר אונדז. געלויבט ביסטו, וואָס ביסט ווידער מקדש דיין פאָלק ישראל דורך חופה וקידושין".

די פאַרזאַמלטע צען זענען אַרויסגעבראָכן מיט אַ מזל־טוב.

זיי האָבן איצט געדענקט, אַז אויך נאָך די שחיטות פון ת"ח ות"ט האָט מען גוזר־געווען, אַז מער ווי צען טאָרן צו קיין חתונה נישט קומען, און אַז בלויז די כלה מיט איר מוטער מעגן טראָגן אַן אַטלאַסן קלייד. היינט זענען אויך קיין מוטערס נישט געבליבן. דער אַלטער רב האָט געבענטשט, אַז שמחות זאָלן זיין ביי ייִדן. ער האָט באַפוילן, מען זאָל דאָ שטעלן די ערשטע צען חופות פון די, וואָס האָבן זיך צוזאַמענ־געטראָפן אויף די וועגן; חופות ווי אין הויז פון אַן אבל. חתונות טאָר מען נישט אָפּלייגן. דער אַלטער רב האָט געוווּסט, אַז דאָס בית־דין אין דער פּאָרטוגעזישער שול וועט גוזר זיין, לעבעדיקע זאָלן מער זיך נישט פּאָרן מיט מתים, לויפנדיק מיט זיי איבער די פעלדער; נאָר באַזעצן זיך אין שטעט, באַנייען דעם בונד פון מאַן און ווייב און ברענגען קינדער אויף דער וועלט — זעקס אין איין בויך, כדי אָנצופילן מיט זיי ווידער דאָס הויזגעזינד פון יעקב. און אפשר דאַרף דאָס בית־דין מבטל מאַכן כעפרא דארעא דעם חרם דרבנו גרשום. יעדער ייִדישער בחור זאָל מיטן כוח פון זיינע לענדן באַפרוכפּערן די פאַרבליבענע טראַכטן. קיין איין טראַכט פון אַ ייִדישער טאָכטער טאָר נישט בלייבן פאַרשעמט. וידגו לרוב בקרב הארץ.

דער רב האָט געוואַרט, דאָס בית־דין זאָל באַנייען דעם משפּט. ער האָט געוואָלט פאַרווערן די אַלע אַנדערע אסיפות, חוץ די אסיפות פון חתן און כלה. מען האָט געוווּסט, אַז ערגעץ אין אַמסטערדאַם פאַרזאַמלען זיך איצט די וואָס זענען אויפן וועג

צו דער רעפּובליק. זיי קאָנען אָבער נישט גיין, ווייל זיי האָבן נישט מיט זיך די לוחות. ווי אַ מאָל זייערע עלטערן, קאָנען זיי אָן דעם אורים ותומים, דער תורה, נישט צי'ען ווייטער. אין די טאָלן האָט מען פון זיי אַוועקגענומען זייערע ספרים; מען האָט אויך זיי פאַרברענט אין די שייטערס, צוזאַמען מיט זייערע גופים.

געווען אַ סבֿרא, אַז דאָס בית־דין האָט דערווייל געשלאָסן דעם משפּט, ווייל עס האָט טאַקע נישט פאַר זיך די ספרים, לויט זיי צו פּסקענען, אַרויסטראָגן דעם פּסק־דין. ישראל אָן די ספרים איז, ווי אַ לייב אָן אַ נשמה. די ספרים זענען מער נישטאָ. אָן זיי, ווייסן נישט די פאַרבליבענע צי זיי לעבן. אין די בלעטער צווישן די ספרים זענען אויך געהאַט פאַרבליבן די לעצטע האָר פון די בערד פון די פריערדיקע דורות. אָן די האָר האָבן די מענטשן דאָ מער נישט זייער קראַפט.

אין אַמסטערדאַם איז איצט געווען שטיל. אין דער לופט האָט בלויז זיך געהערט אַ געוויין פון אַ קינד. עס האָט פון דער ווייט זיך געריסן אין חלל, איז אַריין אין די אויערן. די פאַרמאַכטע אין די שטובן זענען געבליבן נאָך איינגעשטילטער. זיי האָבן דאָס געוויין געלאָזט אַריינטריפן אין זיך. זיי האָבן געוווסט, ערגעץ שטאַרבט איצט, אין דער רגע, אַ מענטש. שטענדיק ווען עס שטאַרבט ווער — ווײנט ווו אַרויס אַ קינד. זיי זענען געזעסן מיט די קעפּ געבויגן און זיך איינגעהערט אין דעם געוויין. זיי האָבן פאַרנומען דעם ווי פון דעם גוף, וואָס די נשמה טיילט איצט זיך אָפּ פון אים. זיי זענען געבליבן פאַרשוויגן אין זיך. דאָס געוויין פונעם קינד ציט זיך לאַנג. די מאַמע קאָן עס נישט איינגעמען. ערשט שפּעטער, ווען דאָס קינד האָט זיך איינגעשטילט, די מאַמע האָט עס פאַרוויגט — האָבן זיי געוווסט, ס'איז נאָך אַלעם. אויך דער גוף דאָרט איז שוין איינגעזאַמלט אין זיין אייגענער שטילקייט.

# לאָזאַן

עס איז שוין געווען אויף איבער מאָרגן, זונטיק, באַלד אין דער פרי. שבת־צו־נאַכטס, שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, איז ער געהאַט געשטאָרבן, אַנעטס מאַן. אַן אָוונט פריער, ביים געזעגענען זיך מיט איר איבער דער שוועל פון הויז, איידער איך בין אַוועק אין האָטעלעכל — האָב איך, האַלטנדיק איר האַנט אין מיין דלאָניע, איר צוגעזאָגט צו קומען נאָך אַ מאָל אין איר שטוב — היינט, זונטיק, אין דער פרי. איך האָב דערוואַרט זי צו טרעפן אַליין. די טירן פון שטוב זענען געווען אָפן, צעפּראַלט. אין הויז זענען געווען פאַרזאַמלט די קרובים. איך האָב דעם מת שוין געטראָפן ליגן אויף דעם דיל, מיט די פיס אויסגעצויגן צו דער טיר. ער איז געלעגן אין דעם גרעסערן זאַל מיטן פאָרנירטן מעבל, צווישן די ווענט באַהאַנגענע מיט העלע בילדער. פון אונטן זענען געווען אַפּערגעצויגן די בעזש־טעפּעכער. ער איז געלעגן איבערן נאַקעטן דיל. בלויז עטלעכע שטרויען, אָנגעשאָטן אונטער זיין רוקן, האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט אין דער זייט. ער איז געלעגן איבערגעדעקט מיט זיין בלוי־געפּאַסעוועטן טלית, און אין צוויי שבתדיקע לייכטער האָבן אים צוקאָפּנס, פוןביידע זייטן, געברענט ווייסע חלבענע ליכט. זיין שוואָגער, מיין לאַנדסמאַן, האָט געפּאָדערט, אַז לויטן מינהג פון יידן, זאָל מען אים קובר זיין נישט אין קיין אָרון. בלויז די פיר זייטן פון קבר אַרום און אויבן איבער אים — זאָל געדעקט ווערן מיט קרשים. דער גוף אונטן זאָל באַהאַפטן זיין מיט דער ערד, אין וועלכער מיר קערן זיך אום, ווידער צו ווערן מיט איר איינס. אַנעט האָט דאָס מאָל ווידער מיך נישט געזען. זי איז געזעסן צווישן איר שוועסטער מיט די קינדער, און געבליקט איבער די מענטשן אַריבער. אין דער זייט, אויף אַ שטול, זענען געלעגן, נאַכלעסיק, דעם געשטאָרבענעמס לאַנג־געשטרייפטע הויזן און דאָס פּירקאַנטיק זיידענע קאַפּעלע. דער יידישער קברות־מאַן האָט זיך שוין געדרייט אַרום דעם גוף און אין דרויסן פאַרן טויער האָט געוואַרט די עגלה. באַלד האָט מען אים אַרויסגעטראָגן פון שטוב, דעם מת. אַחוץ אַנעטן מיט איר משפחה און דעם גאַסט, דאָס האָלענדישע ווייבעלע — האָט קיינער נישט באַגלייט די מיטה. איך האָב צו זיי זיך צוגעשאַרט. מיר האָבן געשטעלט די טריט אַראָפּ פון די מאַרמאָר־טרעפּ; מיר זענען ווייך געטראָטן איבער די געשפּרייטע טעפּעכער — נידעריקער, נידעריקער. צוליב דער שפּעטער שעה האָבן איצט פון די הויכע שטאָקן מער נישט אַראָפּגעהאַנגען די לאַנגע שנירלעך. מען האָט, זעט אויס, פאַר טאָג, זיי שוין געהאַט אַרויפגעצויגן אויבן מיט די צוגעטשעפּעטע מאָרגן־בלעטער. דער אָרון אין חלל האָט זיך גערוקט פאָרויס, פאַר אונדז. אַ ייִנגל, וואָס איז פון אונטן אַרויפגעגאַנגען, הינקענדיק, אויף די שטיגן — האָט זיך געדריקט צו דער וואַנט — אונדז דורכצולאָזן.

מיר זענען אַרויס אויף דער גאַס. איך בין געגאַנגען האַרט הינטערן אָרון. פון

ביידע זייטן פון מיר האָב איך געפירט געאָרעמט — אַנעטן און איר גאַסט. ביידע פרויען — פאַרהאנגען די פנימער מיט שוואַרצע וועלאָנען. הינטער אונדז, אין דער צווייטער שורה, האָט געשפאַנט מיין לאַנדסמאַן מיט זיין פרוי און די דריי קינדער — דאָס יינגל מיט ביידע מיידלעך. זיי האָבן אונדז געטראָטן מיט די שיך איבער די פיס. אונדזער פראָצעסיע האָט זיך אַריינגעדרייט אין די פרימאָרגן־גאַסן פון לאָזאַן. מיר זענען אין זיי אַריינגעוויקלט געוואָרן; האָבן זיך גערוקט פאָרויס. די געציילטע מענטשן אויף די טראָטואַרן האָבן איצט געשטעלט פאַמעלעך זייערע טריט. זיי זענען געגאַנגען פרישע, רויִקע, מיט אויסגעשלאָפענע פנימער, נאָך נישט קיין אויסגעגעגעצטע. זייערע לויטערע אויגן זענען געווען אויפגעריסן אין דער לופט אַריין. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, און נאָכגעקוקט מיט שטוינונג די לוויה. מיר זענען אַ רגע אַריין אין זייער גענעץ, אים אָפּגעהאַקט, און באַלד צוריק אַרויס פון דער אַנדערער זייט. די לוויה איז זיי פאַרביי. מיר זענען איצט אַדורך די בולוואַרן, ווו מיט צוויי אָוונטן פריער האָבן מיין לאַנדסמאַן און זיין הויזגעזינד מיך געפירט צו אַנעטן. מיר זענען אויף ס׳ניי פאַרביי די סטאַטועס פון נאַקעטע יונגפרויען און ברילנדיקע לייבן, נאָר — איצט אין דער פאַרקערטער ריכטונג. מיר האָבן זיי געלאָזט הינטער אונדז, באַלויכטענע אין דער מאָרגנזון. די גאַסן זענען איצט געווען ברייטער, אָפענער, ווי ביי נאַכט. די ציטעריק־בליצנדיקע רעקלאַמעס פון ביידע זייטן איבער די הייזער, זענען געווען איינגעלאָשן. אויך די הייזער אַליין זענען געשטאַנען רויִקער, פרייער. די וואַכנדיקע ביי נאַכט מלאכים איבער די געזימסן האָבן זיך מער נישט דערלאַנגט די פליגל. זיי האָבן זיי געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט. אויך די אויטאָס, וואָס האָבן זיך געגליטשט אויפן שאָסיי, האָבן איצט, אין דעם טאָגליכט, געהאַט פאַרלאָשענע אויגנלעכער. שפּעטער איז די באַוועגונג געוואָרן געדיכטער. משפחות האָבן געשטראָמט צו די זונטיק־גאָטעסדינסטן. אין די קירכעס זענען שוין געווען ברייט צעעפנט די פּראָנטטירן אויף די גאַסן אַרויס. אינעווייניק האָבן געברענט ליכט. אַ קריסטלעכער ריח פון ווייררויך האָט זיך געשפּרייט. אַרום אונדז, אויפן אַספאַלט, האָבן זיך פאַרהאַלטן אויטאָס און טראַמווייען. זיי האָבן איינגעהאַלטן זייער פייפעריי און געקלונג — אונדז דורכצולאָזן. פנימער האָבן זיך אַרויסגעשטעקט פון די פענצטער. מענער מיט שטייף־געפּרעסטע מאַנקעטן איבער די הענט און בינאָקלען אויף די נעז, האָבן זיך איבערגעצלמט; פרויען האָבן מיט ערפורכט זיך געווישט מיט ווייסע טיכלעך די אויגן־ווינקלען. זייערע טעכטער, וואָס האָבן זיי געפירט געאָרעמט, האָבן אָפּגעקערט די אויפגעשראָקענע בליקן. קינדער האָבן געגאַפט, וואָס אַ לוויה גייט אַזוי פרי, נישט פאַר נאַכט, נאָר אין די מאָרגן־שעהען, ווען מען עפנט ערשט די טירן פון זייערע שולן.

מיר זענען געגאַנגען. דער מת האָט אונדז געשלעפּט נאָך זיך ווייטער אַוועק פון דאַנען, צום וועג אַרויס פון דער שטאָט. מיר האָבן גיכער נאָכגעאיילט.

מיר זענען אַריין אין אַ פרישער גאַס, אַ שמאָלער. דאָ האָט גערעגנט. די מענטשן אונטערן רעגן האָבן געאיילט אויסגעווייקטע. דאָס איז געווען נישט קיין פרישער רעגן, נאָר אַן אַלטער, אַ פוילער, וואָס זאַפּט זיך איין מיט אַ ווינטיקער נאַסקייט אין די ביינער. ער איז אויך אונדז באַפאַלן מיט אַ מידן געוואַי. מיר זענען געווען אין מיטן פון אים. מיר האָבן געוווסט, דאָס איז די גאַס אין לאָזאַן, ווו עס הערט קיין מאָל נישט אויף צו רעגענען. די ערד און די הייזער פוילן דאָ נאַס. אַן

אַדורכגענעצטער מענטש איז אונטערן רעגן געשטאַנען מיטן פּנים צו אַ ליידיקער פּלאַקאַטן־וואַנט, אין דער זייט, און געלייענט אין איר לערקייט. דער רעגן האָט אַלע פּאַפּירן געהאַט אַראָפּגעשווענקט. בלויז פּאַרבליבענע רעקלאַמע־עקן האָבן זיך געשאָקלט אין ווינט; געוואָלט זיך אַראָפּרייסן. זיי האָבן פּאַטשנדיק אויף צוריק, זיך געקלאַמערט אין האָלץ. יענער מיטן אויסגעדרייטן רוקן האָט ווייטער געלייענט.

מיר זענען געגאַנגען אַלע, אויסגעווייקטע ביזן לייב — הינטערן ארון. איך האָב געקוקט גלייך, פאַרויס, פאַר זיך. מיין בליק האָט איצט זיך אַנגעהאַלטן אין די צוויי נאַסע הינטנס פון די געפּוצטע פערד. זיי האָבן פויל זיך באַוועגט, נישט צו שאָקלען די פּאַרמאַכטע מיטה, איבערגעדעקט אויבן מיטן שוואַרצן טוך. זי איז געלעגן הויך איבער דער עגלה. פון דעם שוואַרצן טוך, געשטריפּט מיט זילבער, האָבן גערונען שטראָמלעך אַראָפּ פאַר אונדזערע פיס. מיר זענען אין זיי אַריין. אויך פון מיין קאָפּ און האָר האָט גערונען, און מיר פאַרגאָסן די אויגן. ס׳האָט צו אונדז געסטאַרטשעט פּאַרמומיעט די גלאַנציק־לעדערנע פלייצע פון דעם קוטשער. מיר האָבן זיך גערוקט נאָך אים טריט נאָך טריט איבערן אַספאַלט. די ערד ווייטער, נאָך דעם אַספאַלט, איז צענעצט אין אירע טיפענישן. ס׳איז אונדז געווען קאַלט ביזן לייב. באַלד וועט מען זיין גוף דאָרט אַריינלאָזן אין די נאַסע ערד־געדיכטענישן. מיר זענען געגאַנגען; געשטעלט אונדזערע טריט. זיי אַריינגעלאָזט פּאַמעלעך אין ווייטע רגעס, זיך געצויגן צו זיי.

מיר זענען אַרויס פון דער רעגנדיקער גאַס און אַריין אין אַ נייעם קוואַרטאַל אין דער פאַרשטאָט. דאָ איז ווידער אַלץ געווען צעלויכטן אונטער דער זון. זי האָט מילד באַוואַרעמט די לוויה. אַלץ אויף דער גאַס איז געווען פריש. די פּלאַקאַטן־ווענט — פול באַקלעפּט מיט ריזן־אותיות אין בלוי, רויט און גרין; מיט צעשמייכלטע פּנימער פון זינגער און שפּילער, פון טענצערינס און אַקראָבאַטינס. זיי זענען געווען אָפן פאַר אונדז. די פּנימער האָבן געלאַכט צו דער לוויה, וואָס האָט פון זיי זיך אַוועקגעצויגן ווייטער.

איך האָב איצט מורא געהאַט אויפצוהייבן דעם קאָפּ. כ׳האָב געוווּסט, אַז די באַלקאָנען פוןביידע זייטן אויף די הייזער, שטאָק איבער שטאָק — זענען איבערפולט מיט מענטשן. זיי קוקן פון אויבן נאָך אונדזער קליינע, קורץ־אָפּגעהאַקטע לוויה. מיר גייען אונטן, צווישן די שורות הייזער, וואָס הייבן זיך. איך האָב זייטיק דערבליקט: זיי שטייען, די מענער, אויבן, מיט די אַראָפּגעצויגענע הוטן — אין די הענט, זיי פּרעפּלען תפילות.

איך האָב מורא געהאַט אַנצוטרעפן זיך אויף זייערע אויגן. איך האָב געוווּסט, מיר נאָרן זי, די היגע באַפעלקערונג. זי מיינט, דאָס איז אַ געוויינטלעכע לוויה; מען פירט דאָ אין אָרון אַן אָפּגעטיילטן חלק פון איר גוף, אַ בירגער פון שטאָט; מען פירט אים צו זיין לעצטער רו, דאָרט אַהין, ווו זיי אַלע וועלן נאָכקומען; זיי קוקן נאָך. איך האָב געשפּירט, איך גיי אָפּגעדעקט אונטערן אָפענעם הימל. מיין פּנים איז אויסגעשטעלט פאַר אַלע בליקן אַרום. באַלד וועט מען מיך דערקענען. עס פעלט מיר אַ דינער וואַל, ווי עס האָבן די צוויי פרויען נעבן מיר, פאַר די אויגן. באַלד האָב איך אויפגעהויבן מיין קאָפּ, אים געדרייט אין ביידע זייטן צו זיי אַרויף; אים אונטער־געשטעלט פאַר זייערע בליקן. בלויז די אויגן האָב איך פעסטער געשלאָסן, זיי פאַר־

האַנגעגן מיט מײַנע נאָך נאַסע װיִעס. איך בין געגאַנגען, װי אַ בלינדער, אָנגעהאַלטן אין די אָרעמס פֿון ביידע פּרויען. איך האָב געשמעקט דאָס פּנים, זיי אויבן זאָלן מיך דערקענען: איך און דער מת געהערן צו אַ שטאַם, וואָס שטאַרבט אויף אַ בעט, נאָר אין די פּויזעס, ווען מען לאָזט אים אָפּאָטעמען; מיר זענען מתים, וואָס גייען אַראָפּ פֿון די שטיגן צו זייערע לוויות; מיר באַגלייטן זיך אַליין צו די בית־עולמס; מיר שטעלן אַליין אַריין די טריט אין די אָפֿענע קברים, וואָס וואַרטן אויף אונדז, גרייט. די ערד דעקט אונדז נאָך דעם צו, אונדז מיט אונדזערע קינדער, נישט ווי אָפּגערוימטע שטוב־חיהלעך, געפֿאַלענע אויפֿן אַספֿאַלט, נאָר ווי הויפֿנס גרויסע באַשעפֿעניש, דערשאָסענע אין יאַגד. אונדזערע נאָענטסטע באַווייגן אונדז שפּעטער נישט, ווייל זייערע אויגן זענען שוין פֿון לאַנג הוילע לעכער. אַ ווײַלע האָב איך געוואָלט אונטעריאָגן די פֿערד מיט די פֿולע, שוין אויסגעטריקנטע הינטנס, אַז זיי זאָלן שנעלער דורכאײַלן מיט דער לוויה די גאַסן. מיר זאָלן נאָכשטעלן גיכערע טריט; פֿאַרשווינדן — איידער די שטאָט כאַפּט זיך. איך האָב געוווּסט, דער מת פֿאַרמאַכט זיך דאָרט, אין ארון, פֿאַר די אומצאָליקע בליקן, וואָס רינגלען אונדז אַרום. ער איז געשיצט.

איך האָב געעפֿנט די אויגן. די באַלקאָנען זענען געווען ליידיק. קיינער איז אויף זיי נישט געשטאַנען. אויך פֿריער נישט. די הייזער־ווענט פֿון ביידע זייטן זענען געווען הויכע, גרויע, גלאַטיקע, בלויז מיט לעכער פֿון די טירן און פֿענצטער; גרויסע הייזער מיט אַ חלל אין זיך, ווי קיינער וואָלט אין זיי נישט געוווינט. זיי זענען ליידיק. מײַן פּנים איז געהאנגען צו דער אָפֿענער לערקייט.

מיט אַ מאָל האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז זי גאָר, מײַן אייגענע לוויה. איך ליג אויבן אַן אַרויפֿדערלאַנגטער מיטן ארון איבער דער עגלה, און דאָ אונטן באַגלייט איך זיך אַליין, צוזאַמען מיט די צוויי פֿרויען. מיר גייען הינטער מיר. און מעגלעך, דער ארון אויבן איז ליידיק. ער איז בלויז די פֿאַסטקע, נאָך וועלכער איך וועל געצויגן, איך גיי נאָך. איך קאָן פֿון איר זיך נישט אָפּרייסן. זי וועט מיך ציִען ביז דאָרט איבערן טויער אַריבער. דאָרט וועט זיך עפֿענען די דעק און איך וועל אַרײַן. זי וועט איבער מיר זיך פֿאַרמאַכן. דערווייל פֿיר איך די צוויי פֿרויען, צו באַגלייטן מיך, הינטערן ארון. איך האָב אַ ווײַלע געוואָלט זיך אָפּהאַלטן, בלײַבן הינטערשטעליק מיט די טריט; אַרויסלאָזן די הענט פֿון אונטער זייערע אָרעמס. די לוויה מיט זיי וועט אַוועק. איך וועל דאָ בלײַבן און באַלד זיך אויסמישן צווישן די מענטשן אַרום. איך וועל אַרײַן אין איינעם פֿון די גרויסע לערע הייזער, אין דעם חלל פֿון זייער בויך, אַז זיי זאָלן ווידער אויפֿשוואַנגערן מיט מיר.

איך האָב זיך אָבער געכאַפּט, אַז ס'איז שוין צו שפּעט: איך ליג אויבן אין ארון; די דעק איבער מיר איז פֿאַרהאַקט. איך קאָן מער נישט אַרויס. איך קאָן אויך פֿון דאַנען נישט אַוועק, לאָזן דאָרט אינעווייניק זיך אַליין. איך מוז זיך נאָכגיין. איך בין דער לעצטער. כ'האָב געוואָלט אַרײַן אין ארון, זײַן דאָרט מיט זיך; האַלטן זיך פֿאַרן האַנט־דופּק; נישט פֿאַרלאָזן מיך אין דער לעצטער רגע. ס'האָט מיך געגלוסט, כאַטש לאָזן זיך אינעווייניק וויסן, אַז כ'בין נישט אַליין; איך גיי זיך נאָך.

איך האָב נישט געוווּסט, צי איך זאָל פֿאַרהאַלטן אַ ווײַלע מײַן לוויה, פֿאַרן טויער. אָפּשטעלן זיך, זאָגן קדיש. און אפֿשר וואַרטן. דאָרט, איבערן קבר וועל איך מיר

נאָכזאָגן אַ פּאָר ווערטער. איך האָב נישט געוווסט, צי איך וועל האָבן אין זיך טרערן. איך וועל זיך אָבער מקנא זיין: איך קום צו קבר ישראל.

איך בין איצט געגאַנגען פּאַמעלעכער. אַנעט און איר גאָסט נעבן מיר האָבן געפילט, די הענט ווערן מיר לויזער; איך לאָז זיי אַרויס פון אונטער זייערע אָרעמס. באַלד האָב איך דערשפּירט זייערע הענט. זיי שטעקן זיי אַריין אונטער מײַנע אָרעמס. זיי האַלטן מיך פעסט און פירן מיך. מיר זענען אַליין. מײַן לאַנדסמאַן מיט זיין משפחה זענען ערגעץ פאַרשוווּנדן, געבליבן הינטער אונדז. מיר זענען איצט געלאָפן. פאַרויס האָבן די פערד געאײַלט אַליין. קיין קוטשער איז איבער זיי נישט געזעסן. מיר האָבן נאָכגעאײַלט שנעל, צו באַוויזן. דער ארון, פאַר אונדז, איז אַנטלאָפן. מיר האָבן אים געזען פון דער ווייטנס אויפן וועג. קיינער הינטער אונדז איז נישט געווען. מיר האָבן מער נישט געקאָנט אויסדרייען די קעפּ אויף הינטן.

בלויז אין די פענצטער אַרום האָבן מענטשן ווידער זיך באַוויזן. זיי האָבן אונדז נאָכגעקוקט און געצויגן פאַר מיר די היטלען. איך האָב געוווסט, ס'איז נאָך דאָ אַ רגע צייט זיך צו פאַרהאַלטן, שטיין בלייבן, אַרויס פון דער שורה. קיינער וועט אָבער צו מיר מער נישט גריסן. אויפן בית־עולם וועט נישט זיין וועמען קובר־צו־זיין. מען וועט דאָרט וואַרטן, ביי דעם אָפענעם קבר, מיטן ליידיקן ארון.

איך האָב פּלוצעם זיך געכאַפּט, איך וויל נישט גיין; איך געהער צו אַ שטאָם, וואָס די בית־עולמס קאָנען אויף אים זיך נישט דערוואַרטן. ער פאַלט אויף די וועגן צו זיי. זײַנע קברים דאָרט בלייבן אייביק ליידיק.

מיט אַ מאָל האָב איך געוווסט זיכער, אַז דער ארון איז פול מיט אַנעטס מאַן. ער ליגט אין אים. פאַר אים ציט מען דאָס די היטלען. ער לויפט אַליין אַזוי שנעל מיטן ארון אויף זיך. ער שטופּט פאַרויס די פערד. איך אײַל בלויז נאָך, אים צו דערגרייכן.

ערשט ווייט אַרויף האָבן די פערד זיך פאַרהאַלטן מיטן ארון, אין דער זייט פון שאָסיי. זיי האָבן געוואַרט אויף אונדז. דער קוטשער איז געזעסן אויבן. אויך מײַן לאַנדסמאַן מיט זיין משפחה איז דאָ געווען. מיר האָבן זיי געגרייכט. פון אַנטקעגן איז אָנגעקומען אַ פּראָצעסיע. אויך אַ לוויה. אַ גרויסע, מיט מוזיק און אַ כאָר. מיר האָבן געוואַרט אין דער זייט ביים טראָטואַר, זי דורכצולאָזן. זי האָט פאַרנומען די גאַנצע ברייט פונעם וועג. פון פאַרויס האָט איינער אַן אַ היטל געטראָגן הויך אַ צלם. אַ גלח מיט אַ ווייסן קיטל, און אַן אָפן געבעטבוך איז אים נאָכגעגאַנגען. בלומענקרענץ מיט לילאַ־בענדער. באַלד איז אויך אָנגעפאָרן די עגלה, געצויגן פון שוואַרצע פערד. אַ קוטשער איז געזעסן אויבן. אויך אונדזער קוטשער האָט אַ צי געטאָן די פערד, זיי אַנטקעגן. די לוויות האָבן זיך געקרייציקט. אויך די ארונות מיט די צוויי מתים האָבן זיך געמיטן. הינטער יענעם ארון זענען נאָכגעגאַנגען געאָרעמטע מענטשן. וועלאָנען, און באַלד נאָך זיי — אַ מאַסע, נישט אַ צעשיטע, צעפלאָסן, נאָר געאָרדנט אין שורות, ווי אַן אַרמיי, אין טרויערמאַרש. פון די פאָדערשטע שורות האָט מען נאָך געהערט, ווי דער גלח פּרעפּלט תּפילות; די מאַסע האָט זיך איבערגעצלמט. אַ פּרויען און מענער־כאָר האָט אויפגעזונגען, און דער אָרקעסטער האָט אַרויסגעשפּילט. די אומצאָליקע מלווים מיט די הוטן אַראָפּגעלאָזט אין די הענט איבער די פיס, און פאַרקעמטע קעפּ, האָבן

זייטיק געבליקט צו אונדזער לוויה. אויך מיר האָבן צו זיי זייטיק געקוקט. אַ רגע האָט מיר געדאַכט, מיר אַלע, די באַגלייטער פוןביידע לוויות, זענען דורכזיכטיק. מיר זענען נישטאָ. בלויז די צוויי מתים אין די ארונות זענען געבליבן; זיי זעען זיך דורך אונדזער אַדורכזיכטיקייט. זיי דערווייטערן זיך יעדער צו אַן אַנדער טירל. זיי וועלן דורך דאָרט אַריין אין די אונטערשטע שיכטן פון זייער קיום. נאָר מיר דאָ שווימען לויטערע, נישט־פאַראַנענע, אין דעם אייבערשטן פוסטן חלל.

באַלד האָב איך געוווסט, אַז מיר, די מאַסן אויף אַלע וועגן, ווערן אַלע מאָל דורכזיכטיקער. מיר דרייען זיך וואָס אַ מאָל ווייטערערע, ביז מיר פאַרשווינדן אַליין, ווי שאָטנס, אַריין אין דער ערד.

זיי זענען אַדורך. הינטער זיי איז געוואָרן לער. זיי זענען געווען איינגעשרומפּן. די לעצטע טענער האָבן זיך איינגעשטילט. אויך זייער לוויה פון דער ווייטנס איז איצט געגאַנגען קורץ אָפּגעהאַקט. די עגלות זענען אַוועק אין צוויי ריכטונגען — צו באַזונדערע בית־עלמינס.

מיר זענען געבליבן אַליין. איך האָב ווידער געפּירט פון ביידע זייטן אונטער די אָרעמס, ביידע פרויען — דאָס ווייב פונעם נפטר, אַנעט, און זיין געליבטע, דאָס האָלענדישע ווייבעלע. איך האָב דערשפּירט, זיי ביידע זענען געווען די שאָלן, וואָס האָבן דורך די נעכט געוויקלט זיין גוף. איצט איז ער פון זיי אַרויסגעשיילט, ווי אַ נאַקעט קינד מיט אַ קלאָרער הויט. אויך זייערע, אָפּגעטיילטע פון אים, גופים זענען איצט געקילטע. איך שטעל מיינע טריט נעבן זיי. זיי וועלן מיך נישט איינשליסן צווישן זיך.

מיט אַ מאָל איז אונדזער לוויה געוואָרן גרעסער. זי האָט גענומען זיך צעוואַקסן. מיר האָבן געזען, מען רוקט זיך אָן אויף אונדז — אַלע מאָל פרישע געשטאַלטן. זיי וואַקסן אויס, שטעלן זיך אַריין מיט זייערע טריט — אין דער לוויה. שורה הינטער שורה. כסדר נאָך מענטשן. מיר ווערן לענגער. זיי שטראָמען אַהער פון אַלע זייטן.

דאָס איז געווען, ווען מיר זענען אַרויס אויפן אָפענעם פעלד. פון דער נאָענט האָט מען שוין געזען דעם בית־עלמין, אַרומגענומען מיט אַ פּלויט. דער ארון איז געווען אַרומגערינגלט — נישט פון געאָרדנטע באַגלייטער, ווי שורות אין אַ טרויער־מאַרש, נאָר פון אַ צעפלאָסענער מאַסע, צעשאָטן. פון אַלע וועגלעך זענען זיי אָנגעקומען, האָבן זיך געזאַמלט אַרום אונדז, ווי אַרויסגערופן דורך אַ שפּרונג. זיי האָבן געגרייכט יעדער באַזונדער, פאַרנווייז, און אין גרופּעס, און אָנגעבלאָזן די לוויה. באַלד איז דער ארון געטראָגן געוואָרן אויף אַקסלען, הויך איבער אונדז. מיר האָבן קוים מיט אים זיך אַריינגעדרענגט אין טויער. ווען מיר זענען געווען אינעווייניק, זענען זיי נאָך לאַנג אַריין אַהער — דורך די לעכער אין פּלויט פון אַרום; זיי זענען איבער אים געשפּרונגען — צו ערשט איינצלנע, און דערנאָך — וואָס אַ מאָל מער. מיר האָבן מיט אַ מאָל דערזען, דער בית־עלמין איז פול מיט זיי. זיי האָבן אַלע זיך צוגעשטעלט.

דאָס זענען געווען זיינע חברים, געראָטעוועטע פון די טאָלן. זיי זענען געקומען פון די ווייטע פרעמדע שטעט, ווו זיי האָבן זיך אויסגעמישט. די ידיעה פון זיין טויט איז צו זיי דערגאַנגען איבער נאַכט. זיי זענען געקומען פון באַהעלטענישן, פון די וועלדער צווישן גרענעצן. זיי זענען געגאַנגען אין די זייטן פון די שאָסייען, האָבן זיך געשאַרט איבער פעלדער; זיי האָבן אַהער געאיילט, איבערגעטועבע, אין אויטאָס

און אין די קאָרידאָרן פון לאַנגע באַנען. זיי זענען אַרויס, ווי פון אונטער דער ערד, און אָנגעקומען דאָ פאַר דער קבורה.

עס האָבן דאָ ווידער זיך געטראָפן טייל פון די שאַטנס, צוזאַמענגעפּאַרטע נאָך די טאָלן, וואָס די לויף־בהלה פון לאָדזש האָט זיי צעשיידט. די פיס האָבן זיי געפירט אין פאַרשידענע וועגן. מען האָט געזען אויך די אויסבאַהאַלטענע פאַרן משפט, נאָך וועלכע די שליחים האָבן זיך אַרויסגעלאָזט. זיי זענען געווען צעשפּרייט צווישן די קברים, אָפּגערוקט איינער פון אַנדערן. בלויז זייערע קעפּ האָבן אַרויסגעשטעקט פון הינטער די ווייסע מצבות. איצט האָבן זיי זיך גערוקט, ווי אויף די שפּיצן פינגער אַהער, צום קבר. זיי האָבן זיך צונויפגעקליבן אַרום דער מיטה.

ש. האָט געוווּסט, די אַלע מענטשן האָבן זיך געמאַכט אַ נייעם גלויבן. זייערע גופים זינגען אַ לויבליד צו פּחדנות. פון טאָל האָבן זיי געדענקט, אַז די ערשטע — פאַלן די גבורים. זיי וועלן קיין קינדער מער נישט האָבן. זיי האָבן געהאַלטן גבורה פאַר דער רגעדיקער חכמה פון נאַראָנים. בעלי־חיים, וואָס טראָגן אין זיך די נאַטירלעכע חכמה פון קיום, ווייסן, אַז די פיס צום אַנטלויפן זענען די שענסטע מתנה. גבורה ציט מען אַרויף; מיט מורא ווערט מען געבוירן. זי פאַרהיט אונדז. אויך זיי לעבן אין זכות פון זייער מורא. זיי האָבן דאָ געשפּאַסט פון די מצבות מיט די קראַנצן איבער די קברים פון די געפאַלענע העלדן.

עס זענען אַהערגעקומען אויך יענע, וועלכע מען האָט אין די טאָלן נישט געפירט. באַלד פון אָנהייב האָבן זיי לעבעדיקע זיך געהאַט פאַרגראָבן אונטער זייערע שטעט, כּדי אונטערן צודעק איבערצוּוואַרטן. די ערד האָט טויב זיך אַרומגעשלאָסן אַרום זיי. יאָרן זענען אַדורך. מאָך איז אונטן אָנגעוואַקסן איבער זייערע גופים. פיל פון זיי זענען אין די ערד־טיפענישן אויסגעשטאָרבן פון עלטער.

די אַנדערע האָבן זייערע קעפּ אָנגעלענט אויף די אונטערשיכט־קברים. זייערע האָר פון קאָפּ זענען אַריינגעוואַקסן אין דער ערד. זיי האָבן געטרונקען דאָס וואַסער, וואָס האָט אַראָפּגעטריפט פון די לאַנגע ערדוועגנס. יעדער רויש פון אויבן האָט דאָ אויפגערודערט זייער שטומקייט. אין צווישן האָט אויבן זיך איינגעשטילט. אַלץ האָט איבער זיי זיך אַריבערגעקאַלערט. זיי זענען געוואָרן איינגעמומיעט אין דער שטילקייט. זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט בלויז ווען מען איז געקומען אַרויסגראָבן זייערע סקעלעטן. זיי זענען אַרויס זקנים מיט ווייסע בערד. געזען האָבן זיי בלויז אין דער נאַכט. זייערע פינגער פון די הענט און פיס האָבן זיי זיך נאָכגעשלעפּט ווי וואָרצלען פון דינע ביימער. מען האָט איצט נישט געוווּסט, ווי אַזוי זיי האָבן זיך אַהערגענומען צו דער לוויה. זיי האָבן מיט די אָפענע אויגן נישט געקאָנט קוקן אין דעם ליכט פון בית־עלמין.

אַרום דער מיטה איז איצט געווען פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם. איך בין געשטאַנען צווישן דער מאַסע און זיי נישט געקאָנט ציילן פון פיל. עס איז מיר דורך אַ געדאַנק, ער האָט זוכה געווען: אַ שיינע לוויה! מיין אויג האָט געוואָלט אַרומנעמען אַלע. באַלד האָב איך געוווּסט, אַז דער געדאַנק איז מיר געבליבן פון פריער, פון פאַר די טאָלן.

עס איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז אויף יעדער לוויה וועלן מיר אַלץ באַגלייטן יענע, וואָס האָבן קיין לוויות נישט געהאַט. מיר וועלן דאָס טאָן אין אַלע ווייטע שטעט. מיר

װעלן װיסן, מען באַגלייט אונדז װידער צו בית־עלמינס. איך האָב געװאָלט, די מאַסע דאָ זאָל זיך מערן און מערן.

מיט אַ מאָל זענען מיר אַלע פֿון דער נאָענט — געװאָרן צונױפֿגעטוליעט אַרום דעם אױפֿגעגראָבענעם קבר. אַרום דער מיטה זענען מיר געבליבן פֿאַרקנױלט אין שװײַגעניש. מען האָט געהערט בלױז דעם רידל, װאָס קלאַפּט אונטן אָפּ אין די גרודעס ערד. מיר זענען געשטאַנען געהױבן אױף דעם בערגל מיט קברים. אַרום אונדז איז דער בית־עולם אױף װי װײַט געװען געשפּרייט איבער נאָך בערגלעך און טאָלן. ער איז געלעגן אָפּגעדעקט, אָן אָפּענער. אױף װײַטער, צופֿוסנס, האָבן זיך געצױגן די פֿעלדער און פֿלאַכן. אונדזער בליק האָט אַרומגענומען דעם שטח. פֿעלדער נאָך פֿעלדער. די זון האָט אומעטום מילד אַרײַנגעשײַנט; אַרומגענומען די מצבֿות; אױך אונדזערע גופֿים. מיר זענען געשטאַנען אױסגעגלײַכט און זיך אײַנגעהערט אין די תּפֿילות. אַ דײַן האָט מיט אַ מילד קול געזאָגט צידוק־הדין: „חלילה לך זכרוננו למחות״. אַ סך האָבן געשלאָסן די אױגן. מיר האָבן געװוּסט, מיר זענען דער איבערבלײַב. זײַן קול האָט זיך געשפּרייט צװישן די מצבֿות אױפֿן פֿעלד און דער עכאָ איז אונדז אַרײַן אין די אױערן, איז טיף אַראָפּ אין טאָל, צװישן די פֿעלדער. דאָרט האָט זיך געשפּרייט אַ זילבערלעכע אַזיערע. דאָס קול האָט דאָרט זיך געדעקט איבערן װאַסער־שפּיגל, װאָס האָט זיך געבלעזלט. מיר האָבן געװוּסט, אין די נעכט קומען די מתים און שטעקן די פֿיס אין די זילבער־שטראָמען.

איך האָב געקוקט, דער קברן געגענט שױן צום ארון. דאָס האָלענדישע װײַבעלע האָט געהאַט אַראָפּגענומען דעם שלײער פֿון פֿאַרן פּנים. זי איז װידער געװען אַזױ יונג. זי האָט אַ װײַלע געשלאָסן די אױגן — מיט די לאַנגע װיִעס, צו בלײַבן אַלײן מיט זיך אין דער פֿײַערלעכער שטילקײט פֿון דער רגע. קײנער זאָל נישט זײַן צװישן איר און דעם מת. זי האָט אַן אױגנבליק דערשפּירט איר אײגן אױסלאָזן זיך, די איבעריקײט פֿון איר גוף. זי איז אָבער געװען אַרומגענומען מיט די בליקן פֿון די פֿאַרשװיגענע מענער אַרום, זײ זענען אַלע אין איר אַנגעהאנגען. זי ציט זײ אָפּ פֿון דער קבֿורה. זי האָט אַ רגע געװאָלט באַהאַלטן איר גוף, אים אײַנציִען; בלײַבן אַלײן. זי האָט באַנומען איר געפֿאַלנקײט. זי האָט נישט װוּ אַהינצוטאָן די אבֿרים. אױך די אַנדערע מײדלעך אַרום האָבן איצט פֿאַרלײגט די הענט פֿאַר די אױגן. זײ האָבן געלאָזט אױף זיך די בלאָנדזשענדיקע בליקן. זײ האָבן געװוּסט, מיט זײער זײַן דאָ, נעמען זײ די באַגלײטער אַרױס פֿון זײער מתײחד־זײַן זיך מיט זײער פֿאַרגענגלעכקײט. דער דײַן האָט נאָך געצױגן די װערטער. מיט אַ מאָל האָט זיך געהערט, די מײדלעך אַרום װײנען. זײ האָבן דערשפּירט דעם עול, װאָס ליגט אױף זײערע גופֿים; זײער הילפֿלאָז װערן זיך קעגן דעם. מען קאָן פֿון גאָרנישט זיך אָפּזאָגן.

און אין דער רגע, װען דער קברן האָט אַ הײב געטאָן דעם מת, האָט עס זיך אָנגעהױבן: דער עולם האָט זיך געגעבן אַ צעשאָקל. די אבֿרים זענען בײַ זײ געװען פֿאַרשטילט. אַלע האָבן געװוּסט, ס׳איז פֿאַרפֿאַלן! אױך אַזױ — מוז עס זיך ענדיקן. ער איז װידער דאָ, דער אַלטער הײמישער טױט. איבער יאָרן האָט ער זיך באַװיזן. ער פֿלאַטערט דאָ מיט זײַנע פֿליגל. ער איז געקומען, װי אַ באַגלײטער. מען האָט דערפֿילט, זײַן אָטעם בלאָזט אױפֿן קאָרק. דאָס איז נישט יענער פֿון טאָל. דער דאָ װעט קײנעם נישט מײַדן.

זיי האָבן זיך צערוקט, דורכצולאָזן דעם מת. מען האָט אים אַראָפּגעגנידערט בלויז אין די תכריכים. זיין לאַנגע שווערקייט האָט געצויגן צו דער ערד.

איך האָב גיך געשלאָסן מיינע אויגן, נישט צו קוקן. איבערן קבר האָט פאַר מיר אויפגעשוועבט דער ווייסער גוף פון מיין יינגסטער שוועסטער, מרים. נאָך נישט צוואַנציק יאָר איז זי אַלט געווען. איר ציטעריקע נאַקעטקייט האָט פאַר מיר זיך געשניטן. זי איז אַוועק ריין — אויך אָן אַ פרעמדן בליק איבער זיך. זי האָט געגנידערט אומבאַפלעקט. איך האָב געוואָלט אויפשרייען. באַלד האָט די געליימטקייט פון מיין גוף אויפגעוויטיקט אויך מיט דער ריינקייט פון די טויזנטער שוועסטער אונדזערע, וואָס זענען קיין מאָל נישט פאַרשוועכט געוואָרן. קיין פרעמדער האַנטוויש איז איבער זיי נישט אַריבער.

איך האָב איצט געוואָלט רייסן פון זיך מיין גוף. אָן זיי אַלע בין איך אַ סקעלעט אָן לייב. איך וועל מער נישט אַרומגעוואַקסן ווערן.

ש. האָט געדענקט די גרויסע עקספּערימענט־קעסלען אין די טאָלן, אין וועלכע מען האָט געקאָכט די קערפּערס פון אונדזערע שוועסטער, צוזאַמען מיט זייערע ברידער, ביז זייער לייב האָט זיך אָפּגעשיילט פון די ביינער.

פאַר וואָס האָבן זיי אונדזערע שוועסטער, ביי זייער לעבן, זייערע קערפּערס נישט געשענדט, פאַרשוועכט; זיי נישט צעעפנט; נישט געוויקלט זיך ביז טויטער מידקייט אין פרעמדע לייבער?!

ער האָט געוואָלט קניִען אַראָפּ צו די בערגלעך: צוליב וואָס האָט איר, אונדזערע טעכטערלעך, אַזוי געציטערט דורך די נעכט איבער אייערע פאַרבאָרגענע גופים?! ער האָט געוווּסט, די אומשולד און ווייסקייט פון זייערע קערפּערס וועלן אייביק שוין בלייבן פאַרשטומט אין אים.

מיט אַ מאָל איז אים דורך אַ געדאַנק, מער ווײַט מען דאָס נישט טאָרן! אונדזערע שוועסטער, וואָס וועלן וואַקסן נאָך אונדז, וועלן מער נישט זאַמלען אין זיך זייערע זאַפטן, ווידער צו וואַרטן. מיר וועלן נישט לאָזן מער זיי זיך אָנברייטן, פאַרחתמעטע, ווי יונגע לאָגלען — גרייט צו זייער לעצטער פאַרשעמונג.

ער האָט געוואָלט אַרויסשרייען, מיר וועלן אָפּדעקן, אָפּרייסן, זייער נאַקעטקייט; באַליידיקן זיי, פּייניקן זייערע גופים; אויסלייזן זיי פון פאָרויס פון זייער צניעות. קיין מאָל מער וועלן זיי נישט נידערן אַזוי ריין — אונטער זיך.

מיט אַ מאָל האָט ער געעפנט די אויגן. ער האָט זיך געכאַפּט, אַט דאָס האָבן דאָך געטאָן די פאַלשע משיחים, די שבתי צביס, יעקב פראַנקס. זייערע סעקטעס אין סמירנע און אָפנבאַך האָבן עס אַזוי דערנידעריקט די יידישע טעכטער. פון פאָרויס געלעסטערט זייער טויט.

ער האָט באַנומען מיט אַ ציטער, ער רייסט זיך אָפּ פון זיינע מקורות. דאָס דערפירט צו אָפּטריניקייט. דאָס וויל דער קרבן אין אים, דערשפּירן דעם פּייניקערס קראַפט אין זיינע ביינער.

נעבן אָפענעם קבר זענען איצט געשטאַנען די אַנדערע קרובים פון נפטר. מיין לאַנדסמאַן האָט אַ באַוועג געטאָן מיט דער האַנט. ער האָט געוואָלט פאַרהאַלטן די

קבורה, זאָגן אַ פּאָר ווערטער. ער האָט געזען, דער בית־עולם איז אַזוי פּריש, גרין; און אַלטע מאָך־באַוואַקסענע, מצבות. די קברים, מיט די אוהלס פון צדיקים זענען געבליבן דאָרט, ווייט הינטער אונדז. דאָרט זענען די בית־עלמינס פאַרוואָרצלט, נישט אויסצורייסן פון דער ערד. די מתים זינקען אונטער זיך וואָס טיפער אין די אַלטע קברים. דאָ זענען אונדזערע בית־עולמס יונג מיט ווייסע מצבות. די מתים ליגן נאָענט צו דער אייבערשטער ערדשיכט. די גראָזן שאָטענען איבער זייערע פּנימער. מיר קאָנען טרעטן איבער זיי מיט די פיס. ער האָט געוואָלט, מען זאָל גראָבן טיפער.

אין איין ווילע איז דאָס געשען: ווען מען האָט דעם מת אַריינגעלאָזט אין קבר, האָט אַ פאַרצווייפלונג אַלע אַרומגעכאַפּט. ס'איז אויפגעגאַנגען אַ יללה. דער קברן איז שוין געשטאַנען טיף אין גרוב — צעשפּרייט אויף ביידע זייטן די שווערע פיס. מיט זיינע ברייטע אָרעמס האָט ער דעם מת אונטער זיך אַריינגעגליטשט צווישן זיי. די מיידלעך האָבן געשריגן. זיי האָבן געוווסט, מען וויל זיי איינשטילן, פאַרשטעלן די מיילער. הענט האָבן זיי געשלעפּט. מען לויפט, מען פאַלט איבער זיי. זיי קאָנען מער זיך נישט הייבן. אַלץ האָט פון אויבן זיך געצויגן אַראָפּ, זיך געדעקט איבער די נידעריקע בערגלעך. פיס מיט גופים זענען איבער זיי געלאָפן ווייטער. מען האָט געהערט שווער טרעטן איבער דער ערד.

באַלד איז דאָס בית־הקברות געבליבן ווי ליידיק. קיינער איז נישט געשטאַנען אַרום קבר. בלויז דער קאָפּ פון קברן האָט אויבן אַרויסגעשטעקט. מען האָט אים געזען ווייט אַרום. זיין גוף איז אינעווייניק געווען איבערגעבויגן. ער האָט געטאָן זיין אַרבעט. ער האָט אונטער זיך באַוועגן מיט די הענט. אַ ווילע האָט מען פון אינעווייניק געהערט דעם טעמפּן עכאָ פון דער שווערער נאָכגיביקער צובאַהעפטונג פון גוף צו דער ערד. דער קברן האָט איצט געדרענגט אַראָפּ. ער האָט אונטן שוין פאַרדעקט האַרט מיט ברעטער דאָס פּנים פון מת. ער האָט גענומען ערד אַראָפּשיטן. אין דער הייך אַרום האָבן זיך געהויבן די קוויטשערייען פון די פרויען. די יללות זענען פאַרגאַנגען אין חלל. זיי האָבן זיך געשפּרייט פון די בערגלעך. די מענער האָבן געוואָלט, וואָס מער זיך אַראָפּציִען, דריקן, פאַרדרענגט ווערן, ווערן אויס. אונטער זיי האָבן פיס געקאָפּעט אין דער לופט. די פרויען האָבן געפילט, אַלץ נידערט, לאָזט זיך אַראָפּ. עס לייגט זיך איין. ס'איז איבער זיי פינצטער. דער קברן האָט געשאָטן די ערד אין די טיפענישן, איבער די ברעטער. פון אויבן, פון אַלע זייטן אַרום זיך, האָט ער די גרודעס געקאָלערט אַראָפּ, אונטער זיינע פיס. ער האָט זיך אַרויסגעהויבן; אַלע מאָל זיך געשטעלט העכער, און איבער זיי געטראָטן. ער איז איצט געשטאַנען אַן אויסגעגלייכטער. מיט די פיס האָט ער געשטופּט שטייפער די ערד אונטער זיך, נישט נאָכגעגעבן. מיט די הענט האָט ער ווייטער געשאָטן, פרישע גרודעס פון ביידע זייטן פון קבר. ביי יעדן טראָט זיינעם, מיט די פיס העכער אַרויף, זענען די געוואָלדן פון אַרום געשטיגן. אונטער אים האָט דער באָדן זיך געהויבן. ער האָט געשטופּט אַראָפּ; מער, ווי אַ האַלבן גוף זיינעם האָט מען שוין אַרויסגעזען אויבן. אַן אויסגעגלייכטער האָט ער נאָך מער געדרענגט. באַלד זענען די געוואָלדן איבערגעגאַנגען אין ספּאַזמען. זיי האָבן זיך געקאָלערט אויף די גראָזן אַרום; זענען געפלאָסן דורך די טאָלעכלעך צווישן די קברים.

ערשט ווען ער איז שוין געבליבן שטיין, דער קברן, גאָר אויבן, מיט די שיך איבער דער ערד — האָבן די יללות אַרום אָנגעהויבן אויסגיין, זיך צו לעשן. זיין

אויפגעריסענער בליק אין דעם ליכט האָט אַרומגענומען דאָס פעלד. ער האָט געזען די פּאָרלעך, אויסגעצויגענע, לויזע. זיי זענען איצט געלעגן מאַכטלאָז, ווי פאַרדרימלטע, איבער די קברים. ער האָט געקוקט ווייט, פאַרזשמורעט. די קרעכצן זענען געהאַט איינגעזונקען. אַ רגע האָט אים געדאַכט, אַלץ אַרום אים איז אויסגעלאָזט אויף שטענדיק. איינער אַליין בלייבט ער פון אויבן.

ש. האָט זיך דערמאָנט: כדי אָפּצושטעלן אַ מגיפה, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט — האָט מען אין שטעט און שטעטלעך, אויף בית־עלמינס, חתונה געמאַכט יתומות. איבער קברים האָט מען געשטעלט די חופּות. אויפן אָרט, וווּ אַלץ האָט זיך אויסגעלאָזט — האָט עס ווידער זיך אָנגעהויבן. ער האָט נישט געוווּסט, צי דאָס קומט איצט פאַר דאָ אין לאָזאַן, צי אין אַמסטערדאַם; צי גאָר איז עס געווען אויף צו מאָרגנס אין לאָדזש, און אפשר אַ מאָל דאָרט נאָך, אין מיזרח פון אייראָפּע, אין מאַסן־געגאַנג פון יונג און אַלט אויף זייער וועג צום טאָל.

# אָפּגעבאַד

און אין דער זעלביקער צייט זענען זיך צוזאַמענגעקומען אויף אַן אסיפה די פֿאַרבליבענע יידישע ספרים. מען האָט געשמועסט, אַז דאָס האָבן נאָך די שומרים פון די טאָלן זיי צונויפגעזאַמלט דאָ אין אָפּגעבאַד ביים מאַין; אַהערגעבראַכט זייערע רעשטלעך פון די אויסגעליידיקטע יידישע שטעט. אין דרויסן איז דער גרויסער א. ג. פֿאַרבן־בנין געווען אַרומגערינגלט פון אַ מויער; בלויז זיין טויער איז אַרויס צו די וואַסערן פון טייך מאַין, און — אינעווייניק, אין די מאַגאַזינען פון דעם דריישטאָקיקן קאַסטן־הויף, זענען די טויזנטער ספרים געווען פֿאַרפּאַקט, ווי אין מתים־ארונס; זיי האָבן אויסגעפילט די שענק פון די זאַלן אויף אַלע שטאָקן און אין די קעלערס. דורך לאַנגע צייטן שוין זענען זיי דאָ געלעגן, די ספרים, און זיך איינגעהערט, ווי די מייז עסן זייערע זייטן.

איצט האָבן זיי געוווסט, דאַרף ער פֿאַרקומען, זייער משפט. זיי ווערלן זיך משפּטן צווישן זיך אַליין. פון די שטאָקן, קעלערס, אויבן און אונטן — האָבן זיי אויפגעריררט; אַרויס פון די קאַסטנס, און זענען אַהערגעקומען אין דעם מיטלסטן זאַל. אויף אַלע בענק, שורה נאָך שורה, זענען זיי געלעגן אויסגעשפּרייטע, אויפגעמישט — ספר ביי ספר. עס איז געבליבן שטיל; קיין בלאַט האָט קיין באַוועג זיך נישט געטאָן, קיין ווינטל איז צווישן זיי נישט דורך. אַלע גרייט, האָבן זיי געוואַרט; אַזוי — ביז אַראָפּ הינטן, דער לעצטער שורה, אין סוף פונעם זאַל.

אויבן־אָן, אויפן טיש איבער דער בינע, זענען געלעגן שווער, ברייטצעשפּרייטע, אָפן — גאָר אַלטע ספרים. די דיק־געלבלעכע בלעטער — אַרומגענומען מיט אָפּגעריבן־לעדערנע איינבאַנדן. די ספרים אין די שורות אין זאַל האָבן מיט ציטעריש זיך איינגעהערט אינעם געררויש פון די זיך־מישנדיקע בלעטער איבערן טיש. זיי האָבן געוווסט, עס פעלן אין זיי די אַריינגעשטעקטע באַבערדיקטע לומדים־קעפּ. זיי זענען מער נישטאָ. אַ סך פון די ספרים האָבן בלויז געשפּירט אין זיך, טיף צווישן די בלעטער, די איינצלנע גרויע און שוואַרצע האָר, וואָס זענען אין זיי פֿאַרבליבן פון די אַמאָל הענגענדיקע איבער זיי, בערד. זיי האָבן אין זיי געוואָלט זיך קלאַמערן, דערשפּירן כוח.

די בלעטער אויבן, איבערן טיש, האָבן זיך געמישט; טייל האָבן דין־קנאַקנדיק זיך געבויגן. דער זאַל איז געווען איינגעהערט. אויך די ספרים אויף די ווענט אַרום, אָנגעהאנגען אויף די פּאָליצעס און פּאָכלעך, ווי אויף גאַלעריעס, האָבן איינגעהאַלטן זייער רויש. זיי האָבן שטיל זיך געדראָפּעט איינער איבער אַנדערן, מיט אויפגעריסענע טאָוולען. מיד־געקנייטשטע ספרים האָבן אַרויסגעקוקט פון אָפענע שענק. אַלע — מיט איינגעהאַלטנקייט געווענדט צו דעם אויבנאָן־טיש.

מען האָט געוווסט, דאָ זענען קיין רחמים נישטאָ. עס וועט משפּטן בלויז דער

דין. עס פעלן די הערצער אין די הייסע רבנים־גופים, געבויגן איבער זיי. עס וועט פסקענען די הלכה; נאָר די תורה איז קובע. זי איז געבליבן אַליין, אָן די יידן.

די ספרים זענען איצט געווען פאַרטאָן אין זיך. זיי האָבן מעיין־געווען אין זייערע אייגענע סוגיות; זיך צו משפטן נאָר לויט זיך.

זיי האָבן נישט געוווסט, צי האָט מען זיי דאָ איצט צונויפגערופן כדי אויף ס׳ניי צו ציילן; ווידער צו לייגן זיי ערגעץ איבער שטענדערס פון לומדים. עס הייבט אַלץ זיך אָן פון בראשית. עס וועט ווייטער זיין תורה ביי יידן; אָדער זענען זיי דאָ די לעצטע צום פאַרלענד. זיי דאַרפן גרייט זיין צו קידוש־השם, צו גיין אויפן שייטער.

אין דער האַלבער טונקלקייט פון זאַל האָבן זיי געדענקט, דער בנין אַרום זיי איז אָפּגעשלאָסן. זיי זענען פאַרמאַכט. פון די טירן־מיילער זענען די שלעסער־צונגען אַרויסגעלאָזט, ווי די צונגען פון וואַכהינט, וואָס היטן. זיי זענען, די שלאָס־צונגען, פאַרשטעקט אין די אייזערנע רינגען פון אַנטקעגן זיך. אויך איבערן שטאַכעטן־טויער אין דרויסן, אויף דער מאַין־שטראַססע דאָ, וואַכן די אייזערנע לייבן, וואָס ברילן. דער פאַרביילויפנדיקער פאַרן טויער, מאַין, ברויזט צו זיי, מיטן קול פון זיך צעשיטנדיקע וואַסער־ווענט.

די ספרים האָבן נאָך געפילט אויף זיך דעם קאַלטן באַריר פון די פרעמדע הענט, וואָס האָבן זיי איינגעזאַמלט אַהער; זיי געבראַכט פון די ווייטע אויסגעליידיקטע יידישע ביבליאָטעקן. דאָס זענען די זעלביקע הענט, וואָס האָבן זייערע לערנער, די יידן, אָוועקגעפירט אויפן וועג צו די טאָלן. נאָכן אומברענגען כמעט אַלע, האָט מען ביי זייערע רעשטלעך אַרויסגענומען די כוחות פון גוף; ערשט נאָך דעם — האָט מען אויך זיי פאַרגאַזט אין די קאַמערן. זיי האָבן איצט מורא געהאַט, אַז אויך פון זיי, די פאַרבליבענע פון אַלע שריפות, ספרים, וועט מען דאָ צו ערשט אַרויסציִען די זאַפטן, און ערשט דערנאָך וועט מען זיי אויפברענגען, ווי אַן עולה, אויפן פייער. זיי האָבן געשפּירט אין זייערע אותיות, אַז דער שונא וויל פון זיי אַרויסשרייבן דעם לעצטן גזר־דין אויף די, וואָס די ערד האָט איבער זיי זיך שוין אויסגעגלייכט.

מיט אַ מאָל האָבן פון פאַרשידענע זייטן אויף די בענק גענומען גרייכן גערוישן. דאָס האָבן זיך געמישט די היסטאָריע־ספרים. זייערע בלעטער זענען געבליבן אָפן ביי די קאַפּיטלען אָפּנבאַך. די ספרים האָבן געהערט. זיי האָבן זיך דערמאָנט, אַז דאָ, אויף דער ערד פון דער דאָזיקער שטאָט, ווו זיי זענען איצט צונויפגעזאַמלט, האָבן געלעבט דער אָפּקערער יעקב פראַנק און זיין כת. אָט די אָפּטריניקע האָבן דאָ אין אָפּנבאַך געוואָלט אַ סוף מאַכן צו זייער אייגענעם שטאָם. אין דער ערד פון דעם אָרט ליגט איצט זייער געביין. די ש״סן אין די אַרומיקע שענק און פאָליצעס האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם. זיי האָבן דערפילט די היץ, וואָס נעמט אין זיי אויפגיין. זיי האָבן געדענקט דעם ריח פון די שרפות אין וועלכע דער מומר האָט זיי געמאַכט וואַרפן. זיי האָבן מורא געהאַט, נאָך אַ ביסל וועלן אונטער זייערע פיס אויפבריִען די פייערן. נישט אומזיסט האָט דער שונא זיי פאַרזאַמלט אָט אין די קעלערן.

פלוצעם האָבן זיי זיך געכאַפּט, אַז מען האָט זיי דאָ צונויפגענומען אין די מאַגאַזינען פון א. ג.־פאַרבן. אָט דאָ, ווו מען האָט צוגעגרייט דעם ציקלאָן־גאַז, וואָס האָט אַרויסגעבלאָזן די נשמות פון אַלע יידישע גופים. מען שפירט נאָך דאָ דעם גאַז־ריח.

ער פילט אַן די זאַלן. מעגלעך, באַלד וועט קומען דאָס שווּעבעלע, וואָס וועט אויפֿ־פֿלאַקערן דעם חלל אַרום זיי. זיי אַלע וועלן דאָ ווערן צו לופֿט.

די ספֿרים האָבן זיך גענומען גרייטן צו קידוש השם. די אַלטע ספֿרים אויפֿן אויבנאָן־טיש האָבן איצט מעיין־געוועען אין זיך. באַלד וועט מען אַרויסרופֿן צום טיש, פֿון זייערע רייען אַרויס, די לומדישע און חסידישע ספֿרים, זיי זאָלן עדות־זאָגן. יענע האָבן פֿאַר מורא זיך איינגעשרומפֿן אין זיך, ווי די דרויסנדיק־לויפֿנדיקע מאַין־וואַסערן. זיי האָבן נידעריק זיך אַראָפּגעלאָזט, די שטילקייט זאָל איבער זיי אַריבער.

אַ רגע האָט זיך געדאַכט, דער זאַל וויגט זיך מיט זיי, ווי אַ תיבה איבערן וואַסער. זיי זענען דאָ גאָר איינגעזאַמלט, ווי פֿון פֿאַרן מבול — צו צוויי פֿון יעדן מין. פֿון זיי דאַרף עס אפֿשר ווידער זיך אָנהייבן. ווידער וועלן אויגן אין זיי זוכן.

די אסיפֿה האָט געוווּסט, דער משפּט וועט דאָס מאָל זיין אַ לאַנגער. מען וועט מוזן אַרויסטראָגן דעם דין, באַזונדער פֿון יעדן איינעם פֿון זיי. אַלץ וואַרט. אויך דער חושן משפּט אויבן אָן. נאָר עס איז נישטאָ די האַנט, וואָס זאָל אַ קלאַפּ טאָן איבערן טאָוול, די דין־תורה איז געעפֿנט, זי הייבט זיך אָן.

עס איז געווען אַ ספֿק, אַז אויך דאָ זענען טייל ספֿרים געבליבן פֿון יענער זייט, אין דרויסן. זיי וועלן שוין נישט קאָנען אַריין. זיי וועלן אויף תמיד זיך דרייען אין עולם הדמיון. אַנדערע זענען אויפֿן וועג אַהער פֿאַרפֿאַלן געוואָרן; ס'וועט נישט בלייבן פֿון זיי קיין זכר.

מען האָט געטראַכט, זיך אַליין צו ציילן, לויט די בענק און אַרומיקע פֿאַכלעך, אָדער זאָל מען זיי אויסרופֿן יעדן, לויט דעם דור פֿון זיין באַשאַפֿונג. און אפֿשר גאָר לויט זייערע לענדער און מדינות.

אויך מיין ספֿר האָט געוואָלט געציילט ווערן. עס האָט אָבער געוווּסט, עס איז פֿון די יינגסטע, פֿון די אויפֿצומאַרגנדיקסטע; געשאַפֿן שוין נאָך דעם אַלעם. עס האָט נישט קיין האַרטע טאָוולען. עס האָט זיך פֿאַרגראָבן אין אַ ווינקל, אונטער פֿרעמדע, צעשאָטענע שיימעס; מען זאָל עס נישט אַרויסזען.

מיין ספֿר האָט געוווּסט, עס געפֿינען זיך דאָ ספֿרים, וואָס זייערע זוימען זענען אָפּגעזעגנט פֿון אומצאָליקע פֿייער־צונגען; אויסגעטריקנטע ספֿרים, אָן טאָוולען, מיט געלע פֿלעקן פֿון די טייך־וואַסערן, אין וועלכע מען האָט זיי געוואָרפֿן.

עס זענען דאָ פֿאַרזאַמלט בלעטלעך, וואָס מען האָט זיי געפֿונען אין גאַס, יתומים. זיי וויסן נישט פֿון וואַנען זיי שטאַמען. זיי וואַרטן, מען זאָל אין זיי מעיין־זיין; פּסקענען צו וועמען זיי געהערן. די ספֿרים, וואָס האָבן זיי אויסגעוואַרעמט אין זיך, זענען מער נישטאָ.

עס זענען אויך דאָ פֿאַרזאַמלט ליידיקע טאָוולען פֿון אַלטן לעדער, מיט דרוק־אָפּזאָץ. זייערע ספֿרים זענען פֿון זיי אַרויסגענומען געוואָרן, אָבער זייערע נעמען זענען געבליבן, גאָלד־געליישט, איינגעחתמעט אין זיי. זיי האָבן נישט וועמען אַרומצונעמען. צעשאָטענע, לויז־פֿאַרבליבענע ספֿרים, אָן טאָוולען, בענקען אַריינגענומען צו ווערן אין זיי.

פֿון די בענק און פֿאַכלעך קוקן זיך איבער טאָוולען, ספֿרים און בלעטלעך. זיי ווילן ווערן צו איינס. נאָר ווי געבונדענע דורך זיך אַליין, בלייבן זיי יעדער אויף זיין אָרט אין איינגעגליווערטער וואַרטעניש.

די מאָדערנע ביכער האָבן ציניש געשמייכלט אין זיך. זיי האָבן דערפילט דעם יאוש אין וועלכן עס איז איינגעטונקען דער אויבנאָן־טיש; די בלעטער אויבן מישן זיך אויף איין אָרט. און קאָנען נישט גיין ווייטער.

געווען אַ סברא, אַז דער משפט קאָן זיך נישט אָנהייבן, ווייל זינט עס זענען נישטאָ די לערנערס, איז די תורה געבליבן אָן איר קול. די ספרים זענען אַלע געשלאָגן מיט שטומקייט.

מען האָט שוין געוווּסט איין זאַך, אַז אויבן אָן וועלן זיצן ביים משפט, זייט בײַ זײַט מיט די ארבעה טורים — דער נודע ביהודה מיטן רמ״א. זיי וועלן מעיין־זיין אין ש״ס און רמב״ם און אין די יידישע חורבן־ביכער. מיין ספרל האָט נאָך טיפער זיך פאַרשטעקט; מען זאָל עס נישט אַרויסזען.

מען האָט געוווּסט, אַז אָנקלאָגן וועלן די מוסר־ספרים. זיי וועלן געשטעלט ווערן לינקס פון טיש; עס רייסן זיך אַלס מליצי־יושר, די חסידישע ספרים, אין שפּיץ מיטן ספרל פון מיינע רביס, דעם נועם אלימלך. זיי ווילן אַלע זיך שטעלן רעכטס.

די ספרים וועלן דאָ משפטן זיך אַליין. מען האָט נאָך נישט געוווּסט, וועמענס דין זיי וועלן מאָנען, סיידן דעם פון כלל ישראל: די תורה האָט זיך נישט איינגעשטעלט פאַר יידן.

שוין שעהען ווי זיי זענען פאַרטיפט אין זיך און האָבן נאָך נישט געפונען דעם זין. בלויז די שולד הויערט דאָ, וואָס אַ מאָל שווערער.

מען האָט געוואָלט אַרויסרופן די קבלה־ספרים פון האר״י; די וואָס האָבן פאַרגעזען דעם קץ. בלויז זייערע זעונגען וועגן די פיין פון ימות־המשיח זענען מקויים־געוואָרן. דער אחרית־הימים איז נישט געקומען.

מען האָט געהערט, די יונגע ספרים ווילן, מען זאָל אַליין גוזר־זיין אויף זיך כליה; אַליין זאָל מען זיך אונטערצינדן, פאַרברענט ווערן אין די פלאַמען; נישט אַריינפאַלן אין פרעמדע הענט, איבערגעזעצט ווערן אין זייערע לשונות. אונדזערע שעפער האָבן זיי פאַרלענדט; זיי ווילן איצט ירשענען זייער חכמה, ווי צו לעבן.

די פרומע ספרים האָבן געוואָרנט קעגן, חלילה, איבוד עצמו לדעת! נישט האָבן קיין חלק לעולם הבא! דאָס איז נישט אונדזער דרך! זיי האָבן געראָטן, זיך צו פאַרמאַכן אין זיך אַליין; זיך פאַרשליסן אין די אותיות. קיין פרעמדן נישט אַריינלאָזן אין זייער סוד.

די ספרים אויבן, אויפן טיש, האָבן איצט שטרענג־וואָרנענדיק זיך צעשאָקלט מיט זייערע בלעטער, ווי אַ ווינט וואָלט אין זיי געבלאָזן. מען האָט דערפילט אין זיי דעם אָנגעזאַמלטן כעס פון דורות תלמידי־חכמים. זיי קאָנען נישט פאַרנעמען די אַלע גרינגע רייד. אַזאַ יאוש פאַסט פאַר ספרים חיצוניים, נישט, חלילה, פאַר דער תורת חיים, וואָס יעדעס וואָרט אירס איז אַ ירושה פון די פינף חומשים.

זיי האָבן געוואָלט רייסן זיך קריעה אין די בלעטער; צו הערן אַזעלכע רייד! חלילה, אָן יידן, בלאָנדזשעט זי, די תורה. זי איז פאַרפלאָנטערט אין זיך.

מען האָט אָבער אויך געוווּסט, אַז איצט איז יעדער ריס — אַליין אַן איבוד עצמו לדעת.

מען האָט געוואָלט רופן צו דרך־ארץ! שטיל זאָל זיין! דאָ ליגן אַלטע ש״סן מיט

פאַרטריפטע בלעטער. זיי געדענקען, ווי מען האָט זייערע זיידעס געברענט אויף די שייטערס אין פּאַריז און אַנקאָנאַ. נאָך אַלע פּייערן האָבן זיי ווידער זיך צונויפֿגענומען. מען האָט איצט געקלערט אַרויסצורופן צום טיש די גמרות; זיי זאָלן זיין די ערשטע עדות. אַלע אויגן זענען אַ ווײַלע געבליבן צו זיי געווענדט.

— שטיל זאָל זיין! אַלע האָבן שוין געוווּסט, דאָס וועט זיין אַ פאַנטאַמימע־משפּט, אָן רייד. בלויז די אויערן פון די ספרים וועלן זיך איינהערן אין די טענות, וואָס שוועבן איבער די בענק. די ספרים וועלן אויך טענהן — יעדער פון זיין אָרט, כדי נישט אויפצורירן די שטילקייט אין זאַל. די אַלטע ספרים האָבן געוווּסט, אַז אַלע זייערע טענות, וואָס וועלן דאָ געהערט ווערן, זענען שוין לאַנג פאַרשריבן אין זיי. זיי טראָגן זיי אין זיך פיל. פון די טענות זענען זיי געמאַכט.

עס האָט זיך געריסן צו זיין אַן עדות וועגן דעם ווייטן אַמאָל דער „נגד אפיון" פון יאָזעפוס פלאַוויוס. שוין דעמאָלט, אין זיין צייט, האָט ער פון דעם אַלעם געוווּסט. ער האָט באַנומען, עס איז דאָ איצט אַ גרויסער צד, וואָס וויל אים מער נישט פסלען. די נייע היסטאָריע־ביכער רוקן אים אַרויס. ער האָט געוואָלט, מען זאָל פאַרלייענען די בלעטער פון זיין „חיי יוסף".

מען האָט שוין פאַרגעזען, אַז דאָ וועלן זיך שאַפן פיל צדדים. קיינער פון זיי וועט נישט נאָכגעבן. יעדער וועט איצט פאָדערן מען זאָל אים מזכה־זיין, ער האָט דאָ אַ חלק גלייך ווי אַלע. טייל האָבן געמיינט, ס׳איז שוין עולם הבא.

עס איז געווען אַ דעה, דער משפּט זאָל צו ערשט זיין צווישן זיי אַליין, צווישן די צדדים. עס זאָל זיין אַ פאַר־משפּט, כדי זיי זאָלן, אויסגעגלייכטע, שפּעטער קאָנען קומען אייניק כלפּי חוץ, ווי די תורה פון יידן.

די באַשולדיקער האָבן געפאָדערט באַזייטיקן פון דאַנען אַלע ספרים פון יידן געשריבן אין אַנדערע לשונות — אויך „נגד אפיון". זיי זענען געשריבן פאַר פרעמדע. סיידן ספרים אין פרעמדע לשונות, וואָס זענען פאַר יידן; די תיבונים און זייערע תלמידים האָבן זיי שפּעטער איבערגעזעצט אויף לשון־קודש.

פון די זייטיקע בענק און פאַליצעס האָט אין דער שטילקייט זיך געהערט אַ געוויין. עס האָבן געוויינט טויזנטער אַסימילירטע ביכער פון יידן, אין אַלערליי לשונות. זיי האָבן געוואָלט טענהן, אַז זיי זענען אַ „תנוק שנשבה": זיי זענען אויך אַ צאצא פון יידישן גייסט. אויף אַלע שייטערן האָט מען דערפאַר זיי געברענט. אויב מען לאָזט זיי, חלילה, דאָ נישט אַריין, פאַרלירן זיי ביידע וועלטן. זיי וועלן פאַלן אין כף הקלע.

מען האָט געוווּסט, אויף זייער פסק־דין וואַרטן דאָ אויך די יידישע ביכער פון הומאָר און קלות־דעת, וואָס קאָנען ברענגען צו הוללות. די מוסר ספרים ווילן זיי נישט צולאָזן.

די פאַרטיידיקער האָבן געהאַלטן, אַז אין זיי איז אָנגעזאַמלט די יידישע גוטסקייט פון דורות; דער כוח מוחל צו זיין, פאַרגעבן. דאָס איז נישט קיין חכמה פון בייזן, פון אויסלאַכן יענעם, נאָר אַ שפּאַסן פון זיך אַליין, פול מיט אהבת ישראל. דער יידישער הומאָר האָט אויך אַ גרויסן זכות. ער האָט באַגלייט יידן מיט אַ שמייכל. ער איז מיט זיי געווען ביז דער לעצטער מינוט.

מען האָט דאָ אויך געזען אויף די פּאַליצעס די יידישע שונד־ליטעראַטור, פול מיט זנות און ניבול־פּה. דער האַרבער קטיגור האָט געפּאַדערט, זי אַרויסצוּזען מחוץ־למחנה. זי זאָל דאָ נישט האָבן קיין חלק ונחלה. זי האָט פאַרפירט יידישע טעכטער.

די דאָזיקע ביכער האָבן זיך דערשפּירט, ווי אַ נואף, וועלכן מען שטעלט נאַקעט אַוועק פאַרן בית־דין און ער קאָן נישט פאַרשטעלן זיין שאַנד. אויך פיל פון די מאָדערנע ביכער האָבן איצט שטיל, מען זאָל נישט זען, געמישט אין זייערע בלעטער. זיי האָבן זיך געקוקט אויף די פיס, געזוכט אין זיך זייערע אייגענע זינד. זיי האָבן געוווּסט, קיינער פון זיי איז נישט ריין פון דעם. ביי יעדן איינעם וועט מען אויפמישן די פאַרבאַרגענע בלעטלעך.

זיי האָבן איצט מקנא־געווען די אַלטע ספרים, די תמימים און ישרים, וואָס די אותיות פון זייערע גופים האָבן קיין מאָל נישט געטונקען זיך אין שווייס פון פרעמדע קערפּערס. זיי זענען געבליבן ריין.

די דרייסטע עראָטישע זי־ביכער האָבן פאַרמאַכט די אויגן. זיי האָבן זיך געשעמט צו קוקן צו די ריין־געבליבענע, ווי בתולות, אַלטע צאינה וראינהס און קרבן־מנחה סידורים. זיי זענען אַרויס גאַנץ פון יעדן נסיון. זיי האָבן זיך דערפילט קעגן זיי, ווי פול מיט נידה.

דאָ, הינטער אַן אָפּגעצוימט ווענטל פון ווייסע ליילעכער, האָבן אויף זייער פסק־דין באַזונדער געוואַרט די אין חרם־געלייגטע ספרים, די פאַרמשפּטע דורך דורות צו גניזה. אויך ספרים פון כופרים און משומדים. פיל פון זיי האָבן די גויים מער נישט געוואָלט. זיי האָבן נישט וווּ זיך אַהינצוטאָן.

מען האָט געוווּסט, אַז זייערע ראשי המדברים וועלן זיין די ספרים פון פאַר־שטויסענעם זון ברוך שפּינאָזע. זיי וועלן טענהן, אַז אויך זיי אַלע שפּירן זיך, ווי אומגעזעצלעכע קינדער פון יידישן זשעני. זיי וועלן זיך נישט לאָזן פאַרשטויסן. מיר זענען זייערע פאָטערס, כאָטש געבוירן זיי מיט פרעמדע טעכטער.

זייער סניגור האָט צוגעגרייט די טענה, אַז ספרים, ווען זיי גייען אַרויס אויף דער שיין, לעבן זיי שוין זייערס אַן אייגן לעבן; עס רייסט זיך אָפּ פון זיי זייער שאַפער, דער מחבר. מען קאָן די זין נישט משפּטן פאַר די זינד פון די פאָטערס. זיי טראָגן אָבער אין זיך די ירושה פון זייער שטאַם. פון הינטער די ליילעכער האָט זיך אָפּגעפילט זייער ריח פון גוייִשע ביבליאָטעקן, ווי פון פרעמדער געדעמפטער קטורת. ערשט פון די שייטער־הויפנס זענען זיי אַנטלאָפן אַהער.

דאָ, אין אָפּנבאַך, צווישן די ספרים, האָט שוין לאַנג זיך געדרייט זייער קליינער ביבליאָטעקאַר, מיט די דיקע ברילן־גלעזער פאַר די אויגן, דאָקטער שטר. באַלד אויף צו מאָרגנס, נאָך דעם ווי מען האָט אים אַרויסגעלאָזט פון די טאָלן, איז ער געקומען אַהער. די פרעמדע שומרים פון דאַנען זענען אָפּגעצויגן, צוזאַמען מיטן שטראָם באַצווינגער פון די טאָלן, וואָס איז אַנטרונען. ער האָט גענומען די שליסלען און אײַנעווייניק זיך פאַרשלאָסן אַליין אין דעם ריזיקן בנין. ער איז געגאַנגען פון זאַל צו זאַל; האָט געקלעטערט איבער די שטאָקן; זיינע טריט האָבן אין דעם גרויסן בנין

אָפּגעהילכט, ווי דאָס טריפן פון טראָפּנס וואַסער. צו ערשט האָבן די ספרים אַלע זיך אָפּגעווענדט פון אים. זיי האָבן צו אים זיך אויסגעדרייט מיט די רוקנס; מיט די פּנימער — צו די ווענט. לאַנג זענען זיי אַזוי געבליבן איינגעשרומפּן אין זיך בעת ער איז הינטער זיי פאַרביי.

פון מאָל צו מאָל פלעגט ער, דער קליינער דאָקטער, זיי פאַרלאָזן. ער איז אַרויס איבער די לאַנגע וועגן, צו די אַלטע שטעט, כדי צו זאַמלען דעם לעצטן איבערבלייב זייערן. ער איז געגאַנגען איבער די טעג און פאַרנאַכטן פון אייראָפּע און האָט אין זיך איינגעזאַפּט די שטילקייט און מעלאַנכאָליע פון אירע ליידיקע וועגן. עס איז איבער זיי נאָך געהאנגען דער עכאָ פון די לעצטע שטילע טריט פון די דורכגעפירטע אין די טאָלן. אונטער די אָרעמס האָט ער געטראָגן פּעקלעך ניי־געפונענע ספרים. עס זענען נאָך מיט זיי פול געווען די טייכן, וואָס האָבן דורכגעצויגן דורך די אַמאָליקע יידישע שטעט. מיט זייער שימל האָבן זיי אין וואַסער אַראָפּגעשווערט ביז די דנאָען. זיי האָבן זיך אויך געלופטערט אין ווינט — איבער די פעלדער און ראַוועס; זייערע אויסגעריסענע, פאַרטריקנטע בלעטער זענען געלאָפן איבער די שאָסייען און מערק. ד״ר שטר האָט געצאָלט די פישערס, אַז זיי זאָלן פון די טייכן אַרויספּאַנגען מיט זייערע נעצן די דערטרונקענע ספרים. ער פלעגט לאָזן אָפּרינען פון זיי דאָס אָנגעזאַפּטע וואַסער, און זיי וואַרפן אין די טיפע זעק, וואָס ער האָט מיט זיך געפירט. ער האָט זיי אויך אויסגעלייזט פון די קרעמלעך, ווו מען האָט זיי גענוצט אַלס פּאַקפּאַפּיר. ער האָט פּאַר זיי געצאָלט מיט פרישע, ווייסע פּאַפּיר־ראָלן. אין די לאַנגע זעק האָט ער אויך געוואָרפן די אָנגעזאַמלטע פּרשיות פון רש״יס און רבנו ת״מס תפילין; די בתים מיט די רצועות פון קעלבערנער לעדער; פאַרמעטן פון מזוזות און ספר־תורהס, מיט פאַרטרוקנטע בלוט־פלעקן איבער זייערע אותיות. דעם זאַק, וואָס איז געווען גרעסער פון אים, האָט ער, דער קליינער דאָקטער, געטראָגן אויף דער פּלייצע, און פון מאָל צו מאָל זיך געלאָזט מיט אים צוריק ביז אָפּנבאָך. לאַנגע חדשים איז ער געפאָרן איבער די באַנען און אויטאָס. אויפן וועג, אין די ווייט־פאַרוואָרפענע שטעטלעך, איז ער אָפּגעטרעטן אין די ליידיקע שולן, מיט די הויכע, לאַנגע פענצטער. איבער זייערע דילן האָבן זיך נאָך געוואַלגערט די אויפגעראָלטע פאַרמעטן פון ספר־תורה׳ס, אַרויס־געוואָרפן פון ארון־קודש — מיט זעלנערישע שטיוול־אָפּדרוקן איבער זיי. ווי פאַר־חלשטע קינדער האָט ער זיי פאַרזיכטיק גענומען אין די אָרעמס און זיי געטראָגן מיט זיך. אין זיינע ווייטע נסיעות האָט ער אויך אויסגעקויפט פאַרמעטענע קוישלעך און טאַשן, געמאַכט פון אַלטע מגילות, באַצירטע מיטן געציקלטן כתב פון יידישע סופרים; שיך מיט זוילן און אָפּצאַסן, אויסגעאַרבעטע פון קמיעות, און אַלטע פאַרמעט־פּינקסים. ער האָט די זעק אָנגעפּאַקט מיט לוחלעך — קאַלענדאַרן פון פאַרגאַנגענע יידישע יאָרן; מיט קידוש־בעכערס, לייכטערס, מעשענע חנוכה־לאָמפּן; מיט סידורים, אָנגעזאַפּטע מיט תפילות פון פּראָסטע יידן פון אַ גאַנץ יאָר; מיט תהילימלעך, וואָס זייערע אומפאַרשטענדלעכע ווערטער זענען, ווי זיסער, שאַרפער האָניק, געלעגן אין די מיילער פון יידישע מאַמעס, בעת זיי האָבן זיי אויסגעפּרעפּלט יעדן טאָג.

ד״ר שטר האָט דאָ, אין אָפּנבאָך, שפּעטער אויסגעפּאַקט די אַלע ספרים און חפצים. מיט זיינע הענט האָט ער זיי אַרומגעגלעט, אָפּגעווישט זייער שטויב. די באַקעטע, אויסגעקילטע אין וואַסער און ווינט, האָט ער וואַרעמלעך באַהויכט מיט זיין מויל;

די אַרומגעזענגטע פון פייערן — האָט ער באַבלאָזן מיט זיין אָטעם. ביסלעכווייז האָט ער אויך גענומען אויספּאַקן די פאַרקלאַפּטע ביכער פון די קאַסטנס דאָ, און — דערוואַרעמען די צונויפגעזאַמלטע אַהער, דורך זייערע פאַרלענדער, אין די מאַגאַזינען און שטאָקן פון דעם גרויסן בנין.

ד״ר שטר האָט איצט, נאָכן דריטן חורבן פון בית־ישראל, געדענקט, אַז אויך נאָכן צווייטן חורבן, האָט ר׳ יוחנן בן זכאי, וועלנדיק אָנהייבן אַלץ פון דאָס ניי — צונויפ־געזאַמלט אין יבנה די תורה מיט אירע חכמים. די תורה האָט ער שוין דאָ. ער האָט געהאָפט, אַז אויך די פאַרבליבענע חכמים וועלן אין זייערע בלאָנדזשענישן איבער די וועגן, ווי גופים אָן נשמות, אַרויספילן איר ריח; זיי וועלן זיך זאַמלען אין אָפּנבאָך, זיך אָנצוטרינקען מיט איר. זיי וועלן דאָ פלאַטערן אַרום דעם ליכט. דערווייל, האָט אים געדאַכט, איז אָפּנבאַך דאָס גרויסע נאָכמלחמהדיקע אָרפעלין־הויז. ער זאַמלט דאָ די יתומים, פאַרבליבענע נאָך די יידן.

דער אַלטער געלערנטער איז איצט געזעסן ביי זיין טישל אין עק פון זאַל און — געבראַכט נאָענט פאַר זיינע אויגן יעדעס ספר. מיט זיין קורצער ראיה, האָט ער געקוקט אין די שער־בלעטער, געמישט אינעווייניק, און זיינע ליפּן האָבן געשמייכלט. ווי אַ מאָל זיינע זיידעס, האָט ער די לעפצן זיינע צוגעפרעסט צו יעדן ספר און שטיל אים געקושט פאַרן עפענען. די ספרים, מיט פאַרמאַכטע אויגן, האָבן איצט געשפּירט, אַז דאָס איז נישט דער פרעמדער אָטעם, וואָס האָט די לעצטע יאָרן קאַלט געהויכט איבער זיי. זיי האָבן אונטער זיינע הענט זיך צעעפנט, און צום ערשטן מאָל אויפגעלאָזט די איינגעדאַרטקייט פון זייערע אותיות.

ד״ר שטר האָט געקענט די געשיכטע פון יעדן ספר — פון זיין דרוק און איינבאַנד. זיינע הענט האָבן זיך באַוועגט ציטעריק אויף די בלעטער; מיט די פינגער־שפּיצן האָט ער אויסגעטאַפּט די אותיות פון די דרוקערייען אין ווענעציע, רוים און קראָקע. פאַר זיינע אויגן־גלעזער זענען געלאָפן די לענגלעכע, נאָך רעכטס געשניטענע, באַזעלער פערל־אותיות, וואָס זענען דורך פּראָג אַריבער קיין לובלין. און אָט האָבן פאַר אים זיך צעעפנט די ספרים פון זיבעצנטן יאָרהונדערט, געדרוקט ביי ר׳ יוזל וויצן־הויזן און אין די אַמסטערדאַמער דרוקערייען פון עטיאַש און מנשה בן־ישראל. איינס נאָך איינס זענען זיי אַריין אין זיינע הענט; זענען צו אים געקומען, ווי פייגל, געראַטעוועטע פון תקופות. ער האָט אָבער געוווּסט, אַז דאָס וואַרטן אויף אים אין דער ריי די פיל דורות יידישע נביאים, גאונים און וועגווייזער; די פילאָזאָפן, דענקער, פּוסקים און דיכטער. ער האָט זיי איצט סאָרטירט און געסדרט לויט זייערע מינים, צו זייערע משפחות; זיי געשפרייט איבער די בענק. יעדע תקופה האָט ער אָפּגעגעבן אַן אַנדער פאַכל און פאַליצע. ער האָט די זאַצן צעשטעלט אין די שענק. לויט זייערע אותיות און תקופות, האָט ער אויך געסדרט די אָפּגעפונענע בלעטלעך און שיימעס.

די יאָרהונדערטער האָבן איצט, איינער נעבן אַנדערן, אַרומגענומען זיינע אַלע ווענט, אַרומגערינגלט דעם זאַל פון אַלע זייטן.

ד״ר שטר האָט אויך סאָרטירט באַזונדער די טאָוולען מיטן יידישן לעדער־שניט, געבונדן אין די מדינות אַרום די ימים און טייכן; טאָוולען און רוקנס מיט דרוק־אָפּזאַץ און גאָלד־געליישט אינעם לעדער; מיט די זילבער און מעש־קלאַפּעס צום

שליסן פּאַרנט, און מיט די באַגילדעטע זוימען. ער האָט זיי אָפּגעפּונען, די מערערע תּקופות פון איינבאַנד און זיי אויסגעשטעלט, בראש מיט דער מייסטער־אַרבעט פון די יידישע בוכבינדער, פון פופצנטן יאָרהונדערט, אין נערדלינגען, די פון די פּאַר־אייניקטע צעכן.

צו ערשט האָט ער געטראַכט מאַכן אַן אויסשטעלונג דאָ אין אָפּנבאַך. ער וועט צעעפענען די טירן און ווייזן אַלע יידישע ספרים, אָנהייבנדיק פון די כתב־ידן, געשריבן פון סופרים מיט גענדזענע פעדערס; די וואָס דורך לאַנגע יאָרהונדערטער האָט מען זיי איבערגעשריבן מיט דער האַנט און פאַרשפּרייט צווישן די לומדים איבער לענדער ביז די קונסט־דרוקן — זינט אברהם גאַרטאָן האָט געזעצט אין רעדזשיאָ די קאַלאַבריאַ דעם פּירוש רש״י על התורה; דניאל באָמבערגס תלמוד בבלי, צום ערשטן מאָל געדרוקט — אין זעכצנטן יאָרהונדערט, אין ווענעציע; דעם מאָנטאַוועער זוהר פון 1560; די דרוקן פון סאָנטשינאָ אין דייטשלאַנד — אַלע, אַלע וועט ער זיי אויסשטעלן, אָנהייבנדיק מיט די אָרנאַמענטס־שערים און די וויניעטן פון די דרוקערייען אין איטאַליע און קאָנסטאַנטינאָפּאָל — ביז די סדורים און חסידישע ספרים פון סלאַוויטאַ, און די ספרי־קודש פון דפוס האלמנה והאחים ראָם אין ווילנע.

אַלץ וועט ער ווייזן. עס וועט נישט פעלן קיין איין יידיש ספר, זינט דעם חומש מיט די צען געבאָט: די נביאים און די כתובים — די גאַנצע תורה פון יידן, בראש מיטן תלמוד, די מפרשים און פוסקים; די ראשונים און אחרונים. שאלות ותשובות און קבלה; מוסר און חסידות. אויך די ספרים חיצוניים, געשריבן פון יידן — אין לשון־קודש און אַראַמיש, אין יידיש. און אין אַלע אַנדערע לשונות; די וויסנשאַפטלעכע און קינסלערישע ליטעראַטור — פּראָזע און פּאָעזיע, ביז די קלאָגביכער, די קינות, וואָס באַוויינען דעם חורבן פון דורות — פון די עשרה הרוגי מלכות, דורך דער אינקוויזיציע; „יוון מצולה״ פון ר׳ נתן נטע מהנובר וועגן גזירות ת״ח ות״ט — און אויך מיין ספרל אין יידיש און די אַנדערע ספרימלעך וועגן דער השמדה פון אונדז אַלע אין יאָר תש״ב — פון ושבתה הארץ.

ער האָט נישט געוווּסט, וויפל ספרים עס קאָנען זיך אָנזאַמלען. ער האָט געטראַכט, אַז אין די הונדערטער טויזנטער; אפשר — אין די מיליאָנען. בלויז דאָ אַליין, אין בנין, איז שוין אָנגעגרייט צו דער ציילונג — אַ האַלבער מיליאָן ספרים, געראַטעוועט פון די שייטער־הויפנס.

ד״ר שטר איז געזעסן ביי זיין טיש, געמאַכט פון לאַנגע שוואַרצע ברעטער, און געשפּירט, ווי עס פאַרכאַפּט אים דער געדאַנק פון מכין זיין די גרויסע אויסשטעלונג. דאָס וועט זיין אַן עבודת הקודש. ער וועט זי צוגרייטן אין פאַרבאָרגעניש, דאָ צווישן די ווענט. ער האָט איצט צום ערשטן מאָל נאָך לאַנגע יאָרן אַרויסגענומען אַ תהילימל, מיט די געזאַנגען פון דוד המלך, און מתפּלל־געווען, אַז ער זאָל זיין געזונט, מאריך־ימים זיין, כדי צו קאָנען פאַרענדיקן די אַרבעט; עס זאָל אים אויך נישט צוגענומען ווערן דאָס לעצטע ביסל ליכט, די ראיה, פון פאַר די אויגן. ער האָט געהאַלטן אַ קליין תהילימל פון נישט קיין אַלטן דרוק. עס האָט אויף דעם געפעלט דאָס שער־בלעטל. ער האָט געפילט, אַז די מזמורים זינגען אין אים. די ניגונים לויפן אַרום אין זיין לייב, ווי זיי וואָלטן געשאַפן געוואָרן אין אים אַליין. אויך די ווערטער זענען, ווי זיינע אייגענע. זיי האָבן איצט צום ערשטן מאָל זיך געעפנט פאַר אים.

מיט אַ מאָל האָט זיך אים געדאַכט, באַלד וועט דער זאַל פול ווערן מיט געזאַנג. דאָס העלפן די ספרים אים מיט. יעדעס ספר וועט פון זיך אַרויסברענגען זיין ניגון. די שורות וועלן אויפשפילן, ווי סטרונעס, מיטן ריטעם פון זייערע ווערטער. אַלע וועלן זיי צוזאַמענגיסן, פאַראייניקן, זייער אינערלעך געזאַנג. ער וועט זיין זייער דיריגענט. די ווערטער אַליין וועלן נאָך דעם אַוועקפליִען. עס וועט בלייבן דער ניגון. ער וועט זיך וויגן אין חלל. בלויז ער, דער אַלטער דאָקטער, וועט אין אים שווימען.

די ספרים האָבן איצט דערפילט אין זיך, יעדער — דער ניגון איז זיין אָטעם. ער וועט אים איינהאַלטן, פון זיך נישט אַרויסלאָזן.

זיי האָבן מורא געהאַט, דאָס זינגען זיי זי פון זיך אַרויס — זייער נשמה. באַלד וועלן זיי בלייבן אויסגעליידיקטע. דער ניגון איצט איז אפשר זייער ווידוי. זיי האָבן אַ רגע — יעדער געהערט אין זיך דעם קלאַפּ פון זיין דופק.

זיי האָבן אָבער דערשפּירט, עס זענען אָנגעזאַמלט אין זיי ימים ניגון. אַלץ קאָן אויף זיי אַוועקשווימען, ווען די דאַמבעס, די ווערטער, וועלן אַפּגענומען ווערן.

זיי האָבן איצט געוואָלט אַליין זיך האַמעווען. עמעצער זאָל זיי באַשווערן, זיי איינגעמען; נישט אַרויסלאָזן זייערע שטראָמען.

אַ מאָל איז זייער לערע געווען פאַרמאַכט אין קעפּ, פול מיט תורה. איצט זענען די קעפּ נישטאָ. זייער סוד איז פאַרבליבן בלויז אין זיי דאָ.

די ספרים האָבן איצט צום ערשטן מאָל באַנומען, אַז אויך זיי זענען נישט אייביק. זיי צעפּאַלן זיך מיט די צייטן; זינקען מיט אונטערגייענדיקע דורות. זייערע מחברים האָבן דאָס נישט געוווּסט.

אין דער וואַרטעניש, אין דער טונקלקייט פון זאַל, האָבן איצט די מאָדערנע ביכער זיך דערפילט, ווי נביאים: זיי — האָבן דאָס פאַרגעאַנט. מעגלעך, זיי וועלן דאָ געקרוינט ווערן.

זיי האָבן אָבער דערשפּירט די חרפּה פון זייער נאַקעטקייט. אין זיי האָבן געלייענט פאַרגייענדיקע יידן, אָן בערד.

דער אַלטער דאָקטער האָט פאַרמאַכט דאָס תהילימל. ער האָט דערפילט, אויך ער האָט נישט קיין באָרד. זיין נאַקעטע גאָמבע הענגט איבער די שורות. עס איז אים איינגעפאַלן, אַלץ וואָס איז שפּעטער געשאַפן געוואָרן ביי די אומות אין זייערע אַלע לשונות — איז בלויז אַ טראָפּן פון דעם ים יידישן ניגון, וואָס זיי האָבן אין זיך איינגעזויגן.

אויף זיין שטערן האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל. ער האָט אויף אים זיך צעגלאַנצט. ער האָט געהערט, ווי זיינע ליפּן פּרעפּלען הויך אויפן קול די ווערטער, ווי ער וואָלט גערעדט צו די פעלקער:

— ווען איר האָט נאָך נישט געקאָנט שרייבן, האָבן מיר, יידן, שוין געהאַט משוררים, ווי יהודה הלוי.

ער האָט פּלוצעם אָפּגעהאַקט. ער האָט אַליין נישט צוגעגלייבט זיך, אַז דאָס איז אמת. ס׳האָט אים געדאַכט, די ספרים דאָ אין זאַל שווייגן. זיי האָבן אים געכאַפּט ביי אַ ליגן. ס׳איז אוממעגלעך.

ער האָט אויפגעהויבן די אויגן און זיך פאַרטראַכט אַ ווײַלע אין זיך. יאָ, ס׳איז אמת. עס איז אַזוי: ווען זיי, די אַרומיקע קולטור־פעלקער, האָבן נאָך נישט געקאָנט שרייבן, האָבן מיר יידן שוין געהאַט מאָדערנע דיכטער. ער האָט פאַרשטאַנען, ביי די

אַנדערע פעלקער קאָנען די געזעצן — בלויז זייערע יוריסטן, די שופטים, — ביי אונדז לעבט זי, די תורה, אין יעדן ייד.

דער שמייכל האָט איצט אים זיך פאַרשפרייט איבערן פּנים:

„קיין שום פאָלק האָט נישט קיין תורה, נאָר יידן האָבן אַ תורה".

ער האָט דערשפּירט, ער איז דערגאַנגען צום סוד פון אונדזער גאַנצער געשיכטע.

ער האָט ווידער זיך אַ קער געטאָן צו די ספרים, ווי וועלנדיק זיי אַליין איבערצייגן אין זייער אמת:

— אין אייך איז איינגעזאַמלט דער יידישער זשעני פון דעם ערשטן טאָג אָן; פון דעמאָלט, ווען מיר זענען ביים באַרג סיני געוואָרן צו אַ פאָלק.

אַ רגע איז אים אָפּגעהאַקט געוואָרן די פרייד. עפּעס אין אים האָט זיך אונטער־געשניטן. ער האָט ווייטער געוואָלט רעדן צו די ספרים, אָבער — פאַרקערט:

„און אפשר צוליב אייך האָט מען אונדז אומגעבראַכט?!"

ער האָט דאָס נישט אַרויסגעזאָגט, נאָר ס'האָט אים געדאַכט, אַז די פעלקער, וואָס האָבן אַליין נישט געוואָלט ביים באַרג סיני אָננעמען די תורה, האָבן איצט אָפּגעמעקט די אומה, וואָס האָט די תורה יאָ אָנגענומען.

עס איז אים באַפאַלן אַ שרעק: די תורה האָט אונדז פאַרפירט!

ער האָט געוווּסט, ד"ר שטר, אַז אפילו ווען דאָס זאָל אמת זיין; ווען די יידן וואָלטן דאָס פריִער געוווּסט — וואָלט קיין איין ייד צוליב דעם זיך נישט אָפּגעזאָגט פון דער תורה. ווען מען זאָל זיי אויפוועקן, די מתים, און זיצנדיקע פרעגן זיי וועגן דעם, צי זיי האָבן חרטה — וואָלטן זיי בלויז אַ שאָקל געטאָן מיט די פּנימער אין דער ברייט — אויף „ניין", און מיט אַ שמייכל וואָלטן זיי צוריק זיך אויסגעצויגן אין זייערע קברים. אויך אויף ווייטער וועלן יידן דערפון זיך נישט אָפּזאָגן. זיי וועלן גרייט זיין ווידער פאַר איר צו שטאַרבן, ווייל אָן דעם ספר — קאָן דער עם־הספר קיין איין טאָג זיך נישט אויפהאַלטן.

ד"ר שטר האָט מורא געהאַט, די געדאַנקען וועלן אים צו ווייט פאַרפירן: אפשר צו אַבסורד; עס האָט אים מיט אַ מאָל געדאַכט, ער האָט ערשט באַנומען דעם סוד פון „נצח ישראל". נאָר די תורה־יידן זענען אייביק. זיי זענען דער קערן, און די פעלקער אַרום זיי — די פּרוכט אַרום דעם קערן. דאָס פלייש אַרום — טווישט זיך אומאויפהערלעך. דער קערן איז דער עיקר; ער בלייבט. ער טאָר זיך נישט ענדערן. די יידן מוזן כסדר בלייבן אומפאַרענדערט, כדי כסדר אויסצושטראַלן אויף אַנדערע. דאָס טאָר זיך נישט אָפּשטעלן. ווען זיי הערן אויף אויסצושטראַלן — מוזן זיי פאַר־שווינדן. זיי מוזן אויך בלייבן געשלאָסן אין זיך, מיט אַן אינעווייניקסטער כסדרדיקער באַנייונג, וואָס ריזלט, ווי דאָס בלוט אין קערפּער, אין אייגענעם קרייז; עס בלייבט תמיד, ווי אין אָנהייב, שטענדיק אויפן אייגענעם אָרט. די אמתדיקע יידן זענען כלפּי חוץ סטאַטיש, ווי דער בוים. נאָר די בלעטער אַרום אים טוישן זיך. עס איז אים פּלוצעם קלאָר געוואָרן, אַז אָן אויסערלעכער אַנטוויקלונג איז נישטאָ קיין אונטערגאַנג. אַלע אַנדערע, וואָס אַנטוויקלען זיך ביז זייער העכסטן פונקט — מוזן אונטערגיין.

באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אַז אויך דאָס איז דאָ אינעווייניק, אין די ספרים. ואתם תהיו לי עם סגולה, ממלכת כהנים — אַ פאָלק פון בלויז פּריסטער. ישעיהו האָט די יידן פאַרגליכן צו אַ בוים, אֵלָה, נוֹבֶלֶת עָלֶהָ, וואָס זיינע בלעטער פון אַרום, וועלקן

אָפּ; די וואָס קאָנען קיין פּריסטער נישט זיין — מוזן פאַרשווינדן צווישן אַנדערע; „כאֵלֶה וְכָאֵלוֹן, ווי ביימער, אֲשֶׁר בְּשַׁלֶּכֶת מַצֶּבֶת בָּם — וואָס נאָכן אָפּפאַל — בלייבט נאָך אָבער אויך זייער שטאָם.

פּלוצעם האָט זיך פאַר אים געעפנט דער סוד פון יידישן גלות. יידן זענען דורך טויזנטער יאָרן עבדות געבליבן פריי אין זיך, ווייל זיי האָבן געהאַט די תורה. אַלע אַנדערע פעלקער זענען געוואָרן קנעכט אויך אינערלעך, ווען מען האָט זיי באַצוואונגען. מיט דער תורה אין זיך בלייבט מען אייביק פריי.

ער האָט דערפילט, אַז, פאַרקערט, דער דאָזיקער געדאַנק פון פּריסטער, האָט פאַרפירט. דער „נצח־ישראל" האָט יאָ אָפּגענאַרט. איצט האָבן די געצנדינער אויסגע־הרגעט די פּריסטער פון גאָט. די גערמאַנישע פירער פון די טאָלן רופן צוריק צו זייערע פּאַגאַניסטישע אָפּגעטער.

מיט אַמאָל האָט ער באַנומען, אַז ס'איז אמת, דער נצח־ישראל דויערט! אַזוי לאַנג, ווי עס זענען דאָ די ספרים — זענען זיי עס די נשמה פון יידישן פאָלק; כל זמן זיי עקזיסטירן — לעבט אויך דער גוף פון יידן, כאָטש ער איז נישטאָ. דאָס אייגנטלעך איז ער, דער סוד, פון יידישן קיום.

ד"ר שטר האָט איצט געוווסט, אַז אַזוי לאַנג ווי ער וועט דאָ אָפּהיטן די נשמה, די ספרים — איז נאָך דאָ אַ האָפענונג, אַז אויך דער גוף וועט אויפשטיין תחיית־המתים; ער וועט אַרום איר אויף ס'ניי אַרומוואַקסן. אויב דאָ וועט זיין יבנה — וועלן דאָ מוזן זיך צונויפזאַמלען אירע חכמים.

אַ רגע איז אים קלאָר געוואָרן, אַז דאָס איז ער, דער סוד פון נצח ישראל: זיי לעבן, די יידן, זיי באַהאַלטן זיך אויס, אין די ספרים. די תורה איז זייער איבער־ערדיש מלכות. פעלקער קאָן מען אָפּווישן פון זייער ערד, אָבער נישט פון זייער גייסטיקער טעריטאָריע. נאָך ווען די יידן זענען געווען אין מדבר, איידער זיי זענען אַריין אין זייער מדינה — האָט מען זיי געגעבן די תורה. זי אַליין איז זייער מלכות — ברייטער און אייביקער, ווי יעדע מדינה. אַלע אַנדערע פעלקער האָבן זייערע געזעצן געשאַפן ערשט אויף זייער באָדן. דאָ האָבן זיי זיי צוגעפּאַסט צו דער מדינה זייערער. ווען ס'איז אויס מדינה — זענען זייערע געזעצן אויס. ביי יידן — פאַרקערט: זיי זענען געוואָרן אַ פאָלק מיטן באַקומען די תורה. די מדינה האָבן זיי צוגעפּאַסט צו זייערע געזעצן. אָן דער מדינה — בלייבן זיי ווידער אין דער תורה.

עס איז אים איצט איינגעפאַלן, אַז ער טאָר זי, די אויסשטעלונג, נישט מאַכן. ער דאַרף האַלטן פאַרבאָרגן די ספרים, היטן זיי פאַר אַ פרעמד אויג. ער מוז אין זיי אויפבלאָזן דעם רוח־חיים. ירושלים מוז בלייבן אויסבאַהאַלטן אין יבנה. ער טאָר זי, די תורה, די נשמה, נישט אַנטבלויזן — אַזוי לאַנג ווי דער גוף איז נאָך נישטאָ. ער מוז פעסטער דאָ פאַרמאַכן די לאָדנס; שליסן אַרום די טירן; לאָזן זיי אָפּגעזונדערט פון דעם דרויסן, ווייט פון דער צייט.

ער וועט זי דאָ היטן, די תורה, אין די פאַרמאַכטע זאַלן פון אָפּנבאַך. אין די נעכט וועלן זיי דאָ זיך צוזאַמענקומען, די יידישע מתים פון אַלע דורות, וואָס זענען צוליב איר אומגעקומען. זיי וועלן שוועבן אין חלל איבער די ספרים, ווי אַ מאָל די נפטרים, וואָס ווייסן נאָך נישט, אַז זיי זענען געשטאָרבן — אין די אַלטע ליידיקע שולן, ווו

ס'איז קיין מזוזה נישטאָ. ער וועט אויך דאָ נישט אויפקלאַפּן קיין מזוזות אויף די טירן. זיי וועלן, די מזוזות, בלייבן ליגן. ער וועט זיי סאָרטירן צווישן די תפילין־פּרשיות, די יריעות און מגילות. זיי וועלן, די יידישע מתים, אין די נעכט ווידער מקבל־זיין די תורה, ווי דעמאָלט אין מדבר פאַרן אַנהייב, איידער זיי זענען געוואָרן צו אַ פאָלק.

ד"ר שטר איז אַריינגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג: זי איז אָבער, די תורה — אַ תורת־חיים; זי איז געגעבן געוואָרן צו לעבעדיקע, נישט צו די מתים. „וחי בהם". זי איז אַ מלכות פאַר דער וועלט. די מתים זענען פטור פון אירע געבאָטן, געגוי ווי עס זענען פון זיי פּטור די בעלי־חיים און אומות העולם. זיי אַלע זענען ביי סיני נישט געווען. אָן לעבעדיקע יידן — קאָן זי, די תורה, נישט האָבן קיין קיום.

דער אַלטער ביבליאָטעקאַר האָט באַשלאָסן אויך דאָ צו בלייבן דורך די נעכט. אפשר וועט ער, דער איינציקער לעבעדיקער ייד, זי מקבל־זיין, די תורה. ער וועט אויך אויפשטעלן אַ משפחה. אויף דער עלטער וועט ער חתונה האָבן; אויסזוכן זיך אַ ווייב, אַ קינד פון די טאָלן; זי וועט אים געבערן קינדער; ער וועט זיי איבערגעבן די תורה אויף ווייטער. אַלץ וועט זיך אָנהייבן פון דאָס ניי. אָן די תורה קאָן זי, די וועלט, קיין קיום נישט האָבן.

פּלוצעם האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ נייער געדאַנק: ער וועט דאָ זיצן דורך די נעכט און צוזאַמענשטעלן אַ גרויסע רשימה. ער וועט זיצן ביים טיש אין עק פון דעם גרויסן זאַל, ווו זיי זענען אויסגעלייגט, די ספרים, און ער וועט שאַפן די גרויסע ביבליאָגראַפיע פון דעם אַלעם וואָס איז ביי יידן געשריבן געוואָרן. זיינע אויגן, אונטער די ברילן האָבן אויפגעלויכטן: דאָס וועט זיין אַ ביבליאָגראַפיע פון דעם, וואָס איז געשאַפן געוואָרן ביי דעם אַלטן פאָלק — פון אָנהייב ביזן היינטיקן טאָג. אַלץ וועט זי אַרומנעמען. ס'איז אים איצט באַפאַלן אַ ווילן, זי צו שרייבן, ווי אַ צוואה. ער וועט זי איבערלאָזן, די ביבליאָגראַפיע, ווי אַ באַטאַרן באַשולדיקונגס־אַקט קעגן די אומות העולם.

ער וועט דאָ זיצן דורך די נעכט, און ביי דער באַלייכטונג פון אַ וואַקסן ליכט, וועט ער זי אָנהייבן שרייבן, די גרויסע ביבליאָגראַפיע. ער וועט זי שרייבן אין דער פאָרם פון אַ פּינקס. ער וועט אין אים פאַרצייכענען די געשיכטע פון אַלע ספרים, פון די בלעטער און אָפּגעפונענע טאָוולען. יעדעס ספר וועט האָבן אַ דף אין דעם פּינקס. עס וועט זיין פאַרשריבן, נישט בלויז זיין נאָמען, דער נאָמען און דער יחוס פון מחבר, און דאָס יאָר פון זיין יצירה, נאָר אויך די געשיכטע פון זיין דרוק און איבערדרוקן אים אין די פאַרשידענע מדינות און — באַזונדערע צייטן; אויף די געשיכטעס פון די פּרויען־דרוקערינס, און פון די גרים־דינאַסטיעס, וואָס האָבן באַשיינט אין זייערע בתי־דפוס דאָס יידישע ספר, און די געשיכטע פון די איינבאַנדן פון די ספרים. אַלץ וועט ער אַרומנעמען.

ער איז איצט אויפגעשטאַנען פון אָרט. אין דער האַלב־טונקלקייט פון זאַל האָט ער, מיט זיין קליינער געשטאַלט, זיך געגנומען דרייען צווישן די שורות ספרים. ער האָט מורא געהאַט, נישט צו צעשטערן די שטילקייט. מיט שטילע טריט איז ער צוגעגאַנגען צו די גרויסע לעדער־געבונדענע גמרות. ער האָט אויף זיי געקוקט: וויפל הענט און

אָטעמס האָבן אין די נעכט זיי געוואָרעמט; וויפל אויגן פון דורות האָבן געגישטערט אין זייערע דריבנע אותיעלעך; וויפל ליפן האָבן איבער זיי געפּרעפּלט! איצט ליגן זיי דאָ פאַרלאָזט איבער די קילע בענק און פּאָליצעס!

ער איז ווידער צו צום טיש. ער האָט אויפגעמאַכט פאַר זיך דעם ליידיקן פּינקס, מיט די ווייסע בלעטער, און גענומען די פען אין האַנט. ער האָט זי געהאַלטן נאָענט איבערן ליידיקן בלאַט. ער האָט נישט געקאָנט אָנהייבן שרייבן. ער האָט זיך דערפילט ווי אַ לעצטער היסטאָריקער, וואָס עס קאָן מער גאָרנישט פון אים אַרויס. ער האָט מיט אַ מאָל באַנומען, אַז אייגנטלעך שרייבן מיר יידן דאָך, נישט בלויז אונדזער געשיכטע, נאָר אויך די געשיכטע פון די פעלקער. אָט אין די אַלע ספרים דאָ, אַרום און אַרום — קאָנען די פעלקער טרעפן זייער אייגענע היסטאָריע, די געשיכטע פון זייער מאָרד איבער אונדז. פיל פון די אונטערגעגאַנגענע פעלקער זענען פאַרגעסן געוואָרן מיט אַלע זייערע מעשים, זיי האָבן נישט געהאַט קיין האַפט. בלויז דאָס וואָס זיי האָבן געטאָן צו אונדז — איז פאַרשריבן אין אונדזערע ביכער. אַ דאַנק אונדז זענען זיי געבליבן אין די דברי הימים, געלאָזט נאָך זיך אַ נאָמען. אַנישט — וואָלטן זיי געווען פאַרגעסן; די געשיכטע איז איבער זיי אַריבער. ער האָט אַרויסגעזאָגט: נאָר דורך זייער באַריר מיט אונדז — צום גוטן, ווי צום שלעכטן — באַקומען זיי, די פעלקער, אייביקייט.

זיין זכרון איז אַ ווײַלע געגעבן אַ לויף איבער דער געשיכטע: פּרעה, עמלק, המן; עמון, מואב, די פּלישתים; טיטוס, טאָרקוועמאַדאַ, כמיעלניצקי, און ווידער — די מלכּה שבא, כּורש, די אַנדערע מלכי חסד פון אַלע דורות ביז אונדזערע טעג. מיר טראָגן מיט זיך די געשיכטע פון זיי און פון דער וועלט. מיר זענען איר רוקנביין.

ס'איז אים אײַנגעפאַלן: אייגנטלעך, פּירן מיר אים, דעם פּינקס פון דער וועלט. זײַנע פּרקים זענען געטיילט — תמיד לויט זייערע גזירות, שחיטות, גירושים קעגן אונדז, און זעלטן — לויט זייערע חסדים. ניין, מיר זענען גאָר דער בוים און זיי נערן זיך פון אַראָפּעסן זיין לייב.

אַ רגע איז אים דורך אַ געדאַנק: דורכן צינדן אונדזערע ספרים — ברענען זיי דאָך פּאַקטיש זייער אייגענעם פּינקס. אפשר זאָל ער מאַכן אַ ביבליאָגראַפיע פון די פאַרברענטע יידישע ספרים; געוואָרפענע אין אַלע אויטאָ־דאַ־פעס, און אויך דער־טרונקענע. ד"ר שטר האָט זיך צעשמייכלט. ער האָט פאַר זיך דערזען אין דער לופט אויפגעשריבן אַ רעטעניש: ווי קאָן דאָס זיין, מען זאָל פאַרברענען אַ זאַך איידער זי איז אויף דער וועלט געקומען?! „דאָס איז דער תלמוד!" — האָט ער באַלד פאַר זיך געלייענט דעם ענטפער. געדרוקט האָט מען אים אין ווענעציע ערשט אין יאָר 1523, און פאַרברענט זײַנע כּתבֿ־ידן אין פּאַריז האָט מען נאָך אין 1242.

ד"ר שטר האָט אָבער געוווּסט, אַז אַזאַ ביבליאָגראַפיע פון פאַרברענטן יידישן ספר, וועט נישט זיין קיין פולע. ווער ווייסט די צאָל פון די ספרים, וואָס זענען אין גאַנצן פאַרפאַלן געוואָרן. זיי זענען נישטאָ ביזן היינטיקן טאָג. אָט די פאַרלוירענע ספרים, האָט ער זיך געכאַפּט, וועלן אים אויך פעלן צו דער גאַנצער, גרויסער ביבליאָגראַפיע!

עס האָט אים ווידער דורכגעבליצט אַ רעיון: אפשר זאָל ער גאָר שרייבן אַ בוך

וועגן דער ענלעכער געשיכטע פון ייד מיט זיין ספר. ביידע הערט מען זיי נישט אויף צו צינדן זייער גוף, אָבער ביי ביידע פליט אַרויס זייער נשמה און זי בלייבט ווייטער.

ער האָט איצט באַנומען דעם זין פון דער מעשה מיט ר׳ חנינא בן תרדיון, וואָס מען האָט אים פאַרברענט צוזאַמען מיט דער ספר־תורה אין זיין האַנט. די פּאַרמעטן זענען פאַרצערט געוואָרן און די אותיות זענען געבליבן אין דער לופט.

שוין מיט אַכצן הונדערט יאָר צוריק האָבן די רוימער געברענט דעם ייד צוזאַמען מיט זיין ספר. עס האָט ווידער געשמייכלט זיין גאַמבע: דעריבער אפשר רופט מען אונדז יידן דער עם הספר.

ד״ר שטר האָט ווידער זיך אויפגעריסן פון אָרט. ער איז געבליבן שטיין אויף זיינע קורצע פיס, ווי פאַרן כבוד פון תנא, וואָס זיין באָרד מיט די וואַנצעס רויכערן אים פאַרן מויל און זיינע אויגן זעען דורכן פלאַם די אויסגעהאַמערטע אין דער לופט אותיות. באַלד האָט ער, דער אַלטער דאָקטער, געשטעלט זיינע טריט צווישן די שורות בענק. די ספרים זענען אַ רגע אויפגעשטאַנען פון די ערטער, ווי גאָר פאַר זיין כבודס וועגן. פון אַלע פאַליצעס און שענק האָבן זיי זיך געהויבן און זיך גענומען דערנענטערן. ער האָט געזען, ווי זיי שטופּן זיך פון אַלע זייטן אַרום אים. באַלד האָבן זיי אָנגעפילט דעם גאַנצן זאַל. אין דער ענגשאַפט האָבן זיי איצט זיך גערוקט אויף הינטער זיך, צו מאַכן אַ וואָרע, אים דורכצולאָזן; עס האָט אים געדאַכט, זיי וואַקסן אויס, די ספרים, זיי בליִען הויך. דער קליינער דאָקטער האָט איצט מיט זיין קאָפּ זיי געגרייכט בלויז ביז די קני.

באַלד האָבן זיינע נאָזלעכער זיך אָנגעפילט מיטן אַלטן ריח פון דרוק, פון פאַרלעגן פּאַפּיר. ער האָט דערשפּירט דאָס איינבאַנד־קלעבעכץ, ווי עס וואָלט געווען פריש. די ספרים האָבן איצט אַרויסגעלאָזט צו אים פוילע ריחות פון וואַסערן און שטיקנדיקע ריחות פון אָפּגעזענגטע פּאַפּירן, וואָס לעשן זיך. די ריחות האָבן אים געדושעט אין האַלדז, אין די אויגן, און גענידערט אין גוף.

אַ רגע איז אים געווען ענג. ער האָט מיט די עלנבויגנס געוואָלט זיך מאַכן אַ וועג. ער האָט מיט דער האַנט זיך געהאַלטן פאַרן מויל, פאַר דער נאָז. באַלד האָט ער אָבער באַנומען, אַז דאָס שטופּן זיי זיך אפשר אַרום אים, כדי צו ווייזן — יעדער זיין מום; זיינע בראַנדן; די ריסן און לעכער אין זייערע גופים; זיי שטעקן אים פאַר די אויגן די אָפּגעפוילטע אברים. יעדער וויל, ער זאָל אים זען, אָנרירן מיט דער האַנט, אויסטאַפּן, שמעקן צו אים מיט דער נאָז.

אַ רגע האָט ער זיך געכאַפּט, אַז דאָס לעכצן זיי אפשר גאָר, ער זאָל זיי נעמען, אויפמישן זייערע בלעטער. זיי גיבן אים זיך איבער, ער זאָל אין זיי לערנען. זיי זענען אויסגעבענקט באַהערשט צו ווערן דורך דעם קול פון תורה איבער זיי.

איין אויגנבליק האָט ער נישט פאַרשטאַנען, ווי איז דאָס מעגלעך? ווי האָט זי אַ קיום היינט, די וועלט? אַלע דורות זינט איר באַשאַף האָט זי זיך געהאַלטן אויף תורה. קיין רגע איז נישט געווען אָן לערנען. ער האָט איצט דערזען דעם סוד, פאַר וואָס תלמידי־חכמים האָבן אַזוי מורא געהאַט פאַר ביטול־תורה, איבערצורייסן דאָס לערנען אויף איין מינוט. אָן תורה בלייבט זי, די וועלט, אָן אירע יסודות. ער האָט

זיך געכאַפּט, דאָס איז ער, דער סוד, פונעם געזעץ והגית בו יומם ולילה. איצט, שוין יאָרן, ווי דאָס קול־תורה האָט זיך אָפּגעשטעלט! עס הערט זיך מער נישט אין גאַנצן וועלט־חלל. ווי האָט זי, די וועלט, אַ קיום?!

עס איז אים באַפאַלן אַ פּחד; אָן יסודות — קאָן זי, די ערד, יעדע רגע זיך צעפאַלן, אַפּער פון אונטער אונדזערע פיס. מיר ווען נאָך איר זינקען אין דער אָפּנקייט אונטער אונדז.

ס'איז אים דורך אַ געדאַנק: און פון וואַנען ווייסט ער, אַז זי עקזיסטירט, די וועלט? אפשר האָט זי טאַקע לאַנג שוין קיין קיום נישט?!

באַלד האָט ער זיך געטרייסט: ניין, זי מוז האָבן אַ קיום! זי עקזיסטירט יאָ, נאָר —

דאָ איז אים פּלוצעם עפּעס קלאָר געוואָרן; עס האָט אים אויפגעלויכטן אין גוף. ווי האָט ער דאָס ביז איצט נישט באַנומען?!

ער האָט באַגריפן, אַז דאָס קול־תורה איז נישט אונטערגעגאַנגען. דאָס קאָן נישט זיין! עס האַלט אָן די גאַנצע צייט! דער אוניווערס פאַרנעמט עס. נאָר ער אַליין מיט זיינע פליישיקע אויערן האָט עס נישט געקאָנט דערהערן. ערגעץ, אין באַהעלטענישן פון דער וועלט, זיצן זיי די גאַנצע צייט, די לעצטע לומדים, און הערן נישט אויף קיין איין רגע צו לערנען. אויף זייערע קולות האַלטן זיי זי, די וועלט. זיי האַלטן זי מיט די לעצטע כוחות, לאָזן זי נישט פאַלן! זיי טאָרן נישט אַנטדרימלט ווערן, קיין מאָל נישט. זיי ווען שטענדיק בלייבן!

אַ מוראדיקער געדאַנק איז אים דורך: אפשר, ווייל זיי לערנען תורה כסדרה, אָן איבעררייס — ווייסן זיי נישט, וואָס עס קומט פאָר אין חלל אַרום זיי. זיי האָבן נישט קיין צייט אַליין צו זען, צו הערן.

עס איז אים נישט מעגלעך געווען צו באַנעמען, דאָס זאָל זיין די שטראָף פון די מתמידים?! די תורה שלאָגט זיי גאָר מיט בלינדקייט?!

און אפשר איז זייער פאַרטועכקייט אין זיך טאַקע דער סוד פון זייער אייביקן קיום? זיי האָבן נישט קיין צייט אומצוקומען, אויפצוהערן. זיי רייסן קיין מאָל נישט איבער.

די ספרים האָבן נאָך אַלץ געפּאַקט זיך אַרום אים; האָבן אַרויסגעגעבן פון זיך זייערע שאַרפע דומפּיקע ריחות. אויך די שווער־געבונדענע ספרים פון טיש אויבן אָן זענען אַראָפּ אונטן, האָבן זיך געדרענגט אַרום. אַלע אַנדערע ספרים האָבן זיי דורכ־געלאָזט; שטיל, מיט כבוד, זיך געשטעלט אַרום זיי.

אַ רגע האָט אויסגעזען, זיי ווילן אים איינשלעפערן, די ספרים, מיט זייערע ריחות; אים, זייער לעצטן, טרייען שומר, וואָס טראָגט ביי זיך די שליסלען. אפשר ווילן זיי, זיי עפענען די טירן, און אַרויס; און אפשר ווילן זיי נאָך שטאַרקער זיך איינשליסן; בלייבן אַליין צווישן זיך — אויך אָן דעם וואַכן אויג פון שומר. ביי זייער משפּט דאָ טאָר קיינער נישט זיין; נישט זען זיי, ווען זיי דעקן זיך אָפּ. ער מוז, זייער משפט, זיין אַ שטילער — אָן אַ קול, און אויך אָן אַן אויער, וואָס הערט.

ד״ר שטר האָט אַ מידער זיך צוריקגעזעצט צום טיש. ער האָט געפילט, דער דרימל זינקט אים אין די ביינער. ער האָט זיך געווערט קעגן אים; ער האָט אויפגעריסן די אָפּלען. ער האָט גענומען די פעדער אין האַנט און געוואָלט שרייבן אין דעם פּינקס

פאַר זיך. דער שלאָף האָט אָבער אים זיך שוין געשפּרייט וואַרעם אין די אָרעמס, אין די פינגער. ער האָט אים זיס אַראָפּגעשווערט דעם גוף, אַריין אין דער שטול אונטער אים. די אויגן האָבן אים זיך געקלעפּט. ער האָט געוווּסט, ער דרימלט.

די ספרים האָבן באַלד זיך אויסגעשטעלט יעדער ווידער אויף זיין אָרט. זיי האָבן זיך צונויפגעטוליעט אויף די בענק, איבער די פּאַכן. זיי האָבן פון דער ווייטנס זיך איינגעהערט אינעם אָטעמען פון אַלטן ביבליאָטעקאַר. זיין אָטעם האָט זיך געזעגט, ווי אין זייער פּאַפּיר אַריין.

שוין וואָכן, ווי ער שלאָפט דאָ, דער אַלטער דאָקטער. די שימל־ריחות פון די בלעטער און פון די פון פייער אָפּגעזענגטע ראַנדן האָבן אים ווי פאַרגיפטיקט די אָטעם־קאַנאַלן. פון מאָל צו מאָל שנאָרכט ער אויף. ער קאָן נישט אַרויסרייסן זיך פון שלאָף. ער שלאָפט אַ זיצנדיקער ביים טיש, מיטן קאָפּ פאַרוואָרפן איבער דער שטול, אויף הינטן. מען זעט אים נישט אַרויס פון זיין ווינקל. אין דער נאַכט האָבן די ספרים אים געהאָט איבערגעדעקט מיט אַן אַלטן סאַמעטענעם פּרוכת — שטיל, אים נישט איבערצוועקן. זיי זענען, די ספרים, ווידער אויסגעסדרט. זיי ווייסן, עס קומט דאָ איצט פאַר זייער משפט. ער דויערט. מען איז אויבן נאָר נישט דורכגעקומען. זיי האָבן נישט געדענקט, צי ס'איז נאָך זייער פאַר־משפט, אָדער שוין גייט ער אָן, דער משפט אַליין.

די אַלטע ספרים האָבן איצט באַשלאָסן צו מאַכן דעם שלאָפנדיקן ביבליאָטעקער פאַר זייער שמש. זיי וועלן אים נישט איבערוועקן, נאָר אַזוי אין שלאָף וועלן זיי אים זעצן אין דער הייך, ביים אויבנאָן־טיש. ער וועט זיצן אין מיטן, פאַרן חושן משפט. ער וועט אָנקלאַפּן מיט זיין שווער פאַרשלאָפענער האַנט אין זיין פּינקס און עפענען דעם משפט. ער וועט מישן די בלעטער, און רעדן זייערע רייד. ער וועט אַרויסרופן צום טיש די עדות און טוישן די צדדים. ער וועט פירן פאַר זיי דעם משפט — אַזוי לאַנג ווי ער וועט זיך נישט איבערוועקן. דאָס פּרוכת וועלן זיי פון איבער אים נישט אַראָפּנעמען. עס וועט אים בלייבן הענגען איבער די אויגן.

מען האָט געגעבן אַ צייכן פון אויבן אָן. אַ ריי יונגע ספרים האָבן זיך פאַרמישט זייערע בלעטער, פאַרמאַכט די טאָוולען; זיי זענען אַראָפּ פון די ערטער און צו צום שוואַרצן הילצערנעם טיש. זיי האָבן אים גענומען אונטער די אָרעמס, דעם קליינעם, שלאָפנדיקן שמש; אונטערגעלענט, האָבן זיי אים געפירט צווישן די שורות בענק. זיי האָבן אים אָפּגעדעקט. דאָס פּנים האָט אין שלאָף אים געשמייכלט. אין דער שטילקייט האָבן איצט זיך געהערט בלויז זיינע שלאַבעריקע טריט. זיי שטעלן זיך ווי אַליין איבער דיל.

מען האָט אים צוגעפירט צו דער מזרח־וואַנט; זיי האָבן אים אונטערגעהויבן, אַרויף אויף דער בינע, און באַלד ווידער אים איבערגעדעקט.

ד״ר שטר האָט מיט זיין שווער־פאַרשלאָפענער האַנט, אָנגעקלאַפּט דריי מאָל אין אַ דיקן גרויסן ספר פאַר זיך. עס האָט אים געדאַכט, ער טוט אים וויי, דעם ספר, מיט די קלעפּ. ער האָט גאָרנישט געזאָגט. ער האָט געפילט דעם ווייטיק אין זיין

אייגענער דלאָניע. אין זאַל איז געווען שטיל. די ספרים האָבן בלויז געהערט זיין שנאָרכן אויבן אָן אונטערן פרוכת.

דער פראָצעס האָט זיך אָנגעהויבן. דאָס ערשטע איז אויפגעטראָטן אַ לײדיקער ספר פול מיט ווייסע בלעטער, נישט באַפלעקטע פון דרוקפאַרב. עס האָט זיך געשטעלט אַנטקעגן דעם טיש.

— רבי, איך וויל נישט, מען זאָל מיך באַדרוקן! — האָט זיך געהערט אַ טענה — איך בין נאָך נישט געבוירן. איך וויל נישט דעם גורל פון מיינע אבות, פון מיינע קרובים, די יידישע ספרים.

דער ביבליאָטעקאַר אויבן אָן האָט געפילט ווי מען נעמט אים אָן פאַרן אָרעם; מען לאָזט זיין האַנט מישן אין די בלעטער פאַר אים איבערן טיש.

דאָס האָבן דער אבן העזר און דער רמב"ם געבלעטערט איינער אין אַנדערן, געזוכט דעם דין. מען האָט געהערט, זיי מישן אויך מיט די פינגער פון שמש אין די אָפענע גמרות.

— און פון וואַנען ווייסטו, אַז ביסט אַ יידיש ספר? — האָט אַ שווערער בלאַט זיך פאַרהאַלטן מיט אַ פראַגע.

— רבי, האָט דאָס ספר געענטפערט, איך פיל זיך, ווי אַ יידיש־קינד, וואָס איז נאָך נישט געמל'עט, איך בין נאָך פאַרן בונד, דעם ברית, מיטן יידישן גורל.

ד"ר שטר האָט אין שלאָף געוואָלט אַרויסשרייען. ער האָט געוואָלט זאָגן, אַז דאָס איז זיין פינקס. ער וויל אין אים בלויז שרייבן די גרויסע ביבליאָגראַפיע פון די ספרים, מער נישט. ער האָט נישט באַוויזן אָנצוהייבן. ער האָט נאָר געשפּירט — בלעטער, ווי אַ האַנט, לייגן זיך אים פאַרן מויל; האַלטן אים צו; מען לאָזט אים נישט אַרויסרעדן. אין זאַל האָט זיך געהערט אַ כאָרכלען ביי אים אין האַלדז.

— און אפשר דאַרף מען בכלל מער נישט קיין נייע ספרים. עס זענען גענוג די אַלטע? — האָט אַ שווער ספר אויבן זיך אַ מיש געטאָן. דער פינגער פון ד"ר שטר איז געווען אָנגעשפּיצט אויף דעם אָרט אין בלאַט, ווו די פראַגע איז שטיין געבליבן. זיינע הענט האָבן באַלד אויפגעהויבן דאָס ספר און אָפענערהייט עס געוויזן פאַרן זאַל אין אַלע דריי זייטן, ווי אַ ספר־תורה — איידער מען איז זי גולל, אַלע זאָלן זען.

די ספרים האָבן אָבער געוווּסט, אַז דאָס איז אַן אַלטע טענה. אין יעדן דור מיינען די אַלטע ספרים, אַז מען דאַרף מער נישט קיין נייע; נאָך זיי — איז נישטאָ וואָס צוצוגעבן; אַלץ איז שוין געזאָגט געוואָרן.

— ניין — האָט דאָס אַלטע ספר זיך אַ בייג געטאָן, ווי מיט אַ געבייזער — נישט דאָס איז די פראַגע. די שאלה איז, צי דאַרף מען בכלל ספרים; אפשר דאַרף זיין די לערע פון אונדז — אַז דער גאַנצער קיום פון ספרים פון תמיד — איז אַן איבעריקער, אַ טעות למפרע. מען דאַרף דערצו אַ סוף־מאַכן!

די מאָדערנע ספרים אין זאַל האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז דער אויספּיר פון אַלע זקנים, נישט בלויז פון ספרים. דעריבער מוזן זיי פאַרשווינדן מיט זייער חכמה; זי שטערט די ווייטערדיקע טוונג. די יונגע מוזן אויף זייער אייגן לייב דורכמאַכן די זעלביקע געפרווטקייטן, כדי אויף דער עלטער קומען צום אייגענעם אויספּיר. קיינער קאָן קיין מאָל נישט איבערגעבן זיינע נסיונות צו די וואָס קומען נאָך אים. יעדער דור מוז אויף ס'ניי דורכגיין די זעלביקע טעותים.

— אויב אַזוי — צו וואָס זענען די היסטאָרישע ספרים?!

מען האָט נישט געוווּסט, ווער עס האָט צוגעוואָרפן די פראַגע. זי איז געבליבן ליגן. עס האָט געדאַכט, קיינער וועט אויף איר נישט קאָנען ענטפערן.

— זענען די היסטאָריע־ספרים, חלילה, פאַרמשפּט אויף כּליה?! — איז איבערן זאַל געבליבן הענגען נאָך אַ ווייטערדיקע פראַגע.

יעדער פון די ספרים האָט אין זיך דערשפּירט, אַז ער איז אויך נישט ריין פון היסטאָריע; אַז אייגנטלעך זענען זיי אַלע ספרים דאָ איין גרויס ספר פון דער געשיכטע פון מין מענטש, און פון זייער אייגענער געשיכטע, די געשיכטע פון ספר.

די ספרים, געשריבן אין אַנדערע לשונות, וועלכע זענען פריער געקומען אַרויס־לייגן זייערע טענות; בעטן, מען זאָל זיי אַריינלאָזן אין דער עדה; זיי האָבן געמיינט, עס וועט קומען אַ באַלוינונג פאַר אַלע יסורים פון די יידישע ספרים — האָבן שוין איצט, נאָך ביים אָנהייב פון משפּט, דערפילט, אַז ער נאָגט אין זיי, דער אומרו: צי האָבן זיי אַהער געדאַרפט קומען? מען קאָן נישט וויסן, ווּהין דאָס פירט; מעגלעך, ס'איז נאָך אַלץ מסוכן דאָ צו זיין. טייל פון זיי האָט געקוקט צו דער טיר; זיי שטייען נישט ווייט פון איר. זי איז אָבער געבליבן פעסט געשלאָסן. אַרום איז פאַרמאַכט. זיי זענען אינעווייניק, אין דער שטייג.

מען האָט באַלד געפילט, אַז דאָ אין זאַל טיילן זיך אויס צוויי צדדים, און זיי וועלן עס פירן צווישן זיך דעם הויפּט שטרייט. וואָס לענגער דער משפּט וועט פאָרקומען, וועלן זיי מער דערשפּירן דאָס, וואָס צעשיידט זיי. צו ערשט האָט מען געמיינט, אַז דאָס וועט אַרויספלאַקערן די מחלוקת צווישן זיי, די אַלטע, אייביקע ספרים פון דער תורה, און די ניי־אויפגעקומענע, די גאָטלעסטערערס, וואָס האָבן אַ מאָל נישט געוואָלט האָבן קיין חלק ונחלה צווישן יידן.

די תורה־ספרים האָבן געוווּסט, זיי וועלן, חלילה, קיין מאָל נישט אַריינפאַלן אין יאוש. זיי טראָגן זייער גורל מיט אמונה; קיין שום שטורעם קאָן נישט ברעכן זייער שלימות. זיי זענען געוווינט צו גיין דורכן וואַסער און דורך פייערן. פון דאָרט זענען זיי אַרויסגעוואַקסן; זייערע פיס שטייען אין קידוש השם. זיי זענען אין זיך גרייט אויך ווייטער מקדש־השם צו זיין. דאָס איז ער, זייער יחוד.

דערשראָקן זענען אָבער געבליבן די גאָטלעסטערערס; די וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן פון זייער שורש. זיי האָבן תמיד געמיינט, אַז מיט זייער אָפּרייסן זיך — פאַלט איין די מחיצה צווישן זיי און די פרעמדע ספרים. זיי שטרעקן צו אַלע אַרום — ברידערלעכע הענט; בלויז באַהאָפטנקייט צו זייער ירושה — איז געווען דער טעות. איצט איז ער שוין אויס. אַלע זענען זיי גלייך. ווי די ספרים. זייערע אבות, זענען אויך זיי אמת־זוכער, בונטאַרן, וואָס וועלן געפינען אַ נייעם ווע[illegible]ר גרויסער שטורעם אין וואַלד פון די ביימער, פון וועלכע מען מאַכט פּאַפּיר צום שרייבן ספרים — האָט זיי אָבער אויפגעהויבן אין חלל. ביים פאַרלענד האָבן זיך אונטערגעצונדן זייערע בלעטער. זיי האָבן געפלאַקערט אין איינעם מיט זייערע פרומע אבות. איצט, אויך דאָ, זעען זיי, זענען זיי פרעמדע. זיי האָבן נישט קיין אחיזה.

טייל פון זיי האָבן געוואָלט ווידער זיך באַהעפטן צו זייער מקור: נאָר אָפּגע־שניטענע ביימער קאָן מען מער נישט פאַרזעצן; דער שניט פאַרוואַקסט נישט, די נייע בערד אויף זייערע פּנימער זענען אויך געווען האַרט, ווי דראָטלעך. געשניטענע

בערד קאָנען מער קיין מאָל ווייך נישט זיין. דאָס זענען געווען בערד פון פרעמדע. זיי האָבן זיך געפילט ווי גרים. אָבער אויך דער תרגום אונקלוס האָט צו זיי נישט געוואָלט קוקן.

נאָך מער: ווען דער פאַרשלאָפענער שמש האָט איצט מיט זיינע הענט מעכאַניש געמישט די בלעטער פון דער הלכה, אויבן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זענען נישט בלויז ווי ממזרים — אסורים לבוא בקהל, נאָר זייער דין איז טאַקע שרפה. ער האָט שנעל איבערגעמישט. זעט אויס, אַז עמעצער האָט אים געשטופּט דעם אָרעם אויף ווייטער.

דאָס בית־דין האָט געוווסט, אַז אויך זיי זענען קדושים, ווייל זיי זענען אומגעקומען צוליב זייער יידישקייט. זיי זענען אין די פייערן אָפּגעקומען אויף פאַר דער כפּירה; זייער מיתה איז מכפּר. גערייניקטע, מעג מען זיי איצט זעצן אפילו אויבן אָן ביים טיש פון די ראשונים.

דער קטיגור האָט אַ זאָג געטאָן: ווען איז מיתה מכפּר אויף פאַר כפירה, ווען דיין דויער הערט אויף; ווי דאָס איז מיטן מענטש, דעם מינערן אין דער דרגה פון יצירה; דאָס ספר אָבער, דער בחיר היצירה, וואָס זיין דויער פאַרבלייבט אויף ווייטער — איז בבחינת מסית ומדיח. דאָ איז נישטאָ קיין תשובה. עס איז אסור לבוא בקהל, אַזוי לאַנג ביז עס וועט פון דעם קיין שארית נישט בלייבן.

מען האָט געזען, די ספרים קוקן איצט פון אַלע בענק און פּאָליצעס צו דעם שמש, אויבן, וואָס איז אַלץ איבערגעדעקט מיטן פּרוכת, און שלאָפט זיין שלאָף; זיי האָבן מורא געהאַט, צי זיינע אויערן אונטן האָבן נישט פאַרנומען די חרפּה וועגן דער מינערקייט פון זיין מין, דעם מענטש. עס האָט זיך געדאַכט, — אַז אין שלאָף וויל ער טענהן, וואָס הייסט? ווי קאָן די פּרי זיין חשובער פון דער צווייג?! די צווייג קאָן דאָך אַרויסגעבן מערערע פּרוכטן — אַ סך ספרים.

דער קטיגור האָט ווייטער גערעדט. דאָס מאָל שוין, ווי צו אים, דעם אַלטן־איינגעשלעפערטן ביבליאָטעקאַר:

— דיין מין, דער מענטש, איז נישט אונדזער שעפער, דער בוים; בלויז דער שופר איז ער: דורך אים בלאָזט אונדז גאָט אַדורך; מיר זענען גאָטס וואָרט אין פייער. מיר ברענען־דורך דעם מענטשנס האַלדז.

מען האָט געוווסט, אַז דער קטיגור רעדט אויך דאָס נישט פון זיך. ער לייענט די ווערטער אַרויס פון ספרים. אויך דאָס אַלץ איז אין זיי שוין געשריבן.

דער סניגור האָט געוואָלט פרעגן: איז דען דער מענטש אַליין נישט דאָס ווערק פון גאָט, געשאַפן אין זיין געשטאַלט; פון די געטלעכע פונקען אין זיך קלאַפּט ער, דער מענטש, אונדז אַרויס.

און נאָך האָט ער געוואָלט פרעגן: צי איז דען נישט דער סימן פון מענטשנס דערווײלטקייט — זיין איינציקייט! יעדער מענטש טראָגט מיט זיך זיין חתימה. נאָך איינער ווי ער, איז נישטאָ — נישט בלויז אין זיין צורה, נאָר אויך אין זיין באַזונדערקייט; נישטאָ צווישן מענטשן — צוויי געגאָסן ווי די זעלביקע מטבע.

נאָר דער קטיגור איז נאָך אַלץ געשטאַנען פאַרן עמוד. ער האָט אים אויסגעכאַפּט די

רייד. נישטאָ, האָט ער געזאָגט, קיין איין ספר — ענלעך צום אַנדערן. עס וועט אויך קיין מאָל נישט קומען אַ צייט, ווען אַלץ וועט שוין האָבן געזאָגט געוואָרן; עס וועלן שוין זיין געבוג ספרים. שטענדיק וועט זיין, ווי נאָך פאַרן אָנהייב פון אלף־בית, צום דבאָ פון וואָרט וועט מען אייביק גראָבן, און אַלץ זיך נישט דערגרונטעווען.

— איז דען דאָס נישט, ווייל אויך צום מענטשס גייסט קאָן מען קיין מאָל נישט זיך דערעקבערן?

— ביין, נאָר ווייל די געטלעכקייט אין אים האָט נישט קיין אָנהייב און קיין סוף.

— ביידע, דער מענטש און דאָס ספר, זענען זיי געצונדן פונעם זעלביקן פונק.

— פון יעדן ספר זענען אָבער פאַראַן אומצאָליקע אָפּדרוקן. אַלע זענען זיי דער עיקר. נישט אַזוי — דער מענטש. ער איז איינער אין זיין געשטאַלט. ווען ער פאַרשווינדט — וועט זיין איינציקייט קיין מאָל מער נישט זיין. ער האָט נישט קיין אָפּגוס, קיין אָפּשאָטן פון זיך, וואָס בלייבט.

דאָס האָט געזאָגט דער סניגור, וואָס האָט מיט כוח זיך אַריינגעריסן מיט זיין וואָרט. זעלטענע באַשאַפונגען, האָט ער אין דער שטילקייט איצט מסביר געווען, קאָנען נישט פאַרלוירן גיין אין דעם דוויער. זיי מוזן ערגעץ פאַרבלייבן. אַנדערש אָבער זענען שאַפונגען, ווי ספרים, וואָס זענען אומצאָליק געפּאָרט — געצווילינגט און געדריילינגט. אַזעלכע קאָנען פאַרלוירן ווערן ביזן לעצטן פון זיי.

— נו, וואָס איז דערפון צו דרינגען? — האָט מען געפרעגט פון אויבנאָן־טיש.

— רבותי, האָט ער געזאָגט, ווען איז דאָס אַלץ געהערט געוואָרן, אַז די ספרים־כופרים האָבן נישט קיין תקומה; אַז זייער דין איז, חלילה, כליה — ווען זיי קומען צווישן מענטשן, מען זאָל אין זיי לערנען; דאָרט זענען זיי בבחינת מסית ומדיח. ביי אונדז אָבער אין שאַנק, צום באַהאַלטן פאַרן דוויער; דאָ, אין דעם היכל, ווו דער מענטש האָט נישט קיין שליטה; צווישן אונדז ספרים אַליין, ווו יעדער שווייגט אין זיך — זענען מיר אַלע ברידער. נישטאָ צווישן אונדז קיין כופרים. מען טאָר קיין איינעם פון אונדז נישט לאָזן פאַרלוירן גיין. ולא ידח ממנו נידח.

די צוויי צדדים זענען אַזוי אַרום מער נישט געווען די תורה־ספרים און די ספרים פון חקירה. ביידע, איז באַוויזן געוואָרן, זענען זיי קינדער פון איין רעיון, וואָס מוז לסוף צוריקפירן צו אמונה.

די ביכער האָבן איצט אַליין אין זיך געלייענט. זיי האָבן געמישט אַהין און צוריק די בלעטער פון די חקירה־ספרים. זיי האָבן געזוכט צו דערגיין, ווי טיף עס איז די מחשבה אין זיי. מען האָט געזען, אַז די טיפסטע ספרים פון רעיון לויפן נישט ווייט. ערגעץ־ווו מוזן זיי זיך פאַרהאַלטן; דער רעיון ווערט אָפּגעהאַקט; בלייבסט פאַר אַ חלל; קאָנסטו אין אים נישט אַריין. ווידער מוזסטו אָנהענגען זיך אין אמונה. אויך זיי זענען קינדער, וואָס רייסן נישט ווייט זיך אָפּ פון זייער פאָטער. דער עצם גלייבן אין געדאַנק — איז אמונה. די יאָ און די ניין־זאָגערס — ביידע זענען זיי אינעווייניק, אין בטחון, און — ווו ס׳איז בטחון — איז דאָ אמונה.

און דאָ האָט מען געזען, ווי דער שמש אויבן אָן הייבט אויף די קורצע האַנט אין דער לופט. ער ווייזט מיטן פינגער אין אַן אַנדער זייט; ער רופט. די חקירה־ספרים

האָבן זיך פֿאַרמישט. זייער משפּט איז, ווייזט אויס, געווען פֿאַרענדיקט. דער שמש אויבן אָן האָט זיי געוויזן פֿאַרלאָזן די בענק, זיך לייגן פֿאַרמאַכטערהייט, אויבן, איבער די שאַנקפּאַכן, איינער איבערן אַנדערן, ביזן סופֿיט אַרויף. פֿון אַלע זייטן האָבן זיי אַהין געצויגן. זייערע פּלעצער זענען געבליבן ליידיק. די האַנט פֿון ביבליאָטעקאַר האָט איצט גערופֿן דעם נייעם צד, ער זאָל קומען, זיך שטעלן פֿון דער לינקער זייט פֿונעם טיש. דאָס בית־דין פֿון די שווערע ספֿרים אַרום אים האָט געוואַרט, געבליקט צו די זיך־דערנענטערנדיקע. אין זייערע צייטן זענען אַזעלכע ספֿרים נאָך נישט געווען: קורצע, נישט געבונדענע, מיט מאַלערייען פֿון מענטשן, וואָס זייער צלם־אלוהים איז געשענדט: הינקענדיקע, מיט לויזע אבֿרים, איבערגעדרייטע אויגן, אָן נאָזלעכער צום אָטעמען. זיי זענען ביי זיי פֿאַרחתמעט; אָן מיילער, אַרויסצוברעכן פֿון זיך, מיט רייד, די פֿאַרדאַרבענע מחשבֿות — צו בלייבן אינעווייניק געריייניקט. אַלץ בלייבט אין זיי אַליין, ווי סם.

מען האָט געוווּסט, דאָס זענען די מאָדערנע ביכער. עס הייבט זיך אָן זייער משפּט. ער וועט נישט זיין קיין לייכטער. עס טרעטן קעגן זיי אַרויס, נישט בלויז די ספֿרים פֿון שכל הישר, פֿון פֿאַרנונפֿט, נאָר אויך זייערע אייגענע אָבֿות, וואָס האָבן זיי געבוירן — די מעשׂה־ביכער פֿון אַלע פֿריערדיקע דורות; די ראָמאַנען־בענד און די לידער אין קלאַסישן נוסח. אַלע ווי איינער דערנענטערן זיי זיך אַהער; זיי שטעלן זיך קעגן זיי — פֿון דער אַנדערער, פֿון דער רעכטער, זייט טיש.

אויך דאָ האָט מען פֿון אַלע זייטן אויפֿגעריסן די אויגן צו זיי. פֿון די בענק, פּאָליצעס און שענק האָט מען געוואָלט צו זיי קוקן. זיי האָבן אויסגעזען, אין פּלוג, ווי ממזרים — קינדער פֿון נישט־צוגעפּאַסטע, נישט־נאַטירלעכע, פֿאָרונגען; פֿאַר־זעענישן, וואָס קאָנען אַליין אויף ווייטער נישט געבוירן. זיי זענען פּרוכטלאָז.

דער קטיגור האָט זיך געגעבן אַ שטעל אַוועק:

— קוקט, האָט ער געזאָגט — אויף זיי. זעט, זיי זעען אויס, ווי קינדער פֿון קראַנקע פֿאָרענישן אין פֿינצטערע נעכט פֿון מלחמות. זייערע עלטערן האָבן זיך אויסגעמישט, זענען געקומען אויף זיך, בעת אַלאַרמען, פֿייפֿענישן און שׂרפֿות־געיאָמער.

דער קטיגור האָט אפֿילו געהאַט אַ ספֿק צי מען דאַרף זיי משפּטן. זיי זענען, האָט ער געזאָגט, פֿאַרגענגלעך, ווי דער טאָג, אָדער גאָר — מיט דער נאַכט פֿאַר־שווינדן זיי. ווען עס שיינט אויף דאָס ליכט — ווייסט מען נישט ווּ זיי זענען אַהינגעקומען.

און כּדי אויפֿצוהייטערן דאָס געמיט אין זאַל, האָט ער געבעטן, דאָס געריכט זאָל זיי באַפֿעלן, זיך שטעלן פֿאַרן טיש אין זייער נאַטירלעכן הילוך: מיט קוליעס אונטער די אָרעמס; פֿיס־פּראָטעזעס; באַנדאַזשן אַרום די שטיקלעך פֿאַרבליבענע הענט; מיט שוואַרצע צודעקן איבער די פֿעלנדיקע אויגן, און פּלאַסטערס איבערן פּנים.

דאָס פּובליקום אין זאַל האָט זיך צעלאַכט. דאָס ערשטע זענען אַרויסגעשאָסן מיט געלעכטער־קולות די הומאָר־ביכער און אויך די וויצנבלעטער, וואָס זענען דאָ געווען. זיי זענען שיר נישט אַראָפּגעפֿאַלן פֿון די פּאָליצעס. די פֿינצטערע פּנימער פֿון די מאָדערנע ביכער, לינקס פֿון טיש, האָבן זיי אויסגעזען, ווי פּנימער פֿון קלאַונען, פֿון

לצים, קונצנמאַכערס, אויף דער צירק־אַרענע. עס האָבן אויך זיך געהאַלטן ביי די זייטן פון לאַכן פיל אַנדערע ביכער צווישן די שורות. עס האָבן זיך געשאָקלט זייערע גופים אויף די ערטער.

דאָס בית־דין האָט שטרענג געקלאַפּט מיט די טאָוולען אין טיש. שטיל זאָל זיין! ביז מען פאַרמשפּט נישט יענעם — איז ער נישט חייב. וואָס פאַר אַ הוללות, קלות־ראש איז דאָס?!

מען האָט געזען דער חושן משפּט מישט אין דעם פּחד יצחק; דער סמ״ג בלעטערט זיך איבער מיטן רא״ש. אין ערגעץ איז נישט געשריבן אין זיי וועגן אַרעסטאַנטן־קליידער. מען האָט בודק־געווען די תקנות פון ועד ארבע הארצות. זייערע תפיסות זענען אָבער געווען נאָר די תורה־פעסטונגען.

מען האָט אַ ווײַלע געטראַכט אַרויסצורופן אַלס עדות די ביכער מיט נסיעות־באַשרייבונגען — „ויסעו ויחנו״. זיי זענען אויסגעווען אַ וועלט. מען האָט געשמועסט, אַז זיי ווייסן צו דערציילן וועגן אַזעלכע אומגעלומפּערטקייטן אויך אין די ווײַטסטע מקומות, מעבר לים. נייע ביכער ווערן געבוירן באַוואָקסענע; באַלד מיט ווילדע האָר און בערד. זיי דרייען זיך אויפגעכראַסטעט, נישט־געוואַשענע. נישט אַנדערש — נאָך זייער ווילן איז צו בלייבן ביחידות. — מען זאָל זיי נישט לייענען. דעריבער זענען זיי געשריבן מיט די שורות — אינעווייניק, אין זיך אַריין. זיי פאַרשליסן זיך פאַר פרעמדע.

קיינער האָט אָבער נישט געוווּסט, ווי נעמט זיך אַזעלכעס צו די כ״ב אותיות פונעם אלף־בית; צו די קדושה און טהרה־אותיות, מיט וועלכע עס איז געשריבן געוואָרן די תורה. זי איז נישט פאַר זיך אַליין, נאָר פאַר מענטשן, פאַר יידן.

דער אַלטער דאָקטער, פון אונטערן פּרוכת אַפער, האָט איצט באַפוילן, פאַרקערט: די מאָדערנע ביכער זאָלן זיך אויסטאָן פון זייערע באַנדאַזשן און בגדים. זיי זאָלן בלייבן שטיין נאַקעט, ווי זיי זענען געבוירן. אַזוי ביסטו געקומען אויף דער וועלט — און אַזוי דאַרפסטו זיך שטעלן פאַרן משפּט. ד״ר שטר האָט אין שלאָף דערביי געוואָלט אַראָפּצי:ען אויך פון זיך דאָס פּרוכת פון פאַרן פּנים. עס איז געווען אַ מורא, ער זאָל פּלוצעם זיך נישט איבערוועקן; עס וועט זיין אויס משפּט.

באַלד זענען זיי געשטאַנען נאַקעטע פאַרן טיש, די מאָדערנע ביכער. זיי האָבן געציטערט פאַר קעלט. זיי האָבן געוואָלט זיך פאַרשטעלן זייער שאַנד. נאָר דאָס בית־דין האָט געוואָלט זען, צי זיי זענען געמל׳עט; צי זענען זיי פאַרבליבן בני ברית.

מען האָט זיי באַפוילן, זיך דערנעענטערן. דאָס בית־דין האָט זיי באַקוקט. מען האָט געהייסן, זיי זאָלן אַליין זיך אויפמישן, זיך בלעטערן — פאַמעלעך פון טאָוול צו טאָוול. זייערע אותיות זאָלן אין זיי אויפפירן, — גרויס. אַלע זאָלן אין זיי לייענען.

באַלד האָט מען געהערט, ווי דער שמש אויבן לייענט אין זיי, הויך, אויפן קול, ער לייענט זייערע זאַצן. אָפּגעריסענע איינער פון אַנדערן, ווי די רייד וואָלטן אים געווען צעמישט. מען האָט נישט געוווּסט, צי דאָס איז, ווייל ער שלאָפט; ער לייענט ווי פון חלום אַרויס. ער רעדט באַנומענע רייד, וואָס נאָר אין חלום בינדן זיי זיך, האָבן צווישן זיך אַ שייכות, אָדער — איז דאָס זייער אייגן לשון.

אַ רגע האָט דאָס בית־דין חושד געווען, אַז אויך זיי שלאָפֿן. זיי שטייען דאָ מיט פֿאַרמאַכטע אויגן און זייערע ליפּן פּרעפּלען בלינדע רייד. אויך זיי רעדן פֿון שלאָף אַרויס, ווי פֿון אַ טיפֿן חלום. דער שמש אויבן איז איצט בלויז איינער פֿון די געשטאַלטן אין זיי. ער רעדט פֿון זייערע בלעטער אַרויס.

דאָס בית־דין און אַלע אין זאַל האָבן זיך נישט געכאַפּט, וואָס פֿאַר אַ תּקופֿה ס'איז. וועגן וועמען זיי רעדן. די רייד דאָ, האָט אויסגעזען, האָבן נישט קיין שייכות צו אַ צייט, וואָס איז צוגעקניפּט צו די זײַלן פֿון דער וועלט, צו איר סדר. מען האָט אויך נישט געוווּסט, פֿון וועמען זיי רעדן; פֿון וועלכן אָפּשטאַם זענען די מענטשן אין זיי; ווו וווינען זיי, און וואָס עס טרײַבט זיי; פֿון וואַנען זיי קומען און וווּהין יאָגט עס זיי.

דער שמש האָט אַלץ געלייענט און דעם בית־דין האָט זיך געדאַכט, אַז דער בנין פֿון א. ג.־פֿאַרבן האָט זיך אָפּגעריסן פֿון דער ערד; ער הייבט זיך אין חלל; ער שוועבט מיט אַלע ספֿרים אין דער לופֿט. דער בנין איז, ווי אַ ריזיקער עראָפּלאַן, וואָס בלאָנדזשעט — איבער שיכטן. דער קליינער ביבליאָטעקאַר איז דער פּילאָט. ער זיצט ביים רעדל. ער פֿירט דעם עראָפּלאַן. ער פֿליט הויך. די אַלטע ספֿרים האָט זיך פֿאַרמישט אין קאָפּ. זיי האָבן געפֿילט, עס שווינדלט זיי פֿאַר די אותיות. זיי צעשיטן זיך אין זיי, פֿאַלן אַרויס פֿון די בלעטער.

דער שמש האָט ווייטער געלייענט, און מיט אַ מאָל איז געוואָרן אַ שטילקייט אין זאַל; וואָס אַ מאָל זענען די ספֿרים אַרום געוואָרן איינגעשטילטער אין זיך. די ווערטער זענען אַריינגעדרונגען אין זיי, נישט דורך די אויערן, נאָר — ווי דורך אַלע אבֿרים, דורך די הויט־קעמערלעך. זיי האָבן פֿאַרנומען אין זיך, נישט די ווערטער, נאָר זייער ניגון, וואָס זאַפּט אין זיי אַריין; ער לאָזט זיי זיך אַראָפּ אין דעם גוף; ער מאַכט אים שווערער; ווי מען וואָלט אין זיי געגאָסן געדיכטע טונקעלע פֿליסיקייטן. אַ רגע האָט זיי געדאַכט, די פֿליסיקייטן זענען זיס; אָט וועלן זיי פֿון זיי איינדרימלען. דער ניגון פֿליסט זיי שווער אין די אָדערן. די אבֿרים לאָזן זיך ביי זיי אַראָפּ. זיי שליסן די אויגן. עס גלוסט זיי זיך אויסצוציִען. באַלד וועלן זיי זיין מאַכטלאָז. די קני ברעכן זיך ביי זיי אונטער. זיי וועלן נידערן אַראָפּ — פֿון די בענק, פֿאַלן אונטער זיך.

דער שמש האָט ווייטער געלייענט, שטיל, וואָרט נאָך וואָרט. די ווערטער פֿון זיין מויל אַרויס, האָבן זיך געהאַט אויפֿגעלייזט. זיי האָבן זיך אָפּגעבונדן איינס פֿון אַנדערן. יעדעס איז געבליבן באַזונדער, פֿאַרטאָן אין זיך. אַ רגע האָט זיי געדאַכט, זיי זענען שיכור; די שווערע פֿיס הייבן זיך ביי זיי. עס גלוסט זיי טאַנצן — אַלע צוזאַמען און יעדער פֿאַר זיך — אויף זיין אָרט. זיי וועלן אַלע אַרויס פֿון די בלעטער, פֿון די ביכער אַרויס, פֿון די שענק; זיי וועלן אַראָפּ פֿון די בענק, פֿון די פּאָליצעס — אויף דעם דיל אַראָפּ, און זיי וועלן טאַנצן. זיי וועלן זיך הייבן — האָפּ! האָפּ! — פֿון דעם דיל ביזן סופֿיט.

דאָס בית־דין האָט מורא געהאַט, מען זאָל אין דרויסן נישט הערן די אַרגיעס פֿון די ווערטער דאָ אין זאַל. דער ניגון פֿליסט און פֿאַרשיכורט זיי אַלע, ביזן לעצטן.

זיי האָבן איצט נישט געוווּסט, צי איז ער נאָך אַלץ איינגעשלעפֿערט, דער שמש, אויבן; ער לייענט אַזוי פֿון שלאָף; אָדער איז ער שוין לאַנג וואַך, אויפֿגעוועקט;

נאָר ער איז דאָס שיכור־געוואָרן גלייך ווי אַלע, פון זיין לייענען. באַלד וועט ער אַראָפּ פון אויבנאָן; אַ וואַקלענדיקער אויף די קורצע פיס, וועט ער זיך אַריינפּלעכטן צווישן די טאַנצנדיקע ספרים; ער וועט אין ראָד מיט זיי זיך פאַרלייגן האַנט איבער אַקסל און אַוועק אין דעם טאַנץ.

עס האָבן געטאַנצט לאָמע — אָן איין פוס, און אָן ביידע פיס; הינקענדיקע מיט פּראָטעזעס. מען האָט נישט געוווּסט, ווי זיי האַלטן זיך אין דער לופט; סיידן עס טראָגט זיי דער ניגון; דער ווינט, וואָס בלאָזט פון זיי. ער הייבט זיי אין חלל. אַרום און אַרום פון אַלע זייטן אויף די בענק און פאַכן, האָבן ווינטיק זיך געמישט די ספרים; זייערע בלעטער האָבן זיך אָנגעשלאָגן, געפּאַטשט איינס אין אַנדערן, ווי אַפּלאָדירט, מיטגעריסן אין ריטעם פונעם טאַנץ. עס האָבן געטאַנצט פאַר זיך, באַזונדער, נאַקעטע — אָן אָרעמס; מיט הענט און אָן דלאָניעס; עס האָבן געטאַנצט ווערטער אָן קעפּ; מיט פּנימער, אָן גענאַנג — אָן מיילער. בלויז זייערע פיס האָבן געטופּעט. עס האָבן געטאַנצט קעפּ מיט פיס — אָן גופים אין מיטן. עס האָט באַהאַפטן זייער ליידיקן מיטן — דער ניגון. און דער שמש זינגט פאַר זיי ווערטער.

באַלד האָט מען געוווּסט, זיי זענען טאַקע שיכור, די ווערטער. זיי זענען שיכור פון יידישן צער, וואָס איז אין זיי אָנגעזאַמלט. יידן האָבן אין זייערע ספרים אויסגעגאָסן זייער גאַנצע פאַרשעמונג, און האָבן דאָ זי איבערגעלאָזט. אַליין זענען זיי מער נישטאָ, אָבער זייער צער איז פאַרבליבן. דאָס זענען, נישט קיין ספרים, נאָר לאָגלען, וואָס זענען פאַרמאַכט. די לאָגלען זענען שיכור פונעם צער אין זיך. זיי ווילן זיך אויפרייסן, זיך איבערגיסן — איידער זיי ווערן אַליין פאַרסמט פון אים.

געוועזן אַ קלער, אַז דער שמש איז אפשר גאָר נישט שיכור. ער איז אויך וואַך. דאָס פאַרוויגט ער אַזוי זיי, כדי זיי זאָלן נישט זיך איבערוועקן, זיי זאָלן נישט ניכטער ווערן, ווייל — טאָמער הערן זיי אויף; טאָמער רייסן זיי איבער — פאַלן זיי; פאַלן זיי און גייען אויס; זיי גייען אויס שטיל פונעם צער אין זיך.

אַ מינוט האָט זיך באַוויזן זיין קאָפּ פון אונטערן פרוכת אָפּער. די אויגן זענען אים איצט געווען ווי איבערגעדרייט, גרויסע ווייסלען. ער קוקט פאַר זיך און זעט נישט קיינעם. בלויז זיינע הענט טאַנצן מיט. דאָס באַווייזן זיך פון זיין פּנים האָט אָן אויגנבליק אומגעקערט די שטילקייט אין זאַל. אַלע האָבן זיך געכאַפּט, ווו זיי געפינען זיך. זיי זענען ווידער אַרויף — יעדער אויף זיין פּלאַץ. זיי זענען געבליבן שטיל, ווי צוגעשמידט צו די ערטער. זיי האָבן געהערט, דער שמש לייענט נאָך. ער שטעלט זיך נישט אָפּ. די בלעטער מישן זיך אַליין פאַר אים. ער לייענט נאָך אַלץ פון די מאָדערנע ביכער אַרויס.

די העלדן פון די אַלטע ספרים, פון אַלע צייטן אַרויס, האָבן איצט נישט געוואָלט, ער זאָל איבעררייסן. עס האָט זיי געדאַכט, זיי דערקענען — יעדער איינער — זיך אַליין, זיין אייגענע געשטאַלט — אין יעדן פון די טאַנצנדיקע העלדן — די לאָמע, טויבע און בלינדע — אין די דאָזיקע ביכער. זיי הערן דאָ יעדער — זיין אייגענע געשיכטע, אין זיין תקופה, ווי צום ערשטן מאָל. זיי האָבן אָבער געוואָלט, ער זאָל ווידער זיך איבערדעקן מיטן פרוכת. מען זאָל זיין קול הערן און אים נישט זען. ס׳איז שווער צו קוקן אים אין די אויגן אַריין.

זיי האָבן איצט געוווּסט, אַז יעדע תקופה איז אַ נביא לגבי אַ צייט, וואָס וועט קומען נאָך איר; אויך יעדער מענטש מיט זיין לעבן — איז אַ נביא לגבי מענטשן, וואָס וועלן קומען נאָך אים. אַזוי אויך ער, דער אַלטער ביבליאָטעקאַר.

דעם אַלטן ביבליאָטעקאַר האָט איצט געחלומט, אַז ער איז אַ ווּלד אין אַ בויך. דער בויך זענען די ביכער אַרום; די מאָדערנע ביכער, וועלכע זענען זיינע שאַפער. ער אין זייער עיבור. זיי טראָגן אים אויס. זיי טראָגן אים מיט זייער שכרות. פון זיי וועט ער געבוירן ווערן. ער זיצט כסדר פאַרשפינט אין זייערע געדערעם. זיי וואָרעמען אים אויס. ער אָטעמט מיט זייער אָטעם. זיי נערן אים אין זיך, אין זייערע אייגענע אינגעווייַדן.

ער האָט איצט מורא געהאַט אַרויסצופאַלן פון זייער וואָרעמען טראַכט; זיי זאָלן איין מאָל בעת אַזאַ טאַנץ, נישט מפיל זיין מיט אים. ער וויל בלייבן אין זיי. עס איז געוווען שטיל אין זאַל. מען האָט אים בלויז געהערט, ווי ער כראָפּעט טיף. פון זיין כראָפּען האָבן זיך געבלאָזן די אַלטע בלעטער אויפן טיש פאַר אים.

דאָס בית־דין האָט אים געלאָזט אין זיין אייַנגעוואָרעמטן שנאָרכן. מען האָט אים איצט נאָך וואָרעמער איבערגעדעקט מיט אָפּגעפּוינענע טליתים און צעריסענע מענטעלעך פון ספרי־תורהס. ער איז געבליבן מיטן קאָפּ פאַרוואָרפן אויף הינטער זיך.

דער משפט איז געגאַנגען ווייטער. עס איז שוין אַרויסגעטראָטן דער סניגור.

— מורי ורבותי — האָט ער אויסגערופן — איר האָט געזאָגט, זיי פאַרגייען מיט דער נאַכט; פאַרשווינדן ווען עס טאָגט־אויף, אָבער — נאָך יעדן טאָג קומט זי שטענדיק ווידער, די נאַכט. זיי וועלן נישט אויפהערן — נישט די סאַמעט־שוואַרצע נעכט פון מלחמות, און נישט די קראַנקע פאַרענישן אין זיי. מיינע פאַרסמטע ביכער זענען קינדער פון דעם דויער, פון דער אייביקייט — אַזוי ביז ימות־המשיח.

די מאָדערנע ביכער האָבן געהערט, מען רעדט פון זיי; זיי האָבן זיך איינגעשרומפּן. זיי האָבן נישט געוווּסט, וואָס עס הייסט אייביקייט, כאָטש זיי האָבן זי געפילט אין זיך — נישט אַזעלכע, וואָס ליגט אין דער צוקונפט, אין די קומענדיקע צייטן, נאָר אַן אייביקייט וואָס זיי, די קומענדיקע צייטן, ליגן דאָ אין איר, אין די איצטיקע רגעס, וואָס זענען אַליין אייביק. זיי האָבן געפילט אין זיך, אין זייערע ביינער, דעם דויער פון די איבערגעלעבטע רגעס, זיי וועלן קיין מאָל נישט פאַרגיין. זיי בלייבן, די רגעס, אין זיך אַליין, אין זייער אייגענעם קיום. אַלע פאַרגאַנגענע און קומענדיקע צייטן זענען אין זיי פאַרוואָרצלט. זיי האָבן געוווּסט, אַז אַזוי לאַנג, ווי אונדזער וועלט וועט האָבן אַ קיום — וועט ער דויערן זייער דויער.

דאָס בית־דין האָט געוואָלט פאַרשטיין דעם תוך. אָט האָבן לומדים, שאַרפע קעפּ, מעיין־געווען אין די אַלע מאָדערנע ספרים און נישט געקאָנט זיי באַנעמען. צי איז דאָס דער שגעון, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיינע אייגענע ברעגעס, ווייט פון שכל־הישר, ווי טייכן, וואָס רייסן זיך פון דאַמבעס און פאַרפלייצן אומגעצוימט; שטייגן ווילד אין די הייכן. אין אַזאַ פאַל איז דאָך אַ סכנה פאַר אַלע לייענער: זיי וועלן מיט זיי פאַרגאָסן ווערן ביז אַרויף, איבערן מוח.

אָדער האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט אַ נייער מיסטיק, ווי אין די קבלה־ספרים, נאָר, להבדיל, פון דער לינקער זייט, מצד דער סטרא אחרא וואָס וויל אָפּשווענקען יעדן

גדר. דאָס איז זעלביקע ספר, נאָר מען דאַרף עס מישן — נישט פון רעכטס אויף לינקס, נאָר, פאַרקערט, פון לינקס אויף רעכטס. צי גאָר איז דאָס דער אויסגע־קרומטער שפּיגל, דער איבערגעדרייטער — פון דער מיסטיק. זיינע קרומע וועגווייזערס פירן, נישט אין דער אמתדיקער ריכטונג, נאָר זיגזאַגיש דרייען זיי זיך און פירן צוריק אין זיך אַריין. זיי פאַרפּלאָנטערן זיך אינעווייניק. זיי עקבערן, ווי גריי־צערס, אויף איין אָרט, ביז זיי בויערן ווידער זיך אַריין אין דער ערד אונטער זיך.

מען האָט געזען, אויך די קבלה־ספרים פון דער ווייטנס — אויף די פּאָליצעס אַרום, און אויף די שורות בענק ביז הינטן — שאָקלען זיך אָפּ, פון זיי, די מאָדערנע ביכער. זיי האָבן אָפּגעדריגעט, הערנדיק דעם פּרווו זיי צו פאַרגלייכן. זיי האָבן מורא געהאָט, צי דאָס בית־דין קאָן זיי אַ מאָל נישט אַרויסרופן אַלס עקספּערטן צו דעם טיש. זיי האָבן באַשלאָסן מורד צו זיין און נישט צו גיין. זיי האָבן געוואָלט טענהן פאַרן בית־דין, אַז זיי אַליין, די קבלה־ספרים, זענען קינדער און אייניקלעך פון רוח פון ישראל סבא, דעם גייסט פון דער יידישער מחשבה, אַ סימן דערפאַר איז זייער בטחון. זיי זענען תמיד פאַרבליבן צובאַהאָפטן צו זייער אמונה־מקור; בעת זיי אָבער, די מאָדערנע ביכער, כאָטש אויך קינדער פון יידישן גורל, האָבן אָבער געשעפּט זייער יניקה פון בריסטן פון פרעמדע טעכטער. זייער חיות־מילך איז פון טמא־קוואַלן. זי איז זייער לעבנסזאַפט. דער סימן דערפאַר איז — זייער יאוש, זייער אויסזיכטלאָז בלאָנדזשען, אָפּגעשניטענע, אָן האָפענונג. אפשר איז דאָס — דאָס זייגן פון צוויי מקורות, וואָס לאָזן זיך נישט צוזאַמענמישן — די סיבה פון דעם שלעכטן דם־התמצית אין זיי. פון דעם נעמט זיך זייער צורה פון פאַרזעעניש.

דאָס בית־דין האָט אָבער געוואָלט הערן וועגן זיי — פון זיי אַליין: זאָלן זיי אַליין רעדן, לערנען אויף זיך סניגוריה. קודם, וועגן זייער אָפּשטאַם. זאָלן זיי אַליין זאָגן, ווער זיי זענען; צי פאַרלייקענען זיי זייער שטאַם.

מען האָט ווידער געהערט זייער סניגור. ער האָט געוויזן, אַז זיי האָבן נישט קיין מיילער. נישט אין רעדן איז זייער כוח. אויך די אויערן זענען ביי זיי נישט אויבן פון ביידע זייטן קאָפּ, נאָר דער גאַנצער גוף איז ביי זיי פול מיט אויערן. עס איז דאָ אַ יש־אומרים, אַז זיי זאַפּן איין קלאַנגען; זיי הערן זי, די וועלט, אין זיך, נאָר ווען זייערע אויגן זענען ביי זיי פאַרמאַכט.

דער סניגור האָט אָנגעהויבן:

— קודם וועגן זייער אָפּשטאַם — זיי פאַרלייקענען נישט קיין איינעם פון זייערע אבות. זיי זענען כשרע קינדער, נישט בלויז פון איר, דער יידישער מיסטיק, נאָר אויך פון דער יידישער מחשבה. דער דם־התמצית אין זיי שטאַמט אָט פון די דאָזיקע אבות. אַ סימן מובהק דערפאַר — זייער אָפּשטויס צו אַכזריות; זייער עקל צו בלוט, און בעיקר — זייער ליבשאַפט צו יעדן באַשעפעניש, וואָס ווירמלט אויף דער ערד. אָט דער רחמנות צום באַשאַף מאַכט דאָס זיי קראַנק; זיי זענען אבלים. פון לאַנג שוין ווייסן זיי, אַז מען קאָן גאָרנישט היילן. דעריבער זייער אָפּגעלאָזטקייט; זייער הילן זיך אין נאַכלעסיקע בגדים.

— האָבן זיי מער נישט קיין בטחון?! — האָט זיך געהערט אַ קול פון זאַל.

— זיי ווייסן נישט — איז געקומען אַן ענטפער, פון איינעם זייערס אַן אָנהענגער.

ער האָט באַלד אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, מען זאָל אים נישט אַרויסזען צווישן די שורות. דער סניגור האָט אָבער נישט געלאָזט זיך אַראָפּפירן פון וועג.

— קוקט אַריין, האָט ער געזאָגט, אין זייערע שטיפשוועסטער, די מאָדערנע ליטע־ראַטור פון די אומות — וועט איר זען: אויך זייער אָפּשטאַם איז אַן אַנדערער. זיי זענען געבוירן, נישט ווי ביי אונדז, אויפן ראַנד פון זיך אויסלאָזן, נאָר זיי האָבן זיך אויסגעפּיקט פון לערקייט. אויך זייער צער — איז דער צער פון פוילקייט, פון נישט האָבן מיט זיך וואָס צו טאָן. דאָס איז דער צער פון נאָך דער איבערגעזעטיקטקייט, פון שוועבן נאַקעטע אין חלל — נאָכן אַראָפּוואַרפן פון זיך, אין ווילטאָג, אין לאַנגווייל, די קליידער. זייער חלל איז אָבער געבעט אַרום און אַרום מיט ווייכע טעפּעכער; קיין אָפּגרונט אונטער אים איז נישטאָ. דו שוועבסט אין אים און קענסט מיט פּאַרמאַכטע אויגן שטרעקן די הענט; אומעטום אַרום וועסטו אָנטרעפן אויף ביימער מיט מידע פּירות; קאָנסט פויל זיי רייסן און ברענגען צום מויל. זיי זענען דיר איבעריק, ווייל זיי זענען דאָ און זענען פיל.

קאָנסט אַזוי שווימען אין חלל, ווי לאַנג דו ווילסט; קיינער וועט דיך נישט וואַרפן אין אָפּגרונט, ביז דיין צייט וועט נישט קומען.

— ביי מיינע שיקערס — האָט דער סניגור מיט אַ מאָל געגעבן אַ הייב אויף דאָס קול — ביי זיי, די מאָדערנע ספרים דאָ פאַר אונדז, זענען אָבער זייערע גע־פּרוווטקייטן אַריבער איבער זייער האַלדז. מען לאָזט זיי אויך נישט זיך איינשליסן אין רו פון זייער אייגענעם יאוש. פרעמדע טרייבן זיי פון דעם יאוש, ווי שלאָפערס — פון זייער שלאָף אַרויס.

— הייסט דאָס , אַז איר זענט מודה אין זייער יאוש? — האָט דאָס בית־דין געוואָלט וויסן.

— דאָס איז אָבער אַ יאוש פון נישט דערגרייכן, און נישט פון זעטיקייט — האָט דער פּאַרטיידיקער ווידער איבערגעחזרט זיינע רייד. דאָס איז אַ יאוש פון איוב. אויך אים האָט מען געוואָלט גונז־זיין און מען האָט אים דאָס נישט געטאָן. אויב איובן, וואָס איז בלויז אַ משל, האָט מען זיין יאוש געקאָנט מוחל־זיין — האָט דער פּאַר־טיידיקער אויסגעפירט — פאָדער איך דאָס פאַר מיינע שיקערס — אוודאי און אוודאי.

— די פּאַרטיידיקונג איז אַוועק אויף אַ פאַלשן וועג — האָט מיט אַ מאָל זיך געהערט אַ שטימע. זי איז געקומען פון דער לינקער זייט, פון די אָנגעקלאָגטע — מיר ווילן זי נישט. מיר נעמען זי נישט אָן. נישט דאָס טיילט אונדז אָפּ פון אונדזערע ברידער, די מאָדערנע ביכער פון די אומות. אויך אונדזער יאוש איז נישט קיין יאוש פון שטרעבן; אויך ער קאָן מער נישט אויסגעלייזט ווערן. מיר ווילן דאָס אויפקלערן. עס האָט זיך געהערט זייער קול:

— אמת, בעת זיי קאָנען זינקען זיס אין זייער יאוש — טרייבט מען אונדז אויך פון אונדזער יאוש אַרויס, אָבער — דער חילוק איז בעיקר אין דעם תהום: בעת מיר זיצן אין אים, פון אונטן — זיצן זיי אויבן, איבער דער דינער ערדשיכט, וואָס דעקט אים איבער. זיי פילן אים אונטער זיך. אָט זי, די דינע ערדשיכט אין מיטן, טיילט אונדז פונאַנדער. זיי פון אויבן בייגן די אויערן נאָענט איבער דער שיכט, צו אונדז, צו הערן אונדזער ברום. מיר אונטן באַוווּנדערן זייער אַרויסאַגען אונדז. אויך מיר לייגן צו אונדזער אויער צו דער שיכט אויבן — זיי צו הערן.

זיי האָבן איצט געפילט זיך, ווי די שליחי־ציבור פון דער גאַנצער מאָדערנער ליטעראַטור פון דעם מין מענטש. זיי האָבן געהאַלטן, אַז זיי דאַרפן ענטפערן אויף די פראַגעס פון בית־דין, וועגן זייער תוך; פאָרשטעלן זיך אַליין, זאָגן ווער זיי זענען.

— קודם, נישט אָפּגעריסן זיך האָבן מיר אַלע פון דער קלאַסישער ליטעראַטור, נאָר מיר זענען איר פּרוכט, איר אַרויסשפּראָץ; די אייגענע קינדער אירע, אויסגעוואַקסן אין איר שויס. בעת זי אַליין איז אָבער געבליבן אינעווייניק, אין דויער; זי פרייט זיך מיט זיינע פריידן און טרויערט־מיט מיט זיין טרויער — האָבן מיר פּלוצעם דערזען דעם דרויסן. די ווענט האָבן פּאַר אונדז זיך געשפּאָלטן. אונדזער בליק איז אָנגעפילט געוואָרן מיט חלל. ער קאָן מער נישט אַריין אינעווייניק. מיר האָבן דערזען פון יענער זייט, אַז מיר אַלע אין איינעם הענגען מיר אין דעם חלל, אָן אונטערשפּאַר. מיר שוועבן נישט, נאָר מיר פאַלן. מיר זענען אפשר נישט קיין ספרים, נאָר זייגערלעך, וואָס קלאַפּן; עס שלאָגן אין אונדז די רגעס, אַזוי — רגע נאָך רגע. זיי טריפן פון אונדז אָפּ אין טראָפּנס. מיר הערן דעם דופק פון דער צייט, ווי ער קלאַפּט און לאָזט זיך אויס.

איינער פון די מאָדערנע ספרים האָט איצט איינגעשטילט די אַלע אַרום זיך. ער האָט זיך אָנגערופן:

— אינעווייניק, אין די קלאַסישע ספרים, איז הימלעך. נישט איין העלד דרייט זיך אין אייך, נאָר פיל, פיל, מענטשן באַוועגן זיך, ער׳ס און זי׳ס — האָט ער מיט אַ מאָל זיך געווענדט צו זיי, די קלאַסישע ווערק אַנטקעגן זיך — איר האָט געגלייבט, אַז ער, דער יחיד, קאָן נישט באַוועגט ווערן; ער, דער מענטש, איינער אַליין, אָן מעשים, בלייבט פאַרמאַכט; ער לאָזט זיך נישט עפענען. אַליין איז ער אויך בבחינת גולם, רויערד, ווי פאַרן באַשאַף, וואָס איז נישט געענוג ראוי דורכגעדרונגען צו ווערן. איר האָט געזוכט מעשים. נאָר דורך דעם צוזאַמענטרעף פון די פיל ערס און זיס, האָט איר געמיינט, דורך זייער רייבן זיך איינער אין אַנדערן — לאָזן זיי אַרויס פונקען און זיי ציַנדן זיך צוזאַמען; זיי רירן זיך אויף, און מיר הערן זייערע אינעווייניקסטע קולות. מיר אָבער קאָנען נאָך נישט באַנעמען דאָס ערשטע ווונדער — פון דעם מענטש אַליין; פון אים, ווען ער איז מיט זיך; ווען ער בלאָנדזשעט אין די אייגענע רגעס. מיר קוקן, פאַרכאַפּט, אויף זיינע אומזיכערע טריט, וואָס ווערן געלענקט; אויף זיין אַליינקייט אין וועלכער ער ווערט געפירט. מיר זעען אים, ווי ער גייט אַ שלאָפנדיקער מיט די פיס איבער דער ערד, און די רגעס טריפן אָפּ פון זיי, פון זיינע טריט.

— אָט דאָס איז אפשר דער טעות — האָט דאָס ספרל זיך געגעבן אַ ווענד — איר מיינט, אַז מיר, מאָדערנע ביכער, לויפן אייך פאָרויס; איר קאָנט אונדז נישט נאָכלויפן. מיר זענען אָבער הינטער אייך; מיר שטייען נאָך פאַרן אָנהייב.

אין זאַל איז איצט ווידער געוואָרן שטיל. עס האָט זיך נישט געהערט קיין שאָרך פון קיין בלאַט; קיין אויפמיש פון אַ טאָוול. אויך די אַלטע ספרים אויבן האָבן אויפגעהערט שמעקן דעם טאַבאַק צווישן זייערע בלעטער. זיי זענען געבליבן אין זייער וואַרטעניש. דער טאַבאַק אין די שפּאַלטן איז נאָך נישט אויסגעוועפּט.

עס האָט זיך אַרויסגערוקט אַ מאָגערער זשורנאַל. ער האָט אויסגענוצט דאָס שווייגן פון אַלע און אָנגעהויבן רעדן. מען האָט באַלד דערקענט, אַז ער איז איינער פון זיי,

זייערס אַ פּרשן — אַ קריטיקער. ער האָט דאָס אַלץ געוואָלט אויפקלערן פאַרשטענד־לעכער; אַלע אַרום זאָלן פאַרשטיין — אויך די ווייבלעכע ראָמאַנען אויף די פּאַליצעס, די מעשה־ביכלעך פאַר פּשוטע לייט, מיט וווּנדער און נסים, און אַפילו די צייטונגען מיט אַלטע נייעס, וואָס זענען שוין איצט פאַרגעסן. אויך די צייטונגען האָט דער אַלטער ביבליאָטעקאַר געהאַט געבראַכט פון די לײדיקע שטעט. זיי זענען געלעגן אויף די טראָטוארן מיט צעטראָטענע פּנימער פון די פאָטאָגראַפיעס אויף זיי; מיט אָפּגעריסענע באַקן און צעלעכערטע אויגן. ד״ר שטר האָט זיי אויפגעהויבן, ווי טויטע גופים, און אין זאַק זיי געטראָגן אויף זיין פּלייצע — ביז אַהער. דאָ האָט ער זיי איינבאַלזאַמירט אין די קעסטלעך.

דער קריטיקער האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין אָרט, און געוואָרפן אַ בליק איבערן זאַל. ער האָט אַליין געהערט, אַז ער רעדט שוין. די אַלטע ספרים, דער מהרש״א און דער הגר״א; ר׳ נחמנס „ליקוטי מהר״ן״; ווי אויך די מאָדערנע ביכער צווישן די אַנגעקלאָגטע — קאַפקאַס טאָגבוך און הערמאַן בראָכס „טויט פון ווירגיל״, האָבן זיך געוווּנדערט, ווי זיין קול גייט פּליסיק, אָן וואַקלעניש. זיינע ווערטער הייבן זיך איבערן זאַל גלאַטיק, אָן אַן עכאָ. אַ רגע האָט זיך געדאַכט, עמעצער רעדט אַריין פון דרויסן — אָן אַ שטימע.

די ליגנדיקע איבער דער גאַנצער ברייט פון זאַל, ספרים, האָבן געשפּירט, עס בלאָזט זיי ווער, הויל, איבער דער הויט. זייערע בלעטלעך ציטערן דין איבער זיי.

דאָס בית־דין האָט אָבער געהערט, אַז ער רעדט ווערטער פון טעם. ער איז אַ בקיא אין זיי.

— זיי — האָט ער געזאָגט — די מאָדערנע ביכער, זענען אפשר, נישט קיין גוף, נאָר בלויז אויג; בלויז בליק פון שוואַרצאַפּל און ווייסל. דו לייענסט זיי; עס דאַכט זיך דיר, דיינע אויגן נעמען אַרום עמעצן, אַ פרעמדן; אָבסערווירסט זיין לעבן צווישן זייערע טאָוולען, און מיט אַ מאָל — אַן אויג געפינט זיך גאָר הינטער דיר; עס האַלט דיך פעסט פון הינטן; ווערסט אַליין פון דעם אָבסערווירט. דו ביסט, נישט אַ לייענער, אויסערן בוך, אַנטקעגן דעם — נאָר אינעווייניק, צווישן די ווערטער. דאָס אויג הינטער דיר קוקט אויף יעדן דיין באַוועג. ווילסט גיך זיך צוריקציִען, שטעלן זיך הינטער דעם פרעמדן אויג — בלייבן אויסערן בליק — אָבער מיט אַ מאָל דערשפּירסטו נאָך אַן אויג. עס איז דאָ — ווידער הינטער דיר. ווייסט באַלד, אַז ווו זאָלסט זיך נישט צוריקציִען — ביסטו אַרומגערינגלט פון אויגן; — פון אַ בליק, וואָס דרינגט אין דיר אַריין.

— אַנדערש איז אָבער ביי דער קלאַסישער ליטעראַטור — האָט דער קריטיקער פּלוצעם אַראָפּגעלאָזט זיין שטימע; ער האָט איינגעשטילט דאָס קול. זיינע ווערטער זענען איצט געפלאָסן געמיטלעכע גלייך צום בית־דין — ביי דער שילדערונגס־ליטעראַטור ביסטו בלויז דער לייענער; שטייסט אַנטקעגן יענעם און קוקסט אין אים אַריין. קיינער פון הינטער דיר באַאומרויִקט דיך נישט. ביסט נאָר אַן אָבסערוואַטער. אָדער גאָר ביסטו אַ פישער: פאַנגסט יענעם אַרויס ווי פון אַ טייך. ער צאַפּלט זיך ביי דיר אויף דער ווענדקע.

די קלאַסישע ביכער פון שיינער ליטעראַטור אין זאַל האָבן געבעטן אַ הפסקה.

זיי האָבן געוואָלט אַליין זיך אויפמישן, און זוכן איינער אין אַנדערן. זיי האָבן אָבער געשפּירט, אַז דער גאַנצער זאַל דאָ איז איצט אַ גרויס מאָדערן בוך, וואָס לייענט זיך אַליין. דאָס אויג פון בית־דין איז דאָ אויף יעדנס פּלייצע. אָבער אויך דאָס בית־דין זיצט אין דעם בוך. ס׳איז אַרומגענומען פון אויגן. אַלע צוזאַמען האָבן זיי איצט מעיין־געווען אין די קלאַסישע ווערק. דער גאַנצער זאַל האָט זיי געלייענט. מען האָט געפילט, זיי זענען גרויסע, שלימותדיקע, אויסגעבויט פון מייסטער הענט.

איינער פון זיי, פון די דאָזיקע פיל־בענדערדיקע ווערק, האָט פּלוצעם אַ פרעג געטאָן:

— צי איז נישט קיין מער דאָס, וואָס מיר זענען פון אינעווייניק; מיר קאָנען פון דער נאָענט אונדזערע אַלע העלדן — מיר זענען מיט זיי צוזאַמען? ווי קאָן דען אַ דרויסנדיקער זיי פילן, ווי זיין אייגן לייב?

דער קריטיקער האָט גיך אַן ענטפער געגעבן:

— נאָר אַ זייטיקער, וואָס קוקט פון דער ווייט אַריין אין יענעם און זעט כסדר זיינע העוויות — פאַרנעמט יענעמס דרייען זיך אויף איין אָרט; ער נעמט אַרום זיין אַליינקייט. ער זעט, ער איז פאַרפלאָנטערט אין נעצן — איינע אַרום דער אַנדערער, וואָס לאָזן זיך נישט אויס; און ווען יענער וויל זיך אַרויסוויקלען פון איין נעץ — פאַלט ער אין דער צווייטער. דער אָבער, וואָס איז מיט אים פון אינעווייניק, באָענט, און זעט די רגעדיקע געראַנגלענישן אין דעם באַזונדערן פעדעם־פאַרפלאָנטער — מיינט, עס איז דאָ אַנטרינונג. ער פילט נישט דעם סוף, אַז נאָכן אַרויספּלאָנטערן זיך, זינקט מען אַראָפּ.

אָדער, אַנדערש — האָט דער קריטיקער געפּרוווט זאָגן: די קלאַסישע ביכער זענען נאָר די איינציקע נעץ אין וועלכער מיר וואַרפן זיך איצט. זיי ווייזן אָן אויף איר: דאָס איז זי! דעריבער דערקענט יעדער, וואָס איז אין אַן ענלעכער נעץ — זיך אַליין אין איר; די אַנדערע אָבער — נישט. זיי זענען אין אַנדערע נעצן. די מאָדערנע ביכער ווידער טייטלען מיט די פינגער, נישט צו דער נעץ, נאָר צו אירע לעכער; זיי ווייזן אָן אויף איר אַרום; אויף דעם, וואָס איז אויסער איר. דאָ דערשפּירט יעדער איינער דעם חלל, וואָס איז אָפן געשפּרייט אונטער אים.

און ער האָט אויסגעפירט, דער מאָגערער זשורנאַל:

— דער וואָס זוכט אין מאָדערנע ביכער דעם דיל פון אונטער זיין אייגענער נעץ — דער וועט קיין מאָל אויף אים נישט אַרויפטרעטן. זיינע פיס גרייכן נישט צו אים.

דער זאַל האָט אויסגעשטרעקט די אויערן. מען האָט איצט פאַרנומען זיין משל, וואָס איז, זעט אויס, אים איינגעפאַלן גאָר אין דער לעצטער רגע.

— איך אַליין, האָט דער קריטיקער געזאָגט, ווען איך בין אין דעם גאַסן־געווירבל, און זע דאָס ערשטע מיידעלע; זי ציט מיך צו — באַפאַלט מיך אַ ווילן, זי נאָכצוגיין איר גאַנץ לעבן; זען זי אין אַלע רגעס פון איר ווייטערדיקן לאַנגיאָריקן גאַנג. נאָר — זי זאָל מיך נישט זען. ווייל אויב איך וועל אַריינגעצויגן ווערן אין ראָם פון איר בליק — וועל איך גיין איר גאַנג מיט איר צוזאַמען. אונדז ביידע אַליין וועל איך מער נישט זען.

דער סניגור האָט אָבער געוואָלט געבן זיינס אַן אייגענעם משל פון אַן אַנדער שטייגער. ער האָט געזאָגט:

— אין די נישט־מאָדערנע ביכער זעסטו אַלץ אָפן, קלאָר פאַר די אויגן. אין די מאָדערנע — ווי דו וואָלסט געקוקט אין אַ שפּיגל. ווען דו קוקסט אָפן אויף די מענטשן, און זיי דערשפּירן דיין בליק — פאַרלירן זיי זייער האַלטן זיך פריי; קאָנסט זיי מער נישט זען אין זייער פשטות. בעת זייער זיין אַלע צוזאַמען — זענען זיי געשטערט איינער פון אַנדערן; זיי פילן בליקן אויף זיך און ווערן געצוימט אין זייער באַוועגונג. ווען דו קוקסט אָבער אויף זיי אין שפּיגל — ווייסן זיי נישט, אַז זעסט זיי; זיי בלייבן יעדער פאַר זיך, אויך ווען זיי גייען אין אים צוזאַמען. אין שפּיגל זענען זיי דערצו בולטער — זעסט זיי גרעסער.

אין איין רגע האָבן די מאָדערנע ביכער אין זאַל דערפילט די סכנה: דאָס בית־דין דאָ און אַלע אַרום האָבן זיך פאַרגעסן; מען האָט זיך אַריינגעלאָזט אין דיספּוטן; זיי ווייסן נישט, ווו זיי געפינען זיך. די צייט איז ענג.

די היסטאָרישע ביכער האָבן געדענקט די דיספּוטן אַ מאָל צווישן רבנים און גלחים פאַר די טראָנען פון קעניגן וועגן די סודות, וואָס זענען איינגעשלאָסן אין דער יידישער תורה. לסוף האָט מען שטענדיק פאַרברענט זיי די יידישע ספרים. אויך די ספרים, וואָס זענען פאַראַן דאָ אינעווייניק, אין זאַל, זעען נישט דעם דרויסן; זיי אַמפּערן זיך אין די אינעווייניקסטע נעצן. זיי מאַכן זיך אַליין משפטים, ווי די יידן, הונדערטער יאָרן, אין די געטאָס, צווישן די מויערן.

עס האָט געדאַכט, נאָך אַ רגע קאָן דאָ ווידער אויסברעכן דער דיספּוט צווישן די ביכער פון משומד פעפּערקאָרן, וואָס האָט גערופן צו פאַרברענען דעם תלמוד, און די ביכער פון טיבינגער גלח רויכלין, וואָס וויל זיי אָפּראַטעווען, די יידישע ספרים, פון שריפה. מען האָט געוווסט, אַז פעפּערקאָרנס „יידן־כפרה" איז דאָ פאַראַן. דאָס ספרל פון דעם מומר וויל איצט אפשר גאָר אַליין, מען זאָל עס פאַרברענען. דאָס בית־דין האָט געדענקט „מהרסיך ומחריביך ממך יצאו". אויך דאָס שטייט אין די ספרים.

מיט אַ מאָל איז אויפגעשווומען אַ נייע פראַגע פאַרן אויבנאָן־טיש: מען האָט פון איר געהאַט מסיח־דעת געווען: און וואָס איז מיט די ספרים פון די חסידי אומות העולם, וואָס האָבן מגן־געווען אויף יידן? צי דאַרף מען זיי דאָ צולאָזן? קומט אויך זיי אַ חלק לעולם הבא?

מען האָט פלוצעם געדענקט, אויך רויכלין האָט געוואָלט שאַפן אַ מין אָפּנבאַך: אין זיין דבקות אין די יידישע ספרים האָט ער נישט געוואָלט מען זאָל זיי פאַרברענען, נאָר זאַמלען זיי האָט ער געוואָלט, אַרויסצוקריגן פון זיי די סודות פון יידן — בעיקר פון די קבלה־ספרים.

עס איז זיי אַן אויגנבליק איינגעפאַלן, די מאָדערנע יידישע ביכער, אַז בעת זיי אַליין, די אַלע ספרים, זענען איצט דאָ, אין דעם בנין — פאַרטאָן אין זיך — ווערן זיי שוין אָבסערווירט פון די פרעמדע מאָדערנע ביכער, וואָס שטייען פון יענער זייט. זיי, די דרויסנדיקע, נישט יידישע ביכער, באַנעמען שוין אפשר דאָס, וואָס לויערט אויף די אַלע דאָ אינעווייניק — פון דעם אַרום.

זיי האָבן זיך דערמאָנט, די מאָדערנע יידישע ביכער, אַז אויך פריער, פאַר די

טאָלן, בעת די יידישע ספרים זענען געווען פאַרנומען מיט זיך; זיי זענען פיל געווען מיט אמונה, מיט מידות און שטייגער — האָבן אַ סך פון די נישט־יידישע ספרים, פון די חסידי אומות העולם, וואָס זענען געשטאַנען פון דער ווייט — שוין יאָ געאַנט; זיי האָבן באַנומען, וואָס עס שטייט פאַר די יידן.

מיר, די יידישע ספרים אַליין, האָבן דעמאָלט, אַנשטאָט אַרומגעכאַפּט צו ווערן מיט בהלה, מיט צעמישעניש; אַנשטאָט אַנטלויפן פון זיך אַרויס, מיט געליאַרם — גאָר עוסק־געווען אין פאַרטיפן דעם אייגענעם מוסר, אין רייניקן און לייטערן זיך. נאָר זיי, די פרעמדע, האָבן דאָס אַרויסגעשפּירט. זעט אויס, זיי האָבן זיי געקענט בעסער, זייערע אייגענע ברידער; זיי האָבן געוווסט, צו וואָס זיי זענען מסוגל. מיר נישט. מיר האָבן זיי צו פיל געטרויט, די פרעמדע פעלקער.

פון בית־דין־טיש האָט עמעצער אַ פרעג געטאָן אויף צוריק — טאָמער פאַרקערט:

— און אפשר איז דאָס גאָר געווען אַ נס? דער נס פון אונדזער קיום? ווייל — וואָלטן מיר יאָ באַנומען, וואָס עס וואַרט אויף אונדז — וואָלטן מיר אפשר נישט געהאַט קיין כוח איין טאָג ממשיך־צו־זיין. דער ווילן וואָלט אונדז אָפּגענומען געוואָרן. עס וואָלט, חלילה, געווען אויס.

דעם דאָזיקן אויספיר האָבן איצט אויך געמאַכט אין זיך די היסטאָריאָזאָפישע ביכער. זיי זענען די גאַנצע צייט געלעגן אונטן, טיף אין די קעלערן — אין דער פינצטער. אויך אונטן זענען אַראָפּ צו זיי די קולות פון משפט דאָ אין זאַל. זיי זענען צו זיי אַריינגעדרונגען. זיי האָבן אַ ווײַלע מורא געהאַט, אַז מען קאָן אויך זיי באַלד אַרויסרופן צום משפט, כדי זיי זאָלן דעם דאָזיקן געדאַנק זאָגן הויך, פאַר אַלע.

די היסטאָריאָזאָפישע ספרים האָבן איצט שטיל געמישט אין זיך, מען זאָל אויבן נישט הערן קיין שאָרך. זיי האָבן געוואָלט גרייט זיין — אין פאַל, ווען מען וועט זיי יאָ אַרויסרופן עדות זאָגן — גאָרנישט זאָלן זיי פאַרגעסן פון דעם נסיון, וואָס האָט צווישן זייערע טאָוולען זיך אָנגעזאַמלט.

זיי, די היסטאָריאָזאָפישע ספרים, אין די קעלער־טיפקייטן, זענען די גאַנצע צייט פול געווען מיט תרעומות. דעריבער, האָט מען געמיינט, זענען זיי געבליבן אונטן; האָבן נישט געוואָלט אַרויף. אַ סך טענות פאַרן געריכט דאָ, האָבן ביי זיי אונטן אַרויסגערופן אַ שמייכל. אָט האָבן די עסטעטן פון צווישן די ביכער אויבן צווישן זיך דיסקוטירט אַרום אַ רעטעניש: ווי קאָן דאָס זיין; ווי שיקט עס זיך — האָבן זיי געפרעגט — וואָס זיי, אויך די הומאַניסטישע ביכער פון די פעלקער, וואָס זענען פול מיט פאַרשטענדעניש צו אַלץ; זייער אויג איז צו אַלעם אָפן — זענען אָבער בלינד, ווען עס קומט צו אונדז; מיט שנאה שפּאָטן זיי פון יידן. לאַנגע דורות האָבן זיי, אונדזערע עסטעטיק־ספרים, דאָס נישט געקאָנט באַנעמען. זיי זענען פאַר זיי, פאַר די פרעמדע ביכער, בטל־געוואָרן; זיי האָבן דאָס באַטראַכט פאַר אַ מין טעות, וועלכן מען מוז מברר־זיין.

די היסטאָריאָזאָפישע ספרים האָט אַ ווײַלע געגלוסט אַרויף אויבן און טענהן, אַז אייגנטלעך איז דער טעות גאָר געווען נישט זייערער, נאָר אונדזערער. דאָס האָבן מיר נישט פאַרשטאַנען: מיר האָבן געוואָלט נעמען אונדזער רחמנות צום באַשאַף, און אים אַריינגעבן אין זיי, וואָס זייער נשמה איז גאָר — נישט רחמנות, נאָר עסטעטיק —

ליבשאַפֿט צו דער שיינקייט, צו יעדער מינוט אירער. מיר האָבן געזוכט אין זיי — זייער עסטעטיק, וואָס איז טעגלעך, פֿאַרגייענדיק, מיט אונדזער רחמנות, וואָס איז דורכנדיק. מיר זענען געקומען צו זיי מיט טענות, וואָס זיי האָבן נישט אונדזערס אין זיך. מיר האָבן נישט געוווּסט אַז אונדזער רחמנות וואָלט גאָר זיי צעשטערט זייער טעגלעכע פֿרייד. דאָס איז געווען אונדזער טעות. די צווייטע — האָבן די היסטאָריאָזאָפֿישע ספֿרים געוואָלט טענהן — פֿאָרן זיך נישט. זייער שנאה צו אונדז איז אייגנטלעך זייער ווערן־זיך קעגן אונדזער אַריינדרינגען אין זיי.

אויך די היסטאָריאָזאָפֿישע ספֿרים האָבן געוואָלט אָנגעמען דאָס לשון פֿון משל און דורך אַ פֿאַרגלייך מסביר־זיין אונדזער לעכצעניש נאָך די ספֿרים פֿון די אומות העולם:

די יידישע הלכה־ספֿרים און זייערע אבות, ביזן תלמוד — זענען שטרענגע טאַטעס און זיידעס; די גוייִשע ליטעראַטור מיט איר אכזריותדיקער שיינקייט — איז געגליכן צו אַ פֿרעמדן זכר, אַ שפּרודלדיקן מיט כוח; די יידישע רחמנות־ליטעראַטור ווידער, איז בבחינתא דנוקבתא. דעריבער ציט עס זי אַזוי זיך איבערצוענטפֿערן דער גוייִשער ליטעראַטור. מיר האָבן פֿאַר איר מורא און האָבן זי ליב. און נאָך עפּעס: אויך זייער ליטעראַטור ציט עס צום מוטערלעכן און ווייך־ווייבלעכן אין אונדז. זיי ווילן אין אונדז אַריינדרינגען, אַרומגענומען ווערן פֿון אונדזער רחמנות, וועלכע זיי האָבן אויך פֿיינט, ווי מען האָט פֿיינט אַ מאַמען. זיי ליידן לגבי אונדז פֿון דעם עדיפּוס־קאָמפּלעקס. עס ציט זיי און זיי ווילן אַנטלויפֿן פֿון אונדז.

די היסטאָריאָזאָפֿישע ביכער האָבן אָבער געוווּסט, אַז כאָטש אויבן אָן אויפֿן טיש ליגן די געזעצווערק פֿון דער תורה — איז אָבער היינט נישט די צייט פֿון שכל הישר. ס'איז אַ שעת חרום. אַלע מאָסן זענען איבערגעקערט.

אויך אין קעלער דאָ האָבן זיי, די וויסנשאַפֿטלעכע ווערק, אַ לאַנגע צייט, נאָך פֿאַרן אָנהייב פֿון משפּט — געהאַט אויסצושטיין בזיונות. די קינסטלערישע ביכער האָבן פֿון דער זייט געשפּעט, אַז זיי נעמען אַלץ שווער, צו וואַגיק. זיי, די קינסטלער, וויסן, אַז אויף דעם עולם דאַרף מען אַלץ נעמען, נישט אַזוי ערנסט, נאָר מיט אַ שמייכל, מיט פֿאַרגעבונג און הכנעה. מען האָט זיי אויך פֿאָרגעוואָרפֿן, די שטרענג־וויסנשאַפֿטלעכע ספֿרים, אַז זיי נעמען צאַפּלדיקע שטיקער לעבן, וואָס וואַקסן, און זעצן זיי אַריין אין פֿאָרמולירונגען, ווי אין ענגע שטייגן. זיי צופּן פֿון זיי אָפּ זייערע פֿליגל און אברים, מיט זייערע קלאַנגען, עכאָס, און זייער ריח, און נאַקעט פּאַסן זיי זיי איין אין ענגע בעטלעך, ווי אין שמאָלע קברימלעך. דאָ אין די פֿאָרמולירונג־קברימ־לעך, בלייבן זיי ליגן טויט.

די מאָדערנע ביכער האָבן צו זיי געטענהט אויף זייער שטייגער. עס איז אַ טעות צו מיינען, האָבן זיי געזאָגט, אַז דאָס לעבן האָט געזעצן, דורך וועלכע עס ווערט געפֿירט; עס פֿליסט אין זיי, ווי דורך קאַנאַלן. דער, וואָס האַלט זיך ביי דעם — איז נישט באַהאַפֿטן צו גאָט. זיי, די געזעצן, זענען חוצץ צווישן דעם מענטש און זיין באַשעפֿער. נאָר דער קינסטלער, האָבן זיי געזאָגט, מיט זיין פֿרייען חלום, האָט אַ גאָט. ער פֿילט אין זיך זיין כוח. קונסט ווידער, האָבן זיי אויסגעפֿירט, קאָן דערשפּירן, נאָר דער, וואָס פֿילט צו איר אַ הונגער, געגנוי ווי בלויז דער הונגעריקער מיט אַ וואַסערנ־דיקער צונג אין דרויסן, דערשפּירט אויפֿן גומען דעם טעם פֿונעם פֿרישן ברויט.

דאָס איז אויך געווען אַ סימן פון דער סכנה, וואָס רוקט זיך אָן. אַ מאָל, ווען די וועלט איז געווען אַן אָפענע, אין די לאַנגע צייטן פאַר אָפּגבאַך, זענען די וויסנשאַפּט־לעכע ווערק געווען אויבן אָן. עס איז געווען די צייט פון שכל הישר. יעדע זאַך האָט זיך געהאַט איר אָרט. די מאָס איז געווען די וויסנשאַפּטלעכע געניקייט. די קינסטלערישע ליטעראַטור האָט דעמאָלט זיך געזיחוסט, אַז זי איז אַ שוועסטער פון די וויסנשאַפּטלעכע ווערק. די וויסנשאַפּטלעכע ביכער האָבן דאָס גענוי געדענקט: אין יענע צייטן, ווען זיי פלעגן צוזאַמען שטיין אין די ביבליאָטעקן, האָבן די קינסטלערישע ווערק, אויף די דיספּוטן מיט זיי — געטענהט, אַז די וויסנשאַפּט און די קונסט דערגרייכן אים, דעם זעלביקן אמת, נאָר בעת די וויסנשאַפּט קומט צו אים דורך אויסערלעכע, אייבערשטע וועגן — גרייכט די קונסט צו אים דורך די אונטערשטע פאַרבאָרגענע שיכטן. צום סוף, אויב זיי דערגייען ביידע צו איין און דעם זעלביקן אויספּיר; זיי טרעפן אויבן ביי אים זיך צוזאַמען — איז דאָס דער סימן היכר, אַז ביידע זענען זיי אמת. אַזוי האָבן זיי אַ מאָל געטענהט, די פּסיכאָלאָגישע ראָמאַנען און פּאָעטישע ווערק.

איצט, אין די קעלערן דאָ, האָבן זיי זיך אָפּגעשיידט יעדער אין זיין ווינקל, נישט צו מישן זיך, ווי זיי וואָלטן געווען, להבדיל, פון באַזונדערע ראַסן. עס זענען אַפילו געווען שוין קריטיקער, וואָס האָבן באַוויזן, אַז אויב אַ קינסטלעריש ווערק איז נישט ריין שילדעריש, נאָר עס איז געמישט מיט געדאַנקען פון חכמה; אָדער, פאַרקערט, אַ וויסנשאַפּטלעך ווערק לאָדנט זיך אָן מיט קינסטלערישער שטימונג — איז דאָס דער סימן, אַז עס פּולסירט נישט אין זיי קיין עכט בלוט; זיי זענען ווי אַנדרוגינוסן.

לויט די נייע טעאָריעס, וואָס האָבן איצט זיך געשאַפן, איז אויסגעקומען, אַז נאָר קונסט רירט אָן דעם עיקר, דעם דויערנדיקע, דאָס באַשאַף אַליין. זי איז דער המשך פון מעשה בראשית. די וויסנשאַפּט אָבער, ווי די אידעען, באַגלייטן די מענטשן בלויז איבער די שטאַפּלען פון היינט, פון לויפיקן טאָג. זיי האָבן איצט די וועלט פאַרגליכן צו אַ טעאַטער, וווּ דער עיקר איז דאָס שפּיל. די דעקאָראַציעס און קאָסטיומען זענען בלויז זיינע באַגלייטער. זיי העלפן נאָר, מיט דער טעכניק, דאָס שפּיל זאָל גיין ווייטער. די וויסנשאַפּט און די אידעען האָט מען פאַרגליכן צו זיי. אויך זיי באַגלייטן בלויז דאָס שפּיל, די קונסט, וואָס איז דויערנדיק. זיי אַליין טוישן זיך מיט די תקופות.

די וויסנשאַפּטלעכע ווערק האָבן אין דעם, אין זייער דערנידעריקונג, געזען אַ שלעכטן אָנזאָג פאַר די קומענדיקע טעג. נאָר אין אָפּגעשלאָסענע געטאָס און טויט־לאַגערן קומען אויף בלינדע נביאים, וואָס זוכן דעם אמת אין זיך און נישט אַרום זיך. דאָס איז דער סימן פון לעצטע טעג, פאַר אַ סוף — איידער אַ חשכות לאָזט זיך אַראָפּ און דעקט אַלץ איין אויף תמיד. די מענטשן גייען מיט בלינדע טריט איבער דער ערד.

די וויסנשאַפּטלעכע ווערק אין די קעלערן האָבן איצט געהערט, ווי אין דעם גרויסן זאַל, פאַרן בית־דין־טיש, לייענט מען שוין פאַר נביאותן. דאָס האָבן די היסטאָרישע און קינסטלערישע ביכער, אויבן, אין זייער פאַרטיידיקונג, געוואָלט אויפווייזן פאַרן בית־דין, אַז עס איז נישט אמת, אַז בלויז זיי, די פרעמדע, די נישט יידישע ספרים פון די חסידי אומות העולם, וואָס שטייען פון דער זייט, האָבן באַנומען דאָס, וואָס האָט געלויערט אויף יידן, און אַז די יידישע ספרים אַליין אַמפּערן זיך בלויז אין זייערע אינעווייניקסטע נעצן און האָבן גאָרנישט פאַרגעאַנט. זיי האָבן געוואָלט באַווייזן,

אַז אין אַלע דורות און צייטן האָבן יידישע וויזיאָנערן און פּאָעטן פֿאַרגעפֿילט דאָס, וואָס הענגט אין דער לופֿט; עס וועט זיך אַראָפּלאָזן. נישט אויפגעקומען זענען זיי בלויז אין די לעצטע טעג, ווי בלינדע נביאים, נאָר — אין די לעצטע טעג האָט מען דערהערט זייער וואָרענען, ווייל עס האָבן פּלוצעם, ווען עס איז שוין געווען צו שפּעט — ערשט זיך צעעפֿנט די אויערן, צום הערן.

ווידער האָט געגומען דאָס וואָרט דער סניגור. וואָס איז דער נביא? — האָט ער געפֿרעגט. אַ נביא איז דער — האָט ער אַליין געענטפֿערט — וואָס איז קראַנק פֿון ליבשאַפֿט. ווי די געווינערן דערשפּירט אין זיך די געפֿאַרן פֿאַר איר וולד — דערפֿילט ער די סכנות, וואָס לויערן פֿאַר זיין פֿאָלק אין די וויטקייטן. די מאָדערנע קינסטלער, האָט ער געזאָגט, זענען אויפֿן אָרט פֿון די אַמאָליקע נביאים. קראַנק פֿון ליבשאַפֿט זענען זיי. דאָס פֿאַרפֿילן די געפֿאַרן האָט זיי אָנגעשטעקט מיט דעם שגעון.

דאָס בית־דין האָט געמיינט, אפשר פֿאַרמישן זיי דאָ — די מאָדערנע ביכער מיט די פֿאַרבליבענע ביכער אויף יידיש. זיי זענען עס געשלאָגן מיט שגעון, ווייל קראַנק פֿון בענקשאַפֿט זענען זיי.

עס איז נישט געווען קיין סוד, אַז זיי, די ביכער אויף יידיש, ליגן דאָ פֿאַרשעמטע די גאַנצע צייט, פֿאַרמאַכט צווישן זייערע טאָוולען. זיי זענען פֿאַרבליבן, נישט קיין יתומים נאָר ווי זייגלינגען, וואָס עס זענען אָפּגעשטאָרבן זייערע מוטערס. עס איז אָפּגענומען געוואָרן די ברוסט, וואָס האָט זיי גענערט. פֿון קיין אַנדערן קוואַל קאָנען זיי נישט זייגן. זיי לעבן נאָך, ליגן דערווייל אין די שענק דאָ, אָבער פֿאַרמשפּט צום שטאַרבן זענען זיי. אַלע דאָ אין זאַל ווייסן דאָס, זיי וועלן מער נישט קומען צו זיך.

זייער לעצטער כוח איז נאָר אויף צו באַווייגן, צו באַקלאָגן אין זייערע בלעטער — זייערע פֿאַרגאַנגענע טעג; נאָר צו דערציילן זייער געשיכטע פֿון די טאָלן. זיי וועלן נאָך דרייען זיך בלויז אויף אויסצוזינגען זייער צער. די קויל אין זייער לייב שווערט זיי אַראָפּ. מער וועלן זיי נישט אויפֿהייבן זיך, פֿליען.

דאָס בית־דין האָט געוווסט, זיי וועלן נישט צוקומען צום טיש טענהן. אפשר — נישט קיין זייגלינגען זענען זיי, נאָר מוטערס מיט גרויסע בריסטן, ווי לאָגלען. זיי האָבן דערפֿירט זייערע קינדער ביז די טאָלן. איצט ציט עס זייערע קערפּערס שווער אַראָפּ.

עס איז געווען אַ סברא, אַז זייערע בריסטן זענען אָנגעזאָפּט מיטן גאַנצן צער. ער יוירט אין זיי, ווערט צו סם. אפשר ווייל זיי זענען פֿול מיט אים — מוזן זיי שטאַרבן.

דורך זייער אָפּציִען דעם גאַנצן צער אין זיך — לאָזן זיי אַלע אַנדערע דעם כוח ווייטער צו לעבן.

אין זיי אַליין וועט ער אויף אייביק בלייבן פֿאַרחתמעט, דער סם פֿון די טעג. קיינער וועט מער נישט קאָנען אים אויפֿחתמענען.

אויף מיין בוך האָט איצט געפֿילט, דער צער צעגייט זיך אים אין גאַנצן גוף. עס ברעכן זיך שוין די קני אונטער אים. עס ציט אים אַראָפּ צו דער ערד. ווי אַלע ביכער אויף יידיש וועט ער מער נישט געציילט ווערן. ער האָט געוואָלט אויסטרינקען דעם אייגענעם סם ביזן לעצטן טראָפּן.

די יידישע ביכער זענען איצט געלעגן מיט זייערע אברים, ווי טשאַטעס פֿאַרסמטע פייגל. פֿון צייט צו צייט האָבן זיי געוואָלט מיטטאַנצן מיט די ספרים דאָ. זיי האָבן אָבער מער נישט געקאָנט. זייערע פיס האָבן מער זיך נישט געהויבן. זיי האָבן, ליגנדיק געשפּרייטע איבער די דילן, געצאַפּלט אין זיך. די אייגענע ווערטער אין זיי האָבן זיי געשווינדלט. זיי האָבן נישט געקאָנט אויפרייסן די אַפּלען.

די יידישע ביכער האָבן געפילט, דער סם וועט קיין מאָל נישט איינגליווערן. ער וועט, פֿאַרמאַכט אין זיי, תמיד מער פערמענטירן. אייביק וועט ער ריזלען אין זייערע גלידער. זיי וועלן נישט שטאַרבן, נאָר בלייבן איינגעשלאָפֿן איבער די דורות, ווי אין אַ מיתת נשיקה, ביזן אחרית־הימים. ערשט ביים קומען פֿון משיח, וועט מען זיי אויפוועקן. משיח אַליין וועט דעמאָלט אויפחתמענען זיי צו דער סעודה. זייערע טראָפּנס וועט ער טיילן, ווי משקה, צו די צדיקים. זיי וועלן די טראָפּנס אַריינמישן אין זייער אייביקער פֿרייד. זייער שאָטן וועט אַראָפּטונקלען פֿון זייערע צעשטראַלטע פּנימער.

דער סניגור האָט איצט געוואָלט פֿאַרלייענען פּסוקים פֿון די קינות אין די יידישע ביכער. דאָס בית־דין וויל הערן. זיי זענען אָבער געלעגן אונטער זיך. מען האָט נישט געקאָנט זיי פֿירן צום טיש. מען האָט געזאָגט, אַז נישט קראַנק זענען זיי, נאָר געשלאָגן שוין פֿון דעם שגעון. זיי האָבן גוזר־געווען אויף זיך שתיקה. זיי ווייסן, אויך ספרים האָבן נישט קיין האַפּט. אויך זיי גייען פֿאַרלוירן. די ביבליאָטעקן און אַרכיוון זענען בלויז גרויסע קברים פֿון די ביכער. עס וועט קומען אַ טאָג, ווען מען וועט זיי מער נישט אויפמישן.

דער סניגור האָט געוואָלט אָנרירן זייערע בלעטער, נאָר ער האָט געפילט, עס בריט אים אויף אונטער די פינגער.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן נאָך עפּעס: זיי, די יידישע ביכער, זענען בלויז איין העלפט; די העלפט פֿון קרבן. אין זייער האַלבקייט באַשרייבן זיי נאָר זייער אייגן צאַפּלען ביים דערשפּירן דעם חלף איבערן האַלדז. מען האָט ביז איצט נאָך אָבער נישט געהערט די אַנדערע העלפט, דעם צד פֿון רוצח, ווי ער האָט דערפילט די גסיסה פֿון קרבן אונטער זיינע הענט; די רגעס פֿון זייער באַגעגעניש. זיי, די רוצחים, שרייבן נישט. זיי ליגן איצט, ווי מייז, אין די לעכער. דאָס שרייבן איז געבליבן בלויז פֿון איין צד, פֿון דעם נקבה־צד פֿון אונטן; נישט אָבער פֿון דעם זכר־צד, דעם פֿון אויבן. עס פֿעלט די שלימות.

עס איז אויסגעקומען, אַז יעדע שלימות מוז אין זיך האָבן — אויך פֿון דער אכזריות.

עס איז שוין איצט געוואָרן קלאָר, אַז מען וועט זיי אויפרופֿן, די ספרים, וואָס האָבן פֿאַרגעזאָגט די טאָלן. מען האָט נאָך אָבער נישט געוווסט, וועמען זדעם ערשטן. אַלע האָבן געוואַרט אויף זייערע ערטער. אויך די וויסנשאַפֿטלעכע ווערק אין די קעלערן זענען געבליבן איינגעהערט. ביי די פֿאַרמאַכטע ביכער האָבן אינעווייניק געציטערט די בלעטער, פֿון מורא.

מיט אַ מאָל האָט זיך געהערט, ווי אויף איינער פֿון די ערשטע בענק אין זאַל, אין דער זייט, מישט זיך אויף אַ ספר. דאָס איז געווען אַ קליין חומשל פֿון די מקראות

גדולות, מיט גרויסע אותיות. אַלע ספרים אַרום, די אויף די בענק און פּאַכן, אין די שענק און אויך די אין די קעלערן — האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ; זיי האָבן זיך פאַרשטעלט מיט טאָוולען די אויגן. מען האָט געהערט אין דער שטילקייט, ווי ביים חומשל האָבן דין זיך גענומען מישן די בלעטער.

פּלוצעם האָט עס אָנגעהויבן לייענען פון זיך אַרויס, פּאַמעלעך, — פּסוק נאָך פּסוק פון דער תוכחה:

„און גאָט וועט אייך איבערגעבן אין די הענט פון דעם שונא. איר וועט געיאָגט ווערן פון דעם קול פון אַ בלאַט; אַנטלויפן פון דער יאָגונג פון שווערד. און איר וועט פאַרלוירן ווערן צווישן די פעלקער. עס וועט אייך אויפעסן דאָס לאַנד פון פיינט";

„די הימלען איבער אייער קאָפּ וועלן זיין קופּער, און די ערד אונטער אייך — אייזן. איר וועט טאַפּן אין מיטן טאָג, ווי עס טאַפּט אַ בלינדער אין דער פינצטערניש. פרויען וועט איר אַנטשפּויזן און אַנדערע וועלן זיי באַשלאָפן. אַ הויז וועט איר בויען און נישט זיצן אין אים. וויינגערטנער וועט איר פלאַנצן — און פרעמדע" — — —

„און איר וועט זיין משוגע פון די בילדער פאַר אייערע אויגן. זין און טעכטער וועט איר געבוירן און זיי וועלן נישט זיין צו אייך" — — —

טייל ספרים האָבן גיך געוואָלט זיך פאַרשטאָפּן די אויערן. זיי האָבן געוווסט, דאָס איז געשריבן נאָך מער ווי מיט דריי טויזנט יאָר פאַר די טאָלן.

באַלד האָט זיך געהערט אַ שווער־צעצויגענער ניגון פון אַן אַנדער אָרט:

„אויף דיין פאָלק קליגן זיי אַן עצה. זיי באַראַטן זיך קעגן די, וואָס באַהאַלטן זיך אין דיין שאָטן. זיי זאָגן: לאָמיר גיין פאַרשניידן זיי פון צו זיין אַ פאָלק און עס זאָל מער נישט דערמאָנט ווערן דער נאָמען פון ישראל".

דאָס איז געווען דאָס טרויער־געזאַנג פון אַן אַלטן תהילים — פון אַ שאַנק אַרויס, געזונגען ביי טויזנט יאָר נאָכן חומש.

אַלע האָבן געוווסט, מען מוז הערן. די ווערטער עקבערן דורך אַלע פאַרשטאָפּונגען.

עס האָט זיך אויפגעמישט אַ לאַנגער מדרש, ווי אַ גמרא, וואָס האָט אין זיך איינגע־זאַמלט די חכמה פון פאָלק מיט פופצן הונדערט יאָר צוריק. ער האָט פון זיך אַרויס־געלייענט מיט אַ געלאַסענעם ניגון פון אַ תלמיד חכם, וואָס קאָן זי, די וועלט:

„אמר ר' שמעון בן יוחאי, הלכה היא, בידוע שעשיו שונא ליעקב".

זי איז אַ הלכה, עשיוס שנאה צו יעקבן.

און אַנדערע מדרשים, ווי זיי וואָלטן נישט רחמנות געהאַט אויף זיך אַליין, האָבן פון צווישן זייערע בלעטער אַרויסגעוואָרפן:

„ישראל איז געגליכן צו איין שעפעלע צווישן זיבעציק וועלף".

„ווי די טויב שטרעקט אויס איר האַלדז צו דעם שעכטער — אַזוי אויך ישראל, פאַר גאָטס נאָמען. ווי עס שטייט: „כי עליך הורגנו כל היום" — וועגן דיר ווערן מיר געהרגעט אַ גאַנצן טאָג; מיר זענען גערעכנט ווי שעפסן צום שעכטן".

און גאָר אַ מדרש תנחומא:

„נישטאָ נאָך אַן אומה אין דער וועלט, וואָס ווערט געהרגעט אויף קידוש השם, און איז זיך מוסר נפש צום אומברענגען; נאָר ישראל".

און אַן אַנדער מדרש האָט געגעבן אַ פּיר אויס:

— קשה היא הגלות, ס'איז שווער דער גלות — ער איז שקול כנגד אַלע קללות פון דער תוכחה.

עס האָבן איצט גענומען זיך אויפמישן און פון זיך אַרויסלייענען די ספרים פון די ווייטערדיקע דורות, וואָס האָבן צו ערשט נישט געוואַגט אַרויסצולאָזן פון זיך קיין שאַרך, ווי עמעץ וואָלט זיי גיך באַפוילן.

דער „עקדת יצחק" האָט זיך אויפגעבלעטערט אויף פרשת „כי תבוא":

„כי אף על פי, כאָטש זיי האָבן אין גאַנצן זיך אויסגעמישט צווישן די דאָזיקע פעלקער — וועלן זיי צווישן זיי נישט געפינען קיין מנוחה; כי הם, ווייל זיי וועלן תמיד זיי פאַרשעמען און מבזה זיין, און זיי וועלן אויף זיי אויסטראַכטן מחשבות און בלבולים; תמיד וועלן זיי בלייבן פאַרדעכטיקט אין זייערע אויגן, און מוראדיקע סכנות וועלן זיי איבער זיי אַראָפּקאָלערן. אַ דריטל האָט פאַרברענט דאָס פייער; אַ דריטל וועט אַנטלויפן און זיך אויסבאַהאַלטן, און די איבעריקע וועלן לעבן אין אַ גרויסן פחד".

דאָס איז געווען שוין געשריבן נאָך גירוש ספרד.

און באַלד האָט מען געהערט גאָר די לעצטע: דעם „אהבת יונתן" פון ר' יונתן אייבעשיץ, וואָס האָט אין זיינע הפטרה־דרשות אויף פרשת ואתחנן און עקב געוואָרנט. עס וועט קומען אַ טאָג, ווען די גויים „— — — ביז דעם „משך חכמה" פון ר' מאיר שמחה מדווינסק, וואָס האָט אין זיין הקדמה אויף פרשת בחוקותי (שוין אין יאָר תרפ"ז) ווידער געוואָרנט מיט די ווערטער „יבוא יום" „עס וועט קומען אַ טאָג, ווען די חכמי בערלין וועלן אייך פאַרניכטן, כאָטש איר וועט זיי גלייבן" — — —

און, אַז מען האָט שוין געגעבן רשות, האָבן זיך צעעפנט די ספרימלעך פון די גדולי החסידות. איינס נאָכן אַנדערן האָבן די תלמידים אַרויסגעלייענט פון די תורה'ס פון זייערע רביים, וועגן דער האַרבקייט און פינצטערניש פון גלות.

אַלע האָבן איצט געלייענט פון זיך אַרויס. אַזוי די מוסר און קבלה ספרים. אויך די ספרימלעך פאַר ווייבער. בלויז די השכלה־ספרים האָבן געשוויגן. זיי זענען געבליבן פאַרשעמט. זיי האָבן זיי יאָ געטרויט, די אַרומיקע פעלקער.

פאַרגיפטיקטע, שטומע, זענען אַלץ געלעגן, ווי אויסגעשפּרייטע פייגל, די יידישע ביכער. זייער ווייגעשריי די לעצטע יאָרן פאַר די טאָלן האָט נאָך אָפּגעעכאָט אין דער לופט. ער איז געבליבן ווייט, ווי אָן זיי.

עס איז אויך אַרויסגעקומען דאָס געשריבענע וואָרט פון די יידישע עסקנים, אָן בערד. דאָס זענען געווען די מורדים אין די סאַמע לעצטע יאָרן פאַר די טאָלן, ווען אַלץ האָט ווי איבער אַ שיפּוע זיך שוין געקייקלט אַראָפּ, אַראָפּ צום תהום.

איינער פון זיי, וואָס האָט שוין דעמאָלט גערופן צוריק אין דער אייגענער רעפובליק, האָט געלאָזט זיין פען אויפצייכענען:

— אויב איר וועט נישט אַ סוף־מאַכן צו דעם גלות — וועט ער, דער גלות, צו אייך אַ סוף־מאַכן.

אויך אין יידיש האָט ער דאָס פאַרצייכנט.

אַ בלאַט־צייטונג פון די נעכטיקע טעג האָט זיך אויפגעמישט און זיינע ווערטער דאָ איצט געלאָזט הערן.

דאָס בית־דין האָט אָבער אַלץ געוואָלט וויסן וועגן צווייטן צד. וואָס האָבן זיי, די אומות, פאַרלענדער, אין זייערע ספרים, געשריבן וועגן יידן און וועגן זיך אַליין. צי האָבן אויך זיי פריער געדראָט יעקבן, מיט דעם, וואָס עס דערוואַרט אים.

זייערע ספרים זענען דאָ נישט געווען, מען זאָל זיי אויפמישן און לאָזן אַליין פון זיך אַרויסלייענען. מען האָט געמוזט זיך סומך זיין אויף עדות, אויף די יידישע

ספרים, וואָס האָבן אין זיי געלייענט, האָבן זייערע קללות איינגעזאַפּט אין זיך, אין זייערע פּאַפּיר־בלעטער אַריין.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך די רופן צו פאַרלענדן זענען אַלט, אַזוי לאַנג, ווי אַלט עס זענען די בני ישראל אַליין. אָנהייבנדיק פון עמלקן, וואָס האָט אויף זיי געלויערט; ער האָט זיי געטראָפן אין וועג; דורך בלקן, וואָס האָט זיי געוואָלט פאַרטרייבן פון דער וועלט; דורך המנ׳ען, וואָס האָט געשריבן להשמיד להרוג ולאבד את כל היהודים; מנער ועד זקן, טף ונשים ביום אחד; דורך די גריכישע און רוימישע ספרים, ביז — די פון די גערמאַנישע דענקער, וואָס זייער תוצאה איז די שריפט פון דעם צורר: „מיר וועלן אַריבער איבער די טויטע גופים פון די שונאים" — דאָס וואָס ער האָט שפּעטער איבער אונדז מקיים געווען.

געווען ספרים, וואָס האָבן מורא געהאַט צו הערן דאָס אַלץ! זיי האָבן דאָך דאָס אַלע מאָל געוווּסט, ווי איז דאָס פון זיי געוואָרן פאַרהוילן. זיי האָבן אויך זיך דער׳מאָנט דעם מוסולמענישן נביא, מוחמד; זיין רוף זיי צו פאַרלענדן, די יידן, מיט דער שווערד, אויב זיי וועלן נישט אָננעמען זיין תורה; אַזוי אויך מאַרטין לוטער, דער וואָנגעלישער נביא פון די דייטשן, אין דעם כעס פון זיינע „טיש־דרשות".

מיט אַ מאָל האָט זיך אַרויסגערוקט פון צווישן די, אין דער זייט שטייענדיקע, ספרים, ביי דער טיר, אַ ביכל. עס האָט נישט־דרייסט געבעטן, עס וויל עדות־זאָגן. עס איז געקומען פון צווישן די מומרים. טייל אין זאַל האָבן זיך פאַרשטאָפּט די אויערן. צו הערן דאָס קול פון אַ משומד?! דאָס קול איז אָבער געווען עכט, דורכ־געווייקט מיט צער. מען האָט דערקענט, נישט צווישן זיינע ברידער האָט ער דאָס געלאָזט הערן. ער האָט דאָס געוואָרפן פון זיך, ווי אַ נבואה, נאָך מיט אַריבער הונדערט יאָר פאַר די טאָלן.

דאָס ספרל האָט געלייענט פון זיך, דווקא אין דעם דייטשן לשון:

„די גערמאַנישע איבערקערעניש וואָרט אויף איר ריי, אָנצופילן די וועלט מיט בהלה און אכזריות. אירע כוחות וועלן אומרחמנותדיק דורכאַקערן דאָס לעבן אין אייראָפּע מיט שווערד און האַק; אויסצורייסן מיטן וואָרצל די רעשטן פון עבר. אין דער דייטשער נשמה וועלן זיך אויפוועקן די טייוולאָנישע כוחות פון גערמאַנישן פאַנטעיזם. עס וועט דעמאָלט זיך דערוועקן זייער אוראַלטע מלחמה־לוסט — פון מלחמה לשם מלחמה".

מען האָט דערקענט, דאָס איז דאָס קול, נישט פון איינעם, וואָס קאָן ווייט אַנטלויפן. דאָס איז אַן אַפּטריניקער, וואָס די חרטה פרעסט אים, נאָך איידער ער פאַרלאָזט. ער איז פון זיין פאָלק אַוועק טאַקע אָט צו די גערמאַנען, וואָס ער האָט זיי אַזוי גוט געקענט, און האָט צווישן זיי קיין רו מער זיך נישט געפונען. דאָס איז געווען דאָס קול פון דעם צאַרטן דיכטער היינריך היינע, וואָס איז געשטאָרבן פון בענקשאַפט צוריק צו זיין פאָלק. מען האָט געדענקט, אַז דאָ געפינט זיך אויך זיין בוך, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיטן צער פון יידישער שרעק פאַר די גויים, זיין נישט פאַרענדיקטער „דער רבי פון באַכראַך".

און דאָ האָט היינע שוין אַ ביסל העכער און ציטעריקער אויפגעהויבן זיין קול:

ווען דאָס דייטשע פאָלק וועט אויפשטיין — וועט דעמאָלט אַזאַ פּחד אַרומכאַפּן

דעם וועלט־באַשאַף, אַז „פון די הימל־הויכקייטן וועלן די אָדלערס טויטע אַראָפּפאַלן איבער דער ערד, און אין די ווייט־פאַרשטויסענע מדבריות פון אַפריקע וועלן די לייבן מיט פאַרביסענע ווײדלען אַריינקריכן אין זייערע ערד־נאָרעס".

אַ מינוט איז אין זאַל געבליבן הענגען די שטילשווייגעניש.

עס איז אַרויס די פראַגע: און ווי האָבן זיי, די יידן, נאָך דעם אַלעם, געקאָנט אָנגיין ?!

די פראַגע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פאַר יעדן, פאַר אַלע ספרים, ווי אַ טוך פאַר די אויגן פון אַ שטיינגעבליבענעם אָנטקעגן זיינע שיסער — גרייט צו דער עקזעקוציע. די פינצטער שיידט פונאַנדער צווישן אים און צווישן דעם אַלעם, וואָס בלייבט ביים לעבן.

דער סניגור האָט ווידער געוואָלט זיך איינהילן אין דער טאָגע פון אַ מליץ־יושר פאַר יידן. „ס'איז זיי געשען אַ נס, האָט ער געזאָגט, וואָס זיי האָבן דאָס נישט באַנומען. זיי זענען געווען באַהאַלטן אין זיך אַליין, אין זייער אייגענעם שטייגער פון קיום; אין דער ליבשאַפט צו זייערע משפחות. זיי האָבן אויך אַזוי זיך איינגעלעבט צווישן די בלעטער פון ספר, אַז זיי האָבן געמיינט, אַלץ, אויך די דראָונגען, זענען נאָר אַ מין דיספוט אין די ספרים. זיי האָבן נאָך אַלץ, נאָך די אַלע נסיונות, געגלייבט אין דעם מענטש, וואָס איז באַשאַפן אין דער געטלעכער געשטאַלט, אין דעם צלם אלוקים. זייער נישט־באַגרייפן — איז געווען דער נס פון זייער קיום. ווען נישט, ווען זיי וואָלטן, חלילה, באַנומען דעם אמת פון די פעלקערס שרייבן — וואָלטן זיי אַליין געדאַרפט אַלע זיך אומברענגען, ווי די באַלאַגערטע קהילות קדושות פון מאַינץ, וואָרמס און יאָרק — אין מיטלאַלטער".

— וואָס הייסט ? — האָט דאָס בית־דין נישט באַגריפן — זיי האָבן דאָך געלייענט זייערע אייגענע געשיכטע־ספרים פון די נישט ווייט פאַרגאַנגענע טעג ?! די דברי־הימים פון יעדן דור זענען דאָך דאָ פאַראַן צווישן אונדז.

— יעדער דור האָט אָבער געמיינט, אַז ער לעבט שוין נעענטער צום אחרית־הימים פון וגר זאב עם כבש; דער דור אַרום אים איז שוין דער דור דעה.

— און אפשר פאַרקערט — האָט ער אַ דריי געטאָן מיטן פינגער, דער סניגור — זיי האָבן געקוקט אויף די מעשים פון זייערע פאַרלענדער, די שומרים פון די טאָלן, ווי אויף אַ טייל פון די ווילדע נאַטור־אויסברוכן, ערד־ציטערנישן; ווי אויף איינער פון די קאַטאַסטראָפעס, וואָס לויערן תמיד אויפן מין מענטש — נישט אויסצומיידן. דאָס שיצן זיך קעגן זיי, האָבן זיי געזוכט, אין זיך — דורך דערהייבן זיך אַליין.

באַלד האָט ער זיינע רייד אַרומגעהילט מיט אַ ציִענדיקער מעלאָדיע פון לערנען גמרא.

— נאָך יעדער שחיטה, האָט ער געזאָגט, האָבן זיי זיך צוזאַמענגענומען, ווי די אבלים פון ציון, מיט די פיס אונטער זיך. זייער טרויער האָבן זיי אויסגעזונגען אין ניגונים. זיי האָבן אים פאַרחתמעט אין ספרים, צו פאַרהיטן פאַר די ווייטערדיקע דורות. אַליין האָבן זיי זיך אָנגעגורט און ווידער געגאַנגען זייער אייגענעם גאַנג; אויף דאָס ביי האָבן זיי מיט זייערע קינדער געלערנט דעם אלף בית.

— צו וואָס ?

— דען דער אלף בית, האָבן זיי געוווסט, איז דער שליסל, וועלכן זיי פאַרטרויען זייערע קינדער, דער שליסל צו זייערע אייגענע פאַרגאַנגענע טעג, וואָס זיי וועלן זיי

געפינען אין די ספרים. מיט דעם שליסל, האָבן זיי געוווּסט, ענטפערן זיי איבער זייערע קינדער דעם סוד פון זייער דוֹיער.

פּלוצעם האָבן זיי דערזען, די ספרים, עס האָט זיך אַרויסגערוקט און איז געבליבן הענגען פאַרן בית־דין־טיש, דער גרויסער טאָוול מיט אלף־בית. זיי האָבן אים דערקענט, די ספרים. דאָס איז דער טאָוול, מיט וועלכן מען האָט דורך אַלע דורות זיי געלערנט, די דריי־יעריקע יידישע קינדערלעך, דעם אלף־בית. דאָס איז דער טאָוול, וואָס זיינע סימנים זענען געווען געשמירט אין האָניק. די קליינע אייגעלעך האָבן אויף אים צום ערשטן מאָל זיי דערזען, די אותיות פון דער תורה, ווי אַ שוואַכזיכטיקער פאַר זיך די ליכטיקע שריפט פאַרגרעסערט ביים אויגן־דאָקטער.

| | | | | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| א | ב | ג | ד | ה | ו | ז | ח | ט | י | כ | ך | ל | מ |
| ם | נ | ן | ס | ע | פ | ף | צ | ץ | ק | ר | ש | ת | |

זיי האָבן געוווּסט, די ספרים, אַז פון דעם אלף־בית זענען זיי אַלע געבוירן. ער איז זייער געווינערין. ער האָט יעדן פון זיי מיט צער געבראַכט אויף דער וועלט. ער האָט דאָס זיי געמאַכט צו דער תורה פון יידן.

זיי האָבן געוווּסט, אַז אין אַלע פרעמדקייטן פון די יידן, אין אַלע זייערע גלותן צווישן די פעלקער — האָט ער דאָס זייער אויג אָנגעפּילט מיט נאָענטקייט, און אויך אויף זייער טויטנבעט האָבן זיי דורך אים זיך איבערגעגעבן אין זייערע קינדער.

אַלע ספרים אַרום זענען איצט פאַר אים אויפגעשטאַנען פון די ערטער, און אין דער שטילקייט געבייגט פאַר אים די קעפּ. אויך דאָס בית־דין, מיטן חושן משפט, האָבן זיך אויפגעריסן און געבליבן געבויגן פאַר אים. מען האָט אַרויפגעבעטן דעם טאָוול צום טיש.

אויבן האָט ער זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום זאַל. אַלע האָבן שטייענדיקע אין ערפאַרכט געקוקט צו די אותיות. דאָס זענען געווען דורות זיינע קינדער און אייניקלעך. ווען נישט ער, זייער אדם הראשון, וואָלט קיינער פון זיי אויף דער וועלט נישט געקומען. זיי האָבן זיך געוווּנדערט, ווי ער איז נאָך פריש, יונג, ווי אין דעם ערשטן טאָג פון באַשאַף — פרישער פון זיי אַלע — אויך דעם יינגסטן פון זיי.

מיט אַ מאָל האָט אין די ספרים זיך געוועקט אַ האָפענונג. זיי האָבן געוווּסט אַז אויך, חלילה, ווען מען וועט זיי אַלע דאָ אויפבר־ענגען ביזן לעצטן — וועט עס אויך נישט זיין זייער סוף. פון דעם אלף בית וועלן זיי ווידער אַרויס. עס וועלן קומען ביי דורות ספרים. זיי וועלן אָנפילן דעם חלל פון דער וועלט. יעדער טאָג, האָבן זיי דערשפּירט, וועט זיי ביי־געבוירן. דאָס הערט נישט אויף און דאָס וועט קיין מאָל נישט אויפהערן.

אויף דער בינע איז איצט פּלוצעם אויפגעשטאַנען דער אַלטער ביבליאָטעקאַר. ער האָט זיך אויפגעריסן, ווי פון שלאָף. ער איז מיט איין מאָל געוואָרן גרויס און לאַנג;

זיין שאָטן האָט זיך געצויגן איבערן גאַנצן זאַל, האָט ברייט זיך געלייגט איבער די ווענט, איבערן סופיט אַריבער, וואָס האָט ווי נידעריקער זיך אַראָפּגעלאָזט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט צו באַגריסן דעם אלף בית, וואָס איז שטיין געבליבן אויפן טיש. ער האָט געוואָלט רעדן ווי אַ מענטשן־זון, וואָס מאַכט זיין חשבון מיט די אַלע ספרים אַרום.

— אין שפּיל צווישן אונדז מיט אים, זענט איר אַלע געוואָרן געבוירן. אונדזער מוח האָט די אותיות געוואָרפן; מיט זיי זיך פאַרמאָסטן, און איר זענט באַשאַפן געוואָרן. מיר זענען געווען פון אים געפאַנגען, און וועלן זיין זיינע געפאַנגענע ביזן סוף פון די טעג. אונדזערע בעסטע זין האָבן, זיצנדיק איבער אים, אַוועקגעגעבן זייערע נעכט און טעג, זייערע לעבנס. זיי האָבן פון אים אַרויסגעצויבערט כישוף. אין אים האָבן זיי אַנטדעקט זיך אַליין, אַלע סודות פון באַשאַף. אין אים זענען אַלע סודות נאָך פאַרחתמעט. דורך אים זענען מיר פאַרבונדן מיט אונדזער באַשעפער. אָן אים זענען מיר אָרעם און אויסגעלאָשן. דורך אים זענען מיר פול מיט טרויער, ווייל ער ווייסט אונדזער פאַרגאַנג. דורך אים זענען מיר פול מיט פרייד, ווייל ער מאַכט אונדז פאַר שותפים צום באַשעפער. אמתן טרויער און אמתע פרייד האָבן מיר בלויז ווען מיר זיצן פאַר אים. מיר זענען דעמאָלט ממשיך די מעשה בראשית; ער מאַכט אונדז שותפים צו זייער פאַרפולקאָמונג. זייענדיק באַהאַפטן צו אים — זענען מיר אין אייביקער יצירה. מיר זענען באַהאַפטן צו דער שויס פון חוה. דערפון אונדזערער טרויער, דערפון אונדזער פרייד.

אַלע ספרים אַרום זענען געשטאַנען אויף די פיס בעת דער ביבליאָטעקאַר האָט געהאַלטן זיין טאָסט פאַר דעם אלף בית. זיי האָבן דערשפּירט זייער מקור. זיי האָבן דערפילט, אַז זיי זענען מינער — קעגן דעם וואָס וועט נאָך אַרויסקומען פון אים ביזן סוף כל הדורות. זיי אַלע זענען נאָך דער רויער אור קעגן דעם עתיד, אַבי זיי האָבן אַלע געמיינט, אַז זיי זענען שוין זאַט פון עלטער; אַז זיי זענען דער סוף.

די ספרים פון די קדמונים, וואָס האָבן פריִער געקוקט מיט זלזול אויף די לעצטע, די יונגע, וואָס פילן אָן אַרום און אַרום דעם זאַל, האָבן פלוצעם, ווי פאַרלוירן זייער יחוס. זיי האָבן באַנומען, אַז לגבי די אַלע וואָס וועלן נאָך קומען ביזן סוף פון די טעג, זענען אויך די יונגע דאָ — קדמונים.

אַזוי האָט רש״י געזען, אַז זיינע אייניקלעך, דער רבנו תם און דער רשב״א — זענען ראשונים. דער רא״ש — אַז זיין זון, ר׳ יעקב, דער בעל הטורים — איז אַ ראשון.

די גאָר אַלטע ספרים, די פאַרצייטישע, האָבן איצט געוואָלט אַריינקוקן אין די ספרים, וואָס זענען געקומען נאָך זיי, די פון די וויטערדיקע דורות, וואָס מען פסקנט לויט זיי. דער יד החזקה האָט געזוכט צו כאַפּן אַ בליק אין דעם פירוש אויף זיך, דער כסף משנה; דער בעל הטורים — אין ט״ז און אין ב״ח. ר׳ ישראל נאַזשאַראַ האָט זיך געפרעגט, ווער ס׳איז דער חפץ חיים. די ראשונים האָבן דערפילט, זיי זענען ביי זיך געפאַלן לגבי די אחרונים: ווי זענען זיי געווען גאונים, אַז זיי האָבן אַזוי פיל ספרים נישט געקענט?!

אויך די אחרונים האָבן שוין געוווּסט, אַז זיי זענען נישט די לעצטע. זיי האָבן זיך געטרייסט, אַז קיין אחרון וועט קיין מאָל נישט זיין.

אויך דאָס וויסן האָט זיי אָנגעפילט — אי מיט טרויער, אי מיט פרייד.

דער א. ב.־טאָוול איז איצט אויבן אויף דער בינע געשטאַנען ביי דער זייט פון אַלטן ביבליאָטעקאַר. די ספרים אונטן זענען אַלע נאָך געבליבן אויפגעשטעלט אויף זייערע ערטער. זיי האָבן באַשלאָסן, קוים וועט מען פון דאַנען זיי אַרויספירן אויף קידוש השם — וועלן זיי אַלע שטעלן פאָרויס דעם אלף־בית. זיי וועלן אים אַרומרינגלען. אויף זייער לעצטן וועג וועלן זיי אַלע זינגען אָן אַדע צו אים.

אַ ווײַלע שפּעטער, ווען זיי האָבן אַלע צוריק זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זייערע ערטער, יעדער פאַרטאָן אין זיך — האָט אין זיי זיך איינגעגעסטיקט דער ספק. ער האָט זיך איינגעבויערט אין זייערע מחשבות. מעגלעך, אַז זייערע אַלע ביז איצט דערגרייכטע חכמות, וועלן שפּעטער פאַרבלאָסט ווערן לגבי די נייע אַנטפּלעקונגען, וואָס זענען נאָך איצט פאַרחתמעט. וואָס איז־זשע געווען דער תכלית פון זייער מי און מסירת נפש?! זיי האָבן פּלוצעם זיך דערזען, יעדער איינער, ווי איין קליין רינגעלע אין דער קייט, וואָס זיי זענען בלויז אין איר אָנהייב. איר סוף וועט קיין מאָל נישט קומען. פון איין זייט, האָבן זיי געוווּסט, איז גוט, וואָס זי וועט, די קייט, נישט פאַרענדיקט ווערן — ווי עס וועלן נישט אָפּגעשטעלט ווערן די מענטשלעכע דורות איבער דער ערד. פון דער אַנדערער זייט אָבער — איז זיי באַפאַלן דער טרויער פון בלייבן תמיד נאָר אַ שטרעבונג אין דער אומאויפהערלעכער באַוועגונג. זיי האָבן געוווּסט, די שטרעבונג טאָר קיין מאָל נישט אָפּשטעלן זיך — אַפילו אויף קיין איין רגע. צו קיין שום זאַך איז נישטאָ קיין ענדע. אויך נישט צום מרחק — אין דער טיף און ברייט פון אַלע זייטן — נישט אַרום זיי און אויך נישט איבער און אונטער זיי.

ס'איז זיי אויך באַפאַלן אַ מורא, און וואָס וועט זיין, ווען ס'וועט קומען אַ דור פון בלויז גאונים, פון בלויז פּאָעטן און זינגער. אַלע וועלן נביאות זאָגן אין דער מחנה. יעדער וועט שרייבן ספרים פאַר זיך. די אַנדערע וועלן זיי נישט לייענען. זיי האָבן געקוקט אויפן אַלטן ביבליאָטעקאַר, דעם איינציקן מענטש דאָ; און וואָס וועט זיין, ווען איין דור וועט קומען בלויז פון זכרים, צי בלויז פון נקבות?! ס'וועט דעמאָלט זיך אויסלאָזן דער מענטשן־מין. דאָס וועט זיין דער סוף אויך פון זיי, די ספרים.

זיי האָבן איצט זיך איינגעהערט אין זיינע רייד. ער האָט צו זיי גערעדט, דער אַלטער ביבליאָטעקאַר. זיי זענען געזעסן אַלע, אַלע, שטיל, ווי אַרום אים. זיין קול איז געווען נידעריק און געלאָסן. עס האָט זיי געגרייכט אין די אויערן אַריין.

— אויך אונדזער גורל, דער גורל פון מענטש — האָט ער געזאָגט — איז אַזוי. איך האָב אייך געגעבן דעם משל פון דעם מענטשנס ווערן, דורך יצירה, אַ מיט־שותף צום באַשעפער — צי דאָס איז דורך דער באַהעפטונג פונעם זכר מיט דער זי; צי דורך אונדזער באַהעפטן זיך מיטן אלף בית. נאָר דעמאָלט, ווען מיר זענען אין דער עשיה פאָרן המשך פון די מעשה בראשית — פילן מיר אונדזער דויער, נאָר דאָס מאַכט אונדז גליקלעך. אַלע אַנדערע טוונגען אונדזערע איבער דער ערד — זענען אָבער אָרעם און ליידיק. זיי גיבן אונדז נישט דעם זכות הקיום.

און כדי צוריק אויפצוהייבן אין זייערע אויגן דעם כבוד פון זייער שעפער, דעם מענטש — איז ער אַרויף אויפן וועג פון „צוריקגעשמועסט”.

— און כאָטש לגבי דעם דויער, האָט ער געזאָגט, זענען מיר נישט דער תכלית,

נאָר אַ מיטל, דורכצולאָזן דורך אונדז די דורות — זענען מיר אָבער בעת אונדזער קיום — אַליין דער תּכלית. אין די רגעס פֿון אונדזער זיין — אַליין די אייביקייט. יעדער איינער פֿון אונדז איז דעמאָלט אַ פֿולע וועלט. אַלע פֿריערדיקע צייטן זענען אָנגעזאַמלט אין יעדער רגע אונדזערער. דעריבער — ווען מען הרגעט אונדז — ברענגט מען אום אַ גאַנצע וועלט. אין יעדער רגע, וואָס מען האָט אין אונדז אויסגעלאָשן — האָט מען פֿאַרלאָשן אַן אייביקייט. יעדער איינער פֿון אונדז שפּירט — ער קאָן זיין אדם הראשון.

דאָס איז איצט נישט געווען קיין משפּט, נאָר אַ זיצן צוזאַמען; אַ שבת אחים, פֿון פֿאַרמאַכטע, אָפּגעשלאָסענע, אַרומגערינגלטע פֿון דרויסן. די ספרים האָבן געשטעלט פֿראַגן, און ער האָט געענטפֿערט. זיי האָבן געפֿרעגט, צי זיין לערע איז געזאָגט געוואָרן אויך לגבי די מינים פֿון די בעלי חי און צומח — דער פֿליג און דער בלום, וואָס זי זייגט פֿון איר אין דער זון. מען האָט געזען, זיי זוכן אין זיינע רייד אַן אָנהאַלט אויך פֿאַר זיך. זיי זענען שוין לאַנג נישט קיין צומח און אויך צום מין פֿון מענטש זענען זיי נישט דערגאַנגען. זייערע מחברים זענען שוין פֿון לאַנג נישטאָ. ער, זייער ביבליאָטעקאַר, איז דער איינציקער דאָ, וואָס זיין טראַכטן איז אַ קייט פֿון מחשבות אויסער אים; עס שטייגט ווייט אַריבער זיין גוף. דאָס איז זיין מער איבער יעדן איינעם פֿון זיי, וואָס איז געבונדן בלויז צו דעם, וואָס איז דאָ אין אים; מען האָט עס אַריינגעשריבן אין אים, שוואַרץ אויף ווייס.

דער ביבליאָטעקאַר האָט זיי דערציילט וועגן די נייע צייטן, וואָס זענען אויפֿגעקומען אין דרויסן. מענטשן־קינדער ווערן איצט געבוירן — נישט בלויז פֿונעם באַהעפֿט פֿון מאַן מיט ווייב, נאָר דורך איינשפּריצן אין די זי־אבֿרים, זאָמען גענומענע פֿון וויטע זכרים, וואָס זענען שוין אפֿשר טויט. אויך ביכער ווערן איצט געבוירן, נישט דורכן שטילן באַהעפֿט פֿונעם שעפֿער; דורכן טריפֿן פֿון זיין מאַרך־מחשבה, דורך זיין פֿעדער, גלייך אין די איינזאַפּונגען פֿונעם פּאַפּיר, נאָר דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון דער שרייב־מאַשינקע. זי צאַפּט עס אויס ביים שעפֿער זיינע פֿליסיקייטן, און פֿירט זיי קאַלט איבער דעם זי־פּאַפּיר. אָדער גאָר — דער פֿאַרמיטלער איז, די אויטאָמאַט־מאַשין מיט די זיך דרייענדיקע קול־בענדער, וועלכע וואַרעמט־אויס דעם מחברס געדאַנקען־פּרוכט, ווי אַן אינקובאַטאָר. עס זענען מער נישטאָ די שטומע רגעס פֿון יחוד, בעת דער שעפֿער איז געבויגן איבער דעם אָפּנעמער, און זיין מוח ריזלט אין אים אַריין טראָפּן נאָך טראָפּן מיטן ווייטיק פֿון יציאת נשמה.

די ביכער האָבן נישט באַנומען, וואָס פֿאַר אַ באַשעפֿענישן עס קאָנען אַרויס פֿון אַזעלכע פֿאַרונגען — סיידן גולמס, ווי אין די צייטן פֿון מהר״ל מפּראָג — אַן דעם טרויער פֿון אויפֿקומען און פֿאַרגיין.

די גאָר אַלטע כּתבֿ־ידן דאָ האָבן נאָך געדענקט די צייטן, ווען זיי אַליין זענען אויסגעבריט געוואָרן, נישט אין די אייזערנע דרוק־בעטן — ערשט פֿון דאָרט האָט מען זיי אַרויסגעלאָזט אויף דער שיין — אַלע מיט איין פּנים, נאָר — ווען יעדן פֿון זיי האָט מען באַזונדער אויסגעטראָגן; יעדעס אות זייערס געוואַרעמט אונטער אַ געגנדזענער פֿעדער; נישט איבערגעצויגן זיי מיט מעטאַלענע שפּיצן, נאָר מיט נעגעלעך, וואָס אָטעמס האָבן אַ מאָל זיי אָנגעפּילט. דורך יאָרן האָבן תּלמידי חכמים

יעדן פון זיי געפלעגט אין וואַרעמע הענט; געצערטלט, ווי אַ בת יחידה. זיי זענען טאַקע געווען נאָר איינצלנע. איצט האָבן זיי געקוקט אויף די מאַשין־געדרוקטע ספרים, וואָס פילן דאָ אויס די פּאַליצעס און בענק אַרום און אַרום, ווי אויף קינדער, אויס־געבריטע אין אינקובאַטאָרן — אַלע מיט איין פּנים; אַן אַרמיי, מיט איין מונדיר אויף זיך. מען שפּירט נישט דער מאַמעס בויך־ריח אַראָפּהויכן פון זייער גוף.

די ספרים האָבן איצט נישט געגלייבט, אַז אַ מערונג פון ביכער — געבוירענע, נישט פון פּריה ורביה, נאָר פון אויסקלאַפּ פון שרייב־מאַשינקעס איבער פּאַפּיר — וועט אַרויסגעבן נייע נבואה, פירן צו אחרית הימים. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז זיי אַליין, די אַמאָליקע ספרים, וועלן שפּעטער דערטרינקען ווערן מיט זייער חכמה אין דעם ביכער־ים פון בליי און פאַרב, געגנוי ווי זייערע מחברים, די אַמאָליקע תלמידי חכמים; קינדער געוואַרעמטע אונטער עלטערנס פליגל — וועלן פאַרשווינדן אין ים פון די אומצאָליק־קומענדיקע אינקובאַטאָר־דורות.

— און אפשר גאָר ליגט אין דעם די טרייסט? — האָבן זיי געוואָלט פרעגן דעם אַלטן ביבליאָטעקאַר — די נבואה וועט אויך שפּעטער בלייבן בלויז אין אונדז. מיר וועלן אייביק זיין דער וואָרצל־שטאַם פון דעם בוים. אַלע אַנדערע נאָך אונדז וועלן זיין נאָר די צווייגן, וועלן זיך נערן בלויז פון אונדז, אַנטרינקען זיך פון אונדזער קוואַל. אונדזער שטאַם־חכמה וועט זיין דער זאַפט אין זייערע צווייגן. אויב אַזוי — זענען מיר דאָך ווידער דער תכלית.

דער ביבליאָטעקאַר האָט זיי געבעטן, אויף ס'ניי אויפזינגען זייערע ניגונים פון זיך אַרויס. יעדער — זיין ניגון. עס איז די צייט פון תפילה — האָט ער געזאָגט. ער האָט געשפּרייט זיינע הענט. ער האָט יעדן פון די ספרים געוואָלט אַרומנעמען אין גאַנצן, ווי מען שליסט איין אין די אָרעמס, מען נעמט אַרום, אַ פידל, ווען מען לאָזט אים אויפשפּילן.

דער ביבליאָטעקאַר איז איצט אַראָפּ פון דער בינע. ער האָט זיך געדרייט צווישן די שורות. מען האָט געהערט, ווי ער מישט די בלעטער פון די קליינע סידורים און תהילימלעך. זיינע טריט האָבן אָפּגעקלאַפּט אין דער שטילקייט. עס האָט זיך געדאַכט, ער לאָמט; ער שלעפּט זיינע פיס, ווי אַ פויגל — די צעשפּרייטע, נאָכהענגענדיקע פליגל. די ספרים האָבן נישט געוווּסט, וואָס ער זוכט אין זיי. זיי האָבן געוואָלט זיך איינ־שרומפּן אונטער זיינע הענט. זיי האָבן געפילט, ווי די קאַפּיטלעך גליווערן אין זיי. זיי קאָנען פון זיך נישט אויפברענגען די קולות. זיי זענען אין זיי אַראָפּ.

דער ביבליאָטעקאַר איז אַרויף אויף אַ בענקל און האָט צו זיי געשפּרייט זיינע הענט; זיי געצויגן אַרויף און אַראָפּ, ווי אַ דיריגענט. ער האָט אין זיי געוואָלט אויפוועקן זייער ניגון; אַרויסברענגען זייערע טענער. ער האָט, ווי מיט אַ שטעקעלע, געוויזן צו די סידורים, די תהילימלעך. ער האָט אויפגעריסן דאָס מויל. ס'איז געווען אַ שוויי־געניש, ווי פון אַלע וואָלט פּלוצים אָפּגענומען געוואָרן דאָס קול.

ער האָט געדענקט, אַז בעלי חיים, וואָס זענען שטום — זעען דאָס פאַרהוילענע — אויך די גייסטער, אַרום זיי, וואָס פילן אָן די ערד. נאָר דער מענטש, וואָס האָט אַ רעדנדיקע צונג — איז געשלאָגן מיט בלינדקייט. ער זעט נאָר דאָס, וואָס פאַר די אויגן.

די ספרים האָבן געטראַכט, אפשר איז דאָס גאָרנישט קיין משפט. אָפּנבאַך איז נישט קיין ביבליאָטעק. דער בנין מיט זיי געפינט זיך גאָר אונטער דער ערד. זיי לעבן שוין לאַנג נישט. זיי זענען דאָ אין קאַטאַקאָמבן — איינבאַלזאַמירט. שוין לאַנג ווי מען האָט זיי דאָ אַהערגעבראַכט. דעריבער האָבן זיי מער קיין קול נישט. דער משפט איז געווען בלויז אַן אויסדאַכטעניש. אויך דער שמש דאָ לעבט שוין לאַנג נישט. ער וועט אייביק בלויז אַזוי שטיין און ציִען צו זיי די הענט. קיין קול וועט ער קיין מאָל נישט אויפברענגען. איבן, איבערן בנין, האָט מען לאַנג זיי שוין פאַרגעסן. מיט זיי איז עס אַ מאָל אָפּגעהאַקט געוואָרן. זיי האָבן געטראַכט, ווידער אים איינצו־שלעפערן דאָ נעבן זיך; אַראָפּפירן אים פון בענקל. אָדער אפשר גאָר איינבייגן אים אַ שם המפורש אין דער קני. ער זאָל אייביק וואַכן איבער זיי.

שוין יאָרן, ווי ד״ר שטר געפינט זיך אין דעם בנין פון אָפּנבאַך, און זיין יבנה דאָ איז געבליבן אָן חכמים. קיינער פון די יידן האָט זיך נישט צוריקגעקערט. ער האָט זיך נישט גענומען צום שרייבן די ביבליאָגראַפּיע. דער פּינקס איז געבליבן ליידיק, מיט ווייסע בלעטער. עס האָט אים געדאַכט, דאָס לאָזן אים די ספרים נישט שרייבן. פאַר פרעמדע ווילן זיי נישט געציילט ווערן. די אַלע יאָרן דאָ האָט ער געדרימלט. ער האָט איינגעזאַפּט זייער שטויב. ער האָט לייכט אים איבערגעדעקט. ער פילט אין זיינע אברים דעם איינשלעפערנדיקן ריח פון זייערע בלעטער. זיי מאַכן אים פויל. ער האָט געוואָלט זיך צוזאַמענגעמען, עפּעס טאָן — נאָר די הענט האָבן אים זיך נישט געהויבן. ער האָט מורא געהאַט, אַז ווען ער וועט שלאָפן, זאָל דאָס שפּינגעוועבס פון די קעלערן נישט אויפגיין און אים מיט די ספרים אַרומוויקלען; זיי איינהילן אין גרויע קברים־קליידער. ער האָט באַשלאָסן זיך אויפצורייסן, אָפּשאָקלען דעם שטויב, אויסאָטעמען פון זיך די אַלע ריחות.

אַ געדאַנק איז אים מיט אַ מאָל דורך, דעם אַלטן דאָקטער: קוים וועלן די יידן מער נישט צוריקקומען — וועט ער די אַלע ספרים נישט לאָזן אַריינפאַלן אין די הענט פון אַנדערע. אָן יידן דאַרף מען זיי מער נישט. ער האָט געשפּירט, אַ סוד פילט אים איצט אָן. ער וועט אים פאַר קיינעם נישט אַנטפּלעקן — אויך פאַר די ספרים נישט.

ער האָט איצט געוווּסט, ד״ר שטר, אַז נישט אומזיסט האָבן די הערשער פון טאָל צוזאַמענגענומען די פּאַריתומטע יידישע ספרים פון אַלע פיר עקן און זיי געבראַכט אַהער קיין אָפּנבאַך; דאָ ווו עס האָט געקיניגט דער משומד יעקב פראַנק. זיי האָבן אים, דעם טויטן מומר מיט זיין כת, די פעלשער פון דער תורה — וואָס זייערע ביינער פוילן דאָ, אין דער ערד, נישט ווייט פון דאַנען — געוואָלט מאַכן פאַר איר יורש. זיי איבערגעבן, ווי אַ ירושה, אַלע ספרים פון די טויטע יידן.

ד״ר שטר האָט גענומען זיך גרייטן צו זיין פּלאַן. ער האָט באַשלאָסן, צו צעשניידן די ברעטער פון דעם אויבנאָן־טיש. פון זייער געהילץ מאַכן קאַסטנס. שפּעטער אויך פון אַלע בענק און שענק דאָ. ער וועט אין זיי אַריינלייגן די ספרים. ער וועט זיי דן זיין לגניזה. אין די נעכט וועט ער זיי אַרויספירן אויפן אַלטן יידישן בית הקברות, ווו עס ליגט דער פּני יהושע, און ברענגען זיי צו קבר ישראל — אין אַ גרויסן מאַסן־

קבר; געגנוי ווי אַלע דורות פֿלעגן קובר־זיין געשענדטע ספֿרים. ער וועט די ספֿרים נאָכשיקן צו די טויטע יידן, די לומדים. ער וועט פֿאַרשיטן דאָס קבר; עס פֿאַרגלעטן אויבן — מען זאָל נישט דערקענען. דאָ וועט פֿון זיי קיין זכר נישט בלייבן. ער וועט זי נישט איבערגעבן, די ירושה פֿון די יידן — צו די דורות פֿון זייערע אומ־ברענגער, זיי זאָלן פֿאַר זיך אַרויסנעמען פֿון די ספֿרים דעם מאַרך פֿון זייערע בלעטער. אַלץ מוז צוזאַמען מיט זיי אָפּגעהאַקט ווערן!

אויך פֿאַר זיך אַליין וועט ער לסוף מאַכן קרשים, פֿאַר זיין אייגענעם קבר — פֿון די ברעטער פֿון זיין שוואַרצן שרייבטיש. געגנוי ווי אַ מאָל האָט עס געמאַכט פֿאַר זיך — ר׳ יצחק מפּררה, דער פּחד יצחק — פֿון זיין טיש, ביי וועלכן ער האָט געלערנט תּורה.

די ספֿרים האָבן איצט געהערט אין די נעכט, ווי דער שמש שלאָפֿט נישט. ער דרייט זיך, דער לעצטער שומר זייערער, צווישן די שורות; ער פֿאַרמישט און לייגט זיי איין. ער נעמט זיי נאָענט פֿאַר די אויגן און רייניקט פֿון זיי דעם שטויב. ער גייט פֿון באַנק צו באַנק און קושט יעדעס ספֿר, ווי אַ מאָל די לומדים — דעם טאָוול — פֿאַרן און נאָכן לערנען. ער טראָגט זיי פּאַמעלעך אַראָפּ און לייגט זיי אין שטויסן ביי די ווענט — איינעם איבערן אַנדערן.

זיי האָבן געוווּסט, די ספֿרים, ס׳איז אויס דין־תּורה. ער שליסט דעם משפּט, איידער ס׳איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן דער פּסק־דין. און אפֿשר איז ער איצט זייער לעצטער דיין. עס קלינגען אין זיינע טאַשן די שליסלען פֿון די אַרומיקע טירן.

די ספֿרים איז מיט אַ מאָל באַפֿאַלן אַן אומרו. ס׳האָט זיי געדאַכט, ער גרייט זיי דאָס גאָר צו קידוש השם. זיי פֿאַרנעמען שוין פֿון דרויסן די פֿרעמדע טריט אַרום דעם בנין. דער אומרו האָט אַרומגעכאַפּט אויך אַלע ספֿרים אין די קעלערן אונטן. דאָס בית־דין איז געבליבן ביים אויבנאָן־טיש פֿאַרגליווערט. קיין בלאַט האָט אין גאַנצן הויז קיין שאָרך נישט געטאָן. פֿון דרויסן האָט מען גאָרנישט געהערט. בלויז די טריט פֿון שמש דאָ האָבן נישט אויפֿגעהערט אָפּצוקלאַפּן — ווידער ווי ער וואָלט געלאָמט. די ספֿרים אין זיינע הענט זענען איצט געוואָרן שווערער, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט, און זיי לאָזן זיך נישט נעמען. זיי זענען שיער נישט אַראָפּגעפֿאַלן. ער האָט זיך אָנגענומען מיט כּוח און מיט פֿעסטערע טריט זיך באַוועגט. עס האָט אים געדאַכט, ער טראָגט זיי צו דער עקדה. ער האָט אָבער געוווּסט, אַז דאָס איז דער ווילן! ער וועט זי צוריקטראָגן, די תּורה, צו דעם, וואָס האָט זי זיי געגעבן די יידן. ער האָט געפֿילט, די ספֿרים הייבן די קעפּלעך און פֿרעגן אים: „וווּהין?״. ער האָט דערשפּירט אַ שמייכל איבערן פּנים. „צוריק צו אייערע שעפֿער״ — האָט ער געוואָלט ענטפֿערן. ער האָט פֿעסטער געשטעלט די טריט מיט זיי, צו די שטויסן אין דער זייט. ער האָט איצט שטאַרקער געשפּירט דעם שטויב פֿון זייערע בלעטער, וואָס דרינגט אים אַריין אין די צעשפּרייטע נאָזלעכער. מיט אַ מאָל איז ער געבליבן שטיין אָן אַ ספֿר אויף זיך. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין זאַל, און די ליידיקע הענט געגעבן אַ צעשפּרייט איןביידע זייטן, אין חלל פֿאַר זיך. ער איז אַזוי געבליבן אַ ווײַלע. ער האָט געוואָלט אַרויסשרייען אָן אַ קול, מיטן צעעפֿנטן מויל.

די ספֿרים אויבנאָן, אויפֿן בית־דין־טיש, האָבן דערפֿילט, אַז די בענק אַנטקעגן

זיי — זענען שוין ליידיק. זיי זיצן פֿאַר אַ פּוסטן זאַל. בלויז דער שמש שטייט אַנטקעגן אין דער ליידיקייט, ווי ער וואָלט געוואַרט צו טאָן זיין שליחות. אַלע אַנדערע ליגן אין דער זייט, אין די שטויסן, ווי געבונדענע, גרייט. זיי האָבן געוואָלט זיך אויפרייסן פֿון די ערטער. זיי האָבן נישט געוווּסט, ווי ס׳איז דער דין. די בלעטער האָבן ביי זיי געהאַט זיך פֿאַרמישט. דער נודע ביהודה האָט געוואָלט אַ קלאַפּ טאָן פֿאַר זיך, רופֿן נאָך איין מינוט צו יישוב־הדעת. אַ רגע האָט זיי זיך געדאַכט, אַז דאָס איז אַ קאַלכאויוון. זיי זענען אין אים פֿאַרמאַכט. אָט שטעקן זיך די פֿייער־צונגען אַרויס פֿון די ווענט. עס דרינגען שוין אַריין די רויכן. דאָס בית־דין האָט געוואָלט אַ קלאַפּ טאָן, רופֿן צו ווידוי. מען זאָל אויפּמישן און זאָגן אַלע צוזאַמען „שמע ישראל״, גרייט זיין שטאַרבן, ווי ספרים פֿון יידן. זיי האָבן געזוכט. דער זאַל איז שוין אָבער געווען ליידיק. בלויז אונטן, פֿון די קעלערס, האָט זיך נאָך געהערט די מהומה. דאָרט האָבן טייל ספרים, מעשה־ביכלעך צו לייענען פֿאַר ווייבער, געחלשט. די אַפּיקורסישע ספרים האָבן געבעטן, מען זאָל זאָגן מיט זיי, ווייל זיי קאָנען נישט אַליין. זיי האָבן געוואַרט, דער שמש זאָל צו זיי אַראָפּקומען פֿון די שטיגן.

אין דעם זאַל מיט די ליידיקע בענק איז ער נאָך אַלץ געשטאַנען, דער שמש, מיטן פּנים צום בית־דין־טיש, ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו זיי אויבן זיך צו דערנענטערן. ד״ר שטר האָט איינגעזאַפּט אין זיך די הוילקייט פֿון אַרום. ער האָט מער נישט געקאָנט זיך באַוועגן. ער האָט געוווּסט, ער איז דער לעצטער ייד. אַלע דורות האָבן אים איבערגעגעבן די תורה. ער איז מיד. ער איז דער איינציקער יורש. ער קאָן זי מער נישט טראָגן.

ס׳איז אים איינגעפֿאַלן, נאָך דורות אויסוואַרעמען זיך אין דער ערד, וועלן זיי, די ספרים, אפשר ווידער דאָ אַרויסשפּראָצן. זיי וועלן אויפגיין ווי אַ בלי׳ענדיקער גאָרטן, ווי אַ גן־פּוריה. אפשר זאָל ער זיך קובר־זיין אונטער זיי, נעבן דעם פּני יהושע. זיי וועלן אַרויסוואַקסן פֿון איבער אים, ווי אַ וואַלד. ער וועט ליגן אונטן. אַלע זייערע ביימער וועלן זיין פֿאַרוואָרצלט אין אים. פֿון זיין בויך וועט הויך אַרויסוואַקסן דער עץ־חיים.

ער האָט אָבער געשפּירט די מידקייט אין אַלע זיינע אברים. זי פּילט אים אָן מיט שווערקייט. ער קאָן זיי, די ספרים, מער נישט טראָגן פֿון דאַנען.

אַ רגע איז אים דורך אַ געדאַנק. ער וועט אַלע ספרים, אויך די פֿון טיש דאָ, פֿון די שענק און די פּאָליצעס, אַראָפּטראָגן בלויז אונטן אין קעלער. ער וועט מיט זיי אַנלייגן פֿול אונטן דעם דיל, ביז אַרויף. ער אַליין, דער לעצטער ייד, וועט שטיין אין דער מיט, אין דער טיף, אַרומגערינגלט פֿון די ספרים. אפשר וועט ער שטאַרבן. די ספרים און די שיימעס וועלן דעמאָלט אים איבערדעקן. אַזוי דורות וועלן זיי בלייבן, ביז דער בנין מיט אים וועט אַראָפּזינקען אין דער ערד. ער און די ספרים וועלן איינבאַלזאַמירטע גליווערן אין די קאַטאַקאָמבן פֿון אָפּנבאַך.

מיט אַ מאָל האָט ער זיך געכאַפּט, ער קאָן די ספרים נישט קובר־זיין דאָ אין דער ערד, און נישט בלייבן מיט זיי פֿאַרשיט אין דעם בנין. אונטן — גראָד דאָ אין די טיפענישן פֿון דער דאָזיקער שטאָט, ווו עס געפֿינט זיך דאָס געביין פֿון דעם מומר יעקב פֿראַנק, פֿון זיין אָפּטריניקער טאָכטער און זייערע תלמידים־פֿאַרלייקענער, די

וואָס האָבןביים לעבן געוואָלט אויסראָטן דעם איבערבלייב פון זייער אייגן פאָלק, עס אויסמישן צווישן די פעלקער. עס האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ שוידער פון דעם געדאַנק — אין דער ערד פון אָפּנבאַך, ווו עס פוילט זייער געביין, נאָכצושיקן זיי די יידישע תורה. ניין, ער מוז זיי, אַלע ספרים, אַרויסראַטעווען פון דאַנען, אַוועקטראָגן פון אָפּנבאַך.

אָבער — וווהין?

דער אַלטער ביבליאָטעקאַר האָט געשטעלט זיינע פיס פאָרויס. ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן, אויפגעהויבן פון דער ערד די אַראָפּגעפאַלענע שיימעס. ער האָט זיי צוגעטראָגן, אַרויפגעלייגט אויפן טיש פאַר די שווערע ספרים אויבן. זיי זענען אַלץ געלעגן ברייט אויפגעמישט. עס איז אים איינגעפאַלן, ער וועט זיך נישט רירן פון דאַנען, ביז ער וועט נישט געפינען אין זיי דעם דין פון גניזה. זיי אַליין מוזן פסקענען, נאָר זיי דאַרפן אַרויסטראָגן זייער דין.

ווען די שליחים פון בית־דין אין אַמסטערדאַם זענען אָנגעקומען קיין אָפּנבאַך, רופן עדות צו דער באַנייונג פון משפט, האָבן זיי אים געטראָפן, דעם אַלטן שמש, ווי ער ליגט אין קעלער איבער די ספרים. זיי זענען געגאַנגען איבער די זאַלן, אין די קעלערס. אומעטום זענען די ספרים געלעגן פאַרמאַכטע, געריייניקטע און געפּוצטע. זיי האָבן אין דעם בנין געבלאָנדזשעט, ווי אין אַ טונקעלן וואַלד. בלויז אויבן אין זאַל איז נאָך געלעגן אָפן, אויפן אויבנאָן־טיש, די שורה שווערע ספרים. זיי זענען צו־געגאַנגען און לייכט זיי פאַרמאַכט. דער שמש, אונטן, איז געלעגן איבער די ספרים — די הענט און פיס אויסגעשפּרייט. דאָס מויל — צעעפנט. ער האָט דין געאָטעמט. עס האָט זיי געדאַכט, ער שמייכלט אין זיך אַריין.

צווישן די שליחים האָט זיך אויך געפונען ש. ער איז אַריין אין די לאַבירינטן פון די ספרים, מיט טריט פון דרויסן. ער האָט געקוקט אויפן אַלטן שלאָפנדיקן שומר דאָ. ער האָט אים געוואָלט אויפוועקן, אָנזאָגן די בשורה, ער איז נישט דער לעצטער. עס האָט אים געגלוסט, אויסזוכן זיין מאַמעס דיקן קרבן־מנחה סידור, מיט עברי־טייטש, און מתפלל־זיין פון אים אַרויס. ער האָט נישט געוווסט, וואָס פאַר אַ תפילה צו זאָגן. ער האָט געוואָלט אין די געציילטע טעג פון זיין זיין דאָ אין דעם בנין — אַלט־ווערן זיבעציק יאָר; ווי ביי ר' אלעזר בן עזריה — זאָל איבער נאַכט ביי אים אַרויסוואַקסן אַ ווייסע באָרד. ער זאָל פון דאַנען אַרויס אַ זקן איבער דער וועלט. ער האָט אויך געוואָלט, אַז זיין גאַנץ לערנען פון זיין קינדהייט, זיין גירסא דינקותא, וואָס ער האָט איינגעזאַפּט פון די ספרים, זאָל צוריק אויפוואַכן אין אים; עס זאָל אים באַהיטן און באַשירעמען אין זיין ווייטערדיקן וועג.

אין געציילטע טעג אַרום האָט ער זיך אומגעקערט קיין אַמסטערדאַם. ער האָט געוואָרט, דער משפט זאָל זיך באַנייען. ער האָט געוואָלט זיך שטעלן פאַרן בית־דין אין דער אַלטער פּאָרטוגעזישער שול, און פאַר אים ברענגען די בשורה פון אָפּנבאַך. די תורה איז געבליבן. די שומרים פון די טאָלן האָבן אַליין זי דאָרט פאַרהיט. ווען

נישט אָפּנבאַך — וואָלטן די ספרים פאַרברענט, דערטרונקען און צעריסן געוואָרן אין באָוואָמינצק און לאָדזש; אין לובלין און בערגן־בעלזן, אין אַמסטערדאַם און אין די אַלע טויזנטער אָפּגעמעקטע קהילות. זיי אַליין האָבן זיי אַהערגעבראַכט צוזאַמען, פון די ארבע כנפות הארץ, צום לעצטן אויטאָדאַפע.

זיי האָבן געוואָלט טאַנצן, די שומרים פון אַלע טאָלן, אַרום זייער גרעסטער שריפה. די שומרים זענען אָפּגעפלאָסן פון די טאָלן און אויך פון אָפּנבאַך, און איצט וואַרטן די ספרים זיך איבערצוגעבן, ווי אַ מתנה, אין די הענט פון די ווייטערדיקע דורות יידן, וואָס דאַרפן קומען.

# לעיזען

קראַנק פון בענקשאַפט האָט מען מיך געבראַכט קיין לעיזען — אין די שווייצער אַלפּן־בערג. ס'איז געווען אַ פריער ווינטער־אָוונט. ש. איז געלעגן איינגעפּאַסט אין גיפּסן בעטל — מיטן פּנים אַרויף צום אָפענעם הימל. דאָס סאַנקעלע האָט מיט אים זיך געהויבן העכער און העכער. די צוויי פערד זענען געלאָפן דורך אַלייען פון באַלויכטענע ווילאָיעס; זיינע אויערן האָבן פאַרנומען דאָס פלינקע טופּען פון זייערע פיס אין דעם פייכטן אַספאַלט. אין דעם דינעם שניי, וואָס האָט געטריפט איבער זייערע קעפּ, האָט אויך ווי ווייט זיך צעטראָגן דער גלעקל־געקלאַנג פון זייערע העלדזער. זיינע אויגן אַרויף האָבן בלויז פאַרנומען די פרישקייט פון די סאָסנע־נאָדלען אונטער דער נידערנדיקער שניי־ווייסקייט. פון צווישן די ביימער האָט צו אים זייטיק זיך דורכגעריסן דאָס גרייכנדיקע ליכט פון פענצטער. די יונגע קראַנקן־שוועסטער נעבן אים האָט געוואָלט איבערדעקן זיין פּנים איבער וועלכן עס האָבן אָן אויפהער געפּריש־טשעט די נאַסלעכע שניי־פליטערלעך. זיי האָבן אים זיך געלייגט איבערן שטערן און די אויגן־וויִעס.

ש.ינס נאָזלעכער האָבן איינגעזאַפּט די דינע שטראָמען פרישע אַלפּן־לופט, דאָ, אויפן אָפּגעזונדערטן שמאָל־הויכן באַרג. זי האָט אים אָנגעפילט די ברוסט, איז אים זיך צעגאַנגען אין גוף. ער האָט זיך געפילט הויך, איבער אַלע טאָלן און פלאַכן; אָפּגעריסן פון די מיליאָנען מענטשן אונטן אין אַלע ברייטקייטן. אַלץ איז ווייט און קליין. די פערד האָבן ווייטער מיט אים זיך געהויבן. ער האָט געוווּסט, דאָ, אין דער באַרג־שטילקייט, וואָס דרינגט אין אים אַריין, וועלן זיי אינעווייניק געזונט ווערן, זיינע אברים. עס וועט פון זיי אַרויס דער אומרו פון אַלע יאָרן. דאָ וועט ער רויִק קאָנען איינשלאָפן.

ער האָט אַליין זיך נישט געגלייבט, אַז ער איז דאָ, אין אָט דער ווייטער וועלט; אַז דער אָוונט, וואָס זינגט איצט שטיל אַרום און אַרום, נעמט אים אַריין. פון די הייזער און גערטנער האָבן זיך דערטראָגן מענטשן־קולות, אַרומגעהילט מיט ריחות פון פרישער זעטיקייט.

דען ס'איז איצט געווען די פריִע שעה פון אָוונטברויט. פון די הונדערטער סאַנאַטאָריעס און קליניקס אויף די בערג־אַראָפּהאַנגען האָט זיך געהערט דער געקלאַנג פון געפעסן און געשיר. מיט אויסגעשטרעקטע הענט האָבן די קראַנקע פאַרנומען דאָ די געמיטלעכע שעה, וואָס דאָס לעבן שענקט זיי.

אַ רגע האָט ער באַגריפן, אַז אָט די אָוונט־געמיטלעכקייט איז דאָ געפלאָסן אויף אין יענע יאָרן, ווען ער, אין די ווייטקייטן, איז געצויגן געוואָרן אינעם געווירבל; ווען זיין וועלט האָט געניִדערט אין דעם פאַרגאַנג.

דער געקלאַנג פון די גלעקלעך האָט זיך איינגעשטילט. די פערד זענען געשטאַנען פּאָר אַ שמאָל אַריינגאַנג־טירל צו איינער פון די באַלויכטענע ווילײַעס. פיר בלאָנדע מיידלעך אין ווײַסע פאַרטעכער האָבן, אין דעם שטילן אָוונט־ליכט, אים געטראָגן אין דעם בעטל איבער אַ געפלאַסטערטער סטעזשקע, צווישן באַלויכטענע ביימער. אַ טיר אין אַ גרויס הויז האָט אים אַריינגענומען אין זיך. זיי האָבן מיט אים זיך געהויבן איבער שטיגן פון דער קליניק. געדרייט אין אַ זיגזאַג זענען זיי אַרויף ביזן העכסטן שטאָק, האָבן אים געטראָגן איבער אַ לאַנגן קאָרידאָר. עמעצער האָט געעפנט ברייטע טירן. זיי זענען אַריין אין אַ צעוואַרעמט צימער. דאָס גיפּסענע בעטל מיט אים האָבן זיי אַרויפגעשטעלט אויף אַ ברייט בעט. זיי זענען אַרויס. די טירן האָבן זיך פאַרמאַכט. קלאָר ציכטיק בעטגעוואַנט האָט אַרומגעהילט דאָס גיפּסענע בעטל, פאַרוויקלט אים דעם גוף. ביי די פיס האָט ער געפונען אַ וואַרעמפלאַש. ער איז געלעגן אַליין אין אַ פרעמדן צימער. דער פענצטער אָפן אין דער קילער נאַכט אַריין.

ווידער אַ מאָל האָט ער דערשפּירט די פרישע לופט, וואָס פילט אָן זיינע לונגען. גלייך פון די באַשנייטע ביימער־קרוינען פון הויף איז זי, דורכן אָפענעם פענצטער, אַריין אין דער צימער־וואַרעמקייט. ס'האָט אים געגלוסט לייגן דעם קאָפּ; נאָך יאָרן אים אויסליידיקן פון די אָנגעיוירענע פּחדים.

פון די אַרומיקע ווילײַעס און סאַנאַטאָריעס האָט אַהער נאָך זיך געטראָגן דער אָפּקלאַנג פון ווייטן געררויש. יונגע קולות פון מענטשן. פון אַ ראַדיאָ האָט אָפּגעהילכט אַ געמיטלעך געזאַנג פון יאָדל־לידער. עס האָט פאַמעלעך אים אַריינגעטריפט אין די אָדערן.

ש. האָט געוווסט, דאָ אין דעם צימער, וועט ער לאַנג ליגן. ערשט דאָ וועט ער קענען זיך אומקערן צו זיך, זיין אויף ס'ניי אַליין. אַ מיידל האָט אויף אַ טאַץ אים אַריינדערלאַנגט אָוונטברויט — מיט פּוטער און וואַרעמער מילך. ער האָט צו איר אויסגעשטרעקט די האַנט.

ס'האָט אים געדאַכט, אַז אייגנטלעך איז ער שוין וועט דאָ געווען. ער איז צוגעפּאַסט פּאָר אָט דער שטילקייט. ער איז געבוירן פּאָר איר. די אַלע יאָרן האָט ער צו איר געבענקט. יענץ אַלץ איז געווען אַ טעות.

ער האָט וועגן דעם נישט געוואָלט טראַכטן. דער קאָפּ האָט אים גענידערט אין דעם גיפּסענעם, ווייסן פאַנצער אונטער זיך, ווי ער וואָלט געווען ווייך. זשיוויצע־ריחות פון די ביימער זענען מיט שכרות אים געזונקען אין די מוסקולן. ער האָט געוווסט, ער וועט נאָך דאָ האָבן פּאָר זיך אַ סך נעכט, אין וועלכע דער שניי וועט נידערן פּאַר זיין פענצטער.

לעיזען איז אַ קוראָרט אין דער פראַנצויזישער שווייץ — אין די אַלפּן ביי לאָזאַן. מיט צענדליקער יאָרן צוריק האָט פּראָפעסאָר ראָליער אַנטדעקט דעם הויכן, געקאַרבטן באַרג, וואָס איז פון אַלע פיר זייטן אַרומגערינגלט מיט נאָך העכערע בערג. די ווינטן קומען אַהער נישט צו, נאָר די זון שיקט פון אויבן דאָ אַריין, אין אַלע שפּאַלטן און באַהעלטענישן, אירע שאַרפע שטראַלן. זיי היילן עס די קראַנקע אברים. מענטשן זאַמלען

זיך מיט זיי צונויף פון די ווײַטקייטן. נאָך די מלחמות ליגן זיי דאָ, ווי קראַנקע חיות, און באַלעקן די ווונדן. אַלע בערגלעך און שיפּועים פון לעיזון זענען באַשטעלט מיט מאָדערן־אויסגעבויטע קליניקס. זיי זענען פיל אויף די שמאָלע געסלעך און אַלייען. זייערע שטאָקן — אַרומגענומען, שיכט איבער שיכט, מיט לאַנגע ווערענדעס, ווי מיט גאַרטלען. פון באַלד אין דער פרי, ווען די זון באַווייזט זיך נאָר מיט אירע ערשטע שטראַלן, ביז די מיטאָג־שעהען, ווען זי שטייט הויך, זענען די מענטשן אין די בעטן אויסגעלייגט נאַקעטע אויף די ווערענדעס. זיי שטעקן זייערע קראַנקע אברים קעגן דער זון.

פון דעם לאַנד אונטן פירט אַרויף אַהער, אַכצן הונדערט מעטער אין די הויכקייטן, דאָס עלעקטרישע באַנדל. במשך אַ שעה קרייזט עס אַרום דעם ריזיקן באַרג, הייבנדיק זיך העכער און העכער. עס קריכט אים, ווי אַ קליין ווערעמל, אויפן רוקן. פון אונטן טייטלען געזונטע מענטשן מיט די פינגער אַרויף אויף דעם אָפּגעזונדערטן באַרג, וואָס טונקלט זיך הויך, ווי אַ באַוואַקסענע וואַנט. זיי אונטן זענען נעבן אים, ווי אין אַן אָפּגרונט. זיי האָבן מורא אַרויפצופאָרן. אין דעם שטילן שטעטל דאָ לעבן בלויז די טויזנטער קראַנקע און די טויזנטער, וואָס באַדינען זיי — אַליין געוועזענע קראַנקע, וואָס די זון האָט זיי אויסגעהיילט. אויף די קראָמען און אָמטן אין די שמאָלע ריינע האַנדלס־געסלעך ווערן געפירט פון אַמאָליקע פּאַציענטן פון דעם איצט שוין אַלטן פּראָפעסאָר ראָליער און זיינע צענדליקער אַסיסטענטן. נאָכן לעבן דאָ יאָרן — קאָנען זיי מער נישט אַראָפּ.

ווען מען האָט ש.ינען אויף צו מאָרגנס באַלד אין דער פרי אַרויסגעשטופּט מיטן בעט אויף דער לאַנגער ווערענדע, איז זי שוין פול געווען מיט די אַנדערע קראַנקע אַרויסגעפירטע פון דערנעבנדיקע צימערן. זייערע קלאָרע ציכטיקע בעטן זענען געווען אויסגעשטעלט אין דער זון, אין אַ לאַנגער שורה — איינס נעבן אַנדערן. די מענטשן זענען געלעגן אָפּגעדעקט, נאַקעט — מיט ברוין־אָפּגעברענטע גופים. בלויז הויך איבער זייערע פיס האָט געציכטיקט אַ ווייס פירקאַנטיק שטיקל לייוונט; מיט פיר שנירלעך זיך געהאַלטן אַרום די לענדן. קעפּ האָבן צו אים געשאָקלט. ער האָט נעבן זיך געפילט אַ קליינעם ערב־רב פון פעלקער. עמעצער פון די גייענדיקע קראַנקע, אונטערגעשפּאַרט פון ביידע זייטן אויף קוליעס, ווי אַ נאַקעטער ריז, האָט אים געפרעגט, מיט וואָס ער קאָן אים העלפן. עס איז געווען שטיל. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן.

באַלד האָט פּאַר אים זיך צעעפנט די פּאַנאָראַמע פון אַרום. די זון האָט געבלענדט אין פּנים און גוף מיט דער פּיאַלעטער פרישקייט פון דעם שניי, פון וועלכן זי האָט שאַרף אָפּגעשטראַלט אַהער. זי האָט אים געוויקלט מיט קילקייט דעם אויסגעבלייכטן קערפּער. ביסלעכווייז האָט ער דערפילט, ווי די בלאַנק־צעוואַרעמטע שטראַלן דרינגען אים דורך. ווי אַלע — איז ער געווען אויסגעצויגן אַ נאַקעטער. בלויז דאָס אבער איז, ווי אַ מת, ביי אים געלעגן איבערגעדעקט מיט דעם ווייסן שטיקל לייוונט.

אין דער בלענדעניש האָט ער געזען די ווייטע בערג, פאַרזעצט אין לייכטנדיקן נעפּל. זיי האָבן זיך געצויגן אַרום און אַרום אין קייטן — בערג איבער בערג. זייערע פאַרשנייטע שפּיצן — געצונדענע אין דער זון. ער איז געווען אַרויפדערלאַנגט צווישן די שטראַלן, פאַרשפּינט אין זיי.

באַלד האָט ער זיך אָפּגעגעבן חשבון, אַז ער איז אין דער ווייטער שווייץ. אויך דער פוס פון זיינע אור־עלטערן האָט דאָ נישט געטראָטן. דאָס גאַנצע לאַנד איז, ווי לעיזען, אַרומגענומען פון בערג. די מלחמה־שטורעמס דערגרייכן אַהער נישט. די מענטשן דאָ ווייסן נישט פון דעם געווירבל אין וועלכן ער איז געדרייט געוואָרן. ער האָט אַ רגע מורא געהאַט, זיי זאָלן אויף אים נישט דערקענען פון וואַנען ער קומט.

עס האָט אים הנאה געטאָן, וואָס ער איז אַזוי ווייט פון לאָדזש, פון די אַנטלאָפּענע צו אַלע פיר עקן, אַז זיי וועט מען אים אפשר נישט אַרויסזען. פון זיינע געגנטן גרייכט מען נישט אַהער.

ער האָט געוואָלט לייגן דעם קאָפּ זייטיק. אַלץ זאָל אויפגיין פון אים, ווי אַן אויפטייענדיקע פּאַרע פון שניי אַרויס.

— און וואָס איז מיט זיי, יענע אַלע — די געבליבענע דאָרט שוין אויף תמיד?! — איז אים פּלוצעם דורך אַ געדאַנק.

ער האָט אַ ציטער געטאָן. ער האָט געוווסט, אויך ער האָט זיי פאַרלאָזט. ער — איז אין די בערג. זיי נידערן דאָרט, ווי די ווייסע שנייעלעך, טיפער אין די פאַר־הוילענישן.

ער האָט נישט געוווסט, איז ער אַ דעזערטיר, ער איז אַנטרונען, געלאָזט זיי אַלע פאַלן, אָדער האָט ער זיי מיטגעבראַכט מיט זיך. עס איז אים מיט אַ מאָל געוואָרן קלאָר, ווי דאָס ווייסצייג אַרום, אַז עס וועט אים נישט אָפּלאָזן. דאָ וועט ער מוזן שטעלן זיך קעגן יעדן פון זיי פּנים אל פּנים.

אַ זון־נעפּל פון די צעעפנטע בערג אַרויס האָט אים אַרומגענומען. מיט פאַרמאַכטע אויגן האָט ער אין אים געשוועבט אַ נאַקעטער. פאַרן פּנים האָבן אים זיך געצונדן, ווי אַ רויטער רעגן, וואַרעמע טראָפּנס ליכט־פונקען.

ש. האָט נישט באַנומען, צי דאָס איז אַ טעות. באַלד וועט אַ טעמפּע זאַך פון דער לופט האַסטיק זיך אַראָפּלאָזן איבער זיין קאָפּ. מען וועט דאָ זיך כאַפּן ווער ער איז.

ער האָט נישט געעפנט די אויגן. ער האָט נאָך מער זיי צוזאַמענגעשרומפּן. ער האָט געהאַלטן דעם קאָפּ גרייט, אַנטקעגן. ער איז געשווומען מיט דעם בעט אין וואַרעמען נעפּל.

ערשט מיט צוויי טעג צוריק איז ער פון פוילן אַזוי אַהערגעפלויגן מיטן עראָפּלאַן. ער איז אין אים געלעגן אויסגעצויגן אין זיין ווייס גיפּסן בעטל. ווי אַ פאַנצער האָט עס אים פעסט אַרומגענומען דעם רוקן מיט די אָרעמס און אויך איינגעשלאָסן דעם קאָפּ; בלויז דאָס פּנים — די אויגן מיט די נאָז — האָט ער געהאַט אָפן. אַזוי אומבאַוועגלעך, אַ געפענטעטער אַן פליגל, האָט ער געשוועבט הויך איבער די וואָלקנס. שוין אויף שטענדיק האָט ער פאַרלאָזט פוילן. דאָס לאַנד איז פאַר אים געווען אַן ענגע טויטן־קאַמער. איצט פליט ער, צום ערשטן מאָל, צו דער גרענעץ, צו די וואַרעמע לענדער. ער קאָן זיך אָבער נישט אָפּרייסן פון דער ערד, וואָס שפּרייט זיך אונטער אים. אין איר האָט ער געלאָזט זיינע — אַלע. אַן קליידער, איינער אַליין, פאַרלאָזט ער זיין געבוירן־לאַנד. דורך פענצטער אין די וואָלקנס האָט ער דורכגעקוקט צו דער ערד. און אפשר פליִען זיי אים נאָך. זיי באַגלייטן אים אין חלל. אַלץ אין אים איז געוואָרן שטיל, פאַרקלעבט — אַן אַ קללה און אַן תפילת הדרך.

אַ שטיל טרעטן פון ווייכע שיך האָט אים אַרויסגענומען פון די געדאַנקען. איבער דער וועראַנדע זענען געגאַנגען, פון בעט צו בעט, דער אַלטער פּראָפעסאָר ראַליער און זיינע אַסיסטענטן — אין ווייסע כאַלאַטן. זיי זענען געקומען מיט זייער פרימאָרגן־וויזיט. זיי האָבן זיך צעשיט צווישן די בעטן, ווי גרויסע ווייסע פייגל. די שוועסטער זשאַנין האָט זיי געפירט צו אים. דער פּראָפעסאָר האָט אים באַפוילן זיך אויסדרייען מיטן פּנים אַראָפּ; ער האָט געפילט, אַלטע ציטערדיקע פינגער טאַפּן אים אויס די פלייצע, די באַזונדערעביינדלעך פון ווירבלזייל — פון אויבן ביז אַראָפּ; רוקן זיך קיל איבער זיי, ווי איבער קלאַווישן. ער האָט געפרעגט, ווו עס טוט ווי. ער האָט באַפוילן, מען זאָל דערווייל אָפּטיילן ש.ינען, מיט אַ לייוונטן ווענטל, פון די אַנדערע קראַנקע אויף דער וועראַנדע.

שפּעטער האָט מען אים צוריק אַריינגענומען אין צימער, פאַרמאַכט אַרום אים די טירן פון ביידע זייטן — צו דער וועראַנדע, און אַנטקעגן, אין קאָרידאָר אַרויס. דער פּראָפעסאָר האָט געהייסן, מען זאָל אַראָפּנעמען פון אים דאָס גיפּסענע בעטל. די בלאָנדע זשאַנין האָט אים פאַמעלעך, ווי אַ דינע ווייסע סטאַטוע, אַרויסגעהויבן. זי האָט אונטער אים אונטערגעלענט ביידע הענט, זיי אויסגעצויגן אונטער זיין פלייצע און רוקנקרייז; געהאַלטן אים פאַרזיכטיק, ער זאָל זיך נישט איבערברעכן. אַ צווייטע, רויטהאָריקע שוועסטער, האָט דערווייל דאָס בעטל אַפּגעצויגן פון אונטער אים, עס געלייגט אין דער זייט אויפן דיל. באַלד האָט זשאַנין פאַמעלעך אים צוריק אַראָפּגעלאָזט אויפן מאַטראַץ.

ער איז געלעגן אין ברייטן בעט, אויפן ווייסן ליילעך, ווי אַן אָפּגעשיילטער, אַן די שאָל אויף זיך — און געקוקט אין דער זייט. זיין ווייס אָפּבילד איז פאַר אים געלעגן שטום אויפן דיל, ווי אַ בר־מינן — נאָך מיט זיין לעצטער וואַרעמקייט אין זיך. וועט מען עס קובר זיין? ווו וועט זיין דאָס קבר? עס האָט אים געדאַכט, ער אַליין, דער עיקר פון אים, איז אויפן דיל, אונטן. ער אין בעט איז בלויז אַ פּאַרע, אַ הוילקייט — אָן ממשות — אַן אויסדאַכטעניש פון זיך. מען קאָן אים איצט דורכ־שטעכן, דורכשיסן. אים וועט דאָס נישט אָנרירן.

פּראָפּ. ראַליער האָט אים גענומען דעם דופק אין האַנט. ער האָט באַדויערט, וואָס ער איז נאָך נישט אַלט קיין דרייסיק. דעמאָלט רוישט מער נישט אַזוי האַסטיק דאָס בלוט, ווי אַ זייגער שטעלט עס זיך איין. עס קרייזט רעגולער. מען דאַרף נאָר איבערקומען די פּאָר יאָר ביז דרייסיק. ש. האָט טאַקע געפילט, ווי די לופט דאָ רוישט אים ווילד אין די אָדערן. עס האָט אים געדאַכט, אַז יעדעס יאָר ביז די דרייסיק וועט זיך ציִען אָן אויפהער. ער וועט איבער דעם דאַרפן גיין, ווי אויף אַ שמאָל בריקל איבער אַן אומענדלעכן ים — נישט אַרונטערצוזינקען.

זיי זענען אַרויס. ער האָט געוואָלט שלאָפן. ער האָט איבערגעדעקט דאָס פּנים. אַ זיס־דינער אומרו האָט אים געצויגן אין דרימל. נאָר אין בלויזן בעט קאָן דער גוף נישט איינליגן. ס'איז אַ ליידיקייט אַרום. די לופט קיצלט אים לייכט די הויט. נישטאָ וואָס עס זאָל אים אין זיך אַריינעמען.

ש. האָט געפילט, אָן די פּחדים פון די יאָרן קאָן ער נישט רוען. מען האָט זיי מיט אַ מאָל פון אים אַרויסגעצויגן, אים אַרויסגעוויקלט פון זיי. ער איז ליידיק. אָן

זיי קאָן ער נישט אַריינפּאַלן שווער אין דרימל, ווי אין אַ מאַסע. ער שוועבט לייכט פון אויבן. מען וואָלט אים געדאַרפט צובינדן מיט שטאַרקע פּאַסן, אַראָפּשווערן צום בעט, אָדער אָנהענגען אַ שטיין, אַראָפּצושלעפּן אים אין חלום אַריין.

און אפשר וועלן זיי אים אָהער דערגרייכן, קומען אים פון דאַנען אַוועקנעמען — אָן דעם גיפּסן־בעטל. ער טאָר גאָרנישט איינדרימלען. דאָרט איז ער געווען געהיטן פון די פּחדים, באַהאַלטן אין זיי. דאָ איז ער אויסגעטאָן, אָפן פאַר אַלע.

נאָך נעכטן אָוונט אין שליטל, האָט אים געדאַכט, אַז די גלעקלעך אַרום קלינגען צו הויך; זאָגן אָן, אַז מען ברענגט אים, ער איז דאָ.

קאָן דאָס זיין, ער גייט קיינעם דאָ נישט אָן?

אפשר דאַרף ער זיין סוד פאַרטרויען דעם פּראָפ. ראַליער? שליסן מיט אים אַ בונד. ער וועט אים אַרומהילן מיט זיין שוץ.

זשאַנין איז אַריין, האָט פאַרמאַכט הינטער זיך די ווייסע טירן. ער האָט נאָך נישט געהערט איר קול. זי רעדט נישט; דרייט זיך אַריין און אַרויס, אַרום זיין בעט, ווי אַרום אַ חפץ. זי האָט נאָך מסתמא נישט געזען זיין פּנים. ווייסט זי ווער ער איז?

און ווער איז זי?

ס'איז אים דורך אַ געדאַנק, די אַלע מענטשן דאָ זענען פאַר אים אַזוי ניי, זיי מיט זייערע שפּראַכן. ווער זענען געווען אירע זיידעס; האָבן זיי אויך דאָס ווילדע בלוט, אָדער איז עס אין זיי געאיידלט.

ווייסט זי זיין סוד?

פון שמאָלן ווייסן פאַרטעך האָבן זיך קיילעכדיק אויסגעטיילט אירע לענדן.

ער איז פאַר איר געלעגן אַ נאַקעטער און האָט געשוויגן. ער האָט זי געלאָזט טאָן אַרום זיך.

זי האָט איצט מיט אַ האַנטעך אים געוואַשן דעם גוף. זי האָט אים איבערגעדרייט, מיטן פּנים אַראָפּ. מיט וואַרעמער וואַסער האָט זי אים געזייפט די פּלייצע, געבלעזלט אים איבער דער הויט; מיט ספּירט און זאַלץ אין דעם וואַסער — זי איינמאַסאַזשירט. די הויט האָט געעפנט אירע מיילעכלעך, אויפגעאָטעמט, איז געוואָרן מילד־גלאַטיק. איר האַנט איז אַראָפּ נידעריקער צום קרייץ פון דער שדרה אַרום קראַנקן אָרט. ער האָט געשפּירט אירע פינגער רירן דאָ אָן אַ האַרט, אָפּגעטיילט ביינדל, וואָס בערגלט זיך אַרויס. זי האָט געשיקט אים איבערגעדרייט אויף צוריק, מיטן פּנים אַרויף; געוואַשן די אָרעמס, די האַריקע ברוסט, די ווייכקייט פון בויך. זי האָט געהיפּערט איבער די לאַנגע פיס ביז אַראָפּ. די וואַרעמע שאַרפע וואַסער האָט באַלד אים מילד געקיצלט די ווייסע פיאַטעס אונטן. און מיט אַ מאָל האָט ער דערפילט, זי האָט אַראָפּגעצויגן דעם קליינעם ווייסן צודעק פון אבר. איר האַנט האָט שנעל, שנעל איינגעזייפט די טויטע געבערגלטקייט. ער האָט דערשפּירט, עפּעס נעמט זיך וועקן אונטער איר האַנט, פילט זיך אָן מיט וואַרעמקייט. ער האָט געשפּירט זיין אייגענעם אָטעם. ער האָט געוואָלט אָפּהאַלטן, אָננעמען זי פאַר דעם געלענק, אַוועקשאַרן. ער איז געווען אָנמעכטיק. עס האָט ציטעריק זיך געהויבן אונטער אירע פינגער. זיי האָבן געריבן אין דער אָנגע־דראַלנקייט. אַ רגע האָט ער געוואָלט אַ געשריי טאָן, אָפּהאַקן זיך דעם אָטעם, אים איינצוּען. ס'איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. זי האָט גיך פאַרוואָרפן דאָס האַנטעך אויף דער געטונקלטער רויטלעכקייט. זי האָט זיך אויסגעדרייט און גענומען שטעלן אירע טריט צו דער טיר. ער האָט געוואָלט זי צוריקהאַלטן; זי זאָל בלייבן. ער האָט

מיט די איינגעשרומפּענע מוסקולן געוואָרט, זיך נאָכגעגעבן; דערפילט, ווי עס קוועלט פון אים אַרויס דער שורש. נישט איינצוהאַלטן! יציאת נשמה — אין ערגעץ נישט איבערגעגעבן זיך. ער האָט באַוויזן צו זען ווי דער הינטערשטער טייל צעגייט זיך ביי איר, ווי ביי אַ וועלפּיכע, וואָס דערוויטערט זיך.

ש. האָט געוווּסט, עס איז געשען מיט אים. ס׳איז פון אים אַרויס מיט זיסן ווייטיק דער עיקר, ווי אַ קערן. עס איז אין ערגעץ נישט אָנגענומען געוואָרן. ער איז געבליבן מיט דער אויסגעליידיקטקייט פון זיין גוף. עס פעלט אים עפּעס אין זיך, שוין נישט צום דערכאַפּן.

די טיר איז געווען פאַרמאַכט. פון יענער זייט האָט מען גאָרנישט געהערט. אויך דאָרט איז געווען איינגעשטילט.

ער האָט פאַמעלעך אויפגעהויבן די אויגן; געקוקט זיך אויף דעם פייכטן נאַקעטן גוף. דאָס אבר איז געלעגן איינגעלייגט, שטיל באַהאַלטן אונטערן האַנטעך, ווי אַ געשלאָגן הינטל, אַ פאַרשולדיקטס.

אַ בלאָסער, פאַרשעמט, האָט ער פּלוצעם זיך געכאַפּט, אַז דאָס איז אייגנטלעך דאָס איינציקע, וואָס ער האָט אַרויסגעראַטעוועט, מיטגענומען מיט זיך. מיט דעם האָט ער געדאַרפט טראָגן זיך ווייטער איבער דער וועלט. ער האָט איצט באַנומען, אַז דאָ ליגט זי צונויפגעזאַמלט, די גזע פון זיינע אבות. דאָס איז די ירושה, וואָס זיי האָבן אים געלאָזט, איבערצוגעבן אויף ווייטער.

ער האָט שטאַרקער געפילט די לויזקייט אין די לענדן. ער האָט באַגריפן, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן: נאָך דער גרויסער פאַרשניידונג פון די דורות, האָט ער איצט, אָן ווילן, אפשר אַליין פאַרשניטן זייערע יורשים.

באַלד האָט ער אויפגעשווידערט, איז ער אַ רוצח?! דעם גרויסן מאָרד האָט ער, דער קרבן, פאַרענדיקט מיט אַ קליין רציחהלע.

וועמען? וואָס פאַר אַ פּנים האָט ער, זיין יוצאי חלצי, וואָס האָט נישט באַוויזן אָנצוקוקן די שיין?

פּלוצעם האָט ער דערפילט אין זיך דעם טרויער פון יענעמס פאַרגיין; די אויסזיכטלאָזיקייט פון זיין נישט־געבוירן ווערן.

ער האָט דערשפּירט, יענער וועט קומען. אייביק וועט ער — זיך — מאָנען ביי אים.

ש.ינען איז באַפאַלן אַ בהלה. ער האָט געוווּסט, ער האָט זיך אָפּגעריסן פון אַלץ. ער האָט פאַרשפּעטיקט, מער נישט אומצוקערן. ער איז איצט אַליין אַ פאַרוויאַנעטער אבר, אָפּגעשניטן פון אַ גרויסן טויטן גוף.

ער בלייבט פרעמד, איבעריק. אַלץ האָט זיך אויסגעלאָזט.

ער איז געלעגן אַן אויסגעלאָשענער, מיט אַן אָפּגעצויגן פּנים, נישט אין דער היים.

ער האָט זיך אַרויפגעצויגן די קאָלדרע ביז איבערן קאָפּ, מען זאָל אים נישט אַרויסזען. ער האָט געוואָלט, מען זאָל אים פאַרקלאַפּן די טירן מיט טשוועקעס — אויף שטענדיק לאָזן אים אינעווייניק פאַרשפּאַרט.

ער האָט איצט געוואָלט צוריק אַריין אין גיפּסענעם בעטל. נישט אָנרירן זיך דעם גוף. מיט אַ מאָל האָט אין אים אויפגעבליצט — אַ געדאַנק. ער האָט ערשט באַנומען די דורותדיקע לערע פון זיינע אבות, זייער מורא פאַר אומריינקייט, פאַר

פאַרטאַכלעוועז זאָמען אויף אומזיסט. זיי האָבן געצייטערט פאַר רציחה פון נאָך נישט געבוירענע! פאַר פאַרגיסן בלוט — אויך איידער ס'איז נאָך רויט. נאָך יעדער טרעפונג אין דער נאַכט זענען זיי פאַר טאָג געלאָפן טבילה.

ער האָט געוואָלט זיך אויסדרייען אויף דער זייט. ער האָט געפילט אונטער זיך, אויפן ליילעך, די פעטע ווייס־געפעדעמטע נאַסקייט. ער האָט נישט געהאַט ווו זיך אַהינצוטאָן.

אפשר זאָל ער לאָזן זיך צוריקפירן פון דאַנען?!

באַלד האָט ער זיך אָפּגעגעבן חשבון: מעגלעך ער — זיי, די פאַרבליבענע פון לאָדזש — טראָגן אויף זיך אַ שליחות. אין זיי איז איצט באַהאַלטן זייער אומה. יעדער טראָפּן איז אַ נייער ייִד. זיי דאַרפן אים היטן אין זיך. ער טאָר נישט פאַרלוירן גיין.

ער האָט געהערט דינע טריט הינטער דער טיר אין קאָרידאָר.

אַ געדאַנק איז אים פּלוצעם דורך: וואָס ליגט ער דאָ?! ער דאַרף אַרויס. צוזאַמען מיט זיי אַלע, די רעשטלעך פון די טאָלן, דאַרף ער איצט לויפן איבער דער וועלט, לויפן באַפרוכפּערן ייִדישע טעכטער אין די בעטן. זיינע זאָמען געהערן צו זיי. זשאַנין האָט זיי באַגזלט, האָט זייערס אויף לער געוואָרפן; נישט בויען נייע משפחה־נעסטן, נאָר זיין אַן עדה אור־ייִדן, צעלאָזן איבער די געצעלטן, דאַרפן זיי.

ער האָט דערשפּירט, דער גוף, געשפּאַנט, הערט זיך צו צו אים; ער פילט אין זיך די פולקייט. די פיס ווילן אים — לויפן.

באַלד האָט ער געוווּסט, עס וואַרטן אויף אים — זיי אונדזערע איבערגעבליבענע ייִדישע שוועסטער. זיי וועלן אונדז אויפנעמען אין זיך. מיר דאַרפן קומען, אויסלייזן זיי. זיי וועלן זיין אונדזערע מאַמעס; די באַנייטע אמהות פון דער אומה פון בלוט־עקלער, וואָס מוז ווידער זיך פאַרשפּרייטן איבער דער ערד.

זשאַנין, האָט ער באַנומען, געהערט נישט צו אים. זי איז אַ טאָכטער פון פרעמדע געטער, נאַקעטע, געבוירן צו שפּיל. זי טאָר ער נישט אָנרירן. ער — נישט. זיי, אירע ברידער פון אַלע פעלקער — זיי מעגן מיט זייערע אברים לויפן הפקרדיק אונטער דער זון, פאַרגיסן טייכן זאָמען; זיי, די בני נח, זענען אויף דעם נישט געבאָטן געוואָרן.

עס האָט אים אַ ציי געטאָן, איצט, דאָ, אָנצוהייבן אַלץ פון דאָס ניי; נאָך אַ מאָל פון אויפצומאָרגנס, ביים אַריבער די טויערן פון די טאָלן אַרויס. זיין פריערדיק לעבן מיט אַלע באַגערן האָט ער פאַרענדיקט, איבערגעלאָזט דאָרט.

ביסלעכווייז — אָן דעם גיפסן בעטל און אָן די קליידער — איז ער אַראָפּגעוואָקסן אין באָדן, געוואָרן אַריינגענומען אין אים. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אַלע טויזנטער אַרום האָבן אויף זייער פריִערדיק לעבן איבערגעלאָזט ווייט, פון יענער זייט; דאָרט ערגעץ צווישן די גייענדיקע אין דעם פלאַכלאַנד. דאָ, ליגנדיקע, אין די בעטן, זענען זיי צוּבאַהאַפטן צו זייערע ערטער, ווי ביימער, נישט ווי איינגע־וואָרצלטע, שטייענדיקע ביימער, נאָר ווי אויסגעריסענע דורך שטורעמס, ליגן זיי

אויסגעצויגענע אויפן פלאַך אויבן, איבער דער גאַנצער ברייט פונעם ריזיקן באַרג. זיי ליגן שורותווייז אויף די וועראַנדעס און פּאַסאַדן — אַזוי הויז נאָך הויז; קליניק הינטער קליניק; סאַנאַטאָריע נאָך סאַנאַטאָריע. זיי ליגן אינעווייניק. די מאַרמאָר־בנינים שטייען איבער זיי, ווי גראַנדיעזע מאָנומענטן. דאָ, אונטער די דעכער, האָט מען זיי אַוועקגעלייגט אַזוי אויף יאָרן — יעדן אין די פיר איילן פון זיין צוגעפּעסטיקט בעט. אויך ער איז איצט געלעגן אין אַזאַ שורה; אַלע — אויסגעצויגענע אין דער לענג, מיט די פּנימער אַרויף צום סופיט. בלויז די דאָקטוירים און שוועסטער רוקן זיך, שטייענדיק, צווישן זיי. זיי בלייבן הויך; מיט די נאָכהענגענדיקע קעפּ און אויגן — געבויגן אַראָפּ איבער זייערע לאַנגע בעטן.

לעיזען איז געווען דער אויפצומאַרגנסדיקער בית־עלמין פון די נישט־דער־שטאָרבענע. אַהער האָט מען אַרויפגעבראַכט די אַרויסגעפּאַלענע פון די גערואַנגלענישן אונטן. מיט אַ מאָל איז דער געלויף פון נעכטן געווען אויס — דאָ דאַרפן זיי איצט ליגן. מען לייגט זיי זייט ביי זייט — די יאָגערס און זייערע געיאָגטע. דאָס שפּיל פון אונטן איז פאַרענדיקט. זיי זענען ווייט. זיי שווייגן איצט יעדער אין זיך. ש. האָט זיך געכאַפּט, די שטייענדיקע הויך, די גייענדיקע, רוקן זיך פון אָרט צו אָרט און לייענען, ווי אויף מצבות, דאָס אויסגעקריצטע אויף די פּנימער פון די אויסגעצויגענע אין דער לענג. זיי לייענען יעדנס לויב. אויך אויף זיין פּנים איז אַלץ אויסגעקריצט. די דאָקטוירים און שוועסטער גייען דורך און לייענען. זיי טראָגן דאָס איבער ווייטער פון שורה צו שורה. זיי בייגן זיך איבער זיי און רוימען דאָס יעדן איין. די ליגנדיקע, יעדער אָפּגעצוימט אין זיינע פיר איילן, ווייסן ווער עס רוט אַרום און אַרום — אין דער גאַנצער ברייט פונעם אָרט — פון די באַרגשפּיצן אויבן, אין אַלע הייזער פונעם שיפּוע, ביז טיף נידעריק אין די אַראָפּהאַנגען.

אויך ש. האָט איצט געוווּסט וועגן די ליגנדיקע צווישן די ווענט אין די ווייטע קליניקס, וואָס זיין בליק קאָן צו זיי נישט גרייכן. ער האָט געהערט די טריט פון די, וואָס קומען אַהער באַזוכן די ליגנדיקע. זיי דרייען זיך דורך די קאָרידאָרן און וועראַנדעס, זוכן, קוקן יעדן אין פּנים אַריין. אויך דורך אים זענען זיי גיך אַדורך און געלאָזט זייערע בליקן אויף אים.

אין די שעהען, ווען ער פלעגט ליגן אַליין אין זייער צימער, האָט ער איבער דער וואַנט, לינקס, געהערט דאָס אָטעמען פון זיין שכן, דעם שווייצער זקן. במשך די שעהען האָט ער געהערט, יענעמס רייבן מיט די ציין; זיין איינטאָניק גריזשען עפּעס, ווי אַ הונט, וואָס ראַנגלט זיך מיט אַ ביין. אויך דערנאָך, ווען ער האָט מיט אים זיך געטראָפן אין דרויסן, ליגנדיק צוזאַמען, אויף דער וועראַנדע, האָט יענער נישט אויפגעהערט קייען. ער איז געלעגן אין בעט — אַ לאַנגער, ברייטער ריז — מיט גרויע נאָכהענגענדיקע וואָנצעס, און האָט דין געמאָלן מיט זיינע נאָך שטאַרקע ציין. מען האָט געזאָגט, ער איז הונגעריק פון נישט דערעסן אין דער קריגסצייט. די צוגעטיילטע שפּייז־ראַציעס דעמאָלט האָבן נישט געסטייעט; דער גרויסער גוף איז אים געבליבן ליידיק. ער האָט זיך געקלאָגט, אַז אויך היינט, נאָך דער מלחמה, גיט מען דאָ נישט גענוג צו עסן. מיט איין האַנט פלעגט ער איצט אויפהייבן ביידע לאַנגע וואָנצעס און מיט דער צווייטער — האָט ער אונטער זיי אַריינגערוקט דעם לעפל אין

מויל. מען האָט געזען, די הויט פון די הענט־דלאָניעס שיילט אים זיך, ווי קאָרע פון אַן אַלטן בוים.

אין די רו־שעהען ביי זיך אין צימער האָט ש. אויך געהערט דאָס שטילע אונטער־פייפן פון מענלעכע ליפּן, איבער דער צווייטער וואַנט, רעכטס. ער האָט אים שוין געקענט, דעם דרום־פראַנצויזישן סטודענט פון איבער דער וואַנט. אויך יענער איז אין די מלחמה־יאָרן געלעגן אויסבאַהאַלטן. מען האָט דערציילט, ער האָט נישט געוואָלט שיסן אין מענטשן. פון נישט שיסן — זענען די פינגער ביי אים פאַרשטייפט. ער איז געוואַקסן און די הענט זענען ביי אים געבליבן, ווי ביי אַ קינד. אָפט האָט מען אים געזען, אַ ליגנדיקן אויף דער וועראַנדע. ער האָט דאָ געשוויגן, פאַרביסן; געהאַלטן פאַרמאַכט די ליפּן. נאָר צו מאָל האָבן די גרינע אויגן אונטער זיינע שוואַרצע ברעמען גלאַנציק זיך געצונדן. אויך אין זיין פייפן הינטער דער וואַנט איז געווען קינדישע פאַרביסנקייט — אַן הכנעה.

אין די נאָכמיטאָג־שעהען, ווען די קראַנקע ליגן פאַרמאַכט ביי זיך אין די צימערן, אויף „סילאַנס", און אויך שפּעט אין אָוונט, ווען ש. איז געבליבן אַליין אין זיין צימער — האָבן דערגרייכט צו אים, פון איבער ביידע ווענט — דאָס אומאויפהערלעכע קייען מיט די ציין פון דעם אויסגעהונגערטן שווייצער זקן, און דאָס שטילע צופייפן זיך פון דעם פראַנצויזישן סטודענט. דעם זקנס ציין האָבן דורך טעג און נעכט געגריזשעט, ווי אַ מויז, וואָס וויל דורכבויערן די וואַנט. דער סטודענט האָט געפייפט, ווי דורך דעם טירלעכל אַדורך.

אויך די אַנדערע שכנים פון דעם הויז האָט ש. שוין געקענט פון הערן זייערע ווייטע קולות אין די רו־שעהען. אַזוי האָט ער פון מאָל צו מאָל פאַרנומען, פון צימער אונטער זיך, בלאָזנדיקע טענער. זיי זענען צו אים אַרויף, האָבן זיך געטראָגן דורכן דיל, ווי שטראָמען שפּאַנונג. דאָס איז געווען אַ געדיכט שנאָרכעריי פון מענטשן אין אַ טיפן שלאָף. ער האָט זיי קיין מאָל נישט געזען. ער האָט בלויז געהערט וועגן די שווייצער זעלנער, וואָס ליגן אויפן אונטערשטן שטאָק. זיי זענען אין דער מלחמה־צייט אויף קיין פראָנט קיין מאָל נישט געווען. אין מיטן דעם שטורעם איבער דער ערד פון אַרום, האָבן זיי נאָר געהיטן זייערע בייטראַלע גרענעצן — עס זאָל נישט אַריינבלאָזן צו זיי. יאָרן זענען זיי געשלאָפן אין די אָקאָפּעס. מען האָט נאָך דעם זיי מער נישט געקאָנט אויפוועקן. פּראָפ. ראַליער האָט געהייסן, זיי לאָזן שטעכן מיט זונשטראַלן — זיי זאָלן אויפגעוועצן. זיי האָבן איצט געשנאָרכט גאַנצע טעג, נאָר אין די נעכט פלעגן זיי טייל מאָל זיך איבערוועקן און הייבן די קעפּ. באַלד האָבן זיי זיי צוריק אַראָפּ־געלאָזט און זענען ווידער פאַרזונקען אין טיפן שנאָרכן.

לעיזען איז איצט געווען פול מיט זיי, די אַלע נישט געזעטיקטע און נישט דער־שלאָפענע פון דער פאַרגאַנגענער צייט. ביי טייל האָט דער הונגער ווייך געמאַכט די ביינער. ביים גיין האָבן די פיס אונטער זיי זיך געבויגן, ווי גומי. זיי האָבן געמוזט בלייבן ליגנדיקע, אויסגעצויגן.

פון אַלע לענדער און קאָנטינענטן זענען זיי איצט אַהער געבראַכט געוואָרן. אויף די וועראַנדעס זענען זיי געלעגן — זינגעוודיק־באַרעדעוודיקע — פון דרומדיקן איטאַליע, און שווייגנדיק־פאַרשלאָסענע אין זיך — פון צפון־קאַלטן ענגלאַנד; בלאָנדע

און שוואַרצהאַריקע — פון אויסגעמישטן נאָך נעכטן אין דער מלחמה — אייראָפּע; און געלהויטיקע, אומדרייסטע — פון אַריינגעצויגענעם אין די שלאַכטן — אַזיע. אויך איצט, נאָך דער מלחמה, האָבן זיי דאָ אויסגעזען, די געלהויטיקע, ווי פרעמדע געסט אויף אַ חתונה.

פרעמד שעמעוודיק זענען אויך געלעגן, כמעט נאַקעט, אויף די ווערענדעס און באַלקאָנען, ברוינהויטיקע נעגער פון ווייטן אַפריקע. קיינער האָט נישט געוווּסט, אויף וואָס פאַר אַ קאָליר זי ברענט זיי אָפּ, די זון.

ש.יגען האָט איצט אָפּט געצויגן צו זיי. אייראָפּע, האָט ער געוווּסט, האָט אים אַרויסגעשטעלט. ער האָט זיך דערמאָנט, פון אַזיע איז זיין שטאַם.

ווען מען פלעגט אַוועקנעמען דעם פאַראַוואַן פון אַרום זיין בעטל, האָט זיין בליק, פון דער ווייטנס, אויף דער ווערענדע — זיך אַנגעטראָפן אויף זיי. די שמאָל־געשניטענע אויגן פון אַ יונגן יאַפּאַנער האָבן אַפּערגעקוקט פון אונטער ברילן־ראַמלעך. קיין מאָל האָט ער נישט געוווּסט, צי אויך יענער זעט אים; צי ווייסט ער פון דעם, וואָס איז געשען.

ש. איז געווען איינגעקוקט אין זיינע קורצזיכטיקע אויגן. זיי האָבן כסדר געשמייכלט, כאָטש זיין פנים האָט דערביי זיך נישט געקנייטשט. עס איז געבליבן ווי אַ שווייגנדיקע מאַסקע, נישט איין מאָל האָבן די מיידלעך באַפוילן אַוועקנעמען פון אַרום זיך די פאַראַוואַנען און זייערע בעטן, אויף רעדלעך, צופירן צו אים. זיי האָבן נאָך דעם געזאָגט, אַז ער האָט גרויסע בלינדע הענט. ווען זיי זענען געבליבן פון דער ווייטנס — פלעגט ער זיצן, דער יאַפּאַנער, שעהען, אַן אומבאַוועגלעכער אין בעט, מיט זיין קרעפּטיק־נידעריקן גוף. דער פראַנצויזישער סטודענט האָט געזאָגט, אַז די יאַפּאַנער זענען די דייטשן פון אַזיע; דאָס ציט זיי אַזוי, די מיידלעך, אויסצופּרוּוון אויף זיך זיין אַכזריות.

ש. האָט געזען, צום יאַפּאַנער קומט איצט פון זעלביקן שטאָק אַ פלאַקסהאַריק, העל מיידל, פון שוועדן. אונטער דעם קורצן שטערן האָט זי געהאַט גרויסע ברוינע אויגן, פריילעכע. ווען מען רוקט צו איר בעט צו אים — בלייבט זי זיצן שעהען און לאָזט זיך אַרומנעמען פון זיין בליק. אויך ער האָט געשוויגן.

ער האָט איצט מורא געהאַט, ש. ער זאָל נישט ווערן פאַרשפּינען צווישן די מענטשן. יענע אַלע די פריערדיקע, זיינע אייגענע — האָבן פון אים זיך אָפּגעשיילט. איצט הייבט זי ווידער אַן אים אַרומצונעמען, די פרעמדע וועלט.

געווען טעג, ווען ער פלעגט מער נישט הייסן אַוועקנעמען דאָס פּראָוויזאָרישע ווענטל פון אַרום זיך. ער איז געבליבן אויף דער ווערענדע, אָפּגעזונדערט. בלויז די זון איז אַריין, האָט אַרומגעהילט זיין גוף.

ער איז געלעגן אָפּגעטיילט און האָט פאַרנומען דעם געמיש פון לשונות פון אַלע זייטן. ער האָט זיך געטראָגן פון די באַלקאָנען אַרום, פון אַלע שטאָקן — אויך פון די אַנטקעגנדיקע ווילעס און הייזער, וואָס האָבן זיך געהויבן העכער אויף די פעלדזן און אויף די נידערנדיקע אַראָפּהאַנגען: אַלע שפּראַכן אויסגעמישט אין אַ געשוויש־טשריי, ווי פון פייגל; אויסגעצויגן־זינגנדיקע און אָפּגעהאַקט־ריטמישע; טיף מענלעכע באַס־שטימעס, לאַכנדיק־קוויטשענדיקע קולות פון מיידלעך, און פישטשענדיקע — פון קינדער.

ש. האָט זיך געווערט. ער האָט געוואָלט בלייבן אויסער זיי; פאַרמאַכן זיך די אויערן פאַר די אַלע קולות, נאָר ווי אַן עכאָ זאָלן זיי דערגיין צו אים, אַ ווייטער עכאָ פון איבער רוישנדיקע וואַסערן. ער האָט געוואָלט, וואָס טיפער צוריקציען זיך אין דעם חלל, פון וואַנען ער איז אַרויס; ווי אַ וואָרעם אַריין — אין זיין נאָרע.

לעצטנס איז עס געשען: מען האָט געהערט, אַז קיין לעיזען האָבן שוין אויך אָנגעהויבן גרייכן אַנטרונענע פון די טאָלן. זיי זענען פאַרשטעקט צווישן די אַנדערע קראַנקע אין די צעוואָרפענע קליניקס. זיי ווילן נישט, מען זאָל זיי אַרויסזען; אויך נישט מען זאָל הערן וועגן זיי.

מען האָט געוווּסט, די ידיעות וועגן זייער אָנקומען פאַרשפרייטן די דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער, בעת זייער וויזיט צווישן די שורות. זיי בייגן זיך מיט די נייעס איבער בעט — נאָך בעט.

מען האָט שוין געהאַט געהערט וועגן אַ רבנישער טאָכטער — אַ טונקעלע, מיט שוואַרצע האָר אַרום אַ הויכן ווייסן שטערן. עמעצער האָט זי אַליין געזען. זי האָט לאַנגע זיידענע וויִעס איבער שוואַרץ־בלישטשענדיקע אויגן, און אַ גרויסע אָדלער־נאָז. זי איז אַ העכערע, אַ רונדיקע. קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס עס איז איר קראַנקייט. עס זענען דערגאַנגען קלאַנגען, אַז מען האָט דערשאָסן איר פאָטער, דעם רב; אויך איר מוטער מיט אַ שוועסטער — פאַר אירע אויגן. זי איז אַנטלאָפן איינע אַליין.

מען האָט אויך זיך איבערגעגעבן, אַז אין אַן אַנדער קליניק האָט מען שוין געזען אַ מאַן מיט ווייסע האָר, ווי פעדערן פון אַ טויב, און אַ ראָז קליין פנים פון אַ קינד. אויך די אויגן פינטלען ביי אים שוואַרץ, ווי ביי אַ טויב. עס זאָל עמעצער אים האָבן אונטערגעוואָרפן. ער אַליין רעדט נישט. דאָס לשון איז אים אָפּגענומען געוואָרן יענע יאָרן. אויך דעמאָלט זאָל ער האָבן זיך געראַטעוועט — נישט אין פאַרבאָרגענישן, נאָר ליגנדיק פאַרשטומט אין פרעמדע שפּיטאָלן.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט, האָט מען אויך אויף ש.ינס שטאָק, אין זיין קליניק, געבראַכט אַ מיידל פון דאָרטן. איר בעטל האָט מען אַריינגעשטעלט אין צימער פון דער העלער, פלאַקסהאָריקער, שוועדין. מען איז נישט געווען זיכער, צי זי קומט טאַקע פון טאָל. געווען איז זי אַ האָלענדערין מיט אַ ווייכלעך ראָזלעכער הויט און שמאָלע אויגן, געלע, ווי פון צעלאָזט גאָלד. אַלע האָבן באַוווּנדערט איר שטייף־וואָרעמען קערפּער, וואָס הערט נישט אויף צו בליִען. אַלץ איז פריש אין איר, ווי ביי אַ גרויס קינד.

גאָר אין גיכן האָט מען געוווּסט די געשיכטעס פון די אַלע מענטשן, כאָטש זיי אַליין האָבן וועגן זיך נישט דערציילט.

מען האָט געהערט אַז דעם רבס טאָכטער האָט אַ גרויסן דאָרשט צום לערנען. גלייך ביים קומען האָט זי געזוכט לערערס. עס האָט אויסגעזען, זי וויל צוריק דער־כאַפּן די פאַרלוירענע צייט.

מען האָט שוין אויך געוווּסט, אַז די אָדלער־נאָז געהערט צו אירע שורץ־אברים. צוזאַמען מיטן עילוישן קאָפּ, האָט זי פון איר פאָטער, דעם רב, געירשנט זיין הדרת־פנים, מיט דער אָדלער־נאָז. זי שמעקט מיט איר טיף אַרויס אַלע ריחות פון דער ווייטנס — אויך סכנות, וואָס רוקן זיך אָן. זי ווערט תמיד באַצייטנס נעלם.

מען האָט דאָ אויך זיך שוין איבערדערציילט אירע חלומות. דער שלאָף פּירט כסדר זי צוריק צו דעם נעכטן, פון וועלכן זי דערווייטערט זיך אין די טעג. ביי טאָג לערנט זי שוין; זי לויפט מיטן שאַרפן קאָפּ פאָרויס. ביי נאַכט שלעפּט עס זי צוריק; עס גאָגלט זי צו.

אַזוי האָט אין איינער אַ נאַכט איר דאָ זיך געחלומט, אַז זי ליגט ערגעץ אונטער דער ערד, אין אַ קבר — מיטן פּנים אַראָפּ, ווי אַ וואָרעם אין די טיפענישן, און זי פּויזעט אינעם זאַמד. מיט אַ מאָל האָט זי געדענקט, אַז זי פּויזעט אַזוי פּאַמעלעך אין דער ערד־געדיכטעניש שוין מיליאָנען יאָרן; זי וועט צו דעם ליכט אין דרויסן נישט דערגרייכן. פון איר דערפאַרונג האָט זי געוווּסט, אַז אירע חלומות ווערן שפּעטער מקוים.

אויך וועגן דער יידישער האַלענדערין מיט די געלע אויגן האָט מען שוין געוווּסט, אַז אַ שעמעוודיקייט מאַכט ביי איר אָפּנעמען דאָס לשון. ביים אָנטרעף מיט זכרים — ווייסט זי נישט, ווו זיך אַהינצוטאָן. אין זייער מחיצה — באַהאַלט זי זיך אונטער דער קאָלדרע; זי מאַכט זיך שלאָפן, און האַלט איין אויך דאָס שנאָרכן. עס האָט וועגן דעם דערציילט דער יאַפּאַנער, וואָס האָט מיט זיין בעט געלאָזט זיך אַריינפירן אין איר צימער, צו איר שכנטע, דער העלער שוועדין. שפּעטער, ווען ער איז אַרויס, האָט זי זיך פאַרטרויט פאַר דער שוועדין, אַז בעת זיין באַזוך דערפילט זי, ווי דאָס קול זינקט אין איר אַראָפּ; עס בריט זי פון אינעווייניק. זי וויל אַנטלויפן. מענער־בליקן טוען זי אויס אויך פון דער נאַקעטקייט.

מען האָט געמיינט, דאָס קומט איר פון יענע יאָרן. ווען זי איז איבערגעגאַנגען צו ווערן אַ פרוי — איז זי ווי נישט געווען. זי איז געלעגן אָפּן אין טאָל. איצט פעלט איר גוף די דאָזיקע איבערגאַנגס־צייט.

אין גיכן האָט מען געוווּסט, אַז דער מאַן מיטן פּנים פון אַ טויב האָט אין יענע יאָרן, אין די פרעמדע שפּיטאָלן — גאַנצע נעכט זיך געהיטן, עס זאָל פון אים נישט אַרויסוויינען זיין שטום געוויין. קיינער פון זיינע איז מער נישט געווען. ווען די דאָקטוירים האָבן דעמאָלט איין מאָל אים איינגעדרימלט אויפן אָפּעראַציע־טיש — האָט ער די גאַנצע צייט, ווען דאָס מעסער האָט אין אים גענישטערט — מיט די הענט זיך פאַרשטעלט אונטערן בויך. אין שלאָף האָט ער געציטערט, מען זאָל נישט אַנטדעקן זיין יידישן בונד.

אויך דאָ איז דאָס לשון נאָך געווען אין אים פאַרגליווערט. ער האָט ברייט געעפנט דאָס מויל, ווי אַ פיש, און די ווערטער זענען פון אים נישט אַרויס; ווי זיי וואָלטן דורך זיין לאַנגן שווייגן — דאָרט טיף פאַרפאַלן געוואָרן. נאָר איין מאָל האָט עס טויב פון אים אויפגעשריגן. דאָס איז געשען, ווען זשאַנין האָט, וואַשנדיק אים, שנעל אַ שטרעק געטאָן די האַנט צום ווייסן טיכל ביי זיין דיך. פון ליידיקן אויפגעשריי, איז דער אָטעם ביי אים פאַרהאַקט געוואָרן.

די לופט אין לעיזען האָט וואָס אַ מאָל געגומען ווערן מער אָנגעלאָדן. עס איז שוין געווען זיכער, אַז עס וועלן נאָך פון זיי — אַהער זיך אַרויפהייבן. זיי קומען באַזונדער זכרים און נקבות — ווי זיי זענען באַשאַפן געוואָרן. אויך אַזעלכע, וואָס מען האָט נאָך נישט געוווּסט זייער מין.

און אַזוי האָט ש. אין איינעם אַ טאָג געהערט, אַז דאָ אין אַ קליניק אַריין איז שוין אָנגעקומען לייבל פון לאָדזש. אויך אסתרקע איז דאָ מיט אים. פון דאָרט אָן באַגלייט זי אים. זיי האָבן דאָ אַ צימערל מיט אַ פענצטער, וואָס גייט אַרויס אין די בערג. עס איז געווען פרייטיק פאַר נאַכט, ווען מען האָט לייבלען אַרויסגענומען פון גיפּס־בעטל און אים אויסגעצויגן אויפן ברייטן בעט פון דער קליניק. זיי זענען ביידע געבליבן אַליין אין צימערל. אסתרקע האָט אין אַ ווינקל זיך איבערגעטאָן אין די שבתדיקע קליידער — אַ בלויער ראָק און אַ ווייס באַטיסטן בלוזקעלע. זי האָט אויך געהאַט פּערל, אַ ירושה פון איר מאַמען. לייבל האָט זיי איר געהייסן באַנייען. אין קליינע לייכטערלעך האָט זי געצונדן די צוויי שבת־ליכט, אַנטקעגן די בערג, וואָס זענען איצט פאַרגאַנגען אין דרויסן אין פיאָלעטן רויט.

— בענטש מיך! — האָט זי פּלוצעם אים אונטערגעשטעקט דעם קאָפּ.

ער האָט אויסגעצויגן די הענט און שטילשווייגנדיק זיי אַרויפגעלייגט אויף אירע האָר.

— זאָג עפּעס — האָט זי געבעטן.

— זאָלסט זיין אַ מאַמע צו אַ נייעם דור יידישע קינדערלעך, וואָס וועלן פון אונדז אַרויסקומען.

זי האָט געזען די פלאַכע באַרגשפּיצן הויך אַנטקעגן פענצטער. פון אַלע זייטן ציען זיי זיך, געוויקלטע אין זילבער־נעפּל. איבער זיי הויערט מעכטיק דער קאָפּ פון בלוי זיך רויכערנדיקן „דאָן דע מידי".

זי האָט איר האַנט געהאַלטן אונטער זיין קאָפּ אויפן ווייסן קישן. ער האָט אין איר גערוט — צום ערשטן מאָל אַזוי שלווהדיק.

לעיזען האָט אין די טעג איינגעזאַמלט אין זיך, נישט בלויז זיי, די רעשטלעך, נאָר אויך טייל פון די אַמאָליקע שומרים, זייערע באַצווינגער פון די טאָלן. אויך זיי האָט מען דאָ אַרויפגעטראָגן און געלייגט אויף בעטלעך אין די סאַנאַטאָריעס און קליניקס. ליגנדיקע, בלויז אין לויזע העמדער אויף די ריזיקע גופים, אָן די געפּאַסטע מונדירן — האָבן זיי דאָ אויסגעזען, ווי געקנייטשטע באַלאָנען, נאָך דעם ווי דער לופט־כוח איז פון זיי אַרויס.

אין אַ זייטיקער קליניק אַריין האָט מען אַזוי געבראַכט דעם שפּילצייג־סוחר פון עסטרייך. יאָרן איז ער נישט געווען אין דער היים. ערשט ווען די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט — האָט ער זיך אומגעקערט קיין ווין מיט וואַגאָנען שפּילצייג. ער האָט זיך געעפנט אַ גרויס געשעפט, אויסגעשטעלט מיט ליאַלקעס אַרום אַלע ווענט.

קונים האָבן גענומען קומען צו אים אין געשעפט; קינדישע הענטלעך האָבן זיך געשטרעקט צו די ליאַלקעס, נאָר גיך איז אַרויס אַ שם, אַז די ליאַלקעס זענען טרויעריקע און שווערע, ווי קליינע מומיעלעך. זיי זעען אויס, ליאַלקעלעך — זקנים. מען האָט געשמועסט, אַז די שפּילצייג ווילן מער זיך נישט שפּילן, רירן זיך פון אָרט. נאָר ליגן אומבאַוועגלעך ווילן זיי — יעדעס פאַר זיך. די ווינער קינדער האָבן מיט כוח געשלעפּט זיי אין די היימען.

אויף אים אַליין, דעם שפּילצייג־סוחר, האָט עס באַלד אין געשעפט, צווישן די זאַכן געגומען שלעפן אַראָפּ, צו ליגן אומבאַוועגלעך. ער האָט אָנגעהויבן זיך בייגן אויף רעכטס — אַראָפּ אין איין זייט, מיט ביידע נאָכהענגענדיקע הענט.

אויף אים איז אַהער נאָך אַ שמועה. דאָרט אין די טאָלן, האָט מען געהערט, פלעגט ער אין די פאַרנאַכטן, מיט זיינע לאַנגע רויטע פינגער, שטיקן ווייסע קינדישע העלדזלעך. נאָך דעם פלעגן די שפּילצייג לויז אַרויספאַלן פון זייערע אָרעמס. ער האָט זיי געזאַמלט.

איצט, האָט ער געזאָגט, הערט ער נישט אויף צו בענקען נאָך זיין פרוי און די טעכטער, וועלכע ער האָט איבערגעלאָזט אין דער היים. יאָרן, בעת דער מלחמה, איז ער געווען פון זיי אָפּגעריסן, און איצט שוין ווידער. ער האָט דאָרט זיי געלאָזט אַליין פירן דאָס געשעפט. ער בענקט, האָט ער געזאָגט, דער שפּילצייג־סוחר. עס גלוסט אים איינשלאָפן.

אויך לייבל האָט דאָ געוואָלט איינשלאָפן, אָן אויסגעצויגענער; לאַנג איינשלאָפן אין די בערג, ווי אין אַ שויס, נאָר אסתרקע האָט אים געוועקט. איצט, אַז ער איז אַרויס פון אַלע באַלאַגערונגען — איז ער דאָ אויפן באַרג, געזונקען אין דרימל. מען האָט אים נישט געקאָנט דערוועקן. ער האָט נישט באַנומען, ווי ער איז אַרויס פון דאָרט; וואָס דווקא אויף אים איז געפאַלן די באַשערטקייט, צו בלייבן. ער האָט זיך דערמאָנט אין אַלע אַ מאָל אַרום אים. קיינער פון זיי איז מער נישטאָ. אַלע האָבן זיי שוין פון לאַנג אויסגעהויכט זייערע נשמות דורך גאַז: זיין מאַמע, וואָס פון איר בויך איז ער אַרויס, ווי אַ באַזונדער אבר; זיינע שוועסטער, מיט וועלכע ער האָט זיך אויסגעפורעמט אין איין טראַכט; זיין ברודער, וואָס ביידע האָבן זיי, אונטערן גומען אַרונטער, געזייגט פון איין ברוסט; זיינע קרובים — פעטערס, מומעס, קוזינען, וואָס ער איז מיט זיי פון איין לייב. ווי האַלט ער זיך אָן זיי אין דער ליידיקייט פון אַרום? אַלע זיינע חברימלעך פון הויף; די שכנים פון גאַס, פון שטאָט; אַלע יידן — פון די שטעט און מדינות אַרום — אַלע זענען זיי איצט צעוואָרפענע קופּעס אַש, נאָר ער ליגט דאָ אַ יש! מען קאָן אים אָנטאָפּן! ער האָט באַנומען, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ שטראָף געפאַלן אויף אים. עס בלייבט נאָך נישט ביי דעם: דאָס שטעלט מען מעגלעך אים אונטער אַ לויער אויף ווייטער, אָבער פאַר וואָס דווקא אים? פאַר וואָס קומט דאָס — אים? ער איז ווידער אַריינגעפאַלן אין דרימל ווי אין לאַבירינטן, און נישט געוואָלט מער אַרויס. ער איז פאַרזונקען אין חלומות, איז טיף אַריין אין זיי. זיי האָבן אים געצויגן אין זיך, פאַרשוועגקט; איבער אים זיך אַריבערגעגאָסן; צו מאָל זיך אַריבערגעפלייצט ווייט איבער זיין היינטיקער עקזיסטענץ, — נאָר דאָ האָט אים געגרייכט דער עכאָ פון אסתרקעס קול; זי האָט אים געוועקט; אַראָפּגעלאָזט צו אים שטריק און פון דאָרט מיט אַלע כוחות אים געצויגן אַרויף. ער האָט געפּרוּווט זיך ראַנגלען קעגן איר, ווערן זיך, אָבער זי האָט אין אים אַריינגעשמייכלט, געלאָזט אים מאַכטלאָז, ביז ער האָט זיך אונטערגעגעבן. אויף אַ ווײַלע האָט ער אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ, ווי פון אַ וויטן דויער; זיך אַרומגעקוקט, זיך געכאַפּט, ווו ער איז, און — ווידער האָט ער געוואָלט זיך צוריקציִען, פאַרשווינדן אין די פאַרהוילענע מיליאָנען

יאָרן אַריין הינטער זיך, פון וואַנען ער איז אַרויס בלויז אויף אַן אויגנבליק — און פונקט אין אָט דער צייט!

ער האָט געוואָלט, נישט זיין; באַפרייען זיך פון דער שווערקייט פון גוף; און אפשר קאָנען אַוועקשוועבן, פאַרשווינדן ערגעץ אין די וואָלקנס און נעפּלען פון יענע זייטן באַרג, ווו עס זאַמלען זיך אַלע רויכן.

לייבל האָט אָבער אָנגעהויבן פּילן די אומגעזעענע פעדעם, וועלכע נעמען אים לייכט צוריקציִען. זיי וויקלען אים זיך אַרום די פיס; פאַרפּלאָנטערן, און האַלטן אים פאַרטשעפּעט דאָ אין לעיזען.

דאָס האָט אסתרקע לעצטנס אים גענומען ברענגען די גרוסן, אַז פיל געבליבענע פון די טאָלן האָבן אָנגעהויבן דאָ זיך זאַמלען. ווי איבערגעשראָקענע פייגל, נאַקעטע, אין דער פרעמד — וואַרעמען זיי זיך איינער אין אַנדערן. זייערע אונטערגעשאָסענע פליגל זענען אויסגעקראָכן — פאַרלייגן זיי זיך זיי אַרום די אַקסלען און טוליען זיך צוזאַמען. לייבל האָט פּלוצעם דערשפּירט זייערע פעדעם, וואָס ווערן צו אים פאַרוואָרפן. ער קען זיי נאָך נישט, די אַלע, אָבער זיי גרייכן שוין צו אים.

טייל פון זיי האָט מען איצט געטראָפן — מיט געליימטע הענט און מיט נאָכהענ־גענדיקע פיס אין די לופטן — אונטערגעלענט מיט קוליעס. פון צייט צו צייט זענען זיי דורך צווישן די בעטן אין די קליניקס און — געפּרוווט דערשמעקן זיך איינער דעם אַנדערן. מען האָט גלייך געזען, אַז דאָס זענען די, וואָס זייערע גופים זענען אָנגעפילט מיט אַש. זיי האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט, נאָר זענען ווייטער געגאַנגען, האָבן געשטעלט פאַרויס די דינע הילצערנע טריט; דאָס גרויע פּנים האָט, נישט צו באַוועגן מיט די אויגן, גלייכמעסיק זיך געריקט איבער די בעטן פון ביידע זייטן. די ליגנדיקע האָבן געוווּסט, אַז נישט זיי מיינט מען, האָבן זיי גלייכגילטיק זיי געלאָזט פאַרביי. נאָר דאָ און דאָרט האָט אַ קאָפּ פּלוצעם אומרויִק זיך געגעבן אַ הייב פון קישן. אַ קרומער בליק, און אויגן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן. די קוליעס האָבן זיך אַ ווענד געטאָן אין דער זייט.

געווען אויך אַנדערע, וואָס ביים דערנענטערן זיך צו זיי, האָבן זיי זיך פאַרגראָבן וואָס טיפער אין די קישנס און בעטגעוואַנט און אַריבערגעצויגן די קאָלדרעס איבער די פּנימער. זיי האָבן נישט באַוויזן צו זען, ווער עס רוקט זיך אָן, נאָר אַ נאָענטער שטראָם האָט זיי אַ ציי געטאָן צו זיך פון דעם אַריינגאַנג. זיי זענען — דערשראָקענע, גיך אַנטרונען אונטער זיך. לאַנג נאָך דעם האָבן זיי נישט אַרויסגעשטעקט די קעפּ. ס'רוב זענען דאָס געווען יונגע מיידלעך, ווי די האָלענדערין, וואָס האָבן, ווי שוואַלבן, נאָך נישט געהאַט אָנגענומען קיין פעדערן אויף זיך. מען זעט אַרויס די נאַקעטקייט פון זייערע לייבער.

אַזוי האָט ש. איצט אויך נישט געוווּסט, צי דאָס מיידעלע אין אויפבלי־עלטער, וואָס ליגט אויף זיין שטאָק, אויף דער עקיקער ווערענדע פון רעכטס — געהערט צו זיי; צי איז זי איינע פון די געקומענע. ער האָט זי קיין מאָל נישט געזען. הינטער זיין ווענטל האָט ער אָבער געפילט איר זיין דאָ. זי ליגט מיט אירע אברים אונטער דער וואַרעמדיקער זון און זאַפּט זי איין. זי יוירט אין זיך. ער האָט נישט געהערט, פון וואַנען מען האָט זי געבראַכט. בלויז איר שטילקייט האָט געמאַכט זיין האַרץ מיטקלאַפּן

מיט איר. אין די פאַרנאַכטן, ווען ער איז געווען אַליין, האָט ער פאַרנומען, ווי ער רופט זי דורך די ווענט „שוועסטערל מיינס". ער האָט דעמאָלט געבעטן, מען זאָל אים אַרויספירן פון צימער אויף דער וועראַנדע, ווו עס ליגן אַלע — נאָכן נאָכמיטאָג־שלאָף.

דער דרויסן איז אין די טעג שוין געווען שנייִיק־טרוקן. די זון האָט פאַרנאַכטיק רויט געלויכטן פון די אַנטקעגנדיקע באַרגשפּיצן. די שאַרפע לופט האָט ראָז געמאַכט די באַקן פון די געוויקלטע אין די בעטן. זיי זענען איצט געלעגן אַלע שטיל אויף די אָפענע וועראַנדעס. די ביימער־שפּיצן, וואָס האָבן זיי אַנגערירט די פנימער, זענען געווען ווייס געפרוירן. אויך די ווענט אונטן. זיי זענען געלעגן און פאַרנומען דעם היימלעכן געפילדער פון די גאַסן. אין דער שעה זענען פיל קראַנקע אַרויס פון זייערע פיר אײלן, האָבן געגידערט פון די שיפּועים און אַנגעפילט די טראָטואַרן. בלויז קוליעס, קוליעס, צו צווײ, און — אַ מענטש אין דער מיט. די קוליעס קלאַפּן אָפּ דין אין דעם אייז. שוועסטער פירן קראַנקע קינדער אין שליטלעך. אויפן שאָסיי לויפן פערד מיט סאַנקעלעך; ליגנדיקע קראַנקע, אַרומגעוויקלטע אין קאָלדרעס, פאָרן אין זיי אויף שפּאַציר. צו די גאַסן שפּרייט זיך איצט געגאַד — פון די לעיזענער בערג אַרויס.

ש. אַרומגעוויקלט ביזן האַלדז אין קלאָרן בעטגעוואַנט, האָט געהאַלטן זייטיק דעם קאָפּ ביי די ווערענדע־שטאַכעטלעך, און געקוקט אַראָפּ, אין דער ווינטער־אַליי. ס׳איז אים געווען וואַרעם אין גוף. ער האָט געזען די מענטשן וואָס גייען, ווערן געפירט, אַרום — אויף ווי ווייט דאָס אויג גרייכט. עס איז אים שאַרף, ביז ווייטיק, געווען קלאָר, אַז אויך ווען ער וואָלט נישט געווען, וואָלטן זיי אַזוי געגאַנגען דאָ, יעדער זיין וועג. עס וואָלט געווען פול. זיי וואָלטן אַלע אים נישט געקענט, פון אים נישט געוווּסט.

מיט אַ מאָל האָט ער מיטן אויג דערזען צווישן זיי אויפן טראָטואַר אסתרקען. אין שוואַרצע זאָקן מיט ווייכע שיכלעך האָט זי פאַרבייגעאײלט שנעל, ווי אַ קעצל אין זאָקן. בלויז זי גייט אַליין אויף די אייגענע פיס, נישט אונטערגעלענט. די פיס באַוועגן זיך ביי איר אַזוי עלאַסטיש פלינק. פון אַלע זייטן, פון די באַלקאָנען אַרום, האָבן קראַנקע, ווי פון גאַלעריעס אין די בערג, צו איר אַראָפּגעקוקט — מיט די הענט אויף די פאַסאַדן, און די קעפּ — אַריבערגעבויגן. אויגן זענען זי נאָכגעלאָפן, אונטן זיך געלייגט פאַר איר, זי אַרומגערינגלט. אויך די אויף די קוליעס אונטן — האָבן זיך אָפּגעשטעלט, זיך צערוקט אין דער זייט, זי דורכגעלאָזט אין דער מיט. זי איז צווישן די פאַרהאַלטענע קינדער־שליטלעך געגאַנגען. די פערד פון די סאַנקעס האָבן איינגעהאַלטן די פיס, אויסגעדרייט די קעפּ. זי האָט, אַ פאַרטוטענע אין זיך, געאײלט טיף אין דער אַליי — אַרומגענומען פון אַלע זייטן מיט קעפּ פון די ווערענדעס. זיי האָבן שטילשווייגנדיק פון אַרום און אַרום געקוקט אַראָפּ צו איר. זי איז צווישן זיי געגאַנגען ווייטער.

ש. האָט געוווּסט, אויך זי האָט דאָ נישט געדאַרפט זיין — אַרויף מיט איר געשטעל, נאָר — אַראָפּגעלאָזט, פלאַטשיק מיט דער ערד, אויסגעטרוקנט, לופט. זיי אַלע דאָ פילן די פולקייט פון איר גוף; ער שפּירט איר דורכזיכטיקייט. ער האָט געוווּסט, זי אײלט — נישט צו קיין ציל.

ער איז געבליבן מיט אסתרקעס לויפן אין זיך. זי אײלט איבער די גאַסן, הין

און צוריק. באַלד קומט זי ווידער. נישטאָ פאַר איר ווו צו לויפן ווייט — מיט אירע פלינקע פיס.

ער האָט געוווּסט, עס וואָלט איר געווען לייכטער, אסתרקען, ווען זי דערשפּירט אויך אין זיך אַ קראַנקען אבר, וואָס זאָל זי צושמידן; באַפרייען זי פון דער פלינקייט פון איר גוף. דערווייל טוליעט זי זיך צו לייבלען, צו דער וואַרעמקייט פון זיין דרימל; זי קאָן אין אים נישט אַריין — וועקט זי אים אַרויס.

און אפשר וועט דאָ זיך עפענען אַ וועג פאַר איר? פון אַלע זייטן וועלן זיי אַהער זיך זאַמלען, די רעשטלעך פון די טאָלן, וואָס די גופים זייערע זענען צו שוואַך צו טראָגן אין זיך זייער חיות; זיי זענען שוין מיד, די גופים, זיי ווילן זיך אַראָפּוויקלען, נאָר די נשמות לאָזן נישט זיי זיך אָפּטיילן; זיי האַלטן זיי אַרום זיך מיט כוח; ווילן נישט אָפּדעקן זיך אין חלל. אָט צווישן די רעשטלעך, וועט אסתרקע זיך דרייען; זי וועט אויך זיך אָנצינדן אַ ווייסן כאַלאַט און זיין זייער אַלעמענס שוועסטער. צווישן זיי אַלע וועט זי אפשר מער נישט פילן די בושה פון אירע גאַנצע אברים. מען וועט זי דאַרפן.

ער האָט שטיל אַרויסגעמורמלט „שוועסטערל מיינס". ער האָט נישט געדענקט, צי דאָס מיינט ער איצט דאָס שטיל־פאַרהוילענע מיידעלע אין דער פאַרמאַכטקייט פון זיין שטאָק, וואָס איר ווייטקייט מאַכט אים אומרויק, אָדער — זי, אסתרקען, וואָס איז — נישט די קראַנקן־שוועסטער, נאָר די לייבלעכע יונגע שוועסטער פון די אַלע, וואָס זענען דאָ געקומען און באַהאַלטן זיך אויס אין די פאַלדן פון דעם פאַרנאַכט.

לייבל האָט געפילט, אַז ער ווערט געצויגן פון זיי אַלע. נאָך מער ווי אַ מאָל אין געטאָ דאַרפן זיי אים. זיי ווייסן נישט זייער מאָרגן ווו אָנצוהענגען. ער האָט געוווּסט, אַז אויך אסתרקעס פיס ברעכן זיך אונטער איר; עס ציט זי אין איר דרימל אַראָפּ, נאָר זי באַהאַלט זיך פאַר אים. זי לויפט אין די גאַסן; זי האָט נישט קיין ווינקל, ווו זיך צוזאַמענצונעמען אין איר דרימל. אויך ער האָט געוואָלט זי וועקן — אַרויס־רופן זי. „אסתר!" — האָט ער גערופן, און נישט געוווּסט, צי זי פאַרנעמט דעם עכאָ אין זיך. די ווערטער האָבן אין איר זיך אָנגעשלאָגן. זי האָט צו אים פון זיך אַרויס־געשמייכלט. צו מאָל האָבן זיי ביידע — זייענדיק אין צימער, יעדער אין זיך אַריינ־געזונקען — מיט אַ מאָל אויפגעהויבן די קעפּ. זייערע אויגן האָבן זיך אָנגעטראָפן. זיי האָבן ביידע געוווּסט, זיי האָבן זיך געכאַפּט איינער דעם אַנדערן. זיי האָבן שמייכ־לענדיק זיך געדראָט.

אויך די אַנדערע, וואָס זענען יעדן טאָג איצט געקומען אַהער מיט זייערע קראַנקע אברים — האָבן זיך געזוכט אַ וועג צו אים. זיי זענען געקומען עלנטע; נישט פון טאַטע־מאַמע געבוירן, נאָר פון גאָט אַליין. צו יעדן פון זיי האָט ער געוואָלט זיך צושאַרן, זיין צו אים אַ ברודער. מער — האָט יענער קיינעם נישט. ער האָט געזוכט פון זיך אַרויס אַ וואָרט פאַר יענעם, נאָר פאַר אים אַליין, ווי זיין מאַמע וואָלט צו אים גערעדט, דערלאַנגט אים דאָס וואָרט — אין דעם זיך אָנצוהאַלטן. ער האָט געשפּירט, יעדער איינער פון זיי איז נישט בלויז ער אַליין, נאָר אַ שבט, אַ משפּחה;

אַ נצר פון אַ שטאַם, וואָס נאָך אַזאַ איינער איז נישט פאַרבליבן; נאָך אַזאַ איינער ווי ער אַליין איז אויך נישטאָ; ער האָט דערפילט יענעמס שורש. זייערע לעבנס טריפן אין אים אַריין — מער נישט צו שיידן זיך. צו מאָל האָט אים געדאַכט, ער פאַרראָט יעדן פון זיי — מיט די אַנדערע. מיט יעדן איינעם בינדט אים אַ סוד — נאָר מיט אים. יענער דאַרף אים אין גאַנצן בלויז פאַר זיך. זיי קאָנען מער נישט טיילן זיך מיט נאָענטקייט. זיי דאַרפן האָבן גאַנצע טרייסט. ער האָט געוווּסט, נאָר גאָט אַליין קאָן יעדן פון זיי טרייסטן.

דאָס באַנדל האָט איצט נישט אויפגעהערט צו ברענגען פון אונטן אַרויף — די מענטשן. ווי אונטערגעשניטענע, איינצלנע ביימער פון גרויסע אויסגעהאַקטע וועלדער. מען האָט זיי אַוועקגעלייגט אין לאַנגע נאַכטהעמדער ביז אַראָפּ, איבער די קני. דער וועג האָט דערוויייל געפירט בלויז אַרויף אַהער; צו די פיר איילן אין די קליניקס. די בעטן האָבן דאָ געוואַרט גרייט אויף זיי. לייבל האָט יעדעס מאָל ביים הערן דאָס פייפן פונעם באַנדל, וואָס הייבט זיך שווער איבערן רוקן פונעם באַרג — פון דאָס ניי דערפילט דעם אומרו פון זייער אַליינקייט.

מיט אַ מאָל האָט ער זיך דערמאָנט: און וואָס איז דאָרט מיט די אַלע אַנדערע, די אַנטרונענע פון די טאָלן, פון לאָדזש, די געזונט־געבליבענע, וואָס האָבן נישט ווו אַהינצוטאָן זייערע גופים? זיי וואַנדערן ערגעץ אין די וועגן פון פלאַכלאַנד. ווהין פירט זיי זייער גאַנג? ער איז פון זיי אָפּגעריסן; זיי דערווייטערן זיך, און ער בלייבט דאָ. ווען וועט ער זיי גרייכן?

לייבלס בלוט האָט געהוישט פון דער צייט אין זיך. ער האָט אין בעט זיך געפילט ווי אַ געבונדענער. יעדער טאָג לויפט אַוועק. ער וועט פאַרשפּעטיקן; זיי נישט אָניאָגן. דאָ אין לעיזען איז אָפּגעשטעלט די צייט, איינגעהאַלטן. זי ליגט אַ געבונדענע. דאָרט לויפט זי דערוויייל הפקר. זי וואַרט נישט. זיי בלאָנדזשען. זיין אָרט איז דאָרט צווישן זיי.

פּראָפ. ראַליער האָט געזאָגט, אַז איינער פון די כללים געזונט צו ווערן דאָ, אין לעיזען, איז אַראָפּבייגן דעם קאָפּ און לאָזן די צייט דורכלויפן איבער זיך; אַליין בלייבן הינטערשטעליק הינטער איר, זי זאָל דיך פאַרגעסן.

אַליין האָט ער, פּראָפ. ראַליער, געדרייט זיך דאָ, אין לעיזען, ווי אַ געמיטענער פון איר. זי האָט אים פאַרגעסן, די צייט. ער איז געוווען דער גרינדער פון דעם אָרט. אַרום אים זענען זיי שוין לאַנג אויסגעוואַקסן, די גאַסן און הייזער, און ער איז אַלץ געבליבן — ווי אַ מאָנומענט נאָך זיך. ער דרייט זיך אַליין אַרום צווישן אַלע — הויך, נישט־געבויגן, מיט אַ געקאַרבטער הויט, ווי אַ געריינצלטע סטאַטוע. זיינע אַסיסטענטן זענען לאַנג אים שוין אַריבערגעוואַקסן — אַליין געוואָרן אַלטע פּראָפּעסאָרן, און ער, ווי אַ געשטאַלט פון פאַרגאַנגענע דורות, וואַרפט אַ שאָטן איבער אַלע ליידיקע פּלעצער און הייף. ווו ער באַווייזט זיך — צערוקט מען זיך, מען מאַכט אַ וועג, שטיל — אים דורכצולאָזן. ער איז געגאַנגען אין די קאָרידאָרן, איבער די וועראַנדעס, מיט זיינע אַלטע אַסיסטענטן, און די קראַנקע האָבן אונטער זיינע לאַנגע מאַסיווע הענט געשוויגן, אים אונטערגעשטעלט די לייבער, ווי דער שעפער אַליין וויל זיי איבערקנעטן. נעבן אים, האָבן זיי געגלייבט, וועלן זיי קאָנען אַדורך די פאַרגאַנגלעכקייט

פון צייטן. דאָס איז דער באַשעפער, וואָס דרייט זיך נאָך אַליין אַרום אין זיין באַשאַף. ער האָט פאַרגעסן צו פאַרשווינדן, ווערן לעגענדע. עס איז געוועזן שווער צו באַנעמען, אַז דער וואָס שענקט לעבן טויזנטער דאָ, יאָר נאָך יאָר — איז נאָך אַליין בשר ודם; ער איז נאָך נישט אויסער דעם דויער פון דער צייט. מען האָט מורא געהאַט, ווען מען וועט אים אויסטאָן פון די שטייפע קליידער, פון דעם קראַגן מיט פאַסקעס — וועט דער פרעכנע גוף זיך צעפאַלן. אָדער גאָר איז ער אונטער די קליידער שוין געגאָסן אין אַלטן שטאָל?!

לייבל האָט געוואָלט שיקן שליחים אונטן אין פלאַכלאַנד, צו זיי אין די ווייטקייטן — זיי זאָלן אויף אים וואַרטן. ער וועט שפּעטער זיי אָניאָגן. אַלץ וועט דעמאָלט פון דאָס ניי זיך אָנהייבן. דער עיקר — איבערוואַרטן. ווו אָבער? אפשר זאַמלען זיך אין חלל? דאָרט אונטער די וואָלקנס, וועט זי, די גאַנצע עדה, בלייבן שטיין אין קיינעמס לאַנד און וואַרטן.

עס זענען אַהער איצט געקומען אָפּגעשטאַנענע אין וועג, וואָס האָבן ווייטער נישט געקאָנט גיין. מען האָט זיי דאָ אַרויפגעטראָגן. זיי האָבן דערציילט, אַז אונטן דרייט מען זיך אַלץ אויף איין אָרט. די וועלט איז פאַר זיי קיילעכדיק — זי פירט צוריק און שליסט זיך — דאָרט, ווו מען איז אַרויס. מען רינגלט זי אַרום און אַרום, ווי אַ באַרג. מען גייט קיין מאָל נישט אַוועק ווייט פון אָנהייב. אויך לעיזען ווערט אַרומגענומען.

עס זענען צווישן זיי געבראַכט געוואָרן אַזעלכע, וואָס מען האָט געדענקט פון פריער, נאָך פון יענע ערשטע טעג, פון אויפצומאַרגנס. מען האָט געמיינט, מען וועט זיי שוין קיין מאָל מער נישט באַגעגענען; די מרחקים לייגן זיך צווישן אונדז און זיי, און — אָט זענען זיי דאָ; זיי באַווייזן זיך.

אין איינעם פון די פאַרנאַכטן האָט מען אַרויפגעבראַכט די פרוי נעלקין, די לעצטע פון דער טויטער שטאָט. גרויליכע פעדעם האָבן איצט שוין דורכגעשלייפט אירע שוואַרצע האָר. זי האָט מיט זיך געבראַכט אַ פרישן אָנזאָג; אַ קינד איז דאָ אין אירע געדערעם. פון זיך אַליין הייבט אַלץ אָן זיך פון דאָס ניי.

אים אַליין, דעם מאַן פון פרוי נעלקין, האָט מען געהאַט פאַרכאַפּט באַלד דעם ערשטן טאָג. ער איז אַרויס און נישט צוריקגעקומען. שפּעטער אונטערן בוידעם־דאַך איז זי געוועזן באַהאַלטן צווישן רעשטלעך שכנים. די לעצטע רגע איז זי אַהער אַנטלאָפן; דאָס זייגקינד — אין די אָרעמס. דעמאָלט איז די שטאָט שוין געוועזן אויסגעשטאָרבן. צווישן די שכנים אויפן בוידעם איז זי געזעסן ענג — מיט די פיס אונטער זיך. זיי האָבן פאַרשטאָפּט די שפּאַרעס אַרום, נישט צו הערן פון דער ווייט די אויפרייסן פון די אויסגעליידיקטע הייזער. שוין עטלעכע טעג איז זי נישט מיד געוואָרן צו שטופּן דעם וואָרצל אין קליינעם מיילעכל אַריין, און ער האָט אויסגעשפּיגן. אין דער שטילקייט האָבן שפּעטער זיך געהערט שווערע טריט איבער די טראָטואַרן. זיי דערנענטערן זיך. באַלד זענען די טריט געוועזן נאָענט. זיי זענען אַריין אין טויער פון הויז. מען האָט פאַרנומען, זיי הייבן זיך שווער איבער די שטיגן. און מיט אַ מאָל האָט זי געוווּסט, דאָס קליינע איז זיך פאַרגאַנגען אין אַן אויסגעצויגענעם געוויין. ער העשעט. זי האָט געפּאַקט זיין קעפּל זיך אין די צעעפנטע בריסטן. זיין געיאָמער איז אַריין גלייך אין

איר לייב. זיי זענען שוין געווען אין הויז. עמעצער נעבן איר, אַ שכן, מיט אַרויס־געזעצטע אויגן, האָט געשטופּט קישנס איבערן קעפּל. זייערע טריט האָבן זיך שוין געהערט אונטערן בוידעם־דיל מיט אַן עכאָ איבערן ליידיקן הויז. דער דיל אונטער איר האָט געציטערט. דער געיאָמטער אונטער די קישנס איז געווען פאַרטויבט. אַ רגע האָט זיך געהערט אַ קייכן. זיי זענען געווען אין צימער אונטן. הענט האָבן געוואָרפן נאָך קישנס. זי האָט מיט איר האַלבן קערפּער זיך געבויגן איבער אים. אויגן פון אַרום האָבן זי געליימט. אירע אברים זענען געווען אָפּגענומען, ביז — זי האָט געפילט, ווי דאָס קערפּערל איבער איר שויס גיט עטלעכע שטאַרקע צאַפּל; עס דריגעט אָפּ.

שפּעטער, ווען די טריט אונטן האָבן זיך דערווייטערט אויף דער גאַס — האָט עמעצער פון איר שויס אים אַרויסגעצויגן, מיט נאָכהענגענדיקע הענטלעך און פיסלעך.

יאָרן איז זי נאָך דעם געלאָפן, אַליין — איבער די וועגן. די מילך און די זאַפטן האָבן שוין לאַנג געהאַט איינגעטריקנט אין איר גוף.

אויף צו מאָרגנס, נאָכן עפענען די טויערן, האָט פרוי נעלקין, אומקערנדיק זיך אין דער טויטער שטאָט, דאָרט קיינעם מער נישט געטראָפן. בלויז אין אַ ווינקל אויפן בוידעם איינער אַליין, איז אַלץ געזעסן דער שכן, דער מיט די אַרויסגעזעצטע אויגן, וואָס האָט געשטופּט די קישנס איינס איבערן אַנדערן.

איין זייט פון זיין פּנים איז ביי אים איצט געווען געקנייטשט, ווי ביי אַ זקן; די צווייטע — פריש, ווי ביי אַ ייִנגל. פון איין געקנייטשטן פּראָפיל האָבן גראָב געשטאָכן האַרט־גרויע האָר, מידע; און פון צווייטן — האָבן אַרויסגעשפּראָצט פרישע בלאָנדע הערעלעך. זי איז געזעסן אים אַנטקעגן. אויך זיינע אויגן זענען געווען — איינס, דאָס רעכטע — ווייס, ווי ביי אַ בלינדן, און דאָס צווייטע, דאָס לינקע — העל־בלוי, ווי ביי אַ קינד. באַלד האָט זי געזען די וואָנצע, וואָס שפּרייט זיך אים: רעכטס — ווייס־פאַרגעלט; לינקס — בלאָנד־זאַנגיק. איר בליק האָט אַזוי אים אַרומ־גענומען דאָס גאַנצע פּנים: די רעכטע זייט — אַ נאָכהענגענדיקע, לאַנג אַראָפּ; און די לינקע — אַ רונדיקע, פריש־שפּראָצנדיקע.

ער האָט געזאָגט, אַז דאָ, זיצנדיק די גאַנצע צייט איינגעשטייפט, אויפן בוידעם — האָט דער גוף אים גענומען אַלט ווערן — דערווייל בלויז פון איין זייט. די זיקנה וועט מסתמא ביסלעכווייז אויך זיך ציִען, שפּרייטן, איבער דער גאַנצער לינקער זייט אַריבער.

שפּעטער האָט ער זי מיט זיך גענומען אויף די וועגן. ביז איין מאָל, אין לאָדזש, האָט זי דערשפּירט, ער האָט מיט פרישע זאַפטן אָנגעפילט איר גוף.

מיט אים אין איינעם איז זי שוין געגאַנגען איבער די לענדער, ביז פון דער יוירנדיקער פולקייט האָבן די פיס אונטער איר זיך געבראָכן. ער האָט געמוזט פאַר־קירעווען דעם וועג, זי אַרויפברענגען אויפן באַרג. דאָ האָט זי מיט איר בויך זיך איינגעשלאָסן אין צימערל, און ער האָט כסדר געוואַכט פאַר איר טיר.

לעיזען האָט איצט געוואַרט. דאָס דאַרף זיין דאָס ערשטע קינד; ווי וועט עס אויסזען? דער דופק פון אַלע ליגנדיקע האָט מיט דעם מיטגעקלאַפּט. אויך די מענער האָבן דאָס נפשל געפילט אין זיך — מיט די הענטלעך און פיסלעך. עס האָט אין זיי זיך באַוועגט, זיי געהויבן די געדערעם, געקאָפּעט זיי אונטערן האַרץ. זיי האָבן אַלע געטראָגן אין זיך מיט אַ נייעם דור.

ש. איז געווען אומרויִק. אַ נײַ לעבן פּיקט זיך. מיר הייבן שוין ווידער אָן, ווי די חיות אין וואַלד. ער האָט נאָך געטראָגן אין זיך דעם פֿאַרטויבטן קינדער־געוויין פֿון אַלע פעלדער און וועגן.

אין עטלעכע טעג אַרום איז אויפֿן באַרג אַרויפֿגעקומען נאָך אַן אָנגעפּילטע יונגע פֿרוי — אַ בלאָנדע, מיט גרויע זילבער אויגן. זי איז פֿאַרגאַנגען אין טראָגן אויף אַ פעלד — אויך צו מאָרגנס נאָכן אַרויס פֿון טאָל. איר באַגלייטער האָט זי נאָך דעם געפֿירט בײַ דער האַנט — אויף הינטערוועגן, וואָס ציִען זיך צו לענדער און ימים. ער האָט געגלייבט צו קומען ווייט ביז אין דער רעפּובליק. איר שווערקייט אין גוף האָט אָבער אים אָפּגעהאַלטן אין גענײַ — האָט אויך ער זי דאָ אַרויפֿגעבראַכט אויפֿן באַרג, כדי איבערצוּוואַרטן. אַליין איז ער אַוועק. אין די נעכט איז ער ווײַטער געצויגן. צוזאַמען מיט אַנדערע האָט מען — אין דער פֿינצטערניש — זיך געשאַרט צווישן ביימער און אַלטע וואָרצלען — טיף אין אומענדלעכע וועלדער. זיי זענען אַריבער — טײַכלעך און גרענעצן. אין דער שטילקייט האָבן צווייגלעך זיך געבראָכן אונטער זייערע פֿיס. דרימלענדיקע חיהלעך זענען פֿאַר זיי ווייך אַנטלאָפֿן אין מאָך. ער האָט איר געהאַט צוגעזאָגט, אַז ווען ס'וועט קומען די צײַט פֿון דערמאָנונג — וועט ער זי געדענקען מיטן קינד; ער וועט קומען, פֿון דאַנען זיי אויפֿברענגען מיט זיך.

נישט אין קיין קליניק האָט זי דאָ געווּוינט, נאָר אין אַ זײַטיק געסל אויפֿן באַרג־שפּיץ; אין אַ געדונגענער דירה, בײַ אַן אַלטן מוזיק־לערער. ער האָט נאָך זײַן קראַנקייט אויף די אויערן, וואָס האָט אים געמאַכט פֿאַרלירן זײַן געהער — געוואָלט אויפֿן באַרג, דאָ, ווי אַ נזיר, אויסלעבן זײַנע יאָרן. מער נישט אײַנזאַמלען אין זיך קלאַנגען, נאָר זיי אַרויסגעבן פֿון זיך. ער איז אָבער דאָ געוואָרן וואָס אַ מאָל טויבער; פֿאַרמאַכט אין זיך, ווי די בערג־וועגנט אַרום.

בײַ אים האָט זי געהאַט אַ צימערל איבערן דאַך. אין די נעכט האָט זי פֿון דאַנען אַראָפּ זיך אײַנגעהאָרכט אין דעם גערויש פֿון די ווײַטקייטן, פֿון די פֿינצטערע וועלדער, וואָס פֿאַרשלינגען אין זיך טריט. דער אַלטער מוזיקער אונטן בײַ זיך האָט געוווּסט, אַז זי אויבן איז וואַך, זי היט אים מיט איר געהער. אויף זײַן קלאַוויר האָט ער איצט גאַנצע נעכט געשפּילט; ער האָט באַגלייט יעדן ווײַטן שפּאַן, וואָס האָט טויב אָפּגערוישט אין איר. זײַנע קלאַנגען האָבן פֿון דאַנען, אין דער נאַכט־שטילקייט, אַראָפּגעהילכט איבער גאַנץ לעיזען. ער האָט זיי נישט געהערט מיט די אויערן. ער האָט בלויז געפֿילט, זײַנע פֿינגער טאַפּן ווייך איבער די גלאַטע קלאַווישן, ווי איבערן אייגענעם לײַב. ער האָט געמיינט, אַז בלויז ער אַליין פֿאַרנעמט אין זיך דעם ניגון.

זי האָט, זיצנדיק געבויגן איבערן טיש, מיט דעם קאָפּ צווישן די הענט — מיט די אויערן אַלץ געהאָרכט דעם רויש פֿון ווײַטע טריט, וואָס ווישן די וועלדער, באַגלייט פֿון זײַנע אויפֿפֿלאַצנדיקע טענער. זיי פֿאַרטויבן די נאַכט אַרום.

אין די נעכט אויף זײַן געלעגער איז לייבל צוזאַמען מיט איר געווען אײַנגעהאָרכט אין די ווײַטקייטן; אין די טריט, וואָס שאַרכן דאָרט אָפּ.

שפּעטער, ווען עס זענען אַדורך וואָכן, האָט דער צושטראָם קיין לעיזען זיך פֿאַרברייטערט. עס האָבן דאָ זיך שוין באַוויזן אויך מוטערס מיט געבוירענע קינדער. זיי האָבן זיי מיט זיך געבראַכט. די אָפּגעוועלקטע מוטערס, מיט די קינדער אויף זיך,

האָבן אויסגעזען, ווי חורבה־ווענט פון וועמענס שפּאַלטן עס האָבן אַרויסגעשלאָגן גרעזלעך.

אַזוי איז זי אַהערגעקומען, די יונגע מאַמע פון פּראָג מיט איר ייִנגעלע. אויפן דאָרטיקן פּרעמדן בית־עלמין האָט זי אים געבוירן. זי איז געווען אויסבאַהאַלטן מיט איר מאַן — אונטער דער דעק־פּלאַטע אין אַ קבר. זיי זענען געווען אַ חודש נאָך זייער חתונה. אין איינער אַ נאַכט, ליגנדיק אינעווייניק, אַרומגענומענע, האָט ער געזאָגט, ער ווייסט, מאָרגן איז זיין לעצטער טאָג; ער וויל זי נישט איבערלאָזן אַליין. ער האָט דעמאָלט זי איינגעבעט אונטער זיך מיט דער פּלייצע אין דער ערד, און פון זיך אַרויס, געלאָזט וואָרצלען אין איר. זי האָט אים, פון אים אַרויס — אויף ס׳ניי אויפגע־נומען אין זיך. פאַר טאָג האָט ער זיך געשיידט. ווען ער איז נאָך דעם אַרויס זוכן שפּייז — האָט אַ פּרעמד אויג, אַ פאַרגרעסערטס, אים אַרומגעקרייזט. באַלד האָט עס זיך געשלאָסן, ווי אַ נעץ, אַרום אים. ער איז נאָך דעם געגאַנגען אין די געפירטע רייען — מיט זיכערע טריט. ער האָט געוווסט, דער עיקר איז דאָרט געבליבן; אים קאָנען זיי שוין נישט צונעמען; ער האָט זיך איבערגעגעבן־טפּערט אויף ווייטער. נאָר זיין אָפּבילד האָבן זיי דאָ.

זי האָט נאָך דעם דאָס קינד געוווּנען צווישן די שמאָלע ערדענע ווענט, מיט דער פּלאַטע — איבערן קאָפּ. ווי אַ בלום האָט זי דאָס ניי־געבוירענע פאַרזעצט אין דער ערד־וואַרעמקייט.

פון יאָרן ליגן מיטן רוקן איינגעבעט אין דער ערד, האָבן אין איר פון אונטן אַריינגעשפּראָצט ווייסע וואָרצלען. זיי האָבן אין איר געלייגט זייערע זאָמען, זענען אין איר איינגעוואַקסן. ער פלעגט פון איר גוף זייגן זייערע קוואַליקע זאַפטן.

מיט אים אויף דער האַנט איז זי איצט געקומען אויפן באַרג אַרויף. ער איז געווען אַ גרויס געוואַקסענער, קרעפטיק, ווי פון דער ערד אַרויס. די דאָקטוירים האָבן ביסלעכווייז אים דאָ אַנטוויינט פון די זאַפטן. די וואָרצלען — אַרויסגעצויגן פון איר קערפּער.

און נאָך אַ מוטער מיט אַ קינד איז דאָ געקומען.

געווען איז דאָס אַן אלמנה מיט גלאַטע בלויע האָר. זי האָט נישט געהאַט קיינעם, נאָר דאָס מיידעלע פון פינף יאָר, מיט גרויסע העלע אויגן. די מאַמע, האָט מען געזען, איז איר חברטע. זי ליגט, אַ פאַרטראַכטע, און די קליינע רייט אויף איר, ווי אויף אַ פערד. זי שלעפּט זי ביי די אויערן, און שרייט: „וויאָ, וויאָ!". ווען זי איז געלעגן טרויעריק, האָט די קליינע פאַר איר געזונגען לידלעך: „שלאָף, שלאָף, מאַמעניו". שפּעטער איז זי שעהען אויפגעווען נעבן איר אין בעט און געקוקט ווי די מאַמע דרימלט.

דער אלמנהס ביינער האָבן איצט געטריקנט, די קליינע האָט זיי געלעקט, באַהויכט, און זיי איר פייכט געמאַכט.

באַלד האָט מען געוווסט, די אַלמנה איז אַ טאָכטער פון אַ פּרעמד פאָלק. דאָס האָט אירס אַ ייִדישע חברטע, איידער מען האָט זי אַוועקגענומען — איר פאַרטרויט איר קינד. זי איז מיטן מיידעלע געבליבן אַליין. די חברטע מיט איר מאַן זענען מער נישט געווען. מיטן קינד איז זי געלאָפן פון שטאָט צו שטאָט, און שפּעטער, ווען אַלץ

איז געוועז אויס, האָט זי אויף זיך שוין געהאַט די סימנים פון דער ערשטער געעלטערטקייט.

„שלאָף, שלאָף, מאַמעניו!״ — האָט דאָס קינד איצט זי איינגענומען, און מיט די בעקעלעך איר אויסגעווישט די אויגן. פאַר נאַכט האָט מען זיי ביידע געזען שפּאַצירן האַנט ביי האַנט, צווישן די ווילי̇עס פון די זייטיקע געסלעך.

אין איינעם אַ נאָכמיטאָג איז זי, די געעלטערטע אלמנה, מיט דעם מיידעלע, אַוועק צו לייבלען. דאָס קינד איז געזעסן אויף איר שויס, מיט די הענטלעך פאַרלייגט אַרום איר האַלדז.

זי האָט לייבלען דערציילט, אַז דאָס האָט די צוואה פון דעם מיידעלעס עלטערן זי געטריבן ביז אַהער. זי האָט זיי, פאַרן שיידן זיך, געגעבן תקיעת־כּף, אַז זי וועט זייער קינד צוריקקערן צו זייער שטאַם. דאָס איז געוועזן זייער ווילן. אין פּוילן זענען איצט מער נישטאָ קיין יידן — האָט זי עס געפירט ביז אַהער. ווען עס וועט גרויס ווערן — זאָל עס וויסן פון וואַנען עס איז אַרויס. צוזאַמען מיט דעם מיידעלע, וועט זי ווייטער גיין אין די פוסטריט פון איר שטאַם. דאָס מיידעלע האָט מיט אומצוטרוי געקוקט צו לייבלען. עס האָט איר געדאַכט, ער וויל, דער פרעמדער, אַריינזעצן עפּעס צווישן איר און איר מאַמען. זי האָט נאָך שטאַרקער אַרומגעקלאַמערט איר האַלדז.

אויף צו מאָרגנס איז פאַר לייבלס פענצטער פאַרביי איינער — אַ הויכער, אַ דאַרער. אויפן געבויגענעם רוקן האָט ער געטראָגן אַ פּעקל. אַ גאַנצן טאָג האָט ער פון דער ווייטנס אַרומגעקרייזט דאָס הויז און צו דעם זיך נישט דערנענטערט. ווען אסתרקע האָט געוואָלט צו אים אַראָפּ — איז ער גיך אַוועק. לייבל האָט דאָס געזען אויבן פון פענצטער. עס האָט נישט לאַנג געדויערט, האָט זיך פאַרשפּרייט די שמועה, אַז דאָס טראָגט יענער אויף זיך נאָך פון טאָל די ביינער פון זיין יינגעלע; ער איז מיט זיי פון דאָרט אַנטלאָפן. אויך ביי נאַכט האַלט ער זיי אונטערן קישן. ער איז נאָך אין מיטן אַנטלויפן.

אויך אַנדערע האָבן איצט גענומען זיך דרייען אַרום לייבלס הויז, און געפּרוווט זיך דערנענטערן. די שכנים האָבן שוין אויך באַמערקט, ווי אין די פאַרנאַכטן רינגלען זיי אַרום זיין הויז, אָבער זיי קאָנען נאָך צו אים נישט גרייכן. ער אַליין האָט געזען דורכן פענצטער די ראַנדן פון זייערע אויסגעדרייטע קעפּ, ווי זיי דערווייטערן זיך.

עס איז איצט געווען אַ מורא, אַז אויך דאָ, אין דעם רויִקן אָרט, זאָל זיך נישט מאַכן אַ בונט. עס שאַפן זיך צוויי מחנות. פון איין זייט די וואָס צעשטערן די רו, טרייסלען אויף דעם באַרג. פון דער אַנדערער זייט, דער שפּילצייג־סוחר מיט זיינע קאַמעראַדן, די וואָס ווילן זיך באַפרייען פון נעכטן, נאָר די פון די טאָלן לאָזן נישט. אויך דאָ וואַרפן זיי זיך אין די אויגן. עס איז געוועזן אַ קלער, אַז אין דער שטיל שאַפן זיך ווידער די צוויי מחנות, נאָר דערווייל מיידן זיי זיך נאָך אויס.

פּראָפ. ראַליער מיט זיינע אַסיסטענטן האָבן געשוויגן. אויך זייערע קראַנקע איבער די קליניקס. מען האָט נישט געוווּסט, צי זיי כאַפּן זי שוין אויף, די שטילקייט, וואָס ווערט אָנגעלאָדן, אָדער נאָך נישט.

געווען אויך געקומענע פון דאָרטן, וואָס מען האָט נאָך נישט באַנומען, צו וועלכער מחנה זיי געהערן. זייער גוף איז געווען אַרומגענומען ווי מיט אַ פלאַסטישער הויט.

מען האָט נישט געוווּסט, ווען זיי באַהאַלטן אין איר אויס — צי דעם קרבן, צי זיין באַצווינגער.

אַזוי האָט דאָ זיך געדרייט איבער די קליניקס, אונטערגעשפּאַרט פון ביידע זייטן מיט קוליעס, איינער אַ הויכער מיט אַ פּליך, מיט אַן אויסגעגלייכטער שטראָמער פּלייצע. ער האָט ווי אויפגעדעקט דעם סוד, וואָס אַלע באַהאַלטן. ער האָט געשריגן איבער די קאָרידאָרן, אַז ער קומט פון די טאָלן; דאָרט האָט מען אים געוויקלט די פּיס אין די רויכן. עס טוט אים ווייִ, נאָר ער ווייסט נישט ווו. די האַנט האָט אים זיך געגליטשט איבערן גאַנצן גוף. דאָס פּנים איז ביי אים געווען גלאַטיק פאַרצויגן, פאַרשוואָלן, ווי ביי אַ קרעט. מען האָט אים נישט אַרויסגעזען די אויגן. פּראָפּ. ראַליער מיט זיינע אַסיסטענטן האָבן איצט כסדר געפּאָרשט זיין קראַנקייט און זי נישט געקאָנט אויס־געפינען. ער האָט אויפגעשריגן פון ווייטיק, יעדעס מאָל, ווען מען האָט אים געטאַפּט די אברים.

ער איז געווען אַ זינגער, מיט אַ באַס־שטימע. מען האָט דאָס דערקענט אויך ביי זיין שרייען. די האַלדז־בענדער זענען אים געבליבן פריש, נישט פאַרלעגן. מען האָט נישט געוווּסט, ווו ער האָט זיי געניצט בעת דער מלחמה. די ווייטיקן זיינע זענען געווען פרישע, נאָך נישט איינגעשטילטע. אויך ער האָט זיך געזוכט אַ וועג צו לייבלען, ער זאָל אים אויסהערן. מען האָט געהערט, ער פרעגט זיך אויף אים נאָך.

לעצטנס האָט אויך זיך באַוויזן אַ הויך־צעוואַקסן בלאָנד מיידל, אַ דיקע און אַ ברייטע, מיט וואַסערדיק־בלוילעכע אויגן. זי אַליין האָט געזאָגט, אַז זי ווייסט נישט, ווו איר אָרט איז. זי האָט געזוכט אַ טיר, ווו צו ווענדן זיך, צו פרעגן וועגן דעם. דערווייל איז זי געבליבן מיט זיך. איינע אַליין האָט זי זיך גענומען אַ צימער אין אַ קליניק.

געווען אַ חשד אַז איין האַלבער קערפּער אירער געהערט צו איר מאַמען, מיט איר יידישער משפּחה, וואָס פון זיי אַלע זענען געבליבן נאָר געבערגלטע אַש־קופּקעלעך; בלויז זי איז זייער יורש; דער צווייטער האַלבער גוף אירער — שטאַמט פון דעם גערמאַנישן טאַטן, וואָס איז געווען פון די שומרים אין די טאָלן. עס האָט טאַקע באַלד זיך פאַרשפּרייט אַ שמועה, אַז איצט זיצט ער אַ פאַרשלאָסענער, און וואַרט אויף זיין משפּט. זי זאָל זיין פאַרוואָרצלט אין זיי ביידע.

פּראָפּ. ראַליער האָט זי אונטערזוכט און פעסטגעשטעלט, אַז דער גאַנצער גרויסער קערפּער אירער איז קראַנק. אַזוי אַלע אברים. עס ציט זי אַראָפּ. ערגעץ, אין איין זייט, וועט זי לסוף מוזן זיך נייגן. ער האָט נאָך נישט געוווּסט, אין וועלכער. צו מאָל האָט אים זיך געדאַכט — אין דער זייט, אַ מאָל — אין יענער.

וואָכן זענען געלאָפן און זי איז אַלץ געווען אַליין אין איר צימער אין קליניק. אין די נעכט, האָט מען געהערט, קאָן זי מער נישט איינשלאָפן.

גיך האָבן זיך געהערט קלאַנגען, אַז דער צעוואָרעמטער גוף פון מישלינג בענקט נאָך עמעצן. זי ווייסט נאָך נישט נאָך ועמען — צי מיט פיזישן, צי מיט גייסטיקן כוח. אין די נעכט, האָט מען געשמועסט, שפּירט זי, זי גיט ביידע זיי זיך אונטער. פאַר שרעק וויל זי תפילה־טאָן, נאָר זי ווייסט נאָך נישט, צו וועלכן גאָט. פאַר ביידנס נקמה האָט זי מורא.

אין איינעם אַ קאַלטן טאָג, ווען אין דרויסן האָט געגליווערט אַ פריש, ווייס, פרעסטל, איז זי, דער מישלינג, שטיין געבליבן פאַר ש.ינס טיר. באַלד איז זי אין דער שטוב־וואַרעמקייט געזעסן אַ שווייגנדיקע פאַר זיין בעט. ער האָט געהערט דעם רויש אין איר גוף. זי האָט פאַר אים געברענגט די מלחמה, וואָס דורות פירן אין איר. זי בענקט נאָך זיי ביידע — דער מאַמען און דעם טאַטן.

ש. האָט זיך דערפילט קליין. ער האָט געוואָלט אַנטלויפן פון דעם; ווידער בלייבן מיט זיך — אַליין. ער האָט זיך דערמאָנט אין די, וואָס זענען פאַרגאַנגען. ער האָט געוואָלט באַגרייפן דעם טעם פון זייער לעבן און פון זייער אַוועקגיין. זיי זענען ווייט. ער האָט בלויז געדענקט, זיי זענען געווען גאַנץ אויך ביי זייער פאַרשווינדן. זיין לעבן האָט נישט קיין סיבה. אפילו ווען ער גיט עס איצט אַוועק — וועט עס נישט האָבן קיין זין. ער וועט נישט וויסן דעם באַדייט.

דערווייל שטייט עס איבער אים, ווי אַן איינזאַמער הונט איבער אַ ביין. עס טראָגט אים צווישן די ציין.

זי דאָ מאָנט אַן ענטפער. ער האָט אים נישט איר צו געבן. די גרויסע יידן זענען מער נישטאָ.

ווען זי איז אַוועק, האָט אים זיך געדאַכט, ער איז נאָך קליין, אַ ייִנגל. ער איז אויף. ס׳איז די נאַכט פון הושענא־רבה; נאָך חצות. דער הימל שפּאַלט זיך איצט. מען וואַרפט אַראָפ קוויטלעך, געחתמעטע מיט יעדנס גורל. אַלע אין שטוב, די מאַמע מיט די שוועסטער, זענען שוין לאַנג אין די בעטן; זיי זינקען אין שלאָף; ער זיצט איבער אַלטע ירושה־ספרים מיט פאַרגעלטע בלעטער, און זאָגט תיקון. דער טאַטע לעבט שוין לאַנג נישט. ער דאַרף נעמען אויף זיך דעם עול פון די דורות, אים טראָגן ווייטער. מיט אַ מאָל האָט ער, נישט וויסנדיק פאַר וואָס, זיך צעוויינט; דער קליינער גוף איז אים זיך פאַרגאַנגען אין אַ געקלאָג. ער וויינט הויך אויפן קול. ער קאָן נישט איינהאַלטן די טרערן. זיי רינען פון אים, אָן אָפּשטעל — אַזוי ביז שפּעט. פאַר טאָג איז ער ערשט איבער די ספרים איינגעשלאָפן.

איצט איז אים געווען קלאָר, שוין דעמאָלט, אַלס קינד, האָט ער זיי, זיינע נאָענטע, באַוויינט. ער האָט געוויינט, וואָס איינער אַליין אָן זיי אַלע, וועט ער מוזן דורכגיין די וועלט. ער איז אַ קינד; ער האָט נישט קיין כוח.

פון יענער ווייטער נאַכט איז פאַרבליבן אין אים בלויז די שטילקייט פון זייער שלאָף. זי דויערט.

עס איז אים איינגעפאַלן, ווי דעמאָלט, עפענען די אַלטע ספרים; אין זיי זיך איינגלידערן; זוכן אין זיי פאַר זיך דעם אָנשפּאַר.

ש. איז איצט געלעגן אין די נעכט ביי זיך אין צימער, און ביים ליכט פון אַ קליין לעמפל האָט ער געלייענט די געשיכטע פון זיין פאָלק. ער האָט געפילט, ווי עס וועקן זיך אין אים די אַלטע ניגונים פון זיין קינדהייט. ערשט איצט באַנעמט ער די סיבה פון זיין קראַנקייט, פון זיין פאַרקניפּט זיין. דאָ ליגט זי, די קייט, וואָס האַלט אים צוגעבונדן צום בעט; זי לאָזט אים ווייט נישט אַוועק. מען האָט אים פאַרקניפּט

אין זיך אַליין. דאָס איז זי, די קייט פון יידישן גאַנג איבער דער וועלט. זי קלינגט ביי אונדזערע פיס.

ער האָט געדענקט, אין מיטן דעם גרויסן געיעג, איידער מען האָט אים געפירט צו די טאָלן; ווען ער איז במשך וואָכן געלעגן אויסבאַהאַלטן הויך איבער אַ דאָרפישן בוידעם; פון דאָרט, פון אַ שפּאַרע אַרויס, האָט ער אַרומגענומען דעם דרויסן, און זעענדיק דעם געלויף, וואָס האָט אַלעמען פאַרכאַפּט; ווי גאַנצע דערפער יאָגן זיך נאָך אַ יידיש קינד — עס צו כאַפּן; וויסנדיק, אַז אַ האַלבע ערד אַרום איז פאַרטאָן אין דעם געלויף — האָט ער מיט אַ מאָל דערפילט די אויסדערוויילטקייט פון זיין שטאַם; זיין מוראדיקע איינזאַמקייט אין דעם אַרום.

ש.ינס געדאַנק איז איצט געלאָפן — איבער די יידישע היימען פון זיין קינדהייט; איבער די שולן, חדרים און בתי מדרשים, וואָס זענען געווען פיל איבער דער ערד פון אייראָפּע. מען האָט אונדז, די אויפוואַקסנדיקע קינדער, אין זיי דערצויגן צו דער חשיבות פון מענטש, צו דער שלימות פון דעם, וואָס איז געבוירן אין גאָטס געשטאַלט; ווייל ער איז דער תכלית פון דער יצירה, איר אויסדערוויילטער העכסטער פונקט. מיט דעם גלויבן און צוטרוי האָט מען אונדז געשיקט אין דער וועלט. מיר זענען אין איר אַריין אָן אַרמייען, אָן קאַזאַרמעס — אָפן, אָפּגעדעקט פאַר אַלע.

און ווען מיר זענען גרויס געוואָרן — זענען מיר אין איר געבליבן שטיין נאַקעט, אומבאַוואָפנט קעגן דעם אַרום. ס'איז מער נישט געווען קיין רעטונג.

וואָס וועט ווייטער זיין? ווי וועלן מיר ווייטער קאָנען גיין?

ש. האָט זיך דערמאָנט — אויך אונדז האָט מען דערצויגן צו גבורה, מפקיר צו זיין דאָס אייגענע לעבן, צו וואַרפן עס אויף דער וואָגשאָל. דאָס איז כדי צו ראַטעווען אַן אַנדער לעבן — אפילו פון אַ יחיד. אונדזער תורה איז געווען „כל המקיים נפש אחת — ווער עס באַשירמט איין לעבן, איז ווי ער וואָלט אויפגעהאַלטן אַ גאַנצע וועלט".

פון תמיד זענען מיר געווען אַן עם לבדד ישכון — אַ פאָלק, וואָס טוט רוען אַליין. מיר גייען טויזנטער יאָרן אַליין. מיר גייען טויזנטער יאָרן פאָרויס פאַר דער געשיכטע. מיר זענען אַוועק, און די מחנה איז געבליבן ווייט הינטער אונדז.

ער האָט זיך געכאַפּט, אַזוי איז דאָס געווען: בעת זיי, די פעלקער, האָבן געלעבט מיטן טאָג, פאַרשפּילט אין דער צייט — האָבן מיר בעת מעשה, שוין דורכגעמאַכט די געשעענישן; זיי זענען איבער אונדז אַריבער, מיר האָבן פאָרויס געמאַכט געשיכטע און גרייט זי זיי דערלאַנגט. ווען זיי קומען שפּעטער — טרעפן זיי זיך אָן אויף אונדזערע טריט.

אויך איצט — איז אים פּלוצעם דורך אַ מוראדיקער געדאַנק — אויך איצט, ווייסט ער, וואָלט ער נישט געוואָלט זיך טוישן. ווען ער דאַרף נאָך אַ מאָל אויסקלייבן — וואָלט ער נישט געביטן זיין אָרט — כאָטש באַצאָלט דערפאַר אַזוי טייער.

פּלוצעם האָט ער געוווסט, ס'איז נאָך נישט גענוג; מיר וועלן נאָך טייער באַצאָלן; מיט טייכן בלוט פון אונדז, וואָס איז נאָך נישט געבוירן; וואָס איז נאָך נישט געשאַפן; וואָס ליגט אָבער שוין אין אונדזערע זאָמען.

ש.ינען איז מיט אַ מאָל באַפאַלן אַ פּחד פאַר זיינע מחשבות. ווי וואַגט ער דאָס אַרויסצוברענגען אין געדאַנק?! ער צייכנט אַליין דעם גזר־דין! ער גיט אים שוין זיך אונטער! וויסן — הייסט — אָננעמען! ער אַליין רופט אַרויס די פּורעניות! ביי

אונדזערע עלטערן איז מען דערפאַר נזהר־געווען. אַ שלעכטע מחשבה האָט מען נישט דערלאָזט זיך אויסרייפן. מען האָט זי נישט געבראַכט אויף די ליפּן. נאָך אַ שלעכטן חלום האָבן יידן געפאַסט תעניתים. דאָס וואָרט אין מויל האָט מען געהיטן, ווי הייסע קוילן. נאָך אַלס קינד האָט מען אים געוואָרנט פאַר מחשבות זרות, וואָס זענען די זאָמען פונעם אומריינעם. אַזוי זענען זיי אַדורך, יידן, אַ לעבן, און נישט אַרויסגעלאָזט אַ קללה. און האָט מען אַ מאָל זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ בייז וואָרט, נישט מיט ווילן — האָט עס דערנאָך געבריט די צונג, אָװעקגערויבט די רו. אַזוי האָט מען אויך אים געלערנט.

ער האָט זיך דערמאָנט, יידן פלעגן קיין מאָל נישט זאָגן: „מיר וועלן גיין״; „מיר וועלן נעמען״; „מאָרגן קום איך״; „זיכער״. נאָר — „מיט גאָטס הילף וועלן מיר״; „בלי נדר״; „לאָמיר האָפן״; „אפשר״. נישט פון בלינדן גלויבן איז דאָס געקומען, נאָר פון פילן דעם מענטשנס נישט־זיכערקייט, זיין נישטיקייט. נאָר די, וואָס רעדן, לאַכן, הויך — זענען זיכער מיט זייערע טריט איבער דער ערד.

און האָט אַ קינד אין שטוב אַ מאָל זיך אַרויסגעכאַפּט: „מער וועל איך נישט״; אָדער „צום לעצטן מאָל״, צי „איך ענדיק״ — האָבן די עלטערן וואָכן שפּעטער נישט געפונען זיך קיין רו. מיט ציטער האָבן זיי געוואַרט, אַריבערצוקומען די צייט.

ווען ער האָט שפּעטער אויפן געלעגער אַלץ נישט געקאָנט אויסוואָרצלען פון זיך דעם ציטער פאַר דעם עתיד — האָט ער זיך דערפילט, ווי אין אים וואָלט געווען פאַרמישט, חלילה, פרעמד בלוט. אַ שרעקלעכער רעיון איז אים דורך: אפשר דעריבער איז ער געבליבן, פון אַלעם אַרויס גאַנץ?! אפשר איז אַ פּסול דאָ אין אים! צו זיי, די ריינע, האָט ער נישט קיין שייכות! אַלע זיי זענען דאָך אַוועק. עס האָט אים אָפּגע־שוידערט פון דעם געדאַנק. באַלד האָט אים אַרומגעכאַפּט מער מורא: ווי וואַגט ער?! און וואָס איז מיט זיי, די אַלע אַרומיקע דאָ, וואָס זענען אַרויס פון דאָרט?! דאָס זענען דאָך קינדער געריינקטע אין אַלע פייערן! און ווידער האָט אים אַ צי געטאָן אויף צוריק: אפשר איז זייער זיין דאָ, צוליב עפּעס אַ זינד פון זייערע עלטערן; דאָס האָט מען זיי געשטראָפט, זייערע קינדער זאָלן בלייבן! אפשר אַזוי אויך מיט מיר — צוליב מיינע עלטערן!

ווידער האָט ער געוואָלט זיך בייסן די צונג פאַר דעם שרעקלעכן געדאַנק. ביין, נישט בייסן די צונג, נאָר שטעכן זיך אין לייב, שלאָגן זיך, אויפשרייען!

אין אַ רגע אַרום, ווען דער קאָפּ איז אים מיד געזונקען אין קישן, האָבן פרישע מחשבות אים פאַרפלייצט, שוין געלאַסן. זיי זענען רויק געשוואומען אין אים: און אפשר, פאַרקערט — דאָס גאַנצע שלעכטס, וואָס איז דורך דורות מיט אונדז געשען, איז — ווייל מיר האָבן קיין מאָל נישט דערלאָזט דעם שלעכטן רעיון זיך אַנטוויקלען ביזן סוף; מיר האָבן פון פאַרויס אים פאַרטריבן. מיר זענען געווען, ווי דער פויגל, וואָס ווען דער פאַרצוקער פליט אָן אויף אים — שליסט ער די אויגן; ער מיינט, ווען ער זעט נישט יענעם — פאַרזעט יענער אויך אים. מיר האָבן נישט צוגעלאָזט אין זיך דאָס שלעכטס; יענע, די פעלקער, האָבן דערוויל צוגעגרייט זייער פאַרשווערונג קעגן אונדז; האָבן זי דערפירט ביזן סוף.

*

לייבל האָט אַלץ נישט געקאָנט רועו. זינט מען האָט געבראַכט צו קבורה זיין אָפּבילד, דאָס גיפּסענע בעט, האָט זיין נאַקעט־געבליבענער קערפּער אויפן שטייפן בעט, זיך געפּילט, נישט געבוירן פון אַ מאַמען, נאָר ווי אַ קריכער, אַרויסגעשיילט פון אַ שאָל, אַ מושלע. ער שטאַמט נישט פון מענטשן. אויך די אַנדערע אַרום אים זענען איצט געבליבן אַ קליינער שבט און אָפּשטאַם. זייערע נאָענטע זענען בלויז אין זייער ווייטער אַנונג. ס'האָט זיי אויסגעזען, ערגעץ אין מדבר זענען געקומען זייערע מאַמעס; האָבן אָפּגעלייגט די אייער מיט זיי, און זענען פאַרשוווּנדן; ווען זיי האָבן זיך אויסגעבריט — האָבן זיי זיך געטראָפן אַליין אויפן זאַמד. ס'זענען אויך געקומען אַהער, אין די קליניקס, קראַנקע עלטערע מענטשן, וואָס זייערע קינדער זענען אין איין אויגנבליק אָפּגעריסן געוואָרן פון זיי, און מער זענען זיי נישטאָ. זיי מיינען אַלץ, ס'איז אַ פאַרבלענדעניש; מיט דער האַנט וועלן זיי זי אַוועקווישן פון פאַר זיך, און די קינדער וועלן ווידער שטיין פאַר זיי; אָדער, פאַרקערט — עס איז אַ חלום, דאָס קינד זייערס — עס איז קיין מאָל נישט געווען. זיי זוכן אַן עכאָ. זיי זענען מאַמעס, וואָס האָבן ערגעץ, אויף זאַמד, אָפּגעלייגט אייער, מיט נאָך נישט אויסגעבריטע לעבנס; אַ רגע האָבן זיי זיך אויסגעדרייט, און דאָס זאַמד איז ליידיק. פון דעמאָלט אָן זוכן זיי שפּורן.

לייבל האָט שוין געקענט דאָס עלטערע פּאָרפּאָלק, וואָס זייער בן־יחידל איז פאַרבליבן אין טאָל, און זיי טראָגן דאָ זיך אַרום מיט דעם סוד. זיי טאַפּן נאָך אים און ער איז נישטאָ. אָט נעכטן איז ער געווען, דער קליינער. מען האָט זיי פאַרגעזאָגט, אַ זון — אַ גאון, אַ גדול בישראל, און — זיין אָרט איז ליידיק. זיי זענען פאַרבליבן אַליין, ווי מיט אָפּגעהאַקטע הענט — נישטאָ וואָס אַרומצונעמען. זיי האָבן דאָ זיך געדרייט איינער נעבן אַנדערן, ווי ביימער אָן צווייגן. ער — מיט אַ ווייסער נאָז, שאַרף פאַרשפּיצט אַרויף — אַ באַרעדעוודיקער, כדי צו פאַרטרייבן די שטילקייט פון איר שווייגן.

ביי איר איז איין אָרעם, אַ געליימטער, נאָכגעהאָנגען, ווי אַ טויטער אבר. זי האָט, ווי אַן אונטערגעשאָסענעם פליגל ביי אַ גרויסן עוף, אים געטראָגן אין אַ שלייער, פאַרלייגט פאַרויס, פון האַלדז אַראָפּ.

ער איז דאָס איצט אָפּט געזעסן פאַר לייבלען, נישט דרייסט. ער האָט אַרויס־געלייגט פּלענער, צו פאַראייביקן די נעמען פון די קינדער; עס זאָל זיין אַ ממשות, ביי וואָס צו האַלטן זיך. מען האָט דערקענט, ער קומט אין איר שליחות. ער האָט נישט דערמאָנט זיין אייגענעם זון. ער פלעגט בלויז שטיל ווערן און ציִען פון קעשענע פּאַטאָס. ער האָט זיי געוויזן. דער קליינער מיט אַ גלאַט־פאַרקעמט קעפּל, צעטיילט אין אַ שריינט פוןביידע זייטן, און מיט אַ הויכן שטערן — האָט פון די בילדלעך אַרויסגעשמייכלט. ביסלעכווייז איז דער שמייכל איינגעגליווערט און ער האָט זיך געלאָזט פון פאַטער צוריק פאַררוקן אין טאַש אַריין. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און מיט פאַמעלעכע טריט איז ער אַוועק ווייטער.

שטענדיק, ווען ער איז צוריק געקומען אין שטוב, איז ער געבליבן פאַרשוויגן. אויך דאָ אויפן טישל איז געשטאַנען, איינגעראַמט, אַ פּאָטאָ פון דעם יינגעלע. דאָ האָט ער אַרויסגעשטעקט דאָס קעפּל פון אַ קינדער־וועגעלע. חדשים זענען געלאָפן און ער האָט זיך גאָרנישט געעלטערט.

אויף אַנדערע האָבן איצט גענומען זיך זאַמלען. זיי זענען געקומען, זיצן אין זיין צימערל, מיט דעם אָפענעם פענצטער צו די בערג. צו מאָל האָבן זיי דערציילט וועגן דעם אָפּשטאַם פון זייערע משפחות — כדי אַליין צו זיין זיכער, אַז זיי זענען טאַקע ערגעץ פאַרבונדן. עס האָבן גערעדט בלויז זייערע מיילער — אָן די גופים.

אסתרקע צוזאַמען מיט אים האָבן זיך אָנגעזאַפּט מיט דער שווייגעניש פון די ווענט; מיט די רייד, וואָס זענען דאָ פאַרבליבן, ווען זיי זענען פאַרשוווּנדן.

געווען טעג, ווען זיי האָבן מער נישט געקאָנט זיין אַליין. ער האָט נישט געקאָנט איינליגן אין בעט — אָן די מענטשן נעבן זיך. זיי האָבן זיך פאַרמאַכט צווישן די פיר ווענט אַרום זיך. דעמאָלט האָט אסתרקע אָנגעטאָן אויף די פיס אירע שיך מיט די הויכע אָפּצאַסן. באַלד האָבן זיי אָפּגעקלאַפּט איבער די טראָטואַרן און גאַסן־שטיגן.

זי איז איצט יעדן פאַרנאַכט געגאַנגען איבער די באַרג־אַראָפּהאַנגען, צו די קליניקס און סאַנאַטאָריעס. זי האָט זיך געלאָזט איבער די הונדערטער שטיגן, פון די שיפּועים אַראָפּ, ווי זי וואָלט געניטערט ערגעץ טיף. די וועגן אַראָפּ זענען געווען דער איינציקער רשות היחיד פון איר בלייבן מיט זיך. זי איז איצט געווען ווייט פון לייבלען און פון די, וואָס זי דאַרף צו זיי קומען; אָן עפּעס וואָס שטרעקט איר זיך אַנטקעגן מיט פליגלען. זי איז הויך, אויפן באַרג, אָפּן פאַרן אַרום. זי האָט געוואָלט נידערן גיכער אַראָפּ, אַראָפּ.

זי האָט געוואַרט אויף אַ רעגן, אַ שטורעם; עס זאָל זי נעמען, טראָגן אין זיך.

צו מאָל איז זי געגאַנגען אַזוי שעהען. פּלוצעם איז זי שטיין געבליבן. זי האָט זיך דערמאָנט אין לייבלען. ער איז אַליין; עס ציט אים דאָרט ווידער אין דרימל אַריין. אָן אויגנבליק האָט זי חושד געווען, ער שיקט זי ספּעציעל אַוועק, כדי צו קאָנען פאַר־שווינדן אונטער זיך.

זי האָט גענומען זיך איילן; גיך זיך אומצוקערן.

אויף צו מאָרגנס איז זי אַוועק אין די קליניקס, צו די יונגע מיידלעך אין זיי. זי האָט מיט זיך געטראָגן אַ וואָרט, ווי אַ שליחות, זיי צו האַלטן וואַך; זיי אָפּצוהיטן אין דעם פרעמדן אַרום. זי איז געגאַנגען שנעל. ס'איז איר דורך אַ געדאַנק: דאָ, אין די בעטן, ליגן די צוקונפטיקע מאַמעס פון דעם באַנייטן יידן־פאָלק. דאָס זענען די יונגע שרה, רבקה, רחל און לאה. מען דאַרף אויף זיי וואַכן.

אסתרקע איז איצט אָפט געקומען צו דעם שעמעוודיקן האַלענדישן מיידל מיטן העל־וואַרעמען קערפּער, וואָס איז געלעגן אין איין צימער מיט דער שוועדין מיט די פלאַקסהאָר. זי האָט תמיד זיך דערפרייט מיט איר קומען. דאָס מאָל האָט זי איר געזאָגט, אַז עס איז איר שווער דאָ צו בלייבן, זי וויל פון דאַנען אַוועק; זי וויל ליגן אין אַ קליניק פון בלויז פרויען. זי האָט זיך פאַרטרויט, אַז זי שפּירט דאָ אויף זיך אַזוי פיל מענער־בליקן; זי קאָן נישט אָטעמען. שוועסטער זשאַנין צוימט זי אָפּ יעדן טאָג מיט אַ לייוונטן ווענטל אויף דער וועראַנדע, ביים ברענען זיך אונטער דער ווינטערזון, אָבער דורך דעם ווענטל, שפּירט זי קריכנדיקע ווערעמלעך אויף זיך. די בליקן דרינגען דורך די הויט אויף איר.

אין יענע ווינטערטעג האָט זיך שוין געוועבט אַ פאַרבינדונג צווישן איר שכנטע,

דער שוועדין, און דעם יונגן יאַפּאַנישן בחור. די שוועדין איז איצט גאַנצע טעג געלעגן פאַרשטילט און נישט גערעדט. אין איר קערפּער האָט זיס געיווירט דער ערשטער סוד פון איר ליבע צו אים. זי איז אין אים אינעווייניק. ער נעמט זי אַרום. צום יאַפּאַנער האָבן לעצטנס אויפגעהערט קומען די אַנדערע מיידלעך. זיי האָבן דערפילט, ער איז פאַרטאָן; ער געהער מער נישט צו זיי.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט איז דער יאַפּאַנער ביי איר געזעסן לאַנג. דאָס האָלענדישע מיידל האָט ביז שפּעט נישט געלאָזט זיך צוריקפירן פון דער וועראַנדע — אַריין אין צימער. אין דרויסן איז שוין אַרויס הויך די ווינטער־לבנה. זי איז געלעגן און געלאָזט זיך אַרומנעמען פון קאַלטן זילבער־ליכט. מיטן בלאָנדן קאָפּ אין ווייסן בעטגעוואַנט, איז זי געלעגן געליימט, ווי אַ העלע סטאַטוע. זי האָט נישט געקאָנט אַריין אין זייער מחיצה.

אינעווייניק, אין צימער, האָבן זיי ביידע געשוויגן. פּלוצעם האָט דער יאַפּאַנער געפילט, ווי זיין האַנט רוקט זיך אַליין איבער איר קערפּער, גלעט אַרום דעם האַלדז. די פרייד פון דעם טורעמדיקן נאַקן־אויפשטייג האָט דורך די פינגער אים געשטראָמט אין די אָרעמס. ער האָט פאַרנומען אין זיך די ווייכע גלאַטיקייט פון פרויען־גוף. צום ערשטן מאָל, ווי זי האָט געשוויגן; נישט געשטערט דאָס ווישן פון זיין האַנט. אַן אויגנבליק האָט זי דערפילט אונטערן וואַרעמען וואָלענעם העמד זיין ברייטע קאַלטע האַנט. זי איז געלעגן אויף איר האַרץ. איר צעפלאָסן־שטייפלעכע ברוסט האָט אַנט־קעגנגעפלאַטערט דער קאַלטקייט. אַ רגע האָט זי מיט אירע פינגער זי לייכט אַרויס־געשלעפּט. זיין האַנט איז בלינד געפאַלן אַראָפּ. ער איז געבליבן זיצן, ווי אַ פאַרלוירן יינגל. ער האָט נישט געוווּסט, וווּ אַהינצוטאָן זי, די נאָכהענגענדיקע האַנט.

אין די ווייטערדיקע טעג האָט די שוועדין געפּרוּווט זיך ציִען צוריק פון אים אַרויס. די טיר אויף צוריק איז אין אים שוין געווען פאַרמאַכט. יעדן טאָג האָט ער אין זיך געעפנט ווייטערע טירן פאַר איר. בלויז זיי זענען פאַר איר געבליבן אָפן. נישט דרייסט האָט זי אַריבערגעשטעלט די טריט איבער דער שוועל; זי האָט זיך געוואַקלט, צי גיין ווייטער — אָבער הינטער איר איז אַלץ שוין געווען פאַרקלאַפּט. עס איז נאָר געווען אָפן אַ פרישע טיר. עס האָט זי געצויגן צו שטעלן די טריט ווייטער. זי איז געבליבן פאַרשלאָסן אין אים.

ווען די האָלענדערין איז שפּעט ביי נאַכט אַריין אין צימער און איז געוואָרן אַרומגענומען פון דעם ליכט — האָט ער געהאַט אַראָפּגעטאָן די ברילן פון פאַר די אויגן. זי האָט געפילט, ווי ער קוקט איר אויפן האַלדז, אויפן נאַקן, מיטן ערשטן בליק פון אַנטדעקן; ווי ביז איצט וואָלט ער פון דעם נישט געוווּסט. דאָס פּנים האָט ביי אים זיך אויסגעצויגן גלאַטיק, ווי אַ האַרמאָשקע. ווערעמלעך זענען איר ווידער שנעל געקראָכן איבערן רוקן. די שוועדין איז געלעגן אַ צעטומלטע, אַ צעוואָרעמטע.

איצט האָט זי געבעטן אסתרקען, זי זאָל זי נעמען מיט זיך; זי וויל נישט זיין נאָענט פון זיי דאָ.

אסתרקע האָט אויסגעהערט. זי האָט צוגעזאָגט, צו זוכן פאַר איר אַן אָרט צווישן די אַנדערע יידישע מיידלעך, ערשט נישט לאַנג געבראַכטע אויפן באַרג. דאָס באַנדל האָט זיי פון זיך אַרויסגעגעבן איינע נאָך דער אַנדערער: גייענדיקע, קריכנדיקע,

ליגנדיקע. איצט ליגן זיי שוין דאָ אין די בעטן. געוויקלט אין די ווייסע ליילעכער, זעען זיי אויס, ווי טעכטער פון ווייטן אָריענט.

אויך זיי, די פריש־געבראַכטע מיידלעך, זענען געלעגן צעוואָרפן איבער די ווייטע קליניקס, צווישן די רייען אַנדערע בעטן. אסתרקע פלעגט קומען און זיך זעצן פאַר זייערע בעטן.

פ. נ.

דאָ ליגט זי, עדיט ראָזענטאַל, די יידישע טאָכטער פון די קאַרפּאַטן — אַלט אַכצן יאָר.

דאָ שטייט דאָס בעט פון אַלאַ פון פּאַריז — זיבעצן יאָר אַלט.

ופּה, און דאָ, אין אַ סאַנאַטאָריע, ליגט דאַניאַ, די הויך־שלאַנקע טאָכטער, די קעמפּערין פון געטאָ, וואָס בלאָנד־געפלאָכטענע צעפּ זיימען אַרום איר קאָפּ.

קיינע פון די מיידלעך האָט נישט דערציילט פון איר אָפּשטאַם — נישט פון איר היים און משפחה, און נישט פון איר פאַרגאַנגנהייט, דאָך האָט מען זיי געוווסט, ווי עס וואָלט עמעצער, אַ פאַרהוילענער, זיי דורכגעלויכטן מיט אַ רענטגען; אַריינגעקוקט טיף אין זייער לעבן, ביז אין זייער ווייטער קינדהייט אַריין.

עדיט איז די ייִנגסטע פון ראָזענטאַלס פינף טעכטער, וואָס זייער שיינקייט האָט געשמט איבער די קאַרפּאַטישע שטעטלעך.

מען האָט געוווסט, אַנהייב מלחמה האָט מען זי אַוועקגענומען, עדיטן — אַ קינד נאָך, פון דער היים, צוזאַמען מיט צוויי אירע עלטערע שוועסטער, דאָרט אין טאָל, אַנטקעגן די פלאַמען און רויכן, האָט דאָס איר קערפּער אויפגעבליט. זי איז געוואָרן צו אַ פּרוי; דאָרט אין טאָל האָט מען דאָס איר לינקען קינדישן אָרעם געצייכנט; מיט בלויען טינט — אונטער דער הויט דעם נומער איר אויסטאַטוירט. מיט דעם נומער אויף זיך איז ער געוואַקסן, האָט זיך אויסגעפילט, דער אָרעם. אַהיימגעקומען איז זי, נאָך דריי יאָר, מיט די אויסגעקיילעכדיקטע פיס; די רונדיקע, ביז אויבן אַרויף. דאָ, אין לעיזען, ליגט זי איצט מיט אירע שוואַרצע האָר צעוואָרפן איבערן קישן. זיי נעמען מילד אַרום איר פּנים מיט די גרויסע ברוינלעכע אויגן. מען האָט געזאָגט, זיי וויינען, אירע אויגן, אין די נעכט.

פאַר וואָס וויינען עדיטס אויגן אין די נעכט?

עדיט וויינט אין די נעכט, ווייל זי זעט פאַר זיך אירע צוויי עלטערע שוועסטערן, וועלכע זענען אין ברענענדיקן טאָל פון אוישוויץ — מיט די קיילעכדיקע בריסטן און פאַרחלומט־געשלאָסענע וויעס, פאַר אירע אויגן, אויפגעגאַנגען אין די פייערן. זי וויינט אין די נעכט, עדיט, פון בענקשאַפט נאָך די אַנדערע צוויי שוועסטערן אירע, וועלכע זענען, ביים אַוועקנעמען זי, פאַרבליבן מיט די עלטערן אין דער היים. ביי איר אויסרייסן זיך אין אוישוויץ, האָט זי כסדר געזען, ווי באַנען ברענגען זיי אַהער, אין טאָל אַריין, די רעשטלעך פון איר היים דאָרט; יעדן טאָג ווערן געפירט אין די פייערן — יידישע קהילות נאָך קהילות; די קאַרפּאַטן ווערן ליידיק. יעדן פאַרטאָג, ווען די באַן פלעגט פייפן און זיך אַריינשניידן אין טאָל, האָט זי פון איר פּריטשע־געלעגער אין באַראַק, געקוקט דורכן פענצטערל — אויף די רייען צו די פלאַמען, צי זי וועט אין זיי נישט דערזען אירע נאָענטע. זי האָט אָפּגעוואַכט, ווען די ריי האָט זיך אויסגעלאָזט, און זיי זענען נישט געווען. אַ סך מאָל האָט זי זיך געכאַפּט, זי בלייבט

אַן אַנטוישטע; זי וויל זיי זען; כאָטש אַ רגע אַרומנעמען זיי מיט איר אויג. זי האָט זיך געפילט אייביק שוין אַ פאַרשאָלטענע — פאַר אָט דער בענקשאַפט, אָבער עס האָט אין איר גענעסטיקט די מורא, טאָמער וועט זי זיי מער קיין מאָל שוין נישט זען. שפּעטער, ווען עס זענען אַוועק די חדשים און יאָרן, האָט אין איר זיך געוועקט די האָפענונג, אַז די טעג וועלן אַזוי ווייטער זיך זאַמלען און זיי, אירע נאָענטע, וועלן דאָ פעלן. עס האָט דעמאָלט אויפגעשאַלט אין איר אַ דאַרע פרייד — כאָטש זי האָט געוווּסט, אַז איבער דער ערד פון די קאַרפּאַטן זענען מער שוין נישטאָ קיין היימען פון איר שטאָם. אין די ווייטערע אוישוויצער נעכט האָט זי פאַר זיך געזען איר שטוב, אָנגעפילט מיט אַלע, נאָר עס פעלן צוויי, די צוויי פאַרצערטע דאָ אין די פלאַמען, שוועסטערן. זי וועט צוריקקומען מיט זייער פעלן אין זיך. אַרום איר, אין באַראַק, האָט נאָך אַלץ געראַשט. אַנדערע מיידלעך זענען פון די פּריטשעס אַראָפּ געשיט געוואָרן אין די פייערן. זי האָט געוואָלט זיך אָנהאַלטן מיט אַלע כוחות, נישט צו פאַלן מיט זיי.

ווען זי איז אויף צו מאָרגנס נאָך דער מלחמה אַרויס אויף די וועגן צוריק אַ היים — האָט זי וואָס ווייטער, אַלץ מער מורא געהאַט פאַר דער רגע פון דערנענטערן זיך. די קומענדיקע איר אַנטקעגן — האָבן אין זיך געטראָגן די ליידיקייט פון די שטחים. זי איז געגאַנגען דורך לענדער, שטעט און ישובים. זי האָט געזען, מחנות אויס־געליידיקטע הייזער — ווי שוואַנגערע פרויען אָן קינדער אין זיך. אַזוי האָט זי אין האַלבוועגס זיך דערנענטערט קיין לאָדזש. מיטן שטראָם געצייכנטע אויף די אָרעמס האָט זי געוואָלט אַריין אין שטאָט. זיי האָבן אָבער זיך אָנגעטראָפן אויף דער בהלה פון יענעם פאַרטאָג, ווען לאָדזש איז אין דער שטילקייט אַנטרונען. פון אַלע טויערן האָט מען אין דער פינצטערניש זיך געשטאָפּט אַרויס גיכער צו די וועגן. זי האָט געצויגן ווייטער מיט די מחנות. אין געלויף איבער די פעלדער האָט זי דערפילט צום ערשטן מאָל די הייסע אויפשוואָלונג פון איר קני. ביי יעדן טריט האָט פון פוס איר אַרויפגעשטאָכן אַ ווייטיק אין גוף אַריין. זי האָט מורא געהאַט, ווען די זון וועט אויפליכטיקן, וועט זי בלייבן אָפּגעשטאַנען פון אַלע — האָט זי אים גיך געשלעפּט, דעם פוס, ווי אַ באַזונדערן אויפגעיוירענעם אבר. וואָכן שפּעטער האָט זי נאָך אַזוי געפויזט איבער די פעלדער. עס האָט זי געצויגן ליגן. וואָס מער זי האָט זיך דער־נענטערט צו די קאַרפּאַטן, האָט די ליידיקייט מער געדראָט, זי איינצושלינגען אין זיך. זי האָט זיך געשראָקן פאַר דעם אויגנבליק, צו בלייבן שטיין פּנים אל פּנים אַנטקעגן דעם אויפגעריסענעם מויל פון איר לערער היים. ערשט ווען זי איז אַרויף אויף דעם הויף פון אַמאָל, און אַריינגעצויגן דעם אָטעם, האָט זי דערפילט דעם ריח פון דער פולער שטוב. זי איז אַריין אין פאָדערהויז און געוווּסט, ווי צו עפענען די טיר. דאָס חיות, וואָס זי האָט געטראָגן מיט זיך — האָט פּלוצעם אַ רויש געטאָן אין איר, ווי אין אַ ליידיק שאַכטל. זי האָט קלאָר געהערט אינעווייניק, אין די שטובן, דעם פאָטערס קול. ער האָט גערופן. זי האָט אַריבערגעשטעלט איבער דער שוועל דעם הייסן שווערן פוס. דער פאָטער מיט דער מוטער האָבן אויפגעהויבן די קעפּ. עס זענען הינטער זיי געשטאַנען די צוויי פאַרבליבענע שוועסטער. זי האָט געשפּירט, מען פאַלט אויף איר, און מען רופט „עדיט! עדיט!" און — „ווי גרויס ביסטו געוואָרן!" זי איז געשטאַנען איינע אַליין זיי אַנטקעגן. פרעגנדיקע אויגן האָבן אַ בליק געטאָן אַריבער איר. זי האָט געוואָלט ווערן קלענער. עפּעס זאָגן. די לערקייט הינטער איר איז געוואָרן ממש.

זי האָט אַ רגע אויפגעיווירט. זי האָט ווידער געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר זי האָט באַנומען, ס'איז אין איר אַלץ אָפּגעהאַקט.

אסתרקע האָט זיך אויפגעשטעלט. זי האָט איר אויסגעשטרעקט די האַנט. אַ שווערקייט האָט איר זיך אַראָפּגעלאָזט אין די געדערעם, איז אַריין אין די פיס. זי האָט זיי געהויבן אַרויף, אויף אַ פרישן שטאָק.

דאָ האָט זי זיך פאַרהאַלטן ביים בעט פון דער זיבעצן יעריקער אַלאַ פון פּאַריז. זי האָט דערזען איר שוואַרצן קאָפּ לאָקן און די גרינע אויגן. דאָס פּנים ליגט אַרויף. זי האָט זיך אָפּגערוקט, אסתרקע, נישט צו לאָזן פאַלן אויף דעם קיין שאָטן.

דער גאַנצער קערפּער פון אַלאַן איז געווען איבערגעדעקט, בלויז צוויי בריסטלעך, נידעריקער, אונטער דער גאָמבע, האָבן געהויבן בערגלדיק אַרויף — די ווייסע קאָלדרע איבער איר.

אַ מאָל, איידער מען האָט אין דער באַן זי געפירט צום טאָל, האָט זי געלערנט אין אַ טאַנץ־שולע. אירע צוויי יונג־וואַקסנדיקע פיס זענען געווען אָנגעפילט מיט ריטעם. זי האָט נישט געוואָלט שפּרינגען פון פאַרחתמעטן וואַגאָן. דער פאָטער מיט דער מוטער האָבן אָבער באַפוילן, פון אַלע קינדער אַרום זיי, זאָל זי, די עלטסטע, פּרוּוון; אפשר וועט זי בלייבן. זיי האָבן זי הויך געהויבן צום שמאָלן פענצטערל. פריער האָט איינער, אַ בחור, מיט די פינגער אָפּגעריסן די פאַרקראַטעוועטע דראָטן און זיך אַרויסגעגליטשט. זיי האָבן איר קערפּער נאָך אים געשטופּט אין דער שמאָלקייט. פון אויבן, איבערן דאַך, האָט מען נאָכגעשאָסן. זי געדענקט, אַז ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט — האָט זי זיך געטראָפן ליגן ביי די ליידיקע רעלסן. די באַן איז געהאַט אַוועק. דער בחור, וואָס איז פאַר איר געשפּרונגען, האָט פון דער ווייטנס צו איר געשמייכלט מיט אָפענע אויגן. ער האָט מיט אַ פינגער פון דאָרט, ווײַט, ווי געצירט איר לינקען פוס. זי האָט געוואָלט טרינקען. זי האָט צו אים גערופן. ער האָט אויך פון דעם געשמייכלט. ווען זי האָט געפּרוווט צו אים זיך דערנענטערן — האָט זי דערפילט די שווערקייט פון דעם לינקען פוס. זי האָט אים הינטער זיך געשלעפּט צו דעם בחור צו. יענער האָט שוין געשמייכלט, נישט צו איר, נאָר — ערגעץ ווייט אַריבער. מען האָט שפּעטער זי געפונען ביי די רעלסן און אויף אַ וועגעלע געשלעפּט זי מיטן נאָכהענגענדיקן פוס אין טאָל. דאָרט האָט מען מיט פייער אויסגעברענט דעם נומער אויף איר לינקער האַנט. מען האָט ביי איר צוגענומען איר נאָמען.

אויך דאָ האָט זי געוואָלט בלייבן בלויז אַ נומער, אָן אַ נאָמען. זי האָט געפרעגט ביים פּראָפ. ראַליער, צי זי וועט אַזוי קאָנען דורכטאַנצן דורכן לעבן. אַ פלאַטער וויל זי ווערן, נאָר עס שטערט דער פוס. דער אַלטער פּראָפעסאָר האָט געשוויגן. דער לינקער פוס אונטער דער קאָלדרע איז געלעגן, ווי נישט אירער, נאָר אַ טייל פון דעם איינגעשמייכלטן בחור. דאָס איז זיינס אָן אבר, וואָס שווערט, שלעפּט זי אַראָפּ.

אסתרקע איז אַרויס פון דאַנען. זי איז געגאַנגען צו דער סאַנאַטאָריע, וואָס ליגט איבערן באַרג, צו דאַניאַן, דער הויך־שלאַנקער קעמפערין פון געטאָ, מיט די בלאָנד־געפלאָכטענע צעפּ אַרומגעציימט דעם קאָפּ.

ווען דער שונא האָט דאָס געטאָ פאַרברענט, איז דאַניאַ שוין געווען אין וואַלד מיט נאָך אַנדערע געטאָ־טעכטער, וואָס זייערע היימען זענען מער נישט געווען. צוזאַמען

מיט זייערע משפחות זענען זיי אָפּגעווישט געוואָרן פון דער ערד. נאָר זיי אַליין זענען פאַרבליבן. זיי האָבן זיך געדרייט אין די וועלדער אָן אַ נאָענטן, ביי וועמען צו טוליען זיך. זייערע וואַרעמע לעבדן זענען איצט געווען אַרומגעגאַרטלט מיט קאַלטן מעטאַל פון גראַנאַטן; זייערע דינע אַקסלען האָבן אַראָפּגעשווערט אייזערנע ביקסן. דאַניאַ האָט אין די נעכט מיט זיך געטראָגן דינאַמיט אויפצורייסן די רעלסן פון די באַנען, וואָס פירן אין די טאָלן אַריין.

און דעמאָלט, ווען די באַוואָפנטע שליחים פון טויט האָבן זי אַרומגערינגלט, האָט זי געוווּסט, דאַניאַ, זי וועט זיי צו זיך — נישט צולאָזן. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער מיט, און מיט גראַנאַטן, ווי מיט אייער — פון אַלע זייטן זיי באַוואָרפן. זיי האָבן פאַר איר געקניט. אַ רעגן פון שפּליטערן האָט זי אָפּגעגרענעצט, אַרום און אַרום. ווען זי האָט שפּעטער אויפגעמאַכט די אויגן, איז קיינער מער נישט געשטאַנען. זי איז געלעגן אויסגעצויגן, און אויך אַלע וועכטער אַרום איר אין אַ קרייז. שפּליטערן האָבן זי געהאַט צוגעדעקט, האָבן זיך איינגעזאַפּט אין איר קערפּער. זי האָט זיך אויפגעשטעלט און איז געגאַנגען אַריבער זיי אַלע. קיינער האָט זי נישט גערירט. זי איז געווען בליי.

אויך דאָ איז זי נאָך געווען מיט אומרו. זי האָט מורא געהאַט פאַר דער נקמה פון שפּילצייג־סוחר מיט זיינע קאַמעראַדן. זי האָט פאַר זיי געוואָרנט דעם פּראָפ. ראַליער. דער אַלטער פּראָפעסאָר האָט זיך געבויגן און געצויגן די שפּליטערן פון איר גוף. זי האָט זיי פון אים גענומען, צו באַהאַלטן. ווען מען האָט זיך נאָר דערנענטערט צו דאַניאַס טיר און זי געעפנט — האָט איר אַרומגעקראַנצטער קאָפּ זיך אונטערגעהויבן; איר בליק איז מילד געבליבן פאַרמומיעט אין דער לופט. אַ ווילע האָט אסתרקען, ביים אַריינקומען, געדאַכט, אַ סטאַטוע נעמט זי אַרום מיט גרויע אויגן, ווי בליי.

אין דער זעלבער קליניק, אויף אַ שטאָק איבער דאַניאַן, איז אין צוויי בעטן — איינס נעבן אַנדערן — געלעגן דער צווילינג: צוויי זיבן־יעריקע שוועסטערלעך, וואָס זענען געבליבן אַליין. ביידע מיט ברוין־מעשענע לאַנגע צעפּלעך און גרינע אויגן. זיי האָבן צוזאַמען געשוויגן, נאָר ווען מען האָט זיי עפּעס געפרעגט — האָבן זיי גלייך געשאָקלט מיט די קעפּלעך אַראָפּ און אַרויף — אויף „יאָ”, און אין דער ברייט — אויף „ניין”. אין אַ שטרויקויש האָט מען, אין אַ ווינטער, זיי ביידע געפונען אונטערגעוואָרפן אויף די וועגן. זיי האָבן אינעווייניק זיך געוויקלט ווי קעצלעך איינס אין אַנדערן. אַ בריוועלע איז צו זיי געווען צוגעשפּילעט: „באַרעמהאַרציקע מענטשן, דאָס איז אַ יידישער צווילינג, היט זיי! מער זענען אַזעלכע נישטאָ!”. אונטערגעשריבן: „דער פאָטער און די מוטער, וואָס שיידן זיך פון זיי אין זייערע לעצטע שעהען”.

ביים אַרויסנעמען זיי שפּעטער פון קויש איז ביי איינער געווען אָפּגעפרוירן דאָס רעכטע פיסל, און ביי דער צווייטער — דאָס לינקע.

זיי האָבן ביידע נאָך נישט געהאַט קיין באַזונדערע נעמען; מען האָט נישט געוווּסט, ווי זיי הייסן. צוזאַמען האָט מען זיי גערופן „דער צווילינג”.

זיי זענען דאָ געלעגן ביידע אין צוויי באַזונדערע בעטן, איינס נעבן אַנדערן. נאָר ביי נאַכט פלעגן זיי אַריינקריכן איינע צו דער צווייטער, און אַזוי אַרומגעאַרעמט זענען זיי איינגעשלאָפן.

*

לעיזען איז אין יענע טעג שוין געווען פרילינגדיק צעשפּילט. דער שווערער צודעק פון שניי איז מיט אַ מאָל געהאַט פאַרשווונדן פון איבער דער ערד, האָט זיך אַראָפּ־געגאָסן פון איבער די ביימער און דעכער. אַלץ איז פּלוצעם געבליבן ליגן אָפּגעדעקט — פריש, ציטעריק־אָפּגעוואַשן, ווי אַן אַ הויט.

אין רוב קראַנקע פון לעיזען האָט דער פרילינג איצט זיך גענומען וועקן און אָנפילן מיט אומרו זייערע בעטן. זיי האָבן נישט געקאָנט איינליגן. די זון איז איצט מער נישט געווען געשפּיגלט אין שניי און הייס, נאָר מילד האָט זי אויפגעוואַרעמט די צימערן, די באַלקאָנען און געצערטלט די נאַקעטע אברים. זי האָט אָנגעזאָגט, אַז אויך דאָ וועט עפּעס קומען. די מענטשן זענען געבליבן באַהאַפטן צו די בעטן; איינגעהאַרכט, ווי גרויסע צעוואַרעמטע פייגל אַן פליגל.

אָרום ש.ינען האָט אין די נעכט איצט שטיל זיך געגרודערט. אויף די באַלקאָנען און קאָרידאָרן האָט זיך געהערט אַ געשעפּטשעריי. ערגעץ אין צימערן איז מען נישט געשלאָפן. אַן אומרו האָט שטיל געראַוישט, געוועקט די קליניק.

אין די דאָזיקע טעג האָבן אויך די געוועזענע שווייצער זעלנער, אין צימער אונטער אים, זיך גענומען וועקן אַרויס פון דער שלאָף־פאַרזונקענקייט. מען האָט טייל פון זיי פּלוצעם געהערט קריכן איבער די טרעפּ — אַרויף און אַראָפּ צו די לאַנגע קאָרידאָרן מיט טירן. מען האָט זיך דערציילט, אַז נאָך האַלבער נאַכט זעט מען געשטאַלטן, ווי נאַכטוואַנדלער, זיך דראַפּען פון די גערטנער, אַרויף צו די באַלקאָנען און פענצטער פון די הייזער. זיי פאַרשווינדן אויבן ביים בערגיקן לבנה־שיין. אויף טייל פון די לעיזענער בעטן, אין וועלכע עס ליגן אויסגעצויגן זיס, מיט די פּנימער אַרויף — האָט מען אין די נעכט געטראָפן די געשטאַלטן געשפּרייט מיט נאָענטקייט. עס איז אינעווייניק געבליבן שטיל. יענע האָבן זיי אין זיך איינגעזאַמלט. אויך דעם אַלטן אויסגעהונגערטן שווייצער מיט די לאַנגע גרויע וואָנצעס, פון איבער דער וואַנט, לינקס, האָט מען די טעג געטראָפן, ווי ער קערט, פאַר טאָג, פאַרבאַרגן פון ערגעץ צוריק, אַ געזעטיקטער, אין זיין צימער אַריין. ער האָט זיך אַריינגעגנבעט אין בעט שטיל, ווי אַ באַפרידיקטער הונט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן עק. ער האָט די נאָכהענגענדיקע וואָנצעס פּעט באַלעקט און איז גלייך שנאָרכנדיק איינגעשלאָפן — צום ערשטן מאָל אַ זאַטער.

פּראָפ. ראַליער האָט אין די מאָרגנס געוואָרנט, אַז נאָך דעם פרילינג וועלן די קראַנקע מיט די געבראָכענע רוקנביינער נאָך לאַנגע יאָרן דאַרפן בלייבן צובאַהאַפטן צו די בעטן. די פריש־פאַרהיילטע ביינער קנאַקן־אויף פון שפּאַנונג; זיי צעגייען זיך אין דער שוועבלהיץ פון גופים.

אין די פאַרנאַכטן זענען די גאַסן איצט פול געווען מיט שפּאַצירער אויף קוליעס, אין וועגעלעך, מיט ליגנדיקע אין דראָזשקעס; מען האָט די קראַנקע געפירט באַזוכן שכנותדיקע און ווייטע קליניקס. ראַדיאָס האָבן אַרויסגעשפּילט פון פענצטער. אויף די טעראַסעס פון די קאָפּע־הייזער זענען געווען אָנגעוואָרפן, איינע אויף דער אַנדערער, קופּעס קוליעס. שורותווייז, איינגעשוויגענע — זענען פאַר זיי געזעסן אויף שטולן — יאַפּאַנער, באַרוועגן, טשעכן, און — ווי זכרים, מיט אַרויסגעבלעקטע צינגער, געשנאַפּט נאָך די דורכגעפירטע מיידלעך.

אויך דאָס הויך־צעוואַקסענע בלאָנדע מיידל, דער מישלינג, האָט דערשפּירט דעם פּריילינג אין זיך. ער האָט אין איר טרויעריק אויפגעזונגען. זי האָט מקנא געווען די יידישע טעכטער, די אָפּגעזונדערטע אין די בעטן, מיט זייער סוד, וואָס זי קאָן איך אים נישט קומען. אַלץ איז ביי זיי איינגעשטילט, ווי אונטער אַן אייז־פּאַרגליווערונג; עס ריזלט רויִק, נישט צום הערן; און — די אומצאָליקע טעכטער פון די אַנדערע פעלקער אין די בעטן אַרום און אַרום, אין וועמענס קראַנקע קערפּערס די פרייד פון זייער יונגקייט לויפט אַרום — פון די פיס, אין בויך, און אַרויף — אַהין און צוריק, ווי שטראַלן.

אסתרקע פלעגט אין די טעג אויך קומען צו איר. דער מישלינג האָט איר אַלץ דערציילט וועגן די גערעגנלעניש, וואָס שפּילן איצט אין די נעכט זיך אָפּ אין איר קערפּער. צו מאָל ברויזט דעם טאַטנס בלוט, און צו מאָל — דער מאַמעס. זי ווערט צווישן זיי צעגאַנגען, ווי דער הייסער שניי. צו מאָל וויל זי אַלץ אַראָפּוואַרפן פון זיך און לויפן. ווען אָבער אַלץ באַרויִקט זיך, שטילט זיך איין — דערפילט זי, אַז זי איז אַ טייל פון די בערגלעך איינגעלאָשן אין די טאָלן. צו מאָל אין די נעכט הערט זי אויך, ווי איר מאַמע רופט זי, שרייט צו איר אָפּגעהאַקט — אַריבער פון דער ווייט, אַז זי זאָל דערהערן איר קול.

אויך זי האָט געוואָלט, מען זאָל אַריינשטעלן צו איר אין צימער נאָך אַ בעט מיט אַ יידישער טאָכטער, זי זאָל זי פאַרהיטן. זי האָט געבעטן אסתרקען, זי זאָל זי נעמען מיט זיך. זי וויל אַלץ אָנהייבן פון דאָס ניי — זיך געפינען רו.

אין די ווייטערדיקע טעג, ווען אסתרקע איז צו איר געקומען, האָט זי ביי איר בעט געטראָפן זיצן דעם קליינעם יידישן פּראָפעסאָר פון ווין, וואָס איז בלינד געוואָרן פון די רויכן, וואָס זענען אים אַריין אין די אויגן. ער איז דאָ געווען איר שכן פון אונטערשטן שטאָק אין קליניק. דאַר, אַן לייב אויף זיך. נאָר דער קאָפּ איז אים געזעסן איבערן קליינעם גופל — גרויס, פול. דאָס פּנים האָבן אין דער מיט איבערגעשניטן אַ פּאָר ברייטע ברוינע וואָנצעס. איבער זיי האָבן שוואַרצע ברילן אים פאַרשטעלט די בלינדע אויגן. עס האָט זיך געדאַכט, ער זעט דורך זיי, ער דרינגט דורך.

אַנדערש פון אַלע האָט ער דאָ אויסגעזען, דער בלינדער פּראָפעסער — מיט זיין קליין גופל, גרויסן קאָפּ, און ווייסן שטעקן פאַרויס פאַר זיך. אויך אין די איצטיקע וואַרעמע טעג איז ער געווען אָנגעטאָן אין אַ סך וועסטלען — איינעם איבערן אַנדערן. זינט ער איז אַרויס פון קאַלכאַויוון — איז אים קאַלט, אויך אין די היצן. ער ציטערט אויף דער זון. אויך זיין קליינקייט האָבן די דאָקטוירים דאָ אויפגעקלערט דערמיט, וואָס די פייכטקייט פון גוף איז אים אויסגעבאַקן. ווען ער איז געגאַנגען — זענען די הינטערשטע טיילן פון די הויזן אים לויז נאָכגעהאָנגען. נישט־אויסגעפילטע, האָבן זיי ליידיק זיך געשאָקלט.

ער האָט דערציילט, אַז ער געדענקט דעם שפּילצייג־סוחר — נאָך פון ווין. ווען זיי זענען ביידע געווען קינדער, האָבן זיי געוווינט אין איין הויף, געלערנט צוזאַמען אין איין קלאַס. יענער איז געווען דער גרעסטער, אָבער דער שעמעוודיקסטער פון די יינגלעך. אַ לאַנגער, נאָר מיט אַ קורצן שטערן. אין שול האָט ער, דער הויכער יונג, זיך געפילט שוואַכער פון אַלע קליינע מיט די גרויסע שטערנס.

דער מישלינג האָט זיך איינגעהערט אין זיינע רייד. ער האָט, זיצנדיק ביי איר בעט, צו איר גערעדט פון הינטער די שוואַרצע ברילן אָפּער. זי האָט געהאָרכט, זיינע ווערטער, ווי פון הינטער אַ קורטינע. „איך זע, האָט ער געזאָגט, אַז אין דרויסן ווערט באַלד פינצטער, עס פאַלט שוין צו די נאַכט". אַז זי האָט עפּעס געבעטן, האָט ער לאַנג געטראַכט און נאָך דעם געענטפערט: „גוט, מיר וועלן זען". צו מאָל פלעגט ער נאָכן שווייגן, פלוצעם איר אַ זאָג געבן: „דו זעסט היינט אויס פאַרזאָרגט". און באַלד: „דו ביסט היינט שיין".

אויך זי איז געבליבן פאַרקלערט. זיי האָבן ביידע געשוויגן. שפּעטער האָט זי אים דערציילט וועגן די געראַנגלעניש, וואָס ווערן פאַרשטאַרקט אין איר קערפּער. ער האָט זיך איינגעהערט אַ פאַרשטילטער, נאָר די געדיכטע ברוינע וואָנצעס האָבן ביי אים לייכט אַ ציטער געטאָן. שפּעטער נאָך דעם איז ער געזעסן און זיך צוגעהערט צו דעם רויש אין איר לאַנגן ליגנדיקן גוף. עס לויפט עפּעס אין אים אַרום ווי קוועקזילבער.

ווען ער איז געקומען אַ צווייט מאָל, האָט ער איר אויפגעקלערט, אַז נישט מיר אַליין, נאָר דאָס גוטע און דאָס שלעכטע אין אונדז זענען אייביק. זיי זענען דער עיקר. מיר זענען נאָר דאָס פעלד אין וועלכן זיי ראַנגלען זיך אָן אויפהער. זיי בלייבן תמיד און פירן אין אונדז זייער אייגענע מלחמה. זיי באַזיגן זיך קיין מאָל נישט. ווען מיר קומען אום — פירן זיי איבער זייער קאַמף אין אַנדערע גופים אַריין. זיי גייען איבער פון מענטש אין מענטש; פון דור אין דור. מיר זענען אפשר, נישט דאָס פעלד, נאָר די פענדלעך, מיט וועלכע זיי שפּילן אויס זייער מלחמה, ביז מיר שטאַרבן און זיי ווערן מגולגל אין אַנדערע. מיר מיינען נאָר, אַז דאָס ראַנגלען מיר זיך אונדזער אייגענעם געראַנגל.

ער האָט געפרעגט, צי זי פאַרשטייט. דערנאָך האָט ער איר דערציילט וועגן זיינע ביכער, וואָס מען האָט זיי אים פאַרברענט, ווען ער איז בלינד געוואָרן. אַלע זייערע אותיות זענען אים אָבער געבליבן אין קאָפּ. ער פילט, ווי זיי וואַקסן אין אים. אפשר, ווען ער וועט ווידער זעעוודיק ווערן, וועלן זיי זיך אויסשיטן. זיי וועלן זיך אויסשטעלן און ווידער ווערן ספרים. ער וועט בלייבן ליידיק. און אפשר שטייען זיי אויך היינט, זיינע ספרים, אין די שענק און וואַרטן אויף אים; זיי האָבן זיך צוזאַמענגענומען, פון אַש, נאָר פאַר אַנדערע ווילן זיי זיך נישט ווייזן.

זי האָט געהערט און געפילט, ווי אונטער זיינע רייד שרומפּט זי זיך איין; איר קערפּער ווערט קלענער, ציט זיך איין פון אַלע זייטן אין בויך אַריין, וואָס ווערט פלאַטשיק. ער אַנטקעגן, ביים בעט, ווערט פולער און לענגער, ציט זיך אויס. זיין וואָג פילט ביסלעכווייז אָן דאָס גאַנצע צימער, עס איז באַלד פאַר איר קיין אָרט נישטאָ.

אין די דאָזיקע אויפגעייענדיקע פרילינגטעג האָט דער יאַפּאַנער אין ש.ינס קליניק געפילט אַ דאַנקבאַרקייט צו דער פלאַקס־האָריקער שוועדין, וואָס האָט אים אין יענעם ווינטער־פאַרנאַכט נישט צוגעלאָזט צו אירע בריסטן. זי האָט אים פון זיך לייכט אַוועק־געגומען די האַנט. אַזוי אַרום ריזלט אין אים ביז היינט די פרייד פון טורעמדיקן אויפשטייג פון איר האַלדז; די ווייכע גלאַטיקייט פון איר נאַקן איז אים געבליבן אין

דער האַנט־דלאָניע. ער האַלט זי איין אין זיך. ער האָט געוווּסט, אַז ווען זי לאָזט אים צו ווייטער — וואָלטן די שטאַרקערע פריידן פון אירע פאַרבאָרגענע אבֿרים פאַרגאָסן אין אים אָט די מילדערע פרייד פון דער האַלדז־פּולקייט. איצט איז זי גאַנץ פאַרבליבן אין אים. זינט יענעם פאַרנאַכט האָט ער אַנדערש געזען דעם האַלדז, נאַקן און אָרעמס ביי דער יידישער האַלענדערין מיט די געלע אויגן און ביי אַלע פרויען אַרום. זי האָט זיי פאַר אים אַנטפּלעקט ביי זיי אַלע. ער האָט איצט אויף זיי געקוקט אַן אויפהער — אַ פאַרוווּנדערטער מיט נייגער.

אין די דאָזיקע פרילינגטעג האָט דאָס עלטערע קינדערלאָזע פּאָרפאָלק דערפילט, אַז דער דרויסן איז ברייט און אָפן און זיי זענען גרינג, ווי פעדערן. אַן דעם קינד ווערן זיי נישט צובאַהאַלטן צו קיין אָרט. עס ציט זיי נישט אַראָפּ. די לופט איז לויז. זיי האָבן זיך געדרייט איבער דעם ליידיקן צימער; דער טאָג איז געוואָרן לאַנג און זיי האָבן צייט. זיי האָבן אַרויסגעקוקט דורך דעם פענצטער אין דעם ליכטיקן פאַרמיטאָג אַריין. די גאַסן זענען ליידיק. מען הערט נישט קיין רויש. אין די לאַנגע קאָרידאָרן פון די קליניקס — גייען איצט מיט זייער טעגלעכן וויזיט פּראָפעסער ראַליער מיט זיינע אַסיסטענטן. אַלע וואַרטן אויף זיי שטיל אין די בעטן. זיי גייען זיי פאַרביי. בלויז די טריט פון פּאָסטערעגער הערן זיך אויפן ליידיקן טראָטואַר. זיי האָבן געוווּסט, פאַר זיי איז נישטאָ קיין בריוו — פון ערגעץ נישט. זיי דאַרפן אויך נישט שרייבן. זייער צימער איז ליידיק. זיי קאָנען אויך אַוועקפאָרן פריי — אַזוי ווי זיי שטייען — אַן אַ וואַליזע אין האַנט. אָבער — וווּהין ? פאַר מיטאָג קאָן מען אויך נישט גיין אויף אַ באַזוך אין ערגעץ — אויך נישט צו לייבלען. די גאַסן זענען ליידיק. מען קאָן זיך זעצן אויף אַ ליגשטול אויף דער וועראַנדע.

אין דעם דאָזיקן פרילינג האָט דער שפּילצייג־סוחר איבערגעקלערט פון זיין פרוי און טעכטער אין ווין. ער באַקומט נישט פון זיי קיין בריוו. זיי האָבן אים פאַרגעסן. יאָרן וועט ער נאָך מוזן דאָ זיין. זיי האָבן פון אים זיך אָפּגעוווינט. ער האָט דער־שפּירט אין זיך די היילונג פון דעם פרילינג. ער טריפט אין די אבֿרים. ער האָט געוווּסט, אַלץ איבער די יידן איז ער קראַנק. זייערע ריחות אין טאָל האָבן אים פאַרסמט. אַלץ אַרום איז געוווען פאַרמאַכט. ערשט דאָ אויפן באַרג קאָן ער אָפּאָטעמען. ער האָט אין יענע יאָרן צופיל געאַרבעט. מיליאָנען פון זיי האָט מען געבראַכט. פון אונטער דער ערד נעמען זיי ווידער אומעטום אַרויסשפּראָצן. אין ערגעץ קאָן מען פאַר זיי זיך נישט באַהאַלטן.

און אין דעם דאָזיקן פרילינג האָט אויך אסתרקע אַרויסגעפירט לייבלען פון זיין צימער אויף אַ שפּאַציר. ס'איז געווען פאַר נאַכט. ער איז געלעגן אויף אַ טראָגבעטל אין אַ דראָזשקע. זיי זענען ביידע שווייגנדיקע געפאָרן איבער די שמאָל־לענגלעכע גאַסן צווישן די בערג. פאָר און הינטער זיי — אַנדערע פאַמעלעך־פאָרנדיקע דראָזשקעס. זיי האָבן זיך געפילט, ווי אויף אַן אַראָפּגעלאָזטער נידעריקער טעאַטער־בינע. פון אויבן, פון ביידע זייטן, זענען די דריי־פיר־פּאַכיקע וועראַנדעס איבער די שטאָקן פול געווען, ווי גאַלעריעס, מיט צושויער אין די בעטן, מיט געבייגטע קעפּ אַרונטער צו דער גאַס. מען האָט פון אויבן אַראָפּ באַגריסט די דורכפאָרער מיט די הענט, מיט אַ פאָכעריי פון טיכלעך. זיי האָבן צוריק אַרויפגעשאָקלט מיט די הענט. אויגן האָבן אין זיי זיך איינגעקוקט. אַלע דאָ האָבן זי געקענט, אסתרקען. פון איר פאַרבייאיילן

די גאַסן מיט די שוואַרצע זאָקן און ווייכע שיכלעך, ווי אַ קעצל. לייבלס קאָפּ איז געלעגן, אַ באַוואַקסענער, אַנגעלענט אויף איר שויס.

זיי זענען אַרויסגעפאָרן הינטער דער שטאָט, צווישן שמאָלע בערג־אַראָפּהאַנגען. אונטער זיי האָבן זיך געשפּרייט תהומען — צווישן ראָזע און גרין־אָדערדיקע פעלדזן, באַוואַקסן מיט קורצע ביימלעך. אויך דאָ איז פרילינג. נישט ער היילט, נאָר ער עפנט נאָך מער די ווונדן. גאָרנישט וועט מער קיין מאָל זיך אומקערן. די דאָראָזשקע איז געפאָרן אויף אַ שמאָל וועגל, האַרט איבערן ראַנד. פון איין זייט איבער זיי, האָט הויך זיך געהויבן אַ פעלדזיקע וואַנט ביז צו די הימלען אַרויף. עס איז דאָ געווען טונקל. זיי האָבן געטאַפּט מיט די אויגן די פאַרהוילענע נאַרעס אין די שפּאַלטן פון די בערג. זיי האָבן געשוויגן. זיי האָבן געוווּסט מיט אַ נאָגנדיקן באַדויערן, אַז עס איז שוין נישט אומצוקערן. אין די בערג דאָ האָבן זיך געקאָנט אויסבאַהאַלטן און איבער־וואַרטן די מיליאָנען פאַרשווונדענע. דאָ, אין די נאַטור־ווילדקייטן, וואָס זענען אַזוי ווייט, וואָלט קיין שום אויג זיי נישט דערגרייכט. זיי וואָלטן אַלע פאַרבליבן. זיי וואָלטן געווען.

לייבל איז געווען אומרויִק וועגן די קראַנקע רעשטלעך, וואָס הערן נישט אויף צו קומען אַהער. יעדער פון זיי איז אַ בוים, אונטערגעטריקנט דער שטאַם. וועט דער פרילינג אַנטרינקען זייערע וואָרצלען? ווען מען קאָן די אַלע מענטשן כאָטש האַלטן צוזאַמען, אַרומוואַרעמען. אַזוי — בלייבן זיי אויך אין פרילינג מיט דעם פראָסט פאַר־גליווערט אין זיך.

לייבל איז געווען אומרויִק — וועגן מאָרגן פון יעדן פון זיי באַזונדער. אסתרקע האָט געבראַכט וואָס אַ מאָל אומעטיקערע בשורות פון זיי. אַט הערט די פרוי נעלקין פון לאָדזש נישט אויף צו גיין צו די דאָקטוירים מיט איר שוואַנגערשאַפט. זי האָט מורא פאַר דעם, וואָס דאַרף פון איר אַרויסקומען. עס איז צו שטיל. זי פילט עס נישט אונטערן האַרץ. זי וויל, זיי זאָלן זי באַפרייען פון דער שווערקייט אין איר בויך. מען האָט געזאָגט, אַז דער פּחד איז איר באַפאַלן זינט זי האָט געהערט די לעקציע פון פּראָפ. ראַליערס אַסיסטענט, ד״ר זשיאַק, אין אונטערבאַרגיקן קינאָזאַל וועגן פאַרן־זיך פון קראַנקע מיט הויכן פיבער. געזאָגט האָט ד״ר זשיאַק, אַז קינדער ווערן געבוירן מיט דער שטימונג פון זייערע עלטערן אין דער רגע פון זייער באַהעפטונג. יעדע רגע — גיט איבער איר שטימונג. מענטשן טראָגן זיך מיט איר אַרום אַ גאַנץ לעבן. פון אַ טרויעריקער רגע — דרייט אַ גאַנץ לעבן זיך אַ טרויעריקער מענטש; פון אַ לוס־טיקער — אַ צעשפּילטער מענטש; פון אַ שלעפעריקער רגע — אַ מידער, וואָס גענעצט אַ גאַנץ לעבן. אַזוי אויך פון גוטע, און פון פאַרביטערטע רגעס. זיי טראָגן אין זיך אויך די קאָליר און דעם עכאָ פון דער רגע, ווען די עלטערן האָבן זיך דערגאַנצט, זענען געוואָרן פאַרשטומט אין איינס.

ד״ר זשיאַק האָט אין זיין לעקציע געוואָרנט די קראַנקע, וואָס פאָרן זיך, איצט, פרילינג, ווי קעץ, אָפּן אין די בעטן, אָדער קריכן אין די נעכט איבער די רינעס אַרויף אין פרעמדע צימערן, אַז זייערע קינדער קאָנען אַרויס נאַכטוואַנדלער, מיט הייסע גופים און צעהיצטע הענט — אויך ווינטער וועלן זיי זיך דרייען נאַקעטע, און נישט קאָנען זיך קילן.

פרוי נעלקין האָט זיך געשראָקן פאַר איר וולד אין זיך, עס זאָל נישט האָבן איינגעצויגן אין זיך אַלע שרעקן פון איר איינגעקילט בלוט. עס קאָן אַרויס אַ שטיק רויטער גליוער.

זי האָט געדענקט דאָס פּנים פון איר מאַן איבער זיך. דעמאָלט ווען זיי אַליין האָבן אַן אויגנבליק זיך אויסגעלאָזט — און גלייך האָט זיך אָנגעהויבן דאָס נייע לעבן צווישן זיי. נאָענט איבער איר פּנים האָט זי געפילט די הענגענדיקע — האַלב־גרויע און האַלב־בלאָנדע וואָנצע. אַ רגע האָבן זיך צעעפנט אין איר אַריין דאָס ווייסע און בלויע אויג. די זיקנה האָט דעמאָלט פון אים אַראָפּ זיך געשפּרייט און זיך געגאָסן. אפשר איז זי אויך אַריין אין דעם וולד.

פרוי נעלקין האָט נישט געקאָנט שלאָפן אין די נעכט. זי האָט מורא געקריגן פאַר דער גלאַטיקייט פון איר בויך. זי איז געוואָרן פאַרלוירן ווען די דאָקטוירים האָבן נישט געוואָלט פון איר אויסשניידן דאָס פרעמדע שטיק. זי האָט געבעטן דערבאַרעמדיקייט. זיי האָבן צוגעלייגט די גרויסע האַריקע אויערן צו איר בויך און געזאָגט, אַז זיי הערן אַ שטיל דין אָטעמען. מען מוז וואַרטן. זי האָט נישט געוווּסט, ווו זי וועט אַנטלויפן. אירע פיס האָבן זי נישט געטראָגן אָן די קוליעס.

לייבל איז צוזאַמען מיט איר געווען אומרויִק פאַר דעם ערשטן קינד, וואָס דאַרף דאָ געבוירן ווערן — צו זיי אַלע, די פאַרבליבענע. ער האָט געטראַכט צו רופן עס „בן־עוני" — דאָס קינד פון מיין פּיַין.

שפּעטער האָט אסתרקע אים געברענגט די ידיעה, אַז זי, די בלאָנדע פרוי מיט די גרויע זילבער אויגן, וואָס איר מאַן איז נאָך אין די נעכט אויף די וועגן צו דער צוגעזאָגטער רעפּובליק — האָט געבוירן אַ זיבעטל. זי האָט אין מיטן דער נאַכט באַקומען ווייען אין איר דאַך־צימערל. דער טויבער מוזיקער האָט געהאַלטן אין שפּילן בעת ער האָט דערהערט איר פאַרקראַמפּט שווייגעניש ביי זיך אויבן. זיינע טענער האָבן צעזעצט די נאַכט־רויִקייט אין לעיזען. מיט ווייכע טריט איז ער אַרויף צו איר. אין מיטן דער נאַכט האָט ער זי אַראָפּגעפירט אין אַן אויטאָ קיין לאָזאַן אין שפּיטאָל. זי האָט ווייטער אַ פאַרקראַמפּטע געשוויגן נעבן אים. זי האָט אין די ווייען געהערט דעם רויש פון די ווייטע געדיכטע וועלדער, ווו איר מאַן שאַרט איצט, אין דער רגע, אָוועק די צווייגן אין דער פינצטערניש. זי איז דאָ אַליין, אַ פרעמדע, אין דעם אויטאָ צום שפּיטאָל. עס קלעמט זי אונטערן האַרץ. עס לאָזט זיך אַראָפּ. נעבן איר זיצט נאָר דער אַלטער איינגעטויבטער שכן.

שפּעטער, נאָכן נעמען זי אויף דער בראָכשטול, איז ער, דער מוזיקער, צוריק אַרויף אויפן באַרג.

עטלעכע טעג האָט ער געוואַרט אויף איר אומקערן זיך אַהיים, מיטן פּעקעלע איבער די הענט. ער האָט פאַר זיך געזען, זי קומט אַריין מיט אַ קישעלע — פאַרוויקלט אין דעם אַ רויטלעך פּנימל. ווען זי האָט שפּעטער אָנגעקלונגען און ער איז איר אַנטקעגן צו דער טיר מיט אַ שמייכלענדיק פּנים — האָט ער דערזען, אירע הענט זענען אַראָפּגעלאָזט, ליידיקע. זי האָט אין שטוב זיך אַריינגעשאַרט אַליין; אַ שטילע

האָט זי אין צימער זיך געזעצט אין ווינקל פון דער קאַנאַפּע. זי האָט גאָרנישט גערעדט. אויך ער האָט נישט געפרעגט. אין דער זייט פון צימער איז געשטאַנען ליידיק דאָס נייע בעטל מיטן ווייסציי‏ג. ער האָט דאָס געהאַט אָנגעגרייט פאַר איר קומען. ער האָט נישט געקוקט אין איר זייט. ער האָט זיך געדרייט. ער איז שטיל אַרויס.

לייבל האָט געוווּסט אין יענע טעג, אַז דאָס ניי־געבוירענע ליגט אין ווייסן קינדער־צימער פון שפּיטאָל און ראַנגלט זיך מיט דער לופט. די אַלטע שווייצער דאָקטאָרין האָט געקוקט אויפן רויטלעכן באַשעפעניש̇ל מיט דער געשפּאָלטענער ליפּ, וואָס האָט נאָר איין לינגל און קאָן נישט אָטעמען. אויך דאָס מוחל קנייטשט זיך ביי דעם — עס עפנט און שליסט זיך. נאָר בלויז אַ גרויס זכר־אבר̇ל האָט ברייט זיך געשפּרייט צווישן זיינע פיסלעך.

די ידיעה האָט שנעל זיך פאַרשפּרייט און אָנגעוואָרפן אַ שטילקייט צווישן די פון טאָל, אויסגעלייגט אין די קליניקס. מען האָט געפילט, דאָס איז ער, דער נייער אָנהייב.

עס זענען אַריבער טעג און דאָס קליינע האָט נישט נאָכגעגעבן. עס האָט אַלץ זיך געראַנגלט מיטן האַרץ־כאַרכל. יעדן אין דער פרי איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז עס אָטעמט נאָך. אַלע האָבן געשפּירט דעם מאַטער פון דעם באַשעפעניש̇ל, וואָס האַלט אָן, און דעם צער פון דער מוטער, וואָס ציט זיך אַזוי לאַנג.

לייבל האָט געהערט און — געציטערט איבער דעם קליינעם, וואָס אַלע זענען שוין איבער אים אַריבער, און ער — אָפּגעזונדערט — וויל נישט אָפּשטיין. זיין האַרץ האָט אים שטיל מיטגעקלאַפּט מיט דעם אומרעגולערן ריטעם פון קליינעמס דופּקל.

איצט איז ער געפאָרן מיט אסתרקען אין דער דאָראָזשקע הינטער דער שטאָט, ווו אַלץ בליט אַזוי פריש — גרין. גאָרנישט ענדערט זיך — נישט זומער, האַרבסט, ווינטער און פרילינג; די צייט גייט רגע נאָך רגע איבער אונדז; מיר הענגען אונטער איר, ווילן זיך אָנהאַלטן; מיר צאַפּלען מיט די פיס אין דער לופט. זי זעצט אונדז אַראָפּ, פאַרוואַרפט אונדז ווייט הינטער זיך. לייבלען האָט געגלוסט אָוועקגעוואָרפן צו ווערן. אַ רגע האָט ער זיך געכאַפּט, אַז אויך אסתרקע שוועבט ערגעץ איינע אַליין, זי וויל אַפּלאָזן. ער האָט געוואָלט זי אָנכאַפּן. זי האָט געעפנט די אויגן. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט. באַלד האָבן זיי באַזונדער געקוקט אויף די שפּאַלטן אין די ברוינע גראַניט־פעלדזן אַרום זיך, ווו מען קאָן זיך פאַרשטעקן יעדער איינער אַליין.

ס'איז שוין דורך אַ האַלב יאָר, ווי מען האָט ש.ינען געבראַכט אַהער. ער האָט שוין פאַרגעסן דעם „גולם", דאָס גיפּסענע בעטל. ער האָט פון אים זיך אַנטוויינט, ווי מען אַנטוויינט זיך פון אַ מאַמעס שויס. אַ סך מאָל האָט אים געדאַכט, זיין איצטיק לעבן הייבט אָן זיך פון דער מינוט, ווען ער האָט זיך אַרויסגעשיילט פון דעם בעטל, ווי פון אַ בויך אַרויס. אַלץ דאָס פריִערדיקע איז געווען בלויז אַ חלום, וואָס ער האָט אים אינעווייניק, אין דאַזיקן גיפּס־בויך, אויסגעחלומט.

איצט האָט דאָס אים ווידער אַריינגענומען אין זיך. ניין, נישט דאָס גיפּס־בעטל איז דאָס, נאָר די רענטגען־מאַשין אין דער לאַבאָראַטאָריע פון ד"ר שמידט, וווהין מען פירט די קראַנקע יעדע זעקס חדשים — פרילינג, ווי האַרבסט, דורכצולויכטן די

ביינער. ער האָט זיך דערפילט היימיש אין דער פינצטערניש פון דעם זאַל, אַרומגענומען שטייף דעם גוף פון די קאַלטע אייזנס, איינגעפרעסט אין זיי — אַ ליגנדיקער. ער האָט זיך אומגעקערט צום מקור. מען זעט אים פון דאַנען נישט אַרויס.

ד״ר שמידט האָט אין אים אַריינגעקוקט. אין דער פינצטער געגישטערט אין אים מיט די אויגן, געמישט די אברים; מיט די שאָטן־פינגער זיי איבערגעדרייט, געשטעקט אין אים דעם קאָפּ. די פינצטערניש האָט, ווי אַ דורכזיכטיקע זיידענע פאַרב, אַלץ אַרומגעהילט, אויסגעפילט פול דעם צימער. באַלד האָט ער אַרויפגעדרייט די עלעקטריע. ש. איז געבליבן ליגן אויפן ליילעך. די פאַרב איז געוואָרן העל, צעגאַנגען זילבער. ד״ר שמידט מיט דעם ווייסן כאַלאַט און שטאָלענעם אויג איבערן שטערן, האָט אין דעם ליכט זיך געזעצט ביים שוואַרצן גלאַנציקן טישל. ער האָט מיט דער סקריפּנדיקער פּעדער געשריבן אויף ווייס בלאַנקענדיק פּאַפּיר. שפּעטער האָט ער געזאָגט, אַז ש. וועט נאָך דאַרפן בלייבן צובאַהאַפטן צום בעט איבערן זומער, ווייל עפּעס אינעווייניק שטעלט אַ ווידערשטאַנד; וויל זיך נישט היילן. ער איז אַריינגעוועבט אין דעם ליכט פון לעיזען.

פּראָפּ. ראַליער האָט איצט דערלויבט אָוועקצונעמען דעם פּאַראַוואַן, וואָס טיילט אים אָפּ אויף דער לאַנגער ווערענדע פון די אַנדערע; זיין איינער צווישן זיי אַלע. זשאַנין האָט, מיטן בעט אויף פיר רעדלעך, אים געפירט פון צימער אויף דער אָפענער טעראַסע אַרויס, צווישן זיינע שכנים. אַלע האָבן מיט אים זיך דערפרייט. אויך דאָ האָט דער פרילינג אַלץ געהאַט פאַרכאַפּט. לעיזען איז איצט געווען די שטאָט פון נאַקעטע, וואָס רייסן זיך אויף פון די געלעגערס. עמעצער האָט אַנגעקלאַפּט אין זייערע ווענטלעך. עס האָט זיי אונטערגעהויבן. פון די בעטן אַרויס, האָבן די מיידלעך פון די העכערע טעראַסעס אַריבערגעבויגן די קעפּ; אַראָפּגערעדט דורך די באַלקאָן־שטאַכעטן צו די מענער פון די נידעריקע שטאָקן, געגרופן צו זיי. זיי האָבן אַראָפּגעלאָכט מיט ביינדל־דיקע שטימעס פון די העלדזער — פון די בייכער אַרויס; אַראָפּגעלאָזט צו זיי בריוולעך, אַנגעהאַנגען אויף לאַנגע קאָלירטע שטריקלעך, און צוריק אַרויפגעצויגן די ענטפערס. אויך צו ש.ינען האָבן זיי געגרופן. ער איז געלעגן מיטן פּנים אַרויף צו דער זון. אַראָפּגעבויגענע פּנימער פון דער דאַך־טעראַסע האָבן פון אויבן אַראָפּ — אַריינגעשמייכלט אים גלייך אין די אויגן. ער האָט זייערע בליקן געלאָזט אַריינטריפן אין זיך. אויך פון אַ קליניק אַנטקעגן, אין יענער זייט גאַס, האָט אַ מיידל אין אַ קורצער ראָזער פּידזשאַמע, אַנגעלענט אין אַ באַריערע — דורך דעם זון־פּנים אַדורך — צו אים אַריבערגעשמייכלט.

ש. האָט מיט אַ מאָל פאַרמאַכט די אויגן. ער האָט ווידער זיך דערמאָנט אַזוי קלאָר, די יידישע טעכטערלעך אָוועקגעגאַנגענע אין תמימות, אין ריינקייט. אַזוי פיל אומשולד איז אָפּגעמעקט געוואָרן! זיי און זייערע טאַטעס האָבן נישט געלעבט קיין געוויינטלעך לעבן, נאָר זענען געווען פאַרוועבט אין אַ חלום צווישן די פעלקער; געלעבט אין עולם הדמיון — אָן ממשות אונטער די פיס. זיי האָבן געשוועבט אין אַ מעשה, ווי דורות קינדער, אַ פאָלק פון קינדער — שוצלאָז צווישן פרעמדע. אונטער זיי האָט די ערד געברענט, און זיי זענען אויף איר געגאַנגען ווייך, ווי אויף וואָלקנס, מיט דער וויזיע פונעם סוף פון די טעג. זיי זענען געבוירן אין חלום, חתונה־געהאַט

אין חלום, געשטאָרבן אין אים, און זענען אומגעקומען אין אַ חלום. קיינער האָט זיי נישט געקענט.

ער האָט ווידער געקוקט אין די טויזנטער יאָרן אַלטע ספרים, און דערקענט אין זיי די יידן. זיי האָבן דורך די טויזנטער יאָרן גאָרנישט זיך געענדערט. נישט אַנטוויקלט האָבן זיך יידן צו זייערע מידות, נאָר געטראָגן זיי אין זיך נאָך פון זייערע יונגע יאָרן אַלס פאָלק. פון תמיד האָט מען זיי באַצייכנט ווי אַן „עם מפזר ומפרד בין העמים ודתיהם שנות מכל עם״.

עס האָט פּלוצעם אויפגעזונגען אין אים:

כאָטש, כאָטש — גולה וסורה<br>
פּאָרט, פּאָרט — דמתה לתמר —<br>
און ווידער אַ מעלה, און נאָך אַ מעלה — — —

אויך זיי אַליין צווישן זיך האָבן זיך דערקענט דורך די דריי מעלות: „כל שאין בו משלושת דברים הללו אינו מהם: רחמנים, ביישנים וגומלי חסדים״. דאָס איז געווען זייער סימן — נאָך אין די קינדער־יאָרן פון זייער ווערן צו אַ פאָלק. ווער צווישן זיי עס האָט נישט געהאַט פון די דאָזיקע דריי מעלות, האָבן זיי געוווּסט, ער איז נישט איינער פון זיי.

און מיט די אַלע מידות זענען זיי געווען איבערגעפּילט, די פיר און דרייסיק טויזנט יידישע שטעט און שטעטלעך, צעשפּרייט איבער אייראָפּע, וואָס איבער נאַכט האָט מען זיי אָפּגעמעקט פון איבערן פנים פון דער ערד.

ווען ער האָט אויפגעמאַכט די אויגן זענען אַלע אַרום אים געלעגן שטיל, אים נישט צו שטערן; יעדער אין זיין בעט צוריקגעצויגן אין זיך; ווי זיי וואָלטן די גאַנצע צייט מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס געהערט דאָס קלאַפּן פון זיין פאַרבאָרגענעם אָטעם, און זיי קלאַפּן־מיט מיט אים.

אין די ווייטערדיקע טעג האָבן זיך דערנענטערט צו אים טייל פון זיינע שכנים אין דער קליניק. אין איינעם אַ פרימאָרגן איז געקומען אין זיין צימער איינער פון די שווייצאַרישע זעלנער, וואָס זענען געלעגן אַ שטאָק נידעריקער, אונטער זיין דיל; פון די איינגעשלאָפענע זעלנער, וואָס האָבן איצט זיך גענומען וועקן מיטן פרילינג. מען האָט צו ערשט האַרט אָנגעקלאַפּט, ווי מיט אַ שטעקן. באַלד איז אַריין אין טיר אַ ברייט־פּלייציקער, קליינוווקסיקער, מיליטערמאַן, אונטערגעלענט פון קורצע קוליעס איןביידע זייטן. נאָך פריער האָט מען געהערט, ווי איבער די טרעפּ, פון אונטערשטן שטאָק אַרויף, קלאַפּן אָפּ דין אַ פּאָר קוליעס פון עמעצן, וואָס קלעטערט אַרויף. מיטן אונטערשטן עק פון דער קוליע האָט יענער געשטויסן אין דער טיר. ער האָט באַלד זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול פאַר ש.ינס בעט, שטעלנדיק ביידע קוליעס פאַר זיך, צווישן די פיס. מיט די עלנבויגנס און דער גאָמבע האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אויף זייערע ווייכע אָנלענס, אויבן. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז ער איז אַן אונטער־אָפיציר, אַ וואַכמייסטער, פון דער גרענעץ־וואַך. עס האָט זיך געמערקט זיין נידעריק־אונטערגעשווירענער קאָרק. אויך ווען ער האָט גערעדט, איז דאָס פנים ביי אים געבליבן אַ געשלאָסנס, אַ קורצס. ער האָט זיך באַמיט נישט צו גענעצן מיט אַן אָפן מויל. יעדעס

מאָל ווען ער האָט געדאַרפט אָפּגעגעצן, האָט ער די לופט אַראָפּגעשלונגען אויף צוריק. ווייזנדיק אויף ש.ינען, האָט ער אַ זאָג געטאָן, אַז אויך ער אַליין איז אַ קרבן פון דער מלחמה, כאָטש ער איז אין איר נישט געווען. ער האָט צוגעגעבן, אַז ער איז בלויז געזעסן ביי איר ראַנד, ביי דער גרענעץ. ער האָט געשוויגן. עס האָט אויסגעזען, ער דרייט אין זיך אָן ווערטער, ווי אין אַ זייגערל. באַלד וועט ער זיי אַרויסלאָזן.

ש. איז געלעגן אויפן האַרטן מאַטראַץ, אַן אויסגעצויגענער גלייך, אָן אַ קישן אונטערן קאָפּ, כדי דער רוקנביין זאָל זיך אים אויסגלייכן, און האָט פאַרנומען יענעמס רייד, וואָס זענען צו אים געווענדט.

ער האָט צו ערשט געפרעגט, יענער, צי ס'קאָן נישט זיין, אַז ער איז קראַנק צוליב אַ יידישער קללה. און נאָך האָט ער געפרעגט, צי מתים זענען מקיים די קללות, וואָס זיי האָבן געגעבן ביים לעבן.

באַלד האָט ער דערציילט, אַז די קללה איבער זיין קאָפּ האָט געוואָרפן אַ „יידין", אַ פרוי, וואָס לעבט שוין מסתמא לאַנג נישט. ער האָט פאַרגעסן איר פנים.

געווען איז דאָס דעמאָלט, ווען ער מיט זיין אייגנהייט האָט געוואַכט אויף דער גרענעץ, נישט ווייט פון דאַנען, איבער די אַלפּנבערג. זיי האָבן געהאַט אַ באַפעל, נישט צו לאָזן די מלחמה זיך פאַרשפּרייטן אַהער, איבער דער גרענעץ. אַ גאַנצן טאָג האָבן זיינע זעלנער געקאָנט שלאָפן אין די אָקאָפּעס, נאָר ביי נאַכט האָבן די אויערן געמוזט זיין איינגעהאָרכט. ס'רוב נאָך האַלבער נאַכט פלעגט מען הערן פיס שאָרכן אין די בערג. ס'פלעגן דעמאָלט זיך אַהערשאַרן יידישע משפחות, וואָס האָבן געוואָלט אויסמיידן דעם טאָל. ווי סטאַדעס דערשראָקענע חיות, האָט מען זיי געהערט קריכן פון יענער זייט. מען האָט געהערט, די צוויגלעך, וואָס ברעכן זיך אונטער זייערע טריט. הינטער זיי האָבן נאָכגעצויגן די יעגערס מיט זייערע הינט. ווי ביי וועלף האָבן אין זייערע אויגן אין דער פינצטער, פון דער ווייטנס, זיך געצונדן פייערלעך.

נישט איין מאָל פלעגט דאָס זיין. מען האָט געהערט די פיס, וואָס זענען אַריבער. מידע גופים זענען שווער געפאַלן דאָ איבער דער ערד. זיי האָבן געוווּסט, זיי זענען פון דער אַנדערער זייט; זייער שרעק איז געבליבן דאָרט. פאַר אונדז האָבן זיי מער נישט מורא געהאַט.

אָבער דאָ זענען אויך מיר אויף זיי אָנגעלאָפן. אונדזער באַפעל איז געווען, זיי צוריקצוּוואַרפן, נישט צו לאָזן זיך אָנשטעקן פון דער מלחמה. מיר האָבן געפּרוּווט זיי אויפהייבן. ס'איז אָבער שווער געווען אָפּצורייסן זייערע גופים פון דער ערד. זיי זענען צו איר געווען ווי צוגעצויגן.

איך האָב באַפוילן זיי נעמען מיט כוח. די זעלנער האָבן איבער זיי זיך געבויגן, צו נעמען זיי פאַר די פיס און הענט. זיי האָבן זיך איינגעביסן אין דער ערד אונטער זיי, געקלאַמערט צו איר די גופים. מוטערס, וואָס האָבן געהאַט ביי זיך קינדער, האָבן געקושט אונדז אין די הענט; די קינדער האָבן געוויינט. נישט איין מאָל האָבן פון יענער זייט געוואָרט די יעגער; מיט די פאַסקעס געצויגן צו זיך די הינט, וואָס האָבן זיך געריסן. מיר האָבן זיי געשלעפט, געטראָגן אין דער לופט.

און דאָ איז דער וואַכמייסטער צוגעקומען צו זיין אייגענער געשיכטע:

געוועזן איז דאָס איין מאָל, אין אַ האַרבסטיקן פֿאַרטאָג; די ערד איז דעמאָלט געוועזן לייכט געפֿרוירן. זיין איינהייט, נישט אויסגעשלאָפֿן פֿון דער נאַכט־איינגע־האַרקטקייט, האָט פֿלוצעם, אין אויפֿגייענדיקן בלוילעכן ליכט, דערזען געשטאַלטן, וואָס הייבן זיך, פֿון יענער זייט שיפּוע, איבערן שפּיץ באַרג אַרויף. אַלע מאָל ווערן זיי העכער. באַלד האָבן זייערע גופֿים, אויבן, טונקל זיך אויסגעטיילט אין דעם ליכט־האָריזאָנט, וואָס האָט זיך געהויבן פֿון טאָל הינטער זיי. זיינע זעלנער האָבן גיך זיי אַרומגערינגלט. געוועזן זענען דאָס אַ יידישע פֿרוי מיט צוויי קינדער. אויך זי האָט זיך געוואָרפֿן איבער דער ערד און נישט געוואָלט גיין צוריק. די זעלנער האָבן זי געשלעפּט, געוואָלט זי טראָגן. מיט די נעגל האָט זי געדראַפּעט זייערע הענט; מיט די ציין זיי געביסן. זי איז געוועזן אַ יונגע, אַ הויכע, מיט טונקעלע האָר. זיי זענען איבער איר געווען געבויגן, האָבן געפּילט איר פֿאַרטאָג־אָטעם. די צוויי קינדער, אַ ייִנגעלע מיט אַ מיידעלע, האָבן זיך געקלאַמערט צו איר, געוויינט. די זעלנער האָבן געשוויצט, געסאַפּעט. זי איז געוועזן שווער, ווי אַ טויטע. זי האָט געבעטן, זיך באַוויינט, און געשאָלטן איר גורל.

אין איין רגע איז דאָס געשען: ווען זי האָט דערפֿילט איר אָנמאַכט, איר האָפֿענונגס־לאָזיקייט, האָט זי פֿלוצעם אַ געשריי געטאָן, מיר זאָלן זי אָפּלאָזן; זי וועט גיין אַליין. זי וועט מער נישט בעטן, וויינען. זי האָט זיך געגעבן אַ גלייך אויס און געזאָגט, אַז זי גייט, נאָר — איר בלוט און דאָס בלוט פֿון אירע קינדער וועט פֿאַלן איבער אונדז, איבער די קעפּ פֿון אונדזערע קינדער, איבער אונדזערע פֿרויען און אונדזערע מאַמעס; מיר זאָלן וויסן, קיין מאָל, אויך טויטערהייט, וועט זי אונדז נישט פֿאַרגעסן. די לעצטע רגעס פֿון איר און אירע קינדער וועלן אונדז נאָכגיין אַ גאַנץ לעבן. מיר וועלן קיין מאָל מער זיך נישט געפֿינען קיין רו.

— טייל זעלנער, האָט דער אונטעראָפֿיציר אַ זאָג געטאָן, האָבן געוואָלט זיך פֿאַרשטאָפּן די אויערן. אַנדערע האָבן געוואָלט זיך וואַרפֿן אויף איר, פֿאַרמאַכן איר מויל, וואָס האָט נישט גערוט. איך בין געבליבן שטיין, ווי פֿאַרגליווערט. די קללות האָבן מיר זיך געשיט איבערן קאָפּ, איבערן גוף, פֿלוצעם האָב איך זי געפּאַטשט איבערן פּנים; מיטן גאַנצן כוח האָב איך זי געשלאָגן איבער אַלע אברים, זי זאָל שווייגן, אויפֿהערן! איך האָב געוואָלט שטיקן איר האַלדז, זי דערווערגן! באַלד האָבן מיר זי אומגעוואָרפֿן; מיר האָבן זי געשלעפּט איבער דער ערד, ביז יענער זייט. מיר האָבן זי אַריבערגעוואָרפֿן. די קינדערלעך זענען נאָכגעלאָפֿן.

פֿון דעמאָלט אָן, האָט ער געזאָגט, דער וואַכמייסטער, איז ער קראַנק. אירע קללות גייען אים נאָך. ער ווייסט, אַז זיי רוען אויף אים. ער קאָן פֿון זיי זיך נישט לויז מאַכן.

ער האָט געפֿרעגט ש.ינען, צי געשטאָרבענע ווייסן נישט, אַז זעלנער מוזן היטן אַ באַפֿעל.

די זעלביקע וואָך האָט אויף דער וועראַנדע זיך צוגערוקט צו אים זיין שכן פֿון צימער, רעכטס; דער פֿראַנצויזישער סטודענט. ער איז געקומען רעדן מיט אים וועגן דער רבנישער טאָכטער, די מיט דער אָדלערנאָז, וואָס ליגט אין אַ ווייטער קליניק. ער האָט אים אויסגעפֿרעגט וועגן איר. ער האָט געמיינט, אַז ש. קען זי; אַלע יידן קענען זיך איינער דעם אַנדערן. ער האָט זיך געוווּנדערט, אַז נישט. ער האָט דערציילט,

אַז ער איז גרייט איר צו לערנען פרעמדע שפּראַכן; ער האָט וועגן דעם שוין צו איר באַפוילן. אַזוי שנעל ווי ער וועט קאָנען אַראָפּ פון בעט, וועט ער צו איר זיך אַוועקלאָזן.

ש. האָט געקוקט אויף זיינע פאַרשטייפטע הענט, פון נישט וועלן שיסן אין דער מלחמה. דער סטודענט האָט אים געזאָגט, אַז די זון מאַכט אים בעסער; ביסלעכווייז נעמען זיי ווידער זיך אָנפילן. עס פליסן אין זיי נייע וואַרעמע שטראָמען.

ער האָט אַ ווײַלע אָפּגעהאַקט, און גענומען פייפן פאַר זיך מיט די ליפּן, ווי ער וואָלט אָנגענומען דעציזידירט אַ באַשלוס.

שפּעטער האָט ער אים געזאָגט, פאַרטרויליך, אַז ער האָט באַשלאָסן, ווען ער וועט געזונט ווערן, צו ווידמען זיין לעבן אַלע געפלאָגטע; דער אויסלייזונג פון די אונטערדריקטע פעלקער. ער האָט גערעדט שטיל. ש.ינס אויער אין דער זייט איז געווען אָפן. אין די גרינע אויגן האָט ביי יענעם געטליזעט אַ קליין פּייערל. מען האָט געזען, ער קאָן נישט איינליגן אויפן געלעגער.

ש. האָט נאָך דעם לאַנגע טעג אויך נישט געקאָנט איינרוען. ער האָט געוואָלט דער־שפּירן די אומרעכט, פאַר וועלכע זיין שכן גרייט זיך אַוועקצוגעבן זיין לעבן.

ביים צווייטן מאָל זיך באַגעגענען, האָט יענער אים דערציילט וועגן די דער־נידעריקונגען, וואָס עס שטייען אויס די אַראַבישע פעלקער פון צפון־אַפריקע. זיי ווערן געטראָטן אונטערן שטיוול פון זיין אייגן לאַנד, פראַנקרייך. ער האָפט, האָט ער געזאָגט, פון דאַנען, פון באַרג אַראָפּ, צו פאָרן איבערן ים, זיך אָנשליסן דאָרט אין זייער אונטערערדישן געראַנגל.

און נאָך אַנדערע פלעגן איצט אַריינבליקן אויף דער וועראַנדע צו ש.ינען. זיי זענען היימיש געוואָרן מיט אים בלויז פון בליקן. ס'איז נישט נייטיק געווען צו רעדן. נאָר איינצלנע, וואָס האָבן געקאָנט אַראָפּגיין פון די בעטן, פלעגן זיך דורכדרייען נאָענט פון אים, ווי זיי וואָלטן געהאַט עפּעס אים צו זאָגן, נאָר זיי וואָגן נאָך נישט.

עס האָט דאָ זיך שוין אויך דורכגעדרייט דער קריסטלעכער גייסטלעכער, מיט דער סוטאַנע אויף זיין מיטלוווקסיקן, פעטלייביקן גוף. זי איז אויף אים געהאָנגען לאַנג און שווער, ווי אַ דיק פרויען־קלייד. זיינע לענדן — אַרומגעגאַרטלט מיט אַ ברייטן פּאַס. זיינע ווייס־באָרוועסע פיס אונטן זענען געווען אַריינגעשטעקט אין אַ פּאָר ברוין לעדערנע סאַנדאַלן. ער איז אין זיי ברייט געגאַנגען איבער די הילצערנע דילן. פון אויבן, איבערן רויטלעכן קאַרק, מיט די קורצע בלאָנדע האָר, איז געזעסן זיין קיילעכ־דיקער קאָפּ, מיט אַ ברוינלעכער באָרד. די באַקן אין דער מיטן זענען ביי אים געווען ריין אויסראַזירט.

יעדן אין דער פרי האָט דאָס באַנדל אים אַרויפגעבראַכט קיין לעיזען פון פלאַכלאַנד אונטן. ער האָט דאָ זיך אַרומגעדרייט אין די קליניקס; איבער די צימערן און קאָרידאָרן — צווישן די בעטן, און געבענטשט די קראַנקע; אָפּגענומען ביי די ליגנדיקע זייערע „ווידויס". ער האָט מיט זיי זיך פאַרמאַכט צווישן די פיר ווענט. ער האָט זיי אויסגעהערט, און מיט אַ זיסער שטים זיי געטרייסט.

ס'רוב פלעגט ער קומען אין די קליניקס אין די פרימאָרגן־שעהען, ווען אויף פּראָפּ. ראַליער מיט זיינע אַסיסטענטן פלעגן דורכמאַכן זייער טעגלעכן וויזיט. דער

אַלטער פּראָפעסאָר פלעגט איצט אַכטונג געבן, אַז די קראַנקע זאָלן אַלע ליגן מיט די בייכער אַראָפּ אויפן האַרטן מאַטראַץ, און מיט די פּלייצעס אַרויף — אַזוי די מענער, און אַזוי די פרויען, כדי זיי זאָלן נישט ווערן איינגעהויקערט. ער האָט פאַרלאַנגט, אַז די קראַנקע זאָלן אויך אין די נעכט שלאָפן מיטן פּנים אַראָפּ. די ליגנדיקע פלעגן אַפּערבייגן די פּנימער, צו באַגריסן זיך מיטן גלח. ער האָט צו זיי געשמייכלט. אָפט פלעגט ער זיך באַגעגענען איבער די קאָרידאָרן מיטן אַלטן פּראָפעסאָר. זיי האָבן צו זיך געשאָקלט מיט די פּנימער — דער היילער פון דער נשמה, מיטן היילער פון גוף. עס איז געשען, אַז די קראַנקע לייבער, וואָס האָבן זיך קעגנגעשטעלט די פינגער פון אַלטן פּראָפעסאָר — האָבן אים, דעם גייסטלעכן, זיך אַנטקעגנגעטראָגן.

יעדן פרימאָרגן האָבן אים דערוואַרט די יונגע מיידלעך, אים צו דערציילן פון זייערע נאַכט־חלומות און אויסדאַכטענישן. זיי האָבן זיך געפּילט באַרויִקט אונטער זיין אַרומנעמענדיקן בליק. זיין וואַרעמע שטים איז אין זיי אַריינגעדרונגען מיט טרייסט. נאָך מער האָבן פאַר אים זיך מתוודה־געווען פרויען, לאַנג־אָפּגעזונדערטע פון זייערע היימען און מענער, אונטן. ער איז דאָ געווען דער איינציק־געזונטער, מיט אַ ראַז־צעוואַרעמטן גוף, וואָס ווינט נישט אויפן באַרג. מיט די שווערע מלבושים אויף זיך, האָט ער אויסגעזען, ווי אַ נאַקעטער מאַן מיט אַ באָרד. אויך זיין בליק אין די אויגן איז געווען אַ נאַקעט־מענלעכער. ער האָט זיי דערמאָנט, אַז זיי זענען נישט אָפּגעריסן אויף שטענדיק; עס איז דאָ אַ פאַרבינדונג מיטן פלאַכלאַנד אונטן. זיין באַווייזן זיך האָט דערוועקט האָפענונג.

זיין געגנאָד איז אויך געווען אַ צייכן, אַז נישט געקוקט אויף די זינד דאָ אין די בעטן, אין די פרילינג נעכט, איז נישט איבערגעריסן די באַהעפטונג מיטן הימל. אויבן איז מען פול מיט מחילה. אין די איצטיקע טעג האָט מען דעריבער כסדר דערוואַרט זיין קומען, כדי אָנצוהאַלטן די פעדעם.

ביים פאַרבייגיין דאָ אויף דער טעראַסע, פלעגט ער איצט יעדן טאָג אויך צוואַרפן אַ בליק, פול מיט דערבאַרעמדיקייט, צו ש.ינען.

אין אָוונט האָט מען אין דעם אונטערערדישן קינאָ פון לעיזען געוויזן אַ פילם. דאָס קינאָ, אַן אַלטע פאַרבאָרגענע פעסטונג, איז געלעגן איינגעמויערט אין די טיפקייטן פון דעם טונקל־באַוואַקסענעם באַרג אין מיטן פונעם קוראָרט. דער באַרג — קיילעכדיק, מיט צווײ גרין־אייזערנע טויערן פון דער זייט. עס האָט די קראַנקע, געבראַכטע אויף בעטלעך, דאָ אויפגענומען דער הויכער, ברייטביייניקער וועכטער, מיט דער לאַנג־געדיכטער גרינער באָרד; פון קאָפּ ביז די פיס אַראָפּ — אָנגעצויגן אין אַ העלן קאָמבינעזאָן. ער האָט דורך דער קילער פוסטקייט אינעווייניק — געפירט די וועגעלעך מיט די פיר רעדלעך — צו דער ווינדע. ער איז מיט זיי אַריין. מיטן אויסגעשטרעקטן פינגער האָט ער געדריקט אין דעם געלן אויג. די ווינדע האָט זיך אָפּגעריסן פון אָרט און צווישן די פעלדזן זיך געלאָזט אַראָפּ. ווי אַ סקולפּטור, אויסגעהאַקט פון איין שטיק, איז ער, שטייענדיק איבער די ליגנדיקע, מיט זיי געשוווּמען אַראָפּ אין דער טיפקייט. פון דער ליידיקייט אַרום, האָט געהויערט די קילקייט אין די ביינער אַריין. פלוצעם האָט מען דערשפּירט, מען רירט אָן די ערד אונטער זיך. מען איז געשטאַנען נידעריק,

אַראָפּגעלאָזט אין בויך־דנאָ פון באַרג. די ביינער האָבן דערשמעקט זיין פּייכטן אינעווייניקסטן אָטעם. באַלד האָט דער באַרג, ווי אַ פּאַס — פון אויבן צוגעדעקט, זיך געשלאָסן אַרום און אַרום פון אַלע זייטן איבער די קעפּ.

ווען ש. איז אַראָפּ, איז דער לאַנגער טונקעלער זאַל אין דער נידער שוין געווען אויסגעשטעלט מיט שורות טראָגבעטלעך אויף רעדלעך. אין דער האַלבער באַלויכטנקייט זענען געלעגן פרויען און מיידלעך, אין לאַנגע בלויע און ראָזע נאַכטהעמדער, ביז איבער די פיס; טייל — אין פּידזשאַמעס; אַלע — איבערגעדרייט מיט די בייכער אַראָפּ; די פיס אויסגעצויגן צו די פנימער פון די שורות הינטער זיי; די קעפּ, פאָרנט — אויפגעהויבן צום ליידיק־בלאַסן עקראַן. אויף די ערשטע רייען פון די שטייענדיקע בעטלעך מיט לאַנגע פיס, ווי יונגע פערדלעך — זענען שוין געלעגן די שווייצער סאָלדאַטן. מיט די העלדזער אויף הינטער זיך, האָבן זיי זיך אַריבערגעשושקעט פון שורה צו שורה, קוקנדיק צו דער טיר. פאַר זיי, אויף די פאָדערשטע בענק, זענען געזעסן די גייענדיקע קראַנקע. די קוליעס ביי זייערע פיס — אַנגעוואָרפן, געקרייצט, ווי הילצערנע ביקסן. גאָר די ערשטע שורה האָבן פאַרנומען פראָפ. ראַליער מיט זיינע אַסיסטענטן — אין ווייסע כאַלאַטן, און דער ווידוי־גייסטלעכער — אין דער לאַנגער סוטאַנע. די ווענט פון גאַנצן זאַל זענען געווען אַרומגעקלעפּט — פּנימער איבער פּנימער — פון שטייענדיקע יונגע דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער — אויך אין ווייסע כאַלאַטן. אַלע האָבן געוואַרט אויף דעם ספּעקטאַקל, וואָס האָט זיך נאָך נישט אָנגעהויבן.

דער טעכניקער, מיט אַ געליימט איינגעצויגן פּנים, האָט צוגעגרייט די באַלייכטונגס־מאַשין. ער איז געקראָכן איבער די שטיגלעך פון לייטער. די וואָנצעס זענען אים נאָכגעהאַנגען, ווי קורצע עלעקטרישע דראָטלעך. ער האָט געשטעלט די פיס, זיי געהויבן, שפּרינגענדיק, ווי עמעצער וואָלט אים געצויגן ביי די דראָטענע שטריקלעך. אויך די הענט האָט ער באַוועגן אַרויף־אַראָפּ — צום ריטעם פון ציִען.

ש. ינען אין בעטל האָט מען אַוועקגעשטעלט מיטן פּנים אַראָפּ, ביי דעם פראַנצויזישן סטודענט, מיט די שוואַרצע ברעמען, וואָס זענען מיט דער צייט אים זיך צוואַקסן איבער די גרינע אויגן. זיי זענען ביידע איצט געלעגן, די קעפּ אַריינגעלאָזט אין די האַלב־קיילעכדיק צעלייגטע הענט פאַר זיך. זיי האָבן פאַרנומען אין זיך יעדער באַזונדער דאָס פליסטערן פון זאַל. עס האָט שטיל זיך געבלעזלט אַרום זיי, ווי אַ ווינטל איבער נידעריקע כוואַליעכלעך. זיי האָבן געמיינט, זיי שווימען. מען האָט געהאַלטן אין איין ברענגען אַהער קראַנקע פון די שכנותדיקע קליניקס.

די שווייצער זעלנער האָבן געפּילט, זיי קאָנען נישט אויסגלייכן די קעפּ. זיי האָבן זיי פאַרשטייפטע איבער די אַקסלען, אַלץ געהאַלטן אויסגעדרייט צו דער טיר. זיי האָבן אָפּגעוואָרט די כסדר פריש־אַריינגעבראַכטע.

ש. האָט דערהערט ווייט הינטער זיך אין אַ שורה, די הויכע שטימע פון ווינער שפּילצייג־סוחר. ער איז שוין דאָ. זיין קול טראָגט זיך איבער דער שושקעריי. עס איז אַריינגעקומען אסתרקע — אַליין. די שווייצער־זעלנער האָבן געלאַכט. זיי האָבן געפּרוווט טרעפן, די קאָליר פון די זיידענע וועש, וואָס זי טראָגט. די שוועסטער ביי דער וואַנט האָבן אויך געלאַכט. זיי האָבן געהערט אַ וויץ, וואָס דער שפּילצייג־סוחר נעבן זיי

האָט געזאָגט. ש. האָט געוווּסט, לייבל איז אין דער היים. ער קומט מער נישט ווו מען לאַכט. אסתרקע האָט זיך געזעצט אין אַ ווינקל. אויך דער קליינער ווינער פּראָפעסאָר מיטן גרויסן קאָפּ איז שוין דאָ געווען. ער איז געזעסן אויף אַ שטול, אָנגעלענט אויפן ווייסן שטעקן פאַר זיך, און האָט הויך אַריינגערעדט אין דעם מישלינג. זי איז געלעגן פאַר אים אין דער טונקל, אַ לאַנג־אויסגעצויגענע, אויף איר בעט, און צו אים אַרויפגעקוקט מיט די וואַסערדיק בלויע אויגן. איר גרויס פּנים איז געווען קינדיש־צעשפּילט אונטער זיינע אַראָפּהענגענדיקע ברוינע וואָנצעס, מיט די שוואַרצע ברילן איבער זיי. זי האָט פאַרנומען זיין ברייט קול, וואָס רוישט אין איר אַריין.

פּראָפ. ראַליער האָט דערזען אסתרקען אין ווינקל. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און זי צוגעבעטן צו דער ליידיקער שטול נעבן זיך. זי איז ווייך דורכגעטראָטן מיט אירע שוואַרצע זאָקן און שיכלעך איבער די ליגנדיקע הילצערנע קוליעס, און האָט זיך געזעצט. דער בלינדער פּראָפעסאָר האָט געזאָגט, אַז ער האָט ליב צו זיין קראַנק. זינט ער איז קראַנק — דערזעט ער די וועלט. יעדער געזונטער דאַרף ליגן אַ ביסל אָפּגעזונדערט אין אַ שפּיטאָל, אָדער אין אַ תּפיסה־צעלע. דער מישלינג האָט דערפּילט דעם יום־טוב, וואָס איז פאַרמאַכט אונטער זיינע בלינדע אויגן. זי האָט נישט געוווּסט, פאַר וואָס תּמיד אונטער זיין אַראָפּהענגענדיקן איבער איר — קאָפּ, באַקומט זי האַמונגען, ווי ער וואָלט אַריינגעקוקט אין איר. ער צווינגט זי צו אינערלעכער שווייגעניש. זי איז נישט פריי. פּראָפּ. ראַליער האָט געזאָגט, אַז די מערהייט אין זאַל איז פרויען, ווייל די מענער זענען געפאַלן אין דער מלחמה. דער מישלינג האָט געשפּירט, אונטער זיין געשלאָסענעם בליק שטילט זיך איין דער געראַנגל אין איר; דער רויקער גייסט באַזיגט דעם שלעכטן. ער פענטעט אים. פּראָפּ. ראַליער האָט געזאָגט, אַז מען וואָלט געדאַרפט ווייזן אַ ליבע־פילם, נאָר די קראַנקע וועלן ביי נאַכט נישט קאָנען שלאָפן. דער בלינדער פּראָפעסאָר האָט געזאָגט, אַז ער האָט שטענדיק מורא, ביי נאַכט קאָן נאָך אין דרויסן עפּעס געשען. ער האָט געפרעגט, פאַר וואָס מען לעשט נישט אויס דאָס ליכט אין זאַל. דער מישלינג האָט געפילט, זיסע כוואַליעס רינגלען זי אַרום. עס האָבן אין דער טיר זיך אַריינגעשטעלט אַ פּאָר קוליעס און אויבן — אַ מיידלשער קאָפּ, אַרומגענומען מיט געדיכטע פרישע האָר — אַ בלאַס פּנים, אַ לענגלעכס, און גרויסע אויגן, גרינע. צווישן די קוליעס — אַ העכערער פּולער קערפּער. די שווייצער סאָלדאַטן האָבן געפּרוווט טרעפן, אַז זי טראָגט נישט אויף זיך קיין פּידזשאַמע, נאָר אַ לאַנג וואָלן נאַכטהעמד. דער דינער מיט דעם קאָמבינעזאָן האָט געבראַכט צו פירן נאָך בעטלעך. עס איז שוין געווען פול. דער זאַל האָט געזען, דער מישלינג פליסט איצט אָפּ פון קליינעם פּראָפעסאָר. דער שפּילצייג־סוחר פון דער ווייטנס ציט זי, אין דער ענגשאַפט, צו זיך מיט די אויגן. דאָס מיידל אויף די קוליעס איז אַריין אין די געפּאַקטע שורות — אַ העכערע, אין אַ פּידזשאַמע. לאַנגע רויטע הויזן האָבן שמאָל אַרומגענומען אירע אויסגעקיילעכדיקטע פיס. ש. האָט געזען, דער מישלינג וויל זיך אָנהאַלטן אין דעם קליינעם פּראָפעסאָר, נישט צו לאָזן זיך אָפּרייסן. דער שפּילצייג־סוחר קוקט צו איר שטרענג. די רויטע פּידזשאַמע איז שוין אין דער זייט. דער קליינער פּראָפעסאָר האָט געפרעגט, וואָס עס געשעט דאָ. מען האָט אַריינגעפירט אַ פרישן קראַנקן — אַן איינצלנעם. דאָס מיידל אין דער רויטער פּידזשאַמע איז אין דער זייט געבליבן שטיין צווישן אירע קוליעס. זי האָט אויסגעצויגן געגענעצט. מען האָט ענגער צונויפגערוקט די שורות,

געמאַכט אַן אָרט פאַר דעם פרישן בעטל. עס איז אויף דעם געלעגן דער ייד מיטן קינדישן פּנים און אויגן, ווי אַ טויב. ער האָט פאַרבאָרגן דעם קאָפּ הינטער דעם שווייצער זקן, מיט די נאָכהענגענדיקע וואָנצעס. אויך אין די מלחמה־יאָרן איז ער געווען באַהאַלטן צווישן קראַנקע אין פרעמדע שפּיטאָלן; צוליבן לאַנגן שווייגן האָט ער נאָך אַלץ נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט פון צעעפנטן מויל. פון נעבן דער וואַנט האָט איצט אַריבערגערעדט צו אים, איבער די שורות אויפגעהויבענע קעפּ פון די ליגנדיקע — דער באַס־זינגער, מיטן פליך און גלאַטן פאַרוואָקסענעם פּנים ביז אַראָפּ. מען האָט נאָך אַלץ נישט געוווּסט, צו ווען ער געהערט. ער איז דאָ געשטאַנען אויף דער וואַנט, אַ הויכער, אַן אויסגעגלייכטער מיט דער נישט־געבויגענער פּלייצע — צווישן די שוועסטער אין די ווייסע כאַלאַטן — אונטערגעלעגנט פון קוליעס; ער האָט געשטרעקט פאָרויס זיינע לאַנגע פיס, וואָס זענען נאָך פון די טאָלן אַן, געוויקלט אין רויכן. ער האָט דערזען אויך אסתרקען. ער האָט צו איר אַריבערגערעדט פון דער ווייטנס איבערן קאָפּ פון פראָפ. ראַליער. ער האָט געזוכט נעבן איר לייבלען. ער האָט נאָך אַלץ נישט געהאַט געגרייכט צו אים. דער מיטן קינדישן פּנים און ווייסע פּעדערן־האָר פון אַ טויב האָט נאָך מער אַריינגעצויגן דעם קאָפּ. ער האָט אים אַראָפּגעלאָזט אונטער די שורות מען זאָל אים נישט אַרויסזען. דער קאָפּ איז אונטן אים געהאַנגען צווישן די דינע פּיס פון די בעטלעך און פון די זיצנדיקע. דאָ איז געווען שטיל. בלויז נאָך אַ קאָפּ, ווי אַ בלאַסע פאַפּירענע לבנה, איז אונטן אַראָפּגעהאָנגען פון די בעטלעך. ער האָט דערקענט דאָס פּנים אַן אַ הויט פון דעם שפּאַנישן מיידל, מיט דער פרישער אָפּגע־שיילטער רויטלעכקייט פון אַ בן־פקיעה. איר דינער קערפּער איז געלעגן אויבן אויס־געצויגן אויף אַ בעטל. דעם קאָפּ האָט זי דאָ באַהאַלטן. זייערע ביידע קעפּ זענען געהאַנגען, ווי גומי־באַלאָנען, צוגעבונדן אויבן צו די בעטלעך. ער האָט געקוקט אויף איר האַלדז, די באַקן — אויך אָן הויט. עס קוואַלט אין איר גוף מיט נידה־בלוטן — אפשר נאָך פון איר געבורט. ער האָט דערפילט דעם פאַרוויענגלטן ריח.

העכער אין זאַל האָט מען דערהערט, אין דרויסן רעגנט. די נאַקעטע פרויען דאָ ווערן פאַרוויאַנעט. זייער ווייכע הויט איז גערינצלט. ביי די מיידלעך, ליגנדיקע אויף די בייכער, מיט די קעפּ אונטערגעלעגנט אויף די עלנבויגנס — זענען אַריינגעהאָנגען אין די העמדער פרישע קאַלטע בריסטלעך. די מיט דער רויטער פּידזשאַמע איז איצט געשטאַנען אויף די קוליעס נעבן ש.ינען, אַ דורכגעקילטע, און האָט זיך איינגעהערט אין דעם רעגן. זי האָט געקוקט ווייט אַריבער אים, ווי איבער אַ ליידיק העמד מיט הענט אַרויס פון די אַרבל. אירע גרויסע אויגן, אָנגעפילט מיט ליכט, זענען געלאָפן איבער דעם פראַנצויזישן סטודענט און איבער דעם אונטעראָפּיצער. זיי האָבן זיך גערוקט ווייטער — איבער די שווייצער סאָלדאַטן, דעם יאַפּאַנישן בחור אין די ברילן, צו דעם שפּילצייג־סוחר — אויך איבערן קליינעם פּראָפעסאָר. איר זוכנדיקער בליק איז געלאָפן איבערן זאַל. אים האָט זי נישט געזען, אויך נישט דעם מיט די טויבן־אויגן און דעם שווייצער זקן מיט די נאָכהענגענדיקע וואָנצעס. אירע אויגן האָבן זיי געמיטן. ש. האָט אויבן דערזען, נישט ווייט, דאָס האַלענדישע שעמעוודיקע מיידל — אַליין, אָפּגעזונדערט; אַ פאַרלוירענע צווישן אַזוי פיל פרעמדע. זי קאָן נישט אַראָפּ אונטן. ווען ער איז אַ פרוי, וואָלט ער צו איר זיך דערנענטערט — זי צו פאַרשטעלן מיט זיך. ער האָט צו איר געקוקט. עס האָט אים געדאַכט, אַז זיין בליק פאַלט אויף איר נישט שווער, דריקט זי נישט אַראָפּ. עטלעכע מאָל האָט זי געעפנט נישט דרייסט, דינע שפּעלטעלעך

צו אים. זי וויל דורך זיי אַרויס. אַ שאָד, וואָס ער ליגט ביי זיך אויף דער וועראַנדע ווייט פון איר, אַנדערש — וואָלט ער מיט זיינע בליקן לייכט זי צוגעווינט צו זיך, געמאַכט זי אונטערטעניק. אַז נישט — וועלן פרעמדע שטראָמען זי אַראָפּנידערן — פאַרגיסן.

מיט אַ מאָל איז דער עקראַן באַלויכטן געוואָרן. אין זאַל איז נאָך פינצטערער. אַלע זענען געוואָרן צוזאַמענגעקנוילט אין איין שאָטנדיקער מאַסע, וואָס קוקט געדיכט פאַר זיך. אויפן לייוונט האָט זיך העל באַוויזן אַ גאָמבע פון אַ מאַן, אַ האַרטע, פול מיט בלויע, נישט־אָפראַזירטע הערעלעך. זיי זענען געשטאַנען בולט, שטעכיק־אַרויס פון אַן אָפגעברוינטער פעסטער הויט. דאָס ליכט האָט פּאַמעלעך זיך גערוקט, אָפגעדעקט נאָך אַ שטיקל פנים, באַלויכטן אַן אויער — גרויס, שטייענדיק. אַ האָריקע באַק, אין פּראָפיל. אַ שלייף. מען האָט געזען אַ פאַרמאַכט אויג, מיט אַ לאַנגער ווי׳ע, געשלאָסן. דער רעפלעקטאָר איז אַריבער זייטיק אויף די האָר. שוואַרץ־סאַמעטענע, געלאָקט — הויך צעשויבערט. אַ גיכער קער — און דאָס ליכט, ווי אַ זונפלעק, האָט זיך גענומען רוקן אַראָפּ. עס איז אַרויף אויף אַ ליגנדיקן מענער־קערפער, אויף זיין קאַרק, פּלייצע, רוקן, מוסקולירטע אָרעמס. עס איז געקראָכן פּאַמעלעך. דער זאַל האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם. געפילט — אַ מענטש! עס זענען באַלויכטן געוואָרן זיינע אָדערנדיקע הענט, די לענדן, די פיס — אַראָפּ, אַראָפּ ביז אונטן. אַ ברייטע סטאָפּע מיט פינגער צום קריכן. דאָס ליכט האָט מיט אַ באַוועגונג זיך צוריקגעצויגן. עס האָט, ווי שטראַלן, באַלויכטן דעם הינטערשטן טייל; יעדעס דינע הערעלע פון די הויט־עפענונגען. דער גוף האָט געאָטעמט מיט כוח. עפּעס האָט שנעל זיך אַ וויקל געטאָן, און דער מאַן איז געלעגן מיטן גלאַטיקן, שטייפן בויך — אַרויף. דאָס זונליכט איז אים געקראָכן איבערן נאָפּל, דער געשטאַלטיקטער ברוסט, וואָס צעגייט זיך מעכטיק פול — אויבן, איןביידע זייטן אַריין. דער זאַל איז געבליבן פאַרשוויגן. מיט אַ מאָל האָט עס ווידער זיך אַראָפּגעלאָזט, דאָס ליכט, צום בויך — נידעריקער. עס איז איצט שטיין געבליבן איבער אַ פאַרגליווערט־פול מענער־טאָרבעלע, אַרומגענומען געדיכט, ווי פון שפינגעוועבס. אַן אבר האָט איבער דעם זיך געבויגן אַראָפּ. ביסלעכווייז האָט דאָס זונליכט אים גענומען וועקן, רירן. עס האָט לאַנגזאַם זיך אָפּגעטיילט, זיך געהויבן אַרויף. אין זאַל האָט זיך געהערט אַן איבעררוקן פון שטולן, אַן אויפאָטעמען. דער מאַן האָט לייכט געשפּרייט די פיס. מיט אַ מאָל איז עס געבליבן שטיין אויסגעגלייכט, דאָס אבר; דאָס קעפל רויטלעך־פאַררונדיקט — אַרויף. די אויגן ביי אַלע זענען געוואָרן אויפגעריסן. ס׳איז נישט געווען קיין מאַן! ס׳איז אויבן געווען באַשניטן, געקירצט, ווי אַ קליין מענטשעלע מיט אַ יידיש פנימל. אין זאַל איז אַדורך אַ ווינטל פון פאַרלייכטערונג. דער אָטעם איז אָפּגעפאַלן. די שטראַלן האָבן ווייטער זיך גערוקט אַרויף, צוריק איבער דער לענג פון די מוסקולן. ס׳איז דורך אַ געדאַנק — אפשר אַ מאַכמעדאַנער, אַן אַראַבער; אַ מאַן, וואָס איז זיך מל׳ע, נישט צוליב ריטואַל, אַ מענטש! דער זאַל איז אין אויגנבליק ווידער געווען פאַרגליווערט אין שווייגן. עס האָט זיך אַ וויג געטאָן. דער רעפלעקטאָר האָט זיך גערוקט ווייטער אַרויף, העכער. אונטן איז אַלץ געווען פאַרבאָרגן; דער געשפּאַנטער בויך, ווי אַרומגערייפט — האָט זיך באַוויגן ציטעריק. מיידלעך האָבן אַ ווילע דערפילט אַן אויפשוידער. די האָר־וואָרצלען פרירן זיי. דאָס ליכט איז געקראָכן אַרויף, אויבן; ווידער אויפן פנים; איבער דער גאָמבע און מויל מיט די פולע געשלאָסענע ליפּן. דער קאָפּ איז מער נישט געלעגן אין פּראָפיל.

דאָס פּנים איז געווען אָפן, קיילעכדיק, לענגלעך — מיט צוויי האַרטלעכע באַקן. דאָס ליכט האָט אַרומגעקרייזט דעם קאָפּ. עס איז געווען פון אויבן, האָט אַרומגענומען פון עק ביז עק — אַ קורצן שטערן אין דער ברייט, און קליינע צוויי שלייפן — פאַרמאַכטע. אַ האָפענונג איז אויפגעגאַנגען: אַ מענטש! אַ מענלעך פעסט פּנים! אָבער פּלוצעם האָט דער ליכט קרייז זיך אַ צעשפּרייט געטאָן אין דער מיט, איז געוואָרן גרעסער; אַ ראָד — קיילעכדיקער און קיילעכדיקער. יענער אינעווייניק האָט אויפגע־מאַכט אַ פּאָר בליציקע אויגן. זיי קוקן זיך אַרום אויפן זאַל מיט אומעטיקער קלוגשאַפט, מיט וויסן; נעמען אַלעמען אַרום, דרינגען אַריין אין דעם גליווער פון די פּנימער. פון מיטן פּנים הייבט זיך אַרויף, שאַרף, אַן אָדלער־נאָז. דער קליינער איינגעשרומ־פּענער שטערן שפּרייט אויף, ווי אַ האַרמאָשקע, פאַרבאָרגענע קנייטשן. דער זאַל קוקט אַנטוישט. די שפּאַנונג האָט נאָכגעלאָזט, איז אויס. מען זיצט לויז. אַלע ווייסן זיכער, דאָס איז אַ ייד.

ווען אין זאַל איז געוואָרן ליכטיק, האָט מען דערזען די שטילקייט, וואָס הענגט מיט אַ שאַרף איבער די קעפּ. אַ מינוט האָט קיינער זיך נישט גערירט, נישט באַוועגט דעם קאָפּ. עס איז אַריבער נאָך אַ מינוט. אַלץ איז געבליבן פאַרגליווערט. די קעפּ — איינגעשטילט — יעדער אויף זיין אָרט. מען האָט געוואַרט. די בליקן איינגעשטייפט פאַר זיך. קיינער האָט נישט איבערגעריסן. ש. האָט לייכט אויפגעהויבן די ווי׳עס. אויף דער בינע, אַנטקעגן דעם זאַל, זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט אין אַ ריי — אין ווייסע כאַלאַטן — פּראָפ. ראַליער און זיינע דריי עלטסטע אַסיסטענטן: ד״ר זשיאַק, ד״ר וואַסערפאַלען און דער הויכער האַלענדער, ד״ר פראַנק — אַלע מיט גרויע זילבער קעפּ. אויך זייערע אויגן זענען געווען אַראָפּגעלאָזט. קיינער האָט זיך נישט גערירט. מען האָט געהערט דאָס שטילע אָטעמען. עס האָט אַ סקריפּ געטאָן אַ שטול. דער קליינער בלינדער פּראָפעסאָר האָט זיך אויפגעשטעלט. ש. האָט דערזען, אַלע דרייען פּאַמעלעך אויס די קעפּ צו אים. אויך זיין לאַנדסמאַן, דער שפּילצייג־סוחר.

ש. האָט אַ באַוועג געטאָן דעם קאָפּ. אין עק, ביי דער אַרויסגאַנג־טיר, איז געלעגן אויף אַ בעטל דאָס מיידעלע פון זיין שטאָק, פון דער לעצטער עקיקער וועראַנדע אויף רעכטס. איר פּנימל איז געווען פאַררויטלט, אַראָפּגעלאָזט. זי האָט קיינעם נישט געקוקט אין די אויגן אַריין. ער האָט דערפילט אַ באַדערפעניש צו געבן זי איצט אַ רוף מיט די ליפּן: „שוועסטערל מיינס״. ער איז געווען פאַרכאַפּט פון דער ווייסער אויסגעאיידלטקייט פון איר שמאָל פּנימל מיט די גלאַט־שאַטינע האָר אַרום דער לענגלעכקייט פון קאָפּ. ער האָט געוווסט, זי מוז אַלט זיין אַ יאָר פופצן. אירע ברוינע אויגן זענען, נאָכן אַריינלאָזן אין זיי ליכט, געווען גרויס, אָפן און שעמעוודיק. איר קערפּערל, אין אַ בלויער פּידזשאַמע — ווי עס וואָלט, ליגנדיק אויפן בויך, איצט געוואָלט רוקן זיך אַרויס דורך דער טיר; פאַרשווינדן אויף הינטער זיך. פּלוצעם האָט ער אויפגעכאַפּט, ש. די אויגן פון דעם ווינער שפּילצייג־סוחר זענען אָנגעשטעלט אויף זיין יידישן לאַנדסמאַן, דעם קליינעם פּראָפעסאָר, וואָס שטייט נאָך אַלץ. דער בליק איז אָנגעשטעלט ביי אים — פאַרנט, איבער די פּיס.

פּראָפ. ראַליער האָט שוין געערעדט פון דער בינע אַראָפּ. ער האָט פּאַמעלעך

אַנגעהויבן. מען האָט נאָך נישט געהערט וואָס. די פיר אַלטע דאָקטוירים אין דער שורה, הויך, זענען געשטאַנען מיט די בייכער איבער די קעפּ פון די ליגנדיקע אונטן. אויגן האָבן זיך אונטערגעהויבן, געקוקט אַרויף. עס האָט זיך אַרויסגעשטעקט דער גרויסער בויך פון ד״ר זשיאַק, פאָרויס — איבער זיינע פעסטע פיס. דער ווייסער כאַלאַט איז איבער אים געהאָנגען, אַראָפּ, ווי איבער אַ קאַטערינקע. מען האָט איצט געהערט יעדעס וואָרט פון אַלטן פּראָפעסאָר. ער האָט די אותיות אַרויסגעלאָזט פון מויל, ווי פייגל. פּנימער האָבן אונטן געקוקט איבערן קורצן גוף פון בלינדן פּראָפעסאָר. פּראָפ. ראַליער האָט אויבן גערעדט וועגן דער היילונג פון לופטבעדער, וואָס נעמען אַריין אין זיך דעם נאַקעטן מענטש. די זון נעמט צו זיך דעם גוף — מיט די שטראַלן, ווי מיט אַ גאָפּל; זי הייבט אים. זיי דרינגען, ווי נאָדלען, אַריין אין יעדן שפּעלטעלע און מיילעכל פון דער הויט. זיי צעוואַרעמען די בלוטן. אין דער ליכטיקייט פון זאַל האָבן די געקומענע פון טאָל, פּאַמעלעך דערשפּירט אויף זיך נייגעריקע אויגן פון די אַנדערע מענער. זיי האָבן זיך געגליטשט אַראָפּ נידעריק איבער זייער לייב. אויך די שעמעוודיקע בליקן פון די מיידלעך האָבן פאַרשנדיק זיך גערוקט איבער דער פּאַר־באָרגענער געקורצטקייט פון זייערע קערפּערס. זיי האָבן נישט געקאָנט אָפּשוידערן, אָפּשאָקלען זיך פון די בליקן. דער שטייענדיקער בלינדער פּראָפעסאָר האָט געהאַלטן לאַנג אַראָפּגעלאָזטביידע הענט — איינע געשלאָסן אין דער אַנדערער — אונטערן קליינעם בויך. דער פראַנצויזישער סטודענט האָט אָפּגעקערט פון ש.ינען זיינע גרינע אויגן. ער האָט געקוקט צום גייסטלעכן פון פלאַכלאַנד — אין דער ערשטער שורה. אויך דער גלח האָט זיך אויפגעשטעלט. ער איז געשטאַנען אונטן, אין דער זייט פון דער בינע, צופוסנס פון פּראָפ. ראַליער, מיטן פּנים און פרישע באַקן אויסגעדרייט צום פּובליקום. ער האָט איצט געפילט, פון אַלע בעטלעך קוקט מען צו אים. ער איז געשטאַנען שטאָלץ מיט דער לאַנגער סוטאַנע אַראָפּ. אונטער איר — וואַרעם און פול. בליקן האָבן אים דורכגעשפּיזט די סוטאַנע. טייל מיידלעך און פרויען האָבן געזוכט צו־צוציען זיינע אויגן צו זיך, אויפצוכאַפּן אויף איין ווײַלע זיין צעוואַרעמטן מענלעכן בליק. ער איז געשטאַנען, ווי אַ נאַקעטער מאַן — אָן אַ באָרד; מיט דער קרעפּטיקייט פון די מענער, ווייט אונטן, אין פלאַכלאַנד. ער האָט יעדער פון זיי צוריק געשענקט אַ לייטזעליקן פאָטערלעכן שמייכל — געריכטעט נאָר צו איר אַליין.

ש. האָט אויפגעהויבן די אויגן. פּראָפ. ראַליער האָט איצט גערעדט וועגן דער פאַרבינדונג פון געזונטע נשמות מיט געזונטע גופים; וועגן שניי, וואָס קרעפּטיקט ביים וואַשן די קערפּערס, נאָך דעם, ווי עס צעגייט אונטער דער זון; וועגן די וואַסערן פון הימל, וואָס טריפן דורך רעגן גלייך אַריין אין דעם גוף. ש. האָט ווידער דערזען נעבן זיך דאָס מיידל מיט די גרינע אויגן — אין דער רויטער פּידזשאַמע. איר קערפּער הענגט אויף די קוליעס; זי הערט זיך איין. זי האָט נאָך פון צייט צו צייט געגענעצט. ער האָט געוווסט, זי באָדט זיך אין צעגאַנגענעם שניי. ער האָט אַריינגעאָטעמט איר קערפּער. ער האָט אַ דערפּיל געטאָן דעם אומבאַגרייפלעכן נס און דאָס ווונדער פון איר שטאָלצן גוף. אירע דיקע ברייטע ליפּן, רויט ווי ביי אַ נעגער — הענגען אַראָפּ, גרייט זיך איינצוזייגן. זיי האָבן איצט לויז־אָטעמדיק זיך באַוועגט אַרויף און אַראָפּ. ער איז אין איר נאָענטקייט אַ רגע געבליבן אומבאַהאָלפן, ווי אַ גרויס ייִנגל. ער האָט מיט אַ מאָל געוווסט קלאָר, ער וועט קיין מאָל נישט קאָנען זי דערגרייכן, זי אָנרירן. דער נאַקעט־באָרדיקער גלח — זיכער יאָ! זי האָט איצט געזעצט זיך אויף אַן אָפּגעליידיקטער

שטול. ער האָט געוואָלט וויסן, וועך עס איז אויף איר פריער געזעסן און איז אַקאָרשט אַראָפּ. באַלד האָבן זיינע אויגן זיך אָנגעטראָפן אויף דעם פּאַרליבטן פּאָרל — דעם קורצזיכטיקן יאַפּאַנער און דער פלאַקסהאָריקער שוועדין. דער קורצגעוויקסיקער יאַפּאַנער האָט ליגנדיק, נעבן איר געהויערט, ווי אַ זכר, וואָס מוז בלייבן אין זיך באַהערשט, מיט די פיס אונטער זיך וואַרטן; ער וואַרט, ווי אַ געצוימטער הונט, וואָס דער באַלעבאָס האָט אים דערוויייל באַפוילן ליגן. ער ווייסט, זיין צייט וועט קומען. דער יאַפּאַנער איז געלעגן געדולדיק אויף דער וואַך; זי געהיטן פאַר די בליקן פון די שווייצער סאָלדאַטן, וואָס האָבן אונטערגעקוקט צו איר בעטל.

פּראָפ. ראַליער און זיינע אַסיסטענטן האָבן געפילט, אַז דער עולם איז פאַרטאָן אין זיך. זיי זענען נאָך אַלץ געשטאַנען אין דער שורה, הויך איבער דער בינע. אַ רגע האָט זיי געדאַכט, זיי זענען אָנגעטאָן בלויז אויבן. זיי זענען געשטאַנען מיט די לויז־נאָכהענגענדיקע קעפּ אַראָפּ. דער דיקער ד״ר זשיאַק האָט איבערגעשטעלט די פיס. די שווייצער סאָלדאַטן האָבן נאָך אַ מאָל געזוכט מיט די אויגן די געקומענע פון טאָל, וועלכע האָבן איצט אַלע, יעדער אויף זיין אָרט, באַקומען שמאָלע, לאַנג־אַראָפּגעלאָזטע פּנימער. אין דער שטילקייט האָט שמאָל זיך געעפנט די טיר. עס איז דורך איר אַרויס אַ הויכער, דאַר־געבויגענער. מען האָט נישט געזען זיין פּנים, נאָר אַ פּעקל אויף אַ פּלייצע. מען האָט געוווּסט, ס׳איז דער אַנטליפער, וואָס שיידט זיך קיין מאָל נישט פון דעם פּעקל. ווען ער האָט אַריבערגעשטעלט די טריט, האָט מען אין דעם נאָך געהערט אַ דין קלאַפּן. מען האָט זיך געוווּנדערט. קיינער האָט אים פריִער נישט געזען דאָ אינעווייניק. אין זאַל איז אַ רגע געבליבן שטיל. אויך פּראָפ. ראַליער האָט געשוויגן. דער קליינער ווינער פּראָפעסאָר האָט געפרעגט, וואָס עס געשעט דאָ. ער האָט געשפּירט בליקן אויף זיך. מען זוכט איבער אים. דער מיטן קינדישן פּנים פון אַ טויב האָט נאָך טיפער אַריינגעלאָזט דעם קאָפּ, מען זאָל אים נישט אַרויסזען. אונטן, צווישן די פיס פון די בעטלעך און זיצנדיקע, איז מער נישט געווען דאָס הענגענדיקע אָפּגעשיילטע פּנים. בלויז דער הויכער באַס־זינגער מיטן גלאַטיק־פּאַרוואָקסענעם פּנים, איז אַלץ געשטאַנען אויף די קוליעס צווישן די שוועסטער ביי דער וואַנט. ער האָט געשטופּט פאַרויס די לענדן, מען זאָל אים בעסער זען דעם קערפּער. זיין פּנים אויבן האָט אויסגעדריקט פאַרשעמונג, נאָר די גלאַט־פּאַרצויגענע הויט פון די באַקן און שטערן האָט זיך נישט געקנייטשט. עס איז געבליבן פאַרשטאָפּט. ער איז געשטאַנען אַרויסגערוקט, ווי אַן אַקטיאָר אויף דער בינע. דער קאָפּ אין דער מיט — איינגעגליווערט. די מיט דער רויטער פּידזשאַמע האָט איצט ווידער אַריינגעגענעצט זיך אין די הענט. זי איז געזעסן מיטן קערפּער צעוואָרעמט. זי האָט געוווּסט, פון אַלע טווגען — זענען די טווגען פון אירע אברים די וויכטיקסטע — אַזוי ביי יעדן איינעם. אַלע אַנדערע טווגען אונדזערע זענען זייטיקע, אַרום דעם עיקר.

אין דער שטילקייט האָט די שעמעוודיקע האָלענדערין מיט דער ראָזלעכער הויט דערשפּירט אויף זיך די צודרינגלעכע בליקן פון די שווייצער זעלנער. זיי זענען געווען אָנגעשטעלט, ווי לאַנגע רעפלעקטאָרן, גלייך אין אירע געלע אויגן אַריין. זי האָט געפילט, אַלע זעען דאָס. זי האָט פּאַמעלעך אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ. זי האָט אין דער זייט זיך אָנגעטראָפן אויף דעם גלחס פריש־רויטלעכן פּנים. ער איז נאָך געשטאַנען אַנטקעגן אַלע. זי האָט געפרוווט זייטיק אָפּנייגן דעם בליק. זי האָט דאָ פּלוצים דער־

שפּירט אויף איר האַלדז און נאַקן די באַוווּנדערונג פֿון יאַפּאַנישן בחור. ער האָט צו איר זייטיק געקוקט מיט די שמאָלע אויגן. פֿון אַלע זייטן האָבן פֿונקען געשפּריצט גלייך אין איר קערפּער אַריין. עס איז איר געווען הייס. זי האָט נישט געהאַט ווו זיך אַהינצוטאָן. זי איז געלעגן מיטן בויך אַראָפּ. דאָס פּנים אַריינגעלאָזט טיף אין די הענט. עס האָט איר איצט אויפגעבריט די פּלייצע. איר לייב האָט אָפּגעציטערט. זי האָט פֿאַרמאַכט די אויגן און זיך איינגעצויגן נידעריקער.

עס האָט איבער איר זיך געהויבן פּראָפּ. ראַליערס אַלטע שטימע. זי האָט געהערט, ער רעדט וועגן די מיקראָבן אין מענטשנס גוף, וואָס זאַמלען זיך אין קראַנקע ערטער און מערן זיך דאָרט. אַלע אַרום האָבן זיך איינגעהערט. ער האָט דערפֿילט, דער פּראָפֿעסאָר, אויבן, ער האָט זיי געכאַפּט, ער האַלט זיי. די האָלענדערין האָט זיך דערשפּירט פֿרייער, מען האָט אַ ווײַלע אָפּגעצויגן פֿון איר די בליקן. פּראָפּ. ראַליער האָט געזאָגט, אַז די זון ברענגט זיי אום, די מיקראָבן; נאָר אויף פֿייכטע פֿעלדער קאָנען זיי זיך נערן; לעיזען איז דאָס בית־הקבֿרות פֿון די סטרעפּטאָקאָקן און סטאַפֿילאָקאָקן, וואָס ביי זייער פֿאָרן זיך אין דעם מענטש — מאַכן זיי אים אויפֿפּיבערן מיט מיש־אינפֿעקציע; נאַקעטקייט איז דער שונא פֿון פּאַראַזיטן. דער קליינער ווינער פּראָפֿעסאָר האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. דער מישלינג האָט געעפֿנט די אויגן. די מיט דער רויטער פּידזשאַמע האָט זיי פֿאַרמאַכט. דער גלח מיט דער סוטאַנע איז איצט שוין געזעסן צוריק אויף זיין פּלאַץ, אויף דער ערשטער באַנק. מען האָט געזען בלויז זיין הינטערשטן טייל בלאָנד־געשווירענעם קאָפּ. פּראָפּ. ראַליער האָט געפֿילט, אַז דער זאַל איז אים אונטערטעניק. אַלע קוקן צו אים אַרויף. בלויז דעם שפּילצייג־סוחרס בליקן שטערן נאָך. ער קאָן זיי נישט אַריינפּאַסן אין דער איינגעשטילטקייט. זיינע אויגן לויפֿן נאָך איבער די מענטשן. זיי אַלע זעען אים נישט. זיי קוקן אויף דער בינע. זייער פֿאַרבינדונג צווישן זיך איז אָפּגעהאַקט. אַלע זענען זיי איצט, ליגנדיקע, געצויגן געוואָרן, דורך דעם זקן, אַרויף אויבן צו זיך. ער ציט זיי, ווי אַן אַלט קרעפּטיק פֿערד, דורך די זונשטראַלן, ווי מיט לייצעס. ער שלעפּט פֿאָרויס די בעטלעך, ווי וועגענער. דער שפּילצייג־סוחר האָט אַ ווײַלע צוריק געשלעפּט. ער האָט געלייגט זיינע בליקן אונטער די רעדער, זיי זאָלן איבער זיי זיך שטרויכלען. דער פּראָפֿעסאָר האָט געגעבן אַ צעשפּרייט דעם קאָפּ. ער האָט געזען, קיינער פֿאַרהאַלט זיך נישט, בלייבט נישט מיט יענעם, אונטן. זיי זעען אים נישט. דער שפּילצייג־סוחר האָט איצט פֿאַרוואָרפֿן זיינע פֿאַרבליבענע אין חלל בליקן — אין דער זייט, ווי ווענדקעס איבער די קעפּ אַריבער. פּראָפּ. ראַליער האָט דאָרט דערזען די קאַנטיקע מיטליעריקע פֿרוי מיטן צעשויבערטן קאָפּ שוואַרצע האָר. ער האָט זיך געכאַפּט, זי זיצט היינט אַ גאַנצן אָוונט אויף איר געליימטקייט־שטול — אַ כמעט־נאַקעטע, און קיינער קוקט נישט צו איר. זי זיצט איצט מיטן קאַנטיקן קאָפּ, קאַנטיקע נאַקעטע אַקסלען, היפּטן און קאַנטיקע קני, און פּרוווט פֿאַררונדיקן איר געשטאַלט. די הענט פֿון ביידע זייטן זענען איר קיילעכדיק פֿאַרלייגט איבערן קאָפּ אַריבער; אונטער די אָרעמס לאָזט זי אָפּגעדעקט זיידענע קנוילן האָר. דער פּראָפֿעסאָר האָט זיך געכאַפּט, אַ גאַנצן אָוונט איז זי היינט געזעסן און קיינעם צו זיך נישט צוגעצויגן. די האָר זענען איר אויפֿגעשפּאַנט, געררייצט. דער אַלטער פּראָפֿעסאָר האָט דערזען, איר אָפּגעדעקטקייט איז אָן סוד, באַהאַלט גאָר־נישט אונטער זיך. דאָס אויג בלייבט איבערן גוף, נישטאָ ווו אַריינצודרינגען. עס גליטשט זיך אַראָפּ. זי איז געזעסן צוזאַמענגענומען ווי אַ געשפּאַנטע קאַץ, גרייט צו

דראַפּען ביי יעדן באַריר. דער פּראָפעסאָר איז געווען צופרידן, וואָס דער שפּילצייג־סוחר זעט זי; זיין בליק מאַכט ביי איר ווייכער די האָר.

מיט אַ מאָל האָט ש. ווידער אַ קוק געטאָן צו זיין „שוועסטערל" פון עק שטאָק אין דער קליניק. זי איז נאָך געלעגן ביים אַריינגאַנג, נישט ווייט פון דער טיר. פון ביידע הענטלעך פעלן איר די פינגער מיט דער האַנט־דלאָניע. בלויז פאַרוואַקסענע ביינער מיט אַ געקנייטשט־רויטלעכער הויט האָבן פאַררונדיקט אַרויסגעשטעקט פון די אַרבל פון איר בלויער פּידזשאַמע. דערזעענדיק אים, האָט זי געוואָלט זיי אַריינצי׳ען.

דער בליק איז אים געבליבן פאַרשפּיצט אין דער לופט אַריין — איבער איר. „שוועסטערל, מיינס!" — האָט אים זיך אָפּגעהאַקט דער אָטעם. זי איז פאַר אים געשווומען אין נעפּל ווייט. אין איין רגע איז אים קלאָר געוואָרן, אַז קיין מאָל וועט ער צו איר נישט קאָנען אויסשטרעקן די האַנט, דריקן זי; זיך פאַרשטעלן פאַר איר. ער האָט דערזען, זי ליגט געשפּאַנט פון אירע ערשטע פּרוּוען־דערפאַרונגען היינטיקן אוונט דאָ. אויף אירע בעקלעך און אויגן איז אויפגעלאָפן אַ צוואָרעמטער גלאַנץ. איינער פון די שווייצער סאָלדאַטן האָט פון דער ווייטנס געקוקט צו איר. איר קאָפּ מיט דער גאָמבע פאַר זיך איז אָנגעלענט אויף אַן אונטערגעהויבן קליין קישעלע. די אַראָפּפאַלנדיקע האָר נעמען פון ביידע זייטן אַרום, ווי אַ ראַם, איר פאַררויטלט פּנימל.

פּראָפ. ראַליער האָט, ווי אָפּגעהאַקט אין דער מיט, אויפגעהערט רעדן. עס איז נישט געווען פאַרענדיקט. די שטילקייט האָט אָנגעהאַלטן. מען האָט איצט בלויז געהערט, אַ הונגעריק קנאַקן צווישן ציין. דאָס איז געקומען פון ליגנדיקן שווייצער זקן. צווישן די הענט פאַרנט האָט ער עפּעס פאַרבאָרגן. ש. האָט זיך איינגעהערט אין דעם רייב צווישן זיינע ציין. ער האָט געוווּסט, ער איז אַלט, מיט יעדן רייב דערנעטערט ער זיך צום סוף, ער וואַרט אויף זיין ריי. דאָס קלאַפּן וועט אויפהערן. איצט, אין דער רגע, הערט מען עס נאָך. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זיינע צוויי פינגער, וואָס באַוועגן זיך. אויף איינעם איז געזעסן אַ בלאַס־זילבערן רינגל, אַן אויס־געריבנס. עס האָט אים געדאַכט, דעם אַלטנס פינגער זענען שוין שטויב, געהערן אַהין. צופעליק זענען זיי נאָך דאָ. נאָר דאָס רינגל וועט בלייבן גאַנץ אין דער צעשיטקייט. נעבן אים איז געזעסן די אין דער רויטער פּידזשאַמע. אַ ציטער איז אים דורך. ס׳האָט אים דורכגעבליצט אַ געדאַנק: מען קאָן נישט וויסן, ער קאָן זי איבער־לעבן, דער אַלטער. ס׳איז אים געווען קלאָר, אַ סך פון די יונגע דאָ קאָנען שטאַרבן, ווערן אויס — פרי׳ער, פאַר יענעם. אויך ער אַליין. באַלד האָט ער פאַרשטאַנען, ס׳איז גוט אַזוי, וואָס ס׳איז נישטאָ קיין ריי.

דער פּראָפעסאָר מיט די דאָקטוירים זענען שוין געהאַט אַראָפּ פון דער בינע אויבן. זייערע פּיס האָבן זיי נידעריק אַריינגעלאָזט צווישן עולם, זיך אויסגעמישט אין אים; זיך גערוקט אין די קראַנקע. צווישן די בעטלעך האָט מען אַרויסגעזען בלויז זייערע אויבערשטע האַלבע גופים. זיי האָבן זיך פאַרבייגערוקט. ש. האָט צו זיי אַרויף־געקוקט. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער געפינט זיך דאָ פאַרשטעקט אין די טיפענישן. שוין עטלעכע שעה איז ער פאַרמאַכט אין אונטערערדישן קינאָ. אויבן, אין דרויסן, קאָן דערווייל אַלץ האָבן געשען. ער איז דאָ אונטן פאַרחתמעט. ער האָט פאַרשפּעטיקט.

ער האָט נישט געוווסט, צי די ווינדע וועט נאָך פון דאַנען זיך אַרויסהייבן. ער האָט געבענקט אַרויף שוין — צו זיין אין דער אָפענער ברייטקייט פון דרויסן.

נאָכן ווייזן דעם פילם האָט לייבל געפילט, אַז דאָס פּאַרהוילענע אויג פון לאָדזש גרייכט זיי אַלע אויך דאָ; עס נעמט זיי אַרום — כאָטש קיינער פון די היגע איינוווינער ווייסט נאָך נישט דערפון. אסתרקע האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף אַראָפּ אין די נידעריקערע שיכטן, פאַרשווינדן דורך זיי — איידער עס ווערט צו שפּעט. מען האָט געשמועסט, אַז דער פּאָטער מיטן געבויגענעם רוקן, דער וואָס לויפט מיט די ביינער פון זיין יינגעלע אויף דער פּלייצע, איז שוין אַוועק. אין איינעם אַ פּאַרטאָג האָט ער איבערגעלאָזט ליידיק דאָס בעט. עמעצער האָט געזען זיין שאָטן מיטן פּעקל אויף זיך. ווי דעם רבס טאָכטער, מיט דער אָדלערנאָז, פּילט אויך ער תמיד באַצייטנס פאַר יעדע סכנה.

מען האָט אויך געבראַכט גרוסן פון דער פריילין שמוקלער, וועלכע איז אַהערגעקומען מיט איר אַלטער מוטער, פון פּוילן, נאָך פאַר דער מלחמה. פון ליגן לאַנגע יאָרן אין בעט, איז זי געוואָרן הויט און ביין. פריילין שמוקלער איז, מיטן אָנקומען פון די ערשטע געראַטעווטע פון די טאָלן — אַוועק פון די קליניקס. זי האָט מורא געהאַט צו בלייבן נאָענט פון יענע. די אַלטע האָט פאַר איר געדונגען אַ זייטיק דירהלע. איצט, נאָכן ווייזן דעם פילם, האָט זי געטענהט, אַז זי איז געוועזן געדעכט. מען האָט אַהער נישט געטאָרט אַריינלאָזן קראַנקע מיט מתים־לייב. זי האָט געשריגן צו דער מוטער, אַז זי זאָל זי גלייך אַראָפּפירן פון דעם באַרג — ערגעץ, אין אַן אַנדערן פאַרוואָרפענעם קורפלאַץ, ווו די פיס פון יענע האָבן נאָך נישט געגרייכט. זי איז נאָך יונג, זי וויל נאָך לעבן — האָט זי געזאָגט.

מען האָט דאָ געשמועסט, אַז צוליב איר קראַנקייט, לעבט פריילין שמוקלער איר לעבן אין די ביכער און ראָמאַנען. די ליבעס און דער פּאַרראַט שפּילן זיך אָפּ, ווי אויף איר אייגן לייב. זי מאַכט זיי דורך. זי פיבערט־מיט אַלע געשעענישן צווישן די טאָוולען, זי באַקומט צוליב דעם הויכע היץ. די הויט אויף אירע ביינער גליט. פון די טאָלן האָט קיינער זי נאָך נישט געהאַט געזען. זי איז געווען פאַרנומען מיט אירע ליבעס צו די מענער אין די ביכער, און האָט געליטן פון זייער פאַרראַט.

די לעצטע טעג האָט צו פריילין שמוקלער אָנגעהויבן קומען בלויז מאַדאַם דאָקטער בעיקין. דאָס איז געווען אַ גרויע דאַמע, אַן אלמנה — אַ נידעריקע, מיט אַ קיילעכדיקן גאַנג. זי האָט אַהער געבראַכט, אין אַ קליניק, איר טאָכטער, פאַני, וואָס דער פּוסביין אויבן האָט ביי איר זיך געקרישלט. דאָקטער בעיקין איז געבליבן אַליין מיט איר טאָכטער, נאָכן אַרויס פון טאָל. איר מאַן האָט באַוויזן צו שטאַרבן פריער. איר איינציקער זון, דער יוריסט סאַשאַ, איז אָנהייב מלחמה אַוועק איבער די גרענעצן, ווו ג. האָט זיך געלאָזט, ווייט אין צפון. טויזנטער קילאָמעטערס און מלחמה־וועגן האָבן פונאַנדערגעשיידט צווישן זיי, דאָ, און אים — איבער די אומענדלעכע פּראַנטן, די מלחמות האָבן לאַנג זיך שוין איינגעשטילט. כמעט אַלע האָבן זיך צוריקגעקערט. כאָטש עס זענען אַוועק יאָרן, און ער האָט זיך נישט געוויזן, האָט זי אַלץ געהאָפט, אַז סאַשאַ לעבט, עס וועט אין איינעם אַ טאָג זיך עפענען די טיר, און ער וועט פּלוצעם שטיינבלייבן פאַר איר. דערווייל האָט זי אין די צייטונגען אין די ווייטע לענדער פון דרום און מערב פאַרעפנטלעכט סאַשאַס בילד און צו אים גערופן: „קום, דיין מאַמאַ, וואַרט אויף דיר!”. זי האָט אויך כסדר געשריבן בריוו

צו די פירער פון דער וויטער צפון־מדינה. געבעטן זיי, העלפן ביים אויסזוכן דעם זון, ווייל ער איז איר איינציקע האָפענונג, אָבער פון דאָרט איז נישט צוריקגעקומען קיין שום עכאָ. איר קול איז געווען אָפגעהאַקט.

פריילין שמוקלער האָט לעצטנס גענומען פילן, אַז פון די דערציילונגען פון מאַדאַם בעיקין, פאַרליבט זי זיך אין דעם יונגן אַדוואָקאַט סאַשאַ. זי האָט אָנגעהויבן האַלטן זיין בילד ביי זיך אין בעט.

טאַקע צוליב איר נייער ליבע האָט זי נישט געקאָנט פאַרלאָזן לעיזען. דאָקטער בעיקין איז איצט גאַנצע אָוונטן געזעסן ביי איר בעט און דערציילט וועגן סאַשאַן, זיינע פעיקייטן און זיין שיינקייט. אויך פריילין שמוקלער איז איצט געווען זיכער, אַז סאַשאַ וועט צוריקקומען. די יונגע שוואַרצע אויגן אין דעם אַלטן קיילעכדיקן פנים פון מאַדאַם בעיקין זענען אָנגעפילט געוואָרן מיט באַנייטער האָפענונג.

נאָך מיטאָג איז צו לייבלען געקומען דער קליינער בלינדער פּראָפעסאָר. ער האָט דערציילט, אַז שוין עטלעכע טעג, ווי דעם מישלינג האָט פּלוצעם גענומען ציִען צו זיין לאַנדסמאַן, דעם ווינער שפּילצייג־סוחר. יענער האָט לעצטנס גענומען שיקן צו איר מתנות. די טעג האָט זי פון אים באַקומען אַ בייטשל פּערל און זילבערנע לייכטער.

דער בלינדער פּראָפעסאָר האָט געזאָגט, אַז ער קאָן איצט צו איר נישט קומען, ווייל איר צימער איז פול מיט פרעמדע ריחות. ווי נאָר עס פאַלט צו די נאַכט, הערן זיך פון הינטער איר טיר לאַכנדיקע שטימען. בלויז נעכטן האָט ער אַ רגע צו איר זיך אַריינגעכאַפּט. ער האָט באַטאַפּט אירע הענט. זיי האָבן אין זיך אַ פרעמדע וואַרעמקייט, ווי פון מעטאַל. אויך די לייכטער האָבן אין זיך אַ וואַרעמקייט, ווי פון הענט. די אויערן זענען איצט ביי אים געווען גרעסער.

ער האָט זיך אָוועקגעזעצט און דערציילט געמיטלעך, אַז דער שפּילצייג־סוחר איז אין זיין יוגנט אין ווין געווען אַ שעמעוודיקער. ביים אָנטרעפן זיך פון דער נאָענט אויף מיידלעך פלעגן ביי אים ציטערן הענט און פיס. ער האָט זיך געוווּנדערט, דער בלינדער פּראָפעסאָר, אויף זיין איצטיקער דרייסטקייט צו פרויען, און אויף דעם, ווי עס ציט זיי צו אים. דער קליינער פּראָפעסאָר האָט געפּרוּווט אויסטייטשן, אַז זיין דרייסטקייט צו זיי האָט ער מיט זיך געבראַכט פון טאָל. דאָרט האָט ער געהערשט איבער זייערע נאַקעטע קערפּערס. ער האָט זיי געמאַכט אונטערטעניק. ביי די שענסטע פון זיי האָט ער געזען זייער געפאַלנקייט. זינט דעמאָלט ווייסט ער זייער סוד. דאָס ציט זיי אַזוי, די פרויען, צו אים.

דער בלינדער פּראָפעסאָר האָט געזאָגט, אַז ער פילט דאָ, אין לעיזען, אַ פרעמד ליכט; עס לאָזט אים נישט עפענען די אויגן. לעיזען איז אַ שטאָט מיט טעמפּלען צו אַ פרעמדן קראַנקן גאָט. די קליניקס זענען די טעמפּלען. פּראָפעסאָר ראַליער מיטן ווייסן כאַלאַט, איז דער כהן גדול. אַלע קראַנקע דינען דאָ צו דעם נאַקעטן גאָט. ער איז צופרידן, וואָס ער איז בלינד און זעט דאָס אַלץ נישט. און אפשר דינט מען דאָ צו דעם גאָט פון דער זון? מען גיט אים זיך איבער, ער זאָל זיי איבערגעשטאַלטיקן.

ער האָט אָפּגעהאַקט און אַ שמייכל געטאָן. פון אונטער די שוואַרצע ברילן־גלעזער אָפּער האָבן איצט די באַקן אים זיך אַראָפּגעלאָזט, לאַנגע, ווי זיי וואָלטן נאָכגעהאָנגען. עס האָט ביי אים אַ ציטער געטאָן די דיקע, ברוינע וואָנצע.

באַלד האָט ער געזאָגט, אַז לעיזען איבערן באַרג איז אַן עיר־מיקלט; עס אַנטרינען אַהער נאָך דער מלחמה — אי די קרבנות, אי זייערע יאָגערס. זיי האַלטן זיך אין דעם באַרג, ווי אין די קרנות המיזבח. דאָ אויבן ווילן זיי אַלע איבערוואַרטן, ביז עס וועלן אונטן פאַרשווינדן די לעצטע עדות. ער האָט מורא, די יידישע טעכטער וועלן דאָ פאַר־צערט ווערן.

ער האָט געוואָלט, אַז אסתרקע זאָל אפשר מאָרגן באַלד אין דער פרי, אַזוי גיך ווי עס ווערט ליכטיק, אַוועק און זיך דורכשמועסן מיט דעם מישלינג.

באַלד האָט ער געזאָגט, אַז אויב מען וועט זי אַליין מער נישט קאָנען אַרויסראַ־טעווען — וועט מען כאָטש דאַרפן פון איר צימער אַרויסנעמען די יידישע חפצים — די פערל און די שבת־לייכטער. ביים טונקען אין זינד — האַלט זי זיך אין זיי, ווי אין אַ קמיע. זיי ווערן אָבער דורך דעם געהייליקט צו דער עבודה־זרה.

לייבל האָט געמיינט, מען דאַרף זיי צוזאַמענעמען, אַלע, די געבראַכטע פון די טאָלן, אין איין קליניק; זיי אויסבאַהאַלטן, בעיקר די יונגע מיידלעך — פאַר אַ פרעמד אויג. אפשר אַראָפּ מיט זיי אין דעם אונטערערדישן קינאָ. דאָרט דאַרף מען זיי, אונדזערע שוועסטער, לייגן אין דער מיט פון זאַל; די בעטן פון אונדז, זייערע עלטערע ברידער — שטעלן אַרום זיי, פון אַלע זייטן; זיי צו באַוואַכן. מיר דאַרפן זיי היטן, ווי דאָס שוואַרצ־אַפּל פון אויג.

דעם זעלביקן טאָג איז צו אים געקומען פרוי דאָקטער בעיקין, רעדן וועגן איר פּאַני. צוואַנציק יאָר איז זי אַלט. פון ליגן אונטער די קאָלדרעס אין בעט, ווירט אינע־ווייניק איר קערפּער, דיק, ווי אַ טייג אין וואַרעמקייט. בלויז דער קאָפּ שטעקט אַרויס אַ יונגער. זי האָט דערציילט וועגן איר פאַרשטאָרבענעם מאַן, וואָס איז געווען דער מנהיג פון זייער שטאָט, דעם שתדלן ביי מלכות. אָן אים זענען די יידן געגאַנגען פאַרלוירענע אין די טאָלן. איר סאַשאַ האָט געדאַרפט ירשענען זיין אָרט. זי האָט געבעטן, לייבל זאָל שרייבן בריוו, אים זוכן. איר מאַמע־האַרץ זאָגט איר, ער לעבט; ער בלאָנדזשעט אין די ווייטע לענדער.

אין יענער נאַכט האָט דער בלינדער פּראָפעסאָר לאַנג נישט געקאָנט איינשלאָפן אין זיין קליניק. ער האָט געוואַרט, עס זאָל ווערן טאָג; אסתרקע זאָל שוין אַהערקומען אין דעם צימער פון מישלינג, מיט איר שמועסן. עס האָט אים כסדר געדאַכט, ער הערט דורך דעם סופּיט, פון אויבן אַדורך, פרעמדע באָרוועסע טריט אויף דעם דיל אין דעם מישלינגס צימער. ווען ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן, האָט מען זיין שנאָרכן געהערט ווייט איבער די ווענט. עס האָט אים געדאַכט אין שלאָף, ער פאַלט אין תהומען; ער ראַנגלט זיך; ער זינקט אין זיי. שוין פיל נעכט פריער, האָט ער געשפּירט, ער נידערט אין שלאָף, ווי געבונדן אין קייטן. מען וואַרפט אים טיפער און טיפער. ער וועט קיין מאָל נישט אַרויס. גאַנצע קופּעס גופים ליגן איבער אים; זיי דריקן אים אַראָפּ. ער האָט אין דער פרי קוים זיך אַרויסגעריסן פון שלאָף. ער האָט אין דרימל נאָך געהערט זיין שטאַרק שנאָרכן. ער האָט געזען, ער ליגט לויז, אויך אָן דער דעקע איבער זיך. עס איז אים איינגעפאַלן, אַז אַלע, וואָס זענען אַרויס פון טאָל, מוזן אַזוי שנאָרכן פון זייער שלאָף אַרויס. עס ציט זיי ערגעץ אַראָפּ.

אין זיין איצטיקן טיפן פאַרטאָג־שלאָף האָט דעם פּראָפעסאָר געדאַכט, אַז ער איז

נישט ער; ער איז גאָר דער אַלטער ביבליאָטעקאַר צווישן די ספרים אין אָפּנבאַך. ער שלאָפט דאָס אַזוי איבער זיי אין די דאָרטיקע קעלערן. דער שטויב פון די אַלטע בלעטער לאָזט אים נישט זיך אויפכאַפּן. די קליניק איז דער א. ג. פאַרבן־בנין ביים טייך מאַין.

מיט אַ מאָל האָט ער געפילט, דער בלינדער פּראָפעסאָר, ער וואַכט, ער איז אויף. ער זעט זיי ביידע, דעם מישלינג מיט דעם שפּילצייג־סוחר, איבער דער וואַנט. ער האָט גיך אַרויפגעצויגן אויף זיך דעם נאַכטראָק, און אין די שטעקשיך איז ער אַרויס פון צימער. ער איז אַראָפּ פון די שטאָקן, ביז אונטן. ער איז אַריין אין דעם ליידיקן פאַרווייַלונגס־זאַל פון דער קליניק, מיט די שורות בענקלעך. אין דער פינצטער האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף איין בענקל. דורך די פענצטער האָט פון דרויסן אַריינגעלויכטן די לבנה. דאָס ליכט האָט אים געשיינט אין די אויגן; עס האָט אָפּגעשפּיגלט אויף די ווענט; אויך אויף די ביישטידלעך פון די טירן. לבנה־שטראַלן האָבן זיך געלייגט פאַר אים אויפן דיל. זיי האָבן געגרייכט ווייט ביז אין דעם אָפענעם צווייטן צימער אַריין. זיי זענען געווען ווי אַ וואַרעם־זילבערלעכער טייך, וואָס ציט זיך ווייט אונטער די ווענט. ער האָט מיט אַ מאָל אויס־געדרייט דעם קאָפּ הינטער זיך. אין דעם לבנה־ליכט אויף דער וואַנט, האָט ער געזען, שיינען אָפּ, ווי אויף אַ פילם־ליילעך, צוויי שאָטנס. זיי הייבן זיך, בייגן זיך, שליסן זיך איין איינער אין אַנדערן, און ציִען זיך אַרויף און אַראָפּ. איבער דער וואַנט האָבן זיך אויך אָפּגעשפּיגלטביימער־צווייגן. די געשטאַלטן — צווישן זיי. באַלד האָט ער דערקענט די סילועטן פון דעם מישלינג און איר פריינד. דער שפּילצייג־סוחר וויקלט זי איין אין זיך. זיי זענען אין גאַרטן, צווישן די ביימער. ער האָט געקוקט שאַרף אין זייערע באַוועגונגען אין דרויסן, וואָס עמעצער שפּעט זיי דאָ נאָך, אויף דער וואַנט.

אויף צו מאָרגנס האָט ער זיך דאָס געשעמט צו דערציילן לייבלען. אסתרקע וועט אים נישט גלייבן.

אין עטלעכע טעג אַרום איז ער ווידער געקומען, דער קליינער פּראָפעסאָר. ער איז געווען צעקאָכט. ס'איז געווען נאָך חצות, האָט ער געזאָגט — אַרום איז שטאָק פינצטער. ער האָט מיט די דלאָניעס געטאַפּט פאַר זיך די ווענט פון די קאָרידאָרן, כדי צו גיין פאָרויס, אויף אַ שטאָק העכער. ווען ער האָט אָנגערירט די טיר פון איר צימער, אויף דעם אייבערשטן שטאָק, האָבן אין זיינע הענט אַריינגערוישט שטיל קולות. ער האָט די האַנט־דלאָניעס געהאַלטן אַרויף, האַרט אויף דער טיר. ער האָט אין זיי פאַרנומען דעם זשום פונעם שפּילצייג־סוחר. נאָך דעם, ווען אין דרויסן איז שוין געווען ליכטיק, איז איר צימער נאָך געווען פון אינעווייניק געשלאָסן.

היינט, ביים מיטאָג־עסן, ווען ער איז מיט זיין לאַנדסמאַן געזעסן אין שפּייזזאַל ביי איין טישל, האָט ער, דער שפּילצייג־סוחר צו אים געזאָגט פאַמעלעך, אַקצענטירנדיק יעדן זילב:

— זי שלאָפט נאָך, אונד־זער שכנ־טע; זי איז היינט מי־ד.

מער האָבן זיי צווישן זיך נישט גערעדט. ער האָט געוווסט, יענער וואַרט אויף זיינס אַ תשובה. ער האָט געשוויגן. נאָכן עסן איז ער צו זיך אין צימער נישט אַריין. ער איז גלייך געקומען אַהער, דער פּראָפעסאָר.

ער האָט געפרעגט, ווי וועלן זיי, אונדזערע שוועסטער, זיך קאָנען פאָרן מיט זיי, די נישט־יידן; ווי קאָן אַ גוף פון אַ ייד, וואָס יעדער קנייטש זיינער איז זינט דורות פול

מיט יסורים — זיך אויסמישן מיט מענטשן, וואָס זייערע גופים זענען גאַנץ, פאַרשטאָפּט; זיי זענען גלאַטיק און גליטשיק. ער האָט געזאָגט, דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, ווי ער פילט, די בלינדקייט לויפט אין אים אַרום. ער ווייסט באַלד נישט, ווען ס'איז נאַכט און ווען ס'טאָגט אויף.

אסתרקע האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף זי אויפגעבן, מוותר־זיין אויף איר. סיי ווי וועט זי ווייט מיט אונדז נישט גיין. עס האָט זיך נאָך נישט געענדיקט. לייבל האָט געזאָגט, אַז עס זענען אַ שאָד די דורות פון דער מוטערס צד. מען טאָר זיי נישט לאָזן פאַרפאַלן. זיי שטרעקן די הענט פון איר טראַכט אַרויס; זיי ווילן, מען זאָל זיי ראַטעווען.

דער קליינער פּראָפעסאָר האָט געשוויגן אַ בלייכער. שפּעטער האָט ער געזאָגט, ער פילט, זי בענקט צו אים. אפשר דאַרף מען וואַרטן, זי לאָזן פול ווערן מיט אים, דערשפּירן אין זיך דעם עקל.

ער האָט געזאָגט, אַז צו מאָל זעט לעיזען אים אויס, ווי אַ נודיסטן־לאַגער. אַלע וואָס שעמען זיך ווידער צו טראָגן זייערע פּריערדיקע קליידער — קומען אַהער, צו בלייבן דאָ נאַקעט. זייערע פלעקן האָבן זיי געלאָזט אויף די קליידער. נישט קאַנענדיק מער רייסן פון זיך די מלבושים, רייסן זיי פון זיך די גופים.

פּרוי בעיקין האָט זיך געשראָקן פון פריילין שמוקלערס ליבע צו איר זון. דאָס האַרץ האָט איר נישט געזאָגט קיין גוטס. צי איז ער אַ מאָל איצט נישט מער, ווי אַן אויסגעלופטערטע געשטאַלט אין די ראָמאַנען? זי האָט געבראַכט לייבלען אַ צייטונג אין אַ ווייט לשון; פון דעם צפון־לאַנד, וווּ ער איז פאַרשוווּנדן. ס'איז דאָרט געווען אַ בילד פון זייערע שליחים צו דער שלום־קאָנפערענץ פון דער וועלט. זיי זיצן, די דע־לעגאַטן פון אַלע מלוכות, אַרום אַ טיש. אין דעם הויכן, מיטן שוואַרצן וואָנצעלע, האָט זי דערקענט סאַשאַן. זי האָט געבעטן לייבלען, לייענען דעם בריוו, וואָס זי האָט שוין געשריבן. זי בעט, זיי זאָלן באַשטעטיקן, אַז דאָס איז ער טאַקע, איר סאַשאַ. זי האָט אויך בייגעלייגט אַ בריוועלע צו אים, צו סאַשאַן אַליין, ער זאָל גלייך זיך אָפּרופן, ווייל זיין איינציקע שוועסטער, פאַני, איז קראַנק, און זי, די מאַמע, איז אַלט.

דער בלינדער פּראָפעסאָר האָט די זאַך דאָ געפּרוווט אויפקלערן אויך אויף אַן אַנדער אופן: זיי, די מערהייט געבראַכטע אַהער פון די טאָלן, זענען קינדער, וואָס זייערע גופים האָבן זיך צעבליט; זענען אויפגעוואַקסן, ערשט אויף צו מאָרגנס, נאָכן אַרויס פון די טויערן. די פרישע טיילן פון די קערפּערס זענען דאָרט נישט געווען. זיי פאַרטראָגן זיך נישט מיט די אַלטע טיילן. זיי ווילן זיי פאַרדעקן, פאַרהוילן. עס ציט זיי צו אַנדערע גופים, וואָס זענען קיין מאָל נישט צעדריקט געוואָרן. די פּריערדיקע קערפּער־טיילן, געבראַכטע פון די טאָלן — זענען פאַרטויבט. זיי שפּירן מער נישט זייערע אייגענע ווייטיקן פון פריער.

דער קליינער פּראָפעסאָר האָט אויסגעטייטשט, אַז די ניי־אַרויסגעוואַקסענע האָר ביי די מיידלעך, געדענקען נישט דעם עבר; זיי זוכן זיך צו צירן אין ציטער־שפּילקעס; די נייע הויט פון די אויפטורעמדיקע העלדזער — בענקט נאָך זילבער־קייטעלעך; די אויפ־יוירנדיקע בריסטן — נאָך בראָשן אויף די העמדער. אויך די אויפגייענדיקע קערפּערס — נאָך בליקן, וואָס זאָלן זיי אַרומנעמען.

לייבל האָט באַשלאָסן צו שרייבן בריוו צו די, וואָס ליגן אָפּגעזונדערט, צעוואָרפן איבער די ווייטע קליניקס אויף די באַרג־אַראָפּהאַנגען.

ער האָט אָנגעהויבן:

„צו אונדזערע שוועסטער און ברידער, געבליבענע רעשטלעך פון די שבטים פון ישראל".

ער האָט זיי דערמאָנט אין זייער ווייטן זכרון — זייערע עלטערן און משפחות, וואָס האָבן געשלאָסן די אויגן „מיט אייער בילד אין זיך; איר זענט אין זיי פאַרבליבן". „איצט ווילן זיי לעבן אין אייך". „מיר דאַרפן דורך אונדזערע אויגן זיי אַריינעמען, כדי זיי זאָלן בלייבן אין אונדז".

דער קליינער פּראָפעסאָר איז געזעסן מיטן ווייסן שטעקן, ווען לייבל האָט געשריבן דעם בריוו, און האָט געוויינט פון זיינע לייַדיקע אויגן אַרויס. ער האָט געוויינט אומ־באַהאָלפן, ווי אַ בלינד קינד. ער האָט אויסגעזען, ווי אַ גרויס קינד, וואָס האָט זיך צוגעקלעבט וואָנצעס. דיקע טרערן לויטערע, זענען גערונען פון אונטער די טונקעלע ברילן אַפּער.

לייבל האָט ערשט באַנומען, אַז נאָך יעדן מבול, וואָס שווענקט אַלץ אַראָפּ — קומען קליינע שטראָמען, וואָס פאַרלענגערן די איבערבלייבענישן. עס איז נישטאָ קיין רחמנות. די רעשטלעך ווערן שטיל אויסגעריסן.

אסתרקע איז איצט ווידער געגאַנגען פון די באַרג־אַראָפּהאַנגען, איבער די שטיגן און טראָטואַרן. זי האָט דעם בריוו צעטראָגן איבער די סאַנאַטאָריעס און קליניקס. זי איז געגאַנגען איינע אַליין. אומעטום, ביי יעדן פון די בעטן, אין די צימערן און באַל־קאָנען, האָט זי זיך פאַרהאַלטן; זיך געזעצט אויף אַ שטול. ביי דער רבנישער טאָכטער, מיט דער אַדלערנאָז, זענען לענגער געוואָרן די זיידענע וויעס איבער די אויגן. זיי זענען ביי איר אַראָפּגעהאַנגען. זי איז געוועזן פאַרטאָן אין לערנען אין די ביכער, שפּראַכן. זי האָט זיך געקלאָגט, אַז דער חוש הריח ווערט דאָ ביי איר אָפּגעשוואַכט. זי שמעקט איצט בלויז די אַמאָליקע ריחות פון די ווייטקייטן; פרישע ריחות פון דאָ אַרום — מער נישט.

ס'איז היינט געווען אַ טאָג פון וויינען. דעם רבס טאָכטער האָט געוויינט, אַז איר קראַנקייט איז אַ פאַרבאָרגענע — אינעווייניק, אין איר גוף. זי וועט מער נישט קאָנען זיין קיין מוטער. דאָרט אין טאָל האָט מען גענישטערט אין איר טראַכט. די טאָל־דאָקטוירים אין ווייסע פאַרטעכער האָבן אין איר אויסגעפּרוווט מיטלען, ווי אָפּצושטעלן די פּרוכפּערונג פון יידישע טעכטער; זיי זאָלן ווייטער זיך נישט מערן. איר פאָטער, דער רב, ליגט איצט אין איר טויט, געהרגעט אויף קידוש השם.

אויך עדיט פון די קאַרפּאַטן האָט היינט געוויינט. זי בענקט צוריק צו די עלטערן, האָט זי געזאָגט. זי וועט זיי אויפקלערן, אַז זי ווייסט נישט, ווי זי איז פאַרבליבן, אָן די שוועסטערן. ס'איז עפּעס געווען אַ טעות. די שוועסטערן זענען דאָרט אַוועקגעשווומען אין דעם נעפּל, מיט די הענט אַרויף, גלייך מיט דעם מיליאָן יידישע מיידלעך. זי איז געבליבן אָפּגעריסן פון זיי. זי האָט נישט געקאָנט אַרויף.

אויך זי האָט זיך געקלאָגט, אַז דער קערפּער הערט ביי איר נישט אויף צו בליִען. זי קאָן מיט אים מער זיך נישט געפינען קיין אָרט דאָ, אין בעט. צוזאַמען מיטן לייב, וואַקסט אויך ביי איר דער אויסגעברענטער נומער אויף איר לינקן אָרעם, דער נומער מיט וועלכן זי איז געחתמעט געוואָרן. די ציפערן ווערן גרעסער.

אסתרקע האָט איצט באַזוכט ד״ר בעיקינס טאָכטער, פאַני. אויך זי האָט נישט אויפֿגעהערט צו רעדן וועגן איר ברודער, סאַשאַ. ווען ער וועט קומען, וועט ער זי נישט דערקענען, האָט זי געזאָגט. פאַני האָט געהאַלטן פאַרשטעקט אין בעטגעוואַנט דעם גאַנצן קערפּער, ביז איבערן האַלדז, ווי ער וואָלט געווען איינגעגראָבן אין דער ערד. בלויז דעם מיידלישן קאָפּ האָט מען אַרויסגעזען, ווי דעם קאָפּ פֿון אַ קינד.

ביים אויפֿמאַכן שפּעטער די טיר, אַריין אין דעם צימער פֿון דעם זיבניאָריקן צווילינג מיט די רויט־מעשענע האָר — האָט זי געטראָפֿן צוויי קליינע געשטאַלטן, וואָס שפּרינגען איר אַנטקעגן. דאָס איז טאַקע געווען דער צווילינג מיט די אָפּגעפֿרוירענע פּיסלעך, וועלכן מען האָט געפֿונען אין אַ קויש. מען האָט זיי איצט געלערנט גיין. זיי האָבן זיך פֿאַרלייגט די הענטלעך — יעדע אויפֿן אַקסל פֿון דער אַנדערער. די צוויי געזונטע פּיס — פֿוןביידע זייטן; און די צוויי אָפּגעפֿרוירענע — נאָכגעהאָנגען אין דער מיט. פֿון רעכטס און פֿון לינקס — האָט יעדע געהאַלטן איין קוליע אונטערן אָרעם. אַזוי, אַרומגענומענע, זענען זיי געשפּרונגען צו דער טיר.

זיי האָבן דערציילט אסתרקען, אַז זיי שפּירן, ווי נאָדלען שטעקן זיי זיך אין די קראַנקע פּיס. זיי שטעכן זיי אויף מיט ווייטיק. זיי ליגן יעדן טאָג, שעהען — יעדע מיט איר אָפּגעפֿרוירן פּיסל — אויף דער זון; דאָס קראַנקע אָרט אַרומגעהילט מיט אַ ווייס טיכל. די גליִענדיקע שטראַלן דרינגען פּאַמעלעך אין זיי אַריין.

פּראָפֿ. ראַליער האָט איצט אַרויסגערופֿן אַ מלחמה אין זייערע קליינע אבֿרימלעך. דער איינגעדרימלטער פּראָסט האָט זיך געוועקט און צוריקגעבריט מיט קאַלט־שטעכיק פֿייער. די זון האָט איבער אים זיך געגאָסן, ווי הייסער בליי; געשטופּט אַראָפּ דעם פּראָסט טיפֿער, ער זאָל זיך איינשרומפּן. יעדן טאָג האָבן זיי אַזוי זיך געראַנגלט אין זייערע פּיסלעך — דאָס הייסע און דאָס קאַלטע פֿייער, און דער פּראָפֿעסאָר איז געווען צופֿרידן — דאָס קאַלטע גיט זיך אונטער, כאָטש עס שיקט נאָך צוריק לאַנגע נאָדלען ביז אַרויף אין זייערע קערפּערלעך אַריין.

די קינדער האָבן אַלץ נישט געוווסט, פֿון וועמען זיי שטאַמען.

אסתרקע האָט דאָס מאָל אויך באַזוכט פֿריילין שמוקלער מיט איר אַלטער מאַמען, אין דער זייטיקער דירה, ווייט פֿון די קליניקס. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי פּילט דאָ אָפּ אין בעט, נישט בלויז אַלע ליבעס, נאָר אויך — אַלע געשעענישן פֿון דער וועלט. זי איז מיט זיי פֿאַרבונדן, ווי מיט אַ שטאָלענעם פֿאָדעם, נישט אָפּצורייסן, כאָטש איר קערפּער איז בלויז הויט און ביין. ווען נישט דאָס וואַרטן אויף סאַשאַן, וואָלט זי שוין לאַנג פֿון דאַנען אַוועק, פֿון די טאָל־רעשטלעך, וואָס זענען אַהערגעקומען, שטערן איר רו.

זי האָט אַרויסגעשטעקט פֿון בעט צוויי דאַרע געלע הענט און צעריסן לייבלס בריוו.

פֿריילין שמוקלער האָט מורא געהאַט, אַז אויב לייבל וועט בלייבן — קאָן נאָך דאָ ווערן אַ טאָל. די בערג פֿון לעיזען וועלן זיך אַראָפּלאָזן, און דער טאָל פֿון אויבן וועט אַלץ פֿאַרפֿלייצן.

גייענדיק לסוף אין דער קליניק פֿון דעם פּאָטער מיט דעם געבויגענעם רוקן, האָט זי זיין בעט טאַקע געטראָפֿן ליידיק. ער איז אַנטרונען מיטן פּעקל ביינער אויף דער פּלייצע.

אויף צו מאָרגנס איז זי אַוועק, אסתרקע, צו דעם עלטערן פּאַרפּאָלק, וואָס זייער

גאונישער בן־יחיד איז פאַרבליבן אין טאָל, און זיי זוכן איצט וועגן, ווי צו פאַראייביקן זיין נאָמען. פון די פלענער האָט דערוויילן גאָרנישט זיך אויסגעלאָזט. די קינדערלאָזע מוטער, מיטן געליימטן פליגל, ווי ביי אַן אונטערגעשאָסענעם עוף, האָט, אַ שווייגנדיקע, געבעטן אסתרקען זיצן. זי האָט אויף איר געקוקט, אַ געשפּאַנטע: אפשר האָט לייבל זי געשיקט מיט אַן ענטפער. אסתרקע האָט געזען, זיי זענען ביידע הויכע. זי האָט מורא געהאַט, זיי צו ווייזן לייבלס בריוו צו די געבליבענע ייִנגלעך און מיידלעך זוועגן היטן אין זיך די דורות. זיי האָבן ביידע, אַן דעם בן־יחיד זייערן, איצט אויסגעזען ווי ביימער, וואָס זענען געוואַקסן הויך אַרויף, אָבער אונטן זענען אונטערגעשניטן זייערע שטאַמען. זיי האָבן נישט קיין וואָרצלען. אַ ליאַדע טאָג קאָנען זיי פאַלן.

לעצטנס האָט ביי זיי ביידע זיך אויסגעפּיקט אַ פּלאַן, אַז אויב ביי פרוי נעלקין וועט געבוירן ווערן אַ בן־זכר, זאָל זי אים רופן אַ נאָמען נאָך זייער זונעלע. זיי האָבן געוואָלט, אַז לייבל זאָל מיט איר רעדן וועגן דעם.

פרוי נעלקין, וועמענס בויך עס איז איצט געוואָרן אויפגעשוואָלענער, האָט מתפּלל געווען, עס זאָל ביי איר געבוירן ווערן אַ מיידעלע. זי האָט צוליב דעם מורא געהאַט אַרויסצוגיין מיטן בויך אין גאַס, אויף די קוליעס, זיי זאָלן זי נישט באַגעגענען. דער מאַן אירער, דער מיטן ווייסן און בלויען אויג, האָט פאַרשטאַרקט זיין שמירה פאַר דער טיר פון איר צימער, קיינעם צו איר נישט אַריינצולאָזן.

דאָס עלטערע קינדערלאָזע פּאָרפאָלק האָט געשפּירט, אַז לעצטנס פאַרמאַכט מען פאַר זיי די טיר אויך ביי דער יונגער מאַמע פון פּראָג, וואָס האָט געבוירן איר זון אין אַ קבר, אויפן דאָרטיקן בית־עלמין, און דאָ, אין לעיזען, אַנטוויקלט ער זיך קרעפטיק. זיי פלעגן קויפן פולע קעשענעס שפּילצייג און מיט זיי קומען צו איר. זיי האָבן דין אַנגעפּויקט אין דער טיר. נאָך עטלעכע זייערע באַזוכן, האָט זי מער זיי נישט אַריינגעלאָזט. זי פלעגט עפענען שמאָל די טיר און זאָגן, אַז דער יונג האָט פיבער; די דאָקטוירים הייסן נישט אַריינלאָזן צו אים. זיי האָבן געצויגן פון די טאַשן אַרויס די שפּילעכלעך און דורך דער טיר־עפענונג זיי אַריינדערלאַנגט.

אסתרקע האָט געוווּסט, אַז די פּראָגער מוטער וואַרפט שפּעטער אַרויס די זאַכן. זינט מען האָט דאָ זיך דערוווּסט די מעשיות וועגן דעם שפּילצייג־סוחר, ווי ער האָט געזאַמלט די שפּילצייג אין טאָל, פון די יידישע קינדער, וואָס זיינע הענט האָבן גע־שטיקט — האָט זי מורא־געהאַט צו געבן איר קינד שפּילעכלעך. דאָס קינד האָט אויך זיך אָנגעהויבן שרעקן פאַר שפּילזאַכן. זי פלעגט תמיד, נאָכן זען דעם שפּילצייג־סוחר אויף די גאַסן, אַרומבינדן מיט דיקע שאַלן איר קינדס העלדזל.

געווען אויך אַ סברא, אַז דער פאָטער מיט דער געבויגענער פּלייצע, איז פון דאַנען אַנטלאָפן מיטן פּעקל אויף זיך, צוליב פּחד פאַר זיי, די קינדערלאָזע עלטערן. ער האָט מורא געהאַט פאַר אַן עין־הרע. ער איז געבליבן מיט די ביינדלעך; ער האָט זיי אָפּ־געראַטעוועט פון טאָל.

זיי האָבן איצט געזאָגט אסתרקען, אַז דער געבויגענער פאָטער אַנטלויפט פאַר זיך אַליין, ווי איינער, וואָס אַנטלויפט פאַר גאָט.

דאָס עלטערע קינדערלאָזע פּאָרפאָלק האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס געשעט אַרום זיי. זייערע הענט האָבן זיי געצויגן צו גלעטן קינדישע קעפּלעך. די קינדער טרעפן

זיך זיי אָבער מער נישט אין וועג. אויך די פינפיאָריקע מויד מיט די העל־בלויע אויגן, דאָס שטיפטעכטערל פון דער קאַטוילישער אלמנה — טרעפט זיך נישט פּאָר זיי. די אַלמנה גייט מער נישט שפּאַצירן מיט איר, פאַרביי די גאַס פון זייער צימער.

אסתרקע האָט פון דאַנען געאײַלט צום מישלינג. זי האָט געדענקט, דער קלײנער ווינער פּראָפעסאָר וואַרט אומגעדולדיק אויף דעם וויזיט. ער זיצט איצט גאַנצע טעג בײַ לייבלס בעט, און זײַנע קלײנע ווייסע פינגער גלעטן נערוועז די דיקע וואַנצעס אונטער די ברילן. ווען זי האָט זיך דערנענטערט צום מישלינגס טיר און אָנגעקלאַפּט, איז אינעװייניק אַ ווײַלע געבליבן שטיל. באַלד האָט זי זיך שמאָל געעפנט. אינעווייניק האָט זי דערזען דעם שפּילצייג־סוחר. אסתרקע איז אַוועק.

אויפן וועג צוריק האָט זי אָפּגעטראָטן בײַ דער זיבעצניאָריקער אַלאַ, די טענצערין פון פּאַריז. אויך אַלאַן האָט מען איצט געלערנט גיין מיטן קראַנקן פוס. דאָס ערשטע מאָל האָט זי זי געזען אויסערן בעט. די שוואַרצע לאָקן זענען איר אַראָפּגעהאָנגען פאַרנט איבערן פּנים. זי האָט דורכגעקוקט מיט די גרינע אויגן דורך די האָרפּאָסן; זי האָט דערקענט אסתרקען. דער לינקער פוס איז איר אַלץ נאָכגעהאַנגען, ווי נישט אירער, נאָר אַ פרעמדער. ווען זי איז מיט אים געגאַנגען אויפן דיל, האָט ער זיך געבויגן און זיך נאָכגעגעבן, ווי אַ האַרמאָשקע — אַרויף און אַראָפּ.

ווען זי איז צוריקגעקומען, אסתרקע, האָט זי טאַקע געטראָפן דעם קלײנעם פּראָ־פעסאָר. ער האָט געהאַלטן אין מיטן רעדן. ער איז געבליבן שטיל, ווי ער וואָלט געוואַרט. זעענדיק, אַז זי שווייגט, האָט ער גאָרנישט געפרעגט. באַלד האָט ער, ווי ער וואָלט פאַרגעזעצט זײַנע מחשבות, דערציילט, אַז ער האָט ווידער זיך געטראָפן מיטן שפּילצייג־סוחר, בײַ איין טיש אין עסזאַל. יענער האָט דאָס מאָל אָפן זיך גערייצט מיט אים. ער האָט אים געלאַכט אין די אויגן, דעם בלינדן פּראָפעסאָר. ער האָט געזאָגט, אַז באַלד וועט ער זי שוין האָבן געגנוג. ער האָפט אין גיכן זי צו קאָנען אומקערן. און נאָך האָט ער געזאָגט, דער שפּילצייג־סוחר, ער וועט איצט זיך נעמען צו דער רבנישער טאָכטער. איר טראַכט איז געשלאָסן — נאָך פון די יאָרן אין טאָל.

דער קלײנער פּראָפעסאָר האָט דערציילט, אַז אין די קליניקס און סאַנאַטאָריעס ווערט שוין געלייענט לייבלס בריוו. טייל שיקן אים אויך אַראָפּ אין פלאַכלאַנד, צו די וואַנ־דערער אויף די מאַרש־וועגן צו דער ווייטער רעפּובליק; זיי זאָלן אים פאַרלייענען אין די אכסניות, און אין די דורכגאַנגס־פּונקטן אין די וועלדער.

דער פּראָפעסאָר האָט געזאָגט, מיר דאַרפן אונדזערע בריוו שרייבן אויף שערבלעך, אָדער אויסקריצן אין שטיין, כדי זיי זאָלן בלײַבן אויף אַ סך טעג, ווײַל אונדזערע קינדער, אַרום אונדז, פאַרנעמען נאָך נישט, פון קורצן אָטעם, דאָס געשריפטס.

ער האָט דערציילט, אַז די קראַנקע פון די טאָלן זענען דאָ איצט פאַרכאַפּט פון וועלן פאַראייביקן, נישט זייערע פאַרשווונדענע נאָענטע, נאָר זיך אַליין. מען טוט אַלץ אויף צו פאַרפעסטיקן דאָס זיין פון אייגענעם גוף. מען וויל פילן זיין אָטעמען, זיין לעבן; אַז ער איז דאָ. די יונגע מיידלעך האָבן אָנגעהויבן זיך לאָזן פאָטאָגראַפירן. מען נעמט זיך אַראָפּ אין פאַרשידענע פּאָזעס. גאַנצע טעג מאַכן זיי די הכנות דערצו. זיי קעמען די לאַנגע האָר, די ברעמען. זיי טוישן די נאַכטהעמדער אין די בעטן; שמירן די ליפּן; הענגען זיך אָן שנירלעך קרעלן אויף די העלדזער. די וואָס קאָנען אַראָפּ פון די בעטן,

פאָטאָגראַפירן זיך אָנגעלענט אויף צוויי קוליעס — פון ביידע זייטן; מען ציט אויס אין מיטן, אין דער לופט, ביז אַראָפּ — דעם נאָכהענגענדיקן פוס.

איצט, ווען די בילדלעך זענען שוין דאָ, האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט, ווייסן זיי נישט, צו וועמען זיי צו שיקן, נישטאָ מער, אין ערגעץ נישט, די משפחות מיט די אַלבומען; די מומעס און פעטערס אין די ווייטע לענדער, וואָס זאָלן באַוווּנדערן די בילדלעך, זיך איינקוקן אין זיי. די מיידלעך אַליין זיצן אין די בעטן און קוקן, לאַנגע שעהען, אין די אויפנאַמעס; זיי באַטראַכטן יעדן אבר זייערן און בלייבן אַנטוישט. דערשלאָגענע ציִען זיי זיך צוריק אויס, אין דער לענג, אין די בעטן.

דער פּראָפעסאָר האָט געשמייכלט. ער האָט איצט צוגעזאָגט די מיידלעך, צו נעמען ביי זיי די פּאַטאָס און זיי אַריבערטראָגן צו די אַנדערע קראַנקע איבער די קליניקס. זיי ווילן נישט אונטערגיין, האָט ער געזאָגט.

ש. ביי זיך אין קליניק, האָט געזען, ווי אויך די העלע האָלענדערין און דאָס שוועס־טערל אָן די דלאָניעס מאַכן זיך איצט אין די טעג כסדר אויפנאַמעס. זיי ווילן נישט אונטערגיין. און ער האָט דווקא געפילט אין זיך אַ שטאַרקע בענקאַשפט יאָ אונטערצוגיין, פאַרשווינדן. נישט איין מאָל האָט ער געזען, ווי זייערע אויגן קוקן צו אים. עס האָט אים געדאַכט, זיי לאַדן אים איין, ער זאָל קומען מיטן בעט, זיך שטעלן לעבן זיי, אַראָפּ־נעמען זיך צוזאַמען, און ער האָט מורא געהאַט זיך צו פאָטאָגראַפירן. ער האָט געשפּירט, ער קאָן דאָס מער נישט. ער האָט געדענקט זיינע נאָענטע, און די נאָענטע פון די מיידלעך. פון זיי זענען דאָ מער נישט געבליבן קיין בילדלעך. זייערע בילדלעך זענען צעוואָרפן איצט ערגעץ ווייט, פאַרשעמטע, צווישן פרעמדע, וואָס לעבן אין זייערע היימען. פרעמדע אויגן קוקן זיך איין אין זיי און ווייסן נישט ווער זיי זענען געווען. אויך די בילדער פון אים אַלס קינד וואַלגערן זיך איצט אויף מיסטבערגלעך, אויף הייף; קינדער שפּילן זיך מיט זיי אין די גאַסן; רייסן ביי אים אָפּ די אויערן, די נאָז; שטעכן אַריין שפּילקעס אין זיינע אויגן, מאַכן אין זיי לעכלעך, און צייכענען נאָך דעם ברילן אַרום זיי. אין די נעכט בענקען די בילדלעך נאָך די מענטשן אין זיי, וואָס זענען איצט צעשיט אַש איבער אַלע טאָלן.

ש. האָט געקוקט אויף די פאָטאָגראַפערס, וואָס שטייען ווידער און קלאַפּן מיט זייערע פאָטאָ־אַפּאַראַטלעך, און ער האָט געדענקט יענע פאָטאָגראַפערס, וואָס פלעגן אים אַראָפּ־נעמען אַלס קינד. אויך זיי זענען נישטאָ.

מען האָט אים איצט אַרויסגעפירט, ש.ינען, יעדן טאָג פון זיין צימער אויף דער לאַנגער אָפענער וועראַנדע. ער איז געלעגן מיט אַ ספר אין האַנט און האָט געזוכט ערגעץ צווישן די שורות אַן אָרט, ווו אַריינצופּאַסן די געשיכטע פון די איצטיקע טעג; פון דעם, וואָס איז פאַרגעקומען און קומט פאָר אַרום, פאַר זיינע אויגן. ער האָט געזוכט אין די ספרים דעם שליסל צום יידישן גאַנג. ער האָט געפילט, דאָס אַלץ האָט אַ זין; ער איז דאָ אַרום אונדז. אונדזערע עלטערן האָבן אים באַנומען, באַגרייפט. נאָר פאַר אונדז איז ער פאַרהוילן, דער שם המפורש, דאָס אַלץ אויפצולייזן. עס איז אים געווען קלאָר, מען טאָר גאָרנישט דאָס אַלץ פאַרשטיין; די וואָס פאַרשטייען — מוזן שטאַרבן; און דעריבער אפשר, ווייל מיר אַנען דאָס — מוזן מיר שטאַרבן, מיר אַלע, די פאַרבליבענע. און אפשר איז דאָס דער סוד פונעם טויט פון אַלע מענטשן: אין אונדזער זיקנה, ווען מיר הייבן

אַן זיך כאַפּן, באַגרייפן — מוזן מיר אַוועקגיין. אַזוי אַלע און אַוודאי און אַוודאי — אונדזער דור, וואָס האָט אַן אויגנבליק געזען גאָטס פּנים.

אויך לייבל האָט לעצטנס אָנגעהויבן באַגרייפן, אַז זיין גאַנצע קראַנקייט, זיין צוגע־בונדנקייט, איז, כדי איבערצולעבן נאָך אַ מאָל דעם גאַנצן חורבן, כדי אים צו באַנעמען. ער חלומט אים דאָ איבער, פון דאָס ניי, אין דער וואָר — דעם עבר. דעריבער זיין באַהאַפטנקייט צום בעט. מען האָט דאָס אויף אים גוזר געווען. מעגלעך, אַז ערשט פאַרן שטאַרבן, אין אַ ווייטער צוקונפט, וועט אַלץ פּלוצעם ווערן פאַר אים אַנטפּלעקט.

ש. האָט געקוקט אין די ספרים און געטראַכט, אפשר איז דאָס אַלץ פאַר זיי נתגלה געוואָרן אין זייער טיפער עלטער, אָדער פאַרקערט, בעת דאָס איז פאַר זיי נתגלה געוואָרן, האָבן זיי געמוזט שטאַרבן — אויך ווען זיי זענען נאָך געווען יונג. דאָס פייער האָט זיי פאַרצערט. מיט דעם קאָן מען נישט לעבן. אָבער אויך שטאַרבן מיט דעם זענען זוכה בלויז יחידי סגולה. זיי שטויסן פּלוצעם זיך אָן; זיי כאַפּן זיך, און ס'איז דעמאָלט זיי לייכט צו שטאַרבן. זיי האָבן מער נישט צו אַנטדעקן, און אָן צו אַנטדעקן — קאָן מען מער נישט לעבן.

לייבל האָט געוווּסט, אַז דאָס איז דער סוד פון טויט פון אַלע זקנים. זיי קענען שוין אַלץ. קענען אַלץ — איז דער סוד פון רוח־הקודש. ער האָט איצט מורא געהאַט אַזוי פיל צו וויסן. ער האָט זיך דערפאַר געשראָקן. ער האָט געוואָלט אויסמיידן מענטשן. ער האָט געוואָלט זיך פאַרמאַכן מיט אסתרקען, זיין בלויז מיט איר; וועבן מיט איר די פּלענער פאַר זייער מאָרגן, פאַר דעם טאָג איבער די טעג אַריבער. ער האָט איצט ווידער געוואָלט זיך דערנענטערן צו איר; זי זאָל וואָס מער זיצן אויפן ראַנד פון זיין ברייטן בעט. זי איז אים איצט געווען נאָענט פאַר אַלע זיינע נאָענטע, וואָס זיין ליבשאַפט צו זיי איז אַזוי אָפּגעהאַקט. זיין גאַנצע ליבשאַפט איז אין אים אָנגעזאַמלט בלויז צו איר. אויך זי האָט נישט קיינעם מער. ער האָט געדענקט אירע עלטערן און אַלע אירע נאָענטע. זיי האָבן זי געלאָזט אַליין — בלויז מיט אים. זיי האָבן זי אים פאַרטרויט. ער טראָגט די אחריות פאַר יעדער רגע אירער, פאַר יעדער האָר אויף איר לייב. איצט איז זי טרויעריק. ער האָט אים געוואָלט אַרויסלעקן, דעם טרויער, פון יעדן קעמערל אין איר נשמה. ער האָט צו איר געקוקט מיט איבערגעפּולטע אויגן. ער האָט מיט זיין צעוואַרעמט־פיבערנדיקער האַנט אַ גלעט געטאָן איבער אירע געלאָקטע האָר. צו מאָל האָט זי דערפּילט, ווי וואַרעמע שטראָמען שפּרודלען פון אים אַרויס, נעמען שלימותדיק אַרום אירע אַקסלען; זיי לייגן זיך איבער זיי, ווי דער גלאַטער, שווערער, שטאָף פון פאַטערלעכע מאַנטלען.

אין די נעכט איז זי געלעגן אויף איר שמאָל ווייך בעטל, צוגעשטעלט נאָענט צו זיין שטייפן, האַרטן בעט. זיי האָבן צו זיך געשטרעקט די הענט און אַזוי זענען זיי איינגעדרימלט. אַריינגעשטעקט דלאָניע אין דלאָניע, האָבן זיי ליגנדיק אַזוי, ווי געשפּרייזט צוזאַמען אין שלאָף. ער האָט זי געפירט, ווי אַ כלה אין שלייער, פאָרויס, צו ווייטע ברייטע סטעזשקעס, וואָס ציִען זיך אין דער צוקונפט אַריין.

דערווייל אָבער האָט געברענט אין אים זיין שטילער נדר, נישט צו פּילן איר לייב, אַזוי לאַנג ביז די טייכן יסורים אַרום וועלן זיך נישט איינשטילן; ביז די נשמות פון זיינע נאָענטע וועלן נישט באַקומען זייער מנוחה אין אים; ביז וואַנען זיין גוף וועט געהיילט זיין. און אפשר — ביז וואַנען זיי וועלן, די לעצטע, נאָך אַלע — גרייכן אין

דער ווייטער רעפובליק. דערווייל טאָר ער זיך נישט צורירן. אויך אסתרקע האָט זיין שטילן נדר פאַרנומען אין זיך.

אסתרקע האָט איצט אויך, דורך די טעג, געטראָגן די נייע פּאַטאָס פון די מיידלעך איבער די קליניקס, צו די אַנדערע קראַנקע. זי האָט זיי געבראַכט אויך צו לייבלען. איצט האָט זי געברענגט אַ בילד פון דער רבנישער טאָכטער. ער האָט געזען איר אָדלערנאָז; די לאַנגע זיידענע וויִעס איבער אירע גרויסע אויגן. ער האָט זי געזען אין אַלערליי פּאָזעס — אויך ווי זי ליגט כמעט אין גאַנצן אַ נאַקעטע אויף איר בעט, אונטער דער זון, ווי עס האָט באַפוילן פּראָפ. ראַליער. איר גאַנצער קערפּער איז ברוין אָפּגעברענט, אויסער אירע בריסטן אויבן, וועלכע זענען ביי איר צוגעדעקט. זי ליגט אויסגעצויגן און די פאַרשטעלטע בריסטן שטעקן ווייך אַרויף אין דער לופטן, ווי די צוויי ביבלישע בערג — פון דער ברכה און דער קללה. צו די ביידע — איז פאַרוואַנדלט געוואָרן איר פרויען־שאַפט. עס איז אויך פאַרשטעלט מיט אַ שמאָל ווייס טיכל איר פאַרשוועכטער מוטער־אבר. עס רוט דאָ אַ ווייס טיכל, ווי אַ ווייס־סאַמעטן מענטעלע.

לייבל האָט ווייטער געקוקט: אין איר לינקען אָרעם איז געצייכנט דער טאָל־נומער. ער איז איינגעקריצט טיף, ווי שריפט אויף לוחות.

לייבל האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף זיי איצט, וואָס גיכער צוזאַמענגעמען, אונדזערע טעכטער פון די טאָלן — אין איין קליניק; זיי אָפּזונדערן און שטעלן אַרום זיי די שיידוועַנטלעך, ווי דאָ אויף די באַלקאָנען.

שוין אַ שטיקל צייט, ווי אויף זיין פאַרלאַנג, האָט אסתרקע אַרויסגענומען די האָלענדערין מיט די געלע אויגן, ווי צעלאָזט גאָלד, אין ש.ינס קליניק — פונעם צימער פון דער שוועדין, און זי האָט זי אַריבערגעפירט אין אַ שכנותדיקן צימער, נאָענט צו דעם צימער פונעם מיידעלע אָן די דלאָניעס; זי זאָל דערווייל דאָ זיין אַליין, ביז וואַנען מען וועט שאַפן אַ באַזונדערע מיידל־קליניק, און אפשר וועט מען זי פאַרלייגן אין דעם זאָל פונעם אונטערערדישן קינאָ. אסתרקע האָט זי אַריבערגעפירט טאַקע נאָך דעם פילמאָוונט אין דעם אונטערבאַרגיקן קינאָזאַל. זי האָט זינט דעמאָלט מער נישט געקאָנט פאַרבלייבן, די האָלענדערין, אין איינעם מיט דער שוועדין.

זינט דעם פילמאָוונט, פלעגט דער יאַפּאַנער איצט יעדן טאָג קומען צו דער שוועדין אין צימער. שוין אויף צו מאָרגנס האָט ער מיט איין מאָל פאַרלוירן זיין דזשענטעל־מענישע האַלטונג. ווי ער וואָלט זי נישט געזען, די האָלענדערין, האָט ער זיך אָנגעהאָנגען מיט די הענט, אַ צוגעצויגענער — אין דעם טורעמדיקן האַלדז פון דער פלאַקסהאָריקער שוועדין, מיט די ברוינע, פריילעכע אויגן. שעהען־לאַנג האָט דאָס געדויערט, און זי די האָלענדערין, איז די גאַנצע צייט געלעגן ביי זיך אין בעט מיט אַ בריִענדיקער, ראָזלעכער הויט. אַ הייסער שוויס האָט זי געביסן און איר געמאַכט אויפקיצלען אַלע פאַרבאָרגנקייטן. דער קאָפּ האָט ביי איר געברענט הייס, ווי אַ לאָמפּ. די זעלביקע נאַכט, ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף; דאָס איז געווען אין די שפּעטע שעהען — האָט זי דערהערט אין דער נאָענט אַ קנאַקן ווי פון הייסע, טרוקענע ביינער. דאָס איז געווען אין שכנותדיקן בעט פון דער שוועדין. באַלד האָט זי פאַרנומען אַ גערייב פון לייבער, ווי פון צוויי שוועבל־פלאַטן — איינע אין דער אַנדערער. די אַרויסגעריבענע פונקען זענען איר אַדורך אין קערפּער. אָט לייכט פון זיי אויף אין דעם פינצטערן צימער. זי האָט

איינגעהאַלטן איר הייסן אָטעם, וואָס האָט אויפגעזידט. זי איז אַזוי געלעגן שעהען, זיי זאָלן זי נישט הערן, ביז פֿאַר טאָג — ווען דער יאַפּאַנער, אַ קליינער, מיט די שטעק־שיך אין האַנט — האָט זיך אַרויסגעשאַרט פֿון צימער. זי האָט געהערט זיינע באָרוועסע, הייסע פּיס אויפֿן הילצערנעם דיל. איר איז אַ ווײַלע געוואָרן נאָך הייסער.

אין די ווייטערדיקע טעג פלעגט די שוועדין זיך שוין אָנהענגען מיט אירע הענט, וואָס זי האָט פֿאַרלייגט אַרום זיין האַלדז — אין זיין גוף. זי איז אויף אים געהאָנגען, ווי אַ גרויסער איבעריקער גוף אויף אַ קורצן, אומבאַוועגלעכן בוים. זי האָט צו אים זיך געדרענגט. דעם יאַפּאַנערס הענט זענען איצט געבליבן ווייט, אַראָפּגעלאָזט איבער זיין גוף, ווי אַ מאָל, אין די ערשטע טעג פֿון זיין קומען.

נאָך דעם, ווי די האָלענדערין איז אַרויס פֿון דעם צימער, האָט דער יאַפּאַנער דערזען איר בעט, ווי עס גייט פֿון דעם אַן אויסגעוואַרעמטע ליידיקייט.

ש. איז געלעגן ווייט, אין דער צווייטער זייט פֿון דער לאַנגער וועראַנדע, און האָט געטראַכט וועגן דעם מיידעלע מיט די הענטלעך אַן דלאָניעס, וואָס ליגט דאָרט אַליין אין איר צימער — אויף דעם זעלביקן שטאָק, און ער זעט זי זעלטן. ער האָט געבענקט נאָך איר. ווי וועט זי, אַן די דלאָניעס, קאָנען זיך אָנהאַלטן אין דעם אַרום? ווי וועט זי זיך צובינדן צו עמעצן, ווען יענער וועט זי נישט פירן מיט זיך פאַר דער האַנט? עס איז אים דורך אַ מחשבה: ווי וואָלט זי אין גאַזקאַמער, ביים פאַלן, אַ נאַקעטע, מיט אונטערגעבראָכענע פיס — געקאָנט זיך אָנכאַפּן אין עמעצנס אַ פלייצע? זי בענקט איצט זיכער אין איר צימער נאָך נאָענטקייט, אָבער די הענט הענגען ביי איר נאָך, ווי צוויי וואַרעמע שטעקעלעך — אָפּצושטויסן מיט זיי פון זיך די מענטשן.

ער האָט געפילט, אַז זינט ער האָט זי געזען אויף דעם פילמאָוונט אין אונטער־באַרגיקן קינאָ — שפּרייט זיך איר קינדישקייט אין אים.

ש. האָט חושד געווען, אַז זי האָט דערשפּירט די פאַרבינדונג פון אים מיט דער האָלענדערין. זי פילט זי ביי זיך אין צימער. די האָלענדערין איז איצט גאַנצע טעג געלעגן אין דרויסן, אין צווייטן עק פון דער וועראַנדע. שעהען פלעגט ער איצט קוקן צו איר. ער האָט געזען, זי האַלט זיי אויס, זיינע בליקן. זי וואַרט אויף זיי. ער האָט דערשפּירט, אַז איר שעמעוודיקייט גיט אים זיך אונטער. זיין בליק מאַכט מער נישט אַנטפאַלן אירע געדערעם.

ש. האָט געפילט, ער ווערט וואָס אַ מאָל מער אַריינגעצויגן אין דער צוגעבונדנקייט צו דער האָלענדערין. אויב צו ערשט פלעגן זיינע אויגן גלעטן זי ווייך מיט נאָענטקייט — האָבן זיי איצט טיפער זיך איינגעגעסן אין דער פולכנעקייט פון איר ראָזן לייב. אָפּט איז אים געוואָרן אָנגעשפּיצט דער בליק, ווי צובאַהאָפּטן צו אירן, אָבער ער האָט אים שוין נישט געקאָנט צוריקציִען.

ער האָט געשפּירט, זי פילט איצט וואָס אַ מאָל מער די ברייטע אַרומנעמענדיקע שוץ פון זיין בליק. יעדער קוק זיינער גיט זי אַ ציִ צו אים, מיט אַ מאַגנעטישן כוח; ער לייכט זי דורך, ווי מיט אַ רענטגען־מאַשין. זיין קאָפּ איז געווען פאַרשטעקט אין איר; זיינע אויגן האָבן געגנישטערט אין איר יעדן ווינקעלע. איר לייב איז וואַרעם־שווידערנדיק אויפגערונצלט געוואָרן.

ער האָט געוווסט, ש. זי וואַרט אויף זיין באַזוך; ער זאָל קומען, דערנענטערן זיך מיטן בעט, רעדן צו איר. זי איז אָנגעגרייט. ער האָט אָבער נאָך נישט געהאַט קיין ווערטער פאַר איר. ער האָט געזאַמלט אין זיך די בליקן, ביז זיי וועלן זיך אויסשטיין. דערווייל האָט דורך די ווענט וואָס אַ מאָל שטאַרקער אים געצויגן צו דער קליינער, צו איר באַליידיקטקייט; אין איר אינעווייניקסטער צימער־פאַרמאַכטקייט אַריין.

ש. האָט זיך אָפּגעגעבן חשבון, אַז אויך ער בענקט נאָך פשוטער ליבשאַפט: נאָך דער ליבע פון מאַן צו פרוי; צו דעם אַנהייב; צו זייער ווערן צו איין לייב, אָבער — אויך צו פאָטערלעכער ליבשאַפט, וואָס ציטערט איבער דער גאַנצקייט פון זיין קינדס גוף, ער זאָל נישט פאַרשוועכט ווערן.

מיט אַ מאָל איז אים קלאָר געוואָרן, פאַר וואָס עס ציט אים אַזוי צו פרישקייט, צו ערשטמאָליקער אויפרירונג — ער וועט מער נישט קאָנען באַנייען זיין באַהעפטונג, טיילן זי — מיט אויסגערייפטע פרויען־לייבער, וועלכע ווערן קיין מאָל מער נישט נתפעל. זיי זענען — נישט אונטערטעניק, נאָר אַ שותף צו דיר; אַלץ איז פון פאָרויס קלאָר.

עס ציט אים, נישט צו קלוגער צייטיקייט, צו אויפגעשריי פון איין אויגנבליק, און באַלדיקער דורכגעברענטקייט, נאָר — צו יונגער פאַרלוירנקייט, צו אָפּהענטיקייט; צום קינדיש־תמימותדיקן אַנהענגען זיך אין אים.

באַלד האָט ער געוווסט, דאָס דרימלט אין אים דער אור־זכר, וואָס רייסט זיך צו ווידער־אויפוואַכונג; נאָר דורך פרישן אויפשפּראָץ קאָנען זיינע אברים שטייף זיך אָנגיסן מיט כוח, זאַפטיק אויפגעוועקט ווערן.

פּלוצעם האָט אים אַרומגעכאַפּט ווידער אַ רחמנות צו די אַלע אויסגערייפטע שוועסטער אונדזערע; און וואָס איז מיט זייערע צייטיקע גופים? וואָס וועט זיין מיט די מאַמע־לייבער אין זיי? ווער וועט קומען, באַפרייען זיי פון די אָנגעיוירענע לאַסטן? די זאַפטן אין זיי זעצן זיך, גייען צו לער. פון לאַנג האָבן קינדער שוין געדאַרפט אָנפילן זייערע לענדן. ער האָט געוווסט, ס'איז זיי שווער, זייער אייגענע פאַרשטאָפּטקייט.

אין ש.ינען האָט לעצטנס געציטערט די בשורה, וואָס ער האָט געהערט פון זיין שכן, דעם פראַנצויזישן סטודענט. דער שכן האָט אים דערציילט בסוד, אַז דער שפּילצייג־סוחר גרייט זיך דאָ צו עפענען אין גיכן, אין לעיזען, אַ פאַרפומען־פאַבריקל. דאָס איז אַ פּלאַן פון אים און זיינע קאַמעראַדן, די אַנדערע שומרים פון די טאָלן, וועלכע זענען פון אָנשטרענג קראַנק געוואָרן. זיי זענען איצט מערערע דאָ, אויפן באַרג. זיי וועלן די יונגע קראַנקע פרויען באַדן אין פאַרפום־וואַנעס. זיי ווילן עפענען אַ שותפות־קאָמפּאַניע, אַ מרחץ.

דער שפּילצייג־סוחר האָט לעצטנס זיך פאַרטרויט פאַרן פראַנצויזישן סטודענט, אַז נאָכן אַנטלויפן פון טאָל, האָט ער אין די שטעט פון פּלאַכלאַנד מער נישט געקאָנט לעבן. אין טאָל האָט מען די געבראַכטע געפירט אין באָד; מען האָט זיי באַפוילן זיך אויסטאָן; מען האָט זיי אָפּגעשווירן די האָר; זיי פאַרמאַכט, און געהייסן טיף איינ־אָטעמען. צווישן די פאַרמאַכטע יעדעס מאָל זענען געווען יונגע פרויען פון אַלע עלטערס. זיי זענען אַלע שטייענדיק געבליבן איינגעגליווערט אין די גאַזבעדער. זייערע קערפּערס זענען אין דער ענגשאַפט געוואָרן צובאַהאַפטן, צוגעקלעבט — איינער צום אַנדערן.

ער פלעגט נאָך דעם זיי אָפּטיילן, און אויסלייגן זיי, ווי הערינג, אין די גריבער. פון פרויען זענען זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פלייש־סטאַטועס. אַנדערע האָבן שפּעטער געגאָסן אויף זיי נאַפט. די גופים זענען פאַרצערט געוואָרן אין די פלאַמען.

ער האָט, דער שפּילצייג־סוחר, אַזוי זיך צוגעוווינט צו די טאָלן, אַז ער האָט מער נישט געפונען זיך קיין אָרט אין די גאַסן פון די שטעט, ווו אַלע זענען באַקליידעטע, די גייענדיקע פרויען זענען ווייט פון דיר; די מענער — נאָענט. פון דער ענגשאַפט איז ער קראַנק געוואָרן. דאָ, אויפן באַרג, האָט ער זיי צוריק געפונען, די טעכטער פון די טאָלן. ער וויל דאָ מאַכן די פאַרפום־בעדער. אַלס אויפזעערין האָבן זיי באַשטימט דעם מישלינג.

דער פראַנצויזישער סטודענט האָט געפרעגט, פאַר וואָס ער שווייגט, ש., ער ענטפערט גאָרנישט.

אין די נאָכמיטאָג־שעהען, ווען אַלע רוען אין די צימערן, איז ש. איצט געבליבן אויף דער וועראַנדע. ער האָט אַראָפּגעקוקט אויף דער גאַס, און זיי געזען, די שומרים פון די טאָלן, פאַרבייגיין אויפן טראָטואַר, זאַלבעצווייט און צו דריי. עמעצנס אַ פינגער האָט אים אָנגעטייטלט אויף זיי. דער שפּילצייג־סוחר איז צווישן זיי תמיד געווען. ער האָט אַלץ זיך געבויגן, ווי אַ בוים, געניגט אויף רעכטס, אַראָפּ מיט ביידע נאָכ־הענגענדיקע לאַנגע הענט.

ש. האָט זיך איינגעקוקט אין אים און זיינע חברים. ער האָט געוואָלט דערקענען, דאָס וואָס שיידט זיי אָפּ פון אים אַליין; פון די מענטשן — אין די טאָלן און אויסער זיי. ער האָט נישט דערקענט קיין שום ענדערונג. די אייגענע גופים, וואָס דער דינסטער שטאָל שניידט זיך איין אין זיי, און פליגעלעך קאָנען זיך איינזייגן אין זייער לייב־ווייכקייט.

ער האָט געדענקט: דאָרט, אין טאָל, אין זייער אכזריותדיקער שיינקייט, האָבן זיי צו מאָל אויסגעזען נפילים, אומשטערבלעכע זין פון די געטער, אַראָפּגעפאַלענע איבער דער ערד. אָבער באַלד אויף צו מאָרגנס, נאָכן אויפברעכן די טאָל־טויערן, ווען זיי זענען אין פּחד אַנטלאָפן — האָבן די מענטשן־קינדער ווידער זיי אַריינגענומען צווישן זיך. אי׳צט האָבן זייערע גופים ווידער די נייגונג צו צעפאַלן זיך, צום פאַרשווינדן.

וועגן די פאַרפום־בעדער פון שפּילצייג־סוחר מיט זיינע חברים, האָט ש. שפּעטער אויך געהערט פון דעם אונטעראָפיצער פון דער שווייצער גרענעצוואַך; פון דעם, וואָס עס האָט אויף אים געזוכט די קללה פון דער אומגעבראַכטער יידישער פרוי מיט אירע צוויי קינדער. ער פלעגט איצט אָפּט זיך הייבן צו ש.ינען פון דעם אונטערשטן שטאָק אַרויף. ער האָט געטענהט, אַז זי קומט אים כסדר צו חלום מיט אירע קינדער. ער אַנטלויפט — זי יאָגט אים. די קינדער וואַרפן זיך אים פאָרויס, פאַר די פיס, און ער פאַלט איבער זיי. אַנומלטן ביי נאַכט איז ער געלעגן אויף דער ערד, פאַרוויקלט מיט איר אין אַ פאַרביסענעם קאַמף — אויף טויט און אויף לעבן! זי האָט אים געקנייפּט און געביסן. ער האָט זי געשלאָגן איבערן פּנים, איבערן גוף, זי געדריקט מיט די פיס. מיט אַ מאָל האָבן אירע הענט, ווי סקעלעטן, אים דין גענומען שטיקן אַרום האַלדז. ער האָט מער נישט געקאָנט אָטעמען; די צונג האָט זיך אים אַרויסגעבלעקט. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, אַ באַגאָסענער מיט שווייס. דער האַלדז האָט טאַקע אים ווייי געטאָן; ער האָט אַרום אים בלויען פאַסן.

ער האָט געפרעגט, צי ס׳איז מעגלעך, אַז אויך דער שפּילצייג־סוחר איז פאַרשאַלטן פון די טויטע יידן אין די טאָלן, דעריבער איז ער קראַנק.

באַלד האָט ער זיך געכאַפּט: פאַר וואָס האָבן די יידן אין די טאָלן געלאָזט מאַכן מיט זיך דאָס אַלץ? פאַר וואָס האָבן זיי, אין די לעצטע מינוטן, נישט פאַרשאָלטן זייערע שומרים; פאַר וואָס קומען זיי נישט דאָ שטיקן דעם שפּילצייג־סוחר מיט זיינע קאַמעראַדן? מאַכן זיי צייכנס אויף די העלדזער? און אפשר זענען די יידן דאָרט, אויף יענער וועלט, אויך געשטאָרבן; זיי קאָנען מער נישט קומען, נעמען נקמה? אויב אַזוי — טאָ ווער־זשע קומט אין זיינע קאָשמאַר־חלומות אַריין?

דער שווייצער אונטעראָפיצער האָט דערציילט, אַז דער שפּילצייג־סוחר איז דאָ געווען ביי זיי אויפן אונטערשטן שטאָק; ער איז געקומען זיי פאַרבעטן, די וואָס גייען שוין אויף קוליעס, צו דער עפענונג פון דעם פאַרפום־באַד.

אין דער זעלביקער נאַכט, ווען ער האָט נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן, האָט ביי אים אויפגעלויכטן אין מוח אַ פּלאַן: מען זאָל אין דעם אונטערערדישן קינאָ רופן אַן אסיפה. מען זאָל אַהינברענגען אַלע אַרומגייענדיקע אויף קוליעס און אויך די ליגנדיקע אין די בעטן. אויף דער בינע זאָלן זיי זיך שטעלן, איינער קעגן אַנדערן, דער שפּילצייג־סוחר, און ער, ש. זיי זאָלן ביידע פאַר די פאַרזאַמלטע אַרויסברענגען זייערע טענות. די קראַנקע וועלן דאַרפן זיך אַרויסזאָגן אויף וועמענס צד זיי זענען. אַנדערש — איז אַלץ אויסגעמישט.

ער האָט אַרויסגעזאָגט ש.ינען זיין מיינונג, אַז דאָס וואָס דער שפּילצייג־סוחר גרייט זיך עפענען אַ פאַרפום־באַד פאַר פרויען — איז גאָר צוליב פּרנסה־טעמים. זיין מסחר דאָרט אין ווין גייט אונטער. זיין פרוי מיט די טעכטער האָבן לעצטנס אים געשריבן אַ בריוו, אַז זיי וועלן מוזן שליסן דאָס געשעפט: די שפּילצייג, וועלכע ער האָט מיט די פראַכטבאַנען אַהיימגעבראַכט פון טאָל, לאָזן מער זיך נישט פאַרקויפן. זיי האָבן געשריבן, אַז ביי נאַכט, ווען זיי שליסן די קראָם, הייבן זיי אינעווייניק אָן צו טאַנצן, די ליאַלקעלעך. זיי לאָזן זיך אַראָפּ פון די פאַכן און פאָלקעס, נעמען זיך אָן פאַר די הענטעלעך און גייען אין אַ ראָד. מען הערט אויך, זיי זינגען יידישע לידער. די פאַרבייגייער אין דרויסן, אין מיטן דער נאַכט, שטעלן זיך אָפּ פאַר די שויפענצטער און קוקן אַריין אין באַלויכטענעם זאַל. פון די ליאַלקעס ווערן קינדער; זיי שטרעקן הענטלעך און נעמען פון די פאַכן אַראָפּ אַנדערע שפּילצייג; צו מאָל זעט מען אין דער לופט בלויז הענטלעך, אָן קינדער; זיי שטעקן זיך; די שפּילצייג לויפן און פאַלן גלייך אין זיי אַריין. זיי טאַנצן אַזוי און דרייען זיך אַ גאַנצע נאַכט. די פרוי שרייבט, אַז דאָס איז אַלץ, ווייל עס פעלט אַ באַלעבאָס; ער איז נישט אין דער היים; נישטאָ ווער עס זאָל אַ קלאַפּ טאָן מיט אַ האַנט אין בופעט און זיי איינשטילן. זיי שפּילן זיך אַזוי ביז פאַר טאָג. ערשט דעמאָלט, ווען עס ווערט ליכטיק, שטעלן זיי אַלע צוריק זיך אויס — יעדער אויף זיין אָרט. מענטשן ווילן איצט מער נישט קויפן די יידישע שפּילצייג. אויך אין די טעג טרעט מען נישט איבער די שוועל פון זייער קראָם.

ער וויל איצט דעריבער, דער שפּילצייג־סוחר, ברענגען קיין לעיזען זיין פרוי מיט די טעכטער, זיי זאָלן אַרבעטן אין דער פאַרפום־באַד.

דער שווייצער אונטעראָפיצער האָט דערציילט בסוד, ש.ינען אַז ער גרייט זיי

שוין צו, די מיידלעך אין די קליניקס, פאַר זיין פּאַרפום־באַד. ער קומט איצט יעדן טאָג; ער גייט פון בעט צו בעט; מיט זיינע לאַנגע הענט באַטאַפּט ער זיי, די יונגע פּרויען, ווי סחורה. ער וועלגערט און קנעט זייערע גופים, ווי טייג, און זיי ווערן זיך נישט; ווען ער געגענט צו זיי, בלייבן זיי אין די בעטן, ווי זיי וואָלטן געשלאָפן, אָדער ווי זיי וואָלטן געווען טויטע קערפּערס, אָן אויגן. זיי שווייגן, אויך ווען ער קאָלערט זיי אין די בעטן. ער דרייט זיי און פאַרשאַפּט זיי ווייטיק אין די קראַנקע אברים; זיי שרייען נישט אויף.

דער אונטעראָפיצער האָט נאָך דערציילט, אַז די שווייצער זעלנער לויפן קוקן, ווען ער קומט צו די בעטן. זיי פּאַקן זיך אין די טירן און שטעלן אָן פּאַרגליווערטע פּנימער, בעת ער שפּרייט, ווי אין מאַסאַזש, די אברים פון די יונגע מיידלעך; ער צענעמט זיי די הענט און די פיס; ער באַוועגט זיי אַרויף און אַראָפּ, און רייסט אַראָפּ פון זייערע נאַקעטע קערפּערס, די קליינע ווייסע טיכלעך. ער שלעפּערט זיי איין און וועקט זיי; ער וועקט און לעשט די פרויען אונטער זיינע הענט.

עס איז איצט אויך געקומען צו ש.ינען דער קליינער בלינדער פּראָפעסאָר. ער האָט אויפגעקלערט, אַז דאָס איז זינט ער איז געווען אין טאָל, דער שפּילצייג־סוחר. ער האָט דאָרט געזען זייער נישטיקייט. אַלע פרויען זענען דאָרט געוואָרן חומר אונטער זיינע הענט. אונטערן טויט־ריח, וואָס זיי האָבן דערשפּירט פון זיינע נאָזלעכער, האָבן זיי אין איין רגע פאַרלוירן זייער שעמעוודיקייט. זיי זענען אַלע געבליבן אונטער זיין אָטעם שוואַך און הילפלאָז. צווישן אים און זיי איז גאָרנישט געווען — אויך נישט זייער אייגענער אָטעם פון די נאָזלעכער; ער איז געוואָרן אָפּגעהאַקט.

ער האָט זיך פאַרטראַכט, דער בלינדער פּראָפעסאָר, ווי ער וואָלט געקוקט פאַר זיך אין אַ ווייטן נעפּל, און ער האָט נאָך דעם פּאַמעלעך געזאָגט:

— דער שפּילצייג־סוחר געדענקט ביז היינט די טויזנטער מינים בליקן פון פרויען — שאַרפע, דערשראָקענע; פאַרלוירענע, בעטנדיקע; אויסגייענדיקע, פאַרלאָז־שענע. ער האָט פאַר די אויגן אַלע מאָל קערפּערס פון פרויען; די פלעקן און פינטעלעך אויף זייערע לייבער און פלייצעס, אויף די בייכער און פיס. ער געדענקט די בריסטן, וואָס נעמען ערשט אויפגיין ביי פלאַטער־טעכטערלעך; די בריסטן, אָנגעשטייפטע, ביי אויפגעוואַקסענע מיידלעך; די צעוירענע — ביי רייפע פרויען; די איבערגעפולטע, ווי לאָגלען — ביי זייגמאַמעס; די ליידיק־הויטיקע, ווי נאָכהענגענדיקע טאָרבעס — ביי זקנות. ביי אים איז מער נישט פאַראַן דער דיסטאַנץ, וואָס שיידט פונאַנדער צווישן מענטש און מענטש; צווישן זכר און זי. דער דיסטאַנץ איז ביי אים אַ ליידיקער חלל.

עס זענען דאָ געווען געקומענע פון די טאָלן, וואָס האָבן געדענקט, ווי דער שפּילצייג־סוחר פלעגט אַריינקוקן פון דרויסן מיטן אויג דורך אַ גלאָזלעכל אין וואַנט פון דער געשלאָסענער גאַזקאַמער. ער האָט די מענטשן אינעווייניק געזען אין זייער גסיסה, מיט זייער לעצטער פאַרווונדערונג אין פּנים, ווען זיי האָבן דערפילט דעם טויט. שפּעטער האָט ער געזען אַרויסנעמען, דורך די הינטערשטע טירן, די גופים אין דרויסן, ווי גרויסע טויטע פייגל און עופות. זיי זענען פאַר אים געלעגן צעשפּרייטע, צעקרימטע; פאַרקראַמפּטע, מיט בלוט און אַנדערן אָפּפלוס, אויף זייערע לייבער, בריסטן און פיס.

עס זענען דאָ אויך געווען איינצלנע, וועלכע האָבן געדענקט, ווי ער פלעגט באַפעלן איבער די טויטע קערפּערס. ער איז איבער זיי געשטאַנען אין דעם פאַרמאַכטן, אַרומגעמויערטן, הויף; און ער האָט זיי געזעצט, אויפגעשטעלט, צעשפּרייט, געצויגן; ער האָט געבויגן זייערע אברים און גלעלנקען, געפּאַטשט זיי אין די רוקנס און הינטנס; געקיצלט זיי אין די בייכער און ווייכע ערטער. זיי זענען געבליבן פאַרשווייגענע, און געקוקט ווייט איבער אים מיט גלעזערן־אַרויסגעזעצטע אויגן. די האָר זענען ביי זיי נאָכגעהאַנגען, ווי ביי גרויסע געשטאָפּטע ליאַלקעס.

דער קליינער פּראָפעסאָר האָט געזאָגט ש.ינען, אַז זינט דעמאָלט קען ער אַלע פּרויען, דער שפּילצייג־סוחר. ער קאָן מער נישט פאַרטראָגן זייער אַנשטעל פון ווערן זיך, פון נישט צולאָזן צו זיך. ביי אים קאָן דאָס אַלץ מער נישט זיין. ער ברעכט פון פּאַרויס זייער ווידערשטאַנד. ווען ער קומט אויף זיי — פילן זיי, ווי אַ שטומע חיה וואָלט זיי באַלעבט, באַשלאָפן, די פרויען בלייבן אונטער אים איינגעשטילט. אויך דעם מישלינג האָט ער אַזוי געטאָן.

ער האָט געזאָגט, דער קליינער פּראָפעסאָר, אַז ער גלייבט, דער שפּילצייג־סוחר, אייביק איז בלויז די צייט פון די טאָלן; זי וועט צוריקקומען. די איצטיקע לויזע צייט איז נאָר אַ חלום אַזאַ.

אַלע קראַנקע אין לעיזען האָבן איצט געוווּסט די פאַרגאַנגענהייט פון שפּילצייג־סוחר; מען האָט אָבער דערפון נישט גערעדט. זינט דעם פילמאַוונט אין אונטערערדישן קינאָ האָבן די ליגנדיקע אין די בעטן, איבער די באַלקאָנען, בלויז נאָכגעקוקט פון אויבן אַראָפּ — די פאַרבייגייענדיקע אונטן, אויף די טראָטואַרן, יידן, אַנגעלענטע אויף קוליעס. אַנדערע גייענדיקע קראַנקע פלעגן זיך פאַרביידרייען אין די קאָרידאָרן און קוקן דורך די אָפענע טירן אין די צימערן פון די מיידלעך פון די טאָלן. ביי יעדער געלעגנהייט האָבן זיי מיט די אויגן געפּאַרשט זייערע קערפּערס, די קעפּ, שטערנס און נעז — צי זיי זענען ביי זיי, ווי ביי אַלע מענטשן. אויך איבער ש.ינען פלעגן זיך פאַרהאַלטן און דורכגליטשן אַזעלכע בליקן. טייל האָבן אויף אים געפונען סימנים; טייל האָבן געמיינט, אַז די געראַטעוועטע דאָ אַהער מוזן זיין אַנדערע יידן, נישט ווי זייערע קרובים, די פאַרשפּרייטע איבער די טאָלן.

אַ סך פרעמדע קראַנקע האָבן איצט געוואָלט זען די פּאַטאָס פון יענע, די אויפגעגאַנגענע אין רויך. אַזעלכע פּאַטאָס זענען אָבער דאָ נישט געווען. קיינער האָט זיי ביי זיך נישט געהאַט. בלויז דאָס עלטערע קינדערלאָזע פּאָרפאָלק האָט געוויזן די בילדלעך פון זייער יינגעלע אין קינדער־וועגעלע, מיטן גלאַט־פאַרקעמטן קעפּל. ער האָט אָבער, בעת מען האָט שאַרף אין אים זיך איינגעקוקט — אויסגעזען, ווי פון תמיד, אָן לעבן אין זיך. ווען דער פּאָטער האָט די בילדלעך איצט צוריק אַריינגעלייגט אין טאַש, האָט ער מיט אַ מאָל דערפילט, ער האָט ביי זיך אָפּגעריבענע שטיקלעך פּאַפּיר; ער טראָגט אינעווייניק אַ פון אייביק טויטע געשטאַלט.

בעת דער בלינדער פּראָפעסאָר איז פון אים אַוועק, האָט ש. זי דערזען, זיין יונגיטשקע שכנטע אָן די דלאָניעס. זי איז געשטאַנען פון דער ווייטנס, אין דער אַנדערער זייט פון דער לאַנגער וועראַנדע, אויפגעשטעלט אויף איר בעט. די קראַנקןשוועסטער האָט געמאַכט איבונגען מיט אירע אברים. אויף איר נאַקעטן קערפּער זענען

געוועזן בלויז דריי וויסע טיכלעך, ווי אַ סגל איבער די דריי נישט אָפּגעבערנטע ערטער. די הענט אָן די דלאָניעס — אויסגעצויגן, גלייך אַראָפּ. די שמאָלע פּיס — צוגעשאַרט איינער צום אַנדערן; אויבן האָבן זיי זיך נישט צונויפֿגעשלאָסן. ווי דורך אַ פֿענצטערל האָט מען צווישן זיי דורכגעזען דאָס ליכט. זי איז געווען, ווי אַ סטאַטועלע, אויסגעגראָבן פֿון טיפֿעניש, מיט אָפּגעבראָכענע הענטעלעך. ער האָט געוואָלט צו איר אַ פּאָכע טאָן, גריסן, נאָר ער האָט זיך געכאַפּט, אַז זי וועט נישט קאָנען אים ענטפֿערן.

עס איז אים קלאָר געוואָרן, אַז קיין מאָל וועט קיין בחור איר נישט קאָנען אַרויס־ווייזן זיין גלוסטעניש צו איר. ער וועט נישט קאָנען אָנהייבן; נעמען צו ערשט איר דלאָניע אין זיין האַנט; זי שפּירן אין זייַנער; די האַנט־וואַרעמקייטן לאָזן אַריינפֿליסן פֿון איינער אין דער אַנדערער.

די שוועסטער האָט איר איצט באַפּוילן, ווידער זיך אויסצוציִען איבערן בעט. זי איז געלעגן מיטן בויך און בריסטן אַרויף. ש. האָט געוווּסט, זי וועט, ליגנדיק, קיין מאָל נישט קאָנען איינשליסן אַ מאַן, אים אַרומנעמען מיט די הענט איבער זיך. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אין קישן אַריין און געפֿליסטערט „שוועסטערל, שוועסטערל מיינס״.

ש. איז אָנגעפֿילט געוואָרן מיט זאָרג, וואָס דער שפּילצייג־סוחר האָט לעצטנס זיך גענומען דרייען אין זיין קליניק; ער גייט אויך פֿאַרביי די וועראַנדע אויף זיין שטאָק. ער קומט אַהער אַרויף נאָך זיינע באַזוכן ביי די שווייצער זעלנער. ש. האָט אים געזען, מיט זיינע קאַלטע, העל־בלוילעכע אויגן. נישט איין מאָל האָט ער געקוקט פֿון דער נאָענט גלייך צו אים, און זייערע בליקן האָבן זיך צונויפֿגעטראָפֿן. דאָס איז געווען — צו מאָל אַ האַרטער בליק, וואָס דרינגט אַריין גלייך אין מוח, און בלייבט אין אים מיט שטאָלענע נעגל פֿון אַ ווערעמל, און צו מאָל — פֿליסט ער אַריין מוטנע געדיכט, ווי צעלאָזטער שטאָל. אויך ווען ער איז אַוועק — איז ש.ינען נאָך געבליבן אַ ווײַלע אַ טעמפּער ווייטיק אין די קאָפּשלייפֿן. ש. האָט נישט געפֿילט פֿון יענעם קיין שנאה צו זיך. ער האָט אים בלויז אָבסערווירט, דער שפּילצייג־סוחר, ווי מען באַטראַכט פֿון דער נאָענט אַ חפֿץ, וואָס האָט הענט און פֿיס, און איז אַ מאָל געווען אין זיין רשות. אויך אים אַליין האָט שפּעטער געדאַכט, ער איז אַ באַוועגלעכער חפֿץ, ביי עמעצן אין האַנט.

דער שפּילצייג־סוחר האָט געזאָגט צו דעם שווייצער אונטעראָפֿיצער, אַז ער שפּירט אַרויס, ש. איז אַ ייִד. ער שמעקט זיי אַרויס, די קרבנות, פֿון ווי ווייט. מען קאָן זיי גלייכגילטיק נישט פֿאַרבייגיין; זייערע לייבער בעטן זיך, מען זאָל זיי ווײַ טאָן. ס׳איז געוויי, ווי זייערע נאָזלעכער שמעקן אַרויס די געשמאַקייט פֿון געבראָטנס, און ער ווערט מיט דעם קיין מאָל נישט געוווּג אָנגעזעטיקט.

ש. האָט בעת זיין פֿאַרבייגיין, מורא געהאַט, זיינע בליקן זאָלן נישט פֿאַלן אין דער זייט פֿון דעם האָלענדישן מיידל און דער קליינער אָן דלאָניעס; ס׳איז לעצטנס דערגאַנגען אַ שמועה, אַז ער קוקט אויך נאָך, בעת איר פֿאַרבייגיין אין גאַס, די פּרוּי־נעלקין, מיטן שוואַנגערנדיקן בויך, אָנגעשפּאַרט פֿון ביידע זייטן אויף קוליעס. צו מאָל ענטפֿערט זי אים מיט אַ שמייכל. זי גריסט שיער צו אים צוריק.

אַזוי האָט ער, דער שפּילצייג־סוחר, איין מאָל געזאָגט צום אונטעראָפּיצער, אַז ער קען זי, נאָר ער ווייסט נישט פון וואַנען. ס'דאַכט זיך אים, דאָס איז פון יענער לאַנגער האַרבסטנאַכט אויף דער עסטרייכישער גרענעץ. ער האָט דעמאָלט אָפּגענומען די טראַנספּאָרטן געטריבענע יידן פון אונגאַרן. אין איינער אַ נאַכט איז דאָס געווען. אין אַ טראַנספּאָרט צופוס־געטריבענע איז אָנגעקומען אַ יונגע טראָגנדיקע פרוי. אַלע האָט מען זיי געשטעלט אויפן אָפּגעצוימטן גרענעצפעלד. פון אַרום און אַרום האָבן זיי באַלויכטן רעפלעקטאָרן. ס'האָבן ביי איר זיך געבראָכן די פיס. זי האָט נישט געקאָנט שטיין. די שווערקייט פון בויך האָט איר געבויגן אַראָפּ אונטער זיך, די קני. זי האָט מורא געהאַט זיך צו זעצן, ער זאָל זי נישט דערשיסן. באַלד איז זי אָבער געפאַלן מיטן בויך אַראָפּ. זי האָט אים זיך פאַרשטעלט פון ביידע זייטן. ער האָט זיך דער־נענטערט, און געוווּסט, זי גייט געבערן; אַ קינד וועט פון איר אַרויס. ער האָט דעמאָלט בלויז באַפוילן, מען זאָל זי לאָזן דאָ, אויפן אָרט; פון אַרום זאָלן אַלע זיך אַוועקרוקן. אַליין האָט ער אָנגעשטעלט אַ גרויסן רעפלעקטאָר גלייך אויף איר. ער האָט זיך געזעצט אַנטקעגן, איבערן דעכל פון וואַכטורעם, נישט ווייט, נעבן דעם רעפלעקטאָר־לאָמפּ, וואָס האָט צו איר געוואָרפן דאָס ליכט. אַזוי איז ער דאָ געזעסן אַ גאַנצע נאַכט און געקוקט אין דעם ליכטקרייז. ער האָט געזען, זי וויקלט זיך כסדר אין די ווייען. איר גוף האָט זיך געוואָרפן איבער דער טרוקן־איינגעפרוירענער ערד. באַלד האָט ער געזען, ווי איר אונטערשטער האַלבער קערפּער בלייבט ליגן נאַקעט, מיטן בויך אַרויף. אירע פיס שפּרייטן זיך אין דער לופט; זיי וואַרפן זיך, אַנטבלויזט. איר גוף האָט כסדר זיך געקורטשעט און אויסגעצויגן; די הענט האָבן געשפּאַנטע זיך אָנגעהאַלטן אין דער פראָסטיקער ערד־גלאַטקייט, זיך געקלאַמערט אין איר. איר פאַר־וואָרפענער קאָפּ האָט זיך געהויבן און געזעצט צוריק, אויף הינטן. פון גוף זענען אַרויס קרעכצן — איין אָפּגעהאַקטער אויפגעשריי נאָכן אַנדערן. ער האָט דעמאָלט באַפוילן אַלע, די הונדערטער מענטשן, זיי זאָלן זיך אויסציִען אויף דער ערד, מיט די קעפּ, אַרויף צום הימל. זיי זאָלן זיי נישט אויפהייבן. זיי זאָלן אַלע ווערן איינגעבלאָסט אין דער פינצטער. בלויז אַרום איר איז געבליבן דער באַלויכטענער, ליידיקער, קרייז. ער האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט דאָס ליכט צווישן אירע פיס, וואָס האָבן איצט זיך געשפּרייט און געשפּרייט. ער האָט געזען, ווי זי צעעפנט זיך. באַלד איז אַ געדערעם־מאַסע פון איר אַרויס. ער איז געווען איינגעקוקט. פון דער מאַסע האָט עס זיך געוויקלט, דאָס באַשמירטע נפשל. ער האָט געזען דאָס רויטע קערפּערל, וואָס גליטשט זיך און ציט זיך. ער האָט איצט געוווּסט, אַ פריש קליין יידל איז געקומען אויף דער וועלט.

דער שפּילצייג־סוחר האָט דערציילט דעם אונטעראָפיצער, אַז ער האָט דעמאָלט באַלד באַפוילן, עס אַוועקצונעמען, דאָס קליינע; זי איז געבליבן ליגן ווי איינגעשלאָפן. ער געדענקט נישט, צי ער האָט זי אַליין אויך געהייסן אַוועקנעמען. אויב נישט, איז מעגלעך, אַז דאָס איז זי, דאָ, די דאָזיקע שוואַנגערנדיקע פרוי, מיט די קוליעס. ער דערקענט זי, כאָטש אירע שוואַרצע האָר זענען שוין זילבערדיק דורכגעשלייפט. איצט גייט זי ווידער געבערן, די יידין.

דער אונטעראָפיצער האָט געזאָגט ש.ינען, אַז אַלץ קאָן זיין. אים דערמאָנט זי, גאָר, די פרוי נעלקין, יענע יידישע מוטער, די מיט די צוויי קינדער אויף דער גרענעץ.

ער האָט געפרעגט, צי ס'איז מעגלעך, אַז זי האָט זיך געראַטעוועט; זי לעבט? אויב יאָ — ווי אַזוי־זשע קומט זי אים צום חלום?

דער אונטעראָפיצער האָט געזאָגט, דער שפּילצייג־סוחר איז אפשר דער האָר פון די יידן: ער האָט זיי געזען, נישט בלויז ביי זייער פאַרלאָזן די וועלט; נאָר אויך אין זייער קומען, ביי זייער געבוירן ווערן.

אויך די פרוי נעלקין האָט דערציילט לייבלען, אַז ער, דער הויכער מאַן מיט די נאָכהענגענדיקע לאַנגע הענט, וואָס נייגן אים אַראָפּ אויף רעכטס, קוקט זי לעצטנס נאָך. זי ווייסט נישט פאַר וואָס. זי האָט געפרעגט, צי זי דאַרף זי נישט פאַרשטעלן, איר שוואַנגערשאַפט. אסתרקען האָט זי שטיל געזאָגט, אַז זי מוז אַליין אין זיך אַריינ־שמייכלען. עס זיצט לעצטנס אין איר נאָך איינע, אַ פרעמדע פרוי, אַ שוואַנגערנדיקע, מיט אַ פולקייט, וואָס מאַכט ברעכן ביי איר די פיס; זיי ציִען זיך אַראָפּ. זי מוז זיך האַלטן אויף די קוליעס. זי שמייכלט דאָס, ווי אָט די שוואַנגערדיקע פרוי אין איר ציט עס אַזוי צו — בליקן פון די פרעמדע מענער.

און איין מאָל איז דאָס געשען: ביים פאַרבייגיין אויף דער וועראַנדע, האָט ער פלוצעם זיך פאַרהאַלטן, דער שפּילצייג־סוחר, ביי ש.ינס בעט. ער איז געקומען זיך נאָכפרעגן אויף דער פרוי נעלקין. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול, און האָט אים דערלאַנגט די האַנט. ער האָט ש.ינען געפרעגט, צי ער קען זיין חבר, דעם ווינער פּראָפעסאָר. ער האָט אים געגלויבט, דעם בלינדן פּראָפעסאָר, אַז ער איז געווען דער בעסטער שילער, בעת זיי האָבן געלערנט אין איין קלאַס. ש. האָט געפילט אין דער דלאָניע די קלעפּיקייט פון זיין האַנט. ער האָט די פינגער געלאָזט אָפן, אויסגעצויגן.

דער שפּילצייג־סוחר האָט ש.ינען געפרעגט, צי ער האָט קרובים. ער האָט דערציילט, אַז פאַר דער מלחמה האָבן אויף זיין הויף אין ווין געלעבט אַ סך רייכע יידן. זיין טאַטע איז געווען דער הויזוועכטער. זיי האָבן געוווינט אין אַ קליין געמויערט הייזל ביים טויער. אויפן הויף פלעגן זיך שפּרייטן די ריחות פון יידישע מאכלים. ער האָט זיך צעלאַכט. ער האָט שוין לאַנג, האָט ער געזאָגט, נישט פאַרזוכט יידישע פיש. ער האָט אים געפרעגט, צי די פרוי נעלקין קומט צו אים. מיט אַ מאָל האָט ער זיך אויפגעשטעלט. ער האָט אים ווידער דערלאַנגט די האַנט. זי איז געווען אַ ווייכע, אַ שוואַכע, ער האָט אַ לאַך געגעבן, קורץ, אָפּגעהאַקט, און איז אַוועקגעגאַנגען. ער האָט געפילט, אַז ער איז אין כעס אויף ש.ינען. דער גוף האָט אים געהאַט זיך אָנגע־שטייפט. ער איז געגאַנגען מיט אויסגעגלייכטע פיס. אַ ווײַלע האָט ער דערשפּירט, ער וואַקלט זיך נישט, געצויגן אויף רעכטס.

ש. האָט נאָך געפילט אין זיך דעם מוטנעם צעפּלאָסענעם שטאָל פון זיין בליק. ער איז אין אים זיך צעגאַנגען העל־בלווילעך. ער האָט איצט זיך דערמאָנט אין זיין שטאָט, נאָוואָמינצק; אין די שכנים; אין דער העלער בלווילעכקייט פון פרוי נאָוויק.

ס'איז אים פלוצעם דורך אַ געדאַנק, אָט פליסט ער אין אים, דער העלבלויער שטאָל. ער האָט אפשר דאָרט, ביי איר, איבערגעלאָזט זיינע זאָמען. דער געדאַנק איז אים שטיין געבליבן; ער האָט זיך פאַרהאַלטן. מעגלעך, דאָרט, אויף די פאַרלאָזטע גאַסן

פון זיין היימשטאָט, דרייט זיך אַרום אַ פאַרבאָרגן יידל, זיין טאַטנס אַ יורש. ער האָט העל־בלוילעכע אויגן.

ער האָט מורא געהאַט צו טראַכטן וועגן דעם. ער האָט געהאָפט, עס איז גאָרנישט; ס'איז געוועזן אויף לער. ער האָט געלאָזט נאָך זיך אַ ליידיקייט.

ער איז געלעגן מיטן קאָפּ אַרויף. באַלד האָט דער דופק אים אַ קלאַפּ געטאָן: אויב אַזוי — האָט ער זיין אייגן קינד, אַ יידיש קינד, פאַרלענדט אין איר. ער האָט עס אַליין אַריינגעוואָרפן אין אַ קאַלכאויוון. איצט פליסט זי אין אים, די ליידיקייט.

אַ ווײַלע האָט ער געזען, עס לויפט אַרום אויף די געסלעך; עס איז פון דעם קאַלכאויוון אַרויס אַ סאַלאַמאַנדרע, מיט אַ פּנים פון אַ שעפּסל. ס'איז אַן אָפּבילד פון נאָוויק און פון זיין טאַטן. עס רוישן אין דעם זיין גזע און אירע אורזיידעס.

ער האָט געוואָלט אויסדרייען זיך מיטן פּנים אַראָפּ; פאַרשטעקן דעם קאָפּ. ער האָט מורא געהאַט פאַר זיין טאַטנס פּנים, מיט דער ווייסער באָרד. עס הענגט איבער אים, אויבן.

ער האָט איצט געשפּירט, זיין נאַקעט־געשפּרייטער גוף בענקט נאָך פרוי נאָוויק, נאָך איר לייב. זייערע אונטערשטע האַלבע קערפּערס זענען נאָך פאַרקניפּט, נישט אָפּצושיידן.

באַלד האָט ער געוווּסט, זי האָט אים ביז היינט. דאָס האָט ער זיך אַליין געלאָזט ביי איר. ער לויפט דאָרט אַרום, אַ קינד.

דאָס קינד דאָרט איז ער. ער לויפט אַרום, אָנגעפּילט מיטן בלוט פון נאָוויק. עס לויערט שוין אין אים, דאָרט. ער איז נאָך קליין. דאָס בלוט רוט נאָך, אָבער עס זידט שוין אין אים.

דאָס בלוט אין מיר זידט אויף פאַרצוקונג, אויף פאַרצוקונג פון מיין טאַטן.

ער האָט זיך געכאַפּט, אַז אַזוי האָט עס, דאָס בלוט, געמוזט לויערן אין דעם שפּילצייג־סוחר, ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד.

ער האָט געוווּסט, אַז דאָס פליסט עס אין אים איצט, מוטנע, שטאַליק — דאָס העל־בלוילעכע בלוט פון דעם שפּילצייג־סוחר.

גיך איז אים דורך אַ מחשבה. ער האָט זיך איבערגעדרייט. און אפשר גאָר הויערט אין מיר, אין דעם קינד דאָרט — דאָס בלוט פון מיינע זיידעס, פון דורות שפּעלעך, גרייטע אויף פאַרצוקונג. די קליינע וועלף אַרום שמעקן דאָס שוין.

ער האָט זיי געזען, זיינע איבערגעשראָקענע זיידעס און פעטערס: זיי זיצן דאָרט שוין ווידער אין אים מיט איינגעצויגענע פיסלעך.

דאָס האָב איך אַליין זיי אָנגעברייט.

אין איין רגע האָט ער באַנומען: דורך זיין פאַרקניפּטקייט מיט פרוי נאָוויק, איז ער פאַרבונדן מיטן שפּילצייג־סוחר, מיט זיין שטאָלענעם אויגן־בליק, וואָס פליסט צוריק אין אים אַריין.

דאָס איז ער די סאַלאַמאַנדרע, וואָס לויפט דאָרט אויף די פעלדער פון זיין היימשטאָט, נאָוואָמינצק.

ש. האָט געזען, דער שפּילצייג־סוחר מיידט לעצטנס אים אויס. ער מיידט אויך אויס די פרוי נעלקין. אויך דער אונטעראָפיצער האָט וועגן דעם דערציילט דעם פראַנצויזישן סטודענט. ער מיידט איצט אויך שוין אויס דעם מישלינג. ער וויל זי מער נישט זען.

דער אונטערזאָפּיצער האָט דערציילט, אַז ער קומט איצט, דער שפּילצייג־סוחר, צו דער מיטליעריקער, קאַנטיקער פרוי, מיטן צעשויבערטן קאָפּ שוואַרצע האָר, וואָס איז געזעסן, אויף איר געליימטקייט־שטול, אין דעם אונטערערדישן קינאָ. יענע איז איצט מער נישט אויפגערייצט, ווי אַ געשפּאַנטע קאַץ, צו דראַפּען מיט די נעגל; די האָר ביי איר זענען ווייכער; זייערע וואָרצלען — מער נישט איינגעפּרוירן, און די נאָז — וויניקער פאַרשפּיצט. דער גאַנצער קערפּער איז איצט ביי איר אויסגעגלאַטיקט; די ראַציקייט פון אים — אָפּגעווישט. דאָס איז זינט ער, דער שפּילצייג־סוחר, קומט צו איר.

ער האָט דערציילט, דער שפּילצייג־סוחר, דעם שווייצער אונטערזאָפּיצער, אַז בעת ער איז אויף איר — שרייען שטום אויף אַלע אירע אברים, ביז די נעגל־שפּיצן. איר פּנים איז געשלאָסן; בלויז די אויגן־וויפּערן ציטערן ביי איר אָפּ, ווי אין פריידיקער קאָנוווּלסיע. איר לייב איז פול מיט צעשפּילטער יונגשאַפט. אַנדערש איז, האָט ער געזאָגט, מיט די יידישע טעכטער. זיי זענען אָן פרייד, אויך ווען מען האָט זיי ליב. זייערע יונגע קערפּערס בלייבן טרויעריק.

ער ווייסט דאָס פון פאָרויס, נאָך איידער ער דערנענטערט זיך צו זיי.

ש. האָט מיט אַ מאָל געוווּסט, מען מוז אים דערווייטערן, דעם שפּילצייג־סוחר, פון דאַנען. ער טאָר דאָ מער נישט זיין. ער האָט אים אַנטפּלעקט, דעם סוד פון די אויפגעשטאַנענע פון די טאָלן.

אַלע אויפגעשטאַנענע תחיית המתים בלייבן טרויעריקע.

אויך פּראָפ. ראַליער האָט לעצטנס געזאָגט, אַז דער שפּילצייג־סוחר טאָר דאָ מער נישט זיין. ער מאַכט אומרויק די קראַנקע, אַזוי די פרויען און אַזוי אויך די מענער. ער האָט חושד געווען, דער אַלטער פּראָפעסאָר, אַז ער וועט, מיט זיין אַרומדרייען זיך דאָ, צונעמען דאָס געלעכטער ביי אַלע — אויך ביי דער קאַנטיקער פרוי. ער האָט געדענקט דעם אָנהייב פון זיין נאָענטקייט מיט איר — אין דעם אונטערערדישן קינאָ.

דער קורץ־געשוירענער גלח, אין דער סוטאַנע, האָט איצט גענומען קומען צום שפּילצייג־סוחר, פּרוּוון רעדן מיט אים. ער האָט מיט אים זיך פאַרמאַכט, און געבעטן, ער זאָל זיך מתוודה זיין. ער זאָל זאָגן, אַז ער גלייבט אין הער יעזוס, ווייל די וואָס גלייבן — ווערט אַלץ פאַרגעבן. עס ווערן פון זיי אַראָפּגעוואַשן זייערע זינד. זיי בלייבן קלאָר, ווי קינדער. אויך זייער געלעכטער ווערט ווי ביי קינדער.

דער גלח אין דער סוטאַנע האָט אים איין מאָל אַפילו געזאָגט, אַז די וואָס גלייבן אין הער יעזוס — קומען נאָכן טויט אַריין ריין אין גאָטס קעניגרייך. זיי האָבן יענע וועלט. פון די, וואָס גלייבן נישט — איז אָפּגעטאָן די פרייד. די יידן, אויך די אומגע־בראַכטע, זענען פאַרלוירן פון ביידע וועלטן.

דער אונטערזאָפּיצער האָט געמיינט, אַז דעריבער קומט זי אים צום חלום, די יידישע פרוי. זי בלאָנדזשעט צוזאַמען מיט אַלע, די איריקע, צווישן ביידע וועלטן. זי האָט נישט ווו אַריין.

דער שפּילצייג־סוחר האָט זיך דערזען קליין, ווי אַ מאָל, די ערשטע צייט, אין טאָל, לגבי די יידן וואָס מען האָט אַהין געבראַכט. ער איז געבליבן פאַר זיי דערשראָקן, ווי אַלס ייִנגל פון הויזוועכטער. ערשט שפּעטער האָבן זייערע געשטאַלטן פאַר אים זיך איינגעשרומפּן.

ער האָט נישט געגלייבט, אַז זיי בלאָנדזשען. ער האָט געזען זייערע לייבער, צע־קוועטשטע און ליידיק, ווי הויט.

ער האָט, דער גלח, איצט זיך געגרייט, קומען צו אַלע זייערע רעשטלעך דאָ, און עפע־נען פאַר זיי אַ טיר אין ביידע זייטן. מען האָט געהערט, אַז זינט דעם אָוונט אין אונטער־ערדישן קינאָ, שטעלט ער צונויף אַ רשימה, פֿון אַלע יידישע יתומים אין די לעיזענער קליניקס. ער וויל זיי אויסלייזן פון זייער טרויעריקייט.

ער האָט איצט שוין אויך געהאַט באַזוכט, דער גלח, דעם הויכן מאַן מיטן הויטיקן פֿליך איבערן קאָפּ, דעם באַריטאָן־זינגער, מיטן גלאַטיק־פאַרוואָקסענעם פנים, וועלכער שרייט, ער קומט פון די טאָלן, ווו מען האָט אים געוויקלט די פיס אין רויכן. ער האָט דאָ זיך געדרייט מיט אַ גלאַטיקער הויט, אָן קנייטשן. אויך דאָס פנים איז ביי אים געווען געשטאָפּט, אָפּגעצויגן.

דער גלח אין דער סוטאַנע האָט נישט געוווסט, צי איז ער, דער באַריטאָן־זינגער, איינער פון זיי, פון די קרבנות, וואָס טראָגט אויף זיך אַ פרעמדע הויט, אַ גלאַטיקע; ער האָט זי אַרויפגעצויגן אויף זיך, כדי אין איר זיך צו שיצן; זי איז נישט זיינע; אָדער — איז ער גאָר דאָרט, אין די טאָלן, געווען פון די הייצער פון די אויוונס, פון די שומרים; דאָס איז ער געוויקלט געוואָרן אין רויך פון פרעמדע לייבער.

פּראָפ. ראָליער מיט זיינע אַסיסטענטן האָבן צוגעלייגט די נעזער צו זיין גוף, און געזאָגט, אַז זיי שפּירן נישט דעם ריח; ער וועפּט אויס.

דער גלח האָט אויך געוווסט דעם סוד פון זשאַנין. זי האָט פאַר אים זיך אָפּגערעדט, אַז ביים וואַשן דעם באַריטאָן־זינגער, לאָזט ער פון זיך נישט אַראָפּציִען דאָס ווייסע טיכל. זי האָט דערמאָנט דעם נאַקעטן, וועמענס לייב פּראָפ. ראָליער האָט באַלויכטן אויפן זונפילם.

דער זינגער האָט געשריגן, אַז דער רויך איז אים פיל אין די געדערעם; ער לויפט אין אים אַרום. ער האָט געוואָלט, די דאָקטוירים זאָלן אים צולייגן טרייבלעך. עס טוט אים וויי. זיין היטן אויף זיך דאָס טיכל האָט ער פאַרענטפערט — מיט שעמעוודיקייט, וואָס ער טראָגט נאָך זינט זיין קינדהייט.

דער אונטעראָפּיצער האָט מורא געהאַט, אַז אויב ער טראָגט אויף זיך אַ פרעמדע הויט — קאָן יענער אפשר אים נאָכלויפן. ער וועט דאָ אים גרייכן. ביידע וועלן זיי זיך אַריינציִען אין איין הויט, ביז זי וועט פּלאַצן. דער באַריטאָן־זינגער וועט בלייבן אין דרויסן אַ נאַקעטער.

דער גלח האָט אים געוואָרנט, אַז כדי נישט אַרויסצופאַלן פון ביידע וועלטן — זאָל ער זאָגן, ער גלייבט אין גאָט און אין זיין זון.

דער שפּילצייג־סוחר האָט איין מאָל, פאַרבייגייענדיק נעבן אים, איינגעצויגן טיף דעם אָטעם. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט נישט דערשפּירט לייב פון קרבן. ער האָט באַלד אים פאָרגעלייגט, צוזושטיין צו אים, ווי אַ שותף, צום פאַרפומען־פאַבריקל. ער וועט זיין דער הייצער פון שמעקנדיקן באָד.

לייבל איז איצט געפאָרן באַזוכן די יידישע קראַנקע. אויך ער האָט געמאַכט אַ רשימה פון זייערע נעמען. ער האָט ביי יעדן צוגעשריבן דעם נאָמען פון די, וואָס

האָבן אים געבוירן. עס איז פון זיי פאַרבליבן בלויז אַ לופטיקער נאָמען, אָן ממשות. ער האַלט זיך אָן אין זייער פאַרבליבן קינד. פּלוני בן פּלוני.

אסתּרקע האָט אין די פאַרנאַכטן אים געפירט אין אַ דאַראַזשקע איבער די קליניקס. ער איז געלעגן אויף אַ טראָגבעטל, אין דער זייט נעבן איר, און זיין קאָפּ — איבער אירע קני. זיין קאָפּ — לענגלעך, בלייך. אויך ער אין גאַנצן איז, ליגנדיק — לענגער, ווי — שטייענדיק. אסתּרקע האָט געוווּסט, אַלע זיינע באַזוכער, וואָס קענען אים נישט פון פריער, מאַלן אים זיך אויס, ווי אַ הויכן מאַן. אויך זי האָט איצט, האַלטנדיק אים פאַר דער האַנט, נישט געקאָנט אים זיך דערמאָנען אַ גייענדיקן אויף זיינע אייגענע פיס.

צו ערשט האָט ער געלאָזט זיך אָוועקפירן אין דער סאַנאַטאָריע, ביים שפּיץ פון באַרג — צו דיביידע מיידעלעך, דעם זיבנ־עריקן צווילינג, מיט די ברוין־מעשענע האָר. זיי אַליין זענען געבליבן, אָן זייערע נעמען. פון זייערע עלטערן זענען זיי אין גאַנצן אָפּגעהאַקט.

מען האָט אַריינגעפירט זיין טראָגבעטל צו זיי אין צימער. זיי זענען ביידע געלעגן אין די בעטן, צוגערוקט איינס צום אַנדערן. מען האָט דאָס טראָגבעטל אָוועקגעשטעלט ביי זייער זייט, העכער. ער איז געלעגן אויפן בויך. זיין פּנים איז אין דער לופט, אין דער זייט, געהאַנגען איבער זייערע פּנימלעך. זיי האָבן ביידע צוזאַמען זיך אויפגעזעצט.

אסתּרקע האָט זיי געזאָגט, אַז פון היינט אָן ווערן זיי איין משפּחה. יעדן טאָג וועט זי קומען צו זיי אַהער. לייבל האָט זיך דערמאָנט אין דעם צווילינג פּיענִיק, די צוויי שוועסטערלעך, וועלכע זענען מיט אים געווען איינגעשלאָסן אין יורטשאַקס בנין, אין נאָוואָמינצק, אַ גאַנצע נאַכט. דאָס איז געווען די לעצטע נאַכט פון די הונדערטער יידן אין דעם פינצטערן בנין, פאַרן פירן זיי, פאַר טאָג, צום בית־עלמין. זיי זענען געווען אַליין; שוין אָן די עלטערן. אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיי זיך געטוליעט צו אים; זיי האָבן געפרעגט, צי ס'טוט וויי, ווען מען שטאַרבט. ער האָט געדענקט, ווי אַ גאַנצע נאַכט זענען אין דער פינצטער, זייערע צעפּעלעך, אים געהאַנגען איבערן פּנים.

אסתּרקע האָט אַרויסגענומען צוויי דינע פּערל־שנירלעך. זיי האָבן אונטערגעשטעלט די קעפּלעך. זי האָט זיי אַנגעהאַנגען אויף זייערע העלדזער, אונטער זייערע ברוינע צעפּלעך. זי האָט זיי דערציילט, אַז דאָס איז אַ טייל פון די צעשיטע פּערל, וואָס זענען פאַרבליבן נאָך איר מאַמען; זי פּירט זיי מיט זיך נאָך פון דער היים.

לייבל האָט געטראַכט, צוזאַמענצונעמען אַ מנין יידן און זיי געבן נייע נעמען, אויפן אָרט פון די פאַרלוירענע, כדי מען זאָל זיי קאָנען רופן. זיי האָבן געבעטן, ער זאָל זיי עפּעס דערציילן. ער האָט דערציילט, אַז ווייט, ווייט, איבער ימים און בערג, איז דאָ אַ לאַנד, וווּהין מיר וועלן אַלע אָוועקפליען. מיר וועלן אַרויסלאָזן פון זיך די פליגל און פליען אין דעם לאַנד. דאָרט וועט זי זיין, אונדזער רעפּובליק. מיר וועלן אַלע ווידער ווערן דאָרט צו איין משפּחה. עס וועלן דאָרט זיין מאַמעס און באָבעס, און אויך טאַטעס; און זיידעס, מיט ווייסע בערד.

מיר וועלן אַלע דעמאָלט שוין זיין געזונטע, מיט גלייכע פיס, וואָס וועלן לייכט לויפן. מיר וועלן נישט גיין אויף קוליעס, און נישט דאַרפן זיך אַנהאַלטן איינער אין אַנדערן.

די קינדער האָבן געקוקט אויף אים מיט זייערע גרינע אויגן. ער האָט זיי געפרעגט, צי זיי הערן. זיי האָבן ביידע צוגעשאָקלט מיט די קעפלעך, אַרויף און אַראָפּ — אויף „יאָ". זיי האָבן אים געבעטן, ער זאָל ווייטער דערציילן.

ער האָט אַרויסגענומען די ליסטע און איר פון איר פּאַרגעלייענט די נעמען פון אַלע פּאַרשריבענע. דאָס זאָגט ער, זענען זיי, די אַלע פון דאַנען, וואָס וועלן פּליען מיט אונדז אין דער רעפּובליק. דערווייל ליגן זיי נאָך, ווי מיר, אין די בעטן, אָבער אַלע זענען מיר שוין איין משפּחה, די משפּחה פון דער רעפּובליק.

ער האָט געפרעגט, צי זיי קענען דאַניאַן, די וואָס ליגט מיט זיי אין דער קליניק, אַ שטאָק נידעריקער. איר נאָמען איז דאָ אין דער רשימה. אויך זי געהער צו אונדזער משפּחה.

— צו דער משפּחה פון טאָל — האָט אסתרקע געוואָלט זאָגן.

— ניין, צו דער משפּחה פון דער רעפּובליק.

לייבל האָט מיט זיי זיך געזעגנט. ער האָט די קינדער אָפּגעפּרעסט לאַנג, לאַנג, אַ קוש אין שטערן. די אויגן האָבן אַ ווײַלע ביי אים זיך פאַרמאַכט, ווי אין תפילה.

פון דאַנען האָט דער וועג איבער די קאָרידאָרן און שטיגן אַראָפּ, אים געפירט אין צימער פון דער פּאַרטיזאַנערין דאַניאַ. ביים עפענען די טיר, אַנטקעגן איר בעט, האָט אים אַ לייכט געטאָן אין די אויגן אַ בלאָנדער צאָפּ־געפלעכט אַרום אַ לויטער פּנים. איר קאָפּ איז געלעגן הויך אויף אַ קישן. אויך דאָ האָט מען אים געשטעלט אין דער זייט פון איר בעט, העכער איבער איר. ער האָט באַוווּנדערט די הויט־מילדקייט פון איר לאַנגן האַלדז, און אויך אירע איידעלע הענט, מיט די פינגער, לייכט־שפּילעוור־דיקע, אויסגעצויגענע. אַן אויגנבליק האָט ער זיך נישט צוגעגלייבט, אַז אַט דאָס קינדישע פרויענלייב האָט געקאָנט זיין אַרומגענומען מיט אויפרייס־גראַנאַטן. מיט לאַנגע נאָדלען צווישן אירע פינגער האָט זי איצט פלינק געשטריקט פון קיילעכלעך מיט גרינער וואָל.

ער האָט געשוויגן. דאַניאַ האָט געלאַכט מיט אַ פריי געלעכטער. איר געלעכטער האָט זיך געלייגט איבער זיינע רייד, זיי איבערגעדעקט.

אַ רגע האָט ער זיך אָפּגעגעבן רעכענונג, אַז אויף אַט דעם מיידל זענען ווילד אָנגעלאָפן רויט־צעהיצטע מענער אין מונדירן; אַט די הענט האָבן מיט פאַרביסנקייט געוואָרפן אויף זיי גראַנאַטן. זי האָט זיי נישט צוגעלאָזט צו זיך. ער האָט זיך געכאַפּט, ער אַליין איז קיין מאָל נישט געשטעלט געוואָרן פאַר קיין נסיון; ער איז נישט געפרווּווט געוואָרן מיט שטיין קעגן זיי, פּנים אל פּנים. אייגנטלעך האָט זי אים געשיצט, ווען ער איז אונטערטעניק געווען באַהאַלטן אין זיך, ווי אַ פּחדן. זי האָט נקמה גענומען אויך זיין נקמה; די נקמה, וואָס ער האָט צוגעשווירן זיין מאַמען און זיינע שוועסטער. ער האָט געוווּסט, ער אַליין וועט תמיד זיך דרייען איבער דער וועלט מיט נאָכהענגענדיקע הענט, שוואַכע.

ער האָט געהאַט אַ באַדערפעניש, נישט צו רעדן, נאָר צו הערן פון איר, כאָטש עטלעכע ווערטער, אָדער — זי זאָל לאָזן אים אומגעשטערט אַ ווײַלע קוקן אויף זיך; זי זאָל אים נישט אַזוי אַנטקעגנשמייכלען מיט אירע אויגן, ווי צו אַ ייִנגל. ער האָט געזען, דאָס ליכט פון אירע אָפענע אויגן באַשטראַלט אַרום און אַרום איר גאַנץ פּנים,

ביז איבער די קליינע אָפּגעדעקטע אויערן. עס איז אים איינגעפאַלן, אַז זיי, די קאַמעראַדן פון שפּילצייג־סוחר, וואָס זענען אויף איר אָנגעלאָפן אין וואַלד, האָבן צווישן די פיל פנימער פון יידישע טעכטער; צווישן די שאַרפע, דערשראָקענע; פאַר־לוירענע, בעטנדיקע; אויסגייענדיקע און פאַרלאָשענע — אויך געזען אָט דאָס דאָזיקע פנים. ער האָט געוווסט, אַז דאָס איז ביי יענע געווען דאָס לעצטע פנים, וואָס איז געבליבן אין זיי אויך אַ ווײַלע, ווען די אויגן־דעקלעך האָבן ביי זיי זיך צוגעמאַכט. איצט האָט זי דאָ מורא פאַר דער נקמה פון שפּילצייג־סוחר.

לייבל האָט איצט אויך נעבן אסתרקען זיך געפילט קלענער, ווי תמיד. ער האָט געהערט, זי שמועסט מיט דאַניאַן, ווי מיט אַ שוועסטער. ער האָט פריש דערזען, אויך דאָס ליכט פון איר פנים. ער האָט געוווסט, דאַניאַ איז נאָך אַלץ אַליין. ווי דאָרט צווישן די מיידלעך אין וואַלד, נאָכן פאַרברענען דאָס געטאָ, האָט זי נאָך אַלץ נישט ביי וועמען צו טוליען זיך מיט נאָענטקייט. אסתרקע האָט זי געבעטן, יעדן טאָג זאָל זי, אין איר בעט, זיך לאָזן אַרויספירן אַ שטאָק העכער, אין צימער פון צווילינג.

נאָך דעם זעלביקן טאָג האָט די דאַראָזשקע זיי אַראָפּגעפירט בידעריק, צו דער אונטערשטער גאַס פונעם באַרג. דאָ אין דער קליניק איז געלעגן די רבנישע טאָכטער. צוצוקומען צום טויער, האָט מען דעם באַרג עטלעכע מאָל געמוזט אַרומקרייזן; אַלע מאָל נידעריקער — איבער אַ געפלאַסטערטן, ווי אַ גאַרטל, שאָסיי. פון דעם האָל אונטן האָט מען אים, אין זיין טראָגבעטל, אַרויפגעפירט אין אַ ברייטער ווינדע, צו איר אין צימער. ווען ער און אסתרקע זענען אומגעריכט אַריין, האָבן זיי אינעווייניק געטראָפן זיצן, פאַר איר בעט, דעם פראַנצויזישן סטודענט. זי אַליין איז געווען אויפגעזעצט; אירע אויגן, פאַרהאָנגען מיט לאַנגע זיידענע וויעס — אַראָפּגעלאָזט אין אַ בוך, איבער דער ווייסער דעקע. באַלד האָט זי די וויעס פאַמעלעך אויפגעמאַכט, ווי מען ציט אויף אַ דינע קורטינע. פון אירע אויגן האָט אַרויסגעגלאַנצט דער בליק פון דורות תלמידי חכמים. ווען זי האָט געטראַכט, האָט לייבל געזען, האָט איר הויכער ווייסער שטערן מילד זיך געקנייטשט, ווידער ווי אַן אויפגעהויבענע קורטינע אין אַ ווינטל.

דער פראַנצויזישער סטודענט האָט, אָנגעלענט אויף זיינע צוויי שטעקענעס, זיך אויפגעשטעלט לכבוד זיי. זיינע ווייסער געוואָרענע פאַרשטייפטע הענט האָבן שוין געקאָנט זיך אָנהאַלטן. ביים צוריקזעצן זיך אויף דער שטול, האָט ער די שטעקענעס אַוועקגעלייגט אין דער זייט, ווי אַ זעלנער דאָס געווער. די הענט זענען אים גרינג אַראָפּגעהאָנגען.

זי האָט געזאָגט, אַז איר אַרויספילן זאַכן פון אַרום — פאַרבעסערט זיך; נאָך ווען זיי זענען געווען פון דער ווייטנס, האָבן אירע נאָזלעכער דין אויפגעפלאַטערט. זי האָט אַרויסגעשמעקט, אַז זיי דערנענטערן זיך.

זי האָט איצט נישט אויפגעהערט רעדן. אירע געדאַנקען האָבן זיך געיאָגט, שנעל — איינער איבערן אַנדערן. זי האָט גערעדט צו אים, ווי צו אַ מענטש מיט וועלכן מען זעט זיך, נישט צום ערשטן מאָל, נאָר מען פירט מיט אים כסדר אַ שמועס. זי האָט געכאַפּט פאַרויס, וואָס ער טראַכט. ווען ער האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, האָט זי שוין פון פריער געוווסט, וואָס ער מיינט. זי האָט פאַרענדיקט דעם רעיון. ער האָט געמוזט אָפּהאַקן.

באַלד האָט דער שמועס צווישן זיי זיך געגומען פירן, אַהין און צוריק, שווייגנדיקערהייט. זיי האָבן ביידע זיך געכאַפּט — איינער אויפן אַנדערנס פראַגן, און זיי האָבן גלייך געוווּסט די ענטפערס. אסתרקע איז געזעסן, געווען אַן עדות פון זייער דיאַלאָג.

ער האָט געטראַכט וועגן איר דערשאָסענער שוועסטער; זי האָט געמוזט זיין ענלעך צו איר. דאָס זעלביקע לייב. זי איז דאָ, און יענע וועט קיין מאָל נישט זיין מער. עס האָט געקאָנט זיין אויך פאַרקערט. דאָ זאָל איצט ליגן יענע. דער פּראָנצויזישער סטודענט וואָלט דאָ געזעסן, זי באַוווּנדערט, און געהערט וועגן איר. ער וואָלט, לויט יענער, געפּרוּווט זיך פאָרשטעלן, ווי זי, די דאָזיקע, האָט אויסגעזען.

זי האָט פּלוצעם אַ זאָג געטאָן, קאָקעטיש: „מיין שוועסטער איז געווען שענער פון מיר".

ער האָט זיך געשעמט אין זינען צו האָבן איר געשלאָסענע אויף אייביק טראַכט. ער האָט געדענקט די ווערטער פון ווינער פּראָפעסאָר, אַז דעם שפּילצייג־סוחר ציט עס איצט צו איר, ווייל ביי איר מוז מען נישט זיין געהיטן. ער האָט מיט אַ מאָל דערפילט דעם ווייטיק און צאָרן, וואָס צעגייען אים זיך אין גוף.

זי האָט איצט מיט אַ קעמל זיך פאַרגלעט די האָר איבערן קאָפּ. זי האָט אָפּערגעצויגן פון אונטערן קישן אַ קליין שפּיגעלע און אַריינגעטאָן אין דעם דאָס פּנים. מיט אַ פינגער האָט זי זיך געווישט איבער די לאַנגע ברעמען און וויעס. ער האָט אַ רגע אַ קוק געטאָן איבער איר האַלב־זיצנדיקן גוף. דאָס בלויע נאַכטהעמד איז לויז איבער איר געהאָנגען. אינעווייניק זענען אַרומגעשווומען אירע בריסטן. זי האָט אריינגעשמייכלט אין שפּיגעלע. באַלד האָט זי עפּעס געזאָגט צום פראַנצויזישן סטודענט, אַרונטערגעדנדיק גלייך אונטער זיינע שוואַרצע ברעמען. לייבל האָט געזען, ער כאַפּט זיך נישט, וואָס זי מיינט. ער זיצט און וואַרט צו באַנייען די לעקציע. זיינע אויגן האָבן וואָס אַ מאָל מער באַוווּנדערט איר בלייכע געשטאַלט.

לייבל האָט כסדר נאָכגעפאָלגט אירע מחשבות, ווי זי זיינען. אויך אסתרקע האָט, זיצנדיק אין דער זייט, זיך איינגעהערט אין דעם שטומען שמועס. בלויז דעם סטודענטס געדאַנקען זענען געגאַנגען באַזונדער, אין אַ זייטיקן וועג.

מיט אַ מאָל אָבער האָט זי אויך מיטן סטודענט אָנגעהויבן רעדן אָן ווערטער. אירע מחשבות האָבן גענומען לויפן שנעלער — דאָ צו אים; דאָ — צום סטודענט. זי האָט צו זיי ביידע צוזאַמען צוגעוואָרפן גיך ווערטער. די, וואָס זענען געווען געווענדט צום סטודענט — זענען געבליבן פאַר אים אומפאַרשטענדלעך; ער האָט זיי נישט געקאָנט נאָכקומען. זי האָט אים געלאָזט אויסער זיי. ער האָט פּלוצעם זיך דערפילט, ווי אין דרויסן. עס האָט אים געדאַכט, זי וויקלט אים אין אַ ברייטן, קאַרבירטן ראָק, מיט אַ סך פאַלבאַנעס: אָט ביסטו אינעווייניק, און אָט ביסטו אַרויסגעגליטשט.

עס איז שוין געווען שפּעט פאַר נאַכט, ווען ער מיט אסתרקען זענען פון איר אַוועק. די דאָראָזשקע האָט זיי געפירט אויף צוריק. ער איז געווען אומרויִק. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז עס טוט אים הנאה, וואָס דעם פראַנצויזס הענט זענען פאַרשטייפט. ער האָט פּלוצעם געבעטן, מען זאָל אים פירן, נישט אַ היים, נאָר אויפן שפּיץ פונעם באַרג, אויבן אַרויף; צו זען איצט פון דאָרטן דעם זונפאַרגאַנג.

די וועלט האָט מיט אַ מאָל פאַר אים זיך צעעפנט פון אַרום און אַרום. אַ פאַרנאַכטיק

ליכט האָט אים אַנגעפּילט דאָס אויג. גאָר ווייט אַנטקעגן האָט מען פון צעלויכטענע נעפּלען אַרויסגעזען די אַלפּישע בערג־שפּיצן. אסתרקע איז געשטאַנען נעבן אים. אירע האָר האָבן לייכט געפלאַטערט אין פאַרנאַכטיקן ווינטל. זי האָט אויסגעזען, ווי אַ קליינע דינע סטאַטוע אויפן הינטערגרונט פון די ריזיקע בערגקייטן. פון אַנטקעגן האָט זיך געהויבן דעם מאָן־בלאַן; פון דער זייט — דער דאַן דע מידי, מיט דער טויטן־מאַסקע פון דייטשן קאָמפּאָזיטאָר, וואָס רוט פעלדזיק אין האָריזאָנט; די נאַטור אַליין האָט איבער די בערג אויסגעהאַמערט זיין מאָנומענט. דער זוניקער נעפּל האָט געגנידערט אַרונטער, צו מערב פון די שיפּועים. אַ שאָטן האָט זיך געשפּרייט איבער אַלע פלאַכן און שפּיצן. בערג־קייטן אַרום בערג־קייטן. ער האָט אין זיך אַריינגעצויגן שטראָמען לויטערטע לופט, ווי פּליסיקן שטאַרקן ווייַן. זי האָט אים געפּלייצט, דורך די נאָזלעכער גלייך אין ברוסטקאַסטן. אין דער ווייט האָבן זיך איינגעשטילט, ווי זיי וואָלטן געלייגט די קעפּ, די לעצטע רוישן פון טאָג. ער האָט געשפּירט, זיין גוף ווערט אַנגעפּילט מיט דער מידער נאַכטרו.

זיי צופוסנס איז איצט געלעגן צעוואָרפן אויף די אַרומיקע אַראָפּהאַנגען לעזען. אין די קליניקס און סאַנאַטאָריעס האָבן זיך געצונדן די ערשטע אָוונט־ליכטער. דאָרט זענען די טויזנטער קראַנקע אויסגעמישט, ווי מילבן. זיי ראַיען, לאַכן און זוכן נאָענטקייט.

לייבל האָט געוווּסט, צווישן זיי זענען איצט אויך דאָ דער פראַנצויזישער סטודענט און די רבנישע טאָכטער. אויף אים וואַרט מען ערגעץ אונטן אין זיין לאַנד — משפחה, קרובים, די גאַסן פון זיין היימשטאָט. מען וועט אויף אים זיך דערוואַרטן. זי אָבער וועט שפּעטער אַריין טיף אין דער נאַכט, ווי אין אַ נאָרע. זי וועט בלייבן אַליין, און איר נעכטן אַריינציען אין זיך; איינשלאָפן מיט אים, אַרומגעטוליעט.

אויף צו מאָרגנס האָט דער מישלינג געבעטן, מען זאָל זי פירן צו לייבלען אין צימער אַריין. זי האָט געוווּסט, נעכטן איז ער געפאָרן אין די קליניקס, באַזוכן די מיידלעך, און ביי איר איז ער נישט געווען. זי איז פאַר אים געלעגן אויפן לאַנגן טראָגבעטל, און האָט געוויינט, אַז זי בענקט נאָכן קליינעם פּראָפעסאָר; שוין לאַנג ווייסט זי, אַז זי קאָן אָן אים נישט זיין. זינט דער שפּילצייג־סוחר איז אין איר געווען, פילט זי, איז זי אומווערדיק; איר גוף איז איר איבעריק; עס רייסט זי אויף פון אינעווייניק. נאָר דער בלינדער פּראָפעסאָר קאָן צוזאַמענהאַלטן איר גרויסן גוף. זי האָט געשיקט נאָך אים, אָבער ער וויל מער צו איר אין צימער נישט קומען. איצט ווייסט זי שוין צו וועמען זי געהערט; זי איז אַ קינד פון איר מאַמען. דעם טאַטנס צד איז איר פרעמד. גרויסע טרערעלעך זענען איר גערונען אין ריטשקעס איבערן לאַנגן פּנים.

זי האָט אויך דערציילט, אַז די פאַרפום־באַד איז שוין באַלד גרייט. זי וויל דאָרט נישט זיין די אויפזעערין. זי האָט אויפגעדעקט אַ סוד, אַז דער שפּילצייג־סוחר מיט זיינע קאַמעראַדן האָבן אויסגעבויערט אין דער וואַנט פאַרבאָרגענע לעכלעך, אַריינצוקוקן מיטן אויג אין די קאַמערן, ווען די מיידלעך וועלן זיך באָדן. זיי האָבן אויך צוגעגרייט נאָזלעכלעך — אַריינצושמעקן דורך זיי די פאַרפום־ריחות פון זייערע לייבער.

מען האָט געהערט, פריילין שמוקלער גרייט זיך צו פאָרן צו לייבלען. זי וויל קומען, זיך קריגן מיט אים, נאָר זי איז אַזוי דין, אַז מען קאָן זי נישט אָננעמען, אַרויפלייגן איבערן טראָגבעטל — זי קאָן זיך צעפאַלן; די ביינער וועלן זיך אַרויסשיטן פון דער הויט. זי האָט געשריבן אַ בריוו צו לייבלען, אַז עס הערן ווייטער נישט אויף, אויך נאָכן פילמאָוונט, אַרויפצוקומען אַהער יידן; זי איז חושד, אַז ער וויל דאָ, אין לעיזען, פאַרלייגן די רעפובליק פון די געבליבענע פון טאָל, און אַז נאָך אַ ביסל, וועלן אַלע, וואָס דרייען זיך אויף די וועגן — אַרויפקומען אויפן באַרג. זי האָט אים געוואָרנט פאַר דעם חורבן, וואָס רוקט דאָ זיך אונטער. זי שפּירט אים שוין פאָר.

דעם בריוו האָט זי צו אים איבערגעשיקט דורך פרוי ד״ר בעיקין. די עלטערע דאַמע האָט זיך אַוועקגעזעצט פאַר לייבלס בעט און קודם אים געוויזן דעם ענטפער, וואָס זי האָט געקריגן פון דעם ווייטן צפון־לאַנד, ווו איר סאַשאַ איז פאַרשוווּנדן. זיי זענען נישט מודה, אַז דער הויכער דעלעגאַט מיטן שוואַרצן וואָנצעלע, אויף דער שלום־קאָנפערענץ פון דער וועלט, איז איר סאַשאַ. זיי זאָגן, אַז זיין נאָמען איז גאָר ד״ר טוואַרדאָווסקי.

זיי האָבן איר אויך צוריקגעשיקט דעם בריוו, וואָס זי האָט בייגעלייגט פאַר סאַשאַן אַליין, ער זאָל זיך אָפּרופן. זיי האָבן איבער אים געמאַכט אַ רויטן פּאַס. דער בריוו, זאָגט זי, ליגט איצט ביי איר, ווי אַ קול קורא במדבר. דער פּאַס איבער אים זעט איר אויס, ווי אַ רעגנבויגן.

פרוי ד״ר בעיקין האָט געזאָגט, אַז זיי באַהאַלטן סאַשאַן; זיי לאָזן צו אים נישט צו איר קול; זיי באַהאַלטן אים, ווייל ער איז אַ גאון. אַזאַ מענטש, מיינען זיי, געהערט נישט צו זיין משפחה, נאָר צו אַלע מענטשן. ער מוז פאַרגעסן זיין מאַמע, די וואָס האָט אים געוווּנען. זי האָט געפרעגט לייבלען, ווי מען קאָן גרייכן צו אים אַליין. זי וויל דעם זעלביקן בריוו מיטן רויטן סימן שיקן צו סאַשאַן.

פרוי ד״ר בעיקין איז אַלץ געוווען אומרויִק פון פריילין שמוקלערס ליבע צו אים. מעגלעך, ער איז טאַקע מער נישט קיין מענטש, נאָר אַ גייסט. דעריבער ציט עס יענע אַזוי צו סאַשאַן.

באַלד האָט זי לייבלען דערלאַנגט דעם בריוו פון פריילין שמוקלער. עס דערגרייכן צו איר אַלע ערשטע ידיעות פון לעיזען. מען ווייסט נישט, וועד עס ברענגט זיי. זי האָט געשריבן, אַז דאָס אָרט ווערט אָנגעפילט מיט סכנות; מען זינקט אין זיי, ווי אין אַ ים. אָט איז שוין צוריקגעקומען אַהער דער געבויגענער פאָטער מיטן פּעקל איבער דער פּלייצע; דער וואָס איז מיט זיין קינדס ביינער אַנטלאָפן נאָך יענער נאַכט, ווען מען האָט אין אונטערערדישן קינאָ געוויזן דעם פילם. מען האָט אים מער נישט געזען. איצט איז ער דאָ צוריק. ער האַלט ווידער דאָס פּעקל אונטער זיין קאָפּקישן אין בעט.

פריילין שמוקלער האָט אין איר בריוו דערמאָנט דעם הויכן זקן, וואָס גייט געבויגן ביז דער ערד, ווי ער וואָלט טיף זיך געבוקט, און אויך אברהמלען, דאָס פּערצן־יעריקע חזנדל. זי האָט זיך געקלאָגט, אַז זיי ביידע ליגן נישט אין די בעטן, נאָר דרייען פריי זיך אַרום איבער די שמאָלע באַרג־וועגן און סטעזשקעס פון לעיזען. אַלע קוקן זיי נאָך.

לייבל האָט זיי ביידע שוין געקענט. דער זקן האָט געהאַט זיך געוויזן פאַר אים.

איבערן קאָפּ און פּנים זענען בײַ אים געווען קורץ־געשוירענע, ווײַסע הערלעך, ווי מען וואָלט דאָס בערדל בײַ אים שוין לאַנג אויסגעצופּט, און עס וואַקסט נישט מער; אָדער עס איז אויסגעריבן פון דער ערד, ביז וועלכער דער קאָפּ איז אים געבויגן, בעת ער גייט. ער האָט אויסגעזען, ווי אַ ראָד, וואָס דערנענטערט זיך צום שליסן; עס איז נאָך אָבער נישט אין גאַנצן פאַרוונדיקט. נישט ער גייט, נאָר ער קאָלערט זיך אָן. די דאָקטוירים האָבן געטראַכט אים אויסצוציען די ביינער, אָדער פּרעסן אים אונטער אַ מילשטיין. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז אַנדערש — קאָן דער קאָפּ אים אַרײַנוואַקסן אין דער ערד, וואָס ציט אים שוין צוריק אין זיך. ער וועט מער נישט קאָנען גיין, נאָר אַזוי בלײַבן אין לעיזען אַרײַנגעוואַקסן; בלויז די פיס וועלן אויבן בײַ אים אַרויסשטעקן.

די דאָקטוירים האָבן אויך געפּרוווט אים שניידן די אָדערן, זיי אויסגלײַכן. ס'איז אָבער נישט געגאַנגען קיין בלוט, ווי עס וואָלט געהאַט אויסגערונען. מען האָט געוווּסט, אַז נאָך אין טאָל, בעת מען האָט דאָרט אים געשאָכטן דעם האַלדז, איז קיין בלוט נישט גערונען. די טאָל־שומרים האָבן געמיינט, אַז דאָס בלוט איז אויפן אָרט אים געקילט געוואָרן, ס'איז געזעצט. ער איז אָבער אינעווייניק געוועןליידיק. דער האַלדז איז געבליבן אָפן.

פּראָפ. ראַליער האָט געזאָגט, אַז דאָס איז פון זיקנה. אויך בײַ אים אַליין איז דער גוף, ווי פון שטויב. זײַן קינדהייט שטעקט אין ווײַט פאַרגאַנגענע טעג. מען ווייסט נישט, ווי אַלט ער איז. דער פּראָפעסאָר אַליין האָט געפילט אויף זײַן לײַב פאַרלעגענע, אָפּגעטראָגענע האָר.

דער שפּילצייג־סוחר האָט טאַקע געדענקט: ווען מען האָט זיי, די איבער הונדערט יעריקע זקנים, געפירט צו די קברים, האָבן זיי געשוויגן, ווי קינדער; ווען מען האָט זיי געקוועטשט די דינע העלדזער — איז קיין בלוט נישט געגאַנגען; בלויז — אַ קלעפּיקע פליסיקייט, וואָס טריפט נישט אַראָפּ, נאָר בלײַבט אינעווייניק.

דער קליינער בלינדער פּראָפעסאָר האָט פאַרגליכן דאָס אומברענגען זקנים מיטן אומברענגען פון אַ קינד: דאָ פאַרשניידסטו די היסטאָריע, איידער זי הייבט זיך אָן — דאָ מעקסטו אָפּ דײַן אייגענעם עבר. דער זקן — איז דער געבויגענער צו דער ערד; דאָס קינד איז אברהמעלע.

לייבל האָט אויך אים שוין געקענט, דעם פערצן־יעריקן אברהמעלען, דאָס זונעלע פון שטעטלדיקן חזן אין די קאַרפּאַטן, וואָס איז דאָ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פידלער. אברהמעלע, מיט די העל־גאָלדיקע האָר, פלעגט שפּילן בלויז מיט אַ בויגן. ער האָט, ווי אַ לאַנגן חלף, אים געפירט בײַ זיך איבערן האַרץ. עס זענען אַרויס קלאַנגען אויפגעשריגענע, ווי מען וואָלט אין זיי זיך אײַנגעשניטן טיף, ביז אין נערוו אַרײַן.

מען האָט געשמועסט, אַז דעם בויגן האָט אין טאָל אים געשענקט, פאַר זײַן טויט, אַן אַלטער פידלער. דער פידל מיט די סטרונעס איז בײַ אים אויפגעפּלאַצט. באַלד איז ער געשטאָרבן. זײַנע לעצטע טענער האָט ער איבערגעלאָזט אברהמעלען, ער זאָל ווײַטער זיי ציען. דאָס האָט ער, אין די מינוטן פון יציאת נשמה, דעם בויגן אים דערלאַנגט, ווי אַ סצעפּטער.

דער אַלטער פידלער האָט אברהמלען איבערגעגעבן דעם בויגן, ווײַל אין זײַנע

לעצטע טעג האָט ער פאַר אים געזונגען פון אויסנווייניק תפילות. ער האָט זיי געדענקט פון זיין פאָטער, דעם חזן אין דעם שטעטל פון די קאַרפּאַטן.

דאָס שטעטל דאָרט איז געבליבן — אָבער בלויז מיט זקנים — זיידעס און באָבעס. זייערע זין, טעכטער, קינדער און אייניקלעך — האָט מען געהאַט אָפּגענומען. די זקנים אַליין האָבן אָנגעפילט די הייזער; זיך געדרייט שטילע אין די געסלעך; זענען געווען אויסגעזעצט אַרום מאַרק. יאָרן זענען זיי אַזוי געזעסן פאַר די פאַרמאַכטע קלייטלעך. די טירן פון די שטובן — אָפן. בלויז בלינדע טריט פון אַלטע פיס זענען איבער דער שוועל אַריבער. קיינער איז נישט געלאָפן. קיין קולות האָבן זיך נישט געהערט אין דעם אויסגעליידיקטן שטעטל — נישט שבת און נישט אין דער וואָכן. אויך דער חזן איז מער נישט געווען. נישט געווען ווער ס'זאָל אַרויסזינגען.

ווען מען האָט שפּעטער צעעפנט די טויערן דאָרט, אין טאָל, איז אברהמעלע אַרויס צווישן די לעצט־פאַרבליבענע. אויף קיינעם פון זיי האָט מען נישט דערקענט זיין עלטער. געווען זענען זיי אַלע אַשגרוי; איין צוזאַמענגעקלעבטע מאַסע, וואָס טרעט; אַ וואָלקן, וואָס הייבט זיך. דאָס אַש אויף זיי — נאָך וואָרעם. פון דעם פליסנדיקן אַשוואָלקן האָבן זיך אַרויסגעשטעלט שורות פיס, וואָס שפּאַנען פאָרויס, פאַר זיך, פון די פעלדער אַראָפּ. ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט, האָט מען געזען שפּרייזנדיקע סקעלעטן, איבערגעצויגן מיט גרויער הויט. זיי האָבן צעעפנט די מיילער; דאָס אַש איז אַראָפּגעפאַלן, נאָר קיין קולות זענען נישט אַרויס. מען האָט געמוזט צולייגן צו זיי דעם אָטעם פון אַ מענטש, כדי זיי זאָלן אויפאָטעמען; צושטעלן הערצער צו זייערע הערצער, כדי זיי זאָלן אויפקלאַפּן.

ווען מען האָט אין דעם קאַרפּאַטן־שטעטל געהערט, אַז מען קומט פון די טאָלן, מען דערנענטערט זיך, האָבן אַלע זקנים זיך צוזאַמענגעקליבן און זענען אַרויס צו די טויערן פון שטאָט. עס זענען אַנטקעגנגעגאַנגען די זיידעס און באָבעס, די אַלטע טאַטעס און מאַמעס, וואָס זענען געבליבן אָפּגעהאַקט, מיט דער ליידיקייט אונטער זיך. קיינער, אויסער אים, איז אָבער פון אַלע זייערע קינדער און אייניקלעך נישט געווען. זיי זענען פאַרבליבן אין די טאָלן. מען האָט דערזען, אַז צו זייער שטעטל מאַרשירט בלויז ער, דער קליינער, אַכט־יעריקער אַברהמעלע. זיי זענען אַלע שטיינגעבליבן אַנטקעגן אים. ער האָט, ווי אַ קעצל, זיך אָפּגעשאָקלט דאָס גופל, דעם קאָפּ. מען האָט דערזען זיינע גאָלדענע הערלעך. די זקנים און זקנות האָבן אַראָפּגעלאָזט די בליקן, און זענען ווייטער געבליבן שטיל. ער האָט גענומען שטעלן די טריט אין שטעטל אַריין. ער איז געגאַנגען פאָרויס, דער ערשטער, און הינטער אים — זיי אַלע. און כדי אָפּצוטאָן פון זיך די שטילקייט, האָבן זיי, נאָך די זעלביקע נאַכט, אים געקרוינט, אויפן אָרט פון פאָטער, אַלס חזן. אַלע האָבן זיי ווידער זיך פאַרזאַמלט אין דעם גרויסן ליידיקן בית המדרש. זיי האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די פאָדערשטע בענק — שורה נאָך שורה, און נאָך אַלץ געשוויגן.

ווען אברהמעלע איז אַרויף אויף דער בינע, מיטן פּנים צו זיי, האָט ער דערזען, ווי עס פילן זיך אָן אויך די הינטערשטע בענק — מיט פרישׂ שטראָמענדיקע אַלטע לייט — זיידעס און באָבעס; מען קומט פון אַלע טירן. מען רוקט זיך צו די בענק. די זקנים פון דער ווייטנס — האָבן זיך געשטעלט, אַריבערצוקוקן צו אים, קעפּ איבער קעפּ. מען וואַרט מיט פאַרפּרעסטע ליפּן. ער האָט געגעבן אַ זינג אַרויס:

— את נשמת, די נשמות — פון — — —

די זקנים און זקנות זענען אויסגעבראָכן אין אַ געצוימטע געוויין, און באַלד האָבן זיי געזען, ווי ער ציט אַרויס דעם בויגן; ער פירט אים איבער זיך, און עס פּלאַצן אַרויס פאַרשטיקטע געשרייען; עס יאָמערן אויף קלאַנגען. ער האָט געשניטן דעם בויגן טיפער אין זיך און געזונגען:

— הנאהבים והנעימים — בחייהם ובמותם לא נפרדו.

פון אַלע בענק ביזן סוף איז אויפגעגאַנגען אַ שטילער געקלאָג. די זקנים האָבן דערפילט, די ערד פון זייערע קינדער אין זיך.

ער האָט געשפּילט און געזונגען: קהילות הקודש שמסרו נפשם על קדושת השם.

ער האָט נישט געקאָנט ענדיקן. פון אַלע זייטן איבער די בענק איז מען געלאָפן צו אים. מען איז געשפּרונגען, געהיפּערט, און אַרויף אויף אים. הענט האָבן אים געטאַפּט, אים באַרירט; פינגער האָבן זיך געשטערעקט צו זיין הויט. איבער די קעפּ האָבן דאָרע הענט געוואָרפן צו אים בלומען. זיין מויל איז פאַרשטילט געוואָרן; בלויז דער בויגן האָט זיך נאָך געצויגן אַ ווײַלע, האָט אים געעפנט און ס'האָבן זיך אויסגעשיט טענער; קלאַנגען, אויפגעשניטענע, ווי אָפענע מיילער פון שטומע.

מיט די קלאַנגען אין זיך איז ער שפּעטער געפאָרן איבער די קהילות פון נאָכן טאָל; און אומעטום איז צווישן די פאַרבליבענע אויסגעבראָכן אַ געקלאָג ווען מען האָט אָנטקעגן זיך, איבער דער בינע, דערזען אים — אַ קינד מיט העל־גאָלדיקע הערלעך. ער איז כמעט אומעטום געווען דאָס איינציקע קינד.

עס זענען אַדורך עטלעכע יאָר, און איצט האָט מען אים געבראַכט אַהער מיט זיין גופעלע, וואָס איז זינט דעמאָלט מער נישט געוואַקסן.

פּראָפעסאָר ראָליער מיט זיינע אַסיסטענטן האָבן געזאָגט, אַז אין אים באַהאַלטן זיך אויס אַלע קינדער פון זיין עלטער, וואָס וואַקסן מער נישט. זיי ציען עס אים אינעווייניק איין. זיי האָבן געוויזן, ווי די פאַרב פון זיינע אויגן טוישט זיך כסדר. דאָס קוקט אַלע מאָל פון אים אַרויס אַן אַנדער קינד, וואָס ציט אַראָפּ דאָס קעפּל ווען מען דערזעט עס. אין אַ פינצטער צימער האָבן די דאָקטוירים, דורך גרויסע רענטגען־מאַשינען צו זיי אַריינגעקוקט. יענע האָבן געזוכט ווינקלען אין אים; זיי האָבן נישט געוווּסט, וווּ זיך צו באַהאַלטן.

נאָך יעדן סעאַנס איז ער געבליבן ליגן אַ דערשעפּטער. אויך זיי אינעווייניק זענען געבליבן מידע. זייער שוויס האָט טראָפּנווייז אַרויסגעשלאָגן פון איבער זיין גרויסן בלייכן שטערן. פּלוצעם האָבן זיי ווידער געגומען אַרומלויפן אין אים, ווי אין אַ שטייג. ער האָט זיך איינגעהערט, ווי זיי שטיפן, שפּרינגען, טאַנצן, און האָבן נישט וווּ צו לויפן.

די ליעזענער פּסיכאָלאָגן האָבן אויסגעטייטשט, אַז דאָס איינשניידן מיטן בויגן אין זיך, איז זיין דראַנג צוצוקומען צו זיי; צו עפענען זיי אַן אַרויסגאַנג. זיי האָבן געראָטן, די דאָקטוירים, אים צו אָפּערירן, דורכצושניידן אַ וועג אין אים.

ש. האָט לסוף געבעטן אים פירן אין צימער פון דער קליינער אָן די דלאָניעס. עס זענען דערגאַנגען צו אים שמועות, אַז בלויז די פון די טאָלן דערהערן אַברהמעלעס קלאַנגען, בעת ער ציט איבער זיך דעם בויגן. די אַנדערע קראַנקע אין די בעטן הערן

בלויז אַ שטילקייט. נאָר די פֿון די טאָלן הערן דעם ניגון פֿון דאָרט, וואָס וויגט זיי איין. געוועזן אַ סברא, אַז דאָס לאָזט דער סמיטשיק אַליין אַרויס פֿון זיך, ווען מען רירט אים אויף — די טענער פֿון דעם אומגעקומענעם פֿידלער.

ש. האָט געטראַכט, אפשר צו פֿאַרלייגן אַן אָרקעסטער פֿון די געקומענע פֿון דאָרטן, אַרויסצולאָזן קלאַנגען — זיי צו באַפֿרייען, זיי זאָלן זיך צעגייען אין דער לופֿט. עס האָט אים געאַרט, וואָס די טענער זענען פֿאַרבאָרגן און קאָנען נישט אַרויס.

מען האָט איצט דערציילט, אַז איין מאָל, ווען אברהמעלע איז געשטאַנען, האָט געשפּילט פֿאַר לייבלען, און דער שפּילצייג־סוחר איז גראָד פֿאַרביי אין דרויסן, איז ער געבליבן צובאַהאַפֿטן צום אָרט. זיינע אויערן האָבן פּלוצעם פֿאַרנומען לאַנג־פֿאַרגעסענע געוויינען און אויפֿגעשרייען, וואָס יאָגן אים נאָך. זיי זענען אַרויס דורכן פֿענצטער, האָבן אים אַרומגערינגלט און זיך געוויקלט אַרום זיינע סטאָפּעס. אַט פֿאַלט ער איבער זיי. ער האָט קוים געהויבן די פֿיס, זיי געשטעלט, ווי איבער שטרויכלונגען.

עס איז שווין אויך דערגאַנגען די בשורה וועגן באַס־זינגער, וואָס זיצט אין אַ ווינקל ביי זיך אין צימער און פֿאַרגייט זיך אין געוואַלדן. געוועזן אַ קלאַנג, אַז דאָס האָט ער מיט אַ שטיקל גלאָז אַליין זיך מלע געוועזן; ער הערט נישט אויף צו בלוטיקן. זשאַנין האַלט אים אין איין פֿאַרלייגן באַנדאַזשן. ער קאָן אָבער נישט פֿאַרטראָגן די יסורים. זיינע אויפֿגעשרייען לעכערן די לופֿט.

אַנדערע האָבן אָבער געמיינט, אַז אויך דאָס זענען די יסורים פֿון קליינעם פֿידלערס שפּילן. אויך צו זיינע אויערן דערגייען זיי, די טענער. אויב ביים שפּילצייג־סוחר לייגן זיי זיך פֿאַר די פֿיס — הייבן זיי זיך ביי אים צום קאָפּ. זיי זעצן אים אין די שלייפֿן. ער און דער שפּילצייג־סוחר גייען איצט ביידע אויף די גאַסן — זייערע הענט אויבן; מיט די פֿינגער פֿאַרשטאָפּט די אויערן.

געוועזן אַ קול, אַז ער איז נישט שולדיק, נאָר לעיזען איז איצט פֿול מיט די קלאַנגען פֿון דעם קליינעם פֿידלערס בויגן. זיי וואַלגערן זיך, די טענער, אויף דער ערד; זיי קאָלערן זיך, נאָך דעם, ווי קיינער בעמט זיי אין זיך נישט אַריין. זיי הייבן זיך אויך אין דער לופֿט, ווי ווינטלעך. זיי לויפֿן נאָך סתם מענטשן. מען קאָן זיך פֿון זיי נישט אָפּיאָגן.

ש. האָט איצט געטראַכט צו פֿאַרלייגן אַן אָרקעסטער — נישט אויף אַרויסצולאָזן קלאַנגען, נאָר אויף זיי איינצוזאַמלען אין זיך. אַלע די פֿון די טאָלן וועלן געהערן צו דעם אָרקעסטער.

ער האָט איצט מער נישט חרטה געהאַט אויף די שטראָמען, וואָס זענען פֿאַרבאָרגן אין די טיפֿענישן און קאָנען נישט אַרויס; קיינער, אויסער אברהמעלע, קאָן צו זיי זיך נישט דורכשניידן. פֿאַרקערט, עס האָט אים געגלוסט, טיף זיך איינצוטוליען אין דער ערד, אין אירע שיכטן; לאָזן זיך אַראָפּשלעפּן פֿון די טענער, און מער נישט אַרויף.

ס'האָט אים געדאַכט, ער בלייבט דאָרט, טיף אונטער דער אייביקייט. ער געהערט צו איר. דאָס האָט ער בלויז אויף אַ ווײַלע געהאַט אַרויסגעשטעקט פֿון איר דעם קאָפּ, דורך דער מאַמעס טראַכט. אַ רגע בלויז האָט ער געהאַלטן אים אין דרויסן.

אַזוי מיר אַלע. מיר אַלע ציען אַזוי צוריק אַראָפּ דעם קאָפּ אין די אונטערשטע שיכטן. מיר פֿאַרשווינדן. מיר ווערן ווידער אייביקייט. ער האָט אויף ס'ניי געוווּסט, אונדזער פֿריערדיק און שפּעטערדיק נישט־זיין איז אייביק. מיר זענען אַרויס פֿון אונדזער נישט־זיין, און קערן אין דעם זיך אום. דאָס איז אונדזער דויער. אונדזער אַרויסשטעקן דעם קאָפּ איז בלויז אונדזער אויפֿגעשריי. מיר ווילן אויפֿרייסן דאָס מויל און — בלייבן שטום.

ער האָט געוואָלט שוין צוריקציען דעם קאָפּ. ס'האָט אים אָבער געדאַכט, אַז זיין קליינע שכנטע האַלט זיך אין אים, אָן די הענטלעך. אָן אים איז זי לייכט. זי וועט זיך אָפּרייסן און אַוועקפֿליען, בלייבן אין חלל.

שוועסטער זשאַנין האָט איצט געשטופּט זיין פֿאַרבעטל איבער דער לאַנגער וועראַנדע, צו יענעם עק, צו איר צימער. ווען זי האָט פֿאַר אים געעפֿנט די טיר, האָט די קליינע, פֿון דער ווייטנס, פֿון איר בעט אַרויס, דערזען זיין אויפֿגעהויבענעם קאָפּ; דאָס פּנים; זיין בליק, וואָס איז אויפֿגעריסן, ווי אַט וואָלט ער אַרויס פֿון שלאָף. ער האָט באַוויזן צו זען, זי טראָגט די זעלביקע ראָזאַ פּידזשאַמע, ווי אויף דעם פֿילמאָוונט. אויף אירע הענט זענען אַרויפֿגעצויגן לאַנגע גומי־הענטשקעס מיט פֿינגער.

זיין בעטל איז שוין געשטאַנען נעבן איר. זיינע אויגן האָבן געקוקט אין אירע גרויסע אויגן. ער האָט געוווּסט, זי וועט קיין מאָל נישט קאָנען געהערן צום אָרקעסטער פֿון די געבליבענע.

ער האָט אויך געוווּסט, אַז איצט, אין דער רגע, איידער ער זאָגט עפּעס אַרויס, האָט ער נאָך אַלץ אָפֿן פֿאַר זיך. זיין ערשטער אַרויסזאָג וועט באַשטימען. איין נישט ריכטיק וואָרט, און — אַלץ צווישן זיי איז אויף תמיד אויס. ער וועט פֿאַרבלייבן אפֿשר ביי איר ווי אַ גוטער פֿעטער. ער האָט געוואָלט אָפּווישן זיין עלטערקייט פֿון צווישן זיי. ס'האָט אים געדאַכט, אַז מיט זיין וואַרטן האָט ער אַלץ שוין פֿאַרזוימט. אַ רגע, האָבן זיי ביידע אַ שמייכל געטאָן. ער האָט געזען אירע קינדישע ווייסע ציין.

זי האָט געזאָגט, אַז זי קען אים. ער האָט געפֿרעגט, פֿון וואַנען. זי האָט געזאָגט, אַז זי געדענקט אים. ער האָט געפֿרעגט, פֿון ווען. זי האָט געענטפֿערט, אַז פֿון הושענא רבא, פֿון יענער נאַכט. פֿון דעמאָלט, ווען איך האָב געזאָגט תּיקון? פֿון דעמאָלט, ווען דו האָסט געוויינט — האָט זי געזאָגט. דאָס איז דאָך נאָך געווען פֿריער, איידער דו ביסט געבוירן? — האָט ער געטראַכט. דאָס איז פֿון חלום — האָט זי געענטפֿערט. זי האָט זי, יענע נאַכט, געזען אין חלום. אויך אים.

זי האָט געזאָגט, אַז זי חלומט־איבער זאַכן פֿון פֿריער; זאַכן, וואָס זענען אַ מאָל געשען. געדענקסטו די מלחמה? יאָ, פֿון איצט; פֿון איבערחלומען זי אין די נעכט. זי האָט דערציילט, אַז בעת דער מלחמה איז זי נאָך געווען קליין, אַ קינד. זי האָט אַלץ פֿאַרגעסן, נאָר דאָ חלומט זי איבער אַלע פּרטים פֿון דעמאָלט; אויך דאָס וואָס איז געשען מיט אירע עלטערן, איידער זי איז געבוירן, נאָך פֿאַר דער מלחמה. זי חלומט איבער דאָס וואָס איז געשען און אויך דאָס וואָס איז נאָך נישט געשען, נאָר עס וועט זיין.

זי האָט איצט אים געפֿרעגט, צי ער חלומט זי נישט איבער נאָך אַ מאָל, די מלחמה, ביי נאַכט. ניין, האָט ער געענטפֿערט, ער חלומט זי נישט איבער, ווייל ער

האָט זי נישט פאַרגעסן. זי דוערט נאָך? — האָט זי געפרעגט. „איך לעב זי נאָך איבער ביי טאָג". זי האָט געזאָגט, אַז ביי טאָג חלומט זי נישט, ווייל די זון לייכט אַדורך אַלע חלומות. ער האָט געפרעגט, וואָס זי דאַרף. דו מוזט נאָך אַ מאָל צו מיר קומען — האָט זי געזאָגט. ווען? אין די טעג — האָט זי געענטפערט. קום נישט צו מיר אין די אָוונטן — האָט זי צוגעגעבן — ווייל אין אָוונט קאָן מען מיך נישט וועקן. איך בין דאָ אויך נישטאָ. מען יאָגט מיך דעמאָלט. ס'חלומט זיך מיר, איך לויף צווישן אַלע.

אין די ווייטערדיקע טעג האָט דער פראַנצויזישער סטודענט, מיט די גרינע אויגן און שוואַרצע ברעמען, דערציילט ש.ינען, אַז דעם רבס טאָכטער האָט אים ליב, און אויך ער האָט זי ליב. ווען זיי שליסן די אויגן — איז זי דאָ ביי אים אַ גאַנצן טאָג, און אויך ער דאָרט ביי איר — די גאַנצע צייט.

ער האָט אים דאָס דערציילט אויף דער ווערענדע, ווען זיי זענען געלעגן אין די בעטן — איינער נעבן אַנדערן. ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו אים, אויף דער לינקער זייט, און געזאָגט, אַז ער האָט אַנטדעקט, אַז זיי ביידע, זי און ער, זענען זיך נאָענט, כאָטש זיי קומען פון צוויי ווייטע באַזונדערע עקן וועלט. זיי זענען ווי פון תמיד אָנגעבונדן איינער פאַרן אַנדערן, ער האָט דערציילט, אַז ער האָט דורך דער צייט איר אויסגעלערנט זיין שפּראַך, פראַנצויזיש. איצט לערנט זי אים, די עיקרים פון יהדות. דאָס איז „קידוש־השם" — זיך מוסר־נפש זיין פאַר דיין אמונה; נישט ענטפערן יענעם אויף זיין אופן, ווייל — אַנדערש — האָט יענער פון פאַרויס דיך מנצח געווען.

דער פראַנצויזישער סטודענט האָט באַוועגט זיינע שוין לויז געוואָרענע הענט, און געזאָגט, אַז ווי די יידן, איז אויך ער קעגן ענטפערן מיט כּוח אויף אומרעכט. נישט הרגענען דעם שיסער. זי האָט אים דערציילט, אַז איר פאָטער, דער רב, האָט באַפוילן זיין עדה, נישט שלאָגן צוריק דעם שונא, נאָר ווי די פריערדיקע דורות יידן — גייען אויף קידוש־השם. די אמתדיקע גבורה, האָט ער זיי געלערנט, איז היטן די אייביקייט פון יענעמס לעבן, נישט אומברענגען אויך דעם רוצח; מעגלעך, פאַרקערט, נאָר די פּחדנים ווערן רוצחים.

דער סטודענט האָט אַ ווײַלע צוגעפּייפט מיט די ליפּן. באַלד האָט ער פאַר אים אַנטוויקלט זיין געדאַנק, אַז אייגנטלעך האָט אויך זיין פאָלק — זיינע מידות געירשנט, נישט פון זיינע אורעלטערן, נאָך גאָר פון די יידן. אויך די פראַנצויזן ציט עס — נישט צום שטאַרקן, דעם זיגער, נאָר צום באַזיגטן, דעם שוואַכן — צו זיינע גערעאַנגלעענישן, זיינע פּחדים; צום קרבן מיט זיין הכנעה, נישט צום גיבור מיט זיין שטאַרקן זיך איבער יענעם. נאָך מער: אויך אונטערן געפּאַנצערטן גוף פון גיבור, זוכט דער פראַנצויז — נישט זיין זיכערקייט, נאָר זיין ספק, דעם באַהאַלטענעם פּחד. אָט דאָס לאָקט אים.

אויב אַזוי — האָט ער אויסגעפירט, דער סטודענט — האָט גאָר, בעת זיין אַנטלויפן אין דער מלחמה פון בלוט־פאַרגיסן, אין אים געררוט מער דער גבורה־גייסט פון זיין שטאָם, ווי אין זיי, זיינע ברידער, די שיסער אויף אַלע פראָנטן; די וואָס יאָגן איצט זיך נאָך אים, ווי נאָך אַ דעזערטער, אַ פּחדן.

ער זעט אויך, אַז ער און די רבנישע טאָכטער זענען זיך גאָר נישט אַזוי ווייט;

מיט זייער פֿאַרבינדונג שליסן זיי אפשר די קייט, וואָס ציט זיך צווישן זייערעביידע פֿעלקער.

ש. האָט אויסגעהערט און מיט אַ מאָל געשפּירט, אַ ווינט לויפֿט אַרום אים אין גוף; ס'איז אים אינעווייניק הויל, ליידיק. ער האָט געוווּסט, אַז ערגעץ איז דאָ פֿאַראַן אַן עיקרדיקער טעות — אי אין יענעמס באַנעמען דעם יידישן קידוש־השם; אי — אין זיין אויסטייטשן זיך דאָס פֿראַנצויזישע ווערן צוגעצויגן צו דער הכנעה פֿון קרבן, און אוודאי — אין יענעמס אויספֿיר: אין זיין ווילן דורך דעם אַלעם זיך פֿאַרטיפֿן צו דער אויסגעוווּבטער ליבשאַפֿט צווישן אים, דעם נישט־ייד, און איר, דער יידישער טאָכטער.

דער פֿראַנצויזישער סטודענט האָט געזאָגט ש.ינען, אַז ער קלייבט זיך, אַזוי גיך ווי זיי ביידע וועלן געזונט ווערן — זי צו נעמען מיט זיך פֿון דאַנען, די רבנישע טאָכטער, און מיט איר אַוועק קיין אַלזשיר — צו קעמפֿן דאָרט פֿאַר דער פֿרייהייט פֿון די אונטער־דריקטע צפֿון־אַפֿריקאַנישע שבטים. נישט מיט געווער אין האַנט, נאָר — מיטן גייסט פֿון זיין פֿאָלק וועט ער קעמפֿן קעגן דעם פֿיזישן כּוח פֿון זיין פֿאָלק. זי, די יידישע טאָכטער, וועט נעבן אים זיין, אַ ליכטטורעם פֿאַר די אַלע, וואָס בענקען נאָך פֿרייהייט. ער פֿילט, מיט איר ליכט אין זיך וועלן זיי אויך מיט בלינדע אויגן קאָנען גייען אין זייער קאַמף, ביז צו אַ נצחון.

אויף צו מאָרגנס, ווען זיי זענען ווידער געלעגן אין די בעטן, איינער נעבן אַנדערן, האָט ש. ביסלעכווייז זיך אויסגעדרייט אויף דער רעכטער זייט, מיטן פּנים צום סטודענט. ער האָט צוזאַמענגענומען זיינע ווערטער. אַ ווייַלע האָט אים געדאַכט, דער גוף ברעכט אים זיך איבער פֿון ליגן זייטיק; אינעווייניק צענעמען זיך די ריפּן אין באַזונדערע רינגען. דער רוקנביין שווערט אַראָפּ ווי אַן אויסגעקרומטער אַקס, צום מאַטראַץ. ער האָט געדענקט, פּראָפֿ. ראַליער האָט געוואָרנט, ער זאָל די גאַנצע צייט בלייבן מיטן פּנים אויבן אַרויף, אָדער: אַראָפּ אונטן, צום ליילעך — נישט אין פּראָפֿיל. אויף דער סטודענט איז געלעגן זייטיק, אויסגעדרייט צום אים, און האָט געוואַרט.

— דו פֿאַרשטייסט — האָט ש. אים געזאָגט — דער יידישער קידוש־השם איז אַנדערש, ווי דו באַנעמסט אים. דאָס אייגנטלעך איז איינער פֿון די טעותים צווישן אונדז יידן, און אייך, קריסטן. אונדזער לערע איז נישט, ווי אייערע, אַז ווען עס שלאָגט דיר ווער אין איין באַק, זאָלסטו אים אונטערשטעלן די צווייטע. דער דאָזיקער עיקר איז פֿרעמד דעם יידישן דרך. לויט אונדז, איז ער פֿאַלשקייט, צביעות. דען ער איז צוגעפּאַסט אפשר פֿאַר מלאכים, אָבער נישט פֿאַר מענטשן־קינדער. אונדזער תורה איז געגעבן, נישט פֿאַרן הימל, נאָר פֿאַר דער ערד, פֿאַר אירע באַוווינער. זי איז אַ תורת חיים — אַ תורה פֿון לעבן, און נישט פֿון טויט. „וחי בהם". מיר זענען באַפֿוילן דורך איר צו לעבן, און נישט אומצוקומען. עס איז אין איר געשריבן „ונשמרתם לנפשותיכם" — איר זאָלט היטן און נישט מפקיר זיין אייער חיות! מיר, יידן, זענען געבאָטן: „הבא להרגך — השכם להורגו!" — קומט ווער דיך הרגענען — פֿעדער זיך און הרגע אים! מיר מוזן היטן דאָס אייגענע חיות, גענוי ווי דאָס חיות פֿון אַנדערע. אויך זיך טאָר מען נישט לאָזן אומברענגען.

ש. האָט אים אויפֿגעקלערט: דאָס נישט טאָרן אונטערשטעלן יענעם די צווייטע

באַק, איז אויך, ווייל טאָרסט נישט לאָזן פאַרשוועכן אין דיר גאָטס געשטאַלט — „כי בצלם אלהים ברא את האדם" — אין גאָטס געשטאַלט איז ער באַשאַפן, דער מענטש. יעדער איינער איז אַ קליינע וועלט. ווען דו ברענגסט אום זיך אַליין — האָסטו אומגעבראַכט, נישט בלויז גאָטס געשטאַלט אין דיר, נאָר אַ פולע וועלט. אויך דו ביסט אַן אדם הראשון. האָסט אומגעבראַכט אַלע דורות און דורי דורות, וואָס געפינען זיך אין דיינע לענדן. זיי האָבן דיר קיין רשות דערויף נישט געגעבן, און זיי קאָנען דיר דאָס נישט געבן, ווייל אויך זיי זענען נישט די באַפעלער איבער זייער אייגן חיות. זייערע לעבנס זענען בלויז אַ פקדון, וואָס מען האָט זיי אָנפאַרטרויט.

— דו האָסט — האָט ש. אים ווייטער געזאָגט — לויטן יידישן באַנעם, בעת דער מלחמה, נישט געטאָרט אַנטלויפן פון פראָנט; האָסט זיי נישט געטאָרט מפקיר זיין, דיינע אייגענע. האָסט געדאַרפט אונטערשיידן צווישן באַפאַלענעם און אָנפאַלער. ווען דיינע נאָענטע זענען אין געפאַר, ביסטו, לויט אונדז, געבאָטן, זיך פעדערן און די באַדראָער זיך שטעלן אַנטקעגן, און נישט צו אַנטלויפן.

ש. האָט אַ רגע, זיך פאַרטראַכט, און באַלד ווייטער געזאָגט:

— מיר, יידן, זענען אַלע פון דער גזע פון די נביאים. זיי האָבן געשפירט אין זיך דעם צער פון זייערע נאָענטע. פון ליבשאַפט, האָבן זיי נאָך פון פאָרויס אַרויסגעזאָגט די סכנות, וואָס לויערן אויף זיי. דו ביסט געבליבן פאַרשטאָפּט פאַר די פיין פון דיינע אייגענע. נישט דערשפירט האָסטו זייערע יסורים. זייער אויפגעשריי האָסטו נישט דערהערט. ביסט געבליבן רויק. גאָר נישט האָט דיך געמאַכט יאָגן, זיי צו העלפן. בעת זייער לייב האָט געקאָכט אונטערן קלעם פון שונא, האָסטו פון דער ווייטנס געהיטן דיין שלימות. זי האָסטו יאָ געשפירט. אָט ווען דיין רחמנות־האָבן אויפן רוצח זאָגט די יידישע לערע: „כל המרחם על אכזרים — סופו שיתאכזר על רחמנים" — דער, וואָס איז זיך מרחם איבערן אכזר — איז דער סוף, אַז ער איז זיך מתאכזר איבער דיינע נאָענטע.

און דאָ האָט ש. אים געוואָלט אויפקלערן, וואָס עס מיינט יאָ, דער יידישער קידוש־השם.

„קידוש־השם — האָט ער געזאָגט — הייסט, אַוועקגעבן דאָס חיות, נישט ווי דו טראַכסט, כדי צו היטן דיין אייגענע שלימות, נאָר, פאַרקערט, כדי צו שיצן אַנדערע לעבנס. נאָר אין דריי פאַלן באַפעלט דיך די יידישע תורה יאָ מוותר צו זיין אויף דיין אייגן לעבן. דאָס זענען — שפיכת דמים, זנות און עבודה זרה. ווען מען צווינגט זיי אויף דיר אויף — לאָז זיך אומברענגען און זיי נישט עובר אויף זיי. דאָס לעבן פון מענטש איז אַזוי הייליק — אַז אויב מען הייסט דיך פאַרגיסן זיין בלוט — ביסטו מחויב לאָזן זיך אַליין טויטן און יענעם נישט הרגענען. דאָ — איז יענעמס לעבן פאַר דיינס. דיין בלוט איז נישט רויטער פון יענעמס".

„אויך זנות איז שפיכת דמים: דו פאַרמינערסט לעבן, אָדער — דו פּילסט אָן דיין לעבן אויפן אָרט פון יענעמס".

— און דאָ קומען מיר צו צום דריטן, צו עבודה זרה.

דער סטודענט האָט נישט איבערגעריסן ש.ינס רייד. ער האָט די גאַנצע צייט אין זיי זיך איינגעהערט. זיי האָבן געשטראָמט צו אים, נישט ווי פון מויל צו אויער,

נאָר ווי פון ווייט, אין פאַרהוילענע שיכטן — צו אַנדערע שיכטן, וואָס הויערן אין אים. ער האָט נישט אַרויסגעוויזן זיין אומגעדולדיק וואַרטן אויף ש.ינס אויספיר, וואָס שייך אים אַליין — צו דער נאָענטשאַפט צווישן אים, דעם אָפּשטאַמיקן פון די פּראַנצויזישע שבטים, און איר, דער טאָכטער פון אַלטן יידישן פאָלק.

ש. האָט ממשיך־געווען זיין אייגענעם רעיון:

— עבודה זרה — האָט ער געזאָגט — מיינט, נישט בלויז געצנדינסט. עבודה זרה איז אויך דאָס פאַרלאָזן דיין אייגענעם דורותדיקן גאַנג, און אַריבער צו אַן אַנדערן, ווייל יענער איז מעכטיקער. אויך דאָס אומברענגען אַ שטייגער, דיין אייגענעם שטייגער, איז בלוט־פאַרגיסן, אַליין זיך צונעמען דאָס לעבן. אויך אויף דעם איז ביי אונדז געזאָגט געוואָרן „יהרג ואל יעבור!".

און כדי צו מאַכן דאָס אַלץ ממשותדיקער, האָט ש. אַ ווייל געפּרוּווט עפענען פאַר אים אַ טירעלע צום סוד פון יידישן קיום. דאָס איז דער סוד פון גייען דורך דורות אויף קידוש־השם:

„שוין מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק, באַלד נאָכן צונעמען פון אונדז אונדזער מלוכהשאַפט, נאָכן חורבן ירושלים, האָבן מיר, יידן, אויסגעוויילט בעסער דעם וועג פון קידוש־השם — איידער אונטערגעבן זיך דעם פרעמדן שטייגער. ווען די לעצטע יידן אויפן באַרג מצדה האָבן דערפילט, עס שטאַרקט זיך איבער זיי די מאַכט פון רוים, האָבן זיי אויסגעקליבן ליבערשט דעם טויט פאַר זיך, זייערע פרויען און קינדער — איידער אונטערטעניקן זיך יענעמס כוח. נישט פאַר דער פיזישער מאַכט פון רוים האָבן זיי אַזוי אַרום מורא געהאַט, נאָר פאַר איר אויפצווינגען איבער אונדז איר שטייגער, און ווען די רוימישע זעלנער האָבן, נאָך עטלעכע יאָר באַלאַגערונג, זיך אַרויפגעריסן איבער דער אָפּגעזונדערטער באַרג־פעסטונג, האָבן זיי אויבן געטראָפן בלויז די אייביקע שטילקייט. דאָס האָבן זיי צום ערשטן מאָל זיך באַגעגנט מיט אונדזער קידוש־השם".

— די לעצטע יידן פון מצדה האָבן זיך אומגעבראַכט, כדי נישט צו פאַרשניידן זייער אייגענע ירושה. דען אויך דאָס וואָלט געווען שפיכת דמים, און מיר ווערן אויך אויף דעם געבאָטן „יהרג ואל יעבור!".

ש. האָט ווייטער געזאָגט:

—די קרוב טויזנט ירושלימער קנאים איבערן מצדה האָבן דעמאָלט אפשר געמיינט, אַז מיט זיי גייען אונטער די לעצטע יידן; מיר וועלן מער נישט זיין — זייער קידוש־השם איז אָבער געוואָרן דער סימן פון קיום פאַר אַלע דורות פון אונדזער גלות, נאָך זיי:

— ווייל זינט דעמאָלט האָבן פרעמדע תמיד געפּרוּווט אונדז איינשלונגען. דור נאָך דור האָט מען געשניטן שטיקער פון אונדזער לעבעדיקן גוף. פיל זין און טעכטער אונדזערע האָבן זיי גענומען צו זיך, און דאָס — נישט מיטן כוח פון זיין גערעכטער פון אונדז, און בעסער, נאָר מיטן כוח פון זיין מער, שטאַרקער, און בעיקר מיטן כוח פון אכזריות, פון שפיכת דמים.

„אין דעם קאַמף צווישן אונדז מיט זיי — האָט ש. איצט געטראַכט הויך, אויפן קול — האָבן מיר קיין מאָל נישט געקאָנט זיין די זיגער, ווייל וועלנדיק אויפצווינגען זיך אויף אַנדערע, וואָלטן מיר ממילא געווען אויס. מיר האָבן געוואָלט בלייבן מיר, און נישט — יענער זאָל ווערן מיר. מיר האָבן געוווסט, אַ סך אַלטע שטייגערס זענען

פֿאַרשווונדן, ווייל זיי האָבן געלאָזט זיך אונטערטעניקן פֿון פֿרעמדע. זיי זענען געוואָרן יענער. אין גרייט זיין זיך צו טייטן — איז זיכער דער סוד פֿון אונדזער בלייבן. דאָס אייגנטלעך איז דער באַטייט פֿון קידוש־השם".

צו אים האָט ער געזאָגט:

— מעגלעך גאָר, אַז דער פּרווושטיין פֿאַר אמת און אייביקייט פֿון אַ לעבנסוועג — איז זיין בלייבן תמיד דער פֿאַקל פֿון די ווייניקע צווישן די מענטשן.

ש. איז געגאַנגען ווייטער. ער האָט געוואָלט פֿאַר אים אַרויסברענגען אויך זיין מיינונג וועגן זיין פֿאַרגלייכן פֿריער דעם יידישן רחמנות צום שוואַכן — מיטן פֿראַנצויזישן ווערן צוגעצויגן צו דער הכנעה און די פּחדים פֿון באַזיגטן, פֿון קרבן.

— דאָס איז — האָט ער אים אויפֿגעקלערט — ווי זינגען אַ ליבגעזאַנג צו וואַסער מצד איינעם, וואָס האָט זעלטן געשפּירט דאָרשט; כמעט זיין גאַנץ לעבן זיצט ער צווישן אָזיערעס און טייכן, און באַוווּנדערט די מחיה־נפשותדיקייט, די קוויקעניש, פֿון וואַסער, און — מצד איינעם, וואָס לעכצט נאָך אַ טרונק, ווייל ער וואַנדערט תמיד אין מדבר, אונטער דער זון־הייסקייט.

„ביי אייך — האָט ער אויסגעפֿירט — איז מענטשן־ליבשאַפֿט אַ צירונג, איר פּוצט זיך אין דעם. איר ווייסט, ס'איז אייך פּאַסיק. ביי אונדז אָבער — מיר האָבן פֿון אונדזער קינדהייט אָן, דורכן אויפֿברום פֿון אונדזער אייגן בלוט אין אונדז — דערפֿילט די אייביקייט פֿון יענעמס לעבן".

באַלד אויף צו מאָרגנס האָט דעם רבס טאָכטער דערהאַלטן אַ בריוו פֿון לייבלען. „דיין פֿאַרלאָזן אונדז — האָט ער צו איר געשריבן — איז אויך אַ טייל פֿון אונדזער חורבן; עס געהער צו די דריי זאַכן, פֿאַר וועלכע אונדזערע עלטערן זענען געגאַנגען אויף קידוש־השם. דער וואָס נעמט דיך אַוועק פֿון אונדז — רייסט אָפּ אַן אבר פֿון אונדזער פֿאַרפֿייניקטן גוף, וואָס ראַנגלט זיך מיט זיין לעצט ביסל לעבן. פֿאַר אונדזער ווייטערדיקן קיום איז נישט קיין חילוק, צי ווער, אַ שונא, האָט אָפּגעטיילט פֿון אונדז דיין שוועסטער, דורך טויטן זי, אָדער עמעצער, אַ פֿריינט — דיך — דורך ליבשאַפֿט. דער ערשטער ברענגט אונדז אום מיט אַ קויל; דער צווייטער — מיט אַ קוש. ביידע פֿאַרענדיקן זיי אונדזער אומקום".

לייבלען איז איצט וואָס אַ מאָל מער באַפֿאַלן דער אומרו פֿאַר איר. ער האָט געטראַכט, טרעפֿן זיך אויג אויף אויג מיטן פֿראַנצויזישן סטודענט, שמועסן מיט אים; אויפֿקלערן, אַז מענטש־ליבשאַפֿט הייסט, פֿאַר אַלעם, פֿאַרנעמען אין זיך יענעמס צער. ער מוז דערשפּירן דעם עלנט פֿון די פֿאַרבליבענע; פֿאַרשטיין דעם ווי, וואָס זיין אַוועקנעמען זי — רופֿט אַרויס ביי די צוריקגעקומענע פֿון טאָל.

ער האָט באַפֿוילן צו אים, ער זאָל זיך גוט פֿאַרטראַכטן. מיר, יידן, האָבן קיין מאָל נישט געוואָלט אויפֿצווינגען זיך אויף יענעם, וואַקסן פֿון פֿרעמדע זאַפֿטן אין זיך. פֿאַרקערט, מיר האָבן שווער אַריינגענומען אַנדערע. אונדזער גוף האָט נישט פֿאַרטראָגן אין זיך קיין גרים, און דאָס — נישט ווייל מיר האַסן פֿרעמדע, נאָר ווייל מיר האָבן געוואָלט, מען זאָל אויך אונדז לאָזן אין אונדזער שטילער רו; מיר זאָלן זיך מערן

פון אינעווייניק אַרויס; יעדער האָט פאַר זיך זיין וועג. אונדזער ווילן איז געווען: „כי כל העמים ילכו איש בשם אלוהיו, ואנחנו נלך בשם ה׳ אלוהנו". דער שעפּס וויל נישט, דער וואָלף זאָל אים אויפעסן; ער וויל אָבער אויך נישט אויפעסן דעם וואָלף. געגנוי ווי דער וואָלף ווערט נישט איידעלער, ווען ער עסט זיך אָן מיטן שעפּס — אַזוי קאָן דער שעפּס נישט פאַרטראָגן אין זיך דעם וואָלף; ער קאָן אים נישט פאַרדייען — האָט לייבל אויסגעפירט.

לייבל האָט אים געוואָלט זען און אויפקלערן, אַז יעדע פאַרבליבענע פּרוי ביי אונדז איז נישט בלויז אַ טאָכטער פון אירע עלטערן, נאָר אויך אַ צוקונפטיקע מוטער, אַ חוה; פון איר דאַרף עס ווידער זיך אָנהייבן. ער האָט געוואָלט רופן צו אים, ער זאָל אויפגעבן זיין ליבע, וואָס איז חיי שעה — פאַר דער דויערהאַפטיקייט פון אַ שטאַם, וואָס שטרעקט די הענט און ראַנגלט זיך מיט זיין קיום.

דער פראַנצויזישער סטודענט האָט אָבער נישט געוואָלט זיך טרעפן מיט אים. ער האָט געהאַלטן, אַז לייבלס רייד זענען קליין און ענגהאַרציק. נאָך זיינע געפּרוווט־קייטן, דאַרף לייבל וויסן, אַז עס מוזן איינפאַלן די מויערן צווישן שטאַמען. נאָר דורך איינוואַרפן זיי — וועלן אָפּגעווישט ווערן די טאָלן. די ערד וועט זיין אויסגע־גלייכט פאַר אַלע. לייבל אָבער וויל ווידער איינשליסן זיך מיט די רעשטלעך אין אַ געטאָ.

דער פראַנצויזישער סטודענט איז געווען אויפגעטרייסלט. ער האָט געטראַכט, אויך אין דער נאַטור האָבן אַלע מינים חיות און בהמות איין פּנים. באַלד האָט ער זיך אָבער געכאַפּט, דער מענטש איז דאָך דער בחיר היצירה. זיין אַנדערשקייט — דאָס איז זיין אויסדערווײלטקייט. ווען ער איז אין די נעכט געבליבן אַליין אין דער פינצטער, האָט ער געשפּירט, ווי עס פליסט אין זיינע אברים דער ניגון פונעם לייב פון דער רבנישער טאָכטער. ער האָט געהאַט איין פאַרענטפער פאַר לייבלען. ער האָט געוווסט, ער וועט דעם פאַרענטפער נישט קאָנען אַרויסברענגען. אפשר ווייסט נישט לייבל, וואָס מען האָט צו איר געטאָן אין טאָל. מען האָט פון איר אויסגעוואָרצלט איר גזע. זי וועט פון איר מער נישט אַרויסשפּראָצן. אין דער רגע זענען איר צער און פאַרשעמונג פאַר אים געווען אַ פאַרלייכטערונג, כאָטש ער וועט צו לייבלען מיט דעם קיין מאָל נישט קומען. עס בלייבט אין אים בלויז זיין אייגענע בושה פון דערטראַכטן זיך צו דעם. ער האָט זיך געשעמט פאַר זיך אַליין.

דער פראַנצויזישער סטודענט האָט איצט געטראַכט, אפשר זענען יידן אַ מין עסענץ, פון וועלכן עס טריפן כסדר אַריין טראָפּנס אין אַנדערע שטאַמען. זיי צעפליסן, כדי צו לאָזן אין אַנדערע דעם טעם פון בחיר היצירה. אויב אַזוי — האָט עס אים אויפגערודערט — איז דאָך לייבל נישט גערעכט. דאָס איז איר, דעם רבס טאָכטערס, באַשערטקייט. באַלד האָט ער אָבער זיך געכאַפּט אויף צוריק: ער איז יאָ גערעכט, לייבל: פאַרקערט, מען מוז אַלץ טאָן אים אויפצוהאַלטן, דעם עסענץ. אייביק מוז ער טריפן און טריפן, און קיין מאָל נישט אויפהערן.

דער סטודענט האָט איצט, נאָך זיינע שמועסן מיט ש.ינען, געטראַכט, אפשר איז דאָס דער סוד, וואָס די פעלקער ווילן אים נישט, דעם עסענץ, זיי ווילן אים פאַרניכטן: ער איז פאַר זיי צו שטאַרק. זיי קאָנען אים נישט נעמען מיט איין מאָל. ער לאָזט זיי נישט שלאָפן. מען מוז אים זיי געבן אין טראָפּנס; זיי זאָלן אים נישט פילן, ווי

ער צעלאָזט אין זייער לייב. אויך דעם רבס טאָכטער איז נישט מער, ווי איין טראָפּן, וואָס דאַרף זיך צעגיין אין זיינע אברים. ער פילט איר טעם אויף זיינע ליפּן.

לייבל איז איצט ווידער געבליבן פאַרשלאָסן אין זיך. ער האָט זיך דערמאָנט זיינע אייגענע שוואַכקייטן אין די פאַרגאַנגענע יאָרן. ער פלעגט דעמאָלט נישט איין מאָל טראַכטן, אַז אויב עס וועט נאָך דעם בלייבן אַ קליינער רעשטל פון די טאָלן — דאַרף ער אפשר זיך צעפאָרן צווישן די פרעמדע שטאַמען, אין זיי זיך אויסמישן. מער זאָל מען נישט געפינען קיין יידישע לייבער פאַר שרפות. מיר וועלן זיי מער נישט צוגרייטן פרישע דורות, אונדזערע קינדער, יינגלעך און מיידלעך, ווי סטאַדעס, צו די נאַכטפייערן. מיר וועלן אַ סוף מאַכן צום קידוש־השם. אַזוי האָט ער אָפּט געהאַט באַשלאָסן. איצט, האָט ער געשפּירט, איז ער ווידער גרייט מיט ליבשאַפט צו נעמען אויף זיך דעם דורותדיקן גאַנג — ווען אַפילו אויף צו די שייטערס.

ער האָט אָבער דערשפּירט, ווי עס גיסט אים אָפּ אַ רויטקייט פון חרפּה: מילא ער — יאָ. ער אַליין האָט רעכט זיך צוריקצוקערן ווו ער וויל. ווי קאָן ער אָבער משפּטן זי, דעם רבס טאָכטער, וואָס רייסט זיך פון דעם צו אַנטרינען?! ווי מעג ער אונטער־שטעלן איר אַ שטרויכלונג, זי זאָל איבער איר פאַלן ביים אַנטלויפן? ס'איז אים איינגעפאַלן, אַז, פאַרקערט, ער האָט אפשר זיך שוין דערווייטערט פון טאָל, פילט ער נישט די סכנה פון זיך אומקערן; זי אָבער — נישט; זי איז נאָך דאָרט, יענע צייט טרייבט זי נאָך אין געיעג.

און ווי — האָט ער מיט אַ מאָל זיך דערשראָקן פון דעם געדאַנק — מעג ער זיי אַלע דאָ, די אַנדערע, צוזאַמענגענעמען אַרום זיך, וועלן זיי פירן, ווען ער האָט נישט וואָס זיי צוצוזאָגן אויף ווייטער?! אפשר לויערט אויף פאָרויס אַ תהום?! ער איז פלוצעם שטיינגעבליבן, ווי אַ בלינדער: און פאַר וואָס ציט עס זיי אַלע אַזוי צוריק צו די אָפּגעהאַקטע וועגן פון די עלטערן; עס שרעקט זיי נישט דער גאַנג? ער האָט איצט געוווּסט אויף זיכער, אַז אויך אָן אים, אויך אַליין, וואָלטן זיי אַלע צוריק אַריין אין דעם ראָד. זיי ווערן צו אים געצויגן. אויך זיי דרייען זיך, ווי בלינדע, און קאָנען פון דעם תהום זיך נישט אָפּרייסן.

ווי איינער פון זיי, האָט ער איצט געפּרוּווט אַריינקוקן אין זיך. ער ליגט אויף איין אָרט, און די ערד לויפט אונטער אים. זי פאַרהאַלט זיך נישט אויף קיין איין רגע. ער איז צו איר נישט צוגעפּעסטיקט.

שוין לאַנגע חדשים, ווי ער שווימט דאָ אין דער לופט. ווען ער איז געקומען אַהער, באַלד נאָך דעם, ווי מען האָט אים אַרויסגעשיילט פון גיפּסבעטל, און אַרויפגעלייגט אויפן בעט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער געהער נאָך נישט צו די פאַרבליבענע. מען רייסט זיך איבער אים. יענע פון טאָל ציען אים אויף צוריק, צו זיך, און אסתרקע האַלט אים פאַר דער צווייטער האַנט, און ציט אים מיט זיך, אויף פאָרויס. ער שטייט אין דער מיט, מיט וואַקלענדיקע טריט. ער הענגט אין צווישן. דער דיקער דאָקטאָר זשיאַק, האָט דעמאָלט געזאָגט, אַז זיין גוף האָט נישט אין זיך קיין חיות. ער איז אָן אָטעם. עס שווימט אין אים בלויז אַרום, ווי קוועקזילבער, אַן אימפּעט, אַ ווילן צום לעבן. די אברים זיינע ציען זיך אָבער צו זייער רו, זיך צונויפצוזאַמלען. ד"ר זשיאַק

האָט געפּרעגט אסתרקען, צי זי איז נישט אַ מאָל דאָס קוועקזילבער אין אים, וואָס לאָזט אים נישט איינרוען. אסתרקען האָט זיך געדאַכט, אַז ער גיט דערביי אַ מאַך מיט דער האַנט אין דער לופט. אויך לייבל האָט דאָס געזען.

איצט פירט דאָ אַהער צו אים פּראָפּ. ראָליער זיינע אַסיסטענטן אין די ווייסע פאַרטעכער. ער שטעלט זיי אויס אַרום זיין בעט, און רעדט צו זיי וועגן גַס, וואָס די זון מאַכט אין די גופים דאָ. דאָס איז, האָט ער געזאָגט, אַ פּראָצעס פון יצירה. די באַרגזון זיצט איבער די קראַנקע פון לעיזען, ווי אַ גרויסער עוף איבער אייער, און זי וואַרעמט אין זיי אויף, פון דאָס ניי, לעבן.

ד״ר זשיאַק, וואָס קומט יעדע וואָך צו לייבלען, האַלט אָבער, אַז דאָס איז נישט די דרויסנדיקע זון, וואָס פליסט אַריין וואַרעמקייט אין זיין גוף, נאָר — דאָס איז אַן אינעווייניקסטע זון, אַ ליכטקנויל, וואָס פילט אים אויס. זי בריט אים אויף און לאָזט אים נישט זיך איינלעשן.

דער ווילער, ד״ר זשיאַק, האָט אַפילו אַ ווונק געגעבן מיטן אויג צו אסתרקען, אַז דאָס איז זי דער ליכטקנויל אין אים.

ווען ער איז אַוועק, זענען זיי ביידע געבליבן אַליין אין צימער. זי איז געזעסן אַנטקעגן אים אין אַ פאָטעל. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן, ווי צוויי פלאַטערלעך וואָלטן אויף זיי געלעגן. ער האָט געזען, ווי איר האַרץ קלאַפּט, עס הייבט זיך, מיט אַ שטילן ריטעם. ער האָט געוווסט, אַז אויך זי ראַנגלט זיך נאָך אַלץ אין די נעכט. אויך איר איז נישט לייכט צו גיין ווייטער. אויך אירע פיס וואַקלען זיך — עס ציט זי אויף צוריק. זי קאָן אים אָבער נישט אָפּלאָזן. זי ווייסט, זי איז זיין איינציקער אָנהאַלט אין דעם אַרום. ווען זי לאָזט אָפּ — פאַלט ער אין דער זייט פון יענע, וואָס ציען אים צוריק, דאָרט צום טאָל.

ער האָט איצט פאַרשטאַנען די ווערטער פון ד״ר זשיאַק, אַז זי איז אין אים אַ ליכטקנויל. אויך ער, נישט איין מאָל, ווען אַלץ לאָזט אין אים זיך אויס ; ער בלייבט הענגען אַן איינגעלאָשענער צווישן די, וואָס ציען אים אין ביידע זייטן ; דער גוף זינקט אים אַראָפּ — דעמאָלט ; אָ, דעמאָלט, דערשפּירט ער פּלוצעם, אויך זי ווערט אָפּגעהאַקט, זי בלייבט איינע אַליין, אָן אַן אָנשפּאַר אין דעם אַרום. אויך זי ציט עס אויף צוריק. מיט אַ מאָל ווערט אים דער גוף ווידער אָנגעשפּאַנט ; די פיס באַרירן אים מיט קראַפט דעם באָדן, און ער האַלט איצט פעסט איר האַנט, זי זאָל נישט אָפּפאַלן. עס ווערט אים קלאָר, ער וועט זי נישט לאָזן איינע אַליין, אַ בלינדע פאַר דער צוקונפט ; ער מוז זי אַרויספירן, ברענגען ערגעץ צו אַ ברעג ; ביז דאָרט מוז ער מיט איר דערגיין.

אין דער רגע דאַכט זיך אים, דאָס ווערט זי גאָר געצויגן הינטן, אויף צוריק. ער האַלט זי פאַר דער צווייטער האַנט און ציט זי מיט זיך אויף פאָרויס. ער וועט נישט נאָכלאָזן. זי גיט דעמאָלט אַ ברי אויף, ווי אַ זונקנויל, אין אים, און ער דערשפּירט דאָס אייגענע חיות אין זיך.

אַן אויגנבליק האָט ער זיך געכאַפּט, דאָס ראָד דרייט זיך ווידער, עס חזרט זיך איבער. אָט די פאַרבינדונג פון דער יידישער משפחה איז דאָך געווען דער סוד פון אונדזער מאַסן־אומקום. די יידישע משפחות האָבן נישט געוואָלט זיך שיידן ; זיי האָבן זיך געפירט צוזאַמען אין די ווייטע וועגן ביז די קברים. אומצאָליקע האָבן זיך אומ־

געקערט פון די אַנטרינונגען, כדי צו גיין אין איינעם מיט זייערע נאָענטע. זיי האָבן זיי אָנגעיאָגט, מיטן לעצטן אָטעם, פאַרן ראַנד, און גענידערט מיט זיי, מיט דער טרייסט, אַז זיי האָבן זיי נישט פאַרלאָזט.

אָט די יידישע צוגעבונדנקייט האָט דער שונא געקענט. דורך דער מידה — האָט ער אַלע זיי געהאַט אין זיין בעך. ווען ער האָט געפאַנגען איינעם — האָט ער געוווּסט, די אַנדערע וועלן אַליין קומען.

איצט — איז זי ווידער דאָ, די מידה, אין די רעשטלעך. איצט — פירט זי זיי צוריק צום לעבן. זי בינדט זיי צוזאַמען; נישט בלויז אים מיט אסתרקען, נאָר זיי אַלע, די עלנטע מענטשן דאָ. זיי פילן די נאָענטקייט — איינער פון אַנדערן; ווי איין משפחה, קאָנען זיי מער זיך נישט שיידן. אויך ער איז איינער פון זיי. עס דאַכט זיך אים, ער קען זיי אַלע פון זייערע היימען; ער גייט מיט זיי פון דאָרט, איבער די טאָלן, ביז דאָ. אויך זיי קאָן ער מער קיין מאָל נישט פאַרלאָזן. ער מוז מיט זיי גיין ווייטער.

איצט איז מיט אַ מאָל אים געוואָרן קלאָר, פאַר וואָס אויך זיי אַלע, די אַנדערע דאָ, ציט עס אַזוי צו גייען מיט אים.

דער לין, ד"ר זשיאַק, האָט אים שוין פון לאַנג אַ נאָמען געגעבן „דער בעל בטחון". ער צעטראַגט דעם דאָזיקן נאָמען זיינעם איבער די סאַנאַטאָריעס און קליניקס פון לעיזען — אויך צווישן די אַלע מידע, וואָס האָבן מער נישט קיין אָנלען און עס ציט זיי אַראָפּ. ווען ד"ר זשיאַק וויל זיי מונטערן — רופט ער פאַר זיי אָן זיין צונאָמען: „דער בעל בטחון". „בטחון" — אייגנטלעך זענען דאָך דורות יידן בלויז מיט דעם געגאַנגען, מיט פאַרמאַכטע אויגן, איבער די תהומען; זיי זענען געגאַנגען פאָרויס, און אַ טייל פון זיי איז תמיד אַריבער, האָט דערגרייכט ווייטער.

ער האָט געהאָפט, אַז אויך ער און זיי אַלע וועלן דערגרייכן ווייטער. ער האָט איצט אַריבערגערעדט צו אסתרקען אויפן פאָטעל. עס וועט קומען אַ צייט פון מנוחהדיקע היימען. גלויבן און רו וועלן זיי אָנפילן. אונדזערע אַלע שוועסטערן וועלן זיין די מאַמעס אין זיי. פריידיקע קולות פון קינדערלעך וועלן קלינגען אין זייערע אויערן. אונדזערע קינדערלעך וועלן מיר גאָר נישט דערציילן, נאָר אַריינלאַכן וועלן מיר אין זיי; אַריינלאַכן אַלע אונדזערע פאַרשטומטע פריידן. מיט זייער פרייד וועלן זיי אויפלאָזן אין אונדז אַלע קנוילן. מיר וועלן זיי גאָר נישט דערציילן, נאָר בלויז רופן וועלן מיר זיי; מיר וועלן זיי אָנרופן מיט די אַלטע נעמען, וואָס האָבן אַ מאָל געקלונגען אין אונדזערע היימען.

און דעמאָלט, אסתרל, וועט אונדזער היים אויך זיין צווישן זייערע שטובן. דו וועסט זיין די מאַמע פון איר. פריידיקע קולות פון אונדזערע קינדער וועלן קלינגען אין אונדזערע אויערן. בלויז רופן וועלן מיר זיי; רופן מיט די אַלטע נעמען פון אונדזערע היימען.

נישט אומזיסט האָט ער, לייבל, איצט געהערט אין זיינע אויערן די קולותלעך פון די קומענדיקע קינדער. מען האָט היינט אים געבראַכט די בשורה, אַז ביי פרוי נעלקין, וואָס איז געגאַנגען מיטן שוואַנגערבויך צווישן קוליעס, איז געבוירן געוואָרן אַ יינגעלע. די בשורה האָט געבראַכט דאָס עלטערע פּאָרפּאָלק, וואָס זייער בן־יחיד

איז פאַרבליבן אין טאָל. דאָס ערשטע איז אַריין דער מאַן, דער קינדערלאָזער פאָטער; נאָך אים — זיין פרוי — מיט דער האַנט, פאַרלייגט, ווי אַ פליגל. זי איז, די קראַנקע האַנט, געוועזן פאַררוקט אין דעם נאָכהענגענדיקן, פון איר האַלדז אַראָפּ, שלייף, זי איז הינטער אים שטיינגעבליבן, אין לייבלס צימער, שטיל, איינגעהאַלטן; בלויז די האָר זענען ביי איר געווען צעשויבערט, ווי ביי אַן עוף, אַ הון, אַן עקרה, וואָס זיצט איבער ליידיקע אייער, וואָס בריען זיך נישט אויס. אַלץ איז ביי איר צעעפנט, לער.

זיי זענען געקומען, בעטן לייבלען, ער זאָל גלייך אַריבערפאָרן צו דער קימפעטאָרין און פועלן, אַז זי זאָל דעם נייעם בן־זכר אירן רופן נאָך זייער בן־יחידל, דעם נישט אויפגעוואַקסענעם גדול בישראל.

ער איז איצט מיט אסתרקען ווידער געפאָרן אויף דער דאָראָזשקע — איבער די משופּעדיקע, שמאָלע גאַסן; צווישן די הילצערנע הויכע הייזער, מיט גאַניקלעך און וועראַנדעס — שטאָק איבער שטאָק. ווען זיי זענען אַרויסגעפאָרן, איז נאָך געווען די רו־שעה פון נאָך מיטאָג — צווישן צוויי און פיר אַ זייגער. די וועראַנדע־באַריערעס און באַלקאָן־שטאַכעטן זענען איצט געווען ליידיק. מען האָט איבער זיי נישט געזען די קעפּ פון די קראַנקע אין די בעטן, וואָס זעען תמיד אויס, בעת זיי קוקן אַריבער, ווי גומי־באַלאָנען, מיט אויסגעמאָלענע איבער זיי פּנימער, וואָס באַוועגן זיך אַהין און צוריק.

זיי האָבן געוווּסט, פון יענער זייט באַריערע ליגן זיי איצט אויסגעצויגן אין די בעטן, אין „סילאַנס״, אַלע קראַנקע פון לעיזען. עס זענען אויסגעשטעלט סימעטריש — בעט ביי בעט, שורה ביי שורה, ווי קברים איבער אַ ריזיקן בית־עלמין. אַזוי — שטאָק איבער שטאָק, הויז ביי הויז, גאַס נאָך גאַס. דאָס איז די גאַנצע קראַנקן־שטאָט. די קברים אין איר זענען לענגלעכע, ווייס איבערגעצויגענע. עס הערט פון זיי זיך אַרויס אַ שטיל אָטעמען. ער האָט געוווּסט: ער אַליין, לייבל, האָט ערשט פון זיך אַראָפּגעשאַרט אַזאַ ווייסן צודעק; ער איז אַרויס, ער פאַרט צווישן די אַלייען, און דערווייטערט זיך פון זיין קבר. ער ליגט אין דער דאָראָזשקע, אויסגעצויגן, און אסתרקע זיצט איבער אים — אַרויף מיטן אייבערשטן האַלבן גוף. זי זעט אויס, ווי זיין מצבה. נישט ער איז אַנטלאָפן פון קבר אַרויס — נאָר דאָס קבר איז אַנטלאָפן מיט דער מצבה איבער זיך. אַזוי רוקט עס זיך איבער די שטחים.

לייבל איז געקומען צו פרוי נעלקין מיט אַ שווער געמיט. ער האָט מורא געהאַט צו זען דאָס ערשטע קינד, וואָס איז דאָ, אויף דעם בליענדיקן בית עלמין, געבוירן געוואָרן. עס האָט אים געדאַכט, ער אַליין האָט איצט זיך אויסגעליידיקט פון דער שוואַנגערשאַפט, וואָס האָט, ווי אויך אין אים, געעיוערט.

אין דעם צימער איז פרוי נעלקין געלעגן אין ווייסן בעט מיטן קינד נעבן זיך. איר צוקאָפּנס זענען געשטאַנען אָנגעלענט אין דער וואַנט אירע צוויי קוליעס. אַרום בעט האָט זיך געדרייט, ווי אַ פרעמדער, אַן איבעריקער, איר מאַן, דער מיט אַ האַלב פּנים פון אַ זקן, און אַ האַלב פּנים — פון אַ יונגנמאַן.

פרוי נעלקין האָט פּאַרזיכטיק אָפּגעדעקט דאָס קליינע מענטשעלע נעבן זיך. עס איז געלעגן אַ רויטלעכס, מיט פאַרביילטע פויסטלעך. זי האָט אַלע מאָל אַ קוק געטאָן אויפן קעפּל, צי עס האָט נישט גרויע האָר. זי האָט דערציילט, אַז די דאָקטוירים

שרעקן זיך, עס איז אַרויס פון איר אָן אַ געוויין. זי האָט עס נישט געלאָזט אָפּטיילן פון זיך. עס איז געבליבן מיט דער נאָפּלשנור צובאַהאַפטן צו איר. אסתרקע האָט עס נישט געקאָנט נעמען, צוטוליען צו זיך.

פרוי נעלקין האָט צו ערשט, ביים געבוירן דאָס קינד, געשלאָסן פעסט די אויגן. זי האָט מורא געהאַט, צי ס'גייט פון איר נישט אַרויס אַ גליווערנדיק באַשעפעניש; ס'קאָן נאָך זיין אַ רויטלעך פאַרזעעניש. ווען זי האָט ביסלעכווייז געעפנט די אויגן, האָט זי פלוצעם דערזען, ס'איז ענלעך צו יענעם, וואָס איז געבליבן אויפן בוידעם, בעת עס איז געבוירן געוואָרן. אַ ווײַלע האָט זי געוווּסט, יענץ איז דורך איר, פון אינעווייניק אַרויס, צוריקגעקומען פריש. זי האָט גיך עס פאַרדעקט, דער מאַן זאָל עס נישט דערקענען.

פראָפ. ראַליער איז געקומען. ער האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף איבעררייסן די געבורטסשנור. זייט ער געדענקט, גייען קינדער אַוועק, ווען זיי שטעלן זיך אויף די פיס, פון די עלטערן. אויך פרוי נעלקין וועט קאָנען גיין אַליין.

ער האָט געמיינט, דער אַלטער פּראָפעסאָר, אַז זי וועט מער נישט דאַרפן די קוליעס. איצט נאָך דעם, ווי די פולקייט איז פון איר אַרויס, וועלן אירע פיס מער נישט ברעכן זיך אונטער איר.

ווען ער איז אוועק, פראָפ. ראַליער, איז די קליינע יידישע עדה דאָ געבליבן אַליין, אין צימער, ווי אָפּגעזונדערט. לייבל האָט געוואָלט, מען זאָל צורוקן זיין טראָגבעטל צום בעט פון דער קימפעטאָרין. ער וויל אַרויפלייגן די הענט איבערן קעפּל פון קינד און אים בענטשן, אין נאָמען פון די זיידעס, וואָס זענען מער נישטאָ. אַלע אַרום זענען פאַרשוויגן געוואָרן. לייבל האָט אַרויסגעזאָגט „מזל־טוב". „זה הקטן גדול יהיה". „שמחות זאָלן זיך אָנהייבן אין יידישע היימען". מען האָט נישט געוווּסט, צי עס וועט זיין אַ מנין צום ברית.

זיי זענען געזעסן שטיל, ווי אין אַ פאַרשווערונג. זיי האָבן נישט געדענקט, קעגן וועמען. דער פרוי נעלקין האָט זיך געדאַכט: וואָלט דאָס געווען אַ מיידעלע — וואָלט עס אפשר אַזוי נישט אויסגעריסן די אויגן. זי האָט נאָך פריער געוואַרט אויף אַ מיידעלע. אַ רגע האָט זי אַ בליק געגעבן: זי האָט זיך דערמאָנט, אַז אָט דאָס זיסע באַשעפענישל האָט זי געוואָלט אָפּטרייבן; מיטן בויך איז זי געלאָפן צו אַלע דאָקטוירים. זי האָט אַוועקגענומען דעם בליק. זי האָט מורא געהאַט אין דעם זיך צו דערמאָנען.

דאָס קינד איז מיט אַ מאָל זיך פאַרגאַנגען אין אַ געוויין, ווי פאַרשפעטיקט. אַ דין קולכל האָט זיך געריסן פון העלדזל און פון אַלע אָדערלעך אַרויס. עס האָט זיך געדאַכט, דאָס געוויין בלאָזט אויף דאָס גופעלע. אַלע זענען געבליבן שטיל, איינגעהאַרכט. עס האָבן זיך געהערט פון דער ווייטנס טריט אויף טראָטואַרן. דאָס געוויין רייסט זיך איבער די ווענט. אסתרקע האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף עס איינשטילן. די אָדערלעך אין די שלייפן בלאָזן זיך אויף. דער פאָטער האָט געשטעלט אַ טריט און איז געבליבן אויפן אָרט. פון דרויסן האָבן די טריט זיך דערנענטערט. עס איז אַריינגעקומען דער קליינער פּראָפעסאָר. ער האָט געזאָגט, אַז עס איז גוט, וואָס אַ קינד רייסט זיך; עס אָטעמען אויף די לונגלעך. דאָס קליינע האָט איצט געוויינט

שטילער, ווי אַן עכאָ פון דער ווייט. פרוי נעלקין האָט אַרויסגענומען פון אונטערן העמד אַ פולע, ציטעריקע ברוסט, און אים זי דערלאַנגט אין מיילעכל אַריין.

פרוי נעלקינס מאַן האָט איצט דערלאַנגט אויך די גרויסע צו טרינקען „לחיים". מען האָט געזען, ווי ער גיסט, מיט שווערע הענט, ווײַן אין קעלישיקלעך אַרײַן. מען האָט געהערט דאָס דינע פּליעסקען פון דער משקה. הענט האָבן זיך געשטרעקט, זיך געצויגן, צום ווינטשן. זייערע ליפּן זענען באַנעצט געוואָרן, מיט די שפּיצן גלעזלעך.

לייבל האָט באַנומען, אַ פראַגע הענגט דאָ אין צימער, נאָר מען האָט מורא זי אַרויסצוברענגען. דאָס קליינע וואָרט אויף אַ נאָמען, ווי מען זאָל אים רופן אין ישראל. מען דאַרף זיי באַנייען, די יידישע נעמען. עס איז אים דורך אַ געדאַנק, אַז אין פרוי נעלקין פלאָנטערט זיך דער נאָמען פון איר יינגעלע אויפן בוידעם, נאָר זי רעדט עס נישט אַרויס. דער קליינער פּראָפעסאָר האָט געזאָגט, אַז ביי יידן גיט מען נישט קיין נאָמען נאָך יונג־פאַרשניטענע; זיי זענען אָפּגעהאַקטע, אין דער מיט, ביימער; שטאַמען אָן צווייגן. נאָר נאָך אַלטע, פאַרשטאַרבענע, זיידעס, פעטערס און עלטערן רופט מען. ס'איז אַ סגולה צו אריכות ימים.

פרוי נעלקין האָט געזאָגט, אַז איר פאָטער האָט געטראָגן די דריי נעמען פון די אבות — אברהם יצחק יעקב. ער איז געווען אַ בכבודיקער מענטש, אַ תבואה־סוחר. איר זיידע פון פאָטערס צד, אַ ווײַנשענקער, האָט געהייסן פנחס אַנשל. ער איז געווען אַ זקן, ווען ער איז געשטאָרבן. דעם צווייטן זיידן אירן, פון דער מאַמעס צד, האָט מען גערופן שמואל מענדל. אַ ספרים־איינבינדער. זי געדענקט, ער האָט געליישט מיט גאָלד לעדערנע טאָוולען און רוקנס. ער איז אַוועק אין די מיטעלע יאָרן. די באָרד איז אים נאָך געווען שוואַרץ. זי וויל אָבער — האָט זי געזאָגט — דאָס קינד זאָל מען רופן נאָכן צד פון מאַן. אַלע האָבן געוואַרט, ער זאָל רעדן. מען האָט געקוקט צו אים. ער האָט געוואָלט זיך אָנרופן. ער האָט אַרויסגעזאָגט, אַז זיין טאַטע איז געווען אַ גאַרבער. ער האָט געהייסן הערש זעליג. ער געדענקט אָבער נישט, ווי איין זיידע האָט געהייסן; דעם אַנדערן האָט מען גערופן שעפּסל. אסתרקע האָט געפילט, ווי די שווערע נעמען לייגן זיך אויפן קינדס אַקסעלעך. דער פאָטער פון קינד האָט זיך דערמאָנט, אַז דער ערשטער זיידע זיינער האָט געהייסן וועלוול. ער איז געשטאָרבן גאָר יונג. ער האָט אים נישט געקענט. ער ווייסט בלויז, אַז אַלע זיינע אייניקלעך, וואָס האָבן געטראָגן זיין נאָמען, זענען די ערשטע פאַרלוירן געוואָרן אין דער מלחמה.

דער קליינער פּראָפעסאָר האָט אַ זאָג געטאָן, אַז די אַלע, וואָס זענען געשטאָרבן אין פרידן, אויף זייערע געלעגערס, מוזן מוחל זיין. מען דאַרף רופן נאָך די, וואָס זענען געבליבן אין די טאָלן; זייערע נעמען האָט מען געוואָלט אָפּמעקן. לייבל האָט זיך דערמאָנט אין זיין שליחות. דאָרט ביי זיך וואַרט דאָס עלטערע פּאָרפאָלק. זיי קאָנען זיכער נישט איינזיצן. זייערע אויערן זענען אָנגעשפּיצט אַהער. ער האָט געזען, ווי די קינדערלאָזע מוטער דרייט זיך דאָרט איבערן צימער אַהין און צוריק, און קוקט אים אויס. ער האָט געוווסט, ער וועט דאָ גאָר נישט זאָגן. יעדעס קינד, וואָס וועט ביי אונדז געבוירן ווערן, וואָלט געדאַרפט טראָגן אַלע נעמען פון זייבע באַענטע, וואָס זענען פאַרשוווּנדן, איידער ער איז געקומען; עס זאָל ביי זיך שפּעטער זיי טראָגן אויפגעשריבן אויף אַ מגילה־פאַרמעט. אָדער גאָר — יעדע נייע משפחה וועט

דאַרפֿן געבוירן צו זעקס אין איין בויך, כדי עס זאָלן זיין נעמען נאָך אַלע — נישט אָפּגעמעקט זאָל ווערן זייער געדעכעניש.

פרוי נעלקינס מאַן האָט געזאָגט, אַז זיין עלטסטער ברודער, אַבוש, איז טאַקע אויפֿגעבראַכט געוואָרן אין טאָל. פֿון זיינע קינדער איז קיין זכר נישט געבליבן. ער איז געווען אַ סעדער. זומער האָט ער געווינט אויפֿן דאָרף. אָבער אויך זיין צווייטער זיידע, שעפּסל, איז נישט געשטאָרבן ביי זיך אין בעט; ער איז אָוועקגעפֿירט געוואָרן.

פרוי נעלקין האָט איצט געשוויגן. זי האָט חרטה געהאַט. זי האָט זיך דערמאָנט איר פֿאָטער, דעם תבואה־סוחר; זיין הויכע געשטאַלט. ווי מעג זי, נישט אַ נאָמען געבן נאָך אים?! זי וועט קיין מאָל מער זיין פּנים נישט קאָנען זען פֿאַר זיך, און נישט אַרויסברענגען זיין נאָמען! ער וועט איר דאָס נישט מוחל זיין! און פֿאַר וואָס זאָל זי פֿאַרגעסן דעם שטילן פֿעטער ניסן; ער איז געווען אַן אָרעמאַן, אַ מלמד, אָבער אויך נאָך אים איז קיינער נישט געבליבן. זי האָט פּלוצעם זיך דערמאָנט איר עלטסטן שוואָגער זונדל, דעם זייגערמאַכער, מיטן בלאָנדן בערדל, וואָס האָט, ווען זי איז געווען אַ מיידל, שטיל זיך געליבט אין איר. פֿאַר דער מלחמה האָט ער געוואָלט ווערן אַ שניט־סוחר. ווען ער לעבט — וואָלט ער קיין מאָל זי נישט פֿאַרלאָזט. פרוי נעלקין האָט איצט געזען, אַז וואָס מער זי טראַכט, ווערט איר מאַן שווייגנדיקער. ער זעצט צוריק אַראָפּ, לאָזט אָפּשטיין אין זיך, די נעמען, וואָס רודערן אויף אין אים. יעדעס מאָל, ווען אַ נייער נאָמען פֿון אַ קרוב האָט אין אים אויפֿגעטויכט — האָט זיין פּנים אויפֿגעבריט. באַלד האָט אַלץ אין אים ווידער זיך איינגעשרומפּן מיט הכנעה.

לייבל האָט געוווּסט, אַז ער איז אַ בר־מזל, דער קליינער. ער איז נישט געבוירן, ווי זיין בוידעם־ברודערל, מיט עטלעכע יאָר פֿריער. איצט ליגט ער דאָ פֿאַרטוליעט אין ווייכע קישנס. ער האָט זיך געכאַפּט, דער פֿאָטער וועט קיין מאָל נישט דערנענטערן זיך, איבערלייגן אַרום אים די קישנס.

פרוי נעלקין האָט אַ זאָג געטאָן, עס זאָל זיין מיט מזל. איה״ש אויפֿן ברית וועט מען דאָס יינגעלע אַ נאָמען געבן נאָכן מאַנס פֿאָטער. דאָס ערשטע קינד, קומט דעם צד פֿון מאַן. זי איז מוותר. ס׳האָט איר געדאַכט, אַז אין זיין ווייס אויג באַווייזט זיך פּלוצעם, עס גיט אַ פּלאַטער — אַ שוואַרצאַפּל.

אַלע האָבן געדענקט פֿון פֿריער דעם נאָמען, וואָס מען וועט דעם קליינעם רופֿן. מען האָט אָבער געוווּסט, אַז ביזן ברית וועט דער נאָמען מער נישט דערמאָנט ווערן. מען וועט אים בלויז טראָגן אין זיך. יעדעס וואָרט האָט זיך זיין רגע.

עס זענען געקומען די דאָקטוירים. זיי האָבן זיך געבויגן איבערן קינד, אים אונטערגעהויבן, געפּאַטשט אים אין רויטלעכן פּלייצעלע; געפּרוווט אים אָפּטשעפּן. די מוטער האָט זיי געקוקט אויף די הענט, אויף די לאַנגע רויטלעכע פֿינגער. זי האָט געוווּסט, דאָס איז אַ ביי יידעלע, כאָטש ער איז נאָך נישט געחתמעט — ער איז נאָך נישט געמלעט.

פֿון פרוי נעלקין האָט אסתרקע געפֿירט לייבלען אויף דער דראָזשקע צו דעם עלטערן פֿאָרפֿאָלק. דער קוטשער האָט אונטערגעשמיסן די פֿערד, צו לויפֿן שנעלער.

זיי האָבן זיך געאײַלט. זיי האָבן געוווּסט, דאָס עלטערע פּאָרפאָלק איז אומגעדולדיק; זיי קאָנען אויף זיי זיך נישט דערוואַרטן. אויך דאָ האָט מען אים אַרויפגעפירט מיט אַ ווינדע, ביז זייער שטאָק. אַסתּרקע האָט לייכט אָנגעקלאַפּט אין צימער. דער מאַן האָט שמאָל געעפנט די טיר און אַרויסגעקוקט. שטיל האָט ער די טיר אויפגעמאַכט, ברייט. ער איז געגאַנגען, ווי אויף די שפּיצן פינגער. די מוטער איז געזעסן אויף אַ שטול. לייבלס טראָגבעטל האָט מען אַוועקגעשטעלט פאַר איר.

ער האָט געוואָלט אָנהייבן רעדן, עפּעס זאָגן, נאָר זיי איז שוין אַלץ געווען קלאָר. ער האָט געשוויגן און זיי האָבן גאָר נישט געפרעגט. נישט געווען ווער עס זאָל איבעררייסן די שטילקייט. קיינער האָט איצט אויך נישט געקוקט צום בילדל פון זייער ייִנגעלע, וואָס איז געשטאַנען אײַנגעראַמט אויפן טישל. דאָס ייִנגעלע האָט אײַסגעצוזען אַ יתום.

דער פּאָטער האָט איבערגעריסן דאָס שווײַגן. ער האָט דערציילט לייבלען, אַז לעצטנס פאַרנעמט ער זיך מיט קבלה. ער טראַכט וועגן די ענינים אין די שלאָפלאָזע נעכט.

ידיעות זענען לאַנג שוין געקומען, אַז ווייט, אין פּלאַכלאַנד, הייבט זיך איצט, אין די לבנה־נעכט, די ערד; זי כוואַליעט אויף אין בערגלעך, ווי עפּעס וואָלט אונטער איר זיך גערוקט; ווי מיליאָנען קרעטן וואָלטן זי צעטראָגן. עס זעט אויס, ווי גאַנצע בית עולמס מיט קברים וואַנדערן אונטן פאָרויס, רוקן זיך איבער אין די ווייטקייטן.

דער קינדערלאָזער פּאָטער האָט געזאָגט, אַז לויט די ספרדישע מקובלים אין ירושלים און צפת, זענען דאָס משיחס צײַטן. געשטאָרבענע ייִדן פון אַלע דורות, קאָלערן זיך אונטער דער ערד, צום לאַנד פון זייערע אבות. אין גיכן וועלן זיי אויפשטייען תחיית המתים. פון דאָס ניי וועט פאַרלייגט ווערן גאָטס קעניגרייך. מען האָט געפונען אין אַלטע ספרים, אַז פריער וועט די אומות העולם אַרומכאַפּן אַ וואַנזין. זיי וועלן פאַרלענדן פיל פון געטלעכן פאָלק.

די ספרדישע מקובלים האָבן פאָרגעזאָגט, אַז אין גיכן וועלן די אומות פון אייראָפּע אויפשטייען און זיך אומברענגען איינע די אַנדערע. מיט זייערע מעשים פון סדום, האָבן זיי אַליין זיך פאַרמשפּט. די ערד פון אייראָפּע וועט בלייבן אַ מדבר.

דער פּאָטער האָט געזאָגט, אַז אין זיינע שלאָפלאָזע נעכט טראַכט ער, דאָס אַנטלויפן די מתים פון אונטער דער ערד פון אייראָפּע, ווייל זיי פילן שוין די גרויסע ערד־ציטערניש, וואָס וועט דאָ אַלץ אויפוואַרפן און אויסמישן. אין גיכן וועט די שרעק אויך אַרומכאַפּן די איינוווינער פון אייראָפּע. זיי וועלן נישט וויסן, ווו צו אַנטלויפן פון דער ערד אַראָפּ.

שפּעטער האָט ער געזאָגט, די וועלט איז כּולו חייב, ווייל זי האָט דערשטיקט אַ מיליאָן ייִדישע קינדער. לייבל האָט געהערט, ער רעדט פּלוצעם פון זיין קינד, דעם נישט דערגאַנגענעם גאון אין מאַטעמאַטיק. ער האָט דערציילט, אַז שוין ווען ער איז אַלט געווען פינף יאָר, זענען מלומדים פון אוניווערזיטעטן געקומען צו אים פרעגן רעטענישן. ער האָט זיי געלייזט. ווער ווייסט — האָט ער געזאָגט — וויפל גאונים עס זענען געווען צווישן דעם מיליאָן ייִדישע קינדער — וויפל מעדיצינער און דערפינ־דער, וואָס וואָלטן געענדערט דאָס פּנים פון דער וועלט — אפשר געשענקט דעם מענטש

אַן אומענדלעך לאַנג לעבן; און מעגלעך, האָט ער אויסגערופן, עס זענען צווישן זיי געווען צוקונפטיקע נביאים — אפשר גאָר משיח אַליין, וואָס וואָלט זי, די ערד, אויף תמיד אויסגעלייזט פון מלחמות.

איצט האָט זי אַליין זיך פאַרמשפט, די וועלט; זי וועט קיין מאָל שוין נישט אויסגעלייזט ווערן.

לייבל האָט איצט געקוקט אויפן בילדל פון זונעלע. ער איז דאָ נאָך געזעסן, ווי אַ קינד, אין וויגעלע. עס האָט זיך געבלויט זיין הויך שטערנדל, פאַרוואָרפן איבער דעם אַ לאָקל. דער פאָטער איז נאָכגעגאַנגען לייבלס בליק. די קליינע געשטאַלט האָט אים איצט אויסגעזען אַ פרעמדע. ער קען זי בלויז פון דעם בילדל, וואָס איז אַן אַלט פאַרגעלט פאַפּירל. יענער, זיין זונעלע, איז געהאַט פאַרשווונדן מיט זיין לעבעדיקע צורה. ער האָט זי זיך נישט געקאָנט דערמאָנען — נישט צוריק זי דערכאַפּן אפילו איין אויגנבליק.

נאָך לייבלס און אסתרקעס אַוועקגיין האָט אויך די מוטער זיך צוגערוקט צום בילדל. אַ טרויער האָט זיי ביידע אַרומגעוויקלט, נענטער געמאַכט. ביז איצט האָט זיי געדאַכט, אַז מען קאָן נאָך דאָס בילדל וועקן. יעדן אינדערפרי, ביים אַראָפּ פון בעט, פלעגן זיי דאָס ערשטע צו דעם לויפן, געבן אַ בליק. איצט איז אַלץ געבליבן אויסגעלאָשן, אַן האָפענונג; בלויז טעווועלעך, אויסגעריבענע פון נעמען צו פיל אין האַנט. זיי זענען פאַר דעם געבליבן זיצן.

לייבל האָט שפּעטער געשיקט צו זיי אַ בריוו. ער האָט געשריבן, אַז אפשר וואָלטן זיי אַדאָפּטירט דעם רויטהאָריקן צווילינג, די צוויי מיידעלעך; געגעבן זיי זייער משפּחה־נאָמען; זיי גענומען צו זיך — כל זמן זיי זענען נאָך קליין. די קינדער וועלן זיי דערוואַרעמען.

נאָכן אַוועקשיקן דעם בריוו, איז אים באַפאַלן אַ ספק: ווי קאָנען די קינדער נאָך דערוואַרעמען זייער אַלט לעבלעך לייב? ער האָט מורא געקריגן, זיי קאָנען נאָך אָנשטעקן די קינדער, מיט זייער אויסזיכטלאָזיקייט, אויף אַ גאַנץ לעבן.

דעם זעלביקן טאָג, פאַרנאַכט צו, זענען זיי געפאָרן, כדי אויפצוהייבן דאָס געמיט, צו דער יונגער פאַריזער טענצערין, אַלאַ; דאָס מיידל מיט די גרינע אויגן, וועלכע איז געשפּרונגען פון באַנוואַגאָן, בעת מען האָט זי געפירט, צוזאַמען מיט אַלע, אויפן וועג צום טאָל.

און נישט בלויז כדי אויפצוהייבן דעם מוט זענען זיי צו איר געפאָרן. עס זענען געווען ידיעות, אַז זי, און אויך די אַנדערע יונגע מיידלעך אין די קליניקס, שעמען זיך לעצטנס זייער מיט זייער געחתמעטקייט אויף די אָרעמס. זיי ווילן די אויסגעברענטע נומערן פון די טאָלן אַראָפּרייבן פון זייער הויט. טייל פאַרבאָרגן די ערטער, בעת זיי ליגן באַקעטע אויף דער זון, אונטער ווייסע טיכלעך, געניוי, ווי זיי טאָן דאָס מיט זייערע פרויען־אבֿרים. אַנדערע וואַרטן, אַז די שאַנד־ציפערן זאָלן ביי זיי פון אויבן פאַרוואַקסן ווערן מיט פרישער הויט.

עס זענען געווען שמועות, אַז צו די יידישע מיידלעך קומען איצט יעדן טאָג

יונגע מענער, וואָס זענען נישט זייערע ברידער. זיי לאָכן צו זיי פון פולע בייכער אַרויס. זיי רייצן אויף ערגעץ אין זיי זייערע אַ מאָל פאַרפאַלן געוואָרענע געלעכטערס. אויך עדיט פון די קאַרפּאַטן־בערג, וועלכע פאַלט אַריין אין יאוש פון בענקשאַפט אַ היים — קאָן מער נישט זען, ווי איר נומער צעוואַקסט זיך מיטן ווּקס פון איר לייב; ער בליט ווי אַ רויטע ווּנד; ער בלענדט איר פאַר די אויגן. לעצטנס באַהאַלט זי דעם אָרעם, ווי אַ שטיקל פאַרבאַרגן לייב. מען האָט געזאָגט, אַז ווען זי איז אַליין, קיינער זעט נישט — גריזשעט זי אים אין כעס מיט די ציין; זי וויל אים אויסבייסן.

אסתרקע האָט אים צוגעפּירט ביז צו דער טיר פון אַלאַס צימער. אַליין איז זי דערווייל אַוועק צום רויטהאָריקן צווילינג, וואָס וועט אפשר אַדאָפּטירט ווערן פון קינדערלאָזן פּאָרפאָלק. זי האָט זיי איצט געטראָפן מיט גרינעם באַנד ברייט אַרום זייערע שטערנס און האָר. זי האָט זיי אַרומגענומען מיט די אָרעמס.

לייבלס טראָגבעטל איז שוין געשטאַנען פאַר אַלאַן. אויך אַרום איר שטערן און געלאָקטע שוואַרצע האָר האָט איצט זיך געוויקלט אַ באַנד — אַ שמאָלער, אַ זיידענער. ער האָט זיך געשאָטנט איבער איר העל פּנים. עס האָט אונטער אים אויסגעזען ווי געטאָקט. אַלאַ האָט באַמערקט, זיין פּנים איז פריש, פאַרוווּנדערט, ווי ער וואָלט אָט ערשט זיך אויפגעכאַפּט פון אַ וואַרעמען שלאָף. ער קומט פון אים אַרויס און קוקט זיך אַרום.

אַלאַ איז אַליין געלעגן אויסגעצויגן אין בעט, איבערגעדעקט מיט אַ דינער קאָלדרע. איבער דער פלאַכקייט האָבן בערגלדיק זיך אַרויפגעהויבן אירע צוויי בריסטן. זי האָט אים דערציילט, אַז איר לינקער פוס פילט שוין אין זיך חיות. ער וועט ווידער אירער. ער שפּירט שוין אירע געדאַנקען און ענטפערט אויף אירע מחשבות. די פינגער אונטן באַוועגן זיך לויט איר ווילן. זי האָט אים געוויזן, די פיספינגער בייגן זיך, ווי קליינע אויסדרעסירטע קעצעלעך, אויפן באַפעל פון איר מוח.

אַלאַ האָט געזאָגט, דאָס האָט טאַקע די זון געהיילט איר פוס. זי האָט אויפגעגליט אין אים די דינע אָדערן. זי פילט זיי שטעכיק ביז הויך אַרויף, אין לייב. ראָליער האָט איר צוגעזאָגט, אין אַ יאָר אַרום, ווען זי וועט אַלט ווערן צוואַנציק יאָר, וועט זי ווידער קאָנען טאַנצן. ער אַליין, דער אַלטער פּראָפעסאָר, וועט קומען, זי פאַרבעטן צום ערשטן טאַנץ.

לייבל האָט געקוקט אויף אירע צוויי דינע באַקעטע הענט, וואָס האָבן איצט, ווי אַ קראַנץ, זיך געוויקלט אויבן אַרום איר קאָפּ. מיט אַ מאָל האָט ער זיך דערמאָנט; ער האָט דערזען, אויף איר רעכטן אָרעם רויטלט זיך פריש אַ העפט, וואָס לאָזט זיך נישט פאַרהיילן. די הויט איז אויסגעשניטן, ווי מיט אַ מעסער־שאַרף. ער האָט געוווּסט, אַלאַ איז מער נישט געצייכנט.

אויף אַ ווײַלע זענען זיי ביידע געבליבן אָן לשון. אויך אַלאַ האָט זיך געכאַפּט. זי האָט געוואָלט די האַנט פאַמעלעך אַרונטערציען אונטער דער דעקע. זי האָט זי אָבער געלאָזט אויבן אומבאַוועגלעך, ווי זי וואָלט איצט געווען דער קראַנקער אבר, איבער וועלכן זי האָט קיין שליטה נישט.

לייבלען האָט זיך געדאַכט, דאָס פאַרגלעטן איצט די הויט ביי אונדזערע טעכטער, איז ווי דאָס ווידער פאַרציען זיך מיט ערלה. אונדזערע געמלטע זכרים האָבן דאָס

געטאָן, אַנטלויפנדיק פון טאָל, כדי אָפּצומעקן פון זיך דעם בונד פון יידן מיט זייער גאָט; נישט דערקענען זאָל מען מער אויף זייערע לייבער דעם סימן פון אונדזער געהתמעטקייט. איצט איז דאָס אונדזער צווייטער צייכן. די פעלקער האָבן אים אויסגעקריצט אין די גופים פון אונדזערע קינדער, ווי איבער אַלבאַסטער־זיילן.

ער האָט איר געוואָלט זאָגן, אַז אויך די אויסגעברענטקייט דאַרף בלייבן אין אונדז, ווי אַ פאַרשניטענער בונד. מיר דאַרפן אים אָפּדעקן פאַר די אויגן פון אַלע. די ווערטער האָבן אים אָבער אויסגעטריפט פון גוף — פון די פינגער, פון די הענט און פיס. ער האָט געפילט, אויך פון איר זענען אַלע ווערטער אויסגערונען, ווי דורך דער אָפענער, נאָך נישט פאַרהיילטער, ווונד אַרויס.

ווען אסתרקע האָט אים שפּעטער אַהיימגעפירט, האָט ער ביי זיך אין צימער געטראָפן וואַרטן דעם מאַן מיטן קינדישן פּנים, און ווייסע האָר, ווי פעדערן פון אַ טויב. ער איז אויך איצט געבליבן שטום, נאָך דעם ווי ער האָט לאַנגע יאָרן, אויסבאַהאַלטן אין שפּיטאָלן, געשוויגן. ער האָט צעעפנט דאָס מויל און די ווערטער זענען פון אים מער נישט אַרויס; זיי זענען טיף אין אים פאַרפאַלן געוואָרן, ווי אָפּגעקילטע שטיינדלעך. ער איז דאָ געזעסן און די אויגן ביי אים האָבן געפינטלט שוואַרץ, ווי ביי אַ טויב. ער האָט אויסגעזען פאַרלאָזט, ווי אַ יתום. מען האָט אַלץ פון אים נישט געקאָנט אַרויסבאַקומען, ווער עס האָט אים געבראַכט און אונטער־געוואָרפן דאָ, ווי אַ קינד.

מען האָט געוווּסט, אַז זינט דעם אָוונט אין אונטערבאַרגיקן קינאָ, קאָן ער נאָך נישט קומען צו זיך. ער האָט לייבלען אָנגעדייט מיט סימנים, אַז זיין לייב פילט נאָך אַלץ די פרעמדע אויגן, וואָס האָבן דעמאָלט זיך געגליטשט איבער אים, פון אויבן ביז אַראָפּ. ער האָט געוויזן מיט די הענט, אַז ביז היינט קאָן ער מער נישט ווייזן זיך פאַר יענע מענטשן, וואָס האָבן געלאָצט הענגען זייערע בליקן איבער זיין גוף. מען האָט געוווּסט, זיין קערפּער האָט קיין מאָל נישט זיך דערנענטערט צו קיין פרוי. זיין צייכן האָט נישט באַרירט קיין פרעמד לייב.

לייבל האָט געפילט, די טענער זאַמלען זיך אין יענעם. אַלץ גייט אַריין אין אים און גייט נישט אַרויס. די ווערטער וועקן קלאַנגען. זיי בלייבן, ווי אַ קנויל. נישט קיין קנוילן ווערן די קלאַנגען, נאָר סטרונעס. ער איז אינעווייניק פול מיט זיי. זיי זענען ענג צוזאַמען, איינע אויף דער אַנדערער — קאָנען זיי נישט אויפשפּילן. די טענער צעגייען זיך בלויז אין אים — ביי יעדן אויפריר. יעדעס וואָרט, יעדער בליק פון דרויסן, רירט אויף אַ סטרונע; יעדער פרעמדער באַריר ציטערט אים אויף. נישט קיין פידל איז ער, נאָר אַ וואַרעמער פּיאַנאָ. אַלע אַרום שפּילן מיט זייערע פינגער אויף זיינע קלאַווישן. ער פילט זי, די צייט, אין זיך. זי ברומט אין אים.

ער איז געזעסן פאַר לייבלען מיט צוגעלענטע אויגן. ער האָט, ווי זיך געשטעלט פאַר אים, ער זאָל אויפשפּילן אויף אים, אַרויסברענגען פון אים, אויב נישט ווערטער — איז טענער, און נישט מיט די פינגער זאָל ער שפּילן אויף אים, נאָר מיט זיך, מיט זיין אומעט. ער וועט אים דערפילן אין זיך — וועט עס אויפשפּילן. ער וועט שפּילן פאַר לייבלען. די צייט וועט אַרויסשפּילן פון אים.

לייבל האָט דערפילט, נישט בלויז ער דערוועקט אין יענעם טענער, נאָר אויך

יענער — אין אים. נישט לייבלס רייד פון תמיד זענען דער עיקר, נאָר זיין פאַרבאָרגענע קגויל אין זיך, וואָס די ווערטער לייזן זי נישט אויף; די ווערטער גייען פון אים אַרויס, און אינעווייניק בלייבט ער שטום. זיינע טענער ליגן אין אים פאַרדרימלטע. די ווערטער זענען בלויז דער אָפּקלאַנג פון זיי.

איצט ברומען זיי אויף אין אים, זיינע טענער. יענעמס קלאַנגען רודערן זיי אויף. ער האָט געוואָלט, זיי זאָלן ווערן אַן אָרקעסטער צוזאַמען, אַן אָרקעסטער פון דער צייט. זי זאָל אין זיי אַריינשפּילן אירע קלאַנגען — נישט אויף אַרויסצוברענגען זיי, נאָר — זיי צו זאַמלען, פאַרחתמענען אין זיך, ווי אין לאָגלען.

זיי זענען געזעסן צוזאַמען און האָבן זיך איינגעהערט אין דער צייטס ווידערקול. זיי האָבן אים געהערט אין זיך. ער פּליסט, ברומט אין זיי, און לייגט זיך איין.

זיי האָבן זיך געפּילט ווי צוויי אינסטרומענטן, נאָר אָפענע; זיי האָבן נישט קיין וועגטלעך אויף זיך. זייערע סטרונעס זענען אָפּגעדעקט פאַרן ווינט.

זיי זענען געזעסן, שווייגנדיקע, און לייבל האָט פאַרנומען ווי עס ברומען אויף אין אים די שיכטן — שיכט אונטער שיכט, ווי פינגער וואָלטן אויף זיי געגאַנגען. ער האָט דערקענט די קולות פון פאַרגאַנגענע טעג. די פינגער רירן זיי אויף. זיי שפּילן. זיין חבר, דער פאַרשטומטער קלאַוויר, באַגלייט אים.

די אָפּגעדעקטע שיכטן האָבן פון אים אַרויסגעשפּילט — צייט נאָך צייט. ער איז געזעסן, ווי מיט אַן אויפגעשניטענעם גוף, און געהערט די לאַנג פאַרגעסענע ניגונים, וואָס קומען פון אים אַרויס. זיי הייבן זיך און וויקלען אים אַרום. ער האָט זיי דערקענט, לויט די ניגונים, די צייטן.

ער האָט איצט דערקענט דעם פאַרשטיקטן ניגון פון געטאָ, וואָס האָט אויפגעטויכט אין אים. זיין חבר באַגלייט ווייטער. דאָס איז דער ניגון, וועלכן ער האָט דעמאָלט פאַרנומען, אין דער פאַרמשפּטער שטאָט צווישן פאַרמאַכטע מויערן, אין דער שטאָט אָן האָפענונג. דאָרט האָט ער זיך געלייגט אין אים. איצט הערט ער זיין ווידערקול. ס'האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ בענקשאַפט צו יענעם ניגון. ער האָט געוואָלט, ער זאָל אויפשפּילן אין אים ביזן סוף. דאָס איז אפשר זיין שענסטער ניגון. ער האָט געבענקט נאָך יענע טעג אין געטאָ. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און דערזען יענץ פאַרנאַכטיקע ווינטער־ליכט, וואָס לייגט זיך איבערן געטאָ, דאָס בלענדנדיקע שניילעכט, וואָס הילט אַרום די קורצע געסלעך. אונטער דער קילער זון האָבן זקנים אָפּגעדעקט זייערע ביינער, כדי זיי צו וואַרעמען; מאַמעס האָבן אַרויסגענומען זייערע בריסטן, כדי צו זייגן זייערע קינדער. מען האָט געוווּסט, די זאַפּטן וועלן זיי נישט נערן. פון יענע בלענדנדיקע פאַרנאַכטן האָבן מענטשן אַרויסגעשטעלט פּיס; זיי זענען אין זיי געגאַנגען. פערד האָבן אין זיי זיך געשלעפּט; מיידלעך האָבן אין זיי זיך אָפּגעגעבן צום ערשטן מאָל. מען האָט געוווּסט, ס'איז נישט פאַר נאַכט, נאָר אין איינעם אַ טאָג וועט די ליכטיקייט פּלוצעם פאַרגיין מיט די מענטשן אין זיך. פאַר זייערע אויגן וועט זיך אַראָפּלאָזן אַ שטאָק־פינצטערניש.

אין אָט דער געשלאָסענער שטאָט, וואָס גאָט האָט זי פאַרלאָזט, האָט ער זיך געדרייט, לייבל. ער איז געווען איינער פון אירע ווייט־זעעוודיקע איינוווינער, וואָס די ראיה האָט פאַר זיי זיך אָפּגעהאַקט. די אויערן זענען געווען אָפן, נאָר די

דרויסנדיקע קלאַנגען זענען צו זיי מער נישט דערגאַנגען; די פיס האָבן זיי ווייט זיך נישט געשטעלט. זיי זענען געגאַנגען, געגאַנגען, און געבליבן אויפן אייגענעם אָרט. אַלע טוונגען זייערע זענען געווען אויף נישט צו באַקומען לוין; די מעשים — נישט צו זען זייערע פּרוכטן. ער, לייבל, האָט דעמאָלט נישט איין מאָל דערפילט, ווי אַ האַנט לייגט זיך אויף אים אַרויף. איר געוויכט שפּירט ער אויף זיך ביז היינט. ער איז מיט זיי געווען, ביז די ערד האָט זיך צעעפנט אונטער זייערע פיס.

איצט זענען אין אים געבליבן בלויז דאָס פאַרנאַכטיקע ליכט פון דעמאָלט, און דער עכאָ פון זייערע טריט. די טריט טרעטן כסדר אויף די שיכטן אין אים. ער ווייסט, אָן זיי, אָן יענע פּנימער, האָבן זיינע הענט מער נישט וואָס צו טאָן; זיינע פיס האָבן נישט וווּ צו גיין. ער זיצט אין בעט, און בלויז דער ניגון פליסט פון אים.

ער האָט זיך איינגעהערט, ווי דער קלאַוויר באַגלייט, טאַקט נאָך טאַקט — זיינע דערוועקטע טענער.

זינט לייבלס אַוועקפאָרן פון זיי — איז דאָס עלטערע פּאָרפאָלק געוואָרן פאַרנומען אין טוונגען. זיי האָבן זיך אַרויסגעריסן פון גליווערנדיקן וואַרטן אין דער ליידיקייט. גאַנצע טעג האָט מען איצט זיי געזען גייען און קומען; טראָגן מיט זיך זאַכן. זיי זענען געגאַנגען צוזאַמען און באַזונדער. זיי האָבן זיך געאיילט. די פאַרטאָענקייט האָט פון זיי אויך אָפּגענומען דאָס לשון. זיי האָבן קיין קול נישט געהאַט. דאָס ערשטע האָבן זיי זיך גענומען אויפפרישן די פאַרבליבענע בילדער פון דעם יינגעלע. זיי האָבן געזוכט אַ פּאַסיקן פאָטאָגראַף, וואָס זאָל אויפלעבן די קליינע געשטאַלט אויפן פּאַפּיר, נישט לאָזן זי זיך דערווייטערן. אויפן פּאַפּיר האָט אויסגעזען, דער קליינער ציט זיך צוריק, ער פאַרגעסט זיי. דער לעיזענער פאָטאָגראַף, אַ געוועזענער קראַנקער, וואָס איין פוס איז אים געבליבן פאַרשטייפט אין דער קני, און ער האָט אים געשטעלט גאַנצערהייט פאַרויס, האָט אויפן בילדל אַרויפגעטאָן פיל רעטוש. דער גלאַנץ האָט אָבער, ווי איינבאַלזאַמירט די אויגן. זיי האָבן איצט אויסגעזען, ווי אין אַ פּאַטאָ פון אַ ליאַלקע מיט אַ גלאַט־פאַרקעמט קעפּל. דער שמייכל איז אַרויסגעקומען בלייך, נישט ווי פון קיין בעל חי. אויך דאָס בילד אין דעם קינדער־וועגעלע האָט נאָכן רעטוש אויסגעזען, ווי פון אַ פרעמד קינד, אַ גרעסערס. דאָס פּנים — מטושטש, אַ ביסל מגושמדיק, מיט אַ פרעמדן גלאַנץ. זיי האָבן איצט אַליין אויך נישט געדענקט די אמתדיקע שטריכן פון זייער זונעלע. דער פון בילדל האָט יענעם פאַרשטעלט.

אין די שלאָפלאָזע נעכט האָבן זיי איצט געקלאַפּט איינער אין דעם אַנדערנס טויערן. זיי האָבן מיט שוויס געוואָלט אַרויסשלאָגן פון זיך זאַפּטן — שטיל, מיט געשלאָסענע אויגן. מען האָט געהערט בלויז זייער שווער סאַפּן, ווי אַ כאָרכלען. אַ מינוט האָט זיי אויסגעפּעלט אָטעם. זיי זענען געבליבן, ווי צוויי אויסגעצויגענע פיש אויף דער יבשה, וואָס קלאַפּן מיט די עקן. שפּעטער האָבן זיי זיך געשיידט, ווי זיי וואָלטן זיך געכאַפּט איינער דעם אַנדערן ביי יוגנט־זינד. בלויז זייער סאַפּן האָט לאַנג נאָך געהערט זיך אין דער שטוב־שטילקייט.

אויף צו מאָרגנס האָבן זיי ביידע זיך געדרייט רעזיגנירטע, מיט פאַרטרוקנטע,

נאָכהענגענדיק־פאַרשעמטע, אברים. זיי האָבן געוווּסט, עס ענדיקט זיך — מיט זיי. זיי זענען, ווי דאַרע צווייגן, וואָס זייער פּרוכט איז אָפּגעבליט.

פאַריאושטע זענען זיי איצט ווידער געבליבן אין צימער. זיי זענען נישט אַרויס, ווי אַלע וואָלטן געוווּסט זייער סוד. זיי האָבן געוואָלט, וואָס מער זיך פאַרמאַכן, אויך לייבלען נישט באַזוכן.

אין די טעג האָט דער קינדערלאָזער פאָטער געפילט, אַז דאָס לייב ביי זיין פרוי, אונטער איר הויט, איז אַ בינטל איידעלע רייצונג, וואָס דאַרף אַרויסברעכן. איר גוף גייט איבער; לעכצט מען זאָל עפּעס טאָן מיט אים. ער האָט זיך געכאַפּט, דער איינגעדרימלטער כוח אין די ליידיקע יאָרן פון טאָל, רייסט ביי איר איצט זיך פון די פאַרבאָרגענישן. זי האָט נישט וועמען אַרומצונעמען — אויך נישט דאָס קינד. צו מאָל פלאַמען אירעביינער, ווי טרוקן האָלץ.

די קינדערלאָזע מוטער האָט געפילט, זי איז אַרויס, נאָר מיט אַן אויגנבליק צו שפּעט, פון די ליידיקע יאָרן. זי האָט זיך געריסן אים צוריקצוכאַפּן. צו מאָל האָט זי זיי נאָך דערשפּירט פאַרשלאָסן אין זיך, די פּרויען־זאַפּטן; זיי פליסן פריש, מיט סוד. אַלץ בלייבט אָבער אין איר פאַרמאַכט, פאַרבאָרגן, געצויגן אַריין.

געוויסע טעג, ווען זי האָט, אַ געשפּאַנטע, איצט נישט גערעדט מיט איר מאַן, וואָס אַלץ ביי אים איז אין דרויסן, אָפן; אינעווייניק איז ער ליידיק.

ער האָט זיך אַרומגעדרייט אַ פאַרשוויגענער. ער האָט פלוצעם, אויף דער עלטער, דערפילט דעם עול פון פּרווילעכער מאַנונג. ער שטייט אַן אויסגעדרעגטער קעגן איר. אין זיין אומבאַהאָלפנקייט האָט זי אים איצט אויסגעזען, ווי אַן אומגעזעטיקטע בעריכע, וואָס האָט אויף אים זיך פאַרלייגט. ער דרייט נעבן איר זיך אַן איבעריקער, אַ פאַרשולדיקט יינגל.

געוויסע טעג, ווען ער האָט געוואָלט אַרומרינגלען זי מיט גוטס; אַרויספירן זי פון דער פאַרמאַכטקייט — אין דרויסן, אויף דער ליכטיקער שיין. זיי זענען ביידע געגאַנגען, און מיט אַ מאָל האָט זי דערשפירט, ער אַליין איז אַ קינד, אַ הילפלאָז קינד, וואָס דאַרף שוץ. זי האָט אים אַ גלעט געטאָן. זי האָט געזען, ווי ער צעוויינט זיך; ער וויינט הויך אויפן קול, ווי אַן אַלט, גרויס קינד.

נאָך זיין שמועס מיטן פראַנצויזישן סטודענט האָט ש. געוווּסט, ער טאָר נישט אַליין אַראָפּציען דעם קאָפּ אונטער דער ערד, פאַרשווינדן צוריק אין דער אייביקייט. נישט ער האָט עס אַרויסגעשטעקט פון איר דעם קאָפּ, נאָר דורות אויף דורות האָבן אים געשטופּט אַהער. ער האָט דערזען אַן אומענדלעכע שורה: שטופּערס ביזן אָנהייב — איינער הינטערן אַנדערן. די הינטערשטע פאַלן צוריק, נאָכן אַרויסלאָזן די ווייטערדיקע. איצט איז אַלץ אָפּגעפאַלן. ס'איז זיין ריי. ער האָט אָבער נישט קיין מאַכט אין זיך. צו שטופּן ווייטער אויף פאָרויס. ביי אים האָט עס זיך אָפּגעשטעלט.

ער איז איצט געלעגן אויף דער וועראַנדע — זיין בעט צווישן די אַנדערע בעטן. איין לאַנגע שורה — איינס נעבן אַנדערן. אַלע — שטיל, פאַרטראַכט אין זיך, ווי פאַרדרימלטע. אַ באַרגווינטל אין דער מילדער זון האָט קיל זיי אַרומגעהילט,

געגלעט די גופים, געלופטערט די ווייסע ליילעכער. קיינער האָט נישט געוואָלט איבעררייסן דאָס רויִקע נידערן אין זיך. ביי אַלע זענען די אויגן אויך געווען איבערגעדעקט, פאַרצויגן מיט די ווייעס. ער האָט זיי געהאַלטן אָפן. דאָס ווינטל האָט זיי געווישט. ער האָט געקוקט צו דער צווייטער זייט. דאָרט איז געלעגן זיין „שוועסטערל” אָן די דלאָניעס, אויך פאַרמאַכט די אויגן, ווי זי וואָלט אונטער זייער צודעק נאָך אַלץ זי איבערגעחלומט, דיווירקלעכקייט. ער האָט געזען, זי ליגט מיטן אָפגעדעקטן שמאָלן בויך אַרויף. דער בויך איז ביי איר וואַך.

ער האָט ווייטער געצויגן דעם פריערדיקן געדאַנק: אויך זי דאַרף זיין איינע אין דער ריי שטופערס אויף פאָרויס. עס איז אים איינגעפאַלן, ביי איר מין גייט דאָס דורך די בייכער: בייכער פלאַצן פון זיך אַרויס אויף פאָרויס בייכער. איינער אַזוי דעם אַנדערן — אַ בויך נאָך אַ בויך. זי איז אַרויס פון איינעם; איצט דאַרף פון איר אַרויס אַ בייכל, וואָס וועט אַרויסלאָזן נאָך איינס, אַ ווייטערדיקס. אויך ער אַליין איז אַזוי אַרויס. פון אים אַליין גייט אָבער גאָר נישט אויף פאָרויס.

ש. האָט געפילט, ער דערטראַכט זיך צו דער רגע פון זיין אייגן באַשאַפן ווערן. ער האָט פריער דאָס קיין מאָל אויפן געדאַנק נישט געבראַכט. ער האָט איצט אויך געוואָלט דאָס אָפשטופן. ווען איז דאָס געווען, ווען ער האָט פון גאָרנישט אַרויס אָנגעהויבן ווערן? אין דער רגע פון שטילן אַליין זיין פון פאָטער און מוטער, זייער אַליין בלייבן אין דער וועלט — איז ער פלוצעם געווען. אין דעם גאָרנישט איז ער שוין געוואָרן. צי האָבן זיי אין זייער רגעדיק זיך אויסלאָזן, דערשפירט דעם אויגנבליק פון זיין זיין צווישן זיי, און זייערע גופים זענען געבליבן פאַרשטילט? צי האָט דאָס דער פאָטער, אויסגעצויגן, מיטן קאָפּ אַראָפּ, זיך שוין געבוקט פאַר אים, ווי איבער אַ הייליקייט — איבערן לייב פון דער מוטער? ער האָט געוווסט, די ווייסע סודותדיקייט פון דער דאָזיקער רגע איז אַלץ פאַרהילט אין דער צימער־פינצטערניש פון יענער ווייטער נאַכט. ער וועט קיין מאָל זי נישט אויפלייזן.

ער האָט דערפילט, ער פאַרהאַלט איצט אין זיינע אינגעווייַדן די אַלע, וואָס שטייען און וואַרטן נאָך אים. זיי ווילן אין אַזעלכע רגעס אַרויסשטעקן די קעפּ. זיי רייסן זיך פון זיינע לענדן. ער איז זייער טיר; דורך אים ווילן זיי אַרויסשפּרינגען. ער האַלט אָבער פאַרשפאַרט פאַר זיי דעם אַרויסגאַנג. ער האָט דערזען יענע אַלע קעפּ און פנימער, וואָס שטופן זיך. אַלע זענען זיי אין זיין און אין גאָטס געשטאַלט. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז לויט דעם יידישן גאַנג, וועגן וועלכן ער האָט געפּרעדיקט פאַר דעם פראַנצויזישן סטודענט, איז אויך ער אַ מאבד עצמו לדעת. ער האָט פאַר יענע פאַרשטעלט דעם וועג, פאַרמאַכט פאַר זיי די טירן און לאָדנס. ער איז אַ פילפאַכיקער זעלבסטמערדער און אומברענגער: ער דערטרינקט אין זיך די אַלע, וואָס קלאַפּן אינעווייניק אין זיינע טויערן, ווילן אַרויס.

ש. האָט זיך אָפּגעגעבן חשבון, אין די בייכער פון די אַלע יידישע מיידלעך דאָ, שווימען אַרום, ווי פישלעך, די קינדער אונדזערע. זיי וועלן ווען אַרויס. אַ שאָד אָבער יעדער טאָג, וואָס זיי בלייבן פאַרחתמעט. די, וואָס קומען איצט נישט אַרויס, זענען שוין פאַרפאַלן. שפּעטער וועלן קומען אַנדערע, וואָס וועלן זיי איבעריאָגן. זיי בלייבן פאַרלוירן אין וועג.

ער האָט דערזען פון דער ווייטנס די העלע האַלענדערין. אויך זי ליגט מיט פאַרמאַכטע אויגן — אַ געשלאָסענער פולער אַקוואַריום. מיט זיינע בליקן וועקט ער אין איר די פאַרדרימלטע דורות. ער רודערט זיי אויף אין איר. יעדעס יאָר, וואָס גייט פאַרביי, שטאַרבט איינס אָפּ אין איר. אויב זי וועט זיי נישט אַרויסלאָזן פון זיך — קאָנען זיי אינעווייניק זי פאַרסמען. ער האָט געוווּסט, דאָס וואַרט זי דאַרט אויף אים. אויך איצט וואַרט זי. ער און זיינע ברידער האָבן אין זיך די שליסלען צו אירע דורות. זי איז פאַריאושט פון זייער נישט קומען. זי פאַרמאַכט די אויגן און ס׳בלייבט אונטער זיי ליידיק. זיי קומען נישט. קיינער איז נישטאָ.

ער האָט געוואָרט זי זאָל עפענען די אויגן און באַהעפטן זיך מיט זיין בליק. זי האָט אים אָבער נישט אויפגעכאַפּט. אירע ווייס זענען געווען אַראָפּגעהאָנגען. זיינע בליקן זענען געבליבן לער אין דער לופט, ליידיק, ווי ביי הוצאת זרע לבטלה. ס׳איז אים איינגעפאַלן, זי וויל מער נישט זיינע בליקן. זי פילט זייער ליידיקייט. גאָר נישט ווערט נאָך זיי נאָכגעצויגן, ווי ער אַליין וואָלט געווען אַ לערקייט. זי ליגט אַנטקעגן אַ פולער, געשלאָסענער קנאָספּ. ער קאָן איר גאָר נישט געבן.

ער האָט געוואָלט זיך טרייסטן: און אפשר איז גלוסטיקער פאַר די רייפע קנאָספּן תמיד בלייבן נישט צעעפנט, געשלאָסן זייערע בעכערס? דאָס איז זייער שכר פאַרן נישט אַרויסלאָזן זייער פרוכט — איינהאַלטן אין זיך די שלימות, ביזן וועלקן.

ש. האָט איצט געבעטן, צוריק אים אַריינפירן אין צימער. זשאַנין האָט מיטן בויך פאָרויס, געשטופּט דורך די טירן זיין בעט אויף די רעדלעך, צוריק אין צימער אַריין. זי האָט געקוקט ווייט, אַריבער אים. עס האָט אים געדאַכט, ביז היינט האָט זי אַלץ נישט געזען זיין פנים. זי דערקענט זיי, די קראַנקע מענער דאָ, לויט די נאַקעטע פיספינגער, לויט זייערע גופים און אָרעמס, לויט דער מוסקולירטקייט פון זייערע בייכער, און לויט די ריחות פון זייער הויט — אָבער נישט לויט דער באַזונדערקייט פון זייערע פנימער. זי הערט אויך נישט די טענער, וואָס ברומען פון זיי אַרויס.

נאָך אַ שטיק צייט זיין אַליין אין צימער, ווען ער האָט געפילט, ער דרימלט איין, האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר. עס איז געווען די קוליע פון שווייצער אונטעראָפיצער. יענער איז ווידער געקומען פרעגן אים, פאַר וואָס די יידן האָבן געלאָזט אומברענגען זיך. וואָס אַ מאָל קאָן ער דאָס ווייניקער באַנעמען. לעצטנס טראַכט ער וועגן דעם פיל. צוליב דער קללה פון דער יידישער פּרוי, קאָן ער מער אין גאַנצן נישט שלאָפן אין די נעכט. ער האָט אויך מורא איינצושלאָפן. זי רייסט זיך אַריין אין זיינע חלומות. ווערט ער נאָר איינגעדרימלט — איז זי שוין דאָ. זי זעצט זיך אין אים, און נעמט איר נקמה. זי בלאָזט אויס פון אים יעדעס ביסל רו. ער וויל זי איבערבעטן, פאַלן איר פאַר די פיס, קניען, טענהן: ער איז דעמאָלט געווען יונג, נאָך אַ ייִנגל, וואָס אַ באַפעל איז פאַר אים הייליק. נאָך און נאָך וויל ער זאָגן, אָבער זי לאָזט אים גאָר נישט אַרויסרעדן. דאָס קול ווערט ביי אים אַנטפאַלן. עס הייבט זיך נישט אַרויס. ער שרייט אָן אָן עכאָ. פּראָפ. ראַליער האָט שוין באַפוילן אים, צו שלאָפן ביי טאָג, ווען ס׳איז ליכטיק. ער האָט דאָס געפּרוּווט, נאָר ער קאָן נישט. טייל מאָל פילט ער, אָן איר קאָן ער שוין נישט זיין קיין איין טאָג. ער שפּירט, ער וואַרט אויף דער נאַכט; ער וואַרט אויף איר, ווי אויף אַ הייליקער.

דער אונטעראָפּיציר האָט אַ שמייכל געטאָן: איר פּנים זעט באמת אויס, ווי פון אַ מאַרטירערין. עס איז אויף אייביק פאַרבליבן אין אים, ווי אין די רגעס פון איר קללה. ער מוז מודה זיין, עס איז אים גוט, ווען איר ווינט בלאָזט אין אים אַרום. אָפט פילט ער, נישט ער פאַלט פאַר אירע פיס, זי איבערצובעטן, נאָר דאָס קניט ער פאַר איר. צו מאָל דאַכט זיך אים, איר לעבן איז געבליבן אין אים. עס האָט זיך באַהאַפטן צו אים. און נישט בלויז זי פילט ער אין זיך, נאָר אויך אירע צוויי קינדער. אָפט הערט ער זייערע קולותלעך, זיי פייפן דין אין דעם ווינט אין אים. אַ סך מאָל איז זי גוט צו אים. זי וויל זיין זיין געטין, זיין באַפעלערין; ער זאָל דינען צו איר. אין אַנדערע נעכט איז זי צאָרנדיק, בייז, ווי זי וואָלט וועלן אים דערשטיקן. ער איז זיכער, זי וואָלט דאָס געטאָן, נאָר דעמאָלט וואָלט אויך זי אומגעקומען אין אים. ניין, ער קאָן שוין מער נישט בלייבן אָן איר, און אויך נישט אָן די קינדער. עס דאַכט זיך אים צו מאָל, זיי זענען זיין משפחה. ווען זיי פאַרלאָזן אים — בלייבט ער אַליין.

שפּעטער האָט דער אונטעראָפּיציער געפרעגט ש.יבען, וואָס עס וועט ווייטער זיין מיט די יידן; פאַרוואָס זענען זיי נישט עפּעס צו טאָן? עס קאָן דאָך נישט זיין, די פעלקער זאָלן תמיד, צוליב זיי, געשטעלט ווערן פאַר אַ נסיון, און תמיד אים נישט בייקומען, נאָר געשטרויכלט ווערן. די יידן דאַרפן דאָס פאַרמיידן. אַנדערש — וועלן זיי זינדיק מאַכן אַלע. עס וועט שווער זיין צו פאַרטראָגן — אַלע וועלן ווערן קינס.

ער האָט געוואַרט אויף אַן ענטפער. פּלוצעם האָט ער זיך אומגעקערט אויף צוריק. ער האָט אַרויסגעזאָגט: איך פיל איצט, ווען איך דערשטיק זי אין מיר — דערשטיק איך זיך אַליין. זי איז געוואָרן מיין אָטעם. אָן איר קום איך אַליין אום.

זייער שמועס האָט איצט איבערגעריסן זשאַנין. זי האָט געגעבן דריי פּויק אין דער טיר. זי האָט זי צעעפנט און אַריינגעפירט דאָס בעט מיטן פראַנצויזישן סטודענט. מען האָט געזען, זיינע ברעמען זענען שטאַרק אויפגערודערט. ער האָט גלייך גענומען רעדן. ער האָט געזאָגט, ער קאָן איצט נישט שלאָפן אין די נעכט. לייבלס בריוו נעמט פון אים אַוועק די מנוחה. עס האָט זיך געשאַפן אַ לאַגע נישט צום פאַרטראָגן: דורך זיין ריינער ליבשאַפט צו אַ צווייטן; דורך העכסטער פאַרשטענדעניש צווישן צוויי מענטשן — איז ער פּלוצעם געשטעלט געוואָרן פאַר אַ גוראַנגל מיט זיך אַליין. צום ערשטן מאָל איז עס, ווי ער ווערט צעשפּאָלטן אין צווייען. פון איין זייט, איז מענטשן־ליבשאַפט — דער טרוים פון אחרית הימים; פון דער אַנדערער זייט — גלייבט ער איצט לייבלען. עס קומט אויס אַזוי אַרום, ער איז גאָר אַן אומבּרענגער פון אַן אַלטן שטאַם, וואָס ראַנגלט זיך און וויל נישט אונטערגיין.

אויך ער פאַרשטייט איצט, די מויערן צווישן פעלקער טאָר מען נישט אומוואַרפן דורך פאַרלירן דעם שוואַכן. אָבער וואָס איז די עצה פאַר אים אַליין? וואָס זאָל ער טאָן? ער קאָן איצט נישט לאָזן זי אַליין, דעם רבס טאָכטער. איר עלנט איז אַריין אין אים. ווען ער לאָזט אים אַרויס — בלייבט ער אָן אַ נשמה.

דער פראַנצויזישער סטודענט האָט געזאָגט, ער פאַרשטייט איצט פאַר וואָס די פעלקער ווילן נישט האָבן די יידן צווישן זיך. זיי נעמען, די יידן, ביי זיי אַוועק זייער רו. זיי דערמאָנען זיי, דער מענטש דאַרף זיך אָפּהיטן יעדע רגע, נישט

געשטרויכלט צו ווערן; דורך באַגעגענען יידן, זעט מען, אַז די ביבל איז נישט בלויז אַן אידעע אין די ביכער, נאָר אַ טאָג־טעגלעכער עול. כל זמן יידן לעבן — איז גאָט נאָך נישט איינגעבאַלזאַמירט אין די אַלטע בלעטער, נאָר ער שטייט איבערן מענטש. אַן אייך וואָלט גאָט געבליבן אַ הימלישער איינוווינער — אָפּגעשיידט, נישט צום דערגרייכן. ביי אייך איז אמונה, רעליגיע — אַ לעבנס־שטייגער. כדי אונדזער גלויבן זאָל זיין ווייט, לעגענדע — מוזט איר פאַרשווינדן; בלייבן, ווי גאָט, בלויז אין תנ״ך.

ווען זיי זענען אַוועק, האָט ש. ווידער זיך גענומען אַריינקוקן אין די אַלטע ספרים. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז יידן זענען טאָקע געווען אַ פאָלק בלויז פון פריסטער — אַ ממלכת כהנים וגוי קדוש. ס׳איז אים איינגעפאַלן, אפשר דאַרף ער שרייבן — באַשרייבן די געשיכטע פון זיין פאָלק; פון די יידן, וואָס זענען געגאַנגען צווישן די פעלקער, ווי אַן עדות פון גאָטס זיין אויף דער ערד. זיי ווילן מער נישט דעם עדות — דעריבער מוז ער פאַרשווינדן.

ער האָט גלייך זיך צוריקגעכאַפּט: אַן עדות מוז אָבער תמיד בלייבן. אָן אַן עדות קאָן ער, דער באַשאַף, קיין קיום נישט האָבן; דורך אומברענגען אונדז — ברענגען זיי אום זיך אַליין. דער נס פון אונדזער בלייבן איז אַזוי אַרום אויך זייער נס.

ש. האָט זיך פאַרטראַכט וועגן דער באַשערטקייט פון זיין פאָלק. זי איז ווי די באַשערטקייט פון דער געטויטעטער פרוי, דער דיבוק, אין דעם אונטעראָפּיצער. מיר זענען דער דיבוק אין דעם גוף פון די פעלקער. ווען דער דיבוק הערט אויף אָטעמען — גייט אויס און פאַלט דער גאַנצער גוף. עס איז שווער מיט אים און נאָך שווערער — אָן אים.

אַ רגע איז אים קלאָר געוואָרן, דאָס האָט אפשר דער לאַנגער גלות אַזוי געלייטערט, וואָס אַ מאָל מער, זיין פאָלק. ביי די פעלקער אַרום, וואָס זיצן פעסט אויף זייער ערד, לאָזט מען גאָט אויבן; אין הימל, וואָס איז הויך איבער זייער ערד פון אונטן. זיין ממשותדיקן אָפּבילד פאַרמאַכט מען אונטן אין די קירכעס — אַרויסצונעמען אים בלויז אין מינוטן פון יום־טוב. אַ גאַנצן גרויען טאָג בלייבט ער אָפּגעזונדערט. די יידן אָבער, טויזנטער יאָר ווייט פון ערד — האָבן אויך דעם בית המקדש, די קרבנות, די קולטן — אָפּגעריסן פון יעדער ערדישקייט; זיי האָבן זיי אַריבערגעטראָגן אין די לויטערע ספערן פון גלויבן, אין דעם עתיד פון מלכות שדי. גאָט אַליין אָבער האָט מען מיטגענומען. מען טראָגט אים אין זיך — אין יעדן טריט פון אונדזער לעבן.

ער האָט פּלוצעם באַנומען, אַז דער אונטערשיד צווישן יידן און די אַנדערע פעלקער, איז אפשר נאָך אַ דויערנדיקערער: בעת זיי, די פעלקער, לעבן יעדע צייט אין איר איצטיקייט, מיט איר היינט, אָפּגעהאַקט פון איר פריער און נאָכדעם — לעבן מיר אים, יידן, יעדן טאָג, אין זיין געשיכטלעכן דויער; די געשעעענישן פון יעדער רגע זענען ביי אונדז אַ רינג אין דער קייט פון ווייטן אַמאָל, און פון סוף פון די טעג, פון אחרית הימים. מיר, יידן, זענען אַן עם עולם, אַ פאָלק מיט היסטאָרישן גאַנג. די היסטאָריע ציטערט אין אונדז און יעדן האַרצקלאַפּ פון אונדזער טעגלעכן קיום — פון אונדזער קינדהייט, ביז אונדזער פאַרגייען, ווען מיר גיבן זי איבער, די קייט, ווייטער, אין די הענט פון אונדזערע קינדער.

ער האָט געזען, יעדעס געשעעניש מיט אונדז, און מיט דער וועלט אַרום, שפּיגלט זיך אָפּ אָט אין דעם, אין דעם דויערנדיקן רינגעלע אין אונדז. מיר זענען צו איר צוגעבונדן, צו דער היסטאָריע; מיר לויפן נאָך איר, און זי, צוגעבונדן — נאָך אונדז. ער האָט געוווסט, דאָס איז אפשר דער טעות צווישן אונדז, און די פעלקער אַרום — אין יעדן טאָג פון אונדזער טרעפן זיך מיט זיי. מיר רעדן מיט זיי די אייגענע רייד, אָבער בעת זיי זעען אין זיי, אין זייערע ווערטער, דעם איצט, דעם טאָג, וואָס פאַרלויפט — קלאַפּט אין יעדן וואָרט אונדזערן — אונדזער געשיכטע, די געשיכטע פון דעם ערשטן טאָג פון אונדזער דויער, ביז אים, דעם אחרית הימים. ווי מיט בלינדע, פאַרשטייען מיר זיך נישט מיט זיי, און וועלן אַזוי אַרום קיין מאָל שוין מיט זיי זיך נישט פאַרשטייען. מיר זענען אַ היסטאָריש פאָלק צווישן די פעלקער, און דאָס איז אייגנטלעך אונדזער אויסדערוויילטקייט צווישן זיי.

ער האָט זיך געכאַפּט, אַז דאָס איז ער, דער באַדייט, פונעם „אתה בחרתנו" — דו האָסט אונדז אויסדערוויילט צווישן די פעלקער.

באַלד האָט ער באַגריפן, אַז אָט דאָס, אונדזער היסטאָריש אַרומדרייען זיך אויף דער ערד, איז צוליב דער תורה, די ספרים, מיט וועלכע מיר טראָגן זיך אַרום די טויזנטער יאָרן. מיר נעמען זיי מיט זיך אין יעדן נייעם וואַנדער אונדזערן. מיר שלעפּן זיי איבער אונדזערע אַקסלען — פון מדינה צו מדינה. זיי זענען אין אונדז, די ספרים — פון אונדזער געבוירן, ביז אונדזער שליסן די אויגן. זיי פירן אונדז, יעדן טאָג, איבער יאָרהונדערטער און תקופות הינטער אונדז, און פאַרבינדן אונדז מיט די ווייטערדיקע טעג, מיט די ימות המשיח.

ער האָט פאַרנומען: זיי, די פעלקער, האָבן זי, די היסטאָריע, בלויז פאַר זייערע פאָרשער, פאַר די מלומדים; נישט אָבער פאַר זיך, פאַר יעדן וואָס איז געבוירן אין זייער פשוטער געשטאַלט. ביי אונדז אָבער איז זי, די תורה, די געשיכטע אונדזערע, פול אין יעדן איינעם פון אונדז. זי טראָגט אונדזער געמיט און מאַכט שטעלן אונדזערע טריט איבער דער ערד.

מיט אַ מאָל איז אים באַפאַלן אַ מורא: זיי, די געלייטערטע, דורותדיקע יידן, זענען דאָך איצט אַלע מער נישטאָ. די געבליבענע, אָט די מיידלעך און קינדער, קאָנען דאָך זיך אומקערן פון דאָס ניי צום אָנהייב, צו די אורטעג, איידער יידן זענען געוואָרן צו אַ פאָלק; צו די ערשטע זוכענישן. ווער וועט זיי לערנען; ווער וועט זיי פירן?

באַלד אָבער איז אים קלאָר געוואָרן, אַז מיט אָט דער געלייטערטקייט האָבן מיר אָנגעהויבן אונדזער געשיכטע, נאָך אין אונדזער קינדהייט; שוין אונדזער אורפאָטער האָט דאָך אַנטדעקט אונדזער גאָט, דעם גאָט, וואָס מען טראָגט אים יעדע רגע — נישט מיט זיך, נאָר אין זיך. אויך אויף אונדזער ערד איז זיין געשטאַלט געווען, נישט אַנטקעגן אונדז, נאָר אין אונדז. מיר זענען אין איר געבוירן.

ש. האָט באַשלאָסן, זיך אַוועקצוזעצן און שרייבן די געשיכטע פון זיין פאָלק, פון זיין וועג צווישן די פעלקער, זיין גאַנג דורך זיי; אַ נייע געשיכטע, געזען אין ליכט פון די טאָלן, פון זייערע שרפות אין די נעכט. דאָס וועט זיין אַ געשיכטע פאַר קינדער, וואָס וועלן נישט האָבן וועמען צו פרעגן; אַ געשיכטע — אָן א. ב.

נישט אַ געשיכטע געשריבן כלפּי חוץ, מיטן פּנים צו די פעלקער, נאָר אַ געשיכטע כלפּי פּנים — געשריבן פאַר אונדז, פאַר אונדזערע דורות, וואָס מיר טראָגן זיי נאָך אין זיך, אינעווייניק. נישט פאַר פרעמדע אין דרויסן — פאַר זיי האָבן מיר נישט וואָס זיך צו פאַרענטפערן; זיי האָבן מיט אונדז געשלאָסן דעם חשבון ביזן סוף: זיי האָבן אויפגעגעסן יעקבן, אים פאַרצערט — נאָר אַ געשיכטע פאַר אונדזערע אייגענע קינדער. און עס וועט זיין, זיי וועלן — וועלן פרעגן, וואָס איז דער דאָזיקער דורותדיקער אומקום צו אונדז, און זיי וועלן נישט האָבן וועמען צו פרעגן — זאָלן פאַר זיי זיין אָט די דאָזיקע בלעטלעך, כדי זיי זאָלן קאָנען זיך שטאַרקן; האָבן כוח ווייטער צו גייען. וויסן זאָלן זיי: נישט ווייל מיר זענען געווען די מינדסטע צווישן די פעלקער, האָבן זיי זיך פאַרמאָסטן אונדז אומצוברענגען, נאָר ווייל —

ווייל — אונדז האָט גאָט אויסדערוויילט צו טראָגן זיין נאָמען צווישן זיי.

ער האָט זיך דערמאָנט וויפל ימים חכמה עס זענען פאַרלוירן געגאַנגען מיט די יידן, וויפל תורה און מידות; וויפל אַלטע געלייטערטע גוטסקייט, לעבנס־שטייגער און נסיון האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך. אַלץ איז, ווי אין אַן אויפציטער פון גאַנצן ערדקיילעך, איבערגעקערט געוואָרן. עס איז מיט זיי אַראָפּ, און צוגעדעקט געוואָרן מיט דער איבערגעדרייטער ערד.

ער האָט באַשלאָסן, זיך אָנועקזעצן, קלייבן, אויפזאַמלען, פאַרצייכענען מיט זיין פעדער, דערציילן; אין די נעכט אויפזיין, ביים שיין פון אַ ליכט, און זיי ציען די געשיכטעס, באַלייכטן זיי, זיך זיי קלאָר מאַכן און צוקומען צו זייער תמצית.

ער האָט פּלוצעם דערפילט אין זיך, ס'איז אים קלאָר געוואָרן, אַז אייגנטלעך איז דאָס זיין שליחות, צוליב דעם איז ער אפשר געבליבן. דאָס באַפעלט מען אים. ער האָט זיך געכאַפּט, אפשר איז דאָס דער טעם — נישט בלויז פון זיין בלייבן אייניער אַליין פון צווישן אַלע זיינע נאָענטסטע, פון זיין עדה אַרום, נאָר אויך דער זין פון זיין קראַנקייט, פון זיין ליגן דאָ אָפּגעזונדערט אין דעם שטיבל איבער די באַרג־הויכקייטן. אפשר איז ער אויסדערוויילט געוואָרן דערצו. ער וועט זי באַשרייבן, די געשיכטע פון זייער קיום, און פון זייער פאַרגאַנג.

ש. איז איצט אויפגעזיצן אין די נעכט אין בעט. ס'האָט אים געדאַכט, ער איז דער לעצטער ייד, וואָס איז געבליבן. אויף זיין רוקן הויערט, ווי אַן עול, די שליחות, צו דערציילן פאַר ווייטער די טרעפונגען פון די פאַרגאַנגענע טעג. דאָס נאַכטהעמד אויף אים האָט איצט אויסגעזען, ווי אַ קיטל. ער איז געזעסן מיט אַ געגדזענער פעדער אין האַנט, און ביים ליכט־פלעמל זי געצויגן איבער אַ לאַנגן, ווייסן בויגן. דאָס פּאַפּיר האָט דין געקנאַקט אונטער זיינע פינגער און ער האָט געשריבן שורה נאָך שורה. ער האָט נישט געשפּירט, אַז ער איז שוין אין מיטן פון ערשטן בויגן, דאָס בלעטל פילט זיך אָן. ער האָט אויך נישט געדענקט די רגע, ווען ער האָט אָנגעהויבן; ווי די ערשטע שורה, דאָס ערשטע וואָרט, האָט זיך אַרויסגעשריבן. דער פעדערשפּיץ האָט פּאַמעלעך סקריפּנדיק זיך געררוקט ווייטער. ער האָט זי געפירט שורה אונטער שורה. ער האָט געפילט, עפּעס אין אים האָט זיך געעפנט, עס פליסט אַליין.

אַ רגע האָט ער זיך פֿאַרהאַלטן. ער איז ווי דער לעצטער סופֿר פֿון זיין צייט. ער דאַרף אַלץ פֿאַרחתמענען פֿאַר דער צוקונפֿט. אויב נישט ער, וועט קיינער נישט זיין דאָס צו טאָן.

ער האָט זיך דערמאָנט, דאָס זעלביקע איז שוין נישט איין מאָל געשען אין דער געשיכטע פֿון זיין פֿאָלק. פֿאַרבליבענע יידן האָבן געמיינט, זיי זענען די לעצטע, אַרום איז ליידיק. זיי האָבן דערהערט אין זיך דעם רוף צו פֿאַרשרייבן די קורות הימים.

דער זכרון האָט פֿאַר אים אַרויסגעבראַכט די געשטאַלט פֿון יוסף בן מתתיהו הכהן, פֿון די לעצטע פֿון ירושלים. וויט, אין רוים, אין דער אַרומיקער שטילקייט פֿון פּרעמדע פּאַלאַצן, ווען ער האָט געמיינט, אַלץ איז געענדיקט — האָט ער זיך אָוועקגעזעצט באַשרייבן די פֿאַרגאַנגענהייט פֿון זיין פֿאָלק. אַ דאַנק אים, איז פֿאַר אונדז פֿאַרבליבן דאָס רומרייכע קאַפּיטל יידישע גבורה אין מצדה, פֿון דעמאָלט ווען ס'האָט זיך פֿאַרענדיקט די תקופה פֿון אונדזער מלכות.

באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, ווי קאָן ער פֿאַרגלייכן?! יוסף פֿלאַוויוס, דער כהן, האָט זיין געשיכטע געשריבן פֿאַר דעם שונא, וואָס האָט חרוב געמאַכט זיין פֿאָלק. ער איז געווען זיכער, אַלץ איז אויס, האָט ער פֿאַר די פֿעלקער געוואָלט לאָזן בלויז זייער אָפּקלאַנג. ער אָבער שרייבט, נישט פֿאַר פֿרעמדע, נאָר פֿאַר אייגענע, פֿאַר די, וואָס ער גלייבט, זיי וועלן נאָך קומען נאָך אים.

ער האָט אַ שמייכל געטאָן: זיין שרייבן דאָ איז אַ צייכן, אַז אויך פֿלאַוויוסעס בלעטלעך זענען נישט געבליבן אין זייער אויסזיכטלאָזן עלנט. דער ריזיקער געטויטער גוף האָט שפּעטער דורך דורות ווידער אויפֿגעאָטעמט. אַזוי אויך ווייטער, נאָך יעדן חורבן, דורך די טויזנטער און הונדערטער יאָרן. נישט מיט מצדה און נישט מיטן אַנדערן אומברענגען, האָט ער זיך נישט אויסגעלאָזט. דאָס ווידער אויפֿשטיין איז יעדעס מאָל געווען — אויך וויט פֿון ירושלים. נישט יוסף און נישט די אַנדערע זענען געווען די לעצטע סופֿרים.

ער איז דורך די נעכט איצט אויפֿגעוועקן, געזעסן אין בעט, אין דער אַליינקייט. בלויז דאָס פֿלעמל־ליכט האָט אויסגעטיילט זיין שאָטנדיקע געבויגנקייט. אַ העלער נעפּל האָט אַרומגענומען זיין קאָפּ, זיך אויסגעשפּרייט, אַרומגעקרייזט דאָס פּאַפּיר מיט שאָטנדיקע ראַנדן. אין דער שטילקייט האָט זיך געהערט זיין שפּיץ פֿעדער זשומען איבערן פּאַפּיר, ווי אַ זיך רוקנדיקע בין. די קליינע בין האָט אים אויך געררוישט אין מוח. ער האָט געפֿילט, ער זיצט, פֿאַרשטעקט אין גאַנצן, אינעם געדיכטן נעפּל. עס גלאַנצט אים פֿייכט פֿאַר די אויגן. דאָס פּאַפּיר איז ווייט פֿון אים; די שורות נידערן אַראָפּ, טיף, ווי אין אַן אָפּנקייט פֿאַר אים — איינע נאָך דער אַנדערער. די פֿעדער ווערט לאַנג, זי גרייכט צו זיי, אונטן. ער לאָזט דאָרט אַראָפּ ווערטער. באַלד האָבן די שורות אים זיך אָנגערוקט גאָר נאָענט, האַרט פֿאַר די אויגן. די אותיות זענען ווי גלייך פֿון אים, אַרויף אויפֿן פּאַפּיר. די שורות האָבן זיך אויסגעקרומט, האָבן זיך געבויגן רויט־פֿינקלדיק פֿאַר די אויגן. ער האָט געשריבן ווייטער, האָט זיי געצויגן. ער האָט נישט געוווּסט, צי ער שרייבט נישט איין שורה אַריין אין דער אַנדערער. די פֿעדער איז געלאָפֿן לאַנג, ווי אויפֿן זעלביקן אָרט. אין אים האָט געזונגען. לויטן ריטעם זענען געלאָפֿן די ווערטער, דורכן שפּיץ פֿעדער, גלייך אויפֿן פּאַפּיר; האָבן

אַליין זיך געסדרט, אויסגעשטעלט. דער נעפל האָט אַרומגעהילט צוזאַמען — אים, דאָס פּאַפּיר, מיט דער פעדער. אינעווייניק האָט געראַנגלט דער ניגון, האָט זיך אויסגעגאָסן אין געפּאַרעמטע שורות. די פעדער איז קוים נאָך, כדי אָנצויאָגן. די האַנט האָט אים זיך נישט אָפּגעהאַלטן. ער האָט געשפּירט איין בלאָט איז פול, ביז אונטן אַראָפּ. ער האָט אים געוואָרפן, געלאָזט פאַלן אונטער זיך. די פעדער איז געווען אויפן צווייטן בויגן, האָט אויבן אים באַדעקלט מיט שוואַרצע שורות. זיין קאָפּ איז געווען אונטער זיי. ער האָט זיך געוווּנדערט, אַלץ אין אים איז רויק, געסדרט, דיריגירט אין דעם געפּליין. אין דעם ריטמישן לויף וואָרט יעדעס וואָרט אויף זיין רייע. יעדע שורה שיקט אַרויס פון זיך די ווייטערדיקע שורות, וואָס רוקן אַליין זיך אונטער, און ציען די אַנדערע נאָך זיך.

פון מינוט צו מינוט האָט ער זיך פאַרהאַלטן. עס האָט אים געדאַכט, דער ניגון ציט זיך איין, האַקט זיך אָפּ; ער הערט מער נישט די קלאַנגען; די ווערטער שרומפּן זיך איין, ווילן נישט אַרויס. זיי דערווייטערן זיך פון אים. אויך אַלע ווייטע פאַרבן בלאַסן איין. ער בלייבט אין דרויסן.

באַלד אָבער האָט ער דערפילט, ווי אַ ציטער אויף אַ סטרונע אין זיך. אַ נייער ריטעם האָט זיך געוועקט, אים גענומען אייננזינגען. אָט ווערט אַלץ פאַרוויגט. גלייך האָט עס אים גענומען פירן צוזאַמען מיט דער פעדער איבער די שורות. ער האָט געשפּירט, ער לויפט אויף זיי, ווי אויף שמאָלע לאַנגע וועגן, צוריק צו דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט. ער האָט איצט געוווּסט, נישט ער איז דאָ דער באַפעלער. מען פירט אים צוריק אונטער ביידע אָרעמס. מעגלעך, ער איז בלויז באַנומען. דאָס זעגען די ווערטער לאַנג געלעגן אין אים, איינגעשרומפּן, אויסבאַהאַלטן. איצט האָבן זיי אים פאַרשיכורט, כדי ער זאָל זיי נישט קאָנען אָפּהאַלטן, זיי זאָלן פריי אַרויס. זיי לויפן שנעל, רוקן, וועקן איינע די אַנדערע; פּאַקן און שטופּן זיך. באַלד בלייבט ער ליידיק, מיט גאָרנישט, אָן זיי.

ער האָט געפילט, זיי זינגען פון אים אַרויס, די ווערטער, נישט בלויז דורך דער פעדער, נאָר דורך די אַקסלען, פיספינגער — דורכן גאַנצן גוף. ער האָט געהערט, ווי ער סאַפּעט שווער, ווי אַן אַנדער נפש וואָלט זיך געריסן פון אים אַרויס.

ער האָט געוואָלט זיי אויפהאַלטן אין זיך, הערן אַ רגע, ווי עס יויערט, שפּרייט זיך, לויפט אין אים. ער האָט געוווּסט, ער וועט מער גאָר נישט, נישט איינהאַלטן.

מיט אַ מאָל האָט אים געדאַכט, ער איז זייער האַר. ער באַפעלט איבער זיי. דאָס אַלץ טוט ער. ער סדרט זיי, שטעלט זיי אויס. ער האָט זיי באַהערשט. ער פירט זיי. ער האָט געוואָלט אַ שמייכל טאָן. ער האָט געשפּירט, ער קומט פון אים אַרויס בלאַס.

ש. האָט געוווּסט, עס זיצט אין אים אַ פרעמדער כוח; ער איז זיך צעוואָקסן און איז גרעסער פון אים. ער פילט אים אָן. ער בייגט און דריקט אים אַראָפּ דעם גוף. ער האָט מורא געהאַט, עס זאָל אים נישט אויפרייסן פון אינעווייניק אַרויס. זיין גוף אַרום קאָן זיך צעפאַלן, ווי ווענטלעך. דער כוח וועט ליגן אָפּגעדעקט, אָפן. ער אַליין וועט בלייבן ביי יענעמס פיס.

ער האָט אָבער געשפּירט, ווי ווידער וועקן זיך אין אים זיינע אייגענע קלאַנגען.

ער טראָגט זיי אין זיך פון קינדערווייז אָן. דאָס איז דער ניגון פון זיינע עלטערן. דעם ניגון האָט ער איינגעזאַפּט פון אַרומיקן חלל אין אַלע טעג פון זיין גיין איבער דער ערד. זיינע אויערן האָבן אים שאַרף דערהערט פון די ווייטקייטן. אַלע יאָרן האָט ער זיך אָפּגעזעצט אין אים. איצט הייבט ער זיך און פליסט דורך אים אין זיינע שורות אַריין. ער אַליין איז אין גאַנצן פון אים פאַרכאַפּט. ער הערט די געזאַנגען פון די ווייטע צייטן אין זיך. עס פליסן פון אים אויך די פאַרבן מיט וועלכע זיין אויג האָט זיך אָנגעזעטיקט אין דער אויפגעליכטיקטקייט פון אַלע זיינע טעג. זיי האָבן אַלע זיך געלייגט אין אים, דורך די יאָרן, מיט דער קאָלירן־שאַרפקייט פון רעגנבויגנס. איצט הילן זיי זיך פון אים אַרויס, ווי נאָענטע נעפּלען אין די פיל פאַרבן.

און צווישן די אַלע קלאַנגען, עכאָס און טיפע קאָלירקע פּייסאַזשן גייען זיי, די דורות פין זיין פאָלק. ער הערט אין זיך דעם אָפּהילך פון זייער גאַנג אויף די ווייטע וועגן; זיי מאַרשירן אין די פאַרנאַכטן אין וועגן, וואָס לאָזן פאַר זיי זיך אַראָפּ; זיי וויקלען זיך אַריין אין די גרוי־בלווילעכע פאַרגאַנגען. אַלע וועגן פון דער וועלט זענען טרויעריקע. זיי זענען קיל און מיט פרעמדע ריחות. זיי אָטעמען פון אים זיך אַרויס. ער דערקענט זיי פון נאָך פריער, פון פאַר זיין יוגנט, די ריחות פון די פרעמדע, שמעקנדיקע פעלדער. זיינע נאָזלעכער האָבן מיט זיי זיך אָנגעטרונקען. איצט הילט דאָס אַלץ אים אַרום; עס מאַכט סאַמעטן־ווייך דעם אינעווייניק אין אים. די ווערטער גליטשן אַזוי אַרום וואַרעם לייכט זיך אַרויס — דורך די קאַנאַלן — פון זיין גוף. דער פרעמדער כוח צעפליסט אין די קלאַנגען, וואָס גייען פון אים אַרויס. זיי שפּרייטן זיך און לייגן זיך שיכור, אין קליינע טאַנצנדיקע שורות, איבערן פּאַפּיר.

ערשט פאַר טאָג, ווען דאָס ליכט האָט זיך אויסגעברענט, און אַ גרויקייט האָט אָנגעפּילט דאָס צימער, האָט זיין גוף, אַ געוויסטער אין העמד, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף הינטער זיך, זיך ווידער אויסגעצויגן, אין דער לענג פון בעט. ער האָט דערפּילט דעם רוקנביין, ווי אויסגעקרומט. ער האָט געדענקט, פּראָפּ. ראַליער האָט אים פאַרבאָטן אויפצושטעלן דעם רוקנביין, אָנצושפּאַרן דעם גאַנצן גוף אין אים. איצט איז ער אַזוי געזעסן אַ פולע נאַכט. דער גוף איז אים איצט אָפּגעגאַנגען אין שווייס, ווי גרייט אָפּצושווימען. ער איז אַזוי איינגעשלאָפן, מיט אַ ליידיקייט אין זיך, ווי אויף אייביק שוין וואָלט פון אים אַרויס דער לעצטער טראָפּן זרע. ער בלייבט פּרוכטלאָז.

ערב דעם יידישן ראש השנה. אין דרויסן איז דאָס מאָל די היץ געשטאַנען אַ בלייך געגליוערטע. נאָר איינצלנע מענטשן האָבן זיך באַוועגט אין די גאַסן, אַלייען. אַלע זענען געווען, ווי אונטער וואַקס, פאַרחתמעט אין די שטובן. די ווייניקע האָבן פויל־צעוואַרעמטע זיך דורכגעשאַרט פאַר די צוגעשפּאַרטע טירן. פאַר די פענצטער־שויבן האָבן געזשומעט און געקלאַפּט מיט די פליגעלעך גרינע, דיקע פליגן פון דער קראַנקנשטאָט. די וועראַנדעס און באַלקאָנען זענען געווען ליידיק. אין זיין קליניק־צימער איז געלעגן דער קליינער ווינער פּראָפעסאָר — מיט פּנים אַרויף. די אויגן פאַרבאַנדאַזשירט. פון אונטער דער ווייסער לייוונט האָט בלייך אָפּגעהויכט זיין דינע נאָז. ווי יידן, אַ מאָל, האָט דער פּראָפעסאָר היינט, אין בעט, געמאַכט זיין חשבון הנפש. ער האָט געדענקט זיין קינדהייט אין ווין. אין די פויל־געפּאַקטע שולן האָבן

יידן געבעטן אויף אַ יאָר פון גוטע גזירות. קיינער פון דער עדה זאָל נישט אָפּקומען, נישט פעלן אין די היימען. אייגער דעם אַנדערן האָט מוחל געווען אַלע עוולות. אין דעם טאָג, פאַר נאַכט, פלעגט זיין פאָטער, יעדעס יאָר, אַרויפלייגן אים די ווייס געשטרעקטע הענט אויפן קעפל, און מיט פאַרמאַכטע אויגן, שעפּטשען איבער אים, בענטשן אים. אויך היינט איז ווין פול, נאָר די יידן פעלן, זענען נישטאָ צווישן אַלע מענטשן אויף די גאַסן. ביי קיינעם אין ווין איז היינט נישט קיין יום־טוב. דער טאָג איז דאָרט וואָכעדיק, רוישיק. די גרויסע סינאַגאָגעס, וואָס זענען געבליבן, זענען ליידיק; ס'איז שטיל אין זיי. ער אַליין ליגט דאָ, דער לעצטער, ווי אַ געבונדענער, אויפגעבראַכט אויף אַ מזבח. שוין צוויי טעג, ווי ער ליגט אויפן בעט, נאָך דעם, ווי מען האָט אים אָפּערירט די אויגן. מעגלעך, טראָפּנס ליכט וועלן ווידער אַריינטריפן אין זיי. דערווייל ליגט ער — דער קאָפּ שווער, אַרומגעשטייפט אין ווייסן. ער איז געבליבן דאָ אַליין. דער גוף — אויסגעצויגן; די הענט אין ווייסע אַרבל — אַראָפּגעלאָזט; די פינגער זיינע פויקן איבער ביידע קאַנטן פון בעט.

דער פּראָפעסאָר האָט געוואָלט וויינען; דער גאַנצער גוף האָט אים געוויינט, נאָר פון די פאַרבונדענע אויגן זענען נישט אַרויס קיין טרערן. ער האָט געוואָלט אַלע מוחל זיין. נאָר ער האָט נישט געהאַט — וועמען; ער האָט נישט קיין שנאה צו קיינעם. ער איז געבליבן דערשראָקן אין בעט, איינגעהערט אינעם דרויסן.

ער האָט געוואָלט בעטן מחילה ביי אנדערע, נאָר פּלוצעם האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער האָט קיין מאָל אין לעבן קיין שום מענטש קיין עוולה נישט געטאָן; ער האָט קיינעם נישט באַזיגט; ער האָט נישט געשפּירט קיין טריומף פון זיג; און אַנדערע נישט — די פאַרשעמונג פון בלייבן מאַכטלאָז לגבי אים. צוליב אים האָט קיינער קיין מאָל נישט געהאַט קיין שלאָפלאָזע נאַכט. ער האָט דערפילט אַ שטאָלץ, וואָס — פאַרקערט: תמיד האָט ער געלאָזט זיך פון אַנדערע באַזיגן.

ער האָט זיך דערמאָנט אין דעם מישלינג. ער איז איר געווען דאַנקבאַר, וואָס זי האָט אים פאַרלאָזט, און נישט ער — זי. ער האָט אין לעבן געהאַט ווייניק דעראָ־בערונגען, ווייניק האָט ער באַגליקט. כמעט תמיד האָט ער נישט דערגרייכט, איז דורכגעפאַלן. ער האָט זיך אָפּגעגעבן חשבון, אַז די ווייניקע באַגליקונגען האָבן גאָר נישט אין אים איבערגעלאָזט; ער איז נאָך זיי געבליבן פּוסט. זיין כמעט תמיד פאַרלירן — איז דאָס איינציקע, וואָס איז אין אים פאַרבליבן, וואָס האָט אים געפאָרעמט. די דורכ־פאַלן האָבן אים געליטערט; אויף זיי איז ער געוואַקסן. זיי האָבן זיין שמייכל געלאָזט אין אים — געצוימט.

אויך איצט האָט ער דערשפּירט אַ בלינדן שמייכל, וואָס ברעכט נישט אַרויס אין דרויסן, נאָר צעגייט זיך אים אינעווייניק.

מיט אַ מאָל האָט ער באַנומען, ווי גוט ס'איז אים ביז איצט אין דער פאַרמאַכטקייט אין זיך. מעגלעך, אַז פון טאָל אָן האָבן אַלע געדאַרפט בלייבן בלינד. עס האָט אים געדאַכט, פון ערשטן דערזען, וואָלט דער שמייכל אויף אייביק אין אים פאַרגליווערט. אַזוי אָבער — איז אין אים — ליכטיק. אַלע לייכטן אין אים. ער האָט פּלוצעם דערפילט די סכנה פאַר וועלכער ער שטייט, ווען די אויגן־שפּעלטלעך וועלן אָנגעפילט ווערן מיט ליכט, ער וועט דערזען אַ מענטש — דאָס ערשטע מאָל זינט די טאָלן. אַ רגע איז

אים קלאָר געוואָרן, אַ זעעוודיקער מוז ווערן זיך אויסברייטערן. עס איז אים באַפאַלן אַ פחד דערפאַר. אונטערן באַנדאַזש האָט ער איינגעשרומפּן די אויגן־דעקלעך.

מיט אַ מאָל האָט ער נישט פאַרשטאַנען, ווי האָט ער נישט קיין שנאה צו די וועלכע האָבן אַלץ פון אים אַוועקגענומען; האָבן אָפּגעהאַקט די לעבנס פון זיינע נאָענטע?! אפשר איז ער צוליב זיין בלינדקייט אָפּגעטויבט? ווייל ער האָט נישט געזען — האָט ער נישט געשפּירט זייער צער, ס'איז אים לייכט מוחל צו זיין. ער האָט ווידער זיך דערשראָקן פאַר עפענען די אויגן; פאַר דערשפירן, מעגלעך, דעם צער; פול ווערן מיט שנאה.

ער האָט זיך געכאַפּט, אַז פיל מעשים, וואָס געשען מיט אים לעצטנס — לאָזן, בעת זייער פאַרגיין, קיין שום שפור נישט אין אים. דער גוף טיילט זיי פון זיך אויס, ווי זיי וואָלטן געווען דרויסנדיקע, נישט פון אים אַ חלק. אַ מאָל, אין זיין יונגקייט, האָט יעדע טווּנג זיך געלייגט אין זיין געמיט. איצט פאַלן פון אים אַרויס, אויך זיינע פאַרשעמונגען, ווי פרעמדע שטיקלעך. אָדער — ער איז זיי גאָר מקבל באהבה, די אַלע פיינען. עס האָט אים געדאַכט, וואָס מער ער דאַרף אויפשרייען פון יסורים — אַלץ ווייטער פון אים ווערט יענער, דער וואָס האָט זיי אים גורם געווען.

און אפשר גאָר איז ער פון קינדוויַיז אָן גרייט געווען צו קידוש השם; מען האָט דערצו אים געבוירן; ער האָט אַלץ פאַרגעסן — דעריבער זעט ער נישט יענע אַלע — זיי זענען בלויז געווען די שליחים.

און פּלוצעם האָט ער באַנומען, אַז ער איז בלויז אַ טייל, אַ חלק, פון דער לויפנדיקער צייט. אויך זי וויל — אַלץ פון הינטער איר, פון פריער, זאָל פאַרגעסן ווערן. זי פירט כסדר אַ געראַנגל מיט אונדזער זכרון, וואָס וויל אויפהאַלטן, געדענקען, נישט פאַרגעסן; מיר פּרוּוון שרייבן היסטאָריע, איבערלאָזן דענקמעלער, פאַראייביקן. די צייט אָבער לויפט, ווישט אָפּ, פאַרדעקט, און לאָזט אַלץ הינטער זיך אין ווייט אַוועקגעוואָרפענעם חלל — איינעם הינטערן אַנדערן.

פאַר נאַכט צו איז געקומען צו פאַרן לייבל, אים אַנווינטשן אַ גוט יאָר. אסתרקע האָט אים געבראַכט. מען האָט זיין טראָגבעטל אַוועקגעשטעלט אין איין זייט פון דעם קליינעם פּראָפעסאָרס ברייטן בעט. זיי האָבןביידע געוואָלט דערמאָנען זיך פּאַסיקע שטיקלעך פון די ימים נוראים תפילות. זיי האָבן זיך דערלאַנגט די האַנט, און דערפילט איינער דעם אַנדערן. פּלוצעם האָט מען געהערט זיך אָנרוקן גומי־רעדער. דאָס האָט דער מישלינג, זייענדיק באַהאַלטן ביי זיך אין צימער פאַר דער בלייענדיקער היץ פון דרויסן, דערהערט, אַז מען ברענגט אַהער לייבלען אין איר קליניק, צום קליינעם פּראָפעסאָר. זי האָט גיך געבעטן, מען זאָל זי פירן איבער די שטאָקן אין דעם פּראָפעסאָרס צימער. די שוועסטער האָט איר פאַרבעטל אַריינגעשטופּט און עס אַוועקגעשטעלט פון דער צווייטער זייט פון קליינעם פּראָפעסאָרס בעט. אין דעם סקריפּ פון די רעדער, האָט ער דערשפירט, אַז מען פירט זי, אַז זי איז דאָ.

לייבל האָט זיך דערמאָנט אין „ונסלח לכל עדת בני ישראל ולגר הגר בתוכם". ער האָט צו איר אויסגעשטרעקט די האַנט — אַריבער דעם בעט פון בלינדן פּראָפעסאָר.

ער האָט דערשפּירט אַ גרויסע דלאָניע אין זײַנער. זײ האָבן שטיל זיך געדריקט די הענט, פול מיט נאָענטקײט. דער פּראָפעסאָר האָט ציטעריק געגומען שאַרן זײַן האַנט איבער דער װײַסער דעקע. זי האָט אירע צוריקגענומען פון לײַבלען; דעם פּראָפעסאָרס האַנט אַרײַנגעכאַפּט צװישן אירע לאַנגע און ברײטע פינגער. ער האָט דערפילט, איר װאַרעמען דאָרשט צו אים.

— האַנס, פאַרצײַ מיר! — האָט זי געזאָגט. באַלד האָט ער געהערט, זי װײנט. זי האָט צוריקגעצויגן די האַנט. ס'איז אים שװער געװען, װאָס אַזאַ גרויסער מענטש װײנט צוליב אים. ער האָט געשטרעקט בײדע קורצע הענט אין איר זײט. זי האָט זיך צוגערוקט און אונטערגעשטעקט איר קאָפּ צװישן זײ. איר אונטערגעהויבענער קאָפּ איז איצט אַרויסגעװאַקסן הויך פון די אַקסלען, דער פּלײצע און פּאַרנט -- פון אַלע זײַטן, װי דער קאָפּ פון אַ סקולפּטור — פאַרלײגט איבערן גוף. באַלד האָט ער אים דערשפּירט, איר גרויסן קאָפּ, מילד קינדיש, אויף זײַן בויך. װאַרעמע טרערן האָבן שטיל זיך געגאָסן פון אירע אויגן, פײכט געמאַכט אירע בלאָנדע ברעמען. זײַן דיקער פינגער האָט זײ געװישט.

זי האָט איצט הויך זיך צעכליפּעט. ער, אַן אונטערגעהויבענער, האָט איבער איר זיך געבויגן: „זײ מוחל, זײ מיר מוחל!". עס האָט לאַנג געדויערט, ביז ער האָט אײַנגענומען איר געװײן. זיך באַרויקנדיק, האָט זי אַלץ נאָך געפּליסטערט:

— פאַרצײַ מיר, פאַרצײַ מיר, האַנס.

איר ליפּ איז געבליבן נאַקעט, אָפן, געבײגט אַרויפצו.

אסתרקע האָט אָנגעצונדן די יום־טוב ליכט אויפן טישל מיטן װײַסן טישטעך אַנטקעגן פענצטער. זי האָט אַרויסגעקוקט צו די בערג. זי האָט געװוּסט, װידער הײבט זיך אָן אַ נײַ יאָר פאַר די געבליבענע יידן. עס קומט דאָס העברעיִשע יאָר ה' תש——— זי האָט מורא געהאַט אַרײַנצוקוקן טיף אין דעם יאָר. באַלד האָט זי געגומען דאָס בעטל מיט לײַבלען. זײ האָבן זיך געזעגנט, געװוּנטשן „לשנה טובה" און זענען אַװעק.

אין עטלעכע טעג אַרום, אין אַן אָװנט, איז אויף דער איניציאַטיװ פון שװײצער אונטעראָפיצער, דורכגעפירט געװאָרן דער דיספּוט צװישן דעם קלײנעם פּראָפעסאָר, מיט די נאָך אַרומבאַנדאַזשירטע אויגן, און דעם געבויגענעם אין דער זײט, שפּילצײג־סוחר. אין דעם אונטערבאַרגיקן קינאָ־קעלער האָבן בײדע זײ זיך געשטעלט אויף דער בינע — אײנער קעגן אַנדערן. עס האָבן דאָ זיך פאַרזאַמלט די קראַנקע פון אַלע קליניקס — ליגנדיקע אין בעטן און גײענדיקע אויף קוליעס. אין דרויסן, בײַם אַרײַנגאַנג אין גרין־אײַזערנעם טויער פון טונקל־באַװאַקסענעם באַרג, איז אַלץ געשטאַנען דער לײדיקער שוד. װידער האָט בײַם טויער אויפגענומען די אָנקומענדיקע, דער גרינבאָר־דיקער װעכטער אין לאַנגן קאָמבינעזאָן. ער האָט זײ אַראָפּגעפירט מיט דער װינדע אונטן אין זאַל. עס זענען אין דער ערשטער רײ דאָ שוין געזעסן פּראָפעסאָר ראַליער מיט זײַנע אַסיסטענטן, אַלע אין שװאַרצע סמאָקינגען, מיט די דיקע בײַכער אויף פאָרויס. הינטער זײ — די בעטן מיט די שװײצער סאָלדאַטן. פּראָפ. ראַליער האָט װידער צוגעבעטן אויף אַ לײדיקער שטול נעבן זיך, אסתרקען. דער פּראָפעסאָר האָט איר

איינגערוימט, אַז דער הייניטיקער אָוונט וועט זיין ווילטיק, ווייל מען וועט אויך זינגען. אסתרקע האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף הינטער זיך. אין איינער פון די סאַמע לעצטע שורות זענען געשטאַנען די טראָגבעטלעך פון ש. און פון זיין „שוועסטערל״. ביידע זענען זיי געלעגן מיט די בייכער אַראָפּ, איינער נעבן אַנדערן; די קעפּ פאַר זיך — אָנגעלענט איבער די האַנטפּלאַכן. פון דער קליינערס געלענקען האָבן איצט זיך אַרויסגעצויגן גומינע דלאָניעס מיט לאַנגע ראָזע פינגער, ווי פון אַ גרויסער ליאַלקע. דאָס מיידעלע האָט די הענט באַוויגן צו ש.ינען.

אסתרקע האָט אירע בליקן געלאָזט איבערן זאַל. הינטער איר איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווי געדרימלט, דער קליין געוווקסיקער שווייצער אונטעראָפיצער. אין אַ ווייטערדיקער ריי, בעטל ביי בעטל — דער פראַנצויזישער סטודענט און די רבנישע טאָכטער. ער האָט מיט אַ האַנט געהאַלטן זי אַרומגענומען. נעבן סטודענט — דער אויסגעהונגערטער שווייצער זקן מיט די לאַנגע וואָנצעס. צווישן די ציין האָט ער געגריזשעט אַ האַרט שטיק ברויט. די ציין, ווייכע, ווי גומי, האָבן בייגעוודיק זיך נאָכגעגעבן, נישט געקאָנט זיך אַריינשניידן.

ש. האָט איינגעשלאָסן דעם מיידעלעס גומי־דלאָניע אין זיין האַנט. ער האָט געקוקט פאַר זיך. עס האָט אים געדאַכט, אַלע קראַנקע אַרום אים ליגן איינגעצויגן. זיי לאָקערן, ווי זעלנער אין אָקאָפּעס; באַלד וועלן זיי, אויף אַלע פיר, זיך אַ לאָז טאָן פאָרויס אַריבער די קעפּ פון דער ערשטער ריי — גלייך אויף דער בינע אַרויף. דורך דער טיר האָט מען אַריינגעבראַכט נייע קראַנקע. ער האָט זיך געוווּנדערט, זיי קומען היינט אַלע, אויך די ליגנדיקע, אין גאַלאַ־קליידער. די שווייצער סאָלדאַטן זינגען־אויף לכבוד יעדן ניי־אַריינגעטראָגענעם; זיי אַפּלאָדירן אים. די אַריינגעקומענע לאָזן זיך שנעל, ווי צוגעשווומען, יעדער צו זיין אָרט. עס איז אַריינגעפאָרן אין זאַל אויף אַ לאַנג בעטל, ספּעציעל פאַר איר געמאַכט, דער מישלינג. זי האָט אויף איר דיקן, לאַנגן, קערפּער געטראָגן אַ קאָסטיום פון ווינער שטאָף. פון אונטער אַ ראָזלעכן רעגנשירעם האָט מען אָפּערגעזען איר קינדיש פּנים. מען האָט זי צוגערוקט אין דער זייט פון דער ערשטער ריי. באַלד איז אַריין אויף קוליעס דאָס מיידל מיט דער רויטער פּידזשאַמע. די שווייצער סאָלדאַטן האָבן איר געמאַכט אַ שטאַרקע אָוואַציע. אַלע האָבן אומגעקערט די קעפּ. זי האָט געהאַט אָנגעצויגן אַ רויט, שמאָל געפּאַסט, קלייד, קורץ איבער די קני. אויבן האָט מען אַרויסגעזען די הויכע רונדיקייט פון אירע פּיס. איבער דער רעכטער ברוסט האָט זי געהאַט פאַרשטעקט אַ בראָש. זי האָט זיך געשטעלט ביי אַ וואַנט, צווישן די קראַנקנשוועסטער. מען האָט אַריינגעפירט אַ בעטל — די האָלענדערין מיט די געלע אויגן. זי איז געלעגן אין אַ ווינטער־מאַנטל און מיט אַ הוט איבערן קאָפּ. בלויז אירע זייטיקע האָר האָט מען אונטער אים אַרויסגעזען. אויך די קליינע צווילינג־מיידעלעך האָט מען היינט געבראַכט — ביידע אין איין בעטל; מיט גרינע סטענגעס אין די רויטע האָר. די פרישקייט פון זייערע בעקעלעך האָט פאַרשמעקט דעם אַרום.

ש. האָט דערזען דעם רבס טאָכטער — אין אַ שוואַרץ סאַמעטן קלייד מיט קורצע אַרבל. מען זעט אַרויס אירע ווייסע הענט. אויף דער לינקער זייט טראָגט זי אַ ברייטן זילבערנעם אָרעמבאַנד. ער פאַרשטעלט בלייך־בלישטשענדיק איר אויסגעברענטן טאָלנומער. פּערעלעך נעמען אַרום איר פולן האַלדז. נעבן דעם פראַנצויז, אין בלויען

בערעט, לעקט איצט פייכט דער שווייצער זקן, מיט דער צונג, פון צווישן די וואָנצעס אַרויס, דאָס האַרטע ברויט.

פּלוצעם האָט פון אויבן, פון שטייניקן סופיט אַראָפּ, גענומען פאַלן אַ שניי. ער איז זיך צעגאַנגען אין אַ דינעם רעגן. אַ לייכטער נעפּל. מען האָט דורך אים געזען: פון דער ווייטנס, אויף דער בינע, שטייט אַ מאַן, אָנגעלענט אויף קוליסן; ער זינגט מיט אַ טיפער באַסשטימע. מען האָט דערקענט, דאָס איז דער מיטן פאַרוואָקסענעם, ווי ביי אַ קרעט, פּנים; דער וואָס פון זיינע געוויקלטע פיס שפּירן זיך נאָך די רויכן פון טאָל. דעם שווייצער אונטעראָפּיצער האָט מען נישט אַרויסגעזען. מען האָט פאַרגעסן, ער איז דער רופער פון היינטיקן אָוונט.

די פון טאָל האָבן זיך פאַרשטאָפּט די אויערן פון הערן דאָס געזאַנג. אין זייערע אינגעווייַדן האָט געברומט. דער צד פון שפּילצייג־סוחר האָט געלאַכט פון זיין בעטנדיק קול, וואָס וויקלט זיך, וויברירנדיק, צום זאַל. דער קליינער פּראָפעסאָר האָט פאַרגעלייגט, די מענטשן זאָלן אַלע זיך צודעקן; מען זאָל אַרויפדרייען דאָס עלעקטרישע ליכט, ווייל באַלד וועט עס זיך אָנהייבן. עס האָט מער נישט געשנייט. ש. האָט געזוכט דעם בליק פון דער העלער האָלענדערין. זי האָט צו אים נישט געקוקט. ער האָט באַנומען, די פאַרבינדונג צווישן זיי האָט זיך אָפּגעהאַקט. צו לאַנג האָט ער געוואָלט זי אויפהאַלטן בלויז מיט בליקן. ער האָט צו איר זיך נישט דערנענטערט. איצט וואַרט זי אויף אַנדערע, וואָס זאָלן זי דערזען.

ער האָט מורא געהאַט, זי וועט זיך נישט דערוואַרטן. זי איז שווער אַרומגענומען פון איר שעמעוודיקייט. אויך איצט באַהאַלט זי זיך אין מאַנטל, ווי אין אַ פאַנצער. קיינער קאָן צו איר נישט צוקומען.

אַ כאָר פון גימנאַזיע־מיידלעך איז אַרויף אויף דער בינע. קורצע גראַנאַטענע רעקלעך, און ווייס־געבערגלטע בלוזקעס. צוויי שורות פיס אונטן פאַרזעצט אין דער בינע. זיי האָבן געזונגען מיט ביינדלדיקע מאַנדאָלינע שטימעלעך. די קעפּ פון די ערשטע שורות בעטלעך אונטן, האָבן זיך געהויבן, צו זיי אַרויפגעקוקט. דער פּראָפעסאָר מיט זיינע אַלטע אַסיסטענטן זענען געבליבן איינגעמומיעטע זקנים, מיט רויטע בעקעלעך, און מיט איבערגעדרייטע, אויף אַרויף, אויגן־ווייסלען. פּראָפ. ראַליער האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף הינטער זיך אין דער לופט, ווי אַ טויט אַלט קינד, ביים טראָגן עס. דער קליינער בלינדער פּראָפעסאָר, מיט די ווייס־פאַרבאַנדאַזשירטע אויגן, איז געשטאַנען נעבן מיידל־כאָר. זיינע באַקן און דיקע וואָנצעס האָבן אַראָפּגעשמייכלט צום זאַל. פון דער אַנדערער זייט בינע — דער שפּילצייג־סוחר — אין אַ יעגער־אַנצוג; די קני אין דער מיט — צווישן קורצע הויזן, און הויכע גרינע זאָקן — אָפּגעדעקט, רויט. איבערן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ טיראָלער הוט, מיט אַ הויכער פעדער. די הענט פאַרלייגט פאָרנט, ווי ביי אַ פייערלעכער מעסע.

ש. האָט נישט געהערט דאָס געזאַנג. ער האָט בלויז געזען, ווי די מיילער פון די מיידלעך צעעפענען זיך כסדר. ער האָט ווידער זיך אַרומגעקוקט אין זאַל. די לופט איז פול געווען מיט אַ לייכטן שטויב, וואָס האָט אין ליכט זיך געטראָגן פון די אומצאָליקע קליידער אויף די מענטשן. זיי זענען געווען אָנגעלייגט ווי שטויסן סאַמעט, זייד און וואָל. ער האָט נישט געקאָנט אָטעמען. ער האָט זיך געחידושט, ווי יעדער איינער

פון די נאַקעטע האָט זיך צוגעפּאַסט אַ באַזונדערן סאָרט קליידער פאַר זיך, פאַר זיין געשטאַלט. די פאַרשידענע סאָרטן טיילן זיי אָפּ איינעם פון אַנדערן, שטעלן יעדן אַריין אין אַן אַנדערן מין מענטשן. אויך די האָר זענען ביי יעדן געקעמט, נישט לויטן גוף, נאָר לויט די קליידער. זיי האָבן איצט אויסגעזען, ווי געבוירן יעדער פאַר די אַ זיינע בגדים; ווי ער וואָלט זיי קיין מאָל פון זיך נישט אַראָפּגענומען. מיט אַ מאָל איז אים באַפאַלן דער טרויער פון אָנטאָן זיך. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם צווילינג מיט דעם גרינעם באַנד אין די צעפּעלעך. ער האָט דערזען די אין דער רויטער פּידזשאַמע, וואָס האָט איצט געטראָגן אַ שמאָל געפּאַסט קלייד. ער האָט געוווּסט, די קליידער זענען אונדזערע פעדערן. זיי האַלטן איין אונטער זיך אונדזערע ריחות; זיי זענען די שאָלן אויף אונדזערע קערפּערס, אונדז פון זיי אַרויסצושיילן. זי וואַרט אויף דעם. בלויז די שווייצער סאָלדאַטן פילן זיך נישט באַקוועם אין די ציווילע קליידער. זיי ליגן אין זיי, גרויסע, צעוואַקסענע. זיי האָבן מורא צו באַוועגן די גופים, די נענט זאָלן נישט אויפפּלאַצן.

דער כאָר פון די מיידלעך האָט אַלץ געזונגען. פּראָפ. ראַליער האָט איצט מיט זיי דיריגירט. ער איז געשטאַנען, מיטן קאָפּ פאַרוואָרפן אויף היִנטער זיך, און האָט באַוועגט מיט אַ שטעקל. דאָס איז געווען אַ לעקציע גימנאַסטיק פאַר די קראַנקע, ווי אויפצורירן די אברים. די בינע האָט זיך אויפגעהויבן, משופּעדיק זיך געבויגן, פון פאָרנט העכער. די מיידלעך זענען איצט געשטאַנען הויך. מען האָט מער נישט געזען זייערע קעפּ און דעם אייבערשטן טייל גוף — בלויז די אונטערשטע האַלבע קערפּערס, מיט די קורצע ספּודניטשקעלעך. זייערע קני זענען געווען דיק, ווי אויפגעלאָפן. זיי זענען איצט געווען אַ באַלעט, וואָס שטייט אויף איין אָרט. עס האָבן זיך באַוועגט בלויז זייערע זייטיקע טיילן — רעכטס, לינקס. די געקאַרבטע ספּודניטשקעלעך האָבן זיך מיטגעשאָקלט. באַלד האָט אויבן ווידער געזונגען דער באַס מיטן פאַרוואַקסענעם פּנים. ער איז געווען אָנגעלענט פון ביידע זייטן אויף קוליעס. זיין וויברירטע שטימע האָט זיך געהויבן אַרויף, אַראָפּ. די האַלענדערין האָט דערשפּירט אירע אויסגעצויגענע פיס, מיט דיקע קני, ברעכן זיך. גוט, וואָס זי איז איינגעוויקלט אין מאַנטל. ווען זי שטייט — וואָלט זי געקניִט פאַר אים. זי האָט געעפנט די אויגן. דער דיספּוט האָט לאַנג שוין זיך געצויגן. זי האָט געזען, דער קליינער פּראָפעסאָר מיט די פאַרבאַנדאַזשירטע אויגן, רעדט. זי האָט נישט געהערט — וואָס. ער איז געשטאַנען נאָענט פון שפּילצייג־סוחר, מיטן פּנים צו אים. דער קליינער פּראָפעסאָר האָט געהאַלטן אונטערגעשטעקט דאָס פּנים. ס'האָט אים געדאַכט, יענער גייט אים אַראָפּלאָזן צוויי פייערדיקע פּעטש פון ביידע זייטן — פון רעכטס און פון לינקס. דער באַס איז שוין נישט געווען אויף דער בינע. דער קליינער פּראָפעסאָר האָט געוואָלט אַרויפבעטן עקספּערטן — פּראָפ. ראַליער מיט זיינע אַסיסטענטן. זיי זענען אויבן געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווי געהאַנגענע. די שטריקלעך איבער זיי האָט מען נישט געזען. ער האָט צו זיי גערעדט. מען האָט געהערט ווערטער, וואָס ער לאָזט אַרויס פון זיין קליינעם גוף און זיי בלאָזן זיך אויף. שרעק און טרויער; בלוי און קאַלט בלוט; טאָל און פלאַכלאַנד; לייב, ווייַ. די ווערטער האָבן אָפּגעהילכט, ווי זיי קומען נישט אַרויס פון אים. זיי זענען געבליבן העגגען, ווי פראַגעס, וואָס גייען נישט אַרויס פון קיין מויל. ער, מיט זיינע פאַרבאַנדאַזשירטע אויגן, זעט זיי נישט. די פּראָפעסאָרן זענען געבליבן פאַרשוויגענע. אַ קראַנקנשוועסטער ביי דער וואַנט, מיט גאָלדענע ברילן און אַ פאַרמאַכטן שירעם, האָט אויפגעהויבן די

האַנט מיט צוויי פינגער. זי האָט געזאָגט, אַז אסתרקע לאַכט אָן אַ קול. אַזוי אויך דער קליינער פּראָפעסאָר. זי האָט אים געהייסן אויפמאַכן דאָס מויל און זאָגן „האַ״. דער בלינדער פּראָפעסאָר האָט געענטפערט, אַז צו לעצט האָט ער געזען אין אַ פאַרמאַכטן זאַל, אין טאָל, נאַקעטע יידן. זיי זענען געווען אויפגעהאַנגען אויף האָקעס, ווי בהמות אין שעכטהויז; אויפגעשניטן דעם פּראַנט, און די אינגעווײדן אין זיך. דער שפּילצייג־סוחר האָט געזאָגט, אַז מען האָט אין זיי געזוכט דימענטן. זיי האָבן זיי אַראָפּגעשלונגען פריער, פאַרן אַריין אין גאַזקאַמער, וועו מען האָט פון זיי אַראָפּגעצויגן די קליידער. ביי די נאַקעטע שלינגערס האָבן די שומרים געשמירט מיט פּענדזלעס אַ סימן אויפן בויך, אַ רויטן פאַרבנפּאַס; שפּעטער זאָל מען, לויט די צייכנס, זיי דערקענען. דער שווייצער זקן האָט אַלץ געקייט מיט די ציין. דער שווייצער אונטעראָפּיצער האָט געבעטן, ער זאָל נישט גריזשען, ער לאָזט אים נישט דרימלען. נישט ער קאָן אַריין אין שלאָף, נישט ער קאָן אויפוואַכן. ער האָט געמיינט, אַז דער געשורש איז נאָך אַלץ פון די גימנאַזיע־ספּודניטשקעלעך איבער דער בינע. דער בלינדער פּראָפעסאָר האָט אַ שמייכל געטאָן ווייט איבערן זאַל אַריבער. דער מישלינג האָט אויך געקוקט צום זאַל און געשמייכלט. זי האָט באַשלאָסן צו האָבן אַ קינד פון אים.

עס איז אַרויף אויף דער בינע דער דינער מיט די דראָטענע וואַנצעלעך. ער האָט אַלץ זיך באַוועגט, ווי געצויגן אויף שטריקלעך; עמעצער ציט, און ער שפּרינגט מיט די הענט און פיס העכער אויפן לייטער. ער האָט זיך געצויגן צו דער אַנטקעגנדיקער וואַנט. ער האָט דאָרט פאַרלייגט אַ פילמטאַשמע. דאָ האָט דער קליינער פּראָפעסאָר אָנגעשטײפּט אַ גרויסע לייוונט אויפן עקראַן. דער דיאַלאָג איז איצט געווען קלאָרער. דער קליינער פּראָפעסאָר איז ווידער געשטאַנען מיטן פּנים אויפגעהויבן צום שפּילצייג־סוחר. ער האָט געפרעגט, צי אַ מין ברענגט אום זיין אייגענעם מין. דער שפּילצייג־סוחר האָט געענטפערט, אַז אין דער נאַטור עסן חיות — חיות. לייבן — לייבן? — האָט געפרעגט דער פּראָפעסאָר. וועלף — ציגן. — האָט געענטפערט דער שפּילצייג־סוחר. דער מענטש — זיין אייגענעם מין? — האָט געפרעגט דער פּראָפעסאָר. ער האָט געבעטן פינצטער מאַכן. אַליין האָט ער זיך אַוועקגערוקט אין דער זייט פון עקראַן. ער האָט אויפגעהויבן די קורצע פינגער, זיי דערנענטערט צום לייוונט. מען האָט זיי געזען איבערן באַלויכטענעם עקראַן מיט זייערע גרויסע שאָטנס. זיי האָבן זיך באַוועגט, ווי פיסלעך פון אַ ריזיקער פליג. דער מיט די דראָטענע וואַנצעס אַנטקעגן האָט געלאָזט דעם פילם. מען האָט געזען דעם דזשונגל אין אַפריקע. אַ קאָפּ פון אַ גרויסער חיה, אָן אַ שטערן, בייגט זיך אַראָפּ צו דער ערד. די נאָזלעכער באַשמעקן אַ טויטע חיה אין איר געשטאַלט. זי שמעקט אַרויס איר אייגענעם טויט — האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט.

מיט אַ מאָל איז אַרויף אויף דער בינע דער הויכער דינער אינעם קאָמבינעזאָן. אין זאַל האָט מען נישט געזען זיין פּנים מיט דער גרינער באָרד, בלויז זיין ברייטע פּלייצע. איר ריזיקער שאָטן האָט אַלץ פאַרשטעלט. ער האָט געזאָגט, אַז די ווילדע חיות אין וואַלד נעמען נקמה אין אויסדרעסירטע חיות, וואָס קומען צוריק פון די זאָאָלאָגישע גאָרטנס. זיי האָבן זיי פיינט.

— געננוג, אַ דאַנק! — האָט געזאָגט דער קליינער פּראָפעסאָר. ער האָט געבעטן ווידער אַרויפדרייען דאָס עלעקטרישע ליכט. עס האָט אים אַן אויגנבליק געדאַכט,

די שיין דרינגט אין אים אַריין דורכן באַנדאַזש. זי שטעכט אים אין די ווייסלען. ער האָט געבעטן, מען זאָל צוריק אַראָפּדרייען. „ס'איז פינצטער" — האָט געזאָגט דער שפּילצייג־סוחר. ער האָט געהערט, מען אַפּלאָדירט אים. ער האָט געזען, די מיטליעריקע, שוואַרצקאַנטיקע פּרוי. זי איז געזעסן אויף איר געליימטקייט־שטול, מיט דעם צעשויבערטן קאָפּ האָר, אָנגעטאָן אין אַ לאַנג, ווייס קלייד; אויבן פאַרקנעפּלט ביז אונטער דער גאָמבע. זי האָט היינט, אַ גאַנצן אָוונט, געפּילט, מענער־אויגן דרינגען זי דורך, דורך די קליידער. אויך דער שפּילצייג־סוחר האָט איצט צו איר געקוקט שאַרף. זינט ער איז אין איר געווען, איז זי געוואָרן רונדיקער; ס'איז פון איר אַראָפּ די גערייצטקייט פון אַ קאַץ. מיט אַ זוים פון קלייד האָט זי געפּוצט דעם גלאַנץ פון רינגל אויף איר פינגער. די שווייצער סאָלדאַטן האָבן דערזען אירס אַן אָפּגעדעקטע קני. זיי האָבן נישט אָפּגעריסן די בליקן. דער שווייצער אונטעראָפיצער האָט פּלוצעם אַפּלאָדירט. ער האָט צעעפנט גרויס די אויגן. ער האָט געזאָגט, די יידן אַליין זענען שולדיק. זיי האָבן געגלייבט זייערע נביאים, אַ וואָלף וועט פּיטערן זיך מיט אַ שעפּסל צוזאַמען. אַנדערע פעלקער וואָלטן גלייך געוווסט, אַז יענער גייט שעכטן. די יידן גלייבן נישט אין דזשונגל. אויך נאָך זייער תחית המתים, וועלן זיי נישט גלייבן, אַז מען האָט זיי געשאָכטן. אַ סימן — די פרוי אין אים מיינט, זי לעבט. דער שפּילצייג־סוחר האָט געזאָגט, אַז ער וועט רעדן אַ גאַנצע נאַכט, נאָר צו ערשט זאָל רעדן דער קליינער פּראָפעסאָר.

דער זאָל האָט געזען, דער שאָטן פון קליינעם פּראָפעסאָר וואַקסט; ער ווערט טונקעלער און געדיכטער; ער וואַקסט אַרויף הויך, און בייגט זיך אונטערן שטיינערנעם באַלקן. ער שפּרייט זיך איבער די ווענט און דעקט אַלע אַרום.

פון ווייט, ווייט, פון דער בינע, האָט ער געזאָגט, אַז וואָכנלאַנג, נאָכן אַוועקפירן די יידן פון די שטעט — זענען אין די ליידיקע גאַסן און הייף אַרומגעלאָפן קעץ און הינט. זיי זענען געשטאַנען פאַר די טירן. אין די נעכט האָבן זיי געוואָיעט צו דער לבנה. אין די טעג האָבן אַרומגעבלאָנקעט עופות; בהמות זענען אַרויס פון די שטאַלן; מייז — פון די קעלערן; די שפּינען זענען געבליבן שטיין איבער די ווענט, און די ווערעם — אויף די דילן. אויך פייגעלעך האָבן מער זיך נישט גערירט אויף די ביימער. שפּעטער זענען זיי אַלע, פון בענקשאַפט נאָך די קינדער פון שטאָט, אַראָפּ פון זינען. מיט אַרויסגעבלעקטע ציינגער האָבן זיי זיי געזוכט. איצט דרייען זיך דאָרט פרישע דורות קעץ מיט הינט; פייגל און מייזלעך. זיי פּילן־איבער די שטעט. זיי האָבן אונדז נישט געקענט. זיי האָבן נאָך אָבער יידישע אויגן. אפשר וועלן קומען אַנדערע, פרעמדע, הינט מיט קעץ, און זיי אַלע אַוועקפירן אין די טאָלן.

פון ווינקל זאָל אַרויס האָט עמעצער געזאָגט, אַז ער גלייבט נישט אין די טאָלן; זיי זענען נישטאָ. אויסער בלינדע האָט קיינער זיי נישט געזען. פון האָל ביי דער זייט האָט זיך געהערט אַ געלעכטער. עס זענען דאָרט אַריין פרישע מענטשן. מען האָט געזאָגט, אַז דאָס זענען פאַרשטעלטע פון לעיזנער קאַרניוואַל, וואָס פּילט איצט אין דרויסן אָן די גאַסן. טייל פון זיי זענען אַריין אין זאָל מיט געשטרעקטע רעוואָלווערן. באַלד האָבן זיי אַראָפּגעלאָזט די הענט. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט צווישן די בענק. זיי האָבן געקוקט צו דער מיט דער רויטער פּידזשאַמע ביי דער וואַנט; אויף איר שמאָל געפּאַסט קלייד, מיט קיילעכדיקע פיס איבער די קני.

ש. האָט געזען, זי קוקט אויף אים מיט גרויסע גרוילעכע אויגן. אַ ווײַלע האָבן זײַערע בליקן זיך צונויפֿגעבראָכן. זי האָט געקוקט צו אים היימיש־דערשטוינט, ווי זי וואָלט ערשט איצט אַנטדעקט אין אים פֿאַרבאָרגנקייטן; זי ווייסט זײַן מענלעכן סוד. פֿריִער האָט זי דאָס נישט געוווּסט. באַלד האָבן זיי בײַדע צוריקגעצויגן די בליקן, פֿאַמעלעך, ווי פֿולע נעצן — אין זיך אַרײַן. זי האָט געגענעצט. מיט דער האַנטפֿלאַך האָט זי זיך פֿאַרשטעלט דאָס מויל. זי האָט געפֿילט, ער קוקט ווידער אויף איר. זײַן בליק לאָזט זיך אַראָפּ פֿון איר פּנים, צום האַלדז. דער בליק האָט זיך אים געגליטשט נידעריקער. מיט אַ מאָל האָט ער דערשפּירט, אַן אַנדער אויג, אַן אומהיימלעכס, אָבסערווירט אים. ער האָט זיך אַנגעטראָפֿן אויף אַ שמאָל לענגלעך אויג, וואָס הענגט אויף איר ברוסט. עס קוקט פֿון דער בראָש אַרויס. דאָס אויג האָט אים געכאַפּט. ער האָט ביסלעכווײַז אָפּגעווענדט דעם בליק. ער האָט איצט מיטן אויער זיך אײַנגעהערט, ווי איר אָטעם כאָרכלט. ער האָט געוווּסט, זי איז קראַנק, זי האָט אַסטמע. ער האָט דערשפּירט, די שפּאַנונג פֿון איר בליק לאָזט נאָך אין אים. ער גרייכט זי. ס'איז אים אײַנגעפֿאַלן, זי וועט ווען אַלט ווערן; די ווײַטע צײַט בלאָזט שוין אין איר, ווי אַ האַרבסטווינט. אויך ער וועט אַלט ווערן. אויב זיי וועלן זיך נישט באַהעפֿטן איצט — וועלן זיי אויף דער עלטער דאָס קיין מאָל זיך נישט מוחל זײַן.

ער האָט פֿאַרנומען, דער בלינדער פּראָפֿעסאָר זאָגט, אַז ער הערט נאָך די בײַנדלדיקע מאַנדאָלינע־קולות פֿון טויזנטער יונגע מיידלעך אין כאָרן, וואָס זייער געזאַנג איז אָפּגעהאַקט געוואָרן. אין אים זענען זיי געבליבן יונג, שילערינס — אַזוי אויף תּמיד. אין זײַנע אויערן קלינגט נאָך אויך דאָס אײַנגעשטילטע געזאַנג פֿון פֿיל באַסזינגער. ז'ער מישלינג האָט געזאָגט, אַז דער קליינער פּראָפֿעסאָר קאָן אויך זינגען; ער האָט אַ שיין קול. דער פֿון ווינקל אַרויס האָט געזאָגט, אַז ער גלייבט אויך נישט אין דיספּוט, ער איז אַ ליגן; ער קומט נישט פֿאַר. דער אמת איז נישט אין די קעלער־נעכט, נאָר אין זוניקע בײַטאָגן אויבן אין דרויסן. ער האָט געבעטן, פּראָפֿ. ראַליער זאָל באַפֿעלן, אַלע אויפֿצוּוועקן; אַראָפּנעמען פֿון איבער זיי דעם באַרג. פּראָפֿ. ראַליער האָט געפֿרעגט אַסתרקען, צי דאָס זינגען איז איר געפֿעלן. זי האָט געזאָגט, אַז עס ווענדט זיך. די קראַנקע האָבן געמאַכט צווישנרופֿן, אַז מען האָט זיי אָפּגענאַרט. ס'איז נישט פֿאַרגעקומען קיין טאַנצאָוונט. זיי שפּירן, עס רוקן זיך זייערע בעטלעך אויף די רעדלעך פֿון אונטן. זיי האָבן נישט געוואָלט אַרויס. דאָס שוועסטערל נעבן ש. ינען האָט אים אײַנגערוימט, אַז זינט זי האָט די גומי־דלאָניעס, מאָלט זי בילדער. זי מאָלט בײַ טאָג — דאָס, וואָס זי חלומט בײַ נאַכט. מיט שוואַרצע קויל־בלײַשטיפֿטן האָט זי שוין אויסגעמאָלן די גאַנצע מלחמה. יעדער פֿון די טאָל־פֿאַרבליבענע דערקענט זיך אין די בילדער, וואָס זי ברענגט פֿון בײַנאַכט. דער באַסזינגער מיטן פֿאַרצויגענעם פּנים האָט געפֿרעגט, צי אויך אים זעט זי בײַנאַכט; צי זי האָט אים שוין אויפֿגעמאָלן מיט קויל.

די צווילינג־שוועסטערלעך זענען געהאַט אײַנגעשלאָפֿן אין דעם בעטל. איבער דער קאָלדרע זענען געלעגן אָפּגעדעקט זייערע פֿולכּנע הענטלעך און פֿיסלעך. פּראָפֿ. ראַליער האָט געזאָגט אַסתרקען, אַז בײַ יידן ווערן געבוירן ווייניק צווילינגס — דעריבער זענען זיי גאונים; זיי טיילן זיך נישט מיט יענעם. ד"ר מענגעלע, וואָס האָט אין טאָל געמאַכט מעדיצינישע עקספּערימענטן איבער די מוחות פֿון יידישע צווילינגס —

האָט אויפגעדעקט זייער סוד. דער פּראָפעסאָר האָט געזאָגט, אַז דאָס איז דער שכר פון די געטויטע צווילינגס — די לערע אויף זייער לייב וועט נוצן־ברענגען די מענטשן אין דער צוקונפט. די שווייצער זעלנער האָבן ליגנדיק סאַלוטירט דעם קורצן אינטעראָפּיצער, וואָס האָט זיך געשטעלט אויף די קוליעס.

נאָכן פאַרענדיקן דעם דיספוט, האָט מען די בעטלעך געריקט צו דער טיר. די קוליעס האָבן צווישן זיי געשטעלט טריט. מען האָט דערזען, אַז עס זענען דאָ אויך געווען דער קורציזיכטיקער יאַפּאַנער מיט דער פלאַקסהאָריקער שוועדין, די מיט די ברוינע אויגן. אַלע מיידלעך פון אַרום האָבן איצט געגרוסט צו אים. די לעצטע צייט האָבן זיי ווידער צו אים זיך דערנענטערט. דאָס איז געשען זינט זי, די שוועדין, האָט גענומען קלעבן אין אים. זי האָט איצט אָפּט פאַרלייגט אירע אָרעמס אַרום זיין האַלדז. זי איז געבליבן מיט אים אַרומגענומען, ווי איין מענטש, און זיין פּנים האָט ווידער אַרויסגעשמייכלט צום אַרום. דער פראַנצויז האָט אויף ס'ניי געוואָרנט, אַז די יאַפּאַנער זענען געגליכן צו דייטשן. ער האָט חושד געווען, אַז די מיידלעך דאָ ווילן אויספּרובירן אויף זיך זיין אכזריות. דער פראַנצויז האָט פון דער ווייטנס דערזען אסתרקען. ער האָט צו איר טיף געשאָקלט מיטן קאָפּ. אויך דעם רבס טאָכטער נעבן אים האָט אַ שמייכל געטאָן.

די פון טאָל האָט איצט געדאַכט, די שווייצער זעלנער קוקן אויף זייערע בייכער, צי מען קאָן זיי אויפשניידן, ווי ביי הענגענדיקע אָקסן אויף האָקעס. דעם רבס טאָכטער האָט נישט געפילט אין זיך קיין דימענטן. דער באַסזינגער, מיטן פאַרוואָקסענעם פּנים, האָט איינגעצויגן דעם בויך. ש.ינס בויך איז איצט געלעגן ווייך איינגעפאַסט אין מאַטראַצל אונטער זיך. די גומי־פינגער פון דעם שוועסטערלס בייער דלאָניע האָבן, פון בעטל ביי דער זייט, לייכט אים געגלעט דעם שטערן. די העלע האַלעבדערין האָט געשפּירט, ווי עס קיצלט זי מיט אַ דינעם ווייטיקדיקן שניט אין בויך. זי האָט זיך דערמאָנט אין אַ קייזערשניט. זי האָט באַשלאָסן קיין מאָל נישט חתונה צו האָבן. ביי פּראָפ. ראַליער און זיינע אַסיסטענטן זענען די בייכער איצט נאָכגעהאָנגען, ווי לויזע, אָנגעבלאָזענע.

דער בלינדער פּראָפעסאָר איז אַלץ געשטאַנען אויף דער בינע. עס האָט אים געדאַכט, אַלע זיצן נאָך אין זאַל — די קעפּ אַרויפגעהויבן; מיט געשטרעקטע העלדזער אויף פאָרויס, ווי ביי עופות. די האַלדז־אָדערן אינעווייניק האָבן אים ווי געטאָן. ער האָט געפּרוווט אַראָפּשלינגען די לופט. זי איז נישט דורך. אויך דער שפּילצייג־סוחר נעבן אים איז געבליבן. ער האָט געזען, ווי דער האַלדז ביים קליינעם פּראָפעסאָר שלינגט לערע לופט. ער איז לאַנג און דין, ווי ביי אַ קראַנקן עוף. ער האָט אַ שאָקל געטאָן אין דער ברייט זיין אייגענעם קאָפּ. ער איז ביי אים געזעסן, ווי איבער אַ טורעם. ער האָט אַראָפּגעשלונגען אַ פולן האַלדז מיט ווייס שפּייעכץ. דער קליינער פּראָפעסאָר האָט געטאַפּט מיט די הענט אויף פאָרויס. ער איז אַראָפּ פון דער בינע. ער האָט געזאָגט צום מישלינג, אַז ער שרעקט זיך; אַ ליכטשטראַל ווייסט זיך אים אין גוף. ש.ינס בעטל איז געבליבן שטיין אין דער ענגשאַפּט פאַר דער טיר. אונטערן גלעטן פון דעם מיידעלעס גומי־דלאָניע, איז ער איינגעדרימלט, מיטן בויך אַראָפּ. עס האָט

אים אַ ווײַלע געחלומט, אַז ער ליגט אַזוי אויסגעצויגן איבער דער ערד און דאָס אבער איז אים אין איר פֿאַרזעצט, ווי אַ וואָרצל; ער איז צוגעהאָפּטן צו איר און קאָן זיך נישט אָפּרײַסן.

ווען דער אָוונט איז דאָ פֿאַרגעקומען, זענען בײַ לײַבלען אין צימער געווען פֿאַרזאַמלט — דער זקן מיט די קורצע ווײַסע הערעלעך, וואָס איז ווי אַ ראָד רונדיק געבויגן צו דער ערד; דער שווײַגער, מיט אויגן, ווי אַ טויב, פֿאַרוואָנדלט אין אַ וואַרעמען קלאַוויר, און דער פֿאַרמשפּטער אייביק צו בלײַבן אַ קינד, אברהמעלע, פֿון דער זקנים־שטאָט. זיי האָבן אַלע אויסגעשפּילט די אַרומיקע שטילקייט. אברהמעלע האָט דין געצויגן אויף זיך דעם בויגן, ווי אַ חלף; דער קלאַוויר האָט געפּילט, ווי פֿרעמדע פֿינגער באַגלײַטן אויף זײַנע קלאַווישן. אויך לײַבלס פֿאַרבאָרגענע טענער האָבן זיך געוועקט. זיי האָבן אַלע געשפּילט פֿאַרן זקן, וואָס ווייסט נישט די צאָל פֿון זײַנע יאָרן; געוואָלט אים אײַנוויגן, ווי אַ קינד; אַרויסשפּילן פֿון אים פֿאַרגאַנגענע צײַטן, מעשיות פֿון די טעג. אין אַ לײַכטער אויפֿן טיש האָט געציטערט בלויז די שײַן פֿון אַ ליכט־פֿלעמל, ווי אַ פּנים פֿון אַ קינד.

זיי האָבן געהערט, דער זקן איז פֿון תמיד אַ זקן. זײַן זיקנה איז פֿון פֿאַר די טאָלן; ער זיצט נאָך אין שטעט, וואָס שטייען מער נישט; איז אַרומגערינגלט מיט אײַנוווינער, וואָס זייער זכר איז בלויז אין אים. ער איז אַריבער צוריק, איבער די טאָלן — צום ווײַטן אָנהייב; ער קאָלערט זיך איבער דער גאַס, פּאַמעלעך, מיט די אויגן אַראָפּ, און זעט נישט די מענטשן פֿון היינט. ער ווייסט, זיי אַלע גייען, קומען, אין דער וועלט, וואָס אין זײַן זכרון.

זיי האָבן געשפּילט, און געוווּסט, שטענדיק וועלן זיי זײַן, דער זקן און דאָס קינד — אַלע מאָל אויף אַן אַנדער גוף. אונטער דעם זקן וועט אַרונטער אַ צווייטער; אברהמעלע וועט תמיד בלײַבן אַ קינד, נאָר ער וועט זיצן אויף אַן אַנדער גוף. די איצטיקע שיילן בלויז זיך אַוועק. שטענדיק וועט זי בליען, אונדזער שוועסטער, נאָר אַלע מאָל דורך אַן אַנדער גוף. בלויז ער טוישט זיך. עס וועט דויערן זײַן לאַך, זײַן בויג תמיד טראָגן אַנדערע זיי פֿאַרויס. אייביק אָבער בלײַבן זיי. מיר מעסטן זיי אָן, ווי מאַסקעס, אויף זיך, און טוישן זיי, לויט אונדזערע צײַטן. מיר פּאַסן זיך צו, צו די מאַסקעס.

זיי האָבן איצט געשפּילט און געשפּילט די שטילקייט אין זיך, און געוואָלט, נישט טוישן מער די מאַסקעס; בלײַבן זאָלן זיי אייביק; שטיין זאָל זי, די צײַט. תמיד זאָל זי טראָגן יעדער, זײַן אײַנציקע געשטאַלט. אברהמעלע — תמיד זײַן אַ קינד; דער זקן — אַ זקן. אונדזער מיידל זאָל פֿון געבוירן ביזן שטאַרבן זײַן אונדזער געליבטע. די מאַמע — אַ מאַמע; אונדזער טעכטערל — אונדזער טעכטערל, און די באָבע — אייביק אונדזער באָבע.

דער זקן האָט צעעפֿנט אַ פּאָר אויגן: אין דעם גאַנג איז אונדזער שיינקייט, אין הינטערווקן די פּנימער פֿון מאַסקע אין מאַסקע. זיי האָבן שטאַרקער געשפּילט; זייערע קלאַנגען זענען נישט אַרויס דורכן פֿענצטער. זיי זענען געבליבן פֿאַרמאַכט

צווישן די ווענט. בלויז אין דער אָפענער טיר האָבן זיך געפּאַקט זייערע הערערס — קעפּ איבער קעפּ; געבליבן איינגעגליווערט פון די שטראָמענדיקע טענער.

עס האָט אַריינגעשטופּט דעם קאָפּ דער הויכער, געבויגענער, פּאָטער, דער לויפער — מיטן פּעקל איבער דער פּלייצע. עס איז געשטאַנען די בלאָנדע פרוי מיט די גרויע זילבער־אויגן, וואָס איר מאַן ציט ערגעץ, אין די נאַכטיקע וועגן, צו דער רעפּובליק. מען האָט געוווּסט, איר געבוירן קינד, דאָס קריפּעלע, פּירט נאָך אַלץ אין שפּיטאָל דעם גראַנגל מיטן אָטעם, און מיט אַלע וואָס בעטן אויף זיין טויט, כדי ער זאָל זיך נישט מאַטערן. זי איז געשטאַנען, אַ שמאָלע, און מיט בלייכע פינגער געטאַפּט דאָס ביישטידל. מען האָט אויך אַרויסגעזען די קעפּ פון קינדערלאָזן פּאָרפּאָלק, די עלטערן פון אומגעבראַכטן גאונישן מאַטעמאַטיקער. ער האָט לעצטנס זי געפירט צווישן מענטשן, אַרויסצורייסן זי פון איר אַליינקייט. זייערע געשלאָסענע פּנימער זענען געווען צוגעצויגן צום ליכט־פּלעמל אין צימער. עס האָבן אויך זיך געפּאַקט די בלויע קאַטוילישע אלמנה, מיט איר פאַריתומט יידיש מיידעלע, וועלכע האָט שוין אַרויסגעוויזן סימנים, אַז עס ציט זי צום יידישן שטאַם. די טענער האָט אין זיך פאַרנומען די יונגע מוטער פון פּראָג, וואָס האָט איר קינד געבוירן אונטער דער פּלאַטע פון אַ קבר. ווידער איז איר פּנים געווען פאַרזאָרגט; עס שפּראָצן ווידער אין אים די אונטערערדישע ווייסע וואָרצלען. זי איז געשטאַנען מיט איר דיק־געוואָרענעם גוף, וואָס פאָדערט, רופט אין די אָוונטן. די קלאַנגען איצט זענען געלאָפן אין איר, ווי שטראָמען, האָבן געראַשט און פאַמעלעך זיך איינגעשטילט.

אויך די צוויי זקנות זענען דאָ געווען: די קליינע, דאַרע מוטער פון פריילין שמוקלער, וועמענס קול מען האָט קיין מאָל נישט געהערט, אויך ווען זי האָט גערעדט. פריילין שמוקלער האָט זי אַהערגעשיקט צו פאַרנעמען די נייע מוזיק. זי האָט אַלץ נאָך געליבט זיך אין סאַשאַ. זי האָט איצט געזוכט אין די ביכער־ראַמאַנען זיין געשטאַלט. זי האָט געשיקט די מוטער צו לייבלען, זוכן פרוי בעיקין. סאַשאַס מאַמע איז מער נישט געקומען צו איר, כדי יענע זאָל אים פאַרגעסן, איר זון. די דיקע פרוי בעיקין האָט אין דער ענגשאַפט, הינטער דער טיר, זיך באַהאַלטן פאַר דער אַלטער פרוי שמוקלער.

זיי האָבן אַלע, פון טונקעלן קאָרידאָר אַרויס — געהערט די קלאַנגען פון צימער, און די שטומע שווייגעניש פון זקן, אינעווייניק. אַנטקעגן אים האָבן אַלע זיי זיך געפילט לופטיק, דורכזיכטיק — אָן האַפט. אָט הייבט עס זיי און טראָגט זיי אַוועק.

לייבל האָט מיט די פינגער געשפּילט ביי זיך אויף די אייגענע סטרונעס. זיי זענען געווען אָפּגעדעקט פאַר אַלע. ער האָט דערזען אין זיין טיר די אַליין־פאַרבליבענע פרויען, פון די טאָלן. זיי זענען געקומען, אים לאָדענען, אויסלייגן פאַר אים די פאַרשעמונג פון זייערע לייבער. זייערע אינגעווייד ברומען שטום אַריין אין דעם פאַרחתמעטן אָרקעסטער. זיי וואַרטן אויף אַן ענטפער. ער האָט געוואָלט זיך אַוועקלייגן אויפן דיל, ביים שיין פון ליכטל; זיי זאָלן קומען איבער דער שוועל, שטעלן זיך אַרום אים, אויף די קני, זיצן אויף דער ערד; זייערע פינגער זאָלן אויסשפּילן אויף אים זייער עלנט. דער זקן האָט איצט געפּויקט אין אים מיט די פינגער. אברהמעלע האָט שטאַרקער געצויגן איבער זיך דעם בויגן. דער קלאַוויר האָט נישט אויפגעהערט באַגלייטן.

שפעטער איז אַהיימגעקומען אסתרקע. זי איז געגאַנגען אין דרויסן צווישן די פּאַרשטעלטע פון קאַרנאַוואַל. זי האָט נישט געוווּסט, ווער זיי זענען. אין דער לבנהדיקער נאַכט איבער די גאַסן — זענען בעטן געפאָרן אַהין און צוריק — ליידיקע, און פולע, מיט איבערגעדעקטע קעפּ. גופים זענען געווען איבערגעצויגן מיט דינע קאָלדרעס — גרין, געל, רויט. אַ רגע האָט איר געדאַכט, דאָס ליגן דאָ די דאָקטוירים. עס פירן די קראַנקע זיי צוריק פונעם דיספּוט. די גאַסן זענען פול מיט זיי. זי איז שנעל אַדורך. הענט האָבן אויף איר געוויזן. זי איז געלאָפן — די איינציק געזונטע. פון אַלע געסלעך, פון די הייף און ווילּיעס — ווו זי האָט זיך דערנענטערט — האָבן די הענט זיך געשטעקט, זיך געצויגן צו איר. די באַלקאָנען און וועראַנדעס אויף אַלע גאַסן זענען געבליבן ליידיק, אין דעם לבנה־ליכט; אויך אָן שאָטנס. דער קאַרנאַוואַל האָט זיי אָפּגעמעקט אויך אונטן, פון די טראָטואַרן. אין די קאָלירטע קאָסטיומען זענען געלאָפן מענטשן — פליינק, לויז — מיט שמאָלע פּיס אין ברייט־לופטיקע הויזן, נאָר די קוליעס האָבן אָפּגעקלאַפּט מיט דינע שאָטנס. ביים ראָג איז עמעצער געשטאַנען און אַרויפגעלאַכט מיט אַ פּראָפיל צו דער לבנה. זי האָט דערקענט דאָס אויג פון פרוי בעלקינס מאַן.

ווען זי איז אַריין, האָט זי געוואָלט מאַכן אַ מאַסקנבאַל — בלויז געקומענע פון די טאָלן. עדיט פון די קאַרפּאַטן וועט זיך פּאַרשטעלן פּאַר איינער פון אירע שוועסטערן, געבליבענע אין טאָל; אַלאַ, די פּאַריזערין, וועט טאַנצן מיטן פוס, וואָס פּילט ווידער זיך שוין אָן מיט לעבן. פּראָפ. ראָליער וועט זי פירן. די בלאָנד־צעפּיקע דאַניאַ, די פּאַרטיזאַנערין פון די וועלדער, וועט אויף זיך אַרויפציען די שוואַרצחנעוודיקייט פון די אַמאָליקע ירושלימער טעכטער; זי וועט דערוווערגן די כשדים־קעניגן, אין די נאַכט־אָרגיעס פון זייערע לאַגער־געצעלטן.

נאָך אין דער זעלביקער נאַכט זענען זיי געווען אויפן בוידעם פון אונטערערדישן קינאָ. אונטן איז דער קינאָזאַל געווען ליידיק, און אויבן האָבן זיי זיך פּאַרזאַמלט, ווי חצות אין שול. זיי האָבן נישט אַרויפגעדרייט דאָס עלעקטרישע ליכט, נאָר אין לבנה־שיין האָבן זיי געטאַנצט, געשטעלט די טריט. זיי האָבן זיך נישט דערקענט איינער דעם אַנדערן, נאָר געוווּסט אַלע, אַז זיי זענען אייגענע. זיי האָבן זיך געדרייט אין אַ ראָד, מיט ווייכע טריט, פּאַרלייגט אַרבל איבער אַקסל. זיי זענען געווען ליידיקע. זיי האָבן אויך געזונגען, נאָר נישט מיט די מיילער. זיי זענען געווען אַ באַלעט פון געבליבענע קליידער, וואָס בענקען נאָך לייב אין זיך. זיי האָבן שטום געפּלאַטערט, געבלאָזן מיט ווינטן, וואָס זענען אין זיי. זיי האָבן געמיינט, זיי וועלן אַראָפּ פון זינען. טייל האָבן אַרויפגעצויגן אויף זיך פרעמדע גופים, פרעמדע פּנימער; האָבן זיך געשטעלט אויף פרעמדע פּיס. די קליידער האָבן געשמיסן זיך איינער דעם אַנדערן פּאַר די אויגן, זיך געבלעזלט אונטער וואַסער; זיי האָבן זיך אַרויסגעהאָנגען אויף שטריק צום טריקענען, זיך געפּרעסט אויף פלאַכע ברעטער. מענערהויזן זענען אַראָפּ פון די שטריק, און האָבן זיך געפירט אַרומגעאָרעמט מיט מיידלישע באַדקאָסטיומען. באַלד האָבן זיי זיך אויסגעזעצט איבערן דיל און זענען געוואָרן אַ לאַנגע נאַכט־אסיפה פון לאַכן. זיי האָבן באַשלאָסן צו ווערן אַן אַרמיי, איינגעמען דעם דרויסן. ברילן־רעגימענטן, אָן נעזער, וועלן זיך רוקן פּאַרויס אויף די וועגן; עס וועלן גייען שטיוול־באַטאַליאָנען, אָן פּיס; זייגערלעך־דעוויזיעס, געבליבענע אויף טישן, וועלן אַריינקלאַפּן

אין דער נאַכט. פון אַלע טאָלן וועלן אויפגייען בריגאַדעס הוטן, צילינדערס און שטעקעלעך; זיי וועלן זיך צוזאַמענגעמען פון אַלע לײדיקע געטאָס און שטעט, אַרויס פון די הייזער און דירות. אַ נאַכט־אַרמײ וועלן זיי זײַן. פאַר טאָג וועלן זיי צוריק אַוועק, זיך לייגן יעדער אויף זײַן אָרט, אומשולדיק, ווי לעמעלעך.

דער טאַנץ איז איצט אויפגעגאַנגען. עס זענען אַרײַן אין ראָד דער ראָק, דאָס וועסטל; די זײַדענע וועש, דער זאָק; דאָס ווײַסע העמד, דער קראַוואַט און דאָס האַנטעך. זיי האָבן שטיל, שטיל געהויבן די פיס — נישט אויפצוועקן, ביז זיי וועלן עלטער ווערן, די קינדער־שיכעלעך און קאָקאַרדעלעך, וואָס שלאָפן נאָר אין דער נאַכט.

עס איז שוין געווען די פינצטערניש פון פאַרטאָג. עס איז נאָך אַלץ געוואָרן ענג און ענגער. עס האָבן זיך אָנגעריבן מאַנטלען און פוטערס, וואַליזעס און פרויען־טאָרבעס, פראַקן און וועלאַנען. אין די ווינקלען האָבן זיך געוואַלגערט פולע, נישט אויסגעטרונקענע, פלאַשן. אַלע זענען געווען שיכור, באַזויפן פון ניכטערקייט. זיי האָבן נישט געקאָנט האַלטן זיך אויף די פיס. מען האָט האַסטיק אָנגעקלאַפּט. עס זענען אַרײַן די תכריכים. אויך זיי זענען געבליבן אין די שענק, ליידיקע. פון זייער שניי־ווײַסקייט איז געוואָרן ליכטיק. אין דרויסן האָט געטאָגט. דער זאַל איז געווען ליידיק.

אויף צו מאָרגנס פון דיספּוט, נאָך דעם ווי דער בלינדער פּראָפעסאָר האָט געקרוינט ראַליערס אַסיסטענטן אַלס עקספּערטן, האָבן די לעיזענער דאָקטוירים, שטיינער און מיקעטי, באַפוילן צו אונטערזוכן אַלע טאָל־קראַנקע. איינעם נאָכן אַנדערן האָט מען זיי געבראַכט צו פירן אין טונקל־מעבלירטן קאַבינעטל פון ד״ר שטיינער. דאָ, צווישן די שווערע גאַרדינען, האָט מען זיי געוויגן, געמאָסטן, אויסגעפאָרשט, און זייערע רייד פאַרשריבן אין אַן אַקטן־טאַש. דאָס ערשטע האָט מען אַהערגעבראַכט דעם קינדערלאָזן פאָטער. ד״ר שטיינער האָט אים לאַנג געלאָזט זיצן פאַר זיך, גאָר נישט געפרעגט, און געשריבן אין זײַנע אַקטן. שפּעטער האָט ער אים אויפגעשטעלט, מיט אַ פאַרגרעסער־גלאָז אים געקוקט אין מויל, אין האַלדז; אים געעפנט די וויעס, און געקוקט פון דער נאָענט אין אויג, אין שוואַרצאַפּל און ווײַסל. ער האָט אַראָפּגעדרייט דאָס ליכט און אין דער פינצטער אים אַרונטערגעשטעלט הינטער דער רענטגען־מאַשין. מיט אַ מעטאַלן אויג איבער זיך האָט ער אַרײַנגעקוקט אין אים, אים איבערגערוקט ביי די עלענבויגנס, אים אונטערגעהויבן אין דער מאַשין. ער האָט פּלוצעם ליכטיק געמאַכט, אים אַוועק־געזעצט; געוויזן אים מיטן פינגער, אַרויפצוציען די צוויי הויזן־רערן ביז איבער די קני. מיט אַ העמערל האָט ער געקלאַפּט אין זייער געבויגנקייט, געוואַרט זיי זאָלן אויפשפּרינגען. ער האָט אים דערלאַנגט אַ ווײַסע כּלי, אין אַ ווינקל, צו לאָזן אין איר אָפּפליסן זײַן אורין. דער דאָקטער האָט זי איבערגעשאָקלט פאַר די אויגן, און דערנאָך האָט ער אים אַוועקגעזעצט פאַר זיך ביים טיש, צו שטעלן פראַגן. ער האָט זיי געלייענט, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, פון אַ בויגן אַרויס. ער האָט אים געהייסן וואַרטן, און די ענטפערס יעדעס מאָל פאַרשריבן אין די ליידיקע שורות פון עם פאַרמולאַר.

ד״ר שטיינער האָט פאַרלייגט די ברילן און געשריבן מיט קליינע קלאָרע אותיעלעך. ער האָט זיי אויסגעציקלט. דער קינדערלאָזער פאָטער האָט זיך דערמאָנט אין די טיפע

קעלערן אין וועלכע ער איז געזעסן; אין די שנייען, וואָס זיינע באַרוועסע פיס האָבן אין זיי געטאָפּטשעט; אין די אומענדלעכע זאַמדן, אין וועלכע ער האָט זיי געשלעפּט; אין זיין הונגער נאָך ברויט, וואָס האָט געמאַכט אויפברומען אין אים די ליידיקע אינגעווייַדן; אין זיין דאָרשט נאָך וואַסער, וואָס האָט אויסגעטרוקנט די הויט און ביינער פון זיין גוף, און וועגן דער בענקשאַפט פון זיינע אברים נאָך רו. ער איז אַוועק פון דאָקטער, אַ הויכער, אַ לאַנגער, אַן אַרויסגעשטעלטער אויף דער גאַס.

אויף צו מאָרגנס איז אין דעם דאָקטערס טונקל קאַבינעטל געזעסן דער הויכער, געבויגענער, פאָטער, מיטן פּעקל אויף דער פּלייצע. מען האָט אים באַפוילן אַראָפּציען דאָס העמד. ער האָט אַוועקגעלייגט פאַר די פיס דאָס פּעקל און איז געבליבן שטיין נאַקעט מיטן אייבערשטן האַלבן קערפּער. פון אונטער דער הויט האָבן זיך אויסגעטיילט די ריפּן. ד״ר שטיינער האָט געהויבן די הענט אַרויף, און אים געפּויקט ביז אַראָפּ אין די ריגעגן פון דינעם שדרה־זייל. פון כסדרדיקן טראָגן דאָס פּעקל, איז עס אים געבליבן אָפּגעצייכנט פּירקאַנטיק אויף דער פּלייצע. אויף ד״ר שטיינערס פראַגן, האָט ער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — אַרויף און אין דער ברייט. דער דאָקטער האָט אַלע מאָל געמוזט אַרויסנעמען די אויגן פון די פּאַפּירן און שרייבן ווייטער. ער האָט נאָך דעם צוגעגרייט נאָך בלעטלעך. ער האָט געוואָלט אים באַפעלן, עפענען דאָס פּעקל, נאָר ווען ער האָט ווידער אויפגעהויבן די אויגן, איז יענער שוין נישט געווען.

אין אַ וואָך אַרום האָט ער אויסגעהאָרכט אברהמעלען. ער האָט אים געהייסן שפּילן, איינשניידן אין זיך מיטן בויגן. ער האָט אַלץ נישט געוווּסט, וועמענס קלאַנגען עס שרייען אויף — זיינע אייגענע, צי דעם אומגעבראַכטן פידלערס.

דער שווייצער אונטעראָפּיצער האָט איצט יעדן טאָג געקלאַפּט ביים דאָקטערס טיר. ער האָט געפאָדערט, ער זאָל אויך אים אויסהערן. זי קאָן נישט קומען אַליין, און אויך די קינדער נישט. זיין גוף געהערט איצט צו זיי.

אין צוויי חדשים אַרום האָבן ד״ר שטיינער און ד״ר מיקעטי גערופן אַ קאָנפערענץ פון די דאָקטוירים און אַפּטייקערס פון לעיזען. זיי האָבן רעפערירט וועגן דער נייער קראַנקייט, וואָס זיי האָבן אַנטדעקט. זיי האָבן זי באַצייכנט אַלס קראַנקייט פון „קערפּערלאָזע ווענזנס". עס ליידן פון איר מענטשן, ביי וועלכע עס פעלן עטלעכע יאָר אין דער מיט פון זייער לעבן. דעם ליידיקן חלל פון פעלנדיקע יאָרן, קאָן מען מער נישט אויספילן. די יאָרן פון פאַרן חלל, און פון נאָכן חלל — קאָנען נישט זיך צוזאַמענ־באַהעפטן. עס בלייבט אַ לאָך אין דער צייט. ד״ר שטיינער האָט דאָס פאַרגליכן צו אַ גוף, וואָס עס פעלט אין אים דער מיטלסטער טייל לייב. דער ברוסטקאַסטן מיטן אונטערשטן טייל קערפּער קאָנען זיך נישט צוזאַמענקומען. ער איז אָבער, דער דאָקטער, געווען באַזאָרגט — נישט אַזוי פון דעם טייל וואָס פעלט, ווי גאָר פון דעם איבעריקן, וואָס איז זיי צוגעקומען, די אַלע מענטשן פון טאָל. די ליידיקייט אין זיי, האָט ער אויסגע־פונען, איז אָנגעפילט מיט אַ נייעם אומזעבאַרן חוש; מיט אַזעלכן, וואָס אַלע אַנדערע מענטשן האָבן נישט. ד״ר שטיינער האָט אים אָנגערופן „דער חוש פון פאַרגלייכן, פון אַסאָציאַציע". יעדער נייער מענטש, אויף וועלכן זיי טרעפן זיך אָן, דערמאָנט זיי אין איינעם, אַן אַנדערן, וואָס איז שוין געווען פאַר אים; אין עמעצן, וואָס האָט געהאַט זיין קול, זיין גאַנג, און די אייגענע תנועות. זיי ווילן אָט דעם איצטיקן רופן מיט

יענעמס נאָמען. זיי קוקן אויף יעדן, ווי אויף אַ פאַרמשפּטן צום גורל פון יענעם, דעם ערשטן; זיי ווייסן, מען קאָן אים מער נישט העלפן. אַלץ איז — אַנגעברייט. זיי שטייען אַלע, ווי אין דער מיטן — צווישן די טויטע און די לעבעדיקע.

אויך אסתרקע איז געווען ביי אים. ער האָט אין איר געזוכט דאָס פאַרבאָרגענע, וואָס האָט זי נישט געלאָזט קראַנק ווערן. עס איז אים שווער געווען צוצוקומען צו דעם. איר געזונט־בלייבן האָט ער באַצייכנט אַלס „דאָס אומנאָרמאַלע". ער האָט פאַר דעם מער זיך געשראָקן, ווי פאַר די אַנטדעקטע קראַנקייטן. פון אירע ענטפערס איז ער ביי זיך אַראָפּגעפאַלן. זיינע פראַגן האָבן פון איר, ווי זיך אַראָפּגעגליטשט. ס'האָט אים געדאַכט, דאָס אָבסערווירט זי גאָר אים.

ד"ר שטיינער האָט אין זיין פאַרלעזונג געזאָגט, אַז זיי אַלע, פילן זיך גוט, נאָר ווען זיי זענען באַדראָט, אַנגעפילט מיט שרעק. ווען דער אומרו פאַרלאָזט זיי — בלייבן זיי ווי ליידיק. ער פעלט זיי. זיי קאָנען זיך נישט באַוועגן. עס דאַכט זיך זיי, אַז זיי נאַרן אָפּ; זי קומט זיי נישט, די רו. זיי דרייען זיך, ווי אַרעסטאַנטן, וואָס די וואַך האָט פאַרגעסן זיי צו באַגלייטן. אָט דערגרייכט זיי די שטראָף; זי וועט זיך אַראָפּלאָזן. אין די רויִקע נעכט האָבן זיי מורא איינצושלאָפן. ווען די שרעקן זאַמלען זיך אָבער אין זייער לייב, ווי שטורעמווינטן, וואַכט אויף אין זיי דער געהער, ווי ביי געיאָגטע חיות אין די וועלדער. זיי זענען גרייט. יסורים נעמען זיי אויף מיט ליבשאַפט. זיי פאַרבאָרגן זיך אין זיי, ווי אין אַ היים. די קראַנקע צווישן זיי באַהאַלטן זיך אויס אין זייערע מחלות, ווי אין נאָרעס. דעריבער איז אסתרקע אַזוי איבערגעשראָקן. זי איז אין דרויסן, אָפן אין דער זון, אויסגעשטעלט פאַר אַלע סכנות. נאָר ווען זאָרגן רינגלען זי אַרום פון אַלע זייטן, ווי וואָלקענעס, דערפילט זי זיך געשיצט. זי שלאָפט אין זיי איין, ווי אין בעטגעוואַנט.

ד"ר שטיינער האָט געוואָרנט קעגן מאַכן שוין איצט איילִיקע אויספירן. מען דאַרף זיי אַ גאַנץ לעבן האַלטן אויפן אויג. די פאָרשונגען איבער זיי וועלן בוצך־ברענגען די מענטשן אין דער צוקונפט. דאָס איז אַ זעלטענע צייט. מען וואָלט זיי אפשר געדאַרפט איינשליסן אַלע אין אַ ריזיקער לאַבאָראַטאָריע.

אין עטלעכע טעג אַרום איז צו אים ווידער געקומען דער קינדערלאָזער פאָטער. דאָס מאָל — אַליין. ער האָט שטיל זיך אַריינגעשאַרט, און געבעטן דעם דאָקטער, ער וויל מיט אים רעדן אויג אויף אויג. דער דאָקטער האָט העפלעך אים אַריינגעפירט אין טונקעלן קאַבינעטל. ער האָט אים אַוועקגעזעצט אַנטקעגן זיך, גרייט צו הערן. דער קינדערלאָזער פאָטער האָט געפילט, אַ ראָזעקייט באַדעקט אים דעם גוף. ער האָט געשוויגן. נישט געוווּסט ווי אָנצוהייבן. ער האָט געשטאַמלט וועגן בן יחידל, וואָס ער און זיין פרוי האָבן געהאַט; אַ קינד, וואָס וואָלט איינגענומען די וועלט; נישט פון קיין צווילינג אָפּגעטיילט, נישט צוויי, נאָר איינער אַליין איז ער געווען, וואָס האָט דעם פאָטער מיט דער מוטער באַהאָפטן, ווי צו איין לייב. מיט זיין אָפּפאַלן — האָבן אויך זיי ביידע זיך אָפּגעשיידט, איינער פון אַנדערן. זיי זענען פון זיך ווייט, ווי הימל און ערד אייביק אָן אַ רעגן צווישן זיך.

ער האָט נישט געוווּסט, ווי צוצוקומען צום עיקר. ער האָט געזוכט ווערטער. ער האָט געוואָלט איבערקומען; אַרויסזאָגן זיי, וואָס גיכער; זיי זאָלן נישט אָנרירן

דעם האַלדז, דאָס מויל. ער האָט די ווערטער אַראָפּגערעדט, האַלבע, ווי צו זיך אַליין, אויפן קול. דער דאָקטער האָט זיי אונטערגעהערט. ער האָט גערעדט וועגן זאַפטן, וואָס זענען נאָך דאָ אין אים, אין איר; וועגן אויפפרישן; וועגן הילף, וואָס זיי דאַרפן אפשר. ער האָט פלוצעם אָפּגעהאַקט. דאָס מויל איז נאָך ביי אים געבליבן צעעפנט.

ד"ר שטיינער האָט נאָך דעם, אין זיין פאַרלעזונג פאַר די דאָקטוירים, אָנגעוויזן, אַז די מענטשן גלייבן מער נישט אין זיך. יעדן טריט שטעלן זיי מיט צווייפל. זייערע כוחות זענען אָבער נישט אָפּגעטויט; זיי דרימלען אין זיי. מען טאָר זיי נישט וועקן. מען דאַרף זיי בלויז מאַכן פאַרגעסן; נישט טראַכטן. דעמאָלט קאָנען זיי אַליין צוריק אַרויסקומען פון אונטער זיך.

דער קינדערלאָזער פאָטער האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן. ער איז איצט גאַנצע טעג געזעסן פאַרן פענצטער אין זיין צימער. ער האָט זיי געזען פאַרבייגייען אויף דער גאַס, פיל, פיל, פרויען. איין מאָל אויך די אין דער רויטער פּידזשאַמע, אויף די קוליעס. אויך יונגע מענער, הויכע, ברייטפּלייציקע, האָט ער געזען פאַרבייגייען. ער האָט נישט געקאָנט באַגרייפן דעם ווונדער פון זייער גרייכן צו זיך, פון דעם קאָנען קומען פון דעם ער אין דער זי. וואָס קרעפטיקערע פרויען ער האָט געזען — אַלץ מער איז ער געבליבן, ווי אָפּגעהאַקט. ס'האָט אים פלוצעם געדאַכט, ער האָט אים געכאַפּט, דעם סוד, פאַר וואָס פיל זקנים נעמען זיך פאַר ווייבער יונגע, נישט אויסגערייפטע מיידלעך. צו זיי קאָן מען גיכער גרייכן. ער האָט מיט אַ מאָל פאַרשטאַנען, אַז די שולד פון זיינע שטערונגען איז נישט אין אים, נאָר איר איר, אין זיין פרוי. זי איז צו רייף, דערפאַרן; זי ווייסט. ער פילט זיך לגבי איר, ווי אַ יינגל, אומבאַהאָלפן.

ער האָט ווייטער נאָכגעקוקט פון פענצטער אַראָפּ די פאַרבייגייענדיקע פרויען און מיידלעך. זיי האָבן אים אויסגעזען, ווי געשלאָסענע, סודותדיקע, שלעסער, אין וועלכע מען קאָן נישט אַריינקומען — קיין מאָל נישט. זיי וועלן תמיד בלייבן פאַר אים פאַרמאַכט.

אַ סך מאָל האָט ער געשפּירט, אַז אין זיי, גאָר אין די פרויען, איז דער פעלער. זיי זענען אָן בולטן מין. די געשלעכטס־אברים זענען אין זיי באַהאַלטן, נישט צוצוקומען. ער האָט זיך אָבער געכאַפּט, אַז דאָס זענען שפּירונגען, נאָר פון איינעם, וואָס אויך זיינע אברים שטרעבן זיך איינצושרומפּן.

אין יענע וואָכן האָט ער לאַנג זיך געדרייט איבערן צימער מיט דער האַנט אין הויזנטאַש, אַרויסצורופן די וואַרעמע שפּאַנונג פון אבר. אין די מאָרגנס האָט ער אויפגעהאַלטן דעם אורין אין זיך. מיט דעם פולן גליד האָט ער זיך געטראָגן צוריק אין בעט אַריין. ער האָט געשפּירט, די באַקן זענען אים איינגעפאַלן. דער גוף איז אים, נישט וואַרעם, נאָר — לווילעך.

אין איינער אַ נאַכט האָט ער דעמאָלט אויפגעכאַפּט זיך דערשראָקן און מיט אַ שמייכל. ער האָט אין שלאָף זיך דערפילט, ווי אַ מאַן. ס'איז שוין אָבער געווען נאָך אַלעם. אונטער אים אין בעט איז געווען פייכט. מיטן שמייכל אויפן פּנים האָט ער גיך געאיילט, אויף די שפּיצן פינגער, צו וואַשן דעם פלעק. ער האָט זיך איינגעהערט,

צי זי שלאָפט. ער האָט זיך געפילט שולדיק לגבי איר. ער האָט מורא געהאַט, זי זאָל זיך נישט דערוויסן.

אויף צו מאָרגנס, פאַר נאַכט, ווען ער איז אַליין געבליבן אין שטוב, האָט ער ווידער געזוכט אין דרויסן פאַרבייגייען די מיט דער רויטער פּידזשאַמע. ער האָט זיך דערווייטערט פון פענצטער. ער האָט דערשפּירט אַ פרעמדע בלייכע היץ אין זיך. ווי אַ פאַרסמטער האָט ער אַריינגעלאָזט די האַנט אין הויזנטאַש. אַ געלער שווייס איז אים אַרויס אויפן שטערן. שפּעטער האָט ער זיך געריסן צו זיך, פאַרבאָרגן אין זיין לייב. ער האָט זיך געוואָרפן אויפן ליידיקן בעט. די האַנט איז אים געלאָפן איבערן לייב. ער האָט דערשפּירט, ווי קוואַלעכלעך נעמען שלאָגן אין אים. ער איז געבליבן אָן די חושים, איבערגעגעבנטפּערט צו זיי. ער האָט מיט פאַרמאַכטע אויגן געשמייכלט, הערנדיק ווי עס קוועלט פון אים. אַ פרעמדער, אָן איבעריקער, האָט ער נאָך דעם געשפּרייזט צום פענצטער. ער האָט איצט נאָכגעבליקט, מיט זיכערקייט אין זיך, די פאַרבייגייענדיקע פרויען. עס איז אים איינגעפאַלן, אַז ביי נישט וואַכע, שלאָפנדיקע פרויען וואָלט ער אַלץ דערגרייכט.

אין די ווייטערדיקע טעג איז ער פאַרבליבן אין שטוב. עס האָט אים געדאַכט, אַלע אין דרויסן וועלן אַלץ אַראָפּלייענען פון אים. אויף צו לייבלען איז ער נישט געגאַנגען. ער האָט איצט זיך אויך געהיטן פאַר ד״ר שטיינער.

צום דאָקטער איז לעצטנס געקומען דער מישלינג. ער האָט צו איר לייב צוגעלייגט דאָס לאַנגע טרייבל און זיך איינגעהערט אין די רוישן אינעווייניק. זי האָט געזאָגט, אַז דאָס קעמפן אין איר, צווישן זיך, די בלוטן פון דער מוטערס און דעם פאָטערס צד. ביי טאָג זיגט די מוטער. זי בענקט צום קליינעם פּראָפעסאָר. זי פילט, זי קאָן אָן אים נישט זיין; אָבער אין די נעכט ציט עס איר גוף צום שפּילצייג־סוחר. זי ווייסט אויך, אַז איר אייבערשטער טייל גוף לעכצט נאָכן בלינדן פּראָפעסאָר, בעת דער האַלבער קערפּער אונטן ווערט געצויגן צום שפּילצייג־סוחר; אפשר — ווייל ער האָט זי באַזיצן און זי אויף תמיד פאַרבונדן מיט זיך. דער פּראָפעסאָר האָט דאָס קיין מאָל נישט געטאָן. זי האָט געזאָגט, אַז זי פילט, דער בלינדער פּראָפעסאָר, ווען ער קושט איר אייבערשטן האַלבן גוף, זוכט ער ווייך דעם פאַרלוירענעם צד פון איר מוטער; יענער אָבער קושט זי אַליין.

דער מישלינג האָט דעם דאָקטער אויך פאַרטרויט, אַז די פאַרפום־באָד איז שוין אָפן. זי איז דאָרט געווען נאָר איין מאָל, אין דעם געשלאָסענעם קלוב. זי האָט זיך געבאָדן אין דער פאַרפום־וואַנע. דער שפּילצייג־סוחר רייבט איין מיט שמעקנדיקן זייף די פּלייצע. אויך דער יאַפּאַנישער בחור און די שוועדין זענען מיטגלידער אין דעם קלוב. די שווייצער זעלנער, וועלכע גייען שוין אויף קוליעס, זענען די באַדינער; זיי טראָגן די האַנטעכער. פאַראַן אויך פאַר די מיידלעך, נישט פאַרפום־בעדער, נאָר בעדער פון שאַמפּאַנער. די זעלנער זיפּן אים נאָך דעם אויס פון די וואַננעס. די גרינע ווענט אַרום זענען בלינדע, אָן פענצטער. דאָס אויגלעכל, אַריינצוקוקן, איז אויפן דאַך; די צושויער קאָנען אויבן זיך אויסשפּרייטן, און באַהעפטן דאָס אויג. אויך די לעכלעך פאַר דער נאָז, אַריינצושמעקן דורך זיי די פאַרע פון די פאַרפומירטע לייבער, זענען אויבן, איבערן דאַך. אונטן, ביי דער אַריינגאַנג־טיר, היט דער דינער מיט דער גרינער באָרד און העלן קאָמבינעזאָן.

ד"ר שטיינער האָט די באַד איינגעשלאָסן אין זיין לאַבאָראַטאָריע. אין די נעכט איז ער איצט אַוועק אויפן דאַך און האָט דאָרט זיך אויסגעצויגן. ער איז געלעגן געשפּרייט מיטן ווייסן כאַלאַט — דאָס אויג צוגעהאָפּטן צום לעכל. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן זיין נאָטיצביכל, מיט שמאָלע, לאַנגע בלעטער; אין דער צווייטער — אַ קורץ, שוואַרץ פּעדערל. נאָך יעדן בליק האָט ער אונטערן לבנה־שיין, געצייכנט אַ שורה מיט קליינע, געציקלטע אותיעלעך.

ער האָט געזען, דער דאָקטער, די פּאַרפום־וואַננעס זענען ליידיקע; זיי זענען אינעווייניק צעשטעלט, די מיידלעך, אַרום די גרינע ווענט פון זאַל. זיי באַוועגן זיך נישט. זייערע ראָז־פּאַרעדיקע לייבער זענען, ווי פון מומיעס, פאַרשטיינט־געוואָרענע אין מיטן גיין. יעדע שטייט איינגעגליווערט, ווי אַ סטאַטוע, אויף איר אָרט; דער קאָפּ אַראָפּגעהאַנגען. טראָפּנס רינען זיי פון דער שפּיץ ברוסט. זיי וואַרטן. ער האָט דערקענט די שוועדין, מיט די פלאַקסהאָר און ברוינע אויגן אונטערן קורצן שטערן; די מיט דער רויטער פּידזשאַמע, וואָס אירע לאַנגע פיס, ווי זי אין גאַנצן, זענען איצט געווען נאַקעט; די שפּאַניערין, מיט דער רויטלעכער, ווי אָפּגעשיילט, הויט. איר גאַנץ לייב איז געווען רוי, ווי נאָזפּלייש. עס האָט דאָ אויך זיך געפונען די פּאַריזער טענצערין, אַלאַ, מיטן שוואַרצן לאָקנקאָפּ און גרינע אויגן.

דער דאָקטער האָט אויף צו מאָרגנס ווייטער געפּאָרשט דעם מישלינג. זי האָט געזאָגט, אַז אויב דער קליינער פּראָפעסאָר וועט קומען אין איר, וועט זי ווערן געהיילט — אַלץ וועט זיך איינשטילן אין איר. דאָס שלעכטע פון אינעווייניק וועט פאַר אים אַנטרינען.

ד"ר שטיינער האָט איצט צו זיך אַרויסגערופן דעם בלינדן פּראָפעסאָר, מיט אים זיך אַדורכצורעדן. דער פּראָפעסאָר האָט אָבער געטענהט, אַז ער קאָן זי נישט קושן אייליקער; ער האָט מורא, זיינע ליפּן זאָלן זיך נישט אָנטרעפן אויפן פּאָטערס צד. ער האָט אַ פּאַרדאַכט, אַז דאָס האָט ער עס, איר פאָטער, אין יענער נאַכט, אויף דער גרענעץ־ראַמפּע, באַלויכטן מיטן רעפלעקטאָר די יידישע פרוי ביי איר געבוירן. צוליב דער סיבה קאָן ער אויך נישט זיין מיט איר. ער האָט מורא, ער זאָל אין איר נישט גרייכן דעם פּאָטערס פּאַרבאָרגן לייב. ביי דער געלעגנהייט, האָט דער דאָקטער געעפנט אַן אַקטנטאַש דעם ווינער פּראָפעסאָר. ער האָט פאַרצייכנט די פּערסאָנאַלן. עלטער: צוויי און דרייסיק יאָר; פּראָפעסיע: היסטאָריע־לערער; הויכקייט: אַ מאָל קליין, בידעריק, און אַ מאָל — העכער, און העכער, אַרויפגעצויגן.

די דאַטע האָט ער, דער קליינער פּראָפעסאָר, נישט געלאָזט פאַרצייכענען. אַלע תקופות, האָט ער געזאָגט, האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן אין אונדזערע טעג, אויף אַ באַגעגעניש; זיי האָבן זיך איינגעשרומפּן, מיר זאָלן קאָנען זיי אַרומנעמען. היינט — איז נעכטן און מאָרגן.

פון זיינע פאָרשונגען האָט ד"ר שטיינער איצט אויך געוווּסט, אַז לייבל'ס מי איז אויף אומזיסט. די רעשטלעך יידישע טעכטער דאָ וועלן פון אים אָפּפאַלן — איינע נאָך דער אַנדערער. עס ציט זיי זיך אָפּצורייסן פון דער קייט, וואָס בינדט זיי אויף הינטער זיך. כאָטש די קייט איז אַ שטאָלענע — בייסן זיי אין איר זיך איין מיט די ציין, ווי דאָס גריזשעט זיך איין, עדיט פון די קאַרפּאַטן, אין איר אייגן לייב, אַרויסצורייסן פון דעם איר צייכן, דעם אויסגעברענטן אָרעם־נומער.

ער האָט אויך געוווסט, ד״ר שטיינער, אַז זינט דעם לעצטן דיספּוט קאָנען אַ סך פון טאַל נישט פאַרגעבן דעם בלינדן פּראָפעסאָר דאָס, וואָס ער האָט פאַר אַלעמען אין די אויגן אַנטפּלעקט זייער שאַנד. זיי שאַרן זיך איצט נאַקעטע אין די קאָרידאָרן און ווערענדעס פון די קליניקס, מיט די הענט פאַרשטעלט זייערע בייכער. עס דאַכט זיי, אַלע זוכן רויטע פאַרב־פלעקן אונטער זייערע נאָפּלען, צי זיי זענען נישט געצייכנט, צום אויפהענגען, ווי געטרייבערטע בהמות, אויף האָקעס, און צום זוכן דימענטן אין זיי. זיי האָבן געפילט, די שווייצער זעלנער קוקן זיי נאָך. זיי האָבן איצט געשפּירט, ווי אַ שאַרפן, לאַנגן שניט איבער זיך — פון אויבן ביז אַראָפּ. זיי האָבן מורא געהאַט אויפצושטייען פון די געלעגערס.

אויך דער רענטגענאָלאָג, ד״ר שמידט, האָט שוין געוווסט, אַז די יידישע טאַל־טעכטער וועלן ביסלעכווייז פאַרשווינדן פון דאַנען. דאָס איז געווען נאָך דעם, ווי ער האָט דורכגעלויכטן אין זיין רענטגען־צימער די רבנישע טאָכטער מיט די לאַנגע זיידענע וויעס; אין דער פינצטער אַריינגעקוקט אין איר, און מיט די שאָטן־פינגער געמישט אין אירע אינגעווייידן. ער האָט איר באַפוילן, ביסלעכווייז, שוין נעמען אַראָפּשטעלן די פיס פון בעט, איינאיבן זיי אין גיין איבערן דיל. באַלד נאָך דעם האָט געגרייכט די שמועה, אַז זי איז פאַרשוווּנדן צוזאַמען מיטן פראַנצויזישן סטודענט, דעם לערער פון שפּראַכן. זיי האָבן מיט קיינעם פריער זיך נישט געזעגנט. בלויז זיין שכן אין קליניק, ש. האָט זיך דערמאָנט, אַז דער פראַנצויזישער סטודענט האָט לעצטנס פאַר אים זיך פאַרטרויט, ער קאָן נישט בלייבן דאָ אין בעט; ער קאָן מער נישט איינרוען אויפן געלעגער. די פעלקער אין צפון־אַפריקע גרייטן זיך צו זייער פרייהייט־קאַמף.

ווען אסתרקע האָט אין איינעם אַן אָוונט אַנגעקלאַפּט אין דער טיר פון צימער, ווו עס איז געלעגן די רבנישע טאָכטער, און זי געעפנט — האָט פון אַנטקעגן, פון בעט אַרויס, זי באַגעגנט דער פרעמדער בליק פון אַ מיידל. אויפן קאָנט פון בעט איז געזעסן אַ יונגער אָפיצער, אַ שלאַנקער בלאָנדער בחור, אין אַן אויסלענדישן אוניפאָרם. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער טיר. די ווענט אַרום זענען געווען באַהאַנגען מיט בילדער פון אַקטיאָרן, אויסגעשניטענע פון זשורנאַל. אסתרקע האָט אַ ווײלע געזוכט מיטן בליק. זי האָט געפרעגט וועגן דער רבנישער טאָכטער. זיי האָבן נישט געוווסט ווער דאָס איז. זי האָט זיך אַנטשולדיקט און צוריק פאַרמאַכט די טיר. עס איז איר נאָך פון אינעווייניק אַ ריח פון ליפּנפאַרב און פאַרפום.

לייבל האָט געוואָלט זיצן שבעה נאָך דער רבנישער טאָכטער, ווי דאָס וואָלטן געטאָן אירע עלטערן. עס האָט פאַר אים געשוועבט דער אונטערגעהאַקטער לויף פון איר פאָטער, דעם רב, געטריבן צום טויט; די באָרד און פאָלעס — אויפגעבלאָזן אין ווינט; נעבן אים, לויפן, געיאָגט, זיין ווייב, און זייער יינגערע טאָכטער. דער פּראָפיל־בליק פון פאָטער זוכט זי, דאָ. פון אַלע פאַרהוילענע ווייטקייטן זענען צו איר אויך געווענדט די קינדישע בליקן פון דורות זיידעס, רבנים, מיט לאַנגע ווייסע בערד און שווערע ברעמען.

לייבל האָט געפילט, זיי זענען איצט אַלע פאַרשוווּנדן, פאַרפאַלן געוואָרן — מער נישט אויפצושטייען. ס׳איז אים איינגעפאַלן, מיטן רבס טאָכטער האָט עס זיך אויסגעלאָזט;

דאָס נייע יידישע פאָלק קאָן אַ מאָל זיך אָנהייבן פון מישלינג. לאַנגע מעסערס האָבן אים זיך איינגעשניטן אין די געדערעם.

אין איינעם אַ טאָג איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז אויך דער קינדערלאָזער פּאָטער איז פאַרשוווּנדן פון לעיזען. קיינער האָט נישט געוווּסט, ווו ער איז אהינגעקומען. די קאַטוילישע אלמנה מיט די בלויע האָר האָט דערציילט, אַז באַלד אין דער פרי איז ער געקומען זי באַזוכן. ער איז ביי איר אין צימער אָפּגעזעסן עטלעכע שעה, אַ שווייגנ־דיקער. זי האָט נישט פאַרשטאַנען צו וואָס ער איז געקומען. ווען ער איז אַוועק, האָט זי שנעל הינטער אים פאַרקלאַפּט די טיר. אויף שעהען האָט זי זיך פאַרמאַכט מיטן מיידעלע. זי האָט דאָס קינד אָפּגעשפּראָכן אַן עין־הרע. מער האָט זי אים נישט געזען.

ערשט שפּעט אין אָוונט איז ער צוריקגעקומען, דער קינדערלאָזער פּאָטער, פון דער גרויסער שטאָט אונטן אין פלאַכלאַנד. ער האָט מורא געהאַט, מען זאָל זיך נישט כאַפּן, ווו ער איז געווען. עס האָט אים געדאַכט, אַלץ וועט מוזן אויפגעדעקט ווערן. ער פאַרשניידט זיך אַליין, זיינע אייגענע צוויי‏גן. דעם צווייטן האָט ער אַליין געמאַכט פאַרלירן.

און אין יענער נאַכט האָט ער אומדרייסט ווידער געפּרוּווט זיך דערנענטערן צו זיין פרוי; אַ זינדיקער, האָט ער געקלאַפּט אין אירע טויערן. ער האָט געפילט, ער בלייבט אַן אומריינער קרבן אויף אַ געהייליקטן פון יסורים מזבח; ער איז אַ דורויסנדיקער, ווי טרוקן האָלץ צו וועלכן עס גרייכט נישט דער בראַנד. ער ווערט נישט אָנגענומען.

אין דער זעלביקער נאַכט איז ש. געלעגן ביי זיך אין צימער אויפן בעט; זיין גוף האָט געברענט אין אַ קדחת. די דערמאָנונגען פון די פאַרגאַנגענע טעג האָבן געפלאַקערט אין אים פון אינעווייניק; ווי פייערצונגען געלעקט אים די ביינער, צום פאַרצערן.

ער האָט באַנומען, אַז די יידישע טעכטער פון די טאָלן זענען, ווי געפאַנגענע קינדער, וואָס ווייסן נישט דעם עבר פון פאַר זיי. קיינער האָט זיי נישט אויסגעשמידט; נישט געווען ווער עס זאָל זיי זאָגן. אויך איצט זענען זיי אַליין, אָן עמעצן, וואָס זאָל זיי פירן. עס האָט אים באַנג געטאָן פאַר זיי.

ער האָט ווידער געוווּסט, אויף קיינעם פון צווישן די אומות קאָן מען מער נישט זיך פאַרלאָזן. קיינער פון זיי וועט זי נישט שרייבן, אונדזער געשיכטע, נאָך אונדז. נאָר עמעצער פון אונדזערע רעשטלעך מוז זי פאַרצייכענען, אונדזער היסטאָריע פון דער צייט.

ער האָט זיך דערפילט, ווי דער יתום אַ מאָל אין זיין שטאָט. אַלע זיינע טעג האָט קהל אים געשטיצט; די זאָרג פאַר זיין לעבן האָט ער געוואָרפן אויף דער עדה. ווען די שטאָט האָט געקראַכט, איז זיך צעפאַלן — האָט ער געוווּסט, ער איז אַליין; אויף קיינעם מער האָט ער נישט צו האָפן. ער האָט דעמאָלט זיין חיות גענומען אין די אייגענע הענט און איז אַנטרונען.

אין אונדזער תקופה, בלויז צווישן פרעמדע, מוזן מיר אַליין זיי שרייבן, אונדזערע בלעטלעך פון די קורות הימים — ווידער אַ מאָל, ווי אין רוים, יוסף בן מתתיהו הכהן.

ער איז אַראָפּ צום טיש; האָט גענומען די פעדער. ער האָט אָבער נישט געקאָנט אָנהייבן. ווי קומט ער צו זיי, די פאַרבליבענע יידישע טעכטער אַרום זיך! זיי זענען די

יצירה אַליין. זייער באַשרייבער, דער שאַפער, וואָס וויל צו זיי גרייכן, וועט תמיד בלייבן אַן אימיטירער — קליין לגבי זיי אַליין.

עס איז אים איינגעפאַלן, דער באַשאַף שווייגט. מיר פאַרשטייען זי, די נאַטור, אויך אָן רייד. אַזוי אויך — פרויען. אויך דאָס שרייבן איז איבעריק.

ער האָט זיך געכאַפּט, אַז גאָר גרויסע קינסטלער: די וואָס באַנעמען דעם באַשאַף, שרייבן קיין מאָל נישט. זיי ווייסן, די נישט האַפּטיקייט דערפון; די אמתדיקע קינסטלער לאָזן נאָך זיך גאָר נישט. זיי פאַרשווינדן צוזאַמען מיטן באַשאַף. זיי ווייסן, אויך די יצירה ווי די מעשים, פאַרגייט; ס'בלייבן נישט אירע שפּורן.

ער האָט איצט מיט אַ מאָל פאַרשטאַנען דאָס שווייגן פונעם פאָטער מיטן פּעקל אויף דער פּלייצע.

ער האָט אָבער אָנגעהויבן שרייבן גיך, גיך. ער האָט געוואָלט אַרויסברענגען פון זיך וואָס מער, אייליקער, ווי ער וואָלט געווען געיאָגט. ער קאָן פאַרזוימען. וועגן תכלית דערפון וועט ער טראַכטן שפּעטער.

עס האָט אים געדאַכט, ער האָט געלעבט שוין ווען, אין אַ פריערדיקן גלגול. עס שפּיגלט זיך אָפּ אין דעם איצטיקן לעבן. ער דאַרף עס פאַרשרייבן — ער זאָל עס נישט פאַרגעסן; ער אַליין זאָל עס געדענקען.

אַ וויילע האָט ער דערשפּירט, דאָס פריערדיקע איז שטאַרקער אין אים, ווי דאָס איצטיקע. עס זינקט אין אים אַראָפּ.

פּלוצעם האָט ער באַנומען דעם זין פון זיין שרייבן אין זייער אונטערגעגאַנגען לשון. דאָס פאַרחתמעט ער זייער פאַרשווונדענעם שטייגער, צוזאַמען מיט זייער לעצטן אויסגעשריי. נישט רייד גיט ער זיי, אויפצודעקן זייערע פאַרבאָרגענישן, נאָר דאָס זענען די תכריכים, אין וועלכע ער פאַרוויקלט זייער לעבן, וואָס איז נאָך נישט געקומען צו קבר ישראל. אין זייער לשון וועט קיינער קיין מאָל נישט קאָנען לייענען זיינע כתבים; זיי האָבן עס מיטגענומען מיט זיך. מיט זיי צוזאַמען איז עס פאַרשניטן געוואָרן אין די טאָלן. מער וועט עס זיך נישט הערן.

ער האָט פאַרנומען דעם ווייגעשריי פון דעם לשון, וואָס בלאָנקעט אין חלל איבער די ליידיקע טאָלן — שטום, אָן ליפּן וואָס ברענגען עס אַרויס. ער האָט דערהערט אין זיך דעם ברום פון די פאַרשווונדענע ניגונים.

ער האָט איצט געשריבן אין יידיש — אייליקער, שטאַרקער. די גענדזענע פעדער האָט געצייכנט שנעל, שנעל. עס האָט אים געדאַכט, נישט קיין פען איז דאָס, נאָר אַ רידל. נישט ער זיצט אין מיטן דער נאַכט, נאָר דאָס שטייט ער איבערן פּאַפּיר, ווי איבער אַ פעלד. ער ברענגט צו קבורה; ער באַגראָבט אוצרות, די אוצרות פון זיין ירושה. קיינער זאָל מער זיי נישט אויסגראָבן. דאָס איז עס דער שכר פון דער שפּראַך. אַלץ זאַמלט ער אין איר איין. באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, נאָר די שפּראַך, דאָס לשון פון זייער וואָכעדיקן און יום־טובדיקן לעבן; די שפּראַך, וואָס זיי האָבן קיין מאָל פון איר זיך נישט געשיידט — איז ראוי צו זיין דאָס לשון זיי איינצוזאַמלען; צו באַשרייבן די געשעענישן פון די פאַרגאַנגענע טעג פון זיין פאָלק.

ער איז איצט אויפגעווען גאַנצע נעכט און האָט געשריבן. ער האָט געפילט, אַלץ,

אַלץ, זייערע אַלע רגעס און טווּנגען, זייערע וועגן און טראַכטונגען — קומען און גיבן זיך איבער אין דעם לשון; זאַמלען זיך און לאָזן אין דעם זיך אַריינהילן; נאָר אין דער שפּראַך ווערן זיי פאַרטאָן.

זיי האָבן אים זיך איבערגעענטפּערט. ער האָט זיי גענומען דורך ליבשאַפט, דורך ווערן איינס מיט זיי. ער האָט געהערט אין זיך זייערע אויסכאַרכלעניש; געפּילט איבער זיין הויט זייער הויך; צו מאָל איז ער געשטאָרבן מיט זיי. זייער ניגון האָט ווידער אים געוועקט. זיי האָבן אים אַריינגעלאָזט אין זייער לייב און פאַרבאָרגעניש; זענען געוואָרן פרויען און — אים זיך איבערגעגעבן. ער איז געשווּמען אין זייערע פאַרהוילעניש צו זיי. עס האָט אים געדאַכט, ער אַליין אַנטפּלעקט זיי איצט פאַר זיך, בייע; ער אַנטדעקט זיי גאַנצערע, ווי בעת זייער פאַרלירן. ער האָט געוווּסט, נאָר דורך זיי פילט ער דעם אַרום. אָן זיי בלייבט ער פון אַלץ אָפּגעהאַקט.

ער האָט אָבער אויך געוווּסט, נאָר איצט, דורך באַנעמען זייער סוף — האָט ער אויף אייביק זיי פאַרלוירן.

אויך די יידישע ווערטער האָבן פון אים געלאָזט זיך באַהערשן; האָבן בלינד אים זיך איבערגעגעבן. ער האָט דערשפּירט אויפן גומען זייער אינעווייניקסטן טעם, ווי זיי וואָלטן זיך אויסגעשיילט פון אַלע זייערע שאָלן. ער האָט זיי געשלונגען און זיי האָבן געלויכטן אין אים.

ש.ינען האָט געדאַכט, דאָס שרייבט ער אויף היעראָגליפן־לשון. אויף אייביק שטייניקט ער איין דעם ניגון, דעם כישוף, פון די ווערטער. דאָס לשון וועלן, נאָך דורות, פאַרשער, מיט ליכט אין הענט, אפשר דעשיפרירן; עס אַרויסוועקן פון די פאַרחתמעטע מומיעס; דעם ניגון — מער קיין מאָל נישט. די ווערטער וועלן אַרויס טויט — אָן אַ טעם און אָן זייער שטראָם, ווי פאַרשריבענע מיט אַ פינגער — איבער דער וואַנט.

עס איז אָבער אויך געווען קלאָר: נאָר דאָס וואָס איז פאַרחתמעט — דאָס בלייבט.

ער האָט אַ רגע זיך איינגעקוקט, און געזען ווי זיין פינגער צייכנט אין חלל.

ער האָט פאַרשטאַנען, שרייבן הייסט — שטעלן זיך פּנים אל פּנים מיט דיינע פאַרבאָרגעניש; ציען זיי פון זיך, ווי דינע אָדערן, מיט אכזריות — קוקן זיי אין די אויגן.

ער האָט דערשפּירט, ער פאַלט, ער נידערט אין לאַבירינטן; ער זינקט; ער ווערט אין זיין פאַרפאַלן.

ער האָט זיך געלייגט צוריק אין בעט. ער האָט איינגעפּרעסט דעם קאָפּ אין קישן; געלאָזט די שטראָמען דורכלויפן אין זיך, ווי פאַרבייציענדיקע כוואַליעס. ער ליגט אונטער זיי — אַ זיך טרונקענדיקער.

מיט אַ מאָל האָט ער געבענקט נאָך רו, מנוחה, צו בלייבן ליידיק, ווי אַ בעל חי. ער האָט באַנומען די גרויסע מדרגה פון מנוחה, פון גאָרנישט טאָן, צו וועלכער נאָר זיי, די שטומע באַשעפענישן, זענען געקומען.

ער האָט געוווּסט, דער מענטש וועט דערצו קיין מאָל נישט זוכה זיין. אויך נישט צו זייערע שטומע פאַראַנונגען און פּחדים, וואָס וואָרענען זיי.

ער האָט געוואָלט, זיין פריי פון דעם אַלעם. ער האָט געוויקלט דעם קאָפּ אין די הענט, און איז גלייך אַריינגעפאַלן אין אַ טיף שלאָפן. דאָס איז געווען זשאַבין אַליין, וואָס האָט אין קאָרידאָר, הינטער דער טיר, געהערט, ווי ער שנאָרכט האָסטיק. ער זינקט

אין שלאָף זיגזאַגיק, ווי ער וואָלט אין אים זיך איינגעגעקבערט. עס האָט אים געחלומט, ער זוכט ערגעץ צווישן די באַרגפעלדזן און טאָלן אַ נאָרע, ווו צו באַהאַלטן זיינע אָנגעשריבענע בלעטער; קוים אַלץ וועט איינפאַלן אונטער זיך, זיך ברעכן — זאָלן די ווייטערדיקע דורות — דאָ זיי געפינען.

אין יענע טעג האָט ש. זיך געכאַפּט. אַז די קראַנקע טוישן זיך אין די קליניקס. גאַנצע בעט־שיכטן ווערן אויסגעליידיקט און אָנגעפילט פון אַנדערע. די ערשטע, שטייענדיקע שוין אויף די פיס, פאָרן אַראָפּ פון באַרג, און די אַנדערע, ליגנדיקע, ווערן אַרויפגעבראַכט אין דעם באַנדל. עס טוישן זיך זומערס און ווינטערס. די צייט לויפט.

די פרישע קראַנקע זינגען שוין, לאַכן און פילן אויס מיט זיך די וועראַנדעס. פון די קולות פון די פריערדיקע דאָ, איז נישט געבליבן קיין עכאָ. יעדע נייע שיכט איז, ווי אַרויסגעוואַקסן פון דעם דיל, ווי זי וואָלט דאָ געווען די ערשטע.

יענע, די פריערדיקע, זענען ווייט, שוין צוריק אין זייערע היימען. דאָרט האָט אַלץ געוואַרט אויף זייער אָנקומען. נאָר די פון די טאָלן בלייבן, דורך דער צייט, אויסגעצויגן אין די בעטן — אַזוי ווי מען האָט זיי אַוועקגעלייגט.

אסתרקע האָט לייבלען געבראַכט גרוסן, אַז וואָס מער עס דערנענטערט זיך די צייט פון זייער אויפשטיין — אַלץ ווערן די מענטשן שטילער, פאַרשלאָסענער; זיי שרומפּן זיך איין; שרעקן זיך, ווי פייגל פאַר אַ פּלי פון הויכן באַרג אַראָפּ. זייערע פליגל זענען אָן מאַכט.

לייבל האָט באַנומען זייער ווידער אַראָפּשווערן ווי אין תהום. איצט, ווען זייערע גופים זענען געהיילט, טויכט אין זיי אויף פון דאָס ביי זייער נעכטן; ער דריקט זיי אַראָפּ. זיי האָבן אים נישט, דעם עבר, און גאָר נישט וואָרט אויף זיי. זיי קאָנען נישט שוועבן — פון איינעם צום אַנדערן. עס האָט זיי אַרויסגעגעבן אַהער אַ תוהו ובוהו און זיי קערן זיך אום אין אים. זיי בלייבן צוגעשמידט צו די בעטן. פון דאַנען דאַרפן די בעטן מיט זיי אַוועקשוועבן, און דרייען זיך מיט זיי אייביק אין חלל — דאָרט, ווו עס דרייען זיך זייערע באַענטע, די אַרויסגעוואָרפענע פון אומעטום; די, וואָס נישט דער הימל און נישט די ערד ווילן זיי נעמען צו זיך.

עס איז איצט געזעסן ביי לייבלען דער געבויגענער צו דער ערד זקן, וואָס האָט נישט געוווּסט זיינע יאָרן; דער מיט די קורצע ווייסע הערעלעך איבערן קאָפּ און פּנים. לייבל האָט געזען זיין אָפּענעם, געשאָכטענעם האַלדז, וואָס איז אויסגעטרוקנט. עס רינט נישט פון אים קיין בלוט. דער זקן איז געווען דער אייביקער ייד; דער וואָס זיין וועלט איז פול אין אים; דער וואָס זיינע אברים פאַלן אָפּ און ער בלייבט גאַנץ; ער גייט ווייטער.

דער אַלטער האָט אַ ווײַלע אויפגעהויבן זיין קאָפּ, וואָס איז געווען געבויגן ביז צו דער ערד; פון אונטן האָט ער מיט די אויגן אַרויפגעקוקט צו אים. זיין קול האָט זיך אַרויפגעקאָלערט, ווי פון קעלערן; ווי געקומען וואָלט עס, נישט פון זיין מויל, נאָר פון זיין אָפענעם האַלדז אַרויס.

עס האָט פון אים איצט זיך געהערט די געשיכטע פון די טעג: נאָך יעדן חורבן — זענען פון אונדז אָפּגעפאַלן פיל ביי די ראַנדן; מיר זענען רעשטן פון די מינדערע, וואָס גייען ווייטער; זיי נעמען אויף זיך דעם יאָך. דעריבער זענען מיר די ווייניקע

צווישן די אומות, כאָטש מיר זענען פון זיי די עלטסטע. אין יעדן דור זענען מיר, די מאמינים, געווען אַ הייפעלע; פון זיי, פון זיך, שטאַמען מיר. דער רבים האָט אונדז פאַרלאָזט. דעריבער האָבן אונדזערע עלטערן תמיד פאַריאָגט פון זיך די ווייניק גלייבער, די צווייפלער. זיי האָבן געוווּסט, זיי געהערן מער נישט צו זיי; זיי מוזן אָפּפאַלן. דאָס איז אַ געזעץ אין אונדזער היסטאָריע. אַזוי מוזן מיר בלייבן: „כי אתם המעט מכל העמים".

לייבל האָט פאַרנומען; ער האָט פאַרשטאַנען. עס האָט אים באַנג געטאָן פאַר יעדן פון זיי, וואָס זיין וועג וועט זיך שיידן פון אונדז. עס איז אים שווער געווען צו נעמען אויף זיך דעם דין. ער האָט געשפּירט, פאַר יעדן איינעם פון זיי אַלע אויפן באַרג אַרום איז ער גרייט אָוועקצוגעבן עס, זיין אייגן חיות.

דער זקן האָט צוריק איינגעצויגן דעם קאָפּ, אים אַראָפּגעלאָזט טיף. לייבל האָט געזען, נאָך אַ ביסל וועט אויך ער איינגעזאַמלט ווערן צו זיין פאָלק. עס וועט נישט זיין ווער עס זאָל אונדז זאָגן.

אויך לייבלס קאָפּ האָט זיך געבויגן אַראָפּ. עס איז געפאַלן אויף אים אַן אימה. ער האָט מורא געהאַט, דער עול פאַלט אויף אים. אַליין וועט ער מוזן בלאָנדזשען.

ער האָט געוואַרט, דער אַלטער זאָל אים וואַרפן זיין מאַנטל איבער די אַקסלען, נאָר דער אַלטער האָט נישט געהאַט קיין מאַנטל. ער איז געווען דין, דורכזיכטיק, לאַנג געבויגן, געצויגן צו דער ערד — מיט דער באָרד אויפן דיל.

ביי נאַכט אויפן געלעגער האָט לייבל דערשפּירט, די פעלקער אַרום זענען איין גרויסער ריזיקער, רויער גוף, וואָס האָט זיך אָנגעגעסן מיט אונדז; האָט אונדז איינגעשלונגען. מיר זענען זיין חיות, וואָס באַוועגט אים; מאַכט אים שטעלן, צענעמט אים, די הענט, די פיס. ווען ער וויל זיך צעבונטעווען, צעשטערן — ציען מיר אים איין. מיר האַלטן אים, צוימען אים. אין די נעכט, ווען ער שלאָפט, וואַכן מיר אין זיין גוף. צו מאָל צעבונטעווען מיר זיך: מיר קאָנען נישט זיצן אין אים און קאָנען נישט אַרויס. מיר ווערן דעמאָלט זיין דיבוק; ער רעדט פרעמדע, נישט זיינע, רייד. ער רעדט זיי אַרויס און וויל זיי נישט אָננעמען. ער ווערגט זיך מיט אונדז און קאָן אונדז נישט אַרויסברעכן. דעריבער זיין שנאה; דעריבער זיינע טאָלן.

אין יענער נאַכט האָט לייבל געחלומט, אַז ער איז ווייט, אין דער אונטערגעגאַנ־גענער שטאָט; די גאַסן — פול געפּאַקט מיט מענטשן; מען גייט קאָפּ איבער קאָפּ; אין די זייטיקע געסלעך — אַ געיאָגעריי; מען לויפט. ער פאָרט אין דער געדיכטעניש, צוויי פערד שלעפּן אים אין אַ דראָזשקע פאָרויס. ער ווייסט שוין: די טויזנטער אַרום ווערן געפירט צו די טאָלן. ער פאָרט ווייטער צווישן זיי, אין דער ענגשאַפט. מען מאַכט אַן אָרט דורכצולאָזן אים אין דער דראָזשקע. ער איילט זיך, הערט נישט אויף פאָרן. ער רייסט זיך פאָרויס. שווער זיך דורכצוקריגן. עס פאָרן אים אַנטקעגן, אין געפּאַנצערטע אויטאָס, מיט העלמען אויף די קעפּ, די כאַפּערס אין די טאָלן; זיי מיידן אים. מיט אַ מאָל כאַפּט ער זיך; דאָס לויפט ער דאָך אַליין פאָרויס, אויפן בית עלמין, אין זיין קבר אַריין! עס באַפאַלט אים דער אומרו: פאַר וואָס האַלט ער זיך נישט צוריק?! באַלד וועט מען דאָרט אים פאַרשיטן; פאַרדעקן דעם קאָפּ, דאָס

פּנים, מיט ערד! ער וועט מער נישט אַרויס! ער אײַלט ווײַטער. ער קאָן זיך נישט אָפּהאַלטן.

ווען ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון שלאָף, האָט ער געוווּסט, אַז דער קינדערלאָזער פאָטער איז די נאַכט געשטאָרבן. ער האָט נישט געדענקט, צי דאָס האָט אים געחלומט; צי ס'האָט ווער געבראַכט די ידיעה, אָדער איז אים סתם דורך אַ געדאַנק, אָבער — ער איז אין דעם געווען זיכער.

באַלד אין דער פרי האָט אין לעיזען זיך פאַרשפּרייט דאָס קול. מען האָט נישט געוווּסט די סיבה פון דעם פּלוצעמדיקן טויט. מען האָט דערציילט, ער איז געשטאָרבן אין בעט, נעבן זײַן פרוי. אויף די וועראַנדעס האָט מען געשמועסט, אַז פרויען אין איבערגאַנגס־עלטער, וואָס כאַפּן זיך, אַז זיי האָבן פאַרשפּעטיקט, ווערן אין זיך פאַרשוויגן; די מענער דערפילן דעמאָלט זייער אומגעזעטיקטקייט, זייערע גופים בענקען נאָך רו.

די פון טאָל האָבן איצט אַרויפגעצויגן זיך די קאָלדרעס איבער די קעפּ. זיי האָבן מורא געהאַט, מען זאָל נישט רעדן וועגן זיי. זיי האָבן געוואָלט, מען זאָל דעם מת שטיל אָפּרוימען; נישט וואַרפן זיך אין די אויגן. טייל פון זיי האָבן געטראַכט, נישט צו גייען נאָך דער לוויה, נישט ווייזן זיך.

דאָס שוועסטערל מיט די גומי־דלאָניעס האָט באַלד אין דער פרי דערציילט ש.ינען, איר חלום פון דער נאַכט. איר יונגע מאַמע שטאַרבט אין באַהעלטעניש. די שכנים פון אַרום ווייסן נישט, אַז אין דעם פאַרשטאָפּטן צימער אין זייער הויז באַהאַלטן זיך יידן, וואָס ווילן נישט לאָזן פירן זיך אין טאָל. זיי האָבן זיי קיין מאָל נישט געזען. די יידן ליגן אין דעם געשלאָסענעם בויך פון דעם הויז, וואָס שוואַנגערט מיט זיי, נאָר זיי וועלן קיין מאָל נישט אַרויס. אין די נעכט קאָן מען נישט אַרויסטראָגן דעם יונגן גוף פון דער מאַמען. די הייף זענען פאַרשלאָסן. עס לויפן דורך עטלעכע טעג. דער גוף לאָזט שוין פון זיך אַ ריח. דער טאַטע שטייט ביים פענצטער, מיט דער פּלייצע צום צימער. ס'איז פאַר נאַכט. זי זעט עטלעכע פרעמדע יידן, באַהאַלטענע, בעמען דעם גוף, שניידן אים אין שטיקער. דער טאַטע דרייט זיך נישט אויס. פון דרויסן, הויך אין הימל, הענגט אַ שטיקל וואָלקן, ווי אַ שלייף, איבער זײַן בליק. די מאַמע לאָזט אַלץ מיט זיך מאַכן. זי האָט געוואָלט צו איר צופאַלן, נאָר דער מאַמעס אַראָפּהענגענדיקע האַנט שטופּט זי אָפּ, לאָזט זי נישט צו. אַ פרעמדער מאַן נעמט שפּעטער די האַנט צו זיך אין לעדערנעם טאַש; אַן אַנדערער — אַ פוס; יעדער אַן אבר, און מיט דעם מאַמען אין זייערע טאַשן לאָזן זיי זיך אַרויס פון דער געהיימער טיר, אַראָפּ פון די שטיגן — יעדער באַזונדער. אַלע — מיט האַרטע הוטן איבער די קעפּ; שלייפלעך און קראַוואַטן — אונטער די גאָמבעס, מיט געפּרעסטע הויזן־קאַנטן און מיט לאַכנדיקע פּנימער; מען זאָל אין דרויסן נישט דערקענען, דאָס זענען אַנטלויפערס פון טאָל. גיך זענען זיי צוריקגעקומען מיט די טאַשן ליידיק. דער בויך פון הויז האָט ווידער זיי אײַנגעשלאָסן אין זיך.

ש. האָט געדענקט, פון אַנדערע פאַרשטאָפּטע צימערן האָט מען דעמאָלט אַרויסגעפירט די יידישע מתים אויך גאַנצע. מען האָט זיי געלייגט אין זעק, און אויף דער פּלייצע — מיט זיי אַראָפּ פון די הויכע שטאָקן; מען האָט זיי אַרויסגעפירט אין די פאַרנאַכטן,

ביז די ווייטע גאַסן, אין די פּולע, רווישיקע שטעט ; דאָרט האָט מען די זעק געלייגט הינטער הויכע ווענט פון הייזער, און מען איז פאַרשוווּנדן צוריק, איינגעשלונגען דורך דער טונקלעניש.

די קליינע האָט מיט די גומי־פינגער איצט געמאָלן איר חלום אויף ווייסע בויגנס.

שפּעטער איז די קינדערלאָזע מאַמע געקומען צו לייבלען וועגן מאַכן די לוויה. אסתרקע איז אַוועק. לייבל האָט געזען, די לאַנגע האַנט פון טאָל האָט זיך אויסגע־שטרעקט אַהער, און צו זיך גענומען נאָך איינעם, אַן אַנטלאָפענעם. איצט ליגט ער נאָך דאָרט, ביי זיך אין צימער. אים וועט מען יאָ קובר זיין און — אַ גאַנצן.

ער האָט געוווּסט, אַ מת איז קיין מאָל נישט געווען אַזוי פיל מת, ווי דאָ. אַ מאָל האָט מען אים געלייגט צווישן נאָענטע, אויפן היימישן בית עלמין. ער איז נישט אַוועק ווייט. מען איז געקומען אויף זיין קבר. דאָ וועט ער פון איר אַוועק אויף שטענדיק.

מען האָט געזאָגט, די לוויה וועט אַרויסגיין פאַר נאַכט. מען וועט אים אַראָפּפירן פון באַרג, אויפן יידישן בית־עלמין, אין פלאַכלאַנד.

די קינדערלאָזע מוטער איז געווען פאַרשוויגן. זי האָט געדענקט, ווי ער האָט די נאַכט זי געוועקט. זיין גוף אויפן בעט האָט זיך געוואָרפן, ווי אַ פיש, וואָס קאָן נישט אָפּשטיין. צום סוף האָט ער צעעפנט די אויגן, פול אויפגעריסן דאָס מויל, ער האָט אָפּגעציטערט ; געשלאָסן פאַמעלעך דאָס מויל, און — געבליבן איינגעשטילט.

זי האָט זיך דערמאָנט די נאַכט פון זייער חתונה — די טענץ, מוזיק, רויש. ער האָט זי געפירט פאַר דער האַנט פון אונטער דער חופה, איבערן געדיכטן נעפּלדיקן זאַל — אַזוי איבער די יאָרן ; ביז אַרויס פון טאָל. דאָ האָט ער פאַר איר זיך געגעבן אַ פאַרנייג ; ער האָט אַרויסגעלאָזט איר האַנט, און זי בלייבט שטיין.

עס האָבן זיך אַריינגעשאַרט אין צימער דער געבויגענער זקן, דאָס יינגעלע אברהמעלע, דער שווייגער מיט די טויבן־אויגן, און דער געבויגענער פאָטער מיטן פּעקל אויף דער פּלייצע. זיי האָבן זיך אויסגעזעצט אין די ווינקלען. אויך דער קליינער פּראָפעסאָר איז אַריין. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין דער זייט, מיט די באַנדאַזשירטע אויגן. ער האָט פאַמעלעך דעם קאָפּ אָנגעלענט אויף זיין קורצן ווייסן שטעקן.

שפּעטער האָבן אַלע זיך געזאַמלט פאַרן הויף, ווו די לוויה האָט געדאַרפט אַרויס. דער לוויה־אויטאָ האָט געפייפט אין שטאָט.

אין גאַנץ לעיזען האָבן די באַלקאָנען זיך אויסגעליידיקט. איבער די פענצטער האָבן די לאָדנס זיך אַראָפּגעלאָזט. די ווייניקע מענטשן אין די גאַסן האָבן זיך גערוקט פאַר די הייזער, זיך באַהאַלטן פאַרן מלאך המוות. מען האָט געוווּסט, ער איז דאָ אין שטאָט ; מען הערט זיין אָטעם ; אין דער ווייט בילן הינט. אין די קליניקס איז געבליבן שטיל. די קראַנקע האָבן דערפילט אין זיך זייערע נשמות.

די לוויה האָט זיך געשלעפּט אַליין אין די אויסגעליידיקטע געסלעך. די איבער־געדעקטע מיטה איז געטראָגן געוואָרן דורך די חברה קדישא־לייט פון פלאַכלאַנד. די פיס פון מת אויף פאָרויס ; אונטער דער דינער בלוי־סאַמעטענער דעקע, מיט אַ באַגילדעטן „מגן דוד", האָבן זיך אויסגעטיילט דער קאָפּ, דער בויך, און די לאַנגע דינע פיס. ער האָט אויסגעזען פלאַטשיק, אַראָפּגעפאַלן, דער גוף. הינטער אים, צוקאָפּנס

איז געגאַנגען די אלמנה. פאַר דער מיטה האָט געשפּרייזט אַ פרעמדער חזן, מיט אַ פולן גוף, און דיקע ליפּן. האַלב איז ער געגאַנגען אויסגעדרייט אויף הינטער זיך, מיטן פּנים צום מת; ער האָט געקוקט אין אַ סידור, און מיט אַ הייזעריק קול, האָט ער אַריינגעזונגען אין אים די תּפילות.

הינטער דער מיטה האָט זיך געצויגן דער צוג באַגלייטערס אין בעטלעך. מען האָט געטראָגן לענגאויס דעם וועג — די בעטלעך מיטן מישלינג, מיט עדיש פון די קאַרפּאַטן, אַלאַ פון פּאַריז, מיט דער פּאַרטיזאַנערין דאַניאַ, דער העלער האַלענדערין, דאָס מיידעלע אָן די דלאַניעס. אויך לייבלען האָט מען געטראָגן אין זיין בעטל. נישט ווייט פון אים, אויף אַ דאַראַזשקע — דער שווייצער אונטעראָפּיצער. אין דער זייט פון וועג האָט דער געבויגענער זקן, מיטן פּנים ביז צו דער ערד, געפירט פאַרן הענטל, אברהמעלען. פּיל, פּיל, קוליעס האָבן געטראָטן, אויסגעמישט צווישן די בעטלעך; האָבן געפּויקט מיט די שפּיצן. הינטער דעם לאַנגן צוג באַגלייטער איז נאָכגעפאָרן פּאַמעלעך דער בלויער מתים־אויטאָ — אַ ליידיקער, מיט אָפענע טירן.

די אלמנה האָט זיך אַרומגעקוקט. עס באַגלייטן אים בלויז פרעמדע; קיינער קען אים נישט פון דער היים. ער ליגט, נישט פאַרבאָרגן, אין באַהעלטענישן, נאָר אָפן אונטערן הימל. בלויז מיט איר איז ער געווען איינס.

דער חזן האָט מיט אַ פול קול פון האַלדז אַרויס, הייזעריק געזונגען צו אים.

זי האָט זיי געזען, די באַגלייטערס — זיי האָבן דאָ זיך צוזאַמענגענומען, צונויפגעצ־טוליעט — אַלע פון טאָל. זיי שפּרייזן שטיל; ווילן מען זאָל נישט הערן זייערע ווייכע טריט.

אין עק פון דער לעצטער גאַס, וווּ עס הייבט זיך אָן דאָס משופּעדיקע פעלד, האָט דער בלויער אויטאָ זיך אָפּגעשטעלט. מען האָט די מיטה אַריינגערוקט, זי געשטעלט אינעווייניק אויפן דיל. די לוויה אַרום איז געשטאַנען, געוואַרט. די באַגלייטערס האָבן זיך געזעגנט; שטיל געבעטן מחילה ביים מת. די טראַגבעטלעך מיט די קראַנקע האָט מען אַראָפּגעלאָזט; זיי געשטעלט אויף דער ערד. די מיידלעך זענען געבליבן ליגן נידעריק — שווייגנדיקע, אויסגעצויגענע. די אלמנה האָט געשלוכצט; נישט געוואָלט זיך שיידן, בלייבן אָפן. אויך די מיידלעך אונטן האָבן געשלוכצט.

דער מת איז געלעגן אַליין אין דעם אויטאָ מיט די צעעפנטע טירן; זיינע געוויקלטע פיס צו דער טיר — געשטרעקט, נישט צו די מענטשן, נאָר אין יענער זייט, צום אָפענעם פעלד, ווייט אַוועק, ווי זיי ווילן, וואָס גיכער אין דער ערד אַריין.

די אלמנה האָט געפילט זיין פרעמדקייט פון תּמיד. זי האָט קיין מאָל אים נישט געזען קיין אויסגעטרעטענעם; זיי האָבן געפירט אַ צניעותדיק לעבן. איצט וועלן אונטן, אין פלאַכלאַנד, פרעמדע אים אָפּדעקן צו דער טהרה.

דער זקן, מיטן געבויגענעם קאָפּ ביז דער ערד, האָט געוווּסט, זי איז נאָך יונג; איר אָפנקייט וועט פאַרדעקט ווערן; דורך אירע ביינער וועלן נאָך דורך פריידיקע ציטערנישן.

דער זקן האָט געוווּסט, ער איז שטויב, דער מת; שטויב אָנגעפילט מיט ווייטיק. בלויז דער ווייטיק זיינער בלייבט.

ש. האָט געהערט, מען האָט אים נישט אַרויסגעגעבן, דעם מת, צו די חברה־קדישא. עס האָבן אים נאָכבאַגלייט אַראָפּ, צום בית עלמין, די אַלע גייענדיקע אויף קוליעס, און אָנגעשפּאַרטע אויף שטעקנס. בלויז די ליגנדיקע אויף בעטלעך האָט מען צוריק־געטראָגן אין זייערע קליניקס אַריין. עס זענען נאָכגעגאַנגען דעם לוויה־אויטאָ דער בלינדער פּראָפעסאָר; דער געבויגענער זקן מיט אברהמעלען; דער מיט די ווייסע האָר, ווי טויבן־פּעדערן; דער געבויגענער פּאָטער מיטן פּעקל אויף זיך, און אויך פּרוי נעלקין מיט איר מאַן. זינט דעם ברית פון זיין יינגעלע האָט אויך דאָס ווייסע אויג ביי אים צוריקבאַקומען דעם שוואַרצאַפּל.ביידע אויגן זענען איצט ביי אים געווען העלבלוי, ווי ביים קינד. בלויז די וואָנצע איז ביי אים געבליבן: רעכטס — ווייס־געלבלעך, ווי ביי אַ זקן, און לינקס — בלאָנד־זאַנגיק, שפּראָצנדיק. מען האָט אויך געזען: די בלאָנדע פּרוי, מיט די גרויסע זילבער־אויגן, וואָס איר מאַן ציט אין די נעכט, דורך די וועלדער, אויפן וועג צו דער רעפּובליק; די קאַטוילישע אלמנה, מיט די בלויע האָר, וואָס האָט אַרויפגעבראַכט דאָס יידישע מיידעלע; די פּראָגער מוטער פון קינד, געבוירן אין קבר, און — דעם מיטן גלאַט־פאַרצויגענעם פּנים, ווי ביי אַ קרעט, וואָס ביז היינט ווייסט מען נאָך נישט, צי ער איז געווען פון די אויוונהייצערס אין טאָל, אָדער פון די געבליבענע דאָרט.

ער אַליין, ש. איז געבליבן פאַרמאַכט ביי זיך אין צימער; ער האָט נישט געלאָזט זיך פירן צו דער לוויה. ער האָט געשפּירט דעם ווילן פון מת צו פאַרשווינדן אַליין, איינגעטאָן צו ווערן אין זיין אָפּגעזונדערטקייט — מען זאָל אפילו נישט וויסן ווו. יעדעס באַגלייטן — איז אַ באַלעסטיקונג פאַר אים. דער מת וויל נישט מען זאָל אים זען אין זיין לעצטער פאַרשעמונג. ער דאַרף אַרויסגעגעבן ווערן פון צווישן די לעבעדיקע — ואיננו — און ער איז מער נישטאָ. אויך די נאָענטסטע, די משפּחה, דאַרף נישט וויסן ווו ער קומט אַהין. ער האָט געשפּירט דעם חילול פון גייען נאָך אַ מיטה, און דעם רצון פון קינדערלאָזן פּאָטער, מען זאָל אים לאָזן מיט זיך אַליין, באַגלייטן בלויז ביז צום טויער פון שטאָט.

ער האָט מיט אַ מאָל באַנומען, פאַר וואָס זיי אַלע, די געפירטע אין די טאָלן, זענען אַזוי פּלוצעם אָפּגעריסן און פאַרכאַפּט געוואָרן; געוועזן און נישטאָ. מיר ווייסן נישט, ווו זייער געביין איז אַוועק. די גאַנצע ערד איז זייער קבר, זייער ברייט געלעגער. אַזוי מוז עס זיין.

עס איז אים איינגעפאַלן, אַז נאָך די טאָלן, טאָר מען נישט באַגלייטן קיין מת — אפילו נישט צום טויער פון הויז; ניין, אפילו נישט זען אים דאַרף מען. די שליחים פון די בית־עלמינס דאַרפן קומען, אים איבערנעמען, און פאַרשווינדן מיטן גוף, אין זיין פאַרבאָרגעניש אַריין.

עס איז פּלוצעם אים קלאָר געוואָרן, אַז דאָס האָבן שוין געוווּסט אונדזערע עלטערן. דאָס איז די סיבה, וואָס אין ירושלים באַגלייטן נישט זין די לוויות פון זייערע פּאָטערס. זיי בלייבן אויף דער שוועל פון הויז; קוקן זי נאָך ביז זי פאַרשווינדט.

ער האָט זיך דערמאָנט זיינע באַזוכן אַ מאָל אויף אַלטע, פאַרצייטישע, בית עלמינס. אַלץ איז פאַרשטיינט; די קברים — בלויז מאָנומענטן, געשיכטע. גאָט האָט מיט חסד זיי גענומען צו זיך. נאָר דאָ, נאָך יאָרן, מעג מען קומען.

ער האָט איצט אויך פֿאַרשטאַנען, פֿאַר וואָס זינט דעם טאָל קאָן ער נישט הערן, ווי מען רופֿט אָפּן זיין נאָמען; מען דערמאָנט אים. ער וויל בלייבן אין זיין פֿאַרבאָרגעניש.

די גאַנצע צייט פֿון דער לוויה איז ש. געבליבן ביי זיין פֿענצטער. ער האָט זי נאָכגעקוקט, ווי זי רוקט זיך פּאַמעלעך פֿון באַרג אַראָפּ, מיט די באַגלייטערס אויף קוליעס, וואָס שפּרינגען זי נאָך, ווי גרויסע פֿייגל.

אויך לייבל האָט איצט, פֿון זיין פֿענצטער אַרויס, נאָכגעקוקט די לוויה, נאָך דעם ווי מען האָט אים, פֿון עק שטאָט, צוריקגעבראַכט אין זיין צימער. ער האָט געזען, די לוויה נידערט פֿון באַרג אַראָפּ, נאָך דעם בלויען אויטאָ, ווו עס ליגט דער מת; ער ציט אַראָפּ צו די טאָלן.

ער האָט אויך געקוקט אויף פֿאָרויס, פֿאַר דער לוויה, צו די ליידיקע טאָלן אַראָפּ; דאָרט, ווו עס הערשט די אייביקע שטילקייט. ווייט ווייט ערגעץ בליען זייערע ביינער; פֿון דאָרט שטרעקן זיך אים אַנטקעגן די הענטלעך פֿון זיין גאָנישן זונעלע. ער נידערט צו זיי.

לייבל האָט זיך געכאַפּט, אַז אייגנטלעך האָט ער, דער קינדערלאָזער פֿאָטער, די גאַנצע צייט דאָ, זיך געדרייט צווישן די פֿאַרבליבענע, אַ צייטווייליקער. ער האָט געבענקט צו זיי, צו יענע דאָרט; צו זיי האָט ער געהערט. איצט פֿירט מען אים אַהין שוין אויף תּמיד. קיין מאָל וועט ער דאָ נישט זיין צוריק.

ער האָט אָבער אויך זיך דערמאָנט, ווי פֿעסט ער האָט, זינט דעם טאָל, זיך געקלאַמערט אין זיין פֿאַרבליבן ביסל חיות. ער האָט נישט געוואָלט שטאַרבן. אויך צוליב איר האָט ער געוואָלט בלייבן.

לייבל האָט געפֿילט דעם צער איבער זיין טויט, איבער זיין אַוועקגיין, וואָס האָט אַלע פֿאַרבליבענע געשלאָגן מיט שטוינונג. זיי האָבן דערהערט אין זיך דאָס פֿאַרגעסענע קול, וואָס קיינער אויסער זיי פֿאַרנעמט עס נישט. עס דערמאָנט זיי, אויך איבער די געלעגערס וואַכט אויף זיי דאָס אויג.

ס'האָט אים געדאַכט, דער צער פֿון שטאַרבן אויפֿן געלעגער, שוין נאָך אַלעם; איצט, ווען מען וואָלט שוין געקאָנט בלייבן — איז אומדערטרעגלעכער, ווי דער צער פֿון פֿאַרגיין דעמאָלט, צוזאַמען מיט אַלע.

ער האָט מורא געהאַט, אָט דער צער פֿון דעם יחיד, די טויטן פֿון אונדזערע איינצלנע נאָענטע, אין די ווייטקייטן נאָך אונדז — וועלן מאַכן פֿאַרגעסן דעם צער פֿון די פֿאַרגאַנגענע טעג; דעם צער פֿון דער גסיסה פֿון אַ רבים, איבער וועלכן — די וועלט איז גרונטגעפֿעסטיקט.

ער האָט אַלץ געקוקט דורכן פֿענצטער צו דער לוויה. וואָס ווייטער, טיף אַראָפּ אין די בערג, זענען די מלווים געוואָרן קלענער; איינגעשרומפּענער, ווי קריכנדיקע מוראַשקעס. בלויז דער בלויער אויטאָ מיטן מת איז געבליבן בולט, אויסגעטיילט — אַ יש.

אַ רגע האָט ער דערשפּירט אַ קנאה צום מת: מען פֿירט אים צו קבר ישׂראל. ער איז אַריבערגעשפּרונגען; ער איז איצט איבערגעקומען. ער אַליין, איז אים קלאָר געוואָרן, וועט צו קבר ישׂראל נישט קומען. ווי זיין מאַמע און שוועסטער, וועט ער ליגן ערגעץ אין אַ מאַסן־קבר, מיטן פּנים פֿאַרשטעקט אין אַנדערע גופֿים; אָדער גאָר, ווי אַ טויטער פֿיש — אַריינגעוואָרפֿן אין אַ ים־טיפֿקייט. ער האָט געוווּסט, דער קינדערלאָזער פֿאָטער האָט געהאַט עפּעס אַ זכות.

לייבל האָט געקוקט פון פענצטער אין דער ווייטנס. גאָר, גאָר נידעריק, אין אַ פלאַכן אָרט צווישן די בערג, איז געלעגן דער בית עלמין. ער האָט געוווּסט, זיי, די בית עלמינס פון זיין פאָלק, זענען מיט זיך פול געווען איבער דער גאַנצער ערד פון זייער פאַרטריבנקייט. דורך זעכציק דורות האָבן זיי זי אָנגעפילט, די פרעמדע ערד, מיט זייערע מתים. זייער אייגענע ערד איז געבליבן ווייט — פאַרהאַרטעוועט, פעלדזיק. אויך די טויטע קאָנען צו איר נישט גרייכן. און כדי ווייכער צו מאַכן זייער ליגן אין דער פרעמד, האָט מען, דור נאָך דור, זייערע אַראָפּשווערנדיקע קעפּ אונטער־געבעט מיט קישעלעך ערד, געבראַכט פון זייער ווייטן לאַנד. אין אַלע זייערע קברים, פון מזרח און מערב, ליגן זיי, אויסגעצויגענע, מיט די ערד־זעקעלעך אונטער זייערע קעפּ. פון אויבן זענען זייערע בית עלמינס אַרומגעמויערט, אָפּגעטיילט מיט אַ גדר; די קברים — אויפגעבערגלט און איינגעפאַלן; זייערע גופים אין זיי — געוויקלט אין דער פרעמדער ערד; עס איז פינצטער אין זייערע קעפּ, נאָר בלויז די געל־גאָלדיקע ערדגאָרשטן אין דעם צוקאָפּנס פון זייערע קברים — לייכטן אַריין אין זיי. זיי שפּרייטן זיך אינווייניק, די העלע טאָרבעלעך, אין זייערע קברים־פאַרבאָרגענישן — פון קאָפּ צו קאָפּ. ווי די שטערנס אויבן, איבערן הימל — זענען זיי צעלייגט אונטן, פון קבר אין קבר — אונטער אַלע בית עלמינס, ווו זיי האָבן געגרייכט.

זיי וויסן: זי, די גאָלדיקע ערד פון זייער לאַנד, איז דער סימן פון זייער דויער. זי האַלט זיי, זייערע קברים, זיי זאָלן זיך נישט צעפאַלן; די בית־עלמינס — זיי זאָלן זיך נישט צעשיטן אונטער זיך. ווען ער וועט קומען, דער סוף פון די טעג, ווען עס וועט אויפשאַלן דער טראָמפּייט פאַר זייער אויפשטייען — וועלן זיי אַרויס פון די קברים; זיי וועלן זיך אָפּשאָקלען פון דער פרעמדער ערד איבער זיך, און זיי וועלן אויפגייען צוריק אין זייער לאַנד, וואָס פון זיין ערד האָבן זיי קיין מאָל זיך נישט געשיידט.

און אויך די, וואָס וועלן נישט אויפגייען — וועלן אונטן, אונטער די ערדשיכטן, אין יענעם טאָג, זיך אַרויסקלאַלערן פון די פרעמדע קברים; מיט פאַרשיטע אויגן, מיט שערבלעך פאַרלייגט איבער זיי, וועלן זיי קריכן אונטער פרעמדע שטעט און מדינות, אונטער ימים און בערג; מיט זייערע קעפּ וועלן זיי דורכעקבערן די ערדוועגט, די זאַמד־געדיכטענישן. די גאָלדיקע קישעלעך, באַהאָפּטן צו זייערע קעפּ, וועלן דעמאָלט באַלייכטן פאַר זיי די פינצטערנישן פון די אונטערשטע גרונטן, וואָס וועלן אין זיי אַריינברומען. די ערד איבער זיי אויבן וועט זיך בערגלען, אויפציטערן, ביז אַרויסקריגן זיי וועלן זיך אין זייער ווייטן לאַנד פונעם אויפשיינען פון דער זון.

דאָ וועלן זייערע ליידיקע קברים בלייבן אָפענע און פאַרשטאָפּטע; אָפּגעמעקט וועלן זיי ווערן, אַלע אונדזערע בית־עלמינס. אויך פון דער ערד אינעווייניק וועלן פאַרשווינדן אַלע גאָלדיקע זעקעלעך פון אונדזער לאַנד.

ווען די לוויה איז אַרויף אויפן פלאַכן בית עלמין, האָט מען פלוצעם דערהערט אַן אויסגעשריי. דאָס האָט געשריגן דער קליינער פּראָפעסאָר, ער דערזעט ליכט פאַר די אויגן; דורך דעם באַנדאַזש רייסט עס זיך צו ־אים דורך; שטראַלן, ווי העלע נאָדלען, שטעכן זיך אַריין אים אין קאָפּ. קיינער האָט צו אים זיך נישט אומגעקוקט, אויסער דער זקן, מיטן פּנים ביי דער ערד. דער בלינדער פּראָפעסאָר האָט צו אים

זיך אַראָפּגעבויגן, ביז די פּיס־קנעכלען. צווישן די מצבות נידעריק האָט דער אַלטער פון אים אַראָפּגעוויקלט, ווי ווייסע רצועות, דעם באַנדאַזש; מיטביידע הענט האָט ער זיי אים אַראָפּגעקרייזט פון קאָפּ. דער קאָפּ איז געבליבן אַן אַנטבלויזטער, אַ נאַקעטער. אַ קילקייט האָט אים אַרומגענומען דעם שטערן, די שלייפן.

דער ווינער פּראָפעסאָר האָט אַ דערשראָקענער געשריגן: „אָ, איך זע!". ער האָט געזאָגט, ער זעט פּאָר זיך דעם מת, אַן אַרויסגעצויגענעם פון דעם בלויען אויטאָ. אַלע האָבן אויף אים געקוקט. זיינע אויגן זענען געווען העל, פריש אויפגעשניטענע, ווי ביי אַ געבוירן קינד. זיי האָבן אַרומגענומען דעם בית־עלמין.

דער קליינער פּראָפעסאָר איז געשטאַנען פאַרבלענדט אין דעם אַרומיקן העלן ליכט. עס האָט געפלייצט, און אַרומגעהילט דעם בית־עלמין, מיט די מצבות,ביימער און מענטשן. אַלץ טינקט זיך אין דעם. עס איז דורכזיכטיק. די מענטשן זענען אַריינגעשטעקט אין דעם — ווייך, נאָכגיביק. די לופט האָט ווינטיק אים געווישט די אויגן. זי איז געווען צווישן אים, און אַלץ אַרום.

ווי דורך אַ צעהעלטן פאַרהאַנג, האָט ער דערזען, צוקאָפּנס פון ליידיקן קבר, דעם דיקן חזן, מיט די פּיס ווי אַרויסגעוואַקסן פון דער ערד. דאָס ברייטע מויל ביי אים — צעעפנט. ער איז אַרויס פון אונטן — אויפצונעמען דעם מת. ער האָט דערזען די ערד אַרום — ווייך, פולכנע. ער האָט געוווסט, מיר שטאַרבן, בעטן זי אויס; מיר ווערן אַ בית־הקברות, און נעמען אין זיך אַריין נייע מתים.

דער בלינדער פּראָפעסאָר האָט מיט אַ מאָל פאַרלוירן דאָס לשון. ער האָט נישט דערקענט די מענטשן אַרום זיך. ער האָט נישט געוווסט ווער זיי זענען. אויך זייער קול איז אים איצט געווען ווייט, פרעמד. די פריערדיקע, וואָס ער האָט געקענט פון אינעווייניק, אין זיך, זענען מער נישט געווען. דאָס זענען געווען דרויסנדיקע. פאַרן טאָל האָט ער אַזעלכע נישט געקענט.

ער האָט געקוקט אויף זיך — אויף זיינע הענט, פּיס; אויפן בויך. ער האָט אויך זיי נישט דערקענט. די אברים זענען ביי אים געווען קורצע, ברייטע. אויך דער שוואַרצער אַנצוג איז אויף אים געהאַנגען לויז, ווי אַ פּאַפּירענער. ער האָט געוווסט, דאָס איז נישט זיין גוף. דער גוף דאָ — געהערט צו די אַרום; ס'איז נישט ער אַליין.

ער האָט אַ ווײַלע געטראַכט, בעטן ביים זקן, ער זאָל דערווייל אים צוריק פאַרוויקלען מיטן באַנדאַזש די אויגן. ער האָט געקוקט. ער האָט נישט געוווסט, ווער ס'איז דער זקן, ווער — אברהמעלע. זיי זענען ביידע געשטאַנען נאָענט צו זיך, ווי אַריינגעוואַקסן איינער אין אַנדערן.

צוריק פון בית־עלמין האָט ער נישט געוואָלט גיין צוזאַמען מיט אַלע. ער וועט דערווייל בלייבן אַליין. ער מוז דאָס טאָן — איידער ער וועט ווידער קומען אויבן, צווישן די מענטשן.

מען האָט געוואָלט, נישט לאָזן אים גיין. מען וועט אין בלויען אויטאָ אים אַרויפפירן אויבן. ער איז אַוועק אין דער זייט. שפּעטער האָבן צוויי מענטשן, ווי אַ געכאַפּטן, אים געפירט, דעם זעעוודיקן פּראָפעסאָר, אונטערגעלענט פון ביידע זייטן, די אָרעמס, ביז אַרויף אויפן באַרג.

דעם זעלביקן טאָג איז לייבל געפאָרן מנחם־אבל זיין די קינדערלאָזע אלמנה. זי איז געזעסן אויף אַ נידעריק בענקעלע מיט אַש אויפן קאָפּ. זי האָט געהאַלטן אין

מיטן עסן אַ קיילעכדיקן בייגל מיט אַן אָפּגעשיילט איי. נאָך יעדן ביס איז די קיילעכדיקייט געוואָרן קלענער.

פאַר נאַכט איז ביי איר זיך צוזאַמענגעקומען אַ מנין יידן — צען מענער, אַלע געבראַכטע פון די קליניקס. דער זקן, מיטן פנים ביז דער ערד, האָט געדאַוונט פאַרן עמוד. אברהמעלע האָט געזאָגט קדיש. ער האָט געקוקט אויף דער אלמנה, אויף איר שטילן טרויער. ער האָט קיין מאָל נישט געזען קיין אבל. זי איז געזעסן אין ווינקל, אין שוואַרצע קליידער. אַ רגע איז ער געווען צופרידן: ער וועט קיין אבל נישט זיין. קיין נאָענטער וועט ביי אים נישט שטאַרבן. ער איז אַלץ איבערגעקומען מיט אַ מאָל. נאָכן דאַווענען האָט די אלמנה אים מכבד געווען מיט קיילעכדיקע אייער.

עס איז אַריינגעקומען דער בלינדער פּראָפעסאָר. ער האָט יעדן דערלאַנגט די האַנט, און זיך פאָרגעשטעלט. ער האָט קיינעם דאָ נישט געקענט. ער האָט זיך געפרעגט, צי דער מישלינג איז נישטאָ. ער איז שנעל אַוועק. ער האָט מורא געהאַט, זי זאָל נישט קומען.

דעם בלינדן פּראָפעסאָר האָט געדאַכט, ערשט איצט וועט ער זי פאַרלירן; זי וועט זיך פילן צו אים פרעמד. אויך ער — צו איר. ער האָט נישט געוואָלט זי טרעפן, זי וועט דערזען זיין אמתדיקע געשטאַלט, וואָס ער האָט תמיד באַהאַלטן.

די גאַנצע וואָך פון דער שבעה האָט ער איצט אויסגעמיטן די מענטשן. ער האָט זיך אַרומגעדרייט בלויז צווישן די הייזער און ביימער. אָבער אויך לעיזען איז אים געווען פרעמד, ווי אַ ווייט לאַנד — נישט יענץ, וועלכעס ער האָט די גאַנצע צייט פריער אויסגעטאַפּט מיט די פינגער. ער האָט אַלץ ווייטער געריררט מיט די הענט, נאָר די ווענט און זאַכן האָבן זיך מער נישט געלאָזט דערטאַפּן, צוקומען צו זיך. זיי האָבן זיך איינגעשרומפּן אין זיך אַריין, און זענען געבליבן, ווי טויט, אין זיינע דלאָניעס. נאָר זען קאָן מען זיי, מיט די אויגן, פון דער ווייטנס. עס איז נישט געווען לעיזען, נאָר אַן אורשטאָט, אַ פרישע, פון באַלד נאָכן באַשאַף — אָן האַפט, וואָס עס איז אַ מורא צו גיין אין איר; זי קאָן זיך איינברעכן אונטער די פיס. אויך די קאָלירן פון די הייזער און ביימער, פון די בערג און דעם הימל — אפילו פון דער ערד — זענען געווען, נישט ווי פון אַ מאָל, נאָר ווי פון אויפגעשטעלטע דעקאָראַציע־שטעט: גיסט אַ ריר — פאַלן זיי איין.

נאָר ביי נאַכט, אין דער פינצטער, אויף זיין געלעגער, האָט ער זיי נאָך געהאַט, די פריערדיקע מענטשן פון אַרום. אונטער די געשלאָסענע אויגן האָבן זיי זיך אים געוויזן. ער האָט געבענקט נאָך זיי און נאָך די פריערדיקע טעג דאָ. זיי זענען געווען אין אים, ווי איין לאַנגער חלום, וואָס איז פלוצעם פאַרביי. ער וועט מער זיך נישט אומקערן. מען האָט אים פאַרטריבן פון אים אַרויס. בלויז דער קינדערלאָזער פאָטער וועט בלייבן גאַנץ אין אים. אַזוי אויך די פאַרשוווּנדענע רבנישע טאָכטער.

אין דעם איצטיקן פרעמדן לעיזען האָט זיך געדרייט אויך דער שפּילצייג־סוחר, וואָס האָט געטענהט, אַז ער איז דאָס יענער אַמאָליקער שכן זיינער פון ווין, דער שילער פון זיין קלאַס. ער האָט דעם איצטיקן געזען פאַרבייגיין אין האָל פון זיין קליניק. זיין שווערער, איבערגעוואַקסענער, גוף איז אָבער געווען צו גרויס פאַר דער מאָס פון יענעם ייִנגל. יענער איז פון אים אַרויסגעפאַלן. ער האָט צו אים קיין שייכות

נישט. דער דאָ איז אַ סאַלאַמאַנדרע, אַרויסגעשפּראָצט פון די פייערן אין טאָל. ניין, דער דאָ האָט אויפגעפרעסן, אין זיך פאַרדייעט, יענץ קינד פון ווין, דעם שילער. ער וועט קיין מאָל מער פון אים נישט אַרויס.

צו מאָל האָט אים געדאַכט, דעם ווינער פּראָפעסאָר, אַז עס איז געשען אַ טעות. מען האָט אָפּערירט, געעפנט די אויגן, נישט אים, נאָר אַן אַנדערן, אַ שכן, וואָס איז געלעגן נעבן אים.

ער האָט געטראַכט, דער ווינער פּראָפעסאָר, אפשר צו פאַרלאָזן אין דער שטיל לעיזען; אַנטאָן שוואַרצע ברילן אויף די אויפגעשניטענע אויגן, גיין דורך זייטיקע וועגן, און אַוועק אין די ווייטע לענדער, ווו ער קען קיינעם נישט; דאָרט אָנהייבן אַלץ פון דאָס ניי.

עס איז געווען אַ נייער פרילינגס־טאָג.

די קראַנקע אויף אַלע וועראַנדעס זענען געלעגן אויף די בעטן, מיט די בייכער אַראָפּ; די אייבערשטע האַלבע קערפּערס — אונטערגעהויבן, פאַר זיך; אונטערגעלענט מיט די עלנבויגנס; די קעפּ געשטרעקט, ווי רייטערס, אויף פאָרויס; די פיס — לייכט געצויגן אויף הינטן. די ליילעכער אויף די בעטן האָבן געגלאַנצט אין זייער באַלויכטענער ציכטקייט. לעיזען, דער גאַנצער באַרג, איז געווען באַגאָסן מיט איין ריזיקן זוניקן נעפּל. די קראַנקע פון אַלע וועראַנדעס זענען, ווי געניטע שווימער, געשווומען אין דעם ווייסן ים — אויף פאָרויס, אין דער לופט אַריין. באַלד זענען די בעטן געוואָרן ווייסע פערד; די רייטערס איבער זיי — אויסגעצויגן, געשפּאַנט, מיט די העלדזער צום זוניקן חלל. אין די בעטן האָבן זיי לוסטיק געקאָפּעט מיט די פיס הינטער זיך. זיי זענען ווידער געווען שווימערס אין ווייסן ים, שווימערס אויף פערד. זיי האָבן אַלע דערפילט דעם פרילינג אין זיך. זיי זענען אַרויסגעשווומען איבער די פערד — פון גרויסן בית־הקברות אויפן באַרג. די בעטן זענען מער נישט געווען אומבאַוועגלעכע קברים אין ברייטע שורות, נאָר לעבעדיקע באַשעפענישן, וואָס הייבן זיך און טראָגן זיי צו די צעעפנטקייטן פון אַרום.

אויך לייבל איז געפירט געוואָרן אַרויס פון זיין צימער. עס איז שוין דורך אַ האַלב יאָר זינט מען האָט, אין פאַרגאַנגענעם האַרבסט, אים צוריקגעבראַכט פון טונקעלן רענטגען־זאַל פון ד״ר שמידט. דעמאָלט האָט ד״ר שמידט געשאָקלט מיטן קאָפּ אין דער ברייט אויף „ניין". ער קאָן נאָך נישט אַראָפּ פון בעט; ער וועט נאָך מוזן בלייבן ליגן, ביז איבערן שנייִיקן ווינטער. איצט האָט ד״ר שמידט שוין נישט געלעבט. סוף ווינטער איז ער פּלוצעם געשטאָרבן. אין דעם רענטגען־צימער, ווו מען האָט ווידער אים געבראַכט, האָט אים דורכגעלויכטן די אלמנה, אַן עלטערע גרויע פרוי. זי האָט זיך אַרומגעדרייט, צווישן די מאַשינען, אַ טרויעריקע, אין ווייסן, אַליין אין דעם גרויסן געמויערטן רענטגען־בנין. ער איז געלעגן, לייבל, אויסגעצויגן נאַקעט, אין אַ מאַשין. צוויי קאַלטע מעטאַל־פּלאַטעס האָבן אים איינגעפּרעסט צווישן זיך — פון אונטער און איבער אים. די מאַשין האָט אַריינגערוישט אין זיין גוף. זי האָט אַ קוועטש געטאָן איבער אַ קנעפּל, און די פּלאַטעס האָבן זיך צעעפנט, ווי צוויי שאָלן. ער איז

געבליבן ליגן, אַרויסגעשיילט, ווי אַן עוף פון אַ שוואַרצן איי. זי האָט דאָס מאָל אַ לייכטן שאָקל געטאָן מיט דער גאָמבע, אויף אַראָפּ. אסתרקע האָט שפּעטער אים צוריקגעפירט אויף דער דאַראָזשקע, וואָס האָט אין דרויסן געוואַרט, אין זיין צימער אַריין, אין קליניק. זיי זענען געשווומען אויף צוריק — אין דעם זוניקן געפל פון אויבן. ער איז אַריין אין בעט, ווי אַ פיש — אין ים אַריין.

אויף צו מאָרגנס איז געקומען פּראָפ. ראָליער, באַגלייט פון אַלע זיינע הויכע אַסיסטענטן. זיי האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום בעט, ווי אַרום אַ מיטה, וואָס מען גייט זי אונטערהייבן און אַרויסטראָגן. פּראָפ. ראָליער האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז לייבלס רוקנביין איז ווידער זיך צוזאַמענגעוואַקסן. ער קאָן שטיין און האַלטן אַרום זיך דעם גוף. דאָס וואַסער אין אים, האָט אויסגעטרוקנט די זון פון די לעיזענער בערג. זי האָט אין זיין גוף אויך אָפּגעטויט אַלע ווערעמלעך, וואָס האָבן אים שוין געגעסן; זייערע נעסטן, און די לעכלעך אין די ביינער, זענען פאַרקאַלכט. לייבל קאָן אויפשטיין, פּרווון אַראָפּלאָזן די פיס פון בעט, נאָר ער דאַרף בלייבן אונטערגעשפּאַרט פון קוליעס, כדי די ביינער אין אים זאָלן ווידער זיך נישט איינפאַלן.

פּראָפ. ראָליער און די דאָקטוירים נאָך אים האָבן זיך אויסגעדרייט מיט די פּנימער צו דער טיר. זיי האָבן אָנגעהויבן אַרויסגיין דורך איר. מען האָט פון הינטן געזען הויך זייערע קעפּ, די קערק, און די ברייטע פּלייצעס אין די ווייסע כאַלאַטן. זיי גייען איינער הינטערן אַנדערן.

ווען די טיר הינטער זיי האָט זיך פאַרמאַכט, האָבן אסתרקע און לייבל לאַנג זיך נישט אָנגעקוקט. ער האָט דערשפּירט זיינע ביינער, ווי רעקאָנסטרויִרטע אַרכעאָלאָגישע חורבות־שטיינדלעך. די גאַנצע וועלט אַרום האָט זיך איינגעלייגט איבער אים. ער דאַרף, מיט זיינע הענט, מיט זיין רוקנביין, זי אונטערהייבן, האַלטן. ער האָט דערפילט, דער גוף איז אים מיד, געליימט. עס האָט אים געדאַכט, די גאַנצע צייט האָט ער זיך געשראָקן פאַר אָט דער מינוט. איצט האָט זי מיט אַ מאָל זיך אַראָפּגעלאָזט. ער האָט געוואָלט זיך אָנהאַלטן אין די קאַנטן פון בעט.

אויך אסתרקע איז געבליבן אַ פאַרשוויגענע. זי האָט אַלע מאָל געמיינט, אַז אין דער מינוט וועט אויפשאַלן אַ פרייד אין איר; זי וועט אויסברעכן אין לאַכנדיקע געשרייען. איצט האָט זי דערפילט, ווי אַלץ זעצט זיך אין איר גוף. פון אירע פיס הייבט זיך אַרויף אין קערפּער אַ שווערקייט; אַ טרויער גייט אין איר אויף.

זיי האָבן ביידע זיך אָנגעקוקט און געשמייכלט. טרערן האָבן זיי אָנגעפילט די אויגן. זיי האָבן ביידע צו זיך געשטרעקט די הענט, און זיך אַרומגענומען. ער האָט זי געקושט אין שטערן.

זיי האָבן געפילט ביידע, אַז זיי וויינען.

באַלד האָבן זיי זיך געזאָגט „מזל־טוב". זיי האָבן זיך געווונטשן נחת ביי יידן. עס וועט גוט זיין — האָט ער צו איר געזאָגט. אוודאי — האָט זי געשמייכלט דורך דער אויגן־פייכטקייט. זי האָט זיי אויסגעווישט, די גרויסע, בלויע אויגן. ער האָט ווידער געזען, ווי שיין און יונג זי איז.

זיי האָבן נישט געוווסט, ווי זיי וועלן אָנזאָגן די בשורה די אַלע אַנדערע געבליבענע פון טאַל, וואָס מוזן נאָך בלייבן אין די בעטן. זיי וועלן מיינען, לייבל פאַרלאָזט זיי.

זיי וועלן דערשפּירן לעיזען, נישט ווי אויף אַ באַרג, נאָר טיף אין אַן אָפּגרונט, פון וועלכן זיי וועלן מער נישט אַרויס.

ווען אסתּרקע איז אַוועק, שיקן בלומען צו פּראָפ. ראַליער און זיינע אַסיסטענטן, האָט לייבל זיך אַריבערגעצויגן די קאַלדרע איבערן קאָפּ. ער האָט זיך איינגעשרומפּן אין זיך. ער האָט מורא געקריגן פאַר די אַלע מענטשן אין די מרחקים, אין די ווײַטע שטעט און לענדער; ער קען זיי נאָך נישט; דורך די יאָרן וועט ער אָבער זיי אָנטרעפן. ער האָט געוווּסט, ער וועט זיי נישט אויסמיידן. ער האָט געבענקט נאָך די באַהעלטענישן אין די פריערדיקע יאָרן. זיי זענען געבליבן ווייט הינטער אים.

שפּעטער איז אסתּרקע צוריקגעקומען מיט דער בלאָנדער שוועסטער זשאַנין. זי האָט לייבלען דערלאַנגט די האַנט און אים גראַטולירט. זי האָט אים באַפוילן, צום ערשטן מאָל, זיך אויפזעצן אין בעט. ער איז געזעסן, און געשפּירט דעם רוקנביין פעסט, זיכער, ווי אַריינגעזעצט אַן אייזן אים אין גוף; בלויז דאָס לייב אַרום איז געווען ווייך און לופטיק; עס איז עס שווער געווען זיך צו האַלטן. „בראַוואָ!" — האָט געשריגן זשאַנין. זי האָט אים געהייסן זיך אויסדרייען אין דער זייט, און אַראָפּלאָזן די פיס פון בעט. אסתּרקע האָט אים אונטערגעלענט דעם רוקן. זשאַנין האָט געוויקלט זיינע קנעכלען און לאַנגע, האַריק, ברוין־אָפּגעברענטע, פיס — מיט ווייסע וויקלשנורן, זיי צו שטאַרקן. ווען זיי זענען שוין געווען איינגעצויגן ביז די קני, אויבן, האָט זי אים דערלאַנגט, אונטער ביידע אָרעמס — צוויי נייע קוליעס. זי האָט אים אַרומגענומען מיט דער האַנט דעם רוקן און אים אויפגעשטעלט.

ער איז געשטאַנען — אַ שמאָלער, אַ לאַנגער; דער קאָפּ — גאָר הויך. עס האָט אים געדאַכט, ער הענגט צווישן ביידע קוליעס; די פיס רירן נישט אָן דעם דיל. אַ ווײַלע האָט אים אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן; אין קאָפּ האָט זיך אים פאַרמישט. עס האָט אים געדאַכט, ער שוועבט; אָט וועט ער פאַלן.

— נאָר איין מינוט! — האָט זשאַנין גערעדט צו אים, ווייך, ווי צו אַ קינד, וועלכן מען לערנט שטעלן די ערשטע טריט.

ווען מען האָט נאָך דער מינוט אים געלייגט צוריק אין בעט, און זשאַנין האָט אַראָפּגעוויקלט די ווייסע בענדער פון זיינע פיס — איז ער געבליבן ליגן, מיט אַן אָפּגעהאַקטן אָטעם, ווי דעמאָלט, אין לאָדזש, נאָכן גיסן אויף אים, איבערן טיש — דאָס גיפּסענע בעטל, דעם גולם. ער האָט זשאַנינען אַלץ געלאָזט מיט זיך טאָן. אסתּרקע האָט מיט דער האַנט אים געווישט דעם קאַלטן שווייס איבערן שטערן.

נאָך דער לוויה פון קינדערלאָזן פאָטער איז ש. ווידער אויפגעוועקט אין די נעכט. ער איז געזעסן איבער זיינע לאַנגע ווייסע בלעטלעך, און דורך דעם נייעם מת, האָט ער זיך געזוכט אַ וועג, אַ סטעזשקע, צו יענע אַלע. ער האָט דערפילט, ער שרייבט מער פאַר די מתים, ווי פאַר די לעבעדיקע אַרום אים; די פון זיין דור, וואָס וועלן ביסלעכווייז זיך אויסלאָזן. ווען ער וועט נאָך יאָרן ענדיקן זיין ווערק — פאַר וועמען וועט ער מיט דעם זיך שטעלן?! קיינער פון די, וואָס רינגלען אים אַרום, וועט שוין אפשר נישט זיין. די יונגע מיידלעך דאָ ווילן זי פאַרגעסן, די שפּראַך

פון זייערע עלטערן, פון די אומצאָליקע דורות פאַר זיי. זיי, די טעכטער, ווילן פאַרגעסן דעם יחוס, ווי זיי וואָלטן געקומען אַרויס פון דזשונגל, פון שבטים אָן אַ לשון. ערשט פון זיי דאַרף עס זיך אָנהייבן; אָדער טאַקע, זיי קומען פון די אינקובאַטאָרס. ערשט איצט האָבן זיי זיך אויסגעבריט.

ש.ינען האָט זיך געדאַכט, דער עבר איז יאָ דאָ אין זיי; אויך זייערע אבות זיצן אין זיי, אינעווייניק, נאָר עמעצער, אַ פרעמדער, האָט אין זיי אויסגעלאָשן דאָס ליכט; עס איז אין זיי פינצטער געוואָרן. מען דאַרף נאָר בלויז אויסשטרעקן די האַנט אין זיי אַריין; געבן איין ריר, און ווידער וועלן זיי אַלץ דערזען אין זיך. אָבער — ווער וועט דאָס טאָן? דערווייל, אין דער פינצטער, קאָן אַלץ זיך איינלייגן אין זיי, זיך צעפאַלן.

מיט אַ מאָל האָט ער זיך געכאַפּט, עס איז אים קלאָר געוואָרן: וואָס טוט ער?! ער טאָר נישט שרייבן! דאָס אַלץ טאָר נישט אַנטפּלעקט ווערן! אויך פאַרלענדונג געהער צו די סודות פון באַשאַף. זיין דור איז פון דעם געווען אָן עדות. ווי מעג ער דאָס אויפדעקן?! קיין מענטש טאָר דאָס נישט וויסן.

ער האָט באַנומען, אין דער טבע גייען זיי צוזאַמען, פאַרלענדונג און באַשאַף. ביידע טאָר מען זיי נישט אַנטפּלעקן. דאָס זענען גאָטס מעשים פון יעדן טאָג; דאָס איז זיין שפּיל — אין זיין גרויסן, אייביקן אומעט, אין זיין אומענדלעכן לאַנגווייל; ער שאַפט זיי זיך, די וועלטן, און מאַכט זיי חרוב; ער וואַרפט זיי פון פאַר זיך; אָפּטאָן דאָס פּנים, און אָן־סופיקער רחמנות — פּילן אים אָן, טוישן זיך, ווי שטורעמס און זונען, אין זיין געמיט. מיר, אונדזערע רעשטלעך, זענען אַריין, און האָבן געזען; דערמיט האָבן מיר אַליין זיך פאַרמשפּט. מיר מוזן אַוועק. ער, ש. קאָן נישט פאַרהיטן דעם סוד; ער גיט אים איבער אין פּאַפּיר. ער לאָזט אַרויס דעם שם המפורש. דעריבער חתמעט ער אַליין זיין גורל; מען וועט אים איינזאַמלען.

עס איז אים איינגעפאַלן, אפשר דערפאַר נעמט ער אַוועק, אויך זי, די שפּראַך פון די אַוועקגעגאַנגענע; ווייל זי איז געווען אָן עדות — טאָר זי נישט בלייבן. נאָר אין איר קאָן מען אַנטפּלעקן די אַלע סודות. זי ווערט די ערד, אין וועלכער ש. איז איצט קובר די אַלע זעונגען פון פאַר זיינע אויגן. אַלע מוזן זי פאַרגעסן, די שפּראַך; זיי זאָלן מער נישט קאָנען זיך דערגראָבן צו די זעונגען, וואָס וועלן זיך אויסלאָזן, ווען שליסן וועלן זיך זיינע אויגן.

אין יענע בעכט זענען פאַר ש.ינען אַרויסגעשווומען זכרונות פון נישט וויטן עבר. עס האָט אים געדאַכט, ערשט איצט באַנעמט ער זיי.

ער איז געלעגן אויפן בעט, מיט פאַרמאַכטע אויגן, און געזען, ווי ער שטייט אויפן פּלאַץ, ווייט פון דאַנען; פון דאָרט דערגייט נישט אַהער צו אים קיין ווידערקול. ער שטייט דאָרט צווישן די הונדערטער פון זיין שטאָט, וועלכע מען האָט צונויפגעזאַמלט. מען האָט זיי אויסגעשטעלט אין שורות — איינע הינטער דער אַנדערער. די שטייענדיקע שורות וויגן זיך, פאַליען זיך, ווי אַ ווינט וואָלט אין זיי לייכט געבלאָזן. אַרום שטייען די טאָל־שומרים; זייערע ביקסן — שפּיציק געצילט אין די זיך באַוועגנדיקע פאַליעס. זיי דאָ אַנען די גריבער, וואָס וואַרטן ערגעץ באַנענט. מען זעט זיי נאָך נישט, אָבער זיי שטייען שוין אָפן, ווי מיילער. עס איז אַרויף,

אויף אַ בערגל אַנטקעגן, אַן עלטסטער פון די טאַל־שומרים. מיט אַ גרויסן מיליטערישן הוט, אַ גרינעם, איבערן קאָפּ; אַ גלאַנציקן דאַשעק איבער די אויגן. אויף די אַקסלען — זילבער־עפּאָלעטן מיט שטערנס; זיין בויך — אַרומגענומען מיט אַ שווערן לעדערנעם פּאַסיק; געקרייצט אַראָפּ מיט זילבער־קנעפּ. ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט אַ לאַנגע רשימה, און פון אויבן אַראָפּ, האָט ער פון איר גענומען אַרויסלייענען נעמען. זיין שטימע האָט געדראָט אין דער שטילקייט אַריין. אַלע אויערן זענען געווען איינגעהאָרכט. יעדער אַרויסגעלייענטער נאָמען דאַרף דערוייל בלייבן; די אַנדערע וועלן באַלד מאַרשירן ווייט, ווייטער — צו די גריבער; זיי וועלן זיי דערזען. זיי האָבן געקוקט צו דער רשימה, פון איר נישט אָפּגעריסן די אויגן. ער האָט געוווסט, זיין נאָמען איז דאָרט נישטאָ; ער וועט אין חלל זיך נישט אָנטראָגן צו זיינע אויערן. די שורות האָבן ווייטער זיך געוויגט אין ווינט. די, וואָס זייערע נעמען האָבן זיך אָנגעטראָגן פון אויבן, זענען אַרויסגעבלאָזן געוואָרן פון זייערע ערטער; מען האָט זיי געשטעלט אין אַן אַנדערער שורה, אין דער זייט — צום בלייבן. זיי זענען דאָרט געשטאַנען שמאָלע, אומבאַוועגלעכע גופים. די אין די שורות נעבן אים, האָבן געפילט, דער ווינט איז זיי אַריין אין די בייכער. זיי זענען לופט. בלויז די לופט האָט זיי ווייגעטאָן. אויף די פיס זענען אָנגעבלאָזן; זיי ציען זיך צו דער ערד. פּלוצעם האָט ער אין ווינט געהערט, עס טראָגט זיך אָן דער נאָמען „חיים יאַנקל". דער עלטסטער אויבן האָט אים אַרויסגעלאָזט ווייט פון מויל. עס האָט זיך אַ ריר געטאָן אין די שורות, און עס איז פון זיי אַרויס דער אַלטער חיים יאַנקל. איידער ער האָט אים נאָך געזען, האָט אין אים אַ רויש געטאָן. ער האָט געוווסט, ער, דער זקן פון די גנבים — ער בלייבט; ער, דער, וואָס האָט נאָך באַגזלט די זיידעס פון די שטייענדיקע דאָ. ער האָט דערפילט, ש. זיין יונגקייט וויינט אים אין די אָדערן; אַ בונט גייט אויף אין אים: ער, דער עדות, גייט נידערן אין גרונט, און ער, דער זקן, חיים יאַנקל, בלייבט! חיים יאַנקל האָט שוין געהאַט זיך אָפּגעריסן פון די שורות, ווי אַן אַלטער שטיין פון אַ וואַנט, וואָס גייט איינפאַלן. ער האָט זיך אַוועקגעקאָלערט אין יענער זייט.

ער האָט איצט פאַרשטאַנען, ש. דעמאָלט האָט מען אים נישט געוואָלט, דעם עדות. נישט דורך קיין טראַף איז חיים יאַנקלס נאָמען געהערט געוואָרן אין ווינט. פאַרקערט, דורך אַ טראַף איז ער דעמאָלט אַנטרונען.

ער האָט איצט אויך באַנומען, וואָס זיין זכרון ווערט לעצטנס אַזוי ביי אים פאַרנעפּלט. עמעצנס אַ האַנט ווישט דאָרט אַלץ אין אים אָפּ. ער ווערט אַ פאַרוויאַנעט בלאַט, ניין, אַ בוך מיט ליידיקע בלעטער; אַ ספר אָן זכרונות. ער געדענקט גאָר נישט. אַלץ ווערט אָפּגעמעקט אין אים.

ש. האָט באַשלאָסן, נישט נאָכגעבן; מלחמה האַלטן קעגן דער שכחה; אַרויסציען פון זיך זעונג נאָך זעונג. קיין איין רגע נישט נאָכלאָזן; נישט אָפּשטיין. אַנדערש — וועט ער אַליין זיך אַרויסציען פון דער עדה; ער וועט מעגן בלייבן. ווי דער אַלטער חיים יאַנקל, וועט ער האָבן אַריבער אין דער אַנדערער זייט.

ער האָט ווידער געשלאָסן די אויגן, און פון זכרון געצויגן נאָך אַ זעונג.

ער דרייט זיך אין זיין טויטער, אויסגעליידיקטער, שטאָט. ער איז אַריין אין

אַ לערער דירה. ער ווייסט נישט, ווער עס האָט אין איר געלעבט. דער אָטעם פון די מענטשן איז נאָך דאָ; ער ציט אים איין אין זיך. ער קאָן אָבער צו זיי זיך נישט דערשנאַפּן. מיט אַ מאָל: מען רופט צו אים פון די ווייטע צימערן — „גוטמאָרגן!". אַ קול, פאַרדעמפּט, ווי פון קעלערן אַרויס. ער איז געצויגן געוואָרן צום קול. אין ליידיקן שלאָפצימער האָט אַ פּאַפּוגיי זיך געהוידלט אויף אַ הוידלקע, און ווידער געררופן: „גוטמאָרגן!" „גוטמאָרגן!". זיי האָבן ביידע זיך אָנגעקוקט. דער פּאַפּוגיי האָט אים נישט דערקענט. ער האָט גיך געעפנט די שטייג און דאָס פענצטער, און אַרויסגעלאָזט דעם פּאַפּוגיי. ער איז אַוועקגעפלאַטערט אין דער ליידיקער שטאָט. ער הערט נאָך זיין פליגל־געפלאַטער. אָבער באַלד האָט זיך אָנגעטראָגן אַ פאַרהוילענער שאָס; ער האָט פייפנדיק דורכגעשניטן די לופט, און דערגרייכט זיינע פליגל. ער איז אַראָפּגעזונקען צו דער ערד.

איצט ווייסט ער, אויך דער פּאַפּוגיי האָט אַליין זיך פאַרמשפּט, ער האָט געלאָזט הערן זיין קול. ער האָט נישט געטאָרט בלייבן.

ש. האָט שטאַרקער געשלאָסן די אויגן. ער האָט ווידער געזען די אויסגעליידיקטע שטעט, וואָס נאָר פאַרבליבענע בעלי חיים לויפן איבער זיי, מיט ווייכע פּיס.

עס איז אים דורך אַ געדאַנק: אפשר טאָר ער נישט שרייבן וועגן מענטשן און בעלי חיים, אַנטפלעקן זייער פאַרהוילן ווערן; ער וועט שרייבן די קורות הימים פון דעם צומח און דומם אין זיינע טעג — וועגן די שטיינער און העלצער, די הייזער און שטיבער — אויף די אונטערגעגאַנגענע הייף און גאַסן פון די געטאָס; וועגן צאָרן, וואָס האָט אויף זיי זיך אויסגעגאָסן, און וועגן זייער אייביקער פאַרשטילטקייט. זייער סוד דאַרף אפשר נישט אָפּגעווישט ווערן.

ש. האָט אָבער זיך געכאַפּט, אַז צו זאַכן, וואָס רינגלען אונדז אַרום, וועט ער מער קיין מאָל נישט קאָנען זיך צורירן. ער האָט פאַרלוירן די באַהעפטונג צו זיי. ער שפּירט זיי נישט מער. זינט ער איז אַרויס פון שטוב, זענען זיי אים פרעמד, ווי זיי וואָלטן קיין מאָל נישט געווען זיינע. ער הערט מער נישט די שטילקייט פון מעבל, און — פון קליידער אין די שענק; דאָס שטייען פון כלים איבער די קאָמאָדעס. זיי זענען טויט פאַר אים. ער האָט נישט געקאָנט זיך דערמאָנען דעם באַריר פון זיינע הענטלעך, אַלס קינד, מיט דעם פרישן שוואַרצן לעדער פון זיינע נייע שיכלעך אויף יום־טוב; זייער סקריפּן ביים גיין מיט זיי דאָס ערשטע מאָל איבערן דיל. ער האָט איצט געזוכט, מיט דער נאָז, דעם ריח פון זיין מאַמעס בעט אין נאָוויקס שלאָף־צימער, אין זיין היימשטאָט. ער איז געווען אָפּגעהאַקט פון אים. ער האָט געוווּסט, ער וועט קיין שום זאַך מער נישט קאָנען האַלטן היימיש אין דער האַנט. די זאַכן האָבן אויף תמיד אים פאַרלוירן.

ער האָט זיך דערמאָנט די פאַרמאַכטע פויסטעלעך און ווייכע קליינע דלאָניעלעך פון דער פרוי נעלקינס קינד, וואָס איז געבוירן געוואָרן איצט, שוין נאָך אַלע טאָלן. פאַר אים וועלן זיי ווידער זיין, די זאַכן; זיי וועלן זיך עפענען פאַר אים. ער וועט זיי האַלטן.

ער האָט באַגריפן דעם נס, וואָס איז געשען מיט דער פרוי נעלקינס קינד, וואָס איז געבוירן געוואָרן שוין אויף צומאָרגנס; עס איז דערביי, ביי דעם אַלעם, נישט געווען.

עס איז נישט געווען; מען האָט עס גאָר נישט געקאָנט טאָן.

יענע אַלע קינדער, וואָס זענען געבוירן געוואָרן פריער, איז נישט געשען דער נס. זיי זענען יאָ געווען דערביי. זיין עלטער ברודערל אויפן בוידעם האָט מען יאָ געקאָנט טאָן.

פאַר וואָס איז ער, ש. אַליין נישט געבוירן געוואָרן שפּעטער, איצט — שוין נאָך אַלעם?

פּלוצעם האָט ער דערשפּירט אַ געפּיל פון גליק און לייטזעליקייט, וואָס ער איז יאָ געווען דערביי. וואָס פאַר אַ זכות איז דאָס געווען געבוירן צו ווערן פריער, זיין אין דער דאָזיקער גרויסער תקופה; קוקן דעם באַשעפער אויף די הענט; זען זיין פּנים!

זיין דער עדות! ער, ש. איז דער עדות!

אַ ציטער איז אים דורך איבערן לייב; ער האָט אָפּגעגרוילט, טראַכטנדיק, אַז ער האָט געקאָנט געבוירן ווערן מיט דורות פריער, נישט זיין דערביי; אָדער, חלילה, פאַרשפּעטיקן, קומען שוין נאָך אַלעם. עס וואָלט אים געפעלט דער עיקר.

ער איז באַשטימט געוואָרן צו זיין דערביי.

ער האָט איצט באַנומען, אַז דער זכות איז — אין זיין דערביי; נישט אין דעם ווערן אַן עדות. דאָס איבערלעבן אויפן אייגענעם לייב — איז דער עיקר; דאָס באַשרייבן — אַ טפל. ער האָט אויסגעטוישט דעם עיקר אויפן טפל; דעריבער — די פאַרשוועכונג; מען דערלאָזט אים נישט צו איר.

ווידער האָט ער באַגריפן, אַז די אמתדיקע זעער, שרייבן קיין מאָל נישט; די וואָס דערפילן אים, דעם באַשאַף, שווייגן צוזאַמען מיטן וועלט־חלל. די שלימות דאַרף מער זיך נישט פאַרפולקאָמען.

באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אויך אין דעם איז נישט דער גאַנצער אמת. די גרויסקייט פון באַשאַף איז נישט אין זיין שלימות, נאָר גאָר אין זיין אומענדלעכן שטרעבן דערצו. שלימות איז — נישט גאַנצקייט, נאָר — פעלן; אין באַשאַף — איז גאָר נישט שלימותדיק, נאָר אַ בענקשאַפט זיך צו דערגאַנצן. ער איז, דער באַשאַף, געטיילט אויף ער און זי.

ער האָט איצט געוווסט, שלימותדיקע מענער קאָנען קיין מאָל נישט פאַראייניקן זיך מיט אַ פרוי. זיי זענען אַליין די גאַנצקייט. דעריבער האָט דער מיט די ווייסע האָר און אויגן פון אַ טויב, דער וואַרעמער פּיאַנאָ, קיין מאָל נישט באַרירט קיין פרעמד לייב.

אויך שלימותדיקע פרויען זענען אָן קאָרבן. זיי זענען פול מיט זייער ווייבלעכקייט אין זיך; זכרישע בליקן שטערן זיי, בייגן זיי צו דער ערד. דעריבער פאַרבלייבן זיי אַליין, די ווייבלעכסטע פון צווישן די פרויען; צו זייער שלימותדיקייט האָבן מיר נישט וואָס צוצוגעבן; זיי דערוועקן נישט אונדזער אָפּרוף, זיי צו פאַרפולקאָמען. זיי זענען אַליין גאַנץ מיט זיך.

דעריבער — האָט ער געוווסט — אַזוי דער עלנט ביי דער שעמעוודיקער האָ־לענדערין.

מיט דערגיין צו שלימות — דערגייט מען צום סוף.

ווידער איז אים איצט קלאָר געוואָרן די לערע פון יהדות: „נישטאָ קיין שלימותדיקערע זאַך, ווי אַ צעבראָכן האַרץ״.

*

און אין יענע טעג זענען זיי געשען, די עטלעכע פאַלן, וואָס האָבן אויף די קראַנקע פון לעיזען אָנגעוואָרפן אַ פחד אויפצושטייען פון זייערע בעטן: מען האָט אין די ווייטע לענדער, אין פלאַכלאַנד, געפונען טייל פון די אויסבאַהאַלטענע — אויסגעצויגן אין זייערע שטיבלעך, אָן נשמות, נאָר עס זענען געווען ווייניק קינדער, וואָס זאָלן ערגעץ אַרויסוויינען נאָך זיי. מען האָט געשמועסט, אַז אין די פאַרבליבענע אַליין באַהאַלט ער זיך אויס, דער וואָס לויערט אויף זיי. ער זיצט שוין אַזוי יאָרן אין זיי — רויִק, איינגעצויגן, און וואַרט אויף אַ שעת־רצון; און אין איינער, אַ שטילער מינוט, ווען זיי האָבן לאַנג שוין פון אים מסיח־דעת געווען, קיינער איז דערביי נישטאָ — אַנטפּלעקט ער זיך מיט אַ מאָל. ער שטעלט זיך אין זיי, און שלעפּט מיט דער האַנט זייער פּנים; ער ווענדט עס צו זיך אַריין אינעווייניק. דאָס ערשטע מאָל, ווי זייער פּנים ווערט איבערגעדרייט, ווי אַ היטל — מיטן פאָרנט אין זיך אַריין; די אויגן — אויף אינעווייניק — געווענדט. אין דער לעצטער רגע דערזען זיי אים אין זיך. זיי ווייסן פּלוצעם, אַז דער, וואָס האָט איין מאָל דערשפּירט אין זיך דעם סוד — טאָר מער נישט לעבן. מען פירט אים דורך אַנדערע טירלעך צוריק.

אַזוי האָט מען ווייט איבער לענדער, אין אַ בוידעם־שטיבל, איצט געפונען אויסגעשפּרייט אין זיין בעט — דעם אָפּגעשיילטן טאַטן פון לאָדזש. ער האָט אַהער געהאַט געגרייכט אויף צו מאָרגנס — אָן אויפגעפרישטער, מיט אַ צילינדער אָנגעטאָן אויפן נאַקעטן קאָפּ; מיט אַ פראַק און ווייסע הענטשקעס; די שפּיצן פון זייגע שיך — שוואַרץ־גלאַנציקע. ער האָט דאָ פאַרלייגט זיין הויז מיט אַ גאָרטן אַרום. ער, דער הויכער דאַרער זקן, איז דאָ ווידער געוואָרן יונג. ער האָט גענומען אַ היגע טאָכטער, און ער האָט ביי זיך אין שטוב מיט איר געטאַנצט ביז שפּעט אין די נעכט. קיין מאָל איז ער נישט אַרויס אין דרויסן. מען האָט נישט געדענקט, פון וואַנען ער שטאַמט. זיינע רעשטלעך זאָמען, וואָס זענען שוין געהאַט איינגעדאַרט, האָבן דאָ ווידער געלאָזט. פרישע קינדערלעך, ווי אויסגעפּיקטע פון בלייכע געלעכצלעך, זענען פון אים אַרויס. זיי האָבן ליב געהאַט כסדר צו זיצן אויף זיין שויס און אויף אים זיך וואַרעמען. ער האָט דאָ אויך צוריקבאַקומען דאָס לשון. ער האָט זיי גערופן מיט צונעמענישן, וועלכע זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען — איטשעלע, מאַטעלע, שפּרינצעלע. מיט די פולכנע פינגערלעך האָבן זיי אים געצופּט די ווייסע האָר פון איבערן קאַרק. אויך ווען זיי זענען געוואָרן גרויס, זענען זיי אים נאָך געזעסן איבער זיין שויס, ווי זיי וואָלטן געווען צו אים צוגעבונדן, פון ביידע זייטן, צו די הענט — מיט קייטעלעך. ווי ער, זענען אויך זיי קיין מאָל נישט אַרויס פון הויז. די שכנים האָבן חושד געווען, אַז נאָך פון זייער געבורט, זענען זיי אים צוגעהאַפטן צום נאָפּל מיט אַ וואַרעמער שנור. ער האָט זי נישט אָפּגעשניטן. און אפשר זענען זיי און ער צוזאַמענגעוואַקסן מיטן לייב, ווי אַ סיאַמער צווילינג.

ער, דער אַרומגעפליקטער טאַטע, וואָס זיין ערשטע משפּחה האָט פון אים געהאַט זיך אַראָפּגעשיילט און אים געלאָזט אַ נאַקעטן ביז דער הויט, איז דאָ געווען ווידער אַרומגענומען מיט דער פרוי און די דריי קינדער. צום משפּט קיין אַמסטערדאַם איז ער נישט געקומען, ווייל ער האָט פון אים נישט געוווסט. שוין יאָרן, ווי ער האָט זיך אָנגעפּילט די אויערן מיט וואַטע, כדי נישט צו הערן, אַז מען רופט. אויף די פּלעקן אויף זיין פּנים האָט ער געלאָזט באַוואַקסן מיט אַ געפּלעגט קאַצן־בערדל,

מען זאָל אים נישט דערקענען. זיינע אויגן־שאָטנס האָט ער פאַרשטעלט מיט דיקע גאָלדענע ברילן.

בלויז טייל מאָל, אין די טעג, ווען אין שטאָט אַרום איז שטיל און עס הערט זיך נאָר טריט פון דער ווייטנס, נעמט ער, דער אַנטרינענער פּאָטער פון לאָדזש, אַ שטול צו דער וואַנט; ער שטעלט זיך איבער איר הויך, און קוקט אַרויס פון אַ לעכל, ווייט ווייט אין דרויסן; און אין פריען אָוונט, ווען עס פאַלט נאָר צו די נאַכט — איז ער שוין בודק די שלעסער און טירן־ריגלען פון זיין הויז, צי זיי זענען גוט פאַרמאַכט. מען האָט זיך נאָכדערציילט, אַז אין לבנה־נעכט יאָגט ער זיך נאָך, מיט אַ לאַנגן בעזעם אין האַנט, איבער די ליידיקע דעכער, און פאַרן שלאָפן טאַנצט ער נאָך אַליין אינעווייניק אין שטוב מיט זיין פרוי ביז שפּעט אין דער נאַכט.

נאָר איין מאָל, איז דאָס געווען, בעת ער האָט מיט איר אַזוי געשוועבט איבער דעם גלאָטן, גלאַנציקן דיל, האָט זי פּלוצעם דערפילט, אַז ער איז אַלט; דער גוף אויף אים איז נישט זיינער; פון אונטן איז אַ זקן. אַן אַנדערער קלאַפּט אין אים, ווי אַ געוויכט אין אַן אַלטן זייגער; און אין דער זעלביקער נאַכט, אין זיין בעט אויפן בוידעם־שטיבל, האָט יענער אין אים פּלוצעם זיך באַוויזן. ער האָט אינעווייניק אים זיך געשטעלט אַנטקעגן, ווי אַ מלאך מיט אַן אויסגעשטרעקטער שווערד. אין דער לעצטער רגע האָט ער אים דערקענט.

קיין לעיזען זענען אויף דערגאַנגען בשורות וועגן די, וואָס גייען אויס ערגעץ ביי פּרעמדע פלעטער. עס איז געווען ער, דער עלטערער דאָקטער־אַסיסטענט פון פּראָפעסאָר ראַפּיפּאָרט פון לאָדזש. ער איז פאַרבליבן אַליין, און האָט מער נישט געוואָלט זיך באַהעפטן צו נאָענטע. נאָכן טויט פון זיין ווייב, איז ער געשטאַנען, ווי איין זייל פון אַן איינגעפאַלענעם טויער. דער אַנדערער טויער־זייל, זיין פרוי, איז געלעגן אויסגעשפּרייט. קיינער קאָן דורך זיי מער נישט דורך. ער האָט אין זיך געהיטן אויף דעם זכר פון זיינע קינדער, וואָס זענען אַ מאָל דורך זיי — דורך. ווען ער האָט אין די נעכט שטיל איינגעצויגן דעם בויך, האָט ער געשפּירט, ווי זיי אָטעמען נאָך אין אים. ער פלעגט אַריינרעדן אין זיך אינעווייניק, ציילן זייערע יאָרן. צו זייערע געבוירנטעג האָט ער זיי אַריינדערלאַנגט בלומען. יעדעס מאָל, פאַרן פאַרלאָזן זיין שטיבל, פלעגט ער צו ערשט אָנפּויקן מיט די פינגער אין דער טיר צום דרויסן — הערן צי מען קאָן אַרויס. אין לאָדזש איז ער דאָס געזעסן און געהיטן לייבלען, אין זיין ווייסן, גיפּסענעם בעטל, דעם גולם, ביז דעם פאַרטאָג, ווען ער האָט אים געהאָלפן אַרויסטראָגן פון שטאָט.

אַזוי זענען אַדורך די יאָרן, ביז אין דער איינער נאַכט, ווען מען האָט אים אַליין אַוועקגעטראָגן אין שפּיטאָל. געווען איז דאָס אין דעם פרעמדן לאַנד, וואָס ער קאָן נישט זיין לשון, און זיי דאָ קענען נישט — אים. אַלע אַנדערע קראַנקע זענען געקומען פון דער נאָענט; עס האָבן זיי פון אַלע זייטן דאָ אַרומגעהילט זייערע משפחות. די לאַנגע טעג אין די בעטן, האָבן זיי אין דעם זאָל געוואַרט אויף דער פאַרנאַכט־שעה פון געגנאַד, ווען זייערע נאָענטע קומען זיצן ביי זיי, זיי באַהעפטן צו די היימען. בלויז ער האָט אויף קיינעם נישט געוואַרט. די שטילקייט האָט כסדר, אָן איבעררייס, געגליווערט אַרום אים; און אין די נעכט, בעת דער שלאָף האָט דאָ

צוזאַמענגעשפּינט אַלע אין די ווייסע בעטן — אין איין וואַרעמען חלום, איז בלויז זיין חלום געבליבן לער, פון דרויסן. שפּעטער, אין אָפּעראַציע־זאַל, ווען פרעמדע אין ווייסע כאַלאַטן האָבן אים אַרומגערינגלט, מיט ווייסע מאַסקעס איבער די פּנימער און מיילער — האָט אים געדאַכט, ער ליגט אויף אַ מזבח. ווידער ברענגט מען אים אויף צו דעם שאַפער פון די טאַלן. די ווייסע פּריסטער אַרום שווייגן. בלויז זייערע הענט פאָרן זיך אין זיין גוף, וואָס איז איצט ליידיק; די אין אים — האָט מען אויסגעשניטן. מען האָט אים געלאָזט אַליין. ער האָט געשפּירט, ווי מען הייבט אים לייכט אין די הויכקייטן; מען דערלאַנגט אים אַרויף, נאָר נישטאָ ווער עס זאָל אים אַנטקעגנשטרעקן די הענט, אים נעמען צו זיך.

ער האָט נישט געוווּסט, אַז אין די טעג פון זיין פּרוּוון שטייגן אַרויף, בין איך דאָ שוין געלעגן אין דעם גרויסן זאַל, אין אַ זייטיק בעט ביי דער וואַנט. אויך מיך האָט מען אַהערגעבראַכט. מען טראָגט מיך אַזוי׳ פון שפּיטאָל אין שפּיטאָל אין מיין ווייס גיפּסן בעטל.

און שפּעטער, אין דעם פאַרטאָג, ווען מען האָט אים אויף אַ פעלדבעטל אַרויס־געטראָגן פון דעם זאַל — זענען אַלע אין די בעטן אַרום נאָך געווען פאַרטאָן אין זייער שלאָף. זיי זענען געלעגן וואַרעם־איינגעאָטעמטע, ווייס איבערגעדעקט. קיינער איז נישט נאָכגעגאַנגען.

בלויז איך האָב פּלוצעם זיך אויפגעכאַפּט, ווי עס וואָלט ווער מיך אָנגערירט. פאַרשלאָפן, אַ באָרוועסער, בין איך אַראָפּ פון בעט. איך האָב פאַרגעסן, אַז איך שטיי; אַז דער גוף טראָגט מיך. אין די לאַנגע קאָרידאָרן האָב איך נאָכגעאײלט נאָכן פעלדבעטל. איך האָב געשטעלט גרויסע באָרוועסע טריט, ווי איבערן דיל, און זיך נישט געוואַקלט אויף די פיס. צוויי הויכע וועכטער אין בלויע כאַלאַטן האָבן פון פאָרנט און פון הינטן געטראָגן דאָס שמאָל־לאַנגע פעלדבעטל. דער בידעריק־אַראָפּגעפלאַטשיקטער גוף איז געווען איבערגעדעקט מיט אַן אַלטער דעקע. איך האָב געוואָלט זיך דערמאָנען תפילות, וואָס מען זאָגט בעת לוויות; מיינע ליפּן האָבן בלאָנדזשענדיק געפּרעפּלט האַלבע ווערטער, ביז יענע זענען מיטן בעטל פאַרשווּנדן הינטער די ווייטע טירן.

איינציקווייז, איינעם נאָכן אַנדערן, האָט איצט אַ פינגער אָנגעהויבן אַרויסרופן זיי פון די שטובן. זיי זענען געגאַנגען. טייל פון זיי זענען פאַרכאַפּט געוואָרן אין וועג. מען האָט נישט געוווּסט, וווּ זיי זענען אַהינגעקומען. נישט געווען ווער עס זאָל אויף זיי זיך נאָכפרעגן. אַנדערע פון זיי האָבן פאַרלוירן די שפּורן פון זייערע אייגענע טריט. זיי האָבן מער אַליין זיך נישט געפונען. געווען אויך אַ סברא, אַז דער פינגער האָט זיי אַרויסגערופן. מען האָט גערופן צוויי גופים מיט איין אָטעם. ווען איינער טוט אים אין זיך אַריין — בלייבט דער אַנדערער אַ גולם. ער מוז פאַלן.

אין די נעכט פלעגן זיי איצט זינקען, די מיט די טאָפּלטע גופים, אין שלאָף. זיי האָבן זיך געפלאָנטערט אין נעצן, געענידערט, נישט געקאָנט אַרויסוויקלען זיך איינער פון אַנדערן. אין שלאָף האָבן זיי אַרויפגערופן, מען זאָל זיי אַרויסציען. יעדער האָט געוואָלט לויפן פאָרויס. זיי האָבן אַרויפגעשטרעקט הענט און זענען געפאַלן אונטער זיך. ערשט פאַר טאָג האָט מען זיי געטראָפן ליגן געשפּרייטע, מיט צעגומענע אָרעמס.

ש. האָט געהערט, אַז צווישן זיי איז אויך געווען זיין שוצקינד, די זעכצן־יעריקע, דין־דורכזיכטיקע, רחלע, וואָס האָט געקלעבט אין אים אין לאָדזש; זי איז אַ שווייגנ־דיקע אים נאָכגעגאַנגען. נישט קאָנענדיק זיך דערוואַרטן אויף ש.ינען, האָט זי אין צווישן חתונה־געהאַט מיט אַן אַנדערן. זי האָט גענומען אַ מאַן — אַן עלטערן פון זיך, מיט איין אויג ביי אים — אַ גלעזערנס.

ווי אַזוי האָט ער, דער מאַן מיטן איין גלעזעריקן אויג, זי גענומען? מען האָט געשמועסט, אַז זיין גוף איז איין מאָל אָנגערירט געוואָרן פון גאַס. זינט דעמאָלט טראָגט ער אין זיך דעם באַריר. ער איז, דער גוף, אים מאַגנעטיזירט; ער לויכט מיט געטלעכן ליכט, וואָס באַהעפט צו אים אַלץ. וואָס זיינע פינגער באַרירן, אויך נאָר פאַרבייגייענדיק — ווערט צו אים צוגעצויגן. ער האָט זי געטראָפן, רחלען, נאָכן אַנטלויפן פון לאָדזש. די איבערגעשראָקענע האָבן נאָך אַלץ זיך געדרייט אַרום איר — אויך אויף די פעלדער; געוואָלט בלייבן אין איר נאָענט, כדי איך געלויף מיט איר ווייטער זיך דורכצורייסן. זיי האָבן נאָך געדענקט, אין טאָל איז זי אַרויס גאַנץ פון אַלע הענט פונעם טויט, וואָס האָבן צו איר זיך געשטרעקט; זי האָט צווישן זיי זיך דורכגעגליטשט. זיי האָבן געגלייבט, זי וועט שוין בלייבן. זי וועט דורך צווישן די פינגער אויך פון אַלע געוויינטלעכע טויטן. „עמעצער מוז דאָך פאָרט בלייבן, זיך דורכרייסן ביזן סוף פון די טעג! איר וועט דאָס זיך איינגעבן". אויפן גאַנצן וועג האָבן די געשטאַלטן, ווי שאָטנס, איר זיך נאָכגעשלייכט, ביז — ער האָט זי געטראָפן. לאַנג האָט ער מיטן גלעזערנעם אויג אויף איר געלויערט, און געלויכטן צו איר מיטן זעענדיקן, און איין מאָל, ווען קרענצלעך האָבן זי אַרומגערינגלט — האָט ער מיט זיין האַנט־באַריר פון צווישן זיי זי אַרויסגעצויגן צו זיך. ער האָט זי גענומען און איז מיט איר אַוועק אין אַ ווייטער מדינה, כדי זי זאָל פאַרגעסן ש.ינען.

דאָ, אין דער נייער היים, איז זי אויפגעגאַנגען ראָז־צאַרט, ווי אַ דינע שפּראָצונג. פון אַ טאָכטער אַן עלטערן — איז זי געוואָרן אַ פרוי צו אַ מאַן. באַלד האָט זי צו אים אויך פאַרשוואַנגערט מיט אַ טעכטערל; שפּעטער — מיט נאָך איינס. זי איז נאָך אָבער אַלץ געבליבן דורכזיכטיק; פון ווי ווייט האָט מען דורכגעזען אין איר — איר חיות; יעדער פרעמדער קאָן אויסשטרעקן די האנט און עס אַרויסנעמען. אויך בעת דער שוואַנגערשאַפט האָט מען דורכגעזען, ווי עס ריזלען אין איר די זאפטן, און שפּעטער — ווי זיי וויקלען זיך אין איר, די וולדות; זיי פילן אויס איר גוף. די לעצטע וואָכן פון איר טראָגן, האָבן זיי געעפנט שמאָלע אויגן־שפּעלטלעך און פון איר אַרויסגעקוקט, ווי דורך גלעזערנע ווענט. נאָך דעם זענען זיי אַרויס בלאָנד, בלוי־אויגיק, מיט אויפגעריסענע בליקן. זיי האָבן אַלץ אַרום זיך געדענקט פון פריער. די ליפּ אונטער דער נאָז איז ביי זיי געווען אויסגעפּילט. זיי האָבן זיך נאָכגעפרעגט אויף לאַנג שוין געשעענע זאַכן, און כדי זיי זאָלן פאַרגעסן, האָט זי, ווען זיי זענען אונטערגעוואַקסן — זיי געלערנט שפּילן אויף אַ פּיאַנאָ. אַלץ זאָלן זיי אויסשפּילן; עס זאָל זיי אַרויסרינען פון די פינגער. זי פלעגט איצט מיט זיי שפּאַצירן אויף די גאַסן; דרייען זיך מיט זיי אויף קאַרוזעלעס. זי האָט געוואָלט אַראָפּוואַקסן צו זיי; זיין זייערס אַ דריט שוועסטערל, אָבער שוין האָט זי זיך געכאַפּט, אויך זיי זענען דורכזיכטיק ווי זי; זייערע קליינע נשמהלעך ליגן אין זיי אָפן פאַר יעדן אין דרויסן. זייערע קערפּערלעך פעלט בלויז דער מאַגנעט,

וואָס ציט צו, באַהעפט אַלץ מיט זיין באַריר. זי האָט געוווּסט, דאָס איז, ווייל זייערע אויגן זענען ביי זיי פול, אויפגעריסן.

אַזוי זענען דורך יאָרן; זי איז איצט שוין אַלט געווען דרייסיק יאָר, און עס האָט איר געדאַכט, מען האָט לאַנג זי שוין פאַרגעסן; זי וועט אפשר טאַקע זיך דורכקריגן ביזן סוף פון אירע טעג. נאָר איין מאָל, אין אַ פאַרנאַכט איז דאָס געווען, ווען זי האָט אייבע אַליין געאיילט אַהיים צו איר מאַן מיט די טעכטערלעך; זי האָט אין דער זייט פון אַן אַליי געוואָלט אַריבער אַ וועג — האָט מען פלוצעם איר אונטערגעשטעלט אַ פוס. זי איז איבער אים געפאַלן. זי האָט נאָך אַ ווײַלע געקוקט אַרום זיך. זי האָט דערשפּירט, ווי אַ לאַנגע האַנט לאָזט, דורך איר מויל, אין איר זיך אַריין, ביז אירע אינגעווײידן, און שלעפּט דין איר חיות. זי בלייבט אַן אָטעם. אין דער לעצטער רגע האָט זי זיך דערמאָנט, ערגעץ וואַרט מען אויף איר. זי האָט נישט געוווּסט — ווו. אַ קאַלטער קוש האָט ווייך פאַרחתמעט איר מויל. לאַנג האָבן זיי נאָך דעם אין שטוב געוואַרט, דער מאַן מיטביידע טעכטערלעך, און ווען זי איז מער אַ היים נישט געקומען — האָבן די קינדערלעך דערזען צום ערשטן מאָל, ווי עס ברענט ביי אים דאָס גלעזערנע אויג. ער האָט מורא געהאַט, עס וועט אים נאָך אויסטריקענען — אויך דאָס צווייטע. ער וועט זיי, די קינדער, מוזן טאָפּן בלויז מיט די הענט. דעמאָלט וועט ער, ווי שמשון, אָנבעמען די זיילן פון דער וועלט און זיי אַראָפּציען איבער זיך.

פאַר וואָס איז ער, רחלעס מאַן, געווען בלינד אויף איין אויג? — מען האָט געדענקט, ער האָט דאָס אויג נאָך אויסגעווישט אין לאָדזש. דאָס איז געווען נאָך דעם, ווי מיכל סאַפּירס דערוואַקסן יינגל האָט אים דערציילט, אַז מען האָט זיין קליין זונעלע, וואָס עס האָט אים געבוירן זיין ערשט ווייב, באַגראָבן לעבעדיק אין דעם גרוב נעבן אים; ווען מען האָט אויבן איבער זיי גענומען שיטן ערד, האָט דאָס יינגעלע, מיט די הענטלעך, זיך געווישט די שוואַרצאַפּלען. „פעטער, האָט ער אַרויפּ־געשריגן אויבן, צו דער לאַנגער זיך־בייגנדיקער געשטאַלט אין מונדיר, — דו שיטסט מיר זאַמד אין די אויגן"; ער האָט נאָך גערופן, ביז דאָס מויל איז אים געווען אָנגעפילט. דער פאָטער האָט נאָך דעם אַזוי לאַנג געריבן מיט דער האַנט זיין אויג, ביז עס איז מער נישט געווען.

ער האָט איצט אויפגעריסן דאָס אַנדערע אויג, דאָס געזונטע, מיטן טאָפּלטן בליק, און געוואָלט אַרומנעמען מיט אַ קרייז דעם חלל.

געווען אָבער אויך אַנדערע פאַלן: טייל טעכטער, אויפגעשטאַנענע פון די טאָלן, האָבן זיך אָנגעצויגן הויט אויף די ביינער, און זענען אַוועק איבערן ים. דאָרט האָבן זיי זיך גענומען מענער, וואָס האָבן נישט געקאָנט די לייבער פון וועלכע זיי האָבן זיך אויסגעבריט; זיי האָבן זיי נישט אויסגעזאָגט זייער אָפּשטאַם. דעם עבר זייערן האָבן זיי געהיטן, ווי אַ סוד אין זיך. נאָר אין די נעכט זענען זיי אין אים געשווומען, ווי אויפן דנאָ פון טיפע וואַסערן. אויף זייער הויט האָט אָנגעצויגן לייב. ביסלעכווייז האָבן זייערע קערפּערס אויפגעשפּראָצט מיט קנאָספּישער גלוסטיקייט; זיי האָבן זיך צעבליט נאָך די יאָרן צערונג. זייערע פרעמדע מענער האָבן פון זיי געשעפּט, געכלאָיעט, די שפּעס זאַפטן. זיי זענען פאַר זיי געוואָרן קוואַלן פון שכרות. אויך אַנדערע מענער פון אַרום האָבן געצויגן צו זייערע גופים. זיי זענען זיי דאָ נאָכגעגאַנגען אין די

פאַרנאַכטן, ווי לונאַטיקער. נישט איין מאָל, ווען זיי זענען אַליין געווען אין שטוב, האָבן זיי געשפּירט, ווי זייערע ווענט און טירן אין דרויסן זענען באַהאָנגען מיט פּרעמדע אויגן. זיי רייסן זיך צו זיי דורך. זיי זענען אָבער פול געווען מיט דער זעטיקייט פון האָבן משפּחה־נעסטן; און מיט דער מורא, זיי נישט צו פאַרלירן. זיי האָבן אויך געוווּסט, זיי מוזן זייערע גופים היטן, נישט פאַרשווענכטע, וואַכן ריין איבער דעם לעצטן צובונד צו די לייבער פון זייערע עלטערן, צו שווימען מיט זיי אין דעם דנאָ פון די נעכט. זיי האָבן דעמאָלט זייערע קערפּערס אַליין איינגעשלאָסן אין זייערע שטיבער. ווי פון האַרעמס זענען זיי פון זיי נישט אַרויס. אויך זייערע שויבן האָבן זיי פאַרהאָנגען מיט דיקע פאָרהאַנגען, כדי דורך זיי נישט דורכצוקוקן. די קוואַלן פון זייערע זאַפטן האָבן זיי אין די נעכט געעפנט בלויז פאַר זייערע מענער; זיך מיט זיי צו קוויקן. אין די טעג זענען זיי געבליבן געפאַנגענע ביי זיך אַליין; זיי האָבן געדרימלט. זיי פלעגן איצט אויך אין די טעג חלומען וועגן זייערע היימען. די בענקשאַפט האָט אין זיי געיויערט. אין שלאָף פלעגן זייערע לייבער אויפגיין; האָבן וואַרעם זיך אָנגעפילט מיט זיך אַליין, ביז — זיי זענען געוואָרן צעוואַקסענע, געשטאָפטע, זי׳ס אין הויז פון די מענער. זיי זענען געווען צופרידן. זיי האָבן געמיינט, איצט באַפרייט זיי, די שווערקייט — פון דער לאַסט פון זייערע לייבער: אַלע פרעמדע אויגן וועלן פון זיי זיך אַראָפּגליטשן. זיי האָבן אָבער באַלד באַנומען, אַז אויך די אויגן פון זייערע אייגענע מענער פאַלן פון זיי אָפּ. זייער גלאַנץ בליט איצט אין זיי בלויז ווי אַ קראַנקהייט. די בליקן, אויך פון זייערע מענער, הענגען זיך אָן אין די קערפּערס פון די טעכטער, געבוירן שוין נאָכן טאָל.

די בחורים ווידער, אַרויס פון טאָל, וואָס אין זייערע ביינער האָט געפלאַקערט די פאַרשעמונג פון זייערע פאַרשווונדענע שוועסטער און כלות — זענען אַוועק אינעם לאַנד פון די באַצווינגער, צו שטילן זייער פאַרצערנדיק פייער — אין די בעטן פון די דאָרטיקע טעכטער, די שוועסטער און מאַמעס פון די באַצווינגער. זיי האָבן זיי באַהערשט — איינע נאָך דער אַנדערער. זיי האָבן אָבער געוווּסט, אַז דורך קיין איינער פון זיי וועלן זיי קיין מאָל נישט דערגרייכן אַלע דאָ פון איר מין. שטענדיק איז זי געווען נאָר איינע. די אַנדערע, אירע שוועסטער, האָבן זיי דורך איר נישט פאַרשוועכט.

זיי, די פאַרבליבענע אין פלאַכלאַנד, דערשפּירנדיק איצט אין זיך דעם לויערער — זענען געווען, ווי קליינע, אונטערוואַקסענדיקע קינדער, וואָס דערוויסן זיך פלוצעם, אַז מען מוז ווען שטאַרבן; אַלץ ענדיקט זיך; זיי זוכן פיבערדיק אַ וועג, ווי צו פּרווון אַנטרינען. די וועלט איז פאַר זיי מיט אַ מאָל אַ שטייג, אָן אַן עפענונג.

ווי קינדער זענען זיי איצט אין די אָוונטן געשטאַנען אין זייערע בייע שטובן פאַר די ראַדיאָ־קעסטלעך; זיי הערן די בייעס וועגן קאַטאַסטראָפעס אויף די וועגן, אין דער לופט; ערגעץ אויף ווייטע פּראָנטן פאַלן מענטשן. עס לאָקערט. זיי האָבן געוואָלט ווידער לויפן שנעל, זיך שפּרייטן אויף די אָפענע פעלדער.

עס האָבן ביז היינט אויך נישט געהאַט זיך צוריקגעקערט די שטאַפּעטן, וואָס האָבן פון לאָדזש זיך אַרויסגעלאָזט, צוזאַמען מיט ש. איבער די וועגן. מען האָט מורא געהאַט, זיי האָבן מער זיך נישט אַרויסגעפּלאָנטערט. די נעצן אַרום זיי האָבן זיך פאַרצויגן. אַ לאַנגע האַנט פון דער ווייט האָט זיי אַרויסגעפאַנגען מיט ווענדקעס.

געווען אויך רעטזלהאַפטע פאַלן: נאָך דעם גײעג פון טאָל אָן, ווען זיי זענען געהאַט צוגעקומען צו אַ ווייט רואָרט — האָט דער אין זיי פּלוצעם אָנגעקלאַפּט מיט די פינגער אין זייערע אינעווייניקסטע גוף־ווענטלעך. ער איז זיי נישט באַפאַלן; ער האָט זיי נאָר אָנגעזאָגט, אַז ער איז דאָ. ער האָט צייט. זיי דאַרפן בלויז זיך הינטער־איילן. אין אָנהייב האָבן זיי געמיינט, ס'איז בלויז אַ שפּאַס, ווייל — זיי הייבן דאָך ערשט אָן. הינטער זיי האָבן זיי גאָרנישט. אַלץ פאָרויס וואָרט. דערשטויגטע האָבן זיי אָבער דערשפּירט, ווי ער שטעקט זיי אַרויס פון די וואָרצלען ווייס־פּראָסטיקע האָר, ווי קאַלטע נאָדלען. ער שרומפּט אויך אינעווייניק אַריין די שטייפקייט פון זייער לייב. ער ציט זי איין. די הויט אין דרויסן קנייטשט זיך. צו ערשט האָבן זיי זיך געוועוערט. זיי האָבן געריסן, ווי אָפּפאַל, די פּראָסטיקע סימנים; געצופּט די פּרעמד־האַרטלעכע הערלעך. זיי האָבן געפּוצט ביז גלאַנץ די שטייפקייט פון זייער גוף; געפּאַטשט איבער דער ווייכקייט, זי ראָזלעך אויפצוהאַרטעווען. ער, אינעווייניק, האָט נישט געענטפערט. איז ווייטער געזעסן שטיל, נאָר — ווי ער וואָלט אין זיי געהאַלטן אַ שירעם, האָט ער נישט אויפגעהערט כסדר מער אים איינצוציען צו זיך.

אַזוי מיט די פרויען, און אַזוי מיט די מענער. זיי פלעגן דערנאָך צו אים אַריינטענהן, שוין מיט גוטנס, אַז אייגנטלעך — נישט זיי, נאָר ער; ער מאַכט דעם טעות. דער חשבון זיינער איז אַ פאַלשער, ווייל: ערשט נעכטן, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן, זענען זיי געווען נאָך קינדער. די יאָרן אין מיטן האָט מען זיי דורכגעיאָגט איילנדיק; זיי זענען געלאָפן מיט פאַרבונדענע אויגן. זיי האָבן גאָר נישט געזען אַרום זיך. אויך שפּעטער, ווען מען האָט פון פאַר זייערע אויגן אַראָפּגענומען די טיכלעך — זענען זיי געבליבן פאַרבלענדט, מיט געשטרעקטע הענט אויף פאָרויס. לאַנג האָט געדויערט, ביז זיי האָבן צעעפנט די אויגן. אָט ערשט האָבן זיי דערגרייכט אַ מאַן, אַ פרוי, אָט האָבן זיי געבוירן קינדער, און זענען דערגאַנגען אַהער, און אָט האָבן זיי אַריינגעשטעלט אַ פוס אין דער דירה. זיי דאַרפן ערשט אָנהייבן, צענעמען די הענט, כאַפּן זיך ווו זיי זענען — — —

אַזוי טאַקע האָט צו אים געטענהט גיטעלע. זי האָט נישט געוווּסט, די צייט אין צווישן ווערט פאַררעכנט. ווען זי איז געפלאָסן — איז זי דאָך מיט איר נישט מיט; אין איר צייט איז געווען אַ לאָך. זי האָט געמיינט, מען דאַרף אים אויסטיילן, דעם לאָך, און אין דער מיטן צוריק באַהעפטן צוזאַמען דעם אָפּגעשניטענעם עק פון פריער, און דעם, וועלכן זי האָט קוים אָנגעכאַפּט דאָ. אַזוי האָט זי געטראַכט. זי האָט מיט אַ מאָל אָבער דערשפּירט דעם פרעמדן שמייכל, וואָס קייקלט זיך איר אין די געדערעם, ביז אַראָפּ. ער דרייט זי אויס. אַ פעסטער עלנבויגן האָט אינעווייניק מיט כוח זי געבויגן צו דער ערד. זי האָט אַ ווילדע געוואָלט אויפשרייען, נאָר פון פאַרקריצטן ווייטיק האָט איר זיך אָפּגעהאַקט דאָס קול. זי האָט פּלוצעם דערזען, זי איז אין דער זעלביקער רייע, פון וועלכער זי איז פון אָנהייב געהאַט אַרויסגעפאַלן. מען האָט זי אַריינגעטריבן, אָנצויאָגן איר אָרט. צו ערשט איז אַרום איר געווען לויז. זי איז אין איר רייע געגאַנגען אַ פאַריאושטע, דאָרט, ווו ער האָט איר געוויזן מיטן פינגער. זי האָט נאָר געהאָפּט, דער געגאַנג וועט אַזוי זיך ציען לאַנג, לאַנג. ער וועט זיך נישט אָפּשטעלן.

די רייע אַרום איר האָט אָבער באַלד זיך אָנגעפילט. גיך האָט זי דערזען אַרום

זיך די אַלע וואָס זענען, גלייך ווי זי, אין איר צוריק אַריינגעוואָרפן געוואָרן. אָט נישט ווייט איז געגאַנגען מיכל סאַפּירס דערוואַקסן יינגל, וואָס איז אַרויס איינער אַליין פון גרוב פול מיט אָפּגעשטאַנענע, ווי פיש. זינט דעמאָלט האָט זי אים נישט געזען. איצט האָט זי אים געטראָפן מיט אַ ברייט־נאַקעטן קאָפּ, אַרומגעזיימט מיט קורצע גרויע הערלעך. ער האָט גערעדט מיט אַ נידעריק הייזעריקלעך קול. די וואָס האָבן אים געדענקט פון לאַדזש, האָבן אַלץ גערעדט צו אים, ווי צו אַ דערוואַקסן יינגל. אויך אין אים איז געווען די ליידיקייט פון דער צייט אין מיטן; ער האָט נישט געקאָנט צוזאַמענבאַהעפטן די יאָרן פון פאַרן גרוב — מיט די טעג דאָ — פון דער אַנדערער זייט. ער האָט אויך נישט געהאַט וועמען וועגן דעם צו פרעגן. ער האָט אַלץ געקוקט מיט אַ געמרוזשעט־פאַרחידושטן בליק.

זיי אַלע האָבן, פאַרוווּנדערטע, נישט פאַרשטאַנען, וואָס זיי זענען נישט אין די פרישע רייען, פון די וואָס עס שטייט נאָך פאַר זיי אַ ווייטער וועג.

עס זענען דאָ אויך געגאַנגען אין די זעלביקע רייען, די ביי־געזאַלבטע פירער פון לאַדזש — זיי און זייערע תלמידים; די וואָס האָבן אין די נעכט דאָרט געוועקט די שטאָקן; אויך די וואָס האָבן אין אַמסטערדאַם זיך געזאַמלט אין יידישן מוזעום. זיי האָבן איצט אויסגעלאָשן די לעצטע פּלעמלעך אין זיך; זיי זאָלן דורך זייערע אויגן פון זיי נישט אַרויסלייכטן. זיי האָבן אויך מער נישט געשטאַמלט פון די ברענענדיקע קוילן אונטער זייערע גומנס. זיי האָבן דערווייל געשלאָסן די אסיפות, ווייל צופיל שטראָמען לופט האָבן זיך אַריינגעריסן אין די זאַלן און פאַרהאַקט דעם אָטעם. זיי האָבן געוואָלט מאַכן אַראָפּנידערן ביז דער ערד די טורעמס, וואָס זיי האָבן געבויט אַרויף צום הימל. אַ סך האָבן אויסגעלופטערט פון זיך די חכמה און די לערע פון זייערע יאָרן; געוואָלט אַרויסשניידן זי פון זיך, ווי אַ פרעמדן גליד. עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. זי האָט געשטעקט אין זיי, ווי אַן אָנוווּקס, פאַרוואָרצלט אין קערפּער.

זיי זענען איצט געגאַנגען אַלע אין די רייען, איינגעצויגן די קעפּ אין די אַקסלען, מען זאָל זיי נישט אַרויסזען; זיי האָבן מורא געהאַט צו קוקן פאַר זיך.

אַ סך האָבן איצט אַליין אָנגעיאָגט די רייע; פאַרסאַפּעטע זענען זיי אַריין אין איר. די מאַרשירנדיקע האָבן פון דער ווייטנס אויסגעזען, ווי אַ וואַלד מיט שטייענדיקע דעמבעס, וואָס רוקט זיך פאָרויס. די שטאַמען זענען ביי זיי אונטערגעשניטן. ווערלנדיק ווידער צוגעוואַקסן ווערן אונטער זיך — באַהעפטן זיי זיך אויפן וועג, אין געגאַנג; זיי לאָזן וואָרצלען איינער אין אַנדערן; נייע צווייגן זאָלן פון זיי אַרויסשלאָגן.

און אָט אַזוי, גייענדיק אויפן וועג, ווען נייע בליונגען האָבן ענדלעך פון זיי אַרויסגעשפּראָצט; עס האָט זיי געדאַכט, דער שניט אונטער זיי ווערט פאַראייניקט — האָבן זיי ווידער דערשפּירט די זעג. זי שניידט זיי אונטער. זיי וועלן נישט דערגיין; זיי וועלן פאַלן פאַר די שוועלן.

אַנדערע ווידער האָבן זיי פאַרגליכן צו שאָף, וואָס מען פירט צונויפגעטוליעט פאַר נאַכט אַריין אין טויער. זיי זענען אינעווייניק אַרומגענומען מיט הויכע געמויערטע ווענט. אייבע רינגלט אַרום די אַנדערע. די ערשטע מויער האַרט פאַר זייערע קעפּ —

איז איינגעפאַלן, אַראָפּ; פּלוצעם זענען זיי שטיינגעבליבן פאַר דער אַנדערער מויער, דער דרויסנדיקער. זיי זענען ווידער אַרומגעגנומען.

איך בין געגאַנגען — אָט מיט די שאָף, וואָס שטייען, ווי בלינדע מיט די קעפּ פאַר דער הויכער מויער, און — אָט מיט די אונטערגעזעגטע דעמבעס, וואָס קרייזן אַרום. און דאָ איז פאַרגעקומען אַזאַ שמועס צווישן אַן אונטערגעזעגטן בוים, און — אַן אָנגעטראָפּענעם, פאַרוואָרצלטן דעמב, וואָס האָט פון אָרט אונטער זיך קיין מאָל זיך נישט גערירט.

דער פאַרוואָרצלטער דעמב: אייך, די אַרומקרייזער איבער אַלע טאָלן און ברייטקייטן, איז מקנא צו זיין. איר זאַפּט איין אין זיך דאָס ליכט און די קולות פון אַלע פלאַכן און הויכן. דער גאַנצער חלל איז אין אייך געשפּיגלט און געחתמעט. מיר, באַהאָפטענע צו אונדזערע פיר איילן, הערן נישט אויף בענקען צו די פאַרבן און דעם שפּיגל פון די ווייטקייטן.

דער אַרומקרייזער: אויך מיר — גייען און בלייבן תמיד אויף דעם איינעם אָרט. די ערד רוקט אונטער אונדז זיך מיט. אָן די וואָרצלען האָבן מיר נישט קיין זאַפּטן. עס טריפט פון אונדז אַרויס אונדזער ליכט. דעם שפּיגל גייען מיר בלויז פאַרביי. איר, אין איינוואָרצל, זענט פול מיטן ליכט און דער נאַכט פון אומעטום.

ד״ר שטיינער האָט געהאַט פאַרענדיקט דעם ערשטן טייל פון זיין פאָרשאַרבעט איבער די קראַנקע פון טאָל, געבראַכטע אויפן באַרג. עס זענען אים געבליבן בלויז עטלעכע פאַלן, וועלכע ער האָט נישט געקאָנט אַריינפּאַסן אין זיינע רעזומעס; אַ שטייגער, ווי עס האָט אַ קיום דער זקן מיטן שניט אין האַלדז, וועלכער לעבט און עסט נישט; פאַר וואָס גראָד דאָס חונדל אברהמעלע, דאָס אייביקע ייִנגעלע, איז זיין יורש; צי וועט ער ווען מיט אַ מאָל ווערן דער זקן. ער האָט אויך אָפּגעהאַלטן מערערע סעאַנסן מיט דעם שפּילצייג־סוחר; געוואָלט פון אים זיך דערוויסן, ווי עס שטעלט זיך איין די מנוחה אין גוף — פון איינעם, וואָס האָט אויסגעליידיקט אַנדערע גופים פון לעבן; צי איז דאָס נישט דער סוד פון זיין קראַנקייט. ער האָט געזען, אַז דער שפּילצייג־סוחר האָט נאָך נישט קיין צייט צו מאַכן זיין חשבון מיט זיך; ער איז נאָך אַלץ פאַרנומען מיט פירן די ענינים פון פאַרפום־באָד. ער פאַרשטייט נישט דעם דאָקטערס פראַגעס.

ד״ר שטיינער האָט לסוף אויסגעפונען, אַז דער פאָרשער פון קרבן — קאָן נישט זיין אויך דער פאָרשער פון זיינע אומברענגער; יעדער דאָקטער מוז זיך אָנזאַפּן מיט דער קראַנקייט פון זיין חולה. צו היילן די טאָל־שומרים מוז מען האָבן אַן אַנדער רופא. ער האָט נישט פאַרשטאַנען, ווי פּראָפ. ראַליער מיט זיינע אַסיסטענטן לייגן זיי אַלע — אונטער דער זעלביקער זון פון לעיזען.

ד״ר שטיינער האָט אויך געפּרווט אַרויסרופן צו זיך דעם באַס מיטן פאַרוואַק־סענעם פּנים, ווי ביי אַ קרעט; דער, וואָס פון זיינע פּיס האָבן זיך געשפּירט די טאָלרויכן. גאַנצע אַנקעטע־בויגנס האָט ער אויסגעפּילט. ער האָט געלייקנט, אַז ער איז געווען פון די קוימענהייצערס; אַ סימן — עס טאָן אים וויי די רויכן;

זיי ווילן פון אים נישט אַרויס. ער האָט געוויזן, ער איז געמלעט. ער האָט געוואָלט צושטעלן עדות, נאָר פון זיין טאָל איז בלויז ער איינער אַרויס. ער האָט זיך געקלאָגט, וואָס אַלע קומען צו לייבלען — אויך דער מישלינג, נאָר ער אַליין קאָן צו אים נישט גרייכן. מען לאָזט אים נישט צו. דער דאָקטער האָט נישט געוווּסט, צו וועלכן פאָרשער עס געהערט זיין פאַל. ער האָט געפּרוּווט רעדן מיט לייבלען; ער זאָל אים רופן צו זיך און דערשמעקן דעם ריח פון זיינע רויכן — צו וועמענס לייב זיי געהערן. לייבל האָט געענטפערט, אַז אַלע רויכן ברענען אים אין די אויגן; נישט ער קאָן משפּטן. זיין רחמנות האָט זיך געריסן צו אים נאָך שטאַרקער, ווייל — מעגלעך, מען טאָר אויף אים קיין רחמנות נישט האָבן.

דער געבויגענער זקן האָט געזאָגט, אַז דעם באַס קאָן קיינער נישט משפּטן. ער מוז מיט זיין דין זיך טראָגן, ביז ער וועט געבראַכט ווערן פאַרן אייביקן שופט. קיין ערי מקלט זענען היינט נישטאָ.

ד״ר שטיינער האָט אויך געעפנט אַקטנטאַשן פון די אַלע פאַלן אין פּלאַכלאַנד — פון די געפאַלענע אין די ווייטקייטן, פאַר וויסן דעם סוד; און די אַריינגעטריבענע אין די רייען, וואָס מאַרשירן איבער די וועגן.

ביי נאַכט, אין דער שטילקייט פון לעיזען, האָט מען איצט געהערט דעם באַס, אַראָפּזינגען פון דעם שפּיץ באַרג.

„אלי, אלי למה עזבתני?״.

זיין זיס־מענלעכע שטימע האָט זיך געטראָגן אין דער נאַכט־ליידיקייט. מען האָט זי געהערט אין אַלע קליניקס.

די קראַנקע פון די טאָלן האָבן אין שלאָף זיך פאַרשטאָפּט די אויערן. עס האָט אין זיי אויפגעהילכט דאָס דאָזיקע געזאַנג פון מויל פון די געטריבענע אויף אַלע וועגן, און אויף די טאָלשטעגן, ביזן אַריין אין די טירן פון די גאַזקאַמערן. דאָס איז געווען יעדנס לעצטע תפילה צו זיין באַשעפער. זי איז מיט זיי נישט אַריין; זי איז געבליבן אין דרויסן; נישט אויפגעגאַנגען; זי איז געפאַלן איבער דער ערד. די הייצער און טאָל־שומרים האָבן זי אויפגעקליבן.

דער באַס האָט געזאָגט דעם ד״ר שטיינער, אַז זיין גורל איז ערגער פון דעם גורל פון אַלע אויפן באַרג. תמיד וועט ער זיך דרייען נע ונד איבער דער ערד.

אין איינעם אַ טאָג איז ער פאַרשווּנדן, דער באַס, פון לעיזען. קיינער האָט נישט געוווּסט, ווו ער איז אַהינגעקומען. מער האָט מען פון אים נישט געהערט. מען האָט זיין נאָמען אויך מער נישט דערמאָנט.

נאָך אין דער זעלביקער וואָך האָט ד״ר שטיינער געשיקט אַ בריוו צו ש.ינען:

„טייערער,

„אייער מי איז אַן איבעריקע. אייערע זכרונות וועלן קיין מאָל נישט לייענען דער שפּילצייג־סוחר און זיינע חברים. זיי וועלן פון זיי נישט לערנען — נישט זיי און נישט די דורות זייערע נאָך זיי, די צוקונפטיקע טאָל־שומרים. זיי וועלן זיין פאַרנומען און זיי נישט פאַרשטיין. די וועלט וועט זיין אויסגעלייזט, ערשט ווען זיי אַליין וועלן נעמען שרייבן זכרונות, און נישט דער קרבן. זיי שרייבן אָבער נישט. ווען זיי וועלן שרייבן — וועלן זיי ווערן אויס טאָל־קלעטערער. שרייבן הייסט — פאַרשטיין. מיר קענען אויך נישט דעם קרבן — כל זמן בלויז ער דערציילט וועגן זיך. עס פעלט דער בליק אויף אים פון זיין שומר. ער האָט דער לעצטער אים געזען.

מיר מוזן נאָך הערן פון אים, וועגן לעצטן צאַפּל פון קרבנס גוף. ערשט ווען ער וועט שרייבן — וועט ער אים פאַרשטיין, זיין קרבן. פאַרשטיין הייסט, דערשפּירן — אים, און זיין צער. ערשט ווען דאָס וועט געשען — וועט ער ווערן, ווי קין. ער וועט באַקומען זיין צייכן, קיינער וועט צו אים זיך נישט צורירן".

אויך ד"ר שטיינער האָט איצט געוואָלט שרייבן, אָבער נישט קיין זכרונות. ער האָט געוואָלט, דער מעדיצינער, שרייבן קעגן דעם יידישן זכרון. ווען יידן וועלן זיך פון אים באַפרייען, וועלן זיי ווערן געזונט. נאָך זיינע אַלע אונטערזוכונגען איז ער געקומען צום אויספיר, אַז דאָס שרייבן זכרונות דאַרף איבערגיין פון קרבן צום אומברענגער. מיט זיין שרייבן פאַרשטייט דער קרבן, נישט בלויז זיך, נאָר אויך דעם אומברענגער; פאַרשטיין הייסט — מוחל זיין. ווען דער אומברענגער אַליין וועט שרייבן זכרונות, און דער קרבן נישט — וועלן זיי ביידע גענעזן ווערן. די היילונג פון קרבן באַשטייט אין דעם, ער זאָל אויפהערן וויסן, ער איז דער קרבן. ד"ר שטיינער האָט די לעצטע צייט אויך אונטערזוכט דאָס יידישע ספר. ער האָט דערזען פאַר זיך אַ געשפּרייטע נעץ אין וועלכער יידן זענען געפאַנגען. דאָס איז נישט קיין ספר, געשריבן יעדעס פאַר זיך, ווי ביי די אומות העולם, נאָר זיי זענען פאַרוועבט און פאַרשפּינט, די יידישע ספרים, אין זיך — איינס אין אַנדערן. זיי זענען וועגווייזערס — פון ספר צו ספר, פון דור צו דור. יעדעס יידישע ספר ווייזט דיר מיט אַ פינגער צו אַן אַנדער ספר — צו אַן אַנדער תקופה: „קוק דאָרט", „זע דאָ". אַזוי — פון איינעם צום אַנדערן. אין יעדן בלעטל ווערסטו פאַרבינדן מיטן עבר; לויפסט איבער יאָרהונדערטער און טויזנטער און אויך אויף פאָרויס ביזן אחרית הימים. דער ייד צאַפּלט אין דער נעץ און קאָן מער פון איר נישט אַרויס. דערמיט ווערט ער אָפּגעזונדערט פון די פעלקער; דערפון זיין קראַנקייט. דער דאָקטער האָט אין זיין מעדיציניש ווערק וועגן יידן געוואָלט אָנווייזן, אַז די רפואה איז אין דעם: דער קרבן זאָל זיך אויסלייזן פון זיין זכרון, און אַנשטאָט אים, זאָל ער, דער אומברענגער, זיך אויסוועבן אַן אייגענע דורותדיקע ספרים־נעץ, פאַרשפּינט איין זכרון אין אַנדערן. אין די ספרים זאָלן זיין פאַרשריבן זיינע מעשים איבער לענדער און תקופות.

במקום פון ש.ינען, האָט דער דאָקטער באַקומען אַ תשובה פון לייבלען:

„טייערער דאָקטער,

„אייער רעצעפּט איז נישט קיין בייער. נאָך מיט טויזנטער יאָרן צוריק האָט דער רבונו של עולם זיך אַרומגעטראָגן מיט דער תורה צווישן כל אומה ולשון. קיינער האָט זי נישט געוואָלט אָננעמען, נאָר מיר. מיר האָבן זי אָנגענומען, און זענען אויך איצט נישט גרייט זי אַוועקצוגעבן".

אין יענע טעג האָבן די קראַנקע פון טאָל דערפילט, דער פרילינג וועקט זיך אין זייערע ביינער; פרישע זאַפטן קוועלן אין זייער לייב, און זייערע פיס נעמען זיך אָנפילן מיט כוח; זיי זענען אָבער, ווי קראַנקע בלומען, מיט פאַרסמטע שטענגלעך, וואָס בליען־אויף פריש, נאָר נישט אויף לאַנג; ערגעץ איבעווייניק אין זיי יויערט שוין דאָס וועלקן; עס בייגט זיי און ציט זיי צוריק די קעפּלעך אַראָפּ. זיי האָבן געשפּירט אין זייערע גופים, די דערשראָקענע לויזע שטראָמען, וואָס זוכן אין זיי

ווינקלען, ווו זיך צו באַהאַלטן, צו זעצן זיך. עס איז זיי באַפאַלן דער פחד פאַרן אויפשטיין, אַראָפּ פון בעט. לייבל האָט אָבער צוזאַמען מיט דעם פאַרנומען אין זיך דעם אומרו פון דער נייער שליחות, וואָס רופט אים און לאָזט אים מער נישט איינליגן. ער האָט געוווּסט, ער מוז זיך שטאַרקן, קומען צווישן די מענטשן, זיי מונטערן, און אַרויסוועקן פון דער גלייכגילטיקייט אין וועלכער זיי זינקען. אַנדערש — דראָט זיי די סכנה — דאָ, אויפן באַרג אויף שטענדיק שוין פאַרפאַלן צו ווערן. פיל פון זיי ציט, דאָ צו פאַרבלייבן אין זייער רו, מען זאָל אין זיי פאַרגעסן.

קיינער פון זיי האָט דאָס נישט אַרויסגערעדט, אָבער אין זייערע אברים האָט זי זיך געזעצט, די פוילקייט, וואָס האָט שווער צוריקגעצויגן זייערע גופים אין די בעטן אַריין. דאָס פלאַכלאַנד אונטן האָט זיי אויסגעזען, ווי אַן אומענדלעכער מענטשן־ים, ווו נישט יעדער קאָן שווימען; אין דעם פאַרמעסט, פאַרשווענקט דער שטאַרקער אַרום זיך די מידע, די שוואַכע; זיי קאָנען זיך נישט האַלטן פון אויבן.

אויך ער אַליין, לייבל, איז איצט יעדן טאָג, ביים אויפשטעלן אים, אויף דעם דיל, געבליבן שטיין, ווי אַ מאַנעקין. ער האָט ביז איצט אים געקענט, דעם אַרום — פון זיין ליגנדיקן, אויסגעצויגענעם בליק. שטייענדיק האָט ער אים נישט געקאָנט אַרומנעמען. זשאַנין איז יעדן פאַרנאַכט געקומען, האָט אים געוויקלט די פיס און אים זיי אַראָפּגעלאָזט אונטן. פון ביידע זייטן האָבן זיי, זי און אסתרקע, אים אונטער־געהויבן, און אים געשטעלט אויף די צוויי דינע, ברוינע, פיס. דער גוף האָט וואַקלענדיק אים זיך געצויגן צוריק אַרויף אויפן בעט. ס'האָט אים געדאַכט, דער דיל אונטן איז פון גלאָז. ער האָט אָפּגעאָטעמט, ווען מען האָט אים ווידער אויסגע־שפּרייט אויפן גאַנצן גוף.

ער האָט, לייבל, אויך זיך געשעמט צו זיין פון די ערשטע צווישן די טאָל־קראַנקע, וואָס פאַרלאָזן דאָס בעט. שוין דריי יאָר זענען אַדורך זינט ער איז אין לאָדזש אַריין אין דעם גיפסענעם „גולם”, און זיי האָבן אים אויסגעזען, ווי דער עיקר פון זיינע יאָרן. ער האָט געדענקט, ס'בלייבן נאָך ליגן אין די בעטן — די צוויי רויטהאָריקע מיידעלעך, דער צווילינג; עדיט פון די קאַרפּאַטן־בערג; די פאַרטיזאַנערין דאַניאַ און די פיל אַנדערע. ער האָט, ביים שטיין אויף די פיס, זיך געשפּירט, ווי אַ בוגד, ווי אַ קאָמאַנדיר, וואָס פאַרלאָזט זיין פליענדיקע שיף אין מיטן, אין דער לופט, בעת זי האָט זיך אָנגעשטויסן אין אַ באַרג. ער האָט מורא געהאַט, די ידיעה זאָל נישט דערגיין צו זיי. ער וואָלט ליבערשט געבליבן דאָ, ביז ער וועט זיין דער לעצטער, נאָר ער האָט עס זיך געשעמט צו זאָגן אסתרקען.

ער האָט געטראַכט, קומען צו זיי, זיך פאַרענטפערן; צוגעווינען זיי אים צו זען אַ שטייענדיקן, אַ זיך־באַוועגלעכן.

אויך אסתרקע האָט געוווּסט, אַז לייבל וואָלט בעסער נאָך געבליבן אין בעט; ס'איז דאָ אים וואַרעמער, ווייכער, נאָר ער געדענקט, ער האָט מיט זיין קראַנקייט, איר לעבן אַראָפּגעפירט אַהער, אויף די זייטיקע רעלסן. איצט וויל ער ווידער זי אַרויספירן. ער איז אָבער געליימט. די לופט דאָ, אויפן באַרג, האָט זיי אַלע, אויך זי, איינגעליימט אין זיך. אויך זי האָט זיך געשעמט צו ווייזן פאַר די אַנדערע קראַנקע, ווי זי און לייבל וואָלטן געווען פאַרטאָן אין אַ פאַרשווערונג.

יעדן פּאַרנאַכט, צו דער זעלביקער צייט — פיר אַ זייגער, נאָכן „סילאַנס״־שלאָף פון ביי טאָג — האָט זשאַנין זיך צוגעשטעלט אין זיין צימער מיטן קיילעכדיקן קלונגזייגער אין דער האַנט. זי האָט אים אויפגעשטעלט אויף די פיס — יעדעס מאָל מיט אַ מינוט מער. נאָך אַ וואָך צייט — איז ער שוין געשטאַנען אַכט מינוט. זי האָט אים אַזוי געלאָזט — אַן אומבאַוועגלעכן, ווי אַ סטאַטוע. גיסט זי איין שאַקל — פאַלט זי — גלייך איבערן בעט אַריבער. ער איז געשטאַנען צווישן די קוליעס — מיט אַ שווינדלענדיקער זון־לויטערקייט פאַר די אויגן. עס האָט אים לייכט געקלאַפּט, איןביידע זייטן, פאַר די שלייפן. צו מאָל איז עס געשען אויף דער ווערענדע. אין די קוליעס איז ער געבליבן שטיין, ווי אַ סטראַשידלע, צווישן די בעטן.

אסתרקען האָט זיך געדאַכט, ער איז איצט קלענער, ווי פריער. זיין גוף וואַקסט אַראָפּ ; בלויז די האָר זענען אים צעשויבערטער ; זיי שטייען העכער. זי האָט זיך צו אים צוגעשטעלט. זיי האָבן ווידער ביידע צו זיך געפּאַסט. ער האָט אַוועקגעוואָרפן פון זיך די קוליע — צווישן איר און אים. ער האָט די האַנט פאַרלייגט אַרום איר. ער האָט געוווסט, זי איז אָנגעברייט פאַר אים פאַר דעם לאַנגן, לאַנגן דויער. אַלץ שטייט נאָך — פאַר זיי.

פּלוצעם האָט ער גענומען שטעלן טריט, ווי ער וואָלט געלאָפן. אסתרקע האָט אויסגעשריגן :

— ער גייט !

נאָך אַ חודש האָט ער שוין געמעגט גיין דרייסיק מינוט. פּראָפ. ראַליער האָט געזאָגט, אַז מען קאָן אַזוי אים שוין אַראָפּפירן אויך אין גאַס, אָנגעלענט אויף די קוליעס, אָבער — דערווייל אויפהאַלטן די האַלבע שעה — נישט פאַרלענגערן זי.

זשאַנין האָט אים איצט יעדן טאָג אָנגעטאָן די מלבושים אין בעט. ער איז געלעגן ; זי האָט אים אריינגעלאָזט די הענט אין די אַרבל ; די פיס — אין די הויזן ; זי האָט אים איבערגעקאָלערט פון זייט אויף זייט ; די קליידער — פאַרקנעפּלט ; מיט אירע הענט זיי אויסגעגלעט אויף אים. זי האָט אים אונטערגעהויבן דעם קאָפּ ; אַרויפגעצויגן אים אויפן האַלדז אַ קראַוואַט ; פאַרקעמט די האָר, געווישט אים מיט אַ פייכט־וואַרעם האַנטעך דאָס פּנים. זי האָט, אַן אויסגעצויגענעם, אים אָנגעטאָן די שיך. ער איז געלעגן, ווי אַ קריסטלעכער מת, אין אַ נייעם שטייפן אָנצוג. באַלד האָט זי אים אַרומגעלייגט מיט די קוליעס ; אַ קוועטש־געטאָן ביי אַ קנעפּל, און — דאָס בעט האָט אויטאָמאַטיש מיט אים זיך אויפגעשטעלט. ער איז געבליבן צווישן די קוליעס — אַן אַרויסגעשטעלטער.

ער האָט גענומען שטעלן די טריט. אָט אַזוי :

— איינס, צוויי !

— צוויי, דריי !

אסתרקע איז געגאַנגען פאָרויס און האָט צעעפנט די טירן.

יעדן טאָג האָט ער איצט זיך אַוועקגעלאָזט צו אַן אַנדערן. קודם, איז ער געגאַנגען, אויף די נייע שיך, צו דער קינדערלאָזער אלמנה. ער האָט זי מיט זיך גענומען צום רויטהאָריקן צווילינג. אויפן וועג האָט ער זי צוגערעדט, זי זאָל אַדאָפּטירן די צוויי שוועסטערלעך, זיי נעמען צו זיך. זי וועט זיין צו זיי אַ מאַמע, און זיי וועלן ווערן אירע קינדער. איצט דאַרף זי בלויז אָנהייבן קומען צו זיי יעדן טאָג ; זיי

צו זיך צוגעוווינען. ער האָט געזאָגט, אַז זי וועט קאָנען זיי דערציילן וועגן איר פאַרשניטענעם בן־יחיד, ביז ער וועט אין זיי אַריין; זיי וועלן ווערן זיינע שוועסטערלעך.

באַלד איז זי צו זיי געקומען מיט לייבלען און אסתרקען. די קינדער זענען לוסטיקע אויפגעשפרונגען אין די בעטן. אויף די פולכנע העלדזולעך האָבן בײַ זיי זיך געוואָרפן די קייטעלעך מיט די צוויי פערל. זיי האָבן אַ רגע נישט דערקענט לייבלען. פריער האָבן זיי אים געזען, אַ לויזן, אין טראָגבעטל. איצט איז ער פאַר זיי געשטאַנען, אַ שטייפער, אַ לאַנגער. עס האָט זיי געדאַכט, ער דערלאַנגט, מיט די האָר ביזן סופיט. ערשט ווען ער האָט זיך אַוועקגעזעצט פאַר זייערע בעטן, האָבן זיי אים דערקענט. זיי האָבן געבעטן, ער זאָל ווייטער זיי דערציילן דאָס מעשהלע וועגן יענעם לאַנד, דער רעפובליק, ווו אַלע וועלן מיר זיין שוועסטער און ברידער. זיי האָבן געפרעגט, צי ס׳איז טאַקע דאָ אַזאַ לאַנד. לייבל האָט דערציילט, אַז דער מאַן פון דער בלאָנדער פרוי מיט די גרויע זילבער־אויגן איז שוין אויף די וועגן; ער ציט אַהין. אַלע וועלן מיר אים נאָך.

די קינדערלאָזע אלמנה האָט געצויגן פון איר לעדערנעם טאַש די פאָטאָס פון איר בן־יחידל. זי האָט זיי געוויזן. זי האָט געפרעגט, צי זיי ווילן אים פאַר אַ ברודערל.

אין דער זעלביקער וואָך, ווען אויף די ווערענדעס האָבן זיך געלופטערט אַ סך ליידיקע בעטן נאָך קראַנקע, וואָס האָבן פאַרלאָזט דעם באַרג, האָבן די פון טאָל פלוצעם זיך געכאַפּט, אַז זיי זענען נישט לויז; זיי זענען מיט אַ לאַנגער שנור, וואָס גייט אַרויס פון זייערע נאָפּלען, צוגעבונדן צו די בעטן; אויך ווען זיי אַנטלויפן — קאָנען זיי ווייט נישט גרייכן. עס האָלט זיי. די יונגע פרוי מיט די גרויע זילבער־אויגן, וואָס איר מאַן ציט אויף די וועגן, איז צו ערשט געווען צוגעבונדן, דורך דער נאָפּלשנור פון איר יינגעלע, דעם קריפּל, צו זיין בעטעלע אין שפּיטאָל. איצט, ווען דאָס יינגעלע האָט אויפגעהערט זיין להכעיס־קאַמף מיטן אָטעמל; ער האָט זיך איינגעשטילט, און זי האָט זיך געגרייט אין די ווייטערדיקע טעג אַליין צו לאָזן אין די פּוסטריט פון איר מאַן — האָט פּראָפּ. ראַליער אויסגעפונען דעם פיבער, וואָס האָט פלוצעם אויפגעפלאַמט אין איר לייב. ער האָט רויטלעך אַרויס־געקוקט פון אירע אויגן. דער פּראָפעסאָר מיט זיינע אַסיסטענטן האָבן געזאָגט, אַז אַלע וועגן האָבן זיך אַוועקגעשיילט פון פאַר אירע פיס. אויך די ערד האָט זיך אַראָפּגעלאָזט. זי וועט אירע טריט נישט קאָנען שטעלן. ד״ר שטיינער, וואָס האָט געפאַרשט איר קראַנקייט, האָט געהאַלטן, אַז יעדער פרעמדער; אַ געזונטער, וואָס קומט אַרויף אויפן באַרג, ער דערנענטערט זיך — מוז דאָ טראָגן זיין שטראָף. ער האָט זיך געשראָקן אויך פאַר אסתרקען. ער האָט געגלייבט, אַז די קראַנקייטן, וואָס האָבן פאַרלאָזט די גופים פון די אויסגעהיילטע, זענען אין איר אַריין.

אין אַן אויטאָ האָט מען, אַ ליגנדיקע, זי אַראָפּגעפירט אונטן אין דעם שפּיטאָל פון לאָזאַן. ווידער האָט זי באַגלייט איר שכן, דער טויבער מוזיקער, וואָס האָט אַלץ נישט אויפגעהערט שפּילן אין די נעכט; זיינע קלאַנגען האָבן צעזעצט די נאַכט־רויקייט אין לעיזען. מיט ווייכע טריט איז ער צו איר אַרויף. אין מיטן דער נאַכט האָט ער זי גענומען אין אויטאָ. זי האָט אַ פאַרקראַמפטע געשוויגן נעבן אים. זי האָט

געהערט דעם רויש פון די ווייטע געדיכטע וועלדער, ווו איר מאַן שאַרט איצט, אין דער רגע, אַוועק די צווייגן אין דער פינצטערניש. זי איז דאָ אַליין, אַ פרעמדע, אין דעם וועג צום שפּיטאָל. זי האָט מורא געהאַט, זי וועט צו אים מער נישט קומען. שפּעטער, נאָכן לייגן זי אין בעט, אין איר צימער, איז ער, דער מוזיקער, צוריק אַרויף אויפן באַרג.

זי האָט איצט געפּירט אַ מלחמה מיטן אָטעם; מיט אַ האַרצכאַרכל, האָט זי זיך געראַנגלט מיט דער לופט, זי אַריינצוציען. אַ שווערקייט האָט איר געדריקט אַראָפּ די בריסט. נאָך עטלעכע טעג, האָט זי געפילט, אַ נעפּל פאַרגיסט זי; לייג׳ט זיך איר, ווי אַ באַרג מיט טויזנטער פוכנע איבערבעטן, ביז אַרויף צום סופית. זי קאָן זיך נישט באַפרייען פון אונטער זיי. אין מיטן דער נאַכט האָט זי זיך געשפּאָלטן, זיך געטיילט, אויף נאָך און נאָך פּרויען, וואָס זענען אַלע געוועזן זי אַליין; זיי זענען אַלע געלעגן ענג נעבן איר פון ביידע זייטן — אַ לאַנגע שורה. זיי האָבן געהאַט די זעלביקע פּנימער און גופים, ווי זי. זי האָט פון זיי זיך נישט געקאָנט לויז מאַכן. זיי זענען אין די לאַנגע נעכט איצט געלעגן אויף איר אָרט, זי צוזאַמענגעשטופּט און געדריקט. זי האָט מיט זיי זיך געראַנגלט אין הייסן דרימל; ווען מען נעמט בלויז זיי אַוועק — קאָן זי אָפּאָטעמען. די שוועסטערן האָבן געלייגט גומינע אייזפּלעשער אויף איר שטערן. זיי האָבן געפילט אויף די הענט איר הייסן הויך פון די נאָזלעכער אַרויס.

ווען זי האָט איין מאָל, נאָך וואָכן, זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָט זי דערפילט, דער קאָפּ איז איר גרויס, אָנגעדראָלן; פון אַנטקעגן פענצטער האָט די זון הייס געשיינט אויף איר פּנים, געבלענדט מיט שטראַלן איר אין די אויגן. ווען זי האָט זיי געעפנט, איז איבער איר געשטאַנען, אין ווייסן, ד״ר שטיינער. ער האָט צו איר געשמייכלט. זי האָט געשפּירט, אונטער דער דעקע זענען אירע פיס לאַנג; זיי גרייכן ביז יענער זייט בעט. זי האָט אַנטקעגן זיך געזען אירע בלייכע פינגער־שפּיצן, וואָס סטאַרטשען אַרויף. זי איז געלעגן, אַ לאַנגער מענטש, אַ פרעמדער. זי האָט נישט געוווסט, צי דאָס איז זי. זי האָט געבעטן, מען זאָל איר געבן אַ שפּיגעלע. עס האָט איר געדאַכט, איר מאַן איז שוין גאָר ווייט; זי וועט אים מער נישט גרייכן. אויך אירע פריערדיקע טעג זענען געוווען ערגעץ ווייט; זי איז פון זיי געבליבן אָפּגעהאַקט. זי האָט געוואָלט צו זיי פאַרוואַרפן פעדעם אויף צוריק. די פעדעם זענען אָבער געווען קורצע. זי האָט געפילט, אַלץ איז געגאַנגען אַליין, ווען זי איז נישט געווען דערביי. ווען אירע אויגן זענען געווען פאַרמאַכט, איז לעיזען, דער באַרג מיט אַלע מענטשן אויף זיך, ערגעץ פאַרשוווּמען; האָט זיך דערווייטערט פון איר צוקאָפּנס.

און דאָ איז עס געשען: די שוועסטערן האָבן דערציילט, אַז אין אירע אָדערן קרייזט איצט וואַרעם בלוט; די טראַנספוזיע האָט עס קלאַפּנדיק אַריינגעבלעזלט אין איר האַרץ. עס פליסט איצט אין איר גוף און פיס.

ווען זי האָט צוריק פאַרמאַכט די אויגן האָט זי איך דעם זיך איינגעהאַרכט. זי האָט עס געהערט ריזלען; עס לויפט, רוישט און פאַרשפּרייט זיך פון אבר אין אבר. עס פילט זי אָן. זי האָט געקוקט אין שפּיגעלע, און עס האָט איר געדאַכט, די פרעמדע רויטלעכקייט איז געבליבן פאַרלאָפן אין אירע אויגן. מען זעט מער נישט אַרויס זייער גרויע זילבערדיקייט.

שפעטער האָט זי דערפילט, דער פרעמדער האָט דורך זיין בלוט זיך צעלייגט אין איר. ער איז דאָ. ער האָט זיך אַריינגעצויגן. אַ ווײַלע האָט זי זיך געשעמט פאַרן פרעמדן, זיך צו באַוועגן מיטן גוף; אויסציען די פיס, אַריינציען צו אים דעם אָטעם. זי איז געווען זיכער, ער איז אַ מאַן.

אין די וויטערדיקע טעג איז זי געוואָרן מיט אים היימישער. זי האָט אים אַריינדערלאַנגט עסן, ביס נאָך ביס. זי האָט אונטערן אָרעם אים געמאָסטן דעם פיבער. זי האָט אים געוואַשן. זי האָט די קאָלדרע געהאַלטן זיך ביז אונטערן האַלדז. זי האָט נישט דרייסט אים געצערטלט מיט דער האַנט. זי האָט אים איצט אויך געלאָזט טאָן זיינע באַדערפעניש דורך זיך. צו מאָל, אין די נעכט, האָט זי אויך מורא געהאַט איינצושלאָפן מיט אים; ער זאָל זי נישט באַזיצן.

אָבער איין מאָל, אין מיטן דרימל, האָט זי פּלוצעם געוווּסט, אפשר איז דאָס נישט סתם קיין מאַן, דאָס איז איינער פון די שומרים אין די טאָלן. דאָס האָט מען זיין בלוט אַריינגעלאָזט אין איר גוף. אין זיין מורא פאַר נקמה — באַהאַלט ער זיך אויס אין איר. זי האָט איר גוף מיטן בויך אַראָפּ, געקלאָמערט צום בעט. זי האָט געוואָלט אויפשרייען. זי האָט געטראַכט, זי דאַרף אפשר רופן הילף; מען זאָל שנעל קומען; ער איז דאָ אין איר. זי וועט אים פאַרהאַלטן אין זיך, נישט אַרויסלאָזן; זי דאַרף אים איבערגעבן.

זי האָט אָבער זיך איינגעהערט אין זיין שטילקייט. ס'האָט איר געדאַכט, ער בעט, זי זאָל שווייגן; ער וועט איר זאָגן, דאָס איז גאָר נישט יענער, דאָס איז ער, אַן אַנדערער. ער האָט זי פון לאַנג שוין נאָכגעפאָלגט; ער האָט געוווּסט, איר מאַן איז נישטאָ; ער איז ווייט — איז ער דערווייל געקומען. ער וועט זיך אויפהאַלטן נישט לאַנג; שפּעטער וועט ער אַליין זי פאַרלאָזן.

וואָכן שפּעטער האָט זי אים געהיטן אין זיך. זי האָט זיך געשראָקן, מען זאָל אים נישט אַנטדעקן אין איר. ער איז אין איר געווען, ווי אַ מאַן, אַ געליבטער, אַ שיצער פון איר אַליינקייט.

נאָר איין מאָל ביי נאַכט, נאָך דעם, ווי ער האָט זי שוין געהאַט פאַרלאָזט, האָט זי פּלוצעם זיך אויפגעכאַפּט, אַ באַגאָסענע מיט אַ קאַלטן שווייס. זי האָט זיך געכאַפּט, איר מאַן וועט לאַנג וואַרטן אויף איר דאָרט, אין דער רעפּובליק; זי וועט קומען צו אים; זי וועט זיין מיט אים; זי וועט אים געבוירן קינדער. דעם פרעמדנס בלוט וועט זי איבערגעבן אין איר ניי געבוירן קינד.

זי האָט מורא געהאַט וועגן דעם צו טראַכטן. זי האָט געדענקט, דאָס ריינע בלאַסע בלוט פון דעם קריפּעלע, וואָס האָט זיך געמאַטערט אין דעם אינקובאַטאָר. איר פרישע קינד וועט זיין אַ שפּראַצנדיקער, מיט פרישע רויט־פאַרלאָפענע אויגן.

זי האָט איצט מורא געהאַט זיך צו צערטלען איבערן לייב. זי האָט זיך געשראָקן צו פרעגן די שוועסטערן, וועמענס בלוט מען האָט אין איר אַריינגעלאָזט; צי זיי ווייסן זיין נאָמען. זי האָט געטראַכט, צו קומען צו לייבלען, הערן פון אים.

לייבל איז איצט אויך געקומען באַזוכן דאָס מיידעלע מיט די גומי־דלאָניעס, וואָס חלומט אַלץ איבער. איר צימער, אין שי.בס קליניק, איז פול געווען מיט קויל־געמאָלענע בילדער. אויך די טירן און ווענט האָט זי באַמאָלן מיט אירע זעונגען.

זשאַנין האָט געזאָגט, אַז מען קאָן איצט צו איר נישט אַריין; זי מאָלט ווייטער. די דאָקטוירים זענען צופרידן, וואָס זי מאָלט אַלץ פון זיך אַרויס; גאָר נישט בלייבט אין איר. ערשט ווען אַלץ וועט אַרויס, וועט זי זיין געהיילט.

שוין עטלעכע טעג, ווי זי האָט איצט געהאַלטן אין איין מאָלן. זי איז געלעגן אין צימער אַליין, און איז נישט אַרויס אויף דער זון. ש. האָט געפילט, זי וויל אויך מער נישט אַרויס צו אים. זי שפּירט, ער ווערט צו איר, בישט קיין מאַן, נאָר אַן עלטערער ברודער, אַ פאָטער. זי בענקט נאָך עמעצן, וואָס זאָל זי אין גאַנצן נעמען, אויסלייזן זי פון איר קינדישקייט, פון אירע חלומות.

אויך ש. האָט געלעכצט דורכצורייסן זיך דורך אַלע אירע חלומות, צוצוקומען צו דער פרוי אין איר. ווען ער איז אָבער אַריין אין צימער, און געבליבן מיט איר; ווען זיינע אויגן האָבן זי אַרומגענומען — האָט ער דערשפּירט איר אַליינקייט, איר פאַרלאָזטקייט אין דעם גאַנצן אַרום. זי האָט אים דערציילט. ער איז אָנגעפילט געוואָרן מיט אַלע ווייען פון איר קינדישקייט. די מענערהענט האָבן אים זיך אַראָפּגעלאָזט.

שפּעטער, ווען ער איז אַרויס און געבליבן ביי זיך אין צימער, האָט ער זיך דערמאָנט אויך אין דער האַלענדערין מיט די געלע אויגן, אין דער פאַרטיזאַנערין דאָניאַ, דער טענצערין אַלאַ, אין עדיט פון די קאַרפּאַטן־בערג. ער האָט געוווּסט, תמיד וועלן זיי, דורך דעם מאַן אין אים — דורכפילן דעם עלטערן ברודער. עס עפנט זיך אין זיי די שוועסטער — צו אים. ער דערפילט זייער עלנט. זיי רופן צו אים. זיי זענען אים נאָענט, טייער. קיין מאָל וועט ער דורך זיי נישט קאָנען שטרעקן די האַנט, צו דער פרוי אין זיי.

ער האָט מורא געהאַט, אַז דאָס וועט אים טרעפן, נישט בלויז — צו זיי. ער טראָגט דאָס אין זיך צו יעדער פרוי, וואָס ער וועט באַגעגענען אין וועג. זייער עלנט, די אַליינקייט פון מענטש, מיט וועלכער מיר אַלע גייען איבער דער ערד — וועט אַרויסשפּירן דעם עלטערן ברודער, דעם שיצער, אין אים. זיי וועלן זייער יאָך וואַרפן אויף אים. דורך זייער אָנהענגען זיך אין אים — וועט ער מער פון זיי זיך נישט קאָנען שיידן — אַזוי פון קיין איינער פון זיי. זיי ווערן אים אייגן. דורך דערשפּירן זייער נאָענטקייט — וועט ער תמיד בלייבן ווייט פון זיי.

ער האָט געוווּסט, יעדע באַהעפטונג פון צוויי גופים — מוז קומען דורך אַ פרעמדקייט אין דער מיט; דורך אַנטקעגנטרעפן זיך אין דרויסן, און נישט — פון זיין געבונדן איבעוויייניק.

ער האָט זיך דערמאָנט אין דעם צער נאָך זיין פאַרשניטענעם בן־יחיד, וואָס האָט דעם קינדערלאָזן פאָטער אַוועקגענומען פון אונדז; דעם צער פון דער אַליין־פאַרבליבענער קינדערלאָזער מוטער, וואָס האָט נישט ווו צו גיין; די פאַרשעמונג פון דער יונגער מוטער מיט די גרויע זילבער־אויגן, וואָס זענען איר איצט רויטלעך; זי וועט דאַרפן קומען צו איר מאַן אַליין, אָן דער פרוכט פון איר לייב. אַלץ אין אים איז געבליבן פאַרשטומט. ער האָט מורא געקריגן, ווידער צו האָבן נאָענטע — אַ פרוי, קינדער, וואָס מען קאָן ווידער זיי פאַרלירן, בלייבן אָן זיי.

ער האָט איצט דערפילט, ער דאַרף מער נישט אָנהייבן פון דאָס ביי. ער וועט שוין בלייבן אַליין מיט זיך. דאָס לעבן האָט נישט וואָס צו געבן אים, און וואָס ביי

אים אַוועקצונעמען. ער האָט זיך דערמאָנט אין דער רבנישער טאָכטער. אויך זי וועט גאָר נישט נעמען מער, און גאָר נישט פאַרלירן. ער האָט אָבער זיך געכאַפּט, אַז זי און די אַלע יונגע מיידלעך דאָ רייסן זיך יאָ אַנצוהייבן פריש. זיי ווערן געטריבן פון אַ דאָרשט צו וויסן, צו לערנען; זיי מיינען, זיי קענען זי נאָך נישט, די וועלט; זיי ווילן פון דאַנען אַוועק אין די ווייטע לענדער.

אַן אויגנבליק האָט ער זיך אָפּגעגעבן חשבון, אַז אויך ער ווערט געצויגן אין דעם ראָד; מען פירט אים, ווי אויף אַ קייט: דורך די לייבער פון אַלע פרויען רייסט ער זיך צו איינער, און קאָן צו דער לעצטער קיין מאָל נישט צוקומען. ער האָפּט נאָך אַלץ, ער וועט זי אָנטרעפן. די איינע, וואָס דורך איר וועט ער זיי אַלע באַזיצן.

ער האָט אָבער באַנומען, אַז אויך דאָס איז אין אים נישט עכט. זיין איינציקע בענקשאַפט איז פאַרבליבן — דאָס שרייבן. ער איז גרייט דערביי, ווי ביי אַ פלעמל, צו פאַרברענען זיין נשמה. ער האָט זיך דערמאָנט זיין זיידן, וואָס האָט יעדן טאָג, פאַר תפילה, זיך געזעגנט מיט זיין ווייב און קינדער. די תפילה איז פון אים אַרויס מיטן ווי פון יציאת נשמה. אויך ער האָט איצט זיך דערפילט גרייט דערצו; ביים שרייבן אַרויסגיסן, מיט ליבשאַפט, זיך אַליין, זיין לייב און לעבן.

ער האָט דערשפירט זיין אַליינקייט. ער שטייט אין דרויסן און קוקט אַריין אין לעבן. עס ציט אים צום אינעווייניק, צו די אַלע עלנטע, וואָס בלאָנדזשען דאָרט מיט פאַרמאַכטע אויגן. ער האָט אָבער מורא נאָך אַ מאָל דאָרט דורכצוגיין. ער ווייסט, ער קאָן נישט אַריין, און אויך נישט אַוועק.

עס האָט אים געדאַכט, דאָס איז ווייל ער האָט שוין אַראָפּגעשלונגען דעם סם. דאָס שרייבן איז דער סם, וועלכן ער שלינגט כסדר. עס פאַרגיפטיקט אים די אברים, די אינגעווייידן. ער טרינקט זיך אָן מיט דעם. עס בייגט אים צו דער ערד. עס פאַרפעסטיקט אין אים די טאָלן, זיי זאָלן קיין מאָל זיך נישט אָפּרייבן; בלייבן אויף תמיד.

ער האָט געוווסט, שרייבן מוז מען מיט סכנת נפשות, מיט איינשטעלן דאָס לעבן; זיין אין דער סכנה פון פאַלן אין איין רגע. דאָס ווערק מוז פאַרלענגערן זיין שעפער.

אָפּט מאָל, איצט אין די נעכט, ביים זיצן ביים טישל, מיטן קאָפּ צווישן די הענט, געבויגן איבער די פאַפּירן, האָבן אים זיך געשלאָסן די אויגן. ביים שיין פון ליכטל, האָבן אונטער די וויעס אים זיך געשפרייט טויזנטער פייערדיקע פינטעלעך און פונקען. ער האָט זיי געלאָזט פאַר זיך, ווי איבער אַ מאַפּע. זיי זענען אַליין געלאָפן, האָבן זיך באַהאַפטן. ער האָט געוווסט, דאָס זענען זיינע פאַרבאָרגענע טוונגען און זעונגען פון פאַרגאַנגענע טעג און יאָרן. זיי לויפן אַרויס פון דער בעץ, פון זיינע מוח־געוועבן, און שטעלן זיך פאַר אים; זיי זוכן זייערע שייכותן. זיי שטעלן אַליין זיך אויס אויף דער מאַפּע, לויט אַ סדר. זיין חלום קומט אַרויס אויף דער וואָר.

באַלד האָט ער זיין אינעווייניקסט וועבטל פון דער מוח־בעץ איבערגערוקט אויף פאָרויס; ער האָט עס געשטעלט פאַר די אויגן, פון יענער זייט פונעם באַלויכטענעם פאַפּיר אויפן טיש. זיינע אינעווייניקסטע געוועבן זענען געווען צעשפרייט ביז איבערן

ליכטל, מיט די צעשפריצטע פונקען. די פּאַפּיר־בלעטלעך זענען איצט געווען אין זיין חלום. ער האָט אַליין אויף זיי זיך געצייכנט.

איין מאָל האָט זיין „שוועסטערל" מיט די גומי־דלאָניעס אים געזאָגט, אַז אָט אַזוי מאָלן זיך אַרויס אירע חלומות.

ווען ער איז אַריין צו איר אין צימער, איז ער געבליבן דערשטוינט: די ווענט זענען פול געווען מיט בילדער פון זיין שרייבן אין די איצטיקע טעג. אויך זייַנע געדאַנקען האָט זי אויסגעמאָלן מיט קויל. אירע מאָלערייען זענען געווען, ווי אילוס־טראַציעס צו זיין ספר פון די קורות הימים. ער האָט געשוויגן. ער האָט געוווּסט, ער טאָר פאַר איר דאָס נישט אַנטפּלעקן. ער האָט מורא געהאַט, זי וועט זיך דאָס דערוויסן — וועט זי אַלץ פאַרלענדן.

דער ווינער פּראָפעסאָר, וועלכער האָט אַלץ זיך געקליבן צו אַנטלויפן, מיט זיינע געעפנטע אויגן, אין דער ווייטער וועלט אַריין, האָט געטענהט, אַז איצט זעט ער אַלץ בלויז פון דרויסן. ער קאָן נישט קוקן אַריין. אַלץ איז קליין, און קאָן זיך נישט באַוועגן. אויך די עופות קאָנען נישט פליען. אַ מאָל האָט זיין פאַרדעקטער גוף געזען אינעווייניק — אויך די ריחות און די פאַרבן פון די ווייטקייטן. הייבט — שטייען אים ווענט אַרום און אַרום. זיינע נאָז און אויערן זענען פאַרחתמעט. ער ווייסט גאָר נישט, וואָס עס וועט זיין. ער האָט זיך געוווּנדערט, ווי אַזוי אַ זעעוודיקער, ווי ש. קאָן זיין אַ סופר. סיידן אפשר, ווייל ער שרייבט בלויז ביי נאַכט.

אויך לייבלען האָט אין איינער אַ נאַכט געחלומט, אַז דער מישלינג קלאַפּט מיט אירע פויסטן אין די ווענט פון פאַרפום־באָד; מען זאָל זי אַריינלאָזן; ער, דער ווינער פּראָפעסאָר, האָט זי פאַרלאָזט; זי וויל נישט פאַרבלייבן אַליין. ווען ער איז אויף צו מאָרגנס, נאָך פיר אַ זייגער פאַר נאַכט, אַרויס מיט אסתרקען, אויף זיין האַלב־שעהדיקן שפּאַציר, האָט ער פון דער ווייטנס טאַקע דערזען דעם מישלינג. זי איז געווען גאָר הויך. ווי ער, איז זי שוין געגאַנגען אונטערגעשפּאַרט מיט קוליעס, נאָר גאָר הויכע, ביז אַרויף אונטער אירע אָרעמס. זי איז דאָרט געגאַנגען מיטן שפּילצייג־סוחר. ווען זיי האָבן אים דערזען, האָבן זיי שנעל זיך אַריינגעדרייט אין אַ זייטיק געסל.

ער איז ווייטער געגאַנגען מיט אסתרקען איבער דער לאַנגער גאַס אויפן באַרג־שיפּוע. פון ביידע זייטן האָבן די נאָך ליגנדיקע קראַנקע צו זיי אַראָפּגעפּאַכעט מיט די הענט, פון אַלע ווראַנדעס — שטאָק איבער שטאָק. פון אַ טויער אין אַ פּלויט האָט אָפּגעקלאַפּט אַ גיין. דינע פרויענשיך אויף שטיינער. פון אַ טירל אין טויער האָט זיך אַרויסגערוקט אַ פּולגעוויקלטער פרויענבויך. דינע פיס האָבן אַריבערגעשפּרייזט דאָס צולען־ברעט. אַ העל־פאַרשמייכלט פּנים. ס'האָט אַראָפּגעקוקט צו אַ מיידעלע, וואָס האָט נאָכגעשטעלט טריטלעך. לייבל האָט דערזען, זיי דרייען זיך אויס אין זיין זייט. זיי גייען אים אַנטקעגן. ער האָט געפילט, זיי דערנענטערן זיך. זיי האָבן אים נאָך נישט באַמערקט. די פיס צווישן די קוליעס האָבן אים זיך פאַרהאַלטן. די פרוי האָט אויפגע־הויבן דעם בליק. זי האָט אים דערזען. ס'איז געווען די קאַטוילישע אלמנה מיט די בלויע האָר, מיטן יידישן מיידעלע נעבן זיך. זי איז, די אלמנה, לעצטנס דיק געוואָרן. זי האָט געהאַט אַ בויך, ווי זי וואָלט געשוואַנגערט. זי האָט געדריקט דאָס הענטל

פונעם מיידעלע, און זי געצויגן מיט זיך צום פלויט, כדי אים דורכצולאָזן. זי האָט אַלץ זיך געהיטן פאַר דער קינדערלאָזער אלמנה. זי האָט געפרעגט לייבלען, ווו צו גיין; זי וויל מער דאָ נישט בלייבן מיטן קינד אויפן באַרג.

אויך ש. איז איצט אַראָפּ אין גאַס אַריין, יעדן טאָג — אַ האַלבע שעה. ער האָט איינער אַליין שפּאַצירט, אָנגעהאָנגען אויף די קוליעס. ער איז געוואָרן דאַרער און העכער. אויך דאָס פּנים — שמאָל. די באַקן מיט די אויערן, דער שטערן מיט דער גאָמבע — אַלץ לאַנג, אַראָפּגעהאָנגען. ער האָט נישט געוואָלט זיך אָנטאָן קיין נייע קליידער. זשאַנין האָט אים געבראַכט געניצטע מלבושים. זיי זענען געווען אויף אים קורץ.

ערשט אין דרויסן, אויף דער שיין, האָט ער באַגריפן, פאַר וואָס ער קאָן שרייבן בלויז אין דער נאַכט־פאַרבלענדונג, ווען דער סוד איז פאַרהוילן. ביי טאָג איז אַלץ אָפן און קלאָר. דער מענטש איז צו קלוג. ער האָט זיך געכאַפּט, אויך אין וואַלד, ביי די חיות, איז טונקל.

ווען ער איז פאַרביי דאָס קליינע משופּעדיקע, גרינע, הויז, האָט ער געקוקט, ווי פון דער הינטערשטער זייט איז עס אונטערגעלענט דורכן באַרג, און פון פאָרנט שווערט עס נידעריק אַראָפּ צו דער סאַמער גאַס. ער איז געבליבן שטיין. פון אַ זייטיקן פענצטער האָט ווער אים גערופן. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. עס האָט צו אים אַראָפּגעשמייכלט אַ מיידליש פּנים, אַ לענגלעכס, איינגעראַמט אין האָר, מיט גרויסע גרויע אויגן. ער האָט דערקענט זי, אין דער רויטער פּידזשאַמע. זי האָט אים גערופן. ער איז געגאַנגען צו דער זייטיקער טיר. מיט די קוליעס האָט ער זיך געהויבן אַרויף, איבער הילצערנע שטיגן. דער קאָפּ האָט אים אין דער הייך אָנגערירט דעם בעליק פון נידעריקן פירהויז. זי האָט געעפנט די טיר. ער האָט אַריבערגעשטעלט די קוליעס. ער איז געשטאַנען אין אַ קליין צימער מיט פּראָסט, הילצערן מעבל. זי האָט הינטער אים פאַרשלאָסן די טיר. זיינע קוליעס האָט זי אַרויסגענומען; זי האָט זיי געוואָרפן אין דער זייט. אים האָט זי געפירט מיט זיך. זי האָט אים אַוועקגעזעצט אויפן זיצבעטל. זיינע הענט האָבן זיך באַוועגט היימיש איבער אירע לאַנגע אויסגערונדיקטע פיס. זיי האָבן דערקענט יעדעס קנייטשעלע אין איר גוף, יעדע געבערגלטקייט און גלאַטיקייט. ער האָט דערקענט אויך איר צימערל. ער האָט זיך דערמאָנט: יענע נאַכט, נאָכן דיספּוט, האָט ער זי געוווסט. געבוי אַזוי, אָן רייד, האָט זי דעמאָלט אים געפירט צום בעטל. ווען ער האָט שפּעטער זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, אין זיין קליניק־בעט, איז זי נאָך געווען פול אין אַלע זיינע אברים. ער האָט געוווסט זיכער, אַז אַזוי וועט עס זיין צווישן זיי ביידע אין דער וואָר.

אַ שמייכלענדיקע, אָן רייד, האָט זי אים באַגלייט צו דער טיר. זי האָט אים אַרויס־געלאָזט. זיינע קוליעס האָבן זיך געשטעלט אַליין פון די הילצערנע שטיגן אַראָפּ. ער איז געווען אַ דאַרערער און לענגערער.

פון דאַנען איז ער אַוועק צו דער קינדערלאָזער אלמנה. שוין טעג ווי זי האָט ביי זיך אין צימער די צוויי רויטהאָריקע שוועסטערלעך, דעם צווילינג. זי האָט זיי אַדאָפּטירט, געגעבן איר נאָמען. זי האָט איצט זיי געלערנט גיין אויף ביידע פיס, וואָס זענען שוין פול געווען מיט זוניקע שטראָמען. ש. און זי האָבן איצט געפירט די קינדער אַראָפּ אין גאַס. ער איז געגאַנגען הינטער זיי. די קינדערלאָזע אלמנה איז געווען אין דער מיט; די קינדער — פון ביידע אירע זייטן. ער האָט געהערט, זיי רופן זי מאַמע.

ער האָט געזען, ס'איז פון איר פאַרשווונדן די געצוימטע שטילקייט פון דער גאַנצער צייט. אירע באַוועגונגען זענען אייליקע. אירע הענט זענען פול מיט טוונג. זי יאָגט זיך, ווי נישט צו פאַרשפּעטיקן. זי רעדט צו זיי אויך גיך — איין וואָרט יאָגט איבער דאָס אַנדערע. די ווערטער זענען אַרויס, ווי מען וואָלט ביי איר אויפגעשניטן, דורכן מויל, אירע אינגעווייַדן, ביז טיף אַראָפּ; די לאַנג־געהאַמעוועטע רייד, שטראָמען אַריבער די ברעגעס. זיי פליסן אַרויס פון איר, ווי פאַרגיפטיקטע. זי באַפרייט זיך פון זיי, כדי צו בלייבן גערייניקט.

ער האָט זיך דערמאָנט די לערע פון יידנטום; נישט דער אָפּפלוס, וואָס גייט אַרויס פון מענטש, איז דער עיקר, נאָר דאָס וואָס ער נעמט אַריין; ער זאַפּט איין.

ער האָט שפּעטער געזען, ווי זי איז אַריינגעוואָרפן אין דער זאָרג פאַר די קינדער; זי וואַשט און צוואָגט זיי; זי רוימט און פּרעסט. מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס נעמט זי זיי אַרום. זי איז שוין גרייט זיי צו שיצן קעגן יעדן פרעמדן; אויך קעגן אים. זי רינגלט זיי אַרום מיט אַ מויער אין איר היים — קיינער זאָל נישט צוקומען. ער האָט געוווסט, זי וועט איצט אַלע דערווייטערן פון זיך. זי וועט מיט זיי זיך פאַרמאַכן; זיי זיך אָפּגעבן. זי דאַרף שוין אויך נישט דעם מאַן. זי וועט פראַווען איר פאַמיליען־לעבן, ווי מען פראַוועט אַן אָרגיע.

ער האָט באַנומען: אירס, דאָס ווייבלעכע, איז געשלאָסן און גאַנץ — נישט פאַרגענגלעך. אונדזערס, דאָס מענלעכע, איז צופאַליק, רגעדיק, פאַרבייגייענדיק. זי איז די בין — די שפּין — די קעניגין. מיר טאָן ביי איר אָפּ בלויז אונדזער שליחות; אונדזער מי איז קורץ און נישט דויערהאַפטיק. מיר זענען בלויז אויף צו באַוועגן, טרייבן; צו זיין אַרום, צו שיצן דעם עיקר, דאָס ווייבלעכע. ער האָט זיך געכאַפּט, ביי אונדז איז אַלץ ממשותדיק, דרויסנדיק. מיר זענען דאָס שכלדיקע, טוענדיקע. זיי זענען איבערן שכל, דאָס אינעווייניקסטע, דרימלענדיקע — דאָס אייביקע. יעדעס שכלדיקע — דערנענ־טערט זיך צום סוף, איז צום פאַרגיין.

עס האָט אים באַנג געטאָן, ש.ינען, וואָס ער וועט באַלד דאַרפן זיך שיידן פון זיי אַלע דאָ. ער וועט אַוועק. ער האָט געפילט, אויך מיר, אַלע מענטשן־קינדער, זענען ווי די זיס. אונדזערע באַענטע פון פאַר אונדז וואַרפן אין אונדז קערנער; זיי באַפרוכפּערן אונדז; מיר דרייען זיך איבער דער ערד, און זאַפּן איין; מיר פאַרשוואַנגערן און גייען אויף פול. שפּעטער געבוירן מיר; מיר טאָן אָפּ אונדזערס און ווערן אַליין ליידיק.

אויך לייבלען איז איצט געווען באַנג. עס דערנענטערט זיך דער טאָג פון זיין פאַרלאָזן דעם באַרג, און ער איז אַזוי צו זיי אַלע צוגעבונדן. זיי זענען געוואָרן זיינע איינציקע נאָענטע אויף תמיד. ווי וועט ער קאָנען זיין ווייט פון זיי? ער האָט ערשט איצט, נאָך אַלע טאָלן, דערפילט די ליבשאַפט, וואָס איז שטאַרקער פון טויט; די מורא פאַר פאַרלירן. ער האָט זיך דערמאָנט די אַלע פון לאָדזש, פון לאָזאַן און פון אַמסטער־דאַם. ער האָט מורא געהאַט, אַז יעדע שיידונג איז אויף אייביק; איז דער טאָל, וואָס באַגלייט אונדז.

ער האָט ווידער געוואָלט, אַרויף מיט אסתרקען אויפן שפּיץ באַרג פון לעיזען, אַרומנעמען מיטן בליק די שטאָט, דאָס גאַנצע פלאַכלאַנד אַרום, און פון דאַנען אויפשרייען אין חלל אַריין:

„מיר געהערן דאָך אַלע צו איין דור!“.

# די שטאָט

איך בין אַרויס פון שטוב אין דער גרויסער מיטללענדיש־אייראָפּעישער ים־שטאָט. עס איז געווען פריער אָוונט. אין מיין געסל מיט ביימער, פון ביידע זייטן, האָבן זיך געהערט טריט, פיל טריט. מיידליש־מאַרשירנדיקע טריט. זיי טרעטן, די מיידלעך, אויפן אַספּאַלט פון מיטן געסל, מיטן ריטמישן גאַנג פון זייערע פיס. איך זע זיי נישט. זיי זענען פאַרויס פאַר מיר. זיי גייען אין משופּעדיקן געסל אַראָפּ, אַראָפּ. דאָס געסל איז באַלויכטן בלויז פון דער לבנה הויך איבער די ביימער. איך גיי זיי נאָך. איך זע ווייט זייערע קעפּ, די קאָנטורן פון זייערע אַקסלען. זיי גייען אין שורות, עטלעכע שורות — איינע הינטער דער אַנדערער. שמאָלע אַקסלען. זיי זענען אַלע מיט אַ מאָל שטיינגעבליבן מיט אַ ריטמיש, האַסטיק־איינגעהאַלטענעם טריט. איך האָב זיך אָנגערוקט. איך האָב זיך ביי זיי פאַרהאַלטן. זיי זענען געשטאַנען. די גופים זענען געווען צוזאַמענגעגאָסן אין דעם אָוונט. בלויז זייערע יונגע פּנימלעך, געהאַלטן קעגן דער לבנה, זענען מילד געווען באַלויכטן מיט אַליוון־גרינעם אָפּשיין איבער זייערע אויגן־דעקלעך. איך האָב יעדע פון זיי געקוקט אין פּנים אַריין, און געשטעלט מיינע פּאַמעלעכע טריט ווייטער. פון צייט צו צייט האָב איך אויסגעדרייט דעם קאָפּ און נאָך געפּרוווט אויסטיילן זייערע פּנימלעך, געהאַלטן אַנטקעגן דער לבנה.

איך בין אַרויס אויף דער הויפּט־גאַס, ווו עס איז געווען פול מיט מענטשן. די געשעפטן זענען נאָך געווען צעעפנט אין ליכט. מענטשן האָבן זיך געדרענגט אויפן טראָטואַר, געפּרוווט פאַרבאָרגן די פּנימער. איך האָב געקוקט דורך די גרויסע שויבן אין די פענצטער פון די געשעפטן — אויף די פאַרקויפערינס, וואָס האָבן געוואַרט איינגעשטילטע הינטער די בופעטן, מיטן דרימל פון אָוונט אין זייערע אַקסלען. איך בין געווען געפאַנגען אין דער אַרויסגעלויכטענער שיין פון די טירן און פענצטער, ווי אין נעצן. איך האָב זיך באַהאַלטן פון איינער — אין דער צווייטער אַריין.

איך בין געשטאַנען פאַר אַ בלומען־געשעפט. אויך דאָ האָט דאָס אינעווייניקסטע ליכט מיך אַרומגענומען אין דרויסן — מיט אַ שטאַרקער קראַפט. די געמישטע ריחות פון די בלומען אין איבערגעפּולטן געשעפט — אין שויי־פענצטער און פאַר דער טיר — זענען מיר אַריין אין די אָדערן. דאָס אויג איז מיר געוואָרן אָנגעפילט מיט ווייכע פאַרבן. אַ מיידל איז אינעווייניק געשטאַנען צווישן די קוישן און האָט צו מיר אַרויסגעשמייכלט. איך האָב בלויז געזען איר קאָפּ. איך האָב אַ רגע זיך צוריקגעצויגן אין שאָטן און געפּרוווט גיין ווייטער. באַלד האָב איך זי אָבער געוואָלט זען אין גאַנצן, אַרויסוויקלען זי אין איר הויך פון די בלומען. איך האָב זיך דערווייטערט עטלעכע שריט, ביז צום עק פון טראָטואַר און גענומען שטעלן מיינע טריט אַהין און צוריק, אַרויסציִענדיק דאָס פּנים פון דעם ליכטקרייז.

זי האָט איצט מער נישט געקוקט צו מיר אין דרויסן אַרויס. עמעצער, אַן עלטערער מאַן, איז געשטאַנען אינעווייניק אַנטקעגן איר. צווישן זיי ביידע אויפן דיל — איז געווען אַ גרין־הילצערנער עמער מיט הויכע ציטעריקע קריזאַנטעמען. זיי האָבן ביידע געקוקט אויף די פרישע קעפּלעך.

איך האָב איצט געזען איר העכערן ווייכן גוף, פאַרשטעקט אין פאַרקויף־קלייד. די ריחות פון אונטן האָבן זיך געהויבן און זי אַרומגענומען. זי האָט געוואַרט, און דער אַלטער האָט געוואַרט.

איר הויט איז אין ליכט געווען דורכזיכטיק, ווי דינער פאַרצעליין. אַ בלוילעכע פרישקייט אָטעמט דורך אים דורך. זי פאַלט פון האַלדז אַראָפּ — אַריין טיף אין די קליידער.

עס איז מיר איינגעפאַלן, פאַר וואָס זאָל איך מיר נישט שיקן בלומען, אַליין — צו מיר אין צימערל אַריין. זי וועט זיי מיר אַרויפברענגען.

דער קונה איז אַרויס. איך בין אַריין. איך בין אַנטקעגן איר געשטאַנען. זי האָט ווידער געשמייכלט. איך האָב איר געהייסן מיר אויסקלייבן בלומען, צו שיקן.

זי האָט געקליבן מיט אירע דינע פינגער; יעדע בלום באַזונדער געצויגן פאַרן שטענגל, פון דער וואַסער־פייכטקייט אַרויס. איך האָב געשריבן מיט דינעם כתב די ברכה צו מיר.

איך האָב זי געבעטן, אַליין אַרויפטראָגן די בלומען אויף דעם געשריבענעם אַדרעס, צו דעם, וואָס איז מיר נאָענט, אַזוי שנעל ווי זי וועט שליסן ס׳געשעפט.

מיינע פינגער זענען געווען אומרויק. זי האָט אויף מיר געקוקט מיט פאַרשנדיקע אויגן. זי האָט ווידער אַ שמייכל געטאָן און איך בין אַוועק.

עס איז נאָך געווען צייט ביז איר שליסן דאָס געשעפט. איך האָב ווידער זיך געדרייט פון דער הויפּטגאַס — אין די זייטיקע געסלעך און צוריק. איך האָב געקוקט צו מענטשן, אַריינגעלויכטן זיי מיטן בליק אין די אויגן.

פאַר אַ פּלויט איז אַ מיידל געשטאַנען אַליין. זי האָט באַנומען, איך גיי אויף איר אָן. זי האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ. זי האָט זיך אָנגענומען מיט שטומקייט. ווען איך בין דורך — האָט זי אַנטוישט מיר נאָכגעקוקט אין פּלייצע.

איך האָב זיך געשטעלט פאַר אַן אָפן פענצטער, פאַרטער. אַ מענטש מיט אַן אויפגעריסן מויל איז אינעווייניק געזעסן אויף אַ געבעטער שטול, מיטן קאָפּ פאַרלייגט אויף אַן אָנלען הינטער זיך. אַ רעפלעקטאָר האָט אים אַריינגעלויכטן אין דער מויל־צעעפנטקייט. איינער מיט אַ ווייס פאַרטעך איבער אים געבויגן — האָט טיף אַריינגעקוקט.

איך בין געשטאַנען פאַרן פענצטער איינגעגליווערט. איינער איז אַראָפּ פון דער שטול און איינער אַרויף. די מויל־צעעפנטקייט איז כסדר געבליבן אונטערן רעפלעקטאָר, און דער מענטש דערנעבן האָט מיטן אויג אינעווייניק געקוקט.

דער מענטש אין ווייסן פאַרטעך איז געווען אַ יונגע פרוי. זי האָט אויסגעצויגן אונטערן ליכט, איבער יענעמס אויגן — אַ ווייסן פינגער. זי האָט אים געשטעקט דעם זיצנדיקן אין אָפענעם מויל.

אַ רגע האָב איך דערפילט, די גאַנצע גרויסע שטאָט אונטער מיר איז אַ וואָגן, וואָס ווערט ערגעץ געפירט. מיר אַלע פאָרן אויף אים אין דעם אָוונט. אויך זיי ביידע

אין דעם פענצטער פאָרן נעבן מיר. ווייט שלעפּן גרויסע פערד דעם וואָגן, און מיר אַלע דאָ ליגן אין אים, נאָענט.

איך האָב געוואָלט לויפן איבער די גאַסן פון דער פאַרנדיקער שטאָט, און טוליען זיך צו אַלע מענטשן, פילן זיי.

באַלד האָב איך געוווּסט, דער וואָגן מיט אונדז אינעווייניק — איז אַרומגענומען מיט דראָטן. מיר זענען פאַרמאַכט צווישן די ווענט. מיר זענען אין דעם וואָגן. מען פירט אונדז אין דער נאַכט.

קיינער פון אונדז האָט נישט געבילט. מיר זענען געפאָרן שטיל. מענטשן אַרום מיר האָבן געגעגנעצט. ס'איז שוין געווען שפּעט.

איך האָב זיי געוואָלט זען, וואָס מער, די מענטשן אין דער נאַכט. יעדע זעונג איז אַן איינמאָליקע. מער וועל איך זיי נישט זען. איך האָב זיי געוואָלט אַריינכאַפּן, וואָס מער אין זיך.

איך בין אַריין אין דער שמאָלער גאַס מיט צוויי שורות הויכע הייזער פוןביידע זייטן. דאָ איז נאָך געווען פרי. די טירן פון די שטובן אויף די באַלקאָנען אַרויס, שטאָק איבער שטאָק — זענען געווען אָפן. בלויז יונגע פאַרליבטע פאָרלעך ווינען דאָ, אין דער בייער גאַס. זיי האָבן ערשט נישט לאַנג חתונה געהאַט. איצט זענען זיי אַריינ־געפאַלן אין שווייגן. זיי האָבן מער נישט וואָס צו טאָן מיט זיך. אַלץ האָט זיך אָפּגעשטעלט. זיי וואַרטן. דערווייל האָבן זיי מורא אַראָפּצולאָזן די ראָלעטן, בלייבן אַליין. מיילער האָבן פון די באַלקאָנען אַראָפּגעגענעצט אויף דער גאַס.

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק ביים צוגעגרייטן גאָרטן. ער וואַרט, דער גאָרטן. דערווייל איז ער ליידיק. יונגע ביימלעך אין זייערע ערשטע טעג.

איך זיץ דאָ אין די אורטעג. מיר אַלע אַרום זענען נאָך אורמענטשן. אין ווייטע דורות אַרום וועט מען אונדז זען בלויז אין פאַרגליווערטע סקולפּטורן אין די מוזעומס. מיר דאַרפן לויפן שנעל זיי מאַכן.

באַלד האָב איך זיך געכאַפּט: אין לענדער ווייט פון דאַנען איז די וועלט שוין אַלט און מיד. אומעטום ראַיעט מיט איבערגעפולט לעבן. מיליאָנען גאַסן באַוועגן זיך איצט אין ליכטער.

איך האָב געוווּסט, איך וועל דאָס אַלץ צוזאַמען נישט זען. אומעטום זיין וועל איך נישט. עס באַוועגט זיך דאָרט אָן מיר.

מיליאַרדן מיידלעך דרייען זיך איצט אין די ווייטע איינזאַמע ישובים. זיי וואַרטן, יעדע. איך וועל זיי אַלע נישט דערגרייכן. איך וועל יעדע פון זיי נישט טרייסטן. איך וועל זיך נישט באַהעפטן מיט יעדער איינער — מיט איר נאָר אַליין.

איך וועל אַלע מענטשן קיין מאָל נישט פילן ביי זיך.

איך שווים איבער אַ שטורעמדיקן ים. אַרום ברויזט דאָס וואַסער. וואַסער־ווענט הייבן זיך פאַר מיר און פאַלן. דאָס וואַסער איז אויסגעשפּרייט איבער דער גאַנצער ערד. עס הייבט זיך, שטייגט. איך כאַפּ זיך אָן אין אַ שווימענדיקער שטאָלבריק מיט הויכע באַריערעס. מיט די הענט, אָנגעהאַלטן אין דעם שטאָל־גיגאַנט, גיב איך זיך איבער דעם שטורעם. דאָס וואַסער פירט מיך, רוישט איבער מיר. איך בין איצט איינער אַליין, געבליבן אָן אַלע. קיינער איז נישטאָ. איך ווייס נישט, וועל איך נאָך דערזען, דאָס וואַסער פליסט פלוצעם אָפּ, און איך קום צו אַן אינדזל, אָדער וועט עס מיך פאַרשווענקען.

איך זיץ אויף דער באַנק. די יונגע פאָרלעך האָבן אַלע קינדער, אַרויסגעגעבן פון

זיך אַליין. זיי זענען דורך זיי צוריק אַנגעפילט געוואָרן מיט חיות — ווייטער צו גיין. יונגע מאַמעלעך שרייען צו זיך אַריבער איבער די באַלקאָנען. פּאָטערס הייבן די קינדער איבער די קעפּ. די קליינע לאַכן פון די בייכעלעך אַרויס.

וויפל צייט איז, ווי לאַנג שוין, ווי מיר זענען אומגעקומען?

איך בין אַריין צו מיר אין הויז. אונטן, אין פּאָסטקעסטל, זענען געלעגן בריוו. איך האָב מורא געהאַט צו עפענען, אַרויסנעמען. איך האָב זיי צוריק פאַרשלאָסן.

ביי מיר אין צימער האָב איך געוואַרט אויף דער בלומען־פאַרקויפערין. זי דאַרף באַלד קומען מיטן בוקעט. די טיר וועט אָנגעפילט ווערן מיט איר לופטיקער ווייכקייט אין דעם פאַרקויף־פאַרטעך. זי וועט טרעפן מיך. פאַר וואָס אַרבעט זי? מיידלעך דאַרפן גאָר נישט שאַפן. זיי דאַרפן בלויז אַרומשוועבן, פלאַטערן מיט זייערע בריסטלעך און לענדן. דאָס איז זייער פּעולה.

איך האָב אַרויפגעדרייט דעם ראַדיאָ. עמעצער האָט אויפגעשריגן, ווי מען וואָלט אים ווי געטאָן מיטן דרוק פון קנעפּל.

איך בין געשטאַנען ביי מיר אויפן באַלקאָן און אַריבערגעקוקט אין די אַנטקעגנדיקע שטובן. אונטן אויפן אַספאַלט האָט אַ פרוי געשטופּט אַ טאָפּלט קינדער־וועגעלע. עס איז אין דעם געלעגן אַ צווילינג. צוויי קעפּעלעך. אין דער זייט איז נאָכגעגאַנגען אַ מאַן מיט אַ הער־אַפּאַראַטל אין אויער. זי איז געווען פאַרשוויגן אין זיי אַריין; זי האָט זיי, אַליין, אָן אים, אויסגעבריט אין זיך.

דער ספּיקער אין ראַדיאָ האָט מיט אַן איינטאָניק קול — איצט געלייענט.

זיינע ווערטער זענען אין מיר געפלאָסן, ווי שווערע טראָפּנס — איינע נאָך דער אַנדערער; האָבן אין מיר זיך אַראָפּגעלאָזט. דאָס זענען די עכאָס פון דער מלחמה. זי קומט איצט פאַר גאָר ווייט פון דאַנען.

עס האָט מיר געדאַכט, מיר זענען דער פאַרוואַקסענער פעלדז. מיט יעדער מלחמה ווערט די פאַרוואַקסנקייט אָפּגעשווענקט. מיר וועלן אויף ס'ניי באַוואַקסן ווערן, ביז אַ נייע מלחמה וועט דעם שפּראָץ אויף אונדז ווידער אָפּשווענקען.

די יונגע שכנטעס, אַנטקעגן אין די פענצטער, האָבן איצט זיך איבערגעטאָן נייע געבלומטע קליידלעך. זיי האָבן זיי געגלעט אויף זיך — אין לאַנגע שפּיגלען, צוגעשרויפּט אין די פיר עקן, צו די ווענט — מיט בידעריקע סופיטן איבער זיך.

נאָר ביי די ראַדיאָס האָבן די קינדער זיך געשפּילט. זיי האָבן געדרייט די קנעפּלעך. זיי האָבן זיך איינגעהאָרכט.

די מלחמות זענען איצט געווען אין די ווייטע לענדער. אין מזרח זענען געפאַלן עטלעכע זעלנער. אין מערב האָט מען געשאָסן. ביי אונדז האָבן די אויטאָס אויסגעצויגן געפייפט.

דאָס קול פון ספּיקער האָט זיך געטראָגן פון די אָפענע פענצטער.

נאָר דאָס שפּיל פון די קינדער איז פאַרשוויגן געוואָרן. די מאַמעס האָבן זיי גענומען און איינגעוויגט אין די וויגן.

אָט דאָס אַלץ האָב איך איצט געלייענט אין אַ זשורנאַל, געשפּרייט פאַר מיר.

איך האָב געוואַרט אויף דער בלומען־ברענגערין.

איך בין מער נישט צוגעגאַנגען צום פענצטער, קוקן צו די יונגע פאַרפעלקער, ווערן טרויעריק; זיקנה מאַכט מיך נישט טרויעריק.

איך האָב געוואָלט זיך פאַרמאַכן מיטן מיין אייגענער זיקנה. איך האָב זי דערשפּירט

אין מיר. איך האָב מורא געהאַט, זי זאָל פון מיר נישט אַרויספליען דורכן פענצטער, ווי אַן אַלטער פויגל, וואָס זוכט זיך אַ ווינקל. איך האָב געוואָלט זי וואַרעמען אין מיר. דאָס ערשטע מאָל האָב איך היינטיקן אָוונט זי דערשפּירט אין מיר.

איך האָב פּאַמעלעך זיך אויפגעהויבן פון דער שטול, נישט צו וועקן דעם אַלטן פויגל; אפשר דרימלט ער אין מיר. איך בין אויף די שפּיצן פינגער צו צום פענצטער — צו פאַרמאַכן די לאָדנס. איך האָב פון דער אַנדערער זייט פאַרשלאָסן די טיר. איך האָב פאַרשטופּט אַלע שפּאַרעס אַרום די ווענט.

איך האָב זיך אויסגעטאָן נאַקעט. כ'האָב אויף מיין קערפּער געוואָלט זוכן די ערשטע גרויע האָרעלעך. איך האָב זיי נישט געפונען.

די פּאַרקויפערין האָט אַנגעקלאַפּט. זי האָט אַריינגעקוקט דורכן שליסל־לעכל. זי האָט די בלומען געלאָזט ליגן ביים שוועל, און איז אַוועק.

אין שטוב איז איצט געווען וואַרעם. איך בין אַ נאַקעטער, מיט די הענט אַרויף, געלאָפן אַרום די ווענט, געזוכט אַן עפענונג אַרויס. אויך אַן די קליידער איז מיר ענג.

איך בין דאָ געווען איינגעמויערט אין ריזיקע בנינים — אַ בנין אין אַ בנין — מיט דיקע מויערן אַרום; בלויז די בלומען האָבן צו מיר אַריינגעשמעקט דורכן לעכל מיט דער ליידיקייט פון דער פּאַרקויפערינס פאַרטעך.

איך האָב געוווּסט, מען האָט מיך ווידער אינעווייניק. דאָס מאָל אויף זיכער. קיינער אין דרויסן האָט נישט געלאַכט.

אַ דערשעפּטער האָב איך ווידער זיך געזעצט אויף דער שטול; די קליידער אַרום מיר זענען שוין געווען קאַלט — אַן מיין וואַרעמקייט אין זיי.

זיי זענען געווען שטייף. זיי זענען געלעגן ווי בלעכענע שיידלען. עס איז מיר געווען קאַלט אַריין אין זיי.

איך בין געזעסן און געוואַרט, עס זאָלן אָנוואַקסן אויף מיין גוף האָר. ווייכע, וואָלענע — שוואַרצע צי בלאָנדע — לאַנגע, געדיכטע. זיי זאָלן אויספילן דעם גאַנצן צימער, און איך, ווי אין אַ פּושקע — איינגעבעט אין זיי. די ווענט וועלן זיך צעפאַלן, און איך וועל ווידער זיין אין דרויסן. רויע ערד אונטער מיינע באַרוועסע פיס.

זיי זענען געוואַקסן אויף מיר — ווייסע, קורצע — שטייפע, געפּרווירענע. זיי האָבן אָפּגעשפּיגלט מיט פראָסט־פּונקען אויף די ווענט.

אַן עלעקטריש לעמפּל האָט אַראָפּגעלויכטן פון אויבן. דער סופיט איז געהאַנגען איבער מיר. ער איז מיר געלעגן איבערן קאָפּ, האָט מיר אַראָפּגעפּלאַטשיקט דעם שטערן, געמאַכט אים נידעריק, קיילעכדיק און דין. בלויז גרויסע אויערן האָבן אונטער אים אַרויסגעסטאַרטשעט, ווי צוויי אויערן פון אַ ברייטן טאָפּ. איך האָב מיט זיי געהערט פון ווו ווייט.

איך האָב פאַרנומען אַלע קולות — די שושקערייען פון פאַרליבטע פאָרלעך אין אַלע ווייטקייטן, און אַלע איינצלנע געיאָמערן.

איך האָב זיך געוווּנדערט. איך בין געזעסן איינגעפּרעסט אין דעם צימערל, צוגע־פּעסטיקט, ווי צו אַ פליענדיקער פּאַרקלאַפּטער קאַבינע אין חלל.

נאָר הער־רערלעך זענען מיר איינגעפּאַסט אין די אויערן — באַהאָפטן צום חלל. זיי זענען אין מיר אַריינגעשטעקט דורך אַלע אָדערן, ביז אין די געדערעם.

עס האָט מיר געדאַכט, איך בין אַ חלל־מענטש; איך שווים אין קאָסמאָס —

אָפּגעריסן פון לענדער און וועלטן. דער פויגל אין מיר איז געלעגן באַהאַלטן, שרעקיק איינגעצויגן דאָס קעפּל. די רערלעך האָבן אין אים געשטעקט.

איך האָב זיך געכאַפּט, די צייט איז אַוועק. אפשר דערשטיקן דעם פויגל אין מיר. ער וועט אָבער, ווי אַ פּגר, שוין אייביק בלייבן ליגן פאַרסמט אין מיר. איך האָב אים נישט מיט וואָס צו נערן. נאָר טרויער־ניגונים האָבן אין מיר געשוועבט.

איך בין געפלויגן אַרום דער ערד — ווייט פון איר, און צו די הימלען האָב איך נישט געגרייכט. איך בין געווען אַ שטאָלענער פויגל. איך האָב געטאַפּט, צי איך האָב אַ נשמה. ווען איך האָב זי נישט — וואָלט איך געלעבט אייביק. אפשר איז שוין אונטן, די ערד אויך אַ שטאָלענע. אַלע נשמות זענען איינגעגליווערט.

די קאָלירן האָבן זיך געטוישט. עס איז געווען נאַכט, טאָג. פּיאָלעטע, צעצונדענע, רויטלעכע און גרינע, שטראַלן — האָבן פון צווישן ריזן־בערג, זיך געשטרעקט צו מיר; ימים טינט, שוואַרצער, האָבן פאַרגאָסן די יבשות. איך האָב אין זיי געוואָלט טונקען די שטראַלן, און שרייבן אויף די בלייענע טאָוולען פון די געלאָשענע ווענט — די געשיכטע פון דער ערד און פון דעם אַלעם, וואָס האָט זיך געראַיעט אויף איר.

ווערעמלעך זענען געקראָכן אויף מיר און מיר געביסן דעם נאַקעטן קערפּער, אונטער דעם שטאָלענעם פּאַנצער, ווי אַ מאָל אין דעם גיפּסענעם בעטל.

איך האָב אַרויסגעשטרעקט די הענט גלייך פאַר מיר און אויף זיי גענומען דעם ערד־קיילעך. איך האָב אים געטראָגן פאַר זיך — אין געפלי. איך האָב אים נישט געהאַט ווו אַוועקצולייגן. איך האָב מורא געהאַט, ער זאָל מיר נישט אַרויספאַלן פון די הענט. איך בין מיט אים געפלויגן, זיך געדרייט אין חלל אַרויף, אַראָפּ. איך האָב אָנגעלענט דעם קאָפּ אויף אים. ער איז געווען וואַרעם. עס האָבן אין אים געקלאַפּט אָדערן, ווי פון אַ פאַרבאָרגן האַרץ. איך האָב צוגעלייגט די באַק צו אים, ווי צו אַ קישן.

מיין אויער האָט איינגעזאַפּט אין זיך דעם פאַרטויבטן רויש. איך האָב געוווּסט, נישט קיין האַרץ קלאַפּט אין אים, נאָר ער איז אָנגעפילט מיט קברים. די ביינער קלאַפּן אין זיי, ווי אין ליידיקע שאַכטלען.

זיי גיבן אָבער אַרויס פון זיך שטראַלן, די ביינער. דאָס זענען זיי, די גרינע שטראַלן, וואָס שטרעקן זיך, ווי הענט צו מיר. זיי האָב איך עס געוואָלט טונקען, און מיט זיי שרייבן די געשיכטע פון מיין אייגן ווערן ערד.

איך האָב געוואָלט אַריין אין אַזאַ אויסגעליידיקטן קבר און זיך באַהאַלטן אין אים; זיין דאָס קלאַפּנדיקע האַרץ פון דעם פליענדיקן ערד־קיילעך. בלויז אַרויסשטעקן די הענט און ווייטער טראָגן אים.

באַלד האָב איך אַריינגעצויגן די הענט און בין געבליבן פאַרמאַכט אינעווייניק. איך האָב געפילט, ווי פון דרויסן וויג איך זיך אַליין אינעווייניק. איך וויג זיך איין. איך בין געלעגן און האָב פאַרמאַכט די אויגן. איך האָב פאַרנומען אַ ניגון, וואָס שלעפּערט מיך איין. איך האָב נישט געוווּסט, צי דאָס איז מיין אייגענער ניגון, צי דער טרויער פון קאָסמאָס, וואָס איז אין מיר אַריין.

דאָס איז געווען דער ברום פון די ביינער אין די ליידיקע קברים אַרום מיר. ער האָט עס אָנגעפילט דעם קאָסמאָס. איך האָב אים פאַרנומען אין מיר.

איך האָב געוווּסט, איך שטראַל איצט אויך אויס גרינע שטראַלן. זיי בינדן מיר, ווי פאַסקעס, די פיס און די הענט. זיי האַלטן מיך צוגעקניפּט אין דעם חלל.

איך וועל פון זיי שוין קיין מאָל זיך נישט באַפרייען.

איך בין אַרויסגעקראָכן און זיך געלייגט אויף די קברים, ווי אויף בריסטן פון אַ פרוי, פאַרטוליעט צווישן זיי דעם קאָפּ. איך האָב געוווסט, אַלע קברים זענען ליידיק.

איך האָב געהערט טריט, גרויסע טריט אין דעם חלל, ווי אין אַ גאָרטן. זיי זענען אַוועק.

איך האָב געוואָלט קערן דעם קאָפּ אויף הינטער זיך, זען. איך האָב אים נישט געקאָנט דרייען. ער איז געווען איינגעשטייפט אין גליוועך. איך האָב נישט געזען, נאָר בלויז געהערט; פאַרנומען די קולות, וואָס קאָלערן זיך.

זיי זענען מיר געראנען אין די אויערן, ווי רויטע טראָפּנס. זיי זענען אין מיר אַריין. זיי זענען געוואָרן דאָס בלוט פון מיין האַרץ.

איך האָב געוווסט, איך וועל אין קבר מער נישט קאָנען זיין. עס וועט פון מיר אַרויסוויינען און פייכט מאַכן די ערד אַרום. איך וועל דאָרט ליגן, ווי איין גרויסע אָנגעבלאָזענע טרער. איך וועל זיין דאָס וואָסער פון טהרה פאַר אַלע געשטאָרבענע.

און וועלן די לעבעדיקע וויינען — וועלן זיי וויינען מיט מיר.

איך וועל זיי ברענען, ווי זאַלץ די אויגן.

ביז איך וועל צעגיין.

איך האָב פלוצעם געוויינט, און נישט געוווסט, ווער עס וויינט אַרויס פון מיר. אפשר מיין מאַמע, און אפשר מיינע קינדער, וואָס זענען אַ שטיק טרער.

איך האָב געוואָלט זיי אין מיר פאַרשטיקן, און זיי זענען דאָ. איך האָב דערשפירט, אַז איך בין נישט אַליין. זיי זענען מיינע מחשבות.

זיי וועלן פון מיר אַרויסברעכן, איך וועל זיי פאַרלירן אין וועג, ווי אַ געווינערין; זיי וועלן שטיין אויף די אייגענע פיס אין חלל.

זיי וועלן זיין מיינע, ווייל פון מיר זענען זיי אַרויס.

מיין צער וועלן זיי אויסוויינען אויף אַלע וועגן.

ביז די ליידיקע קברים וועלן אָנגעפילט ווערן מיט טרערן.

די ביינער וועלן נישט קלאַפּן, נישט אַרויסשטראַלן פון זיי.

עס וועט פון די קברים מער נישט אויפגיין קיין ניגון.

און איך וועל אויפגעבינדן ווערן.

איך וועל צוריק אַראָפּפאַלן צו דער ערד.

איך וועל אַריינפאַלן אין אַ בעט.

עס האָט מיך געגלוסט, צוריק רוען, ליגן אין מידקייט אויף דעם בעט.

עס האָט מיך געגלוסט, צוריק אויפצומאַכן די לאָדנס — אַריבערקוקן צו מיינע יונגע שכנים — אויף דער אַנדערער זייט גאַס. זיי זענען אַלע געשטאַנען ביי די פענצטער, אויף די באַלקאָנען. זיי האָבן פריִער געזען די בלומען־פאַרקויפערין אונטן, אַרויסגיין פון מיין הויז. זיי האָבן אַריבערגעקוקט צו מיין נאַקעטקייט. אַ קינד איז געלעגן אין אַ בעטל מיטן בעקעלע אויפן קישן. עס איז איינגעשלאָפן.

איך האָב אויף זיך אַרויפגעצויגן אַ שלאַפראָק און אַריבערגעגרוסט צו מיינע שכנים. זיי האָבן נישט געענטפערט. איך האָב נישט געוווסט, וואָס זיי האָבן צו מיר. זיי האָבן אָנגענומען מיין העפלעכקייט צו זיי, ווי הכנעה.

זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן און אַראָפּגעלאָזט זייערע לאָדנס פאַר מיר.

איך האָב געוווסט, איך בין נישט אַליין. די בלומען־פאַרקויפערין איז שוין אין מיר

איינגעשלאָסן. איך האָב זיך אויסגעברייטערט נאָכן זען זי. לאַנג נאָך וועל איך זיין אומרויִק פאַר איר.

איך האָב זיך דערמאָנט, אַלע פרישע מענטשן, וואָס איך טרעף אָן — ברייטערן מיך אויס; ווערן אַ טייל פון מיר. מיין מאַנטל איז אויף זיי געשפרייט — אויך אין די ווייטקייטן.

אויך מיינע שכנים און זייערע קינדער זענען שוין אַ טייל פון מיין אויסגע־ברייטקייט. איך נעם זיי אַרום. איך וועל זיך זאָרגן פאַר זיי — אויך אין מיין קבר.

איך האָב געהאַט חשק, אַריבער צו זיי און פאַר זיי, פאַר זייערע ווייבער, זיך צו פאַרענטפערן:

— די שכינה רוט איצט נישט אויף מיר. ווען מיר זענען שפעריש — דאַרפן מיר נישט זייער מין; דורכן שאַפן זענען מיר באַהאָפטן מיט אַלץ אַרום. נאָר ווען מיר זענען עקרדיק — זענען מיר טרויעריק. מיר דאַרפן דעמאָלט זיי. דורך איר ווילן מיר זיך באַהעפטן מיט אַלץ, פון וועלכן מיר זענען אָפּגעשניטן.

מיר ווילן נישט אונטערגיין.

אונטערגאַנג איז ערגער פון טויט.

איך האָב געוואָלט זיי זאָגן, אַז זיי זאָלן דאָס אָנמעסטן אויף זיך און — מיך משפטן.

אויך איך, איידער איך משפט — טו איך זיך אָן יענעמס געשטאַלט. אין אים שטיי איך צו זיין משפט פאַר מיר.

איך האָב זיי געוואָלט זאָגן, אַריבערשרייען צו זיי, נאָר זיי זענען נישט געווען. זיי האָבן דאָרט זיך שוין באַהאָפטן מיט זייערע יונגע פרויען. דער אָוונט איז געווען שפעט. די לבנה איז שוין געשטאַנען הויך איבער דעם געסל און אין דעם אַריינגעלויכטן.

איך האָב געוואָלט אַרויפבילן:

—אַזוי יונג און מוזן שוין זיך באַהאַלטן איינער אין אַנדערן — אין דער שרעקנדיקער נאַכט!

מיך לאָזן זיי אין דרויסן.

די עלטערן זענען געווען אין די שלאָפצימערן, און די קינדער האָבן געווייִנט איבער דער וואַנט, ביי זיך אין די בעטלעך.

איך בין אַראָפּ אויף דער גאַס און געוווסט עס איז ווידער אַ וועלט פון מידת־הרחמים, פון מילדקייט און הכנעה. מען פאָרט זיך אין די שטובן. די שטאָט איז ווידער געווען אַ וואָגן, געפירט ערגעץ ווייט אין דעם אָוונט. גרויסע פערד שלעפּן אונדז פאָרויס. איך און די פאָרלעך ליגן אין אים, נאָענט.

איך האָב דערשפירט די דראָטן, וואָס נעמען אונדז אַרום. מיר זענען פאַרמאַכט. מיר ליגן אויף אונדזערע לאַפּקעס, מיר ווערן געשלעפּט, און בילן נישט.

מיר זענען געפאָרן אין דעם וואָגן. איך, מיינע שכנים אין די בעטן, און די פרוי, וואָס איז איצט אַרויס פון טויער — אַ שטאָלצע — מיט אַ הויכן שוואַרצן הוט, און אויף הויכע דינע אָפּצאַסן. זי האָט פון מיר אָפּגעקערט דאָס פּנים. איך האָב געוווסט, שטאָלץ איז ווייטיקלעכער פון יסורים. איך האָב אויף איר געהאַט רחמנות. זי איז אויפן וואָגן געגאַנגען אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. זי קאָן נאָך אַראָפּפאַלן.

איך בין געזעסן איינער אַליין אין ברוקירטן געסל און אַרויפגעקוקט צו די הייזער.

די טירן און פענצטער זענען געווען פאַרמאַכט. פון אויבן האָט מען געשנאָרכט אַרויס פון אַלע שפּאַרעס פון די לאַדנס.

איך האָב גענומען שלעסלעך און אונטן אָנגעהאָנגען אויף אַלע טויערן פון די הייזער. איך האָב זיי פון דרויסן פאַרשלאָסן.

איך בין געווען אַ שומר. דאָס שליסעלע איז געלעגן ביי מיר אין טאַש. איך האָב זיך געדרייט אַהין און צוריק — אָנגעצויגן אין אַ לאַנגן מאַנטל ביז די פּיס אַראָפּ.

איך האָב מורא געהאַט, ווען איך וועל אויפשליסן, וועלן זיי שוין אַלע זיין אַלט. זיי וועלן אַרויפציען די לאַדנס. נישט זיי — דאָס וועלן שוין זיין זייערע קינדער. זיי וועלן מיך נישט געדענקען.

איך האָב געוואָלט אַוועקוואַרפן דאָס שליסעלע. עס קאָן אין די הייזער יורין, נאָך יאָרן אַרויסזעצן די ווענט. איך וועל אינעווייניק געפינען דעפאָרמירטע באַשע־פענישן — מאָנסטערס.

איך האָב מורא געהאַט צו אַנטלויפן.

עס איז אינעווייניק געווען שטיל.

איך האָב געוואָלט אַריינשנאָרכן דורך די שפּאַרעס, צוריק געבן זיי אָטעם, אים באַהעפטן אין זייערן.

די לופט אַרום איז געווען איינגעגליווערט, די אָטעמס האָבן זיך נישט באַוועגט. מען האָט אים נישט געקאָנט איינציִען. אַלץ איז געווען שטייף.

איך האָב געעפנט דאָס מויל, און נישט געקאָנט אויפרייסן די ציין. זיי זענען מיר געווען פאַרהאַקט.

איך האָב געוואָלט זיך זעצן, און בין געבליבן איינגעגליווערט אין דער לופט.

איך האָב מער נישט געקאָנט שליסן די אויגן. זיי זענען געווען אויפגעריסן.

איך האָב געוווּסט, איך בין אַ סטאַטוע.

אַ סטאַטוע פון זיך אַליין.

איך האָב געוווּסט, איך האָב זיך אָנגעפילט מיט אומשטערבלעכקייט.

דעריבער בין איך געשטאָרבן.

איך האָב געפילט, מיין הויט אַרום מיר ווערט פאַרוואַקסן מיט שטיין. אויך איבער די אויגן — אַ שטיין־הייטל. אין יעדער סטאַטוע לעבט דער גוף. איך האָב זיך געוווּנדערט, וואָס איך האָב ביז איצט עס נישט געוווּסט.

עמעצער איז אָנגעגאַנגען. אַ ייִנגל. ער איז אויף מיר אַרויפגעקראָכן, פאַרנט. ער האָט געוואַשן די סטאַטוע. ער האָט מיט די פינגער מיר געעפנט די אויגן. ער האָט אין מיר אַריינגעקוקט.

איך האָב געוואָלט שמייכלען צו אים.

ער האָט מיך אָנגענומען פאַר אַ האַנט און מיך געפירט אַ היים. אין דרויסן איז נאָך געווען שפּעטע נאַכט.

די בלומען־פאַרקויפערין איז אַלץ געשטאַנען פאַר דער טיר און האָט געוואַרט מיט די בלומען אין האַנט. איר דורכזיכטיקע הויט איז נאָך געווען פון דין־בלויען פאַרצעליין, וואָס אָטעמט.

איך האָב געוווּסט, זי האָט פאַרשפּעטיקט.

זי איז צו מיר אַריין און האָט זיך געזעצט פאַרן פּיאַנאָ. זי האָט מיט אירע לאַנגע פינגער אַרויסגעלאָזט קלאַנגען פון די קלאַווישן. זיי זענען, אויפגעשפּרונגענע, אַרויס

מיט געיאָמער; אויפגעוועקט פון זייער אורשלאָף. זיי וועלן מער נישט זיין, נאָכן איינגעשטילטן עכאָ.

זיי זענען געלאָפן איינער נאָכן אַנדערן, ווי דורך אַ שפּרונג; זיך געיאָגט מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ; שנעלער, שנעלער, איבערקומען.

איך האָב געוואָלט זיי איינהאַלטן, אָפּשטעלן אירע פינגער. מען האָט שוין נישט געקאָנט. דאָס צימער איז געווען פול מיט זייער ציטער, מיט זייערע פיסלעך איבערן האַרץ. זיי אַליין זענען נישט געווען.

פרישע קלאַנגען זענען געפלאָסן מיר, דורך דער הויט, האָבן אַנגערירט די וואָרצלען פון מיין בויך.

באַלד האָבן זיי מיך אָנגעגריפן. איך בין געווען דער קלאַוויר. אירע פינגער זענען געשפּרונגען איבער מיר.

איך האָב זיך געפילט, ווי דער זכר, וואָס די זי האָט איבערגענומען זיין שליחות, זיך געשטאַרקט איבער אים. אירע פינגער היפּערן אין מיר, און שלאָגן אַרויס ניגונים.

איך האָב געוואָלט זיך אָפּטרייסלען פון די קלאַנגען, און פון אירע פינגער איבער מיר; אָפּשאָקלען זיך, צעבראַזגען די קלאַווישן.

זי האָט נאָך געשפּילט, ווי זי וואָלט פאַרגעסן אין מיר.

איך האָב זי איבערגעלאָזט, און בין אַראָפּ, אין דרויסן.

ווען איך בין געשטאַנען ביים אַרויסגאַנג אונטן אויף דער גאַס, האָט זי זיך אַריבערגעבויגן אויבן — איבער מיין פענצטער און מיך צוריקגערופן.

איך בין אַרויף אין צימער.

זי האָט מיך געפרעגט, ווער איז איר טאַטע.

איך האָב נישט געוווּסט.

זי האָט מיר דערציילט, איר טאַטע איז אַהערגעקומען פון די טאַלן. ער איז דאָרט געווען מיין שומר. ער האָט עס אין זיך אַריין — אויסגעזויגן די אָטעמס פון אונדז אַלע. ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער זיי אין איר מאַמען אַריינגעבלאָזן. איצט לאָזט זי זיי אַרויס מיט די קלאַנגען.

איך האָב געוואָלט נעמען נקמה אין איר.

איך האָב זי באַפוילן, זיך זעצן.

זי האָט זיך געזעצט.

איך האָב געוואָלט זיך לייגן אויף איר, מויל צו מויל, אָטעם צו אָטעם, קני צו קני, און אַרויסבלאָזן פון אירע נאָזלעכער דעם הויך, צוריק פריי לאָזן אים; דערפילן מיין שליחות פון זכר.

איך האָב געדענקט, איר טאַטע פלעגט אַזוי — פון צווישן די געטריבענע אין די וועגן, אַרויסציִען אונדזערע שוועסטערלעך. ווען ער האָט זיי אָנגענומען — האָט זיין האַנט זיי איינגעפרוירן דעם אָטעם. ער האָט ווייטיקדיק אין זיי אַריינגעבלאָזן זיינעם.

זיי זענען פון דעמאָלט אָן מער נישטאָ. ער ליגט איצט אין דער מיטן נאַכט, דאָ נישט ווייט, אין זיין היים; זיין נאַקעטער קאָפּ — בלייך איינגעטוליעט אין קישנס. ער חלומט איבער זיס יענע מינוטן, וואָס ער קאָן זיי מער נישט צוריקכאַפּן.

ביי אים אין בעט האָט ער נאָך דעם אויפגעבלאָזן זי. ער וואַכט איצט איבער איר יונגקייט.

איך האָב זי גענומען אַראָפּ אין גאַס. איך האָב זי געפירט צו דער טונקעלער אַליי. איך האָב געפילט, מיין פּנים ווערט מיר איינגעצויגן, ווי פון אַן אַסקעט. זי האָט אויף מיר זייטיק אַ קוק געטאָן. מיר זענען לאַנג געגאַנגען — זי נעבן מיר. מיר זענען צוגעקומען צווישן די ביימער. איך האָב זי געפרעגט, צי זי וויל זיך זעצן אויף אַ באַנק. זי האָט זיך געזעצט. איך האָב זיך געזעצט נעבן איר. איך האָב זי אָנגענומען פאַר אַ האַנט.

— דו ווייסט, וואָס איך וויל צו דיר טאָן? — האָב איך געפרעגט.

איר ווילן איז געווען אונטערטעניק.

איך בין געבליבן זיצן. איך האָב געוואָלט באַגרייפן די רגע. איך האָב מורא געהאַט, איך זאָל אַרום איר נישט דרייען זיך דאָס גאַנצע לעבן אין אַ קרייז.

איך האָב געוואָלט אין איר אַריינקוקן; זוכן איר פּאַטערס אויגן. אַ מאָל האָב איך זיך געשפּיגלט אין זיי, ווי אינעם בלאַנק פון אַ חלף. ער איז געשטאַנען אַנטקעגן מיר, פּנים אל פּנים — אין אָפענעם טאָל.

זי איז געווען אַ מזבח — גרייט אויפצובברענגען מיך — צו איר פּאַטער.

איך האָב געוווּסט, איך טראָג אין זיך זיי אַלע, וואָס מאַכן מיך לויפן, ווי אַ ווינט, אין דער דאָזיקער נאַכט; די וואָס האָבן מיך אויסגעלייזט פון מיין גוף און הייבן מיך, לייכט ווי אַ פעדערל, אין חלל — אַזוי ביזן סוף פון מיין זכרון.

איך בין אַוועק. איך בין אָבער געבליבן ווייטער אין דעם וואָגן, וואָס איז אַלץ געפאָרן טיף אין דער נאַכט. ער האָט געשלעפט די אַליי. איך בין אויף אים געלעגן שווער. איך האָב געוווּסט, איך בין נישט געפאָרן מיט יענע אַלע, צווישן מיינע נאָענטע, מיטן טאָל — פאַר איך איצט מיט דער פרעמדער שטאָט. דער וואָגן פאָרט דורך אָפענע פעלדער ווייט אין דער נאַכט אַריין.

# ר ו י ם

מיר זענען איצט אין רוים. מיר זענען פֿאַרשפּרייט איבער גאַנץ אייראָפּע. עס זענען נישטאָ פֿאַר אונדז קיין גרענעצן. מיר האַלטן זיך אין די נעכט פֿאַר די הענט, פֿירן זיך אין דער פֿינצטער, אין רייעס, איינער נאָכן אַנדערן, און — שניידן דורך וועלדער, טייכן. מיר שטרעקן זיך פֿון לאַנד צו לאַנד. אונדזערע שליחים ציִען, געבויגן, איבערן ערדקיילעך, און וועבן איבער אים אונדזער נעץ. קאָנטינענטן זענען מיט אונדז דורכגעשפּינט; לענדער ווילן פֿון אונדז זיך אָפּווישן; די ערד — זיך הייבן, אונדז אַראָפּוואַרפֿן. מיר האַלטן זיך מיט די נעגל; קריכן אונטער אירע ראַנדן. דאָס מאָל האָבן מיר זיי אָנגענומען, די פֿונדאַמענטן. מיר וועלן זיי אויפֿטרייסלען ביזן אָפּגרונט; נידערן זאָלן זיי מיט אונדז — אויב שטערן מען וועט אונדזער גאַנג.

דען מער ווילן מיר נישט. מיר ווילן פֿריי דורכציִען זייערע גרענעצן; זיי זאָלן שפּעטער אונדז פֿאַרגעסן.

ש. איז געשטאַנען אויף דעם גאַסן־טראָטואַר אין רוים, און האָט געזוכט די פּוסטרייט פֿון די שליחים. ער האָט געהאָפֿט, דערקענען וועט ער זייערע שאָטנס, צווישן די המונים, וואָס מאַרשירן פֿאַרביי. ער האָט געקוקט די מענטשן אין די פּנימער, אין זייער גאַנג. ער האָט געוווּסט, אַ ייד איז דער, וואָס זיינע אבות בליקן אים אַרויס פֿון די אויגן, און וואָרענען יעדן טריט זיינעם. דעריבער גייט ער געשטרויכלט. ער האָט געזען, די המונים, אומעטום, זענען געבליבן; זיי זענען ממשות; און די יידן — מער נישט. ער וועט אָפּשטעלן דעם ערשטן רוימער אים דאָס פֿרעגן.

ער האָט געדענקט, אויך זיי דאָ זענען נישט יונג; זייערע אבות זענען געווען די רוימישע לעגיאָנערן; די קאַרדינאַלן פֿון דער אינקוויזיציע. זיי זענען תמיד געשטאַנען פֿון דער צווייטער זייט באַריערע — אַנטקעגן אונדז. איצט זענען מיר נישטאָ. זיי זוכן אונדז נישט.

— מיר זענען דער געטויטער הבל.

ער האָט זיך געוווּנדערט, וואָס ער פֿילט זיך אייגן צווישן זיי. זיי גייען פֿלינקע, מיט אַ ריטעם אין די פֿיס.

זיי דאָ זענען נישט קין.

ער האָט געקוקט אין זייערע אויגן. אין קיינעמס פֿון זיי איז נישטאָ זיין צייכן. אַ לויטערער גלאַנץ פֿאַרפֿלייצט די גאַסן; טריפֿט אין אים אַריין.

הבל, ווו איז דיין ברודער קין?

ער האָט געזוכט די אַלטע רוימער. ער האָט געוווּסט, ערגעץ טיף אין זיי דאָ, ווי אין אַ נאָרע, זיצט טיטוס, אַ געזעטיקטער בער, וואָס האָט איינגעצויגן די לאַפּעס. ער האָט זיך אויסגעגענעצט.

און אפשר איז דאָס אונדזער שליחות? איבער אונדז מוזן זיי אַריבער? אויך די טאָל־וועכטער דרימלען איצט געזעטיקטע.

ש. האָט געשטעלט זיינע טריט ווייטער. ער האָט געבלאָנדזשעט איבער די גאַסן, מיט די אַלטע ברוינע הייזער פוןביידע זייטן. ער קען קיינעם נישט. ער האָט געוווסט, לייבל און אסתרקע זענען שוין פאַרטאָן ווייט אין די וועגן. ער האָט נישט וועמען צו פרעגן. ער האָט געוואָלט אָפּשטעלן אַן אויטאָ. ער האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט.

ער האָט געזען, די גאַנצע שטאָט מענטשן פליסט אָן מיילער. ער קאָן נישט רעדן מיט זיי. קיינער שטעלט אים נישט אָפּ. ער איז געווען נאָענט פון זיי.

די אויערן זיינע האָבן איצט פאַרנומען דעם רויש פון דער שטאָט; ווי כוואַליעס האָט ער זיך געהויבן. עס איז געווען זונטיק, און די מאַסן האָבן געשטראָמט ווייט, ווייט. אויך ער מיט זיי.

ער האָט אָפּגעשטעלט עמעצן; געמאַכט צו יענעם מיט די הענט. יענער האָט אים געקוקט אין מויל. ער האָט געענטפערט. ער האָט געזען יענעמס צונג.

באַלד האָבן די גאַסן זיך צערעדט. עס האָבן גענומען פלייצן רייד; זיי האָבן זיך געהויבן. די מענטשן זענען געשווומען. ער איז געווען אויף דער קאַוור גאַס.

די כוואַליעס רייד האָבן אויך אים געטראָגן. ער האָט געוווסט, אין דעם רויש קאָן מען אַריינשרייען. מען איז ווייט פון גאָט. מען זעט נישט דעם חלל. ער האָט צעעפנט די אויגן.

און אפשר זענען זיי דער שטאָם פון די געפאַנגענע פון יהודה, וואָס טיטוס האָט מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק אַהערגעבראַכט פון ירושלים?

און מיט אַ מאָל האָט ער באַנומען, די מאַסן שטראָמען אַלע אין איין ריכטונג. די כוואַליעס מענטשן איילן־איבער איינע — די אַנדערע; יונגע לאָזן הינטער זיך זקנים, פרויען מיט ברייטע קאָלירטע פלייצעס. קינדער לויפן אין דער זייט; הויכע אַלטע לייט שטעלן פאָרויס די שטעקלעך. דער המון טראָגט זיי מיט זיך. בייע שטראָמען פלייצן אָן — פאַרפּעלקער מיט קינדער פאַר די הענט; חתנים מיט כלות. זיי רוקן זיך איבער דער ברייט פון די שאָסייען. די המונים שניידן דורך — פּול־געפּאַקטע אויטאָס מיט פענדלעך איבער די דעכער; ספּאָרטלער — אויף ראָווערן און מאָטאָציקלען. דער שטראָם פירט אים מיט זיך. ער קאָן זיך נישט אָפּהאַלטן. אַ ים מיט קעפּ הינטער אים און פאָרויס. כוואַליעס פיס גייען אָן, שטעלן זיך, און זיינע — צווישן זיי. די הויכע הייזער שטייען אַרום, ווי ווענט. די מאַסן פליסן צווישן זיי ווייט, ווייט. עלנבויגנס שליסן אים איין און גיבן אים אַרויס.

ער האָט געפילט, ער גיט זיך איבער דעם המון, ער גייט מיט אים. די פיס פילן זיך אים אָן מיט כוח. ער שפּרייזט. ער האָט זיך פאַראייניקט מיט די קערפּערס און קליידער. אַרום אים, פאַר די אויגן — רויט, בלוי, גרין. ברעקלעך אומפאַרשטענדלעכע ווערטער זענען אים געפלאָסן אין די אויערן אַריין. אַ לאַכן. עס האָבן פאַר אים געשוועבט פּנימער, וואָנצעס, נאַקעטע קעפּ, האָר. נידעריקע שוואַרצע ראַנדן פון גלחים־קאַפּעליושן האָבן אים געשטעקט אין די אויגן. מען האָט אַרויסגעזען פאַר־ריסענע קעפּ פון פערד. זייערע פיס אונטן זענען, ווי נישט געווען איבערן אַספאַלט.

די דאַראַזשקעס, ווי אָפּגעטיילט פון זיי. דער המון טראָגט זיי הויך מיט די מענטשן אויף די געזעסן. זיי זענען אַריין אין אַן אַנדערער גאַס — אַ שמאָלע, אָן טראָטואַרן. אונטן — לענגלעך־פּירעקיקע שטיינער — פון ברייט צו ברייט. הויכע, ענג־באַהאָפּ־טענע הייזער פון ביידע זייטן. פון באַלקאָנען, שטאָק איבער שטאָק — האָט מען אַראָפּגעקוקט. ער האָט נישט געקאָנט אַרויפּרייסן דעם קאָפּ. זיי זענען פאַרביי אַ פּאָדיום. אַ פּאָליציסט אין ווייסע הענטשקעס האָט מיט אַ גומי־שטעקעלע גע־קערעוועט אויף רעכטס. אַ שטראָם ליכט האָט אויבן אַ בלענד געטאָן.

דער המון האָט זיך אַרויסגעשיט מיט אים פון געסל. זיי זענען געווען אויף אַ ברייטן, אָפענעם פּלאַץ, וואָס האָט זיך געצויגט משופּעדיק. אַ ים מיט קעפּ — אַלע מאָל נידעריקער אַראָפּ. ער האָט געזען, אויך פון די אַנדערע זייטיקע געסלעך, שיטן אַהער זיך אַריין פּנימער מיט נעז און מיילער. שטערנס. דער פּלאַץ נעמט זיי אַריין אין זיך. קינדער הענגען איבער געמויערטע פּאַרקאַנעס, שטאַכעטן, איבער ביימער. ער האָט אַריבערגעקוקט איבער די קעפּ. עס האָט זיך צעעפנט פאַר אים דער טייך טיבער. ער האָט, אַ גרויער, געשטראָמט זייטיק.

ער האָט זיך אויסגעדרייט אויף הינטער זיך. פון אַלע דריי זייטן פון פּלאַץ האָבן זיך אויך אָנגערוקט די הויכע הייזער. זיי זענען געגאַנגען פאָרויס, אָנגענומען פאַר די הענט, צוזאַמענבאַהאָפטן, ווי טאַנצנדיקע שורות. זיי האָבן ריטמיש זיך באַוועגט, אַריין אין די מאַסן — דערנענטערט און זיך דערווייטערט, ווי ריזיקע דעקעס אין ווינט. זיי האָבן פון זיך אַרויסגעשאָקלט די איינוווינער. זייערע בייכער זענען געבליבן ליידיק.

ער האָט באַמערקט האָטעל־רעקלאַמעס. די טוריסטן זענען אַרויס אויפן פּלאַץ, זענען פאַרשלונגען געוואָרן צווישן די מאַסן.

ש. האָט זיך געכאַפּט, עס איז דער אָנהייב פון די ווינטער־פעסטיוואַלן. ער האָט אין זיי אַריינגעטראָפן. אין רוים שטייט איצט די דרום־זון. עס ציִען אַהער געסט פון די ווייטע צפון־לענדער. ער האָט זיי געזען אָנקומען אויפן פּלאַץ, אויף רויטע און ווייסע אויטאָבוסן. זיי האָבן אונטן פון די בריקן, זיך דערנענטערט.

ער איז געווען אין מיטן פון דער שיפוע־העכערקייט, וואָס קוקט אַראָפּ אויפן פּלאַץ, אין זיין גאַנצער ברייטקייט — אַזוי ביזן טייך. דאָרט אונטן פאַרהאַלט זיך דער המון ביי אַן אייזערנער באַריערע. ער האָט דערשפּירט, ער איז אויבן איבער דער טריבונע. צווישן די פּיס, זענען בענק — שורה איבער שורה. דער פּלאַץ איז פול מיט זיי. די מאַסע איז צוזאַמענגעדרענגט צו איין מעכטיק לייב, וואָס אָטעמט שווער. אירע פּיס ברעכן זיך. זיי זעצן זיך איבער די בענק. אויך ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זיין אָרט, מיטן פּנים צום טיבער.

איבערן קאָפּ פון דער מאַסע האָבן איצט אין דער זון געפלאַטערט די פענער פון רוים. אויף ווי ווייט דאָס אויג האָט געגרייכט, אונטן און אַרויף צו די העכסטע בענק — אַ רעגנבויגן פון פאַרבן. די מענטשן אונטן — אויסגעזעצט, מיט די פּנימער צום טייך.

ער האָט געזען, דער טייך־ברעג איז ליידיק, ער איז אַרומגעצוימט, ווי אַ גראָז־גאָרטן. איבער דער ליידיקייט הענגען די עמבלעמען פון אַלע פעלקער און לענדער. מען קאָן זיי נישט ציילן.

די אויגן זענען אים געבליבן אויפגעריסן. די צייט האָט אין אים זיך צוזאַמענגעשרומפּען. עס האָט אים געדאַכט, ער איז אַ געפֿאַנגענער פֿון יהודה. זיי אַרום ווייסן נאָך נישט. באַלד וועט מען אים אַרויסלאָזן אויפֿן רינג אונטן. אַ לייב קעגן אים. דאָס האָט די מאַסע פֿריִער אים געפֿירט אַהער, צו די רוימישע פֿעסטיוואַלן. זי וואַרט אויפֿן יובעל. ער הערט שוין די איינגעהאַלטענע ברומעניש אין זייערע בײַכער. דער רויש כוואַליעט זיך איבער די קעפּ — פֿון דעם טייך אונטן, ביז הויך אַרויף, ווייט איבער אים. זיי ווייסן נישט, אַז דאָס מיינט מען אים דאָ, צווישן זיי. אויך דעם לייב זעט מען נישט. ער איז נאָך פֿאַרמאַכט ערגעץ אין זײַן שטייג. דאָ נישט ווייט איז דער קאָלאָסעום.

באַלד האָט ער געזען, די בליקן ציִען זיך טאַקע אין זײַן זײַט. פֿון די נאָענטע בענק אַרום זענען די אויגן אָנגעשטעלט אַהער. יעדעס אויג שליסט אים איין אין אַ ראַדקרייז. אויך די זון איז מיט איר שײַן געווענדט צו אים. ער האָט מיט דער האַנט פֿאַרשטעלט דאָס פּנים פֿאַר איר בלענדונג.

דורך די פֿינגער־שפּאַלטן האָט ער געקאָנט זען די פּנימער פֿון מענטשן אין די נידעריקערע בענק פֿאַר זיך; זייערע קעפּ, וואָס זענען פֿון אונטן אַרויף, אויסגעדרייט צו אים. די העלדזער געבויגענע, זענען אַלע געבייגט צו זײַן אָרט. ער האָט געזען, די זייטיקע שאַרפֿן פֿון בליקן; אָן אויער אָנטקעגן זײַן מויל; דעם גלאַנץ פֿון אַ פּאָר־שווייצן שטערן; אַ גאַנצע וואָנצע, אַ גרויע. ער האָט אָנגענומען זיך ביי דער נאָכ־הענגענדיקער שנור, כדי זיך איינצוציִען, זיך איינשרומפּן; ווערן קלענער, קלענער.

ער האָט געמערקט, ווי צווישן די זיצנדיקע שורות, זענען אויפֿגעשטעלט פֿון זייערע ערטער טוריסטן, אין קאָלירטע קליידער. זיי צוקן מיט קאַמעראַס און פֿילם־אַפּאַראַטן אַרום זיך — אויפֿן המון, אויף די אָבעליסקן און סטאַטוע־זיילן. זיי זענען צעשיט צווישן די בענק. מען האָט געזען הויכע, אַסקעטישע ענגלענדער; זייערע זין און טעכטער, מיט אָפּגעצויגענע פּנימער; דרום אַמעריקאַנער מיט גלאַנציקע, גלאַט־פֿאַרקעמטע, שוואַרצע האָר און וואָנצעלעך, מיט ריין אויסראַזירטע פּנימער — ענלעכע צו די רוימער. אַן אַמעריקאַנער, מיט אַ רויטער וועסט, און גאָלדענע ברילן אויף אַ שמאָלער נאָז, האָט אָנגעשטעלט אויף אים זײַן פֿאָטאָ־אַפּאַראַט.

ער האָט פֿאַמעלעך אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף הינטער זיך, און האָט זיך געכאַפּט, אַז דאָס זעט מען אים גאָר נישט; דאָס קוקן אַלע, איבער אים אַריבער, צו דער רויִמישער שיינהייט, וואָס זיצט אין דער העכערער שורה. זייערע בליקן לויפֿן בלויז פֿאַרביי זײַן קאָפּ. אירע אויגן זענען געווען פֿאַרמרוזשעט פֿון דער זון אויף איר פּנים. בלויז דורך אַ שמאָל שפּעלטעלע אין זיי האָט זי אײַנגעזאַפּט אין זיך אַלע בליקן, וואָס האָבן פֿון אַרום זיך געצויגן צו איר, ווי שטראַמיקע שטראַלן. זי האָט געהאַט אַ שוואַרצן האַרטורעם איבערן קאָפּ. ש. איז געווען צופֿרידן, זיך צו שיצן אין שאָטן פֿון איר גוף. דאָ וועט קיינער אים נישט אַרויסזען.

פּלוצעם האָט אַ לאַנגער געבריל, אַרויס פֿון טויזנטער העלדזער מיט אַ מאָל, איבערגעשניטן די לופֿט, ווי אַ שאָלונג. אַלע האָבן געקוקט פֿאָרויס. אויך ער. עס האָט זיך געהאַט אָנגעהויבן. מען האָט געזען ביים טייך־ברעג, איבערן גראָז, אויסגעצויגענע מיטן פּנים צום וואַסער — שיסער אין אוניפֿאָרמען. זייערע לאַנגע פֿיס — אויף הינטן,

צום פובליקום. זיי זענען געלעגן אויף די בייכער, אויסגעגלייכטע, אַ ביסל אין די זייטן פון דעם אַרומגעצוימטן, ליידיקן, פלאַץ. זייערע ביקסן, אין דער זייט — געצילט פאַר זייערע אויגן, צו דער לופט איבערן וואַסער. אַנטקעגן זיי, אין דער ברייט פון טייך־ראַנד, אויפן גראָז, זענען געווען אויסגעשטעלט אין אַ שורה, נידעריק אויף דער ערד — הילצערנע שטייגן. אין די ערשטע בענק פאַרן רינג־פלאַץ האָט מען, אין דער פלוצעמדיקער שטילקייט, פאַרנומען אַ ווייכן פליגל־גערודער אין זיי, אַ שנאָבלקלאַפּן און אַ געדעמפּט וואָרקן. די טויזנטער מענטשן אין אַלע זייטן פון ריזיקן פלאַץ האָבן, אין דערוואַרטונג, געהערט דאָס קלאַפּן פון אייגענעם דופק. אין אַן אויגנבליק, האָט זיך אַ ריר געטאָן. אַ שטייג אונטן איז געווען אָפן. אַ לייכטער וויש, און — גלייך האָט אַ זילבער־גרווילעכע טויב, מיט צעשפּרייטע פליגל, זיך אַ הייב געטאָן אין דער לופט. זי האָט זיך געגעבן אויבן אַן עלאַסטישן פאַרנייג, אַ קרייז, און זי האָט זיך פאַרנומען אין דער הייך איבערן וואַסער. אין דער רגע האָט אַ דינער שאָס פייפנדיק דורכגעקבערט די לופט. איך האָב געוואָלט אַוועקכאַפּן דעם בליק. איך האָב נישט באַוויזן. די טויב האָט פאַרוואָרפן דאָס קעפּל; זי האָט אַ פלאַטער געטאָן, און אירע אויסגעשפּרייטע פליגל האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט. אין זוניקן חלל האָבן לויטער אַ שימער געגעבן טראָפּנס בלוט, ווי פייערדיקע פּערעלעך. אין דעם אויגנבליק האָט אַ פאַרטויבטער געשריי פאַרפּלייצט די לופט. פון דער מאַסע האָט זיך אַרויסגעריסן אַ מעכטיקער דונער פון אַפּלאָדיסמענטן, פון זעצן מיט די הענט. הינט האָבן אַרויפגעבילט. אונטן, אויף דער ערד, האָט די טויב געגעבן אַ שאַרפן שאָרך מיט די פליגל. זי האָט אָפּגעצאַפּלט, און האַרט זיך אַריינגעדרייט אין דעם גראָז אונטער זיך.

עס איז שוין געווען צעעפנט אַ צווייטע שטייג, אַ לייכטער רויש אין איר, און באַלד איז נאָך אַ טויב אַרויף. זי האָט שאַרף זיך איינגעשניטן מיט די פליגל אין דער לופט. זי האָט זיך פאַרנומען אין דער זייט, צו דעם שפּיץ פון אַן אָבעליסק־זייל. באַלד האָט זי אָבער דערפילט אַ דינעם זעץ אין קעפּל. זי איז געווען איבערגעדרייט מיט די פיסלעך אַרויף, און איז געזונקען.

די הילצערנע שטייגן האָבן איצט כסדר זיך געעפנט, אויטאָמאַטיש, איינע נאָך דער אַנדערער; טויבן האָבן געפרווט אַרויף, גרייט אַוועקצופליִען, איבערן המון, אָדער איבער די הייזער־דעכער פון יענער זייט וואַסער. אָן אויפהער האָבן געהילכט די אָפּגעהאַקטע שאָסן. אַ קנאַל און — די טויב האָט זיך אַראָפּגעקייקלט. אונטן זענען באָרוועסע ייִנגלעך אונטערגעלאָפן און האָבן אַוועקגענומען די אויסגעשפּרייטע טויבן. פון אַ קליינער קאַמער, אין דער זייט פון רינג, האָבן זיי געבראַכט פרישע, זיי אַריינגעלאָזט אין די שטייגן, און אויבן פאַרקלאַפּט די טירלעך.

ש. האָט געזען, עס טוישן זיך אויך די אויסגעצויגענע שיסער אויף דער ערד. עס טוישן זיך אונטן זייערע טראַכטן פון פאַרשידענע לענדער. די זיגער, וואָס האָבן אַממיינסטן טויבן אַראָפּגעשאָסן, לאָזט דער עולם נישט אַראָפּ פון פלאַץ. אַ לאַנג אויסגעצויגן פּאַטשן מיט די הענט רייסט זיך צו זיי. דער עולם שטעלט זיך אויף די פיס און מאַכט זיי אָוואַציעס.

דער פאַרמעסט איז אָנגעגאַנגען. אַלע פאָר מינוט האָבן די שטייגן אויפגעקלאַפּט. פרישע טויבן זענען אַרויס; טייל, שוין אַ ביסל מיט אַ מורא אין זייערע אייגעלעך.

פון אונטן האָט מען זיי נאָכגעשיקט קוילן. זייערע אויסגעשפּרייטע, האַלב אַראָפּהענ־געגדיקע, פליגל האָבן געוואָרפן אַ קליינעם שאָטן אין דער זון. איינצלנע טויבן זענען געפאַלן אַראָפּ אין מיטן טייך. די אויפגעבלעזלטע כוואַליעכלעך זענען זיך צעגאַנגען אין קרייזן. דאָ און דאָרט האָט אַ טויב זיך אָפּגעריסן; זי האָט געמיטן די קויל, איז אַוועק הויך, און פון דער ווייט האָט זי, ווי זיגעריש, געפּאָכעט גראַציעז מיט די פליגעלעך. דער אויפגעהויבענער געשריי פונעם המון, האָט זיך איינגעבראָכן; איז געוואָרן אָפּגעהאַקט אין דער מיט. די אויגן האָבן נאָכגעקוקט די זיך דערווייטערנדיקע טויבן. די שיסער האָבן איצט געשאָסן מיט פאַרביסנקייט.

דער טיבער איז פול געווען מיט ווייסע מאַטאָר־שיפלעך, אָנגעפילט מיט ייִנגלעך און מיידלעך, אין זון־קאָסטיומען. מיט לאָרנעטעס פאַר די אויגן האָבן זיי פון דער ווייטנס אָבסערווירט דעם פאַרמעסט. די שיפלעך זענען געווען צעוואָרפן איבערן גלאַטן גרויען וואַסער־שפּיגל; האָבן אין דעם זיך געשלענגלט פון אָרט צו אָרט. אַנדערע האָבן געאַנקערט אין דער לענג פוןביידע זייטן ברעג.

עס איז געווען אַ פּויזע־איבעררייס. די שיסער האָבן זיך אויפגעשטעלט, אַראָפּ־געלאָזט זייטיק די ביקסן. זיי האָבן געדריקט די הענט די אויסגעצייכנטע צווישן זיך. דער עולם אויף די בענק האָט רוישיק דיסקוטירט די רעזולטאַטן. אַ הויכער, ציכטיקער, זקן, מיט אַ ווייס שמאָל וואָנצעלע און ברייטן שטרויהוט איבערן קאָפּ, האָט געדענקט יעדן שאָס. ער איז, אַ וואַקלענדיקער, געשטאַנען אויף די פיס; זיין שטעקן, מיטן העל־ביינערדיקן הענטל — אָנגעהאַנגען אויפן עלנבויגן. נעבן אים האָט אַ יונגע פרוי קוים איינגעהאַלטן, אויף אַ לעדערן רימענדל, איר צעפּלאָשעט הינטל, וואָס האָט נישט אויפגעהערט זיך רייסן צו די ווייטע באַריערעס, צו די אַנגעוואָרפענע טויבן, וואָס האָבן דאָ און דאָרט נאָך געצאַפּלט איבערן גראָז. דאָס ווייסע הינטל האָט זיך געהויבן מיט די צווי פאָדערשטע פיסלעך, און פאַרביסן געהאַווקעט. זי האָט כסדר זיך געבויגן אַראָפּ, און אירע בריסטן, פאַרנט, זענען איר פול אַראָפּגעהאָנגען אין קלייד אַריין. דער זקן האָט געלויבט די שיסער פון מאָנטע־קאַרלאָ, וואָס צייכענען זיך אויס אין די טויבן־פאַרמעסטן ביים ים, הינטערן קאַסינאָ. די מיידלעך פון אַלע שורות האָבן נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון די געשטאַלטן פון די שטייענדיקע שיסערס אין די אוניפאָרמען, פון וועלכע עס האָט געשפּרודלט מיט מענלעכער קראַפט.

דערווייל האָט אַ שיפל אויפן טיבער צוגעפירט צום ברעג פון שיספּלאַץ פרישע שטייגן מיט טויבן. דורך די דראָטן האָבן זיי אַרויסגעשטעקט זייערע קעפּלעך. די באָרוועסע ייִנגלעך זענען געלאָפן און די שטייגן געטראָגן צו דער קאַמער.

ש. האָט זיך אויסגעדרייט אויף הינטער זיך. די רוימישע שיינהייט איבער אים איז אַלץ געזעסן מיט פאַרמרוזשעטע אויגן, כאָטש די זון איז שוין געווען אָפּגעווענדט פון איר פּנים. עטלעכע מענער פון אַרום האָבן אַלץ געקוקט צו איר. אויף איר פולן לייב־אויסשניט, אונטערן האַלדז, האָט געבלישטשעט אַ גרינע בראָש, אָנגעהאַנגען אויף אַ דין זילבער קייטעלע.

אין זיין פאַרטראַכטקייט האָט ש. פאַרנומען די פּלוצעמדיקע שטילקייט, וואָס האָט אַלע ווידער איינגעהילט. עס האָט זיך דערהערט אַ קורצער פּלאַטער, אַ שאָס, און אַ האַרטלעך פאַלן איבער דער ערד. ווידער אַן אַרויספּלאַץ פון געשרייען, און אַ טופּן

פון מאַסן פיס אונטער זיך. ער האָט איצט געשטעקט אין דעם עבר, אין ווייט־פאַר־גאַנגענע צייטן. דאָ, ביים טיבער, ברענגט מען אויף פייגל, קליינע קרבנות צו דעם אָפּגאָט, וואָס רוט דערנעבן אינעם פּראַכט פון אַ גאָלד־טעמפּל. די מאַסע שאַלט צו אים. נאָר טויבן פאַרדייעט ער, דער אָפּגאָט. ער האָט אַ קוק געטאָן איבערן גראָז. נישט ווייט פון די פיס פון אַן אויסגעצויגענעם שיסער איז געשפּרונגען אַ ווייסע טויב אויף איין פיסל. אירע אַראָפּהענגענדיקע פליגל האָבן געווישט דאָס גראָז. זי האָט געפּרוווט זיך פאַרנעמען, געבן אַ פלי. זי איז געבליבן אַראָפּגעשוועכט. איבער איר האָבן אין דער לופט זיך שוין געדרייט, פאַלנדיק, אַנדערע טויבן. בלויז די הינט האָבן זיי געזען און זיך געריסן צו זיי. דער המון האָט געברילט אין זיין שאַלונג. דער שלאַבערדיקער אַלטער מיטן זונהוט, האָט מיט די לעצטע כוחות, געפּאַטשט מיט די הענט; פון צעעפנטן מויל זענען אים אַרויס התפעלות־רופן. ער האָט אויך געזען אַ גלחל, מיט אַ בלאַס יינגל־פּנים, וואָס קלאַפּט מיט די הענט, מיטן גאַנצן כוח.

ער האָט געזוכט, ש. צווישן המון עמעצן, וואָס טיילט זיך אויס פון אַלע. עס האָט אים געדאַכט, עטלעכע שורות פאַר אים, נידעריקער אַראָפּ, זיצט ווער, אַ פאַר־טוענער אין זיך. זיין פּנים האָט ער נישט געזען; בלויז זיינע פּלייצעס זענען פאַר־טראַכט. ער האָט דערשפּירט צו אים אַ נאָענטקייט.

ער האָט איצט אָפּגעריסן די אויגן פונעם רינג; ס'איז אים איינגעפאַלן: חיות סעגרעגירן מיר, לויט זייער פעל; מיר טיילן זיי אויס לויט זייער דרויסנדיקער געשטאַלט. מיר, מענטשן, מוזן אַליין קאָנען זיך אָפּגעפינען — לויט דעם צלם אלוהים אין אונדז.

ווידער האָט ער געבויגן דעם קאָפּ אויף הינטער זיך, צו דער רוימישער שיינהייט. אירע אויגן זענען געווען אויפגעריסן. ער האָט געזען, זי נעמט זיי נישט אַוועק פון עמעצן, אַ מאַן אין דער זייט. זי אַליין ווערט איצט נישט אָבסערווירט — זי דערזעט אַנדערע. זיינע בליקן זענען נאָך — אירע. ער האָט געקוקט צו דעם מאַן. ער האָט געזען זיין טעמפּן שטערן; זיינע געדיכט־מוטנע אויגן, אָן אַ קאָליר. מען קאָן אין זיי נישט אַריינקוקן. אינעווייניק איז טונקל, פאַרמאַכט. אויך יענער קוקט אַרום זיך, אָבער ער זאָפּט קיינעם נישט אַריין. אַלע בלייבן פון אים אין דרויסן. די רוימערין האָט געוואָלט צוציִען זיין בליק, זיך אונטערטראָגן; ער זאָל זי נעמען; איבער איר אויפלייזן די טונקעלע פאַרגליווערונג. זי זאָל ווערן דורכזיכטיקער. ש. האָט געוווּסט, ער דעקט זיי, די זי'ס, ווי אַ חיה, מיט זיין פאַרמאַכטקייט. זיין מוח איז איבער זיי פאַרדרימלט געוואָרן.

נעבן דעם מאַן איז געזעסן עמעצער מיט אָנגעשפּיצטע אויערן. ס'איז געווען אַ בלינדער. ביי זיין זייט האָט געהויערט, ווי אין דרימל, אַ הונט. פון צייט צו צייט האָט ער געגענעצט, דער הונט. דער בלינדער האָט זיך איינגעהערט אין דעם פליגל־געפלאַטער פון דער ווייטנס און אין די נאָכקומענדיקע שאָסן. ער האָט פאַרנומען דעם פאַל אויף דער ערד.

דער בלינדער האָט אויך געהערט די אָפּגעהאַקטע ווערטער פון זיין שכנטע, ביי דער זייט, וועגן די אוניפאָרמען פון די שיסער. ער האָט אונטערגעשטעקט דעם קאָפּ אונטער אירע רייד. דורך אירע געציילטע ווערטער האָט ער געזוכט איר לייב, אַרויס־צופילן פון דעם די פרישקייט.

מיט אַ מאָל האָט די פּרוי אָפּגעקערט דאָס פּנים. אַלע אויגן זענען געווען פאַרזעצט אין חלל. אַ טויב האָט געהאַט אַרויפגעפלאַטערט. אַ ווײַלע האָט זי זיך פאַרהאַלטן אין דער לופט, זיך נישט באַוועגט. מען האָט געזען אירע אײַנגעצויגענע פיסלעך. זי האָט אַ שטרעק געטאָן דאָס קעפּל. אירע אײַגעלעך האָבן אַרומגענומען די זיך־געשפּרייטע מאַסע פון אונטן. זי האָט זיך פאַרנומען אַ פלי צו טאָן אַראָפּ, ווי זיך צו זעצן. אַ הילך, און — ס'איז געבליבן ליידיק. בלויז אַ פלעק האָט דורכגעמיניעט פאַר די אויגן — פון אויבן ביז אַראָפּ, און האָט זיך צעפלייצט אין אומצאָליקע זון־שטויבעלעך.

ווידער האָט ש. געקוקט אין האָריזאָנט. אַ שטייג האָט אונטן אויפגעקלאַפּט. ס'איז אַרויף אַ פרישע טויב, אַ גרויסע, אַ יונגע. אויך זי איז אַ ווײַלע געבליבן הענגען אין דער לופט, ווי זי וואָלט נישט געוווסט וואָס צו טאָן אין פרייען געפלי. עס האָט אָפּגעקנאַלט אין דער לופט. די קויל איז פאַרבײַ. די טויב האָט לייכט זיך געהויבן. נאָך עטלעכע שאָס — זי האָט פאַמעלעך זיך אויסגעדרייט. מען האָט געזען איר גרוי קעפּל. זי האָט איצט געפלאַטערט נידעריק איבער די קעפּ פון די שיסער, געקרייזט איבער זיי. מיט אַ מאָל האָט זי זיך אַ פאַרנעם געטאָן, ווינטיק זיך אײַנגעשניטן מיט די פליגל אין דער לופט, און אַ טויך געגעבן איבער די קעפּ פון דער מאַסע, מיטן פליגל־געפּאַך, נאָענט, אין אַלעמענס אויערן.

ש. האָט געוואָלט אָפּלאָדירן. ער האָט מורא געהאַט, פון אַלע זייטן וועט מען דרייען די קעפּ צו אים. אויגן וועלן אויף אים זיך צעפּעפענען. עס האָט אים בלויז געדאַכט, אויך ביי דעם מענטש מיט די פאַרטראַכטע פלייצעס, עטלעכע שורות פאַר אים, זענען די הענט געבליבן הענגען, ווי אין דער לופט. ער האָט נישט געוואָלט טרעפן זיך מיט זײַן פּנים.

די טויב אויבן האָט זיך אויסגעדרייט. פלינק האָט זי זיך אַוועקגעטראָגן איבערן שוין טונקל־גרין געוואָרענעם וואַסער פון טיבער.

מיט אַ מאָל האָט ער דערשפּירט בליקן אויף זיך. ער האָט מורא געהאַט אויפ־צוהייבן די אויגן. עס האָט אים געדאַכט, מען זוכט אים. ווען ער האָט שפּעטער גע־קוקט אין יענער ריכטונג, האָט ער געזען אַ קאָפּ פון אַ מיידל, וואָס שמייכלט אין זיך פאַרחידושט. דאָס איז נישט ווייט, אויף אַ נידעריקער טריבונע. אירע בליקן זענען אָפּגעווענדט; זי קוקט נישט צו אים, נאָר ווי זי וואָלט געוואַרט, ער זאָל זי זען. אַן אויגנבליק האָט אין אים אַ ווייע געטאָן אַ באַענטקייט צו איר. ער האָט געוווסט, ער האָט זי קיין מאָל נישט געטראָפן. דין־ווייסע לעפּלעך, האָט ער געזען, פאַרהענגען אירע אָפּלען, דעקן זיי צו ביז אַראָפּ. זי לאָזט פון אים זיך אַרומנעמען. די זון האָט פון אויבן אַראָפּ זי באַלויכטן. זײַנע אויגן האָבן איצט פריי זיך געדרוקט איבער איר פּנים, איבערן האַלדז. אירע קורצע מעש־האָר זענען געווען געקעמט אויפן שטערן אַרויף. די נאָז איז ביי איר געווען אַ געטאָקטע. ער האָט געזען, די הויט אָטעמט ביי איר בלאַס, ווי ביי אַ קראַנקן, וואָס שלאָפט איין, נאָך דעם, ווי די ווייטיקן האָבן אים פאַרלאָזט.

ש. האָט גלייך געוווסט, זי געהער נישט צו די העלע טעכטער פון צפון. דער שאָטן, וואָס פאַלט אויף איר, איז נישט פון דרויסן; ער קומט איר פון אינעווייניק אַרויס. זי איז ערגעץ פון די ווייטע טאָלן. ער האָט נישט געוווסט, ווו איז זי אויס־געוואַקסן; ווו האָט זי לאַנגע יאָרן אויסבאַהאַלטן איר פּנים פאַר דער שיין.

ער האָט געקוקט, ווי זי אָטעמט.

אירע ווײַעס זענען נאָך אַלץ געבליבן פאַרמאַכט; ווי אַ פאָרהאַנג האָבן זיי פאַר־שטעלט די אויגן. איר געשלאָסן פּנים האָט אויפגענומען זיין בלאַנדזשען איבער זיך. ש. האָט זיך געהיטן פאַר דעם אַרום.

ער האָט געוווּסט, ער וועט זי מער נישט אָפּלאָזן. שוין לאַנג זוכט ער זי.

זי האָט ביסלעכווייז געעפנט די אויגן. זי האָט נישט געקוקט צו אים. זייער שײַן האָט זי איינגעצויגן אין זיך אַריין. ער האָט נישט דערקענט, זענען זיי גרווילעך, גרין, אָדער גאָר בלווילעך, איינגעטונקלט אינעם פאַרנאַכט, וואָס זעצט זיך אין זיי. עס האָט אים געדאַכט, פון איר גוף שטראָמט זי אַרויס, איר שיין, שפרייט זיך אַרום איר, ברייטערט זי אויס. ער האָט געקוקט, אַרום די אַלע מענטשן דאָ, איז ליידיק. גאָר נישט איז דאָ אויסער זיי. זייער גוף הייבט זיך אָן מיט זיי און ענדיקט זיך מיט זיי. זי איז איבערפולט, עס גייט פון איר איבער.

די זון האָט זיך שוין געהאַט אַרויפגערוקט הויך. אירע שטראַלן זענען פון אויבן געוועזן אַראָפּגעלאָזט, ווי ריזיקע זילבער־שטויביקע אונטערשפּאַר־זיילן, גלייך אין וואַסער. זיי האָבן אונטערגעלענט דעם הימל, אים געהויבן הויך איבערן פּלאַץ. ס׳איז געוואָרן ליכטיקער.

דאָ איז דער פאַרמעסט נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען. די מאַסן האָבן איצט גערעוועט, מידע, ווי צערייצטע חיות, אין אַרומגערינגלטע גערטנער — אַרויף צום פאַרגאַנג. די אַרויפגעריסענע קעפּ און העלדזער — באַשיינט מיט אַ מילדער ראָזעקייט, ווי פון צעשפּילטע קינדער. אויך די רויטלעכע אויגן פון די אַרויספלײַענדיקע טויבן, האָבן איצט געלויכטן מיט געגנאָד, מיט בענקשאַפט צו פלײַען ערגעץ איבער ווייטע וואַסערן. פון אונטער זייערע פליגל האָט אָפּגעגעוויײַעט אַ וואַרעמקייט פון טוליען זיך צווישן פעדערן אין אויסגעבעטע נעסטן. זיי האָבן איצט ווייך שלעפעריק זיך אונטערגעגעבן דעם ציל. פון די אָנפלײַענדיקע קוילן האָט זיי זיך פאַרמישט אין די קעפּלעך. ווי אין דרימל זענען זיי געזונקען אַראָפּ, צום גראָז. די באָרוועסע יינגלעך האָבן איצט נישט אויפגעהערט לויפן, זיי כאַפּן אונטן, און נאָכהענגענדיקע, ביי די פיסלעך, זיי אַראָפּ־טראָגן פון פּלאַץ. די נאַקעטע סטאָפּעס פון די יינגלעך זענען איצט געווען נאַס־גלאַנציק. אויך די שיסער זענען שוין געווען מיד. זייערע אָרעמס זענען געוואָרן מילדער געשטרעקט; אין זייערע שוואַרצאַפּלען האָט זיך געזעצט פול דער אָפּשיין פון פייכטן גראָז אונטן. זייערע קערפּערס זענען געוואָרן דין געשפּאַנט. אַ לייכטער אויפרעג האָט אָפּגעשלאָגן אויף זייערע פּנימער. דער עולם אַרום האָט געטופּעט מיט שווער־אָנגעגאָסענע פּיס, ווי ער וואָלט געגאַנגען אין פולע לופט־טייכן. פון די נאָענטסטע קלויסטערס האָט איצט דין־נאָגנדיק געקלונגען. מען האָט גערופן צו די אָוונט־תּפילות. אַ שאַרף־געצויגענער פייף האָט אָנגעזאָגט, דער פאַרמעסט איז געענדיקט.

די מאַסע האָט זיך אויפגעשטעלט פון די ערטער. אונטערן אָפּשיין האָבן אַלע איצט געהאַט אַליוון־פּנימער, וואָס לעשן זיך. אויבן, גאָר הויך, האָבן זיך געצונדן, גילדיק, די שפּיצן פון די סטאַטוע־זיילן און טורעמס אַרום טייך. זייער ליכט האָט רויט זיך אָפּגעשפּיגלט טיף אין וואַסער, מיט אַ סך צעשפּליטערטע פונקען. די מידקייט פון די אויסלענדישע שיסערס האָט זיי איצט געצויגן אין די האָטעל־צימערלעך, הינטער

די טיולענע פאַרהאַנגענע און שווערע גאַרדינען, צו טריט איבער ווייכע טעפּיכער, צום ציטעריקן זײַדענעם רויש אין זיי.

עס איז שוין געווען טונקל אין דרויסן, ווען ש. איז צוריק אַריין אין די גאַסן פון רוים. די המונים אַרום אים האָבן איצט צוריקגעפּלייצט, ווי אַ צעגאָסענער טײַך, וואָס איז אַרויס פון די ברעגעס. ער האָט פּלוצעם זיך דערמאָנט אין דעם מיידל מיט דער בלייכער הויט, מיט די פאַרהאַנגענע אויגן, וואָס איז געזעסן אין די נידעריקערע שורות. ער האָט זי פאַרלוירן אין געדראַנג. ער האָט זיך געכאַפּט, ער האָט זי פאַרגעסן אין די לעצטע רגעס פון פאַרמעסט, איידער די מאַסן האָבן זיך צעשיט. פון וואַנען האָט זי זיך גענומען אַהער? איז זי אַליין אין שטאָט? אפשר האָט זי געוואַרט אויף אים, און מעגלעך — זי איז נאָך דאָרט געבליבן. איצט האָט זי אים פאַרלוירן.

ער האָט געוווּסט, עס ציט אים צו איר פאַרנומענקייט אין זיך. צו וואָס טויג זיי, די פרויען, זייער שיינקייט, ווען אויך דאָס לאָזט זיי טרויעריק?

די טריט האָבן איצט אים זיך געשטעלט גיכער. ער וועט קוקן מענטשן אין די אויגן אַריין. עס האָט אים געדאַכט, פיל יונגע פרויען זענען ענלעך צו איר. אַלע זענען זיי שיין און טרויעריק.

ער איז געווען זיכער, ער וועט זי געפינען. די נאַכט וויקלט איין און דער־נענטערט. נאָר אין די פּרימאַרגנס צעפליסט אַלץ.

ער האָט זיך געכאַפּט, ער שטייט פאַרן רוימישן פאָרום. נישט ווייט איז דער טיטוס־טויער. דער סענאַט האָט אים אויפגעשטעלט פאַרן באַזיגער פון ירושלים. ער איז אַן אייניקל פון די געפאַנגענע. טיטוס האָט זיי געבראַכט אַהער. אפשר איז ער איינער פון זיי, אַן אַנטלאָפענער. די נאַכט באַהאַלט אים. זיינע פאָטערס, די גבורים פון יהודה, זענען פאַרטייעט דאָ ערגעץ הינטער די אַלטע פעסטונג־ווענט ביים טיבער.

ער האָט באַשלאָסן דערוויטערן זיך פון דאַנען; אַריין אין געדראַנג. ער וועט פאָרן איבער דער שטאָט, און דורך די שויבן זי זוכן. אַן אויטאָ האָט זיך דערנענטערט. ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט. ס׳איז געווען אַ בלויער לויה־אויטאָ. ער איז געפאָרן ווייטער. ש. האָט געשמייכלט. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר אַן אויטאָבוסן־סטאַציע. עס האָבן זיך געזאַמלט מענטשן. ער האָט זייטיק צו זיי געקוקט, באַלויכטן פון אַ מילד ליכט. אויפן ברעג פון טראָטואַר איז געשטאַנען אַ בלינדער מאַן, מיט אַ געקנייטשט פּנים, און האָט שטיל געוויינט. גרויסע טרערן זענען אים גערונען אַראָפּ איבער די באַקן, פון די אָפענע, נישט זעעוודיקע, אויגן. זיינע אַקסלען האָבן ציטעריק געצוקט. ער האָט דערקענט דעם בלינדן פון פאַרנאַכט, פון טויבן־פאַרמעסט, וואָס האָט זיך צוגעהערט צו דער פרוי נעבן זיך. ער איז איצט געווען אַליין; נאָר דער אַלטער הונט האָט ווידער גערוט אים צופוסנס. עס איז דורך אַ פרוי אין אַן אָוונט־קאָסטיום. שוואַרצע קרעלעלעך האָבן געפינקלט אויף איר האַלדז. אויך זי האָט געקוקט, דער בלינדער וויינט אַן אַ קול.

ס׳איז פאַרפאָרן אַן אויטאָבוס. דער בלינדער האָט געשלעפּט מיט זיך דעם הונט. אַלע זענען אַריין. דער אויטאָבוס האָט גערירט. ש. איז געגאַנגען צווישן די ליידיקע

שטולן. ער האָט זיך געריקט אינעווייניק צו די לעצטע בענק. ער איז געזעסן אין דער האַלב־טונקלניש. די רעדער אונטן האָבן זיך געדרייט פאָרויס, אַריין אין צע־גאָסענעם ליכט, איבער די אַספאַלט־שאָסייען; זיי האָבן זיך פאַרדרייט זייטיק אין גאַסן. זיי זענען פאַרביי האַלב־באַלויכטענע שוי־פענצטער, אָפענע קאַפע־הייזער, אילו־מינירטע טעאַטער־בנינים. פון מ׳זיק־זאַלן זענען אַרויסגעפלאָסן טענער; האָבן זיך גע־לייגט פאַר די ר׳עדער פון אויטאָבוס, זענען אַריין דורך די פענצטער. זיי זענען געפאָרן ווייטער, דורך טונקעלע גערטנער, צווישן דענקמעלער, סטאַטועס, קירכעס מיט הויכע שפּיצן; זיי זענען פאַרביי אָפענע חורבות, ווי אינגעווייד־סקעלעטן פון אַלטע פּאַלאַצן, אויסגעצויגענע קאָלאָנעס. זיי האָבן זיך פאַרנומען אין אַן אַליי מיט ביימער פון ביידע זייטן טראָטואַרן. צווישן די צווייגן האָט מען דורכגעזען באַלויכטענע רעקלאַמעס. ס׳איז דאָ געווען פול געפּאַקט מיט אַ המון, אויסגעמישט אין אים גלחים אין שוואַרצן. דער אויטאָבוס האָט אַ רגע זיך פאַרהאַלטן פאַר אַ סטאַציע. אַ מענטש איז געשטאַנען אַליין; געוואַרט, אומבאַוועגלעך. ש. האָט אים געזען דורך דער שויב אַדורך. ער איז געווען אָפּגעצויגן, ווי אַן אַ הויט. דער אויטאָבוס האָט זיך אָנגעפילט מיט מענטשן. ער האָט זיך אָפּגעריסן פון אָרט, איז אַוועק. אין דער שויב האָבן איצט טונקל זיך געשפּיגלט, פון אינעווייניק, הינטער זיין פּלייצע, מענטשן מיט איבערגעדרייטע פנימער, ווי זיי וואָלטן געפאָרן אין אַ צווייטן וואַגאָן. ער האָט געזען, זייערע האָר אַראָפּ צום חלל, און זייערע גאָמבעס — אַרויף. זיי הענגען אין דער לופט. זייערע פאַרקערטע ליפּן האָבן זיך באַוועגט, גערעדט אַליין. די גאָמבעס הייבן זיך. ס׳איז אינעווייניק געווען ענג. דער אויטאָבוס האָט זיך פאַרהאַלטן פאַר אַ גאַסן־קרייצונג. אַ רויט ליכט פון אַנטקעגן האָט סיגנאַליזירט. ער איז געשטאַנען פול, געוואַרט. ביי דער זייט: נאָך אויטאָס, מיט די ליכטער אויף פאָרויס, איינער נעבן אַנדערן. זיי פאָרן ווייטער, אַלע מיט אַ מאָל. ער האָט אויסגעדרייט דאָס פנים אינעווייניק אַריין. אַלע שטייען אַלץ שטיל, אָן ווילן; די קעפּ — אַראָפּ. יונגע מיידלישע גופים איינגעקוועטשט צווישן פּלייצעס, פּיס. די צוזאַמענגעקלעפּטע מאַסע שאָקלט זיך — רעכטס, לינקס. דער שאָפער מיט ברייטע פּלייצעס קוקט פאָרויס, אין דער נאַכט. מען זעט נישט זיין פנים. ער פירט שווייגנדיק. די רעדער אונטן דרייען זיך שנעל, פאָרויס.

ווידער אַ סטאַציע. די גומי־רעדער האָבן האַסטיק זיך איינגעהאַלטן. אין דרויסן האָט ווידער געוואַרט, זיך נישט באַוועגט, דער מיטן אָפּגעצויגענעם פנים, אָן אַ הויט. ש. האָט אין אים זיך איינגעקוקט. דערנעבן זענען געשטאַנען שווייגנדיק אַ זעלנערל און דאָס שלאַנקע מיידל מיטן הויכן האָר־טורעם איבערן קאָפּ, און דער גרינגער בראָש פאָרנט. ער האָט געזען, זיי שטייען באַזונדער. דאָס זעלנערל איז אַוועק. דאָס מיידל וואַרט. ער האָט געשפּירט אַ שמייכל אויף זיין פנים. דער אויטאָבוס איז געפאָרן. עמעצער איז איצט געשטאַנען זייטיק איבער אים, געקוקט ווי ער שמייכלט. ער האָט געוואָלט לאָזן פּאַמעלעך אויסגיין דעם שמייכל אויפן פנים. ער האָט געשפּירט, דער שטייענדיקער איבער אים אָבסערווירט, נישט קוקנדיק, יעדן ריר זיינעם. אפשר פאָרט יענער אַזוי כסדר אים נאָך? ער איז נישט פריי די גאַנצע צייט; אַן אויג היט אָן אויפהער זיינע באַוועגונגען. ער האָט דערשפּירט, די הענט, דאָס פנים. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט זיי. עס האָט אים געביסן איבערן גוף. ער האָט דרייסט זיך געקראַצט אין פּלייצע. יענער זעט די תנועות זיינע. ער האָט געקוקט זייטיק. יענער רויכערט איצט, ווי סתם זיך, אַ סיגאַרעטל; ער קוקט אין שויב. דער אויטאָבוס

איז שטיינגעבליבן. יענער, האָט ער געזען, שניידט זייטיק זיך צום אַרויסגאַנג. ער גייט־דורך, די אָפענע טיר. ער איז אַרויס. ער האָט אים נאָכגעקוקט אויפן טראָטואַר. ער האָט זיך פאַרהאַלטן פאַר אַ שוי־פענצטער. אויף דער סטאַנציע איז געשטאַנען עמעצער מיט גרויסע טונקעלע ברילן; די פיס צוזאַמענגערוקט. פון דער ווייטנס האָט אַהערגעאײַלט די געשטאַלט פון אַ מיידל מיט מעשהאָר. זי האָט געוואָלט אַריין; זי האָט נישט באַוויזן. דער אויטאָבוס איז אַוועק. ער האָט אַ הייב געטאָן די האַנט, געוואָלט אַ קלונג טאָן. אין דער זייט זענען איצט געווען ליידיקע בענק. עס האָט לייכט גע־שטראָמט פון זיי די אויסוועפּנדיקע וואַרעמקייט. אַ מיידל, מיט אַ קיל לאַנג מאַנטל, האָט זיך געזעצט. אויף אַנדערע האָבן זיך אַרויסגעשאַרט פון דער טונקלניש, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די וואַרעמע ערטער. אַ זקנה איז געבליבן שטיין, אויסגעדרייט צום שאָפערס פּלייצע. עמעצער האָט זיך אויפגעשטעלט, אַרויפגעלייגט אַ פינגער איבער די אַקסלען פון דער זקנה. אַ זיצנדיקער מאַן האָט אַ קוק געטאָן אויפן בויך פון אַ פרוי; זי שוואַנגערט נישט. די פרוי האָט געפילט די בליקן ווייטער. אַן איינגע־דרימלטער זקן איז געזעסן מיטן פּנים אַראָפּ, צו דער ברוסט. דער קאָפּ האָט אים זיך געוויגט מיטן לויף פון די רעדער. דער זקן האָט אויפגעריסן די אויגן. ער האָט אויפ־געהויבן דעם קאָפּ, נישט אַריינצופאַלן אין שלאָף, צו בלייבן וואַך. דער קאָפּ איז איצט אים געפאַלן אויף ש.ינס אַקסל. ער האָט געזען, דער אַלטער האָט אַ מילד פּנים. ער האָט אונטערגעהאַלטן דעם אַקסל, געלאָזט יענעמס שלייפן שפּרונגען אויף זיך. דער אויטאָבוס האָט ווידער זיך פאַרהאַלטן, איז געפאָרן. מענטשן האָבן זיך געטוישט. עס איז ווידער געווען ענג. ס'איז געשטאַנען אַ טראָגנדיקע פרוי מיט אַ הויכן בויך. דער זקן האָט געשנאָרכט איבער זיין אַקסל. ער האָט אַוועקגענייגט דעם קאָפּ צום פענצטער. זיי פאָרן לענגאויס דעם טיבער. ביים ברעג כסדר סטאַטועס פון מלאכים און זקנים מיט בערד. אפשר איז איינער זיין טאַטע. עס רעגנט אויף אים אַרויף. אַ פרוי האָט דורכגעמיניעט אין דרויסן, אונטערן רעגן. ער וועט מער זי נישט זען. ס'האָט אים באַנג געטאָן. אַרום אים אויף די בענק האָבן איצט יונגע רוימער געלאַכט. דער זקן האָט פאַמעלעך אויפגעמאַכט די אויגן; ער האָט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ; אַ בליק געגעבן אויף די יונגע. זיי האָבן זיך געוויגט איבער די גומי־רעדער; געשוווּמען איבערן ווייכן שאָסיי־אַספאַלט.

דער אויטאָבוס איז איצט אַריבער אַ וויאַדוקט, פאַרביי דעם קאָלאָסעום; אַרויף אויף אַ ברייטן פּלאַץ, מיט פערד־סטאַטועס; זיי רייסן זיך איבערן ים מענטשן־קעפּ.

אויף דער ערשטער סטאַנציע איז ער אַראָפּ. ער מוז זי טרעפן. מיט זיין ווילן וועט ער זי ציִען צו זיך. אפשר זוכט זי אויך אים. זי קוקט יעדן פאַרבייגייער אין פּנים.

ער איז איצט געגאַנגען אָפּגעדעקט, אויסגעטיילט — מיט פאַמעלעכע טריט. מען ווייזט אויף אים מיט אַ פינגער. עס האָט אים געדאַכט, עמעצער איז פאַרביי; מען האָט געווונקען. ביי אַ באַלויכטן פענצטער וואַרט יענער אויסגעדרייט. ער קוקט אַריין. ער איז געגאַנגען ווייטער. אויטאָס זענען פון אַנטקעגן אָנגעפאָרן, מיט רעפלעקטאָרן אים באַלויכטן אין גאַנצן, אַנטבלויזט זיינע געדאַנקען. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן.

ווידער האָט ער געזען, די רוימער זענען נישט קיין יידן. אינעווייניק ציט זיי גאָר נישט אַיין. זיי זענען אָפן צום דרויסן. זיי טראָגן נישט אין זיך זייערע אבות פון לאַנד צו לאַנד. אויך זייער טרויער איז אַ רגעדיקער. ער שווערט זיי נישט אַראָפּ.

עך איז אַריין אין אַ זייטיקער גאַס, מיט אָפֿענע טירן פֿון געוועלבער. שפּייז און קאָלאָניאַל קראָמען. שילדן אין דרויסן, אויבן. קרעמער זענען אינעווייניק געזעסן הינטער די בופֿעטן. ער איז געגאַנגען. די געשעפֿטן זענען געבליבן. פֿאַר זיין אויג האָבן פֿאַרבייגעמיניעט וואָגן, טאָרטן, ווייז, פּרוכטן, העמדער, הוטן, ליידיקע קאַ־פּעליושן איבער טישן. די מענער — אָן געשלעכטס־אברים, עלעגאַנטע, מיט אָנצוגן אויף זיך, זענען געשטאַנען אין די שוי־פֿענצטער, הינטער גלאָז־שויבן. נעבן אַ גע־וויקלטן שטאָפּן־וואָל, איז געלעגן אַ שער, צעעפֿנט. אָן אָפּטייק — ליידיק, מיט אָן אָפֿענער טיר. ער איז פֿאַרביי אַ חתונה־זאַל, אָן געסט. בלויז די כלה, אין אַ וועלאָן, שטייט אינעווייניק, אַליין.

ער האָט ווידער זיך פֿאַרנייגט אין אַ ברייטער באַלויכטענער גאַס. פּנימער אַלע מאָל פֿרישע, האָבן דורכגעשוועבט. מענער, פֿרויען, זקנים, קינדער. די שטאָט איז אַ קאַרוזעלע; די גאַסן דרייען זיך אַרום אים, מיט מענטשן אויף זיך. מען גרוסט נישט צו אים אַריבער. בלויז עלעקטרישע שטראָמען ציִען זיך פֿון די גופֿים צו אים; פֿונקען פֿליִען צו זיינע אויגן. גרופּעס יונגע מיידלעך קוקן צו די דערוואַקסענע פֿאַרלעך, מיט חשד; זיי באַהאַלטן דעם סוד, פֿון וועלכן זיי זענען אויסגעטיילט; יענע רוימען אים זיך איין. עלטערע פֿאַרבייגייענדיקע מענער שטעלן טריט, קוקן די יונגע מיידלעך אין די אויגן. די קליינע קאַנען שוין מער נישט. עס זעצט זיך אין זיי שווער.

ש.ינען האָט אָן אָנונג געשפּאַנט די פֿיס. ער איז אַריין אין אַ פּאַרק מיט בלאַס באַלויכטענע אַלייען. אויף אָן איינגעשאָטנטער באַנק איז אָן איינצלנער מענטש געזעסן אַליין, אין אָן עק. שאָטנס זענען פֿאַרביי, געשפּאַנט נאָך זיך, זענען געגאַנגען ווייטער. דער זיצנדיקער איז אַ זקן. אויגן היפּערן אים פֿאַרביי, מיידן אים. אַ בלינדער איז אַדורך. ער האָט געטראָגן מיט זיך אַ קליינעם ראַדיאָ, איינגעהערט אין דער מוזיק.

ער איז אַריין אין אַ פֿינצטער געסל ביים טיבער. אין אַ פֿענצטער, נידעריק, אין אַ הויף, איז ליכטיק. עס האָט זיך געהערט אַ קול. ער האָט פֿון דער פֿינצטער אַריינ־געקוקט. קיינער איז אינעווייניק נישטאָ. עמעצער האָט דורכגעפּלאָטערט הינטער אַ וואַנט, אין ליכטקרייז פֿון פֿענצטער; געלאָזט נאָך זיך אַ ווייליע אַ שאָטן. ער האָט דערשפּירט, ביי נאַכט ציט אים צו מענטשן; ביי טאָג — נישט. זיי זענען אָפּגעדעקט.

ער איז איצט געגאַנגען לענגאויס דעם טיבער. פֿון ביידע זייטן — שורות ביימער, עלעקטרישע לאָמפּן. ער איז געשטאַנען פֿאַרן טייך־ראַנד. דאָס וואַסער איז געלעגן שטיל, געדיכטלעך — פֿון זוים ביז זוים. די גאַנצע לענג טייך — מיט אַ דינעם צודעק איבער זיך. בלויז קליינע פֿייערלעך האָבן ביי די ברעגעס זיך אָפּגעשפּיגלט טיף.

ער האָט זיך אָנגעלענט אין אָן אַלטן בוים, מיט אַ ברייטער בלעטער־קרוין פֿון אויבן. רוים האָט פֿון אַלע זייטן אַהערגעלויכטן, משופּעדיק, מיט קליינע ליכטפּונקען. ער האָט זיי געזען דורכן ווייטן נעץ־געפֿלעכטס פֿון צווייגן. צווישן די בלעטער איבער אים האָט פֿאַרבייגעפּלאָטערט אַ פֿויגל, איז איבערגעשפּרונגען פֿון צווייג אויף צווייג. דער טייך האָט אַ פֿלוצעמדיקן שאַרעווע געטאָן. ער האָט דערשפּירט אַ קעלט איבערן לייב. ער זאַפּט זי נאָס איין. ער האָט אויפגעהויבן דאָס פּנים. אין אַ לאָך צווישן די צווייגן איז אויבן געהאָנגען איבער אים הויך אַ גרויסע זילבער־לבנה. ער האָט זיך אָפּגערוקט פֿון אונטער דער צווייגן־עפּענונג. אַ וואַסער־ווינטל איז אים קיל דורך

איבער די פּיס. קיינער האָט אים נישט געשטערט צו שפּירן זיך, אַ לויזער וואָרצל, אָן ערד אַרום. ער האָט זיך געטוליעט אין זיך. ער האָט זיך אָפּגעריסן, גענומען גיין אין דער לענג פון טייך. אונטערן לבנה־ליכט זענען איבערן וואַסער געהאָנגען בריקן, מיט לאָמפּן. ערגעץ ווייט אין פינצטערן האָריזאָנט, האַקט זיך אָפּ, אין דער ברייט, דער טיבער. אַ באַלויכטענער שלאָס שטייט אַנטקעגן און פאַרהאַלט זיין לויף. אין לבנה־ליכט איז ווידער אָנגעגאַנגען אַ מענטש. זיי האָבן אַ ווײַלע זיך געקוקט אין די אויגן. אַנטוישטע האָבן זיי געלאָזט הינטער זיך אַ לערקייט, זייערע פאַרשווונדענע טריט.

ער האָט זיך געזעצט אויף אַ באַנק פאַרן שאָסיי, וואָס לויפט לענגאויס דעם טייך. דאָס פּנים — צו דער ווייטער אַליי, אָפּן אַנטקעגן. פאַרביילויפנדיקע אויטאָס האָבן, מיט סנאָפּעס ליכט, אַרויסגעהילט צונויפגעטוליעטע פאָרלעך אויף די בענק, צווישן ביימער; און אָפּגעדעקט, ווי אויף אַ טיפער בינע, ביז אין דער הייך אַרויף — די ווייסע ווענט פון האָטעלן, מיט שוואַר־פאַרהאָנגענע פענצטער. די אויטאָס זענען פאַרביי. דער אַרום איז ווידער געוואָרן פאַרשלונגען אין דער פינצטער. ערגעץ ווו האָט געברומט אַן אָרקעסטער; טאַנץ־מוזיק. עס האָט זיך אָנגעטראָגן, ווי מיטן ווינט, אַ שושקעריי פון פאַרבאָרגענע גערטנער, און באַלד זיך איינגעשטילט. ווען ער איז געגאַנגען ווייטער, האָט אַ פאָרל, אין דער האַלבער טונקלעניש, זיך אָפּגעריסן פון אַ באַנק, געלאָזט נאָך זיך, נידעריק, אַ פאַרע.

ער איז צוגעקומען צום צעליכטיקטן פלאַץ פאַר די האָטעלן. פאָרטיערן מיט זילבערקנעפּ האָבן געעפנט טירן אין אויטאָמאָבילן. פון די ברייטע האָטעל־שטיגן איז אַראָפּ אַ פאָרל אין באַלקליידער; די פרוי — אויף הויכע קנאַפּל. זיי האָבן פאַרבייגעשוועבט אונטערן ליכט פון אַ לאָמפּ; זענען אַריין אין ווייכע אויטאָ־געזעסן. ערגעץ, הינטער שוואַר־פאַרמאַכטע טירן, האָט מען געהערט אַפּלאָדיסמענטן. עס האָט זיך געענדיקט. עס זענען געגאַנגען די טויבן־שיסערס. ער האָט זיי דערקענט. פאָרלעך נאָך פאָרלעך, מיט צעהיצטע קערפּערס, ווי אַרויס פון צעוואַרעמטע טייך־כוואַליעס. עס בריט נאָך אין זייערע לייבער מיט זון, מיט דער אָנגעזאַמלטער היץ פון פאַרמעסט, פאַרנאַכט.

עס איז שוין געווען שפּעט. די שטאָט האָט ווידער אים געהאַלטן איינגעשטייפּט צווישן אירע לאַנגע שאָטנס. ער איז צווישן זיי געגאַנגען. מען האָט אין ערגעץ אים נישט פאַרשטעלט דעם וועג.

אויף צו מאָרגנס האָט זי אים אָפּגעפונען. זי איז געווען העכער פון אים. אַ געשטאַלטיקער גוף איבער צוויי הויך רונדיקע פּיס. זי האָט געטראָגן אַ גרין ברוינלעך קליידל. ער האָט איצט זי געזען שטיין. נעכטן, אויפן פאַרמעסט, איז זי געזעסן. ער האָט געמיינט, זי איז אַ נידעריק־געוואוקסיקע. זי האָט אים געפרעגט, ווו ער איז געווען. ביי נאַכט האָבן אַלע זיך אַרויסגעלאָזט אים זוכן. זיי האָבן געקוקט אין די ענגע געסלעך אַרום וואָקזאַל; אין די חורבות פון פאָרום ראָמאַנום. שפּעטער זענען די בחורים אַוועק אים זוכן איבער די בתי זונות; אויך אין די גערטנער. זיי האָבן געמיינט, ער שלאָפט אונטער דער שטאָט, אין דער יידן־קאַטאַקאָמבע. זי האָט אים באַפוילן, ער זאָל זי רופן רייזעלע.

רייזעלע האָט אים געהייסן גיין נאָך זיך. זי האָט אים נישט דערציילט, ווו זי פירט אים. אויפן וועג האָט זי בלויז אים געזאָגט, אַז דאָ זאַמלען זיי זיך, די לעצטע אַנטרונענע פון לאָדזש, פון מוזעום אין אַמסטערדאַם, און פון די לעיזענער קליניקס. די שווערקייט איז מער נישט מיט די, וואָס זענען נישטאָ, נאָר מיט זיי, די פאַר־בליבענע, די וואָס פאַרנעמען זייער אָרט אויף די וועגן.

ער האָט נישט געוווסט, צי דאָס זאַמלען זיי זיך אַליין, כדי אָנצונעמען כוח; ווי סטאַדעס העלפאַנטן, וועלן זיי שפּעטער פון דאַנען זיך אַרויסברעכן; מיט די קעפּ שטויסן פאָרויס; אָדער — זאַמלט מען זיי ווידער דאָ צוזאַמען, כדי צו האַלטן זיי גרייט; ווען עס וועט קומען די שעה — פון דאַנען זיי אַרויסצודערלאַנגען.

זי האָט אים געפירט אויף דעם זיבעטן בערגל פון רוים, ווייט אויסער דער שטאָט. דאָ, אַרום אַן אַלטן פּאַלאַץ־בנין, האָט זיך געשפּרייט די לאַגער־שטאָט. דער פּאַלאַץ־בנין — אין דער מיט; באַראַקן און ביידלעך אַרום, פון אַלע זייטן. פאַר די טירן און עפענונגען איז מען געזעסן, און זיי נאָכגעקוקט. זיי זענען געזעסן נאָך אין זייערע לאַנגע, געשטרייפטע, טאַל־קליידער. די, וואָס האָבן צעקייט זייערע טאַל־בגדים, זיי אַראָפּגעשלונגען, האָבן אַרויפגעטאָן אויף זייערע גופים, סמאָקינגס, און צילינדערס — אויף די קעפּ. רייזעלע האָט אים צוגעזאָגט צו פירן אין די אונטערערדישע קאַטאַ־קאָמבן. זי וועט דאָרט ווייזן אים אַלע טייבעלעך, אַראָפּגעפאַלענע אויפן גראָז, נעכטן, בעתן פאַרמעסט. די בחורים האָבן פון אונטן אַרויסגעשטעקט הענט, זיי אַראָפּגעצויגן.

דערווייל האָט זי אים געבראַכט אין איר צימערל. זי האָט אים געפרעגט, צי ער וויל זיין איר חתן. זי האָט אים געזאָגט, אַז די פרויען דאָ געבערן צווילינגס, ווייל ס׳איז נאָך לאַנג צו וואַרטן ביז אין דער רעפּובליק. זי האָט אים געבעטן, זיך אויסדרייען צו דער וואַנט, ווייל זי וויל טוישן אויף זיך דאָס קלייד: אַראָפּנעמען דאָס געבלימלטע און אָנטאָן דאָס געשטרייפטע בגד.

ער האָט געפרעגט, צי זי האָט דאָס נאָך פון טאַל. זי האָט זיך געדענקט, רייזעלע, בלויז פון אויפצומאַרגנס. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט און דאָרט זיך געטראָפן, פאַרזעצט אין אַש. זי האָט נישט געאַנט וועד עס האָט זי אַזוי פאַרפלאַנצט. דער ווינט האָט עס אויפגעבלאָזן ווידער דעם פונק אין איר.

רייזעלע האָט אים געזאָגט, אַז די אַלע, וואָס האָבן נעכטן אָוונט געזוכט אים אין די גאַסן, זענען איצט ווידער שוין אין די קאַטאַקאָמבן. דאָרט וואַרטן זיי אויף אים. אין די טעג גראָבן זיי טונעלן — פון אונטן ביז צוריק אין די טאָלן.

באַלד האָט זי אים זיך פאַרטרויט, איצט איז זי די וועגווייזערין אין די קאַטאַקאָמבן. איר קאָפּ מיט די מעשהאָר איז עס דער לאָמפּ. עס לייכט אין אים דער אַשפונק, דער אויפגעבלאָזענער.

ש. האָט פאַרשטאַנען, מיט חלב־ליכט וואָלטן זיי ווייט נישט דערגאַנגען; זי וואָלט זיי פאַרשלונגען, די אונטערשטע גאַסן־פינצטערניש. נאָך יאָרן דאַרפן זיי גראָבן.

ער האָט געשוויגן, ש. ער האָט געוואָלט פרעגן, אויב גראָבן — פאַר וואָס צו די טאָלן? דאָרט קאָן מען בלינד ווערן פון די אייגענע רויכן. מעגלעך גאָר, דערגראָבן זיך אונטער די פונדאַמענטן פון די מדינות, פון זייערע פאַרלאַמענטן; נישט געבן זיי קיין רו, ביז נישט דורכלאָזן וועלן זיי אונדז.

זי האָט געזאָגט, פון אונדזביידע דאַרף געבוירן ווערן משיח.

ער האָט זי איבערגעלאָזט. ער איז אַרויס אַליין אין דער לאַגער־שטאָט. אין אַן אויגנבליק — איז זי געוועזן ליידיק. ער איז געווען אין אַ לערער שטאָט, האָט אין איר זיך געדרייט. ער איז אַריין אין די באַראַקן און געצעלטן. עס האָט דאָ נאָך זיך געפילט, די פולע וואַרעמקייט פון מענטשלעכע לייבער, נישט אויסגעוועפּט פון דער לופט. אין די נאַזלעכער זענען אים פאַרגאַנגען האַריקע שוויס־ריחות פון מענער־גופים; זיסלעכער מילך־געשמאַק פון זייגבריסטן, בלייכע, און גערוכן פון באָרוועסע קינדער־פיסלעך. זיי פעלן אין די וויגן.

ער האָט געוווסט, אַ פאַרבאָרגן אויג זעט אים. עס האָבן זיך געהערט דריי קורצע שופר־שאַלונגען. זיי האָבן אים דערקענט. פון אַלע זייטן, אונטער דער ערד, האָבן זיך אַרויסגעשטעקט קעפּ. באַלד האָבן גופים זיך אַרויפגעצויגן. זיי זענען אַרויס פון די אונטערערדישע אַראָפּגענג. ער איז פון זיי געווען אַרומגערינגלט. פרויען האָבן געקוקט. יעדע האָט דערקענט אין אים איר ברודער. די ערד אונטן איז געווען אויס־געגלייכט.

רייזעלע האָט אים געפירט אין דעם גרויסן פּאַלאַץ־בנין, אין דער בית־דין־שטוב פון דעם רב פון לאָדזש, וואָס די אַרויסגעוואַקסענע באַרד איז ביי אים געבליבן ווייס־כוואַליענדיק, צו פאַרשטעקן אין איר די פינגער. זי האָט אים געלאָזט אַליין מיטן רב. דער רב האָט אים באַפוילן — לייענען פון זיין ספר, געשריבן אין דעם די געשיכטע פון די טאָלן און פון זייערע איינוווינער; צי איז ער נישט קיין לעסטערער, ש.

ש. האָט געוווסט, אַלע חורבן־ספרים זענען פאַר די לעבעדיקע, צו דערציילן זיי וועגן די טויטע. זיין ספר איז פאַר די טויטע, צו דערציילן זיי וועגן די לעבעדיקע, וועגן די וואָס זענען געבליבן. ער וועט עס לייענען אין די יידן־קאַטאַקאָמבן, דערציילן זיי די געשיכטע פון זייער פאָלק אין די ווייטערדיקע טעג פון נאָך זיי. פאַר די טויטע איז נישטאָ קיין לעסטערונג. זיי זענען פּטור.

דער רב האָט אים געפירט צו די פאַרפעלקער, וואָס ווילן נישט אַראָפּ אין די קאַטאַקאָמבן, זיי ווילן בלייבן פון אויבן. אויף די נאַכטיקע וועגן פון לאָדזש האָבן זייערע גופים זיך צוזאַמענגעקנופּט צו איין לייב; דאָ פאַרבינדט ער זיי מיט חופּה וקידושין, אונטער די שטערן־חופּות. יעדעס פּאָרל איז ער מקדש. ער ווייסט, דער רב, זיי וועלן נישט ווערן צו איין לייב, אַ ברודער מיט אַ שוועסטער, ווייל מיט טויטע פּאָרט מען זיך נישט. די קידושין זענען ביי זיי אויך נישט תופס.

ער האָט געזאָגט, דער רב, יעדער פון זיי איז אדם הראשון, ער איז מותּר צו יעדן. זייערע קינדער וועלן זיין שת. פון זיי וועט זיך אָנהויבן די געשיכטע פון רופן דעם נאָמען פון מענטש.

אין די טאָלן זענען זיי געבליבן, די אורפּאָטערס און אורמוטערס פון אַלע מענטשן־קינדער.

ש. האָט שפּעטער זיך געדרייט אויף דעם לאַגער־פּלאַץ. ער האָט זיי געזען, די וואָס ווילן מער נישט געבוירן דאָ, אין די וועגן, נאָר טראָגן די זרע מיט זיך. זי גייט איבער זייערע לענדן. זיי האָבן אַ שבועה געטאָן, איינצוהאַלטן זי אין זיך, אַזוי לאַנג, ביז

זייערע פיס וועלן נישט אַריבער די גרענעצן פון דער ווייטער רעפובליק. צום באַזעצן איז זי דאָרט באַשאַפן, נישט צו וויסטעניש. דאָרט וועלן די קינדער צוריקבאַקומען זייערע אבות, און די ירושה, וואָס זיי וועלן זיי מאַכן האַרבן.

ס'איז געווען אַ שמועה, אַז אויך לייבל און אסתרקע טראָגן זיך, פול זייערע לענדן, איבער די וועגן. זיי זענען דאָ פאַרביי און איצט זענען זיי גאָר ווייט פון דאַנען.

ש. האָט דערשפּירט, אין אים וועט זי איינטריקענען, איינשרומפּן, צוזאַמען מיט זיין גוף. ווי אַ דאַרער הונט, וועט ער לויפן איבער די וועגן, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן עק.

ער איז איצט ווידער אַריין אין דעם גרויסן פּאַלאַץ־בנין, וואָס זיינע פענצטער גייען אַרויס פון אַלע זייטן. זיי זענען אויבן באַזעצט מיט געוועלבטע רוימישע אָדלער־געשטאַלטן, וואָס פּיקן מיט לאַנגע שנאָבלען דעם אַרום. ער האָט זיך איינגעהערט: צווישן די טויבע ווענט פון דעם בנין ברומט עס מיט וולדות, ווי אין שווערע טראָגנדיקע בייכער. זיי זענען אינעווייניק באַהאַלטן. אויבן איבערן פּאַלאַץ־טורעמל, שטייט עס דער שומר, דער מיטן שופר אין האַנט. ער קוקט אין די ווייטקייטן, איבער די וועגן, וואָס פירן אַהער. ער וואַכט איבער די קינדער אונטן.

ער האָט געהערט: דאָרט, איבער די ווייטע וועגן, ציִען עס אין די פאַרנאַכטן די שליחים. זיי קומען פון פאַרבאָרגענע שטעט. זיי האָבן פון זיי אַרויסגעפאַנגען די באַהאַלטענע יתומים, די וואָס זייערע עלטערן האָבן זיי איבערגעלאָזט ביי פרעמדע, פאַרן פירן זיי אַליין אין טאָל. אין די נעכט, אין זייער שלאָף, גנבענען זיי זיי אַרויס פון די שטיפבעטן; זיי זאַמלען זיי און פירן זיי איבער די גרענעצן דאָ אַהער, אין דער נאַכטיקער לאַגער־שטאָט. די שומרים קוקן זיי אויס.

ער האָט געהערט: ווען לייבל און אסתרקע האָבן איין מאָל אין אַזאַ פאַרנאַכט, זיי אָנגעטראָפן, די שליחים, מיט די קינדער, האָבן זיי געבויגן זייערע פנימער איבער זייערע אַנטבלויזטע קעפּלעך. דאָס איז געווען נאָך דעם זונפאַרגאַנג, וואָס האָט זיך געלייגט איבערן גרענעץ־דורכגאַנג. ער האָט געזען, לייבל, זיי זענען טרויעריק, די פאַרנאַכטיקע וועגן פון אייראָפּע. מען הערט נאָך אויף זיי די לעצטע פאַרשלונגענע טריט פון די עדות יידן אויפן וועג צו די טאָלן. זיי ברומען נאָך אין די ביימער — פון די קרוינען ביז די שטאַמען. איצט פירט מען, אין דער פאַרקערטער ריכטונג, זייערע איינצלנע קינדער, די פאַרבליבענע. ער האָט געקוקט אויף די אָפּגעדעקטע קעפּלעך. יעדעס פון זיי איז איצט, אין דער פאַרנאַכט־שעה, אַליין. עס שטעלט איינזאַם די טריטעלעך אין די ווייטקייטן אַריין.

ער האָט זיך דערמאָנט די פאַרבליבענע קינדער אין די פרעמדע שטעט, וואָס קיינער ווייסט נישט פון זיי. זיי זענען דאָ נישטאָ. אויף תמיד וועלן זיי פאַרפאַלן בלייבן פאַר זייערע עלטערן, וואָס זענען אויך נישטאָ.

ער האָט זיך דערמאָנט אין די קינדער פון זיין שטאָט, וואָס קיין איינס פון זיי איז אין חלל נישטאָ. אויך זייערע טריטעלעך זענען פאַרשלונגען אויף תמיד, דאָ אין די פאַרנאַכטיקע וועגן.

זיי וועלן בלייבן טרויעריק, די וועגן פון אייראָפּע.

ער איז געגאַנגען צו רייזעלען, האָט זיך געהויבן צום העכסטן שטאָק פֿון דעם בניין. ער האָט זיך פֿאַרנומען אויף די שמאָלע שטיגן, אין דער האַלבער טונקלקייט. אויף אַ שטיג, פֿון ביידע זייטן, זענען געשטאַנען צוויי מיידלעך, איינע מיטן פּנים אַנטקעגן דער אַנדערער. זיי האָבן אים דורכגעלאָזט צווישן זיך. אַ ווײַלע האָט אים געדאַכט, זיי נעמען אים מיט זיך. קלאַמערן אים איין, ווי אַ צוואַנג; טראָגן אים העכער אַרויף. ער איז געהאַט פֿאַרביי.

רייזעלע האָט ביי איר אין צימער אים געזאָגט, די שומרים איבערן טורעמל טוישן זיך כּסדר. די שליחים אין די נעכט ברענגען אויף מחנות דורכציִענדיקע פֿון די טאָלן; די עדהס פֿון לעיזען, אַמסטערדאַם, פֿון לאָדזש און בערגן בעלזן. זיי טראָגן מיט זיך אויף די ספֿרים פֿון אָפּנבאַך. אין איין נאַכט קומען זיי אַהער מיט די פּעקלעך איבער דער פּלייצע, און אין דער אַנדערער נאַכט ציִען זיי ווייטער. יעדע נאַכט — אַ פֿרישע עדה. די קומען, און די הילן ווידער אַריין זיך אין דער פֿינצטערניש. אים האָט מען באַשטימט צווישן די שומרים איבערן טורעמל. ער וועט שטיין אויבן און אויסקוקן די וועגן. ער וועט וואַכן איבער דער לאַגער־שטאָט.

ש. איז געשטאַנען אויבן. עס האָט אים געדאַכט, דער פּאַלאַץ אונטער אים פֿאַר־שווינדט; פֿון אייביק אָן שוין הענגט ער דאָ אין דער לופֿטן; ער און זיי אַלע דאָ אויפֿן בערגל. פֿון אומעטום אונטן פֿאַרטרייבט מען זיי; אויבן קאָן מען נישט אַרויף. תּמיד וועלן זיי בלייבן אין דער מיט, מיט די פֿיס אין דער לופֿט, הענגען אין חלל; טראָגן וועלן זיי די וואָלקענעס.

זיינע פֿענצטערלעך זענען געווען אָפֿן אין אַלע זייטן אַריין. זיינע אויגן זענען געווען איינגעקוקט אין די האָריזאָנטן. אַרום האָט זיך געהויבן דער בלויער איטאַל־יענישער הימל. דאָס אויפֿרייסנדיקע ליכט האָט געבלענדט אין די אַפּלען. עס זענען פֿאַר אים געווען אָפֿן ווייטע בערג־ישובֿים, וועגן געצויגענע אין אַלע אַרומיקייטן. אין די טעג גרייכט קיינער נישט אַהער, און קיינער דערווייטערט זיך נישט פֿון דאַנען. זיינע אויערן זענען געווען איינגעהערט אין גרויסשטאָטישן ברום פֿון רוים, וואָס האָט זיך געקאָלערט ביז אַהער אין די טאָלן צווישן די בערג.

די לאַגער־שטאָט הענגט מיט אים אין דער לופֿט.

ער האָט דערשפּירט: אויך די פֿון טאָל לאָזט מען אין ערגעץ נישט אַריין. זייער געביין וועט מען וואַרפֿן פֿון דער ערד. דער ווינט וועט הייבן זייער אַש. אויבן קומען זיי נישט אָן. דאָ, אין דער לופֿט, וועלן זיי בלייבן. אַהער וועלן זיי קומען. מען וועט שוועבן צוזאַמען אויסגעמישט — אַזוי שוין אויף תּמיד. ווידער וועט מען זיין אין איינעם.

אָפּט האָט ער געהיטן אין די נעכט. ער האָט אין דער שטילקייט פֿאַרנומען איינצלנע טריט פֿון דער ווייט. ס'איז געווען קאַלט. ער האָט אָפּגעהילט זיין צעהיצט לייב, געלאָזט דעם ווינט איבער דעם. נידעריק, כּמעט איבער זיין קאָפּ, האָט זיך געשפּרייט, אַ שווערער, טונקל — דער הימל, פֿול מיט בליציקע שטערנס. ער איז געווען נאָענט צו אים. פֿון אונטן האָט מען נישט אַרויסגעזען די ערד. זי איז געווען שוואַרץ פֿאַרצויגן, ווי מיט כּמאַרעס. אַרום איז דער חלל פֿול מיט אַ שווערן, מיט ווייטע געדעמפּטע עכאָס. דורכזיכטיקע געשטאַלטן האָבן געניידערט און זענען צע־

גאַנגען אין דער פֿינצטער. מעגלעך, עס לאָזן פֿון אויבן זיך אַראָפּ, עס לאַנדן איבער אונדז, די הימל־ריזן.

אונטער אים לויערט דער לאַגער. די מענטשן אין די געצעלטן און באַראַקן שלאָפֿן. ער האָט געהערט זייער אָטעם, וואָס הייבט זיך צו אים אַרויף. דאָס איז זייער קורצע רו. זייער אָטעם גייט איצט פֿריי, פּאַראַייניקט זיי מיטן אַרום. עס הערן זיך אונטן טריט, פֿון ווייט. זיי דערנענטערן זיך. קליינע טריט, פֿון קינדישע פּיסלעך. ס'איז שטיל. די נאַכט נעמט אַלץ אין זיך אַריין.

„שומר מה מליל?".

ער האָט געוווּסט, נישט ער אַליין וואַכט אין דער נאַכט. פֿיל טריט רוקן זיך איבער וועגן. זיינע אויערן האָבן געוואָלט זיי פֿאַרנעמען. דינע טריט, לייכטע. זיי זינקען נישט אַריין אין דער ערד־ווירקלעכקייט; זיי הייבן זיך אויך נישט הויך. זיי שרומפּן זיך איין און לאָזן נישט קיין שפּור. זיי זענען נישט ממשות. אפֿשר איז אויך די לאַגער־שטאָט אונטער אים נישט ממשות. אַלץ, און אויך ער, איז דעמאָלט פֿאַרשוווּנדן אין טאָל, געוואָרן לופֿט, נאָר ער געדענקט דאָס נישט. ער וועגט גאָר נישט. ער האָט באַנומען, אויך יענע אַלע, די פֿאַרשווּנדענע, יעדער פֿון זיי — שוועבט איצט, ווי ער, אין דער לופֿט. און אַנט בלויז וועגן די אַנדערע, אַז זיי זענען נישטאָ. ער האָט זיך אונטערגעהויבן אויף די שפּיצן פֿינגער, געוואָלט זיך אָפּרייסן פֿון אָרט. אַן אויגנ־בליק האָט ער איינגעצויגן דעם אָטעם. ער האָט אים אויפֿגעהאַלטן אין זיך. ער איז געבליבן אין דער לופֿט, אָפּגעריסן פֿון דיל. ער וועט איינהאַלטן די רגע. ער וועט אַזוי בלייבן. עס איז אים קלאָר געוואָרן, די יידן האָבן געדאַרפֿט זיין פֿייגל, נאַכט־פֿייגל, אַוועקפֿליִען פֿון די טאָלן. מיט אַ מאָל האָט ער זיך געכאַפּט, דאָס לערנען זיי זיך אויף די טויבן־פּאַרמעסטן, אונדז צו דעריאָגן אויך אין דעם חלל.

ער האָט געוואָלט כאַפּן דעם שופֿר צום מויל, זיך צעשאַלן; וואָרענען אַלע פֿייגל אין זייערע נאַכט־נעסטן, זיי זאָלן שוין אַרויס. זיי מוזן דורכפֿלאַטערן אין דער פֿינצטער פֿאַרביי זיין קאָפּ. אויך אַלע פֿאַרבליבענע טויבן.

— תקיעה, שברים, תרועה!

ער האָט מורא געהאַט, די נאַכט קאָן נאָך אַנטרינען פֿון דעם בלאָזן; עס וועט אָפּגעדעקט ווערן דער טאָג. ער האָט אין איר שטאַרקער זיך איינגעהילט. ער האָט געדענקט, אונטער איר שלאָפֿט רייזעלע אין איר צימער. מיט איר אָטעם ציט זי אין זיך אַריין די נאַכט. די נאַכט פֿאַרשווינדט אין איר; זי האַלט זי אין זיך איבערן גאַנצן טאָג.

און אפֿשר בלאָזן שופֿר און גאָר פֿאַרטרייבן דאָס טאָגליכט: אייביק זאָל זי בלייבן די נאַכט מיט אירע טונקעלע געדיכטענישן.

— שומר מה מליל?

אפֿשר היט ער דאָס דאָ די פֿינצטערניש, זי זאָל קיין מאָל נישט אויפֿהערן. זי נעמט אַרום און שיצט אין זיך די קינדישע קעפּעלעך, וואָס זענען אונטן אין איר איינגעשלאָפֿן. זיי לעבן איצט זייער אמתדיק לעבן. דער טאָג איז נאָר די אויס־דאַכטעניש. ער איז פֿאַרגייענדיק; די נאַכט ציט זיך איבער אַלע צייטן; זי פֿאַרבינדט

זיי. זי נעמט מיט איר נעץ זיי אַרום. דער טאָג איז שכחה. די נאַכט צעעפנט אונדזער זכרון. מיר לעבן אין איר דורך אַלע אונדזערע לעבנס, די פּרי־ערדיקע און אויך די ווייטערדיקע; מיר בינדן זיי צוזאַמען אין דויער.

ער האָט זיך געכאַפּט, זיינע וואַכיקע נאַכט־מחשבות זענען דאָס אייביקע קול זיינס אין אים; דער רוף פון דעם אין אים, וואָס וויל נישט פאַרגיין. ביי טאָג רעדן פון אים פרעמדע שטימעס, פאַרגייענדיקע. ווען ער האָלט־אויף זיין נאַכט־קול אין זיך — וואָלט ער געבליבן אויף תמיד פאַרוועבט אין דעם דויערנדיקן. זיינע טעג ציִען אים צוריק אַרויס פון דעם געוועב. זיי ליידיקן אויס זיין קול פון אים. ער פאַלט תמיד אַריין אין זיינע טעג און קאָן זיך נישט ראַטעווען פון דעם נידער. ביי נאַכט, אויך ווען ער איז וואַכיק — שווימט ער הויך אויף זיינע אייגענע פליגל.

ער האָט איצט געפילט די אייביק דויערנדיקע נאַכט אין זיך.

די נאַכט האָט געדויערט אייביק אויך אין די רוימישע קאַטאַקאָמבן, ווו זי האָט אים געפירט, רייזעלע. ווען זיי זענען אַראָפּ אונטער דער ערד, האָט זי אים דערלאַנגט אין האַנט אַ ברענענדיק ליכטל. אויך זי האָט, גייענדיק פאָרויס, פאַר אים, געטראָגן אַ ליכטל מיט אַ פלעמל איבער זיך, צוצוגעוווינען זיין אויג צו דעם אַרום. ער איז נאָך איר אַריין אין אַ שמאָל געסל. זי האָט אים באַפוילן, זיך אָנהאַלטן אין איר, כדי ער זאָל זי נישט פאַרלירן. ער האָט זיין רעכטע האַנט געוויקלט אַרום איר רוקן, און געשטעלט נאָך איר זיינע טריט. זי האָט אים געבעטן שווייגן. איבער דער לינקער האַנט־דלאָניע האָט אים געטריפט הייסער חלב פונעם ליכטל צווישן די פינגער. זי האָט אויפגעהויבן איר ליכטל. ער האָט געזען אַרום זיך און איבער זיך ביינער פון הענט. זיי זענען איינגעלייגט פון ביידע זייטן און אויבן. ער גייט צווישן זיי. זי האָט געזאָגט, דאָס איז דאָס הענט־געסל. זייערע זיך באַוועגנדיקע שאָטנס, אין שיין פון ליכטל, האָבן זיך געצויגן לאַנג, אַרויף ביז אויבן. זיי האָבן זיך גענייגט אויף רעכטס. זיי זענען אין געסל פון די קאָפּ־שאַרבנס. די נאַקעטע קעפּ מיט אויגן־און־נאָז לעכער, און מיט פעלנדיקע צאָן־יאַסלעס, האָבן זיך געטורעמט, ווי הייזער מיט קליינע פענצטערלעך. קיינער קוקט פון זיי נישט אַרויס. זיי האָבן געמוזט זיך בייגן; דער באַלקן איז נידעריק זיי געהאנגען איבערן קאָפּ. זיי האָבן ווידער זיך פאַרנומען אין דער זייט, אין דעם געסל פון געשטרעקטע פיסביינער, סימעטריש איינגעפּאַסט אין רייען. זי האָט פאַרלאָשן איר ליכטל. זי האָט געפרעגט, צי ער האָט ביי זיך שוועבעלעך. ער האָט די האַנט אַראָפּגעלאָזט פון איר רוקן. ער האָט מיט איר זיך געטאַפּט איבער די קליידער. דאָס שאַכטל איז אים געווען אין הויזנטאַש. אויך זי איז איצט געווען אַנגעטאָן אין לאַנגע הויזן, שוואַרצע. זי האָט געזאָגט, אַז מענטשן, וואָס זייער ליכטל האָט דאָ זיך אויסגעלאָשן, האָבן פאַרבלאָנדזשעט, און מער נישט געקאָנט אַרויס; די פאַרפלאָכטענע קאַטאַקאָמבן־געסלעך ציִען אַזוי זיך אונטער גאַנץ רוים. זיי זענען געגאַנגען אונטער דער הויפּטגאַס. פון ביידע זייטן דאָ האָבן זיך געצויגן, אויף רעכטס און לינקס — געסלעך נאָך געסלעך. ביים פאַרבייגיין, האָט זיין ליכטל אָפּגעדעקט אין דער פינצטער — ווידער קעפּ, פיס, הענט און שדרה־זיילן; ביינער האַלב־קיילעכדיקע, פון ריפּן. אַלע — געפאַרעמט אין טורעמס, אין ווענט — צו זייערע מינים,

ביז אויבן אַרויף צו די פעלדזיקע באַלקנס. ער האָט געשפּירט, ווי דאָס שוועבעלעך־שאַכטל אין הויזנטאַש רייבט אים דעם פוס,ביים שטעלן אים פאָרויס. פון דער ווייט האָט זיך געהערט אַ גערויש, ווי פון רינענדיק וואַסער איבער ווענט. דאָס זענען געווען שעפּטשענדיקע קולות פון מענטשן. זי האָט געזאָגט, רוימישע פּריסטער פירן דאָ עקס־קורסיעס פון טוריסטן. זיי גייען, נישט ווייט פון דאַנען. זי איז מיט אים אַריין אין אַ זייטיק געסל. זיי זענען געבליבן שטיין. זי האָט פאַרלאָשן דאָס ליכטל אין זיין האַנט. זיי האָבן געוואַרט. אַרום זיי איז געווען געדיכט די פינצטערניש. באַלד האָט מען געהערט טריט רוקן זיך אָן, און אַ קול, וואָס דערנענטערט זיך פאָרויס. פון דער־נעביקן געסל האָט זיך אַנגערוקט אַ געדעמפּטער ליכטקרייז, האָט זיך פאַרגרעסערט, און אָפּגעשטופּט די פינצטערניש אין די זייטן אַריין. אויך אין זייער געסל איז אַריין אַ ליכטראָד; האָט זיך געלייגט פון אויבן. זיי זענען אין אים געבליבן שטיין. די טריט האָבן נאָענט געשאַרעוועט, געדיכט זיך געווישט, ווי איבער האַרטער ערד. דאָס מויל פון זייער געסל איז געווען פאַרשטאָפּט מיט דער בלענדנדיקער רויטקייט, וואָס האָט איבער דעם זיך געלייגט. זיי האָבן געשטעלט אַ טריט הינטער זיך. זיי האָבן זיך אָנגעשפּאַרט מיט די רוקנס אין דער וואַנט מיט האַרטע שפּיצן. זיי האָבן געהאַלטן די הענט הינטער זיך. דער ליכטקרייז האָט זיך אָפּגעריסן, איז פאַרביי, געשלעפּט מיט זיך שאָטנס, ווי פליגל. די שאָטנס האָבן זיך געשניטן אין דער אַרומיקייט. זיי האָבן געזען פאַרביימיניען פּיל, פּיל געשטאַלטן, מיט אַראָפּהענגענדיקע קעפּ; ליכט מיט פלעמלעך אין די הענט. זיי זענען פאַרביי, זיך דורכגעשיט, די ברייט פון דער זייטיקער גאַס, ווי אַ זיך איילנדיקע פּראָצעסיע. קעפּ, מיט שמאָלע און לאַנגע באַקן, און מיט פולע, דיקע, פנימער — רויטלעך באַלויכטן. הויכע און קורצע פיס. לאַנגע הענט, און געבויגענע. מען האָט געזען אין פּראָפיל: מענער נעז מיט ברילן, און פרויען־אויערן — מיט אויערינגלעך. אויך קינדער שלעפּן זיך צווישן זיי, מיט ליכט אין די הענטלעך.

זיי זענען פאַרביי. נישט ווייט האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן. פיס האָבן זיך איבער־געשטעלט. דער וואַסער־רויש האָט זיך איינגעשטילט. אין דער ליידיקייט האָט זיך געהערט דעם פּריסטערס שטימע פון אַ זקן. ער האָט געלייענט פון אויבן, פון דער וואַנט אַראָפּ. ס'איז געווען אין לאַטיין. ער האָט פּאַמעלעך איבערגעזעצט. ער האָט נאָכגעמאַכט דאָס קול פון די סקעלעטן: „מענטש, מיר אַלע דאָ — זענען געווען אַ מאָל, ווי דו היינט, און דו אַ מאָל — וועסט זיין, ווי איצט מיר״. ש. האָט אַרויס־געשטעקט פון זיין געסל אין דער טונקל דעם קאָפּ. די אויערן ביי די מענטשן זענען געווען רויט דורכגעלויכטן. באַלד האָט דער זקן, דער פּריסטער, גענומען שטעלן פאָרויס זיינע שווערע טריט, און אַלע נאָך אים. זייערע טריט האָבן אין דער ווייט זיך איינגעשטילט.

זיי האָבן אין דער פינצטער זיך אַרויסגערוקט און גענומען גיין ווייטער. זי האָט נישט גערעדט. זי האָט געטאַפּט זיינע הענט, נישט געלאָזט אים אָנצינדן אַ שוועבעלע. זי האָט פאַר דער האַנט אים געפירט, ווי אַ קינד. ער האָט זי אָפּגעלאָזט און גענומען גיין נאָך איר. ער האָט געזען, ווי איר קאָפּ צינדט אינעווייניק זיך אָן, ווי אַ מעשענע לאָמפּ. איר גוף זעט מען נישט; בלויז דעם קאָפּ; ער רוקט זיך פאָרויס, ווי אַ פאַר־האָנגענער לאָמפּ, מיט אַ געדעמפּט פלעמל. אונטן איז געווען פינצטער. ער האָט

נאָך איר געשטעלט די טריט, ווי איבער שוועלן. איר קאָפּ האָט פון בײדע זײטן, אין דער הייך, באַלויכטן די סקעלעטן־ווענט, און באַלד זיי געלאָזט הינטער זיך, אין דער פינצטער. זי האָט זיך דערווייטערט, איז אַרײַן אין אַ זײַטיק געסל. ער האָט נאָכגעאײַלט, זיך פאַרנײגט לינקס, נאָך איר. באַלד איז זי געבליבן שטיין. זי האָט אים געקוקט אין די אויגן. איך זע דיך — האָט זי געזאָגט. ס׳איז געווען קאַלט. אַ טרוקעניש האָט ווינטיק אים זיך אײַנגעשניטן אין די ביינער. ער האָט געשפּירט, זײַן פּנים איז באַלויכטן פון איר שיין. דאָס מעשענע ליכט האָט אים ברײַענדיק זיך אײַנגעשניטן אין די אויגן. ער האָט געוואָלט זיי שליסן. זי האָט מיט בײדע הענט אַרומגענומען זײַן קאָפּ, און ווייטער געקוקט אין אים. טײַערער — האָט זי אים גערופן, און אים געהייסן גיין ווייטער, נאָך זיך. זי האָט אײַנגעהאַלטן די טריט. זי האָט אונטן אָנגעקלאַפּט מיט די שיך־שפּיצן אין אַ בערגל ביינער אין מיטן וועג. אויך ער האָט אין זיי זיך אָנגעשטויסן. דאָס זענען די פאַרבלאָנדזשעטע, וואָס האָבן נישט געטראָפן אַרויס — האָט זי גע־זאָגט — זיי זענען דאָ אויסגעגאַנגען; געבליבן ליגן. דאָ איז זייער גוף געוואָרן צו אַ שקעלעט. אויך איצט ליגן זייערע ביינער געשפּרייט, זיי קאָנען נישט אַרויף, הייבן זיך איבער די געפּאַרעמטע טורעמס.

זיי זענען געשטאַנען פאַר אַ נישע. אַ לענגלעכער שטײנערנער קאַסטן אויף דער ערד. זי האָט זיך געבויגן איבערן גלעזערנעם צודעק. פון צווישן די האָר האָט דער מעשקאָפּ אירער באַלויכטן דעם אינעווייניק. ס׳איז געלעגן אויסגעצויגן אַ מיידל מיט אַ בלאָנדן צאָפּ; אײַנגעקוועטשט דער קאָפּ, דער גוף, ווי די לופט וואָלט זיי אַראָפּ־געדריקט און אײַנגעפּלאַטשיקט. אַ מעשן־שילדעלע אין דער זייט: „נאַטאַליאַ — געשטאָרבן אין זיבעטן יאָרהונדערט". די ברוינע תכריכים זענען געווען איר הויט. ער האָט געוווסט, דאָס איז מער נישט לייב, נאָר שטויב. ער האָט דעם בליק אַרײַנ־געלאָזט אין דער געוויקלטער טרוקנקייט. „נאַטאַליאַ" — האָט ער אַ שעפּטש געטאָן. ער האָט אַריבערגערופן צו איר איבער די דרײַצן הונדערט יאָר. זי איז געווען נאָענט, בלויז אַ שייבל איז געווען צווישן זיי. ס׳איז אים דורך אַ געדאַנק: גוט, זי איז געשטאָרבן יונג — זי איז אַזוי פאַרבליבן. ער האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ; געוואָלט זיך דערמאָנען אין וועלכן יאָרהונדערט ער איז איצט; צי איז רײַזעלע נעבן אים, אין זײַן צײַט. קיין גלאָז איז נישטאָ צווישן זיי. זי האָט געזאָגט, דאָס זענען די קאַ־טאַקאָמבן פון די ערשטע קריסטן; די ביינער אויך געבראַכט פון ווייטע בית עולמס. די קברים זענען נישט געווען זייער לעצטע רו.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט. יעדער דור איז דאָ אויפגעטורעמט איבערן אַנדערן; ער בעט אין אים זיך איין. עס רוען דור איבער דור. ער האָט זײַטיק אַ בליק געטאָן. די ביינער־וואַנט איז געפּאַרעמט פון אונטן אַרויף; וואָס נידעריקער — מער די ערד־פאַרב. העכער אַרויף — העלט זיך אַ זכרון אין זיי. ער האָט באַנומען, ער האָט דערגרייכט מיט אַ מאָל אַלע דורות רוימער; ער איז צו זיי געקומען פון אונטער דער געשיכטע. זיי האָבן אַלע זיך צוזאַמענבאַהאַפטן אין איין שווײַגעניש. זיי זענען צוזאַמענ־געפלאָכטן דורך די הענט און פיס; אײַנגעצויגן אַלע אין זיך. דאָס איצטיקע רוים אויבן איז בלויז אַ פּירהויז אַראָפּ אַהער אונטן. די גייענדיקע אויבן זענען דער דער־ווײַל־לײַדיקער שיכט אין דער הייך, אונטערן באַלקן. זייערע פיס אין דרויסן זענען שוין געשטרעקט אַהער. יעדער גייט, אָבער ער איז שוין צוגענאָגלט צו זײַן פּלאַץ דאָ.

ער האָט זיך געכאַפּט: ניין, אַהער אויבן וועט מען ברענגען די פון די בית עלמינס. זיי וועלן אין דער קברים־ליידיקייט לאָזן בלויז זייערע אויסגעוועפּטע ריחות. אין די אָפּענע קברים וועט מען לייגן די פרישע, יונגע מתים, אין זייערע ניי־בלאַנקענדיקע תכריכים פון דער נאָדל אַראָפּ. מיט זייערע לייבער האָבן זיי די קברים וואַרעם אויס־געבעט פאַר אונדז. נאָר זייערע ביינער האָבן נאָך נישט קיין רו. אַ רגע איז אים באַפאַלן אַ פּחד, אויך אין קבר קומען מיר נאָך נישט צו אונדזער לעצטער רו. מיר בלייבן נישט מיט זיך אַליין. מען ברענגט אונדז שפּעטער אַהער, דאָ זיך אויסצומישן. דאָ וועלן אונדזערע שיכטן שפּעטער אַראָפּזינקען, זיך איינפאַלן, ביז ווערן וועלן מיר ווידער שטויב, צוריק הויפנס פון איין ערד.

ער האָט דערשפּירט רייזעלעס בליקן אויף זיינע אויגן, וואָס זענען אַראָפּגעלאָזט צו נאַטאַליאַס. זיי האָבן ביידע גלייך זיי אָוועקגענומען און געשטעלט זייערע טריט ווייטער. זיי האָבן ווידער אָנגעצונדן ביידע ליכטלעך. זיי זענען געגאַנגען אין אַ געסל מיט אָנגעהאָנגענע אויף די ווענט, סקעלעטן. עס האָט אויסגעזען, זיי שוועבן אָן אויף זיי, ווי טויטע מלאכים, פון ביידע זייטן. זיי גייען ביידע אין דער מיט, איינער הינטערן אַנדערן, מיט די פלעמלעך אין די הענט. אין איר קאָפּ איז געווען פאַרבאָרגן דאָס פּייערל. עס האָט אינעווייניק געצאַנקט. זייערע טריט האָבן אָפּגעהילכט מיט אַן עכאָ, ווי אין מיליאָנען אויערן אַריין. זי איז געגאַנגען פאָרויס, האָט צו אים זיך נישט אויסגעדרייט. זיי האָבן איצט געשפּרייזט איבער לאַנגע גאַסן. פרישע פּיסביינער, ווי וואַקס, אָנגעלייגט — טורעם ביי טורעם. דאָס מעש־פלעמל אין איר האָט כסדר אויפגעקנאַקט, געשפּריצט מיט פונקעלעך. ש. האָט אַ קוק געגעבן: ווּהין זענען זיי אַ מאָל געלאָפן, די פיס? ווו זענען די הענט, וואָס האָבן געהאַט אויפגעשטעלט די ביינער־טורעמס ביזן באַלקן? זיי האָבן איינגעלייגט, סאָרטירט אַנדערע הענט. עס האָבן זיך געמישט ליגנדיקע און באַוועגלעכע הענט. איצט ליגן זיי ביידע.

ער האָט געוואָלט זיך אָפּהאַלטן — לאָזן זי גיין; זיך אויסשפּרייטן אויף דער ערד, אין מיטן אַ געסל, און בלייבן דאָ ליגן שוין אויף תמיד.

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ וועג־קרייצונג. זי האָט אים געפרעגט, צי ער געדענקט, אַז מען רופט זי רייזעלע. זי האָט איצט אים אַרומגענומען מיט אַ האַנט. זיי האָבן ביידע געהאַלטן די ליכט פאַר זייערע אויגן און געקוקט אין זיך. זי האָט געשטעקט צו אים אַ פּאָר ליפּן; געריבן זיי אין זיינע. אירע זענען געווען אָנגעגליט. זי האָט געזאָגט, אַז אויב ער קאָן נישט ליב האָבן, זאָל ער נישט קושן. זי איז געווען דער לעצטער וואַרעמער מענטשן־גוף אין באַשאָף.

זי האָט אים גענומען אונטערן אָרעם און געפירט ווייטער. מיר וועלן שטעלן אַ חופּה אין די יידישע קאַטאַקאָמבן — האָט זי געזאָגט. פון יענע ריפּן זענען מיר גענומען. מיר זענען אַ יתום און אַ יתומה. קיין בית עלמינס אויבן זענען מער נישטאָ. מיר וועלן אָפּשטעלן די מגיפה. פון אונדז וועט עס זיך אָנהייבן. זי האָט געקוקט אויף די ביינער אַרום. זיי וויסן נישט, אַז מיר זענען יידן. אַנדערש וואָלטן זיי שטייף זיך געוויקלט אַרום אונדזערע העלדזער.

ער האָט איצט געוואָלט שטעלן גיכער די טריט. דורות פאָגראָם־מאַכערס, יידן־שלעגערס, זענען דאָ פאַרטייעט. די פיס זענען אים אָנגעפילט געוואָרן מיט שווערקייט.

ער האָט זיך דערמאָנט, זיי גייען אַזוי לאַנג — אַלע מאָל טיפער, נידעריקער. זיי זענען שוין אַרונטער די אָפּגרונטן. אין דער ווייטער פינצטערניש דאָ האָבן אויך די הימלען זיך אַראָפּגעלאָזט. די שטויסן ביינער באַהעפטן זיי דאָ מיט דער ערד. מער קאָן מען נישט גיין. פון דאַנען קאָן מען נישט אַרויפשרייען. דאָס קול איז אינעווייניק אין אים געבליבן פאַרקלעפּט.

פלוצעם איז זי שטיינגעבליבן. זי האָט אים פאַרלייגט אַ האַנט פאַרן מויל. זי האָט געזאָגט, זיי זענען ווייט אויסער רוים, ווייט פון דעם לאַנד. ער האָט נישט געוווּסט, וועלכע פעלקער עס וווינען אויבן. קיין ביינער טורעמס זענען נישט געווען. זיי זענען אַריין אין אַ טונעל. מיר זענען אָנגעקומען, האָט זי געזאָגט. דאָ זענען זיי דאָ. ס'האָט זיך אַרויפגעדרייט די שיין אין איר מעשקאָפּ. עס האָט אויפגעלויכטן מאָט מיט אַ געל פּייערל. ס'האָט אים געבלענדט אין די אויגן. זי האָט אָנגעהויבן געבן סימנים. ס'האָט אים געדאַכט, מען לויפט זיי פאַרביי. ער האָט קיינעם נישט געזען. דאָ, האָט זי ווידער געזאָגט, גראָבן זיי אין אַלע פיר זייטן אַריין. זיי זענען קרעטן. ווען עס קומט אַראָפּ עמעצער, אַ פרעמדער — ווערן זיי ערד, איינגעגבעט אין די ווענט. מיין ליכט וואַרעמט זיי שפּעטער אויף.

— שמע ישראל! — האָט ער זי געהערט רופן. צו ערשט — שטיל. אירע ליפּן האָבן קוים זיך באַוועגט. „שמע ישראל" — האָט ער נאָכגעזאָגט. באַלד האָט זי אין דער ליידיקייט גערופן העכער: „שמע ישראל". דער שעפּטש איז געלאָפן איבער די דורכגענג און שמאָלע ערד־קאָרידאָרן. עס איז געבליבן שטיל. ער האָט געהערט אַ געשורש; אַ רויש וויקלט זיך נידעריק. „שמע ישראל" — האָט זי זיך געבויגן און אַריינגעפּייפט דין, ווי אַ ווינט. מען האָט געהערט ווייכע טריט, ווי איבער דער לופט. דאָ איז דער וועג צו די יידישע קאַטאַקאָמבן, האָט זי אַרויסגערעדט. דער געביין רוט דאָ זינט די טעג פון ערשטן בית המקדש. לאָז זיי דורך! — זי האָט אים באַפוילן רוקן זיך נאָענט צו דער וואַנט.

„שמע ישראל" — האָט ער באַלד געהערט אַ ווידערקול, וואָס רוקט זיך אָן פון דעם געהויל. ס'איז געווען ליידיק, אָנעם קלאַנג פון האַלדז־בענדער. „שמע ישראל" — האָט מען געהערט פון אַלע זייטן. זי און ער האָבן נאָכגעזאָגט. עס האָט געהעלט ווייט אין די קאַטאַקאָמבן, ווי פאַרטאָג־ליכט.

— אין דער הייך, אין דרויסן, טאָגט שוין — האָט זי געזאָגט.

באַלד האָט זי אים איינגערוימט:

— זיי, אין די יידישע קאַטאַקאָמבן, געדענקען בלויז דעם דאָזיקן רוף. ער איז געווען דער לעצטער, וואָס איז פאַרגליווערט געוואָרן איבער זייערע לעפצן. מיר וועקן זיי מיט אים. זיי מיינען, ס'איז תחיית המתים.

ווידער האָט זיך געהערט אַ פאַרטויבט רופן, ווי פון אונטער די גרונטן.

ער האָט געוווּסט, ער באַהעפט זיך איצט מיט זיין אייגענער אייביקייט. „שמע ישראל" איז עס דער פּאַראָל, וואָס פאַראייניקט זיי, די קדושים פון אַלע פריערדיקע טעג, מיט אונדז דאָ; און דורך אונדז — מיט די קדושים פון אַלע ווייטערדיקע יאָרן, נאָך אונדז.

אויך אין די אויערן פון אונדזערע שטענדיקע פאַרלענדער איז דער רוף פאַר־בליבן. ער דערוועקט אין זיי אַ ציטער. זיי באַנעמען, דאָס איז ער, דער סוד פון אונדזער דויער.

ער האָט געוווסט: זיי, די ביינער, אין די גרויסע קריסטלעכע קאַטאַקאָמבעס, דער־שרעקן זיך פאַר דעם רוף. זיי שרומפן זיך איין. זיי געדענקען דאָס וואָרט, וואָס האָט פאַרחתמעט אויף תמיד די ליפּן פון די טאָל־נידערער אין זייערע הענט. זיי מיינען, דאָס קומט זי, די נקמה; יענע טאָל־ביינער פילן זיך אָן מיט לעבן.

ער האָט איצט געהערט, ווי ער אַליין שרייט „שמע ישראל!". זיין גאַנצער גוף לאָזט אַרויס דעם געשריי. ער שטראָמט אים פון די לענדן, פון די פיספינגער, פון די האַנט־מוסקולן. הענט האָבן ווידער אים זיך פאַרלייגט פאַרן מויל. דאָס זענען מער נישט געווען אירע הענט, נאָר הענט פון מענער, פון יונגע מענער. ער האָט דערשפּירט, הענט מיט כוח, וואָס שטיקן נישט און צערטלען נישט, נאָר ווישן זיך פאַרביי פאַר זיין פּנים, ווי אייגענע.

— די שליחים! — האָט ער געהערט איר קול אין די אויערן. זי האָט אים זיי פאַרגעשטעלט. זיי האָבן זיך אַרויסגערוקט פון די ערדישע ווענט. זיי זענען געשטאַנען אַרום אים.

— דאָ איז ער!

טייל האָבן אים דערקענט. זיי האָבן אים געדענקט פון אַ מאָל — פון די אסיפות אין לאָדזש, פון בית־דין אין אַמסטערדאַם, פון מוזעום. ס'איז דאָ אויך געווען דער הויכער פאָטער פון לעיזען מיטן פּעקל פון זיין יינגעלעס ביינער איבער דער פּלייצע. זיי אַלע האָבן אויף אים געקוקט. זיי האָבן אים געזען. ער זיי — נישט. זיינע אויגן האָבן זיך נאָך נישט צוגעוווינט צו דעם געדעמפטן ליכט.

— ווער ביסטו? — האָבן זיי אים געפרעגט.

— איך — האָט ער געענטפערט.

זיי האָבן אים געפירט איבער די לאַנגע טונעלן. צו מאָל האָט ער געמוזט זיך בייגן, קריכן אויף אַלע פיר, אויפן בויך. פוןביידע זייטן, לענגאויס די ערדווענט, זענען געווען אויסגעשטעלט בחורים מיט אייזערנע לאָפּעטעס און רידלעס, מיט האַמערס, און העק; אַנדערע — מיט קילאָפן און זעגן; ווידער מיט שפּאַדלעס און צוואַנגען. זיי האָבן נישט אויפגעהערט, ווען מען האָט אים דורכגעפירט; זיי האָבן ווייטער געטאָן זייער אַרבעט מיט די גראַב און בויער מאַשינען.

ביסלעכווייז האָבן פאַר אים זיך אויספאַרמירט געשטאַלטן. געדיכטע שאָטנס, ווי אין קוילנגראָבנס — איינס מיט דער ערד; בלויז ווייסע ציין און אויגנווייסלען האָבן געבלישטשעט פון דער טונקלקייט אַרויס. לויט זייער שניט, האָט ער דערקענט ביידע מינים — בחורים און בתולות.

ער האָט געוואָלט פרעגן, ווהין עס גרייכן די טונעלן. ער האָט געוווסט, זיי וועלן אים נישט ענטפערן. ער איז נישט איינער פון זיי. עס פליסט נאָך אין אים דאָס ליכט פון אויבן. אין זיי אַלע — מער נישט.

רייזעלע האָט אים געפירט אין אַ זייטיקער נישע, צו דעם קאָמאַנדיר, וואָס איז דאָ געזעסן פאַר אַ טישל. ער האָט געהויבן די האַנט און אים באַגריסט „שמע ישראל!". ש. האָט צוריקגעפרעפלט. יענער האָט אים אַרומגענומען מיטן בליק. ער האָט גאָרנישט געזאָגט.

באַלד האָט ער דערקענט, דאָס איז דאָס דערוואַקסענע יינגל, מיכל סאַפּירס, וואָס איז געהאַט אַרויס פון צווישן די דערשאָסענע אין גרוב; ער איז געלעגן אין די אונטערשטע שיכטן, און ווי אַ רויט פישל נישט אָפּגעשטאַנען; אַ גוסס האָט מיט די ציין אים זיך איינגעביסן אין אָרעם. ווען דאָס רויטלעך־פּאַרלאָפענע הייטל האָט אים זיך פאַרווישט פון פאַר די אויגן, איז ער דורכגעדרינגען צווישן די גופים; ער האָט זיך געהויבן אַרויף, אַרויס פון דער בלוט־זומפּיקייט. ער האָט זיך אָפּגעשאָקלט. אַ שטיק צייט האָט ער געשפּרייזט אין דער רייע, צווישן אַלע פאַרבליבענע. זיינע אויגן האָבן אָבער מער נישט געקאָנט פאַרטראָגן קיין ליכט. צווישן אים און אַלע אַנדערע, די גייענדיקע, האָט פאַנאַנדערגעטיילט די רגע פון יציאת נשמה. ער איז זי שוין געהאַט אַדורך. זיין אָרעם איז געבליבן געחתמעט מיטן גסיסה־ביס. די טויטע האָבן אים אַרויסגעגעבן און די לעבעדיקע ווילן אים מער נישט נעמען.

מיכל סאַפּירס יינגל האָט זיך געמאַכט, ער דערקענט אים נישט. רייזעלע איז געשטאַנען אין דער זייט פון טישל. „איך האָב אים געבראַכט" — האָט זי געזאָגט. ער האָט זיך אויסגעדרייט צו אַנדערע געשטאַלטן, ווי ער וואָלט אים נישט געזען מער. ער האָט געגעבן באַפעלן. ש. האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס. ער האָט געזען, ער איז דאַר און הויך; זיין קול איז פול. עס קומט פון אים אַרויס קורץ, אָפּגעהאַקט. ער האָט נישט באַנומען, וואָס ער וואַקסט, עלטערט זיך, איז מער נישט קיין יינגל. די סטאַ־לעקייט פאַסט אים נישט. ער האָט איצט זיך דערפילט, קלענער און יונגער פון אים.

רייזעלע האָט אים אָנגענומען פאַר דער האַנט און געפירט ווייטער. אויף ווי ווייט אַרום האָט זיך געהערט אַ טויב גראָבערײַ פון רידלעס אין דער ערד־האַרטקייט. זיי זענען ביידע געגאַנגען, געבויגענע, די קעפּ אַראָפּ, נישט אָנצורירן מיט זיי די ערד אויבן.

די טונעלן האָבן כסדר זיך געקרייציקט, אַריין איינער אין אַנדערן. די וועגן דאָ זענען געלאָפן, ווי געיאָגטע. ביי יעדן גאַסן־ווינקל זענען געשטאַנען געשטאַלטן, וואָס האָבן מיט די פינגער זיי געוויזן דעם וועג ווייטער.

ש. האָט נישט געוווּסט, וווּהין עס פירן די וועגן. ער האָט מורא געהאַט, זיי דרייען זיך רונדיק, וויקלען זיך איינער אַרום אַנדערן. מען קאָן פון זיי נישט אַרויס. מיט אַ מאָל איז אים געוווען קלאָר, דאָס זענען וועגן, נישט פון דאַנען צו די טאָלן, נאָר פון דאָרט אַהער. די געבליבענע אין די טאָלן ציִען דורך זיי, אין זייער וועג צו די יידן־קאַטאַקאָמבן. זייערע פאַרבליבענע קינדער האָבן אים פאַר זיי אויסגעגראָבן. זיי ציִען צו זייער לעצטער רו. זיי טראָגן אַליין זייער אַש און ביינער. דער וועג איז זייער עולם הדמיון. זיי קאָנען אים נאָך טרעפן און פרעגן, וואָס ער טוט דאָ.

ער האָט נישט געוווּסט, צי זאָל ער דאָ בלייבן. עס האָט אים געצויגן אַרויס, צוריק אַרויף אויבן, אין ליכט. ער האָט זיך געשעמט איר דאָס זאָגן.

פּלוצעם איז אים דורך אַ געדאַנק: אפשר פאַרפירט ער, מיכל סאַפּירס יינגל; אפשר איז דאָס נישט דער וועג; זיי דאָ זענען נישט די אמתדיקע שליחים. ער האָט זיך דערמאָנט, ערגעץ אויבן זענען דאָ אַנדערע, וואָס ציִען אין די לופטיקע נעכט איבער טייכן, צווישן וועלדער און גרענעצן; וווּהין גייט זייער וועג? ער האָט געדענקט, מיט יענע אויבן פירט אָן דער מאַן פון דער יונגער פרוי מיט די גרויע זילבער־

אויגן; דער מיטן לאַק איבערן שטערן. ער האָט זיך דערמאָנט אינעם קריפּעלע, וואָס האָט לאַנג געפירט זיין גראַנגל מיטן אָטעם אין שפּיטאָל פון לאָזאַן, ביז עס איז אויסגעגאַנגען. עס האָט נאָך קיין נאָמען נישט געהאַט. בלויז די מוטער וועט פון צייט צו צייט עס געדענקען.

אַ רגע איז אים איינגעפאַלן, אַז דיביידע וועגן, דער דאָ פון מיכל סאַפּירס יינגל, און דער, ווייט, פון דעם מיטן לאַק איבערן שטערן — זענען אפשר גאָר איין וועג. ער ציט זיך פון אויבן און פון אונטן. זיי ביידע ווייסן דאָס, נאָר אים לאָזט מען נישט אַריין אין דעם סוד. בלויז ער גייט נישט פאָרויס, נישט דאָרט אויבן, נישט דאָ אונטן. ער זינקט אונטער זיך. ער האָט דערשפּירט די אָפענע הויכקייטן פון לעיזענער באַרג. זיי זענען אַזוי ווייט, און ער איז אַזוי טיף דאָ.

זיי זענען געווען ווייט אין די טונעלן. רייזעלע האָט אים נאָך זיך געפירט. אים האָט געצויגן אויף צוריק, ווידער צו די קאַטאַקאָמבן. דאָרט האָט ער דערשפּירט, הויכט נאָך מיט מענטשלעכן אָטעם פון אַמאָל. דאָ איז אַלץ פאַרשטאָפּט.

זי האָט אים געבראַכט ווייט אין אַ זייטיקן טונעל־אָפּנייג. זי האָט געזאָגט, דאָס איז איר אייגענער; זי גראָבט אַליין. זי ווייסט נאָך נישט וווהין ער וועט פירן. זי וועט ווייטער גראָבן און זען ווו ער וועט זי ברענגען.

די ערדוועגט זענען דאָ געווען אַרומגעקלעפּט מיט פאַפּירענע בילדלעך, אויס־געשניטן פון רוימישע זשורנאַלן. פּאַלאַצן, אַלטע; מעבלשטיק, בריקן. איבערן קאָפּ זענען געהאָנגען קאָלירטע סטענגעס, פון געפלאָכטן פּאַפּיר. זי האָט אים געוויזן, אין דער זייט הענגט אַ שפּיגעלע. באַלד האָט זי עס אויסגעדרייט צו דער וואַנט. זי האָט געזאָגט, זי מוז מיט דעם זיך היטן פאַר מיכל סאַפּירס יינגל. ער לאָזט קיינעם מער זיך נישט איינשפּיגלען. עס האָבן זיך געהערט טריט. זי איז מיט אים אַרויס אויף די שפּיץ פינגער.

זי האָט אים געבעטן, נישט טרעטן איבער די קליינע קברימלעך, וואָס זענען דאָ, אונטער זייערע פיס, געווען געשפּרייט — איינס נעבן אַנדערן, אין שורות. הונדערטער קברימלעך. זי האָט אים געזאָגט, דאָ ליגן די טויבן, דערשאָסענע אויף דעם פאַרמעסט. די בחורים האָבן זיי אַרונטערגעצויגן פון אונטערן שיספעלד, און דאָ קובר געווען. זיי האָבן געהויבן די פיס, איבער זיי געהיפּערט.

זי האָט אים געשלעפּט נאָך זיך אין אַ נידעריקן טונעל. זיי זענען איצט געקראָכן אויף אַלע פיר. ער נאָך איר. אין אַ ווינקל האָט זי זיך פאַרהאַלטן. זיי האָבן זיך געזעצט. די ערד אויבן האָט זיי אָנגערירט די קעפּ. ער האָט געהערט, זי אָטעמט שווער. איר פּנים איז מיד, ווי ביי אַ קינד. עס לעכצט נאָך אַ לאַטשען פון נאָענטע הענט.

ער האָט געזען, זי שלאָפט איין. אַ לייכטער הויך. זי שלאָפט אין זיך אַריין. איר קאָפּ נידערט זייטיק אויף זיין אַקסל. ער האָט אים אונטערגעשטעלט.

מיט אַ מאָל איז מען אָנגעקראָכן. מען האָט זיי געוואָרנט, אַז דאָ, אויף דעם אָרט, טאָר מען נישט זיצן. די ערד אונטן איז פריש פון ששת ימי בראשית. קיינער האָט נאָך נישט זי אויפגערירט. קיין מענטשלעכער פוס איז דאָ נישט געטראָטן. זי איז דאָ ריין, די ערד, ווי אַ קינד.

עס האָט אים זיך געוואָלט דאָ פאַרבלייבן, נישט גיין ווייטער; זיך איינגראָבן אויף מיטן קאָפּ, פאַרפאַלן ווערן. זי האָט געזאָגט, מען מוז גיין ווייטער; ס'איז שוין נישט ווייט.

געוועזן זענען זיי אין אַ ריזיקן אונטערערדישן זאַל. ער האָט נישט געזען, וווּ דאָס איז. ער האָט בלויז געוווּסט, פון דאַנען ציִען זיי זיך, די טונעלן, אויף אַלע זייטן. ער האָט פאַר זיך געזען פיל טישלעך, מיט געבויגענע איבער זיי געשטאַלטן; יעדער — פאַרטאָן אין זיין אַרבעט. עס ציִען זיך אומגעזעענע דראָטן, זיי לויפן — אויף רעכטס און לינקס, אויף פאָרויס און הינטער זיך. די פעלדזן־ווענט אַרום זענען פול מיט דרוק־קנעפּלעך, און שאַלטערס; מיט זייגערס און ווייזערס. זיי לייכטן, ווי פּאָספאָר־שטערן, אין דער פינצטער — גרין, בלוי, רויט.

באַלד האָט ער געוווּסט, ער געפינט זיך אין דעם האַרצקנופּ פון דעם ערד־קײַלעך. דאָ, אונטן, זענען זיי געשפּאַנט, די דראָטן, ווי נערוון, אין גוף פון דער וועלט. זיי זענען אָנגעצויגן. יעדער רגע קאָנען זיי אויפּלאַצן. זיי לויפן, די דראָט־אַרטעריעס, פון דאַנען, און שפּרייטן זיך אין דער ערד, ביז אונטער די הויפּטשטעט פון פעלקער און לענדער. זיי גרייכן צו די פונדאַמענטן פון זייערע סענאַטן, פון אונטער אַלע זייערע פּאַלאַצן. זיי זענען דאָרט אונטערגעמינירט. יעדער דרוק דאָ אויף אַ קנעפּל, ציטערט זיי אויף, דאָרט, די פונדאַמענטן, ביז די גרונטן; די ערד גיט זיך אַ טרייסל אונטער זיך. אויבן, איבער זייערע קעפּ, איז ער, דער ריזיקער זאַל, געדעקט מיט אייזערנע שינעס, מיט רעלסן, וואָס לויפן אַוועק אין די ווייטקייטן.

ער איז געשטאַנען, ש. מיט דער פלייצע אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט. עס האָט אויף איר געטריפט וואַסער. ער האָט געזען, ביי יעדן קנעפּל זיצט דער שר, וואָס איז ממונה איבער אַן אַנדער אומה. גאַנץ אייראָפּע, מיט אַלע אירע מדינות פון וואַנען דאָס שלעכטס איז אויף, זענען דאָ געציילט.

באַלד האָט ער זיי דערקענט, די אינזשיניערן, וואָס זענען איבער דער אויסשטאַ־טונג. דאָס זענען די אַנטרונענע פון די טאָלן, וואָס האָבן לאַנגע יאָרן זיך אויסבאַהאַלטן אין די אונטערערדישע קאַנאַלן פון די שטעט, דאָרט ווו עס רינען אָפּ זייערע פלי־סיקייטן. דורך די יאָרן זענען זיי געוועזן אַליין; יעדער — באַזונדער; נישט געוווּסט איינער פון אַנדערן. דאָס קול קיין מאָל נישט אַרויסגעלאָזט פון זיך. אויך פרעמדע לעבעדיקע קולות זענען צו זיי נישט דערגאַנגען. אין דער שטילקייט האָבן זיי פאַר־נומען בלויז דאָס פּישטשען פון מייז אין זייערע אויערן. אין די נעכט האָבן די מייז, מיט זייערע גרויע פּעלעכלעך, צו זיי זיך געטוליעט, זיי געוואַרעמט. אין די טעג — זיי געבראַכט שפּייז. זיי זענען געשטאַנען, מיט די אויערלעך, איינגעהאָרכט אונטער די אייזערנע צודעקן. ביי יעדן שאָרך אויבן, האָבן זיי מיטן דינעם פּייף פון זייערע מיילעכלעך, זיי געוואָרנט. מיט דער צייט זענען זיי געוואָרן ענלעך צו זיך. אויך אין זייערע אויגן האָט זיך אַריינבאַקומען דער פּחד פון מייזישע בליקן.

רייזעלע האָט אים געזאָגט, אַז במשך די יאָרן זענען זיי אַלע געוואָרן עקספּערטן; זיי זענען בקיא אין אונטערערדישע אינסטאַלאַציעס. עס זענען איינגעשטאָכן אין זייערע גופים די טעלעפאָן־קאַבלען, וואָס ציִען זיך פאַרביי אונטער לענדער און ימען; די קלאַנגען אין אַלע לשונות בלעזלען זיך אין זיי אַריין.

די אַנטדעקטע דורך זיי מאַשינען גיבן עס איצט צייכנס אַרויף; זיי הייבן אויבן די מענטשן, באַוועגן זיי, ווי קלאַפּעס פון באַן־רעלסן, פון שטח צו שטח. אין די נעכט גיבן זיי סימנים די וואַנדערנדיקע טאָל־רעשטלעך, וווהין צו רירן; רוקן זיי

איבער די שטעט און פעלדער; ווייזן זיי פון וועלכע ליניעס זיך צוריקציִען, און ווו גיין ווייטער. זיי וואַרפן זיי איבער די גרענעצן — די גרופּעס און בלאָנדזשענדיקע יחידים.

ש. האָט געוווסט, ביז איצט האָבן זיי די מאַכט בלויז איבער די געפּירטע, די אַנטרונענע, נישט אָבער איבער זייערע יאָגער, די פאַרפאָלגער.

שפּעטער איז ער ווידער געווען אויבן, אין רוים. עס האָבן דאָ זיך געשפּרייט קלאַנגען וועגן דעם יידישן בונט, וואָס ריזלט אונטער דער ערד פון אייראָפּע. מען האָט געזאָגט, אַז זיי זענען דאָ אומעטום, אויך אויבן; זייער זיין שפּירט זיך אין אַלע שטעט, נאָר קיינער זעט זיי נישט. מען האָט געשמועסט, וועגן אַן אולטימאַטום, וואָס זיי זאָלן האָבן דערלאַנגט צו די רעגירונגען פון די מדינות, צו די סענאַטן פון די לענדער; עס איז אין אים דאָ אַ וואָרענונג: „ווי שמשון, האָבן זיי געשריבן, האַלטן מיר, מיט אונדזערע הענט, אייערע פונדאַמענטן. עפנט זיי, די טויערן, לאָזט אונדז דורך. אויב נישט — איז אונדזער רוף „תמות נפשי עם פלישתים". שיקן אונדז אין די טאָלן קאָנט איר מער נישט, אייערע פאַרלאַמענטן זענען אונטערגעמינירט".

די בלעטער האָבן געשריבן, אַז אייראָפּע גרייט זיך צו איר פאַרטיידיקונג. די רע־גירונגען רופן אייליקע באַראַטונגען. די זיצונגען זענען שטורמישע. מען רייסט זיך אויף זיי. די מעסיקע ווילן נאָכגעבן; דורכלאָזן זיי די גרענעצן, צו זייער רעפּובליק — איבער מדבריות און ימים. די פאַרביסענע אָבער — לאָזן נישט. זיי זענען איינגע־שפּאַרט. זיי זאָגן, די טאָלן זענען אַן אויסטראַכטעניש. נישט זיי זענען אין זיי געווען. אַ סימן — זיי זענען דאָ; פון די טאָלן איז מען נישט אַרויס. זיי, די פאַרביסענע, האָבן עס אַ מערהייט אין אַלע פאַרלאַמענטן.

און דעמאָלט זענען געקומען די שטילע דעמאָנסטראַציעס אין די הויפּטשטעט. אויך דאָ אין רוים זענען זיי געגאַנגען אין די טויזנטער. מען האָט נישט געהערט דעם מאַרש פון זייערע פיס. מען האָט בלויז געזען, ווי זיי שטעלן זיך אויס, גיין; זיי פילן אַן דעם פּלאַץ, די טראָטואַרן, און מען הערט קולות, ווייטע, פון הינטער זיי, וואָס רייסן זיך אַהער. מען האָט פאַרנומען געזאַנגען, נישט פון זייערע מיילער. אויך געמאָסטענע טריט פון המונים האָבן אָפּגעקלאַפּט, פון ווייטע טראָטואַרן און אַס־פאַלטירטע שאָסייען. דאָ, ווו די פיס פון זיי אַלע האָבן זיך באַוועגט, איז געווען שטיל. אויף אין חלל האָט זיך קיין שאָרך נישט געהערט. זיי זענען געגאַנגען פאַרויס מיט געשלאָסענע אויגן, מיט בלינדע טריט איבער דער ערד. פאַרויס און אין די זייטן — זייערע פירער. די מאַסן האָבן פאַרשטאָפּט מיט זיך די גאַסן, האָבן אָפּגעשטעלט די באַוועגונג און די דורכגענג אַרום, און — איידער די פּאָליציי איז געקומען — זענען זיי פּלוצעם נישט געווען. מען האָט קיינעם פון זיי נישט געטראָפן.

שפּעטער האָט מען געהערט, דאָס זעלביקע געשעט אומעטום. זיי וואַקסן אויס, אין מיטן העלן טאָג, אויך אויף די פּלעצער און גאַסן פון פּאַריז, פון לאָנדאָן, פון פּראָג און אַנטווערפּן, אין די האַפן־שטעט פון צפון און פון דרום. זיי פאַרשטאָפּן מיט זיך די וועגן און סטעזשקעס, און איידער מען צעטרייבט זיי — זענען זיי נישטאָ. זיי ווערפן אויס, ווי מיטן ווינט.

אין די פּאַרלאַמענטן און סענאַטן האָט מען נישט געוווּסט, פון וואַנען זיי נעמען זיך אַהער; ווי זיי זאַמלען זיך צונויף. אין אַלע שטעט זענען זיי שוין נישט געווען, זינט מען האָט אויסגערוימט זייער גאַנצן דור, אָוועקגעפירט אים אין די טאָלן. נאָר ווייניקע פון זיי זענען צוריקגעקומען. איצט האָבן זיי פּלוצעם זיך באַוויזן אויפן אייבערפלאַך און זענען פאַרשווונדן, נישט איבערלאָזנדיק קיין סימנים אויך פון זייערע טריט.

די בלעטער אין די הויפּטשטעט האָבן געמיינט, אַז דאָס זענען זייערע רעשטלעך, וואָס זענען אַרויס, בלויז מיט די נשמות, אָן די גופים. די נשמות זענען נישט געוואָרן אַש. איצט זוכן זיי אַן אָרט ווו זיך איינצוּנעסטיקן; נישט בלייבן אין דרויסן. זיי ווילן מגולגל ווערן אין פרישע גופים אַריין. דאָס איז — לויט זייער געהיימער לערע פון גלגול נשמות.

ס'איז געווען נאָך די טאָלן. איצט איז שוין געווען אַ גרויסע מדינה, וואָס האָט געטענהט, אַז דער חסרון פון די גאַזקאַמערן איז גאָר געווען דאָס, וואָס מען האָט אין זיי פאַרברענט נאָר די גופים; די נשמות זייערע האָט מען געלאָזט אַוועקפליִען. די מדינה האָט געוואָלט דאָס מתקן זיין; צונויפזאַמלען זיי, די פאַרבליבענע רעשטלעך, און בלויז זייערע נשמות אויספאַנגען, זיי זאָלן מער נישט זיין. זייערע גופים לאָזן. אָן זיין אייגענער נשמה, וועט דער גוף שפּעטער איינשלינגען אַן אַנדער נשמה, אַ פרעמדע.

ש. איז איצט געקומען אויף די אסיפות פון די פאַרבליבענע, אויף די ליידיקע גאַלעריעס פון רוימישן קאָלאָסעום. זייערע פירער האָבן דאָ געלאַרעמט, אַז פאַר דער עדה איז אַלץ איינס, צי מען פאַרברענט איר גוף פון דרויסן, צי די נשמה — פון אינעווייניק. ניין, ס'איז נאָך ערגער! מיטן פאַרברענען די נשמה און לאָזן דעם גוף, איז לאָ די, וואָס דו ווערסט פאַרלענדט — מערסטו נאָך אויך די צאָל פון דיינע באַצווינגער.

ער האָט איצט שוין געוווינט, ש. אין רוים, נישט אין דער לאַגער־שטאָט נאָר אויסער איר, אין אַ צימערל פון אַן אַלט הויז. פיל פון די געקומענע האָבן דערווייל דאָ געהאַט זיך באַזעצט. זיי האָבן נאָך נישט געוווּסט, ווו ווייטער צו שטעלן זייערע טריט. רוים איז איצט געווען דער צענטער פון די וואַנדערנדיקע. זיי האָבן זיך צע־וואָרפן איבער דער שטאָט, אין דירות פון ביידע זייטן טיבער.

אָט אויף די אסיפות האָט ער זיך צוגעהערט צו די רייד פון די מטיפים. ער האָט שוין געוווּסט פון זיי, אַז אויך דאָ זענען דאָ צוויי דעות: די פון די תלמידים פון מיכל סאַפּירס ייִנגל, און די פונעם פירער מיטן לאַק איבערן שטערן, וואָס ציט אין די ווייטקייטן. די ערשטע ווילן מער נישט אַרויס פון די קאַטאַקאָמבן. דאָ, אין די טיפע־נישן, ווילן זיי זי גרונטפעסטיקן, זייער אונטערערדישע ממשלה, שוין אויף תמיד. קיין מאָל מער ווילן זיי זיך נישט געפינען קיין רו. די אַנדערע ווידער, וואָס זייער מנהיג איז דער מאַן פון דער פּרוי מיט די גרויסע זילבערע אויגן, רייסן זיך, דורך די קאַטאַ־קאָמבן, אַרויס אין דער לופט, אין דער הייך, גרייכן צו אים, אין זיין מאַרש איבער די גרענעצן.

ש. האָט זיך דערמאָנט דעם בליק פון מיכל סאַפּירס ייִנגל, דעם טויט־וואַנזין אין זיינע אויגן. ער האָט מורא געהאַט, אין אַ טרייסטלאָזער רגע, קאָנען זיינע מענטשן

אונטן נאָך אָפּטאָן אַ מעשה; אַלץ וועט זינקען. עס וועט זיין די ערשאָפּט פון נאָך אַלעם, פון ואחרי ככלות הכול. עס וועט ווידער זיין לבדו ימלוך נורא.

ער האָט געזוכט, ש. דעם אַלטן רב פון לאָדזש, וואָס פאַרנעמט איצט דעם כסא הרבנות אין דער לאַגער־שטאָט. אפשר זאָל מען אים פירן אַראָפּ אין די יידן־קאַטאַ־קאָמבען, דאָ איבערגעבן אים דאָס רבנות; ברענגען פאַר אים מיכל סאַפּירס יינגל. ביי שוואַרצע ליכט וועט ער, מיטן שם המפורש, באַשווערן זיינע הענט, אַז זיי וועלן דאָס קיין מאָל נישט טאָן. נאָר אים, דעם מילדן זקן, וועט ער זיין אונטערטעניק.

צו מיכל סאַפּירס יינגל האָט מען איצט אָבער נישט געקאָנט צוקומען. ער האָט געהאַט באַקומען זיין חודשלעכן פוריע־אַנפאַל, וואָס האָט, ווי תמיד, געדויערט מערערע טעג. אין די טעג איז ער, אַן אויפהער געלעגן מיטן קאָפּ איינגעגראָבן אין דער ערד, און אין איר אַריינגעשוויגן. וואָס ווייטער האָט ער איצט אַלץ מער באַנומען דאָס וואָס איז געשען. דער עבר פילט אים אָן, רייסט אים אויף.

ש. האָט געהערט, אין די מינוטן פון זיין שגעון, שרייט ער, מיכל סאַפּירס יינגל, ער וויל צוריק. ער קאָן מער דאָ נישט זיין. ער בענקט אַ היים; ער וויל זיין שוועס־טערל, זיין מאַמען, דעם טאַטן, מיכל, און אַלע, אַלע פון אַ מאָל. אָן זיי — קאָן ער מער נישט!

דאָס מאָל האָט ער געשריגן, אַז ער וויל צוריק אַריין אין דעם גרוב מיט די דערשאָסענע. ער איז אַ בוגד. ער האָט זיי פאַרלאָזט אין דער לעצטער רגע. ער האָט געגנבעט ביי זיי, בעת זייער גסיסה, זייערע לעצטע טראָפּנס חיות. דער צייכן אויף זיין אָרעם איז דער סימן. דער גוסס האָט אין זיך איינגעביסן מיט די ציין. זיי האָבן אים געחתמעט. דער ביס ברענט אים. דער ווייטיק לויפט אין אים, אין גאַנצן גוף. ער האָט איצט באַשווירן זיינע תלמידים, זיי זאָלן טאָן זיין לעצטן ווילן.

תמיד, בעת זיינע אָנפאַלן, באַרויקט ער זיך נישט, אויך ווען זיינע תלמידים בינדן אים מיט שטריק. ער צערייסט זיי אויף זיך, ווי פלאָקס. ער שטילט זיך אײַן ערשט דעמאָלט, ווען אויך זיי אַלע פאַלן אַרום אים, און אין יעדן פון זיי שרייט אויף זיין אייגענער טויט, וואָס אַלע זענען זיי שוין געווען אין זיינע אָרעמס. זיי ריטשען אַלע, ווי געשאָכטענע אָקסן. די בענקשאַפט נאָך זייערע משפחות צעגייט זיך אין אַ יאָמער, וואָס פילט אָן אַלע אַרומיקע טונעלן און גרייכט ביז די קאַטאַקאָמבעס. די ביינער־טורעמס ווערן קלענער, נידעריקער. אין דעם געוויין דערשפירט יעדער די קויל, וואָס איז געבליבן שטעקן אין זיין לייב. זי בריט זיי אויף. זיי ווייסן, דאָס שטיקל בליי איז זייער נשמה. ציסט עס אַרויס — בלייבן זיי גלייך אָן לעבן.

דער אַלטער רב איז איצט געקומען אויף דער אסיפה אין קאָלאָסעום, און האָט זיי געדראָט מיט אַ חרם, אויב טאָן וועלן זיי דעם לעצטן ווילן פון זייער וואַנזיניקן פירער. ער האָט זיי מתיר געווען זיין שבועה. דער רב האָט זיי באַשווירן ביי די אָפּגעמעקטע נעמען פון זייערע עלטערן, וואָס האָבן נאָך אַלץ נישט קיין תיקון, אַז זיי זאָלן זיך אונטערוואַרפן דעם דעת הקהל, וואָס איז אויך דער דעת התורה.

אויף איינער אַן אסיפה האָט זיך באַוויזן מיכל סאַפּירס יינגל. ער איז נאָר וואָס אַרויס מיטן קאָפּ פון דער ערד. מען האָט געזען, ער זיצט איינער אַליין אין אַ ראָד. זיינע תלמידים זענען דאָס ראָד. זיי בלייבן אָפּגערוקט פון אים; רינגלען אים אַרום

בלויז פון דער ווייטנס. דאָס האָט ער זיי באַפוילן, קיין מאָל נישט זיצן נעבן אים. ער וויל מער נישט קיין נאָענטקייט. ער וויל זיך נישט פאַרגעסן, צו ווען אַרויסרעדן אַ וואָרעם וואָרט, און נישט דערשפּירן אויף זיך אַ מענטשלעכן הויך.

אַ ווײַלע איז ער אַזוי געזעסן און געמרוקשעט מיט די אויגן פון צופיל ליכט אין זיי אַרײַן. פּלוצעם האָט ער זיך אויפגעשטעלט, און געשריגן, ער וועט קיין מאָל אין דער רעפּובליק נישט קומען. ער האָט אויפגעהויבן זײַן רעכטן פוס, און ביי אים געשווירן, ער זאָל אים אָפּגענומען ווערן, אויב ער וועט מיט אים איבערטרעטן איר ערד. ער האָט מער נישט קיין זכות דערצו. מיר אַלע האָבן דערויף נישט קיין זכות. נאָך דעם ווי אונדזערע נאָענטע זענען דאָ געבליבן, אַלע — טאָרן מיר מער נישט געניסן פון אייגן ליכט פאַר די אויגן; אָטעמען מיט די נאָזלעכער אייגענע לופט; טרעטן מיט די פיס אויף אייגענער ערד, און שפּירן איבערן קאָפּ די לייכטקייט פון אַן אייגענעם הימל. ער קאָן דאָס מער זיך נישט פאַרגינען. פאַרשאָלטן זאָל זײַן דער, וואָס לאָזט זיך ציִען צו אַזאַ אומגעהויער פאַרגעניגן! נזירים מוזן מיר בלײַבן, נזירים שוין ביזן טויט!

מיכל סאַפּירס יינגל האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן קאַלאַסעום, איבערן אַרומיקן אָפענעם ליכט. „נישט כדי אַנצוטרינקען זיך מיט דעם, אַנצוכלאַיען זיך ביז שכרות, האָט ער געשריגן, זענען מיר געבליבן, און זיי אַלע צו לאָזן אין דר׳ערד. ניין! מיר זענען געבליבן בײַערט כדי נקמה צו נעמען זייער נקמה, און נאָך דעם די לעצטע אומקערן זיך צו זיי".

באַלד האָט ער רויִק צוגעגעבן: „אויב אַ רעפּובליק ווילט איר — איז נאָר דאָ אונטן, אין די קאַטאַקאָמבן, אין דער פינצטערניש, אונטער דער ערד. דאָ איז אונדזער קעניגרייך".

ער האָט זיך אָוועקגעזעצט און אַ שמייכל געטאָן. פון צווישן די בענק האָט זיך אַרויסגעהויבן זײַן הויכע, דאַרע געשטאַלט. די הויט פון זײַן הויכן האַלדז — דורכזיכ־טיק; אינעווייניק — בינטלעך דינע בלויע אָדערן. מען האָט געזען, ווי ער שלינגט אַראָפּ דאָס אייגענע שיטערלעכע שפּייעכץ פון מויל. עס איז קלאָר אַראָפּגערונען.

די אסיפה איז אַ ווײַלע געבליבן געפלעפט. ס׳איז געווען שטיל. באַלד האָט זיך געגעבן אַ שטעל־אויף עמעצער אַנטקעגן אים. דאָס איז געווען אַ יונגערמאַן מיט ברייטע אַקסלען, מיט אַ פעסטן קאָפּ פאַרזעצט איבער זיי. מען האָט געזען, אַ שוואַרץ־זילבער־לעכע האָרפּאַסמע פאַרהענגט זײַן שטערן ביז איבערן רעכטן אויג אַריבער. טיפע קנייטשן האָבן אַרומגערײַפט זײַן געוועלבטן האַלדז. אויך זײַן שטערן איז אויסגע־קאָרבט טיף מיט ראָוועס. זיי עפענען און שליסן זיך. ער האָט געגעבן אַ הייב אויף דאָס פּנים צו מיכל סאַפּירס יינגל. פון אַלע זייטן האָט מען געבויגן די קעפּ צו אים. ער האָט זיך אַ שאָקל געטאָן, ווי ער וואָלט זיך פאַרנומען אין אַ געלויף, און פּלוצעם האָט ער גערעדט, ווי ער וואָלט שוין געהאַלטן אין דער מיטן. זײַן שטימע איז געווען אָנגעזאָפּט מיט צאָרן און פאַרשעמונג. „לויט די רייד, האָט ער געזאָגט, קומט אויס, אַז מיר נעמען אָן דעם פּסק פון צורר איבער אונדזערע קעפּ; מיר זענען דורך זיך אַליין ווייטער פאַרמשפּט. מיר פאַרענדיקן זײַן עצה, וואָס איז אים פאַרשטערט געוואָרן. צי דען איז דאָס אונדזער נקמה אין אים? פאַרלאַנגען דאָס פון אונדז אונדזערע פאַר־

שוואונדענע? חלילה! — האָט ער אַ געשריי געטאָן. פאַרמיטן זאָל דאָס זיין פון אונדז! אויסוואָרצלען וועלן מיר דעם רעיון פון צווישן אונדז! אויב נקמה — איז זי: אונדזער ווייטערדיק זיין".

דער מטיף האָט זיך אַרומגעקוקט איבער די ווענט פון קאָלאָסעום. „מיר שווערן, האָט ער געזאָגט, ביים אָנדענק פון אונדזערע זיידעס, די געפאַנגענע פון יהודה, וואָס זייערע לייבער האָט מען דאָ, אין דעם זאָל, לעבעדיק געוואָרפן פאַר די לייבן, אַז נישט אויסלאָזן וועלן מיר זייער איבערבלייב — „עלה נעלה" — אויפגיין וועלן מיר אויפגיין, און מיר וועלן ירשענען זייער לאַנד".

„אויפגיין וועלן מיר אויפגיין!" — האָט אַ ברום געטאָן דער איבערפילטער קאָלאָסעום, און איז גיך איינגעשטילט געוואָרן, ווי דער ברום וואָלט אין דער מיט אָפּגעהאַקט געוואָרן. מען האָט געזען, דער רוב איז אויף דער זייט פון דעם יונגן מנהיג מיט דער זילבער־פּאַסמע איבער דעם אויג. מיכל סאַפּירס יינגל בלייבט איבערגעוועגט.

ווען ש. האָט זיך אַרומגעקוקט, איז דער ריזיקער קאָלאָסעום־זאָל געווען אָפּגעליידיקט. אַלע זענען ווי פאַרשוואונדן אונטער זיך. ער האָט בלויז באַוויזן צו זען, ווי נעבן דעם יונגן מנהיג, פאַרשווינדט אויך די יונגע פרוי פון לעיזען, מיט די גרויע זילבער אויגן. אויך זי האָט אַן אויגנבליק אים דערזען. זי האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי זי וואָלט אים גערופן נאָך זיך.

שפּעטער איז פאַרגעקומען זייער שטילער אויפמאַרש ביים טיטוס־טויער אין רוימישן פאָרום. געציילטע האָבן זיי דאָ זיך פאַרזאַמלט. זיי זענען געווען קורץ און קליין אונטער דעם טויער־בויגן, וואָס האָט הויך זיך געהויבן איבער זיי. זיי זענען געשטאַנען אינעם ברייטן טויער און געקוקט אויבן, אויף די ווענט; איבער די גע־וועלבטע בילדער, אויסגעפאָרעמט פוןביידע זייטן; אויף די געשטאַלטן פון די קעמפער פון יהודה, וואָס טיטוס ברענגט זיי געפאַנגען אויף וועגענער; אויף די כלים פון בית־המקדש, וואָס זיי טראָגן מיט זיך; אויף די רוימישע לעגיאָנערן, וואָס פירן זיי. זיי האָבן געקוקט — יעדער פאַרטאָן אין זיך; וואָס אַ מאָל אָפּגעזונדערטער פון אַלע אַנדערע אַרום. אויך ער איז געבליבן, ווי אַליין — פנים אל פנים מיטן בויגן. פון אויבן, איבער דער ברייט פונעם טויער, איבער זיין קאָפּ — דער אויפשריפט פון רוימישן סענאַט, וואָס באַגריסט דעם זיגער, טיטוס, צו זיין נצחון איבער ירושלים. 1874 יאָר זענען אַריבער פון יענעם טאָג. ש. האָט דערפילט, ווי די צייט האָט זיך צוזאַמענגעשרומפּן פאַר אים. ער האָט געקוקט אין די פּנימער פון די געפאַנגענע פון יהודה, אויסגעקריצט דעמאָלט אין שטיין. זיי האָבן געמיינט דעמאָלט, אויף אייביק לעשן זיך זייערע פּנימער. נאָר זייערע באַצווינגער וועלן קוקן אין זיי. ער האָט געוואָלט אַ געשריי טאָן גלייך אין זיי אַריין — אַנטקעגן זיך: אָט בין איך דאָ. איך, אַ קינדס־קינד פון אייערע קינדער. איך בין דאָ. מיר זענען דאָ. מיר ווערבירן ווידער אַרויס פון זיך אַרמייען. מיר וועלן זי ווייטער ציִען, אייער מלחמה. דאָס מאָל וועט מען אונדז נישט מנצח זיין. מיר זענען געשמידט אין פייער. ער האָט זיך איינגעקוקט אין רעליעף פון דער געפאַנגענער זיבן־רעריקער מנורה פון בית־המקדש. אַזוי האָט זי אויסגעזען. ער האָט געפילט אין חלל פריש די רוימישע סקולפּטאָר־האַנט, וואָס האָט געפאָרעמט די בילדער.

ער האָט פֿאַרלייגט די האַנט אויף דער רעכטער וואַנט פֿון טויער און — דעם קאָפּ איינגעטוליעט אין די שטיינער. ער האָט געדריקט אין זיי דעם שטערן. ער רייסט דורך די צייטן. ער דערגרייכט זיי. נאָר פּאָר יידן בייגט זיך דער שטיין. זיי זענען דאָ געשטאַנען, די געשטאַלטן, איינגעשטיינט באַלד צוויי טויזנט יאָר, און געוואַרט אויף אונדז. ווו זענען מיר געווען דורך דער צייט? ער האָט זיי געוואָלט זאָגן, מען האָט אונדז, בעת איר האָט געוואַרט, געוואָרפֿן און געבערענט אויף אַלע שייטערן, אין די קרעמאַטאָריעס ווייט פֿון דאַנען; געשטיקט אין אַלע גאַזקאַמערן, געהאָנגען אויף אַלע קרייצן. מען האָט אונדז געשאָכטן מיט אַלע חלפים, און אונדזערע קינדער געגומען אויף אַלע שפּיזן. אונדזערע געשרייען האָבן זיך געהויבן צו אַלע הימלען, און דאָ, ביים טיטוס־טויער, איז געווען שטיל. דאָס טויער האָט געדאַרפֿט בלייבן דער לעצטער סימן נאָך אונדז.

נישט ווייט פֿון אים זענען געשטאַנען דער מאַן מיטן לאָק איבערן שטערן און זיין פֿרוי, מיט די גרויע זילבער אויגן. אַרום דעם יונגן מנהיג — זיינע תּלמידים, וואָס האָבן פֿריער, אין קאָלאָסעום, אים אַרומגערינגלט. זייערע פֿיס — שטייף אָנגעגאָסן; די אַקסלען — אויסגעגלייכט, אין אַ שורה — איינער נעבן אַנדערן. בחורים און מיידלעך — אין דער שווייגנדיקער רייע. ער האָט דערשפּירט, זיינע פֿיס שטייפֿן זיך אָן; זיינע אַקסלען — גלייכן זיך אויס מיט זייערע אַקסלען. אין די אָדערן האָט אים געריזלט זייער פּאַראָל „עלה נעלה".

די פֿרוי פֿון דעם יונגן מנהיג, די מיט די זילבער־גרויע אויגן, האָט אים איינגע־רוימט, אַז די נאָענטסטע טעג וועלן זיי באַזוכן די אַלע פּלעצער אין רוים, ווו עס האָט נאָר אַ מאָל זיך געשטעלט דער פֿוס פֿון די געפֿאַנגענע פֿון יהודה. זיי וועלן זיך שטעלן איבער די שפּורן פֿון זייערע טריט. זיי וועלן אין זיך אַריינצייען זייער גבורה.

ווען ש. איז שפּעטער נאָך אַ מאָל געווען אין דער טיף פֿון די קאַטאַקאָמבן, האָט ער זיך דערוווּסט, אַז זיי, די תּלמידים פֿון מיכל סאַפּירס יינגל, לעבן טאַקע, ווי מתים. דער שמייכל איז אויף אייביק אָפּגעטאָן פֿון זייערע פּנימער. זיי געניסן מער נישט פֿון פֿריידן. זינט די קוילן זענען אַריין זיי אין גוף — געהערן זיי נישט צו די, וואָס אָטעמען. זיי האָבן אָפּגעשאַפֿט פֿון צווישן זיך דעם מין. נישטאָ מער קיין זכר און נקבה, קיין באַריר פֿון מענטש אין מענטש. יעדער שלאָפֿט דאָ ביי נאַכט אין אַ באַהאַלטן קבר, וואָס ער האָט אויסגעגראָבן פֿאַר זיך. די קברים — אָפּגעזונדערט איינער פֿון אַנדערן, פֿאַרוואָרפֿן אין דער טיף פֿון אונטערערדישן שאול. די קבר־מחיצה טראָגט יעדער אויף זיך אויך אַ גאַנצן טאָג, כאָטש מען זעט זי נישט. זי איז אין אים. זיי ווילן נישט קיין טרייסט־ווערטער און אויך נישט אַרויס מער איבער דער ערד. נאָר צו די אסיפות אין קאָלאָסעום קומען זיי. זיי הייבן זיך אַהין גלייך דורך דעם אונטער־ערדישן אַרויסגאַנג פֿון די קאַטאַקאָמבן, און באַלד נאָך דעם פֿאַרזינקען זיי ווידער אונטן.

אויך דאָס מאָל האָט רייזעלע אים אַהער אַראָפּגעפֿירט. ער האָט זיי געזען, די וואָס האָבן אַליין זיך פֿאַרמשפּט אויף אייביק דאָ צו בלייבן. זיי האָבן פֿון אים זיך אָפּגעקערט, ווי זיי וואָלטן דערקענט, ער געהער נישט צו זיי. זיי זענען נאָך אַלץ

געווען פאַרטאָן אין גראָבן טונעלן, צווישן די יידן־קאַטאַקאָמבן און די יידישע בית־עולמס, צעשפּריים איבער דער ערד. זיי האָבן אַהער געהאַלטן אין איין ברענגען דאָס געביין פון די יידישע מתים, געלאָזט אין די עלנט־פאַרבליבענע שטעטלעך. זיי האָבן זיי אַרויסגעפירט פון אונטער די קברים אַפער, און די פון אויבן־פאַרדעקטע קברים דאָרט, געלאָזט ליידיקע. זיי האָבן געטראָגן די גופים, אָן לייב, ווי רוקנס און ביינער פון אָפּגעשיילטע פיש. זיי האָבן זיך אויך אונטערגעגראָבן אונטער בערגן־בעלזן און פון דאָרט, איבער די פלייצעס, געטראָגן אַהער די גופים פון דעם מאַסנגרוב מיט די דרייסיק טויזנט. ש. איז געשטאַנען אָנגעלענט אין דער וואַנט פון טונעל און האָט ווידער געזען די פנימער־סקעלעטן פון די נידעריקסטע שיכטן אין די ראָוועס, וואָס זענען פאַר זיינע אויגן דעמאָלט פאַרדעקט געוואָרן דורך די אַרויפגעשליידערטע אויף זיי נאַקעטע גופים. מען האָט זיי איצט פאַר אים פאַרבייגעטראָגן שוין אָן דעם זילבער לייב אויף די ביינער. זיי זענען איצט אַלע געוואָרן איינער, מיט איין פנים, אָן דעם צלם־אלוהים, וואָס האָט יעדן פון זיי אָפּגעזונדערט און געגעבן זיין אייגן געשטאַלט. גאָט האָט עס ווידער צוגענומען פון זיי, כדי עס צו צעטיילן צווישן די פריש־געבוירענע, וואָס וועלן אפשר אַרויסקומען פון זייערע פאַרבליבענע קינדער.

ש. האָט זיך איינגעקוקט, ווי מען פירט די שקעלעטן־גופימלעך פון קינדער, פון מיידלעך, פון זקנים — אַלע אויסגעמישט, אָן זייער צורה. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס עס וועט זיין מיט דעם צלם־אלוהים פון זיי אַלע, די מיליאָנען, וואָס האָבן נישט געלאָזט נאָך זיך קיין זכר. וואָס וועט גאָט טאָן מיט זייערע אויסגעטויטע געשטאַלטן. ער האָט איצט דערפילט אַ באַדערפעניש צו לויפן צו מיכלס יינגל, פאַלן אים צו די פיס און בעטן, עס זאָל נישט אָפּגעהאַקט ווערן די גזע כאָטש פון די, וועלכע האָבן געלאָזט אַ מענטשלעכע זריעה נאָך זיך. זייערע אויסגעטויטע געשטאַלטן זאָלן נישט אויף אייביק בלייבן אין תוהו ובוהו.

אויך רייזעלע, וועלכע האָט שפּעטער אים צוריקגעפירט, אַ קריכנדיקן אין דעם נידעריקן טונעל מיט דער פרישער ערשטמאָליק אויסגעגראָבענער ערד, און איז מיט אים דאָרט געבליבן אָפּגעזונדערט — האָט דאָ געוויינט פאַר אים, ער זאָל זי אויס־לייזן פון דעם יינגלס גזר. איר גוף ווערט דאָ אַ שקעלעט. אָן דער באַרירונג פון אַ וואַרעמער האַנט אויף זיך — ווערט זי ערד. דער לאָמפּ צינדט זיך אַלע מאָל בלאַסער אין איר. זי קאָן מער נישט גראָבן איר אייגענעם טונעל. זי האָט אים דערציילט, אַז צו ערשט זענען אַלע דאָ אַהער אַראָפּ אין די קאַטאַקאָמבן, ווי שליחים, כדי פון דאַנען אַרויס, צו צעשטערן די רו, אויבן, ביז די ערד־איינוווינער וועלן אויך די פאַרבלייבענישן פון די טאָלן געבן זייער אָרט. דער רעיון איז געווען — דורך דאַנען, דורך דער פינצטערניש אַדורך — דערגרייכן צום אייגענעם דויערהאַפטיקן ליכט. אָבער אַזוי שנעל, ווי די תלמידים פון מיכלס יינגל האָבן דערפילט די וואַרעמקייט פון דער פינצטערניש, האָבן זיי מער פון איר נישט געוואָלט זיך שיידן. זי אַליין וויל אָבער, ער זאָל זי נעמען פון דאַנען; ער זאָל זי פירן מיט זיך. אַזוי גיך ווי זי האָט אים דערזען אויפן טויבן־פאַרמעסט, האָט זי געוווּסט, זי איז פאַר אים אָנגעגרייט פון די טאָלן אַרויס.

ש. האָט זיך דערמאָנט אין דער זעכצן־יעריקער בלאָנדער רחלע פון לאָדזש, וועלכע איז דאָרט נאָכגעגאַנגען אים אַ שווייגנדיקע, האָט איר שאָטן געטוליעט צו אים;

זי, דאָס דורכזיכטיקע קינד, וואָס איז אַרויס גאַנץ פון אַלע טאָלן. דעם טויט האָט זי זיך דורכגעגליטשט צווישן די פינגער; פון אַלע גריבער איז זי אויפגעגאַנגען. נעבן אים האָט זי געזוכט שוץ. זי איז איצט נישטאָ. ער האָט געדענקט איר מאַן מיט דעם איינעם בלינדן אויג.

ער איז מיט רייזעלען איצט געווען אַליין אין דעם טונעל. זיי האָבן זיך געדרייט נאַקעטע, און נישט געוווסט, אַז זיי זענען נאַקעט.

ווידער איז צו זיי געקומען דאָס קול, וואָס האָט זיי פאַרטריבן פון דאַנען. דאָס איז רויע, פרישע ערד; מען טאָר זי נישט טראַגנדיק מאַכן; אייביק מוז זי בלייבן אין איר בתולהשאַפט.

ש. האָט חושד געווען, נישט אומשולדיק איז זי, די ערד דאָ, נאָר גענומען איז זי פון די ביינער־צעשיטקייטן; זי איז פון די צעפאַלענע קאַטאַקאָמבן־ווענט און טורעמס. זיי האָבן צוריק זיך אומגעקערט צו זייער מקור. פון דער ערד זענען זיי גע־נומען, און צו דער ערד האָבן זיי צוריקגעקערט. מען טאָר מער זיי נישט וועקן.

ער איז געקראָכן נאָך רייזעלען, אויפן נידעריקן וועג אַרויס פון טונעל. אירע באָרוועסע פיס־סטאָפּעס פאַר אים זענען געווען פאַרשעמטע. געשטאַלטן זענען זיי נאָכגעקראָכן.

„שמע ישראל" — האָט זי אים דערמאָנט דעם פּאַראָל.

ש. האָט ווידער זיך געפונען אויף די גאַסן פון רוים. זיי זענען איצט פול געווען מיט די טאָל־אַנטרונענע. פון דער לאַגער־שטאָט אַרויס האָבן זיי זיך צעשפּרייט איבער די פלעצער. זיי האָבן פאַרנומען זייטיקע דירות אין די הייזער. פון יעדער גרופּע, וואָס איז דורך די שליחים געבראַכט געוואָרן אין די נעכט, איבערצושלאָפן אין דעם לאַגער, זענען עטלעכע פאַרשוווּנדן. זיי האָבן זיך אויסגעמישט צווישן די היגע איינוווינער, גע־דונגען ביי זיי ליידיקע חדרים און דירות. איצט האָבן זיי שוין געוווינט כמעט אין יעדן הויף. זיי האָבן געוואָלט דאָ איבערוואַרטן, ביז אַלע גרענעצן וועלן געעפנט ווערן; מעגן וועט מען גיין, נישט בלויז אין די נאַכט־געהילטקייטן, נאָר אויך אין דער טאָג־צעעפנטקייט. זיי האָבן געשראָקן זיך צו וואַרטן אינעווייניק, אין דער לאַגער־שטאָט; מיט אַ מאָל קאָן זי זיך פאַרקלאַפּן אַרום זיי. זיי וועלן בלייבן פאַרמאַכט. מען האָט איצט זיי געזען אומעטום אין שטאָט. זייערע פנימער אויסגעמישט צווישן די פנימער פון די רוימער. זיי זענען געקומען אין די טעאַטערס און צירקן. מען האָט געשמועסט, צווישן זיי זענען דאָ אויך שליחים, און אויך זיי זענען געטיילט אין צווייען: די כת פון דעם יונגן מנהיג מיטן לאָק איבערן שטערן, און די כת פון מיכל סאַפּירס יינגל. די שטאָט רוים האָט וועגן זיי אַלע געוווּסט. עמעצער האָט צוזאַמענ־געשטעלט ליסטעס פון זייערע נעמען. די בירגער האָבן צו זיי אַרויסגעוויזן אַ פריינט־לעך פנים. מען האָט זיי אָבער געהאַלטן אויפן אויג. ס'איז געווען אַ מורא, דאָ זאָל אויך זיך נישט איבערחזרן דער פאַרמעסט צווישן די שיכטן ווי אין לאָדזש.

ער האָט דאָ געטראָפן, ש. אַנעטס מאַן פון לאָזאַן. ער איז דעמאָלט נישט געשטאָרבן. די לוויה איז געהאַט געווען פון אַן אַנדערן. ער האָט נישט געקאָנט זיך דערמאָנען

ווענעס. ער האָט נאָך אַלץ געטראָגן די געשטרייפּטע הויזן, ווי אין לאָזאַן, נאָר זיי זענען שוין געווען אָפּגענוצט. אויך זיין לוסטיקייט איז פאַרשוווּנדן פון זיין פּנים, ווי נאָר זי וואָלט דאָרט געקומען צו קבורה. ער דאָ איז אַן אַנדערער. אַנעט האָט דאָרט נאָך אים געטרויערט. ער האָט זי איבערגעלאָזט. דאָ האָט ער געוווינט מיטן האַלענדישן ווייבעלע. זיי האָבן שוין געהאַט צוויי קינדער. ער האָט אים פאַרבעטן צו קומען פּריי־טיק־צו־נאַכטס אין זייער היים דאָ. זיין פרוי וואַרט אויף אים. אויך אַנעט וועט זיין; זי קומט צו זיי צו גאַסט.

אַנעטס מאַן, מיטן זיידענעם פּירקאַנטיקן קאַפּל אויפן קאָפּ, האָט אים דערציילט, אַז געשטאָרבן איז זיין עלטערער שוואָגער אין לאָזאַן, ש.ינס לאַנדסמאַן. ער איז גע־שטאָרבן פון בענקשאַפט, אויף דער עלטער, נאָך זיין אַלטער היים. זינט ש. האָט אים געבראַכט די בשורה, אַז זי איז נישטאָ, זיין אַמאָליקע היימשטאָט, האָט ער דער־שפּירט, זיינע וואָרצלען זענען אויסגעטרוקנט. ער האָט גענומען איינגיין פון שעה צו שעה. ער האָט זיך דערווייטערט פון זיינע קינדער און פון אַלע אַרום. ער האָט זיך צוריקגעצויגן אין זיך. די דינע הויט אַרום קערפּער איז אים געוואָרן געהאַרטעוועט, ווי פעל. די לופט איז מער נישט אַריין אין אים. נאָך אַ מעת־לעת איז ער געוואָרן איינגעזאַמלט אין זיין פאָלק. די אַלטע איז געבליבן אַליין.

אין רוים, וואַרשע, פּאַריז און ווין, זענען איצט פאָרגעקומען נייע דעמאָנסטראַציעס. מען האָט געשמועסט, די מדינות פון אייראָפּע גרייטן זיך צו פאַרלייגן אַן אַספאַלט־שיכט, ווי אַ דיקע הויט, איבער דער גאַנצער ערד, פון עק ביז עק; מען זאָל פון אונטער איר נישט קאָנען אַרויסברעכן זיך. עס וועלן פון זיי אונטן אויך אָפּגעשניטן ווערן די לופט־שטראָמען.

אין די רוימישע דעמאָנסטראַציעס זענען געגאַנגען אויך אַנעטס מאַן, מיט זיין נייער פרוי, דעם האָלענדישן ווייבעלע, און זייערע ביידע קינדער. ש. האָט געוווּסט, אַז די זעלביקע מענטשנפּיס מאַרשירן עס אויף אַלע דעמאָנסטראַציעס. אַלע מאָל וואַקסן זיי אַרויס ערגעץ אַנדערש, אין אַנדערע גרויסע שטעט. דאָס פירן זיי כסדר איבער, פון אָרט צו אָרט, די אינזשיניערן פון אונטן, פון די קאַטאַקאָמבן. זיי דריקן ביי די קנעפּלעך, גיבן זיי סימנים, און רוקן זיי איבער מיט די מאַשינען, פון שטח צו שטח. די פאַרלאַמענטן האָבן איצט באַהאַנדלט דעם נייעם אולטימאַטום פון מיכל סאַפּירס יינגל: אויב זיי וועלן נישט געבן קיין ענטפער ביז האַלבער נאַכט, ווערן זייערע טעאַטערס און צירקן אַראָפּגעצויגן אונטן, אין די קאַטאַקאָמבן. די שונאי ישראל האָבן געראָטן, מען זאָל מאַכן פאַר פירערס פון די אונטערגעמינירטע סענאַטן — געראַטע־וועטע פון די טאָלן. די שליחים וועלן זייערע אייגענע נישט אויפריסן.

אין די טעג האָט דער יונגער מנהיג מיטן לאָק איבערן שטערן ווידער זיי געפירט איבער די שפּורן און פוסטריט פון די געפאַנגענע פון יהודה. זיי האָבן געזוכט די כלים פון בית המקדש אין די טיפענישן פון טייך טיבער און אין די קעלערן פון די פּויפּסטן, אין וואַטיקאַן. זיי זענען אויך געגאַנגען איבער די אַלטע קירכעס. זיי האָבן דאָ זיך אָנגעטראָפן אויף די געשטאַלטן פון די אבות און נביאים, אויסגעמאָלן אין שאַרפע

פאַרבן אויף די ווענט און סופיטן; אויסגעהאַקט אין שטיינער און מאַרמאָר. אויך די מלאכים זענען דאָ ביי זייערע פליגל, געווען צוגענאַגלט איבער די פענצטער. ביי די ברעגעס פון טיבער זענען זיי אַראָפּ אין אַן אַלטער קירכע, געבויט שיכט איבער שיכט. זיי זענען געגאַנגען איבערן שטיינערנעם מאָזאַיִק־דיל. זייערע טריט האָבן אָפּגעהילכט איבער די הויכע זאַלן און קאָרידאָרן. זיי זענען אַלע געווען קליין. אַ גרויער גלח, מיט אַ ברייטן גאַרטל אַרום בויך, האָט זיי געפירט איבער שטיגלעך אַראָפּ, שטאָק אונטער שטאָק. ער האָט געפרעפלט לאַטיינישע און העברעאישע פסוקים. פון דעם אייבערשטן שיכט, די איצטיקע קירכע, געבויט מיט הונדערט יאָר צוריק, האָט ער מיט זיי געניִדערט אין דער שיכט פון אַ חרובן קאַפּעל, פון אַכט הונדערט יאָר פריִער. זיי זענען אַראָפּ נאָך טיפער, אין אַ קעלער. זיי זענען געשטאַנען איבער דראָבנע גרויע מאָזאַיִק־שטיינדלעך, באַהאַפטן איינס צום אַנדערן; אין דער מיט — אַ ראָד מיט די חדשים־מזלות. דאָס, האָט ער געזאָגט, זענען די רעשטלעך פון ייִדישן בית הכנסת אין רוים נאָך אין די טעג פון צווייטן בית המקדש. אונדזער קירכע שטייט איבער זיי. ייִדן האָבן אין רוים געלעבט נאָך אין די טעג פון זייער ערשטן בית המקדש. ש. האָט געשפּירט, די גרויע שטיינדלעך זענען אַראָפּגעקוועטשט אונטער דער גראַנדיעזער שווערקייט פון די קירכעס איבער זיך.

ווען זיי זענען ווידער אַרויף אין די הויכע זאַלן, האָט ער נאָך געשפּירט דעם אמת אונטן, איבער וועלכן דאָס אַלץ שטייט. די קעלער־מאָזאַיִק רייסט זיך אַרויף. אויבן אַלץ איז שוין נאָכמאַכונג. ער האָט איצט געקוקט איבער די געשטאַלטן פון די אבות און נביאים. אויך זיי האָבן אים אויסגעזען מיט געפעלשטע צורות. גאָטס געשטאַלט איז אויף זיי נישטאָ. זיי זענען די נביאים פון בעל און פון גריכישע אָפּגעטער.

ער האָט פאַרשטאַנען, די קריסטן האָבן אומגעבראַכט די ייִדן, אָבער זיי האָבן געוואָלט אָנטאָן זייערע פנימער. די געטלעכע עכטקייט איז אָבער אַנטלאָפן מיט די ייִדן; ביי זיי דאָ איז פאַרבליבן די פעלשונג. זי איז איבערגעוואָקסן דעם מקור. זיי ווילן איצט פאַרלענדן זיינע איבערבלייבענישן, ווייל אין זיין ליכט איז זיי שווער אַ קיום צו האָבן.

ער האָט איצט באַנומען דעם נס פון אייביקן איבערבלייבן פון די טאַל־רעשטלעך.

זיי זענען אָנגעקומען אין דער ווינקאָלי־קירכע, ווו משה רבנו איז פאַרמאַכט. ער איז געשטאַנען פאַר דער געשטאַלט, אויסגעהאַקט אין מאַרמאָר. אירע שטראַלן זענען געווען אָפּגעהאַקט; זיי האָבן אין ערגעץ נישט געגרייכט. ער האָט געדענקט די געשטאַלט פון משהן, גאָטס קנעכט; נישט אַזוי איז זי. אירע שטראַלן זענען יאָ געווען באַהאַפטן, אין הימל, אין דער הויכער געטלעכער שפּאַנונג; פון אויבן איז ער געפירט געוואָרן. ש. האָט איצט באַנומען, גאָטס פאָלק האָט נישט געמאַכט קיין סקולפּטורן; זיי האָבן די געטלעכע אויסשטראַלונג נישט פאַרשפּאַרט אין בנינים, נישט צוגע־קלאַמערט זי צו קיין אָרט; נישט אָפּגעהאַקט זי. ער האָט זיך געכאַפּט, אַזוי מוז דאָס זיין; דאָס איז דער קען־סימן: ביים מקור גרייכן זיי אַרויף, די שטראַלן; ביי דער נאָכמאַכונג — זענען זיי אָפּגעהאַקט, פאַלן זיי אַראָפּ. ער האָט געוווּסט, אייביק

וועט ער דויערן, דער גרעאַנגל. זיי וועלן נישט נאָכלאָזן; זיי וועלן נישט בלייבן ביי זיך זיכער, ביז וואַנען מיר וועלן אין זיי נישט מודה זיין.

ער האָט איצט ווידער געבענקט צום אָנהייב, צום ערשטן אָנהייב. צו די טעג פון אדם הראשון. עס האָט אים געדאַכט, ער געדענקט זיך אַליין אַלס אדם. ער איז אין דעם נישט געווען זיכער. ער האָט יענע אורגעשטאַלט דערזען מיט אַ מאָל פאַר די אויגן.

געווען איז דאָס דעמאָלט, אין די ערשטע טעג פון נאָכן טאָל. יענער איז איינער אַליין אַרויס פון די אַש־פעלדער; ער איז אויפגעשטאַנען איבער די קברים. קיינער אַרום אים איז נישט געווען. גאָר נישט האָט געאָטעמט. בלויז יונגע קראָען זענען נידעריק געפלויגן איבערן פעלד. אַ ווײַלע האָט ער זיך געזעצט. באַלד האָט ער ווידער זיך געשטעלט און איז געגאַנגען מיט די פיס אויף צוריק, הינטער זיך. ער איז אַזוי געגאַנגען אַ גאַנצן טאָג. ער איז אַריין אין סטעזשקעס צווישן וועלדלעך. ווייט, הינטער די ביימער, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ הויכער הימל, פערלמוטערדיק ליכטיק. אַ שוואַרצע געדיכטעניש האָט זיך אָנגענומען, זי האָט, ווי אַ קלייד, זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריק, ביז צום ראַנד פון די ביימער. ער איז געבליבן איינער אַליין אין דער נאַכט. ער איז געלעגן געשפּרייט ביים ראַנד פון אַ וועלדל. די געדיכטעניש האָט אים אַרומגענומען, וואַרעם געהילט. ער איז אונטער איר געשלאָפן. אין דרימל האָט ער געפילט, שטערן הויך איבער אים. ער האָט די פינצטערניש אַרומגענומען, לויז זי געוויקלט אין די הענט.

געווען איז דאָס ערשט שפּעטער, ווען אַ דין געצווישטשעריי האָט אים אויפ־געוועקט. אין דער בלוילעכער פאַרטאָגיקייט זענען פייגל געלאָפן איבער אים, גע־שפּרונגען אַהער פון די ווײַטע צווייגן; ער האָט געזען זייערע זײַטיקע אייגעלעך, זיי קוקן צו אים, און דעמאָלט געוווסט, ער איז אַליין; איבער דער ערד איז קיינער נישטאָ, חוץ אים. ער איז דער ערשטער מענטש.

דאָס ליכט האָט איצט זיך דורכגעשפּאָלטן און אויפגעלויכטן נאָר פאַר אים; די פייגל האָבן געוואָלט טוליען זיך צו אים. ער האָט געשפּירט, ערגעץ ווײַט לויפן אויף די חיות און זוכן אים. ער הערט שוין, איבער דער ערד, דעם טעמפּן אָפּהילך פון זייערע פיס. זיי גיבן אים סימנים. פאַר אים וועט שפּעטער ווערן טאָג. אַ ווינטל האָט אויפגעבלאָזן אין וואַלד, געשאָקלט די צווייגן מיט די בלעטער. אַ הימל־פּאַס האָט זײַטיק זיך געצונדן. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, איינגעהאָרכט. ער האָט גענומען גיין צו דער אויפגעבליצטער רויטקייט, אין איר זייט. ער איז געגאַנגען צוריק — דער איינציקער אין דער שטילקייט.

לאַנג האָט זי אָנגעהאַלטן די דאָזיקע צייט. עס האָט דעמאָלט געטאָגט פאַר אים; די זון האָט זיך געשפּילט פאַר אים, און איז פאַרגאַנגען פאַר אים. אויך ווען ער איז איין מאָל אַריין אין גאָרטן, און געהערט ווי אַ קול גייט מיטן ווינט צווישן די ביימער, האָט ער געוווסט, מען מיינט אים. ער האָט געוואָלט ענטפערן, צוריקרופן. ער האָט געשמייכלט; אָנגערירט מיט די פינגער די בלעטער פון די נידעריקע ביימער, איבער וועלכע דאָס קול איז דורך.

אין יענע טעג, ווען ער איז געלאָפן אין וואַלד, איבערן פעלד, האָבן קולות אויפֿגעדונערט, זיך אַראָפּגעקאָלערט צו אים. ער איינער האָט זיי געהערט. מער נישט קיינער. עס האָט דין געזעגנט צו אים, זיך געגאָסן, געכלאַפּעט, און אויפֿגעהערט. ווידער האָבן צו אים, פֿון צווישן כמאַרעס, זיך אָפּגעהאַנדלט די קאָלירן.

ער איז דעמאָלט נישט אַוועק ווייט; ער איז געבליבן אויפֿן אָרט. עס איז אים נישט געווען קלאָר, וויפֿל צייט ס'איז שוין דורך.

אין יענע טעג האָט ער געוווּסט זיכער, די צבאות השמים איז טרויעריק אָן אים, דעם מענטש; זיי דרייען זיך, קומען און פֿאַרגייען, נאָר פֿאַר אים. אָן דעם מענטש — איז זייער מלאכה אין דער לערקייט אַריין; זייער ווערן טאָג און נאַכט — אויף אומזיסט; זיי האַלטן איינגעשוויגן. די אַלע זייערע צייכנס — גיבן זיי בלויז אים. זיי לייכטן אויף פֿאַר אים דעם וועג.

אָן דעם מענטש געפֿינען זיך אויך נישט קיין אָרט אונטערן הימל די חיות און פֿייגל. זיי לויפֿן אַרום, ווי בלאָנדזשענדיקע. זיי ווילן אַראָפּ פֿון זינען.

אויך די ערד און דער הימל זוכן אים, דער צוועק פֿון באַשאַף. אָן זיינע טריט איז זיי אַלץ איבעריק. זיי ווילן צוריק ווערן תוהו ובוהו. ווען ער איז געגאַנגען, האָט די ערד אים גערוקט זיך אונטער די פֿיס; דער הימל האָט געוואַרט ביים ראַנד, ער זאָל אים אונטערשטעקן דעם קאָפּ.

עס איז דעמאָלט אים געווען קלאָר; ער האָט זיך אָפּגעגעבן חשבון, אַז אַ מאָל, ווען ס'זענען געווען אַ סך מענטשן, זענען זיי צווישן זיך געווען פֿאַרשפּילט, אין זייערע מעשים פֿאַרטאָן. זיי האָבן קיין צייט נישט געהאַט, צו הערן, צו פֿאַרנעמען די סימנים צו זיך. איצט האָבן זיך אויסגעלאָזט די דורות. די ערד האָט זיי אַלע אַריינגענומען אין זיך. צו איינציקע וועט זי זיי אַרויסדערלאַנגען אויפֿן פּלאַך. זיי זאָלן זיין פֿריי. זי און דער באַשאַף זאָלן פֿאַר זיי זיך צירן. ער איז דער ערשטער. דער אַרום דאַרף אים בלויז פֿאַר זיך, פֿאַר אים זיך צו ווייזן.

ווען ער איז אַרויף אויף די בערג, האָבן די הימלען אויבן פֿאַר אים זיך צערוקט. ער האָט זיך געריסן צו זיי. דאָס קול איז אַלץ געגאַנגען צו אים: הויך, אין חלל און נידעריק, צווישן די ביימער אין גאָרטן. ער האָט געזוכט פֿאַר דעם אַלעם אַ נאָמען.

איצט איז ער פֿאַרטריבן אין די ווייטקייטן; ער איז אין רוים, צווישן אַ סך מענטשן. ער דאַרף זיך מאַכן אַן אָרט צווישן זיי. די קולות גרייכן מער נישט צו אים. זיי זענען אָפּגעהאַקט. ער איז פֿאַרטאָן צווישן אַלע אין געלויף. ער הערט זיי נישט. צו מאָל בלויז אין די פֿאַרנאַכטן, הערט ער זיך איין. ער זוכט זיי, אָבער זיי זענען ווייט. זיי רוישן דאָרט, ווי פֿאַר אַנדערע וועלטן. ער וועט זיי פֿאַרגעסן. אויך די אַנדערע מענטשן אַרום הערן זיי נישט, די איינגעשטילטע קולות.

ש. האָט געוווּסט, אָט די געשטאַלט, דער ערשטער מענטש, איז געווען ער אַליין. ווען איז דאָס געווען? ער האָט איצט געבענקט נאָך יענע ערשטע טעג, ווען ווידער האָט זיך אָנגעהויבן די געשיכטע פֿון דעם מענטש, וואָס איז געגאַנגען צווישן גאָטס קול.

צוזאַמען מיט רייזעלען איז ער דעם נאָענטסטן פֿרייטיק־צו־נאַכטס געגאַנגען אין הויז פֿון אַבעטס מאַן אין רוים. זי האָט אים געפֿירט אונטערן אָרעם. זי איז געווען

העכער פון אים. ווידער האָט זי אויסגעזען, ווי איינע פון די טעכטער פון ווייטן צפון. זי איז געווען אָנגעטאָן אין איר געבלימלט ברוין־גרין קליידל. ער איז פריִער אַוועק זי נעמען פון איר צימער אין דער לאַגער־שטאָט אין די בערג הינטער ווים. דאָרט זענען איצט געווען פרישע מענטשן־פּאַרטיעס, געבראַכטע פון די וועגן. נאָך שבת האָט מען געדאַרפט פירן זיי ווייטער. בחורים און מיידלעך, מאָבילי־זירטע, פאַרן אָנטאָן זיי די מיליטערישע בגדים, פון די איינהייטן פון דעם יונגן מנהיג מיטן לאָק איבערן שטערן. ער האָט זיי אַריבערגעוואָרפן פון אָרט צו אָרט. מען האָט געשמועסט, ער גרייט זיי צו דער דעצעדירנדיקער שלאַכט, וואָס וועט מוזן קומען. ער שלייפט זייערע נעגל און ציין. אויך זייערע קינדער לאָזן זיי גלייך געבוירן מיט ציין און נעגל, צו קאָנען זיך שיצן.

די לאַגער־שטאָט, מיט אירע באַראַקן אוןביידלעך אַרום דעם אַלטן פּאַלאַץ, איז איצט געווען באַלויכטן מיט די פלעמלעך פון שבת־ליכט, געצונדן אין ליימענע כלים. די שכנים זענען שוין געזעסן אַרום די טישן און האָבן געגעסן זייער שבת־סעודה. אויך קינדער מיט זייערע קולותלעך, האָבן מיטגעזונגען די זמירות. אויף דער לאַגער־שטאָט איז איצט געלעגן די מנוחה פון די אַמאָליקע פאַרוואָרפענע שטעטלעך. ער האָט געהערט די אַלטע ניגונים פריש אין מויל פון די קינדער. ער האָט געקוקט אויף זייערע קעפּלעך. אַזוי פריש זענען געווען די קעפּלעך פון די קינדער אין די שטעטלעך, וועלכע האָבן אין מנוחה געזונגען די זעלביקע זמירות. ער איז אַרויס אין דרויסן, צווישן די באַראַקן. ער איז געווען אַזוי ווייט פון דאַנען.

ער איז אַרויף איבער די געדרייטע שטיגן פון דעם גרויסן פּאַלאַץ־בנין, אויבן צו איר אין צימער. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. מען האָט נישט געענטפערט. ער האָט נישט געוווּסט, צי עס איז וואָר דאָ אַ פרעמדער ביי איר. אַ פאַרדראָס האָט, ווי אַ גרייצער, אין אים זיך געגומען דרייען, פון בויך ביז אַרויף אין די נאָזלעכער אַריין. ער האָט זיך איינגעהערט, עס איז שטיל. אפשר שלאָפט זי. ער האָט ווידער לייכט אָנגעקלאַפּט מיט די פינגער. אינעווייניק איז ליידיק. ער האָט פּאַמעלעך גענומען אַראָפּגיין פון די שטיגן, מיטן אויער איינגעהערט צו דער טיר אויבן. זי האָט זיך נישט אויפגערירט.

ער האָט זיך געלאָזט מיט די שטיגן ביז טיף אַראָפּ. ער האָט נישט געפילט, ער איז שוין אין קעלער פון בנין. דאָ האָט ער דערהערט אַ גערודער. מענטשן האָבן פאַר אים זיך פאַרבייגעדרייט אין קאָרידאָרן. פון דער ווייטנס האָט אַ שטאַרק ליכט אַהערגעלויכטן. עס איז געקומען פון אַ גרויסן אָפענעם זאַל. ער איז געגאַנגען אַהינצו.

אינעווייניק האָט ער זי דערזען. זי איז געזעסן אויף איינער פון די ערשטע בענק, פאַרנומען די האָר איבערן שטערן, מיט אַ גרינעם באַנד אין דער ברייט. זי האָט אים געוויזן, זיך זעצן לינקס פון איר. דער זאַל איז נאָך געווען האַלב ליידיק. זי האָט אים געזאָגט, דער יונגער מנהיג דאַרף באַלד דאָ רעדן פאַר די פריש־געבראַכטע פּאַרטיעס. אָט קומען זיי, די מענטשן.

זיי זענען אַריין דורך עטלעכע טירן, ווי זיי וואָלטן זיך אַריינגעשיט. אַ סך פון זיי נאָך יונגע קינדער — מיט איינגעשטילטע בליקן. זיי האָבן געקוקט מיט

פֿאַרדאַכט אַרום זיך. זיי האָבן אויך זיך נישט געקענט איינער דעם אַנדערן. זיי האָבן פֿאַרנומען די לעצטע בענק.

ש. האָט דערזען, ביים טיש אויבנאָן זיצט שוין דער יונגער מנהיג, אַרומגערינגלט פֿון אַ גרופּע שליחים. די האַרפּאַסמע הענגט אים אַראָפּ איבערן שטערן און דעם לינקן אויג. נעבן אים האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, איבער דער באַנק, זיין פּרוי מיט די גרויע זילבער אויגן. זי האָט צו אים אַ שמייכל געטאָן.

אין דעם הויכן זאַל איז געווען שטיל. ביי דער אָפֿענער טיר איז ווער געשטאַנען אַנגעלענט אויפֿן ביישטידל. רייזעלע האָט איינגערוימט ש.ינען, אין דרויסן איבערן דאַך, אויפֿן טורעמל, שטייט דער שומר; ער היט די פֿינצטערע וועגן, וואָס ציען אַהער.

דער יונגער מנהיג האָט אָנגעהויבן. מיר גייען, האָט ער געזאָגט, אויסלייזן דאָס לאַנד פֿון אונדזערע אבות. עס ליגט ווייט פֿון דאַנען, איבער ימים און מדבריות. אויך דאָרט זיצן פֿרעמדע. זיי האָבן פֿאַר אונדז זיך פֿאַרמאַכט. זיי האָבן נישט געוווּסט, פֿון אונדז וועט זי בלייבן, די איבערבלייבעניש.

ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן. אַלע אַרום זענען געזונקען אין די ערטער אונטער זיך. באַלד האָט ער ווייטער גערעדט:

— ווייסט איר פֿאַר וואָס זיי אַלע ווילן אונדז נישט? זיי מיינען אַלע, מיר זענען זקנים; מיר מוזן שטאַרבן. זיי ווילן אויך נישט אונדזער ירושה. זיי זענען נאָך יונג; זיי לויפֿן אַרום באַרוועס. אונדזער בליק שטערט זיי. זיי מיינען, אונדזער פֿאַרשווינדן איז אַ געזעץ. אָן אונדז, איז נאַכט; מען קאָן אין איר זינקען אין שכרות. מיט אונדז — ווערט טאָג. עס קומט די ניכטערע חכמה. זיי ווילן זי נישט. זיי מיינען, אָן תאווה איז מער נישטאָ קיין פּאַטענץ.

— מיר טאָרן אָבער נישט שטאַרבן, מיר מוזן בלייבן! — האָט דער יונגער מנהיג מיט אַ מאָל אויפֿגעהויבן זיין קול. זיי ווייסן נישט, מיר טראָגן אין זיך די געטלעכע פּאַטענץ, וואָס מאַכט אונדז אייביק יונג. אונדזער קערן טוישט זיך נישט. עס האַלט אים דאָס ליכט פֿון סיני. די נאַכט וועט פֿאַרביילויפֿן, זיך טוישן. די וואָס פֿאַרבלייבן אין איר, האָבן נישט קיין קיום. זיי שטאַרבן אויס אין די פֿאַרטאָגן. אונדזער קערן קאָן נישט פֿאַרשווינדן. ער איז אויך זייער נשמה. אָן אים — קאָנען אויך זיי נישט לעבן. זיי וועלן בלייבן אָן אַ גאָט. זיי ווייסן נישט, מיר שטייען אויסערן געזעץ פֿון אַלטקייט. ולא ידח ממנו נידח.

ש. איז שפּעטער געגאַנגען מיט רייזעלען אין די נאַכטיקע גאַסן פֿון רוים. זיי זענען פֿאַרביי די בריקן איבערן טיבער, צווישן די סקולפּטור־געשטאַלטן פֿון יונגע גיבורים. ביים עק איז געשטאַנען אַן אַלטער מאָלער און מיט אַ פּענדזל אין האַנט געמאָלן דאָס נאַכטבילד פֿון רוים. מענטשן אַרום אים, האָבן געקוקט אויף דער לייוונט, וואָס נעמט אָן פֿאַרמען. מיט זיין גאָלן קאָפּ, האָט ער אַליין אויסגעזען, ווי איינע פֿון די סקולפּטור־געשטאַלטן אויף דער בריק. דער מאָלער האָט זיי נישט געזען. ער איז געשטאַנען און זיי אין די אויגן, געוואָרפֿן פֿאַרבאָרגענע שטיקער פֿון זיך אַרויס. זיין האַנט האָט געשמירט, ווי ער וואָלט געוועזן אַליין, פֿאַרשלאָסן ביי זיך אין צימער. אַ רגע האָט ער אויסגעזען, ווי אַ גרויסער שילדקרעט, פֿאַרמאַכט אונטער זיין דעכל, בלויז די האַנט שטעקט אים זיך אַרויס, זי באַוועגט זיך.

זיי האָבן זיך דערוויטערט, און זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן בריק, מיט די הענט פאַרלייגט איבערן אָנלען. אונטן האָט פאַרבייגעשאַרעוועט דאָס וואַסער. אויבן, אַרום, איז געלעגן די שטאָט רוים; אויף ווי ווייט אַ צעצונדענע, מיט בלאַסע פייערלעך. מען האָט צווישן דיקע ביימער, דורכגעזען אַלטע, שווערע, הייזער. ש. האָט זיך דערמאָנט רוים און ירושלים. דאָס אַמאָליקע יונגע רוים האָט חרוב געמאַכט דאָס אַלטע ירושלים. איצט, האָט ער דערשפּירט, איז רוים אַלט. זי פוילט אין אירע פונדאַמענטן. זי שטייט אויף שימל. ער האָט פּלוצעם זיך געכאַפּט, ירושלים איז ליידיק, איינגעפאַלן; אירע אינגעווייידן זענען אָבער פון פעלדזן. זי וואַרט אויף אונדז.

— דו ווייסט, ווו מיר שטייען? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— יאָ, — האָט זי געענטפערט.

זיי האָבן געוווסט, דאָ, אויף די בריקן, האָט מען דורכגעפירט, צום ערשטן מאָל אין גלות אַריין, זייערע זיידעס, די געפאַנגענע פון ירושלים. זיי האָבן זיי געטראָגן מיט זיך, די כלים פון בית המקדש. ווען זיי זענען דאָ אַדורך, האָבן זיי געמיינט, זיי זענען די לעצטע. אַלץ איז פאַרענדיקט. זיי האָבן די כלים, מיט דער מנורה, גע־וואָרפן אין טיבער — אויף די רוימער זאָלן זיי נישט האָבן.

— דאָ, אין דער טיף, ליגן זיי! — האָט ער אַראָפּגעוויזן מיט אַ פינגער.

אין יענער נאַכט, פון פרייטיק אויף שבת, זענען זיי געשטאַנען איבער דער טיבער־בריק אין רוים, די צוויי יונגע יידן, אַ בחור מיט אַ מיידל — די אוראייניקלעך פון די געפאַנגענע פון יהודה, זעכציק דורות נאָך זיי. זיי זענען געשטאַנען אַליין אין דעם אַרום, ווי זייערע אורזיידעס דאָ, נאָכן חורבן ירושלים. זיי האָבן איצט געהערט דעם פּליוסק פון טונקעלן וואַסער אונטער זיך, בעת די כלים זענען אין דעם געפאַלן. פון די טיפענישן בלעזלט זיך אַרויף דאָס וואַסער. דאָס בלוט אין זייער גוף האָט זיך צוריקגעבלעזלט.

— לאָמיר אַראָפּשווייגן צו זיי — האָט ער געזאָגט.

דער איינגעגליווערטער אַרום האָט מיטגעשוויגן.

ער האָט געוווסט, אין דער זייט, אין פאַלאַץ פון דער לאַגער־שטאָט, און אונטן, אין די קאַטאַקאָמבן, הויערן זיי ווידער די יונגע חיילות פון יהודה, וואָס האָבן עס נאָך נישט געזען, זייער אָפּשטאָם־לאַנד. דאָס זענען די אויפגעשטאַנענע יידן־רעשטלעך פון אַלע פעלקער און מדינות, וואָס ווילן זיי מער נישט צווישן זיך. זיי רייסן זיך דורך וועלדער, גרענעצן און טונעלן, פון די קברים, קאַטאַקאָמבן און טאָלן. זיי איילן אין די נעכט דורך די שאָסייען פון אייראָפּע, וואָס זענען געפאַרבט מיט זייערע אייגענע בלוט־פלעקן. זיי טרעטן איבער זיי.

זיי זענען געשטאַנען איבער דער בריק פון טיבער, און אין דער אַרומיקער שטיל־קייט האָט אין זייערע אויערן אָפּגעהילכט די שווייגעניש, פון דעם יונגן מנהיג נאָך דאָרט, אויף דער אסיפה אין מוזעום פון אַמסטערדאַם, בעת זיי אַלע האָבן פאַרנומען די געוויִשן, די פאַרשטומטע קולות פון דער ערד אין דער נאַכט. זיי האָבן פאַרנומען טריט, ווי פון פיל וואַסערן. דאָס זענען געווען די טריט פון די געפאַלענע יידישע זעלנער פון אַלע חיילות, וואָס פילן אָן די איינגעשטילטע פעלדער, זייערע נשמות האָבן נישט ווו זיך אומצוקערן; זיי בלאָנקען אין נאַכטיקן ווינט. זיי שטייען דאָרט אויף אין דער נאַכט; זייערע ווייסע געשטאַלטן שוועבן, העלן־אויף אין דער פינצטערניש. זיי נעמען

זיך צוזאַמען אין בריגאַדעס, און קומען אָן מיט זייער פאַרשטומט געזאַנג. זיי גייען צו זייער לעצטער שלאַכט. זי וועט זיין זייערע. זיי האָבן איצט געוווּסט, זיי דאָ, וועלן נישט זיין אַליין אין דער מלחמה; די געטויטע יידישע חיילות וועלן גיין פאַר זיי.

רייזעלע האָט נישט געוואָלט אַוועק פון דאַנען, פון דער בריק איבערן טיבער. דאָ וועט זי בלייבן. זי האָט זיי געהערט אָנקומען מיט די כוואַליעס; זיי שווימען מיט אַלע וואַסערן, מיט דעם דונאַי און רהיין, מיט דער וואָלגאַ און ווייסל, מיט אַלע טייכן אין וועלכע מען האָט זיי געטרונקען; זיי שלעפּן מיט זיך זייערע נאָכהענגענדיקע אברים. זיי קומען אויף אַרויס, זיי פליִען אָן, פון אַנטקעגן, פון אַלטן געטאָ אין רוים, פון וואַנען מען האָט זיי אין דער נאַכט אַרויסגענומען מיט זייערע פרויען און קינדער. זייער שול שטייט ליידיק. אין אירע שויבן איז פינצטער.

שפּעטער האָט זי ווידער זיך געהאַלטן ביי זיין אָרעם. זיי זענען צוריק אַריין אין די געדיכטע גאַסן. דער טיבער איז געווען ליידיק. דאָס וואַסער — אויסגעטרוקנט. די כלים פון בית המקדש האָבן זיי געפילט אין זיך.

אויף די גאַסן האָבן די רוימער איצט אַוועקגעדרייט די פּנימער פון זיי. די שטאָט־ליכטער זענען אויף זיי געפאַלן; האָבן אָפּגעדעקט זייערע מחשבות, די פאַרבאָרגענישן; זיי פאַרשלונגען. פאַרלעך זענען געלעגן אין גראָז. ס'איז געווען אין גאָרטן אַרום נעראָנס פּאַלאַץ. אין דער פינצטער האָט מען בלויז אַרויסגעזען זייערע פיס; זיי הייבן זיך. זיי זענען אַריין אין די גאַסן מיט חורבות פון אַלטן רוים איןביידע זייטן; אויס־געבויגענע זיילן, אָבעליסקן; אומגעוואָרפענע טורעמס. די רוימישע זין און טעכטער האָבן זיך געפּאָרט, שטייענדיק — הינטער אַלע ווענט פון די רויִנעס. אַ פּאָליציסט האָט זיי נאָכגעקוקט אין פּלייצע. זיי זענען אַריבער אַלטע אומגעוואָרפענע מאַרמאָר־זיילן. פון אַ פאָנטאַן איז געפלאָסן אַ דינער שטראָם. זי האָט אים געפילט אין זיך. פאַר זיי האָט אַ פּאָרל געשטעלט טריט, אייליק. האַלב־ליידיקע אויטאָבוסן האָבן גע־קלונגען, זענען פאַרביי; טראַמוואַי־דראָטן האָבן אויבן געווישט, געריבן די עלעקטרישע דראָטן. דער שטראָם האָט אינעווייניק זיי ביידע אויפגעוואָרעמט, געצויגן צו זיך. דער בחור פּאָרויס האָט געריבן דאָס מיידל אין זיין גוף. איך וועל שפּעטער חרטה האָבן, האָט זי געזאָגט. איינצלנע מענטשן זענען געגאַנגען פּאַמעלעך; מענער מיט די הענט אין די הויזנטאַשן. זיי האָבן געקוקט צו זיי, צום פּאָרל. איינער האָט זיך צוגעפּייפט מיט די ליפּן. זיי זענען אַריין אין אַ צווייטער גאַס. אין ראָג איז געשטאַנען אַ פּאָרל פאַרשוויגן. אַ קינד איז פאַרבייגעגאַנגען אַליין. דער טיבער איז איצט געלעגן הינטער די הייזער; ער איז געלאָפן נאָך זיי, פאַרלויערט, פון יענער זייט. מען האָט בלויז געהערט זיין סאָפּן. אויף דעם רוימישן פּאָרום האָט מען דאָ נישט געזען. די גאַסן מיט די הויכע הייזער האָבן אים פאַרשטעלט. ערגעץ דאָ רוט ער אין דער פינצטערניש. מיר זענען אין רוים — האָט ער געגעבן אַ זאָג. ער האָט דערשפּירט אַ שאַרפן בליק אין די אויגן. ס'איז געווען אַ גאַסנמיידל. זי איז געהאַט פאַרביי. ער האָט בלויז געזען פון הינטן אירע שוואַרצע האָר, און דאָס נידעריקע הינטל, וואָס זי פירט, אויך אַ שוואַרצס, מיט אַ וואַרעמער פעל אויף זיך. דאָס הינטל האָט זיך

פאַרהאַלטן. ס'האָט אויפֿגעהויבן אַ פּיסל. ס'האָט געזען אַ גאַסנלאַמפּ. דאָס שוואַרצע פּעלעכל איז אויף דעם געלעגן לויז, ווי אַ פֿרעמד מלבוש, אָן אַרויסגעצויגנס. ס'האָט זיך געקנייטשט איבערן גופֿל. רייזעלע האָט אים אָנגענומען פֿאַר דער האַנט־דלאָניע. אַ גאַס מיט געשעפֿטן פֿון ביידע זייטן. צווײ טירן זענען געווען צעפּראַלט, אָפֿן. פֿון אינעווייניק איז אַ שיין אַרויסגעפֿאַלן אין דרויסן, אויפֿן טראָטואַר. ס'איז געווען אַ לוויה־ביוראָ. שוואַרצע לײדיקע טרומנעס זענען געלעגן, לייכטע, איינע איבער דער אַנ־דערער. זילבער־צלמים איבער דער לענג פֿון די דעקן. אין דרויסנדיקן ליכטקרייז זענען געזעסן, אויף אַ באַנק, לענגאויס דער טיר — די באַגרעבערס, מיט לאַנגע גראַנאַטענע מונדירן און זילבערקנעפּ; היטלען מיט גלאַנציקע דאַשקעס ביז איבער די אויגן. אַ שורה. אַקסל ביי אַקסל. די קעפּ אויף פֿאָרויס. זיי האָבן געוואַרט. זייערע קינבאַקן האָבן דערווייל געקייט. ביס נאָך ביס האָבן זיי אַראָפּגעשלונגען אין די העלדזער. ש. האָט געוווסט, זיי רופֿן צווישן לוויה און לוויה. אָט הייסט מען זיי ווייטער גיין. ווען ער האָט אַ ווײַלע זיך פֿאַרהאַלטן, האָבן יענע אַרויסגעשלעפּט צע־עפֿנטע גרויסע אויגן פֿון די שפּייז־טאָרבעלעך. זיי האָבן זיי ווידער אַריינגעלאָזט. מיר וועלן אַריין אין אַ קינאָ — האָט זי געזאָגט. זיי האָבן אינעווייניק זיך געזעצט. עס האָט געהאַט זיך אָנגעהויבן די וואָכנכראָניק. מען האָט געזען אַ ביציקליסטן־געיעג. אַרום זיי, אין דער פֿינצטער, האָבן יוגנטלעכע געקנאַקט באַניקערן. מען האָט געהערט אַ דין קלאַפּעריי פֿון ציין. אויפֿן פֿילם האָבן פֿון ביידע זייטן אויסאָסטראַדעס זיך געפּאַקט המונים, פֿאַרהאַלטן פֿאַר לאַנגע שטריק. זיי האָבן געשריגן „הוראַ!” לכּבֿוד די קאָפּשווינדלענדיקע פֿאָרערס, וואָס האָבן כּסדר זיך איבערגעקערט. דאָס ליכט האָט אַרומגעקרייזט אַ צעשטראַלט פּנים פֿון אַ זקן פֿאַר דער באַריערע. אין זיין אָפֿן מויל — בלויז איין לאַכנדיקער צאָן. דאָס איז געווען דאָס לאַנד פֿון די טאָלטרייבערס. מען האָט געהערט זייער לשון. די מאַסן מיט געמיטלעכע פּנימער. אויך די לאַנדשאַפֿט אַרום — אַ געמיטלעכע. גאַנצע משפּחות שטייען צוזאַמען. דאָס רוימישע פּובליקום אויף די קינאָבענק האָט אַפּלאַדירט די זיגער אויפֿן לייוונט.

באַלד האָט מען געוויזן דעם פֿילם. אַן אַלטע גריכישע טראַגעדיע. פּאַסטעכער, אורערד, פֿעלדזן, וואַרעמע שטאַלן, בעלי־חי, פֿרישע וואַסער־קוואַלן, בערג, אַן אינדזל. רויע קראַפֿט. מען האָט ליב, מען איז בועל. קנאה. מען שטיקט, מען ווערגט. ש. האָט געוווסט, אונדז האָבן זיי נישט געקענט.

זיי זענען אַרויס פֿון קינאָ. אויף די ברייטע באַלויכטענע טרעפּ איז עמעצער, אַ הויכער, אין שמאָלע הויזן, מיט אַ קליינעם קאָפּ, געשטאַנען, האָט געלייענט די רעקלאַמעס, און אין זיי אַריינגעגענעצט. פֿאַר דער דערנעבנדיקער אויטאָבוסן־סטאַציע האָט אַ הײפֿל מענטשן געוואַרט. די שיין פֿון אַ לאָמפּ אויבן האָט באַלויכטן זייערע קעפּ.

מיט אַ מאָל איז אַן אויטאָ אָנגעלאָפֿן אין עק פֿון גאַס. אַ רוישיקער סקריפּ פֿון איינגעהאַלטענע גומי־רעדער אויפֿן אַספֿאַלט. די מענטשן פֿון אונטערן ליכטקרייז אָפּער זענען געלאָפֿן. אַ מענטשן־ראָד אַרום דעם אויטאָ אין ראָג. מען זעט אים נישט אַרויס. אַ מענטש האָט געפּרוּווט לויפֿן. מען האָט עמעצן געטראָגן. ער האָט אָוועקגעבויגן דעם קאָפּ. דער געדאַנק זאָל יענעם נאָר זיך נישט לעשן. ער האָט געשלאָסן די אויגן, נישט צו זען קיין בלוט. אַ פּאָליציי־פֿייפֿל האָט זיך געצויגן אין חלל.

זיי זענען געגאַנגען ווייטער. עס ווערט שפעט. אַנעטס מאַן מיט זיין משפּחה וואַרטן. אויך אַנעט. ער האָט נישט געדענקט, ווי זעט זי אויס. זי האָט זיכער זיך געענדערט. מען האָט געהערט אַ געשריי. דאָס געזעמל מענטשן האָט גאָר אַרומגערינגלט אַ גנב. מען האָט אים געפירט צום לאַמטערן־ליכט, פאַרויס — אַ לאַנגער שאָטן. אַ פרוי האָט אונטערן ליכט צעעפנט איר בייטל. ס'האָט אים אַ גלוסט געטאָן איבערלאָזן רייזעלען, אַנטלויפן, אויסמישן זיך דאָ צווישן אַלע, פאַרבלייבן צווישן זיי. מיט אַ מאָל האָבן זיי צווישן די הייזער ווידער דערזען דעם טיבער. ער לויפט די גאַנצע צייט, אומגעזען, זיי נאָך. צווישן צוויי הייזער איז געשטאַנען איינער, אַ הויכער מיט ברייטע פּלייצעס. ער האָט מיט לייכטנדיקע אויגן אין זיי זיך איינגעקוקט. זיין פּנים, מיט די גלאַנציק־רויטע באַקן, האָט אַרומגענומען אַ שוואַרץ־סאַמעטענע באָרד, מיט גרוילעכע פּעדעם. ער האָט אויסגעזען, ווי דער שוחט פון די טייבעלעך אין רוים. ש. האָט דער־פילט רייזעלעס פאַרשעמונג; זי גייט אים כסדר נאָך. אויך זי וועט גיך זיך עלטערן. די פאַרבליבענע אַרום אים מיידעלעך פון לאָדזש, זענען געוואָרן מאַמעס מיט איבער־פּילטע בריסטן. זיי זענען ווייט אים אַריבער. ער אַליין עלטערט זיך נישט. זי וועט אים אַריבערוואַקסן. איצט איז זי נאָך אַ פרוי און אַ קינד. עמעצער האָט צווישן זיי זיך דורכגעשטופּט, און איז געגאַנגען ווייטער. זיי זענען פאַרביי אַ ליידיק הויז. אויף אַ באַנק פאַרנט איז געזעסן אַ פּאָרל. ער האָט אין איר אַריינגעשעפּטשעט. אויך זי איז נאָך אַ קינד. די פרוי אין איר גוף וואַקסט איצט, זי זיצט שוין אין איר לייב פון אויבן ביז אַראָפּ. ער רעדט אין איר אַריין; ער פאַררעדט זיך אַליין. זי גלייבט. אירע דערוואַכטע אויגן זענען אָפן צו זיין פּנים. זי אַנט, אונטער זיינע אַלע רייד שטראָמט צו איר דער אור־אמת, זיין באַגער; נאָר אַן עקרה דערהערט אים נישט. אויך אין דער טיר פון ליידיקן הויז האָט אַן אַלטער, ברוינער קאָטער אַריינגעמיאַוטשעט אין אַ קליין געל קעצל. ש. האָט זיך דערמאָנט, די רוימישע קעץ פון דריי הונדערט יאָר צוריק. ער האָט נעכטן געלייענט וועגן זיי אין מאַנצאָניס ראָמאַן פון זיבעצנטן יאָרהונדערט. „אין יענער נאַכט — איז געשריבן — האָבן אַלע קעץ דאָ געמיאַוטשעט”. ווו זענען זיי איצט, די אַמאָליקע קעץ? די איצטיקע ציִען זייער יחוס פון זיי.

זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען אַן אַלט הויז. דאָ איז ש.ינס צימערל. ער וווינט אויבן. רייזעלע האָט געוואָלט אַרויף. נאָר מיט אים וויל זי בלייבן. ער האָט געזאָגט, קום.

ער האָט זי געפירט אין אַ שמאָל, זייטיק געסל, געפּלאַסטערט מיט לענגלעכע, פּירקאַנטיקע שטיינער, פון עק ביז עק; אָן טראָטואַרן אין די זייטן. זיי זענען פאַרביי דעם פּאַנטעאָן. דאָ נישט ווייט, האָט ער געזאָגט, איז דער רוימישער געטאָ. אין ווינקל האָבן מלאכים פון אַ סטאַטוע געשפּריצט פון זייערע מיילער וואַסער אין אַ קיילעכדיקן בעקן, זיי צופוסנס. אויף דער דנאָ פון קלאָרן וואַסער, אונטן, זענען געווען אַנגעוואָרפן מטבעות, ווי צעשטראַלטע פונקען. זיי זענען געשטאַנען פאַרן הויז. דאָ, האָט ער געזאָגט, איז עס. ס'איז געווען אַ שמאָלער אַריינגאַנג צו די טרעפּ. ער איז געגאַנגען פאָרויס; אויף די שטיגן פינצטער. בלויז פון אונטער אַ טיר האָט אַפּערגעלויכטן אַ ליכט־שפּאַלט. די שטיגן קורצע. ער האָט געוואָלט אָנקלאַפּן אין אַ טיר, פרעגן. פון אויבן האָט גע־נידערט אַ געזאַנג. דאָס קול פון אַנעטס מאַן. זיי זענען אַרויפגעשטיגן, האָבן אָנגע־קלאַפּט אין אַ טיר. ער האָט געטאַפּט. אויפן ביישטידל, אַ מזוזה. פון אינעווייניק אַרויס

האָבן זיך געהערט טריט. רייזעלע האָט זיך פּאַררוקט הינטער אים. ווער איז? — האָט אַ פרויענשטימע אַרויסגעפרעגט. די טיר האָט זיך געעפנט. ס'איז אין איר שטיינגעבליבן דאָס האַלענדישע ווייבעלע. ער האָט דערקענט דאָס פּנים. די האָר זענען איר געווען רויט־פלאַמיקע; די אַקסלען אירע — ברייטער. זי איז אויך געווען העכער. זי האָט אים אַרומגענומען און מיט אים זיך צעקושט. זי האָט געטראָגן אַ לאַנג קלייד פון גאָלדיקע זיידפעדעם, ביז אונטן צו די שיך־קנאַפּלען. ער האָט דורכגעלאָזט פאַר זיך רייזעלען. מען האָט פאַרמאַכט די טיר הינטער זיי. זיי זענען געווען אין ליכט. אַנעטס מאַן איז אַרויס פון די אינעווייניקסטע צימערן. ער האָט מיט אים זיך אַרומגעכאַפּט. ער האָט זיי ביידע אַריינגעבעטן אין סאַלאָן. ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צו רייזעלען. ש. האָט געזען אַנעטן. זי איז געזעסן אויף אַ שטול. זי האָט זיך נישט געענדערט. ער האָט געקוקט אויף איר פּנים. איר העל־בלאָנדע שיינקייט איז איצט געווען אַ שלימותדיקע. אַלע אַנדערע בלאָנדע פרויען זענען בלויז אַן אָפּבילד פון איר. זי האָט אים דערלאַנגט אַ האַנט. ער האָט אַ ווילע זי פאַרהאַלטן אין זיין דלאָניע. ער האָט געוואָלט זאָגן, ער פרייט זיך זי צו זען. ער האָט זיך געכאַפּט, יעדע פרוי וואָס ער באַגעגנט צום צווייטן מאָל, איז די שלימות פון איר ערשטער געשטאַלט, פאַרבליבן אין אים. אַלע ענלעכע צו איר, וואָס ער טרעפט ווייטער, זענען תמיד נאָר אַן אָפּבילד פון דער ערשטער. ס'איז אַ ווילע אים קלאָר געוואָרן, רייזעלעס הויט האָט דעם העל־וויכן אָפּבליאַסק פון אַנעטס לייב. דעריבער האָט איר געשטאַלט אפשר אים צוגעצויגן אויפן טויבן־פאַרמעסט. ער האָט געהאַט אָפּגעלאָזט אַנעטס האַנט.

זיי זענען איצט אַלע געווען אויסגעזעצט אין שטולן, אין אַ קיילעכדיקן ראָד אין מיטן צימער, אָן אַ טיש צווישן זיי. דריי פּאָר פרויענפיס זענען געווען געשטרעקט פאַר זיך, אין ליידיקן ראָד אַריין. זייערע הענט און פינגער זענען געלעגן אויף זייערע שויסן. יעדע פון זיי — פאַרטאָן אין זיך. קיין איינע פון זיי, האָט ער געוווסט, איז נישט זיינע. ווען מען ציט זיי אָפּ די אייבערשטע הויט־שיכט פון די פּנימער — ווערן זיי אַלע צו איינס; אָן זייער צורה, וואָלטן זייערע פּנימער מער נישט געווען געשטרעקט צו יענעם, נאָר געצויגן אין זיך אַריין. ער האָט באַנומען, דער גרויליקער געדאַנק איז נישט זיינער; נישט קיין ירושה צו אים פון זיינע אבות. דאָס האָבן די אַמאָליקע רוימער געטאָן צו די אַלטע יידן. זיי האָבן אָוועקגענומען פון זיי זייער געשטאַלט. זייער שר האָט דאָס געשונדן דעם שטראַלנדיקן קאָפּ פון ר' ישמעאל כהן גדול; ער האָט אים אויסגעשטאָפּט פאַר זיין שיינער טאָכטער, און אַזוי האָט מען אין אונדזערע טעג געטאָן צו די פרישע הויטן פון אונדזערע פרויען. מען האָט זיי געמאַכט פאַר אָפּגעטינס. ער האָט אָפּגעגרוילט פון זיך דעם געדאַנק, אים אָפּגעשטופּט פון זיך.

ער האָט געזען, אַנעטס מאַן טראָגט מער נישט דאָס פּירקאַנטיקע קאַפּל איבער די האָר. די האָר זענען ביי אים איצט געווען נידעריקער און גרוילעך ביי די שלייפן. ער האָט אויך אויסגעזען נידעריקער. אַ בייכל האָט אים אויסגעברייטערט. ער האָט באַפוילן זיין פרוי, אַריינצוגעבן וויין מיט קיכלעך. ער האָט געזאָגט, ער האָט נאָך נישט געמאַכט קיין קידוש. אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט אין ראָד. ער האָט פאַרלייגט אַ היטל אויפן קאָפּ. אויף דער וואַנט הינטער אים איז געהאַנגען אַ קיילעכדיקער זייגער. מיט אַ לאַנג־אַראָפּגעלאָזטער וואָגע. זי האָט זיך באַוועגט אַהין און צוריק. אויך ש.

האָט זיך פאַרלייגט אַ קאָפּל איבערן קאָפּ. אַנעטס מאַן איז געשטאַנען אַן אויסגע־געגלייכטער, מיט דער רעכטער האַנטפלאַך אויף פּאָרויס. זיין פרוי האָט אויף איר אַרויפגעשטעלט אַ זילבערנעם בעכער, איבערפולט ביזן ראַנד מיט וויין. ער האָט הויך געזאָגט:

„ויכולו השמים והארץ וכל צבאם"

„ויכל אלוהים ביום השביעי מלאכתו אשר עשה".

זיי זענען אַלע געשטאַנען אויפן הויכן שטאָק. אונטערן דיל, אונטער זיי, איז ליידיק. עס וווינען דאָרט פרעמדע. אין די הויכע צימערן דאָ האָבן זיי געגלייבט אין יידישן גאָט. זיי האָבן באַנייט דעם בונד מיט אים. אַנעטס מאַן האָט פאַרענדיקט. ער האָט יעדן אונטערגעטראָגן דעם בעכער צו די ליפּן. זיי האָבן דערשפּירט דעם וויין אויף דער צונג.

פון דער טיר פון פינצטערן שלאָפצימער, האָבן אויך די קינדער אַריינגעשטעקט די קעפּלעך — אַ ייִנגעלע און אַ מיידעלע. ביידע אין די פּידזשאַמעס. זיי האָבן דער־זעענדיק די פרעמדע, שמייכלענדיק, זיך צוריקגעצויגן אין דער טיר.

באַלד זענען אַלע צו צום טיש. זיי האָבן זיך געזעצט צו דער שבתדיקער סעודה. אויפן ווייסן טישטעך איז געלעגן דאָס לחם משנה: אַנגעלענט איינע איבער דער צווייטער, די צוויי חלות. אין פאָרצעלייענע פּולמיסקעס — די פיש; די פישיויך — איינגעגליווערט. זיי האָבן געבראָכן די חלה, זי געטונקען אין די טעלערלעך.

זיי זענען געווען אויסגעזעצט: אַנעטס מאַן — אויבנאַן; אַנטקעגן — זיין פרוי; אַנעט און רייזעלע — אין איין זייט; ש. — קעגן זיי. זיי האָבן שטיל געגעסן; גע־שלונגען די מיטלשטיקלעך. אַנעטס מאַן האָט אויסגענאָגט דעם קאַרפּנקאָפּ. באַלד האָט מען אַריינדערלאַנגט די הייסע יויך מיט געבאַקענע פערפל און באַבעלעך. אין קוך האָט געוואַרט דאָס הינערפלייש; עס האָט זיך געקילט, נאָכן אַרויסנעמען עס פון דער קאָכעדיקער יויך. אַנעטס מאַן האָט געפּאַטשט מיט די הענט. ער האָט געזונגען זמירות. פון דער קאָמאָד אין דער זייט האָבן אַהערגעשיינט די פלעמלעך פון די צוויי שבת־ליכט. ש. האָט געגעסן. ער האָט נישט געקוקט אין פּנים פון קיין איינער פון די דריי פרויען, נישט צו לאָזן אַליין די אַנדערע צוויי. ער איז באַהאָפטן, האָט ער געוווסט, מיט אַ רגע, אין יעדער איינער פון זיי. יעדערס אויגן־בליק בלייבט אויף תמיד שוין געהיטן אין אים. מיט דער רגע איז זי אויף שטענדיק שוין די נאָענטסטע אים. ס'האָט אים געאַרט, זיי לאָזן אים נישט בלייבן אַליין. מען האָט אַריינגעגעבן דאָס פלייש. אויפן טעלערל ביי אַנעטס מאַן זענען געלעגן די הינערישע פיסלעך. ער האָט גיך זיי געשלונגען. רייזעלע האָט געשפּירט, די פיסלעך גייען איר אַראָפּ, אויף די שפּיצן לאַנגע פינגער, דורכן האַלדז, און שלונג. זיי שטעלן איר זיך אין בויך. אַנעטס מאַן איז איצט ווידער געווען לוסטיק. ער האָט גערעדט וועגן די חסדים מיט אים אויף אַלע וועגן. ער האָט געבענטשט, געדאַנקט פאַר דער שפּייז, וואָס איז באַשערט אים און זיין משפחה. זיי האָבן אַלע געבענטשט. זיי האָבן געבעטן פאַר זייערע פאַר־בליבענע רעשטלעך. זיי האָבן געענדיקט. זיי האָבן זיך אויפגעשטעלט פון טיש; ווידער זיך געזעצט אויף די פריערדיקע ערטער אין מיטן צימער. ש. האָט געוווסט, רייזעלע וויל שוין גיין; זי וואַרט ער זאָל זי נעמען. די באַלעבאָסטע פון הויז, דאָס האָלענדישע

ווייבעלע, איז געזעסן נעבן אים. אַנעט, האָט ער געזען, שטייט ביים פענצטער; זי קוקט אַרויס. איבער איר קאָפּ, איז דאָרט אַ גרויסער טונקעלער חלל. ער האָט זיך געכאַפּט, אויך דאָס מאָל איז זי דעם גאַנצן אָוונט פאַרשלאָסן אין זיך. ער האָט געוואָלט דערגרייכן צו איר; בלייבן אַ מאָל מיט איר אַליין. דאָס האָלענדישע ווייבעלע האָט גערעדט צו אים. זי האָט דערציילט וועגן דער פּאָרטוגעזישער שול אין אַמ־סטערדאַם. זי איז פאַרהאַקט אויף זיבן שלעסער. אויך שבת שטייט זי ליידיק. דאָס איז אַ שול פול מיט אַלטער קונסט. עס הערשט היינט דער אַנטי־קונסט, האָט זי געזאָגט, מען דאַרף צונויפזאַמלען די יידישע קונסט, פון אומעטום; זי פירן מיט זיך; מיטנעמען זי אויך פון רוים, פון די מוזעומס און קעלערן. זי האָט דערציילט, אַז אַנעט האָט פאַרלאָזט לאָזאַן; זי איז אויפן וועג גלייך מיט אַלע. זי האָט געזאָגט, אַז איר מאַן וויל מער נישט זיך בילדן אין רוים. ער זאָגט, ער האָט נישט ביי קיינעם, וואָס צו לערנען. ער קאָן נישט צוריקקערן צום אָנהייב. ש. האָט געזען אַנעטן. ביים פענצטער רעדט זי צו רייזעלען. זי באַוועגט מיט די הענט. זי באַוועגט מיט זיי, ווי אַ דיריגענט. ער האָט געפילט, זי באַוועגט מיט זיי אין אים, אַרויף, אַראָפּ. זיינע אינגעווייידן רופן זיך אָפּ, שפּילן. ער האָט באַנומען, אויך זי, דאָס האָלענדישע ווייבעלע נעבן אים, האָט נישט וואָס צו לערנען מער; זי ווייסט אַלץ. ער האָט געהערט, אין אירע ווערטער, די גאַנצע צייט, איז נישטאָ קיין פּלוצעם. אַלץ איז קלאָר, באַשטימט, פון פאָרויס. ער האָט זיך געכאַפּט, אָן דערזען פּלוצעם, וואָלט ער געוואָלט שטאַרבן. ער האָט געדענקט די זקנים פון זיין היים. אויך ביי הונדערט און צוואַנציק זענען זיי געווען קינדער; אַלע מאָל נתפּעל געוואָרן. ער האָט מורא געקריגן, אויך ביי אים וועט אין איינעם אַ טאָג פאַרלוירן גיין דאָס שטוינען. זיי וועלן דעמאָלט ווערן, ער און זי — צוויי שדים. זי וועט זיין, נישט זיינס אַ באַוווּנדערין, נאָר אַ גלייכער שותף מיט אים. ער האָט פאַרשטאַנען, ער וועט מוזן זיך ראַטעווען פון איר, און פון די אַלע אַרום, וואָס ווייסן שוין אַלץ, פון פריער, פון פאָרויס. ס׳איז אים קלאָר געוואָרן, ער וועט מוזן זיך אויפכאַפּן אויף אַ געליבטע; נעמען אַ קינד, אַ מיידעלע; האַלטן זי אין שטוב, לאָזן זי אויפוואַקסן, ווי אַ ווייב פאַר זיך.

מיט אַ מאָל איז ווידער אים באַפאַלן די מורא פאַר דערשפּירן נאָענטקייט; ווידער ליב האָבן, זיך צובינדן. ער וועט אויסבעטן מיט משפּחה זיך דאָס געלעגער; בעטן פאַר זיי, נאָך יעדער מאָלצייט ביים בענטשן; ציטערן פאַר יעדער רגע זייערער. ער איז געבליבן זיצן. ער האָט מער נישט געשפּירט אין זיך די כוחות צו פאַרלירן, אָפּגע־ריסן צו ווערן, נאָך אַ מאָל צו בלייבן אַליין.

ער האָט ווידער אַ קוק געטאָן צו אַנעטן. איר קאָפּ איז אַלץ געווען אין טונקעלן פענצטער־חלל. ער האָט דאָרט זיך געוויקלט אין דער פאַרע, וואָס האָט אַהינגעצויגן פון צימער אַרויס, ווי וואַרעמע וואָלקנס, פון מויל פון באַלעבאָס פון הויז. אַנעטס מאַן האָט גערעדט. צווישן דער העלער פאַרע האָט מען געהערט ווערטער. ער וועט, האָט ער געזאָגט, עפענען זיך אין רוים אַ מוזעום פון אַלטע פאַמיליען־בילדער, פון פאָטאָגראַפיעס. ער וועט זיי צונויפזאַמלען פון די שטעט און טאָלן. ער וועט זיי אויסשטעלן, ווייזן פאַר אַלע, פירן פון לאַנד צו לאַנד. ער וועט באַרויִקן די מענטשן. ווען מען קוקט אויף זיי, אויף די געשטאַלטן, זעט מען, זיי האָבן געדאַרפט שטאַרבן. זיי זענען דערצו געבוירן.

ש. האָט מיט אַ מאָל געוווּסט, אויך אַנעט וויל פון אַלץ זיך אויסשליסן; זי ציט זיך צוריק. ער האָט אויף איר געקוקט, און מיט אַ מאָל איז אים געווען קלאָר; פון אַ האַלבער וועלט, פון דער מענלעכער, האָט זי שוין זיך באַפרייט. זי איז פון איר אַנטלאָפן. ער האָט אין איין רגע געוווּסט אויף זיכער, זי איז געפאַנגען ביי דער אַנדערער העלפט, ביי איר מין; זי באַהאַלט אין דער העלפט זיך אויס. זי איז איר באַענט, אייגן; פון איר איז זי אַרויס. זי רייסט אין איר זיך צוריק; ערגעץ אין פאַר־באַרגענע צימערן קריכט זי אין איר.

ש. האָט געפילט, ווי איר געשטאַלט רוקט זיך אים אָן ראַשיק־נאָענט פאַר די אויגן. זי שטייט פאַר אים, ווי אונטער אַ פאַרגרעסער גלאָז. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס ער קאָן איצט טאָן צו איר. זי האָט איצט געקוקט צו אים, טריי, ווי אַ קראַנקע, ווייבלעכע הינטיכע. ער האָט געוווּסט, ער קאָן גאָר נישט טאָן. ס'איז אומזיסט. קיינער קאָן זי מער נישט באַשיצן.

ער האָט באַנומען, אויך פון דעם וועט זי זיך צוריקציִען, זי וועט זיך באַפרייען. זי וועט דעמאָלט בלייבן פון אַלץ אויסגעשלאָסן.

ער האָט איצט געוווּסט אויף זיכער, דעמאָלט וועט זי האָבן אַן אָרט אין אים. ער וועט עס היטן לאַנג אין זיך.

אַנעטס מאַן איז ווידער געזעסן און האָט געזונגען זמירות. ער האָט איצט אויס־געזען, ווי אַ גרויס קינד, אַ האַרטנאַקיקס, וואָס גאָר נישט מער קאָן אים ברעכן. ער איז גרייט פאַר אַ נייעם טאָל; ער וועט אים אויך אַריבערטראָגן. ש. האָט געוווּסט, ער אַליין — מער נישט.

עס האָבן אָנגעהויבן קומען די פרייטיק־צו־נאַכטס געסט. דאָס ערשטע איז אַריין אַ שכנטע, אַן אַלמנה. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט. זי האָט געוואָלט פרעגן אַן עצה. זי האָט דערציילט, מען האָט איר געוואָלט שדכנען דעם קליינעם בלינדן פּראָפעסאָר, נאָר זינט ער האָט אָנגעהויבן זען, איז ער פאַרמאַכט. זיינע ליפן עפענען זיך, ווי ביי אַ פיש. מען ווייסט נישט, וואָס ער מיינט. זי האָט געפרעגט, וואָס צו טאָן מיט אירע צוויי זין. זיי ווערן איר דאָ פאַרצערט. זי האָט זיי געבוירן אין ווייטע לענדער, פון יענער זייט טאָל. שפּעטער האָט זי זיי אַהערגעבראַכט. זי האָט מיט זיי געוואָלט וואַרטן, ביז עס וועט זיך עפענען דער וועג; ברענגען זיי ווי אַ מתנה. דערווייל אָבער זענען זיי געוואָרן דאָ פאַרפלאָנטערט; די רוימישע טעכטער האָבן איבער זיי פאַרצויגן נעצן. זיי קאָנען מער נישט אַרויס.

ש. האָט געזען, אויך זי איז אַ בלינדע. בלויז ווייסלען, ווי ווייסע, נישט דורכ־זיכטיקע, שייבלעך, זענען די פענצטערלעך אין איר אַריין. ער האָט געפּרוּווט שליסן זיינע אויגן, האַלטן זיי אַ ווײַלע אַזוי; נישט לאָזן לויפן די בילדער, טוישן זיי פאַרן בליק, נאָר דורך דעם אינעווייניק צוציִען אים צו זיך, דעם דרויסן.

זי האָט געפרעגט, וואָס עס וועט זיין מיט די צוויי זין אירע.

עס האָט זיך אויפגעמאַכט די טיר און ס'איז אַריין די קאַטוילישע פרוי מיט די בלויע האָר, פון לעיזען. אויך זי האָט געפרעגט אַן עצה. איר יידישער חברטעס טעכ־טערל, וואָס זי פירט עס איבער לענדער און גרענעצן, איז אין צווישן גרויס געוואָרן;

אַ פּולקייט שווערט אַראָפּ איר גוף. זי לויפט מיט דער פּרוי אין זיך, און קאָן זי נישט איינשטילן. די גוף־שווערקייט קאָן דאָ זי נאָך אַראָפּנייגן, צובאַהעפטן צו אַ פרעמד בעט. דער וועג ווייטער וועט זיין אָפּגעהאַקט. זי וועט זי נישט דערפירן.

ער האָט געזען, אויך די קאַטוילישע אלמנה האָט זיך געענדערט. איר באַק, אין זיין זייט, איז איינגעפאַלן, ווי אַ פּאָרהאַנג, וואָס אַ ווינט האָט אים איינגעבלאָזן.

באַלד זענען געקומען די ווייטערדיקע געסט. עס זענען אַריין פרוי ד״ר בעיקין און איר טאָכטער פאַני. אויך זיי זענען שוין דאָ אין רוים. ש. האָט איצט געטראָפן פאַנין, צום ערשטן מאָל, נישט ליגן, נאָר גיין אויף די אייגענע פיס. דער פוסביין אויבן קרישלט זיך מער נישט. ער איז פאַרהיילט. דאָס קראַנקע אָרט איז איר איצט געוואָרן פאַרשטייפט. פרוי בעיקין אַליין האָט ער געזען, איז קוועקזילבעריק, פול מיט לעבן. זי האָט פרישע האָפענונגען, אַז איר זון, דער יוריסט סאַשאַ, לעבט. אירע יונגע שוואַרצע אויגן זענען אָנגעפילט מיט מוט. אויך איר קיילעכדיקער גאַנג איז רירעוודיקער. בלויז די גרויע זילבער־האָר האַלטן נאָך אויף די נאָבעלע געלאַסנקייט פון איר פּנים. זי האָט דערציילט, אַז מענטשן האָבן די לעצטע יאָרן געזען סאַשאַן אויף פאַרשידענע ערטער — תמיד — ערגעץ אַנדערש. זי זיצט דאָ אין רוים. אין איינער פון זיינע מיסיעס קאָן ער אָנקומען אין דאָזיקן צענטער. זי איז זיכער אין דעם. פרוי ד״ר בעיקין האָט געזאָגט, זי האָט שוין צוגעגרייט אַ צימער פאַר אים. זי האָט גענומען אַ גרעסערע דירה. זי האָט זיין בילד לעצטנס אָפּגעדרוקט אין אַלע זשורנאַלן. „סאַשאַ — רופט זי אים — ענטפער דיין מאַמען, אויך ווען פרעמדע רופן דיך טוואַרדאָווסקי״.

פרוי ד״ר בעיקין האָט איצט דערציילט ש.ינען, זי האָט געמוזט אַוועק פון לעיזען, ווייל פריילין שמוקלער האָט זי גענומען רופן „מאַמע״. זי באַטראַכט זיך אַלס סאַשאַס ווייב. נאָך מער: אויך פריילין שמוקלער האָט איצט אָפּגעדרוקט אין אַלע בלעטער אַ רוף צו סאַשאַן, ער זאָל זיך צוריקקערן צו זיין פאַרלאָזטער פרוי — אויך אין די טעג, ווייל אין די נעכט איז זי מיט אים.

פרוי בעיקין האָט מורא געהאַט, פריילין שמוקלער קאָן נאָך אויך קומען קיין רוים; סאַניטאַרן וועלן זי אַהערברענגען אויף די הענט. איר אַלטע מוטער וועט זיי באַגלייטן איבער די וועגן.

פאַני, האָט ער געהערט, רעדט אין צווישן שוין רוימיש לשון. ווי די רבנישע טאָכטער לערנט זי שפּראַכן. קיינער ווייסט ביז איצט נישט, ווו זי, די רבנישע טאָכטער, געפינט זיך. אין רוים איז זי נישטאָ. ער האָט געזען פאַני רויטלט זיך, יעדעס מאָל, ווען זי טרעפט זיך אָן אויף די בליקן פון אַנעטס מאַן. זיינע געזאַנגען צעטומלען זי. גלייך ווי רייזעלע וויל זי אַוועק. ד״ר בעיקין וויל צוגעווינען איר טאָכטער צו די מענער, וואָס ליגן נישט, נאָר גייען אַרום. זי האָט מורא, זי זאָל נישט ווערן באַזעסן פון אַ שעמעוודיקייט, ווי די העלע האַלענדערין פון לעיזען. זי וויל וועגן דעם זיך באַראָטן. פאַנין דאַכט זיך, איר מוטער דעקט אָפּ, טוט אויס נאַקעט, אַלע אירע פאַרבאָרגענישן. ש. האָט ווידער אַ קוק געטאָן אויף דער בלינדער אלמנה. ס׳איז אים קלאָר געוואָרן, אַז אויך בעת ער וועט זיך נישט באַוועגן, ער וועט תמיד בלייבן

צובאַהאַפּטן צו איין ווינקל, וועט ער זי איינזאַפּן, די גאַנצע וועלט, ווען די שמאַלע אויגן־שפּעלטלעך וועלן אים בלייבן אָפּן. פון אַלע ווייטקייטן קאָן זי, די וועלט, דורך זיי אַריין.

ער איז איצט געזעסן צווישן די זיבן פרויען — שווערע, מידע, מיט גרויסע ליידיקע לייבער. אויסער דאָס האַלענדישע ווייבעלע, וואָס דערפילט די באַשערטקייטן פון איר מין, זיצן זיי, די אַנדערע זעקס, און — וואַרטן. אויך די קאַטוילישע אַלמנה איז איינע פון זיי. עס זענען נישטאָ קיין אויסלייזערס צו זיי, די פאַרבליבענע. זייערע גופים יוירן, שווילן אויף. זיי האָבן זיי געדאַרפט ברענגען פאַרן בית־דין אין אַמסטער־דאַם, לייגן זיי פאַרן דין פון דער תורה. זאָלן זיי פּסקענען.

איצט זענען זיי געזעסן דאָ, און זיי האָבן געוואָלט אויפזינגען אַ ליד לכבוד דער מלכה שבת. דאָס האַלענדישע ווייבעלע האָט אויפגעהויבן אַ געזאַנג צו אירע שוועסטער. רייזעלע האָט אונטערגעהאַלטן, מיט איר ביינדלדיק אינעווייניקסט קול. פרוי בעיקין האָט געצויגן אַ זיך ברעכנדיקע שטימע פון אַ מאַמען. אויך פאַני האָט געברומט אין זיך. אַנעט האָט ביים פענצטער דין צוגעפייפט. די בלינדע איז געזעסן, אַ צעשמייכלטע אין די ווייסלען, און איר אָפּן מויל האָט ווי מיטגעשריגן. די קאַטוילישע אלמנה האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני. זי האָט מיטגעפּרעפּלט.

דאָס געזאַנג האָט זיי געשלעפּט שווער אַראָפּ, געבראָכן צו דער ערד. זיי זענען געזעסן אין אַ ראָד. די ליכטשיין האָט זיך איינגעצויגן אין די פּלעמלעך. ער און אַנעטס מאַן זענען געשטאַנען איבער זיי, אין ראָד. אויך זיי ביידע האָבן מיטגעזונגען מיט זייערע דיקע מענער־שטימעס. זיי האָבן געוווּסט, נאָר זיי, אונדזערע פרויען, פילן זייערע קערפּערס; מיר אָבער, זייערע מענער, פילן, נישט אונדזער גוף, נאָר — זייערן. דורך אים דערשפירן מיר אויך אונדזערע גופים. זייער רוי געזאַנג האָט זיך געצויגן אַראָפּ, אַראָפּ. עס איז געבליבן ליגן ביי זייערע פיס, אונטן.

אויף צו מאָרגנס, שבת, באַלד אין דער פרי, זענען זיי געווען אין דעם קליינעם שולכל אין די בערג הינטער רוים, אין דער לאַגער־שטאָט. דאָס איז געווען אין דעם זעלביקן קעלער־זאַל, ווו דער יונגער מנהיג האָט נעכטן געדעדט צו די דורכגעפּירטע דורך רוים, קינדער. אַן ארון קודש, גענומען פון דער רוימישער שול, איז דאָ שוין געשטאַנען אויף דער מיזרח־וואַנט; אַ העכערער באַלעמער־טיש — אין דער מיט פון זאַל, און הינטן — שורות נאָך שורות בענק. דער בית הכנסת איז פול געווען מיט מתפללים. אַלע — איינוווינער פון דער לאַגער־שטאָט. זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דעם מקדש מעט. אויף אַלע בענק — יונגע מענער מיט קינדער. די יונגע מוטערס און מיידלעך — הינטער אַ פאָרהאַנג, אין דער זייט פון זאַל. בלויז צוויי זקנים האָט מען געזען. זיי זענען געשטאַנען ביי דער מיזרח־וואַנט, נעבן דעם לאַדזשער רב, מיט דער מילכווייסער באָרד. מען האָט נישט געוווּסט, פון וואַנען זיי האָבן זיך גענומען. אַלע — ווידער ווי אַמאָל: געוויקלט אין טליתים ביז איבער די קעפּ. אין די אָפּער־געשטעקטע הענט — סידורים, חומשים; קאַפּלעך איבער די קורצע האָר. בלויז בערד האָבן נאָך געפעלט. זיי האָבן זיך געוויזן פאַר גאָט מיט זייערע אָרעמע, נאַקעטע,

גאַמבעס. דער חזן, אַנעטס מאַן — פאַרויס, ביים עמוד; מיטן פנים צו ירושלים, אויף מיזרח. ער האָט אַרויסגעהויבן זיין קול, און באַלד עס געלאָזט אויף היגטער זיך; געהילט מיט דעם די מתפללים, ביז דער לעצטער וואַנט. זיי האָבן אַלע געלאָזט פון אים זיך מיטציִען. זי איז געשטאַנען, די נייע עדה, און מיטגעזאָגט, מיטגעזונגען; ווידער האָט זי געזוכט איר גאָט; ס'איז איר שווער געווען ווידער זיך צו באַהעפטן. ער האָט געוווּסט, אונטערן טלית, אַנעטס מאַן: אַמאָל, אין די פולע הייזער מיט משפחות, אין די היימישע שטעט, איז לייכט געווען צו אים צו גרייכן; אויך ווען מען האָט אים פאַרלוירן, איז דער וועג אויף צוריק צו אים, געווען אָפן; איצט, אין דער פרעמד, איז די פאַרטריבענע שווער צוריק צו געפינען דעם וועג. זיי האָבן גערופן הילף; געלאָזט די אַלטע ווערטער פון זיך, ווי סימנים אין דער בלאָנדזשענדיקער נאַכט. זיי האָבן זיי דערקענט, די ווערטער, און געלאָזט זיך ציִען דורך זיי; זיי האָבן אין זיי זיך באַהאָפטן, און דורך זיי — מיט די דורות פון זייערע פאָטערס און זיידעס; צו גיין מיט זיי צוזאַמען ווייטער אין איין ריי. די תפילות האָבן נישט געהויבן זיך צו די הימלען, אַרויף, נאָר געצויגן זיך אין דער לענג; ווי אַ טלית זיך געלייגט איבער זייערע קעפּ; זיי געדעקט, און זיי געהילט אַלע אונטער איין יריעה — נישט בלויז מיט זייערע אבות פאַר זיי, נאָר אויך מיט זייערע אַלע צאצאים אין די קומענדיקע טעג, ביזן סוף כל הדורות. דעם חזנס קול האָט אונטער דעם צודעק איבער זיי זיך געשפּרייט. זיי האָבן אַרויסגעהויבן פון זיך זייערע אייגענע קולות, און זיי זענען געוואָרן צו איינס.

דער חזן איז אַרויף עטלעכע טרעפּלעך פאַרויס פאַר זיך. דער היכל איז געווען צעעפנט. די צוויי טירן פון ארון הקודש — צערוקט אין ביידע זייטן. אינעווייניק האָט מען דערזען די ספר תורה. אָט איז דאָס ספר, וואָס איז אַלע מאָל, זינט די טעג פון משה, געגאַנגען פאַרויס, פאַר זיי. עס האָט זיי געוויזן דעם וועג. עס איז דאָ גע־וויקלט אין אַן אַלט אויסגעריבן פליושן מענטעלע. עס איז געווען אין דער פאַרשעמונג מיט זיי. די מתפללים, ביז דער לעצטער שורה, זענען איצט געשטאַנען מיט אויפ־געריסענע פּנימער פאַרויס, מיט געשטרעקטע קעפּ. זיי האָבן געקוקט אַלע אין דעם ארון. דער חזן אויף דער בימה האָט דאָס ספר פּאַמעלעך אַרויסגענומען. ער האָט עס געהאַלטן אין זיין רעכטן אָרעם. ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פנים צו קהל. זיינע אויגן זענען איצט געווען געשלאָסן. ער האָט געזונגען „שמע ישראל״. די קולות, ווי אַ צוזאַמענגעשלאָסענער כאָר, האָבן אים אַנטקעגנגעענטפערט: „שמע ישראל״, און אַלע צוזאַמען — „אחד״, אונדזער גאָט איז איינער. זיי האָבן ווידער אים געקרוינט איבער זיך. ש. איז געשטאַנען צווישן אַלע און האָט מיטגעזונגען. ער האָט גענומען אויף זיך דעם עול; ער האָט צוזאַמען מיט אַלע אים מקבל געווען אויף זיך. אין די אויערן האָבן אים געקלונגען די צעצויגענע קולעכלעך פון די קינדער — „שמע ישראל״. ער האָט געוווּסט, דאָס איז דער אויפשפּראָץ פון אַ נייעם דור יידן; דעם דור שוין פון נאָך אַלעם, פון אויפצומאַרגנס, נאָך די טאָלן. ווידער בעמען זיי דאָס אויף זיך; ווידער זענען זיי גרייט. אין זיין געהער האָט נאָך געקלונגען דער „שמע ישראל״ ערשט נעכטן, פון אַלע פאַרשפּאַרטע גאַזקאַמערן אַרויס; דער רוף, וואָס איז אין ערגעץ נישט דערגאַנגען; וואָס איז אויסגעגאַנגען אויף זייערע לעפצן, צוזאַמען מיט דעם מענטשלעכן אָטעם פון זיי. וועלכן זיי האָבן אומגעקערט זייער באַשעפער, און דאָ

ווידער שטייט זי, די עדה, שוין אויף ס'ניי, מיט אירע קינדערלעך, געבוירן שוין נאָך דעם; ווידער איז זי גרייט מקדש צו זיין זיין נאָמען.

„כי קדוש, כי קדוש, ה' אלוהינו".

ער האָט נאָכגעזאָגט און אויך מקבל געווען אויף זיך, גלייך מיט אַלע, דעם עול מלכות שמים, דעם עול פון יידישן גאָט. ער האָט געוווסט, דער „שמע ישראל" איז יאָ אָנגענומען געוואָרן; ער איז דערגאַנגען — אויב נישט אַרויף אין די הויכקייטן — איז צו אונדז, זייער איבערבלייב. אויפן טויטן בעט, ביי יעדן שטאַרבנדיקן ייד, איז ער געווען די צוואה צו די קינדער, וואָס קומען נאָך אים, זיי זאָלן הערן און פאַרנעמען. נישט שמע ה', אַ תפילה, איז געווען דאָס לעצטע וואָרט אויף זייער מויל, נאָר „שמע ישראל", אַ צוואה, אַ ירושה. זיי האָבן דעם עול פון זייער מלכות שמים געלאָזט ירשענען די קינדער נאָך זיך. נישט בלויז האָבן זיי גערופן „שמע ישראל", ווען מען האָט זיי געוואָרפן אויף די רינגען צו חיות, ווען מען האָט געשונדן זייער הויט פון קאָפּ; ווען געקאָמט מען האָט זייער לייב מיט אייזערנע קאָמען; געברענט אויף די שייטערן און געשטיקט אין די גאַזקאַמערן, נאָר אויך אין יעדן בעט פון זייער שטילן שטאַרבן, אין די שטעט איבער די טייכן פון אַלע מדינות פון זייער פאַרטרייבונג, און ביי זיך, זינט זיי זענען געוואָרן צו אַ פאָלק.

ער האָט געוווסט, „שמע ישראל" איז זייער פאַראַל, דער איבעררוף־סימן צווישן זיי — נישט בלויז אין די קאַטאַקאָמבן, נאָר צווישן דור און דור, און פון לאַנד צו לאַנד. איצט גיבן זיי אים איבער, דעם צייכן, דורך זייערע קינדערלעך דאָ, צו זייערע דורות אין די ווייטע טעג, וועלכע זיי וועלן מער נישט קענען. ער איז איצט געווען זיכער, אַז אַ סך, אַ סך דורות וועלן זיי נאָך זיין ביז אחרית הימים, דעם לעצטן פון די טעג איבער אונדזער ערד.

פלוצעם האָט ער באַנומען, ער און זיי אַלע דאָ זענען נישט די אויפצומאָרגנדיקע יידן, די געבליבענע, נאָר אַן אור־עדה, אַ פאַרצייטישע, נאָך פון פאַר אַלעם; זיי שטעקן נאָך אין די ערשטע טעג, אין דער אור־עפּאָכע. עס איז איצט דער פרימאָרגן פון די דורות, וואָס וועלן ערשט שפּעטער קומען אויפן אויבערפלאַך, וואָס וועלן זוכן אונדזערע שפּורן.

ס'איז אים איצט גוט געווען צו זיצן טיף אין דער וואַרעמער תקופה, אין די אָנהייב־טעג; צו זיין אייגער פון דער עדה, וואָס פון איר איז דער אָפּשטאַם פון די דורות.

אין דעם זעלביקן שבת זענען לייבל און אסתרקע שוין געווען ווייט פון רוים. אויך זיי זענען דורך די לאַגער־שטאָט, צווישן די רעשטלעך, וועלכע מען האָט דאָ דורכגעפירט אין די נעכט. בלויז איין נאַכט און איין טאָג זענען זיי געבליבן אין רוים. לייבל האָט געדענקט, ער טאָר רוים נישט זען. ער האָט געוווסט, נישט צוליב זייער ביטול צו פרעמדע, צוליב פאַרמיאוסן זיי — האָבן אונדזערע עלטערן זיך פאַרמאַכט אין די געטאָס, זיך אַרומגערינגלט מיט אַלע סייגים. ניין, פאַרקערט: זיי האָבן געקענט

אויף די מידות פון די אומות אַרום זיי, אויך זייערע מעלות, און טאַקע אין דעם האָבן זיי געזען די סכנה פאַר זיך. ניט פאַר די שלעכטע פון צווישן די פעלקער האָבן זיי אַזוי זיך געשראָקן, ווי פאַר די גוטע פון צווישן זיי, די תמימים און ישרים. זיי האָבן פאַרמאַכט די אויגן אויפן דאָזיקן אַרום, ניט געפּאַנגען צו ווערן פון אים. ער האָט עס געלויערט אויף זיי. אויך לייבל האָט איצט געוואָלט דורכגיין אייראָפּע מיט פאַרמאַכטע אויגן. זי איז שוין פול געווען מיט נייער תמימות. זי איז אין צווישן אַרויפגעוואַקסן, ווי אַ פרישע שיכט, איבער אירע רציחות פון אַ דור.

אין יענעם איינעם טאָג, ווען לייבל און אסתרקע זענען געווען אין רוים, האָבן דער יונגער מנהיג, און זיין פרוי מיט די גרויע זילבער אויגן, זיי געפירט בלויז איבער די יידישע רעשטלעך, איבער די שפורן, וואָס זענען דאָ פאַרבליבן נאָך פון די געפאַנ־גענע פון יהודה. זיי האָבן אַוועקגעקאָלערט דעם גרויסן קיילעכדיקן שטיין פון זייטיקן קעלער־מויל אין פאָרום, און זענען דורך דער טיר אַריין אינעווייניק. דער רוימישער שומר האָט אַריינגעלאָזט אין אַ בלעכערנער פּושקע די פאַר לירעטעס, וואָס זיי האָבן אים דערלאַנגט. ער האָט זיי אַראָפּגעפירט איבער די פאַר טרעפּלעך אין טונקעלן קעלער אַריין. זיי זענען געגאַנגען נאָך אים. מיט אַ פינגער האָט ער זיי געוויזן איבער דער וואַנט. זיי האָבן, אונטערן דרויסנדיקן ליכט, וואָס האָט אַריינגעשטראָמט דורך דער אָפענער טיר, געלייענט דעם לאַטיינישן אויפשריפט: „דאָ זענען געקעפּט געוואָרן אַריסטאָבולאָס, דער קעניג פון יהודה, און שמעון בר־גיורא, דער באַפעלער איבער די אויפשטענדלער פון ירושלים". זיי האָבן דעם שומר דערלאַנגט נאָך אַ פאַר לירעטעס און אים געבעטן אַרויסגיין, צו לאָזן זיי אַליין. זיי זענען געווען אויסגעשטעלט קעגן דער וואַנט. לייבל האָט געהאַלטן אסתרקעס האַנט אין זיינער. זיי האָבן געשפירט, זיי גייען צוריק אויפן וועג פון זייער געשיכטע. זיי היפּערן איבער תקופות. זיי קערן זיך אום. דער וועג וועט נאָך זיין אַ ווייטער.

דער שומר האָט געהיטן אין דרויסן פאַר דער טיר. זיין שאָטן האָט געגרייכט אַריין אינעווייניק. זיי האָבן געהערט, טוריסטן פון דעם טויבן־פאַרמעסט זענען גע־קומען, זיי זאַמלען זיך פאַרן אַריינגאַנג; ווילן אַריינשטעקן די קעפּ. דער שומר האָט פאַרקאָלערט די קיילעכדיקע שטיינטיר. עמעצער פון זיי האָט אָנגעצונדן אַ ליכטל, אָנגעטריפט עס אויף אַ שטיין פון דער וואַנט. דאָס פלעמל האָט געעפנט אַן אייגל, אויפגעדעקט שטיקער קעלער, ביז אַריין אין דער צווייטער נאָרע. זיי זענען געשטאַנען און געשפירט די שווערקייט פון זייערע שאָטנס; זיי קלאַמערן זיי צו צו דער ערד.

צווישן די שאָטנס אונטן האָט זיך אַרויסגעשטעקט אַ קאָפּ. זיי האָבן דערקענט מיכל סאַפּירס יינגל. זיי האָבן אים געדענקט נאָך פון נאַוואָמינצקער קאָפּערניק־לאַגער. ער איז אַהין געקומען פון בית עלמין, נאָך דעם ווי ער איז אַרויס פון גרוב מיט דערשאָסענע. ער האָט טעג אויסגעבראָכן פון זיך דאָס בלוט, מיט וועלכן ער האָט זיך אָנגעטרונקען. אויך ער האָט ביידע זיי גלייך דערקענט. ער האָט געשריגן, זיי זאָלן שנעל אַוועק פון רוים; ער וויל זיי דאָ ניט זען! שוין זאָלן זיי פון דאַנען אַנטלויפן! ער וויל ניט האָבן אַרום זיך גאָרנישט, וואָס דערמאָנט אים אין זיין היים. ער וועט משוגע ווערן! ער האָט געוויינט, אַז ער גייט אויס פון צער ווען ער זעט זיי. אָט בריט אים אויף דער צייכן אויפן אָרעם. שוין זאָלן זיי פאַרשווינדן!

באַלד האָט ער ביי די פיס זיי אַראָפּגעשלעפּט אונטן, אין די קאַטאַקאָמבן. ער האָט פאַרמאַכט איבער זייערע קעפּ פון אויבן די עפענונג. זייערע פיס זענען געווען אַריינגעזונקען אין קופּעס ביינער. זיי האָבן זיך געשטעלט איבער זיי. „פּאַראַל!" — האָט מען אין דער פינצטער געשריגן צו זיי פון דער ווייטנס. ער האָט זיי געהייסן מיטן גאַנצן כוח רופן „שמע ישראל". לייבל האָט געשריגן. ביים „אחד" איז זיין נשמה שיר אים אויסגעגאַנגען פון ווייטיק. אסתרקע האָט פאַרלוירן אין זיך דאָס לשון. זי האָט געשריגן אָן אַ קול.

ער האָט זיי געפירט. זיי זענען געגאַנגען נאָך אים. ער איז דורך די ביינער און סקעלעטן גאַסן. זיי זענען געקראָכן אין טונעלן. מען האָט נאָך געהאַלטן אין איין גראָבן. זיי האָבן געזען פאַרבייאיילן געשטאַלטן. זיי האָבן דערקענט די פּלייצע פון הויכן געבויגענעם פאָטער פון לעיזען; זי איז געווען ליידיק. ער איז דאָ געשטאַנען אויף דער וואַך. זיי זענען אַריין אין עק פון דער יידן־קאַטאַקאָמבע. אין דער זייט, באַזונדער, איז געלעגן זיין פּעקל, מיטן אויפשריפט פון זיין יינגעלעס נאָמען. זיי האָבן ווידער געזען דעם פאָטער. ער איז ווידער געווען געבויגן, ווי אונטער דער לאַסט פון דער ליידיקייט. ער האָט נישט געקאָנט גיין. די פיס זענען אים געווען לויז; האָבן לייכט אים זיך געהויבן, נישט געקאָנט זיך האַלטן. לייבל האָט אים געוואָלט רופן. צוהאַלטן אים. מיכל סאַפּירס יינגל איז געגאַנגען ווייטער. ער האָט נישט גערעדט. בלויז זיי געפירט הינטער זיך.

אין ראָג פון אַ קאַטאַקאָמבן־אַפּנייג, אין מיטן אַ געסל, איז געלעגן שווער אויסגעצויגן, ווי צובאַהאַפטן צו דער ערד, אַ פרישער מת. ער איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ טוך. מיכל סאַפּירס יינגל האָט זיך אָפּגעשטעלט; ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן, און אונטערגעהויבן די טוך איבער יענעמס פּנים. ער האָט דערקענט זיינס אַ מענטש. טייל פון זיי שטאַרבט איצט אויס אין וועג. זיי וועלן נישט זען דאָס לאַנד.

אסתרקע האָט שפּעטער געוואָלט דאָ שוין בלייבן, מער נישט אַרויס. זי האָט געמיינט, זיי זענען שוין איבערגעקומען. מיכלס סאַפּירס יינגל האָט געזאָגט, אויך דאָ מוז מען נאָך אַ מאָל שטאַרבן. מען פאַרטראָגט אויך נישט קיין פאַרלעך. מען נעמט אָן נאָר די, וואָס שיידן זיך, זיי דאַרפן זיך מער נישט.

שפּעטער האָט מיכל סאַפּירס יינגל באַפּוילן די שליחים, זיי צו פירן. מען האָט זיי אַרויסגעשטעלט אויבן, ערגעץ אין דער ליכטיקייט. די ערד אונטער זיי איז געבליבן פאַרמאַכט.

און דאָ איז עס געשען, אַז לייבל און אסתרקע האָבן אין דעם איינעם פאַרנאַכט זיי אָנגעטראָפן איבער די ווייטע וועגן, די קינדער, געפירטע איבער די גרענעצן, די אַרויסגעפאַנגענע פון פרעמדע שטיפבעטן. די שליחים האָבן זיי געמאַכט באַפעלן איבער זיי, און זיי האָבן געבויגן זייערע פּנימער איבער זייערע אַנטבלויזטע קעפּלעך. דאָס איז געווען נאָך דעם זונפאַרגאַנג. לייבל האָט איצט זיך געשראָקן, צי אויף זיין דור רוט נישט דער באַפעל „ווייל פון דער ווייטנס, פון אַנטקעגן, וועט איר זען דאָס לאַנד און אַהין וועט איר נישט קומען". נאָר זיי, די קינדער, וועלן אַהין קומען און ירשענען דאָס לאַנד.

לייבל האָט געוואָלט אַריין, זיך באַהאַלטן אין די קינדער; מיט זיי וועט ער גרייכן. ער האָט אָבער געשפּירט, אַסתרקע שוואַנגערט דאָס מיט די קינדער; זי איז פּול אין זיך מיט זיי אַלע. ער אַליין איז געבליבן פון דער זייט, ווי אַ שטיפפאָטער צו זיי, זיינע געשטאָפּטע לענדן האָבן זיי פון זיך נישט אַרויסגעגעבן. דער אונטערשטער טייל גוף ביי אים איז געוועזן לער; גאָרנישט איז אַרויס פון אים.

אין די נעכט, אויף פרעמדע געלעגערס, אין ווייטע שטובן, אין דער זייט פון די אַלע געפּירטע קינדער, האָט ער געהערט אַ קול: זאָלסט נישט מורא האָבן, מ׳יין זון; וואָרט נישט! מיר וועלן אַריינקומען צוזאַמען מיט די קינדער אין דער לאַנד.

ער האָט איצט געוווּסט, אַז זיינע עלטערן קלאַפּן אין פענצטער, רופן צו אים, ער זאָל זיי געדענקען.

און אין די נעכט, ווען לייבל האָט געקוקט אויף די קעפּלעך פון די שלאָפנדיקע קינדער — אויף די געשטרייפּטע, געשפּרענקלטע און געפלעקטע, האָט ער געוווּסט אַסתרקען, זיין ווייב, און זי איז אים טראַגנדיק געוואָרן, און זי האָט געדאַרפט געבוירן צו אים.

דער סוד פון דעם אויפגייענדיקן שוואַרצן, בלאַנדן צי ברוינעם אין זיי — האָט געלויכטן פון זייערע פּנימער. דורך דעם באַשעפעניש אין זיך, האָט זי זיך דערפילט פון דאָס ניי פאַרבונדן אויך מיט די אַלע קליינע אַרום זיך, וואָס זי האָט זיי געפירט. אויך לייבלס אַ חלק אויף שטענדיק איז דאָ אין איר.

לייבל האָט געזען, אין אַסתרקען נעמען יוּיערן די זאַפטן; אירע אויפגייענדיקע אבֿרים שטייפן אויף, ווי אין שפּראָצן — די קנאָספּן.

און ווען ער איז געבוירן, דער זון, האָבן פון זיי ביידע זיך אַרויסגעלאָזט וואָרצלען. זיי האָבן אונטער זיי געשלאָגן אין דער ערד. ער האָט געהאָט ברוינע הערעלעך.

דער ברית איז פאָרגעקומען יענעם שבת אין דער פרי, ווען ש. און רייזעלע האָבן געדאַווענט אין דער רוימישער לאַגער־שול. ש. האָט ביים עולה זיין צו דער תורה, אים געמאַכט אַ „מי שברך״, דעם קליינעם נייעם ייד. ער האָט נישט געוווּסט זיין נאָמען. גאָר ווייט פון דאַנען, ערגעץ ביים ים־ברעג, האָבן זיך פאַרזאַמלט צען פון די שליחים, אַליין נאָך כמעט קינדער, וואָס דער מאַמעס מילך, האָט געפעלט אין זיי. זיי זענען געשטאַנען אַרום דעם קינד, און ווען מען האָט אָפּגעדעקט די ווייסע לייוונט, האָבן זיי פאַרשניטן דעם בונד פון אַ ריינעם טראָפּן בלוט צווישן אים, דעם נייעם ייד — מיט זיין גאָט. אַסתרקע האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ.

באַלד האָט דער טראָפּן בלוט אָפּגעשיינט אין דער זון. זיי האָבן איצט געוווּסט, נישט אָפּגיין וועט זייער שטאָם דורך די טייכן בלוט. מיט זיין מענלעכקייט פאַרשניידט דער נייער ייד דעם בונד. זיי האָבן מיט ווייַן באַשמירט זיינע ליפּן, און אַלע האָבן זיי גערופן „בדמייך חיי״, „בדמייך חיי״.

דאָס איז געווען אַ פרימאָרגן פון אויפוואַכן צו די יונגע בני ישראל, אַ וואַכטאָג פון זייער באַנייונג אין דעם שבתדיקן אין דער פרי — צו אַלע זייערע צעשפּרייט־קייטן — פון רוים ביז דעם ים־ברעג.

*

ווען ש. איז שפּעטער אַרויס פֿון בית הכּנסת אין דער לאַגער־שטאָט, האָט ער באַנומען די ענדערונג פֿון היינטיקן שבתדיקן טאָג אַרום אים. עס האָט אים געדאַכט, די אַדערן ווערן ווידער אָנגעצויגן מיט הויט. עס פּליסט אין זיין אַריין שטראָם, נאָר ער איז אָן אבר, וואָס וויענגלט אָפּ. ער האָט פֿון די בערג זיך צוריקגעקערט קיין רוים; ער איז אַוועק צו זיך אין שטיבל, אין דעם אַלטן הויז, נישט ווייט פֿון אַמאָליקן רוימישן געטאָ. דאָס איז געווען אַ קליין צימערל, מיט אַ פֿענצטער אַרויס אויפֿן דאַך. ער האָט זיך אויסגעצויגן אויפֿן שמאָלן בעטל; געלאָזט אָפֿן די טיר. ס'איז אים איינגעפֿאַלן, ער זאָל הייסן זי פֿאַרקלאַפּן פֿון יענער זייט. ער וועט דאָ בלייבן פֿאַרמאַכט, ביז אָפּליסן ווערן פֿון שטאָט די שליחים און אַלע טאָל־רעשטלעך, ווי אַמאָל פֿון לאָדזש. אויך אין די קאַטאַקאָמבן וועט בלייבן ליידיק. ער וועט זיין אַליין. קיינער דאָ וועט אים נישט קענען. ער וועט דעמאָלט אַרויס אַ פֿרעמדער, אַ פֿון קיינעם נישט געזעענער.

פֿון יענער זייט קאָרידאָר, פֿון אַנטקעגן, האָט צו אים דערגרייכט די שטימע פֿון פּאַני, די טאָכטער פֿון פּרוי ד״ר בעיקין. זי חזרט איצט הויך אויפֿן קול די זילבן פֿון דעם רוימישן לשון. היינט אין דער פֿרי האָבן זיי זיך אַריבערגעצויגן צו אים אין הויז, אויף זיין שטאָק. פּרוי בעיקין וויל, פּאַני זאָל זיין באַענט צו ש.ינען. זיי האָבן אים פֿאַרבעטן, אין אָוונט צו גיין אין רוימישן טעאַטער. כּדי צו העלפֿן פּאַנין אין שמועס מיט אים, וועט זי, די מוטער, זיי ביידע באַגלייטן. פּאַני חזרט איצט די ווערטער פֿון דעם שפּיל, פֿאַר זיי דאָס איבערצוטייטשן.

ש. האָט געוווּסט, זיי מיינען ביידע, אַז אַלץ דאָס אַנדערע איז געווען אַ טעות; אויך דאָס פֿאַרשווּנדן פֿון סאַשאַן; זיי פּאַסן זיך נישט אַריין — נישט אין די טאָלן, נישט קיין לאָדזש, און אויך נישט קיין לעיזען. רוים איז זייער אמת. אָבער נישט דאָס רוים פֿון די קאַטאַקאָמבן און נישט פֿון דער לאַגער־שטאָט, נאָר רוים פֿון די שפּילן, פֿון די אָבעליסקן און דענקמעלער.

ער האָט אָן אויגנבליק געשפּירט, ש. אויך ער, און אַלע אַנדערע אַרום אים, בענקען אין נישט ווייניק רגעס, צו באַפֿרייען זיך, אַרויס פֿון זייער עול, צו דרייען זיך לופּטיק, ווי אַלע רוימער אַרום וואָס פּילן אויס די גאַסן.

ער איז אַראָפּ, האָט צוגעלענט די טיר, נישט צו הערן די קורץ־אָפּגעהאַקטע זאַצן פֿון פּאַניס מויל־איבונגען. ער איז ווידער אַרויף אויפֿן בעטל, האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט. ער האָט געשפּירט די שווערקייט פֿון זיין גוף, וואָס נידערט. אָן עול — וואָלט ער נישט געוויגן.

אין איין רגע איז אים קלאָר געוואָרן, אַז ער, פּרוי בעיקין און פּאַני, און פֿיל, פֿיל אַרום אים, געהערן צו ביידע. ביידע זענען אין זיי דער אמת. צווישן זיי ביידע ווערן זיי געצויגן.

ווידער האָט ער איצט מורא געהאַט, צי קאָן זי נישט פֿאַרפֿירן, די לאַסט. ער האָט זיך דערמאָנט דעם משל מיטן הירש, מיט דער שיינער הערנער־קרוין, און מיאוסע פֿיס. ער האָט אַלס ייִנגל אים געלערנט אין חדר. דער פֿאַרצוקער איילט נאָכן הירש. דער הירש לויפֿט אין טויט־אַנגסטן; די פֿיס טראָגן אים פֿלינק. ער גרייכט צום טייך;

ער וועט אַריבער פון יענער זייט. אָט איז דער ברעג. דאָ האָט אָבער זיין הערנער־קרוין אים פאַרפלאָנטערט אין קוסטן־געצווייג. דער פאַרצוקער קומט אָן. שפּיגלענדיק זיך אין וואַסער, וויינט ער, דער הירש: איר, מיאוסע פיס מיינע, האָט געוואָלט מיך ראַטעווען; דו, מיין קרוין, האָסט מיך איבערגעענטפערט.

ביי נאַכט אין דרימל, ווען ער איז געלעגן מיטן פּנים אַרויף, האָט ער איצט געהערט ווייטע שטימעס. פון נעפל אַרויס האָבן זיידעס געשריגן צו אים: מיר זענען געגאַנגען אויף שייטערס, נישט אָפּצוהאַקן אונדזער דויער, און דו זוכסט די פיס פון הירש.

ער האָט האַסטיק זיך אויפגעכאַפּט. ער האָט דעם רוף נישט געקאָנט צוריק דער־כאַפּן. ער איז אַראָפּ פון בעט. ס'איז שוין געווען פאַרטאָג. ער איז געשטאַנען איינער אַליין, אַן אַרויסגעשטעלטער אויף אַ ווייטן שליאַך.

ער האָט געדענקט די התגלותן. צו מאָל האָט גאָט זיך אַנטפּלעקט פאַר זיי אויך ביים ראַנד פון די מאַסן־קברים. זיי האָבן פאַרנומען אַ צייכן. הינטער די טאָל־פאַרבליבענע איז גאָט געשטאַנען, געשפּרייט איבער זיי די אָרעמס. איצט וויל ער אַנטלויפן אויך פאַר גאָט.

ער איז ווידער אַרויף אויפן בעטל. ער איז געשוווּמען, ווי אין אַ חלום. ער האָט באַנומען, אַזוי פלאָטערט זי לייכט, ווי אין מוזיקאַלישע טענער, די אַרומיקע וועלט דאָ. זיי, די רוימער, לעבן בלויז מיט זייערע טוּוּנגען פון טאָג. פון זייער נאָפּל אַרויס ציט זיך נישט קיין שנור; זיי זענען אין ערגעץ נישט צוגעבונדן. מיר זענען צובאַהאַפטן צו אונדזערע אבות, צו זייערע קברים. אויך אונדזערע מעשים זענען פאַרוועבט ביז אונדזער פריסטן עבר, און מיט זייער אחריות — ביזן סוף פון די טעג. ער האָט נאָך אַ מאָל באַנומען, אונדזער געבויגענער גאַנג איז אויך פון דער שווערקייט פונעם ספר, וועלכן מיר טראָגן מיט זיך איבער אונדזערע פּלייצעס, אַזוי זינט אונדזער אָנהייב. אונדזער ערשטער וועג איז באַלד געווען מיטן ארון הברית. נאָר מיט אים, מיט אונדזער ערשטן שוין ספר, זענען מיר אַריין אין אונדזער לאַנד, און ווען מיר האָבן אַ ווײַלע פאַרלוירן דאָס ספר, האָבן מיר עס אויך פאַרלוירן, אונדזער לאַנד.

ש. האָט איצט געוווּסט אויף זיכער, אַז אויך ווייטער, אין אונדזער וועג אין דער רעפּובליק, וועלן מיר געפירט ווערן נאָר מיטן ספר. ווידער וועט געטראָגן ווערן פאַר אונדז דער ארון הברית.

ער האָט איצט געלייענט, נישט די געשיכטע פון זיין פאָלק, נאָר די געשעעניש פון די צייטן פון רוים — פון אַלטן אַמאָליקן רוים, ביז דעם איצטיקן, אין די הייַנטיקע טעג פאַר אים. ווּ ליגט ער, דער סוד, פון זייער קיום? דאָס ענגע צימערל איז געווען באַלייגט פול מיט ביכער. ער איז אויף געווען ביז שפּעט אין די נעכט. ער איז אַריינ־געצויגן געוואָרן אין די ספרים פון די רוימישע היסטאָריע־שרייבער, פון אירע פילאָ־זאָפן און דענקער, פון אירע דיכטער און באַמאָלער. עס האָט אויפגעהעלט אין אים, וואָס אַ מאָל מער, די מחשבה, אַז זייער גאַנצע געשיכטע, איז די געשיכטע, נישט פון דעם מענטש, פון פעלקער, וואָס זוכן זיך אַליין, זייער גאָט, אין זיך, אויף די אייגענע וועגן, נאָר אַ געשיכטע אַ דרויסנדיקע, ווי אַ קאַנסער, אַ פרעמדער קערפּער, מיט טויזנטער פיס, איינגעוואַקסן אין גוף פון אַ קינד; ער פירט אין אים זיין אייגן,

באַזונדער, לעבן. דאָס קינד וויסט נישט, עס האָט שלום געמאַכט מיטן פּרעמדן לעבן אין זיך, וואָס שפּרייט זיך כסדר. עס איז פאַרנומען אין שפּיל, און אין קאַמף מיט אַנדערע קינדער אַרום.

עס איז אים איינגעפאַלן: מיר זענען דאָס קינד פון איר, פון ערשטן ווייב פון דער געשיכטע, פון דעם ווייב נאָך פון דער אור־תקופה; זיי אַלע אָבער זענען די קינדער פון צווייטן ווייב, פון די קעפּסווייבער, פון דעם מענטשלעכן זיין.

אין אָוונט האָבן פּרוי בעיקין און איר טאָכטער, פאַני, אים געפירט מיט זיך אין רוימישן טעאַטער. אויף דער בינע האָט איינער, אַ פריילעכער פאַרשוין, זיך געדרייט; ער האָט זיך אָנגעטראָפן אויף אַ זייטיקן פאַרבייגייער. יענער האָט צו אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. ווייסטו ווער איך בין? — האָט דער פרעמדער פאַרבייגייער געפרעגט. איידער ער האָט געענטפערט, האָט יענער געזאָגט: איך בין דיין מלאך המוות. זיי רוזיק, דערווייל האָסטו נאָך פיל צייט פאַר זיך. ווידער האָט ער צו אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ; ער האָט אים געלאָזט שטיין, און איז געגאַנגען ווייטער. די רוימער אין טעאַטער זענען אויסגעבראָכן אין אַ שטורמיש לאַכן. פאַני, וועלכע איז געזעסן אין דער מיט, צווישן איר מוטער און אים, האָט שטיל זיי איבערגעזעצט אין אויער אַריין יעדעס וואָרט פון דיאַלאָג. די געלעכטערס האָבן אָנגעהאַלטן. זיי דריי זענען געבליבן זיצן מיט לאַנגע, ווי פאַרצויגענע, פּנימער. דער זאַל אַרום זיי האָט זיך געוויגט. זיי דריי האָבן געקוקט גלייך, פאַר זיך. אַ רגע האָט זיך געדאַכט, זיי זענען די בינע־געשטאַלטן. פון אַלע זייטן לאַכט מען צו זיי. זיי האָבן מורא געהאַט אויסצודרייען די פּנימער. עמעצער האָט אַ געשריי געטאָן. די בינע אַנטקעגן איז געווען ליידיק.

אַ צווייטן אָוונט האָבן פּרוי בעיקין און פאַני אים גענומען מיט זיך אויפן קאָנצערט פון פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער. דער זאַל איז פון אַלע זייטן פול געווען מיט פרויען און מענער, פאַרשטעלטע פאַר חיות — פאַר לייבן, בערן, וועלף און פיקסן. זיי האָבן אויף זיך געטראָגן די פוטער־פעלן פון פאָקעס, קאַראַקולן, סקונקסן, נעלקן און טראַיערס. בלויז זייערע פּנימער און אויגן זענען געווען פון מענטשן. זייערע קעפּ — פאַרשטעקט אינעם טענער־געפלייץ, וואָס האָט פון די אינסטרומענטן זיך געהויבן ביז אונטערן באַלקן. באַלד האָט די מוזיק זיך געשפּרייט, אַרומגענומען די גאַנצע גופים, זיי איינגעוויגט, לויז געמאַכט די אברים, אַרויסגעבלאָזן פון זיי די שווערקייט.

ש. האָט זיך אַרומגעקוקט. דער גרויסער רוימישער אָרקעסטער, אויף דער בינע, איז געווען אויסגעזעצט אין שורות. אַלע אויבן — אין ווייסע העמדער; מיט שניפּסלעך אין דער ברייט, ווי קורצע חלפים אונטערן האַלדז; פון די לענדן, ביז די שפּיצן פיס אונטן — שוואַרצע, געפּאַסטע, הויזן. די בויגנס, ביי די פידלער אין די ערשטע רייעס, האָבן שפּיציק זיך געהויבן, אַרויף — אַראָפּ; אַלע צוזאַמען, מיטן ריטעם פונעם שטעקעלע. אויך דער דיריגענט האָט עס געשטעקט ריטמיש — אַרויף, אַראָפּ. דער קאָנצערט האָט געדויערט. אַלע שפּילער האָבן איצט געהאַט איין פּנים; זיי זענען געוואָרן אַ צוזאַמענבאַהאָפטענע מאַשין, מיט פיל דינע אָקסן אין די זייטן און אין

דער מיט, וואָס באַוועגט זיך, ווי אַליין — אַהין, צוריק. די מאַשין הייבט זיך, שווימט מיט, מיט די טענער, וואָס זי ברענגט אַליין פון זיך אַרויס. זיי נעמען זי אַרום.

די בינע איז איצט געוואָרן גרויס, געשלאָסן, אָנגעפּילט מיט טענער, וואָס הייבן זיך. די שפּילער פליסן אין זיי אין דער מיט. זיי דעקן זיך. די פּנימער שווימען אונטער די קלאַנגען. יעדעס — מיט פּחד, מען זאָל עס נישט אַרויסזען. דאָ קאָן עס בלייבן באַהאַלטן. די קלאַנגען ברייטערן זיך אויס. זיי פּילן ווידער אָן דעם זאַל ביזן באַלקן, נעמען אַלע אַרום. באַלד וועלן די אויפגעבלאָזענע גופים אויף די שטולן זיך הייבן, לייכט שוועבן, מיטן ריטעם פון דיריגענט. אויך ביי זיי דריי האָבן די גופים זיך אָנגע־פּילט מיט וואַרעמקייט; זייערע חושים זענען געוואָרן פאַרנעפּלט, מילד; זיי האָבן אַראָפּגעשווערט, לויז, אין די שטולן. פּרוי בעיקין און פּאַני זענען געזעסן מיט אויפ־געריסענע אויגן. זיי האָבן זיך מיטגעכוואַליעט מיט אַלע. אַ רגע האָט ער דערשפּירט, אַז קלאַנגען, טענער, זענען עס געווען דאָס לשון פון די דורות פאַרן דור הפּלגה. זיי האָבן דעמאָלט געהאַט איין לשון פאַר אַלע, דאָס לשון פון ניגון. מענטשן האָבן צו זיך דערגרייכט, נישט מיט רייד, מיט ווערטער, פון דרויסן, נאָר מיטן אויפבּרום פון אינעווייניק. גאָטס שטראָף, דאָס לשון אין אונדזערע מיילער, טראָגן מיר ביזן היינטיקן טאָג.

ש. האָט געפילט, ער איז וואַך; די געדאַנקען זענען ביי אים שאַרף. אַנדערע טענער וועקן זיך פון אים אַרויס, אַנטקעגן. ער קאָן מער נישט פאַרנעמען די דרויסנדיקע. ער איז איבערפולט. די פרעמדע גיסן זיך פון אים אַריבער; זיי גייען אין אים איבער, אַרויס ווי שוימיקער ווייַן.

באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, זינט ער שרייבט זי, די געשיכטע פון זיין פאָלק, נעמט ער מער נישט אויף אין זיך קיין שום פרעמדס. זיינע אינגעווייידן שטויסן אָפּ דאָס דרויסנדיקע. די פרעמדע קלאַנגען אַליאַרמירן בלויז אין אים די אייגענע ווידער־קולות. זיי לויפן אָן, ברייטערן זיך אויס, שטעלן זיך פאַרויס און ווערן זיך. זיי שיצן זיך, נישט געמישט צו ווערן מיט די וואָס דרינגען אין זיי אַריין פון אויסער אים. ער קאָן זיי נישט פאַרנעמען.

מיט אַ מאָל איז שטיל געוואָרן. פון אָרקעסטער האָט איצט זיך אַרויסגערוקט דער סאָליסט. זיי האָבן דערקענט אַבּרהמעלען, דאָס חזנדל פון לעיזען. ער איז געזעסן אויף אַ ראָלשטול, מיט צוויי גרויסע דראָטענע רעדער פוןביידע זייטן; די פידל גרעסער פון אים. אין זאַל איז געווען טויט שטיל. זיי האָבן געוווסט, זינט די דאָק־טוירים אין לעיזען האָבן געמאַכט עקספּערימענטן איבער זיין גופל, געוואָלט ער זאָל וואַקסן — זענען ביי אים געליימט די פיסלעך. זיי זענען געבליבן קורץ. אַבּרהמעלע האָט געגעבן אַ שפּיל אויף; דינע טענער האָבן אַ פלייץ געטאָן אין זאַל. די מוזיקער אויף דער בינע האָבן אַלע איצט געטראָגן שוואַרצע סמאָקינגס און ווייסע קעלנער. זיי זענען אַלע אַרום אים אויפגעוואַקסן, גרויס; זענען געוואָרן צו ריזן. זיי האָבן מיט אים געשפּילט, אים באַגלייט. זיי זענען געווען איינגעהערט אין יעדער דינקייט פון זיין טאָן. אַבּרהמעלע האָט זיי געפירט נאָך זיך, ווי אַ קינד, מיט אַ פייפל, אַ סטאַדע בלינדע בערן. זיין בויגן האָט זיך אויסגעצויגן. ער האָט איבער דער בינע זיך גע־

הויבן אַרויף, ביזן באַלקאָן, און אַראָפּ, ביז די ברעטער. אַרום אין זאַל און אין די לאָזשעס זענען איצט געזעסן די פּרעזידענטן פון אַלע מדינות און פון די פּאַרלאַמענטן. אברהמעלע האָט מיט זײַן בויגן זיך אײַנגעקבערט אונטן, אין די יסודות פון דער ערד, און אויבן, אין דער טיף פון חלל. ער האָט פאַר זיי אויסגעשפּילט דעם ניגון פון אַלע יידישע קינדער, פאַרשטומטע אין די טאָלן.

אברהמעלע איז שטיל געבליבן און מיט אים דער זאַל. בלויז דער אָרקעסטער האָט נאָך געשפּילט — פול, אַלע, שורה נאָך שורה, אויף דער בינע. די בויגנס האָבן ווייטער געהויבן זיך שפּיציק — אַרויף, אַראָפּ. אַלע צוזאַמען, מיטן ריטעם פונעם שטעקעלע. מיילער האָבן געבלאָזן אין קלאַרנעטן, טראָמפּייטן; אויך דער צימבאַליסט האָט געצימבלט; דער פויקער — געזעצט אין פויק. די קולות האָט מען נישט געהערט. זיי זענען נישט אַרויס. דער אָרקעסטער האָט איצט געשפּילט שטום. בלויז מיט תנועות פון די הענט, פון די מיילער, צום ריטעם פונעם שטעקעלע, וואָס האָט זיך געהויבן אין חלל — אַרויף, אַראָפּ.

מיט אַ מאָל האָט ש. דערזען, אַנעטס מאַן זיצט אין איינער פון די שורות. ער זיצט מיט דעם יידישן טעכטערל פון דער קאַטוילישער אלמנה. זײַן האַנט איז פאַר־לייגט אַרום אירע דינע אַקסלען. דאָס קעפּל פון דער קליינער — אַראָפּגעלאָזט איבער זײַן ברוסט. די נישט געהערטע טענער שליסן זיי ביידע צוזאַמען; די אויגנווײַעס ביי ביידע — אַראָפּגעלאָזט. ער האָט דערזען, זי איז אויסגעוואַקסן, די קליינע. אַ לאָק הענגט איר אַראָפּ, ווי אַ פאַרהאַנגל, איבערן שטערן. זי איז ווי איינע פון די רוימישע טעכטערלעך, וואָס פילן דאָ אויס דעם זאַל. זיי זעען אים נישט.

ער האָט זיך דערמאַנט דאָס האָלענדישע ווייבעלע, פרייטיק־צו־נאַכטס, וואָס האָט מער נישט וואָס צו לערנען; זי קאָן זיך נישט צוריקקערן צום אָנהייב. מער איז ביי איר נישטאָ קיין פּלוצעם. אַלץ איז באַשטימט פון פאָרויס, פון פריִער. עס איז אים קלאָר געוואָרן: מיט איר, מיט איר קלוגשאַפט, קאָן מען נישט זיך באַהעפטן. שפּיל פּאַסט איר מער נישט. ס'איז אים איינגעפאַלן, אויך אין דער באַהעפטונג מוז זײַן די פּשוטע שלימות פון אָנהייב, פון דעם אורמענטש.

ש. האָט געוווּסט, זינט דעם טאָל איז ביי אַנעטס מאַן מער נישטאָ קיין סדר. אַלץ ביי אים איז אָן ממשות, אויפגעלאָזט. דויערנדיק איז בלויז די רגע. ער האָט געקוקט צו אים. ער האָט אַלץ געהאַלטן געשלאָסן די ווִיעס. די נישט געהערטע פּליסיקע מוזיק פון אָרקעסטער האָט זיי איינגעטוליעט; זי האָט זיך געלייגט איבער אים און דעם יונגן מיידעלע, זיי איבערגעדעקט.

אַ צווייטן אָוונט האָט ער אַנעטס מאַן מיטן יונגן מיידעלע געטראָפן אין קינאָ פון ווינאַ ווינעטע. אויך דאָס מאָל איז ער געקומען צוזאַמען מיט פּרוי בעיקין און פאַנין, זען אַ פילם. ער איז געזעסן צווישן זיי ביידע. די מוטער האָט צו פאַנין אַריבערגערעדט, איבער אים, איר אויסגעטייטשט דעם לויף פון פילם. פּרוי בעיקין — יונג, באַוועגלעך, און פאַני — פאַרשטילט אין זיך; אירע חושים — איינגעדרימלט. מען האָט געוויזן דאָס בילד פון דער מלחמה פון די זעקס יאָר. דעם הויפּט־קאָמאַנדיר, דעם פעלדמאַרשאַל, דעם גיבור פון נצחון, האָט געשפּילט דער יונגער אַקטיאָר, וואָס איז איצט געווען

ענלעך צום מלחמה־גבור — שפּראַצנדיק, און האַריק, ווי יענער אַמאָל. דער אמתדיקער העלד, דער פעלדמאַרשאַל, איז איצט שוין אַלט, געבויגן. מער נישט ער אַליין, אָן אַנדערער. ער קאָן זיך מער נישט שפּילן.

דער קאַטוילישער אלמנהס מיידעלע איז געווען פּאַרטאָן אין פילם, פּאַרקוקט אין אַקטיאָר. אַנעטס מאָן האָט זי געהאַלטן לויז אַרומגענומען. ער האָט געדרייט דעם קאָפּ אויף הינטער זיך, געקוקט אַרום דעם זאַל. זיינע אויגן האָבן אין דער האַלבער טונקל אויסגעפּאַנגען יונגען פּרויען אויף די בענק. ער האָט אויך זיך אָפּגעשטעלט אויף פּאַנין. אַ ווײַלע האָט זיין בליק זיך באַהאַפטן מיט אירן. ער האָט זי נישט דערקענט. באַלד איז ער געלאָפן ווייטער. ש. האָט געזען זיין קאָפּ פון הינטן. די האָר ווערן אים שיטערער. אַלץ ציט זיך צוריק אין אים אַריין. אויך דער בליק. דאָס דרויסנדיקע פאַלט אָפּ.

ער האָט געזען, פּאַני רויטלט זיך; זי זיצט אומבאַוועגלעך. פון נעבן איר אויף דער נאָענטער שטול, האָט אַ מאָן זייטיק צו איר געקוקט; זיין אויג נעבן איר האָט פייכט־זשמורעדיק געגלאַנצט. ער איז געזעסן צוריקגעצויגן צום אַנלען פון זיין שטול. ס'האָט אויסגעזען, ער וויל מיט דעם גלעזערנעם אויג אַריינבליקן אין פּאַניס אָפּענעם דעקאָלט. אויך זיין צווייט אויג קוקט אים אַריבער, איבער דער נאָז, צו איר זייט. פּרוי בעיקין האָט אַריבערגעשטעקט איבער ש.ינען איר האַנט, און אַ גלעט געטאָן פּאַנין איבערן פּנים. זי האָט זי געלאָזט איבער איר. ער איז געבליבן זיצן, ווי פּאַר אַ באַריערע. אין מיטן שאָסיי, אויפן פילם, האָט איצט דער פעלדמאַרשאַל, דער גבור, געפירט זיינע טאַנקען־קאָלאָנעס צום פראָנט פון שונא. די טאַנקען זענען אָנגעפּאָרן רוישיק, ווי אין מיטן זאַל אַריין. אַלע האָבן זיך צוריקגעצויגן אויף הינטער זיך.

אין דער זעלביקער נאַכט איז ש. געווען ביי רייזעלען אין צימער, אויבן, אויף די שטאָקן פון פּאַלאַץ אין דער לאַגער־שטאָט. ער איז געקומען אין איר, געלאָזט אין איר לייב אַלע ירושה־שטראָמען פון זיינע אבות. זי האָט געשריגן, ס'איז איר קאַלט. ער לעשט אין איר, ביז די אַקסלען אַרויף, די אַשפּונקען, וואָס טליִען נאָך, וואָס לייכטן אַרויס מעשיק פון אירע אויגן. אויך ער האָט זיך געלאָשן, ווי ער וואָלט זיך אָנגערירט מיט קאַלט פייער.

אין מיטן דער נאַכט איז ער אַראָפּ פון אירע שטיגן. דאָס פּנים, דער גוף — אָפּגעצויגן. ער האָט געוווסט, נישט מיר מיט אונדזערע איינגעקילטע בלוטן, קאָנען וועקן וואַרעם־אויפלאָזן, זייערע איינגעפרוירענע אינגעווייִדן. מיר זענען מיט זיי, ווי ברידער מיט שוועסטער; מיר גרייכן צו ערשט צו זייער נאָענטקייט, צו זייער עלנט. ערשט נאָך דעם — צו זייערע לייבער. פרעמדע קומען גלייך צו זייער גוף. זיי זענען אין גאַנצן ערלה, פאַרטעמפּט לייב; קינדער פון אורמענטש. ער האָט זיך דערמאָנט אין דער לעצטער נאַכט אין זיין היימשטאָט מיט פרוי נאָוויק.

אין דער לאַגער־שטאָט, אונטן, איז איצט געווען פינצטער. אַרום, אין די באַראַקן

און געצעלטן, זענען מענטשן געשלאָפן, מיט זייערע קעפּ אויף די אכסניה־געלעגערס. אויך די קינדער, וואָס זענען געבוירן אין די צ׳וּנגען אויף די וועגן.

ער האָט געוווּסט: אויבן אויפן טורעמל, שטייט איצט דער שומר מיט זיין אויג איינגעשניטן אין דער נאַכט. ער איז איינגעהאָרכט אין דעם אומרו׳קן שנאָרכן פון אונטן, אין דער נאָענט, און אין דעם ריטמישן געשנאָרך אין דער ווייט פון שטעט מיט מענטשן אין זייערע וואַרעמע בעטן.

אַ קינד האָט זיך צעוויינט ערגעץ נאָענט אין אַ געצעלט. דאָס קולעכל האָט אָפּ־געהאַקט זיך געצויגן אין דער נאַכט אַריין. אַ קירכע אין רוים האָט זיך צעקלונגען מיט אירע גלאָקן. דאָס געקלאַנג פון דער ווייט האָט געגרייכט אַהער. אויבן, איבער די שטאָקן פון פּאַלאַץ־בנין, האָט זיך געהערט אַ גערויש. עס האָבן זיך אַרויסגעשטעקט קעפּ פון די פענצטער. אויך רייזועלעס קאָפּ. ער האָט געזען, איר אייבערשטן האַלבן גוף אין ווייסן העמד. זי האָט אַרויסגעשטעקט אירע הענט. זי האָט צוגעמאַכט דאָס פענצטער.

ער איז אַוועק פון דער לאַגער־שטאָט. ער איז געגאַנגען אַראָפּ פון זיבעטן באַרג, אויפן וועג קיין רוים. ביי זיך אין צימערל אין הויז, נישט ווייט פון אַלטן יידן־געטאָ, האָט ער די נאַכט געשריבן אַ ווייטערדיק קאַפּיטל פון זיין בוך מיט דער געשיכטע פון זיין פאָלק. ער האָט אַריינגעשריבן אויך די געשיכטע פון דער אַלטער פרוי בעיקין און איר טאָכטער פאַני, זיינע שכנים, אַנטקעגן אין קאָרידאָר, וואָס זענען פאַרטריבן געוואָרן פון זייער ווייטער היים. פאַני ווייסט נאָך נישט ועלכעס לשון זי וועט אין די ווייטערדיקע טעג דאַרפן לערנען; און אויך די געשיכטע פון רייזועלען, וואָס אַלץ לעשט זיך אין איר.

ער האָט געוואָלט שרייבן אויך וועגן זיך, וועגן תכלית פון זיינע אייגענע נסיונות איבער דער ערד. ווו וועט זי אַהינקומען, זיין גאַנצע חכמה, די ירושה פון זיין דער־פאַרונג? אין איין טאָג וועט זי ווערן אויס; צוזאַמען מיט אים וועט זי מער נישט זיין; זי וועט פאַרלוירן גיין, די לערע פון זיינע נסיונות. איז דאָס מעגלעך, אַז ער, דער מענטש, אין גאָטס געשטאַלט, פאַרשווינדט אין גאַנצן, מיט אַלע זיינע גע־פרוווטקייטן.

ער האָט איצט געזוכט אין זיך אַ שפּור פון דעם דויער פון פרי׳ער, פאַר אים, איידער ער איז געבוירן. דער עבר איז אין אים געווען פינצטער. ער האָט געוווּסט, ביז אים האָט אַלץ געהאַט אַ קיום אויך אָן זיינע נסיונות, כאָטש אויך דעמאָלט האָט מיט מענטשן פול געווירבלט אויף דער ערד. אויך ווייטער וועלן אייביקייטן זיך ווירב־לען אָן אים. מיר וועלן פאַרשווינדן, מיט אונדזער דויער, ווי דער בעל־חי און דאָס עוף, וואָס קומט אין אונדז אַריין.

ער האָט געוואָלט אויפשרייען: איך, דער מענטש, בין דאָך פאָרט דער בחיר היצירה, אַ טייל פון דעם העכערן תכלית.

ס׳האָט אים צוריקגעעקבערט די פראַגע: אויב איך בין דער תכלית — ווו בין איך געווען פרי׳ער, פאַר מיין באַשאַף, פאַרן געבוירן.

ער האָט באַנומען, אַז מענטשן, וואָס שטאַרבן, פאַרגיין, זענען ווי מענטשן, באַלד

נישט געבוירענע — אַזוי פון דער ערשטער רגע פון זייער פאַרשווונדן. די קינדער, וואָס ער, ש. האָט נישט געבראַכט אויף דער שיין, זענען ווי יאָ געבוירענע, ווי זקנים, וואָס זענען אַוועק שוין זאַט אין יאָרן. דער זעלביקער גורל איז צו זיי און צו זייער יאָ געבוירן ברודערל און שוועסטערל.

ער האָט דאָס געוואָלט טענהן פאַר זיי, זיינע יידעס, וועלכע דרענגען פון אים אַרויס די זרע, ווי דאָס לעצטע שווייס פון גוף.

ס׳איז אים איינגעפאַלן, פאַר זיי, די פאַרשווונדענע, האָט דער קיום פון זייער זרע נאָך זיי, יאָ אַ זין, נאָר מיר אפשר באַנעמען אים נישט.

עס איז אים איינגעפאַלן, אַז געגנוי ווי אונדז, אַרט זיי נישט פאַר די אומצאָליקע פאַרגאַנגענע יאָרן, פאַרן עבר; עס אַרט זיי אָבער פאַר די יאָרן ווייטער, וואָס קומען אָן זיי. אויך אים אַליין אַזוי.

מיט אַ מאָל האָט ער זיך געכאַפּט: און וואָס וואָלט געווען, ווען ער בלייבט יאָ, ווען ער איז דאָ אין די קומענדיקע יאָרן; די צייט לויפט און ער זיצט אין איר; אַ מידן שלעפּט זי אים אין זיך; זי לאָזט אים זיך נישט אָפּטיילן?

ער האָט דערשפּירט די מידקייט, וואָס גייט אין אים איבער; זי זעצט אַראָפּ זיין גוף.

ש. האָט איצט באַנומען, אַז ווען מיר זענען נאָך יונג, אָן נסיון, זיצט אין אונדז פול די געטלעכקייט; מיר זענען אומשטערבלעך; מיר זענען באַפרוכפּערנדיק; מיר זענען אין גן־עדן. ווען מיר עלטערן זיך אָבער, און קלייבן אָן וויסן — פאַרלאָזט זי אונדז, די געטלעכע געשטאַלט. מיר ווערן דעמאָלט פּרוכטלאָז, פאַרטריבן פון גן־עדן. מיר זענען נע ונד. אויף תמיד גייען מיר שוין מיט דער קללה אין זיך. מיר מוזן שטאַרבן.

אויף אַ ווייל טוט מען זי אונדז אָן, גאָטס געשטאַלט. ווען מען נעמט זי פון אונדז אַראָפּ — זענען מיר ווידער ווי נישט געווען. גאָט גיט זי דעמאָלט איבער, זיין גע־שטאַלט, אונדזערע קינדער. ער טוט זי אַרויף אויף זייערע פּנימער.

ש. האָט דערזען, אַז אַנשטאָט אַ ספר וועגן דער געשיכטע פון זיין פאָלק — שרייבט ער גאָר אַ בוך וועגן זיך אַליין, וועגן זיין אייגענער געשיכטע. ער ווערט פאַרפירט פון זיין אייגענעם צער, און זיינע אייגענע ספקות, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין אים.

אין דרויסן האָט שוין געטאָגט. עס האָט אַריינגעבלויט דורך די לאָדן־שפּאַרעס אינעם פענצטער. ער האָט געוואָלט זיך וואַשן דעם נאַקעטן גוף. אפשר גיין אין מקווה, זיך אונטערטונקען, טובלען זיך זיבן מאָל; זיך רייניקן אויך די נשמה — אַנטקעגן דעם פרישן טאָג, וואָס גייט אויף.

ער האָט געשפּירט, דער געדאַנק איז נאָך נישט גאַנץ: אפשר וועט זי, אונדזער וועלט, האָבן אַ תיקון ערשט ווען אויסלאָזן וועט זיך דער לעצטער פון די מענטשן אויף איר. אויף דער ערד וועלן אַרומלויפן בלויז די פּיסיקע באַשעפענישן מיט זייערע שווערע טריט. זיי וועלן טרעטן איבער די פעלדער און לאָנקעס, און שטעקן די קעפּ אין די טייכן. אַן אייביקע שטומקייט וועט הערשן אין חלל. בלויז די ניגונים און פאַרבן פון וואַסערפאַלן וועלן שטראָמען בעת די אויפגאַנגען און דעם אונטערגאַנג פון דער זון.

ער האָט איצט געוווסט, דער מענטש, מיט זיין ספק, מיט זיין חכמה, פאַרדאַרבט זי, די וועלט. ער רייסט זיך אָפּ פון איר שורש. די באַשעפענישן וועלן קיין מאָל נישט צווייפלען. ביי נאַכט וועלן זיי זיך לייגן ווי קינדער.

ער האָט איצט געבענקט צו אַ וועלט בלויז מיט קינדער. מיר זענען די קינדער. מיר עלטערן זיך נישט. ווי פאַרן דור הפלגה, זענען מיר באַהאָפטן מיטן אַרום. גאָט האָט נאָך נישט צעמישט אונדזער לשון. מיר זענען נישט עלנט. אייביק וועט אויף אונדז בלייבן דער צלם אלוהים. מיר וועלן נישט שטאַרבן.

ער האָט זיי געזוכט, די פאַרשווונדענע קינדערלעך. ער האָט געוואָלט זיין מיט זיי; זינגען פאַר זיי אַ ליד פאַר זייער אייביקן שלאָפנגיין.

ער האָט איצט פאַרשטאַנען מיכל סאַפּירס־ייִנגל. ער איז גערעכט. אָן זיי, אונדזערע קינדער, האָט זי נישט קיין קיום, די וועלט. ס׳איז טרויעריק אין איר.

אין דרויסן האָט דער טאָג זיך געשפּרייט. די בלויע פּאַסן דורכן לאָדן זענען געוואָרן העלער. זיי האָבן זיך צעלייגט אַרום אים, ווי קינדער איבערן דיל, איבער די ווענט, אויפן באַלקן. דער טאָג האָט שוין געדוישט אויף דער גאַס, פאַרן פענצטער. ער האָט זיך אויפגעריסן פון אָרט. ער האָט געשטעלט טריט, געגאַנגען, צווישן נאַכט און טאָג. ער האָט נישט געוווסט, צי צוריקצי׳ען זיך אין דער נאַכט, אָדער שטעלן זיי, די טריט, אין טאָג אַריין.

די צייט האָט איצט נישט געגליווערט אַרום אים. דער טאָג האָט זיך געשפּרייט רגע נאָך רגע. די רגעס האָבן געטריפט אין אים — טראָפּן נאָך טראָפּן.

ווו וועט ער גיין, היינט? וואָס וועט ער טאָן מיטן נייעם טאָג?
קיינער וואַרט נישט.
וואָס וועט זי, רייזעלע, טאָן מיטן היינטיקן טאָג? ווו וועט זי גיין?
קיינער רופט זי נישט.

די טראָפּנס האָבן איינגעגליווערט, ווי חלב, אין אים. ער האָט מיט זיי אין זיך געשטעלט זיינע טריט צום פענצטער צו.

רוים האָט איצט געלויכטן, געגלאַנצט אין רויטלעכן פּורפּור איבערן טיבער. אין די שטובן, אונטער די לאָדנס, האָבן מענטשן געטוישט זייערע וועש און קליידער אויף די אויסגעשלאָפענע גופים. פאַמיליעס זענען אַרויס פון די צעוואָרעמטע געלעגערס אין די שלאָפצימערן; האָבן זיך צעשיט אין די גאַסן. מען איז געגאַנגען אויף רעכטס, אויף לינקס; אויף לינקס, אויף רעכטס. די טראַטואַרן און פּלעצער זענען אָנגעפילט געוואָרן. איבערן פויפּסטלעכן וואַטיקאַן און די קירכעס האָבן אין דער מאָרגזון געגלאַנצט אין פּראַכט די גאָלדענע צלמים.

מיט אַ מאָל האָט ער געדענקט ירושלים. דאָרט ליגט דאָס בית המקדש אונטער דער ערד. ער האָט זיך דערמאָנט אין דעם טאָג נאָך אַלע טעג, וואָס וועט אויפגיין. אונדזערע אַלע קינדער וועלן דעמאָלט אויפשטיין; אייביק בלייבן יונג. פון הימל וועט דאָרט זיך אַראָפּלאָזן אַ פייערדיקער בית המקדש. איבער ירושלים וועט קיינער נישט אַריבער.

*

אין יענע טעג זענען די גאַסן פון רוים שוין פול געווען מיט טוריסטן, געקומענע פון צפון — פון רהיינלאַנד און פון דעם לאַנד פון די בייערן; פון פרייסן און אויך פון אַסטמאַרק. שוין יאָרן, ווי די טאָל־טרייבער און די שומרים האָבן אויסגעטאָן זייערע אוניפאָרמען; זיי האָבן איצט געטראָגן אויף זייערע גופים פשוטע בגדים. אין זייערע הייזער זענען זיי, אין די טעג, געזעסן אַרום די טישן, מיט זייערע ווייבער און קינדער, און אין די נעכט האָבן זיי געמערט זייערע משפחות אויף דער ערד. די פּויערים צווישן זיי האָבן זיך אומגעקערט באַארבעטן מיטן שווייס פון פּנים די ערד, וואָס זיי האָבן געירשנט פון זייערע עלטערן. און ווען מען האָט זיי געפרעגט, וועגן די טאָלן, וואָס זיי האָבן אויפגעשטעלט, כדי אויסצוצאַפּן נשמות פון די גופים, האָבן זיי נישט געענטפערט, ווייל זיי זענען געווען מיד פון זייער מענטשלעכער מי. דען ס׳איז איצט מער נישט געווען די צייט פון דערמאָנען. ס׳איז לאַנג שוין געווען פרידן. די וועלט האָט געטראָגן איר פּנים אויף פאָרויס. די טויערן פון אייראָפּע, צווישן לאַנד און לאַנד, זענען געווען אָפן; מען האָט אַראָפּגענומען די גרענעץ־וועגט צווישן זיי. די פעלקער האָבן צוריקגערופן זייערע קינסטלער און זיי באַפוילן צו עפענען ווידער די טעאַטערס. מען האָט אין זיי געוויזן דעם מענטש מיט זיינע בלינדע טריט איבער דער ערד. די דיכטער פון העססען, פון שלעזיען און פון זאַקסן האָבן ווידער געזונגען לידער צו דער מעלאַנכאָלישקייט פון זייערע פאַרנאַכטיקע וועגן. אין די נעכט איז זייער שלאָף געווען לייכט און רויק. די טאָלן זענען געבליבן ווייט; זיי האָבן זיי נישט אַריינגעלאָזט אויך אין זייערע חלומות.

רוים איז איצט געווען פול מיט די טוריסטן. זיי האָבן זיך אויסגעמישט אין דער היגער באַפעלקערונג. זיי האָבן יעדן אַנטקעגנגעטראָגן אַ שמייכלענדיק פּנים, און די רוימישע זין און טעכטער האָבן צו זיי צוריקגעשמייכלט. אַלע שטיינגעבליבענע האָבן דאָ זיך צוזאַמענגעטראָפן, אַלע אַנטיילנעמער אין דעם פאַרגאַנגענעם גרויסן געפעכט. פון רעכטס און פון לינקס, פון אַלע זייטן, האָבן זיי זיך דערלאַנגט די הענט איבער די ליגנגעבליבענע אַריבער. די פעלקער האָבן גערופן צו סליחה און מחילה, צו פרייהייט איבער דער ערד.

ווען ש. איז איצט געקומען אין די טעאַטער־זאַלן, מיט פרוי בעיקין און איר טאָכטער, האָט ער דאָ געטראָפן אויף די בינעס דעם נייעם דור, די יונגע זין און טעכטער פון די טאָל־טרייבער. זיי האָבן מיט זייערע מענטשלעכע קאָמעדייעס און טראַגעדיעס געמאַכט וויינען און לאַכן דאָס רוימישע פובליקום. דער קליינער בלינדער פּראָפעסאָר האָט אויף די וויסנשאַפטלעכע קאָנגרעסן זייערע געלערנטע געטראָפן אויבנאָן, ביי די פּרעזידיום־טישן, און איך, דער שרייבער פון דעם בוך, האָב אויף די אַקאַדעמיעס געזען, ווי אייראָפּע טיילט־צו אירע קונסט־פּרייזן צו זייערע דיכטער און דענקער, צו זייערע מאָלער און מוזיקער.

קיין דעמאָנסטראַציעס פון די טאָל־רעשטלעך זענען איצט מער שוין נישט פאָר־געקומען אין די הויפּטשטעט. זיי זענען פאַרשוווּנדן פון אויבערפלאַך. אויך די לאַגער־שטאָט איז געבליבן ליידיק. מען האָט נישט געוווּסט, ווו אירע איינוווינער זענען אַהינגעקומען. געווען אַ סברא, אַז זיי זענען אַראָפּ אין די קאַטאַקאָמבן.

דאָ און דאָרט אויבן האָט מען נאָך געכאַפּט איינצלנע פון זיי. מען האָט געשמועסט,

מען פירט זיי איבער די גאַסן פאַר אַ ביישפּיל: כּדי צו ווייזן, ווי אַזוי זעען אויס זיי, די שטערער פון רו, די קינדער פון די נישט פאַרגעבערס.

מען האָט געשמועסט, אַז דער נייער יונגער דור אין די הויפּטשטעט לויפט זיי נאָך; ער וואַרפט אויף זיי שטיינער.

אין בייערן האָט אַ זקנה געשריגן, אַז דאָס איז זייער גאָט נאָך פון תּמיד אָן געווען אַ גאָט — אַ נוקם ונוטר.

אין אַ פּאַרלאַמענט פון יענער זייט גרענעץ האָט אַ געווײלטער פון פאָלק דער־מאָנט זייער שיילאָקן, וואָס וואַרט אויפן ליטער פלייש.

דאָ אין רוים האָט אַ ביסקופ דערמאָנט, אַז דאָס איז אַ פאָלק, וואָס האָט נאָך מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק דערמאָרדעט אַ גאָט. פון דעמאָלט אָן דינט זי, די מענטשהייט, צו אַ טויטן גאָט.

די שליחים האָבן די אַלע גרויסן איצט אַראָפּגעבראַכט אונטן. דאָ אין די קאַטאַ־קאָמבן, זענען נאָך אַלץ געווען די צוויי מחנות — די פון מיכל סאַפּירס יינגל, און די מחנה פון דעם יונגן מנהיג, דעם מאַן פון דער פרוי מיט די גרויע זילבער אויגן. זיי האָבן אַלע געוווּסט, אַז אויבן גייט די וועלט איבער זיי אַריבער. מען וויל זיי לאָזן אונטן. זיי האָבן געהערט, ווי איבער זיי פלאַסטערן די פעלקער אָן אַספאַלט־צודעק איבער דער גאַנצער ערד, כּדי זיי זאָלן מער נישט קאָנען אַרויס.

די תּלמידים פון מיכל סאַפּירס יינגל האָבן געוואָלט דערקלערן זי, די וועלט, אַלס דזשונגל. זיי האָבן אַלע שוין לאַנג אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די בגדים. זיי האָבן געוואַרט אויף זייער לייב זאָל אַרויסשפּראַצן אַ פעל.

דער צד פון יונגן מנהיג מיטן האַרלאָק איבערן שטערן האָט נישט נאָכגעגעבן. אויף די טישן האָבן זיי געשפּרייט מאַפּעס, מיט צייכנס פון די באַוועגונגען איבער דער ערד.

אַלע האָבן זיי געהערט די בשורות פון אויבן. זיי האָבן געשוויגן. זיי האָבן געשפּירט ווי זייערע אָדערן ווערן צו שטאָל.

און אין יענע טעג האָבן ש. און רייזעלע זיך אַרויסגעכאַפּט איבערן אייבערפלאַך. ער האָט זי באַגלייט צו דער באַן. זיי זענען געפאָרן אין אויטאָבוס איבער די גאַסן אויפן וועג צום וואַקזאַל. ער האָט זי געפירט אַריינצוזעצן אין דער באַן, וואָס פאָרט אין די ווייטקייטן. זי האָט באַשלאָסן צו פאַרלאָזן רוים. ער האָט געוווּסט, ער קאָן מער זי נישט אָפּהאַלטן. באַלד וועט די באַן אָפּפאָרן, אירע רעדער וועלן סאַפּנדיק זיך דרייען איבער די רעלסן, און ער וועט אפשר מער זי נישט זען. עס איז אים געווען באַנג. זיי האָבן ביידע געקוקט, ווי צום לעצטן מאָל, איבער די גאַסן פון רוים. עס האָט זיי געדאַכט, צווישן די המונים, וואָס פּלייצן אויף די טראָטואַרן, שטופּן זיך פאַרביי אַנעטס מאַן מיט דער יונגער פרוי פון מנהיג, די מיט די גרויע זילבער אויגן; ער פירט זי געאָרעמט. דאָס איז געווען נישט ווייט פון קאָלאָסעום. אויך איר פּנים האָט איצט אַ זילבער קאָליר.

ש. האָט נאָכגעקוקט דאָס פּאָרל אינעם גאַסן־געדראַנג. זיין אויג האָט זיי מער נישט געקאָנט דערכאַפּן. ער האָט זיך דערמאָנט זיין אייגענעם גאַנג איבער שטעט, איבער ביי־אויפגעקומענע היימען, אין זיין זיצן לאַנגע אָוונטן מיט פרויען, זיין באַ־וווּנדערן זיי. תּמיד צעאַקערט ער, ער וואַרעמט־אויף, זייער מוטערשאַפט־ערד אין זיי,

און ער גייט אַוועק, ער לאָזט זיי. עס קומען אַנדערע, פרעמדע, פאַרזייען זייער פאַרזיי אין זיי.

ער האָט זיך דערמאָנט אין פרוי בעיקין און אין איר טאָכטער, פּאַני. זיי זענען נישט אַראָפּ אין די קאַטאַקאָמבן. זיי וואַרטן נאָך אַלץ אויף זייער זון און ברודער, סאַשאַ. מעגלעך, ער וועט אַהער גרייכן. פּאַני לערנט זיך אַלץ לשונות ביי פרעמדע לערער. זיי ווייסן נאָך נישט וווּהין דער וועג פון זייערע זוכענישן נאָך אים, וועט זיי פירן. ס'איז אים דורך אַ געדאַנק: מעגלעך, גראָד אונטן טראָגט מען איצט זיין געביין פון אַ ווייטן טאָל אין די יידן־קאַטאַקאָמבן אַריין.

דער אויטאָבוס איז געפאָרן ווייטער. זיי זענען פאַרביי דעם קאָנסטאַנטין־טויער, דעם פאָרום, די בריקן איבערן טיבער. אומעטום איז פול געווען מיט מאַסן לוסטיקע רוימער. ער האָט געקוקט אויפן פאָלק, וואָס דרייט זיך אין זיין שטאָט, און געוווּסט, זיי, די פעלקער, ביי זיך אין די מדינות, האָבן די פּריווּלעגיעס, אייביק צו בלייבן קינדער; צו צעשטערן, חרוב־מאַכן און צו בלייבן אומשולדיק. מיר זענען געבליבן מיטן עול פון אייביקן געדענקען אונדז אַלע מעשים אונדזערע — די געטוענע און די נישט געטוענע. דעם קינדישן שמייכל האָט מען פון לאַנג אָפּגעווישט פון אונדז.

ער האָט געוווּסט, דאָס האָבן זיי דאָ צו אונדז געטאָן. אַזש פון דאַנען האָבן זיי געשיקט זייערע לעגיאָנען צו אונדז קיין יהודה; זיי האָבן אונדז אונטערגעטעניקט און געפאַנגענע געבראַכט אַהער. נישט מיר זענען אַהערגעקומען זיי באַלאַגערן. נישט מיר האָבן געפאַנגען זייער משיח. זיי האַלטן אים, אונדזער משיח, אַ געבונדענעם אין קייטן, דאָ נישט ווייט, ביים טיטוס־טויער. שוין צוויי טויזנט יאָר האַלטן זיי אים דאָ.

ס'איז אין אים דורך אַ צווייפל: צי וואָלטן זיי דאָס דעמאָלט געטאָן, יענע אַלטע רוימער ווען זיי ווייסן וואָס עס וועט אַרויסקומען ביזן היינטיקן טאָג פון זייער עקספּעדיציע קיין יהודה. ער האָט געוווּסט, דער צווייפל איז תמיד פון באַזיגטן, נישט פון זיגער.

מיט אַ מאָל האָט ער זיך געכאַפּט, דאָס זענען היינט טעג פון וועלט־ענדע־רונגען. ער איז אַן עדות פון זיי. דער יונגער מנהיג רינגלט איצט אַרום דאָס טויער. ער שניידט די קייטן. די אָרעמס פון משיח וועלן זיין פריי.

ער האָט מורא געקריגן, מיכל סאַפּירס יינגל זאָל אַ מאָל נישט אויפרייסן פון אונטן דעם טיטוס־טויער, צוזאַמען מיטן משיח, דעם משיח אלוהי יעקב.

דער אויטאָבוס איז אָנגעקומען. זיי זענען אַראָפּ. זיי זענען אַריין אין דעם נייעם רוימישן וואָקזאַל פון דורכזיכטיקן גלאָז. שוואַרצע, געלע און בלויע באַנען קומען אָן און לויפן פון דאַנען אַוועק. רייזעלעס באַן האָט שוין געוואַרט. אין געדרענג האָט ער מיט איר זיך דורכגעשטופּט. ער האָט זי דורכגעפירט. זי איז אַריין אין אַ מיטלסטן וואַגאָן. ביי דער טיר אויבן האָט זי זיך אויסגעדרייט צו אים און געגעבן אַ שמייכל. באַלד איז זי אינעווייניק פאַרשוווּנדן. די טירן האָבן זיך פאַרמאַכט. די באַן האָט אַרויסגעלאָזט אַ לאַנגן פייף. ער האָט געוואָלט, נאָך אַ רוף טאָן. דער לאָקאָמאָטיוו האָט גערירט און אַ שלעפּ געטאָן אויף פאָרויס, נאָך זיך, די וואַגאָנעס. ער איז געשטאַנען. פּאַמעלעך האָבן אים זיך פאַרבייגערוקט וואַגאָן נאָך וואַגאָן. ער האָט געקוקט, ווי דער צוג פאַרשווינדט. ער האָט געוווּסט, ער וועט אים נישט אָניאָגן.

# די צײַלונג

דאָס איז געווען אין די אַלטע היילן פון מדבר יהודה, וואָס זענען אין די הויכע בערג־אַראָפּהאַנגען. די לופט איז דאָ היציק־פּאַרגליווערט. די זון גליט צווישן די פעלדזן, קאַנטיק אויסגעהאַקטע — אין ברוין און גרוי. זיי שטייען, די פעלדזן־בערג, ווי גיגאַנטן, וואָס אין מיטן דער באַוועגונג אַ מאָל, מיט טויזנטער יאָרן צוריק, זענען זיי פאַרקוילט געוואָרן. אַלץ שטייט. זיי זענען נאָענט אַנגערוקט איינער אויפן אַנדערן. קיין פויגל פליט צווישן זיי נישט דורך. דאָס זילבער־ליכט פאַרפלייצט דעם אַרום, ווי אַ דורכזיכטיקער גליזיקער טייך, פאַרגאָסן איבער אַ טאָל. זעסט אויף די ווייטקייטן, נאָר קיין אויג איז נישטאָ. די פעלדזן שטרעקן זיך אַרויס פון דעם לופטטייך, ווי געזונקענע פעסטונגען אין מיטן באַלויכטענעם ים. זיי גרייכן הויך, ווי גלייכע ווענט. דאָס זאַמד אויף דער ערד גליט העל, נאָר קיין טריט איז נישט פאַרשטעקט אין דעם. ווייט, ווייט — אויף אַלע זייטן, ציט זיך דער צעלויכטענער מדבר. הויכע בערג רינגלען אים אַרום. צווישן באַרג און באַרג — לאָזט זיך שמאָל אַראָפּ דער תהום — מיט פאַר־ברענטע מדבר־קוסטעס אין ווייסן זאַמד. נאָר גרויסע ווילדע פייגל קאָנען אַריבער־פליִען פון וואַנט צו וואַנט, איבערן שמאָלן תהום אונטער זיך. נאָר קיין פייגל זענען נישטאָ. דער תהום צווישן די הויכע גלייכע ווענט איז טונקל — פון די גיגאַנטישע בערג־שאָטנס פון ביידע זייטן. קיין בליק קאָן אונטן אַראָפּ נישט גרייכן.

אין מיטן טאָג, ווען די זון שטייט הויך איבערן הימל, ווי אַרויס פון פּוטערפאַס, ברענען די בערג־שפּיצן פון די ווייטקייטן, אין אַ צעלויכטענעם אַלקאָלירִיקן רעגנבויגן. זיי זענען נעפלדיק צעצונדן אין אַ העלן רויך־פלאַקער. דאָ אַרום איז דער קאַלכאויוון פון דער וועלט. ער ברענט נאָך פון דער שרפה פון סדום און עמורה, וואָס זענען אין דער מיט פון דעם פלאַץ. און אפשר זענען די פאַרקוילטע בערג־געשטאַלטן — די אויסגעברענטע רעשטן פון די צוויי זינדיקע שטעט, וואָס האָבן נאָך נישט זיך אָפּגע־קילט. זיי זענען אַזוי געבליבן אין מיטן אַנטלויפן. איצט זענען זיי אויסגערויכערט.

קיין גראָז איז דאָ נישטאָ, קיין בוים וואַקסט נישט — סיידן די גליזיקע ביימער, וואָס לייכטן נאָך אין זייער דורכגעברענטקייט מיט געקירצטע אַרויפגעהויבענע פייער־צווייגן.

דער מדבר אָטעמט נישט. די לופט איז געדיכט איינגעגליווערט. וואָלטן נאָזלעכער זי איינגעאָטעמט — וואָלטן זיי זי געשלונגען, ווי הייסן בליי, און אינעווייניק פאַרבריט געוואָרן. אָט די אַרומיקע ביימער האָבן זי אַריינגענומען אין זיך, די לופט, און זענען אינעווייניק געבליבן פאַרצערט.

און אפשר זענען דאָס גאָר נישט קיין ביימער. דאָס זענען מענטשן, וואָס זענען צעשטעלט. זיי שטייען אַזוי אויף דער וואַך נאָך פון דעמאָלט אָן. זיי זענען איינגעגליט געוואָרן.

איך האָב געדענקט, אַז דאָ זענען זיי געוואָרן אויסגעשטעלט, די רוימישע לעגיאָנען, אַרום די הויכע פעלדזן־היילן. זיי האָבן זיי געהיטן, די רעשטלעך קעמפער פון יהודה, וואָס זענען אינעווייניק פאַרשטעקט. די לעגיאָנערן האָבן נישט געקאָנט אַריבער די שמאָלע תהומען צווישן די הויכע בערגפעלדזן — זענען זיי געשטאַנען אויף די פלאַכן אַנטקעגן. די קעמפער וועלן מיד ווערן — וועלן זיי אַרויס.

דאָ אַרום — אונטן, אויף די פלאַכע ווייסע זאַמד־אומענדלעכקייטן, וואָס מען זעט זיי אין ליכט פון די בערג אַראָפּ — זענען נאָך געצייכנט מיט שטיין די פּירקאַנטיקע שטחים פון די רוימישע לאַגערן. זיי האָבן זיי נישט פאַרלאָזט. זיי האָבן צעשטעלט וואַכן אַרום די הויכע פעלדזהיילן. זיי האָבן געוואַרט, און אין די פעלדזן האָט מען געוואַרט. קיינער האָט נישט געהערט דעם אַנדערנס אָטעם, ווייל די אָטעמס אין דער מיט זענען איינגעגליווערט געוואָרן.

יאָרן זענען זיי געשטאַנען, די רוימישע וואַכן, אַרום. זיי האָבן געוואַרט, אַז אין די הויכע הייל־עפענונגען, אין די פעלדזן אויבן, וועלן זיך באַווייזן קעפּ; הענט וועלן זיך הייבן. זיי גיבן זיך אונטער, די לעצטע קעמפער פון ירושלים, וואָס זענען אַהער אַנטרונען. מען האָט גאָר נישט געזען. אויבן איז אַלץ געווען איינגעשטילט, ווי קיין לעבן וואָלט דאָרט נישט געראָיעט.

זיי זענען אַלט געוואָרן, די צעשטעלטע רוימישע וואַכלייט. אין זייער לאַנד האָט מען לאַנג זיי שוין פאַרגעסן, און זיי זענען דאָ פאַרבליבן. זיי זענען פאַרגליט געוואָרן אויף די ערטער אונטער זיך. זיי זענען געוואָרן דורכזיכטיק. קיין פויגל האָט זיך אויף זיי נישט אַראָפּגעלאָזט, ווייל קיין פויגל איז דאָ נישטאָ. ביי טאָג ברענען זיי איצט אין דער זון־צעלויכטנקייט, ווי די אַרומיקע בערג־שפּיצן. זיי צינדן זיך אין רויט, פיאָלעט, גרין, געל, און אין בלוי — ווי צעשפּרייטע וואַכלאָמפּן אין דער ליידיקייט, און ביי נאַכט — לעשט זיי אָ מדבר־קילקייט, וואָס נעמט דורך זייער דורכזיכטיק געביין.

אויך אויבן אין די היילן — איז אַלץ איינגעגליווערט. די וואַרטנדיקע קעמפער פון יהודה זענען איינגעשטילט נעבן זייערע פרויען און קינדער. זיי זענען אויסגעצויגן אין די ווינקלען. זייערע געווערן — נעבן זיי. זייערע רענצלעך — צעעפנט. זיי ווייסן, זיי זענען די לעצטע. ירושלים איז נישטאָ. אַלץ האָט זיך אויסגעלאָזט. די ערד דאָ איז ליידיק.

יהודה איז געפאַלן.

זיי זענען אַרומגערינגלט.

פון דאַנען וועלן זיי מער נישט אַרויס.

די רעשטלעך זייערע זענען פאַרטריבן קיין רוים, צום פאַרלענד.

איצט ליגן זיי איינגעגליווערט. עס איז טאָג און נאַכט, און זייערע גופים צעפאַלן זיך נישט. די קילע טרוקנקייט פון די היילן האָט איינבאַלזאַמירט זייער אָטעם אין זייערע גופים. זיי זענען געבליבן יונג מיט זייערע פרויען און קינדער נעבן זיך. קיין ווערעמל האָט זיך נישט באַוויזן אויף זייער גוף און קיין מויז האָט נישט געשאַרכט אין דער הייל, ווייל גאָר נישט באַוועגט זיך דאָ. זיי זענען געוואָרן אַריינגעשווערט אין די היילן.

זיי וואַרטן.

זיי וואַרטן שוין אַזוי פון יאָר 73, און די רוימער אין דרויסן וואַרטן. עס איז שוין דאָס יאָר 1948. 1875 יאָר וואַרטן זיי.

עס איז שוין לאַנג נישט געווען אין זייער אָטעם קיין האָפענונג, ווייל די צייט איז איבער זיי אַריבער. זיי זענען געוואָרן אייביקייט.

געווען איז דאָס אין איינעם פון די טעג פון דער דויערנדיקער שטילקייט, אין אַ פֿאַרמיטאָג. די זון האָט זיך נאָך נישט געשטעלט אין מיטן פון הימל און דעם פלאַץ פון מדבר יהודה ביזן טויטן ים — איינגעקלאַמערט מיט אירע שטראַלן, ווי אין גליִענדיקע צוואַנגען. עס איז געווען אין דער נאָך־פרימאָרגן־שעה פון דערוואַרטונג, ווען דער טאָג דאַרף זיך ערשט שטעלן. ווידער אַ טאָג, ווי דער פון נעכטן און אייער־נעכטן, ביז אין די ווייטע טעג אַריין אויף צוריק. אייגנטלעך, איין גרויסער טאָג, וואָס האָט דאָ געדאַרפט זיין, אָן איבעררייסן פון נאַכט. דאָס אויג וואָס וואָלט איצט דאָ אַ קוק געטאָן, וואָלט געמיינט, איין גרויסער טאָג, וואָס הערט נישט אויף, ליגט איבער דעם פלאַץ אַראָפּגעלאָזט, ווי אַ צודעק.

אָט אין אָנהייב פון דעם טאָג איז עס געשען:

די רויִקייט אין די היילן אינעווייניק איז צעשטערט געוואָרן, ווי פון שטילע עכאָס, פון דינע קלעפּ; ווי פון אַ פאַרטויבטן אונטערערדישן אָפּהילך פון זיך־באַ־וועגנדיקע שריט, ווי האַמערס און רידלעס וואָלטן ערגעץ אין די ערד־וואָרצלען שאַרף זיך איינגעבויערט, און דערנענטערן זיך.

לאַנגע שעהען האָט געדויערט די אונטערגראָבונגס־אַרבעט. עס האָט זיך געדאַכט, די פעלדזן קרעכצן־אויף פון אונטן, פון זייערע גרונטן אַרויף. די ווענט פון די פעלדזן־היילן האָבן איינגעהאַלטן — זיך איינגעהאָרכט.

געווען איז דאָס פונקט אין האַלבן טאָג, ווען דאָס פייער פון דער זון האָט פון אויבן אַריינגעשפּאַרט אין אַלע שפּאַלטן פון די בערג, אין אַלע שפּאַרעס און עפע־נונגען פון די פעלדזן. אַלץ האָט געבלענדט פון דעם ליכט, וואָס לאָזט זיך קיין מאָל נישט אויס. אין די באַלויכטענע היילן האָבן פון אונטן, פון די ערד־עפענונגען, זיך אַרויפגעשאַרט געשטאַלטן, געוויקלט אין שאָטנס — איינער, צוויי, עטלעכע — און באַלד האָבן זיי אָנגעפילט די היילן, זיך צעלאָזט אין די אינעווייניקסטע דורכגענג. זיי האָבן זיך געשאַרט ביי די ווענט, זיך גערוקט צווישן די אויסגעצויגענע גופים. שורות, שורות, ווי רעגולערע זעלנער פון אַן אַרמיי, האָבן זיי זיך גערוקט אַקסל ביי אַקסל, מיט פאַרפרעסט־פאַרברענטע ליפּן, מיט אָנגעלאָדענע הענט, מיט זייערע נאָכהענגענדיקע געווערן אויף די אָרעמס.

מיט אַ מאָל האָבן די שורות זיך פאַרהאַלטן. ביים אויסגעצויגענעם גוף פון אַ לאַנגן מאַן מיט אַ בלאָנדער באָרד, מיט אַ פאַנצער פון זילבער־שיפּן אַרומגענומען, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. אַלץ איז געבליבן אומבאַוועגלעך. די געווערן — אַראָפּ־געלאָזט פון די אָרעמס — געשטעלט ביי די פיס.

פון די שורות האָט זיך אַרויסגערוקט אַ מיטלוווקסיקער מאַן, מיט גרויע פעלד־בגדים אויף זיך. איבערן שטערן און אויגן האָט אים זיך אַראָפּגעלאָזט אַ לאָק שוואַרצע האָר. ער האָט געשטעלט אַ פוס ביי אַ פוס. ער האָט אַ הייב־געטאָן די רעכטע האַנט, זי אַ קלאַפּ געטאָן צו דער שלייף.

— קאָמאַנדיר — האָט זיך געהערט זיין קול, צופוסנס דעם ליגנדיקן גוף מיט דער בלאָנדער באָרד, און זילבער־שיפּן אויף זיך — קאָמאַנדיר, מיר זענען אייך געקומען

מעלדן, אַז מיר זענען דאָ צוריק. איר זענט נישט די לעצטע. מיר, אייערע אייניקלעך פון זעכציקסטן דור נאָך אייך, זענען ווידער דאָ. מיר זענען צוריקגעקומען! דאָס לאַנד אַרום איז אין אייערע הענט! קאָמאַנדיר!

אַלע אַרום האָבן סאַלוטירט און זענען פאַרבליבן אין שווייגן. גרויסע טרערן זענען געררונען פון זייערע אויגן. זיי האָבן געהערט דעם שלאָג פון זייערע הערצער.

זיי האָבן געוווּסט, דאָס איז די גרויסע רגע, וואָס איז זיי באַשערט געווען. זיי האָבן געוווּסט, אַז די צייט איז איצט שטיינגעבליבן; אויף די טויזנטער בית־עלמינס אין אַלע וועלטקייטן, שטייען איצט אויף די יידישע מתים פון זייערע קברים. זיי שטייען און וואַרטן אויפן שאַל, אַז זיי זאָלן גיין, זיי זאָלן אַהער קומען.

זייערע הערצער ביי זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

זיי האָבן געוווּסט, אַז אויף דער רגע האָבן געוואַרט יידישע דורות אין אַלע צעשפּרייטקייטן; אויף איר האָבן געהאָפּט יידישע וויזיאָנערן און יידישע קינדער; אין דערוואַרטונג אויף איר זענען אויסגעגאַנגען יידישע געטאָס אין אַלע טאָלן איבער דער ערד.

זיי האָבן נישט געוווּסט, פאַר וואָס איז זיי באַשערט געווען די רגע.

געווען זענען דאָס די אונטערערדישע יידישע קעמפּערס פון די רוימישע קאַטאַ־קאָמבן, וואָס האָבן אַהער געגראָבן טונעלן, און האָבן דאָ זיך אונטערגעגראָבן. דאָס זענען געווען די געבליבענע רעשטלעך פון אַלע אויסגעהרגעטע געטאָס און טאָלן. זיי זענען דאָ אין די היילן אַרויס אויפן אייבערפלאַך. מאַסן, מאַסן פאַרבליבענע, האָבן איצט הינטער זיי געצויגן דורך די טונעלן אויפן וועג אַהער.

זיי האָבן מיט זיך געטראָגן זייערע מתים פון די יידישע קאַטאַקאָמבן און פון אַלע צעוואָרפענע יידישע בית־עולמס; פון די גריבער, און פון די, מיט צעבליטע ביינער, פעלדער אין די טאָלן.

זיי האָבן געצויגן אונטער די מדינות פון אייראָפּע, אין די טונעלן אונטערן ים, אונטער מדבריות, און זיי האָבן דאָ זיך באַוויזן. אומעטום האָט זיך אַרויסגעלאָזט אַ קול: „די רעפּובליק איז דעראָבערט געוואָרן".

גלאָקן האָבן געקלונגען אין רוים און אין אַמסטערדאַם, אין לעיזען און אין לאָדזש, אויף אַלע גרענעצן און ים־ברעגן, נאָר קיינער חוץ זיי האָט נישט געהערט. עס האָט זיי אויפגעוואָרפן פון די ערטער; זיי האָבן גענומען די טאָרבעס אויף די פּלייצעס, זענען אַראָפּ אין די טונעלן און האָבן זיך געלאָזט אין וועג.

עס האָט געקלונגען איבער אַלע ליידיק פאַרלאָזטע יידישע בית־עלמינס, איבער די טאָלן: „דער טאָג איז געקומען". די קברים האָבן זיך איינגעהערט.

אונטן האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָלערן, אַ קריכן — צו מיזרח. זיי האָבן זיך אָפּגעשאָקלט פון קברים־שטויב, פון די שערבלעך איבער די אויגן. די ערד איבער זיי האָט זיך געבערגלט, הייזער זענען איינגעפאַלן, ימים האָבן געברויזט. מען איז אונטער זיי געקראָכן — אין די זאַמדיקע וועגט־געדיכטעניש.

אַלץ האָט געצויגן אַהער — צו דער דעראָבערטער רעפּובליק.

דאָ, איבערן שפּיץ פון דעם העכסטן פעלדז, האָט שוין געפלאַטערט די פאָן פון דער רעפּובליק, וואָס זיי האָבן אַלע יאָרן אויפן וועג אַהער, זי געבייט.

דאָס איז געווען, נישט אַ געלע פאָן מיטן הבל־צייכן אויף איר מיט, נאָר אַ תכלת־

פאַן, ווי זייער טלית צו תפילה, מיט דער זיבן־רעריקער מנורה — געשפּינט אין אירע ווינקלען.

איינער פון זייערע קאָמאַנדירן, אַנעטס מאַן, האָט אים דאָ אַרויפגעצויגן. עס איז געווען פאַר נאַכט, פאַרן זון־פאַרגאַנג. די בערג־שפּיצן אַרום האָבן זיך געלאָשן פון זייער אַנגעגליטקייט — אין אונטערגייענדיקע ליכטשטייכן. אַלע זענען זיי איצט געשטאַנען אויפן אָפענעם פּלאַץ אין זייער פּאַראַד, שורה אונטער שורה, פון אַלע פיר זייטן אַרום העכסטן פעלדז. דער קאָמאַנדיר מיט דעם שוואַרצן לאָק פאַרלייגט איבערן שטערן האָט געגעבן דעם סימן. די פאָן איז אַרויפגעצויגן געוואָרן. פון אַלע זייטן האָט אויפגעקנאַלט די שיסעריי פון באַנייטן געווער פון יהודה, נאָר קיין פייגל, וואָס זאָלן זיך צעלויפן זענען נאָך נישט געווען דאָ אין קיין נעסטן. אויך די רוימישע וואַכן זענען געבליבן שטיין אויף די ערטער, דורכגעלויכטענע, מיט די קורצע צווייגן אַרויף, ווי זיי וואָלטן סאַלוטירט פאַרן צוריקגעקומענעם יידישן געווער.

די מאַסן האָבן אַרויסגעצויגן פון די ווייטע טונעלן, ווי אַ גרויער רויך וואָלט זיך געהויבן. זיי זענען געקומען פון אַמסטערדאַם און פון רוים און פון די אַנדערע זאַמלערטער אויף די וועגן, און האָבן אויסגעפּילט דעם פּלאַץ. עס זענען פאַר־לייגט געוואָרן געצעלטן אין מידבר, ווו אַ קיל ווינטל האָט גענומען דורכציִען דורך די פּלייצעס. זיי האָבן זיך געשפּרייט און אָפּגעאָטעמט, ווי אַ לאַנגער מאַרש וואָלט פאַרענדיקט געוואָרן.

זיי האָבן פאַרלייגט זייערע געצעלטן לויט די טאָלן פון וועלכע זיי זענען געקומען. עס איז צוגעפאַלן די נאַכט. די פאָן האָט געפלאַטערט איבער דער געשפּרייטער מחנה. אַ טונקל־בלויער הימל איז איבער זיי געהאנגען און אַ זילבער־לבנה האָט אַראָפּגע־פּלייצט איר ליכט. די בערג־פעלדזן האָבן מיט זייערע שוואַרצע קאָנטורן זיך געצייכנט, ווי אַלטע פעסטונגען, וועלכע די שומרים האָבן נישט פאַרלאָזט. זיי וואַכן אין דער צעהעלטער נאַכט־שטילקייט.

דאָס ערשטע מאָל האָט די אויפגייענדיקע נאַכט איצט געהערט דעם אָטעם פון מענטשן, וואָס האָט דאָ זיך איינגעשניטן. עס האָט געברומט, ווי אונטערן בויך פון דער ערד. די בערג האָבן שטום זיך איינגעהאָרכט.

איך האָב זיך אָפּגעריסן פון דער ערד און בין אַרויס איבער דער מחנה. הונדער־טער האָבן געהויערט איבער די געלע זאַמדן — איינער נעבן אַנדערן. זיי האָבן אַראָפּ־געשווערט די ערד — זי זאָל זיי האַלטן. אַלע האָבן געוואַכט אין דער נאַכט.

איך האָב צוגעלייגט די אויערן צו די פעלדזן. ס'איז געווען שטיל. בלויז דאָס ברומענדיקע קול פון די טיפענישן האָט ווי געציטערט אין זייערע געדערעם. איך האָב געוווסט, אויף זיי און אין זיי ענדערן זיך איצט די מעשי בראשית. עס ציט אין זיי אָן די יוירונג. ס'קומט דער אַנטשיידנדיקער געראַנגל. דער מאָרגנדיקער טאָג וועט אויפשיינען אָן אַנדערער. מעגלעך, ס'איז די לעצטע נאַכט היינט.

כ'האָב זי געוויקלט, די נאַכט, אַרום זיך; געוואָלט דורכדרינגען אירע געוועבן, זיך אַריינפילן אין איר ביז איר תוך.

כ'האָב געזען, טייל איז באַפאַלן אַ שלאָף. עס האָט זיי איינגעשלעפערט, זיי זאָלן נישט זיין קיין עדות פון דעם געראַנגל — פון די לעצטע נאַכט־שעהען.

כ'האָב געוווסט, איצט ווערט עס אַנטשיידן. דאָ האָט ער אַ מאָל זיך אָנגעהויבן,

דער גערײַנגל, און דאָ ווערט ער פֿאַרענדיקט — אײדער עס גײט אויף דער מאָרגנ־שטערן.

כ'האָב מורא געהאַט, איך זאָל נישט געבינדן ווערן אין דעם דרימל. ווען איך וועל עפֿענען די אויגן — וועט שוין זײַן נאָך אַלעם. עס וועט זײַן ליכטיק.

דער אומרו האָט אויך אָנגעפֿילט די אַנדערע. זײ האָבן געוואַכט אין זיך.

עס איז געווען שטיל אַרום אין די בערג. די אויערן זענען געווען אײַנגעהאָרכט.

אונטער די בערג־טיפֿעניש האָט זיך געהערט דאָס קאָלערן. אין זײערע תהומים האָט געריזלט. עס האָבן זיך גערירט זײערע וואָרצלען. די פֿעלדזן־שפּיצן האָבן אָפּגעציטערט. די ערד האָט אַ צאַפּל געטאָן. מיר האָבן מורא געהאַט עס זאָל זיך נישט איבערקערן איבער אונדז.

מיט דער נידערנדיקער פֿינצטערניש — האָט דער הימל זיך אַראָפּגעלאָזט שווער איבער אונדז. ער איז געהאַנגען טונקל, ווי אַ חופּה, געשפּרײט איבער די אַרומיקע בערג־טורעמס. בלויז צווישן די בערג־שפּיצן איז די לבֿנה געוואָרן רויטער. זי איז דאָרט געזונקען — אַ גרויסע, אַ קײַלעכיקע — אַראָפּ אין אַ טאָל. דאָס מידבר־דיקע פֿלאַכלאַנד האָט מיט אונדז זיך געהויבן העכער. מיר האָבן, ליגנדיקע, אַראָפּגעקוקט צו דער לבֿנה. זי איז געווען טיף און צעעפֿנט, ווי אַ טיר — אין איר צו לויפֿן.

מיר זענען געלעגן קעגן איר.

מיר האָבן איצט מער נישט געזען אײנער דעם אַנדערן. מיר האָבן בלויז געפֿילט, די לערקײט פֿון אונדזערע גופֿים.

מיר האָבן געשטערקט די פּנימער אַרויף — עס זאָל אויף אונדז טריפֿן. אונדזערע קעפּ זענען געווען פּײכט, ווי פֿון ראָסע. מיר האָבן געפֿילט, ס'איז די זאַלבונג.

אויך אונדזערע גופֿים זענען געווען נאַס, ווי געטובלט אין דער רויטלעכקײט.

דער הימל האָט איבער אונדז נידעריק געטריפֿט.

עס זענען געפֿאַלן אויף אונדז העלע וואַרעמע טראָפּנס.

מיר האָבן נישט געוווסט, צי אויך די אונטער דער ערד ווײנען, אָדער הערן זײ בלויז. דאָס ברומען אין די בערג איז געווען אײַנגעהאַלטן.

מיר האָבן אַרויסגענומען אונדזערע טליתים און זיך געטרוקנט די לײַבער. די אונטער די בערג האָבן מער נישט געהאַט די תכריכים אויף זיך. זײ זענען געווען אָפּגעפֿוילט פֿון לאַנגער באַהעפֿטונג מיט ערד. זײ זענען געווען נאַקעט.

זײ האָבן מורא געהאַט אַרויס.

פֿון אויבן האָט אויפֿגעהערט צו טריפֿן.

די רויטע טרערן זענען אויסגעלײדיקט געוואָרן. זײ זענען אַראָפּ אין תהומען. זײ האָבן אונטערגעשוווּנקט די זײַלן פֿון דער וועלט. די ערד האָט זיך אַ וויג געטאָן. זי איז געשווומען אין דער רויטלעכקײט.

מיר האָבן מורא געהאַט פֿאַר ערד־ציטערניש.

דער הימל האָט, אַ לײַכטער, זיך אויפֿגעהויבן. ער האָט אונדז אָפּגעדעקט, און אויך — די שפּיצן פֿון די פֿעלדזן. ער איז אַרויף הויך. מיר האָבן אים נישט געזען.

די ערד איז איצט מיט אונדז געשווומען.

מיר האָבן מורא געהאַט, אונדזערע מתים זאָלן אונטן זיך נישט טרינקען אין דער נאַכט. זײ וועלן שוין מער נישט אויפֿשטײן. אײביק וועלן זײ דאָרט שווימען, ווי טויטע פֿיש.

מיר װעלן בלייבן אַליין.

מיר האָבן געפּרוּװט איינשטאַרבן, צוזאַמען מיט זיי.

מיר האָבן די פּנימער אַריינגעלאָזט אין דער ערד. מיר זענען אַריין אין אַ דרימל. ער איז געפאַלן אויף אונדז פון אויבן, און אונדז צוגעדעקט.

איך האָב פון אונטער אים אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ.

אַ ליכט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער אונדז — אַ נאַכטליכט, וואָס האָט פאַר־פלייצט דעם אַרום, אַ רויט ליכט אָן זון. מען האָט נישט געקאָנט אויפהאַלטן די אויגן אַנטקעגן דעם ליכט, וואָס לייכט אַריין פון אַלע בערג אַרום. אונטערן ליכט זענען מיר אַלע איצט געלעגן ווי אַנגעשיטע בערגלעך; ווי דער מידבר וואָלט מיט אונדז זיך געפאַלדעוועט. טייכן ליכט — די לבנה איז צעגאָסן געוואָרן אין דער נאַכט אַריין, איז צעגאַנגען איבער די בערג.

מיר זענען אונטער דעם געבלאָזן געוואָרן, ווי הייסע שווימענדיקע ווינטלעך איבער דער ערד. עס האָט אונדז אַדורכגעלויכטן. אַ פייער האָט אונדז דורכגעקנעטן; שטראַלן האָבן אונדז געוועלגערט. מיר זענען אונטער דעם צעגאַנגען. מען האָט אונדז געפּאַרעמט.

אויף צו מאָרגנס אין דער פרי, ווען עס האָט זיך געשטעלט דער טאָג, האָט ער באַפוילן, דער קאָמאַנדיר, דורכצופירן אַ ציילונג פון דער מחנה — מיט וויפל זענען מיר צוריקגעקומען. מען האָט געדאַרפט זיך גרייטן צום קאַמף, איינצונעמען דאָס לאַנד פון אינעווייניק. ער האָט געהייסן, שפּרייטן אין דער זייט, אין די בלענ־דענדיקע פעלדער פון מידבר, די מיטגעבראַכטע מתים, און — באַזונדער לאָזן וואַרטן אויף די אַרומיקע גלײַקע פליינען — די אַרויסגעקאָלערטע פון די אונטערשטע זאַמד־וועגן. זיי זענען געווען אָן אַ צאָל. זיי זענען געבליבן אין זייער וואַרטעניש. מען האָט צווישן זיי געזאָגט, דאָ וועט מען זיי אומקערן — יעדן גוף — אַ נשמה. זיי האָבן שוין געהערט אין זיך דאָס בלאָזן.

די ציילונג פון די געקומענע האָט זיך אָנגעהויבן. אויף יעדן האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ פינגער, אים אויסגעטיילט. זיי זענען געווען ווייניק. מען האָט זיי געציילט לויט זייערע טאָלן. כמעט דאָס גאַנצע פאָלק האָט געפעלט. עס איז נישט געווען. עס זענען געווען צוויי אויסגעטיילטע פון אַ שטאָט, און איינער פון אַ משפחה. זיי האָבן אויך נישט געדענקט, פון וועלכן שבט זיי קומען. די גאַנצע שטאָט האָט געוואָרט דאָרט, צווישן די אויסגעשפּרייטע אויף די אַרומיקע פליינען. עס האָט זיך געדאַכט, זייערע ביינער בליִען.

מען האָט זיי געציילט צו עטלעכע מאָל און עס איז נישט צוגעקומען. מען האָט געוווּסט, אַלץ איז געבליבן אויפן וועג אַהער.

דער קאָמאַנדיר האָט באַפוילן איבעררייסן. עס האָט געדאַכט, ביי נאַכט איז געווען פיל מער. אפשר דאַרף מען ביי נאַכט נאָך אַ מאָל איבערוואַרפן די איינהייטן. מען האָט נישט געוווּסט, צי עס וועט נאָך זיין נאַכט. אפשר וועט די קליינע צאָל דאָ בלייבן שטענדיק אָפּגעדעקט אונטערן טאָג. זי וועט אונטער אים וויאַגן.

יעדער פון די געציילטע האָט געוווּסט, ער איז היינט געצייכנט געוואָרן מיט אַ פייערשניט אינעווייניק. דער פינגער, וואָס האָט אויף אים אָנגעוויזן, איז געבליבן

שטעקן אין אים. דאָס איז געווען אַ פינגער, וואָס זיין איינשניידן זיך דאָ, אין דער לופט פון מידבר — איז פאַר אים געווען אָנגעברייט פון פאַרן אָנהייב פון די טעג. די מענטשן וועלן נישט זיין — דער פינגער־שניט וועט מער נישט אָפגעמעקט ווערן!

זיי האָבן אויפגעהויבן די אויגן. צום ערשטן מאָל איז דאָ אויף דעם ראַנד פון דער העלער הימל־בלויקייט געבליבן שטיין אַ וואָלקן. אַ שפּיציקער זילבער־וואָלקן. זיי האָבן אים געפילט איבער זיך — הויך איבער די קעפּ.

זיי זענען געווען אויסגעזעצט, אין דעם פרימאָרגן, געצייכנטע, איבער דעם העלן מידבר־זאַמד. זיי האָבן געוווּסט, זיי זענען דאָ ווייניק, ווייל אומעטום האָט די ערד זיך אָנגעפילט מיט זייערע לייבער. וואָלטן זיי זוכה געווען, וואָלטן זיי איצט זיך אומגעקערט — נישט במתי מעט, נאָר ווי דאָס זאַמד ביים ים. דאָס לאַנד וואָלט זיי נישט געקאָנט ציילן פון פיל.

איצט זענען זיי ווייניק. מען זעט זיי נישט אַרויס פון זייער מידבר.

זיי האָבן זיי איצט נישט באַווײנט, זייערע פאַרלאָזטע נאָענטע, ווייל פון די לאַנגע וועגן זענען די טרערן אין זיי געווען אויסגעטרוקנט. זיי זענען געזעסן מיט די פיס אונטער זיך און — געשוויגן. זיי האָבן געוווּסט, זיי וועלן שוין קיין מאָל נישט קאָנען וויינען. זייער לאַנד וועט בלייבן אָן טרערן.

ווען ש. איז שפּעטער געגאַנגען צו די זייטיקע פעלדער און פליינען, האָט ער זיי געפונען ליידיק. די ברענענדיקע ערד האָט זיי געהאַט איינגעזאַמלט אין זיך, די מתים, ווי אַ מאַמע — אירע צוריקגעבראַכטע קינדער אין איר וואַרעמער שויס אַריין. דאָ וועלן זיי האָבן זייער רו. אַלץ אויבן איז געווען ליידיק און אויסגעגלייכט. זי האָט זיי באַהאַלטן אין זיך, די ערד דאָ — צו האָבן זיי גרייט אין דעם אחרית הימים.

זיי אויבן זענען איצט געווען אין גאַנצן אַליין, און ער צווישן זיי.

ער איז צווישן זיי געזעסן מיטן צייכן אין זיך. ער האָט אים געברענט אין גוף. ער האָט געוווּסט, אויך ער איז היינט געציילט געוואָרן, ווי אַ פאַרבליבענער פון זיין שטאַם, וואָס וויל דאָ אויף ס׳ניי אויפבליִען — צווישן די אַנדערע בליִענדיקע שטעקנס, וואָס זענען דאָ פאַרזעצט געוואָרן אין מידבר־זאַמד. זיי זענען געזעסן און פון אונטער זיך — דאָ אַריינגעלאָזט וואָרצלען.

דער פייער־פינגער האָט זיי געציילט. ער פירט זיי אין גאַנצן וועג ביז אַהער. דאָ האָט ער זיי אָוועקגעזעצט. ער האָט ש.ן־ען היינט אָנגערירט.

## קאַפּיטלען

## ביז איצט דערשינענע ביכער אין פאַרלאַג „המנורה״:

אַנאַ פראַנק — **טאָגבוך פון אַ מיידל.**

ש. פראַנק — **טאָגבוך פון לאָדזשער געטאָ.**

באָריס פּאַסטערנאַק — **דאָקטאָר זשיוואַגאָ, 2 בענד.**

מ. מאַן — **דאָס הויז צווישן דערנער** (18 ישראל־נאָוועלן).

ראָבערט סענט דזשאַן — **דוד בן־גוריון** (לעבנסגעשיכטע פון אַן אומ־געוויינלעכן מענטש).

מיכאל וויכערט — **זכרונות, 1־טע טייל.**

מיכאל וויכערט — **וואַרשע, זכרונות 2־טע טייל.**

מיכאל וויכערט — **יידישע אַליינהילף.**

מיכאל וויכערט — **מלחמה 1939—1945**, זכרונות 3־טער באַנד.

אַנדרעי שוואַרץ־באַרט — **דער לעצטער פון די צדיקים.**

שלמה שנהוד — **מיט חלום איבער תהום**, לידער.

לענאַ קיכלער־זילבערמאַן — **מיינע הונדערט קינדער**, מיט אַ פאָרוואָרט פון רחל ינאית בן־צבי — ישראל־פרעזידענטס פרוי.

אבא גאָרדין — **שלמה המלך**, היסטאָרישער ראָמאַן.

אבא גאָרדין — **משה**, זיין לעבן און לערע.

ד״ר יעקב צינעמאַן — **עמיל זאָלאַ**, אַ לעבן פון אַ שרייבער און קעמפער (פרעמירט דורך אַדאָלף־ניומאַן פאָנד).

יחזקאל בראַנשטיין — **פון אייגן הויז.** עסייען און שרייבער, וואָס איך האָב געקענט.

יחזקאל בראַנשטיין — **אין פרדס פון יידיש.** עסייען.

מאיר זימל טקאַטש — **מיין האָב און גאָב.** געזאַמלטע פּערזן. **2־טער באַנד.**

דב שילאַנסקי — **מוזלמאַן** (ענגליש).

הרב אברהם העפּטערמאַן — **אַזוי לעבן יידן.** רבנים, ראַבאַיס און סתם־יידן אין אַמעריקאַנער כתרילעווקע.

י. גאָלדקאָרן — **פון וועלט־קוואַל.** קליינע עסייען וועגן גרויסע מענטשן.

י. גאָלדקאָרן — **לאָדזשער פּאָרטרעטן.** אומגעקומענע שרייבער.

א. בוסתן — **חיים וויצמאַן.** לעבן און ווערק.

יעקב זינגער — **דער יונגער דזשייקאָבס.** ראָמאַן (אויספאַרקויפט)

ד״ר ח. שאַשקעס — **עולם ומלואו של ר׳ חיים שאַשקעס** (העברעיש).

א. גאָפּלאַט — **געשטויגן און געפלויגן.** ישראל אויף פריילעך.

ספר יזכור (הוצולסקי) — **קוסוב** (הוצולסקי).

מאַרק כינאַי — **פון צאַרישן און סאָוועטישן אונטערגרונט.**

יוסף גאַר — **אַזוי איז עס געשען אין ליטע.**

ש. ראָזענבערג — **שבתי צבי**. היסטאָרישער ראָמאַן.
ז. בונין — **פון פרילינג ביז האַרבסט**. לידער און פּאָעמען.
מלכה חפץ טוזמאַן — **שאָטנס פון גערעניקען**. לידער.
בעריש ווײַנשטיין — **באַשערטע לידער**.
אפרים קאַגאַנאָווסקי — **די טונקעלע דירה**. דערציילונג.
ב. זאַלץ — **און די זון האָט געשײַנט**.
ל. קוסמאַן — **בלעטער רוישן**. לידער.
ל. קוסמאַן — **לידער און אַ קראַנץ**.
יעקב כהן — **אין פלאַם פון דאָרן**. לידער.
י. גלבוע — **העברעישער ביכער־שאַנק**.
י. איידלמאַן — **פון געריכט, פון ראַבינאַט, פון גאַס**.
י. ד. בערקאָוויטש — **אונדזערע ראשונים**. 5 בענדער.
י. פּאַפּיערניקאָוו — **מײַן שיר־השירים** (צווייטע אויפלאַגע).
מ. ריינעס־מעלצער — **זון דורך וואָלקנס**. לידער
ד״ר עמנואל פּאַט — **האַרץ־קראַנקהייטן**.
יעקב כהן — **בין השמשות**. לידער
י. פּאַפּיערניקאָוו — **איבער חורבות**, לידער.
י. ח. ביעלעצקי — **לידער צום מענטש**.
יחזקאל בראָנשטיין — **פרייד פון יצירה**.
מאָטעס דייטש — **לעצטע לידער**.
ב. העלער — **דור און דויער**, לידער.
א. לעוו — **אין קלעם**, לידער.
ל. אָליצקי — **וואָר און ווערן**, לידער.
ש. טאָפּ — **אין הויז פון חלומות**, לידער.
מ. באַלבערישסקי — **שטאַרקער פון אייזן**, (געטאָ ווילנע).
י. זילבערבערג—כאַלעווא — **מענטש און פאָלק** (עסייען וועגן שרייבער).
י. זילבערבערג—כאַלעווא — **דענעמאַרק** (דענער לטובת יידן).
ש. ווארזאגער — **גורלות**, ראָמאַן (**ישראל־לעבן**).
ספר פלוצק — **געווען אַ מאָל אַ קהילה** (**יידיש, עברית, ענגליש**).
בעריש ווײַנשטיין — **יובל בוך** (**יידיש, עברית, ענגליש**).
בעריש ווײַנשטיין — **מלכהס באַלאַדע**.
ד״ר פורמאַן — **יידישע שפּריכווערטער און רעדנסאַרטן**.
וו. קאַרמיאַל — **וועגענער ציען צום סוף וועלט**, נאָוועלן.
יעקב כהן — **דריי יאָר אין פּוילישן מיליטער**, הקדמה י. באַשעוויס
יעקב כהן — **זיין און צוזאַמענזיין**, אַ פּרווו פון אַן עטיק.
צ. שובער — **דאָס גאָלדענע קאַלב**, ראָמאַן.
ד״ר שלמה ביקעל — **פאַמיליע אָרטשיק**, ראָמאַן.
ה. פערלמוטער — **מײַן סטערצעוו** (**שטעטל־פאָלקלאָר**).
וו. יאַסני — **געשיכטע פון יידן אין לאָדזש, 1945—1942**.
י. טשערניכאָווסקי — **לכבוד יום־טוב**, גערענקען וועגן ימים־טובים.

מ. צאַנין — **אויף די וועגן פון יידישן גורל.**
א. אַלעי — **גאַרבער גאַס**, ראָמאַן.
מ. צאַנין — **אַרטאַפּאַנוס קומט צוריק אַהיים. היסט. ראָמאַן.**
ק. צעטניק — **אש־שטערן — כוכב האפר** — Star of Ashes
(יידיש, עברית, ענגליש) מיט ליטאָגראַפיעס פון קונסט־מאָלער: **גרשון קניספעל**. — דער בוך־אלבום (23×32) איז פּרע־מירט געוואָרן דורך האַנדל־און אינדוסטרי־מיניסטעריום, פאַר דער אָריגינעלער און עסטעטישער אויספירונג.
לייב ראָכמאַן — **מיט שטילע טריט איבער דער ערד.**

## ספרים בעברית:

רחל קאָרן — **שירים ואדמה** — **לידער און ערד** (העברעיש — יידיש).
משה וויטיעס — **מסות על ספרות.**
יוסף פּאַפּיערניקאָוו — **פרי־גני, שירים.**
מ. צאַנין — **תל־עולם.** מסע על פני 100 קהילות נחרבות.
מ. צאַנין — **דרכי הגורל היהודי.**
מ. צאַנין — **אַרטפנוס חוזר הביתה** רומן היסטורי.
אברהם קריב — **ליטא מכורתי — מיין היימלאַנד ליטע.**
פיוטר רביץ׳ — **דם השמים.**
ד״ר ר. בן־שם — **אני והוא. פסיכולוגיה פרודיאנית.**
רחל אוירבך — **מרד גיטו וארשה.**
ד״ר ח. שאָשקעס — **עולם ומלואו של ר׳ חיים.**
ד״ר י. הרציג — **נדודי במלחמה ויאסלו עירי.**
ב. אפשטיין — **בערבות הפאמפה.**
מיכאל ווייכרט — **מסילת־חיים ומשעוליה.**
מ. ח. רוטבלאט — **פכים קטנים.** בעיות חינוך עברי באמריקה.
י. ניב — **לאם ולאב בישראל.**
מ. ש. גשורי — **ירושלים עיר המוסיקה.** מימי חורבן בית שני.
מ. זיפר — **בין נהרות ונחלים.**
ד״ר א. באומינגר — **לוחמי גיטו קרקוב.**
ב. אפשטיין — **בשער הירוק.**
ספר צ׳מרינסקי — **פעילותו של איש „הבימה״.**
א. נחתומי — **דורות ודור, 2 חל׳.**
ל. קוסמן — **דמויות מליטא.**
א. בלאַט — **בנתיב סופרים.**